יוסף רומשינסקי

# קלאַנגען פון מײַן לעבן

ISBN: ISBN:0-657-14483-5
Barcode/EAN: 9780657144838

יוסף רומשינסקי

# קלאַנגען פון מיין לעבן

אַרויסגעגעבן דורך דער
סאָסייעטי פון יידישע קאָמפּאָזיטאָרן

פאַרלאַג א. י. בידערמאַן
ניו-יאָרק, 1944

## מען רופט מיך „יאָשקע דער נאָטן־פּרעסער"

נו, געווים בין איך געבוירן געוואָרן. ווען איך וואָלט ניט געבוירן, וואָלט מען דאָך ניט געקאָנט פייערן מיין „50־יאָריקן יובילעאום"... און איך וואָלט ניט געקאָנט דורכמאַכן אַזאַ „קאָלירפולן, אינטערעסאַנטן לעבן" מיט זיינע באַרימטע „עולים ויורדים":

אַט קלעטערסטו אויף די טרעפּלעך פון „סוקסעס" און דו האָסט זיך שוין אַרויפגעדראַפּעט ביז גאַנץ־גאַנץ הויך... און אַט קייקלסטו זיך ווידער אַ ביסל אַרונטער און בלייבסט הענגען אין דער לופטן, און דו ווייסט ניט, צי וועסטו אַרונטערפאַלן צוריק, — און ווען איך וואָלט ניט געבוירן, וואָלט איך דאָך ניט געקאָנט איצט שרייבן מיינע מעמוארן.

קורץ, איך בין געבוירן געוואָרן.

און כדי צו זיין געטריי צו מיין לעבנס־באַשרייבונג, גלייבט מיר, אַז איך געדענק גאָרניט, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט, ווען איך בין געבוירן געוואָרן... און וואָס קאָן פּאַסירן מיט אַ קינד די ערשטע יאָרן פון זיין לעבן?... אָבער אין מיין פאַל איז עס גאַנץ אַנדערש.

שוין אין די ערשטע דריי חדשים פון מיין לעבן האָט פּאַסירט אַ מערקווירדיקער פאַל, פון וועלכן מען האָט גערעדט יאָרן־לאַנג ביי אונז אין דער היים. אָבער וועגן דעם שפּעטער.

איך בין געבוירן געוואָרן חמשה־עשר בשבט, 1881, אין ווילנע, ביי אַ קירזשנער משה מענדעלעס — אַזוי האָט געהייסן מיין טאַטע. דער זיידע האָט געהייסן מענדל, און מיין טאַטע — משה, און דערפאַר טאַקע האָט מען מיין טאַטן גערופן משה מענדעלעס...

אויף וויפיל איך געדענק מיין טאַטן — אַ ברונעט, פון ניי־דעריקן וואוקס, אַ „שמח בחלקו", אַ צופרידענער מיט זיין שיק־זאַל, אַ גוטמוטיקער, און ער פלעגט אויסדריקן זיינע געפילן

מיט זיין זינגען, צוזאַמען מיט זיינע פינף־זעקס אַרבעטער, קירזשנער־געזעלן.

ווען דאָס לעבן פלעגט גיין זיין געוויינלעכן גאַנג, פלעגט ער זינגען שטיקלעך און משלים פון „פרק", וועלכן ער האָט גע־קענט אויסנווייניק; ער פלעגט אָנהייבן אין העברעאיש און דאַן פאַרטייטשן אויף אידיש, און די מוזיק צו דעם פלעגט ער אימפּראָוויזירן אויף זיין אייגנאַרטיקן שטייגער, מיט זיין קלינ־גענדיק, הויך טענאָר־שטימעלע. זיינען די אומשטענדן געווען געדריקטע, ווי הלכות־פּרנסה אָדער, חלילה, קראַנקייטן אין שטוב, פלעגט דער טאַטע זינגען קאַפּיטלעך „תהילים", טאַקע זינגען, ניט זאָגן. און אויך דאָס זעלביקע, ער פלעגט פריער אָנהייבן אויף העברעאיש און דאַן פאַרטייטשן אויף „מאַמע־לשון", מיט זיין אייגענער אימפּראָוויזאַציע, און אין שטוב פלעגט זיין כמעט אַ טויט־שטילקייט. מיט דער האַרמאָניע פון די אַרבעטער־געזעלן, פלעגט דאָס האַרץ צעגיין פאַר זיסקייט און פאַר אומעט...

און ווידער האָט דער טאַטע געהאַט אַ גוטן טאָג אין מאַרק מיט די פּויערים, וועלכע ער פלעגט פאַרקויפן זיינע היטעלעך, נו־נו, פלעגט שוין זיין אין הויז „ליהודים"... דאַן איז דער טאַטע געווען דער „סאָליסט", ווי מען רופט עס אויף רוסיש — דער „זאַפּיעוואַלאַ", דאָס הייסט ער הייבט אָן און אַלע כאַפּן אונטער. די פריילעכע לידלעך פלעגן באַשטיין פון האַלב־רוסישע, האַלב־פּוילישע, געמישט מיט אידיש און העברעאיש, און די אַרבעט פלעגט גיין נאָכן טאַקט און נאָכן מוט פון דער מוזיק.

ביים „פּרקי אָבות"־געזאַנג פלעגט די אַרבעט גיין ווי גע־וויינלעך, ניט שנעל און ניט לאַנגזאַם. ביים „תהילים" פלעגט מען אַרבעטן אַזוי ווי אַן „אַדאַדזשיאָ", זייער לאַנגזאַם און מוט־לאָז, אָבער ביים פריילעכן, ביי די לידלעך, פלעגט עס גיין מיט פייער. די נאָדלען פלעגן פליען, דאָס אייזן פלעגט פרעסן

שנעל, און אַז אַן אַרבעטער פלעגט גיין נעמען אַ טרונק וואַסער, וואָס האָט זיך געפונען ביי דער טיר, פלעגט ער אונטערטאַנצן נאָך דעם טעמפּאָ. און חברה פלעגט אָפט גיין טרינקען וואַסער מיט אַן אויסרייד, מען זאָל האָבן אַ געלעגנהייט צו כאַפּן אַ טענצל.

די מאַמע — אַ שלאַנקע, ענערגישע, שיינע פרוי, זייער אַ גוטע, אָבער מיט אַ טאָן פון „באַפעלן". זי איז געווען אַן אויפזעערין ביי יאַטקעס, געווען אַלע מאָל באַשעפטיקט, צי מיט זיך, צי מיט יענעם, אָבער קיין מאָל ניט ליידיק, געווען די פאַר־זאָרגערין פון דער גאַנצער משפחה. זי האָט געהאַט פאַר־שריבן אַלעמענס געבורטסטעג און יעדנס יאָרצייט. און אַלע פלעגן קומען פרעגן ביי סלאָווען — אַזוי האָט געהייסן מיין מאַמע, — ווען מען האָט יאָרצייט, און וויפיל דער אָדער יענער פון דער פאַמיליע איז אַלט. זי האָט זיך אַממערסטן אָפּגעגעבן מיט החתונה־מאַכן די מיידלעך פון דער גאַנצער משפחה. זי האָט פיינט געהאַט אַלטע מיידן און פלעגט זיך זאָרגן וועגן זיי, און טאַקע פאַרזאָרגן זיי, אָבער איר גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען — זינגען.

אין אַלע הינזיכטן זיינען מיינע טאַטע־מאַמע געווען פאַר־שידן, צוויי פאַרשידענע מענטשן: דער טאַטע — אַ נידעריקער, די מאַמע — אַ הויכע; דער טאַטע — אַ רואיקער, די מאַמע — אַן אויפברויזנדיקע; דער טאַטע — אַ צופרידענער, די מאַמע — קיין מאָל ניט געווען צופרידן, אַלע מאָל געזוכט נייע גע־שעפטן. קורץ, ווי שוין געזאָגט, צוויי פאַרשידענע מענטשן. אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט „נגינה", זיינען זיי געווען ווי איין מענטש. זייערעביידנס שטימען — געשמאַקע, אָנגענעמע און הויכע, הויך אין די טענער, אָבער געזונגען שטיל.

און אַזוי ווי דער טאַטע, אַזוי פלעגט אויך די מאַמע אויס־דריקן אַלע אירע געפילן אין זינגען. אָבער דער מאַמעס מוזי־קאַלישע קאַריערע איז געגאַנגען ווייטער ווי דעם טאַטנס. דער

טאַטע, ווי שוין געזאָגט, פלעגט זינגען פאַר אַרבעטער אין דער היים, ביי זיך אין מאַסטערסקאַיאַ, אָדער זיך אַ מאָל צוכאַפּן צום עמוד און אַריינכאַפּן אַ „מנחה", אַ „מעריב", און טאַקע אַ מאָל אַ שבת׳ל אויך... אָבער די מאַמע איז געווען אַ גאַנצע לערערין פון געזאַנג, טאַקע כמעט אַ „פּראָפעסאָרשע". חלילה ניט פאַר געלט! (אידן ווילן איצט ניט צאָלן פאַר אַזעלכע נאַרישקייטן ווי לערנען זיך זינגען, בפרט נאָך אין יענע יאָרן). אָבער ווייבער, מיידלעך, אידענעס פלעגן קומען צו סלאָווען, זי זאָל מיט זיי זינגען און טאַקע אויסלערנען די לידלעך, וועלכע מען פלעגט הערן אויף די חתונות פון די בדחנים.

און די 80ער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט זיינען געווען דער גלענצנדסטער פעריאָד פאַר דעם „בדחן". דער בדחן איז געווען דער יעניקער, וואָס פלעגט צושטעלן דעם אידישן פאָלק לידלעך נאָך דער צייט, אָדער נאָך בעסער געזאָגט, נאָך דעם „טאָג" און נאָך דער „שעה" נאָך... פון אַלע פּאַסירונגען, סאַי פּאָלי־טישע און סאַי אין טעגלעכן לעבן, פלעגט דער בדחן גלייך מאַכן אַ לידל. האָט זיך דעם רב׳ס זון גע׳שמד׳ט — אַ לידל; איז דעם שמש׳ס טאָכטער אַנטלאָפן מיט אַן אָפיצער — אַ לידל. און די לידלעך פלעגן כמעט קיינמאָל ניט זיין געדרוקט, נאָר איבערגיין „מפה לפה", דאָס הייסט פון מויל צו מויל, און אַזוי ווי מיין מאַמע האָט געהאַט אַ טייערן געהער און זכרון פאַר מוזיק און ווערטער, פלעגן אַלע ווייבער, מיידלעך, אידענעס גיין צו סלאָווען, און סלאָווע, מיין מאַמע, פלעגט זיך פילן ווי אַ „פּראָפעסאָר", און די ווייבער פלעגן איר מקנא זיין, און זי פלעגט זיך פילן ווי אַ פיש אין וואַסער.

ווי איך האָב שפּעטער פאַרשטאַנען, איז טאָמער האָט מיין מאַמען אויסגעפעלט אַ וואָרט אָדער אַ טאָן, וואָס זי האָט ניט געדענקט, פלעגט זי זיך געבן אַן עצה, און טאַקע צומאַכן אַן אייגענעם טאָן און אַ פּאָר אייגענע ווערטער.

די גרעסטע „ביזי" ביי מיין מאַמען, אַלס געזאַנג־לערערין, איז געווען, ווען אליקום צונזער האָט אַרויסגעגעבן זיינע 10 לידער. פלעגן אַלע קומען מיט די ביכלעך און די מאַמע פלעגט זינגען מיט די ווייבער: „אין דער סאָכע ליגט די מזל־ברכה", און „וואָס זע איך דורך די שויבן, עס פליען ווי די טויבן". די מאַמע פלעגט זינגען: „דער לאָמפּ, וואָס שטייט אין ווינקל", פלעגן ענטפערן אַלע ווייבער: „איינס, צוויי, דריי". די מאַמע: „פאַר־לעשט, געמאַכט אים טונקל", אַלע ווייבער: „איינס, צוויי, דריי", און אַזוי ווייטער...

און טראָץ דעם, וואָס מיינע טאַטע־מאַמע זיינען ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלע מוזיקער, בין איך דאָך געבוירן געוואָרן אין אַ „מוזיקאַלישער אַטמאָספערע". און איך מוז באַשטיין, אַז מיט מיין גאַנצער מוזיקאַלישער בילדונג, וואָס איך האָב געקראָגן, פון וועלכער מיר וועלן נאָך אַ סך ריידן, און מיט דער גאַנצער מוזיקאַלישער ליטעראַטור, מיט וועלכער איך האָב מיך שפּעטער גוט באַקענט און האָב זי שטודירט, האָב איך צו פאַר־דאַנקען מיין קאָמפּאָזיטאָרישע קאַריערע מיינע עלטערן, ווייל מיינע האַרציקע סוקסעסעם, די אַלע ניגונים, וועלכע האָבן אַרומ־געכאַפּט כמעט דאָס גאַנצע אידיש־ריידנדיקע פאָלק, קומען אונ־טער דעם איינפלוס פון מיינע טאַטע־מאַמע.

ווי איך האָב פריער געזאָגט, האָט אין די ערשטע פּאָר חדשים פון מיין לעבן פּאַסירט אַן אויסערגעוויינלעכער פּאַל, פון וועלכן מען האָט גערעדט יאָרן־לאַנג אין אונזער הויז.

אַזוי ווי מיין מאַמע איז געווען אַ פּאַרנומענע פרוי, אַן אויפזעערין פון יאַטקעס, האָט מען אַלע קינדער, וועלכע מיין מאַמע האָט געבוירן, אַוועקגעגעבן צו אַן אַם, און אַזוי איז אויך געווען דער פּאַל מיט מיר. מען האָט מיך אַוועקגעגעבן צו אַן אַם אין אַ קליין שטעטל, פּאָדברעזשנע, ניט ווייט פון ווילנע. דער טערמין, וואָס מען האָט אָפּגעמאַכט, אַז די אַם זאָל מיך האַלטן, איז געווען אויף אַ יאָר צייט. האָט פּאַסירט אַ גאַנץ

נאַטירלעכער פאַל מיט מיין אַם. זי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן אויפן דריטן חודש, וואָס איך בין געווען ביי איר. מורא האָבנדיק פאַר ברעכן דעם אָפּמאַך, האָט זי מיך איבערגעלאָזט אויף דער שוועל פון אונזער הויז, און טאַקע פינף אַזייגער פאַר־טאָג, אַז קיינער זאָל ניט באַמערקן.

דאָס גאַנצע הויז האָט זיך אויפגעכאַפּט פון מיין געוויין, און ווען מען האָט מיך דערזען אויף דר׳ערד, איינגעוויקלט אין אַ שווערער קאָלדרע, האָט מען מיך אַריינגעטראָגן אין הויז.

איך בין קראַנק געוואָרן פאַר בענקשאַפט נאָך דער אַם און טאַקע פון דער קרענק בין איך פאַרבליבן אַ „סידון”. דאָס איז אַזאַ קינדערשע קראַנקייט, וואָס די פיסלעך ווערן דין און שוואַך און דאָס בייכל פּעט. מען האָט מיך געהאַלטן ביז 6 יאָר אין זאַמד, אין אַ קאָרב אָנגעשטאָפּט פול מיט זאַמד, און דאָרטן, אין דעם זאַמד, האָב איך פאַרבראַכט מיין פריסטע יוגנט, מיין קינדהייט.

פרייד, טראַגעדיע, האָפענונג — אַלץ האָב איך מיטגע־מאַכט, ליגנדיק אין דעם קאָרב מיט זאַמד. מיך האָט טאַקע קיינער ניט באַמערקט, איך בין ביי אַלעמען געווען ניט מער ווי אַ קאָרב זאַמד, אָבער איך... איך האָב אַלץ גוט באַגריפן, איך האָב אַלעמען געזען און באַטראַכט גרינטלעך, אויף אַזוי פיל, אַז איך געדענק נאָך איצט מאַנכע פאַקטן פון יענער צייט, אַזוי ווי עס וואָלט ערשט נעכטן פּאַסירט.

עס איז גאַנץ איינפאַך. אָנשטאָט דעם, וואָס אַנדערע קינ־דערלעך זיינען פאַרנומען מיט דעם אַרומלויפן, שטיפן מיט נאָך קינדערלעך, בין איך געזעסן אויף איין פּלאַץ און קיין זאַך האָט אין מיר ניט געאַרבעט, בלויז די געדאַנקען. און אַזוי האָב איך באַמערקט, ווי איך ווער וואָס אַ טאָג אַלץ מער לאַסט אין הויז. און ווען ניט די אַרבעטער, די קירזשנער־בחורים, ווער ווייס, צי איך וואָלט איצט געקאָנט שרייבן מיינע מעמואַרן. זיי, די אַרבעטער, פלעגן מיך האַלטן אויפן גרויסן טיש, וואו זיי האָבן

געאַרבעט, מיך ניאַנטשען און ריידן צו מיר, און איבערהויפּט מיין ברודער איציק, וועלכער האָט אויך געאַרבעט ביים טאַטן. ער האָט זיך מיט מיר אָפּגעגעבן מער ווי אַלע. ער פלעגט מיך רופן „יאַשטשיקל", דאָס איז פאַרצויגן פון יאַשקע. נאָך ביז היינטיקן טאָג בין איך ביי אים „יאַשטשיקל". די מאַמע פלעגט פון מיר האָבן גרויסע צרות, ווייל קיין דינסט האָט זיך ניט געוואָלט האַלטן צוליב מיר. מען פלעגט ברענגען די דינסטן צו אונז פון די שטעטלעך אָדער דערפער, און ווען אַ דינסט פלעגט אַריינגיין און זען אַ גרויס־שטאָטיש הויז, פלעגט עס איר געפעלן ווערן אויפן ערשטן קוק, אָבער ווען זי פלעגט מיך דערזען זיצן אויפן טיש אין דעם קאָרב מיט זאַמד, פלעגט זי גלייך בייטן איר מיינונג.

איך געדענק, מען האָט צו אונז אַריינגעפירט פון דאָרף אַ דינסט. ווען זי האָט דערזען צום ערשטן מאָל אין איר לעבן אַ שטאָטיש הויז, מיט אַ „פּאָדלאָגע" און ניט קיין שטרויענעם דאַך, און זי האָט דערהערט די אַרבעטער זינגען, איז זי איינפאַך אַנטציקט געוואָרן און האָט געזאָגט צו מיין מאַמען:

— עס געפעלט מיר, דאָ וויל איך בלייבן. — און זי זאָגט ווייטער: — גלייבט מיר, איר וועט זיין צופרידן פון מיר, ווייל מיר געפעלט דאָ זייער.

קלער איך ביי זיך: „וואַרט, האָסט נאָך גאַרניט געזען!"

וכך הוה, אַזוי איז טאַקע געווען. זי האָט זיך אומגעדרייט און באַמערקט מיך אין דעם קאָרב מיט דער זאַמד. זאָגט זי:

— וואָס איז דאָס? — אָנווייזנדיק אויף מיר. — עס איז אויך אייערס?...

ענטפערט די מאַמע:

— ער טשעפּעט ניט; נעבעך אַן אומגליקלעכער.

גיט זי אַ קוויטש:

— איך בין אייך מוחל! — און מיט די ווערטער איז זי אַנטלאָפן.

אַזעלכע סצענקעס פלעגן זיך אָפּשפּילן אַ סך אין אונזער הויז אויפן חשבון פון מיין ניט-גערעאַטנקייט. און די אַלע סצענ־קעס און פּאַסירונגען האָבן מיר קיין גוטס ניט געטאָן...

אַפילו מיין טאַטע, וועלכער איז געווען כמעט די גוטסקייט אַליין — זעלטן געוואָרן אין כעס — האָט זיך אויך אַמאָל אויס־גערדיקט, ווען מען האָט אָנגעשאָטן נייע זאַמד אין מיין קאָרב:

— אַז דו האָלטסט שוין אין שיטן זאַמד, שיט שוין איבער זיין קעפּל...

און מיין ברודער איציק האָט זיך שטאַרק צעוויינט פון דעם טאַטנס באַמערקונג, און דער טאַטע האָט זיך כמעט ווי אַנטשולדיקט, זאָגנדיק צו מיין ברודער:

— גיי, נאַר, מיינסט, אַז איך מיין עס? גלאַט אַזוי. און ווידער, אפשר וואָלט געווען טאַקע בעסער פאַר אים.

און איך, אַלס קינד פון פינף-זעקס יאָר, האָב דאָס אַלץ באַ־גריפן, אָבער איך פלעג כמעט ווי זאָגן צו זיך אַליין: „וואַרט, איר וועט מיך נאָך ליב האָבן! יעדערער פון אייך וועט מיר נאָך אַמאָל ברענגען צוקערקעס מיט מאַראַזשענאַיע (אייז-קריעם)".

איבערהויפּט פלעגט מיר ווערן אומעטיק אויפן האַרצן, ווען איך פלעג הערן די קינדערשע שטימעלעך און זייערע געלעכ־טערס זומער, ווען זיי זיינען אַרומגעלאָפן, און ווינטער, ווען זיי פלעגן זיך שפּילן מיט די שליטעלעך... אָבער די טרויעריקסטע צייט פלעגט פאַר מיר זיין שבת פאַרנאַכט — „בין השמשות". דאַן פלעגן זיך אַלע צעגיין פון הויז, קיין ליכט האָט מען נאָך ניט געטאָרט אָנצינדן, כמעט פינסטער. און דער אָדער די, וואָס פלעגט מוזן בלייבן אין הויז צוליב מיר, פלעגט זיין אומצו־פרידן און קוקן אויף מיר בייז, ווייסנדיק, אַז ווען ניט איך, וואָלט זי אָדער ער איצט אויך געווען אינדרויסן... און דאָס אַלץ פלעגט אויף מיר מאַכן אַ זייער-זייער טרויעריקן איינדרוק, אָבער וויינען פלעג איך זעלטן. ווייל ווער בין איך, אַז איך זאָל וויינען? וויינען דאַרף אַ געראָטן קינד! אָבער איך, איך

טאָר ניט וויינען! איך פלעג אַלץ אַריינגעמען אין זיך ווי אַ שוואָם, ווייל איך האָב געפילט: „וואַרט, איר וועט מיר נאָך אַלע ברענגען צוקערקעס מיט סאַכאַר־מאָראָזשענאָיע!"

מען האָט זיך געריכט, אַז אויף אַ געוויסן שבת קומט די מומע כיענע און זי וועט טאַקע זיין ביי אונז צוריק פון דער דאַטשע (זומער־וואוינונג). זי, די מומע כיענע, איז געווען מיין מאַמעס שוועסטער. הויך־געוואוקסיק, אַזוי ווי מיין מאַמע, פלעגט זי זיך האַלטן מאַיעסטעטיש, אַ טיפּ אַלאַ „מירעלע אפרת". זי איז געווען אַ „וואָכערניצע", פלעגט באָרגן געלט אויף פּראָצענט, אָבער אַזאַ פּראָצענט, וויפיל דער „דין" הייסט, ווייל זי איז געווען פרום. זי פלעגט מיר געבן מער קינדערשע צאַצקעס, ווי אַלעמען, אָבער זי פלעגט עס מיר קיינמאָל ניט ברענגען אַליין, נאָר צושיקן דורך דער מאַמען אָדער דורך אירע באַקאַנטע ווייבער, און מען פלעגט זאָגן צו מיר: „דאָס האָט דיר געשיקט די מומע כיענע". און דאָס פלעגט מיך קרענקען, ווייל איך האָב זי זייער ליב געהאַט, און צו דער זעלבער צייט פלעג איך פאַר איר מורא האָבן... און איצט האָט זיך די גאַנצע פאַמיליע געריכט אויף דער מומע כיענע.

שבת ביי טאָג, 3 אַזייגער, האָט מען מיר אַרויסגענומען פון מיין קאָרב מיט זאַמד און מען האָט מיך אַוועקגעזעצט אויף דער פּאָדלאָגע, און אַלע האָבן געוואַרט אויף דער מומע כיענע.

ווען די מומע כיענע איז אַריינגעקומען צו אונז אין הויז, האָבן זיך אַלע אַרום איר געפּאָרעט, און זי האָט זיי דערציילט פון איר זומער־וואוינונג. זי האָט דאַן אויסגעזען, איך שטעל מיר איצט פאָר, אַזוי ווי „מאַריאַ סטואַרט" — הויך, שלאַנק, אין זיידן־שוואַרץ זומערדיק אָנגעטאָן.

קיינער האָט פון מיר ניט גערעדט און קיינער האָט מיך ניט באַמערקט. איך בין געזעסן אין אַ ווינקל, אַזוי ווי עס וואָלט געשטאַנען אַן אַלט־צעבראָכן בענקל, וואָס מען קאָן שוין מער ניט נוצן.

ווען אַלע האָבן זיך שוין געהאַט באַרואיקט און זיך אויס־געזעצט, האָט מען מיך שוין געקאָנט מער אַרויסזען. און טאַ־קע דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל יענעם שבת, ווי די מומע כיענע האָט מיך געזען און זי האָט זיך געווענדט צו מיין מאַ־מען:

— וואָס מאַכט עפּעס יאָשטשיק?

און מיין מאַמע האָט איר געענטפערט מיט אַ מאַך מיט דער האַנט און געזאָגט בלויז: „עך!", אַזוי ווי זי וואָלט זאָגן, עס וועט שוין פון אים קיין לייט ניט זיין... און גלייך האָט די מומע זיך געווענדט צו מיר:

— נו, יאָשטשיקל, ווי לאַנג וועסטו אַזוי זיצן? — און זי זאָגט ווייטער: — גענוג שוין געזעסן, קום אַהער צו מיר!

איך בין געזעסן ווייט אַוועק פון דער מומען, אומגעפּער אַן אַכצן־צוואַנציק פוס, און די מומע זאָגט נאָך אַמאָל:

— נו, יאָשטשיקל, איך וואַרט דאָך אויף דיר, קום שוין צו מיר!

איך האָב מיך געגעבן אַ הייב אויף. די מאַמע איז צוגע־לאָפן צו מיר, איך זאָל ניט אומפאַלן, און ביז די מאַמע איז צו־געגאַנגען צו מיין פּלאַץ, וואו איך בין געזעסן, בין איך שוין געווען ביי דער מומען אויפן שויס.

עס איז געוואָרן אַ געשריי, געלעכטער, פרייד, געמישט מיט פריידנס־טרערן. יעדער האָט מיך געכאַפּט אויף די הענט איינער פון צווייטן. איך האָב מיך געריסן צו דער פּאָדלאָגע און בין געלאָפן פון איינעם צום צווייטן.

זינט יענעם טאָג בין איך שוין מער ניט געזעסן און אויך ניט געגאַנגען, נאָר „געלאָפן", ווי אָפּצולויפן די פאַרלוירענע צייט, וואָס איך בין געזעסן אין קאָרב מיט זאַמד. און די „נאַ־טור" האָט מיר טאַקע אָפּגעגעבן, און איך האָב עס באַהבה אָפּ־גענומען פאַר דער פאַרלוירענער צייט, אַזוי אַז אין דריי יאָר שפּעטער, דאָס הייסט צו ניין יאָר, בין איך געוואָרן דער סאַ־

ליסט פון ווילנער שטאָט-שול, ביים ווילנער חזן קאָהן. דאָס איז אומגעפּער אַזוי ווי מען זאָל זאָגן — דער קאָנצערט-מייסטער אין דער ניו-יאָרקער „פילהאַרמאָניע", ווייל דער חזן מיט זיין גרויסן כאָר האָט פאַרטראָטן אין ווילנע די פילהאַרמאָניע און די אָפּערע. און אין דעם ריזיקן כאָר בין איך געוואָרן דער „סאָליסט".

איך פלעג לייענען נאָטן אַזוי ווי אַ פרומער איד זאָגט „אַשרי", און פאַר מיר האָבן שוין דאַן ניט עקזיסטירט קיין שווערע נאָטן צו לייענען, און איך פלעג האַלטן אין איין לייע-נען נאָטן טאָג און נאַכט אָן אויפהער. און דאָס האָט מיר גע-געבן דעם נאָמען: „יאָשקע דער נאָטן-פרעסער".

## אָנהייב פון מיין מוזיקאַלישער קאַריערע

### דער פעטער אַהרן ווערט מיין רבי

אזוי גיך ווי איך האָב אָנגעהויבן אַרומצולויפן, — איך זאָג ניט „גיין", נאָר „לויפן", ווייל איך בין ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן, די ערד איז אונטער מיר געשפּרונגען! איך האָב זיך אַליין ניט געטרויט צו „גיין", עס פלעגט זיך מיר נאָר אויסדוכטן, אַז ווען איך וועל גיין לאַנגזאַם, וועל איך ווערן צוריק קראַנק...
— האָט מיין טאַטע גענומען ריידן וועגן אַ רבי'ן, דאָס הייסט אַ מלמד פאַר מיר. נו, ווער קאָן זיין אַ בעסערער רבי פאַר מיר, ווי טאַקע מיין פעטער אַהרן, מיין טאַטנס ברודער, וועלכער האָט טאַקע געהאַט אַ חדר, געקנעלט מיט קינדער און איז גע־ווען פאַררעכנט פאַר אַ גוטן מלמד?

מיין פעטער אַהרנ'ס חדר איז באַשטאַנען פון צוויי „אָט־דיעלעניעס", ס'הייסט פון צוויי אָפּטיילונגען, אי פאַר אינג־לעך, אי פאַר מיידלעך. מיין פעטער אַהרן פלעגט לערנען מיט די אינגלעך און זיין ווייב, מיין מומע שרה־לאה, איז געווען די רביצין און האָט געלערנט מיט די מיידלעך.

דער פעטער אַהרן איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען אַ פאַר־זאָרגטער, פּונקט דער היפּך פון מיין טאַטן. ער איז אַלע מאָל אַרומגעגאַנגען אַ פאַרזאָרגטער, אַן אומצופרידענער און גע־זאָרגט האָט ער נאָר פון איין זאַך, און דאָס איז: „וואו נעמט מען אויף שבת?"

מאָנטאָג פאַרנאַכט, ווען ער פלעגט צעלאָזן דעם חדר, פלעגט ער קומען צו אונז אין שטוב, און זיינע ערשטע ווער־טער צו מיין טאַטן זיינען געווען: „משה, וואו נעמט מען אויף שבת?" און מיין טאַטע האָט שוין געוואוסט פון מיין פעטער אַהרנ'ס זאָרגן און פלעגט אים ענטפערן מיט זיין גוטמוטיקן

שמייכל: „דער, וואָס דיר געגעבן אויף לעצטן שבת, דער וועט דיר געבן אויף דעם קומענדיקן שבת״.

אָבער מיין פעטער פלעגט ניט אָפּלאָזן און זאָגן: „דיר איז לייכט צו זאָגן, אָבער וואו נעמט מען פאָרט אויף שבת?״

„אַ פויער וועט דיר געבן״, — פלעגט דער טאַטע אונטער־שמייכלען, און דער פעטער אהרן פלעגט אויף זיין אייגנאַרטיקן טאָן זאָגן: „יאָ, דו האַנדלסט מיט די פויערים, קויפן זיי ביי דיר היטעלעך, אָבער ווער וועט מיר געבן אויף שבת?״

פלעגט שוין מיין טאַטע אָנהייבן אויף זיין טענאָרעלע מיט אַ טאָן פון אַ מגיד, טאַקע מיט דעם נוסח פון דעם דעמאָלטיקן פּאָפּולערן מגיד חיים רומשיסקער, פון אונזער משפחה.

„אוי, ברודער, ברודער... מיין טייערער ברודער... דאָס איז טאַקע אַ פויער... אַן איינפאַכער פויער... אָבער ער קומט צו מיר ניט אַליין, ער איז געשיקט געוואָרן פון „אים״, פון אויבן... אַז דער פויער זאָל קויפן ביי מיר אַ היטעלע... און איך זאָל קאָנען מאַכן שבת״...

און די חברה אַרבעטער פלעגט אונטערכאַפּן: „יאָ, אָבער וואו נעמט מען אויף שבת?״

אַזוי פלעגט די קאָמעדיע אָנגיין יעדעס מאָל, ווען דער פעטער אהרן פלעגט קומען צו אונז, און קומען פלעגט ער צוויי־דריי מאָל אַ וואָך.

כמעט יעדן שבת בייטאָג פלעגט דער טאַטע זאָגן צו מיר:

„נו, יאָשטשיקל, מיר׳ן גיין צו דער מומע שרה־לאה׳ן״ — זי איז געווען מער פּאָפּולער, ווי דער פעטער, און איך פלעג שוין וואַרטן אויף דעם, ווייל טראָץ די אַלע טענות פון פעטער: „וואו נעמט מען אויף שבת״, פלעגט די מומע שרה־לאה אַריינברענגען אַלערליי סאָרטן איינגעמאַכץ (דזשעלים), מיט אַלערליי טאָרטן (קעיק). דער טאַטע און דער פעטער פלעגן מאַכן אַ שנעפּסעלע און פאַרבייסן, אָבער די מומע שרה־לאה פלעגט קיינמאָל ניט טרינקען פון גלעזל, נאָר זי פלעגט טונקען

טאָרט אין דעם גלעזל, און זי פלעגט אַזוי מער אויסטונקען בראָנפּן, ווי מיין טאַטע מיטן פעטער פלעגן אויסטרינקען...
און זיצענדיק ביים פעטער אין הויז, פלעגן מיר קלינגען דעם פעטערס ווערטער: „משה, וואו נעמט מען אויף שבת?", האָב איך איין מאָל צוזאַמענגענומען אַלע אינגלעך פון פעטער אהרנ׳ס חדר און מיט זיי איינגעשטודירט אין טאַקט:

„משה, וואו נעמט מען אויף שבת? משה, וואו נעמט מען אויף שבת?" און ווי נאָר דער רבי, מיין פעטער, איז אריינגעקומען, האָב איך געגעבן אַ מאַך צו די אינגלעך (דאָס איז טאַקע געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן צו דיריגירן), און די חברה האָט געגעבן אַ שריי אויס אין טאַקט: „משה, וואו נעמט מען אויף שבת? משה, וואו נעמט מען אויף שבת?"

אַזוי האָט דאָס פּאַסירט אַ פּאָר מאָל, ביז מיין פעטער איז געקומען צו מיין טאַטן און זיך געבעטן ביי אים:

„משה, טו מיר אַ טובה, נעם צו יאַשקען פון מיין חדר, ער מאַכט מיר אַ תל פון מיין חדר"...

און מיין טאַטע, בטבע אַ גוטער, האָט גאָרניט געענטפערט, נאָר ער האָט גוטמוטיק געשמייכלט. ער האָט מיך אַוועקגע־פירט צו אַן אַנדער רבי׳ן.

מיין נייער מלמד איז געווען אַן עלטערער מענטש, אַ איד וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט געאיילט. אַלץ איז ביי אים געווען לאַנגזאַם, אַפילו הוסטן פלעגט ער לאַנגזאַם, סיידן דאָס הוסטן האָט געדאַרפט געדויערן לאַנג. ווייל אָנפאַנגען הוסטן פלעגט ער זייער לאַנגזאַם, און פון איין הוסט צום צווייטן פלעגט זיין אַ גרויסע הפסקה, אָבער וואָס ווייטער פלעגט זיך דאָס הוסטן פאַרשנעלערן, און ווער ער פלעגט האַלטן ביים פאַרגיין זיך, איז ער שוין געפאָרן ווי אַ שנעל־צוג...

אין חדר האָט תמיד געהערשט אַן אומעט, ווייל אינמיטן, ווען די קינדער פלעגן זיך צושטופּן, פלעגט דער רבי אָנהייבן הוסטן און פאַרקייכן זיך אין אַ לאַנגן הוסט, און מיר פלעגן זיך

דערשרעקן פאַר אים, און טאַקע צוליב דער מורא, אַז ער זאָל זיך ניט צעהוסטן, פלעגן מיר שוין זיין שטיל.

איך האָב געפּרוּווט אַריינברענגען אַ ביסל פייערלעכקייט און פריילעכקייט אין חדר, אָבער ס'האָט מיר ניט געהאָלפן, ווייל ווען דער רבי האָט זיך צעהוסט, פלעגן זיינע אויגן ביי אים אַרויסשטאַרטשען אַזוי, אַז עס פלעגט אונז באַפאַלן אַן אימה, און די שרעק פלעגט אויף אונז ווירקן אַזוי, אַז מיר פלעגן שוין יענעם טאָג ניט קאָנען קומען צו זיך, און דאָס פלעגט זיך אָפּשפּילן טאָג־טעגלעך.

מיין טאַטע פלעגט מיר זאָגן, אַז איך לערן זיך זייער גוט אין דעם חדר, אַז איך „אוספּעיע", אָבער איך האָב זייער פיינט געהאַט דעם חדר פאַר זיין אומעט, און דאָס אַלץ איבער דעם רבי'נס הוסטן.

איין מאָל אין אַ פרייטאָג אינדערפרי, גייענדיק אין חדר, דערזע איך פונדערווייטנס, אַז לעבן מיין חדר שטייען און דרייען זיך אַרום אַ סך מענטשן. צוקומענדיק נענטער, באַמערק איך, ווי אַ איד קלאַפּט מיט אַ פּושקע מיטן באַקאַנטן טרויעריקן ניגון: „צדקה תציל ממות!" אַ געוואַלדיקע שרעק האָט מיך אַרומגעכאַפּט, אָבער איך האָב אַלץ ניט געוואוסט, וואָס אַזוינס עס קומט פאָר. אָבער אָט לאָז איך מיך צו דער טיר פון מיין חדר, און אַ איד — דוכט זיך, טאַקע דער, וואָס מיט דער צדקה־פּושקע — זאָגט צו מיר:

— אינגעלע, דאַרפסט שוין היינט ניט גיין אין חדר, דיין רבי איז געשטאָרבן.

איך בין געבליבן שטיין אַ פּאַרציטערטער, ווייל דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, וואָס איך האָב זיך באַקענט מיט דעם וואָרט „טויט", וואָס עס הייסט געשטאָרבן.

באַלד זיינען אָנגעקומען די איבעריקע אינגלעך פון מיין חדר, און ווען מיר אַלע האָבן זיך דערוואוסט, אַז מיר דאַרפן דעם פרייטאָג ניט גיין אין חדר, אַז מיר זיינען פריי, זיינען

מיר אוועקגעגאַנגען פון דאָרטן אָן אַ זייט, און באַנוצנדיק זיך מיט דער פרייהייט, האָבן מיר פאַרביטן דעם ריטם פון „משה, וואו נעמט מען אויף שבת?" אויף „היינט איז דער רבי געשטאָרבן!"

ווען איך בין געקומען אַהיים, האָבן די חברה אַרבעטער פאַרוואונדערט געפרעגט:

— וואָס איז, יאָשקעלע, שוין אוועק פון חדר?

און איך האָב געענטפערט אויף אַ הויך קול'כל אין טאַקט:

„היינט איז דער רבי געשטאָרבן".

„היינט איז דער רבי געשטאָרבן".

## מיין מוזיקאַלישער חדר

און אָט בין איך שוין אין אַ נייעם חדר. מיין טאַטע האָט אָפּגעמאַכט מיט מיין נייעם רבי'ן, אַז אויסער לערנען תורה זאָל ער מיך אויך לערנען שרייבן אידיש. און צוויי מאָל אַ וואָך פלעגן מיר אַ שעה אין טאָג לערנען שרייבן אידיש.

גלייך פון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס איך בין געקומען אין דעם חדר, האָב איך געגליכן דעם רבי'ן און אויך דעם גאַנצן חדר.

דער רבי איז געווען, ווי איך שטעל מיר איצט פאָר, אַ יונ־גערמאַן אין די דרייסיקער, אַ הויכער, ציכטיקער מענטש, מיט אַ קליין געשווירן בערדל. ער האָט געלערנט מיט אַ ניגון, כמעט ווי מיין טאַטע.

אַמבעסטן פלעג איך ליב האָבן די פרייטאָגס, ווען ער פלעגט מיט אונז לערנען די „הפטרה" פון דער וואָך. די טענער און דעם טראָפּ קאָן איך נאָך ביז היינט ניט פאַרגעסן... איך האָב מיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַ סך מאָל באַנוצט מיט די שיינע טענער פון דעם „טראָפּ". עס איז אַ גרויסער קוואַל פאַר אַ מוזיקער.

דער רבי, ווידער, ווי איך פאַרשטיי איצט, פלעגט זיך

מחיה זיין מיט מיין קלינגענדיק „אַלט"-שטימעלע, און מיר פלעגן זיך שטאַרק צעזינגען פרייטאָג ביי דער „הפטרה". אָבער ווען איך פלעג זיך אַמאָל אינמיטן דער וואָך צעזינגען ביים „חומש", פלעגט דער רבי מיר אויפמערקזאַם מאַכן און זאָגן מיט אַ שמייכל: „ניט איצט; וואַרט, יאָשקעלע, אויף פרייטאָג, ווען מיר וועלן לערנען די הפטרה!"

אין דעם צימער, וואו דער רבי האָט מיט אונז געלערנט, איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש מיט צוויי לאַנגע בענק פוןביידע זייטן טיש, און ביי אַ שמאָלער זייט פון טיש איז געשטאַנען אַ שטול מיט קישעלעך אונטערגעלייגט פאַרן רבי'ן און אַ כלי וואַסער צום טרינקען ביי דער טיר. אויף דער וואַנט — צוויי בילדער, פון דעם ווילנער גאון און פון ר' יצחק אלחנן. אַ טיר האָט געפירט צו אַ זייטיקן צימער, וועלכע איז געווען שטענדיק פאַרמאַכט.

איין מאָל באַמערק איך, ווי דאָס טירל פון יענעם צימער איז אָפן. איך גיי לאַנגזאַם אַהין אַריין, זע איך — עס שטייט דאָרטן אַ בעטל, אויף וועלכן עס זיינען אָנגעוואָרפן אַ פּאָר פּאַפּירענע קעלנער, אַזוי ווי מיין ברודער איציק פלעגט טראָגן, בילדלעך אויף דער וואַנט, און אויף דר'ערד ליגט אַ לאַנג שטיק פּאַפּיר, עפּעס מאָדנע פאַרשריבן. איך האָב עס אויפגעהויבן, דריי עס אויף אַלע זייטן, אָבער איך געפין ניט, ניט קיין אידישן „אַלף" און ניט קיין רוסישן „אַ". אָבער עס איז מיר געפעלן געוואָרענע דאָס אָנגעשריבענע אויף דעם פּאַפּיר, עפּעס שיין, ווי צאַצקעלעך. זייענדיק שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דאָס געשריבענע, האָב איך דאָס צוגעטראָגן צום רבי'ן און אים אָנגעוויזן אויף דעם. דער רבי האָט מיך געפרעגט: „וואו האָסטו דאָס גענומען? דאָס זיינען דאָך נאָטן!" איך ווייז אים אָן אויף דעם אָפענעם טירל פון צימערל. זאָגט ער: „דאָס איז געווים כאַצקל דעם טענאָרס. גיי שנעל, לייג עס אַוועק וואו דו האָסט עס

געפונען". און ווען איך בין צוריק אַרויס פון דעם צימערל, האָט מיר דער רבי געזאָגט:

„דו הערסט, יאָשקע, איך האָב שוין לאַנג גערעדט מיט כאַצקלען וועגן דיר, אַז ער זאָל דיך נעמען צום חזן קאַהאַן". — און דער רבי גיט מיר אַ קניפּ אין בעקל און זאָגט: „אוי, יאָש־קעלע, יאָשקעלע, וועסט נאָך אַמאָל קענען גוט נאָטן".

זינט יענעם טאָג פלעג איך זיך יעדן טאָג אַריינ׳גנב׳ענען צו כאַצקלען אין צימער, און עס פלעגט זיך מיר אויסדוכטן, אַז איך הער אַ סך מענטשן זינגען, און די ווענט זאָגן: „יאָשקעלע, זינג מיט אונז!"

כאַצקעלע טענאָר האָב איך קיינמאָל ניט געזען, ווייל ער איז געווען אַ ציגאַרן־מאַכער, פלעגט ער אַוועקגיין צו דער אַרבעט גאַנץ פרי, איידער איך בין נאָך געקומען אין חדר, און ווען ער פלעגט קומען פון דער אַרבעט, בין איך שוין לאַנג גע־ווען אין דער היים, פריי פון חדר. איבערהויפּט אין די נעכט, ווען ער פלעגט דאַרפן מאַכן פּראָבעס פאַר די שבתים און יום־טובים, פלעגט ער קומען אַהיים כמעט נאָך האַלבע נאַכט.

איין מאָל, אַ פרייטאָג, זאָגט צו מיר דער רבי:

— יאָשקעלע, זאָלסט היינט זאָגן די הפטרה מיט חשק און מיט אַ קנאַק! כאַצקעלע איז דאָ אין שטוב, ער איז היינט ניט געגאַנגען אַרבעטן און ער וויל דיך הערן.

און אַזוי ווי דער רבי האָט אַרויסגערעדט די ווערטער, גיט זיך אָן עפן אויף די טיר פון כאַצקלס צימערל, און אַ לאַנגער, דאַרער בחור אָן אַ רעקל זאָגט:

— רבי, וועלכער איז דאָס דער יאָשקעלע?

ווען ער האָט דאָס געפרעגט, האָט זיך ביי אים געוואָרפן דער קנאָפּ פון דעם גאָרגל אַרויף און אַראָפּ אינמיטן פון זיין דאַרן האַלז, און איך האָב זיך שטאַרק צעלאַכט. דער רבי האָט גלייך אָנגעוויזן אויף מיר, און איך האָב זיך פאַרשעמט.

איך האָב די הפטרה יענעם מאָל געזאָגט און געזונגען מיט

מער פייער און געפיל, ווי אַלע מאָל. כאַצקעלען איז דאָס שטאַרק געפעלן געוואָרן, און טאַקע יענעם פרייטאָג, גלייך נאָך דעם חדר, איז כאַצקעלע טענאָר געגאַנגען מיט מיר צו מיין טאַטן אויפן מאַרק און האָט דעם טאַטן פאַרזיכערט, אַז איך וואַקס אַ „כלי״. דער טאַטע, אויס דאַנקבאַרקייט צו כאַצקעלע טענאָר, האָט אים געהייסן זיך אויסקלייבן אַ היטל וועלכעס ער וויל. כאַצקל האָט געמאַכט אַ באַשטעלונג מיט מיין טאַטן אויף דאָנערשטאָג, 8 אַזייגער אין אָוונט, ביי חזן קאַהאַן אין דער היים.

די גאַנצע וואָך, וואָס איך האָב געהאַט די באַשטעלונג צו גיין צום חזן, איז ביי אונז אין הויז געווען ליהודים. מען האָט גערעדט פון מיר, פון מיין זינגען. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז איך בין געראָטן אין אים, אַז איך זינג, ווי ער זינגט, און די מאַמע האָט גע׳טענה׳ט, אַז איך האָב איר געשמאַק. די אינגלעך אין חדר, צוזאַמען מיט מיין רבי׳ן האָבן אַרויפגעקוקט צו מיר, ווי אויף עפּעס אַ העכערער זאַך.

דאָנערשטאָג האָט מיר די מאַמע געמאַכט אַ גאָגל-מאָגל און די מומע כיענע האָט מיר אַליין געבראַכט (דאָס מאָל ניט געשיקט מיט די ווייבער, נאָר ממש טאַקע אַליין בכבודה ובעצמה מיר געבראַכט) אַ נייעם מלבוש. דער טאַטע האָט זיך אָנגעטאָן זיין יום-טוב׳דיקן מאַנטל און, מיך אָננעמענדיק שטאָלץ פאַרן הענטל, געפירט צום ווילנער שטאָט-חזן קאַהאַן.

ווען מיר זיינען אַריינגעקומען אין פאָדער-צימער פון חזן קאַהאַן, זיינען דאָרטן געזעסן נאָך אינגלעך מיט זייערע טאַטעס און געוואַרט. מ׳האָט אונז געהייסן זיצן. איך האָב מיך געזעצט ביי מיין טאַטן אויפן שויס. פּלוצים האָבן זיך דערהערט קלאַנגען פון אַ סך מענטשן מיט פאַרשידענע שטימען פון דערבייאיקן צימער. ווען איך האָב צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן דערהערט כאָר-געזאַנג אין האַרמאָני, האָט זיך מיר פאַרדרייט דאָס קעפּל... ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, בין איך גע-

לעגן אויף דער זעלבער באַנק אויסגעצויגן, דער טאַטע און כאַצ־קעלע לעבן מיר. דער טאַטע האָט מיך געוואָלט אַהיימנעמען, אָבער כאַצקעלע האָט גע׳טענה׳ט, אַז ס׳איז גאָרניט, אַז עס האָט זיך מיר דער קאָפּ פאַרדרייט פון „מתיקות“, דאָס איז אַ סימן פון אַ „מנגן גדול“. און אינצווישן די רייד זע איך, ווי כ׳שטיי שוין אין אַ גרויסן זאַל מיט עפּעס מאָדנע געפּאַרבטע פּאָדלאָ־געס, אַ סך אינגלעך מיט מענער צוזאַמען, — אפשר פערציק מענטשן. כאַצקעלע פירט מיך צו צום חזן קאַהאַן.

חזן קאַהאַן איז געווען אַ הויכער, אַ בלאָנדער, מיט גע־קרויזטע, לאַנגע האָר. וואָס מיך האָט פאַרכאַפּט, איז געווען די גרויסע קייט, די גאָלדענע, אַרום זיין שיינער שוואַרצער גרויסער וועסט. ער האָט געגעבן אַ פּייף מיט אַ פּייפעלע און געזאָגט צו מיר:

— זינג „אַ“...

איך שווייג און זינג ניט. ער זאָגט נאָך אַמאָל:

— נו, אינגעלע, איך האָב געהערט, אַז דו קאָנסט שיין זינ־גען. זינג „אַ“...

איך זינג ווידער ניט. זאָגט כאַצקעלע:

— נו, יאָשקעלע, זינג אַזוי ווי אין חדר.

איך האָב געגעבן אַ שיס אַרויס אַ שטיק הפטרה מיט די העכסטע טענער. עס איז געוואָרן אַ געלעכטער און אַ געשריי. איך האָב מיך שוין געפונען ביים חזן קאַהאַן אויף די הענט און האָב זיך שוין געשפּילט מיט זיין גרויסער גאָלדענער קייט.

דער חזן האָט מיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ טיש און מיך געהייסן זינגען נאָך עפּעס, און איך האָב געזונגען מיין מאַמעס לידלעך: „אין דער סאָכע ליגט מזל־ברכה“ און „שיבת ציון“.

אַלע אינגלעך דאָרטן זיינען גלייך צוגעקומען צו מיר. מיין טאַטע איז געשטאַנען מיטן חזן אין דער זייט און גערעדט, און טאַקע באַלד האָט דער טאַטע מיר געזאָגט, אַז מיר גייען שוין אַהיים, און אַז כאַצקעלע טענאָר וועט מיך ברענגען אַהער

דריי מאָל אַ וואָך. און אויך כאַצקעלע איז צוגעלאָפן צו מיר און געזאָגט:

— יאָ, יאָ, איך וועל דיך ברענגען!

אויפן וועג אַהיים פרעגט מיך דער טאַטע:

— זאָג מיר, יאַשקעלע, וואָס איז דיר געווען, וואָס דו האָסט פאַרדרייט מיטן קעפל?

איך האָב ניט געענטפערט, אָבער דער טאַטע טוט אַ מאַך צו מיר:

— דו הערסט, מיין קינד, ווען איך האָב דאָרט דערהערט אַלעמען מיטאַמאָל זינגען, די גאַנצע קאַפּעליע, האָב איך פאַר מתיקות שיער ניט גע׳חלש׳ט. אוי, מיין זונעלע, אָט דאָס הייסט נגינה, אָט דאָס הייסט געזאַנג!

ווי איך האָב מיך שפּעטער דערוואוסט, איז די קאָמפּאָזי־ציע, וועלכע איך האָב געהערט דאָרטן ביי חזן קאַהאַן צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן אַ כאָר זינגען, און וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ אויסערגעוויינלעכע ווירקונג, געווען לעוואַנ־דאָווסקיס „לכה דודי" אין „עס דור" (אי פלעט מעידזשאָר).

איך האָב שוין דעם „לכה דודי" דיריגירט אַליין אַ סך מאָל אין מיין לעבן, און אַלעמאָל, ווען איך הער עס, זע איך פאַר זיך יענעם בילד...

# ווען עס שטאַרבט דיר אַ מאַמע...

ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, האָט מען דעם געמיט פון אונזער הויז געקענט פילן דורך די לידער און געזאַנג סיי פון מיין טאַטן און סיי פון מיין מאַמען... נאָר פאַר דער לעצ־טער צייט האָט מען מיין מאַמען ווייניק־וואָס געהערט זינגען, כמעט ווי גאָרניט. אונזער הויז אָן דער מאַמעס זינגען איז געווען ווי אַ גאָרטן אָן פייגעלעך, אָדער ווי אַ וואַלד אָן קאַנאַ־רעקלעך. אָנשטאָט איר צו הערן זינגען, האָט מען געהערט פון איר אָפט אַ קרעכץ און אַן „אוי", וואָס דאָס איז געווען ניט מיין מאַמעס נאַטור. און אַזוי ווי די מאַמע האָט אויפגעהערט זינגען, האָט דער טאַטע אויך ווייניקער געזונגען, און אפילו ווען ער האָט געזונגען, איז עס געווען אַ געזאַנג פון טרויער. קורץ, עס האָט געהערשט אַ מרה־שחורה ביי אונז אין שטוב.

איין מאָל זאָגט מיין מאַמע צום טאַטן, אַז עס פאַלט אויף איר שווער די אַרבעט אין דער יאַטקע, און ער זאָל גיין אין אַכסניה און זען, אפשר קען ער קריגן עפּעס אַ בעל־הבתישע אידענע, וועלכע זאָל קענען איר אַרויסהעלפן, אָבער זי מוז קענען רעכענען און שרייבן. די מאַמע האָט געפילט אַלץ ער־גער און ערגער, ביז דער טאַטע איז געווען געצוואונגען צו גיין ברענגען אַן אַרויסהעלפערין פאַר דער מאַמען אין דער יאַטקע.

עס איז געווען חנוכה־צייט, זעקס פאַרנאַכט. מיר האָבן געוואַרט אויפן טאַטן מיט וועטשערע. מיר האָבן געוואוסט, וואו ער איז, ווייל ער האָט געזאָגט דער מאַמען, אַז היינט גייט ער אויף דער אַכסניה, מען האָט אים צוגעזאָגט אַ אידענע, וועלכע קען שרייבן און רעכענען אפילו אויף פיר שפּראַכן. ווען די טיר האָט זיך געעפנט און דער טאַטע איז אַריין, און

נאָך אים איז געגאַנגען אַ הויכע פרוי, אַ בלאָנדינקע מיט אַ פריש פּנים (זי האָט אויסגעזען מער גויאיש ווי אידיש), האָט זיך דער־הערט אַ שטאַרקער אויסגעשריי „אוי!" פון דער מאַמען. מיר זיינען אַלע צוגעלאָפן צו דער שטול, וואו די מאַמע איז געזעסן איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע. זי האָט גע'חלש'ט. מען האָט זי קוים אָפּגעמינטערט און אַריינגעפירט אין אַ זייטיק צימער, וואו עס איז געווען איר שלאָפצימער. מיר האָבן אַלע געוויינט, אָבער איך מער פון אַלעמען. האָט די מאַמע געזאָגט:

— וויין ניט, מיין יאָשקעלע, האָסט שוין אַ נייע מאַמע. יאָ, יאָ, — האָט מיין מאַמע ווייטער גערעדט, וויינענדיק, — די אידענע, — אָנווייזנדיק אויף יענעם צימער, — אָט די דאָרט, וועט זיין מיין שטעל-פאַרטרעטערין. זי וועט זיין די בעל־הביתטע פון דעם הויז, אָבער איצט נעמט זי אַוועק, נעמט זי אַוועק פון דאַנען! עס איז גענוג, אַז זי וועט דאָ זיין נאָך מיין טויט! איך וויל זי ניט זען דאָ אַזוי לאַנג ווי איך לעב נאָך.

ביי די ווערטער פון דער מאַמען איז די פרוי אַריינגעגאַנגען אין דעם צימער, וואו מיר האָבן זיך אַלע געפונען אַרום דער מאַמען. זי האָט שוין געהאַט אירע אייבערשטע קליידער אַרונטערגענומען. זי איז צוגעגאַנגען צו דער מאַמען און מיט אַ ווייס טיכעלע געווישט איר פאַרשוויצטן שטערן און האָט געזאָגט:

— ליבע פרוי, איך בין קיין מאָל קיין דינסט ניט געווען. איך בין אַליין געווען אַ בעל־הביתטע. גאָט האָט מיך גע־שטראָפט, אָבער אייך וויל איך העלפן מיט וואָס איך קען נאָר.

נאָך אַ קורצער פּויזע און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן פרעגט איר די מאַמע:

— איר קענט שרייבן און רעכענען?

— געוויס, איך קען אידיש און אויך רוסיש.

שריי איך אויס:

— אוי, מאַמע, זאָל זי מיך לערנען דעם רוסישן „אַ־בע־ווע״ (אלף־בית)!

— אויף געזונט וועל איך דיך לערנען, מיין קינד.

און ווען זי האָט מיר געזאָגט די ווערטער מיט איבערגע־טריבענער גוטסקייט און מיט אַ שמייכל, האָב איך זי גלייך פיינט געקראָגן און איך האָב איר געענטפערט:

— איך וויל ניט, אַז איר זאָלט מיך לערנען, איך וויל אַן אמת׳ן לערער!

ביי די ווערטער האָט זי זיך געפּאַרעט אַרום דער מאַמען און זי האָט איר געמאַכט באַקוועם, אויפהייבנדיק די קישנס העכער. און די מאַמע זאָגט צו מיר:

— יאָסעלע, עס איז ניט שיין אַזוי צו רעדן. די פרוי וויל מיט דיר לערנען, דאַרפסט איר זיין דאַנקבאַר!

— איך האָב זי פיינט! — האָב איך אויסגעשריען. — איך האָב זי פיינט, ווייל דו האָסט זי פיינט. זי האָט דיך געמאַכט וויינען. דו האָסט צוליב איר פריער געוויינט!

מען האָט מיך גלייך אַרויסגעפירט פונם צימער. אין אַ קורצער ווײַלע שפּעטער איז שוין די פרוי געשטאַנען אָנגעטאָן אַוועקצוגיין, אָבער די מאַמע האָט זי צוריקגערופן:

— בלייבט דאָ. איך זע, אַז איר מאַכט אייך זייער נוצלעך. אַז גאָט וועט מיר העלפן, איך וועל געזונט ווערן, וועל איך אייך קויפן שיינע פּרעזענטן, אָבער זעט, אַז עס זאָל אינדערהיים קיין זאַך ניט פעלן.

די פרוי, וועלכע האָט געהייסן רחל, האָט זיך אַריינגע־וואָרפן אין דער הויז־אַרבעט מיט איר גאַנצער נשמה. אינ־דערפרי האָט זי אויסגעפילט דער מאַמעס באַפעלן אין די יאַט־קעס און פאַרנאַכט צוגעגרייט פאַר אַלעמען עסן, און איז אויך געווען זייער גוט צו דער מאַמען, פלעגט זי באַהאַנדלען ווי אַ קליין, ציטערדיק קינד... אָבער וואָס מער זי האָט געאַר־בעט, און וואָס שענער דאָס הויז האָט אויסגעזען, אַלץ מער איז

געוואַקסן מיין שנאה צו איר. איך האָב ניט געקענט פאַר־געסן מיין מאַמעס אויסגעשריי „אוי!", ווען זי האָט זי צום ערשטן מאָל דערזען, און איבערהויפּט פלעג איך זי האַסן, ווייל מיין מאַמע האָט וואָס אַ טאָג אויסגעזען קראַנקער און בלאַסער, און זי, רחל, האָט פון טאָג צו טאָג מער געבליט.

אַז די מאַמע איז אַן ערנסטער חולה, האָב איך גענומען פון דעם, וואָס גערשוני, דער דאָקטאָר, פלעגט אַרויפגיין צו אונז אויפן צווייטן עטאַזש (שטאָק) צוויי־דריי מאָל אַ וואָך, ווייל גערשוני דער דאָקטאָר, וועלכער איז געווען אין יענע יאָרן דער פּאָפּולערסטער דאָקטאָר אין ווילנע, פלעגט זעלטן גיין אויף טרעפּ. ער פלעגט שטיין אונטן און אַרויפשרייען:

— ווער איז ביי אייך קראַנק?

און אויף דעם ענטפער, ווער עס איז דער חולה, פלעגט ער אַרויפשרייען:

— עפנט די פענסטער, זאָל זיין אַ סך לופט, און גיט אַ פאָר־ציע ריצין־אויל, און וואַרפט מיר אַרונטער אַ האַלבן רובל.

אָבער צו מיין מאַמען פלעגט ער קומען אין הויז אַריין, און אָפט. דאָס האָט מיך געמאַכט גלייבן, אַז זי איז אַן ערנסטער חולה. איך פלעג פּרואוון מאַכן זי פריילעך מיט מיינע „סאַ־לאָס", וואָס איך פלעג זינגען אין שול. איך פלעג באַמערקן, ווי זי פלעגט פּרואוון געבן אַ שמייכל, ווען איך פלעג פאַר איר זינגען, אָבער די יסורים, וואָס זי האָט געליטן, האָבן איר ניט געלאָזט הנאה האָבן.

איין מאָל, ווען איך בין צוריקגעקומען פון חדר, באַגעגנט מיך יאַנעק דער סטרוזש, וועלכער האָט גערעדט מער אידיש, ווי פּויליש, און זאָגט צו מיר:

— יאָשקע, קיינער ניטאָ ביי דיר אין הויז, די מאַמע דיינע אין „הקדש" (אַזוי האָט מען גערופן דעם ווילנער אידישן שפּי־טאָל).

דאָס וואָרט „הקדש" פלעגט מען הערן, ווען מען פלעגט איי־

נעם וועלן זאָגן: „גיי, ביסט שמוציק, ניט געוואַשן, ניט ריין אָנגעטאָן!” — פלעגט מען זאָגן: „ער זעט אויס ווי אַ הקדש”. אָדער גייענדיק צום טאַטן אויפן מאַרק, פלעג איך הערן די ווייבער זיך שילטן: „אין הקדש זאָלסטו ליגן!” אָדער: „אין הקדש זאָל איך דיך זען!”

דאָ הער איך, אַז מיין מאַמע, די ליכטיקע, די פרייליכע, די זינגערקע, איז גאָר אין הקדש. האָב איך מיך זייער צעוויינט. יאַנעק האָט מיך געטרייסט און אַריינגענומען צו זיך אין קעלער, וואו ער האָט געוואוינט. ער האָט מיך אַוועקגעלייגט אויף אַ שלאָפבאַנק, און קאַסיאַ, זיין טעכטערל אין מיינע יאָרן, האָט מיך געטרייסט מיט די ווערטער:

— ווען מיין מאַמע איז געשטאָרבן, האָב איך אויך געוויינט.

איר טאַטע, יאַנעק, איז צוגעלאָפן צו איר, האָט געגעבן אַ געשריי:

— דורא קאָביטאַ! (נאַרישע מויד!) יאַשקעס מאַמע איז ניט געשטאָרבן, זי איז בלויז אין הקדש!

און ווען קאַסיאַ איז צוגעגאַנגען צו מיר און האָט מיך גענומען גלעטן און מיך טרייסטן, האָב איך געפילט אַ מאָדנע וואַרעמקייט.

איך האָב שוין לאַנג געפילט אַ מאָדנע וואַרעמקייט פון קאַסיאַס נאָענטקייט צו מיר. באַזונדערס פלעגט מיר קאַסיאַ געפעלן זונטאָג מיט איר קאָלירט קליידעלע און פאַטשערקעס אַרום איר ווייסן, ווייכן העלזעלע... אָבער פאַר איר צלם פלעג איך מיך שרעקן. און ווען מיין פעטער אַהרן האָט מיך געטראָפן זיך שפילנדיק אין קנעפלעך מיט קאַסיאַן, האָט ער מיך אַוועקגערופן און געזאָגט:

— ווייסט, וואָס גאָט טוט פאַר אַזעלכע זאַכן? אוי, ווי איז מיר, איך וויל גאָרניט זיין דערביי! היינט ווי פאַסט עס

פאַר דעם בעסטן משורר פון חזן קאָהן, ער זאָל זיך שפּילן מיט קאַשקען? (אַזוי האָבן זי אַלע גערופן פאַרצויגן).

און כאָטש דער פעטער אַרן האָט מיך אַזוי אָפּגעשראָקן, האָט מיך אַלע מאָל געצויגן צו קאַסיאַן... איך פלעג זי זוכן, אָבער איך פלעג בעטן גאָט, איך זאָל זי ניט געפינען. עס פלעגט מיך זייער קרענקען, פאַרוואָס קאַסיאַ איז אַ שיקסע. זי רעדט דאָך אַזוי גוט אידיש פונקט ווי איך, פאַרוואָס איז זי אַ שיקסע?

וועגן קאַסיאַן וועל איך נאָך שרייבן, ווייל איך האָב זי געטראָפן מיט 12 יאָר שפּעטער אַלס שאַנסאָנעטקע (נאַכט־קלוב־זינגערין) אונטער דעם נאָמען דזשאַנעט... און איצט, זיצנדיק ביי יאַנעקן אין קעלער אַ פאַרביטערטער פאַרוואָס מיין מאַמען האָט מען אַוועקגעפירט אין הקדש, בין איך פּלוצים אַרויסגעלאָפן און אויסגעשריגן:

— איך וועל לויפן צו דער מאַמען אין הקדש!

ווען איך בין אַרויס אויפן גאַס, האָב איך געטראָפן מיין ברודער איציק מיך זוכנדיק. ווען איך בין אַרויף צו אונז אין הויז (מיר האָבן געוואוינט אויפן צווייטן שטאָק), האָב איך געטראָפן אַלעמען זיצן פאַרזאָרגטע און פאַרוויינטע. איך האָב רחל'ען ניט באַמערקט, האָב איך געפרעגט:

— וואו איז רחל?

האָט מיר איציק געזאָגט, אַז דער טאַטע האָט זי אַוועקגעשיקט.

די מומע חנה און די מומע שרה־לאה זיינען געוואָרן די באַזאָרגערינס פון אונזער הויז.

ווען איך בין געקומען אויף דער דריטער וואָך צו דער מאַמען אין שפּיטאָל — ווייל פריער האָט מען ניט צוגעלאָזן — האָט די מאַמע באַטראַכט מיין קעפּל און געזאָגט:

— ווייי איז מיר, דו וועסט דאָך וועדן פאַרוועמט!

און זי זאָגט ווייטער:

— וואָס איז, רחל וואַשט דיך ניט?

האָב איך געזאָגט, אַז רחל איז שוין לאַנג ביי אונז ניטאָ. האָט זי געפרעגט מיין ברודער איציקן, ווי לאַנג איז זינט רחל איז אַוועק, און פאַרוואָס. האָט איר איציק געזאָגט מיט אַרונטערגעלאָזענע אויגן, אַז פון דעם טאָג אָן, וואָס זי, די מאַמע, איז אין שפּיטאָל. ווייל דער טאַטע רעכנט, אַז עס פּאַסט ניט...

און מיין ברודער איציק זאָגט ווייטער:

— איך האָב אויך אַזוי געוואָלט, און איך רעכן, אַז דער טאַטע האָט רעכט.

האָט זיך די מאַמע צעוויינט:

— קינדערלעך, מיר איז שוין אַלץ איינס. איך פיל, אַז איך בין אַ פאַרלוירענע, זאָל כאָטש אייך זיין בעסער!

און די מאַמע זאָגט ווייטער, שוין אין אַ רואיקן טאָן:

— רחל איז אַ בעל־הבית׳ישע אידענע, זי וועט אויף אייך אַכטונג געבן. איך וועל זאָגן משה׳ן (מיינענדיק מיין טאַטן), ער זאָל שיקן נאָך רחל׳ען. ווען ניט, וועל איך שיקן נאָך איר.

איך האָב פאַרלוירן די מורא פאַרן הקדש, איך פלעג גיין זען די מאַמען אַ פּאָר מאָל אַ וואָך. מען האָט מיך דאָרט שוין גוט געקאָנט. מען פלעגט מיך אפילו רופן מיט מיין „פּסעוודאָנים” (ביינאָמען) יאָשקע דער שוואַרצער, אָדער יאָשקע דער נאָטן־פרעסער. איך פלעג פאַר דער מאַמען אויסזינגען אַלע סאָלאָס פון חזן, און פעלדשערלעך און די יונגע דאָקטוירים פלעגן אַריינקומען אין מיין מאַמעס צימער (זי איז געלעגן אין אַ באַזונדערן צימער) און פלעגן אָנקוועלן.

איין מאָל, ווען איך בין אַריינגעלאָפן אין דעם צימער, וואו מיין מאַמע איז געלעגן, האָב איך געטראָפן אונזער געוועזענע אויפזעערין רחל. די מאַמע האָט געוויינט, און רחל — נאָך מער. ווען איך האָב דערזען רחל׳ען, בין איך געבליבן אַ פאַרציטערטער, און רחל פרעגט מיך:

— וואָס מאַכסטו, יאָשקע?

איך האָב ניט געענטפערט. די מאַמע זאָגט צו מיר:

— יאָשקעלע, פאַרוואָס ענטפערסטו ניט?

זאָגט רחל:

— איך ווייס ניט, פאַרוואָס ער האָט מיך פיינט.

זאָג איך:

— ווייל איר מאַכט מיין מאַמען וויינען! אַפילו דאָ אין הקדש, ווען איר זענט געקומען, האָט מיין מאַמע געוויינט!

עס האָט זיך געעפנט די טיר, ס'איז אַריינגעקומען מיין ברודער איציק און האָט מיך אַהיימגענומען.

אויף מאָרגן, ווען איך בין אויפגעשטאַנען, האָב איך גע־פונען רחל'ען, ווי זי פּאָרעט זיך אַרום הויז, און פון דאַן אָן איז דאָס לעבן געגאַנגען ביי אונז אין הויז דעם געוויינלעכן גאַנג. מען פלעגט גיין צו דער מאַמען אין הקדש זי זען, קומען אַהיים און כמעט שוין גאָרניט רעדן פון דעם, עפּעס נאָר, אַז אַזוי דאַרף עס זיין, אַנדערש קען עס גאָרניט זיין. די מאַמע אין שפּי־טאָל, מיר דאָ, יעדערער איז פאַרנומען מיט זיך, און אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן 15 וואָכן, ביז שבת־הגדול.

אין אַ וואָך פאַר פּסח, אין אַ זייער רעגנדיקן, קאַלטן שבת־צו־נאַכט, האָט מען פון הקדש געשיקט נאָכן טאַטן. מיך האָט מען ניט געלאָזט גיין. איך האָב פאַר שרעק זיך איינגעטוליעט און אַנטשלאָפן געוואָרן, ביז — ביז אַ שטאַרקער געוויין פון גאַס האָט מיך אויפגעוועקט. די יללות זיינען געקומען וואָס נענטער, און איך האָב דערקענט די שטימען פון מיין טאַטן און מיין ברודער איציק. זיי האָבן געעפנט די טיר, און מיין טאַטע איז אַריינגעפאַלן אין הויז. עס איז געווען שטאָק פינ־סטער. עס איז געווען אין מיטן דער נאַכט. אויפן טאַטנס און מיין ברודערס וויינען האָב איך מיך שטאַרק, אָבער זייער שטאַרק, צעוויינט. האָט מיין ברודער געזאָגט צו מיר:

— יאָשקע, גענוג שוין צו וויינען.

האָט מיין טאַטע געזאָגט:

— זאָל ער וויינען, ער האָט וואָס צו וויינען.

איך וועל די טענער פון מיין טאַטן קיין מאָל אין מיין לעבן ניט פאַרגעסן. עס האָט מיך נאָך קיין מאָל אין מיין גאַנצן לעבן אַזוי ניט גערירט און ניט געמאַכט אויף מיר אַזאַ איינדרוק, ווי יענע טענער פון מיין טאַטן. עס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין מיינע געדאַנקען, און איך וועל זיי מיין גאַנצן לעבן ניט פאַרגעסן.

אַ וועלט מיט טראַגעדיע איז געלעגן אין די טענער און אין די ווערטער: „זאָל ער וויינען, ער האָט וואָס צו וויינען".

## „אַלע אידישע ניגונים קומען פון אידישן טראָפּ...״

איך האָב זייער מקנא געווען די אינגלעך, וועלכע זיינען געגאַנגען אין „אוטשילישטשע״ (שול). איך האָב ליב געהאַט צו קוקן, ווי זיי טראָגן די ביכער אויף די פּלייצעס, און איבער־הויפּט זייער רעדן צווישן זיך רוסיש, און ווער רעדט נאָך די אינגלעך מיט די מעשענע קנעפּלעך און קאָקאַרדעס אויפן היטל; די, וועלכע זיינען געגאַנגען אין גימנאַזיע (האַי־סקול), פלעג איך איינפאַך נאָכלויפן.

איך האָב אַ פּאָר מאָל גע׳טענה׳ט מיט מיין טאַטן וועגן גיין אין אוטשילישטשע, פלעגט ער מיר ענטפערן מיט אַ ניגון אויף זיין טענערעלע:

— קינד מיינס, מען קען אָן דעם זיין אַ גרויסער למדן און אַ קענער פון דער הייליקער תורה פון אונזערע חכמים. און וואו האָבן זיי גענומען, ווען ניט ביי אונז?

און ווען איך פלעג ביינאַכט, ניט האָבנדיק וואָס צו טאָן, זיך צעשפּרינגען און צעטאַנצן, פלעגט דער טאַטע זאָגן:

— יאָשקע, טו עפּעס; ווי פּאַסט עס פאַר דעם סאָליסט פון דער גרויסער שול זיך צו צעטאַנצן אין מיטן דערינען?

פלעג איך ווייטער אָנהייבן מיט מיין אַלטער טענה:

— אָבער ווען איך גיי אין אוטשילישטשע, וואָלט איך דאָך געדאַרפט מאַכן מיינע אורוקן (האָום וואָירק), וואָלט איך ניט געטאַנצט, נאָר געאַרבעט אויף מיינע אורוקן.

פלעגט ער ווייטער אָנהייבן אויף זיין טענערעלע:

— קינד מיינס, זעץ זיך אַוועק און שרייב איבער אַ פּאָר קאַפּיטלעך. — און ער פלעגט ווייטער זאָגן מיט אַ ניגון פון אַ מגיד, אָבער שוין מיט אַ פּאָר טענער העכער:

— אין תנ״ך און אין תהלים געפינסטו אַלץ — אַלץ, וואָס אַ מענטש דאַרף וויסן; אַ קלייניקייט — תורה, נביאים וכתובים!

נאָך אַזאַ דרשה פון טאַטן פלעג איך זיך אָוועקזעצן און איבערשרייבן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהלים, און שפּעטער פלעגט דער טאַטע זאָגן:

— נו, מיין קינד, איצט פּרואוו אויסזינגען אויף דיין שיין שטימעלע אַ קאַפּיטל תהלים.

און מיר פלעגן צוזאַמען זיך נעמען זינגען, ניט זאָגן, טאַקע פּשוט אויסזינגען אַ קאַפּיטל תהלים. מיר פלעגן עס מאַכן אַ פּסוק נאָך אַ פּסוק — אַ פּסוק דער טאַטע, אַ פּסוק איך. פלעגן די אַרבעטער זאָגן:

— ר׳ משה, לאָזט יאָשקען אַליין; עפּעס ביי אים גייט עס אַ ביסל געראָטענער.

פלעגט זיך דער טאַטע פאַרענטפערן:

— נו, ער איז דאָך אַ מנגן גדול; ער קען דאָך חכמת־המוזי־קע; אַ קלייניקייט, די חכמה פון נאָטן, די חכמה פון מוזיק, — און פלעגט ווייטער פאַנטאַזירן אויף אַ ניגונ׳דל:

— אָבער דאָס אַלץ קומט דאָך פון אונז; מוזיק איז פון דער הפטרה, דאָס איז דער טראָפּ, מיט וועלכן די גאַנצע וועלט באַנוצט זיך; זיי האָבן אַלץ גענומען ביי אונז און פון אונז.

און ווען איך פלעג פאַרבייגיין אַ קלויסטער און הערן דעם אָרגל מיטן כאָר זינגען און שפּילן צוזאַמען, פלעג איך בלייבן שטיין און האַלטן אין איין זאָגן „שקץ תשקצנו״, ווי דער רבי האָט מיך געלערנט, אָבער די שפּייעכץ פלעג איך אַרונטער־שלינגען, ווייל די טענער פון אָרגל מיטן כאָר צוזאַמען פלעגן מיך אַריינפירן אין אַ מאָדנער שטימונג, אַ שטימונג פון פּחד, מורא, שרעק, געמישט מיט טייערע האַרמאָניע און אַקאָרדן, אָבער איך פלעג מיך טרייסטן מיטן טאַטנס ווערטער: „עס איז דאָך אונזער האַרמאָניע, אונזערע טענער, גענומען פון אונז, ווייל אַלץ קומט פון דער הפטרה, פון טראָפּ״, — אַזוי זאָגט

דער טאַטע. און אַזעלכע סצענעס פלעגן פאַרשטאַרקן מיין ווילן צו גיין אין דער אוטשילישטשע.

וואו מיר האָבן געוואוינט, איז געווען די קירזשנערשע קלויז. דער טאַטע פלעגט מיך נעמען דאָרט מיט אים דאַוונען און אויך הערן אַ מגיד. איין מאָל, ווען איך בין געזעסן מיטן טאַטן אין קלויז, ווייזט ער מיר אָן:

— דו זעסט, יאַשקעלע, אָט דער איד, וועלכער איז איצט אַריין, איז ווינאָגראַדאָווס טאַטע. זיין זון איז אַ גרויסער אָפּערע-זינגער, — און זאָגט ווייטער: — און יענער איד, וועלכער זיצט לעבן עמוד, איז מיכאַילאָווס טאַטע. זיין זון זינגט פאַרן קייסער. ער איז אויך אַן אָפּערע-זינגער.

איך האָב גלייך אויסגענוצט די געלעגנהייט און זאָג צום טאַטן:

— אָבער זיי זינגען דאָך אויף רוסיש, און דו ווילסט מיך ניט נעמען אין אוטשילישטשע, איך זאָל אויך קענען רוסיש, — און איך האָב מיך שטאַרק צעוויינט. דער טאַטע האָט מיך באַרו-איקט, אַז מאָרגן גייט ער מיך פאַרשרייבן אין אוטשילישטשע.

אינדערפרי האָט מיר דער טאַטע אָנגעטאָן מיין שבת'דיקן אָנצוג און זיך אַליין — זיין שבת'דיקן בגד, און מיר גייען אין „פונטס נאַראָדנאַיע אוטשילישטשע", דאָס הייסט „פונטס פאָלקס-שול". שוין אויף די טרעפּ פון דער אוטשילישטשע האָב איך געפילט, אַז עס איז אַנדערש, ווי אין חדר. אין חדר אויף די טרעפּ פילט זיך דער טעם פון אידישע מאכלים, און מען רעדט הויך, און דאָ איז שטיל, און עפּעס אַ גערוך ווי מען וואָלט גע-פּרעגלט הזרים'לעך, און איך זע, ווי לעבן מיין טאַטן שטייט שוין אַ יונגער, הויכער, עלעגאַנטער מאַן (אַ דזשאָן באַרימאָר טיפּ). ער איז אָנגעטאָן אין אַ פראַק מיט מעשענע קנעפּ, און מיין טאַטע רעדט צו אים אין רוסיש געמישט מיט פויליש און אַ ביסל אידיש, און איך האָב פאַרשטאַנען אין דעם לערערס ווער-טער, אַז ער קען מיך איצט ניט אַריינגעמען אין אוטשילישטשע,

ווייל איך באַדאַרף האָבן אַ געוויסע צוגרייטונג. דאָס הייסט, אום אַריינצוגיין אין דער אוטשילישטשע, דאַרף איך קענען אַ ביסל לייענען און שרייבן רוסיש. האָט אים דער טאַטע דער־ציילט, אַז איך בין דער סאָליסט פון דער גרויסער שטאָט־שול, אין קאָהאַנ׳ס כאָר, און דער לערער (ווועמענס נאָמען ס׳איז גע־ווען ראַפּווערג), דערהערנדיק מיין מוזיקאַלישן יחוס, האָט מיך גלייך פאַרשריבן און האָט מיר געגעבן אַ פּריוואַטן לערער, אין דער שול טאַקע, אַ שילער פון די העכערע קלאַסן, ער זאָל מיך צוגרייטן.

יעדן מיטוואָך איז געווען אוראָק פּיעניאַ (אַ געזאַנג־לעק־ציע), און טאַקע דער לערער ראַפּווערג איז אויך געווען דער געזאַנג־לערער.

שוין ביי דער ערשטער געזאַנג־לעקציע האָט פּאַסירט אַזאַ געשיכטע: ווי געוויינלעך, שטעלט מען אוים די אינגלעך אין צוויי רייען, סאָפּראַנען און אַלטן; מיך האָט מען געשטעלט צווישן די אַלטן. דער לערער ראַפּווערג נעמט אַ קאַמערטאָן (ווי דער דיריזשאָר ביים חזן) און שטעלט דעם טאָן פון דער קאָמפּאָזיציע, וועלכע מען איז געגאַנגען זינגען. ער גיט אַ קלאַפּ דעם קאַמערטאָן און לייגט אים צו צום אויער און זינגט אויף זיין באַסאָווער שטימע: „לאַ - פּאַ - לאַ - דאַ". ער האָט טאַקע געזאָגט די ווערטער „לאַ - פּאַ - לאַ - דאַ", אָבער עס זיינען געווען ניט די ריכטיקע טענער — די אינ־טערוואַלן זיינען געווען פאַלשע; און איך זאָג גלייך אויף אידיש, אַז עס איז ניט ריכטיק, און איך זינג גלייך אוים די ריכטיקע טענער פון לאַ־פּאַ־לאַ־דאַ. די אינגלעך האָבן זיך צעלאַכט. דער לערער ראַפּווערג האָט מיך גוטמוטיק אָנגעקוקט און גע־זאָגט צו די אינגלעך:

— יאָ, עס איז ריכטיק ווי ער זינגט, — און מען האָט גע־זונגען נאָך מיין טאָן.

נאָך דער געזאַנג־לעקציע האָט מיך דער לערער ראַפּווערג

געהייסן ווארטן. איך האָב מיך שטאַרק געשראָקן, אַז ער זאָל מיך ניט אַרויסוואַרפן פאַר מיין פרעכקייט. ער האָט גענומען אַ ביכל און זאָגט צו מיר:

— „טשיטאַי" (לייען).

איך לייען: „ליאַד טאַיעט". פרעגט ער מיך, צי איך ווייס, וואָס דאָס הייסט. שאָקל איך מיטן קאָפּ אויף ניין. זאָגט ער צו מיר אויף אידיש:

— דאָס מיינט — דאָס אייז צעגייט.

איך האָב מיך שטאַרק געוואונדערט, וואָס ער רעדט אי־דיש, ווייל איך האָב געמיינט, אַז ער איז אַ קריסט, און דערצו זאָל אין דער אוטשילישטשע דער לערער רעדן אידיש. און ער זאָגט צו מיר:

— איך וועל פון היינט אָן אַליין מיט דיר לערנען, ביז איך וועל דיך פּריגאָטאָווייען (פּאַרפּערטיקן), , כדי דו זאָלסט קענען לערנען מיט אַלעמען צוזאַמען; אָבער זאָג ניט די אינגלעך אין קלאַס, אַז איר רעד צו דיר אידיש.

און ער נעמט אַרויס אַ געדרוקט ביכל מיט נאָטן און זאָגט:

— זינג עס.

איך האָב געגעבן אַ זינג אַרונטער אַ גאַנץ בלעטל, טאַקע ווי אַ איד זאָגט אַשרי, און ער זאָגט, פאַרוואונדערט:

— דו לייענסט דאָך נאָטן אַזוי שנעל און אַזוי ריכטיק!

ענטפער איך אים, שוין מעשה גוטער־ברודער:

— דערפאַר רופט מען מיך דאָך „יאָשקע דער נאָטן־פרעסער".

ער האָט זיך האַרציק צעלאַכט אויף זיין באַסאָווער ש'מי־מע און פרעגט מיך איבער, לאַכנדיק:

— ווי אַזוי רופט מען דיך?

זאָג איך:

— איר ווייסט ניט? אַלע ווייסן מיין נאָמען „יאָשקע דער

נאָטן־פּרעסער". — און איך נעם זיך גלייך לייענען דאָס ווייטער־דיקע בלעטל פון זיין נאָטן־ביכל און זאָג:

— אויב איר ווילט, קאָן איך עס לייענען פּערקערט אויך,

— און איך קער גלייך אום דאָס ביכל און זינג די ריכטיקע נאָטן.

פון דעם טאָג אָן האָט דער לערער ראַפּוּוערג מיט מיר אַליין געלערנט, און אין פאַרלויף פון פיר וואָכן האָב איך שוין גע־לערנט מיט אַלע אינגלעך צוזאַמען אין קלאַס.

דער ריכטיקער נאָמען פאַר מיין לערער ראַפּוּוערג וואָלט געווען „מיין מוזיקאַלישער דערציאונגס־פאָטער", ווייל ניט נאָר האָט ער געזען, אַז איך זאָל לערנען גוט אין אוטשילישטשע, נאָר ער האָט אויך גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין מיין מוזיקאַלישער בילדונג.

ער איז געווען אַ כאָלאָסטיאַק (אַ בחור). ער האָט באַ־דאַרפט זיין דעמאָלט אַ מענטש אין די דרייסיקער. ווי שוין געזאָגט — שיין, עלעגאַנט, הויך, מיט זייער פיינע מאַנירן, און פלעגט מיך נעמען אויף אַלע קאָנצערטן, וואו ער פלעגט גיין, כדי איך זאָל זיך באַקענען מיט גוטע, קלאַסישע ווערק.

איין מאָל זאָגט ער צו מיר, אַז איך זאָל אים טרעפן אין „יעווריעסקי אוטשיטיעלסקי אינסטיטוט" („אידישער לערער־סעמינאַר"). דאָס איז געווען אַן אינסטיטוט, וועלכער האָט דערצויגן לערער פאַר די אוטשילישטשעס. אַזעלכע אינסטי־טוטן האָבן דאַן עקזיסטירט צוויי אין גאַנץ רוסלאַנד: איינער אין זשיטאָמיר, טאַקע וואו אַברהם גאָלדפאַדען האָט שטודירט, און איינער אין ווילנע, וואו מיין חשוב'ער לאַנדסמאַן, אייב קאַ־האַן, האָט שטודירט. דאָס איז אַן אינסטיטוט, וואו די שילער, שוין גרויסע בחורים פון אַכצן־צוואַנציק יאָר אַלט, עסן און שלאָפן. און ווען מיין לערער ראַפּוּוערג האָט מיך באַשטעלט צו טרעפן זיך מיט אים דאָרטן, האָב איך מיך געוואונדערט, ווייל עס איז ערשט אַ פּאָר חדשים, ווי איך גיי אין אוטשיליש־

טשע, און אינגאַנצן בין איך ס׳עלפטע יאָר אַלט, — וואָס האָב איך צו טאָן אין „יעוורעיסקי אוטשיטיעלסקי אינסטיטוט״? מ׳דאַרף דאָך זיין אַ געבילדעטער מענטש, איידער מען קומט אַריין דאָרט; אָבער אַז דער לערער ראַפּוּוערג הייסט קומען, דאַרף מען קומען.

ראַפּוּוערג האָט מיך דורכגעפירט דעם גאַנצן אינסטיטוט, וועלכער פאַרנעמט כמעט צוויי גאַסן, מיט אַלע זיינע שיינע קלאַסן, און האָט מיר געוויזן דאָס צימערל, וואו ער איז געשלאָפן, ווען ער האָט דאָרט געלערנט. דאַן זיינען מיר אַרונטער אין הויף, וועלכער איז געווען באַוואַקסן מיט בלומען. מיר זיינען געגאַנגען אויף אַ וועג, וועלכער האָט געפירט צו אַ זייטיקער, כמעט פּריוואַטער וואוינונג, און ראַפּוּוערג זאָגט צו מיר:

— דאָ וואוינט דער זאַוויעדוויושטשי (דער אויפזעער) פונם אינסטיטוט, גאָספּאָדין טראַצקי.

און אַזוי רעדנדיק, געפינען מיר זיך ביי טראַצקין אין זאַל, וואו עס איז געשטאַנען אַ גרויסע קאָנצערט־פּיאַנאָ, און ראַפּוּוערג זאָגט צו אַן עלעגאַנטער פריילין, וועלכע איז געזעסן ביי דער פּיאַנאָ (געוויינלעך אין רוסיש, ווייל ער האָט מיט מיר מער ניט געוואָלט רעדן אידיש):

— אָט דאָס איז רומשינסקי, פון וועלכן איך האָב אייך דערציילט און פון וועלכן איר וועט נאָך אַ סך מאָל הערן.

זי האָט מיר געגעבן אַ ליבן, מוטערלעכן שמייכל און האָט מיך אַוועקגעזעצט לעבן זיך ביי דער פּיאַנאָ. איך האָב מיך אַוועקגעזעצט. איך בין שוין דעמאָלט געווען ס׳עלפטע יאָר אַלט, נאָר דאַר און קליין, אַז איך האָב אויסגעזען ווי אַ קינד פון זיבן יאָר. און טאַקע אַזוי האָט זי מיך באַהאַנדלט.

זי האָט גלייך גענומען שפּילן אויף דער פּיאַנאָ. זי איז געווען אַן אויסגעצייכנטע פּיאַניסטין. איך האָב באַוואונדערט, ווי שנעל אירע פינגער פליען איבער די ביינדלעך פון דער

פיאַנאָ. זי האָט מיך אַוועקגעפירט צו דער טיר מיטן פּנים צו דער וואַנט און זאָגט צו מיר:

— שטיי אַזוי. — און זי איז צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ און גענומען שפּילן טענער, פריער איינצלנע, דערנאָך גאַנצע אַקאָרדן, און איך האָב געטראָפן אַלע טענער מיט זייערע ריכ־טיקע נעמען פון די נאָטן. דאַן האָט זי מיך צוגערופן צו דער פּיאַנאָ און האָט געעפנט אַ גרויס בוך (ווי איך האָב מיך שפּע־טער דערוואוסט, איז עס געווען אַנטאָן רובינשטיינס אָפּערע „דעמאָן"). זי האָט געשפּילט און איך האָב געלייענט די נאָטן. ווען זי האָט זיך גענומען וואונדערן, וואָס איך לייען אַזוי שנעל נאָטן, וועלכע איך האָב קיין מאָל ניט געזען, האָב איך געגעבן אַ שים אַרויס אויף אידיש:

— וואָס וואונדערט איר זיך? איר ווייסט ניט, אַז איך היים „יאָשקע דער נאָטן־פרעסער"?

זי האָט זיך שטאַרק צעלאַכט, אַזוי ווי דער לערער ראַפּפּאָ־ האָט זיך צעלאַכט, ווען ער האָט עס געהערט פון מיר.

פון דאַן אָן איז טראַצקי דעם זאַוויעדויושטשים טאָכטער פון „יעוורעיסקי אוטשיטיעלסקי אינסטיטוט", וועלכע האָט גע־ענדיקט פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע מיט דעם טיטל „סוואָ־באָדני כודאָזשניק", געוואָרן מיין לערערין פון פּיאַנאָ און טעאָ־ריע.

ווען איך בין איין מאָל געקומען צו איר אויף אַ לעקציע, האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי האָט גערעדט וועגן מיר אין „טרעסקינס מוזיקאַלנאַיע אוטשילישטשע" (טרעסקינס מוזיק־שול), וועלכע איז געווען אַן אָפּטיילונג פון פּעטערבורגער קאָנ־סערוואַטאָריע, אַז באַלד־באַלד וועל איך ווערן איינער פון די שי־לער פון דער מוזיק־שול. מיין פרייד איז געווען אַ טאָפּלטע: ערשטנס, וואָס איך ווער אַ שילער פון טרעסקינס מוזיקאַלנאַיע אוטשילישטשע, און צווייטנס, וועל איך טראָגן אַ היטל מיט אַ

קאָקאַרדע און אַ רעקל מיט מעשענע קנעפּ (אַזוי איז געווען די פאָרם פון דער שול).

אַלץ איז געגאַנגען מיט מיר זייער פיין, אַזוי ווי געוואונטשן. ביים חזן אין דער גרויסער שול בין איך געווען דער הויפּט־סאָליסט, אין אוטשילישטשע בין איך געווען כמעט ווי דער „אוטשיטיעל פּיעניאַ" (געזאַנג־לערער), און פריילין טראָצקאַיאַ האָט מיך גוט געלערנט פּיאַנאָ און טעאָריע. אָבער אינדערהיים איז געווען גאַנץ אַנדערש. די אַטמאָספערע פון חזן, ראַפּווערג, פריילין טראָצקאַיאַ, ביז צו דער היים, איז געווען ווי טאָג צו נאַכט. עס איז ניט געווען ווער עס זאָל זיך מיטפרייען מיט מיר, ווייל דער אומעט פון דער מאַמעס טויט איז געווען אַזאַ שווערער און אַ קאַלטער, אַז קיין זאַך האָט ניט געקענט דער־וואַרעמען.

יאָ, מיין מאַמעס הארץ האָט זי ניט אָפּגענאַרט, ווען זי האָט צום ערשטן מאָל דערזען רחל'ען אַריינקומען צו אונז אין הויז און זי האָט געגעבן אַ געשריי „אוי!", פילנדיק אינסטינקטיוו, אַז זי וועט זיין איר שטעל־פאַרטרעטערין.

זינט מיין מאַמע, עליה השלום, איז געשטאָרבן, האָט רחל געביטן איר גאַנצן טאָן און האַלטונג, ספּעציעל צו מיר, ווייל זי האָט געפילט, ווי פיינט איך האָב זי. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן פיר חדשים ביז נאָך מיין מאַמעס טויט.

איין מאָל, קומענדיק פון חזנ'ס אַ רעפּעטיציע, אַ זייגער צען ביינאַכט, געפין איך מיין ברודער איציק, זיצנדיק אין אַ ווינקל און לייענענדיק אַ ביכל. ער פלעגט אַ סך לייענען, איבער־הויפּט שמ"רס ראָמאַנען. ער פלעגט מיטפילן מיט די העלדן פון דעם ראָמאַן, וועלכן ער פלעגט לייענען. ער פלעגט זיך פרייען מיט זייער פרייד און מיטליידן מיט זייערע ליידן. אַזוי ווי ער האָט מיך דערזען, זאָגט ער:

— יאָשקעלע, איך וועל דיר געבן אַ גלאָז טיי און ברויט

מיט פוטער, און דו וועסט שלאָפן פון היינט אָן מיט מענדלען (מיין אינגער ברודערל).

איך פלעג אַלע מאָל שלאָפן מיט מענדלען, נאָר זינט מען האָט די מאַמע, עליה השלום, אַוועקגענומען אין שפּיטאָל, בין איך געשלאָפן מיטן טאַטן. עס האָט מיר געגעבן אַ האַק אין האַרצן און איך פרעג:

— וואו איז דער טאַטע?

זאָגט מיר מיין ברודער איציק מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן:

— ער איז אַוועק מיט רחל'ען; זיי וועלן קומען שפּעט.

ער האָט פאַרשטאַנען אָן מיר, אַז איך פאַרשטיי אַלץ, און מיט וויטאָג האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— איך וויל גאָרניט; איך גיי שלאָפן.

איציק האָט מיר געהאָלפן זיך אויסטאָן. איך האָב מיך געלייגט לעבן מיין ברודערל מענדל, וועלכער איז געווען נאָך צו יונג צו פאַרשטיין, וואָס דאָ טוט זיך. ער איז געווען פינף יאָר אַלט. איך בין געלעגן און ניט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. מיין יונג הערצעלע האָט אין מיר געקאָכט און די בענקשאַפט נאָך דער מאַמען, איבערהויפּט יענער אויסגעשריי „אוי!", ווען זי האָט צום ערשטן מאָל דערזען רחל'ען, יענער „אוי!" האָט מיר געקלונגען אין די אויערן ווי אַ פייף פון אַ באַן, וואָס פלעגט אויף מיר אַלע מאָל אַרויפוואַרפן אַן אומעט. דאָס מאָל האָט עס אַזוי ווי מיך גערופן און געזאָגט: „קום, יאַשקע! קום אַוועק פון דאַנען!" און וואָס דער פייף פון דער באַן איז געוואָרן שטאַרקער, אַלץ מער האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ וואַנדערלוסט, אַז איך זאָל אַנטלויפן און טאַקע שוין באַלד. און אַזוי בין איך מיט די שווערע געדאַנקען אַנטשלאָפן געוואָרן.

## יאַשקע פּאַרט אַוועק...

פרײלין טראַצקאַיאַ און מײן לערער ראַפּוּוערג האָבן באַשלאָסן, אַז איך בין אַ זשעני און זײ מוזן מאַכן פון מיר אַ גרויסן מוזיקער. ווי שוין געזאָגט, האָט פרײלין טראַצקאַיאַ מיט מיר געלערנט פּיאַנאָ, טעאָריע און האַרמאָניע, דאָס הײסט, די גראַמאַטיק פון מוזיק. פון מײן פּיאַנאָ-שפּילן איז זי געווען ניט צופרידן. זי פלעגט זאָגן, אַז איך פּראַקטיציר װײניק אויף דער פּיאַנאָ. אָבער פון מײנע לעקציעס אין טעאָריע און האַרמאָניע, דאָס הײסט, מיט דער גראַמאַטיק פון מוזיק, פלעגט זי זײן אײנפאַך איבערראַשט. אײן מאָל זאָגט זי צו מיר:

— מען האָט מיר געזאָגט, אַז דו זיצסט אַ סך בײ דער פּיאַנאָ, וואָס טוסטו אין דער צײט? אין דײן שפּילן פיל איך ניט, אַז דו פּראַקטיצירסט אַ סך.

איך האָב גענומען שלעפּן פון די קעשענעס שטיקלעך נאָטן-פּאַפּיר, און איך ווײז איר, אַז דאָס זײנען מײנע אײגענע קאָמפּאָזיציעס, און זאָג ווײטער, אַז פון יעדער לעקציע, וואָס זי גיט מיר אין טעאָריע און האַרמאָניע, מאַך איך אַ קאָמפּאָזיציע, און אַז מ׳זינגט שוין אין דער גרויסער שול מײנעם אַ „ושמרו״. דאָס אַלץ שרײב איך, זיצנדיק בײ דער פּיאַנאָ. צוליב דעם פּראַקטיציר איך ניט.

פון יענעם טאָג אָן איז פרײלין טראַצקאַיאַ געווען ניט בלויז מײן מוזיק-לערערין, נאָר אויך מײן דערציערין. איך פלעג פאַר יעדער לעקציע דאַרפן וואַשן מײנע הענט און אויערן. זי פלעגט מיך אַלײן לערנען, ווי אַזוי מ׳וואַשט זיך. זי האָט אויך אויפגעפּאַסט אויף מײן קלײדונג. קורץ, זי איז געוואָרן צו מיר ווי אַן עלטערע שוועסטער. מײן לערער ראַפּוּוערג האָט אײנפאַך שטאָלצירט מיט מיר. ער פלעגט צו יעדער געזאַנג-לעקציע אין סקול אײנלאַדן געסט.

דעם זעלבן ווינטער האָבן אַלע לערן־אַנשטאַלטן אין ווילנע: די גימנאַזיע, רעאַל־שול, די אידישע און קריסטלעכע לערן־סעמינאַריומס און נאָך וויכטיקע שולן, געגעבן אַ קאָנצערט ביים דעמאָלטיקן גענעראַל־גובערנאַטאָר קובאַנאָוו אין דעם „דוואָרעץ", אין זיין קאָנצערט־זאַל. אין לעצטן נומער פון קאָנצערט האָבן אַלע כאָרן און אָרקעסטערס זיך פאַראייניקט און האָבן צוזאַמען געזונגען אַ באַקאַנט סאָלדאַטסקע ליד, „עך טי, זימושקאַ, זימאַ". מיין לערער ראַפּוועריג האָט שוין געזען, אַז איך זאָל זיין דער סאָליסט. זיינען אָבער געווען צוויי קאַנדידאַטן פון אַלע כאָרן פון גאַנץ ווילנע פאַר דעם סאָלאָ — יערמילאָוו, אַ פּאָלקאָווניקס אַ אינגל, און איך. יערמילאָוו איז געווען בעסער פון מיר אין די ווערטער, ווייל מיין רוסישער אַק־צענט איז געווען (און איז נאָך איצט) ווי פון דעם קירזשנער משה מענדלס זון, און יערמילאָווס אַקצענט האָט געקלונגען ווי פון אַ פּאָלקאָווניקס אַ זון. דערפאַר בין איך געווען בעסער אין דער שטימע (הקול קול יעקב), און אויך ריטמיש. האָט מען באַשלאָסן, אַז אַזוי ווי דאָס ליד האָט אַ סך פערזן, אומגעפער אַ צוועלף, דאָס הייסט, דער זאַפּיעוואַלאָ (סאָליסט) זינגט און אַלע כאַפּן אונטער, זאָלן מיר ביידע זינגען. מען האָט ביידן אַוועק־געשטעלט אויף טרעפּלעך אין דער הויך און אַלע אָרקעסטערס און כאָרן אַרום אונז.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז פריילין טראָצקאַיאַ און מיין לערער ראַפּוועריג זיינען געווען די גליקלעכסטע מענטשן. שוין וואָכן פאַר דעם קאָנצערט האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן מיט מיר. מען האָט מיך אויסגעפּוצט פון קאָפּ ביז די פיס, און נאָכן קאָנצערט זיינען צו מיר צוגעגאַנגען פריילין טראָצקאַיאַ, ראַפּ־וועריג און דער געזאַנג־לערער פון „יעווריעיסקי אוטשיטיעלסקי אינסטיטוט", ציאָנסאָן, און האָבן מיר דערלאַנגט אַ קאָנווערט, זאָגנדיק צו מיר:

— גיב עס דיין טאַטן. אָבער זיי פאָרזיכטיק, ווייל דאָ איז דאָ געלט.

איך בין געלאָפן אַהיים און האָב עס געבראַכט צום טאַטן. ער האָט עס געעפנט און איבערגעציילט און האָט זיך שטאַרק געפרייט. ער זאָגט צו מיר:

— יאָשקעלע, אַך דאַרף זיך מער ניט זאָרגן וואו מען נעמט אויף פסח. עס איז דאָ גענוג פאַר פסח און אַפילו פאַר חנוכה. פופציק רובל, דו הערסט, מיין קינד, פופציק רובל. מען קאָן שוין באַלד מיט דעם חתונה מאַכן אַ טאָכטער.

איך האָב אים דערציילט אַלץ, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אויפן קאָנצערט, איבערגעזונגען די לידלעך. אָבער דאָס, וואָס ער דאַרף זיך מער ניט זאָרגן „וואו מען נעמט אויף פסח", דאָס האָט ער ניט געקענט פאַרגעסן, ווייל אַזוי ווי מיין פעטער אַהרן פלעגט זיך האַלטן אין איין זאָרגן „וואו מען נעמט אויף שבת", פלעגט מיין טאַטע אַ גאַנצן ווינטער זיך האַלטן אין איין זאָרגן „וואו מען נעמט אויף פסח". מיין טאַטע פלעגט אַלע מאָל זאָגן, אַז אַריינברענגען דעם פסח אין שטוב איז די גרעסטע זאָרג אין לעבן פון אידישן אָרעמאַן. און איצט דאַרף ער זיך מער ניט זאָרגן וואו מען נעמט אויף פסח. און ווער האָט עס געבראַכט? זיין יאָשקעלע. און דער טאַטע זאָגט:

— דו הערסט, מיין קינד, איין איציק האָט געפילט, אַז פון דיר וועט אויסוואַקסן אַ כלי. ניט איך האָב עס געפילט און אַפילו ניט דיין מאַמע, עליה השלום.

און דאָ צעוויין איך זיך אויף אַ קול און זאָג:

— מיין מאַמע האָט מיך אַלע מאָל ליב געהאַט, אַלע מאָל!

ענטפערט רחל, מיין איצטיקע שטיפמאַמע:

— וואָס האָסטו זיך צעוויינט? ווער האָט, חלילה, דער־הרג'עט דיין מאַמען? — און זי זאָגט ווייטער: — איך בין געוועזן בעסער צו איר, ווי איר אַלע. איך האָב זי באַהאַנדלט ווי אַ

שוועסטער. זי האָט ניט געהאַט מער קיין יאָרן, האָט זי גאָט צוגענומען.

ווי שוין געזאָגט, איז די אַטמאָספערע אין מיין היים געווען פאַר מיר אַ געדריקטע. די שטיפמאַמע, רחל, האָט געבראַכט אירע דריי קינדער, אַ גרויסע טאָכטער און צוויי זין. איינעם פון די זין האָט מיין טאַטע געמאַכט פאַר אַ קירזשנער. די שטיפמאַמע, רחל, איז ניט געווען קיין שלעכטער מענטש, האָט געקענט לייענען און שרייבן און גוט חשבונ׳ען. זי פלעגט מיר אַרויסהעלפן אין מיינע אַריפמעטישע אַרבעטן פון שול, אין וועלכע איך בין געווען זייער שוואַך. אָבער מיין גאַנצע ליבע צו מיין מאַמען האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ האַס צו רחל׳ען, איבערהויפט ווען זי האָט אָנגעטאָן דער מאַמעס לאַנגן ווינטער-מאַנטל מיטן קאַראַקולענעם קראַגן און אַ מופטע פון דעם זעלבן שטאָף ווי דער קראַגן. דאַן פלעג איך אויסגיין פאַר צאָרן. אין אַזאַ אויפגערעגטן מאָמענט בין איך אַוועק צו דער אַכסניה און האָב געפרעגט פאַר יאַנקל דעם בעל-עגלה, וועל־כער פלעגט פירן מיין עלטסטן ברודער, זלמנ׳ען, קיין טראַב.

זלמן, מיין עלטסטער ברודער, איז געווען געראָטן אין פע־טער אַהרנ׳ען: געווען זייער פרום. ער פלעגט זיך באַקלאָגן אויף מיין טאַטן, אַז ער איז ניט גענוג פרום. ער איז אויך גע־ווען אַ קירזשנער, אָבער ער פלעגט מער איבערליגן אין קלויז, ווי ביי דער אַרבעט. ער פלעגט לערנען מיט די אידן „חיי אָדם" און האַלטן דרשות. ער האָט זיך געלעבט אין זיין פרום וועלטל, כמעט אָפגעזונדערט פון אַלעמען. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל, שרה, פון אַ קליין שטעטל טראַב, וואָס איז געווען אומגעפער אַ פינף-און-צוואַנציק ווייאָרסט פון ווילנע.

און אין אַן אויפגערעגטן מאָמענט, זעענדיק ווי רחל דאָמי־נירט דאָס גאַנצע הויז און ווי אירע קינדער דרייען זיך דאָרט אַרום און זי טראָגט דער מאַמעס ווינטער-מאַנטל מיטן קאַראַ־קולענעם קראַגן און מופטע, בין איך געלאָפן צו יאַנקל דעם

בעל־עגלה. יאַנקל האָט מיר געזאָגט, אַז היינט איז פרייטאָג, ער בלייבט דאָ איבער שבת. ער וועט ערשט פאָרן שבת ביי־נאַכט אַ זייגער צען.

עס איז געווען אַ שבת מברכים. מען האָט געזונגען אין שול אַ סך שיינע און נייע קאָמפּאָזיציעס. וויסנדיק, אַז איך זינג צום לעצטן מאָל, האָב איך געזונגען מיינע סאָלאָס בעסער, ווי אַלע מאָל. בייטאָג האָט מיך דער טאַטע גענומען הערן אַ מגיד, מיט וועלכן ווילנע האָט דאַן געקלונגען — דאָס איז גע־ווען דער מגיד מאַסליאַנסקי. אים פלעגן גיין הערן ניט בלויז אַלטע אידן, נאָר אויך פאָרגעשריטענע אידן און אַפילו סטודענטן. דער טאַטע האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ נאָכ־פאָלגער פון אונזער קרוב חיים רומשיסקי, ווייל חיים רומשי־סקי פלעגט ניט נאָר זאָגן זיין דרשה, נאָר אויסזינגען, און אַזוי אויך דער מגיד מאַסליאַנסקי. איך געדענק, ווי דער טאַטע האָט מיר אָנגעוויזן:

— דו זעסט, מיין קינד, ווער עס קומט הערן מאַסליאַנסקין? מענטשן מיט מעשענע קנעפּ. — עס זיינען ווירקלעך געווען אַ סך סטודענטן און לערער.

נאָך הבדלה האָב איך זיך אָנגעטאָן מיין נייעם מאַנטל, — אין שבת׳דיקן מלבוש בין איך דאָך געגאַנגען, — און בין אַרויס פון שטוב. דער טאַטע האָט מיך געפרעגט, וואו־הין איך גיי, האָב איך געענטפערט, אַז איך גיי צו שלמה׳קע דעם אַלט, וועלכער האָט אויך געזונגען אין דער גרויסער שול.

איך האָב מיך אַזוי אַרומגעדרייט איבער די גאַסן, ביז עס איז מיר געוואָרן זייער קאַלט. עס איז געווען אַ קאַלטע, שניי־איקע נאַכט. איך בין אַזוי געקומען אין דער אַכסניה. יאַנקל בעל־עגלה האָט מיך דערזען און מיר געזאָגט, אַז עס איז נאָך פרי. דערווייל זאָל איך זיך אַריינלייגן אין זיין בויד (אַ גרוי־סער איבערגעדעקטער וואָגן). ער האָט מיך גוט איינגעדעקט און געהייסן שלאָפן. איך בין טאַקע אַנטשלאָפן געוואָרן. איך

האָב מיך אויפגעכאַפּט פונם גרויסן ווינט, וואָס האָט געוואָיעט, און האָב דערפילט, אַז מיר פאָרן שוין. וויפיל מיר זיינען שוין אָפּגעפאָרן און וויפיל מענטשן עס פאָרן מיט, האָב איך ניט געוואוסט, ווייל איך בין געווען פאַרשלאָפן. אָבער זינט איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך שוין ניט געקאָנט איינשלאָפן. פון דעם שטאַרקן ווינט און פון דעם סקריפּען פון די רעדער האָט מיך אַרומגענומען אַ שטאַרקער אומעט. איך האָב מיך איינגענו־רעט אין מיין צודעק. אָבער דער ווינט האָט אַלץ מער און מער געוואָיעט. עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז דער ווינט זאָגט: „יאָשקע, וואוהין פאָרסטו? וואָס וועט דער טאַטע זאָגן און פריילין טראַצקאיאַ און דיין לערער ראַפּוועָרג?" און איך האָב געהאַט חרטה. אָבער באַלד דערזע איך די שטיפמאַמע רחל אין מיין מאַמעס מאַנטל מיט דער מופטע, און איך בין צופרידן, וואָס איך פאָר אַוועק. אָבער דער ווינט רייסט זיך אַריין אין בויד מיט שרעקלעכע אומעטיקע טענער.

מיט אַמאָל הער איך פון וויטנס אַ שטימע זינגען „אליהו הנביא, אליהו התשבי", און עס דוכט זיך מיר, אַז דאָס זינגט דער טאַטע און די מאַמע העלפט אים. די שטימע האָט זיך געהערט אין אָנהייב פון גאַנץ ווייט, אָבער וואָס אַמאָל האָט זיך די שטימע מיטן געזאַנג פון „אליהו הנביא, אליהו התשבי" געהערט אַלץ נענטער און נענטער. דעם טאַטנס שטימע איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, אָבער דער מאַמעס מיטזינגען האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם ווינטס וואָיען און כמעט ווי פאַרשוואונדן...

דאָ הער איך ווי יאַנקל בעל־עגלה שרייט אויס:

— וואוהין פאָרט עס אַ איד?

הער איך אַ קול:

— איך פאָר אין שטאָט אַריין, איך פיר אַ מת!

און די שטימע זינגט ווייטער: „אליהו הנביא, אליהו התשבי". ניט נאָר איז די שטימע געוואָרן נענטער און נענ־

טער, נאָר איך האָב שוין געהערט דאָס סקריפּען פון די רע־דער פון יענעם וואָגן. און דער ווינט האָט געזאָגט: „יאָשקע־לע, דער מת וועט דערציילן דײַן מאַמען, אַז דו ביסט אַנטלאָפן פון דער היים". האָב איך געזאָגט: „זאָל זי וויסן, אַז איך קאָן ניט זען, ווי אַן אַנדער פרוי טראָגט אירע קליידער". און אַזוי בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן...

אין דעם שטעטל טראָב האָב איך זיך געפילט ווי אַ פרייער פויגל. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך געצאַצקעט מיט מיר. איך בין גלייך געקומען צום חזן, וועלכער איז אויך געווען דער שוחט. ער האָט געקאַנט אַ ביסעלע נאָטן און פלעגט קוקן אויף מיר ווי אויף אַ פּראָפעסאָר. אַלע פרייטאָג פלעג איך זינגען קבלת שבת און דער חזן — מעריב. מײַן ברודער זלמן, וועלכער איז געווען דער בעל־דרשן פון שול, פלעגט מיט מיר זייער שטאָל־צירן. דער חזן האָט מיר געקויפט אַ שליטעלע און איך האָב זיך געגליטשט אין דעם גרויסן ווייסן שניי. אין דער גרוי־סער שטאָט ווערט דער שניי באַלד קויטיק, אָבער דאָ אין טראָב ליגט דער שניי ווייס און קלאָר. און עס פלעגט זיך מיר דוכטן, ווי דער שניי זאָגט: „נאָ, יאָשקעלע, פאָר אויף מיר". און דער שניי פלעגט זיך לאַנג ניט דאַרפן בעטן, איך האָב געהאַט אַן אייגן שליטעלע און בין געפאָרן.

נאָך פּסח האָט זיך שוין אין דעם שטעטל געפילט דער זומער. אין מאַי האָבן שוין געבליט די ביימער. ניט ווי אין ווילנע, וואו עס שטייט אַ גוי'ע לעבן קלויסטער און פאַרקויפט אַ פּאָר בלעטלעך מאַיאָווע בלומען. דאָ, אין טראָב, צי איך אויס די האַנט און האָב שוין מאַיאָווע בלומען. ווי שוין געזאָגט, האָב איך מיך געפילט ווי אַ פרייער פויגל אין דעם שטעטל טראָב. און ווען עס וואָלט ניט פּאַסירט דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט, וואָלט איך נאָך אפשר ביז איצט געבליבן אַ טראָבער איד.

מײַן ברודער זלמן האָט געוואוינט ניט ווייט פון פּוילישן

קלויסטער. ווי שוין פריער דערמאָנט, פלעגט מיך דאָס שפּילן פון אָרגל פאַרכאַפּן. שטיי איך איין מאָל און הער זיך איין צום שפּילן פון אָרגל. גייט צו מיר צו אַ הויכער, דאַרער מאַן און זאָגט צו מיר:

— דאָס ביסטו דער זינגערל פון דער אידישער שול? איך האָב דיך געהערט זינגען. ביסט אַ פּעאיק אינגל, דאַרפסט לערנען. איך בין דאָ דער אָרגאַניסט און דער, וואָס שפּילט איצט, איז מיינער אַ שילער. ער פּראַקטיצירט אויפן אָרגל.

און ער נעמט מיך אָן ביי דער האַנט און פירט מיך אַריין אין אַ הייזקעלע, וואָס שטייט ניט ווייט פונם קלויסטער. גייענדיק, האָב איך געפילט דעם זעלבן גערוך, ווי ווען איך בין געגאַנגען אויף די טרעפּ צום ערשטן מאָל אין דער „אוטשיליש-טשע”, אַ גערוך פון געפּרעגלטע חזרים׳לעך. דער הויכער מאַן האָט מיך צוגעפירט צו אַ פּיאַנאָ, אַרויסגענומען אַ בוך און געזאָגט צו מיר:

— דו זעסט? דאָס האָט אַ איד, מענדעלסאָן, פאַרפאַסט. עס איז אַן אָראַטאָריע, וואָס הייסט „אליהו”.

ער נעמט שפּילן. איך לייען די נאָטן. און ער כאַפּט מיך אַרום און פרעגט מיך, ווי אַלט איך בין. זאָג איך אים, אַז איך בין עלף יאָר אַלט. זאָגט ער צו מיר, אַז איך זע אויס ווי פון זיבן יאָר, און ער פרעגט מיך, פאַרוואָס איך לערן זיך ניט אין קאָנסערוואַטאָריע. און אַזוי רעדנדיק, נעמט ער אַרויס אַ קליין דיק ביכל און זאָגט צו מיר:

— פון דעם ביכל וועל איך דיך לערנען. דאָס איז טשאַי-קאָווסקיס האַרמאָניע-לערער. נאַ, נעם עס אַהיים און קום מאָרגן.

ווען איך בין אַרויס פון זיין הויז, האָב איך געפילט, אַז איך בין באַגאַנגען אַ גרויסע עברה, זייענדיק אַזוי נאָענט, כמעט ווי אין קלויסטער. בין איך צוגעגאַנגען צום ברונעם און געוואַשן די הענט. אָבער דעם ברודער האָב איך וועגן דעם ניט

דערציילט. אויף מאָרגן בין איך געקומען צום אָרגל־שפּילער מיטן ביכל. ער האָט מיט מיר געלערנט בערך אַ האַלבע שעה און געזאָגט צו מיר:

— אַז דו וועסט לערנען, וועסטו ווערן אַ גרויסער מענטש.

אַזוי רעדנדיק, עפנט ער אויף אַ טירל. עס איז געווען אַן ענג צימערל מיט אַ גרויסן קאַסטן ווי אַ פּיאַנאָ. ער זאָגט מיר, אַז דאָס איז דער אָרגל. עס קומט אַריין אַן אַלטער גוי און נעמט פּאָמפּן, ווי מען פּאָמפּעט אַן וואַסער פון אַ ברונעם. דער אָרגל־שפּילער דערקלערט מיר, אַז דאָס איז לופט, אָן דעם קען דער אָרגל ניט שפּילן (איצט גייט עס אויף עלעקטרי), און ער זעצט זיך שפּילן. אין דער צייט, וואָס ער שפּילט, קוק איך אַריין דורך אַ פענסטערל און זע, ווי עס ברענען אַ פּאָר ליכט און עס שטייען אַ סך בענק, ווי להבדיל, אין אַ שול. איך באַ־גרייף, אַז איך בין איצט אין אַ קלויסטער. איך עפן דאָס טירל, דורך וועלכן איך בין אַריין, און לויף אַרויס אין גאַס. איך לויף ווידער צום ברונעם און וואַש מיר די הענט מיטן פּנים. איך זעץ זיך אַוועק און קלער פון דער עבֿרה, וואָס איך בין באַגאַנגען. דערנאָך בין איך אַהיימגעגאַנגען.

אין אַ צען מינוט שפּעטער קומט אין מיין ברודערס שטוב אַריין דער אָרגל־שפּילער, וואָס זעט אויס ווי אַ גלח. ער רעדט צו מיין ברודער און דערציילט אים, אַז איך באַדאַרף גיין לער־נען אין קאָנסערוואַטאָריע, דערווייל וועט ער מיט מיר לערנען, און אַז ער האָט מיט מיר היינט געלערנט.

מיין ברודער זלמן האָט אים ווייניק פאַרשטאַנען, נאָר איין זאַך האָט ער יאָ פאַרשטאַנען, אַז איך בין געווען אין קלויסטער. ווען דער אָרגאַניסט איז אַוועק, שרייט אויס מיין ברודער:

— בן סורר ומורה! אַזוי גאָר, אין די קלויסטערס קריכסטו? עס איז דיר ניט גענוג, וואָס דו שטייסט ביים עמוד אין שול און דאַוונסט ניט? נאָך אין צוויי יאָר אַרום ווערט ער בר־מצווה און קריכט אין קלויסטער!

איך פאַרענטפער זיך, אַז עס איז ניט מיין שולד. דער אָרגל־שפּילער האָט מיך אַריינגערופן, און אַז איך וועל מער ניט גיין. מיין ברודער שרייט נאָך העכער, שוין מיט אַ וויינענדיק קול:

— עס איז גענוג וויפיל מאָל דו ביסט געגאַנגען! — און ער זאָגט ווייטער: — וויי איז מיר, די קהילה וועט זיך דערפון דערוויסן, וועט מען מיך ניט לאָזן לערנען מיט די אידן „חיי אדם". נאָך היינט שיק איך דיך אָפּ צום טאַטן. פאַר אַהין, אין גיהנום אַריין. מיינסט, איך ווייס ניט, אַז דו האָסט געזונגען ביים גובערנאַטאָר קובאַנאָוו, מן־הסתם געכאַפּט אַ ביים אויך. אונזער טאַטע פירט דיך אויף שיינע וועגן. נאָר וואָס זאָל איך טענה'ן, אַז אין „אוטשילישטשע" האָט ער דיך אַליין געפירט. אָבער גענוג, נאָך היינט פאָרסטו אַהיים!

מיך האָט באמת פאַרדראָסן, וואָס איך בין געוועזן אין קלויסטער, אָבער איך בין געוועזן העכסט צופרידן, וואָס איך פאָר אַוועק. ניט ווייל איך האָב געוואָלט אַוועק פון טראַב, נאָר דאָס פאָרן אַליין. עס איז געוועזן אַ מחיה צו פאָרן. אויף מאָרגן אינדערפרי איז געקומען יאַנקל דער בעל־עגלה מיט זיין בויד. די בויד האָט איצט אויסגעזען זומערדיק. די מומע שרה האָט איינגעפּאַקט מיין, מ'שטיינס געזאָגט, באַגאַזש, האָט מיר מיטגעגעבן אַ פּאָר גאָמעלקעס (האַרטן קעז) מיט ברויט, אַ פּאָר עפּל און באַרן, און נאָכדעם ווי אַלע האָבן זיך מיט מיר צעקושט, איז צוגעגאַנגען מיין ברודער זלמן, אַ ברוגז'ער, און געזאָגט:

— כאָטש דו ביסט „טמא", אָבער אַ ברודער ביסטו דאָך מיר. — ער גיט מיר אַ קוש און זאָגט צו מיר: — יאָשטשיקל, זאָלסט עס מער ניט טאָן, איך בעט דיך. פאָר געזונט און גריס דעם טאַטן.

באַלד זיינען מיר געוועזן הינטערן שטאָט. עס האָט זיך געהערט אַ געזאַנג פון שיקסלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט אין פעלד. זייער געזאַנג האָט מיך גוואַלדיק פאַרכאַפּט. איך האָב

געפילט, אַז איך באַגיי ווייטער אַן עברה, ווייל אַלץ, וואָס איז גוי׳איש, געפעלט מיר. איך נעם באַלד זינגען אויף מיין קול׳כל אין דער הויך מיין מאַמעס לידל „אין דער סאָכע ליגט די מזל־ברכה״, און יאַנקל דער בעל־עגלה זאָגט:

— אַזאַ מזל אויף מיר, ווי דאָס איז שענער.

איך בין צופרידן מיט יאַנקל בעל־עגלה׳ס מיינונג און איך פיל, אַז דאָס איז מכפּר אויף די עוונות, וואָס איך בין באַגאַנגען. איך האַלט דעם גאַנצן וועג אין איין זינגען אידישע לידלעך און חזנ׳ישע סאָלאָס. יאַנקל דער בעל־עגלה זאָגט:

— יאָשקעלע, איך וואָלט מיט דיר אַזוי געפאָרן ביז אַמע־ריקע...

## כאָר־דיריגענט ביי חזן ראַזומני

אין דער צייט, וואָס איך בין געווען אין טראַב, האָט מיין ברודער איציק חתונה געהאַט. מיין ברודער איציק איז געווען דער היפּוך פון מיין ברודער זלמן. איציק איז געווען אַ פראַנט, פלעגט זיך אָנטאָן נאָך דער לעצטער מאָדע, זיינע שיכלעך האָבן געמוזט האָבן אַ גלאַנץ, און קוים האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אַ שטויבעלע אויף אַ שיך, איז ער אַרויף צוריק אין שטוב און ווייטער געפּוצט. שבת בייטאָג פלעגט ער גיין טאַנצן. ער פלעגט מיך אַ סך מאָל מיטנעמען, אַז איך זאָל אויסזינגען די קאַדרילן, וואַלצן און פּאָלקעס. לייענענדיק פיל ראָמאַנען, האָט ער געטראָפן אַ סך מאָל די העלדן פון ראָמאַן אין די פּאַריזער בולוואַרן, ווי אַזוי זיי דערקלערן זיך דאָרט אין ליבע, — איז ער טאַקע געפאָרן קיין פּאַריז זיך טרעפן דאָרטן, אויף די פּאַריזער בולוואַרן, מיט די העלדן פון זיינע ראָמאַנען, און האָט טאַקע גלייך אויסגעפונען, אַז פּאַריז איז שיין און עלעגאַנט און אירע בולוואַרן זיינען הערלעך, אָבער דער אַרבעטער לעבט דאָרט ענגער און ערגער, ווי אין ווילנע. איז ער גלייך געקומען אַהיים, אָבער שוין מיט אַ פּאָר פראַנצויזישע ווערטער. אַפילו זיין אידיש פלעגט ער רעדן אַ ביסל אונטער דער נאָז. אָבער צו דער זעלבער צייט איז ער געווען אַ זייער געלאַסענער, רו־איקער מענטש, און מען פלעגט פאַר אים האָבן אַ סך דרך־ארץ ביי אונז אינדערהיים. ער פלעגט טאַקע האַלטן דאָס גלייכגע־וויכט פון דער היים. און אַז ער האָט חתונה געהאַט און אַוועק וואוינען פאַר זיך, איז די היים געוואָרן פאַר מיר נאָך ענגער, ווי פריער...

אַז די חזנים און זינגער פון ווילנע האָבן אויסגעפונען, אַז איך בין געקומען, האָט מען מיך גלייך אויסגעכאַפּט אין

ווילנער כאָר־שול, וועלכע האָט אויך געהייסן „טהרת הקדש״. די אָרטאָדאָקסישע אידן פלעגן פאַרטייטשן טהרת הקדש ניט „ריינע הייליקייט״, נאָר „ריין פון הייליקייט״. עס איז געווען אַ מין טעמפל. מען דאַוונט ניט אין טליתים, נאָר אין טליתים׳־לעך, און כמעט אַלע רעדן צווישן זיך דאָרט רוסיש, און מען זעט אַ סך פון די מתפללים אין יוניפאָרמס, אַזוי ווי לערערס, מיליטער־דאָקטוירים, סטודענטן; מען רעדט שטיל און מען דאַוונט שטיל. דערפאַר איז דאָס געזאַנג אויך אַ געלאַסנס, אָן געקינצלטע עפעקטן. מען זינגט דאָרט לעוואַנדאָווסקין, זולצערן, נאָמבערגן, וויינטרויבן. דער חזן איז דאַן געווען בערנשטיין. ער איז געוועזן פאַר דער ווילנער כאָר־שול ווי גע־בוירן. ער איז געווען מער מוזיקער, קאָמפּאָזיטאָר, דיריזשאָר, ווי חזן. ער איז אויך געווען אַ גרויסער משכיל און אַ טיכ־טיקער ציוניסט. זיין מוזיק צו פרוגס ווערטער „זאַמד און שטערן״, צו „עם עולם״ און „אַדוני, אַדוני״ האָט פאַרכאַפּט די גאַנצע אידישע מוזיקאַלישע וועלט.

חזן בערנשטיין, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן, קאַנטאָר בערנשטיין, האָט איבערגענומען דעם פּלאַץ פון מיין לערער ראָפּוּערג. ער איז געוואָרן מיין מוזיקאַלישער דערציאונגס־פּאַטער. ער האָט מיך גלייך איבערגעגעבן צו אַ „וואָיענעם קאַפּעלמייסטער״ (מיליטער־דיריגענט), קאַלאַן. קאַלאַן איז גע־ווען אַ טשעך און אַ גרויסער אָנהענגער פון בערנשטיינען און זיין כאָר. ער האָט פאַרגעזעצט מיט מיר די לערע פון האַר־מאָניע, און דוקסטולסקי, אַ גרויסער פּיאַניסט און קאָמפּאָזיטאָר, האָט מיט מיר געלערנט פּיאַנאָ. און ווידער איז די פיינע אַט־מאָספערע פון ווילנער כאָר־שול, קאַנטאָר בערנשטיין, קאַלאַן דער קאַפּעלמייסטער און דיקסטולסקי דער פּיאַניסט און קאָמ־פּאָזיטאָר, צעשטערט געוואָרן פון דער שטיף־מאַמע מיט אירע קינדער, וועלכע האָבן איבערגענומען דעם אויבנאָן אין שטוב,

— בפרט נאָך אַן דער השגחה פון מיין ברודער איציק, — און די היים איז פאַר מיר געוואָרן איינפאַך אַ גיהנום.

אין אַ ווינטערדיקער, אויסגעשטערנטער נאַכט, אַ דאָנערשטאָג, זיצנדיק ביי אַ רעפּעטיציע (פּראָבע) אין ווילנער כאָר־שול, האָב איך דערזען, ווי עס קומט אַריין קאַנטאָר בערנשטיין מיט אַן עלעגאַנטן מאַן אָנגעטאָן אין אַ צילינדער מיט אַ שיינעם פּעלץ מיט העזטשקעס, און קאַנטאָר בערנשטיין שטעלט אונז פאָר דעם עלעגאַנטן מאַן און זאָגט:

— דאָס איז דער גרויסער, באַוואוסטער, גאָט־געבענטשטער קאַנטאָר ראַזומני.

און ראַזומני ענטפערט אין רוסיש:

— „טשעסט אימעיו" (איך האָב די ערע).

די ווערטער „טשעסט אימעיו" האָבן געקלונגען זאַפטיק, אַ ביסל נאַזיק. עס איז געווען שטיל געזאָגט, עס האָט אָבער אָנגעפילט דעם גאַנצן צימער מיט שיינע, הערלעכע טענער, און בערנשטיין זאָגט ווייטער:

— קאַנטאָר ראַזומני דאַוונט דעם שבת ביי אונז אין כאָר־שול, און איך האָף, אַז איר וועט טאָן אַלץ, אַז קאַנטאָר ראַזומני זאָל זיין צופרידן.

און אַברהם דער באַס, וועלכער איז געווען דער הויפּט פונם כאָר, האָט געענטפערט:

— מיר וועלן טאָן אַלץ, אַז דער גרויסער, ווירדיקער קאַנטאָר ראַזומני זאָל זיין צופרידן.

האָט ראַזומני געענטפערט:

— „אָטשען פּריאַטנאָ, באָלשאָיע ספּאַסיבאָ" (זייער אָנגענעם, אַ גרויסן דאַנק).

די לעצטע ווערטער פון קאַנטאָר ראַזומני האָט מען געקאַנט איינפאַך פאַרשרייבן אויף נאָטן — אַזוי פיל מוזיק איז געלעגן אין די טענער.

אימעצער האָט דערציילט, אַז ראַזומני האָט אַמאָל שטאַרק

געזידלט דעם גבאי פון זיין שול, וועלכער איז געווען אַ גרוי־סער גביר מיט אַ רעפּוטאַציע אין אַדעס, און ווען ראַזומני האָט אים זייער שטאַרק געזידלט און באַליידיקט, און טאַקע אויף רוסיש, איז דער גבאי געשטאַנען און זיך איינגעהערט און ניט געענטפערט קיין וואָרט. צעשרייט זיך ראַזומני נאָך שטאַר־קער:

— פאַרוואָס שווייגט איר? פאַרוואָס ענטפערט איר מיר ניט?

ענטפערט דער גבאי געלאַסן און מיט אַ שמייכל:

— איך האָב ליב צו הערן, ווי איר רעדט, און איבערהויפּט געפעלן מיר אייערע אויבערשטע טענער.

עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז אַזאַ זאַך זאָל האָבן געווען פאַ־סירט, ווייל עס איז געווען גענוג, אַז ראַזומני זאָל עפענען דאָס מויל, צי ער האָט גערעדט, געזונגען, רעטשיטאַטירט — וואָס עס איז נאָר אַריינגעפאַלן אין זיין מויל, איז געוואָרן פּערל. דאָס איז געווען אַ געבענטשט מויל. ווען איך האָב, שוין זייענדיק אין אַמעריקע, געהערט דעם איטאַליענישן טענאָר באַנטשין און דעם אומשטערבלעכן טענאָר קאַרוזאָ, האָבן זיי מיך דער־מאָנט אָן דער זיסקייט פון ראַזומנים שטים.

נאָכדעם ווי קאַנטאָר בערנשטיין האָט פאַר אונז פאָרגע־שטעלט ראַזומנין, האָט ראַזומני פון זיך אַראָפּגענומען זיין שיי־נעם פעלץ און איז געבליבן שטיין מיט זיין שיינער, דינער פי־גור, נאָר ווי אַ ליבהאָבער פון אַן אָפּערעטע, און האָט זיך גע־ווענדט צום דיריזשאָר פון כאָר:

— איר זינגט אייך אייער געוויינלעכן רעפּערטואַר, מיט אייערע קאָמפּאָזיציעס. איך וועל מיך שוין נאָכריכטן נאָך אייך.

שוין ביי דער פּראָבע האָט ער אונז באַצויבערט מיט זיין זינגען די סאָלאָס פון חזן. שבת איז די שול געווען געפּאַקט. אַזאַ עולם פלעגט מען זען בלויז אום יום־כיפּור. אויך פיל פראָ־

מינענטע קריסטן זיינען געקומען. און מיט אמאָל זאָגט מען אונז, אַז גענעראַל גאַנעצקי, דער קאָרפּוסנער גענעראַל, וועל־כער פלעגט סמאַטרעווען, מושטירן (דרילן) אַלע סאָלדאַטן פון גאַנץ ווילנע, איז דאָ אין שול. פאַר אַ ווילנער אינגל איז גענע־ראַל גאַנעצקי געווען, אַזוי ווי אין אַמעריקע וואָלט מען זאָגן צו אַ קינד, אַז בעיב רוט איז דאָ, ווייל זען גענעראַל גאַנעצקין אויפן ווייסן פערד געבן אַ געשריי: „סמירררר־נאָ, שאַגאָם — מאַרש!״ און דער וואָיענער אָרקעסטער פלעגט געבן אַ שפּיל אַ סאָלדאַטסקע מאַרש און אַלע סאָלדאַטן פלעגן ווי איין מענטש גיין אין טאַקט און גאַנעצקים ווייסע פערד פלעגט אונטערטאַנצן, — דאָס פלעגט גיין זען גאַנץ ווילנע. און איצט בין איך אַזוי נאָענט צום גענעראַל גאַנעצקי! ער איז געקומען מיט אַ גאַנצער סוויטע אָפיצערן און פּאָלקאָווניקעס.

קאַנטאָר ראָזומני האָט זיי אַלעמען באַגייסטערט, איבער־הויפּט מיט זיין פּ י אַ נ י ס י מ אָ, מיט זיין מעצאָ־וואָטשע, דאָס הייסט האַלבער שטימע, גאַנץ איינפאַך, מיט זיין שטיל זינגען. דאָס רוב זינגער, איבערהויפּט חזנים, טוען דאָס, וואָס זייער שטימע דערלויבט זיי, דאָס הייסט, זייער שטימע איז דער בעל־הבית איבער זיי, בשעת ראָזומני איז געווען דער בעל־הבית איבער זיין שטימע. וואָס ער האָט נאָר געוואָלט, האָט זיין שטימע, זיין האַלז, אים געפאָלגט. אין זיין פאַלצעט, אין זיין מעצאָ־וואָטשע, איז געווען אַ פּיאַנאָ און אַ פאָרטאָ, און אי־בערהויפּט די זיסקייט און רייכקייט פון זיין טאָן צוזאַמען מיט זיין אויסערגעוויינלעכן, לאַנגן אָטעם, איז געווען פאַרכאַפּנדיק. ער פלעגט דעם עולם פאַרשטיינערן מיט זיין מתיקות׳דיקן זינגען.

נאָכן דאַווענען גייט ער צו מיר צו און זאָגט:

— דו האָסט געזונגען זייער שיין דיינע סאָלאָס. מ׳זאָגט, אַז דו לייענסט גוט נאָטן, — און ער דערלאַנגט מיר אַ שטיקל פּאַפּיר און זאָגט: — אָט דאָ האָסטו אַ קאָנטרעמאַרקע (אַ פּעס)

און קום מיט דײַן טאַטן מיטוואָך אין אָפּיצערסקע סאָבראַניע (אָפּיצערן־קלוב), וואו איך גיב אַ קאָנצערט, און זאָג דײַן טאַטן, ער זאָל מיך זען נאָכן קאָנצערט.

דער טאַטע האָט ניט געוואָלט גיין. מיט קײן אַנדערן האָב איך ניט געוואָלט גיין, און עס איז געבליבן — ניט געגאַנגען.

אויפן צווייטן טאָג, אַזייגער זעקס פאַרנאַכט, איז געקומען אַ שליח פון חזן ראַזומני, אַ הויכער, ברייטער איד, און זאָגט צום טאַטן:

— ס'טײטש, חזן ראַזומני האָט דאָך אויף אײַך געוואַרט נעכטן נאָכן קאָנצערט! קומט, נעמט מיט אײַער אינגעלע. ראַזומני וואַרט אויף אײַך אין יעוראָפּעיסקע גאָסטינניצע (אײראָפּעאישער האָטעל).

איך האָב, כמעט וויינענדיק, געזאָגט:

— קום, טאַטע! — און מיר גייען.

מיר זיינען אַרײַן אין אַ גרויס צימער, וואו עס איז געזעסן קאַנטאָר ראַזומני אין אַ סאַמעטן רעקל (אַ סמאָקינג־דזשעקעט). עס זײַנען געווען נאָך אַ פּאָר מענטשן און אויפן טיש איז גע־ווען שנאַפּס מיט לעקעך. ראַזומני האָט אויסגערעדט דעם טאַטן פאַרוואָס ער איז נעכטן ניט געקומען צום קאָנצערט. די מענטשן זײַנען גלײַך אַוועק, און מיר בלײַבן אַליין און דער שליח מיט אונז. ראַזומני איז מכבד דעם טאַטן מיט אַ שנעפּסל, מיך מיט אַ שטיקל לעקעך, און ער זאָגט צום טאַטן:

— אײַער אינגל איז זייער מוזיקאַליש, איך וויל אים נע־מען מיט מיר קײן אָדעס, ער וועט זינגען אין מײַן גרויסן כאָר און איך וועל אים אַרײַנגעבן אין „מוזיקאַלנאַיע אוטשילישטשע" (מוזיק־שולע).

איך שרײַ אויס:

— טאַטע, איך וויל פאָרן!

זאָגט דער טאַטע גוטמוטיק:

— אַז דו ביסט געפּאָרן קיין טראַב, מיך ניט פרעגנדיק, קאָנסטו דאָך אין אַדעם מער לערנען, ווי אין טראַב.

זאָגט ראָזומני:

— ניין! אָן אייער צושטימונג וועל איך אים ניט נעמען. מיר דאַרפן זיך צעשרייבן, מאַכן אַ קאָנטראַקט.

מען האָט גערעדט, זיך געאַמפּערט; דער שליח האָט זיך אַריינגעמישט. מיך איז זייער געשפּרעך ניט אָנגעגאַנגען. איך האָב זיך שוין געזען פאָרנדיק אויף דער באַן. מען האָט געמאַכט נאָך צו שנעפּסלעך, געגעבן מיר נאָך אַ שטיקל לעקעך, דער טאַטע האָט גע'חתמ'עט, ראָזומני האָט דעם טאַטן געגעבן געלט, ער זאָל מיר קויפן, וואָס עס פעלט מיר צום פאָרן, און מיר זיינען אַוועקגעגאַנגען.

אויפן וועג אַהיים האָט מיר דער טאַטע געזאָגט, אַז איצט פאָרן מיר ניט קיין אַדעס; מיר וועלן זיין אַ פינף-זעקס וואָכן אין אונזער געגנט, און דאַן ערשט פאָרן מיר קיין אַדעס. דאָס איז מיר נאָך מער געפעלן — ס'טייטש, אַרומפאָרן! איך בין איבערגליקלעך!

שבת בין איך געגאַנגען מיטן טאַטן צום פעטער אַהרן זיך געזעגענען. דער פעטער, וועלכער פלעגט זיך האַלטן אין איין זאָרגן: „משה, וואו נעמט מען אויף שבת?", איז געזעסן באַקוועם ביי אַ גלעזל טיי און די מומע שרה-לאה האָט אים אַריינגעגאָסן אַ ביסל ראָם אין דער טיי און דערלאַנגט אַלערליי טאָרטן און איינגעמאַכטס, און מיט אַ שטיק טאָרט אין מויל זינגט איך זיך אונטער: „משה, וואו נעמט מען אויף שבת?" דער פעטער איז געוואָרן בייז, די מומע שרה-לאה האָט געלאַכט, און דער פעטער זאָגט:

— משה, וואָס טוסטו? שיקסט אַוועק אַ קינד איבער דער וועלט?

ענטפערט דער טאַטע:

— נו, אַז איך וועל אים ניט שיקן, וועט מיר העלפן?

זאָגט די מומע:

— גאַנץ גוט, מיר געפעלט עס, — און גייט צו צו מיר און גלעט מיך מיט אירע ווייסע, ציכטיקע הענט: — יאָשטשיקל, ווי איך זע, וועסטו קיין רב ניט זיין, אַפילו קיין חזן אויך ניט, אָבער איין זאַך, מיין קינד, — וואָס דו וועסט ניט זיין, זאָלסטו בלייבן אַ איד; אַ פרומער איד, ניט קיין פרומער איד, — נאָר חלילה ניט אַוועקגיין צו זיי דאָרט...

ענטפערט דער טאַטע:

— שרה׳לע, — אַזוי פלעגט ער זי רופן, — משה מענדל׳ס קינדער שמד׳ן זיך ניט. חיים רומשיסקערס, דעם מגיד׳ס משפחה, שמד׳ן זיך ניט!...

מאָנטאָג פאַרנאַכט איז צוגעפאָרן צו אונזער היים אַ שליטעלע, אין וועלכן עס איז געזעסן קאַנטאָר ראַזומני. איך מיט מיין טאַטן האָבן זיך אַריינגעזעצט, און מיר זיינען געפאָרן צו דער באַן. קיין סך צייט איז ניט געווען. דער טאַטע האָט זיך מיט מיר צעקושט און ווען ער האָט זיך אומגעקערט אַוועקצוגיין, האָב איך אים אַ ווײַלע נאָכגעקוקט און איך האָב געפילט אינסטינקטיוו, אַז איך זע אים צום לעצטן מאָל. איך בין צוגעלאָפן צו אים, זיך אויף אים אָנגעהאָנגען, אַריינגעגראָבן זיך אין זיין בערדל און וואָנצעס און אים שטאַרק געקושט, און דער גערוך פון טאַבאַק, וואָס ער פלעגט שמעקן, איז מיר אַריין אין האַלז. נאָך דעם גערוך און טעם, וואָס איך האָב געפילט, קושנדיק דאַן דעם טאַטן, האָב איך געבענקט אַ סך, אַ סך יאָרן, און אַפילו איצט.

די ערשטע שטאָט, וואו מיר זיינען פאַרפאָרן, איז געווען ביאַליסטאָק. שוין ביי דער ערשטער פראָבע האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער דיריזשאָר פון דעם ביאַליסטאָקער כאָר איז קראַנק געוואָרן, און עס דיריגירט זיידמאַן, דער באַריטאָן. עס

איז ראַזומנין ניט געפעלן געוואָרן דער גאַנצער כאָר, איבער־הויפט זיידמאַנס דיריגירן, און ראַזומני זאָגט צו מיר:

— נו, גיב אַ נעם דאָס שטעקעלע און — „פּאָקאַזשי טשטאָ טי אומעיעש״ (באַווייז וואָס דו קענסט!).

מ׳האָט געזונגען זולצערס „אדון עולם״. נאָכדעם ווי איך האָב אָפּדיריגירט דעם „אדון עולם״, האָב איך שוין דירי־גירט דעם גאַנצן שבת.

אַלץ איז געגאַנגען זייער גוט מיט מיין דיריגירן, נאָר אין מיטן „ממקומך״ האָט זיך דער גאַנצער כאָר צעלאַכט, אפילו קאַנטאָר ראַזומני, וועלכער איז געשטאַנען פון פאָרנט פון מיר, האָט אויך געשמייכלט. ווי איך האָב מיך שפּעטער דער־וואוסט, איז די סבה פון זייער לאַכן געווען אַזעלכע: ווען איך האָב באַדאַרפט זינגען מיין סאָלאָ־אַלט אין „ממקומך״, האָב איך, זינגנדיק דעם סאָלאָ, זיך אַליין דיריגירט. איך האָב פאַרשטאַ־נען, אַז אַ דיריזשאָר דאַרף דיריגירן אפילו ווער ער אַליין זינגט. איך פאַרשטיי, אַז עס איז געווען זייער קאָמיש, ווי איך דירי־גיר זיך אַליין, אָבער ווען ראַזומני איז געבליבן אין ביאַליסטאָק אויף דעם קינפטיקן שבת, בין איך שוין פאַרבליבן ראַזומנים סאָליסט און דיריזשאָר.

זיידמאַן, דער באַריטאָן, פלעגט זיך האַלטן סאַי אין קליי־דונג און סאַי אין די מאַנירן ווי אַן אַקטיאָר. אַ מאַנטל פלעגט ער טראָגן געפּאַסט, מיט אַ שפּאַלט און קנעפּ פון הינטן, אַ קאָ־לירטע קאָמעזעלקע (וועסט), שיך מיט לאַנגע שפּיצן און הויכע אָפּצאַסן, אַ צילינדער־הוט, — קורץ, אַלאַ באַרים טאָמאַשעוו־סקי. ער איז מיר זייער געפעלן געוואָרן און איך אים אויך, און ער האָט מיך גלייך גענומען אויף זיין לאַזשי, פלעגט מיך באַהאַנדלען ווי אַ ברודער און האָט מיר גענומען איינרעדן, אַז איך זאָל פאָרן מיט אים קיין גראָדנע, — דאָרט איז דאָ אַ אי־

דישע טרופע, מיט וועלכער ער האָט געשפּילט אין וואַרשע, און ער פאָרט צו זיי, און צו דער זעלבער צייט וועט ער אין גראָדנע זינגען ביים חזן „יאָשע סלאָנימער", וועלכער האָט אַ גרויסן כאָר און איז אַליין אַ באַרימטער חזן.

דער חזן מיטן גרויסן כאָר האָבן מיך ניט גערירט, אַנדערש ס'„טעאַטער", ווייל ביז דאַן האָב נאָך טעאַטער איבערהויפּט ניט געזען. איך האָב געהערט אַ פּאָר קאָנצערטן, צו וועלכע דער לערער ראַפּוועריג האָט מיך מיטגענומען, אָבער טעאַטער פלעג איך זען בלויז אויף די אַפישן פון רוסישן טעאַטער, גייענ־דיק אין אוטשילישטשע (סקול), פאַרבייגייענדיק דעם ווילנער „גאָראָדסקאָי טעאַטר" (שטאָט־טעאַטער). נאָר טעאַטער אויף אידיש, וואו מ'זינגט אידישע לידלעך, אַזוי מיין מאַמע ע"ה פלעגט זינגען, דאָס האָט מיך איינפאַך באַצויבערט. און זייד־מאַן, דער באַריטאָן, זינגט פאַר מיר זיין סאָלאָ, וועלכן ער דאַרף זינגען אין גראָדנע, און דאָס איז: „איך היים אַבינדב, איך היים אַבינדב". דאָס זיינען געווען די ערשטע טענער, וואָס איך האָב געהערט פון אידיש טעאַטער, און זיידמאַן, זעענ־דיק, ווי מיר געפעלט עס, האָט פאַר מיר געזונגען אַלע לידלעך, וועלכע ער האָט געקענט. איך האָב מיך שפּעטער דערוואוסט, אַז דאָס זיינען געווען די לידער פון „שולמית", „בר־כוכבא" און „שלמה המלך".

זיידמאַן, דער באַריטאָן, האָט מיך מיט זיינע לידלעך איינפאַך פאַר'כישוף'ט. ער האָט געהאַט ניט קיין גרויסע באַריטאָן־שטימע, אָבער זייער אַן אָנגענעמע. ער איז שפּע־טער געוואָרן קאַנטאָר אין ווין אין אַ טעמפּל. איך האָב אים געטראָפן מיט יאָרן שפּעטער, שוין קומענדיק פון אַמעריקע צו גאַסט קיין ווין. מיר האָבן זיך געטראָפן, אָבער ער האָט מיך, ליידער, ניט געקאָנט זען, ווייל ער איז בלינד געוואָרן.

אין די זעקס-זיבן טעג, וואָס איך בין געווען מיט זיידמאַנען, בין איך געוואָרן צו אים צוגעצויגן; דאָס זעלבע ער צו מיר. דאָנערשטאָג, נאָך דער צווייטער פּראָבע פון ראָזומניס דאַוונען, זאָגט זיידמאַן צו מיר:

— היינט גייסטו מיט מיר הערן רוסישע לידער, איך זינג אויך דאָרט.

ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסן זאַל, וואו עס זיי־נען געשטאַנען אַ סך טישלעך און עס איז געווען אַזאַ בינע, ווי אין אַ קאָנצערט-זאַל, און ער זאָגט צו מיר:

— זיץ דאָ אַ ווײַלע, איך וועל באַלד זינגען.

אַ ווײַלע שפּעטער זײַנען אַרויס אויף דער בינע אַ סך מייד־לעך אין קורצע קליידלעך. אַ פּיאַנאָ איז געשטאַנען אין דער זייט. זיידמאַן און דער טענאָר בעלסקי, וועלכער האָט אויך געזונגען ביים חזן אין כאָר, שטייען מיט די מיידלעך און זינ־גען. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, איז עס געווען קעלנערס קאַפע-שאַנטאַן (נאַכט-קלוב). נאָכן זינגען איז זייד־מאַן צוגעקומען צו מיר מיט בעלסקין און געזאָגט, אַז איך זאָל דאָ בלייבן זיצן, זיי דאַרפן באַלד ווידער זינגען. ווען זיי זײַנען אַוועק, האָט מיר אַ הויכער שגץ, אַ קעלנער, צוגעטראָגן אַ טעלער מיט עסן, פון וועלכן איך האָב דערפילט דעם גערוך ווי ביים אָרגל-שפּילער אין טראַב. עס האָט זיך מיר פאַרדרייט מיין קעפּל און עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, ווי איך הער דער מומע שרה-לאהס ווערטער: „יאַשטשיקל, זאָלסט בלייבן אַ איד, ניט אַוועקגיין צו זיי דאָרט!" און דער טאַטע האָט גע־ענטפערט: „משה מענדלס קינדער שמד'ן זיך ניט!" דער גערוך פון טרפות האָט מיר וואָס מער און מער געהאַקט אין מיין נעזל. איך האָב מיך אויפגעהויבן און בין אַנטלאָפן אַהיים. איך בין געווען בייז אויף זיידמאַנען, אָבער ווען

איך האָב זיך צוגעקוקט צו אַ פּאָר בילדער פון זיידמאַנען, וועלכע זיינען געהאַנגען אויף דער וואַנט, איבערהויפּט איין בילד, אין אַן אַקטיאָרסקער פּאָזע, האָט מיר אָנגעהויבן קלינגען אין די אויערן: „איך היים אַבינדב, איך היים אַבינדב", און איך בין מיט דעם אַנטשלאָפן געוואָרן. ווען איך האָב מיך אויפגע־כאַפּט אינדערפרי, האָב איך געזען, ווי זיידמאַן שטייט ביים שפּיגל און גוידערט זיך און זינגט: „איך היים אַבינדב, איך היים אַבינדב".

## מיין ערשטער באַזוך אין אידישן טעאַטער

זיצנדיק אויף דער באַן אויפן וועג פון ביאַליסטאָק קיין גראָדנע, האָב איך דעם גאַנצן וועג ניט אויפגעהערט צו קלערן, וואָס וועט זאָגן קאַנטאָר ראַזומני, ווען ער וועט זיך דערוויסן, אַז איך בין אַנטלאָפן אָן אַ זיי־געזונט. ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט ער מיר איבערגעלייענט אַ בריוו, וואָס ער שרייבט וועגן מיר קיין אָדעס, אַז ער ברענגט אָן אַלט אַ סאָליסט מיט אַ „זאָלאָטאָיע גאָרלאָ" (אַ גאָלדענעם האַלז) און אַ גרויסן מנגן, און איך בין גאָר אָן אַ פּאַרוואָס נעלם געוואָרן. היינט, דער טאַטע, אַז ער וועט זיך דערוויסן!

זיידמאַן דער באַריטאָן האָט באַמערקט די אומרואיקייט אין מיר און זינגט מיר אַריין אין אויער אַזאַ לידעלע:

— „עס וועט קומען אַ צייט, אַז יאַשקע מנגן וועט ווערן באַרימט אויף דער גאַנצער וועלט".

זאָג איך אים אַ ביסל בייזלעך, אַז עס זיינען ניט די ריכטיקע ווערטער, ווייל ער האָט שוין מיר אַמאָל געזונגען דאָס זעלבע לידל מיט די ריכטיקע ווערטער. ענטפערט ער מיר מיט אַ שמייכל:

— די ריכטיקע ווערטער זיינען טאַקע: „עס וועט קומען אַ צייט פון אייזנבאַנען". זעסט דאָך, אַז דאָס איז שוין מקוים געוואָרן. אָט פאָרן מיר אויף אייזנבאַנען. און אַזוי, יאַשקעלע, וועל איך מיך אַמאָל באַרימען, אַז אָט דעם און דעם, פון וועלכן מען שרייבט און מען רעדט אַזוי פיל, האָב איך געקענט אַלס עלף־יאָריקן אינגעלע. איך שטעל מיר פאָר, אַז ווען די חברה אַקטיאָרן וועלן דיך הערן זינגען און דיין שנעלן לייענען נאָטן, וועלן זיי דאָך איינפאַך משוגע ווערן. — און ער רעדט ווייטער מיט באַגייסטערטע און האַמלעטישע טענער: — און חזן יאַשע

סלאָנימער וועט דיך איינפאַך אויפעסן. נאָר אים טאָרסטו ניט דערמאָנען דאָס וואָרט טעאַטער, ווייל ער איז זייער פרום, כמעט אַ רב. היינט, פאַרגעס ניט, אַז דו ביסט אַ איד אַ גביר. קאָנ־טאָר ראָזומני האָט מיר געגעבן געלט, אַז איך זאָל באַצאָלן פאַר דיין לאזשי און דיר קויפן וואָס דו דאַרפסט, איז געבליבן דריי רובל מיט זעכציק קאָפּיקעס. פאַר דעם באַן־בילעט לייג איך אויס. איך וועל אָפּנעמען ביים חזן יאָשע סלאָנימער כפל־כפלים.

אַרונטערגייענדיק פון באַן, זאָגט צו מיר זיידמאַן, אַז מיר וועלן פאָרן אין אַ גאָסטיניצע (גאַסטהויז), וואו עס שטייען איין אַלע אַקטיאָרן, און זאָגט צום איזוואָזטשיק (קעב־מען):

— „וואַרשאַווסקאַיאַ גאָסטיניצאַ" (וואַרשעווער האָטעל)! פאָרנדיק, זאָגט ער:

— איך וויל נאָר, אַז ראַפאַעל און זיין פרוי רוזשאַ האָרן זאָלן הערן, ווי אַזוי דו לייענסט נאָטן.

און אָט שטייען מיר שוין אין אַ צימער מיט אַ גרויס בעט, און זיידמאַן וואַשט זיך און העלפט מיר אויך זיך אַרומוואַשן, און זאָגט:

— קום, מיר גייען!

ער פרעגט אין קאָרידאָר ביי דער שיקסע, וועלכע רייניקט, אין וועלכן צימער עס וואוינט ראַפאַעל. מיר גייען אַריין אין אַ גרויס צימער מיט אַ באַלקאָן אינדרויסן. עס שטייט אַ שיינער מאַן און גיסט אויף זיך פאַרפום. מען זעט, אַז ער האָט זיך נאָר־וואָס געענדיקט ראַזירן. זיי האָבן זיך ביידע באַגריסט. זייד־מאַן פרעגט, וואו רוזשאַ איז. ראַפאַעל ווייזט אָן אויף אַ צווייט צימער, אַז דאָרט איז זי. און טאַקע גלייך איז אַריינגעקומען אַ שיין, יונג, באַ׳חנ׳ט פנימ׳ל מיט קאָלירטע שיכעלעך, אין אַ קאָלירטן שטוב־מאַנטל, און גיסט אויף זיך אויך פאַרפום. אַז פון אַ פרוי זאָל שמעקן פאַרפום, דאָס האָב איך שוין געוואוסט פון פריער, ווייל פון דער מומע העניע און פון מיין לערערין

טראַצקאַיאַ פלעגט שמעקן פּאַרפוס, אָבער אַז פון אַ מאַן זאָל שמעקן פּאַרפום האָב איך דערפילט צום ערשטן מאָל, און פון ביידנס פּאַרפום האָט זיך מיר פאַרדרייט מיין קעפּל. און די פּאַרפומירטע פּאַניענקע (מיידל) פרעגט:

— ווער איז דאָס אינגעלע? — אָנווייזנדיק אויף מיר. זאָגט זיידמאַן:

— דאָס איז ניט קיין אינגעלע. אזוי ווי ער שטייט און גייט, איז עס אַ שטיק נאָטן. יאָ, לאַכט ניט. אָט דאָ שטייט פאַר אייך אַ שטיק מוזיק. ער לייענט נאָטן ווי אַ וואַסער.

ענטפערט ראַפעל:

— אויב ער לייענט נאָטן ווי אַ וואַסער, טויג ניט, ווייל אַ וואַסער קאָן ניט לייענען קיין נאָטן.

(עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז דער אַקטיאָר ראַפּעל איז טאַקע געווען דער פאָטער פון דער אַקטריסע מאַלווינע ראַפּעל, וועלכע געפינט זיך איצט אין אַמעריקע, געקומען אַהער מיט דער „אידישער באַנדע", אָבער רוזשאַ האָרן איז ניט איר מוטער. מאַלווינע איז פון אַ צווייטער פרוי).

זיידמאַן רעדט מיט באַגייסטערונג:

— עס איז ניט גלאַט אַ אינגל, וואָס לייענט נאָטן. עס איז מוזיק, אַ מוזיקער. קוקט ניט, וואָס ער איז אַ פּיצעגנוני־ציקל, גרין און דאַר. ער האָט אַ שטימעלע ווי אַ קאַנאַרעקל. נו, יאָשקעלע, — ווענדט ער זיך צו מיר, — גיב נאָר אַ זינג מיט מיר גלינקאָס דועט (אַ באַוואוסטער דועט פון דעם גרויסן קאָמ־פּאָזיטאָר גלינקאָ — „ניע איסקושאַי מעניאַ בעז נוזשדי").

די פּאַרפומירטע פּאַניענקע זאָגט:

—ניט איצט. מיר ווען טרינקען צוזאַמען אַ גלעזל קאַווע, וואָס זי האָט פאַרבאַרייט.

זאָגט זיידמאַן:

— אָ, עס מאַכט ניט, — און זאָגט צו מיר: — נו, שטעל אַ טאָן!

איך שטעל אַ טאָן מיט די נאָטן „לאַ־דאָ־מי־דאָ־לאַ", און מיר זינגען דעם דועט. גלייך עפּנט זיידמאַן אַ בוך מיט נאָטן, וואָס איז געלעגן אויפן טיש. עס איז געווען אויפגעשריבן אויף די נאָטן מיט גרויסע ווערטער אין רוסיש: „פּערוואַיאַ סקריפּקאַ, אָפּעראַ בר־כוכבא" (די ערשטע פידל פון דער אָפּערע בר־כוכבא), און ווי געוויינלעך, אַז איך זע נאָטן, לייען איך. דאָ מוז איך ווידער באַמערקן, אַז דער רוסישער פּאָעט אַלעקסאַנדער פּוש־קין האָט געזאָגט, אַז אַקטיאָרן האָבן „קראַסקי סלאָוו" (פאַרב אין די ווערטער). ער האָט געמיינט צו זאָגן, אַז ווען אַן אַק־טיאָר באַשליסט, אַז דעם און דעם דאַרף מען לויבן, פאַרמאַכט ער די אויגן און זוכט הויכע פראַזן, די גרעסטע לויב־ווערטער, צי מען פאַרדינט עס יאָ אָדער ניט; און ווידער, פאַרקערט, זוכט ער די נידעריקסטע שימף־ווערטער. אין מיין פאַל איז די באַגייסטערונג פון ראַפּעלן און זיין פרוי געווען אַזאַ, אַז כ'האָב מיך איינפאַך דערשראָקן פאַר זיי. זי האָט מיך געכאַפּט, אַוועקגעזעצט אויף איר שויס און האָט מיך גענומען קושן און דריקן צו איר וויכן, וואַרעמען קערפּער. זייענדיק שוין אַ אינגל פון צוועלף יאָר, האָב איך געפילט די אָנגענעמע וואַרעמ־קייט פון איר קערפּער, אָבער דער שטאַרקער פאַרפום האָט מיך געמאַכט פילן אומאָנגענעם, און איך בין גלייך אַראָפּגעשפּרונגען פון איר שויס. זי האָט גלייך אָנגעוויזן אויף אַ קליין בעטל, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל, אַז דאָ וועל איך שלאָפן, און אַז זי וועט מיך ניט אַרויסלאָזן פון איר שטוב, און ראַפּעל זאָגט:

— דו הערסט, רוזשאַ, אַז ער וועט מיט דיר לערנען נאָטן, וועסטו קענען גוט נאָטן.

איך האָב אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויערן, אויסגעפינענדיק, אַז אַ זינגערקע, פון וועלכער עס שמעקט פאַרפום, זאָל ניט קענען

קיין נאָטן, ווייל ביז איצט האָב איך געוואוסט ביים חזן, אַז אַלע, וואָס זינגען, קענען נאָטן, אַפילו אינגעלעך.

נאָך דער קאַווע זאָגט זיידמאַן:

— קום, מיר וועלן גיין.

זיידמאַן האָט געמוזט צוזאָגן, אַז ער ברענגט מיך ביינאַכט אין טעאַטער, און רוזשאַ נעמט מיך ווידער קושן און דריקן צו זיך און זאָגט:

— מיין גרויסער־קליינער מוזיק־לערער, דו זאָלסט קומען צו דיין איבערגעגעבענער שילערין!

אַרויסגייענדיק פון האָטעל, זאָגט זיידמאַן:

— איצט גייען מיר צו חזן יאָשע סלאָנימער. ער איז אַ איד אַ מנגן גדול, אָבער געדענק, וואָס איך האָב דיר אָנגעזאָגט. זאָלסט, חלילה, ניט זאָגן, אַז איך נעם דיך אין טעאַטער, ווייל ער איז זייער אַ פרומער, כמעט אַ רב.

מיר זיינען אַריין אין אַ שיין, כמעט רייך אידיש הויז. עס איז געקומען אַנטקעגן די חזנ׳טע. מען האָט ניט געדאַרפט פרעגן און אויך ניט, אַז זי זאָל זיך פאָרשטעלן, ווייל די חזנ׳טע איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף איר פנים. אַ שיין, יונג פנים, כמעט אַ רביצין, און דערצו אידיש־עלעגאַנט. זי האָט העפלעך באַגריסט זיידמאַנען ווי אַ גוטן אַלטן באַקאַנטן, און זאָגט אים, אַז יאָשע איז נאָך אין שול. און אַזוי ווי היינט איז דאָנערשטאָג, פאַסט ער אַ גאַנצן טאָג. ווען מיר זיינען געבליבן אַליין, האָט מיר זיידמאַן דערציילט, אַז יאָשע סלאָנימער פאַסט אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, און אַז ער זיצט אַלע מאָל אין זיין צימער, וואו ער האַלט אין איין לערנען. אַפילו עסן עסט ער באַזונדער, ניט מיט דער פאַמיליע, אויסער שבתים און יום־טובים, ווען ער עסט צוזאַמען מיט דער פאַמיליע. אַזוי רעדנדיק, הער איך פון אַ זייטיקן צימער אַ פיינע קאָלאָראַטור־סאָפּראַנאָ. זאָגט מיר זיידמאַן, אַז דאָס זינגט אָלגאַ, יאָשעס אינגערע טאָכטער, און זאָגט ווייטער, אַז זי האָט געקאָנט זיין אַן אָפּערע־זינגערין, נאָר

דער טאַטע וואָלט זי, חלילה, דער׳הרג׳עט. דאָס זינגט זי איצט, וויסנדיק, אַז דער טאַטע איז ניטאָ אינדערהיים. ווען ער איז דאָ, זינגט זי ניט, ווייל אַ פרומער איד טאָר ניט הערן די שטימע פון אַ פרוי, אַפילו ווען זי איז זיין ווייב אָדער טאָכטער.

אָבער איך האָב ניט געקענט פאַרגעסן, וואָס הייסט, אַ מענטש פאַסט צוויי מאָל אַ וואָך. איך האָב געוואוסט, אַז יום־כיפור פאַסט מען, דאַרף מען האָבן חלשות־טראָפּנס, מען זאָל קאָנען מינטערן, ווען מען חלש׳ט פון הונגער, און טאַקע יעדן יום־כיפור פלעגן חלש׳ן אַ סך מענטשן אין שול, נאָר דער טאַטע מיינער פלעגט זאָגן: „אַ דאַנק גאָט, דאָס איז געווען מיין לייכטסטער טאָג״, און פלעגט צוגעבן, אַז ער קאָן פאַסטן נאָך אַ טאָג. צו דער זעלבער צייט פלעגט ער האַלטן אין איין שמעקן חלשות־טראָפּנס. און דאָ הער איך, ווי אַ מענטש פאַסט צוויי מאָל אַ וואָך, און איך זאָג זיידמאַנען, אַז חזן יאָשע סלאָנימער מוז זיין זייער דאַר, כמעט ווי איך. צעלאַכט ער זיך. בשעת מיר רעדן אַזוי, קומט אַריין די חזנ׳טע און זאָגט, אַז דער חזן גייט. עס איז אַריינגעקומען אַ שווערער, בלאָנדער מאַן פון מיטעלן וואוקס, אידיש, רייך געקליידט. ער איז כמעט ווי דורכגעלאָפן פאַרביי אונז צו זיין צימער. זיין פרוי איז אים נאָכגעגאַנגען און גלייך געקומען צוריק, זאָגנדיק, אַז ער וועט באַלד אַרויסקומען צו אונז. און טאַקע באַלד איז אַריינגעקומען יאָשע סלאָנימער, און איך האָב מיך געהאַלטן אין איין וואונדערן, וואָס ער איז כמעט פעט, ווען ער פאַסט צוויי מאָל אַ וואָך. ער האָט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, מיט גרויסע אידישע ברעמען, געפרעגט זיידמאַנען, וואָס ער מאַכט (ניט געבנדיק אים די האַנט), און גלייך געפרעגט, אָנווייזנדיק אויף מיר:

— אַ זינגערל?

זיידמאַן האָט גלייך דערציילט פון מיר, פון מיין שטימע, פון מיין לייענען נאָטן, און אויך דעם פאַל מיט קאַנטאָר ראָזומני. יאָשע סלאָנימער איז די גאַנצע צייט, וואָס זיידמאַן האָט גע־

רעדט, געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און געשוויגן, אָבער ווען זיידמאַן האָט דערמאָנט קאַנטאָר ראַזומני, האָט ער געזאָגט:

— ער האָט אַ אידיש מויל מיט אַ גוי'איש הארץ, — מיינענדיק, אַז ער איז ניט פרום גענוג, און ער זאָגט ווייטער צו זיידמאַנען: — ער פאָרט ווייטער? — אָנווייזנדיק אויף מיר, — צי ער בלייבט דאָ?

ענטפערט זיידמאַן:

— איך האָב אים געבראַכט צו אייך, נאָר צו אייך!

און יאָשע זאָגט צו מיר:

— זינג עפּעס!

איך האָב געזונגען, געלייענט נאָטן פאַר יאָשען, אָבער ער האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין גרוים באַגייסטערונג, ווי אַנדערע, פאַר וועלכע איך האָב געזונגען און געלייענט נאָטן ביז איצטער, און ער פרעגט ביי מיר:

— קאָנסט עפּעס לערנען?

— ענטפער איך:

— איך קאָן חומש, אַ ביסל תנ"ך, און מיין ברודער האָט מיט מיר געלערנט „עין יעקב".

און ער פרעגט:

— ווי אַלט ביסטו?

ענטפער איך:

— צוועלפטער יאָר.

זאָגט ער:

— נאָטן קאָנסטו צו פיל פאַר אַ בחור'ל פון צוועלפטן יאָר, אָבער לערנען קאָנסטו ניט גענוג. אַ בחור'ל אין דיינע יאָרן דאַרף שוין לערנען גמרא.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געהערט דאָס וואָרט „בחור'ל". אַלע האָבן מיך גערופן ביז איצט „איינגעלע", און דאָס וואָרט בחור'ל איז מיר זייער געפעלן געוואָרן.

איך האָב נאָר געוואָלט, אַז די אַקטיאָרקע (אַזוי פלעגט מען רופן אַן אַקטריסע אין ווילנע) רוזשאַ זאָל עס הערן, אַז איך בין שוין אַ בחור׳ל און מיך מער ניט נעמען אויפן שוים, ווען אַלע זעען.

און יאָשע זאָגט ווייטער:

— איך וועל שוין זען, אַז דו זאָלסט לערנען צוזאַמען מיט מיין אַהרנ׳ען.

דאָס איז געווען זיין אינגסטער זונדל, אין מיינע יאָרן.

און ער זאָגט מיר, אַז מאיר באַס וועט שוין זען אונז אין אַלץ צו פאַרזאָרגן, און איז שנעל אַריין צוריק אין זיין צימער.

די חזנ׳טע האָט שוין געהאַט פאַר אונז אָנגעגרייט עסן, טאַקע צוזאַמען מיט די טעכטער. איינע איז געווען אומגעפער אַ יאָר צוויי־דריי און צוואַנציק און די אַנדערע — אַ יאָר אַכצן. ביידע האָבן געזונגען שיין. די עלטערע פלעגט זינ־גען דעם טאַטנס קאָמפּאָזיציעס, און די אינגערע, אָלגאַ — בלויז אַריעס פון אָפּערעס און רוסישע ראָמאַנסן. נאָכן עסן האָבן זיי אונז איינגעלאַדן צו זיך אין צימער, וועלכער האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנדער אַריינגאַנג. דאָרט האָב איך פאַר זיי געזונגען, געשפּילט (ס׳איז דאָרט געווען אַן אַלטע פּיאַנאָ), גע־לייענט נאָטן, און ווידער די זעלבע געשיכטע: אָלגאַ, די אינ־גערע, זעצט מיך אַוועק אויף איר שוים, דריקט מיך צו צו זיך, און עס ווערט מיר ווידער אָנגענעם־אומאָנגענעם... און עס ווילט זיך מיר אויסשרייען: „דיין טאַטע רופט מיך שוין בחור׳ל; מען דאַרף מיך ניט נעמען מער אויפן שוים!". און אַזוי טראַכטנ־דיק, האָב איך זיך פון איר שוים אַראָפּגעגליטשט. אָלגאַ האָט גערעדט מיט זיידמאַנען אין רוסיש וועגן מיר, ווי איבערראַשט זי איז פון מיר. זיידמאַן זאָגט איר:

— „פּערעסטאַנטיע, אָן וסיאָ פּאָנימאַיעט" (הערט אויף, ער פאַרשטייט אַלץ).

און זי ענטפערט:

— מיך אַרט עס ניט. „פּוסטט אָן זנאַיעט" (זאָל ער וויסן) —

און זי נעמט אַרויס גלינקאַס טערצעט (קאָמפּאָזיציע פאַר 3 שטימען) „נאַטשעוואַלאַ״.

זיידמאַן, אַלגאַ און איך זינגען. די עלטערע טאָכטער באַגלייט אונז אויף דער פּיאַנאָ, און כמעט צום שלום קומט אַריין אַ הויכער מאַן, כמעט אַ ריז, און זאָגט אויף זיין באַסאָ־ווער שטימע:

— אַט דאָס הייסט געזונגען! — און צו זיידמאַנען זאָגט ער: — איך האָב געוואוסט, אַז ווען אידישע אַקטיאָרן זיינען דאָ, וועסטו שוין אויך קומען.

און ווען זיידמאַן וויל אים דערציילן וועגן מיר, זאָגט ער מיט אַ רואיק־קאַלטן טאָן:

— איך ווייס שוין אַלץ וועגן דעם אינגל. דער חזן האָט מיר אַלץ דערציילט.

און אַלגאַ זאָגט צו אים:

— ר׳ מאיר, איר וועט דאָך אים ניט שיקן עסן „טעג״, ווי די אַנדערע אינגלעך?

זאָגט זיידמאַן:

— אויב ער וועט אים וועלן שיקן, וועל איך אים דען לאָזן עסן „טעג״?!

און מאיר באַס זאָגט:

— איך האָב שוין מיטן חזן אָפּגערעדט, אַז איך וועל אים באַשטעלן אַ לאָזשי, וואו ער זאָל שלאָפן און עסן די גאַנצע וואָך. שבתים און יום־טובים וועט ער עסן ביי מיר. אָבער ווען ער וועט זיין אַ פרום אינגל, וועט ער עסןביים חזנ׳ס טיש.

זאָגט אַלגאַ:

— ער וועט זיין אַזוי פרום, ווי איר.

ענטפערט ער:

— טאַקע דערפאַר בעט מיך קיין מאָל ניט דיין טאַטע, אַז איך זאָל עסן ביי זיין טיש, און איך בין געבליבן און וועל בלייבן מאיר באַס...

וועגן מאיר באַס איז כדאַי אָפּצושטעלן זיך. דאָס איז דער טיפּ פון מאַטקע חבד, שאַיקע פייפער. דאָס איז געווען אַ איד — ווי שוין געזאָגט — הויך ווי אַ ריז, אַ ברונעט, אַ מאַן אין די פערציקער. ער האָט כמעט ווי געפירט די אידישע גראַדנע. ער איז געווען דער גרעסטער סאַרוועך (קעיטערער). ער פלעגט אָננעמען די גרעסטע חתונות, בעלער און פלעגט אַליין אויך סערווירן, כאָטש ער פלעגט אויך אויספירן שידוכים. ער איז געווען די רעכטע האַנט ביי יאַשע סלאָנימער. ער האָט געהאַט אַ טיפן באַס און געקאָנט נאָטן אויפן שפּיץ מעסער. אַ איד אַ לעב-יונג. האָט ליב געהאַט צו מאַכן אַ רובל, און טאַקע געמאַכט און באַלד עס פאַרלעבט. ער איז געווען אַ גרויסער פאַרדינער און נאָך אַ גרעסערער אויסברענגער. אַלע האָבן פאַר אים מורא געהאַט. איבערהויפּט די זינגערלעך.

און ער זאָגט צו זיידמאַנען:

— דו ווייסט דאָך אים — ווייזנדיק אויף מיר — שלעפּן צו די אַקטיאָרשטשיקעס... געדענק! — און צו מיר זאָגט ער: — דיר וועט זיין גוט דאָ! — און ווענדנדיק זיך צו אַלגאַן, זאָגט ער: — אַלגאַ, דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ קליינער גאון. איך מוז איצט גיין. מאָרגן וועל איך אַלץ פאַרזאָרגן — און מיט די ווערטער איז ער אַרויס.

עס איז געוואָרן פינסטער, און זיידמאַן זאָגט צו מיר:

— קום, מיר גייען.

אַרויסגייענדיק, זאָגט ער:

— איצט גייען מיר אין טעאַטער. איך וועל דיך אוועק-זעצן אין אַ לאָזשע (באָקס), און איך וועל גיין אויף דער סצענע.

איך האָב געהערט, אַז אין אַ לאָזשע זיצט אַ גובערנאַטאָר, אָבער איך אין אַ לאָזשע!...

און מיר גייען פאַרביי אַ „מעניאַלנאַיאַ קאָנטאָרא" (אַ געשעפט, וואָס בייט אויס געלט — פּשוט אַ קליינע באַנק). זאָגט זיידמאַן צו מיר:

— אַט דער פּלייטע, דער בעל־הבית פון דעם קאַנטאָר, האָט אַרונטערגעבראַכט די אידישע אַקטיאָרן פון וואַרשע און גראָד־נע. און אַט זיינען מיר שוין אין טעאַטער.

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, וואָס איך האָב געזען אַ טעאַטער פון אינווייניק. איך פלעג פאַרבייגיין דעם ווילנער „גאָראָדסקאָי טעאַטר" (שטאָט־טעאַטער) און לייענען די אַפישן, און איצט זיץ איך אין אַ לאָזשע.

זיידמאַן זאָגט צו מיר:

— אַט דאָ זיץ, ביז איך וועל נאָך דיר קומען.

עס האָבן זיך גענומען קלייבן מענטשן. עס איז געוואָרן געפּאַקט. עס איז אַריין אַ „וואָיענגער" (סאָלדאַטן־) אָרקעסטער מיט בלאָז־אינסטרומענטן און אויך פידעלער, און גלייך נאָך זיי איז אַריין אַן עלטערער מענטש. ווי איך בין שפּעטער געוואויר געוואָרן, איז עס געווען דער דיריזשאָר שוואַרצבאַרד. מען פלעגט זאָגן, אַז ער דיריגירט, ניט קענענדיק קיין נאָטן. מען פלעגט אים רופן „שוואַרצבאַרד מיט די טעכטער". ער האָט געהאַט צוויי טעכטער, וועלכע זיינען אויך געווען ביים טעאַטער. די פאָרשטעלונג איז געווען „שולמית". עס איז ניט קיין וואונ־דער, וואָס ביז היינט צו טאָג איז „שולמית" פאַרבליבן ביי מיר ווי אַ כישוף־בילד. עס איז ביי מיר נאָך איצט די גרעסטע, שענסטע, יום־טוב'דיקע פאָרשטעלונג אין אידישן רעפּערטואַר, און איך בין כמעט ווי זיכער, אַז דאָס ציט זיך נאָך אַלץ פון יענעם ערשטן איינדרוק, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס עס איז שוין אַ צייט פון כמעט פופציק יאָר.

ווען דער פאָרהאַנג איז אַרויף, האָב איך גלייך דערהערט „לך ד' הגדולה" מיט די ווערטער „אַנגעלאָדן מיט אַלעם גוט". „לך ד' הגדולה" פלעגן מיר זינגען אַלע שבת אין ווילנער שול. און אַ ביסל שפּעטער האָב איך געהערט, ווי רוזשאַ האָרן זינגט מיין אַלטן סאָלאָ פון „לא המתים" מיט די ווערטער: „אַט דער ברונעם, אַט דער", און אויך מיין מאַמעס לידעלע „שבת, יום־

טוב און ראש-חודש". היינט דער הויפּט-זינגער, וועלכער האָט געזונגען „אין דעם בית-המקדש אין אַ ווינקל חדר", און איך בין אים געווען זייער דאַנקבאַר, וואָס ער האָט די שיינע, פּוכקינקע, שמעקעדיקע רוזשאַ, וועלכע איז, נעבעך, אַריינגע־שפּרונגען אין ברונעם, צוריק אַרויסגעשלעפּט. עס האָט ביי מיר מיין הערצעלע געציטערט, ווען זי איז, נעבעך, געשפּרונגען אין ברונעם, און עס האָט מיין הערצעלע געקוואָלן פאַר נחת, וואָס דער שיינער מאַן, אָנגעטאָן אין „גאָלד און ברילִיאַנטן", האָט זי אַרויסגענומען, און איבערהויפּט האָט מיך געפרייט, וואָס זי איז געווען אינגאַנצן טרוקן, זיך גאָרניט איינגענעצט. היינט דער שוואַרצער, וואָס זינגט און טאַנצט, צינגנטאַנג, ווי וועט ער אַרויסגיין אין גאַס מיט אַזאַ שוואַרץ-איינגעריסט פּנים? אָבער אַמבעסטן האָב איך געגליכן זיידמאַנען דעם באַ־ריטאָן. ער האָט אַזוי שיין געזונגען: „איך הייס אַבינדב, איך הייס אַבינדב"! אָנגעטאָן איז ער געווען נאָר ווי אַ פּרינץ.

ביי דער ענדע פון דער פאָרשטעלונג איז אַריינגעקומען זיידמאַן אין דער לאָזשע, וואו איך בין געזעסן, שיין אָנגעטאָן, ווי אַלע מאָל, און זאָגט צו מיר:

— איך האָב אַלעמען דערציילט פון דיר; זיי ווייסן שוין אַלץ פון דיר. איצט וועל איך דיר אויסרעכענען אַלע אַקטיאָרן מיט זייערע נעמען. „שולמית" האָט געשפּילט רוזשאַ האָרן; דעם אַלטן פאָטער אירן, „מנוח", האָט געשפּילט און געזונגען ראַ־פּעל, און „אַבשלום", שולמית'עס חתן, האָט געשפּילט חיים פיינשטיין.

ווי איך האָב מיך שפּעטער דערוואוסט, איז חיים טאַקע גע־ווען אַ פּלימעניק פון אונזער מאָרים פיינסטאָן, דעם סעקרעטאַר פון די אידישע געווערקשאַפטן. ער איז געווען דער הויפּט־טענאָר פון דער וואַרשעווער טלאָמאַצקער שול, און פלעגט פרייטאָג, נאָך דער פאָרשטעלונג, פאָרן קיין וואַרשע, אַז ער זאָל קענען שבת פרי זינגען אין דער וואַרשעווער שול.

„צינגנטאַנג” דעם שוואַרצן האָט געשפּילט סאַלאָמאָן קרוי־
זע, וועלכער שפּילט פאַר די לעצטע יאָרן מיט מאָרים שוואַרצן.

און בשעת זיידמאַן האָט געהאַלטן אין אויסרעכענען פאַר
מיר די גאַנצע קאָמפּאַניע, בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן, אין דער
לאָזשע זיצנדיק. ער האָט מיך קוים דערשלעפּט אין האָטעל
מיט טענות, זאָגנדיק:

— גרויסער קנאַקער, איך שעם זיך נאָר פאַר דער חברה,
זיי ווילן דיך אַלע זען, און דו ביסט גאָר אַנטשלאָפן געוואָרן.

איך האָב זיך איינגענורעט אין דער קאָלדרע פאַר מידקייט
פון דעם גאַנצן טאָג און איך האָב געהערט, ווי זיידמאַן זינגט
שטיל:

— „עס וועט קומען אַ צייט, ווען יאַשקעלע מנגן וועט
ווערן באַרימט אויף דער גאַנצער וועלט”.

## דער ערשטער קוש פון אַ מיידל מיטן נאָמען סאָניאַ

גראָדנע איז געווען די שטאָט, וואו איך האָב מיך באַקענט מיט טעאַטער בכלל, סאַי אין אידיש סאַי אין רוסיש. גראָדנע איז אַלע מאָל געווען באַרימט מיט איר טעאַטער־פּובליקום. אַ גרויסע צאָל פון אירע טעאַטער־גייער האָבן צוגעשטעלט די אַרבעטער פון שערעשעווסקיס פּאַפּיראָסן־פאַבריק, — פון שערעשעווסקיס פּאַפּיראָסן־פאַבריק האָבן געמאַכט אַ לעבן כמעט פינף און זיבעציק פּראָצענט פון גראָדנער איינוואוינער. אויף שערעשעווסקין אַליין האָב איך געטראָגן אַ גרויסע שנאה. איך פלעג אים האַסן. זינגענדיק אין שול, פלעג איך מיך קיין מאָל ניט אומקוקן אין דער זייט, וואו ער איז געזעסן אויבנאָן. די שנאה מיינע איז געקומען בלויז פון איין זאַך: איך האָב געוואוינט אין דער זעלבער גאַס, וואו עס האָט זיך געפונען שערעשעווסקיס פאַבריק. פלעג איך ניט קאָנען צוזען ווי מען באַטאַפּט די אַרבעטער ביים אַרויסגיין פון פאַבריק. עס פלעגן שטיין צוויי גויים פוןביידע זייטן, ביי דעם שמאָלן טירל פון גרויסן טויער, און פלעגן באַזוכן און באַטאַפּן יעדן אַרבעטער, וועלכער פלעגט אַרויסגיין פון פאַבריק. דער צוועק פון באַזוכן די אַרבעטער איז געווען, אַז זיי זאָלן ניט נעמען קיין טאַבאַק מיט זיך, אָבער מיין יונג נשמה׳לע פלעגט קאָכן פאַר צאָרן, ווען איך פלעג שטיין פונדערווייטנס און צוזען, ווי מען פלעגט יונגע מיידלעך, גרעסערע פריילינס, שיינע בחורים און אַלטע אידן מיט בערד, באַטאַפּן און באַזוכן כמעט ווי די פּאָליציי טוט עס מיט גנבים. איבערהויפּט פלעג איך ניט קאָנען צוזען, ווי מען פלעגט באַטאַפּן, אַרויסגייענדיק פון דער פאַבריק, סאָניטשקען. טאַקע צוליב איר פלעג איך שטיין און וואַרטן. אָבער

איך פלעג ברענען פאַר צאָרן, ווען דער שומר פלעגט מיט זיינע שמוציקע הענט קריכן איבערן עלעגאַנטן קערפּערל פון דער גימנאַזיסטקע סאָניאַ (אַזוי פלעגט מען זי רופן).

סאָניטשקע האָט געוואוינט אַנטקעגנאיבער מיין לאָזשי, אין אַ צימערל, מיט איר מאַמען. זי איז געווען שוין אין דריטן קלאַס גימנאַזיע, ווען איר טאַטע, אַ בוכהאַלטער, איז געשטאָרבן, און ער האָט פאַרקרענקט אַלץ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. איז זי מיט איר מוטער אַוועק אַרבעטן אין שערעשעווסקיס פאַבריק.

סאָניטשקע איז געווען דער ערשטער מענטש, וואָס האָט מיר געזאָגט „איר" אַנשטאָט „דו". דאָס איז געווען אין אַ פרייטאָג־צו־נאַכטס. גייענדיק אין שול, זאָגט סאָניטשקע צו מיר — ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי האָט גערעדט צו מיר:

— „יעסלי ווי מעניע פּאָזוואָליטיע, יאַ ס'וואַמי פּאַידו וו'סינאַגאָגו" (אויב איר וועט מיר דערלויבן, וועל איך מיט אייך גיין אין שול). — און זי זאָגט ווייטער: — איך האָב אייך שוין געהערט זינגען אין שול; אַלע רעדן פון אייך.

איך האָב מיך געפילט מעשה־קאַוואַליער, גייענדיק מיט סאָניטשקען. כאָטש זי איז שוין ניט געגאַנגען אין גימנאַזיע, פלעגט זי שבת אָנטאָן איר גימנאַזיסטין־קאָסטיום — אַ שוואַרץ קליידל מיט אַ ווייסן קאָלנער, און מיט אירע בלאָנדע הערעלעך האָט זי דעמאָלט אויסגעזען אין מיינע אויגן ווי אַ מלאכ'ל. פון איר האָט ניט געשמעקט קיין פּאַרפום, אַזוי ווי פון רוזשאַן, נאָר אַ פרישקייט, אַ גערוך פון גוטער זייף, און אַ וואַרעמקייט האָט געשלאָגן פון איר שלאַנקן קערפּערל. איך האָב איר געזאָגט, אַז היינט ביינאַכט זינג איך אין רוסישן טעאַטער, אין דער אָפּערעטע „פּראַדאַוויעץ פּטיץ" (פייגל־הענדלער). דאָרט איז דאָ אַ „כאָר מאַלטשיקאָוו" (אַ כאָר פון אינגלעך). ווען דער פייגל־הענדלער קומט אָן, קומט ער צוזאַמען מיט אַכט אינגלעך, און איך בין ניט נאָר איינער פון די אינגלעך, נאָר דער, וואָס

זינגט מיט זיי איין. דער דיריזשאָר פון טעאַטער האָט מיר געגעבן די נאָטן, און איך האָב מיט אַלע אינגלעך איינשטודירט. ווען סאָניטשקאַ האָט דאָס דערהערט, האָט זי, ביים אַריינגאַנג אין דער ווייבערשער שול, מיר העפלעך דערלאַנגט איר שיי־נינק, ווייס הענטעלע און מיך געפרעגט:

— „קאַק וואַס זאָוואוט?" (ווי אַזוי הייסט איר?).

האָב איך איר געגעבן מיין נאָמען, ווי אַזוי מען האָט מיך פאַרשריבן אין אוטשילישטשע (שולע) — אָסיפּ מאָיסעיעוויטש רומשינסקי, און זי זאָגט:

— „דאָ סווידאַניאַ" (צום ווידערזען), אָסיפּ מאָיסעיעוויטש!

— און איז שנעל אַריין אין דער ווייבערשער שול.

אַוועקגייענדיק פון סאָניטשקען, האָב איך דערפילט אַ טאָפּלטע איבעררּאַשונג: ערשטנס, וואָס איך האָב צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן דערהערט צו מיר זאָגן „איר", און צווייטנס, דאָס געבן מיר די האַנט ביים געזעגענען זיך, און נאָך ווער? ס אָ נ י ט ש ק ע!

ווען איך בין אַריין אין צימערל, וואו דער כאָר טוט זיך אָן, גיט אויף מיר אַ געשריי דער גרויסער, שטאַרקער ריז מאיר באַס:

— יאָשקע, פאַרוואָס אַזוי שפּעט?

ענטפער איך ניט; זאָגט ער נאָך העכער:

— יאָשקע, איך רעד דאָך צו דיר: פאַרוואָס אַזוי שפּעט?

גיב איך אַ געשריי אויף מיין הויכער אַלטן־שטימע:

— פון היינט אָן וויל איך, אַז איר זאָלט מיך אַלע רופן: „אָסיפּ מאָיסעיעוויטש", ניט מער יאָשקע.

האָבן זיך אַלע שטאַרק צעלאַכט, און מאיר באַס זאָגט:

— ווער האָט דיך דאָס אויסגעלערנט, רוזשאַ די אַקטריסע, אָדער מיכאַילאָוו, דער משומד, וועלכער זינגט אין רוסישן טע־אַטער? אָדער אפשר גאָר דער דיריזשאָר פון רוסישן טעאַ־טער, דעמידאָוויטש? וואַרט, — זאָגט ער ווייטער, — וואַרט,

איך וועל דאָס אַלץ דערציילן דעם חזן יאָשע סלאָנימער, וועל־כער מיינט, אַז דו זיצסט יום־ולילה און לערנסט. איך וועל אים דערציילן פון דיינע מעשים־טובים, — און ער צעלאַכט זיך אויף זיין באַסאָווער שטימע, — קוק אים אָן! יאָשקע פּאַסט אים ניט מער, נאָר אָסיפּ מאַיסעיעוויטש!

יאָ, מאיר באַס האָט געהאַט רעכט. אַט די אַלע, וואָס ער האָט אויסגערעכנט, האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין מיין לעבן. זיי האָבן געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין מיין יונגער נשמה. רוזשאַ האָרן מיט איר אידישן חן און דאָס גאַנצע אידישע טעאַ־טער מיט זיינע לידלעך האָבן מיך איינפאַך פאַר׳כישופ׳ט, און גלייך נאָכדעם — די רוסישע אָפּערעטע, און איבערהויפּט דער טענאָר מיכאַילאָוו. ער האָט געהייסן מיכאַילאָוו בעלסקי און איז געווען אַ משומד. שיין איז ער געווען, ווי די גאַנצע וועלט, איך האָב נאָך ביז איצט אַזאַ שיינעם מענטש ניט באַגעגנט. זיין פרוי איז געווען די פּרימאַדאָנע דאָבראָטיני, אַן איטאַליע־נערין, דערצויגן אין רוסלאַנד. דער מיכאַילאָוו האָט מיך ליב באַקומען ווי אַן אייגן קינד. ער האָט מיך טאַקע געוואָלט אַדאָפּטירן. וואָס אָנבאַלאַנגט דעמידאָוויטשן, דעם דיריזשאָר פון דער רוסישער אָפּערעטע, האָב איך אים אַ סך צו פאַר־דאַנקען פאַר מיין מוזיקאַלישער קאַריערע. ער האָט אויף מיר געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען מען פלעגט מיך זען דיריגירן, פלעגט מען מיינען, אַז דאָס דירי־גירט דעמידאָוויטש. אויף אַזוי פיל האָט ער אויף מיר געווירקט. ער איז געווען אַ טיכטיקער, עלעגאַנטער דיריגענט, און דערצו אַ גרויסער אָרגל־שפּילער. ער איז געווען זייער פּאָפּולער, אָבער ער איז געבליבן צוריקשטעלנדיק צוליב זיין שיכור׳ן. ער פלעגט איינפאַך זיך וואַלגערן אין די גאַסן, ווען ער פלעגט זיך אָנ׳שיכור׳ן, אָבער ווען ער איז געווען ניכטער, איז ער געווען אַ ברען, אַ פייער. פאַר אים האָבן עקזיסטירט צוויי זאַכן: מוזיק און בראָנפן. ווען ער איז געווען ניכטער, פלעגט

ער זיצן ביי דער פּיאַנאָ און שפּילן, שפּילן אַלץ, — אָפּערעס, אָפּערעטן, אויסצוגן פון סימפאָניעס, און ווען ניט מוזיק, פלעגט ער זיך וואַלגערן אין די שענקן אָדער אין די רינשטאָקן, אָבער נאָך איינעם האָט מאיר באַס פאַרגעסן אויסצורעכענען — דאָס איז געווען רוזשאַנסקי.

דער רוזשאַנסקי האָט גענומען שפּילן אין מיין לעבן די זעלבע ראָלע, וואָס זיידמאַן דער באַריטאָן, — זיידמאַן דער באַריטאָן איז ניט געווען קיין אַקטיאָר, ניט קיין אידישער און אויך ניט קיין רוסישער, ער איז געווען אַ זינגער. אים האָט ניט געאַרט, וואו ער זינגט און וואָס ער זינגט, אַבי זינגען און פאַרדינען. איצט האָט ער אָפּגעמאַכט צו פאָרן נאָך ווילנע צו זינגען אין שומאַנס „קאַפע שאַנטאַן" (נאַכט-קלוב), האָט מיר זיידמאַן געזאָגט:

— נו, יאָשקעלע, מיר פאָרן קיין ווילנע.

איך האָב מיך אָפּגעזאָגט צו פאָרן קיין ווילנע. איך האָב טאַקע געוואָלט זען דעם טאַטן מיט מיין פאַמיליע, אָבער איך האָב ניט געוואָלט זען רחל'ען די שטיף-מאַמע. איך האָב נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן מיין מאַמעס אויסגעשריי „אוי!", ווען זי האָט צום ערשטן מאָל דערזען רחל'ען. און זיידמאַן, דערוויסנדיק זיך וועגן מיין לאַגע אינדערהיים, האָט מיך גלייך פאַרגעשטעלט פאַר רוזשאַנסקין, וועלכער איז געווען מיט דער רוסישער אָפּע-רעטע — און פאַרנומען זיין פּלאַץ — נאָכדעם ווי די „ראַזרע-שעניע" (דערלויבעניש) פון דער אידישער טרופּע איז אויסגע-גאַנגען. מען האָט זיי דערלויבט אויף אַ קורצער צייט. איז אָנגעקומען די רוסישע אָפּערעטע — אין דער צייט, וואָס דאָס אידישע טעאַטער איז געווען.

אין גראָדנע האָב איך זיך גוט באַקאַנט מיט די פאָלגנדיקע דריי אָפּערעטעס: „שולמית", „בר-כוכבא" און „שלמה המלך". איך האָב די דריי אָפּערעטעס געקענט כמעט אויסוויייניק, די פּראָזע און די מוזיק. זיי האָבן אויך געשפּילט אַ פּאָר אַנדערע

פיעסעס, ווי „דאָרא״, אָדער „מיליאָנער און בעטלער״ פון שלי־פערשטיינען. שליפערשטיין איז געווען אַן אַקטיאָר. ער האָט טאַקע פאַר זיך אַליין באַארבעט די פּיעסע (ער האָט אַ זון אין אַמעריקע, וועלכער איז אַ דענטיסט), און טאַקע רוזשאַ האָרן האָט געשפּילט „דאָרא״. איך פלעג זיצן אין טעאַטער און וויי־נען און קלאָגן, וואָס די ליכטיקע, שיינע, פאַרפומירטע רוזשאַ ליידט נעבעך אין דער שרעקלעכער דראַמע „דאָראַ״, אָדער „מיליאָנער און בעטלער״. זיי האָבן אויך דעמאָלט געשפּילט „קאַבצנזאָן און הונגערמאַן״, אַ קאָמעדיע פון אַברהם גאָלדפאַדן, אָבער וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט די ריכטיקע אמת׳ע ווירקונג, זיינען געווען „שולמית״, „בר־כוכבא״ און „שלמה המלך״; סאַי די מוזיק און סאַי די פּראָזע מיט דער פּאַפּירענער, הילצערנער, באַגילדעטער, באַפאַרבטער אויסשטאַטונג.

ווען חברה אַקטיאָרן האָבן זיך גענומען פאַרבאַרייטן צו דער רייזע, האָבן רוזשאַ און ראַפּעל מיך גענומען צורעדן, אַז איך זאָל פאָרן מיט זיי. ראַפּעל האָט געזאָגט, אַז ער וועט מיך אַריינגעבן אין וואַרשע אין קאָנסערוואַטאָריע, און אַזוי ווי זיין פאָטער האָט אין וואַרשע אַ גרויסע קאַוויאַרניע (קאַפּע־הויז), וועל איך דאָרט עסן. הכלל, זיי וועלן אויף מיר אַכטונג געבן. האָט זיידמאַן גע׳טענה׳ט, אַז קיין ראַזרעשעניע (דערלויבעניש) צו שפּילן אין וואַרשע האָבן זיי נאָך ניט, און ער דענקט, אַז זיי וועלן זי אַזוי גיך ניט קריגן, און איך וועל ניט גיין אין קאָנ־סערוואַטאָריע אין וואַרשע, נאָר איך וועל זיך מיט זיי אַרומ־שלעפּן, און אַזוי ווי איך וויל ניט פאָרן מיט אים קיין ווילנע, זאָל איך בלייבן אין גראָדנע ביי יאָשע סלאָנימער, — און ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר רוזשאַנסקין.

רוזשאַנסקי איז געווען אַן אינטערעסאַנטער טיפּ. ער איז אָנגעשטעלט געווען אין דער אָפּערעטע אַלס כאָריסט, אָבער ער איז געווען אַ ל ץ, אין אַלעם פּעאיק. פלעגט זיך דעמידאָ־וויטש, דער דיריזשאָר, אָנ׳שיכור׳ן און ניט קענען דיריגירן,

פלעגט שוין דער דירעקטאָר באָריסאָוו שרייען: „רוזשאַנסקי! „טי דאָלזשען דיריזשיראָוואַט סעוואָדניאַ" (דו דאַרפסט היינט דיריגירן). וועלכער אַקטיאָר עס איז געוואָרן קראַנק, האָט רוזשאַנסקי אים פאַרטראָטן — אַ קאָמיקער, אַ זינגער, אַ יונ־גער, אַן אַלטער, — רוזשאַנסקי איז אַרויף און געשפּילט — און געקענט — יאָ שטימע, ניט שטימע, דערהויפּט געמאַכט גוט. אָבער זיין ציל איז געווען — מוזיק. ער האָט זייער ווייניק געלערנט, געווען אַ משורר ביי ישראל מינסקער אַלס אינגעלע און גלייך אַריין אין דער רוסישער אָפּערעטע און דאָרט זיך אַנטוויקלט. ער האָט געשפּילט אַ ביסל פּיאַנאָ און פלעגט זיצן גאַנצע טעג אין פאָיע (לאָבי) פון טעאַטער און שפּילן. אַז דער בחור האָט מיך דערטאַפּט, האָט ער מיך שוין פון זיך ניט אָפּגעלאָזן. ער פלעגט שרייבן די פּאַרטיעס פאַר די אַקטיאָרן, ד"ה, די מוזיק מיט דעם טעקסט אונטערגעשריבן. איך פלעג אים אַ סך העלפן אין קאָפּירן, און פאַר מיר האָט זיך געעפנט אַ נייע וועלט מיט נייער מוזיק.

די רוסישע אָפּערעטן־קאָמפּאַניעס פלעגן זיין צוויי אין איינע, דאָס הייסט, אַן אָפּערעטע, און צייטנווייז שפּילן אַ דראַמע אָדער אַ קאָמעדיע; אָדער אַן אָפּערעטע, און צייטנווייז שפּילן אַן אָפּערע — די אָפּערעטן־קאָמפּאַניע, וועלכע איז איצט געווען אין גראָדנע, איז געווען געמישט מיט אָפּערע, דאָס הייסט, מען פלעגט כמעט איין מאָל אין חודש אויפפירן אַן אָפּערע, ווי „קאַוואַלעריאַ רוסטיקאַנאַ" (אין רוסישן האָט עס געהייסן „סעלסקאַיאַ טשעסט"), „טרובאַדור", „זשיזן זאַ צאַריאַ" (דאָס לעבן פון צאַר), און מיט אַמאָל האָט מען געבראַכט דעם קלאַ־וויר־אויסצוג, דאָס הייסט, דעם סקאָר פון דער אָפּערע „אַאידאַ", און דעמידאָוויטש, וועלכער איז דעמאָלט ניט געווען שיכור, האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער פּיאַנאָ אין פאָיע (לאָבי) פון טעאַ־טער, און אַרונטערגעשפּילט די אָפּערע „אַאידאַ", וואָס איז נאָך דעמאָלט פאַר אַלעמען געווען ניי, נאָך קיין מאָל ניט געהערט,

— איז דער רוזשאַנסקי פאַר באַגייסטערונג געשפּרונגען נאָר ווי אַ חסיד ביים רבין, און אַלע מאָל צו מיר:

— יאָסל, יאָסל! הער אַ מוזיק, הער אידישע מוזיק!

און ביים געבעט, אין ערשטן אַקט, שרייט ער צו מיר:

— יאָסל! דיין יאָשע סלאַנימער און ישראל מינסקער זאָלן קומען הערן, וואָס עס הייסט אידישע מוזיק!

און ווען מען האָט אים געגעבן דעם סקאָר, ער זאָל שרייבן פּאַרטיעס פאַרן כאָר, האָט ער מיך אוועקגעשלעפּט צו זיך אין האָטעל און ביים שרייבן פלעגט ער יעדעס מאָל אויסשרייען:

— יאָסל! דאָס האָט ניט געשריבן קיין מענטש, דאָס האָט געשריבן אַ מלאך! נאָר מלאכים קאָנען שרייבן אַזאַ מוזיק!

אין יענער צייט האָט רוזשאַנסקי אָנגעשריבן אַ ראָמאַנס „נאָטש" (נאכט), וועלכער איז געוואָרן זייער פּאָפּולער איבער גאַנץ רוסלאַנד.

אַ דאַנק רוזשאַנסקין האָב איך זיך באַקאַנט מיט די וועלט־אָפּערעטעס און אויך מיט אייניקע אָפּערעס. איך האָב אים מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, גע־טראָפן. ער האָט געהאַט אַ פּיאַנאָ־געשעפט מיט אַ שותף, פּערלמאַן. עס האָט טאַקע געהייסן פּערלמאַן און רוזשאַנסקי. רוזשאַנסקי איז שוין טויט, אָבער וועגן אים וועל איך נאָך שרייבן. עס איז כדאי, ווייל טראָץ זיין באַקוועמען לעבן, וואָס ער האָט געמאַכט אין אַמעריקע, איז ער געווען אַן אַנטוישטער, אומגליקלעכער, אומצופרידענער. איבערהויפּט ווען ער פלעגט קומען אין אַ טעאַטער, פלעגט זיין נשמה צעגיין פאַר בענק־שאַפט נאָך מוזיק און טעאַטער.

רוזשאַנסקי האָט דעמאָלט אין גראָדנע, נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעשריבן זיין ראָמאַנס „נאָטש", אויך אָנגעשריבן אַ וואַלץ, וועלכן דער שטאָטישער „וואָיעננער" (מיליטערישער) אָרקעסטער האָט געשפּילט אויפן טייך ווינטער ביים גליטשן. איך האָב זייער ליב געהאַט דאָס גליטשן זיך, און בפרט נאָך

אונטער דער מוזיק פון רוזשאַנסקיס וואַלץ, — האָב איך מיך אין אַ שיינעם טאָג, גליטשנדיק זיך מיט סאָניעטשקאַן, טאַקע גוט אויסגעגליטשט און געפאַלן. מען האָט מיך אַוועקגענומען אין שפּיטאָל, וואו מ׳האָט אויסגעפונען, אַז ביי מיר אין פיסל איז עפּעס צעבראָכן און איך באַדאַרף ליגן אין גיפּס אַ פּאָר חדשים. אויפן דריטן טאָג פון מיין ליגן אין שפּיטאָל איז געקומען מיט אַ וויזיט צו מיר יאַשע סלאָנימער. עס איז געוואָרן אַ טומל אין שפּיטאָל, אַז יאַשע סלאָנימער אַליין איז געקומען זען, וואָס איך מאַך, און דער דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט, אַז קאַנטאָר יאַשע זאָגט, אַז איך בין אַ גרויסער מוזיקער („טשטאָ יאַ באָלשאָי מוזיקאַנט”). זייט דעמאָלט האָט מען מיך טאַקע בעסער באַהאַנדלט. עס פלעגן קומען אַ סך מענטשן צו מיר, און אויך דעם חזנ׳ס טעכטער. אָלגאַ פלעגט מיר דערציילן, וועלכע אַקטיאָרן עס פאָרן און קומען. אָבער ווען סאָניעטשקאַ פלעגט קומען, האָב איך זיך גוואַלדיק געשעמט פאַר איר, ווי איך ליג, אָבער איך פלעג מיך פרייען מיט איר קומען. איין מאָל, אַוועקגייענדיק, האָט זי מיר געגעבן אַ קוש. דאָס איז אָבער ניט געווען פון די קושן, וואָס מען האָט מיר געגעבן ביז איצט פאַר לייענען גוט נאָטן אָדער פאַר זינגען שיין אַ סאָלאָ, — דאָס איז געווען אַ גאַנץ אַנדער קוש... איך בין שוין געוואָרן צוועלף יאָר, און סאָניעטשקאַ איז געווען אַ מיידל פון אַ יאָר זעכצן-זיבעצן, דאָך פלעגט זי אַלע מאָל זען, אַז אין איר קעגנוואַרט זאָל איך מיך פירן ווי אַ מענטש פון דעם זעלבן עלטער. זי פלעגט זיך האַלטן זייער קינדיש און אויף מיר אַרויפשלעפּן דעם מאַן, דעם קאַוואַליער.

ווען איך בין אַרויס פון שפּיטאָל, איז שוין געווען אָנפאַנג זומער. די רוסישע טרופּע איז שוין ניט געווען. מאיר באָס איז געוואָרן מיין דערציאונגס-פאָטער. ער האָט מיך אַריינגענומען צו זיך, געדונגען אַ רבי׳ן, ער זאָל מיט מיר לערנען, געזען, איך זאָל דאַוונען, מיך היטן, איך זאָל ניט גיין אין טעאַ־

טער, — אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. אַלגאַ, דעם חזנ׳ס אינ־גערע טאָכטער, האָט שוין געזען, אַז איך זאָל גיין מיט איר אויף קאָנצערטן און אין טעאַטער.

אַזוי איז אַוועק אַ זומער מיט אַ ווינטער. מיין שטימעלע האָט זיך שוין גענומען ברעכן, עס האָט שוין גענומען פאַרלירן דעם שיינעם קלאַנג און אויך זיך „זעצן", דאָס הייסט, איך האָב שוין ניט געקענט דערלאַנגען די הויכע טענער, איך האָב שוין ימים־נוראים זיך געמוטשעט. אָנפאַנג ווינטער זאָגט צו מיר מאיר באַס:

— נו, יאָשקעלע, דו קרייעסט שוין ווי אַ האָן, קאָנסט שוין פאָרן אַהיים צו דיין טאַטן, — און גיט צו: — דאָס איז אַלץ דערפאַר, וואָס דו האָסט זיך אַרומגעדרייט צווישן די אַקטרי־סעס. דו ביסט נאָך אַ אינגל, האָסט נאָך ניט באַדאַרפט פאַר־לירן דיין שטימע, אָבער די אַקטריסעלעך... די מיידעלעך... די פאַרפומירטע רוזשעלעך...

ווען מאיר באַס האָט מיך דערמאָנט, אַז איך באַדאַרף פאָרן צוריק אַהיים, נאָר אָן אַ שטימע, צוריק זען די שטיף־מאַמע, איז מיר געוואָרן זייער ביטער...

אויפמאָרגנס, ווען איך בין געקומען צו פּראָבע צום חזן יאָשע סלאָנימער, האָט מען מיר דערלאַנגט אַ פּאָסט־קאַרטל מיט אַ שוואַרצן פּאַס אַרום און אַרום דעם קאַרטל. איך האָב גלייך דערקענט איציקס האַנטשריפט. איך לייען: „טייערער ברו־דער יאָשטשיקל, דו ביסט שוין אַ צווייאיקער יתום... דער טאַטע איז געווען ביי מיר שבת נאָכן דאַוונען, ווי געוויינלעך, געמאַכט אַ שנעפּסעלע און גערעדט פון דיר, וואָס פאַר אַ שיינע בריוו דו שרייבסט, און זיך געפילט, דאַכט זיך, גאַנץ גוט, אָבער ווי נאָר ער איז אַרויס פון שטוב, איז ער געפאַלן ביי דער טיר און איז שוין מער ניט אויפגעשטאַנען. זאָג קדיש. ער האָט דאָס פאַרדינט. דיין ברודער איציק".

אין דער זייט פון פּאָסט־קאַרטל איז געווען צוגעשריבן:
„פאַרגעס ניט, אַז אין זעקס וואָכן אַרום ווערסטו בר־מצווה".

וואָס איך פאַרליר מיין שטימע, האָט מיך אויפגעהערט צו אַרן, אַזוי גיך ווי איך האָב זיך דערוואוסט, אַז איך האָב פאַר־לוירן מיין טאַטן, און איך האָב גלייך דערפילט דעם טעם פון דעם טאַבאַק און דעם לעצטן קוש, וואָס איך האָב אים געגעבן, און וועלכן איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

## איך פיר אויף „בר־כוכבא"
## אין אַ ביאַליסטאָקער צירק...

אין דעם זעלבן ווינטער, וואָס איך האָב פאַרלוירן מיין אַלטן־שטימע און מיין טאַטן, בין איך געוואָרן בר־מצווה; אָבער מיין בר־מצווה האָב איך געפּראַוועט אין דער גראָדנער כאָר־שול ביי חזן סיראָטע, — ניט גרשון סיראָטע פון ווילנער שטאָט־שול, נאָר ד ע ר סיראָטע איז געווען חזן אין ווילנער כאָר־שול פאַר בערנשטיינען. ער האָט מיך צוגענומען, אַז איך זאָל אים אַרויסהעלפן איינזינגען מיטן כאָר און אויך צייטנווייז דיריגירן, ווייל ער אַליין פלעגט, שטייענדיק ביים עמוד, דירי־גירן דעם כאָר. ביים חזן סיראָטע האָב איך מיך געפילט אַ סך בעסער, ווי ביי יאָשע סלאָנימער, שוין צוליב מאיר באַס, וועלכן איך האָב זייער פיינט געהאַט, און אויך צוליב סיראָטען אַליין — ווייל סיראָטע איז געווען אַ מער מאָדערנער מענטש. איך פלעג ניט נאָר גיין פריי און אָפן אין רוסישן טעאַטער, נאָר ער פלעגט מיר זייער דאַנקבאַר זיין, וואָס איך פלעג אים ברענגען קאָנטראַ־מאַרקעס (פּעסעס).

אין דעם שבת, ווען איך בין געוואָרן בר־מצווה, האָט ער מיר איבערגעגעבן, איך זאָל דיריגירן אַלע קאָמפּאָזיציעס, און איך האָב געזאָגט די הפטרה, וועלכע איך האָב נאָך געקענט פון מיין צווייטן רבי'ן. און ווען דער ראַבינער פון טעמפּל האָט אין זיין דרשה, וועלכע ער פלעגט האַלטן אין רוסיש, דערמאָנט מיין טאַטע־מאַמע, וואָס זיי האָבן דאָס ניט דערלעבט, האָט ער זיך געווענדט צו מיר און געזאָגט, אַז זיי זיינען ד אָ, זייער גייסט שוועבט דאָ אַרום און זיי פרייען זיך מיט מיר. „אים פּריאַטנאָ עטאָ ווסיאָ סלושאַט" (עס איז זיי אָנגענעם דאָס אַלץ צו הערן). אָבער אויסער מיין טאַטע־מאַמעס גייסט, וועלכער האָט גע־

שוועבט אין שול, ווי דער ראַבינער האָט מיך פאַרזיכערט, האָט אויך אַראָפּגעשיינט אַ ליכטיק פּנים'ל פון דער באַלקאָני פון דער ווייבערשער שול און האָט געשיינט דאָס מאָל מער ווי אַלע מאָל — דאָס איז געווען סאָניעטשקאַ.

ווי שוין געזאָגט, האָב איך מיך געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער אין דער גראָדנער כאָר־שול. מען האָט געזונגען דעם זעלבן שיינעם רעפּערטואַר, ווי אין ווילנער כאָר־שול ביי בערנשטיינען. קאַנטאָר סיראָטע איז געווען געזאַנג־לערער אין דער „זשענסקאַיאַ גימנאַזיאַ" (פרויען־גימנאַזיע) און ער פלעגט מיך אָפט מיטנעמען אַהין, איך זאָל אים אַרויסהעלפן. דעם קאַפּעלמייסטער, קאַלאַן, וועלכער איז געווען אין ווילנע, האָט מען אַריבערגעבראַכט קיין גראָדנע. ער איז געוואָרן דער קאַפּעלמייסטער איבער אַלע „וואָיענגע" (מיליטערישע) אָרקעסטערס און האָט מיט מיר פאַרגעזוצט די לערע פון האַרמאָניע.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַ צוויי יאָר, ביז מען האָט מיך אַראָפּגעבראַכט פאַר אַ זעלבשטענדיקן דיריגענט אין דער ביאַליסטאָקער שטאָט־שול ביים חזן משה באַס. איך האָב מיר געקויפט אַ „האָוועלאָק" — דאָס איז אַ פּעלערינע. אַזוי פלעגן גיין אָנגעטאָן אַרטיסטן, קאַנטאָרס און גלחים. אַזוי ווי איך פאָר שוין אַלס דיריגענט, האָב איך אָנגעטאָן אַ פּעלערינע, פאַרלאָזן לאַנגע האָר, און איך פאָר קיין ביאַליסטאָק. און אַזוי בין איך געגאַנגען אָנגעטאָן, ביז איך בין געקומען קיין אַמעריקע. אַפילו אין אַמעריקע בין איך געקומען אין אַזאַ פּעלערינע מיט לאַנגע האָר. און ווען יעקב פּ. אַדלער האָט מיך דערזען, האָט ער געזאָגט:

— אָט דאָס איז אַן אויסזען פון אַ קאָמפּאָזיטאָר; וואָס דען, אַזוי ווי די היגע? זיי האָבן דאָך אַ פּנים ווי איינפאַכע מענטשן.

אָבער וועגן דעם שפּעטער.

איך בין אַריינגעפאָרן צו משה באַס אין אַ דאָנערשטאָג. עס האָט געשמעקט אין הויז פון געשמאַקע קיכעלעך און גע־

בעקס, וואָס מען האָט אָנגעבאַקן אויף שבת. עס האָט מיך אַרומגענומען אַ וואַרעמע פריינטשאַפט פון אַ ליבער, שיינער פרוי, דריי שיינע טעכטער און ער אַליין, משה, אַ טיפּ פון די אַלטע חזנים, שוין אַ מאַן אין די פופציקער, אָבער זייער אַ פריי־לעכער, אַ וויצלינג, וואָס פלעגט רעדן שנעל און אָפט לייכט אונטערשפּייען, און פלעגט זיך אַלע מאָל אונטערהאַלטן מיט דער רעכטער האַנט ביים מויל.

ער פלעגט טראָגן זיין שוואַרצן, האַרטן הוט (דוירבי) אַ ביסל אָן אַ זייט, מעשה וואוילער יונג, און ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער ווי כמעט אין איין אָטעם מיר אַלץ דערציילט, געפרעגט און זיך אַליין געענטפערט:

—דאָס ביסטו יאָשקע מנגן? עס וועט דיר זיין גוט ביי מיר. ביי מיר איז געווען אַ ליאָווקע (מיינענדיק ליאָוון, דעם באַוואוסטן דיריגענט) און שלאָסבערג, און איצט דו. איך האַלט אַ כאָר בלויז ימים־נוראים, פּסח און שבועות, אָבער דיך וועל איך האַלטן אַ גאַנץ יאָר. איך האָב אינגלעך, וועלכע גייען מיט מיר אויף חתונות. איך האָב אַ סך חתונות, אָבער ניט דו, דו וועסט ניט גיין; דיר וועט מען ברענגען דיין חלק אינדערהיים, און איך וועל שוין זען, אַז די חברה משוררים זאָלן דיך ניט באַלאַט־כענען.

און אַזוי ווי ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן אָן אַן אויפ־הער, איז מיין אויג געפאַלן אויף אַ בילד, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט, פון אַ יונגער פרוי, אָנגעטאָן אין אַ היטל, וואָס האָט געהאַט אַ שנור אָן דער זייט און אין אַ פּעלערינע. און זעענדיק, ווי איך בין פאַראינטערעסירט אין דעם בילד, זאָגט ער גלייך:

— דאָס איז מיין עלטסטע טאָכטער העלענאַ. איך בין געווען אַ פּאָר יאָר חזן אין אַמעריקע. מיר איז ניט געפעלן געווען אַמעריקע, בין איך געקומען צוריק, אָבער העלענאַ האָט ניט געוואָלט פאָרן צוריק, איז זי געבליבן דאָרט, זי שטודירט

דאָקטאָר; דאָס האָט זי מיר צוגעשיקט איר בילד אַלס סטו־דענטקע.

ווי איך בין שפּעטער געוואָרן, איז עס געווען העלענאַ מילער, די פרוי פון רעדאַקטאָר לואי מילער. און ער רעדט ווייטער:

—איך האָב פאַר דיר אַ טייערע דירה ניט ווייט פון דאַנען. איך האָב שוין באַצאָלט פאַר אַ פּאָר חדשים, עסן וועסטו ביי מיר, און איך וועל דיר ברענגען פון יעדער חתונה דיין חלק. אָבער זיי אַ גוט בחור'ל, זאָלסט מיר פאַרשרייבן מיינע קאָמפּאָ־זיציעס און זיי צעשרייבן פאַרן כאָר. — און אַזוי רעדנדיק, נעמט ער אַרויס ביכער און ווייזט מיר: — דו זעסט, דאָ האָסטו „ליאָוו־קעס” (ליאָווס) האַנטשריפט, שלאָסבערגס האַנטשריפט, טייערע אינגלעך, גוטע דיריזשאָרן, אָבער ווילן ניט זיין אויף איין פּלאַץ, פליען אַרום אין טעאַטער און קאַפע־שאַנטאַנען. זיי כאָטש דו אַ גוט בחור'ל.

חזן משה באַס האָט געהאַט אַ שוואַכקייט, אַז ער איז אַ גרויסער קאָמפּאָזיטאָר. כאָטש ער האָט קיין נאָטן ניט גע־קענט. ער פלעגט פאַרזינגען זיינע ניגונים, מעלאָדיעס, און דער דיריזשאָר זיינער פלעגט עס פאַרשרייבן און אויך צעשרייבן פאַרן כאָר. איך פלעג איינפאַך אים אויסהערן און איך פלעג שרייבן עפּעס אַנדערש. ווען־ניט־ווען פלעג איך פאַרשרייבן זיינעם אַ ניגון. ווען ער פלעגט עס דערהערן זינגען דעם גאַנצן כאָר צוזאַמען, פלעגט ער דערקענען, אַז עפּעס איז עס ניט דאָס, וואָס ער האָט מיר פאַרגעזונגען, אָבער עס פלעגט אים געפעלן און ער פלעגט אויסשרייען:

— נו, וואָס זאָגט איר? אָט דאָס איז מוזיק! אָט דאָס איז נגינה!

עס איז מיר געווען זייער גוט ביי משה באַסן. ער פלעגט מיך באַהאַנדלען ווי אַ פּריץ, אָבער אַמבעסטן, וואָס מיר איז גע־

פעלן אין ביאַליסטאָק, איז געווען בערמאַן דער דיריזשאָר פון זאַבלודאָווסקים שול.

בערמאַן איז געווען אַן אמת־אידישער, פיינער דיריגענט, כמעט דער בעסטער שול־דיריגענט, וועלכן איך האָב געטראָפן ביז איצט. זיינע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע זיינען געווען אידיש און צו דער זעלבער צייט כאָראַליש, און איבערהויפּט זיין שיין באַהאַנדלען אַ קאָמפּאָזיציע, האָבן מיך באַגייסטערט. איך בין געוואָרן ניט נאָר זיינער אַ פאַרערער, נאָר איינפאַך אַ פּאַט־ריאָט. ער אָבער האָט אויך געהאַלטן פון מיין יונגן טאַלענט. ער האָט אַפילו אָנגעזאָגט, אַז ווען איך קום, זאָל מען מיך צו־לאָזן צו אים, כאָטש ער איז געווען זייער אַ באַשעפטיקטער מענטש. ער איז אויך געווען דער געזאַנג־לערער פון אַלע שולן אין ביאַליסטאָק. ער איז געווען דער געזאַנג־לערער, ביי וועלכן ראָזאַ ראַאיסאַ האָט געלערנט אַלס מיידעלע. זי דערמאָנט אים גאַנץ אָפט נאָך איצטער.

איך פלעג אים ברענגען מיינע קאָמפּאָזיציעס און מוזי־קאַלישע אויפגאַבעס, און ער פלעגט מיט פאַרגעניגן זיי איבער־קוקן און אויסבעסערן די פעלערן. עס פלעגט שטיין ביי אים אַ קליינע פיס־האַרמאָניע (אַן אָרגאַן) און ער פלעגט מיט מיר צוזאַמען זיצן און מוזיצירן, לייענען פּאַרטיטורן. כאָטש ער איז שוין געווען אַ מאַן אין די פערציקער און איך אַ אינגל פון פופצן־זעכצן יאָר, פלעגט ער מיך באַהאַנדלען ווי זיינס אַ קאָלע־גע, און דאָס פלעגט מיר הנאה טאָן און איך פלעג מיט דעם זייער שטאָלצירן.

בערמאַנען וואָלט איך אָנגערופן דער עסטעטיקער פון מו־זיק. ער פלעגט אומגעפער אַזוי זיך אויסדריקן איבער אַ קאָמ־פּאָזיציע: „אָט די פראַזע איז ניט עטיש געגוג"; אָדער: „דער פלאַץ איז צו איינפאַך"; אָדער פאַרקערט: „דאָס איז אַ ראַפינירטער פלאַץ"; אָדער: „עס איז אַ ציכטיקע קאָמפּאָזיציע". און איך פלעג, אַלס אינגל, איינפאַך שלינגען יעדעס וואָרט, וואָס

פלעגט אַרויסקומען פון זיין מויל. איך פלעג מיך וואונדערן — און איך וואונדער מיך נאָך איצט: וואו האָט ער געלערנט? און ווי אַזוי האָט זיך ביי אים אַנטוויקלט אַזאַ פיינער געשמאַק אין דער דעמאָלטיקער אָרעמער ליטע? ווי שוין געזאָגט, האָט בערמאַן מיט זיין פיינקייט, רואיקייט און וויסן אין דער מוזיק געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף מיין קינדערשער נשמה.

ווען כ׳בין געגאַנגען פון אַ פּראָבע פון חזן משה באַסעס הויז, איז צו מיר צו אַ יונגערמאַנטשיק און האָט זיך פאָרגע־שטעלט, אַז ער הייסט הערי מילער און איז געשיקט צו מיר פון „וואָלטערס צירק״, וועלכער געפינט זיך איצטער אין ביאַ־ליסטאָק, און טאַקע ער, מילער, האָט מיך רעקאָמענדירט אַלס דעם פּאַסנדסטן דיריזשאָר פאַר דעם צירק. איך קוק אים אָן. ער פאַרשטייט מיין פאַרוואונדערונג און זאָגט:

— איך מיין ניט, אַז איר זאָלט דיריגירן די פערד, נאָר אַזוי ווי די געשעפטן אין צירק גייען ניט גוט, ווילן זיי אויפפירן „בר־כוכבא״ אין צירק, און טאַקע די עלעגאַנטע, שיינע, באַ־רימטע רייטערין פריילין זשאַנעט זאָל שפּילן „דינה״, בר־כוכבא׳ס כלה, און איך האָב אייך רעקאָמענדירט, אַז איר זאָלט עס איינשטודירן און דיריגירן — און ער זאָגט גלייך ווייטער:

— קומט, זי וואַרט אויף אייך.

כאָטש איך בין דאַן אַלט געווען בלויז פופצן יאָר, בין איך שוין געווען אין נאַענטער באַקאַנטשאַפט מיט אַקטיאָרן, אידישע און אויך רוסישע, אָבער צירק־מענטשן האָב איך געזען נאָר איין מאָל אין מיין לעבן. ווען איך בין געווען אַ קינד פון זיבן יאָר, האָבן מיך דער טאַטע און די מאַמע גענומען אין דוראָווס צירק. געדענק איך די רייטערקעס אויף די פערד און דוראָוון מיט די מייז. ער איז געווען באַרימט פאַר זיין דרעסירן מייז, אָבער דעם גרעסטן טייל, האָט מיר די מאַמע געזאָגט, האָב איך נאָך ניט געזען, ווייל איך בין גלייך איינגעשלאָפן, זיצנדיק אויף איר שויס. און אַזוי גייענדיק, טראַכטנדיק און רעדנדיק, זיינען מיר

שוין ביים צירק, וועלכער איז געוועזן א געבוויטער — מען האָט דאָרטן געקאָנט שפּילן זומער און ווינטער. מיר זיינען אריין אין א הויז ניט ווייט פון צירק, וואו עס איז געזעסן א גאַנצע פאַמיליע דייטשן ביי א גרויסן טיש און האָט געגעסן. אויף א באַנק אין א ווינקל איז געזעסן מיט א ביכל אין האַנט, מיט די פיסלעך אונטער זיך, די באַרימטע רייטערין פריילין זשאַנעט. איך האָב פריער געזאָגט „מיט די פיסלעך אונטער זיך" — ניט פּיס, ווייל זי איז געוועזן פון דעם מאלי פּיקאָן-טיפּ: קליין, פּיפּיק און זגראַבנע, און הערי מילער (דאָס איז טאַקע דער באַקאַנטער שווישפּילער הערי מילער; ווען מיר טרעפן זיך פאַר די לעצטע פינף-און-צוואַנציק יאָר, רעדן מיר פון דעם אינצידענט) גיט א זאָג אַרוים אויף זיין הערי מילערשן טענערעלע אין א ביאַליס-טאָקער דייטש:

— דאָס איזט דער דירעזשאָר הערר יאָשקע דער שוואַרצער אָדער יאָשקע נאָטן-פרעסער.

ענטפערט פריילין זשאַנעט אין איר שיינעם דייטש, מיט איר קלינגענדיק שטימעלע:

— דער הער זיהט אום ניכט שוואַרץ אונד אויך קאַין פרע-סער, זאָנדערן ווי — און גיט צו מיר א שמייכל — דיריגענט, קאָמפּאָניסט, מוזיקער. — און זי ווייזט מיר אָן אויף א פּלאַץ זיך צו זעצן נאָענט צו איר.

איך האָב מיך גלייך דערוואוסט, אַז דאָס איז א גרויסע פאַ-מיליע צירק-מענטשן פון דור-דורות — טאַטעס, מאַמעס, אפילו זיידעס און באָבעס צירק-מענטשן, אָבער דער גאַנצער בעל-הבית איז וואָלטער, און עס הייסט טאַקע „וואָלטערס צירק", און דער וואָלטער איז טאַקע דער מאַן פון דער יונגיטשקער, שיינינקער רייטערין זשאַנעט. וואָלטער איז געוועזן א הויכער, שיינער, דאַרער, בלאָנדער דייטש מיט גאָלדענע פענסנע (ברילן) אויף זיין דאַר, קורץ נעזל. ער איז געוועזן א צען יאָר עלטער פון זשאַנעטן, אָבער אויך נאָך א יונגערמאַן.

איך האָב מיך גלייך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון איינשטודירן און צעשרייבן די מוזיק פון „בר־כוכבא", וועלכע איך האָב גוט געקענט, הערנדיק עס אַזוי פיל מאָל ערשט ניט לאַנג אין גראָדנע. די טענער פון רוזשאַ ראַפּעל אַלס „דינה" האָבן מיר נאָך געקלונגען אין די אויערן; זי האָט געהאַט אַ גרויסן, ברייטן טאָן, בשעת פריילין זשאַנעט האָט געהאַט אַ קליין שטימעלע, אַזוי ווי איר פיגורעלע, אָבער זי איז געווען מוזיקאַליש און פלעגט זינגען ריין און אין ריכטיקן טאָן. הערי מילער האָט צוזאַמענגעשטעלט די קאָמפּאַניע און דער פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון זינגערס פון שול, בדחנים און אַזוי אַמאַטאָרן. בר־כוכבא'ן האָט געשפּילט דער טענאָר פּן בער־מאַנס כאָר נאַכאַמקעס; אליעזר'ן, דינה'ס פאָטער, האָט געשפּילט דער שוישפּילער הערי מילער; פּאַפּוס'ן — דער ביאַליסטאָקער בדחן לעמפּערט; דער כאָר איז באַשטאַנען פון זינגערס פון די שולן.

די ערשטע פאָרשטעלונג איז געווען אין אַ פּרייטאָג־צו־נאַכטס. עס האָבן זיך געצויגן מענטשן פון גאַנץ ביאַליסטאָק און אויך פון אַרום ביאַליסטאָק. דער צירק האָט זיך אָנגעפּאַנגען מיט זיין געוויינלעכן גאַנג, מיט פּאַיאַצן און רייטערס, און גלייך זיינען אַרויסגעפאָרן אויף אַ ווייס פערדל פריילין זשאַנעט און איר מאַן וואָלטער אין אַ פראַק מיט ווייסע הענטשקעס מיט אַ לאַנגער בייטש אין דער האַנט. זי האָט געטאַנצט אויף איין פערד, דערנאָך אויף צוויי. מען האָט איר שטאַרק אַפּלאָדירט און מען האָט געמאַכט נאָך איר דערשיינען אַן אַנטראַקט (אינ־טערמישן).

אין דער רעכטער זייט פון צירק האָט מען צוזאַמענגע־שטעלט אַ בינע, און די פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעפאַנגען. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, וואָס איך האָב דיריזשירט אַן אָרקעסטער. ווען דער פאָרהאַנג איז אַרויף, איז געזעסן דער דעמאָלט יונגער הערי מילער מיט אַ לאַנגער,

ווייסער באָרד, אַלס אליעזר המודעי, און געזונגען: „וויינט און קלאָגט אַצינדער אַלע ציון׳ס קינדער". דער דייטשער וואָל־טערס צירק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ אידיש טעאַטער. און גלייך איז דערשינען די פלאַם־פייערדיקע בארימטע זשאַ־נעט אַלס די טאָכטער פון דעם פּאַטריאַרך אליעזר המודעי, און ווען זי האָט אָנגעפאַנגען „וויינט־זשע אַלע ציונס טעכטער, קלאָגט־זשע קינדער אַלע ביינאַנד", איז געווען שווער זיך פאָר־צושטעלן, אַז ערשט מיט אַ האַלבע שעה צוריק איז די זעלבע פערזאָן געריטן אויף צוויי פערד מיט אַמאָל, אין אַ ווילדן, פייע־ערדיקן אימפּעט.

מיר האָבן ניט געשפּילט די גאַנצע פאָרשטעלונג בר־כוכבא. מיר האָבן עס פאַרקירצט צוליב דער צירק־פאָרשטעלונג, אָבער עס האָט געהאַט אַן אָנפאַנג און אַ סוף. עס איז געווען אַ קאָ־לאָסאַלער סוקסעס. געוויינלעך, דער סטאַר און צוציאונגס־קראַפט איז געווען פריילין זשאַנעט.

איך בין געוואָרן אַן אָפּטער אַריינגייער ביי פריילין זשאַ־נעט, ערשטנס, ווייל עס האָט מיך געצויגן צו איר..., און צווייטנס, ווייל זי האָט עס פאַרלאַנגט, זי האָט מיך באַטראַכט פאַר אַ גאַנצן מאַן... און אויך פאַר אַ ריכטיקן דיריזשאָר.

איין מאָל, ווען איך בין געזעסן ביי איר אין הויז, קומט אַריין דער טענאָר נאַכאַמקעס, וועלכער האָט געשפּילט בר־כוכבא. באַגריסט אים וואָלטער:

— „ווי געיטס, הער שוישפּילער?"

ענטפערט פריילין זשאַנעט:

— איך ווייס ניכט, אויב הער נאַכאַמקעס ווירד בלאַיבען שוישפּילער, אַבער דאַס דער יאָזעף — אָנווייזנדיק אויף מיר, — בלייבט דיריגענט, דאַס איזט זיכער.

פריילין זשאַנעט האָט אויסער אירע צירק־איבונגען יעדן פרימאָרגן געהאַלטן אין איין לייענען ביכער. זי פלעגט זיצן מיט די פיסלעך אונטער זיך, מיט אַ קישעלע אָנגעשפּאַרט, און

לייענען. זי פלעגט מיך מוסר'ן פאַרוואָס איך לייען גאָרניט און פלעגט זאָגן, אַז אויסער מוזיק בין איך צוריקשטייענדיק. צוליב דעם, וואָס זי איז אַ סך אַרומגעפאָרן איבער רוסלאַנד, האָט זי געקענט גוט רוסיש און מיר געגעבן די ביכער צו לייע־נען, און פלעגט טאַקע מיך אויספרעגן צומאָרגנס, כמעט פאַר־הערן, צי איך האָב געלייענט. יאָ, פרייליין זשאַנעט האָט מיך באַקענט מיט אַ סך זאַכן... אָבער אויך מיט פיינער ליטעראַטור, ווי דאָסטאָיעווסקי, אָסטראָווסקי, טאָלסטאָי און זודערמאַן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן, ווען איך בין נאָך געשלאָפן, איז געקומען אין מיין צימער די פרוי פונם דיריזשאָר בערמאַן און געזאָגט, אַז בערמאַן דאַרף מיך זייער נייטיק זען, — איך זאָל למען השם היינט קומען; ער וואַרט אויף מיר. אַריינגייענ־דיק צו בערמאַנען, האָב איך אים באַגריסט. ער האָט מיר ניט געענטפערט. נאָך אַ שטילער פויזע זאָגט ער צו מיר:

— וואָס מאַכט דער צירקוס־קאָמעדיאַנט? — און ער שפּייט אויס: — טפו, איך שעם זיך; מען זעט אייך גאָרניט, ליגט דאָרט איבער ביי די צירקוס־קאָמעדיאַנטן און אָן אַלעמען פאַר־געסן!

איך האָב בערמאַנען אַזוי אויפגערעגט נאָך קיין מאָל ניט געזען. איך וויל ענטפערן, ער לאָזט ניט און זאָגט ווייטער:

— איך האָב אייך געזען דאָרטן, ווי נאָך די פערד זייט איר אַרויס, שיין, זייער שיין. מיין מוזיקער, מיט וועמען איך שטאָלציר און פאַרברענג גאַנצע שטונדן און מוזיציר, וועמען איך האָף צו זען אין אַ גרויסן טעמפּל אָדער דיריגירן אַ סימ־פאָניע, איז געוואָרן אַ צירקוס־קאָמעדיאַנט. — און ער פרעגט זיין פרוי: — זאָג, וויפיל וואָכן איז ער שוין דאָ ניט געווען? נאָר וועמען דאַרף ער? ער דאַרף ניט קיין אָרגאַן (אָנווייזנדיק אויף דער פיס־האַרמאָניע), ער דאַרף ניט קיין גוטע מוזיק, ער איז באַשעפטיקט מיט צירקוס־קאָמעדיאַנטן. — און זאָגט נאָך

העכער: — אָבער ניין, איך וועל מיין רומשינסקין ניט לאָזן פאַלן אין זומפּ! — און ער נעמט אַרויס אַ בריוו און ווייזט מיר: — איך האָב שוין פאַרזאָרגט; דאָ האָט איר אַ בריוו פון קאַנטאָר ראַבינאָוויטש פון דווינסק, אַז ער פאַרלאַנגט אייך אַלס דירי־זשאָר אין זיין טעמפּל; ער איז אַ גרויסער מוזיקער און אַליין אַ טיכטיקער דיריגענט; ביי אים זינגט מען שענער ווי איבעראַל; דאָרט באַלאַנגט איר, ניט אין צירק!

# עס ציט מיך צום טעאַטער

נאָכטראַכטנדיק וועגן פאַרגאַנגענע יאָרן, מוז איך צוגעבן, אַז כ'האָב געהאַט אַ סך מזל צו מענטשן. כ'מיין צו זאָגן, אַז ווען כ'האָב מיך געהאַלטן אין אויסגליטשן, גאַנץ איינפאַך אַרונטער־גיין פון דרך־הישר, האָט מען מיך ניט געלאָזן. ספּעציעל אין מיי־נע יונגע יאָרן, פאַרלאָזנדיק די היים אַלס אינגל פון צען אויפן עלפטן יאָר, זיך דערצויגן כמעט אָן טאַטע־מאַמע, אין אַ סביבה, וואָס האָט צוויי עקסטרעמע עלעמענטן: דאָס זייער שיינע, צו וועלכן די גאַנצע וועלט קוקט אַרויף, און דאָס פאַרקערטע. און איך מוז צוגעבן, אַז דאָס פאַרקערטע האָט מער אָנציאונגס־קראַפט. אַ שטייגער מיט דעם צירק אין ביאַליסטאָק איז גע־ווען זייער לייכט פאַר אַ אינגל פון פופצן יאָר צו פאַרגעסן אָן דער גאַנצער וועלט. פּאַיאַצן, קונצנמאַכערס, רייטערס, רייטע־רינס, איבערהויפּט די יונגע, צויבערהאַפטע פריילין זשאַנעט, פאַר וועלכער איך בין געווען ווי אַ פריש עפּעלע, אַ מוזיקאַליש שפּיל־קעסטעלע. איז געווען ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז איך זאָל זען פאַר זיך ניט מער ווי צירק, צירק און נאָך אַמאָל צירק. האָט אָבער דער פיינער, ראַפינירטער, עסטעטישער דיריזשאָר בערמאַן, אַ פּסיכאָלאָג דערצו, גלייך דערפילט, אַז מען מוז מיך אָוועקנעמען פון דער צירק־אַטמאָספערע, און האָט פאַרזאָרגט פאַר מיר אַ שטעלע אַלס דיריזשאָר אין דער דווינסקער גרויסער שול ביי חזן ראַבינאָוויטש. ביים חזן ראַבינאָוויטש האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ נייער קוואַל פון מוזיק און אויך די קונסט פון שיינעם כאָראַלן געזאַנג.

ביי ראַבינאָוויטשן אין דווינסק האָט מען געזונגען שענער, ווי אין גאַנץ רוסלאַנד, ווייל ער אַליין, קאַנטאָר ראַבינאָוויטש, איז געווען דער גרויסער דיריזשאָר. ער איז ניט געווען קיין

קאָמפּאָזיטאָר, ער האָט ניט געקענט מוזיק, ווי בערמאַן פון ביאַ־ליסטאָק, אָבער מען האָט ביי אים געזונגען נאָך שענער, ווי ביי בערמאַנען. אַליין האָט ער געהאַט אַ האַרטע, געקינצלטע באַ־ריטאָן־שטימע, נאָר זיין ספּעציאַליטעט איז באַשטאַנען אין כאָר־געזאַנג.

עס איז גענוג צו דערמאָנען אָט דעם פאַקט: איבער דער גאַנצער וועלט פלעגט דעמאָלט אַרומפאָרן אַ רוסישער כאָר אונטערן נאָמען „סלאַוויאַנסקים כאָר". דער כאָר איז באַשטאַ־נען פון אינגלעך און גרויסע. ער אַליין, סלאַוויאַנסקי, פלעגט גיין אָנגעטאָן אין מעדאַלן, וועלכע ער האָט באַקומען, אַרומ־פאָרנדיק איבער אַלע מדינות. ער האָט אַפילו געטראָגן מעדאַלן פון מצרים, כינע, יאַפּאַן. איבעראַל, כמעט אויף דעם גאַנצן ערד־קוגל, איז זיין כאָר געווען און האָט געהאַט אַ קאָלאָ־סאַלן דערפאָלג. ער איז אויך געקומען קיין דווינסק, און ווען נאָך זיינעם אַ קאָנצערט, וואו מען האָט פאַר באַגייסטערונג גע־וואָרפן היטלען, צילינדערס און מיליטער־היטלען אויף דער בינע (אַן אַלטער אייראָפּעאישער מנהג, ספּעציעל אין רוסלאַנד), האָט ער געזאָגט צום דווינסקער פּובליקום בזה הלשון:

— פון אייך, דווינסקער פּובליקום, איז מיר די באַגייסטע־רונג מער אָנגענעם, ווי אומעטום, ווייל איך האָב געהערט דעם לעצטן שבת דעם כאָר פון דער היגער שול. און ווען איך וואָלט ניט געווען אין אַ גאָטס פּלאַץ, וואָלט איך אַליין זיי געוואָרפן מיין היטל פאַר באַגייסטערונג. אַזאַ שיין זינגען קען מען זעלטן הערן, אַפילו ביי מיר.

עס איזווירקלעך געווען ביי ראַבינאָוויטשן אַ געטלעך כאָר־געזאַנג, ווייל אויסער דעם, וואָס ער האָט גוט פאַרשטאַנען די קונסט פון כאָר־געזאַנג, האָט ער געהאַט אַ גוואַלדיק געדולד צו די אינגלעך און אויך צו די גרויסע.

נאָך דער ביאַליסטאָקער צירק־אַטמאָספערע איז דאָס דווינ־סקער כאָר־געזאַנג מיט ראַבינאָוויטשן געווען אַ מהלך, ווי

פון דר׳ערד צום הימל. און טאַקע דאָס איז געווען בערמאַנס ציל: איך האָב מיך טאַקע גלייך באַקענט מיט אַ גאַנץ נייער ליטעראַטור אין דער מוזיק; דאָס הייסט, אין דער מוזיק איז דאָס ניט געווען ניי, אָבער פאַר מיר איז עס געווען שפּאָגל-ניי, און דאָס איז: „אָראַטאָריע״, מוזיק געשריבן אויף ביבלישן טעקסט. עס איז כמעט ווי אַן אָפּערע, אָבער מען פירט עס אויף אָן קאָסטיומען, דאָס הייסט אין פראַק (איוונינג דרעס), און אַנשטאָט אַקטן איז עס אין אָפּטיילונגען.

דער קוואַל פון אָראַטאָריע איז געווען, און עס איז נאָך איצט, ענגלאַנד. אָראַטאָריע ווערט אויפגעפירט אין קירכן און אין קאָנצערט-הייזער, זעלטן אין אַ טעאַטער, און ווי שוין פריער געזאָגט, זיינען די טעקסטן אויף ביבלישע טעמעס, אַזוי ווי, למשל, די געשיכטע פון „בראשית״, געשריבן פון האַידן, און עס פאַנגט זיך טאַקע אָן מיט אַ סאָלאָ-באַס פון מלאך רפאל: „בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ״; אָדער די אָראַטאָריע „אליהו״ (וואָס דער אָרגל-שפּילער אין טראָב האָט מיר געוויזן), געשריבן פון מענדלסאָן. דאָרט איז דאָ אַ דועט פאַר סאָפּראַן און אַלט (צוויי פרויען-שטימען) מיט די ווערטער: „ציון שטרעקט אויס אירע הענט, און עס איז ניטאָ, ווער עס זאָל זי טרייסטן״, און דער כאָר באַגלייט די גאַנצע צייט: „גאָט, הער אונזער געבעט״; אָדער די אָראַטאָריעס „יהודה המכבי״, „שמשון״, „משה״, „יוסף אין מצרים״, אַלץ אויף ביבלישן טעקסט. ראַבינאָוויטש פלעגט אויפפירן גאַנצע אָראַטאָריעס און אויך טיילן, און פאַר מיר האָט זיך געעפנט אַ נייער קוואַל פון אינ-טערעסאַנטער מוזיק.

אָבער, ווי זאָגט מען, „מיט וואָס דער טאָפּ איז אָנגעברענט, מיט דעם שמעקט ער״. איך בין שוין געווען פאַר׳כישופ׳ט מיט טעאַטער און איבערהויפּט טעאַטער-מוזיק. פאַר מיין ברוויזנ-דיקן טעמפּעראַמענט האָט די שול-נגינה, און אפילו די אָראַ-טאָריע, ניט געהאַט גענוג רייץ. און ווידער דאָס אַלטע ווערטל:

„יגעת מצאת" — אַז מען זוכט, געפינט מען. און איך האָב לאַנג ניט געדאַרפט זוכן. דווינסק איז נאָך אַ גרעסערע טעאַטער־שטאָט, ווי גראָדנע, שוין צוליב איר קרעפּאָסט (פעסטונג) אַליין, ווייל צוליב דער פעסטונג איז דאָ אַ סך מיליטער, און די אָפיצערן, פּאָלקאָווניקעס, גענעראַלן דאַרפן דאָך טעאַטער, — איז טאַקע דווינסק געווען באַוואוסט אַלס אַ טעאַטער־שטאָט.

דער דיריזשאָר פון דווינסקער טעאַטער איז געווען אָס־טראָווסקי. זיין עכט־רוסישער נאָמען האָט אָנגעהאַלטן ניט מער, ביז וואַנען מען האָט אים געזען און געהערט רעדן רוסיש. ער איז געווען ניט נאָר אַ איד, נאָר טאַקע אַ אידל, אָדער בעסער געזאָגט, אַ אידליק, אַ קלעזמער ס'פּופּקי, אַ טיפּ, ווי דער קלעז־מער פון יעקב גאָרדינס „קרייצער סאָנאַטע". ער איז געווען דער דיריזשאָר פון דעם שטאָטישן אָרקעסטער און אויך דער דיריזשאָר פון דער „פּאָזשאַרנער קאָמאַנדע" (פייער־דעפּאַרט־מענט). ער איז געווען ניט קיין גרויסער מוזיקער, אָבער פון דעם טיפּ בעסערע קלעזמער, זייער אַ פּראַקטישער מענטש מיט אַ גוטן מוזיקאַלישן זכרון; ער פלעגט געדענקען אַלץ כמעט אויסנווייניק. איך בין אים זייער געפעלן געוואָרן, און ער האָט מיך גלייך צוגענומען אַלס כאָר־רעפּעטיטאָר. אַזוי ווי ער האָט ניט געקענט שפּילן קיין פּיאַנאָ, ווייל ער איז געווען אַ פּיד־לער, בין איך געווען פאַר אים אַ גרויסע הילף.

דאָ בין איך ווידער געשוואומען ווי אַ פיש אין וואַסער. איך האָב זיך באַקענט מיט די באַרימטע אָפּערעטעס, ווי „צי־גיינער־באַראָן", „גלאָקן פון קאָרנעוויל", „די שיינע העלענע", „פּאַטאַניצע", „בעטלער־סטודענט", „באָקאַטשיאָ" און נאָך, און נאָך.

די קאָמפּאַניע פון דער דווינסקער רוסישער אָפּערעטע איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטע און אויך אַן אַריסטאָקראַטישע, און אין יענער צייט איינע פון די בעסטע. עס איז געווען טשעל־סקאַיאַ, אַ פּרימאַדאָנע; אַכמאַטאָווא, אַ סובּרעטין, און איר מאַן,

אַכמאַטאָוו, אַ קאָמיקער, אײנער פון די גרעסטע אין יענער צײַט, אין אַ לודוויג זאַץ-סטיל; גלומין, אַ זעלטענער קאָמיקער און אויך אַ גרויסער דעקאָראַטאָר. ער פלעגט טאַקע מאָלן די דעקאָראַציעס. אויך אַ סובורעטקע גילדענבראַנדט, פון דײַטשע עלטערן, געבוירן אין רוסלאַנד. זי פלעגט מיך אַ סך דערמאָנען אָן דער רײַטערין פרײַלין זשאַנעט, אָבער זי איז געווען שענער און טאַלענטירטער. זי איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר צוויי-און-צוואַנציק, פלעגט גיין אָנגעטאָן ווי אַ סטודענטקע און פלעגט טאַקע אַרומגיין נאָר מיט סטודענטן. אויף דער בינע איז זי געווען אַ פײַער, אַ ברען, אָבער אין לעבן פלעגט זי שפּילן די ראָלע פון אַ פאַר'חלום'טער, אַ פאַרליבטער.

איך בין געווען צו איר ניט גלײַכגילטיק, אָבער זי צו מיר אויך ניט. זי פלעגט קומען אין שול אַרײַן הערן דעם כאָר זינגען. זי פלעגט שטיין אין דער ווײַבערשער שול, גלײַך אַנטקעגן מיר, און מ'האָט שוין געוואוסט אין שול, אַז דאָס קומט זי צוליב מיר.

איין מאָל, ווען איך בין געזעסן אין טעאַטער און שטודירט מיט דעם כאָר, און גילדענבראַנדט איז געזעסן לעבן מיר און געלייענט אַ ביכל, האָט זיך דערהערט אַ שאָס פון אַ פּיסטאָלעט, און עס לויפט אַרײַן דער קעלנער פון פאָיע (לאָבי), וואו די אַקטיאָרן פלעגן טרינקען און עסן, מיט אַ גוואַלד:

— „סמירנאָוו זאַסטריעלילסיאַ!" (סמירנאָוו האָט זיך דערשאָסן). סמירנאָוו איז געווען אַ „פּאָמיעשטשיקס" (גוט-באַזיצערס) אַ זון, אַ סטודענט פון די העכערע קלאַסן; ער איז געווען שטערבלעך פאַרליבט אין דער גילדענבראַנדט. ווען מיר האָבן דערהערט, אַז סמירנאָוו האָט זיך דערשאָסן, זײַנען מיר אַלע אויפגעשפּרונגען, אָבער זי איז געבליבן זיצן גאַנץ רואיק און געזאָגט געלאַסן:

— „נו, טשטאָזש, דורנאָי מאַלטשישקאַ" (נו, איז וואָס, אַ נאַריש אינגל).

## איך באַגעגן זיך מיט אסתר רחל קאַמינסקי

איך וויל מיך אויפהייבן און לויפן זען, זאָגט זי:

— בלייב דאָ! — און זי זאָגט ווייטער מיט אַ שמייכל: — „דליאַ טיעביאַ עטאָ לוטששע" (פאַר דיר איז עס דאָך בעסער).

זאָג איך צו איר מיט כעס:

— איך וויל ניט זיין קיין נאַריש אינגל!

ענטפערט זי:

— דו דאַרפסט עס ניט.

און זינט דעמאָלט האָב איך זיך פאַר איר געשראָקן און איך פלעג זי אויסוווייכן, אָבער זי האָט שוין געזען, אַז איך זאָל די מורא פאַר איר פאַרלירן, און מיין אויסוווייכן איר האָט מיר ניט געהאָלפן. איך בין שוין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר זעכצן־זיבעצן. איך האָב געוואוסט, אַז מ'האָט חתונה „כדת משה וישראל", און מען לעבט צוזאַמען ביז ער אָדער זי, חלילה, שטאַרבט. איך האָב נאָך רעכט ניט געוואוסט, וואָס עס הייסט אַ גט. אָבער אין רוסישן טעאַטער האָב איך געזען, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך, ווי לעבן צוזאַמען אויף אַ קאָנטראַקט. גאַנץ איינפאַך, מען מאַכט אַ קאָנטראַקט אויף אַזוי פיל און אַזוי פיל צייט, און ווען דער קאָנטראַקט ענדיקט זיך, צעגייט מען זיך ווי צוויי גוטע פריינד. איך פלעג אָפט הערן אַזאַ מין געשפּרעך צווישן די רוסישע אַקטיאָרן און אַקטריסעס: „יעפים מיכאַילאָ־וויטש און יעוגעניאַ פּעטראָוונאַ גייען מאַכן אַ קאָנטראַקט פאַר דריי יאָר", אָדער: „ניקאָלאַי באָריסאָוויט קאָנטראַקט מיט מאַריאַ גלובאַקאָוואַ גייט אויס דעם זומער, און מען רעכנט, אַז זיי וועלן אים ניט באַנייען".

עס פּאַסירט אויך, אַז אין אַ טעאַטער־קאָמפּאַניע טרעפט זיך אַ פּאָרל, וואָס האָט אַמאָל געלעבט צוזאַמען קאָנטראַקטלעך,

און מען דערמאָנט זיך אין יענער צייט ווי צוויי גוטע באַקאַנטע. און דאָ האָט ווידער פּאַסירט כמעט דאָס זעלבע, ווי מיט דער צירק־רייטערין זשאַנעט.

די סובּרעטין גילדענבּראַנדט האָט מיך פאַרזיכערט, אַז באַלד־באַלד וועל איך ווערן אַ פולשטענדיקער דיריזשאָר אין דער רוסישער אָפּערעטע, און זומער וועלן מיר פאָרן קיין יאַלטע, אין קרים, וואו עס וואוינען אירע עלטערן, וואָס זיינען די אייגנ־טימער פון אַ רוסיש־דייטשן טראַקטיר (שענק). און עס וואָלט טאַקע געווען אַזוי ווי גילדענבּראַנדט האָט געזאָגט, ווען עס וואָלט ניט פּאַסירט אַזאַ צופאַל, פון וועלכן די גאַנצע רוסישע קאָמפּאַניע, מיט גילדענבּראַנדט צוזאַמען, איז מיר געוואָרן נמאס.

אין אַ געוויסן דאָנערשטאָג, בשעת איך האָב געהאַלטן אין מאַכן אַ פּראָבע אין שול מיט ראַבּינאָוויטשעס כאָר, קומט אַריין דער טעאַטער־דינער און זאָגט מיר, אַז איך זאָל באַלד קומען אין טעאַטער; באָריסאָוו, דער דירעקטאָר, וויל מיך זען. ווען איך בין אַריין צו באָריסאָוון אין צימער, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון דער קאַסע, דערציילט ער מיר, אַז ער האָט איינגעלאַדן אַ אידישע טרופּע, זי זאָל שפּילן צוויי־דריי מאָל אַ וואָך, און איך זאָל זיין איר דיריזשאָר. איך האָב די איינלאַדונג אָנגענומען, ווייל, ערשטנס, האָב איך שוין געבּענקט נאָך אידישע ניגונים, און צווייטנס, וועל איך זיין אַ פולשטענדיקער דיריזשאָר.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זאָגט מיר באָריסאָוו, אַז איך זאָל גיין אין האָטעל „גערמאַניאַ"; דאָרטן שטייט שוין איין די אידישע טרופּע. דער דינער פון האָטעל ווייזט מיר אָן אויף אַ טיר, וואו די אידישע אַקטיאָרן וואוינען. אַריינקומענדיק, האָב איך דערזען אַ הויכע, דאַרע פרוי. וויל איך גיין צוריק, ווייל די פרוי האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן איינפאַכער אידישער פרוי, וואָס איז ווייט פון זיין אַן אַקטריסע. פרעגט זי מיך, וואָס איך וויל. זאָג איך איר, אַז איך בין געשיקט גע־וואָרן פון דעם רוסישן טעאַטער. זי שטעלט זיך פאָר, אַז זי

איז מאַדאַם קאַמינסקאַיאַ, אסתר רחל קאַמינסקאַיאַ, זאָגט זי נאָך אַמאָל. איך שטעל זיך פאָר אַלס דער, וואָס וועט דיריגירן זייערע אָפּערעטעס. זי האָט מיך באַטראַכט מיט אַ מינע, ווי מ׳זאָגט: „אַט דאָס דאַרע אינגעלע איז אַ דיריזשאָר?" זי האָט גערעדט ענערגיש און מיט חן און זי האָט געוואָלט מאַכן דעם איינדרוק, אַז זי איז ניט, ווי די רוסישע פּרימאַדאָנעס — אַ טשעלסקאַיאַ, אַן אַכמאַטאָוואַ אָדער אַ גילדענבראַנדט, נאָר אַז זי איז אַ דראַמאַטישע אַקטריסע:

— איך שפּיל בלויז דריי פּרימאַדאָנע־ראָלעס: שולמית, דינה פון „בר־כוכבא" און אסתר פון „אחשורוש".

בשעת מיר האָבן געהאַלטן אין רעדן, האָט זיך געעפנט די טיר און עס איז אַריינגעקומען אַ מאַן אין אַ צילינדער. ער האָט זיך ניט געדאַרפט פאָרשטעלן, ווייל דער אַקטיאָר און די־רעקטאָר זיינען געלעגן אויף זיין פּנים. מאַדאַם קאַמינסקאַיאַ האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אים. רופט ער זיך אָפּ אין אַ שלעכטן רוסיש:

— דאָס ביסטו דער, פון וועלכן דער דירעקטאָר באָריסאָוו דערציילט אַזוי פיל?

מאַדאַם קאַמינסקאַיאַ מאַכט אים אויפמערקזאַם, פאַרוואָס ער זאָגט מיר „דו". ענטפערט ער:

— „ניטשעוואָ, אַן אָדין איז נאַשיך" (ס׳איז גאָרניט, ער איז איינער פון די אונזעריקע). — און ער דערלאַנגט מיר נאָטן פון דער אָפּערע „שולמית". איך האָב פאַר זיך געזען צעריסענע שטיקלעך פּאַפּיר, פאַרפלעקטע און פאַרמעקטע. עס איז מיר געוואָרן פינסטער אין די אויגן. איך האָב אין דער רוסישער אָפּערעטע געזען די נאָטן, וואָס קומען אָן פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך אָדער פּעטערבורג — ריין, אַלץ איז אין אָרדענונג, — און דאָ זע איך פאַר זיך פּיצלעך, שטיקלעך. עס קומט מיר אין געדאַנק צו זאָגן דעם דירעקטאָר באָריסאָוו, אַז איך זאָג זיך אָפּ צו דיריגירן. מאַדאַם קאַמינסקאַיאַ זאָגט אָבער צו מיר:

— איך בעט אײַך, קוקט טאַקע איבער די נאָטן און זעט, וואָס עס פעלט, און איר וועט אויך הערן, ווי אַזוי עס גייט בײַ אונז „שולמית".

און אַזוי־אָ שטייענדיק און פּאַרענדיק זיך אַרום די טעאַטער־קאָסטיומען, פאַנגט זי אָן צו זינגען שטיל. איך ווער אַ פּאַרציטערטער — איך האָב דערזען מײַן מאַמעס פיגור און דערהערט מײַן מאַמעס שטימעלע, אַפילו די אויסשפּראַך די זעלבע. און וואָס מער זי האָט געזונגען און גערעדט, אַלץ מער בין איך געוואָרן צוגעצויגן צו דער פרוי. אָבער דאָס איז געווען אַ גאַנץ אַנדער צוציאונגס־קראַפט; עס איז ניט געווען ווי צו רוזשאַ האָרן, פּריילין זשאַנעט אָדער גילדענבראַנדט. דאָס איז געווען אַ געפיל ווי פון אַ קינד צו אַ מאַמען. איך בין אַוועק אַהיים און באַשלאָסן צו ברענגען די מוזיק אין אָרדענונג. איך האָב כמעט ווי איבער־אַראַנזשירט די מוזיק.

ס'האָט זיך גענומען טומלען מיטן אידישן טעאַטער אין דווינסק. מ'האָט גענומען קויפן בילעטן אין פאָרויס, די געשעפטן אין טעאַטער האָבן אויפגעלעבט. ביז דער אידישער טרופּעס קו־מען זײַנען שוין די געשעפטן פון דער רוסישער אָפּערעטע געגאַנ־גען זייער שלעכט. יעצט האָט מען גענומען רעדן, אַז די קאָמפּאַ־ניע לייזט זיך אויף.

פון די צוויי־דריי מאָל אַ וואָך, וואָס די אידישע קאָמפּאַניע האָט געשפּילט, האָט מען באַצאָלט פאַר אַלץ. און דאָ האָט פּאַסירט די אַלטע געשיכטע מיט דעם אידישן טעאַטער אין דעם דעמאָלטיקן רוסלאַנד. עס איז אויסגעגאַנגען די ראַזרעשע־ניע (דערלויבעניש), וועלכע איז געווען בלויז פאַר דריי וואָכן, דאָס הייסט פאַר זעקס פאָרשטעלונגען, און זיי האָבן געמוזט אַוועקפאָרן. די גאַנצע צייט, וואָס די אידישע קאָמפּאַניע איז געווען אין דווינסק, פלעגט מיך דער קאָמיקער פון דער רוסי־שער טרופּע קיבעצן, און ווען ער האָט מיך נאָר דערזען, פלעגט ער מיר נאָכקרימען דאָס זינגען „אַזשוי, אַזשוי", מיינענדיק

„אזוי, אזוי", און פלעגט מיר נאָכקרימען, זינגענדיק „יאַכטשי, יאַכטשי, יאַכטשי דער עיצעם; יאַכטשי, יאַכטשי, יאַכטשי דער עיצעם". מיך פלעגט עס זייער פאַרדריסן, אָבער איך פלעג מיט אים מיטשמייכלען. אויפמאַרגן, ווען די אידישע טרופּע איז שוין געווען אוועקגעפאָרן, איז געווען פּראָבע אין טעאַטער, און אזוי ווי ער האָט מיך דערזען, האָט ער אָנגעהויבן:

— נו, רומשינסקי, „דאַוואַי־קאַ" (גיב אהער) אזשוי, אזשוי, יאַכטשי, יאַכטשי, יאַכטשי דער עיצעם, יאַכטשי, יאַכטשי. יאַכטשי דער עיצעם" — (דאָס האָט ער נאָכגעקרימט דעם מאַרש פון „בר־כוכבא").

דאָס מאָל האָט זיין נאָכקרימען מיך גוואַלדיק דענערווירט, ווייל איך האָב זיך שוין צוגעוואוינט צו די אידישע שוישפּילער און איך האָב נאָך זיי געבענקט, ספּעציעל נאָך דער מאַדאַם קאַמינסקאַיאַ, וועלכע פלעגט מיך דערמאָנען, מיט איר פיגור, זינגען און האַלטונג, אָן מיין מאַמען, עליה השלום. און ווען גלומין האָט זיך אזוי בייזוויליק נאָכגעקרימט, איז אזוי קליין ווי איך בין געווען, בין איך אַרויסגעשפּרונגען אויף אים און אים צעדראַפּעט זיין פּנים, און, ווי געוויינלעך, אַנטלאָפן.

אין טעאַטער בין איך שוין מער ניט געגאַנגען. דער דירי־זשאָר אָסטראָווסקי, דער דירעקטאָר און גילדענבראַנדט האָבן מיך געבעטן, אָבער איך האָב געקראָגן אַ גוואַלדיקע שנאה צו דעם טעאַטער און בין מער ניט געגאַנגען אהין. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען מיר דערלאַנגט אַ „פּאָוויעסטקע" (סאַ־מאָנס), אַז איך זאָל קומען אין געריכט. גלומין האָט מיך אָנ־געקלאָגט. ווען דער מיראָוואָי סודיאַ (דזשאַדזש) האָט געהערט, ווי מען האָט פאַר אים פאַרגעלייענט אונזער „דיעלאָ" (קעיס), זאָגט ער:

— „מיעזשדו אַקטיאָראַמי יאַ ניע ווּמיעשיוואַיוס" (צווישן אַקטיאָרן מיש איך זיך ניט), — און האָט אונז געשיקט אהיים. איך בין געלאָפן און גלומין האָט מיר נאָכגעשריען:

— רומשינסקי, „יאַ איזווינישיוס" (איך אַנטשולדיק זיך).
איך האָב אָבער ניט געוואָלט הערן. איך בין אַוועק צו פּראָבע אין שול אַריין. מיר האָבן איינגעזונגען אויף פּסח וויינטרויבס „ומפּני חטאינו". איך האָב זיך געערן אַרומגע־כאַפּט מיט דער שיינער שול־מוזיק און אויך מיט דער אַטמאָ־ספערע.

## מיין סאָניטשקאַ אין טורמע

איך האָב מיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון צוגרייטן אַ גרויסן אָראַטאָריע־קאָנצערט מיט דעם כאָר פון שול, צוגע־דונגענע זינגער און אַמאַטאָרן. איך האָב אָנגעקליבן אַ כאָר פון העכער הונדערט פּערזאָן און אויפגעפירט האַידנס אָראַטאָריע „יאהרעסצייטען" (די פיר סעזאָנען). פּראָבן האָב איך געהאַלטן ביי דוקסטולסקין אין זיין פּיאַנאָ־מאַגאַזין. דאָס איז דער זעלבער דוקסטולסקי, וואָס האָט מיך געלערנט שפּילן פּיאַנאָ אין ווילנע אויף דער רעקאָמענדאַציע פון קאַנטאָר בערנ־שטיין. ער האָט חתונה געהאַט און זיך אַריבערגעקליבן קיין דווינסק, וואו ער פלעגט געבן פּיאַנאָ־לעקציעס און צו דער זעל־בער צייט האָט ער געעפנט אַ פּיאַנאָ־געשעפט.

אין דוקסטולסקיס פּיאַנאָ־מאַגאַזין פלעגן זיך כמעט יעדן אָוונט צוזאַמענקלייבן זינגער, אַרטיסטן, אינטעליגענטן, האַלבע און גאַנצע, און אַזוי „קרענקס". מען פלעגט דעבאַטירן און מוזיצירן ביי אַ גלעזל טיי, וואָס די יונגע פרוי דוקסטולסקי פלעגט סערווירן. אין איינעם אַזאַ אָוונט, ווען איך בין געזעסן ביי דוקסטולסקין, קומט אַריין אַ הויכער, דאַרער בחור אין שטיוועל־לעך, מיט אַ רובאַשקע, אַ היטל און אַן אָפּגעבליאַקירטן מאַנטל. אויף די סאָרטן טיפּן פלעגט מען זאָגן שטילערהייט, אַז דאָס איז אַ סאָציאַליסט און ער באַלאַנגט צום „קרוזשאָק" (חברה). ווען ער איז אַריין, איז געוואָרן זייער שטיל. ער האָט געפרעגט אין אַ גוטן רוסיש, צי דאָ געפינט זיך אָסיפּ מאָיסעיעוויטש רומ־שינסקי. מען ווייזט אים אָן אויף מיר. ער גייט צו מיר צו און זאָגט מיר שטילערהייט, — אָבער ווי שטיל ער האָט ניט גערעדט, האָט מען געהערט, ווייל עס האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט:

— איך וויל אייך זען פּריוואַט.

די לעצטע ווערטער האָט ער געזאָגט אין אידיש, אָבער מיט אַ שווערן אַקצענט, ווי אַ גוי. איך לאָז מיך גיין, און דוקסטול־סקי גייט מיט. זאָגט דער בחור צו דוקסטולסקין:

— האָט ניט קיין מורא, איך וועל אים ניט אויפעסן.

מיר בלייבן אַליין, און ער זאָגט צו מיר:

— איר געדענקט סאָניאַן, אָדער ווי זי זאָגט, איר האָט זי גערופן „סאָניטשקאַ״ פון גראָדנע, פון שערעשעווסקים פאַב־ריק?

איך האָב אויסגעשריען מיט באַגייסטערונג:

— וואו איז זי? וואו געפינט זי זיך?

ענטפערט דער בחור:

— זי געפינט זיך איצט אין דער היגער „טורמע״ (פּריזאָן). מ׳האָט זי ערשט נעכטן געבראַכט. זיי גייען מיטן עטאַפּ (צו־פוס) קיין סיביר.

איך האָב זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן די איידעלע סאָ־ניטשקאַ אין אַרעסטאַנטסקע קליידער, זי זאָל גיין מיטן עטאַפּ קיין סיביר... פרעג איך אים, צי כ׳קאָן זי זען. ענטפערט ער, אַז מ׳לאָזט ניט צו אין טורמע, אָבער מאָרגן, אַכט אַזייגער אינדערפרי שיקט מען זיי אַלעמען אוועק — קאָן מען זי זען.

— איך בין זיכער, אַז זי וועט אייך זוכן צווישן „נאַראָד״ (פּובליקום).

ער געזעגנט זיך מיט מיר. איך פרעג אים זיין נאָמען, ענטפערט ער מיר:

— נאָך וואָס איז דאָס נויטיק צו וויסן? — און זאָגט גלייך ווייטער: — „נו, פּוסט בודיעט גריגאָרי״ (נו, זאָל זיין גריגאָרי), — און איז פאַרשוואונדן.

איך בין אַריינגעלאָפן צו דוקסטולסקין און האָב אים אַלץ דערציילט. און דוקסטולסקי זאָגט צו מיר, מעשה העלד:

— וואָס וועסטו מיר געבן, אַז איך וועל מאַכן, דו זאָלסט קאָנען רעדן מיט איר נאָך היינט ביינאַכט אָדער מאָרגן פאַר־טאָג?

איך נעם אים קושן און האַלזן פאַר באַגייסטערונג. זאָגט ער צו מיר, אַז דער „דעזשורני" (אויפזעער) האָט ביי אים גע־קויפט אַ פּיאַנאָ און ער וויל, אַז ער זאָל זיין טעכטערל געבן לעקציעס.

ער האָט גלייך אָנגעשריבן אַ בריוו צום „נאַטשאַלניק" (פאַרוואַלטער) פון טורמע און געהייסן דעם דינער עס אים אָפּ־טראָגן. אין אַ שעה אַרום איז ער געקומען מיט אַ צעטעלע, אַז איך זאָל מאָרגן, זיבן אַזייגער אינדערפרי, „ניע פּאָזזשע" (ניט שפּעטער) זיין פאַר דער טורמע.

איך בין שוין די נאַכט ניט געשלאָפן. ס'איז מיר שוין פאַרענטפערט געוואָרן די קשיא, פאַרוואָס סאָניטשקאַ האָט זיך ניט געזעגנט מיט מיר, ווען איך בין געפאָרן פון גראָדנע קיין ביאַליסטאָק. זי איז דאָן פלוצלינג פאַרשוואונדן. ווען איך פלעג פרעגן איר מאַמען, האָט זי מיר געגעבן אַלערליי תירוצים.

אינדערפרי, ווען איך בין צוגעקומען צום שווערן, אייזער־נעם טויער פון דער דווינסקער טורמע, איז געזעסן אויף אַ באַנק אַ האַלב־פאַרשלאָפענער „פּאָליצייסקי" (פּאָליסמאַן). איך דער־לאַנג אים דעם נאַטשאַלניקס צעטעלע, זאָגט ער מיר: „טשיטאַי" (לייען). מן הסתם האָט ער ניט געקענט לייענען. איך לייען עס איבער פאַר אים, זאָגט ער מיר: „מאָלאָדיעץ, גראַמאָטני" (יונגערמאַן, ביסט אַ געבילדעטער), און ווייזט מיר אָן אויף אַ גלעקל און זאָגט: „זוואָני" (קלינג אָן). איך קלינג, אַ קליין טויערל עפנט זיך. ס'קומט אַרויס דער נאַטשאַלניק, און איך דערלאַנג אים זיין בריוול. ער פירט מיך אַריין אין זיין וואוי־נונג, און איך שטיי שוין ביי שווערע גראַטעס. ער זאָגט צו מיר: „וואָט אָנאַ" (אָט איז זי).

איך האָב דערזען אַ שווערן, לאַנגן אַרעסטאַנטסקן מאַנטל, אין וועלכן עס איז געשוואומען אַ דאַר, קליין קערפּערל מיט אַן אײדל פּנים. איך צעוויין זיך, אויף איר קוקנדיק. זאָגט זי צו מיר:

— אָסיפּ מאָיסעיעוויטש, איך בין שטאָלץ מיט מיין אַרעסט! — זי זאָגט ווייטער: — אָסיפּ, דו האָסט זיך אַריינגע־טאָן אין מוזיק, אין געזאַנג. עס איז גאַנץ גוט, אָבער ניט דע־מאָלט, ווען די מאַסן זיינען פאַרשקלאַפט. די מאַסן הונגערן. מיר מוזן פּטור ווערן פון דער טיראַניי.

איך האָב ערשט איצט דערזען די אַמאָליקע חנ׳עוודיקע סאָניטשקאַ. גלייך פיל איך אַ שווערע האַנט אויף מיין פּלייצע, און מ׳זאָגט צו מיר: „פּאָראַ״ (שוין צייט). מען פירט מיך דורך דעם קליינעם טויערל. אויף מיין פראַגע, ווען מען פירט זי אַוועק, זאָגט מען מיר: „טשערעז טשאַס״ (אין אַ שעה אַרום).

איך האָב געוואַרט אינדרויסן צוויי שעה. מיט אַ צעבראָכן האַרץ בין איך געשטאַנען אין דער קעלט. מיט אַמאָל האָבן זיך דערהערט קלאַנגען פון שווערע קייטן. דער גרויסער אײ־זערנער טויער האָט זיך געעפנט. פון פאָרנט, פון די זייטן און פון הינטן זיינען געגאַנגען סאָלדאַטן מיט ביקסן און עס האָט זיך געצויגן אַ קייט פון יונגע, אינטעליגענטע, פאַרשוואַרצטע פּנים׳ער. אַנדערע מיט שיינע, אַריסטאָקראַטישע בערד. סאָ־ניטשקע איז געגאַנגען דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, זי איז געווען צוגעטשעפּעט צו אַן אַנדער אַרעסטאַנטקע. איך האָב געשריען: „סאָניטשקאַ! סאָניטשקאַ!״, אָבער די קלאַנגען פון די שווערע קייטן האָבן פאַרטויבט מיין פאַרצווייפלט שרייען. איך בין געשטאַנען אויף איין אָרט, ווייל נאָכגיין האָט מען ניט געלאָזט. ווען די קלאַנגען פון די קייטן האָבן זיך קוים געהערט, האָט נאָך אין מיינע אויערן געקלונגען סאָניטשקאַס לעצטע פראַזע: „מיר מוזן פּטור ווערן פון דער טיראַניי!״.

יאָ, סאָניטשקאַ איז געווען גערעכט. פאַר מיר האָט אױ־

סער מוזיק, חזנ׳ישע, כאָראַלע, טעאַטער־מוזיק, אָראַטאָריע־מוזיק, קאָנצערט־מוזיק — קיין זאַך ניט עקזיסטירט. איך פּלעג הערן, ווי פאַרבייגייענדיק, אַז דאָרטן און דאָרטן איז געווען אַ ניט־לעגאַלער מיטינג און מען האָט זיי אַלעמען אַרעסטירט; אַז ערגעץ איז געווען אַן איבערפאַל אינמיטן דער נאַכט, און מ׳האָט געפונען אומלעגאַלע ליטעראַטור, איבערהויפּט די אונטערערדישע רעוואָלוציאָנערע צייטונג „איסקראַ״.

ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, איז דער ערשטער אַרעסט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף סאָניטשקאַן, געווען, ווייל זי האָט פאַרשפּרייט די צייטונג „איסקראַ״ צווישן די אַר־בעטער אין שערעשעווסקים פאַבריק. מען האָט זי, נאָך אַ יאָר צייט זיצן, באַפרייט און נאָכדעם ווידער אַרעסטירט פאַר נעמען אָנטייל אין אַן איבערפאַל אויף אַ הויכן טשינאָווניק. די אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַסירונגען פלעגן פאַרבייגיין בלויז מיין גע־הער, אַזוי ווי אַ ניט־וויכטיקע קאָמפּאָזיציע אָדער אַ ניט־וויכ־טיקער אַקאָרד. וואָס אָנבאַלאַנגט רייך און אָרעם, האָט מיין טאַטע אין מיר איינגעפלאַנצט דעם געדאַנק, אַז עס איז אַ נאַטיר־לעכע זאַך, אַזוי דאַרף עס זיין. מיין טאַטע, ווען ער פלעגט באַגעגענען אַ גביר, פלעגט אומגעפער אַזוי זאָגן: „דו זעסט, יאָשקעלע, דאָס איז רחמיאל ברווידע, דער גרויסער גביר״, אָדער: „דאָס איז אַראָנאָוויטש, דער באַנקיר״. און מיין טאַטע פלעגט צולייגן דעם טיטל צו יעדן גביר: „ער זעט דאָך אויס ווי אַ מאָ־נאַרכע״ (דאָס קומט פון דעם וואָרט מאָנאַרך, קעניג).

יעדער גביר פלעגט גיין רייך געקליידט, געווען אָנגעגעסן, אָבער מיט אַ בייז פּנים. האָב איך טאַקע אַמאָל מיין טאַטן גע־פרעגט, פאַרוואָס איז יעדער גביר בייז, ווי ברוגז אויף דער גאַנ־צער וועלט? האָט מיר מיין טאַטע געענטפערט: „קינד מיינס, מיר אַז עס פעלט, פעלט מיר אויף פּסח אָדער אויף אַ קוואַרטל דירה־געלט; אָבער דעם גביר פעלט דאָך אַ סך, און טאַקע גאָר אַ סך...״

## „געווידמעט צו בערטאַ ראָזען"

ווי שוין געזאָגט, האָט אויסער מוזיק פאַר מיר קיין זאַך ניט עקזיסטירט, אָבער גלייך נאָך דעם פאַל מיט סאָניטשקאָס באַגעגענען זיך אין טורמע האָב איך גענומען קוקן אויף אַלץ אַנדערש און האָב גענומען באַגרייפן, וואָס איז רעכט און וואָס איז אומרעכט. און מערקווירדיק, אַזוי ווי איך פלעג פריער זייער זעלטן טרעפן אַ סאָציאַליסט, אַ רעוואָלוציאָנער, איבערהויפּט אַ מענטש מיט פרייע געדאַנקען, אַזוי פלעג איך זיי איצט טרעפן אַרום מיר. איך פלעג זיי טרעפן אין דוקסטולסקים פּיאַנאָ-געשעפט, איך פלעג זיי טרעפן אין קאָנצערט-זאַל, שפּאַצירנדיק אין פּאַרק און אַפילו אין שול, די קינדער פון די בעל-הבתים. עס איז מיר נאָכדעם קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס איך האָב זיי פריער ניט געטראָפן, ווייל, ערשטנס, האָב איך זיך ניט אינטערעסירט און, צווייטנס, האָבן זיי מיר ניט געטרויט, פּשוט ניט געהאָט קיין צוטרוי צו מיר.

דאָס איז געווען אין די ערשטע יאָרן פון „בונד", אויף וועמענס מיטינגען עס פלעגן זיך אַריינכאַפּן מוסרים, איינפאַכע פאַררעטער, און טאַקע שפּעטער איז פון דער חברה מוסרים אַרויסגעוואַקסן דער באַרימטער פאַררעטער אַזעוו.

זומער, אין גאָרטן, וואו אָסטראָווסקיס אָרקעסטער האָט געשפּילט, האָב איך באַגעגנט דעם לאַנגן, דאַרן בחור, וועלכער איז געקומען מיך רופן זען סאָניטשקאַן אין טורמע. איך האָב אים אָפּגעשטעלט. ער האָט מיך פאַרגעשטעלט פאַר אַ סטודענטקע מיטן נאָמען בערטאַ ראָזען. מיר האָבן שפּאַצירט צוזאַמען, און זי זאָגט מיר, אַז איר פאָטער וואָלט געווען זייער צופרידן, ווען זי ברענגט מיך צו זיי אַהיים, ווייל ער איז אַ מיטגליד פון דער גרויסער שול און ער רעדט אַלע מאָל וועגן מיר.

און זי אליין האָט מיך געזען דיריגירן אַ דיוועריטיסמענט אין דער רוסישער אָפּערעטע. זי פרעגט מיך נאָך אַמאָל, צי איך וועל גיין צו זיי אַהיים. איך שטים איין.

אַריינקומענדיק צו זיי אַהיים, האָב איך געטראָפן איר פאָטער, די מוטער און אַ קליין ברודערל. דער פאָטער איז ווירקלעך געווען איבערראַשט מיך צו זען ביי זיך אין הויז, די מוטער — נאָך מער. מען האָט גלייך געשטעלט כיבוד, און דער פאָטער רופט זיך אָן צו מיר:

— איר הערט, „גאָספּאָדין" (הער) רומשינסקי, וואָס איך נעם זיך אַריין אין קאָפּ, העלפט מיר גאָט. זעענדיק אייך איצט ביי זיך אין הויז, איז מיין גלויבן אין גאָט געוואָרן שטאַרקער.

און בערטאַ זאָגט:

— „פּאַפּאַשאַ, פּאַזשאַלויסטאַ!" (פאָטער, כ'בעט דיך)...

איך בין גלייך געוואויר געוואָרן, אַז דער בעל-הבית איז אַ „מענטש" ביי טראַכטנבערגן, דעם האָלץ-הענדלער. אַ „מענטש", הייסט עס, און ניט קיין בוכהאַלטער, און ניט קיין קויפער, און אויך ניט קיין פאַרקויפער, אָבער ער איז אַלץ, וואָס איך האָב דאָ אויסגערעכנט, און „גאָספּאָדין"(הער) ראָזען דערציילט מיר גלייך אַ וויץ, אַז פאַר יום-כיפּור האָט אים זיין שוואָגער געוואָלט בענטשן, אַז איבער-אַ-יאָר, אם-ירצה-השם, זאָל ער מער ניט זיין ביי יענעם, נאָר פאַר זיך. האָט ער אים געבענטשט און געזאָגט: „איך ווינטש דיר, אַז איבער-אַ-יאָר, אם-ירצה-השם, זאָלסטו זיין „אויס מענטש"...

בערטאַ איז געווען אַ מיידל שוין אין פינפטן קלאַס גימנאַזיע, אַ בלאָנדינקע, אָבער אַ ביסעלע פעטלעך (וואָס אין יענע יאָרן איז עס געווען אַ גרויסע מעלה). זי איז געווען זייער אַ פריינדלעכע; אַז איר האָט זי געזען איין מאָל, האָט זי אייך געמאַכט פילן, אַז איר קענט זי שוין פון לאַנג. איך האָב גלייך באַמערקט, אַז דער לאַנגער בחור, וועלכער האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר מיר אַלס „גריגאָרי", ווען ער איז געקומען פון

סאַניטשקאַן, הייסט גאָר אַבראַשאַ — זיין צווייטן נאָמען האָב איך קיין מאָל ניט געוואוסט. ער איז געווען ניט זייער אָנגע־לעגן דאָרט אין הויז, און בלויז פאַר איין זאַך — פאַר זיינע פרייע געדאַנקען. בערטאַ האָט דאַן געלייענט „וואָינאַ אי מיר" (קריג און פרידן) פון לעוו טאָלסטאָי, און ווען זי האָט מיך גע־פרעגט, צי איך האָב שוין דאָס בוך געלייענט, האָט דער פאָ־טער אירער געענטפערט:

— וואָס טויג דאָס קריגן זיך און נאָכדעם מאַכן שלום? איך האָב פיינט קריג, איך האָס אייערע ביכער. רעדט בעסער פון די שיינע זאַכן, וואָס גאָספּאָדין רומשינסקי זינגט מיט דעם כאָר אין שול.

זאָגט זי:

— פּאַפּאַשאַ, איך גיי ניט אין קיין שול, און ווען איך וואָלט יאָ געגאַנגען, וואָלט איך געגאַנגען גאָט בעטן, און ניט הערן מוזיק.

ענטפערט ער איר:

— דו ביסט אַ קינד. אַזאַ געזאַנג, ווי מען הערט ביי אונז אין שול, מאַכט דיך הייליקער, דיין נשמה ווערט אויסגעליי־טערט, און דו ווערסט אינגאַנצן אַ בעסערער מענטש, ניט ווי ביי זיי — אָנווייזנדיק אויף אַבראַשאַן, — וועלכע ווילן איבערקערן אַ וועלט, און וואָס איז דער סוף? אַ ביטערער, אַ שרעקלעכער: יונגע קינדער ווערן פאַרשיקט פאַר יאָרנלאַנג קיין סיביר...

אַבראַשאַ האָט געכאַפּט זיין היטל און געזאָגט:

— „פּראָשטשאַיטיע!" (אַ גוטן טאָג) — און איז אַנטלאָפן. האָט אים דער פאָטער נאָכגעשריען:

— מיטן רעכטן פוס, און זאָלסט ניט קומען צוריק!... — און רופט זיך אָן צו מיר:

— וואָס מיינט איר, גאָספּאָדין טראַכטנבערג (מיינענדיק זיין בעל־הבית) האָט מיר ניט איין מאָל געזאָגט: „היט אייך מיט

אייער טעכטערל! מען זעט זי צו אָפט אויף „סאָבראַניעס" (מיטינגען).

בערטאַ כאַפּט אַרויף איר היטעלע און זאָגט צו מיר:

— „פּאַידיאָמטיע!" (קומט).

אַרויסגייענדיק, האָב איך ערשט באַמערקט, ווי שיין און אַנציענד בערטאַ איז מיט אירע בלאָנדע צעפּ, וועלכע זיינען אַרונטערגעהאַנגען אויף איר ווייס, אויסגעפּילט העלזועלע, מיט אַ קליין, קאָלירט זאָנטיקל (אַמברעלאַ) פאַר דער זון. זי האָט גאָרניט גערעדט און איך אויך ניט, ביז וואַנען מיר זיינען גע־קומען צו מיין לאָזשי. איך בין געבליבן שטיין און זאָג איר, אַז דאָ וואוין איך. זאָגט זי גלייך:

— קאָן איך מיטגיין?

זי האָט באַמערקט מיין איבערראַשונג, זאָגט זי גלייך:

— אָט די מענטשן, וואָס מיין פאָטער האָט פיינט, האָבן מיך געלערנט צו זיין זעלבשטענדיק און ניט מורא האָבן פאַר זיך אליין...

און אַזוי רעדנדיק, זיינען מיר שוין ביי מיר אין צימער, וועלכער האָט געהאַט אַ פּריוואַטן אַריינגאַנג, און גלייך ווי זי איז אַריין, זאָגט זי:

— אַזוי האָב איך מיר פאָרגעשטעלט, וועל איך געפינען אייער צימער, און טאַקע דערפאַר האָב איך געוואָלט אַריינגיין, אָבער... „קאַקאָי ווי ניעריאַכאַ!" (וואָס פאַר אַן אָפּגעלאָזטער איר זייט)...

עס זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן זאַכן, וועלכע האָבן זיך ניט געפּאָרט איינע מיט די אַנדערע; שמוציקע און ריינע קראַגנס — אַלע צוזאַמען; דאָ הויזן און דאָ אַ רעקל, און אַ שטיקל זייף איז געלעגן אויף אַ בוך נאָטן, און אַזוי ווייטער. בערטאַ האָט זיך אַ נעם געטאָן און אין אַ שעה צייט האָט זי געמאַכט גאָר אַן אַנדער צימער, און רופט זיך צו מיר אָפּ:

— איך גיי!

איך האָב זי צוגעפירט ביז איר הויז. ביים געזעגענען זיך האָט זי מיר דערלאַנגט איר רעכטע פוקסע הענטעלע, איך זאָל עס אַ קוש טאָן. איך האָב עס אַ קוש געטאָן און בין אַוועק.

פון דער נאַכט אָן בין איך כמעט יעדן טאָג געווען ביי בער־טאַן, און זי פלעגט קומען צו מיר. איר טאַטע איז געווען גליק־לעך און די מאַמע נאָך גליקלעכער. זי פלעגט קומען כמעט יעדן פרייטאָג אין שול אַריין און פלעגט שטיין אויפן זעלבן פלאַץ, וואו עס פלעגט שטיין די רוסישע אַקטריסע גילדענ־בראַנדט. איר טאַטע האָט שוין געזען, אַז אַלע זאָלן וויסן, און אַלע האָבן טאַקע גערעדט, אַז בערטאַ ראָזען וועט אינגיכן הייסן „גאָספּאָזשאַ רומשינסקאַיאַ" (פּרוי רומשינסקי).

איך האָב דעמאָלט אָנגעשריבן אַ קאָנצערט־וואַלץ, וועלכן איך האָב גערופן „וואָסטאָטשניע זוואוקי" (מזרח־קלאַנגען), און דער שטאָטישער אָרקעסטער פלעגט אים שפּילן זומער אין פּאַרק און ווינטער אויפן גליטש, און מען פלעגט טאַקע שרייבן אין פּראָגראַם, אַז מען וועט שפּילן מיין קאָנצערט־וואַלץ, געווידמעט צו בערטאַ ראָזען, און איך אַליין פלעג דיריגירן מיטן אָרקעסטער דעם וואַלץ, און אַלע סטודענטקעס פלעגן מקנא זיין בערטאַן.

אַזוי זיינען אַוועק אַן אַכט חדשים, ביז קאַנטאָר ראַבינאָ־וויטש מאַכט מיר פאָלגנדן פאָרשלאָג:

— איך זע דאָך, אַז דו גייסט חתונה האָבן מיט בערטאַ ראָזען, און אַזוי ווי פון דעם קלעגלעכן געהאַלט אַלס דיריזשאָר קאָנסטו ניט פירן קיין פאַמיליע־לעבן, וואָלט איך דיר פאָרגע־שלאָגן, אַז נאָך דער חתונה זאָלסטו בלייבן דער דיריזשאָר און צו דער זעלבער צייט אויך חזן־שני (דער צווייטער חזן).

ווען ער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער, האָב איך זיך שוין געזען, ווי איך בין אַ חזן־שני, אַ ייד מיט אַ לאַנגער באָרד און אַ בעל־מטופּל מיט קינדערלעך, און יעדן אינדערפרי דאַרף איך לויפן אין שול דאַוונען, און אַזוי דריי מאָל אַ טאָג, און איך שריי אויס:

— גאַספּאַדין ראַבינאָוויטש, איך וויל קיין חזן ניט זיין און איך וויל קיין אַקטיאָר ניט זיין! איך וויל זיין אַ דיריזשאָר און דיריגירן אָפּערעטעס, אָפּערעס, סימפאָניעס. איך וויל אַפילו ניט זיין מער קיין שול־דיריזשאָר!...

און גלייך איז ביי מיר באַשאַפן געוואָרן אַ געדאַנק, אַז איך פאָר אַוועק, און כ׳רעד ווייטער מיט היין:

— איך פאָר שטודירן, איך פאָר הערן גוטע מוזיק, איך פאָר זען אַ וועלט. גאַספּאַדין ראַבינאָוויטש, איר זייט שולדיק אין מיינע געדאַנקען מער ווי אַלע, פאַר וואָס איך בין אייך זייער דאַנקבאַר. דורך אייך האָב איך זיך באַקענט מיט דער מוזיק פון האַידן, הענדל, מענדלסאָן. איך וויל הערן די אַלע זאַכן, ווי אַזוי מען פירט זיי אויף אין בערלין און אין לאָנדאָן.

ראַבינאָוויטש האָט מיך אַרומגעכאַפּט און געזאָגט:

— איך האָב אַלע מאָל געהאַלטן פון דיר, און איצט ביסטו געשטיגן העכער און העכער אין מיינע אויגן. וויפיל איך זאָל דיך ניט וועלן האָבן לעבן זיך, דאָך וויל איך דיר העלפן, אַז דו זאָלסט זיין דאָרט, וואו דו באַלאַנגסט.

## בערטאַ, מיין וואונדערבאַרע בערטאַ...

אויף אַפּישן מיט גרויסע ווערטער לייען איך, אַז די ברי־דער קאַנאַ גיבן אַ קאָנצערט אין אַפּיצערסקען קלוב. די ברי־דער קאַנאַ — דאָס זיינען דעם ווילנער חזן קאָהנס זין, ליאָווו און אילױשאַ. ליאָווו האָט מיט מיר צוזאַמען געזונגען ביי זייער טאַטן אין ווילנע. ליאָווו איז געווען אַ סאָפּראַן. ער פלעגט זינגען ווי אַ גוטע פרימאַדאָנע. איך האָב זיי געזען אין טאָג פון זייער קאָנצערט. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז זיי פאָרן איצט קיין יעליסאַוועטגראַד צום טאַטן, וואו ער איז חזן. זיי וועלן דאָרט זיין דעם גאַנצן זומער און אויף ווינטער פאָרן זיי צו־ריק קיין פּעטערבורג אין קאָנסערוואַטאָריע, ווייל זיי האָבן נאָך איין יאָר צום ענדיקן.

זיי האָבן מיר פאָרגעשלאָגן, איך זאָל פאָרן מיט זיי קיין יעליסאַוועטגראַד, איך זאָל דיריגירן ביים טאַטן ימים־נוראים, און דאַן פאָרן מיט זיי קיין פּעטערבורג. איך האָב איינגע־וויליקט. זיי קלאַפּן אַ טעלעגראַמע צום פאָטער. ער ענט־פערט: „סאָגלאַסען אי אָטשען ראַד" (איך שטים איין און עס פרייט מיך זייער).

מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז איך וועל זיין דאָרט אין זעקס וואָכן אַרום.

ווי איך האָב שוין פריער דערציילט, האָב איך געהאַט אַ גרויס מזל צו מענטשן, וועלכע זאָלן זיך אינטערעסירן מיט מיין לאַגע. דוקסטולסקי, וויסנדיק, אַז מיר קומט אַרויס פון חזן ראַבינאָוויטש בלויז אַ סומע פון זעכציק רובל, פלעגט מיך אַלע מאָל פרעגן:

— וואָס וועסטו טאָן מיט זעכציק רובל? דו ווייסט, וואו־הין דו פאָרסט? דו ווייסט, וואָס עס וועט דאָרט זיין?

האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך זאָל דרוקן מיין וואלץ „וואָס־טאָטשניע זוואוקי”, און ער וועט עס אַרויסשיקן איבער רוס־לאַנד אין מוזיק־געשעפטן. עס קאָן מיר טאַקע ניט בלייבן קיין סך, אָבער בעסער ווי גאָרניט.

איך האָב אָפּגעדרוקט דעם וואלץ און האָב אים געבראַכט אַ פינף הונדערט קאָפּיעס, אַז ער זאָל זיי צעשיקן איבערן לאַנד אין די מוזיק־געשעפטן.

מיט אַן אַכט טעג שפּעטער גיי איך אַרויס אין גאַס, שטעלן מיך אָפּ אפשר צוואַנציק מענטשן און זאָגן מיר, אַז זיי האָבן דערהאַלטן מיין וואַלץ, און זיי דאַנקען מיר זייער. אייניקע זאָגן מיר, אַז זיי האָבן ניט קיין פּיאַנאָ, עס איז אָבער אַ שיינער אָנדענק פון מיר, און זיי ווינטשן מיר גליק. איך לויף צו דוק־סטולסקין און פרעג אים, וואָס דאָ טוט זיך, וואָס האָט ער געטאָן מיט די קאָפּיעס מוזיק? זאָגט ער מיר:

— „ניע וואַשע דיעלאָ” (ניט אייער געשעפט), — און זאָגט ווייטער: — ס'עט זיין געלט. — און ער ווייזט מיר אַ פּאַק מיט בריוו און שלעפּט אַרויס פון זיין בוזעם־קעשענע אַ פּאַק מיט געלט און זאָגט: — דאָס איז אַלץ אייערס, און עס קומט אייך נאָך.

איך פרעג אים, וואָס ער האָט געטאָן, דערציילט ער מיר אַזאַ געשיכטע:

ער האָט אַרויסגעשיקט קאָפּיעס מוזיק פון מיין וואַלץ מיט אַ בריוו אינעווייניק, וואָס דער בריוו לייענט זיך, אַז נאָכדעם ווי איך האָב פאַרבראַכט אַ פּאָר אָנגענעמע יאָר אין דווינסק, האָב איך באַשלאָסן פאַר מיין רייזע צו שטודירן ווייטער מו־זיק „אייך צוצושיקן אַן אָנדענק”. און דעם פּרייז 15 קאָפּיקעס, וואָס איז געווען געדרוקט, האָט ער אויסגעמעקט.

ווען איך האָב עס דערהערט, האָט עס מיך געוואַלדיק גע־קרענקט, איך האָב זיך געשעמט און האָב זיך אויף אים צע־שריגן. האָט ער געשריגן נאָך העכער:

— איך קאָן דיך ניט אַוועקלאָזן אָן געלט פון דאַנען! — און

ער באַטאָנט נאָך אַמאָל, אַז ער האָט ניט געשריבן אין בריוו, אַז מען זאָל שיקן געלט, נאָר אַז זיי זיינען קליגער פון מיר, איז ניט זיין שולד.

און בעת מיר האַלטן אַזוי אין רעדן, קומט אריין אַ דינער און דערלאַנגט דיקסטולסקין אַ בריוו. ער לייענט אים איבער און זאָגט צו מיר:

— נאַ, לייען!

דער בריוו איז געווען פון פּרעזידענט פון שול, מאַפּשענזאָן. ער באַדויערט אין בריוו, פאַרוואָס איך פאַרלאָז די שול, אָבער דער פאַקט, אַז איך פאָר, כדי פאָרצוזעצן מיין מוזיקאַלישע שטודיע, פרייט אים. און דוקסטולסקי זאָגט:

— נאַ, דאָ האָסטו אַ יעקאַטערינקע! (אַזוי האָט געהייסן אַ הונדערט רובל-אַסיגנאַציע, ווייל עס איז געווען אויף איר דער צאַריצאַ יעקאַטערינאַס בילד). דאָס— זאָגט ער — איז געלעגן אין בריוו. נו, וועסט נאָך שרייען?!

דער מוזיקאַלישער קרוזשאָק פון דווינסק האָט מיר געמאַכט אַ „וועטשערינקע" (פאַרדי), און דוקסטולסקי האָט מיר דערלאַנגט אַ סומע פון אַכט הונדערט רובל. אין יענער צייט איז עס געווען אַ גרויסע סומע געלט.

אַזוי ווי עס האָט זיך פאַרשפּרייט דער קלאַנג, אַז איך פאָר אַוועק, האָט עס אויף בערטאַן געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק, אָבער זי האָט זיך קאָנטראָלירט, ווייל זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען איך בלייב אין דווינסק, פאַרבלייב איך אַ שול-איד און גיי ניט ווייטער. זי האָט זיך געהאַלטן פיין ביז דריי טעג פאַר מיין פאָרן, אָבער פאַר עגמת-נפש און אויפרעגונג איז איר אַרויס אַ רויז אויפן פּנים, און די שיינע בערטאַ האָט אויסגעזען שרעקלעך. ווען איך בין געקומען צו זיי זיך געזעגענען, האָט זיך איר פאָטער ניט געקאָנט קאָנטראָלירן און זיך צעשריגן:

— איר האָט פאַראומגליקט מיין טאָכטער!

האָט זיך בערטאַ אויך צעשריגן:

— „פּאַפּאַ, קאַק טי סמעיעשׁ? (ווי אַזוי דערלויבסטו דיר?).
איך וויל ענטפערן אויף זיינע רייד, זאָגט ער:
— איך מיין ניט, וואָס איר מיינט, — און רעדט ווייטער, וויינענדיק: — זעט, ווי זי זעט אויס! ...
אַזוי שטייענדיק און קוקנדיק אויף בערטאַן, האָב איך זייער רחמנות געקראָגן אויף איר און געוואָלט זאָגן, אַז איך פאָר ניט און בלייב דאָ, אָבער ווען איך האָב זיך דערמאָנט אָן חזן ראַבי־נאָוויטשעס פאָרשלאָג, אַז איך זאָל ווערן חזן־שני, און איך האָב זיך שוין געזעגנט אָלס אָן אייביקן כלי־קודש, האָב איך געזען צו מאַכן וואָס קירצער און בין אַרויס.
מיר האָבן קאָרעספּאָנדירט העכער אַ יאָר צייט. בערטאַס לעצטער בריוו איז געווען, אַז זי פאָרט קיין אַמעריקע. מער האָב איך פון איר ניט געהערט.
עס איז כדאַי זיך אָפּצושטעלן און געבן אַ שפרונג אויף פופצן יאָר שפּעטער. ווען איך בין נאָר־וואָס געקומען קיין אַמעריקע, פלעג איך אָפט קלערן פון בערטאַן און פלעג זוכן אין די גאַסן אַ בלאָנד, שיין ווייבעלע. עס האָט שוין אויך פּאַסירט, אַז איך האָב אויף אייניקע געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז דאָס איז בערטאַ, און בין זיי נאָכגעלאָפן. איבערהויפּט פלעג איך זוכן בערטאַן אין טעאַטער, ווייל זי איז דאָך אין אַמעריקע און לייענט דאָך אין די צייטונגען, וואו איך געפין מיך. וואָס הייסט, זי קומט ניט? האָב איך באַשלאָסן, אַז בערטאַ געפינט זיך ניט אין ניו־יאָרק. און טאַקע אַזוי איז געווען. איין מאָל, נאָך אַ שבת־בייטאָגיקער פאָרשטעלונג, גייט צו מיר צו אַ הויכער, דאַרער איד, שטעלט זיך פאָר אָלס אייב לאַרקין און זאָגט:
— איר קאָנט מיך פאַר גריגאָרי אָדער אַבראַשאַ...
ווען ער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער, האָב איך נאָך דער אויסשפּראַך דערקענט דעם ספּעציאַליסט פון דווינסק. ער זאָגט מיר גלייך, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט בערטאַן נאָך

אינדערהיים און זיי וואוינען שוין צען יאָר אין באַלטימאָר. ער לייגט צו:

— אויב איר וועט זיין אין באַלטימאָר, כאַפּט זיך אריין צו אונז.

איך נעם אַ שטיקל פּאַפּיר און פאַרשרייב זייער באַלטימאָ־רער אַדרעס. ער איז פאַרשוואונדן. איך בין געבליבן שטיין מיט דער האָפענונג, אַז באַלד־באַלד וועל איך זען בערטאַן. איך האָב דאָס שטיקל פּאַפּיר געהיט ווי אַן אבן־טוב...

נאָך דעם ניו־יאָרקער סעזאָן פאָרן די קאָמפּאַניעס ארויס איבער דער אַמעריקאַנער פּראָווינץ. איך קוק פאָרויס אויף דער גליקלעכער צייט, אויף דעם מאָמענט, ווען איך וועל דערזען בערטאַן. אין באַלטימאָר האָבן מיר דעמאָלט געשפּילט צוויי פאָרשטעלונגען. ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג, ווי נאָר אַ שיין ווייבל, אַ בלאָנדינקע, האָט זיך באַוויזן, האָב איך געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז דאָס איז בערטאַ. אָבער אומזיסט — בערטאַ איז ניטאָ! אויפצומאָרגנס גיי איך אריין צום באַרבער און הייס אים, ער זאָל מיר געבן אַלץ, וואָס איז נאָר דאָ אויף זיין באַרבערישן פּראָגראַם — נאָר ניט קיין באַנקעס. דער באַרבער האַלט מיך אויפן שטול העכער אַ שעה. איך שפּרינג פאַר אויפרעגונג פון שטול. גאָט צו דאַנקען, איך זע מיך שוין אין גאַס. איך נעם אַ קעב, ווייל דעמאָלט זיינען נאָך קיין אויטאָ־מאָבילן ניט געווען אַזוי אין דער מאָדע. עס זיינען געשטאַנען ביים האָטעל דריי קעבס. איך קלייב אויס אַ פריצ׳ישן קעב און גיב אים דעם אַדרעס. ער קוקט און קוקט, און איך זע, ווי ער גיט אַ שמייכל אונטער די וואָנצעס און פרעגט מיך:

— „אַר יו שור, יו וואָנט טאַ גאַ דהער?״ (ביסטו זיכער, אַז דו ווילסט אַהין גיין?).

ענטפער איך אים אַזוי ברייטלעך:

—יעס, סערי!

ער פאָרט און פאָרט. מיט אַמאָל פיל איך, ווי עס וואַרפט

מיך אין קעב. איך קוק אַרויס, זע איך, ווי מיר פאָרן אין שמאָ־לע, פאַרדרייטע געסלעך. דער וועג איז צעהאַקט. עס איז געווען אַ הייסער זומער־טאָג. קינדערלעך, ווייבער אין די גאַסן, מען קוקט אונז נאָך, און איך פאַרשטיי, אַז אַ קעב האָט נאָך די גאַס ניט אָנגעזוען. דאָס איז פּיליכט צום ערשטן מאָל.

דער קעב שטעלט זיך אָפּ און דער טרייבער זאָגט צו מיר:

— „היר איט איז!" (אָט דאָ איז עס).

איך הייס אים וואַרטן אויף מיר. איך פרעג ביי אַ אידענע, וואו וואוינט דאָ אייב לאַרקין. זאָגט זי מיר, ער איז ניטאָ אינדערהיים, זיין פרוי באַשע איז דאָ. זי ווייזט מיר, וואוהין צו גיין. איך גיי אויף צע'הרג'עטע טרעפּ, דורכגעלעכערטע, וואָס אַז מ'איז ניט פאָרזיכטיק, קאָן מען דורכפאַלן. עס איז אָפן אַ טיר. זע איך, ווי אַ דיקע אידענע, מיט אַ פּנים פול מיט זומער־שפּרינקעלעך, זאָגט צו אַ מיידעלע פון אַ יאָר אַכט:

— גיב אַכטונג אויף גיטלען (אַ קינד אין וויגעלע), איך מוז אַרונטערגיין.

איך פרעג:

— קאָנט איר מיר ניט זאָגן, וואו איך קען טרעפן די פרוי פון אייב לאַרקין?

ענטפערט זי מיר:

— דאָס בין איך. וואָס דאַרפט איר?

איך בין געבליבן שטיין אָן אָטעם, און רעד קוים אַרויס:

— איר דערקענט מיך ניט?

עפנט זי אויף די אויגן, וועלכע מען זעט קוים דורך איר דיק, פאַרשוויצט פּנים:

— איך קאָן וועטן, אַז דאָס איז אָסיפּ מאָיסעיעוויטש!

נאָך די ווערטער, וואָס זי האָט אַרויסגערעדט מיין נאָמען, האָב איך דערקענט, אַז דאָס איז בערטאַ, אָבער אויסער דעם איז ניט געווען קיין פּיצל סימן פון דער אַמאָליקער סטודענטקע, דער

פיינינקער בערטאַן, אין פאַרגלייך מיט דער פאַרשמאָלצעווע־טער, דיקער אידענע.

— זיצט! — זאָגט זי צו מיר. איך וויל מיך זעצן, רופט זי זיך אָן: — וויי איז מיר! וואַרט, איך וועל אָפּווישן! — און נעמט עפּעס אַ שמוציקע שמאַטע און ווישט אָפּ אַן אַלט בענקל.

איך האָב מיך אויף אַזאַ אַנטוישונג ניט געריכט. איך בין געשטאַנען אַ ווײַלע. איך האָב ניט געהערט, וואָס זי רעדט צו מיר, איך האָב ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן איר. כ׳האָב נאָר געטראַכט, אַז דער קעב זאָל ניט אַוועקפאָרן. איך האָב זי איינגעלאַדן אין טעאַטער. זאָגט זי, אַז זי האָט נאָך אין אַמע־ריקע קיין טעאַטער ניט געזען. איך האָב איר אויסגעשטרעקט מיין האַנט צו זאָגן „גוד באַי!” זי האָט מיר דערלאַנגט אַ דיקע האַנט מיט פעטס. איך בין אויף גיך אַרויס, אַריין אין קעב און גערעדט צו זיך אַליין: „רומשינסקי, דו האָסט בערטאַן ניט גע־זען! ניין, דאָס איז ניט בערטאַ. איך קען יענע בערטאַ, די סטודענטקע פון דווינסק מיטן שיינינקן פּנים׳ל, מיטן לאַנגן צאָפּ, מיט בלאָנדע האָר, מיט אַ זאַנטיקל איבער איר פיין קע־פּעלע און פּנים׳ל!” אָבער דאָס האָב איך זיך בלויז געוואָלט איינרעדן, און איך האָב ווייטער פאַר זיך געזען די פעטע אידע־נע מיט אַ סך זומער־שפּרינקעלעך.

קומענדיק אין האָטעל, בין איך אַריין צו זיך אין צימער, זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ שטול און בין געבליבן זיצן מיט אַ שווער געמיט און געבענקט נאָך בערטאַן...

## אַ צוקערקע — פֿאַר הנני העני ממעש

דוקסטולסקי, זיין פרוי, קאַנטאָר ראַבינאָוויטש, אָסטראָוו־סקי, דער דיריזשאָר — אַלע זיינען געקומען מיך באַגלייטן. דוקסטולסקי האָט געהאַלטן אין איין אָנזאָגן מיר, אַז איך זאָל היטן דאָס געלט. פֿאַרנדיק שוין, האָב איך אויסגעפֿונען, אַז עס איז דאָ אַ „פּערעסאַדקע" (זיך איבערזעצן) אין ווילנע. מען דאַרף וואַרטן צוויי שעה אויפֿן צוג, וואָס פֿירט קיין יעליסאַוועט־גראַד.

אַרומטערגייענדיק אין ווילנער וואָקזאַל, האָב איך דערפֿילט אַ מאָדנעם געפֿיל: דאָ בין איך געבוירן, נאָר ווער איז פֿאַר־בליבן? די נאָענטסטע, די טייערסטע זיינען אויפֿן עולם־האמת. און עס שטעלט זיך מיר פֿאָר, ווען איך בין אַוועקגעפֿאָרן מיט קאַנטאָר ראָזומני, און ווי מיין טאַטע האָט זיך מיט מיר גע־זעגנט, און ווי איך בין אים נאָכגעלאָפֿן, פֿילנדיק אינסטינקטיוו, אַז איך זע אים צום לעצטן מאָל. און איך דערפֿיל דעם טעם פֿון זיין שמעק־טאַבאַק, אים קושנדיק...

קומענדיק נענטער צו יעליסאַוועטגראַד, האָב איך געפֿילט, אַז איך פֿאָר וואָס ווייטער אין אַ פֿיל פֿעטערער ערד, ווי ליטע; די פּויערים, וועלכע מען זעט, זיינען געזינטערע, זאַטערע, ווי ליטווישע, אויסגעמאַטערטע פּויערן; די אידן — געזינטערע, מיט אַ פֿרייערן אויסזען, און זייער רוסיש איז אַ געשמאַקערער. אַפֿילו זייער אידיש איז קיילעכדיקער און האָט מער מוזיק.

אַרומטערקומענדיק פֿון וואָקזאַל און פֿאָרנדיק מיט אַן „איזוואָזטשיק" (קעב־מען), האָב איך דערזען, ווי מען פֿירט גאַנצע וואָגנס מיט „אַרבוזן" (וואָטערמעלאָנען). אין דער לי־טע איז עסן אַ שטיקל קאַווענע אַ יום־טוב. מיין טאַטע פֿלעגט מאַכן שהחינו אויף אַ שטיקל קאַווענע ערשט ראש־השנה, און

דאָ פירט מען גאַנצע וואָגנס, און זיי קאָסטן שפּאָט־ביליק. היינט וויינטרויבן! אין דער ליטע עסט מען וויינטרויבן ווען מען איז קראַנק; דער דאָקטאָר פאַרשרייבט עס, כדי צו דערקוויקן דאָס האַרץ. מ'שטיינס־געזאָגט, וואָס פאַר אַ וויינ־טרויבן די ליטווישע זיינען! דאַרע, קליינטשינקע. און דאָ איז יעדער וויינטרויב גרויס און קאָלירפול, און מען פירט אויך גאַנצע וואָגנס מיט וויינטרויבן, און אויך פאַר שפּאָט־ביליק!

אָריינקומענדיק צום חזן קאָהן אין הויז און דערזעענדיק דעם איצטיקן קאָהן און פאַרגלייכנדיק אים מיט יענעם קאָהן, צו וועלכן מיין טאַטע האָט מיך געפירט צום ערשטן מאָל, האָב איך מיר געטראַכט, אַז עס איז טאַקע בלויז אַ נפקא־מינה פון זיבעצן יאָר, אָבער אויסגעזען האָט עס ווי דריי מאָל זיבעצן. דער דעמאָלטיקער הויכער, שיינער בלאָנדין מיט די לאַנגע, בלאָנדע האָר, וועלכע פלעגן אָרונטערפאַלן אויפן פּעטן, רויטן, שיינעם האַלז, איז איצט פיל מאָגערער און קלענער, די זאַכן הענגען אויף אים, ווייל זיי זיינען נאָך פון יענע גוטע צייטן. קאָהנס ירידה איז געקומען ניט ווייל ער האָט פאַרלוירן זיין שטימע, אָדער ער איז אַלט געוואָרן; ניין, ער האָט נאָך דע־מאָלט, זייענדיק אין יעליסאַוועטגראַד, געהאַט דעם גאָלדענעם, קלינגענדיקן טענאָר; ער איז דעמאָלט אינגאַנצן אַלט געווען אין די הויכע פערציקער. זיין ירידה איז אָבער געקומען דורך אַ נאַרישקייט, און ווי ער האָט מיר דערציילט, איז עס געווען אַ בלבול, אָבער די נאַרישקייט האָט צעבראָכן זיין גרויסע, חזנ'ישע קאַריערע. עס האָט דעמאָלט גאַנץ רוסלאַנד געקלונגען מיט דער קאָהן־פּאַסירונג אין ווילנע, און ער האָט געמוזט פאַרלאָזן ווילנע אין דער בליענדיקסטער צייט פון זיין קאַריערע אַלס דער ווילנער שטאָט־חזן.

אָט איז די פּאַסירונג, וועלכע קלינגט ווי אַ לעגענדע: דער דעמאָלטיקער שטאָט־גבאי, חיים שולץ, זאָל האָבן געזען, ווי דער חזן קאָהן האָט אום יום־כיפּור, אַ מינוט פאַר הנני העני

ממעש, אריינגענומען אַ שטיקל צוקערקע אין מויל אריין, און ער האָט באַלד געמאַכט אַ טומל אין דער ווילנער שול, און מען האָט שוין קאָהנען מער צום עמוד ניט צוגעלאָזט. קאָהן האָט שוין דעם עמוד פון דער ווילנער שטאָט־שול מער ניט באַשטיגן. עס זיינען געווען נאָך יום־כיפור גרויסע אַסיפות, מען האָט דע־באַטירט און עס האָבן זיך אַנטוויקלט צדדים, וועלכע האָבן גע׳טענה׳ט, אַז קוים לייקנט דער חזן, קאָן מען ניט נעמען אינ־גאַנצן דעם גבאי׳ס וואָרט. איז ביי דער לעצטער אַסיפה ביי דעם ווילנער מורה־הוראה אין שטוב האָט דער גבאי חיים שולץ געמאַכט דעם פאָלגנדן פאָרשלאָג: אויב חזן קאָהן, וועלכער איז בייגעווען ביי דער אַסיפה, קאָן באַווייזן אויפן אָרט, אַז ער טראָגט ציצות, ד״ה אַ אַרבע־כנפות, איז אַלץ, וואָס האָט פּאַ־סירט ביז איצט, פאַרגעסן און פאַרגעבן.

חזן קאָהן האָט גלייך פאַרלאָזן דאָס הויז. אַ קלאַנג איז אַרומגעגאַנגען, אַז ער האָט גע׳חלש׳ט, און מען האָט אים אַרויסגעטראָגן. ווי די מעשה זאָל ניט זיין, — מיט דעם האָט זיך עס געענדיקט, און מיט דעם האָט זיך אויך געענדיקט חזן קאָהנס גלענצנדע קאַריערע אַלס חזן. איצט, ווען איך האָב אים געטראָפן אין יעליסאַוועטגראַד, איז ער געווען חזן אין דעם גרויסן בית־המדרש, אָבער אין דער גרויסער שטאָט־שול איז געווען חזן מאיר. דאָס איז דער מאיר, פון וועלכן באָריס טאָמאַ־שעווסקי האָט אַזוי פיל געשריבן און גערעדט, ווייל ביי ניסע בעלזער האָט געקלונגען מיט צוויי אינגלעך. דאָס זיינען געווען ברוכ׳קע סאָפּראַן און מאיר׳קע אַלט. די צוויי אינגלעך האָבן אין יענער צייט איבערגעקערט אַ וועלט מיט זייער זינגען. ברוכ׳קע סאָפּראַן — דאָס איז געווען אונזער באָרים טאָמאַשעווס־סקי, און מאיר׳קע אַלט איז געוואָרן דער שטאָט־חזן פון יעלי־סאַוועטגראַד, בשעת קאָהן איז געווען אין גרויסן בית־המדרש, און אויך ניט באַליבט, ניט חלילה צוליב זיין שטימע אָדער חזנות — זיין שטימע, ווי שוין פריער דערמאָנט, האָט נאָך געהאַט

דעם גאָלדענעם טאָן און פולע קראַפט, — אָבער עס זיינען נאָך געווען אַ טייל שול-אידן, וועלכע האָבן געדענקט, אַז מען טאָר אים ניט צולאָזן צום עמוד. ער האָט עס געפילט און געוואוסט, און דאָס האָט אים צעבראָכן מער מאָראַליש, ווי מאַטעריעל.

אַזוי ווי זומער איז ניט געווען וואָס צו טאָן — מען האָט ערשט געדאַרפט האָבן אַ כאָר אויף ימים-נוראים — פלעגן מיר האַלטן אין איין מוזיצירן, דאָס הייסט ליאָווו, איליושאַ און איך. איליושאַ איז געווען זייער גוט אין פוגן (דאָס איז אַ העכערע קונסט אין מוזיק). איך האָב טאַקע אויסגענוצט די געלעגנהייט און ביי אים און מיט אים געלערנט פיל, טאַקע זייער פיל, די קונסט פון פוגן, און ליאָווו, וועלכער איז געווען אַ טענאָר, פלעגט לערנען פאַרטיעס פון אָפּערעס. פלעגט מען כמעט אַ גאַנצן טאָג שפּילן און זינגען, און אַזוי ווי קאָהנס וואוינונג איז געווען אויפן ערשטן שטאָק, פלעגן מיר האָבן אַלע מאָל אַ פּובליקום אין גאַס. ווער רעדט נאָך פאַרנאַכט, — פלעגט זיין שוואַרץ די גאַס פון מענטשן.

זייענדיק אין יעליסאַוועטגראַד אַ פּאָר וואָכן, האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו, וועלכער האָט זיך געלייענט אומגעפער אַזוי:

„טייערער רומשינסקי, זינט מיר האָבן אייך פאַרלאָזן, האָב איך און מיין מאַן ניט אויפגעהערט צו רעדן פון אייך. איר ווייסט גאָרניט, וואָס פאַר אַ געווינס איר זייט פאַרן אידישן טעאַטער. עס איז אמת, די רוסישע אָפּערעטע האָט אַ גרעסער פעלד, אָבער דאָרט איז דאָ אַזוי פיל, בעת ביי אונז וועט איר זיין דער איינציקער. מיר זיינען איצט מיט אַ גרויסער קאָמפּאַניע אין יעקאַטערינאָסלאַוו (נאָענט פון יעליסאַוועטגראַד). מיר שפּילן אין דעם גרויסן זומער טעאַטער. קומט מיר וועלן אייך געבן אַ גרויסע „זשאַלאָוואַניע" (שכירות).

„אייערע, ערגעבנסט,

„אַברהם און אסתר רחל קאַמינסקי".

צו דעם איז געווען אַן עקסטראַ בריוועלע, גע'חתמ'עט פון

דער גאַנצער קאָמפּאַניע, פון וועלכער איך געדענק נאָר אַ טייל נעמען: בערמאַן און מאַדאַם טרילינג (דער דיריזשאָר טרילינג, וועלכער געפינט זיך איצט אין אַמעריקע, איז זייערער אַ זון), בליפעלד (געשטאָרבן אין אַמעריקע), ליבערט (וועלכער געפינט זיך איצט אין סאָוועטן־רוסלאַנד), טשיזשיק און נאָך און נאָך, וועלכע איך געדענק קוים. עס האָבן געמוזט זיין עטלעכע־און־צוואַנציק חתימות.

ווען איך האָב דערציילט פון דעם בריוו די ברידער קאַנאַ, האָבן זיי ניט געוואָלט הערן פון דעם און האָבן מיר געזאָגט:

— וואָס הייסט, דו וועסט פאָרן אין דעם „זשידאָווסקן" טעאַטער? נאָך די יום־טובים פאָרן מיר צוזאַמען קיין פּעטער־בורג. מיר וועלן פאַר דיר קריגן „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ" (וואוינ־רעכט) און דו וועסט ווערן אַ שילער פון דער פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע. דו וועסט האָבן זייער לייכט דאָרט, ווייל דו ביסט גוט צוגעגרייט.

און נאָך דער לעקטשור פון די ברידער קאַנאַ האָב איך אויף דעם בריוו פון די קאַמינסקים מיט דער טרופּע ניט גע־ענטפערט.

# איך דערנענטער זיך צום אידישן טעאַטער

איך בין אַלע מיינע יאָרן געווען און בין נאָך איצט אַ שאָ־וויניסט. מיין שאָוויניזם איז אַ שיין ביסל אַן איבערגעטרי־בענער און אויך אַן אומבאַוואוסטזיניקער. צום ביישפּיל, וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן אויף דער וועלט, וואָס פאַר אַ שלעכטסקייט און געמיינהייט עס זאָל ניט אָפּגעטאָן ווערן, שטעלט זיך מיר די ערשטע קשיא: „צי דאָס האָט ניט אָפּגעטאָן אַ איד?" און אויב ניט קיין איד, ווערט מיר אויפן האַרצן לייכטער און די גאַנצע פּאַסירונג ווערט אַ לייכטערע. און טאָמער פאַרקערט, שעם איך זיך פּשוט אין גאַס אַרויסצוגיין, און דאָס ווערט געאַרבעט אין מיר אומבאַוואוסטזיניק, ווייל אַ סך מאָל איז עס קעגן מיינע איבערצייגונגען, אָבער דאָס איז דער גלות־איד אין מיר, די מורא פאַר דעם, „וואָס וועלן זיי זאָגן?" אין דעם פאַל מיט די ברי־דער קאַנאַ האָט זיך אין מיר אויך אָנגעצונדן דער שאָוויניסט. ווען זיי האָבן צו מיר געטענה'ט, אַז ס'איז פאַר מיר מער פּלאַן צו פאָרן מיט זיי קיין פּעטערבורג און דאָרט גיין אין קאָנסערוואַ־טאָריום, איז מיר דאָס איינגעגאַנגען און געפעלן געוואָרן, אָבער אַזוי גיך, ווי דער עלטערער, איליושאַ, האָט זיך אויסגעדריקט „זשידאָווסקי טעאַטר" און גענומען אָפּלאַכן, ניט האָבנדיק אַפילו ווען־עס־איז געווען דאָרט און געהערט אַ אידיש טעאַטער, האָט עס גענומען אַרבעטן אין מיר פאַרקערט און עס האָט מיך גענומען פאַרדריסן, פאַרוואָס איך האָב אויף דעם בריוו פון די קאַמינסקים ניט געענטפערט, און בפרט נאָך, ווען די גאַנצע קאָמפּאַניע האָט זיך אונטערגעשריבן, און איך האָב זיי איגנאָ־רירט. האָט דאָס מיך וואָס אַ טאָג מער געמוטשעט, ביז אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, אין אַ נאָכמיטאָג, איז אַריינגעקומען אַ מאַן, עלעגאַנט־שיין געקליידט, און געפרעגט אויף מיר. איך

גיי צו נענטער. ער שטעלט זיך מיר פאָר, אַז ער הייסט הערמאַן בערמאַן (דער פאָטער פון איליאַ טרילינג), און ער בעט מיך, אַז איך זאָל מיט אַרויסגיין אינדרויסן. אַרויסגעקומען דרויסן, האָב איך דערזען אַברהם קאַמינסקין, וועלכן כ'האָב שוין גע־קענט פון פריער. עס האָט ניט לאַנג גענומען, האָבן מיר זיך אַלע דריי אַוועקגעזעצט אין גאָרטן, און קאַמינסקי הייבט אָן:

— גאָספּאָדין רומשינסקי, פאַרט מיט אונז, עס וועט אייך זיין גוט ווי די וועלט. מיר שפּילן איצט אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אין גרויסן „ליעטניעם טעאַטער" (זומער־טעאַטער). אנטקעגן אונז, דאָס הייסט אין דעם זעלבן גאָרטן, שפּילט טשערניאַכאָוו־סקי מיט זיין סימפאָנישן אָרקעסטער, און אַ ביסעלע אַרונטער, אין דעם זעלבן גאָרטן, איז דאָ אַן אָפענע בינע, וואו עס זינגען שאַנסאָנעטקעס. עס איז אַ גרויסער קאַפע־שאַנטאַן. קומט, וואָס ליגט איר דאָ מיט חזנים?

איך וויל ענטפערן, לאָזט ער מיך ניט און זאָגט ווייטער:

— קומט, כאָטש אויף פיר וואָכן, און נאָכדעם פאָרט אייך געזונטערהייט.

איך וויל ווייטער עפּעס זאָגן, אָבער ער לאָזט מיך ניט קומען צום וואָרט:

— איר וועט זיך פון אונז ניט אַרויסדרייען, ווייל מיין פרוי, אסתר רחל, האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל ניט קומען אָן אייך. מיין פרוי הערט ניט אויף צו רעדן פון אייך די גאַנצע צייט, זינט מיר האָבן פאַרלאָזט דווינסק.

בערמאַן, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, זאָגט:

— איר ווייסט, גאָספּאָדין רומשינסקי, איר קענט נעמען וויפיל מוזיקער איר ווילט, ווייל אונזער קאָנטראַקט מיטן גאָרטן איז, אַז ווען דאָס טעאַטער שפּילט, האָט די סימפאָניע איר אַנ־טראַקט (אינטערמישן), און מיר קענען נעמען וויפיל מוזיקער מיר באַדאַרפן פון דער סימפאָניע.

קאַמינסקי האָט ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ ווירקונג אויף

מיר האָבן געמאַכט די פּאָר ווערטער, וואָס בערמאַן האָט אַרויס־גערעדט, ווייל טשערניאַכאָווסקיס סימפאָנישער אָרקעסטער האָט אין יענער צייט געהאַט אַ נאָמען איבער גאַנץ רוסלאַנד. מען פלעגט זאָגן, אַז דער טאַלנער רבי פלעגט זיך דערלויבן דאָס פאַר־געניגן אַרונטערצוברענגען צו זיך טשערניאַכאָווסקין מיט זיין אָרקעסטער. און איצט, אַז איך האָב דערהערט פון בערמאַנען, אַז איך האָב אַ געלעגנהייט צו דיריגירן מיט אַזאַ אָרקעסטער, איז מיין ערשטע פראַגע געווען:

— ווען פאָרט איר?

און זיי האָבן געענטפערט:

—נאָך היינט!

איך האָב צוגעשטימט צו פאָרן, אָבער בלויז אויף איין חודש.

קומענדיק קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, איז בערמאַן מיט מיין באַגאַזש געפאָרן אין האָטעל און קאַמינסקי און איך זיינען גע־פאָרן אין גאָרטן. מיר זיינען אָנגעקומען אין גאָרטן זיבן פאַר־נאַכט. ווען איך בין אַריינגעקומען אין גאָרטן, בין איך פאַר־כאַפּט געוואָרן פון דער פריילעכקייט און קאָלירפולקייט. אַן עסטראַדע מיט אַן אָרקעסטער פון אַ מאַן עטלעכע־און־זיבעציק האָבן געשפּילט די אָווערטיור פון אָפּנבאַכס „אָרפעאוס", אין וועלכער עס איז דאָ ניט קיין לייכטער פידל־סאָלאָ, און דער סאָ־ליסט האָט עס שיין אַרונטערגעשפּילט. גלייך קעגנאיבער דעם אָרקעסטער האָט זיך געפונען אַן אָפענע בינע מיט אַ סך טיש־לעך אַרום, ווי אַ גרויסער רעסטאָראַן, און כמעט אַלע טישן זיינען געווען פאַרנומען, מערסטנס פון מענטשן אין מיליטע־רישע אוניפאָרמען, נידריקערע אָפיצערן, פּאָלקאָווניקעס און אייניקע גענעראַלן, און גלאַט „טשינאָווניקעס" (רעגירונגס־באַאַמטע). דאָס איז געווען דער „קאַפע־שאַנטאַן" (נאַכט־קלוב). אַ ביסל ווייטער איז געווען אַ גרויסער זומער־טעאַטער. דאָרט האָבן געשפּילט די קאַמינסקים מיט זייער טרופּע. יענע

נאכט האָט דאָס אידישע טעאַטער ניט געשפּילט, און כמעט די גאַנצע טרופּע איז געווען אין גאָרטן. די אַרטיסטן האָבן זיך מיט מיר אַרומגעכאַפּט, אָבער זיי זיינען אַלע געווען אַנטוישט פון מיין פּערזאָן. איך בין שוין דעמאָלט אַלט געווען אַכצן יאָר, אָבער נאָך אַלץ קליין און דאַר, און מער ווי שוואַרצע, לאַנגע האָר האָט מען אין מיר ניט אַרויסגעזען. אָבער מאַדאַם קאַמינסקי, אסתר רחל, איז איינפאַך אויפגעשפּרונגען פון באַגייסטערונג:

— איר וועט זען, וואָס עס וועט זיך דאָ מיט אייך אָפּטאָן. איר זאָלט וויסן, אַז דאָ האָט מען ליב אַ גוטן דיריזשאָר. קאַמינסקי זאָגט, אַז שוין מאָרגן וועט איר דיריגירן שטיינמאַנס „בר־כוכבא״.

שטיינמאַן איז געווען אַ גרויסער אַראַנזשירער פאַר אָרקעסטר. ער האָט זיך געהאַט ביז משוגעת פאַרליבט אין אַ אידישער כאָריסטקע און איז איר נאָכגעפאָרן אַ פּאָר יאָר. דערווייל האָט דערפון פּראָפּיטירט דער דעמאָלטיקער אידישער טעאַטער. ער האָט גענומען פון די אַלטע בלעטלעך נאָטן, ווי „שולמית״, „בר־כוכבא״, „שלמה המלך״, און געמאַכט פון דעם כמעט אָפּערעס.

דער קאָנצערט פון אָרקעסטער אין גאָרטן האָט זיך געענדיקט און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער פּראָגראַם פון קאַפעשאַנטאַן. קאַמינסקי האָט באַשטעלט אַ ריי טישלעך פאַר אונז פון פאָרנט. די סטאַרס פון פּראָגראַם זיינען געווען מאַדמואַזעל זשאַנעט און דער קופּלעטיסט פּישקינד. צוערשט האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז פרייליין זשאַנעט, די רייטערין פון ביאַליסטאָקער צירק. אָבער ווען כ'האָב מיך צוגעקוקט צו איר בילד, האָב איך געזען, אַז דאָס איז ניט זי, נאָר אַן אַנדערע. און קאַמינסקי האָט מיך, לאַכנדיק, פאַרזיכערט, אַז איך קען זי ניט, ווייל אַך און ווי וואָלט געווען צו מיר, ווען איך קען זי יאָ. און ער זאָגט ווייטער:

— שטעלט זיך פאָר, אַז די אַלע ווייבער פון די פּאַלקאָווניקעס און טשינאָווניקעס האָבן געבעטן, אַז מען זאָל זי וואָס גיכער ארויסשיקן פון יעקאַטערינאָסלאַוו, ווייל זייערע מענער פאַרשווענדן זייער גאַנצן געהאַלט אויף איר. איר קאָנטראַקט איז אויף דריי חדשים, זי וועט אָבער ניט זיין מער, ווי זעקס וואָכן, דאָס הייסט, זי האָט נאָך צוויי וואָכן צו זיין דאָ. מען קען ניט קריגן קיין טישל, זינט זי איז דאָ. אָבער אונז שטערט זי ניט . . .

רופט זיך אָן בערמאַן, וועלכער פלעגט אַלע מאָל רעדן זייער ווייניק:

— אַזוי פיל הונדערטער זאָל איך פאַרמאָגן, וויפיל אידן זי נעמט צו פון אידישן טעאַטער.

און וואָס איז נוגע דעם סטאַר־קופּלעטיסט פישקינד, איז ער טאַקע אַ ברודער פון דעם ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם אידישן אַקטיאָר אברהם פישקינד. אברהם פישקינד האָט קיין מאָל ניט געוואָלט הערן און אויך ניט דערמאָנען דעם נאָמען פון זיין ברודער, ווייל דער קופּלעטיסט פישקינד האָט זיך גע׳שמד׳ט נאָך אַלס יונגערמאַן און דערצויגן זיינע קינדער אין עכט־פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן.

## דאָס שיקסל קאַטיאַ...

פישקינד איז געווען אַן אַרטיסט אין זיין פאַך. אַז ער פלעגט אַרויפגיין אויף דער בינע, פלעגט ער זי אינגאַנצן דאָמי־נירן, און אַמאָל אויך דעם גאַנצן אָוונט. ביי אים פלעגט דער אָרקעסטער שפּילן אַ גרויסע ראָלע. אומגעפער, ער פלעגט זינ־גען אַ קופּלעט „פּאָזשאַר" (אַ שרפה); איז איידער ער איז אַרויס־געקומען אויף דער בינע, איז אין אָרקעסטער געווען אַ גאַנצע סימפאָניע, וואָס שטעלט פאָר דאָס פייער, און ער פלעגט פון הינטער די קוליסן נעמען וואַרפן אַ פאַרברענטן מאַטראַץ, קישנס, זאָקן, קאָרסעטן, און נאָך און נאָך, אָבער יעדע זאַך האָט ער געוואָרפן צום טאַקט און אויסדרוק פון דער מוזיק, ביז ער אַליין פלעגט אַרויסקומען און נעמען שרייען (זינגען): „פּאָ־זשאַר!". געוויינלעך זיינען אַלע זיינע טיפּן געווען אידישע, און צווישן זיינע גרויסע קופּלעטן פלעגט ער אויך זינגען אַ קופּלעט „שבת מאַכן" און פלעגט אויסרעכענען, וואָס מען באַ־דאַרף אַלץ האָבן אויף „שבת מאַכן". און אויך דאָ פלעגט דער אָרקעסטער קערן וועלטן. ער איז געווען דער פּאָפּולערסטער קופּלעטיסט אין רוסלאַנד אין יענע צייטן, ער פלעגט פאַרדינען גאָלד, און מען פלעגט זאָגן, אַז פישקינד איז דער אַמבעסטן באַ־צאָלטער אַקטיאָר אין גאַנץ רוסלאַנד. ווען איך האָב אים דע־מאָלט געהערט צום ערשטן מאָל, האָב איך באַקומען אַ פאַרלאַנג צו אַראַנזשירן פאַרן אָרקעסטער אייניקע פון זיינע נומערן.

דערנאָך איז אַרויס אויף דער בינע מאַדמואַזעל זשאַנעט. נאַטירלעך, בין איך געווען זייער נייגעריג זי צו זען, שוין צוליב דעם פאַקט אַליין, וואָס די רעגירונג האָט איר דערלויבט צו זיין דאָ בלויז אַ געוויסע צייט, מורא האָבנדיק, זי זאָל ניט מאַכן אַלע באַאַמטע פאַר אָרעמעלייט.

איר ערשטער נומער איז געווען אַ האַרעם-נומער. עס זייַנען אַרויס מיידלעך (כאָריסטקעס) צו „זוכן דעם פּאַשאַ", — און דעמאָלט קומט זי אַרויס, אויך „זוכנדיק דעם פּאַשאַ". די מוזיק איז געווען אַן אָריענטאַלישע (איצט וואָלט מען עס גערופן „טאַנגאָ"). זשאַנעט האָט מיך ניט איבערראַשט, נאָכדעם ווי איך האָב שוין געהאַט געזען די טשעלסקאַיאַ, דאָבראָטיני, אָכמאַטאָווא, גילדענבראַנדט. איצט באַגרייף איך, אַז איר גאַנצע קונסט איז באַשטאַנען אין „סטריפּ טיז", רייצן מיט איר נאַקעטקייט, — און דאָס פּלעגט זי מאַכן זייער פיין. דאָס איבערטאָן זיך פון איין נומער צום צווייטן — דאָס אַליין איז געווען ביי איר אַ גאַנצער נומער, ווייל זי פּלעגט בייטן אירע קאָסטיומען פאַרן פּובליקום אין די אויגן. דער אָרקעסטער פּלעגט שפּילן די גאַנצע צייט, און זי פּלעגט זיך דאָ אַ ביסל צעלאָזן מיט איר מענה-לשון צום פּובליקום, געוויינלעך אין רוסיש, אָבער מיט אַ פראַנצויזישן אַקצענט. זי האָט געהאַט אַן אָפּגעטאָקט פיגורל, וואָס מען וואָלט אין אַמעריקע גערופן „עי פּוירפעקט פיגור": זי פּלעגט זינגען אַלערליי סאָרטן קופּלעטן אין אייניקע שפּראַכן. זי איז געווען זייער טאַלענטפול, אָבער איבערראַשט האָט זי מיך ניט. ווען מאַדאַם קאַמינסקאַיאַ האָט געהערט מיין מיינונג איבער זשאַנעט, אַז איך בין ניט איבערראַשט, האָט זי זיך מחיה געווען; אָבער הער קאַמינסקי איז געווען זייער באַגייסטערט פון איר און ער האָט געזאָגט, אַז איך בין נאָך צו יונג צו אורטיילן וועגן פרויען. האָט אסתר רחל געענטפערט, אַז אין אים רעדט שוין די עלטער, ווייל דער גרעסטער טייל פּאַטריאָטן פון זשאַנעטן זיינען עלטערע באַאַמטע, באַנקירן, אַלטע גענעראַלן.

ווען מיר זיינען אַוועק אין האָטעל, האָב איך פאַרלאַנגט, מ'זאָל מיר געבן די נאָטן פון שטיינמאַנס „בר־כוכבא". קאַמינסקי האָט עס מיר אַריינגעטראָגן אין מיין צימער. אין אַ פּאָר שעה צייט האָב איך זיי גוט דורכגעקוקט און בין אַנטשלאָפן

געוואָרן מיט די נאָטן אויף מיר און אַרום מיר — ביז קאַמינ־סקי האָט אינדערפרי אַריינגעטראָגן אַ גרויסע אַפישע (פּלאַ־קאַרד), וואו עס איז געשטאַנען, אַז היינט גייט „בר־כוכבא" „פּאַד אופראַוולעניעם איזוויעסטנאַוואָ דיריזשאָרא רומשינסקאַ־וואָ" (אונטער דער לייטונג פון דעם באַוואוסטן דיריזשאָר רומישנסקי). דעמאָלט האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען, ווי מ'בלאָפט. זיי שרייבן „דער באַוואוסטער דיריזשאָר", בשעת מיך האָט נאָך קיינער ניט געקענט. פרעג איך קאַמינסקין:

— ס'טייטש, פאַרוואָס זאָגן ליגן?

זאָגט ער:

— מ'וועט אייך שוין היינט נאָך דער פאָרשטעלונג קענען.

און אַזוי איז טאַקע געווען. עס איז געווען אַ גרויסאַרטיקע פאָרשטעלונג. „בר־כוכבא'ן" האָט געשפּילט איינער אַ גוזיק, אַ גרויסער יאָלד, זייער ניט־מוזיקאַליש. אָבער ער האָט פאַר־מאָגט אַ זייער גרויסע טענאָר־שטימע, און זיין פּאַרטי האָט ער גוט געקענט. „פּאַפּוס" האָט געשפּילט קאַמינסקי. ער איז געווען גוט אין דער ראָלע. אסתר רחל האָט געהאַט ניט קיין גרויסע און אויך ניט קיין שיינע שטימע, אָבער זי האָט זיך געקענט העלפן מיט איר שוישפּילערישער קראַפט. דער אָר־קעסטער איז באַשטאַנען פון עטלעכע־און־צוואַנציק גוט־געשולטע מוזיקער. שוין גלייך נאָך דער אָווערטיור, וואָס שטיינמאַן האָט געשריבן, איז געפאַלן אַ דונער־אַפּלאָדז, און נאָך דער פאָר־שטעלונג איז געווען ווייטער פריילעך ביז פאַרטאָג אין קאַפע־שאַנטאַן.

ווען איך בין אַריין אין האָטעל, איז שוין געווען ליכטיק. ווען איך האָב געעפנט די טיר פון מיין צימער, האָב איך גע־פונען אַ קליין צעטעלע אין רוסיש, וועלכער האָט זיך געלייענט אומגעפער אַזוי:

„דאָראָגאָי (טייערער) יאָשקעלע, זיי מאָרגן דריי אַזייגער אין פּאָטיאָמקינס גאָרטן, ביי פּאָטיאָמקינס מאָנומענט. זיי איי־

נער אַליין". דער אונטערשריפט איז באַשטאַנען פון איין אות „קאַ", אַזוי ווי אויף אידיש אַ „קוף". די האַנטשריפט איז גע־ווען ניט זייער קיין אויסגעשריבענע, אַזוי ווי פון אַ מענטשן, וואָס שרייבט זעלטן. איך האָב געהאַלטן אין איין קלערן: ווער קען מיך דאָ פאַר אַ יאַשקעלע? ווייל יאַשקעלע פלעגט מען מיך רופן נאָך אינדערהיים, און דאָס אַלס קינד.

צומאָרגנס, באַלד נאָכדעם ווי איך בין אויפגעשטאַנען, האָט מיר קאַמינסקי געזאָגט, אַז זיי גייען אויפפירן „עקדת יצחק". און טאַקע באַלד ברענגט ער מיר אַריין אַ פּאַק מיט נאָטן שוין צו שרייבן פאַרן אָרקעסטער. די נאָטן קומען פון „זאַגראַניצע" (אויסלאַנד). איך זע, אויף די נאָטן איז אָנגעשריבן אין דייטש: „מוזיק פון גאָלדפאַדען, אַראַנזשירט פון מ. פאַלל". דער פאַלל איז געווען אַ באַוואוסטער דייטשער מיליטער־קאַפּעלמייסטער און דער פאָטער פון דעם קאָמפּאָזיטאָר לעאָ פאַל, וועלכער האָט געשריבן די גרויסע דייטשע סוקסעס־אָפּערעטן, ווי למשל, „דאָלאַר־פּרינצעסין", וועלכע האָט שפּעטער געהאַט אַ גרויסן בייפאַל אין אַמעריקע. אַז איך האָב דערזען נייע נאָטן, האָב איך שוין אָן אַלעם פאַרגעסן. און בפרט נאָך, ווען קאַמינסקי האָט גענומען רעדן, — דאַן האָט איר שוין ניט געהאַט קיין גע־לעגנהייט ניט נאָר צו רעדן, נאָר אַפילו צו דענקען.

קאַמינסקי איז געווען זייער אַ ליבער מענטש, אַן אמת'ער גוטער־ברודער, אָבער אַן איבערטרייבער. און ער האָט געגנר־מען האָקן אַ טשייניק פון דער נעכטיקער פאַרשטעלונג — וואָס פאַר אַ סוקסעס איך האָב געמאַכט, און ער האָט אויף יעדן וואָרט, חלילה, זיך ניט פאַרגעסן, ביז מיר זיינען אַוועק צו פּראָבע פון „שלמה המלך".

די געשעפטן זיינען געווען גלענצנדע, אויפן האַרצן פריי־לעך — איז מען געגאַנגען נאָכן שפּילן ווידער אין שאַנטאַן. ווען מיר זיינען געזעסן ביי אַ טישל אין שאַנטאַן, גייט פאַרביי אַ „מיראָוואָי סודיאַ" (אַ דזשאָדזש) און זאָגט צו קאַמינסקין:

— „קאַקאַיאַ ווי ניעמיעצקאַיאַ טרופּאַ?״ (וואָס פאַר אַ דײַ־טשע טרופּע זענט איר?) — און הייבט אָן רעדן אין דײַטש: — איך בין פאָן דויטשע עלטערן. איך ווייס, וואָס דויטש איזט. זי שפּילן אידיש. — און הייבט ווידער אָן אין רוסיש: — אָבער ס׳איז גוט, גוט געשפּילט און גוט געזונגען. — און ער זאָגט צו קאַמינסקין: — „או וואַס טאַלאַנטליווי דיריזשאָר״ (ביי אייך איז דאָ אַ טאַלענטירטער דיריזשאָר).

ווען ער איז אַוועק, איז קאַמינסקיס פּנים געווען ווייס ווי דאָס טישטוך, און ער זאָגט צו מיר:

— איר האָט געהערט, וואָס ער האָט געזאָגט? אונזער דערלויבעניש איז דאָך פאַר אַ דײַטש טעאַטער. אידיש טעאַ־טער דערלויבט מען ניט אין רוסלאַנד. אַזאַ חברה־מאַן קאָן אונז דער׳הרג׳ענען.

אָבער אַ ווײַלע שפּעטער איז אַלץ פאַרגעסן געוואָרן, און מ׳האָט ווײַטער געהוליעט.

און ווי מיר זיצן אַזוי ביים טיש, טראָגט אַ קעלנער צו אַ „קאַרטאָטשקע״ (קאַרטל) מיט דער זעלבער האַנטשריפט, וואָס איך האָב נעכטן געפונען ביי דער טיר אין האָטעל־צימער. אויפן קאַרטל איז געווען געשריבן: „כאָטשו וואַס ווידיעט״ (כ׳וויל אייך זען). און אונטערגעשריבן איז ווידער געווען „קאַ״. און דער קעלנער ווייזט מיר אָן די טישלעך, וואָס געפינען זיך אויבן, אַזוי ווי לאָזשעס (באַקסעס). דאָרט איז געזעסן זשאַנעט מיט אַ קאָמפּאַניע „וואָיענשטשינע״ (מיליטער־לייט). איך בין אַרויפגעגאַנגען. זי איז געבליבן זיצן קאַלט. און מיט אַ שמייכל בעט זי מיך צו זעצן זיך אויף אַ שטול לעבן איר. דער־נאָך זאָגט זי:

— איך האָב אייך נעכטן געזען דיריגירן די אָווערטיורע און אַ האַלבן ערשטן אַקט. „ווי אָטשען ספּאָסאָבני״ (איר זייט זייער אַ פעאיקער).

אין אַ מאָמענט, ווען די גאַנצע קאָמפּאַניע האָט געטרונקען, האָט זשאַנעט זיך צוגעבויגן צו מיר און געזאָגט:

— פאַרוואָס ביסטו היינט ניט געקומען? זיי מאָרגן אין דער זעלבער צייט, אינם זעלבן פּלאַץ, אָבער אַליין, און רעד ניט!

איך בין גלייך אַרונטער און האָב געמיינט, אַז איך ווער משוגע פון קלערן. ווער איז זי? פון וואַנען קען זי מיך? איך בין געגאַנגען אין מיין צימער און קוים דערלעבט דעם מאָרגן. איינס אַזייגער האָב איך פאַרלאָזן דעם האָטעל און זיך געלאָזן אין וועג אַריין. איך בין געקומען צו פּאָטיאָמקינס מאָנומענט האַלב נאָך איינס. פּונקט צוויי אַזייגער איז פאַרביי־געפאָרן אַ פאַרמאַכטע קאַרעטע מיט גומענע רעדער. אַזוי פלעגן פאָרן די פּריצים. אויף דער קאַרעטע זיינען געווען צוויי קוטשערס, אָנגעטאָן אין צילינדערס און אין לאַקירטע שטיוועלעך. איינער איז גלייך אַרונטער און געעפנט פאַר מיר די טיר פון דער קאַרעטע. זשאַנעט איז דאָרט געזעסן איינע אַליין. ווי נאָר איך בין אַריין און די טיר האָט זיך צוגעמאַכט, האָט זי מיך אָן צערעמאָניעס גענומען האַלדזן און קושן:

— יאָשקעלע! „דאָראָגאָי" (טייערער) יאָשקעלע! איך האָב דאָך דיך גלייך דערקענט. ווען איך האָב געלייענט אויפן אַפיש דיין נאָמען, בין איך געגאַנגען זיך איבערצייגן, צי דו ביסט עס — און גלייך דיך דערקענט. — און זי כאַפּט מיך ווידער אַרום:

— אָך, ווי גוט עס איז זיך צו דערמאָנען אָן די קינדערשע יאָרן!

איך זיץ ווי אַ טויטער און ווייס נאָך אַלץ ניט, ווער זי איז. און מיט אַמאָל גיט זי מיך אַ פרעג:

— פאַרוואָס קושסטו ניט דיין חבר'טע קאַטיאַ, יאַנוקס טעכטערל? נו, יאַנוק, דעם סטרוזשס טעכטערל. די אידן פלעגן מיך רופן „קאַשקע".

ווען איך האָב מיך דערוואוסט, ווער זי איז, האָבן מיר זיך שטאַרק געקושט.

— ווען איך האָב נעכטן — זאָגט זי ווייטער — דיך געזען דיריגירן דעם אָרקעסטער, האָב איך נאָר געטראַכט פון דיין מאַמען. זי האָט דאָך אויסגעזען ווי אַ פּריצ׳טע. ווען זי וואָלט דאָס דערלעבט! דו ווייסט, יאָשקעלע, איך האָב געוויינט.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אַריין אין אַ גערטנדל, וואו מען פאַרקויפט אַ קאַלטן טרונק און אויך „סאַכאַרנאָיע מאָראָזשעננאָיע" (אייז־קרים). זי האָט געהייסן די צוויי קוטשערס גיין און קומען אין צוויי שעה אַרום. מיר זיינען אַוועק טיף אין גערטנדל, וואו עס איז געווען אַ „בעסעדקע" (זומער־הויז), און דאָרטן זיך אַוועקגעזעצט.

די אָנגעצויגענע, באַרימטע שאַנסאָנעטקע איז ווידער געוואָרן פאַרוואַנדלט אין „קאַטיאַ", דעם סטרוזשס טעכטערל, און זי האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט זיך באַרואיקן, וואָס זי האָט מיך געטראָפן. זי זאָגט:

— דו ווייסט, רומשינסקי, (צום ערשטן מאָל, וואָס זי האָט מיך גערופן ביי מיין צווייטן נאָמען), אַז דו האָסט מיך געטריבן צו מיין קאַריערע? איך האָב דיך אַלס קינד זייער ליב געהאַט. כאָטש איך בין געווען פינף יאָר עלטער פון דיר (ביז איצט האָב איך געמיינט, אַז מיר זיינען געווען אין איין עלטער), פלעג איך אַרויפקוקן צו דיר, ווי צו אַ גאָט. איך פלעג הערן דערציילן, אַז דו זינגסט אין די סינאַגאָגעס און דו גייסט אין די קלאַסן, — און איך פלעג דיך מקנא זיין. ווען דו ביסט אַוועקגעפאָרן, פלעגט מיין טאַטע דערציילן, וואָסערע בריוו עס קומען פון דיר, און איך האָב נאָך דיר געבענקט, אַז איך האָב געמיינט, איך שטאַרב... און איך האָב באַשלאָסן אויך צו ווערן גרויס, אינטערעסאַנט, — אַז יאָשקעלע לערנט דאָרט, וועל איך לערנען דאָ. די ערשטע זאַך, וואָס איך האָב געטאָן, איז געווען — זוכן באַקאַנטשאַפט מיט בעסערע מענטשן. מיין טאַטע פלעגט מיך שיקן צו די קאַוואַרסקעס. געדענקסט דאָך די קאַוואַרסקעס, די רייכע אידן. פלעגט מיך מיין טאַטע שיקן,

אַז איך זאָל דאָרטן אַרויסהעלפן. איך פלעג גערן גיין אַהין. ספּעציעל זינט עס איז אָנגעקומען דער פּראָווינציאַלער לערער מאַנצאָ. ער איז געווען אַ מענטש אין די פערציקער, און איך בין דעמאָלט געווען אַ פופציקנקע, אַ גראַבינקע — איז ער איינ־פאַך אויסגעגאַנגען פאַר מיר. רוסיש האָב איך געלערנט אין דער אוטשילישטשע — האָב איך אים געבעטן, ער זאָל מיט מיר לערנען פראַנצויזיש. איך האָב אים שטאַרק ניט באַדאַרפט בעטן. ער איז געווען גליקלעך צו בלייבן מיט מיר אַליין. איך האָב מיך טאַקע מיט אים אַרומגעשפּילט, אָבער איך האָב גע־לערנט פלייסיק. אויסער לערנען אין די ביכלעך, פלעגן מיר אַרומגיין גאַנצע נעכט און פירן שמועסן אויף פראַנצויזיש. ער האָט גענומען אַ גרויסן אינטערעס אין מיר, אויך אין מיינע מאַ־ניערן, קליידונג און פריזור. דאָס האָט אַזוי געדויערט אַרום דריי יאָר צייט. און ווען ער האָט באַדאַרפט פאָרן צוריק קיין פראַנקרייך, בין איך מיט אים מיטגעפאָרן. און ווייטער איז צו פיל צו דערציילן... איך האָב אַלץ געטאָן, כדי צו מאַכן אַ קאַריערע. איך בין געווען אומעטום: אין פּאַריז, בערלין, ווין, פּעטערבורג, מאָסקווע, פּעקין, עגיפּטן. קורץ — אומעטום. כ׳האָב אויסגעפונען, אַז אַלע ווילן זיין אָפּגענאַרט. יעדער האָט ליב ס׳פרעמדע, ניט ס׳אייגענע — ניט נאָר פרויען, נאָר אַפילו שפּראַכן. די פראַנצויזישע שאַנסאָנעטין וועט האָבן אַ גרע־סערן בייפאַל אין פּעטערבורג ווי אין פּאַריז. און די רוסישע סוברעטין וועט האָבן אַ גרעסערן דערפאָלג אין פּאַריז, ווי אין פּעטערבורג. דערפאַר הייס איך זשאַנעט, ניט קאַטיאַ. איך בין רייך. איך האָב אַ היים אין דער שווייץ און אין ווישי (פראַנקרייך). און איך ווייס אויך, אַז אַלע מענער, געביל־דעטע און ניט־געבילדעטע, האָבן אין דער פרוי „איין ציל". און טאַקע דערפאַר וועל איך לעגאַל קיין מאָל ניט חתונה האָבן.

איך האָב זי געפרעגט וועגן איר פאָטער, האָט זי געזאָגט, אַז אַ יאָר נאָכדעם ווי זי האָט פאַרלאָזן ווילנע, איז געווען אַ

פייער אין דעם הויף, וואו מיר האָבן געוואוינט. דאָס ערשטע האָט אָפּגעברענט זייער קעלער. איר טאַטע האָט מסתמא דע־מאָלט געמוזט זיין אַ ביסל פאַרטרונקען, ווייל מען האָט אים שפּעטער געפונען אין די חורבות פון קעלער...

מיר זיינען נאָך געזעסן און גערעדט, ביז זי האָט זיך אויפ־געהויבן און צוריק אַרויפגעצויגן אויף זיך די באַרימטע שאַנ־סאָנעטין זשאַנעט. עס האָט שוין געוואַרט די קאַרעטע מיט די גומענע רעדער. מען האָט געעפנט דאָס טירל פון דער קאַ־רעטע. זי איז אַריין, נאָכדעם איך, און מיר זיינען געפאָרן.

און פאָרנדיק צוריק, האָב איך פאַר זיך געזען אַ גאַנץ אַנדער מענטשן, אַ גאַנץ אַנדערע האַלטונג. דאָס שיקסל קאַ־טיאַ און די פראַנצויזישע שאַנסאָנעטקע זשאַנעט האָבן זיך ביידע געוויגט פאַר מיינע אויגן.

## וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך האָב זי ליב ?...

פאַרנדיק צוריק מיט דער שאַנסאָנעטין זשאַנעט, האָב איך ניט גערעדט, און זי אויך ניט. אין אונזערעביידנס געדאַנקען איז דורכגעגאַנגען אַ גאַנצע וועלט. איך האָב פאַר זיך געזען אומגעפער אַזאַ בילד: מיין מאַמע, עליה השלום, האָט מיך געפירט ביים הענטל עסן „סאַכאַרנאָיע מאָראָזשעננאָיע" צום קליינעם פלעצל ביי אַלעקסעיסקע (דער פּאָפּולערסטער סאַכאַר־ני־מאָראָזשענניק דעמאָלט ביי ווילנער אינגלעך). איז אַרויס־גייענדיק פון אונזער טויער, געשטאַנען קאַטיאַ. זאָג איך אַזוי, אויספיינענדיק זיך מיט אַ קינדערשן באַרימערישן טאָן: „איך גיי צו אַלעקסעיסקען עסן מאָראָזשענאָיע". איז זי געבליבן שטיין ווי אַ נעבעכל. זאָגט מיין מאַמע: „קום, קאַשקאַ", און זי נעמט זי אָן מיט דער אַנדערער האַנט און פירט אונז ביידן עסן סאַכאַרנאָיע מאָראָזשעננאָיע. און אַזוי זיצנדיק אין דער קאַרעטע, זאָג איך:

— געדענקסט, ווי מיין מאַמע האָט אונז ביידן געפירט עסן סאַכאַרנאָיע מאָראָזשעננאָיע?

שווערט זי זיך פאַר מיר, אַז ווען זי עסט נאָך איצט סאַכאַר־נאָיע מאָראָזשעננאָיע, דערמאָנט זי זיך אָן יענער סצענע און וואָלט וועלן פילן דעם זעלבן טעם, ווי פון יענער מאָראָזשעננאָיע. און מיר זיצן ווייטער, פאַרטיפט אין די קינדערשע יאָרן, ביז מיר זיינען שוין ביי איר וואוינונג אין „פּאַריזשסקי האָטעל" (פּאַריזער האָטעל).

איידער זי איז אַרונטער, זאָגט זי צו מיר:

— „דאָראָגאָי מאָי" (טייערער מיינער), זאָג קיינעם קיין וואָרט ניט פון דעם. איך וועל דיך שוין זען אָפּט. די קורצע צייט, וואָס איך וועל דאָ זיין, וועלן מיר פאַרברענגען צוזאַמען,

— זי נעמט מיך אַרום, דריקט מיך שטאַרק צו זיך. איך קוש זי, זי קושט מיך און זאָגט:

— „מי סקאַראָ אואווידימסיא, דאַראָגאַי מאָי" (מיר וועלן זיך אינגיכן זען, טייערער מיינער), — און איז מיט די ווערטער אַרויס פון דער קאַרעטע. זי האָט אָנגעזאָגט די קוטשערס מיך צו פירן, וואוהין איך וועל זיי זאָגן, און איז פאַרשוואונדן. איך האָב זיי געהייסן מיך צופירן אין גאָרטן, וואו דאָס טעאַ־טער געפינט זיך.

אַרונטערגייענדיק פון דער קאַרעטע, האָב איך געפילט, אַז מיט מיר האָט עפּעס פּאַסירט. מיינע געדאַנקען זיינען גע־פלויגן — אָט בין איך געווען גליקלעך, וואָס איך האָב זי גע־טראָפן, און אָט בין איך מוטלאָז, אומעטיק. און אַזוי האָב איך מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, ביז דער אָרקעסטער פון גאָרטן האָט איבערגעשלאָגן מיינע געדאַנקען מיט איוואַנאָוויטשעס אַ וואַלץ. און אָט פאַלט מיין אויג אויף די טישלעך פון קאַפע־שאַנטאַן, וואו זי וועט באַלד זיצן מיט די אָפיצערן, אַלטע פאַל־קאָווניקעס און גענעראַלן. און אַזוי בין איך געזעסן, פאַר־טיפט אין מיינע געדאַנקען, ביז אַ מוזיקער פון אָרקעסטער, וועל־כער האָט מיך דערזען פונדערווייטנס, איז צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט:

— קאַמינסקי זוכט אייך אַרום; ער ווייס ניט וואָס איבער־צוקלערן.

איך גיי צום טעאַטער. קאַמינסקי כאַפּט זיך מיט מיר אַרום און זאָגט:

— אַבי דו ביסט דאָ. איך האָב געמיינט, ווער ווייס, וואָס מיט דיר האָט פּאַסירט.

קלער איך זיך: „עס האָט אַ סך פּאַסירט, אָבער זי הייסט ניט אויסזאָגן".

עס איז ניט געווען קיין סך צייט, ווייל עס איז שוין געווען באַלד צייט צו דער פאָרשטעלונג. איך האָב עפּעס צוגעביסן,

ווייסנדיק, אַז נאָך דער פאָרשטעלונג וועלן מיר גוט עסן. אַלע האָבן אין מיר דערקענט, אַז עס איז מער ניט דאָס זאָרגלאָזע אינגל, דאָס נאַאיווע אינגל, וועלכעס מען האָט געקאָנט צופרידנ־שטעלן מיט אַ גרויסן אָרקעסטער און שיינע זינגערינס. ביי דער פאָרשטעלונג האָב איך אַזוי ווי עפּעס געזוכט, עפּעס אַזוי ווי עס וואָלט מיר געפעלט אַ געוויסע זאַך, און כמעט יעדער האָט עס באַמערקט, און אַלע האָבן באַשלאָסן, אַז איך בין ניט גע־זונט.

יאָ, זיי האָבן אַלע געטראָפן — איך בין געווען קראַנק, קראַנק נאָך קאַטיאַן. פאַר מיר איז זי געווען קאַטיאַ, ווייל זשאַנעט די שאַנסאָנעטקע האָב איך געהאַסט, איך האָב מיך שטערבלעך פאַרליבט אין קאַטיאַן.

מען זאָגט, אַז עס זיינען דאָ צווייערליי קערפּערלעכע לי־בעס — די ליבע, וואָס קומט אין דער ערשטער יוגנט, און די ליבע פון דער צווייטער יוגנט. די קאַטיאַ־ליבע איז געווען די ערשטע, ערנסטע ליבע מיינע פון דער ערשטער יוגנט, ווייל ביז איצט זיינען די פאַלן מיט סאָניטשקאַן, בערטאַן און זשאַנעט דער רייטערין געווען ליבעס מער פון זייער זייט, ווי פון מיין זייט. איך האָב געפילט מיך זייער אָנגענעם אין זייער געזעלשאַפט, אָבער אַ גוטע קאָמפּאָזיציע, אַ שיינער אַקאָרד און גלאַט גוטע מוזיק און אַפילו אַן אינטערעסאַנטע קאָמפּאַניע האָבן מיך גע־קאָנט מאַכן פאַרגעסן אָן יעדער פון זיי; אָבער זינט איך האָב קאַטיאַן באַגעגנט, האָט מיר געגנאָגט מיין יונג הערצעלע, איך פלעג אַלע מאָל עפּעס זוכן; איך האָב נאָר געפילט גוט, ווען איך האָב געקוקט אויף איר, אויף קאַטיאַן; עס האָט ניט אויסגע־מאַכט, ווי ווייט איך בין פון איר, אַבי איך האָב זי נאָר געזען.

מען האָט באַשטעלט אַ געזאַנג־פּראָבע פאַר „עקדת יצחק״. די פּראָבע איז פאָרגעקומען אין דעם זומער־טעאַטער. איך בין געזעסן ביי דער פּראָבע אַ ניט־אויסגעשלאָפענער, געל ווי וואַקס; איך האָב געמאַכט די פּראָבע אָן נשמה און אָן האַרץ. אַלע

האָבן זיך אומגעקוקט און באַשלאָסן, אַז איך בין קראַנק. נאָך דער פּראָבע איז צוגעקומען צו מיר אַ מיליטערישער דאָקטאָר, אַ רוס, מיך באַטראַכט און געזאָגט, אַז איך מוז ליגן רואיק. מען האָט מיך אָפּגעפירט אַהיים, צו מיר אין האָטעל. אין צי־מער זיינען געווען אייניקע אַקטיאָרן און מאַדאַם קאַמינסקאַיאַ האָט זיי אַלעמען געהייסן גיין, ווייל איך מוז האָבן רו, ביז זי איז געבליבן מיט מיר אַליין. זי האָט לאַנגזאַם אַוועקגעלייגט איר דאַרע, קאַלטע, טרוקענע האַנט אויף מיין הייסן, פייכטן שטערן. איך האָב מיך געפילט אַ ביסל לייכטער. רופט זי זיך אָפּ:

— איך בין שולדיק אין אייער אומגליק, איך האָב מיך אָנ־געלייגט אויף אייערע טייערע, יונגע יאָרן און אייך אַרונטערגע־בראַכט אַהער. — און אַזוי רעדנדיק, שטעלט זי זיך אויף און הייבט אָן זיך קלאַפּן מיט דער האַנט אין האַרצן, זאָגנדיק: — נאָר ווער זאָל געוועזן וויסן, אַז די בעסטיע אין מענטשן־גע־שטאַלט וועט אַזוי פאַרדרייען דעם קאָפּ אַזאַ טייערן, אומשול־דיקן בחור'ל?...

איך הייב אויף דעם קאָפּ און קוק זי אָן: פונוואַנען ווייס זי?

— יאָ, איר באַדאַרפט מיך גאָרניט אָנקוקן. איך האָב אויפן צווייטן טאָג געזען, אַז דאָס אומגליק איז גרויס. עס האָט אייך שוין קיינער ניט אינטערעסירט — ניט די טרופּע, ניט דאָס פּובליקום, קיינער ניט, נאָר זי! — גערעדט האָט אסתר רחל קאַמינסקי אין אַ טאָן, ווי מען באַקלאָגט אַ טויטן, און זאָגט ווייטער: — איך, איך בין שולדיק. נאָר ווער זאָל זיך עס ריכטן? זי האָט קנאַפּ אירע אַלטע גענעראַלן, אירע אַלטע בעלי־עברה'ניקעס? וואָס וויל זי, די בעסטיע, פון אַזאַ יונגן קרבן? זי האָט קנאַפּ אירע קרבנות?...

איך בין די גאַנצע צייט געלעגן אין גרויס היץ און איך האָב מיך אַלץ געריסן אַרונטערצוגיין, ביז... איך האָב גע־חלש'ט און בין אַרונטערגעפאַלן פון בעט. ווען איך האָב מיך

אויפגעכאַפּט, איז דער „וואַיענני"(מיליטערישער) דאָקטאָר גע־זעסן לעבן מיר. איך האָב קיינעם ווייטער ניט געזען, ווייל כ'האָב גלייך די אויגן צוגעמאַכט צוריק. ווען איך האָב צום צווייטן מאָל געעפנט די אויגן, אין אַ פינף־זעקס שעה אַרום, איז געזעסן קאַטיאַ (זשאַנעט) אויפן זעלבן אָרט, וואו פריער איז געזעסן אסתר רחל קאַמינסקי. איך האָב געעפנט ברייט די אויגן און האָב געהערט, ווי דער דאָקטאָר זאָגט, האַלטנדיק מיין פּולס:

— „אָן וואַס טשוואָוסטוואָיעט" (ער פילט אייך).

איך האָב פאַר שוואַכקייט ניט געקאָנט לאַנג האַלטן אָפן די אויגן, איך האָב אָבער געהערט, אַז עפּעס טוט זיך אַרום מיר.

ליגנדיק אַזוי, ווי אין אַ הינער־פּלעט, האָב איך געפילט, אַז מען פירט מיך ערגעץ, אָבער געגוי וואוהין האָב איך ניט גע־וואוסט, ביז — ביז איך האָב געהערט אַ פרויען־שטימע, וואָס האָט גערעדט צו מיר אין רוסיש:

— נעמט אַ ביסל בוליאָן, דאָס וועט אייך דערקוויקן.

ווען איך האָב ברייטער געעפנט די אויגן, האָב איך דער־זען פאַר זיך מאַדמואַזעל לאַרעין. דאָס איז געווען די, וועלכע פלעגט אַרומפאָרן מיט זשאַנעט. זי איז געווען אַ פרוי שוין אין די פערציקער, הויך און דאַר, און פלעגט זיך נאָך אַלץ רופן מאַדמואַזעל. זי איז געווען קאַטיאַס — אָדער, ווי זי פלעגט זיך רופן, זשאַנעטס — רעכטע האַנט. זי האָט גערעדט אַ צימלעך־גוטן רוסיש, אָבער געווען געבוירן און דערצויגן אין דער פראַנ־צויזישער פּראָווינץ.

זי האָט מיך אויפגעזעצט, און, בשעת זי האָט מיר דערלאַנגט דעם בוליאָן לעפעלעכווייז, האָב איך ערשט דערזען, וואו איך געפין זיך, — אַז איך בין אין זשאַנעטס הויז. ווען זי האָט גע־זען, ווי איך קוק זיך אַרום, זאָגט זי:

— יאָ, איר זענט שוין דאָ אַ לאַנגע צייט. ווען מען האָט

אייך געבראַכט אַהער, זייט איר שטאַרק געשלאָפן און גאַרניט געפילט און ניט געהערט...

ווען זי האָט געענדיקט געבן מיר דעם בוליאָן, זאָגט זי:

— ליגט דאָ רואיק. מען האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל אייך לאָזן וואָס מער שלאָפן. אויב איר באַדאַרפט עפּעס, אָט איז אַ גלעקל, קלינגט אָן, וועל איך קומען; אָבער איך וועל נאָך אַריינקומען... — און זי איז אַרויס.

בלייבנדיק אַליין, האָב איך פרייער אָפּגעאָטעמט, פילנדיק, אַז איך בין ביי א י ר אין הויז. איך בין שוין געווען ביי איר אין הויז אַ סך מאָל. מיר פלעגן זיצן, רעדן און רעדן, און זיך קושן, און נאָך אַמאָל רעדן, און אַרומפאָרן שפּאַצירן. און טאַקע פון דעם בין איך אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן. געווען בין איך צו איר אַזוי נאָענט ניט נאָר, ווייל איך האָב עס פאַרלאַנגט, נאָר זי — זי פלעגט זוכן אַלע געלעגנהייטן צו בלייבן מיט מיר אַליין און פלעגט מיך באַהאַנדלען ווי אַ אינגל, און פלעגט זיך שפּילן מיט מיר ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז...

פלעג איך נעמען טראַכטן: אפשר איז זי טאַקע אַזאַ, וועלכע שפּילט זיך בלויז אַרום און האָט הנאה פון מאַטערן מענטשן; איז אָבער נאָך אירע מעשה׳לעך, וואָס זי פלעגט מיר אַליין דערציילן, זיינען געווען צייטן, ווען זי האָט געביטן מענער אַזוי ווי מען בייט וועש. אָבער איך האָב זיך דאָך געפילט גליקלעך, וואָס איך בין איצט ביי איר אין הויז, און איבערהויפּט צוליב דעם, וואָס זי אַליין האָט מיך אַהערגעבראַכט. און בשעת איך ליג אַזוי און טראַכט, קומט אַריין מאַדמואַזעל לאָרעין. זי זעט, ווי איך ליג מיט אָפענע אויגן, זאָגט זי:

— אָן אייערע אויגן דערקען איך, אַז איר פילט זיך בעסער.

— און אַזוי רעדנדיק, זעצט זי זיך אַוועק אויפן עק פון בעט, פאַרלייגט אַ האַנט אויף אַ האַנט מעשה בעל־הבית׳טע און רעדט ווייטער: — איר ווייסט, אַז פון דעם טאָג אָן, וואָס מאַדמואַזעל זשאַנעט האָט אייך געטראָפן דאָ, איז זי גאָר אַן אַנדער מענטש:

זי איז פריילעך, לאַכט, זינגט. אָבער איך האָב זי שוין גע־טראָפן וויינען אויך. זי האָט מיט צוויי נעכט צוריק זיך געלייגט אויף דער פּאָדלאָגע און האָט „געמאַליעט" (גאָט געבעטן) און געוויינט, שטאַרק געוויינט. דאָס האָב איך זעלטן געזען פון איר. ווען זי ווייס, אַז איך האָב עס געזען — אָ, אָ, זי וואָלט געווען זייער ברוגז. — נאָך אַ פּויזע פרעגט זי מיך, ווי אַלט איך בין; זאָג איך —אַכצן יאָר. הייבט זי זיך אויף און, אַרויסגייענדיק, זאָגט זי: — מאַדמואַזעל זשאַנעט האָט אייך זייער ליב, זייער ליב, מער פון אַלעמען, אויף וויפיל איך ווייס — זייער ליב, זייער ליב!

איך רעד נאָך אירע ווערטער: „זייער ליב, זייער ליב". טאַ פאַרוואָס מוטשעט זי מיך אַזוי?

אַ גאַנצן טאָג פירט זי אַרום מיט מיר. מיר עסן און טרינקען צוזאַמען, און ביינאַכט דאַרף איך זיצן פונוווייטן און צוזען, ווי זי טרינקט, לאַכט, פאַרברענגט מיט די אָפיצערן, פּאָלקאָווני־קעס און גלאַט לעביונגען, און ווען איך וויל גיין אַהיים, לאָזט זי מיך ניט. זי פירט מיך אָפּ אַהיים אין דער קאַרעטע, קושט מיך, האַלזט מיך און באַשטעלט מיך אויף מאָרגן. און אַזוי האַלט עס שוין אָן מער ווי אַכט טעג... פאַרוואָס אַכט טעג? טאַקע אַכט טעג און אַכט נעכט, ווייל איך פלעג די נעכט ניט שלאָפן. איך פלעג ליגן אין מיין צימער און זיך וואַרפן, ניט קאָנענדיק איינשלאָפן, אָדער איך פלעג זיך אַרומדרייען אַרום איר פענסטער ביז מאָרגנס, און טאַקע דערפאַר בין איך איצט אַזוי שוואַך. איך רעד נאָך לאַרעינס ווערטער: „זי האָט אייך זייער ליב, זייער ליב!"... און אַזוי ווער איך ווידער פאַר מידקייט איינגעשלאָפן.

## קאַטיאַ דערציילט מיר אַ טרויעריקן סוד...

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך אָנגעקלונגען, און ס'איז אַריינגעקומען מאַדמואַזעל לאַרעין און מיר געזאָגט:

— אַט דאָס הייסט געשלאָפן! עס איז שוין איינס נאָכמיטאָג און מאַדמואַזעל זשאַנעט איז שוין געווען אַ פּאָר מאָל ביי אייך אין צימער און איז געווען גליקלעך צו זען, ווי רואיק איר שלאָפט. — און זי זאָגט מיר, אַז זי האָט זיך איצט אויף אַ ווײַלע צוגעשפּאַרט. זי ווייזט מיר, ווי אַזוי אָנצודרייען דאָס וואַסער אין דער וואַנע און גייט אַרויס.

איך האָב מיך געבאָדן, געוואַשן, אָנגעטאָן און בין אַרויס צום פריזירער זיך ראַזירן. שוין זייענדיק אינדרויסן, גיב איך אַ טאַפּ מיין בוזעם-קעשענע; איך פיל, אַז מיין פּאָרטמאָנע (פּאַקעטבוק) איז ניטאָ. איך זוך ווייטער אין אַלע קעשענעס — עס איז ניטאָ. איך גיב אַ טראַכט, וויפיל איך האָב נאָך באַדאַרפט האָבן פון דעם געלט, וואָס דוקסטולסקי האָט מיר געגעבן, און איך האָב באַרעכנט, אַז פיר יעקאַטערינעס, דאָס הייסט פיר הונדערטער און אַ פינף-און-זיבעציק רובל. איך גיי צוריק, פילייכט האָב איך עס אַרונטערגעוואָרפן. איך פרעג מאַדמואַזעל לאָרעין, זאָגט זי:

— אוי, וואָס פאַר אַ קאָפּ איך האָב! פריילין זשאַנעט האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז זי האָט געביטן אייער פּאָרטמאָנע אויף אַ גרעסערן און אויך אַ שענערן — פון איר אַ „פּאַדאַראָק" (מתנה).

איך נעם דעם פּאָרטמאָנע — זייער אַ שיינער, אָבער אַ ביסל שווערלעך. איך עפן אים אויף, ליגן אָנשטאָט פיר — צען „יעקאַטערינעס", און דער פּאָרטמאָנע איז אָנגעשטאָפּט מיט גאָלדענע פינפערלעך און צענערלעך. איך זאָג איר, אַז עס איז ניט מיינס, ווייל איך האָב ניט געהאַט אַזוי פיל געלט; זאָגט זי, אַז דאָס איז מיינס. אַזוי האָט געזאָגט זשאַנעט.

איך האָב אַרויסגענומען אַ ביסל געלט און דעם פּאָרטמאָנע מיטן געלט איבערגעלאָזט, וואו ער איז געלעגן, און בין געגאַנגען צום פּריזירער. ווען איך בין צוריקגעקומען, איז שוין זשאַנעט געזעסן ביים טיש און געוואַרט אויף מיר מיטן פרישטיק אָדער מיטאָג — מען קאָן עס רופן, ווי מען וויל. זי איז געווען זייער פריילעך, זעענדיק מיך אין אַ בעסערן צושטאַנד. איך האָב מיך אָוועקגעזעצט, און זשאַנעט זאָגט צו מאַדמואַזעל לאַרעין, וועל־כע האָט דערלאַנגט צום טיש:

— דו זעסט, זיין מאַמע איז געווען אַ הויכע, אַ קראַסאַוויצע, אַ קלוגע; דער טאַטע — אַ נידעריקער, אַ גוטינקער, פלעגט אַלע מאָל לאַכן; און ער — אָנווייזנדיק אויף מיר — איז געראָטן אין זייביידן...

זי האָט זיך, ווי עס ווייזט אויס, געפילט שולדיק אין מיין קראַנק ווערן און האָט געוואָלט מאַכן גוט, און געזוכט וואָס מער צו מאַכן מיר אָנגענעם.

— געדענקסט — זאָגט זי צו לאַרעין — דעם דיריזשאָר פון באַר טאַבאַרען אין פּאַריז? יענער האָט געהאַט אַ סך ענלעכ־קייט צו אים, — ווייזנדיק אויף מיר. — ער איז אַ טייערער די־ריזשאָר, אָבער אַ ביסל אַ צעדרייטער. — און זי זאָגט צו מיר מיט אַ שמייכל: „ביסט אויך אַ ביסל משוגע!"

נאָך אַ פּויזע האָב איך זי געפרעגט, צי מען האָט נעכטן געשפּילט אין אידישן טעאַטער. ענטפערט זי, אַז ניט, און רעדט ווייטער:

— זיי גייען אַרום און זידלען מיך און „באַלאַקענען" (רעדן אויס) אויף מיר פאַרשידענע נאַרישקייטן. איך האָב אָנגע־זאָגט קיינעם פון זיי אַהער ניט צוצולאָזן.

איך זאָג:

— זיי האָבן מיך ליב, זיי פאַרדריסט מיין לאַגע.

זאָגט זי:

— „פּוסטיאַקי!" (נאַרישקייטן!) זיי האָבן דיך ליב? זיי

האָבן אַן אינטערעס, זיי דאַרפן דיך האָבן, האָבן זיי דיך ליב! — און זי בייגט זיך אַריבער צו מיר: — איך האָב דיך ליב אַן אינ־טערעס... איך האָב דיך ליב, „אי עטאָ ווסיאָ!" (און דאָס איז אַלץ!)...

איך וויל עפּעס זאָגן, כאַפּט זי אויס:

— נו, נו, נאָר זיך ניט אויפגערעגט! איך בלייב מיט דיר אַ גאַנצן טאָג און אפשר נאָך אַ גאַנצע נאַכט, ווייל איך ווייס ניט, צי איך גיי היינט אין גאָרטן, און אויב איך גיי, איז עס שפּעט, און אויף אַ קורצער צייט... לאָרעין, איך האָב אַ טעלעגראַמע פון סאַשאַן, — און זאָגט צו מיר: — דאָס איז מיין „אופּראַווליאַיושטשי" (מענעדזשער), אַז מיר פאָרן פון דאַנען קיין אירקוטסק. מיר פאָרן אַרויס אַ פּאָר טעג פריער, ווייל דאָרט איז אַ גרויסער „באַזאַר" (יאַריד). אָבער איצט פאָרן מיר שפּאַצירן.

אַ ווײַלע שפּעטער איז לאָרעין אַריינגעקומען און האָט גע־מאָלדן, אַז די קאַרעטע איז שוין דאָ. מיר זיינען אַריין אין דער זעלבער קאַרעטע מיט די גומענע רעדער און מיט די צוויי קוטשערס. ווי איך האָב מיך שפּעטער דערוואוסט, האָט די קאַרעטע געהערט צו אַ הויכן באַאמטן, און ער האָט זי איר געגעבן פאַר איר פּערזענלעכן געברויך אויף דער גאַנצער צייט, וואָס זי וועט זיין אין יעקאַטערינאָסלאַוו.

ווען מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין דער קאַרעטע, האָט זי מיך געבעטן, איך זאָל איר דערציילן פון מיר און אויך פון מיינע ליבעס. איך האָב איר דערציילט וועגן סאָניטשקאַן מיט איר אַרעסט, וועגן זשאַנעט דער רייטערין און אויך וועגן בער־טאַן, און אַלע מאָל האָט זי מיך אונטערגעבראָכן מיט די ווער־טער:

— ווי נאַאיוו! ווי פיין! — און פלעגט אָפט מאָל לאָזן אַ טרער. ווען איך האָב איר דערציילט, אַז מיין טאַטע איז שוין געשטאָרבן, האָט זי זיך שטאַרק צעוויינט און געזאָגט:

— ס'אַרא שאָד, וואָס ער האָט אויך ניט דערלעבט דיך אַזוי צו זען.

פרעג איך זי:

— הלמאַי האָט דיין טאַטע ניט דערלעבט דיך אַזוי צו זען?

זאָגט זי:

— בעסער, בעסער! וואָס בין איך? ווער בין איך? איך מאַך אַ סך געלט — פאַרוואָס? און פון וועמען? אָבער וועגן מיר וועלן מיר רעדן היינט ביינאַכט. איך וויל הערן פון דיר אַלץ, עס איז אַזוי שיין, אַזוי נאַאיוו! דערצייל ווייטער...

איך האָב איר דערציילט, ווי אַזוי איך האָב זיך אַליין די־ריגירט אַ סאָלאָביים קאָנטאָר ראַזומני; איך האָב דערציילט פון דער רוסישער אָפּערעטע, דעם פאַל מיט דוקסטולסקין, מיטן דרוקן דעם וואַלץ און מיט דעם געלט, און זי זאָגט:

— דו האָסט מזל צו שיינע, פיינע מענטשן, גוטער געזעל־שאַפט. און איך פאַרקערט; אָבער וועגן מיר — היינט ביינאַכט. דערצייל ווייטער...

איך האָב ווייטער דערציילט פון מיר, ביז מיר זיינען גע־קומען צו איר אַהיים. ס'איז שוין געווען זיבן פאַרנאַכט. מיר זיינען אַרונטער אין רעסטאָראַן פון פאַריזער האָטעל און דאָרט געגעסן. אַרויפגייענדיק, זאָגט זי:

— מאַך זיך באַקוועם, לייג זיך שלאָפן. איך גיי אין שאַנ־טאַן. האָב ניט קיין מורא צו ווערן אַנטשלאָפן. איך וועל דיך אויפוועקן, ווען איך וועל קומען, און קומען וועל איך פרי, ווייל איך דאַרף דיך היינט ביינאַכט האָבן. עס איז זייער וויכטיק, זייער וויכטיק! — און זי איז אַוועק אין שאַנטאַן.

איך האָב זיך אויסגעטאָן, געלעגן אַ ביסל און פון מידקייט בין איך פעסט אַנטשלאָפן געוואָרן.

איך בין געשלאָפן געשמאַק און לאַנג, ביז אַ ווייך הענטל איז געגאַנגען לאַנגזאַם איבער מיין שטערן, און איך האָב גע־פילט, ווי אַ וואַרעמער קערפּער באַרירט מיך. איך האָב מיך

אויפגעכאַפּט און דערזען — קאַטיאַ זיצט אין דער מיט פון בעטל, וואו איך בין געשלאָפן. זי האָט געזאָגט:

— „בעדניענקי" (אָרעמינקער), קאָנסט זיך גאָרניט אויס־שלאָפן. קום אַרונטער פון בעט, מיר וועלן עפּעס צובייסן — איך בין הונגעריק. איך בין אַנטלאָפן גלייך נאָך מיין נומער. דער דירעקטאָר איז בייז, אָבער איך פאָר סאַי ווי באַלד אַוועק, און דו ביסט בילכער. — און זי שטרעקט צו מיר אויםביידע הענט: — נו, קום אַרונטער.

איך שאָקל מיטן קאָפּ אויף ניין. זאָגט זי:

— נו, גוט, איך וועל עס דיר צוטראָגן צום בעט. — און זי האָט אויף אַ טאַץ צוגעטראָגן עפּעס צוצובייסן. איך האָב ניט גוט באַמערקט וואָס. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן זעלבן פלאַץ וואָס פריער און האָט געזאָגט: — דו ווייסט, ווען דיין מאַמע האָט מיך געפירט ביים הענטעלע, מיט דיר עסן מאָראָ־זשעננאָיע, האָב איך זיך געפילט ווי דיינס אַ שוועסטערל.

יענעם אָוונט האָט מיר קאַטיאַ פאַרטרויט אַ געפערלעכן סוד. זי האָט עס מיר פאַרטרויט מיט ביטערע טרערן אין די אויגן. זי האָט מיר געגעבן אַ בילד פון איר יונגן לעבן און פון דעם אומגליק, וואָס האָט איר געטראָפן.

יאָ, זי איז געווען אַ קראַנק מיידל; די רייכע פּוסט־און־פּאַסטניקעס האָבן דערפירט צו איר קראַנקייט; און זי — זי איז געפאַלן אַלץ נידעריקער און נידעריקער, אַ קרבן פון אַ ביי־זער וועלט...

ניט אומזיסט האָט זי קיין מאָל ניט געוואָלט זיין צו נאָענט צו מיר...

## מיין אויפפירונג פון „עקדת יצחק"

איך האָב זיך אַריינגעוואָרפן פלייסיק אין דער אויפפירונג פון גאָלדפאַדנס היסטאָרישער אָפּערעטע „עקדת יצחק". די מוזיק פון דער אָפּערעטע האָט אויף מיר געמאַכט כמעט אַזאַ ווירקונג, ווי די מוזיק פון „שולמית", ספּעציעל דער דועט צווישן אברהמ'ען און שרה'ן, און אויך שרה'ס „שלאָף-לידעלע". איך האָב מיין גאַנץ האַרץ און מייןליידנשאַפט אויסגעגאָסן ביי די פּראָבעס פון „עקדת יצחק". די גאַנצע טרופּע אַקטיאָרן האָט זיך געוואונדערט, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט, ווייל ניט אַלע האָבן געוואוסט דעם קאַטיאַ-זשאַנעט-פּאַקט, און דאָס ריכטיקע האָט קיינער ניט געוואוסט, אַפילו ניט די קאַמינסקים, ווייל ווען איך בין געקומען צוריק אין טעאַטער, האָב איך אויסגענומען, אַז מען זאָל מיך ניט פרעגן פון גאָרניט, ווייל איך אַליין האָב עס געוואָלט פאַרגעסן.

נאָך איר אַוועקפאָרן האָב איך געהאַט איינציקע בריוו פון איר, אויף וועלכע איך האָב בלויז אויף איינעם געענטפערט, און מער פון איר ניט געהערט. ווען די קאַמינסקאַיאַ איז מיט יאָרן שפּעטער געקומען גאַסטראָלירן קיין אַמעריקע, האָב איך איר ערשט דאַן דערציילט דעם אמת פון דער זשאַנעט-קאַטיאַ-געשיכטע, און ווען איך האָב אין 1921 געמאַכט אַ לוסט-רייזע קיין אייראָפּע, האָב איך, זייענדיק אין פּאַריז, געפרעגט דעם אייגנטימער פון דעם באַרימטן קאַבאַרעט „מאָנמאַרטר", צי ער ווייס אָדער ער האָט געהערט פון זשאַנעט, האָט ער מיר געזאָגט, אַז זי איז מיט אַ יאָר צוריק געשטאָרבן אין אַ משוגעים-אַנשטאַלט, אין וועלכן זי איז אָפּגעווען אַ יאָר פיר-פינף.

ווערלנדיק פאַרגעסן די זשאַנעט-קאַטיאַ-געשיכטע, בין איך געווען צופרידן, וואָס איך האָב געהאַט די געלעגנהייט איינצו-

שטודירן „עקדת יצחק״ צום ערשטן מאָל, און, ווי געזאָגט, האָב איך עס געטאָן בשלימות.

די פאָרשטעלונג האָט געהאַט אַ זייער גרויסן דערפאָלג. אסתר רחל קאַמינסקי אַלס „שרה״ איז געווען בעסער, ווי אין אירע פריערדיקע אַפּערעטן־ראָלעס שוין מיט דעם, וואָס עס איז אַ מוטער־ראָלע, און אויך גיט די ראָלע אַ געלעגנהייט צו ציינן דראַמאַטישע קראַפט.

פון אַלע שרה׳ס, וואָס איך האָב געזען אין מיין לעבן שפּילן אין „עקדת יצחק״, האָבן אויף מיר געמאַכט דעם בעסטן איינדרוק צוויי. דאָס זיינען אסתר רחל קאַמינסקי און, מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב זי געזען, — בערטאַ קאַליש, שוין זייענדיק אין אַמעריקע. ביידע האָבן אויפגעפּאַסט די ראָלע גאַנץ פאַרשידנאַרטיק. ביידע האָבן געשפּילט פאַרשידענע מענטשן, אָבער ביידנס שפּילן האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון דער פּאַטריאַרכישער היסטאָרישער מאַמע. אסתר רחל קאַמינסקיס שפּילן פון שרה איז געווען די אידישע ליידנדע מאַמע פון דער וועלט. איר זינגען, איר שפּילן איז געווען נאַאיוו, איינפאַך. ביי איר איז געווען, ווי מען וואָלט זאָגן, אַ מאַמע איז אַ מאַמע, אַפילו ווען זי איז היסטאָריש. און בערטאַ קאַליש האָט אויפגעפּאַסט איר שרה ווי אַ היסטאָרישע קעניגין. זי פלעגט טאַקע אַריינפאַלן אין די טענער פון אַ „מאַריאַ סטיואַרט״, אָדער „ליידי מאַקבעט״, די היסטאָרישע ראָלעס, וועלכע זי האָט געשפּילט אויף דער ענגלישער בינע. אַפילו אין איר זינגען האָט זי ניט פאַרגעסן, אַז זי זינגט אַ היסטאָרישע פּערזאָן, און זי האָט אַריינגעבלאָזן אַפילו אין דעם געזאַנג ווירדע, רעספּעקט, און ביי איר איז געווען, ווי מען וואָלט זאָגן: „רעספּעקט פאַר דער היסטאָרישער מאַמע פון דער וועלט״. און וואָס עס האָט אַ סך געהאָלפן צו דעם דערפאָלג פון דער יעקאַטערינאָסלאַווער אויפפירונג פון „עקדת יצחק״, מיט אסתר רחל קאַמינסקי אַלס שרה, איז געווען

דער גרויסער, גוט־איינגעשטודירטער כאָר און גרויסער אָר־קעסטר.

די געשעפטן פון יעקאַטערינאָסלאַווער אידישן טעאַטער האָבן זיך שטאַרק פאַרבעסערט. מען האָט געשפּילט פאַר „פּאָלנע זבאָרן", אַזוי ווי מען וואָלט זאָגן אין אַמעריקע — „סאָלד אוט האוזעס". און עס איז געווען חי געלעבט אין אידישן טעאַטער. עס איז געווען געלט, עס זיינען געווען פּאַטריאָטן, עס זיינען געווען געליבטע און פאַרליבטע. חברה אַקטיאָרן און אַקטריסעס האָבן זיך אָנגעטאָן פון קאָפּ ביז די פיס אין נייע קליידער, און האָבן זיך פאַרשאַפט רינגלעך, קייטעלעך, זייגער־לעך, און אַפילו דימענטן.

ווי פלעגט מיין טאַטע, עליו השלום, זאָגן — אַזוי לאַנג זאָל אָנהאַלטן דער אידישער גלות, ווי לאַנג עס האַלט אָן אידי־שע פריידי. האָט מען טאַקע געשיקט רופן אברהם קאַמינסקין, וועלכער איז געווען דער דירעקטאָר, אין דער צענזורע, און גע־מאָלדן אים, אַז מען לאָזט מער ניט שפּילן „עקדת יצחק" צו־ליב דער סצענע פון די דריי געסט (מלאכים), וועלכע פאַר־שטעלן זיך פאַר וואַנדערער און קומען צו אברהם אָבינו. און אין דער צענזורע האָט מען געזאָגט קאַמינסקין, אַז עס איז גע־קומען אַ קלאַגע פון רוסישן סינאָד (די עלטסטע פון די הייליקע), אַז מען זאָל עס פאַרבאָטן. געוויינלעך איז עס געווען אַ מסירה׳לע, און קאַמינסקי האָט זיך אויף דעם געריכט, ווייל די געשעפטן אין דעם רוסישן טעאַטער, אַפילו אין שאַנטאַן, זיי־נען געוואָרן שוואַך צוליב דעם, וואָס דער „עקדת יצחק" האָט פאַרכאַפּט די גאַנצע שטאָט, קריסטן אַזוי ווי אידן. מען האָט גענומען שפּילן ווידער רעפּערטואַר, אָבער עס איז געווען ניט דאָס. מען האָט זיך שוין געמוטשעט. קאַמינסקי מיט דער טרופּע האָבן זיך גענומען פאַרבאַרייטן צו דער רייזע צוריק קיין לאָדזש פאַר דעם ווינטער־סעזאָן. זיי האָבן געשפּילט אין לאָדזש אַ ווינטער פריער, וואו זיי האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן

מיט אַן אָפּערעטע „דוד אין דער וויסטע", פון עפּלבערג. די אָפּערעטע „דוד אין דער וויסטע" האָבן זיי געשפּילט אַ גאַנצן ווינטער מיט פולע הייזער, און זיי האָבן טאַקע געדונגען דעם זעלבן טעאַטער פאַר דעם צוקונפטיקן סעזאָן.

שוין פון ערשטן טאָג אָן, וואָס איך בין געקומען קיין יעקאַ־טערינאָסלאַוו, האָבן די קאַמינסקיס און די בערמאַנס, וועלכע זיינען געווען שותפים, אָנגעהויבן צו רעדן מיט מיר, אַז איך זאָל מיט זיי מיטפאָרן קיין לאָדזש. זיי האָבן מיר אויך פאָרגע־שלאָגן אַ גרויסן געהאַלט. איך האָב גע'טענה'ט, אַז איך האָב אָפּגעמאַכט מיט די ברידער קאָהן צו פאָרן נאָך די ימים־נוראים קיין פּעטערבורג און דאָרטן שטודירן, האָבן זיי מיר פאָרגע־געשלאָגן וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע, און אַזוי ווי פון לאָדזש קיין וואַרשע איז אינגאַנצן אָנדערטהאַלבן שעה פאָרן, קאָן איך גיין אין וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע און פאַרענדיקן מיין שטודירן. איך האָב באַקומען בריוו און טעלעגראַמעס פון די קאָהנס, אַז די צייט איז קורץ צו די ימים־נוראים. איך מוז קומען דיריגירן, און אַ גרויסער כאָר וואַרט אויף מיר.

קאַמינסקי מיט זיין טרופּע איז אַרומגעפאָרן איבער דער פּראָווינץ אַרום יענעם געגנט, און איך בין אָנגעקומען שבת־תשובה קיין יעליסאַוועטגראַד. חזן קאָהן האָט געדאַוונט מיט זיין כאָר, וועלכן זיין עלטערער זון אעליושאַ האָט איינגעזונגען. דער כאָר האָט געזונגען גאַנץ שיין, אָבער עס האָט געפעלט דער אידישער חן, דער אידישער קוועטש. זיי האָבן טאַקע אָפּגעהיט אַלע דינים פון דער מוזיק, אָבער עס האָט געקלונגען ווי אַ רוסישער כאָר פון אַ „צערקווע" (קלויסטער). און וואָס אָנבאַלאַנגט חזן קאָהן, איז, דאַכט זיך, אַלץ פיין: די שטימע איז נאָך גוט, ער דאַוונט נאָך גוט, ער זאָגט נאָך גוט אַלע קאָנ־טאָר־סאָלאָס. אָבער טאַקע דאָס וואָס ס'שלעפּט זיך נאָך אָט דער „נאָך" — ער זינגט „נאָך" גוט, ער דאַוונט „נאָך" גוט, ער זאָגט „נאָך" גוט אַלע קאַנטאָר־סאָלאָס — דאָס האָט ניט געטויגט.

עס האָט זיך געפילט דורך דעם גאַנצן דאַווענען, אַז דאָס איז ניט דער אַמאָליקער באַרימטער ווילנער שטאָט-חזן. ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, — ער איז מאָראַליש דער׳הרג׳עט. דער ווילנער אומגליקלעכער צופאַל מיט דעם יום-כיפור-צוקערל האָט אים געקוילעט אָן אַ מעסער. איך האָב מיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט איינצושטודירן דעם כאָר פאַר ימים-נוראים.

עס האָט מיך גענומען דערמאָנען די צייט, ווען איך האָב אָנגעפאַנגען זינגען אַלט, טאַקע ביי דעם זעלבן קאָהן אין דער ווילנער שטאָט-שול.

גלייך נאָך סליחות האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פּאַטריאָטן, די „קאָהניסטן" און די „מאיריסטן", דאָס הייסט די, וואָס זאָגן, אַז קאָהן איז אַ בעסערער חזן, און די, וועלכע זאָגן, אַז מאיר איז אַ בעסערער חזן. און אַזוי ווי מאיר׳ס גרויסע שול און קאָהנס גרויסער בית-המדרש געפינען זיך אין איין הויף, נו, פלעגט זיין פריילעך. דאָס אַרגומענטירן און דעבאַטירן פלעגט זיין אַזוי פייערדיק, אַז עס פלעגט אָפט קומען צו „שלאָגנ-דע, פייערדיקע באַווייזן", איינפאַך צו פעטש.

וועגן די ביידע כאָרן האָבן די פּאַטריאָטן אָפּגעמאַכט, מען זאָל ניט דעבאַטירן, ווייל זיי האָבן באַשלאָסן, אַז וועגן דעם „ממזר׳ישן ליטוואַק", מיינענדיק מיך, איז ניטאָ וואָס צו רעדן, און ביידע פּאַרטייען האָבן איינשטימיק צוגעגעבן, אַז איך בין אַ ליטוואַק צלם-קאָפּ און „אַל-ראַיט", ווי די אַמעריקאַנער וואָלטן געזאָגט. אָבער די „מאיר׳יסטן" האָבן גע׳טענה׳ט, אַז ווען איך האָב מאיר׳ן פאַר אַ חזן, וואָלט איך אויך געווען בעסער.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף די חזנ׳ישע פּאַטריאָטן פון די „מאיר׳יסטן" און „קאָהנ׳יסטן", ווייל עס ווילט זיך קוים גלויבן אין די איצטיקע צייטן, אַז דער אינטערעס פאַר חזנ׳יש-קייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז די קריגערייען און צאַנקערייען האָבן אַרויסגערופן אַזעלכע סקאַנדאַלן, אַז מען האָט איין מאָל ביים לייענען די הפטרה, ווען דער גרעסער טייל דאַוונער און

גלאַט צוהערער האָבן זיך געפונען אין הויף פון די שולן, אַרויס־גערופן די „פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע" (פייערלייט), און זיי האָבן אַנגעשטעלט די גרויסע וואַסער־קישקע און צעטריבן דעם אויפ־גערעגטן המון.

נאָך די ימים־נוראים האָט חזן קאָהן געבעטן זיינע צוויי זין, אַז זיי זאָלן אויף איין יאָר אָפּלייגן זייער שטודירן און בלייבן מיט אים אין יעליסאַוועטגראַד, ווייל ניט ער און ניט זיין פרוי פילן זיך אין גוטן געזונט, און זיי האָבן איינפאַך מורא צו בלייבן אַליין. די זין, וועלכע זיינען געווען איבערגעגעבן צו זייערע עלטערן, האָבן נאָכגעגעבן זייער טאַטנס פאַרלאַנג. דערהערנדיק, אַז זיי פאָרן ניט קיין פּעטערבורג, האָב איך גלייך געשיקט אַ טעלעגראַמע צו די קאַמינסקיס, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין בענדער, אַז איך פאָר מיט זיי קיין לאָדזש, און טאַקע אין צוויי טעג אַרום זיינען מיר שוין געווען אין לאָדזש.

# לאָדזש, מיין לאָדזש!

לאָדזש וואָלט איך אָנגערופן מיין דערציאונגס-שטאָט. כאָטש איך בין שוין געווען אַ יונגערמאַן פון אַכצן יאָר, ווען איך בין געקומען קיין לאָדזש, האָב איך מיך אין לאָדזש פאַרפולקומט סײַ מוזיקאַליש, סײַ געזעלשאַפטלעך, און אַפילו פּאָליטיש. לאָדזש האָט געשטעלט דעם טאָן אין מיין לעבן. אויב איך האָב דעם טאָן אַמאָל פאַרפאַלשעוועט, איז עס געווען ניט די שולד פון לאָדזש, ווייל דעם גרעסטן טייל פון מיין קאַריערע האָב איך צו פאַרדאַנקען די דריי יאָר, וואָס איך בין געווען אין לאָדזש. פון דער צייט, וואָס איך זיץ איצט און שרייב מיינע מעמוארן, איז אַוועק העכער פערציק יאָר, דאָך האָט זיך לאָדזש אַזוי איינגעקריצט אין מיין זכרון און אַזוי איינגעבאַקן אין מיין האַרצן, אַז עס דאַכט זיך מיר, אַז ערשט נעכטן האָט עס אַלץ פּאַסירט. און מערקווירדיק איז דאָס: לאָדזש איז געווען די איינציקע שטאָט, אין וועלכער איך האָב צייטנווייז איינפאַך געהונגערט, טאַקע בוכשטעבלעך אַרומגעגאַנגען טעג אַ פאַרשמאַכטער, אַ פאַר׳חלש׳טער פון הונגער. און קיין סך געלט האָב איך אין לאָדזש קיין מאָל ניט פאַרדינט. דאָס איז ניט קיין פראַגע פון מאַטעריעלע דערגרייכונגען. ווי שוין געזאָגט, לאָדזש איז געווען מיין דערציאונגס-שטאָט, וועלכע האָט מיר געגעבן אַ סך גייסטיקן פאַרגעניגן.

ווען איך בין מיט דער קאַמינסקי-בערמאַן-טרופּע אָנגעקומען קיין לאָדזש, האָט מאַדאַם קאַמינסקי מיך איינגעלאַדן צו וואוינען ביי זיי, און געזאָגט מיט אַ מוטערלעכער איבערגעגעבנקייט:

— וואו וועט איר זוכן וואוינונגען אין אַ פרעמדער שטאָט? אין די בעסערע האָטעלן איז זייער טייער, אין די ביליקע וועל

איך אייך ניט לאָזן וואוינען; איז די בעסטע זאַך, אַז איר זאָלט וואוינען ביי אונז. היינט איז עס זייער באַקוועם שוין מיט דעם, וואָס מיר וואוינען אין טעאַטער. איך מיין ניט צו זאָגן, אַז מיר שלאָפן אין טעאַטער, נאָר איבערן טעאַטער זיינען דאָ צוויי גרויסע, באַקוועמע וואוינונגען, טאַקע איינע קעגן דער אַנדערער; אין איינער וואוינען מיר און אין דער צווייטער די בערמאַן-פאַמיליע. היינט, מיין שוועסטער רבקה, זי וועט דאָך זיין ווי אַ מאַמע צו אייך.

עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז רבקה, אַן עלטערע שוועסטער פון אסתר רחל קאַמינסקי, האָט מיט רעכט געקאָנט גערופן ווערן די דערנערערין פון די דעמאָלטיקע אידישע אַקטיאָרן אין אייראָפּע. די ענלעכקייט פון דיביידע שוועסטער איז נאָר געווען אין זייערע גוטע, קלוגע אויגן. רבקה׳ס שווערער, פעטער קערפּער פלעגט זיך קוים האַלטן אויף אירע קראַנקע פיס, אָבער איר שיין, גוטמוטיק פּנים פלעגט אַלע מאָל שמייכלען, און מיט דעם שמייכל פלעגט זי אַלע מאָל זאָגן די ווערטער: „נו, אויף וואָס וואַרט איר? זעצט זיך עסן"; אָדער: „קומט עסן"; אָדער: „בייסט עפּעס צו". ביי רבקה׳ן האָט ניט אויסגעמאַכט, צי איר זענט פון אירע אַלטע באַקאַנטע אָדער זי זעט אייך צום ערשטן מאָל. זי האָט געוואוסט איין זאַך: אַ מענטש דאַרף עסן, און אַז מען עסט ניט, קריגט מען אַ שוואַך האַרץ. אַז מען פלעגט זיך באַקלאָגן פאַר רבקה׳ן, אַז מען פילט זיך עפּעס ניט גוט, אַפילו אַז מען איז הייזעריק, האָט זי געהאַט נאָר איין ענטפער: „ווי אַזוי קאָנט איר זיך פילן גוט, אַז איר עסט ניט?" און ווי שוין פריער געזאָגט, מען האָט זי מיט רעכט געקאָנט רופן די דערנערערין פון די אידישע אַקטיאָרן, און זי איז טאַקע געווען די אמת׳ע בעל-הבית׳טע ביי די קאַמינסקים. זי איז געווען די פאַרזאָרגערין, די דערנערערין און אַפילו די דערציערין פון קאַמינסקים קינדער. אָבער מערקווירדיק, אויסער אין דער ווירטשאַפט, פלעגט זיך רבקה ניט מישן. מען פלעגט רעדן

וועגן טעאַטער, ראָלעס, קריטיק, טעאַטער־פּאָליטיק, און אַרגו־מענטירן, זיך קריגן, — פלעגט רבקה שטיין פון וויטן און אַפּט מאָל, אַרויסגייענדיק פון קיך, פלעגט זי זאָגן מיט איר רבקה־שמייכל: „נו, ווען גייט מען שוין עסן? פון דעם וועט איר קיין לעבן ניט מאַכן".

איך האָב טאַקע אַנגענומען אסתּר רחל קאַמינסקיס פאָר־שלאָג און זיך אַריינגעצויגן צו די קאַמינסקיס.

דאָס טעאַטער, אין וועלכן די קאַמינסקיס האָבן געשפּילט, האָט געהייסן זעלינס טעאַטער. דאָס טעאַטער איז געשטאַנען אין אַ הויף. ביים אַריינגאַנג פון דרויסן צום הויף איז ניט געווען קיין סימן פון אַ טעאַטער. ערשט אינעווייניק אין הויף, אין דער זייט, איז געשטאַנען אַן אַלטע הילצערנע געביידע, אויבן וואוינונגען, און דאָס איז געווען דאָס טעאַטער.

ווי שוין געזאָגט, איבערן טעאַטער האָבן אַ טיר אַנטקעגן אַ טיר געוואוינט די קאַמינסקיס און די בערמאַנס. ביי די קאַ־מינסקיס איז געווען אַן אָפענע טיר. עס האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט מענטשן — אַקטיאָרן, ליטעראַטן, זינגער, מוזי־קער, פּאַטריאָטן, מעצענאַטן. מען האָט אַרגומענטירט, דעבאַ־טירט. אסתּר רחל קאַמינסקי האָט ליב געהאַט מענטשן, קאָמ־פּאַניע, אַ סך מענטשן אַרום זיך, און רבקה איר שוועסטער האָט ליב געהאַט צו זען, ווי מענטשן עסן. איז צוליב דער קאָמ־בינאַציע אסתּר רחל - רבקה דאָס קאַמינסקי־הויז געווען אַן אָפּע־נע טיר. מען האָט געמאַכט פּראָבעס, מען האָט געזונגען, גע־לערנט ראָלעס. איך האָב שטודירט מיטן כאָר „אחשורוש", ווייל אסתּר רחל קאַמינסקי האָט זייער ליב געהאַט די ראָלע פון אסתּר המלכה, אָבער עס האָט איר שוין דעמאָלט געצויגן צו נאַטירלעכע בעסערע פּיעסעס, — פלעגט זי זיך טאַקע אַרומ־רינגלען מיט ליטעראַטן, פון וועלכע דוד פרישמאַן איז געווען איר בעסטער פריינד און טאַקע אַ בן־בית ביי די קאַמינסקיס.

די ערשטע פינף־זעקס וואָכן, וואָס איך בין געווען אין

לאָדזש, בין איך אין ערגעץ ניט געגאַנגען און גאַרניט געזען, ווייל געוואוינט האָב איך איבערן טעאַטער. עסן האָט געגעבן רבקה. אפילו ראַזירן פלעגט קומען דער טעאַטער-פריזירער יעדן טאָג און פלעגט ראַזירן קאַמינסקין, בערמאַנען און מיך. און עס פלעגן זיך אַריינכאַפּן נאָך אַ פּאָר אַרטיסטן און אַריינכאַפּן אַ גאָל-אָפּ, ביז איין מאָל זאָגט צו מיר מאַדאַם קאַמינסקי:

— היינט גייען מיר ביידע אין פּוילישן טעאַטער זען „מאיר יאָזעפאָוויטש", פון דער באַרימטער פּוילישער שרייבערין עליזאַ אָרזשעשקאָ.

(טאַקע אָט פון דער פּיעסע האָט מיט יאָרן שפּעטער יעקב גאָרדין געמאַכט די פּיעסע „דער שוואַרצער איד", אָדער „מאיר יאָזעפאָוויטש").

אין אָוונט בין איך מיט אסתר רחל'ען אַרויס פון שטוב. פון דער גאַס, וואו עס האָט זיך געפונען דאָס זעלין-טעאַטער, זיינען מיר אַריין אין פּעטריקאָווער גאַס (די הויפּט-גאַס פון לאָדזש), מיט לאַמטערנס פון ביידע זייטן גאַס, קאַרעטעס לויפנדיקע אַרויף און אַראָפּ, די דורכגייער עלעגאַנט געקליידט. מען האָט געהערט רעדן צוויי שפּראַכן: פּויליש און אידיש.

זאָג איך צו מאַדאַם קאַמינסקי:

— איצט בין איך אין לאָדזש. ביז איצט, איך מיין די ערשטע פינף-זעקס וואָכן, בין איך געלעגן אין אַ קעלער.

— אַ קליינינקייט לאָדזש, — זאָגט זי. — מען רופט דאָך לאָדזש קליין-פּאַריז. איך קען פּאַריז און איך זאָג, אַז אין פּעטריקאָווער גאַס איז דאָ מער לעבן, ווי אין גאַנץ פּאַריז.

אַזוי רעדנדיק, זיינען מיר שוין אין טעאַטער. אסתר רחל איז צוגעגאַנגען צו דער קאַסע, וואו זי האָט געקראָגן צוויי בילעטן אין אַ לאָזשע, געוויינלעך, פריי. איך האָב ביז דעמאָלט קיין דראַמאַטיש טעאַטער כמעט ניט געזען. אָפּערעטעס האָב איך געזען אַ סך, און אויך אָפּערעס, אָבער מיט דער דראַמאַטישער בינע בין איך געווען זייער ווייניק באַקאַנט. האָט

דאָס נאַטירלעכע שפּילן פון די אַקטיאָרן מיט דער נאַטירלעכ־קייט פון דער אויסשטאַטונג מיך אַזוי אַרומגעכאַפּט, אַז איך האָב פאַרגעסן, אַז איך געפין מיך אין אַ טעאַטער. מאַדאַם קאַמינסקי איז איבערהויפּט געווען אַ מענטש מיט עמאָציעס, זי פלעגט אויסדריקן אירע געפילן מיט אַן אויסגעשריי, אַ קלאַפּ אין טיש, אָדער אַ הילכיקן געלעכטער, און זיצנדיק אין פּוילישן טעאַטער, האָט זיך די פּרווי איינגענורעט אין מיר און אויסגע־לאָזט איר באַגייסטערונג פון דעם נאַטירלעכן שפּילן צו מיין קערפּער, אַזוי אַז ווען איך בין געקומען אַהיים, בין איך געווען אינגאַנצן באַדעקט מיט בלאָע צייכנס.

דאָס פּוילישע טעאַטער איז דאַן געווען אין זיין גלאָררייכ־סטער צייט. זייענדיק אונטערדריקט אונטער דעם רוסישן יאָך, האָבן זיי זייער גאַנצן פּאַטריאָטיזם אויסגעדריקט אין זייער טעאַטער־שפּיל. די פּוילישע דראַמע האָט דעמאָלט געהאַט אַזאַ רעפּוטאַציע כמעט ווי דער בורג־טעאַטער אין ווין, און וואָס איז נוגע די קאָמעדיע, פלעגט מען זאָגן, אַז זי קאָן קאָנ־קורירן מיט דער קאָמעדי פראַנסעיז אין פּאַריז.

אסתר רחל קאַמינסקי האָט געזען מיין באַגייסטערונג פאַר דער דראַמאַטישער בינע, און ווער רעדט נאָך, נאָכדעם ווי איך האָב געזען גאָגאָלס „רעוויזאָר” אין דעם פּוילישן קאָמעדיע־טעאַטער, וואָס האָט מיך אינגאַנצן צעשרויפּט. איז אַז עס פלעגט קומען פאַרנאַכט, פלעגט זי שוין מיך פרעגן מיט איר גוט־מוטיקן שמייכל:

— נו, רומשינסקי, וואו גייען מיר היינט?

פלעג איך זאָגן:

— וואו איר ווילט, אַבי טעאַטער!

פלעגט רבקה טאַקע זאָגן, אָנווייזנדיק אויף אונז:

— דיביידע דאַרפן ניט קיין עסן און טרינקען. זיי קאָנען לעבן מיט טעאַטער.

איך האָב מיך טאַקע דעמאָלט באַקאַנט מיט די בעסטע

דראַמעס און קאָמעדיעס, און מען קאָן זאָגן, מיט דעם כמעט נאַ־טירלעכסטן, בעסטן שפּילן.

מען האָט זיך געריכט אויף דעם אָנפאַנג פון סעזאָן. אַלע זיינען אַרומגעגאַנגען פריילעך, פול מיט האָפענונג, אָבער אויף אַברהם קאַמינסקים געזיכט איז געלעגן אַ כמאַרע. מען פלעגט זיך אָפּט שושקען שטילערהייט, קאַמינסקי פלעגט זיך כסדר אַרומדרייען מיט בערמאַנען, און איך האָב אויך באַמערקט, ווי קאַמינסקי האָט, ברעכנדיק די הענט, געזאָגט צו מאַדאַם קאַ־מינסקי:

— איך האָב אים אַוועקגעגעבן די לעצטע טויזנט רובל כאַבאַר ערשט מיט צוויי טעג צוריק, וואו זאָל איך נעמען נייע פינף הונדערט רובל?

איך האָב אָפּגעוואַרט אַברהם קאַמינסקין אונטן אין הויף פון טעאַטער, און אַזוי ווי ער איז געגאַנגען אַ פאַרטראַכטער, אַ דערהרג'עטער, שטעל איך אים אָפּ און זאָג צו אים:

— איר מוזט מיר זאָגן, וואָס עס האָט פּאַסירט. איך זע, אַז איר גייט אַרום ווי אַ דערהרג'עטער.

— ברודערקע, — זאָגט ער מיר, — עס איז ניט גוט. די רעגירונג האָט פאַרבאָטן צו שפּילן אין דעם טעאַטער. זיי זאָגן, אַז מען וואַרפט אַראָפּ די געביידע. זיי האַלטן, אַז עס איז אַ פייער־פּאַסטקע. דאָס איז נאָר אַ תירוץ. עס איז איינפאַך די אַרבעט פון דעם פוילישן און דייטשן טעאַטער, אָבער דער־ווייל איז ביטער. געלט פליט צו יעדן כאַבאַרניק. איך לויף איצט קריגן פינף הונדערט רובל.

איך פרעג אים, צי ער דענקט, אַז ער וועט קריגן. זאָגט ער: „גאָט ווייס”, און ווען אַן אַקטיאָר נעמט רעדן מיט גאָט, איז אַ סימן, אַז ער איז אויף צרות. און קאַמינסקי לויפט. איך רוף אים צוריק, זאָגט ער:

— רומשינסקי, טאַטעלע! לאָז מיך לויפן. אפשר וועל איך קריגן דאָס געלט.

— קומט אַהער צו מיר, — זאָג איך, — אפשר וועט איר פאַרשפּאָרן צו לויפן.

— איך נעם אַרויס פינף „יעקאַטערינעס", וועלכע איך האָב נאָך געהאַט פון מיין געלט און פון קאַטיאַ־זשאַנעטס געלט, און דערלאַנג אים. ער קוקט מיך אָן איבערראַשט, קוקט אָן דאָס געלט און גלויבט ניט זיינע אויגן, צי דאָס איז טאַקע אמת געלט, און זאָגט:

— רומשינסקעלע! ערשט איצט לויף איך. דו וועסט זען, אַז דיין געלט וועט זיין מזל'דיק.

ער לויפט. איך בין אַריין אין אַ זייטיק צימער פון טעאַ־טער, וואו מיר האָבן געמאַכט פּראָבע. אין אַ שעה אַרום קומט אַריין מאַדאַם קאַמינסקי אָן אויפגערעגטע, רופט מיך אַרויס און זאָגט צו מיר:

— איר נאַריש, גוטהאַרציק אינגל! וואָס הייסט, איר גיט אייער געלט צו געבן די כאַבאַרניקעס? איך האָב שוין מיינע אוירינגלעך און רינגלעך פאַרזעצט און איך ווייס, אַז עס איז אַרויסגעוואָרפן. דאָס טעאַטער איז פאַר אונז פאַרשפּילט. מיר וועלן שוין אין לאָדזש דעם ווינטער קיין אידיש טעאַטער ניט שפּילן, נעמט איר און גיט אַוועק אייער געלט די כאַבאַר־ניקעס.

די לעצטע ווערטער האָט זי שוין געזאָגט אין הויז. האָט זיך רבקה צוגעהערט און זאָגט:

— איר וואָלט בעסער געהאַלטן דאָס געלט, ווייל מען וועט עס באַלד דאַרפן האָבן אויף עסן. אַזוי גיך, ווי מען וועט זיך דערוויסן, אַז מען לאָזט מער ניט שפּילן קיין טעאַטער, ווערן פאַר

מיר אַלע קלייטן צוגעמאַכט און מען וועט מיר ניט באַרגן קיין גראָשן.

האָט זיך אסתר רחל אָנגערופן:

— פאַרוואָס האָט איר מיר ניט געזאָגט, וואָס איר האָט בדעה צו טאָן? גזלן, וואָס האָט איר געוואָרפן אייער געלט אין בלאָטע?!

און רבקה זאָגט:

— מיט אַזאַ סומע געלט האָב איך געקענט אייך אַלעמען געבן צו עסן פיר־פינף וואָכן צייט!...

## הונגעריקע אַקטיאָרן

דער גרעסטער אַקטיאָר, וועלכער קאָן שפּילן יעדע נאַכט אַן אַנדער פּערזאָן און אַפילו אין איין נאַכט זיך וועקסלען אין אייניקע כאַראַקטערן, איז אָבער ווען עס קומט צו זיין אייגענעם לעבן, ווערט ער אומבאַהאָלפן — זיין אייגענעם „איך" קאָן ער ניט באַהאַלטן.

אויף קיינעם שפּילט זיך ניט אָפּ און שרייט ניט אַרונטער די פינאַנציעלע און מאָראַלישע לאַגע פון זיין אייגענעם לעבן, ווי פון אַן אַקטיאָר. זיין רייכקייט, זיין ליבע, זיין האַס — איז אַן אָפן בוך. איר קאָנט דאָס אַרונטערלייענען גלייך ווי איר דער־זעט אים, ווייל ער טראָגט עס מיט זיך מיט אין גאַס, אין קאַפע־הויז, און ווער רעדט נאָך, אַז איר האָט אַ געלעגנהייט מיט אים צו רעדן פּערזענלעך, באַדאַרפט איר אים גאָרניט פרעגן, ווייל, ערשטנס, וועט אייך אַן אַקטיאָר ניט געבן קיין געלעגנהייט, אַז איר זאָלט אים פרעגן, ווייל אַן אַקטיאָר האָט זייער ליב זיך צו הערן רעדן און איז אַ שלעכטער צוהערער. אַפילו אויף דער בינע, אין אַ ראָלע, אַז עס קומט אים אויס זיך צוצוהערן צו אַ מאָנאָלאָג פון אַ צווייטן אַקטיאָר, טוט ער עס ניט גערן, און ניט איין אַרגומענט האָט שוין אַ פּראָפעסער געהאַט פון אַן אַקטיאָר: „וואָס מיינט איר (מיינענדיק דעם פּראָפעסער), איר שטעלט מיך אַוועק ווי אַ גולם, און איך מוז אויסהערן יעדע נאַכט, וואָס דער און דער האַקט אַ טשאַיניק?...

איז טאַקע דערפאַר אין פּריוואַטן לעבן, ווען דער אַקטיאָר איז דער בעל-הבית, ניט דער פּראָפעסער, דאַרפט איר אים שוין גאָרניט פרעגן, ווייל, ווי שוין געזאָגט, וועט ער אייך ניט געבן קיין געלעגנהייט צו פרעגן, און צווייטנס, וועט ער אייך אַליין דערציילן וועגן זיין רייכקייט, אָרעמקייט, ליבע און האַס, און דערצו נאָך אַ ביסעלע איבערטרייבן.

אין דעם פאַל מיט דער קאַמינסקי־טרופּע אין לאָדזש איז גלייך, ווען חברה אַקטיאָרן און אַקטריסעס זיינען נאָר אָנגעקו־מען, געווען ליהודים, חי־געלעבט. מען האָט זיך געריכט אויף אַ גרויסן סעזאָן, מען האָט געקויפט ווער פאַר געלט, ווער אויף באָרג. פּאַטריאָטן, פּאַטריאָטקעס און גלאַט טעאַטער־קרענקס האָבן געקויפט פּרעזענטן, מיט דער האָפענונג, אַז ווען דער טעאַטער וועט זיך עפענען, וועלן זיי ניט דאַרפן קויפן קיין בי־לעטן, ווי אַלע אַנדערע מענטשן, נאָר טאַקע אַריינגיין פריי. און דער אַקטיאָר האָט זיך געגווידערט און זיך אויסגעצויגן צען מאָל העכער און דריי מאָל ברייטער, ווי ער איז.

אָבער אַזוי גיך, ווי עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אי־בער לאָדזש, אַז זעלינס טעאַטער, וואו די קאַמינסקים ריכטן זיך צו שפּילן, דאַרף ווערן אַרונטערגעוואָרפן, האָט זיך די גאַנצע לאַגע געביטן. מען האָט טאַקע דעם טעאַטער געעפנט מיט אַ חודש שפּעטער און טאַקע, ווי מען זאָגט אויף טעאַטער־לשון, „מיט שווערער מי און גרויסע קאָסטן", אָבער עס איז ניט געווען דאָס, וואָס מען האָט דערוואַרט, ווייל דאָס פּובליקום האָט איינ־פאַך מורא געהאַט צו גיין אין אַ טעאַטער, וועלכן מען גייט אַרונטערוואַרפן. און טאַקע מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָט די רעגירונג אויפגעהאַנגען אַ שלאָס אויפן טעאַטער. מען האָט אַפילו ניט געטאָרט אַריינגיין מאַכן פּראָבע. דאָס איינציקע, וואָס מען האָט דערלויבט, איז, אַז די קאַמינסקים און די בער־מאַנס זאָלן וואוינען אין זייערע וואוינונגען, וועלכע זיינען גע־ווען אין דער געביידע פון טעאַטער.

ווי שוין אויבן דערמאָנט, „קאָן דער אַקטיאָר ניט באַהאַלטן זיין אייגענעם איך". זיינען ניט אַוועק קיין צוויי וואָכן, ווי די גאַנצע טרויעריקע לאַגע מיט איר אָרעמקייט האָט זיך אָפּגע־שפּיגלט אויפן גאַנצן טעאַטער־געזינדל. די אַלע פּאַטריאָטן, פּאַטריאָטקעס און טעאַטער־אַרומהענגער זיינען אַלע געוואָרן ווי אויסגעטריקנט, און אַזוי ווי חברה אַקטיאָרן האָבן די פּאָר

רובל, וואָס זיי האָבן געהאַט, אויסגעגעבן אויף אַלערליי שמאַכ־טעס און שמאַטעס, און די קאַמינסקיס און בערמאַנס זיינען געוואָרן אויסגעליידיקט דורך די כאַבאַרניקעס, ווי אויך זייערע פריינד, מיך אַריינגערעכנט, — זיינען מיר אַלע געבליבן ווי אויפן וואַסער.

דאָ האָט רבקה, די שוועסטער פון אסתר רחל קאַמינסקי, גענומען שפּילן די הויפּט־ראָלע. זי האָט גענומען שפּילן די ערשטע פידל פון דעם סימפאָנישן אָרקעסטער, וועלכער איז באַשטאַנען פון הונגעריקע אַקטיאָרן און אַקטריסעס, און עס האָבן זיך מיטגעשלעפּט אַ פּאָר קינדערלעך פון דער אַקטיאָרן־משפּחה.

דער גרויסער טיש, וועלכער איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, וואו די קאַמינסקיס האָבן געוואוינט, איז אַלע מאָל געווען פאַר־נומען מיט אַ הונגעריקן אַקטיאָר אָדער אַקטריסע, און מען פלעגט אָפט הערן רבקה'ן זאָגן צו אַן אַקטיאָר: „וואו ביסטו געווען נעכטן? ווייל איך דערקען אַן דיין עסן, אַז דו האָסט נעכטן געפּעכנעט אויפן פּיסק..." און זי פלעגט צולייגן: „וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן, עסן וועט אייך רבקה אַלע מאָל געבן, ווען איך זאָל וויסן, אַז איך דאַרף אויס'גנב'ענען אַ קלייט".

איבערהויפּט פלעגט זיך די אָרעמקייט אָפּשפּיגלען אויף אַן אַקטיאָר מיט אַ ניט־געראַזירטן פּנים, און דאָס פלעגט אָפט פּאַסירן, ווייל קיין „דזשילעטס" זיינען נאָך דאַן ניט געווען, און ראַזירן זיך אַליין האָבן ניט אַלע געקענט און ניט יעדער האָט געהאַט אַ ראַזיר־מעסער; פלעגט מען איינפאַך זען אַקטיאָרן אַרומגיין אַ דריי־פיר טעג ניט־ראַזירט, און ווען רבקה פלעגט דאָס דערזען, פלעגט זי טאַקע נאָכדעם ווי דער אַקטיאָר פלעגט זיך זאַט אָנעסן, אַריינוואַרפן אין ליידיקן טעלער אַ מטבע און זאָגן:

— גיי נעם אַרונטער דיין באָרד, ווייל דו האָסט אַ פּנים פון אַ סיבירניק.

די בערמאַנס זיינען ווידער געווען גאַנץ אַנדערע מענטשן, צוריקגעצויגענע פון דעם טעאַטער-געזינדל. הערמאַן בערמאַן איז געווען אַ מענטש פאַר זיך, און זיין פרוי, מאַדאַם טרילינג, פלעגט זיך האַלטן, ווי אין אירע ראָלן, וועלכע זי פלעגט שפּילן אין לעבנס-בילדער אַלס די „גרענד-דאַמע" און אין די היסטאָרישע אָפּערעטעס אַלס „די קעניגין". זי פלעגט ליב האָבן לייענען ראָמאַנען און איז געווען באַשעפטיקט מיט אירע צוויי קינדערלעך, אַבראַשאַ און איליאַ, און טאַקע פון דעם קליינינקן, פּיצעניונטשיקן אַבראַשאַ האָט כמעט דאָס גאַנצע טעאַטער-געזינדל דאַן געמאַכט אַ לעבן. אַבראַשאַ, כאָטש אַ קינד פון אַכט-ניין יאָר, איז שוין דעמאָלט געווען אַן אויסגעצייכנטער טענצער. זיין טאַטע, הערמאַן בערמאַן, וועלכער איז אין די יונגע יאָרן געווען אַ טענצער, האָט אַבראַשאַן געלערנט די קונסט פון טאַנצן, אָבער אַבראַשאַ איז פון דער נאַטור געווען געבוירן מיט גראַציע, ריטם און אַפילו „פּנים", ווי אַ גרויסער קינסטלער. ער האָט טאַקע מיט יאָרן שפּעטער געטאַנצט אין די גרעסטע אָפּערע-הייזער אַלס באַלעט-מייסטער, און איצט איז ער אין אַמעריקע אונטער דעם נאָמען „טעד אַדאָלפוס", וואו ער פירט אויף גרויסע באַלעט-פאָרשטעלונגען.

איך האָב געזען זיינע אַן אויפפירונג אין ניו-יאָרקער ראָקסי-טעאַטער און אויך אין מוזיק-האָל, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ סך טאַלענט און געשמאַק.

אָט פון דעם אַבראַשאַס טאַנצן אַלס קינד פון אַכט-ניין יאָר האָבן זיך כמעט דערנערט אַלע אַקטיאָרן פון דער קאַמינסקי-בערמאַן-טרופּע. און פאַסירט האָט עס אַזוי:

די פאַר איבערגעבליבענע טעאַטער-פּאַטריאָטן, די בעסערע מענטשן אָדער לעביונגען, פלעגן אַרויפקומען און אַנדערע פלעגט מען פּשוט איינלאַדן, און די געסט פלעגן אַרויסשיקן נאָך שנאַפּס און פאַרבייסן. אַבראַשאַ פלעגט זיך שטעלן טאַנצן, ניט געקוקט ווי שפּעט עס איז געווען. מען פלעגט אים אָפּט

אַרויסשלעפּן פון בעט אַ שלעפּעריקן, און אַבראַשאַ איז אַלע מאָל געווען פאַרטיק צום טאַנצן. אַזוי ווי קיין פּיאַנאָ איז אין הויז ניט געווען, פלעגן חברה אַקטיאָרן דערווייל האָבן אַ געלעגנהייט צו זינגען, און אַבראַשאַ פלעגט טאַנצן צו יעדער מוזיק, וואָס מען פלעגט זינגען, און ענדיקן פלעגט זיך עס מיט אַ רוסישער „קאַמאַרינסקאַיאַ", און דער גאַסט, וויסנדיק די לאַגע, פלעגט מיטן אויסרייד, אַז ער גיט עס דעם קינד זיך עפּעס צו קויפן, אַריינשטופּן דעם קינד אַ גאָלדשטיק אָדער צוויי, אָדער אַסיגנאַציעס. אָבער אָנשטאָט דעם קינד עפּעס צו קויפן, פלעגט מען דאָס געלט געבן רבקה'ן, און זי האָט שוין פאַרזאָרגט, אַז אַלע זאָלן האָבן וואָס צו עסן.

אַזוי האָט זיך די קאָמפּאַניע געמוטשעט כמעט אַ האַלבן שווערן ווינטער, אָבער אין דעם גרויסן טומאַן און אין דער גרויסער כמאַרע, וואָס איז געהאַנגען איבער דער גאַנצער קאָמפּאַניע, איז געווען איין פּערזאָן, וועלכע פלעגט אַרומגיין פול מיט האָפענונג, און דאָס איז געווען אסתר רחל קאַמינסקי. עס האָט זיך שוין גענומען רודערן אין דער טעאַטער-וועלט, אַז אין אַמעריקע איז דאָ אַ איד, אַ נייער שרייבער, וועלכער קעמפּט פאַר אַ בעסער טעאַטער, פאַר אַ געזונט, ריין, דראַמאַטיש טעאַטער. דאָס איז איינער יעקב גאָרדין. און אסתר רחל האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז עס ווערן געשריבן גרויסע פּיעסעס מיט גרויסע פרויען-ראָלעס.

אין יענעם שווערן ווינטער, ווען רבקה איז אָפט מאָל געוועסן און ניט געוואוסט, וואו זי וועט נעמען פאַר מאָרגן אָנצוקאָרמענען די גאַנצע באַנדע, פלעגט אסתר רחל זיצן מיט איר געזיכט אָנגעשפּאַרט אויף ביידע הענט, און אירע אויגן פלעגן קוקן ווייט-ווייט, גאַנץ ווייט, און זי פלעגט מורמלען אַזוי ווי פאַר זיך אַליין: „ער קעמפּט, ער שרייבט, איך וועל זיין די יע-

ניקע, וועלכע וועט זיינע פּיעסעס צעשפּרייטן איבער גאַנץ פּוילן און רוסלאַנד".

און איר נבואה איז מקוים געוואָרן. מיט אייניקע יאָר שפּעטער האָט גאַנץ רוסלאַנד געקלונגען מיט אסתר רחל קאַמינסקים שפּילן יעקב גאָרדינס פּיעסעס, ווי „מירעלע אפרת", „די יתומה" און „עטי" אין „קרייצער סאָנאַטאַ".

## די געבורט פון דעם ערשטן אידישן געזאַנג־פאַראיין „לאָדזשער הזמיר"

לאָדזש האָט מען דעמאָלט גערופן קליין־פּאַריז. די גרוי־סע וועבער־פאַבריקן אַרום דער שטאָט, דער גרויסער האַנדלס־פאַרקער אין שטאָט און דער טעגלעכער אַרויספאָר און אַריינ־פאָר פון אויסלאַנד און פון רוסלאַנד האָט געמאַכט לאָדזש אינ־טערעסאַנטער און לעבעדיקער מיט יעדן טאָג. שפּראַכן האָט מען גערעדט אין לאָדזש פיר: פּויליש, דייטש, רוסיש און אידיש. כאָטש רוסיש איז געווען די רעגירונג־שפּראַך, פלעגט מען הערן רוסיש רעדן זעלטן, בלויז פון די זייער קליינער צאָל געבוירענע רוסן, און ווען מען פלעגט שוין יאָ רעדן רוסיש, איז עס געווען ווי געצוואונגען.

די קינדער אין די שולן און אין די גימנאַזיעס פלעגן מוזן לערנען אַלץ אין דער רוסישער שפּראַך, אָבער גלייך ווי זיי פלעגן אַרויסגיין אין גאַס, פלעגן זיי רעדן פּויליש אָדער דייטש.

די צייטונגען, צוויי מאָגערע בלעטלעך, זיינען געווען אין דייטש און אין פּויליש, און אַ רוסיש צייטונגל פאַר יוצא־וועגן, פאַר די עטלעכע רוסישע „טשינאָווניקעס" (באַאַמטע), און וואָס אָנבאַלאַנגט אידיש, פלעגט אין די בעסערע אידישע הייזער זיך געפינען די העברעאישע צייטונג „הצפירה".

דער אידישער עלעמענט האָט זיך צעטיילט אין צוויי קלאַסן: דער אַסימילירטער פּוילישער איד און דער חסידישער פּוילישער איד. צווישן אַסימילירטן און חסידישן איד איז גע־ווען אַ פיל גרעסערע מחיצה, ווי צווישן איד און גוי. פון אַ אי־דישער קולטור, פון אַ בעסער אידיש וואָרט איז דאָן קיין רייד ניט געווען, און ביי אַזאַ צוריקגעשטאַנענעם מצב אין דעם אידישן קולטורעלן לעבן איז קיין וואונדער ניט, וואָס עס איז

ניט געווען קיין זכר פון וועלכער עס איז נאַציאָנאַלער אידישער מוזיק.

ווען די ציוניסטן פלעגן אַראַנזשירן אַן אָוונט מיט אַ גרויסן נאַציאָנאַלן פּראָגראַם, פלעגט מען פאָרלעזן אַ פּאָר רוסישע אָדער פּוילישע לידער; נאָכדעם פלעגט איינער אַרויסטראָגן די ציוניסטישע פאָן און אַלע האָבן געפּאַטשט בראַוואָ און גע־שריגן „הידד״. מיט דעם פלעגט זיך דער פּראָגראַם ענדיקן.

עס האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַ דאַרשט נאָך אַ אידיש ליד, נאָך אַ אידישן טאָן, ספּעציעל צווישן די נאַציאָנאַלע אידי־שע פאָרגעשריטענע יונגעלייט, צווישן זיי לערערס, בוכהאַל־טערס, דאָקטוירים, פּריקאַזטשיקעס, און זיי האָבן זיך מתקנא געווען אין דעם דייטשן און פּוילישן געזאַנג־פאַראיין, וועלכער האָט שוין געהאַט עקזיסטירט פאַר די לעצטע פופציק־זעכציק יאָר. און טאַקע דער אַסימילירטער אידישער מיליאָנער, יולעק בירנבוים, אַליין אַ טשעליסט פון גרויסן פאַרנעם, איז געווען דער אָנפירער. בקיצור, די אידישע יונגעלייט האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַ נאַציאָנאַלן כאָר.

דאָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ פראַגע, ווי אַזוי פאַרזאַמלט מען זיך. ווייל אין יענער צייט האָט דער „בונד״ און אַנדערע פּאַרטייען אָנגעהויבן ווערן טעטיק. די רעגירונג האָט אָנגע־הויבן צו ווערן פאַרדעכטיק אויף די פאַרזאַמלונגען, און פאַר יעדער אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג האָט מען געקראָגן פון דריי חדשים ביז אַ יאָר טורמע. און ווען די בונדיסטן, אַנאַרכיסטן און אַפילו ציוניסטן פלעגן מאַכן אַ קליינע פאַרזאַמלונג אין אַ הויז, פלעגט מען אַוועקזעצן אַ מיידל מיט אַ בחור אויבנאָן, אַוועקשטעלן אויפן טיש עטלעכע פלעשלעך שנאַפּס מיט לע־קעך, און ווען די פּאָליציי איז געקומען, האָט דאָס געהייסן, אַז עס איז אַ תנאים.

דאָס איז געווען אַ תירוץ פאַר אַ פאַרזאַמלונג, וועלכע קומט פאָר זעלטן; אָבער מען קאָן דאָך ניט מאַכן צוויי־דריי מאָל

אַ וואָך תנאים, איז געווען צווישן די גרינדער אַ פּריוואַטער אַדוואָקאַט, נ. שאַפּיראָ. אָט דער שאַפּיראָ פלעגט זיך אָפּגעבן בלויז מיט שרייבן „פּראָשעניעס". אַלס געניטער פּראָשעניע־שרייבער האָט ער געפונען אַ וועג, ווי אַזוי צו געווינען דעם צוטרוי פון דער רעגירונג. ער האָט געשיקט אַ פּראָשעניע צום גובערנאַטאָר, אין וועלכער ער האָט זיך אָנגעגעבן אַלס הייסער רוסישער פּאַטריאָט און געבעטן אַ דערלויבעניש צו גרינדן אַ אידישן געזאַנג־פאַראיין, כדי אָפּצוציען די יוגנט פון אַפּיקורס׳ישע, רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען און פאַרזאַמלונגען, וועלכע פאַר׳סמ׳ען זייערע מוחות, און פאַרענדיקט די פּראָשע־ניע האָט ער מיט די ווערטער: „זאָלן די יונגע שנעקעס זיך אַמו־זירן מיט לידער און געזאַנג, וועלן זיי ניט ליגן אין קאָפּ קיין נאַרישקייטן".

דאָס איז דער רעגירונג געפעלן געוואָרן, און מען האָט גע־געבן אַ טשאַרטער און אויך אָנגעזאָגט דער פּאָליציי ניט צו שטערן די פאַרזאַמלונגען פון דעם כאָר און לאָזן זיי אָנגיין מיט זייער פּאַטריאָטישער אַרבעט.

אין אַ זייער קאַלטן אָוונט, ווען די קאַמינסקי־פאַמיליע און די חברה אַקטיאָרן זיינען געזעסן אַרום טיש, און רבקה האָט דערלאַנגט אַ גרויסע שיסל מיט קליסקעלעך, איז אַריינגעקומען אַ מאַן און האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס הארטנשטיין, אַ באַ־ריטאָן פון דעם לאָדזשער טעמפּל. ער גייט גלייך צו צו מיר און זאָגט מיר, אַז ער האָט געהערט פון מיר און ער קען מיך, און ער דענקט, אַז איך בין דער פּאַסנדסטער דיריגענט פאַר דעם אידישן נאַציאָנאַלן געזאַנג־פאַראיין, וועלכער האָט זיך ניט לאַנג צוריק געגרינדעט; ער האָט דאָס געמאַכט דעם פאָרשלאָג וועגן מיר, און אַזוי ווי היינט איז אַ רעפּעטיציע, זאָל איך מיט אים טאַקע גלייך צוגיין.

די זאַך האָט מיך גלייך פאַרכאַפּט. איך האָב שוין גע־זען אין מיין פאַנטאַזיע, ווי איך דיריגיר אַ גרויסן כאָר און איך

פיר אויף גרויסע ווערק. לאָז איך איבער די קליסקעלעך און איך גיי מיט הארטנשטיינען, דעם באַריטאָן, צו דער רעפּעטי־ציע פון לאָדזשער אידישן נאַציאָנאַלן געזאַנג־פעראיין. גייענ־דיק, דערקלערט מיר הארטנשטיין, אַז ער טאַקע האָט מיט זיי געמאַכט אייניקע פּראָבעס, אָבער ער פילט זיך ניט פאַר גענוג גוט און ער דענקט, אַז איך וועל מאַכן אַ גרויסע זאַך פון דעם כאָר. מיין פאַנטאַזיע האָט ערשט גענומען אַרבעטן שטאַרקער און איך בין געווען גליקלעך צוליב דער געלעגנהייט.

אָט אַזוי גייענדיק און פאַנטאַזירנדיק, זיינען מיר שוין אויפן דריטן שטאָק אין אַ הויז; די טיר עפנט זיך און איך זע אַרום אַ גרויסן טיש זיצן אַ פינף־זעקס נעט־געקליידטע, עלע־גאַנטע יונגעלייט און אַ צוויי־דריי נאָך נעטערע און עלעגאַנ־טערע מיידלעך. איך האָב גלייך דערפאַרן, אַז דאָס זיינען די פּיאָנערן און גרינדער פון דעם לאָדזשער אידישן נאַציאָנאַלן געזאַנג־פעראיין. צווישן די עטלעכע פריילינס האָט זיך געפו־נען פריילין פישער, וועלכער איך מוז מיט אַזוי פיל יאָרן שפּע־טער מאַכן דעם קאָמפּלימענט, אַז זי איז געווען די שענסטע, און זי האָט מיר דעמאָלט אין אַ שיינעם, געשמאַקן פּויליש פאָרגעשטעלט איר מוטער, וועלכע פלעגט שטענדיק מיטגיין מיט איר.

עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז די פריילין פישער איז טאַקע שפּעטער געוואָרן די פרוי פון דעם גוט־באַקאַנטן קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט זאַוול זילבערטס.

אַריינקומענדיק און זעענדיק די אַכט־צען יונגע מענטשן אַרום טיש, האָב איך מיינע חלומות וועגן אַ גרויסן כאָר פאַרלוירן, אָבער אַזוי שנעל ווי איך האָב געהערט זייער באַגייסטערונג פאַר דעם געזאַנג־פעראיין און ספּעציעל די באַגייסטערונג פון דעם אַדוואָקאַט נ. שאַפּיראָ, וואָס האָט איינפאַך געשאָסן ניט מיט ווערטער, נאָר מיט פייער, — האָב איך מיך געלאָזט מיט־ציען. שאַפּיראָ האָט פאַרענדיקט זיין רעדן, זאָגנדיק, אַז ער

פילט, אַז זיי גייען איצט טאָן אַ גרויסע זאַך, פון וועלכער די גאַנצע וועלט וועט קלינגען.

ווען זיי האָבן אַלע אָפּגערעדט און מיר געגעבן דאָס וואָרט, האָב איך זיי געזאָגט, אַז דאָס ערשטע, וואָס איך באַדאַרף האָבן, איז אַ גרויס צימער אָן מעבל, מיט הוילע פיר ווענט, און אויסער אַ פּיאַנאָ טאָר זיך אין דעם צימער ניט געפינען אַפילו אַ שטול אָדער אַ בענקל, און די פיר ווענט וועלן מיר געבן פיר נעמען: סאָפּראַן, אַלט, טענאָר, באַס. און איך זאָג ווייטער:

— עס מאַכט מיר ניט אויס, וויפיל מענטשן איר האָט פאַר יעדער שטימע, און איך בין זיכער, אַז מיט יעדער פּראָבע אונזערער וועלן זיך אי די שטימען, אי די מיטגלידערשאַפט פאַרמערן, אָבער אַ כאָר זינגט ניט אַרום אַ טיש, און זעלטן זיצנדיק.

די מענטשן זיינען געוואָרן צו מיר צוגעצויגן, און עס האָט ניט געדויערט קיין האַלבע שעה, און עס איז שוין געווען אַ לייִדיק, גרויס צימער מיט פיר ווענט. איך האָב אין דער צייט, וואָס זיי האָבן געמאַכט ליידיק דאָס צימער, אויסגעקליבן צווישן זייערע נאָטן אַ ציוניסטישן מאַרש, „על משמר הירדן", די מוזיק פון ביאַליסטאָקער דיריזשאָר בערמאַן, און מיר שטייען שוין און מען זינגט שוין, און דאָס הייליקע מוזיקאַלישע פייער האָט זיך אָנגעצונדן פון דעם ערשטן אידישן געזאַנג-פאַראיין אין דער וועלט.

## דער „הזמיר" וואַקסט

די לאַגע פון דער קאַמינסקי־טרופּע איז געוואָרן מיט יעדן טאָג אַלץ ערגער און ערגער. מען האָט געפּרוּווט שפּילן אַ פּאָר פאָרשטעלונגען אַרום לאָדזש, אין פּאַביאַניץ, פּעטריקאָוו, טאָמאַשאָוו; עס האָט אָבער ניט „געבליצט", און איידער מען פלעגט קריגן אַ דערלויבעניש אויף אַ פאָרשטעלונג, פלעגן אַוועק־גיין וואָכן.

די קאָמפּאַניע איז געוואָרן קלענער, ווייל אייניקע זיינען זיך צעפאָרן אין קאַפע־שאַנטאַנען און אַנדערע זיינען צוגע־שטאַנען צו אַנדערע אידישע טרופּעס. די שטימונג איז געוואָרן מיט יעדן טאָג געדריקטער. אַפילו די גוטמוטיקע רבקה פלעגט אָפּט זיצן אַ פאַרטראַכטע, אַ פאַרזאָרגטע, און פלעגט טענה'ן:

— צוויי מענטשן בין איך מקנא — מיין שוועסטער אסתר רחל און רומשינסקין. זיי דאַרפן גאַ־אַ־אַ־רניט... — און זי פלעגט דעם „גאָרניט" אויסציען, כמעט יעדן בוכשטאַב באַזונ־דער; — גיב זיי אַ שטיקל ברויט, איז פאַר זיי גענוג... נאָר מיט טעאַטער ווערן זיי קיין מאָל ניט זאַט, יעדע נאַכט אין אַן אַנדער טעאַטער, אַ נאַכט אין דייטשן טעאַטער און אַ נאַכט אין פּוילישן טעאַטער; קומען אַהיים, זיצן, באַלאַקענען און חלום'ען ביז אין טאָג אַריין. הלוואי זאָל זיך אויסלאָזן גוט פון זייערע חלומות... — און זי פלעגט זיך לאָזן אין קיך אַריין און זאָגן: — איך ווייס איין זאַך — טעאַטער מיט חלומות קאָן איך אין טאָפּ ניט אַריינלייגן...

יאָ, רבקה האָט רעכט געהאַט. כאָטש אסתר רחל קאַמינ־סקי איז דאָן געווען שוין אין די הויכע דרייסיקער, און איך נאָך ניט קיין פולע אַכצן יאָר, איז ווי אומדערפאָרן איך בין געווען אין פּראַקטישן לעבן, איז זי עס געווען נאָך ווייניקער פון מיר.

די פרוי האָט איינפאַך ניט געוואוסט און ניט געוואָלט וויסן פון קיין פינאַנציעלער לאַגע, אויסער טעאַטער, טעאַטער און נאָך אַמאָל טעאַטער. זי פלעגט זיך פאַרלאָזן אין אַלץ אויף איר שוועסטער רבקה׳ן, און זי אַליין פלעגט זיצן, טרוימען און פאַנ־טאַזירן...

ביי מיר פלעגט אָפט מאָל דורכלויפן אַ געדאַנק און אויך אַ ביסל שרעק: וואָס וועט זיין? קיין געלט האָב איך שוין ניט, די אויסזיכטן זיינען שוואַכע. פלעגט אָבער אסתר רחל קאַמינ־סקי איבערשלאָגן מיינע פינסטערע געדאַנקען מיט: „קום אין טעאַטער!" אָדער: „וואָס גייען מיר היינט זען?" אַממערסטן פלעגן מיר גיין אין דייטשן טעאַטער, וועלכער איז באַשטאַנען פון אַ גרויסער אָפּערעטן־געזעלשאַפט, איספּאָרטירט פון דייטש־לאַנד און עסטרייך, און אויך אַ גוטער דראַמאַטישער געזעל־שאַפט. דער דירעקטאָר איז געווען אַ דייטשער איד, ראָזנטאַל, אַ נידעריקער, אַ פעטער, מיט אַן עכט־אידישער נאָז, אַן אינטע־ליגענטער מענטש מיט אַ געשמאַק פאַר שיינע זאַכן, אָבער קאָ־רעקט און שטרענג, ווי אַן עכטער טעאַטער־דירעקטאָר.

זיצנדיק ביי אַ פאָרשטעלונג אין דייטשן אָדער אין פּוילישן טעאַטער, פלעג איך פילן, אַז פרוי קאַמינסקי פילט זיך ווי איינע פון די שוישפּילער, און קוים פלעג איך זיך פאַרטראַכטן, פלעגט זי זאָגן:

— זאָרג ניט, רומשינסקעלע, באַלד וועט מען אונז פּאַטשן בראַוואָס! באַלד, באַלד וועט מען אונז לויפן זען! עס איז נאָר אַ פראַגע פון צייט...

איך האָב זיך אריינגעוואָרפן אין דער ארבעט פון געזאַנג־פאַראיין מיט מיין גאַנצער נשמה, און מיט יעדער פּראָבע איז דער כאָר געוואָרן גרעסער, אַזוי אַז אין פאַרלויף פון אַ חודש צייט איז דער כאָר באַשטאַנען פון העכער פופציק פּערזאָן, מע־נער און פרויען. דער כאָר האָט באַלד באַקומען אַ נאָמען שוין פון די פּראָבעס אַליין, אָבער עס האָבן אויך ניט געפעלט שטע־

רונגען און אָפּלאַכעריי. די אַסימילאַטאָרן האָבן געלאַכט פון די זשידעס, וואָס גייען מאַכן אַ כאָר און זינגען מה־יפית, און די חסידישע אידן און אַפילו די ציוניסטן, די כשר׳ע אידן, האָבן פשוט ניט געקאָנט באַגרייפן, ווי קלייבן זיך עס צונויף דריי מאָל אַ וואָך געזונטע בחורים און מיידלעך און באַשעפטיקן זיך מיט אַזאַ נאַרישער זאַך, ווי זינגען. מן־הסתם איז עפּעס ניט גלאַט דאָרטן. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז ווען די ציוניסטן האָבן אַראַנזשירט אַ טאַנץ־אָוונט, צו וועלכן עס זיינען געקומען איי־ניקע מיטגלידער פון דעם כאָר, האָבן גאָטספאָרכטיקע מאַמעס פּראָטעסטירט, פאַרוואָס מען האָט זייערע טעכטער צוזאַמענ־געבראַכט מיט די הצופות, וועלכע קלייבן זיך צוזאַמען דריי מאָל אַ וואָך און זינגען. און טאַקע די פיינע, איידעלע קינדער פון דעם נאַציאָנאַלן געזאַנג־פאַראיין האָבן געמוזט פאַרלאָזן דעם זאַל. אָבער די הערלעכע טענער פון די קאָמפּאָזיציעס, וועלכע איך האָב מיט זיי איינגעשטודירט, זיינען געווען ווי אַ באַל־זאַם צו די אַלע שטערונגען און רכילות׳ן. מען פלעגט פון יעדער פּראָבע אַוועקגיין מיט אַ נייעם באַגאַזש האָפענונגען און אויסדויער.

איין מאָל איז צו אַ פּראָבע געקומען ד״ר לודוויג פאַלק. ד״ר פאַלק איז דעמאָלט געווען דער פּאָפּולערסטער מענטש אין לאָדזש, ווייל אַחוץ דעם וואָס ער איז געווען אַ גרויסער דאָק־טאָר מיט אַ ברייטער פּראַקטיק, איז ער געווען אַ זייער באַגאַב־טער פּיאַניסט. ער איז ניט געווען פון יענע דאָקטוירים, וואָס שפּילן אויך אַ ביסל פּיאַנאָ, נאָר ער איז געווען אַ גרויסער וואַגנער־פּיאַניסט. ער פלעגט שפּילן „בראַוואורא״ ווי אַ גאַנ־צער אָרקעסטער און האָט געקענט כמעט אַלע וואַגנערס אָפּע־רעס אויף אויסנווייניק. דערצו איז ער נאָך געווען אַ קאַוואַלער מיט אַלע פּישטשעווקעלעך, עלעגאַנט, אַ מענטש אין די דריי־סיקער און אויך ניט קיין קליינער „דאָן זשואַן״.

ווען עס איז געקומען צו זיינע אויערן וועגן דעם אידישן

כאָר, האָט ער, ווי געוויינלעך, זיך אויסגעלאַכט און איז געקו־מען הערן, ווי די אידן זינגען „מה יפית". אָבער ווען ער האָט דערהערט דעם ציון־מאַרש „על משמר הירדן" און גלייך דער־נאָך אַ דועט מיט כאָר פון מענדלסאָנס אָראַטאָריע „גאָט, הער אונזער געבעט!", האָט ער נאָך פאַר דער ווייטערדיקער קאָמ־פּאָזיציע — שומאַנס אַ ציגיינער־ליד אין העברעאיש — מיך גע־בעטן אַ דערלויבעניש צו באַגלייטן אויף דער פּיאַנאָ די קאָמפּאָ־זיציע, ווייל קיין פּיאַניסט האָב איך ניט געהאַט און פלעג אַליין האַלב שפּילן און האַלב דיריגירן. נאָך דער קאָמפּאָזיציע, וועל־כע איז ניט נאָר מוזיקאַליש, נאָר זייער עפעקטפול, איז ד"ר פאַלק אויפגעשטאַנען און געהאַלטן אַ רעדע פון אַ האַלבער שעה. דער מענטש האָט גערעדט מיט טרערן אין די אויגן פון באַגייסטע־רונג און האָט געזאָגט:

— איך שעם זיך פאַר אייך פאַר דעם לייכטזיניקן געפיל, מיט וועלכן איך בין אַרויף צו אייך, און דאָס, וואָס איך פיל איצט, ווייס איך איינפאַך ניט פאַר באַגייסטערונג, ווי אַזוי זיך אויסצודריקן... דאָס, וואָס מיין זיידע און באָבע האָבן ניט געקאָנט טאָן צו מיין פאָטער און מוטער, און צו מיר אוודאי ניט — דאָס האָט איר געטאָן אין אַ האַלבער שעה. איך בעט אייך, נעמט מיך אַריין אין אייער געזעלשאַפט, איך וועל זינגען טענאָר אָדער באַס, איך קען אויך אַ ביסל פּיאַנאָ שפּילן — אַלע האָבן זיך צעלאַכט, — איך וועל אַפילו שטיין ביי דער טיר און היטן, אַז קיין פרעמדע, אומגעוואונטשענע פּערזאָנען זאָלן ניט אַריינקומען, אַבי איך זאָל קאָנען זיין מיט אייך און פאַרברענ־גען אַזעלכע הערלעכע אָוונטן ווי היינט!

עס איז אַוועק כמעט אַ יאָר מיט טיכטיקע פּראָבעס. די געזעלשאַפט האָט נאָך אַלץ דעם געזאַנג־פאַראיין אָפּגעלאַכט, און אַפילו באַיקאָטירט, כאָטש מען האָט געוואוסט, אַז צום פאַראיין איז צוגעשטאַנען ד"ר ל. פאַלק און איז געוואָרן דער פּערמאַנענטער פּיאַניסט און אַ טיכטיקער מיטגליד פון געזאַנג־

פאראיין. דעמאָלט האָט מען באַשלאָסן צוויי זאַכן: ערשטנס, דער פאַראיין זאָל האָבן אַ נאָמען, און צווייטנס, מען זאָל אַרויס־טרעטן צום ערשטן קאָנצערט. מען האָט פאָרגעשלאָגן פאַר־שידענע נעמען: „ציוניסטישער געזאַנג־פאַראיין", „די האַרפע", „די פידל" און סתם געזאַנג־פאַראיינען, ביז מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן „הזמיר". מען האָט אויך באַשלאָסן, אַז דער קאָנצערט זאָל פאָרקומען אין שטאָטישן, גרויסן טעאַטער, וועל־כער איז ניט לאַנג צוריק געהאַט אויפגעבויט געוואָרן.

ווען עס איז עפנטלעך באַקאַנט געוואָרן, אַז דער „הזמיר" גיט זיין ערשטן קאָנצערט אין גרויסן טעאַטער, האָט זיך ערשט אויפגעהויבן דער ריכטיקער, שטאַרקער „ווּיצעקו". די אַסי־מיליאַטאָרן האָבן געשריגן: „ס'טייטש, קענן וועמען גייען זיי ווייזן זייער קונסט? קעגן דעם פוילישן פאַראיין, וואו עס איז דאָ אַזאַ דיריזשאָר, ווי העגריק מעלצער, וועלכער האָט באַקו־מען אין פאַריז דעם רובינשטיין־פּרייז? (ער איז שפּעטער גע־וואָרן דער דירעקטאָר פון דער וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע) אָדער קעגן דעם גרויסן דייטשן פאַראיין, וועלכער האָט די גרעסטע קינסטלער־דיריגענטן?". און די חסידישע אידן האָבן גלאַט געשריגן: „געוואַלד, בחורים און מיידלעך צוזאַמען!"...

קורץ, עס זיינען געווען פּראָטעסטן און מיטינגען, און דאָך זיינען די בילעטן צעכאַפּט געוואָרן. אויפן דריטן טאָג נאָכן אָנאָנסירן דעם קאָנצערט איז שוין דאָס טעאַטער געווען אויס־פאַרקויפט, ווייל, ווי שוין געזאָגט, די ציוניסטישע יוגנט איז געקומען חוזק מאַכן און די אַסימיליאַטאָרן זיינען געקומען זען, ווי די זשידקעס וועלן זינגען זייער „מה יפית".

## דער ערשטער קאָנצערט פון לאָדזשער „הזמיר"

איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן די ערנסטקייט, און מיט וואָס פאַר אַ געמיט און גערדריקטער שטימונג מיר זיינען גע־גאַנגען צום קאָנצערט. מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז דער „יום־הדין" פון לאָדזשער „הזמיר", און אַז אונזערע ריכטער וועלן זיין אומ׳ברחמנות׳דיק. און דאָ מוז איך צוגעבן, אַז איך האָב, ווי אַ געניטער גענעראַל איידער ער דאַרף פירן זיינע סאָל־דאַטן אויף אַן אַטאַקע, זיך געווענדט צו מיינע קאָנצערטיסטן מיט אָט די ווערטער:

— קינדער! (אַזוי האָב איך זיי אַדרעסירט, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך בין געווען דער יונגסטער פון זיי אַלעמען) איר זעט דאָרט די הונדערטער קעפּ? שרעקט זיך ניט! דאָס זיינען ניט קיין קעפּ, נאָר קעפּלעך קרויט.

און מערקווירדיק, די דאָזיקע עטלעכע ווערטער האָבן זיי צוגעגעבן מער זיכערקייט.

די בינע האָט אויסגעזען הערלעך. אין מיטן האָט גע־ברענט אַ פייערדיקער מגן־דוד, די מיידלעך זיינען געווען אָנגע־טאָן אין ווייסע קליידלעך, די מענער אין טאָקסידאָס מיט ציליג־דערס אין די הענט. די סאָפּראַנאָס און אַלטן, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון יונגע, שיינע אידישע מיידלעך, זיינען געשטאַ־נען אין אַ האַלבן קרייז אינמיטן, ביי די זייטן זיינען געשטאַנען די באַסן און טענאָרן, יונגעלייט, וואָס זיינען געווען בוכהאַל־טערס, וואַיאַזשאָרן, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, סטודענטן און לע־רער. דאָס זיינען ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלע זינגער. אַפילו דער פּיאַניסט, דאָקטאָר פאַלק, כאָטש אַ גרויסער פּיאַ־ניסט, איז אויך געווען נאָר אַ „ליבהאָבער". און איך אַליין בין געווען צו דער זאַך מער ליבהאָבער, ווי פּראָפעסיאָנאַל. איך

בין איינפאַך געוועזן פאַרליבט אין מיין אַרבעט. עס האָט גע־הערשט אויף דער בינע ביי אַלעמען אַ פאַנאַטישער ענטוזיאַזם.

גלייך נאָך דעם ערשטן נומער („על משמר הירדן") האָט גע־הערשט אַ מאָדנע שטילקייט. פאַרוואונדערט און דערשראָקן האָבן מיר זיך אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן. וואָס איז דאָס? — אַ דורכפאַל? קיין איינציקער אַפּלאָדיסמענט?

מיר האָבן אַראָפּגעקוקט אין טעאַטער, און דאָ האָבן מיר געזען עפּעס מערקווירדיקס, כמעט ווי אומבאַגרייפלעכס. הונ־דערטער מענטשן זיינען געזעסן ווי פאַר׳כישופ׳טע, מיט אויס־געגלאָצטע אויגן און אָפענע מיילער, פאַרגאַפטע, אַזוי ווי חלילה פאַראַליזירטע.

ענדלעך האָט דער עולם ווי דערוואַכט פון זיין לעטאַרגיע און אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן און „הידד"-אויסרופן האָט אויסגעבראָכן. מען האָט געשריגן „ביס", און מיר האָבן דעם נומער דריי מאָל איבערגעזונגען. נאָכדעם זיינען געקומען פון מיר אַראַנזשירטע „ציון־ניגונים". דאָ האָבן זיך גענומען גיסן זיסע מעלאָדיעס, מיט עפעקטפולער, לייכטער האַרמאָניע. עס האָט זיך געפילט, ווי דער עולם זיצט פאַרגאַפט. מיט יעדן נומער איז די באַגייסטערונג געשטיגן. צום שלום האָבן זיך אַלע עלעמענטן פאַראייניקט ווי איין פּערזאָן פון אַלע קלאַסן, שיכטן און אידעעס: עס איז געוואָרן איין מענטש, און גאָר צום סוף האָבן די איבערגעבליבענע הונדערטער יונגעלייט, צווישן זיי אַסימילאַטאָרן, חסידים, געמאַכט אַ גרויסן קאַראַהאָד און געטאַנצט אין פראָנט פון טעאַטער.

די קריטיק האָט ניט געפונען קיין ווערטער פון לויב־געזאַנג. דער קאָנצערט האָט איינפאַך אָפּגעווישט ביידע ניט־אידישע פאַראיינען, וועלכע האָבן עקזיסטירט העכער פופציק־זעכציק יאָר. איין דייטשער קריטיקער האָט פאַרענדיקט זיין קריטיק מיט די ווערטער: „דער קליינער ירדן-טייך האָט מיט זיין שטראָם פאַרפלייצט די גרויסע ימ׳ען!"

דער נצחון איז געקומען. די בעסערע אידישע געזעלשאַפט האָט אָנגעהויבן פילן רעספּעקט צום „הזמיר", און מען האָט אָנגעהויבן קוקן אויף אים ווי אויף אַ וויכטיקן פאַקטאָר אין אידיש-קולטורעלן לעבן.

אַ פּאָר חדשים נאָך דעם ערשטן קאָנצערט איז געווען אַ גרויסע שרפה. עס האָט אָפּגעברענט כמעט די גאַנצע שטאָט ברעסט-ליטאָווסק (בריסק). האָט דער פּאָליצמייסטער פון לאָדזש אַריינגעשיקט אַ ביטע צום לאָדזשער „הזמיר", אַז מיר זאָלן געבן אַ קאָנצערט פאַר די ברעסט-ליטאָווסקער נשרפים. מיר האָבן גלייך איינגעוויליקט. און אַזוי ווי די הילף האָט געזאָלט גיין צו אידן אַזוי גוט ווי צו קריסטן — האָבן מיר געזאָלט געבן אַן אַלגעמיינעם פּראָגראַם — דאָס הייסט אין איי־ניקע שפּראַכן.

איך האָב איינגעזונגען מיטן כאָר פאַרשידענע נומערן. איין נומער פון פּוילישן קאָמפּאָזיטאָר מאָניושקאָ, און אויך אַ רוסישן נומער פון פּרוג, מוזיק פון פּעקאָר, און די איבעריקע אין העברעאיש, דייטש און אידיש. אַ טייל בילעטן האָט דער פּאָליצמייסטער אויסגעשיקט, די איבעריקע זיינען אויסגעכאַפּט געוואָרן אין דריי טעג צייט. און דאָ האָט זיך דער „הזמיר" געפילט געוואַלדיק געשמייכלט מיט דעם, וואָס די רעגירונג האָט אים איינגעלאַדן פאַר אַ קאָנצערט. נאָך דעם קאָנצערט האָבן זיך די פּוילישע, דייטשע און רוסישע צייטונגען פּשוט צעריסן, לויבנדיק דעם „הזמיר". ביי אַ קאָמיטע-מיטינג פון „הזמיר" האָט מען מיר געוויזן בריוו פון מיטגלידער פון פּוילישן פאַראיין, אַז זיי ווילן ווערן מיטגלידער פון „הזמיר". צווישן זיי זיינען אויך געווען קריסטן. און ווען מען האָט מיר געגעבן אָנצוהערעניש, אַז מען וויל מיר געבן אַ פּרעזענט, און געוואָלט אויסגעפינען, וואָס איך וואָלט געוואָלט, מען זאָל מיר קויפן, האָב איך זיי געזאָגט, אַז זיי זאָלן צאָלן פאַר מיר די לעקציעס, וואָס איך וויל נעמען ביי הענריק מעלצער. איך וויל לערנען

ביי אים קאָמפּאָזיציע. האָט די קאָמיטע אויסגעשטעלט אויף מיר מויל און אויערן, אַזוי ווי מען וואָלט זאָגן: דאָ האָבן מיר בריוו פון זיינע מיטגלידער, אַז זיי ווילן אָוועק פון אים, ווייל זיי ווילן אַ בעסערן דיריגענט, און דו ווילסט גאָר לערנען ביי אים?!

איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס זיי מיינען, און איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך בין שוין געוועזן ביי אים. ער האָט ניט גע־וואוסט, ווער איך בין, ווייל כ'האָב מיך פאַררופן אויף אַן אַנ־דער נאָמען. ער רעכנט 25 רובל אַ לעקציע, נאָר נאָכדעם ווי ער האָט מיך פאַרהערט, האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט נעמען ביי מיר נאָר פופצן רובל. וויל איך זיי בעטן, אַז זיי זאָלן צאָלן פאַר מיר פאַר איין לעקציע אַ וואָך.

ד"ר פאַלק האָט אָפּגעמאַכט מיט הענריק מעלצער, אַז דער „הזמיר" וועט פאַר מיר באַצאָלן. ווען איך בין געקומען צו מיין ערשטער לעקציע, איז אַזוי ווי ער האָט מיך דערזען, האָט ער ביי מיר געפרעגט, פאַרוואָס איך האָב אים אָפּגענאַרט און ניט געזאָגט מיין ריכטיקן נאָמען. האָב איך אים געזאָגט, אַז איך האָב מורא געהאַט, טאָמער וועט ער מיט מיר ניט וועלן לערנען. און ווי פאַרענטפערנדיק זיך, האָב איך ווייטער גע־זאָגט, אַז דאָס וואָס די קריטיקער זאָגן, איז ניט מיין שולד. האָט ער געשמייכלט און געזאָגט צו מיר:

— זאָג ד"ר פאַלקן, אַז איך וויל ביי זיי קיין געלט ניט נע־מען פאַר דיין לערנען און איך וועל דיר געבן צוויי לעקציעס אַ וואָך.

הענריק מעלצער איז געוועזן איינער פון די גרעסטע פּיאַ־ניסטן, וואָס איך האָב געהערט. ניט אומזיסט האָט ער געוואו־נען דעם רובינשטיין־פּרייז אין פּאַריז. ער איז אויך געוועזן אַ גרויסער טעאָרעטיקער, אָבער אַ שרעקלעכער דיריגענט. וואָס פאַר בריליאַנטענע הענט ער האָט דאָס געהאַט צו דער פּיאַנאָ! יעדער פינגער האָט גערעדט פאַר זיך. און מיט וואָס פאַר אַ

גראַציע ער פלעגט דאָס שפּילן שאָפּען! אָבער ווי ער פלעגט נאָר נעמען דאָס שטעקעלע אין האַנט צו דיריגירן, פלעגן ווערן די צוויי בריליאַנטענע הענט פאַרוואַנדלט אין צוויי שווערע שטעקנס, און דער גאַנצער שיינער, הויכער מענטש פלעגט במילא ווערן אַ שטיק ליים. פון זיין שפּילן פּיאַנאָ און זיין פאַר־שטיין מוזיק ביז זיין דיריגירן איז געווען, ווי דער אַמעריקאַנער דריקט זיך אויס, „פראַם דהי סובליים טו דהי רידיקיולאָוז".

און דאָס איז ניט קיין נייעס. ריכאַרד וואַגנער איז אויך געווען אַ ביטערער דיריגענט. ער פלעגט צו זיינע אייגענע אָפּערעס מוזן האָבן אַ פרעמדן דיריגענט. און ער האָט נאָך געהאַט אַ גרעסערע צרה, ווייל זייענדיק אַ ביטערער שונא פון אידן, האָט ער דאָך געמוזט אָנקומען צו כמעט בלויז אידישע דיריגענטן, ווי מאָטעל, ליוויי און אָקס.

איך געדענק, איך בין אַמאָל געקומען צו מעלצערן אויף אַ לעקציע. מען האָט שוין דאַן געשמועסט, אַז ער וועט זיין דער צוקונפטיקער דירעקטאָר און פּראָפעסאָר פון דער וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע. זאָגט ער צו מיר:

— מען זאָגט, אַז דו ביסט אַ גוטער דיריגענט, וויל איך עס זען.

איך האָב מיך זייער פאַרשעמט. נעמט ער אַרויס אַן אָראַטאָריע — „פּאָולוס" פון מענדלסאָן — און זאָגט ווייטער:

— איך וועל שפּילן, דו דיריגיר!

בין איך געבליבן שטיין אין אַ שרעקלעכער פאַרלעגנהייט: ווי קאָן איך זיך שטעלן דיריגירן פּראָפעסאָר הענריק מעלצער? איך האָב אים אַלס מוזיקער און פּיאַניסט איינפאַך פאַרגעטערט. זאָגט ער אָבער מיט אַ באַפעלנדן טאָן:

— שטעל זיך פאָר, אַז דו האָסט פאַר זיך אַ גרויסן אָר־קעסטער און אַ גרויסן כאָר, און דיריגיר!

איך האָב אים געפאָלגט. ער האָט געשפּילט דעם גאַנצן ערשטן טייל. זיין שפּילן האָט מיך צערודערט. מען האָט

געפילט דעם גאַנצן אָרקעסטער מיטן כאָר צוזאַמען. נאָכן שפּילן שפּאַרט ער זיך אָן מיר און זאָגט פאַרטראַכט:

— פאַרוואָס האָבן מענטשן ליב צו טאָן זאַכן, צו וועלכע זיי זיינען ניט פעאיק און ניט געבוירן?

זאָג איך צו אים:

— אַנטשולדיקט, פּראָפעסאָר.

זאָגט ער צו מיר:

— ניין, מיין קינד, ניט דיך מיין איך.

און ער האָט דערנאָך מיט מיר געלערנט, אַנשטאָט אַ האַל־בער שעה, אַ שעה און אַ האַלב.

## דער „הזמיר" איז געוואָרן ווי אַ יחסנ'דיק חתן־בחור'ל – יעדער האָט געוואָלט טאָן מיט אים אַ שידוך

די ציוניסטישע געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך ערשט ניט לאַנג געשעמט מיטן „הזמיר", האָט גע'טענה'ט, אַז ער דאַרף זיין אונטער איר פליגל, און די אַסימילאַטאָרן האָבן געזאָגט, אַז עס טאָר ניט זיין צו פיל „זשידאָווסקי", און עס האָבן זיך אָנגעפאַנגען צאַנקערייען און דעבאַטן. אָבער דאָס איז אַלץ געווען לטובת דעם „הזמיר", ווייל עס האָבן זיך אָנגעפאַנגען צו אינטערעסירן מיט דעם פאַראיין אַזעלכע מענטשן ווי יאַרבלום, וועלכער איז געווען, אויסער אַ זייער רייכער מאַן, אַ פיינער פידלער און גאָר אַ טיכטיקער מוזיקער, און חייקל יאַנאָווסקי, אַ גרויסער געשעפטסמאַן, און ער איז שוין געווען ניט נאָר אַ גוטער מוזיקער, נאָר אויך אַ גרויסער טעאָרעטיקער. ער פלעגט זיצן ביי זיך אין געשעפט פאַרשלאָסן אין זיין צימער און שרייבן „פוגן" (הויכע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס).

איך האָב מיט דעם לאָדזשער „הזמיר" דעמאָלט געהאַלטן אין רעפּעטירן אַ גרויסן כאָר־נומער מיט אַ פוגע פון האַידנס אָראַטאָריע „די שאַפונג" (בראשית), „די הימעל ערצעהלען די עהרע גאָטעס". מיר האָבן עס געזונגען אין העברעאיש, „השמים מספרים כבוד אל". אינמיטן געזאַנג פיל איך, אַז איך פאַרליר דעם קאָנטראָל איבערן כאָר, אָבער גלייך האָט דער גאַנצער כאָר גענומען זינגען מיט מער מוט און קראַפט ווי געוויינלעך. ווען מיר האָבן פאַרענדיקט זינגען, איז דאָקטאָר פאַלק אויפגעשפרונגען פון דער פּיאַנאָ און צוגעלאָפן צו צוויי מענער, וועלכע זיינען טאַקע ניט לאַנג אַריין, און גלייך האָט כמעט דער גאַנצער כאָר אַרומגערינגלט די צוויי נאָר־וואָס אַריינגעקומענע פערזאָנען. מען האָט זיי מיר ביידן פאַרגע־

שטעלט — דאָס איז געווען נחום סאָקאָלאָוו, דער רעדאַקטאָר פון דער העברעאישער צייטונג „הצפירה”, וועלכע איז דאַן אַרויס אין וואַרשע, און דער גרויסער אידישער שרייבער יהודה לייב פּרץ. זיי האָבן אונז געבעטן ניט צו שטערן זיך אין דער רעפּעטיציע, און מיר זיינען ווייטער אָנגעגאַנגען מיט אונזער רעפּעטירן.

גלייך נאָכן געזאַנג האָט י. ל. פּרץ געהאַלטן אַ רעדע. ער האָט אָנגעהויבן אין אַ שיינעם, קלאָרן אידיש, אָבער זעענדיק אַזוי פיל יונגע, שיינע מיידלעך און מורא האָבנדיק, אַז זיי וועלן אים ניט גוט גענוג פאַרשטיין, האָט ער פאַרענדיקט זיין רעדע אין אַ פּערפעקטן ליטעראַרישן שיינעם פּויליש. מערקווירדיק, ווען י. ל. פּרץ האָט גערעדט אין פּויליש, האָט איר זיך קיין מאָל ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס רעדט דער מיסטישער, סימ־באָליסטישער, חסידישער גרויסער אידישער שרייבער, נאָר איר האָט געזען שטיין פאַר זיך אַ פּוילישן „שליאַכטשיץ” מיט די צוויי גרויסע פאַרדרייטע וואָנצעס, עלעגאַנט, נעט געקליידט, מיט אַ האַלטונג פון אַ פּוילישן „פּאַן”, אָבער מיט אַ פּאָר גרויסע, טיפע, אידישע אויגן — אויגן, וועלכע האָבן אייך דורכגע־דרונגען דורך און דורך, און געקוקט ווייט, זייער ווייט. אַז איר האָט געוואָלט, זיינען עס געווען אַ פּאָר גוטמוטיקע אויגן, און אויך בייזע, שטרענגע, ליידנדע אויגן. יהודה לייב פּרצ'עס אויגן האָט מען פאַר אַ לאַנגער צייט ניט געקאָנט פאַרגעסן. זיין רעדע איז געווײנלעך באַשטאַנען אין זיין באַגייסטערונג פאַרן כאָר פון „הזמיר”. ער האָט, צווישן אַנדערע, געזאָגט, אַז ווען דער „הזמיר” האָט געזונגען, האָט ער געהאַט דעם איינדרוק, ווי ער הערט מאַקאַבעיער־ און לוויים־געזאַנג.

עס האָט אויך געזאָגט אַ פּאָר ווערטער נחום סאָקאָלאָוו: ער האָפט איין זאַך, אַז די מיסיע, נאָך וועלכער ער און פּרץ זיי־נען געקומען פון וואַרשע, זאָל ווערן דורכגעפירט, און ווי מיר זיינען שפּעטער געוואויר געוואָרן, איז דער צוועק פון

זייער קומען געווען איינצולאַדן דעם לאָדזשער „הזמיר" צו דעם גרויסן „פורים-באַל", וואָס ווערט געמאַכט אַלע יאָר פון די אי־דישע נאַציאָנאַלע סטודענטן פון וואַרשעווער אוניווערזיטעט, און אויך פון דער בעסערער אידישער געזעלשאַפט פון וואַרשע, און אַז עס באַטייליקן זיך אין דעם יעדעס יאָר די גרעסטע ליטע־ראַטן און מוזיקער.

מען האָט די איינלאַדונג אָנגענומען, און דאָ האָט זיך אי־בערגע'חזר'ט די זעלבע געשיכטע, וואָס אין לאָדזש, נאָר אין אַ פיל גרעסערער מאָס — צווישן פובליקום זיינען געווען די גרעסטע אַסימילאַטאָרן, וועלכן זיינען געקומען מיטן צוועק חוזק צו מאַכן פון דעם זשידאָווסקי געזאַנג, — אָבער דערפאַר איז די באַגייסטערונג געווען נאָך אַ גרעסערע, ווי אין לאָדזש. עס האָט געשטורעמט מיט ווילדער באַגייסטערונג. דער קאָנצערט איז אויך באַזוכט געוואָרן פון די אָנגעזעענסטע אידישע פּער־זענלעכקייטן: דער מאָלער און צייכענער אפרים ליליען און דער רעדאַקטאָר פון דער אידיש-דייטשער צייטונג „אָסט און וועסט", אָבער די צוויי גליקלעכסטע מענטשן זיינען געווען נחום סאָקאָ־לאָוו און יהודה לייב פּרץ, ווייל עס איז געווען זייער איינפאַל אַרונטערצוברענגען דעם לאָדזשער „הזמיר" צו דעם באַל.

נאָכן קאָנצערט האָט זיך אָנגעפאַנגען דער גראַנדיעזער באַל, וואו אַלע סטודענטן, אויך אַ סך קריסטלעכע געסט, האָבן אַרומגערינגלט דעם כאָר „הזמיר" און האָבן אין קאַראַהאָד גע־שריגן „הידד". עס האָט ניט גענומען לאַנג, ווי פון גאַנצן פּוב־ליקום איז געוואָרן איין קאַראַהאָד, צווישן זיי אויך נחום סאָ־קאָלאָוו, יהודה לייב פּרץ, אפרים ליליען און דער רעדאַקטאָר פון „אָסט און וועסט".

קומענדיק צוריק קיין לאָדזש, האָט ערשט דער „הזמיר" געמאַכט אַ הוליאַנקע, און מען האָט באַשלאָסן ניט צו מאַכן קיין פּראָבעס אין פאַרלויף פון פיר וואָכן.

אויפן צווייטן אָונט, גייענדיק איבער פּעטריקאָווער גאַס,

ניט האָבנדיק וואָס צו טאָן גאַנצע פיר וואָכן, האָב איך זיך פאַרבענקט נאָכן אידישן טעאַטער. די קאַמינסקים זיינען געווען ערגעץ אויף דער פּראָווינץ, און ווען איך וויים, וואו זיי זיינען, וואָלט איך צוגעפאָרן צו זיי. אַזוי רעדנדיק צו זיך אַליין, זע איך, ווי סאַלאָמאָן קרויזע, טאָקע דער זעלבער קרויזע, וועלכער שפּילט לעצטנס ביי מאָרים שוואַרצן און וועלכן איך האָב געזען צום ערשטן מאָל אין גראָדנע שפּילן „מנוח" אין „שולמית", שפּרינגט אַרונטער פון אַ טראַמוואַי (סטריט-קאַר). ער לויפט צו מיר און שרייט אוים:

— רומשינסקעלע, טאָקע צו דיר פאָר איך, — און ער רעדט שנעל, אין איין אָטעם: — פישזאָנס גרויסע טרופּע מיט אַ גרויסן כאָר איז איצט אין גראָדנע. מיר זיינען געבליבן אָן אַ דיריזשאָר. קום, טאַטעלע, פאָר מיט מיר. עס וועט דיר גוט זיין.

איך פרעג אים, ווען עס גייט אָפּ דער נאָענטסטער צוג קיין גראָדנע. זאָגט ער, אַז אין צוויי שעה אַרום. מיר גייען צו מיר אויף דער לאָזשי. איך נעם עפּעס מיט, און מיר זיצן שוין אין צוג, וואָס גייט קיין גראָדנע.

מיר זיינען גלייך אַריינגעפאָרן אין האָטעל, וואו חברה אַקטיאָרן האָבן געוואוינט. דער אַלטער פישזאָן, זיין פרוי, וועלכע פלעגט זיך רופן מיט איר בינע-נאָמען מאַדאַם בראַגינסקאַיאַ, מישאַ פישזאָן, וועלכער איז דעמאָלט געווען אַ יונג, שיין בחור'ל, און די ניט-לאַנג פאַרשטאָרבענע זאַסלאַווסקאַיאַ, ליבערט, און נעראָסלאַווסקאַיאַ. מען האָט זיך מיט מיר אַרומגעכאַפּט. איך פרעג גלייך, ווען עס איז פּראָבע און וואָס מען שפּילט. זאָגט מען מיר, אַז היינט שפּילט מען ניט. עס איז געווען זעקס פאַרנאַכט. מאָרגן עלף אינדערפרי איז פּראָבע. מען שפּילט „אַלעקסאַנדער דער קרוינפּרינץ".

מען האָט די נאַכט געהוליעט. פון שלאָף איז קיין רייד ניט געווען. מאָרגן צו פּראָבע געפין איך אַ „וואָיעננעם" (מילי-

טערישן) אָרקעסטער. איך באַגריס זיי: „זדראַוואָ, רעביאַטאַ!״ זיי גיבן זיך אַ שטעל אויף און ענטפערן אַלע ווי איין מענטש: „זדראַוויע זשעלאַיעם, וואַשע בלאַגאָראָדיע!״ עס איז געווען אַ גוטער אָרקעסטער, ווייל עס האָט זיך אין אים געפונען אַ גרויסער טייל פּראָפעסיאָנעלע מוזיקער, וועלכע האָבן געקריגן געצאָלט, אָבער האָבן געאַרבעט אונטער דיסציפּלין פון דער אַרמיי. עס איז געווען אַן אויסגעצייכנטע פאָרשטעלונג. ריבאַלסקי, אַ באַריטאָן, האָט געשפּילט „אַלעקסאַנדער״; נעראַסלאַווסקאַיאַ — „נעמי״; מאַדאַם פּישזאָן־בראַגינסקאַיאַ — „די קעניגין״. זי האָט אויסגעזען ווי אַן אמת׳ע קעניגין: הויך, שיין. זי איז נאָך איצט אַ שיינע פרוי, אָבער ווען איך זע זי איצט אויף סעקאָנד עוועניו, איז מיר שווער צו געפינען יענע קעניגין. דער אַלטער פּישזאָן און זאַסלאַווסקאַיאַ האָבן געשפּילט דאָס קאָמישע פּאָרל. מישאַ פּישזאָן האָט נאָך ניט געשפּילט קיין טעאַטער, און ליבערט האָט געשפּילט דעם אינטריגאַנט. ער האָט שוין דאַן אַרויסגעוויזן שפּורן פון אַ גרויסן אַקטיאָר.

אויפמאָרגן איז געגאַנגען „בר־כוכבא״, אויך אַ גוטע פאָרשטעלונג. איך וואָלט נאָך געבליבן פאַר נאָך אַ פּאָר פאָרשטעלונגען, ווייל איך האָב מיך זייער גוט אַמוזירט מיט דער חברה אַקטיאָרן. עס איז געווען אַ גאַנץ אַנדער אַטמאָספערע, ווי אין לאָדזשער „הזמיר״. איך האָב אָבער אויסגעפונען, אַז דער דיריזשאָר שלאָסבערג האָט געהאַט מיט דעם דירעקטאָר פּישזאָן אַ סיכסוך און איז אַוועק, און אַז ער געפינט זיך נאָך אין גראָדנע, און זיי האָבן מיך געבראַכט אויף זיין פּלאַץ. איך האָב איבערגעלאָזט אַ צעטעלע ביים עלטסטן פון די מוזיקער, אַז ער זאָל דאָס איבערגעבן שלאָסבערגן. אין דעם צעטעלע האָב איך זיך אַנטשולדיקט פאַר אים און בין אַוועק צוריק קיין לאָדזש אָן אַ „זיי־געזונט״.

# מען רופט מיך צום פריזיוו

איך האָב מיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון לאָדזשער „הזמיר" מיט אַזאַ ליידנשאַפט און פיבער, אַז איך האָב ניט באַמערקט, ווי עס איז אַוועק באַלד דריי יאָר. קיין זאַך האָט פאַר מיר ניט עקזיסטירט אין די דריי יאָר, אויסער דעם „הזמיר". איך האָב מיך מיט קיינעם ניט אינטערעסירט, אַפילו ניט מיט זיך אַליין. מיין אייגענער „איך" איז אַוועקגעפאַלן. מען האָט מיך באַטראַכט ווי אַ „מכשף", עפּעס אַ מענטש פון אַ העכערער וועלט. מען פלעגט זאָגן, אַז איך היפּנאָטיזיר דעם כאָר, און מען פלעגט מיך רופן „דער מכשף מיטן שטעקעלע".

כאָטש איך בין שוין געווען אַ יונגערמאַן פון באַלד איין־און־צוואַנציק יאָר אַלט און האָב שוין געהאַט דערפאַרונגען מיט פרויען און ליבעס, האָבן אָבער די גאַנצע דריי יאָר פון מיין זיין מיטן „הזמיר" קיין פרויען מיך ניט אינטערעסירט. איך פלעג זיי כמעט ווי ניט באַמערקן, און זייענדיק אַרומגערינגלט מיט זייער אינטערעסאַנטע, פיינע, עלעגאַנטע פריילינס, טאַקע מיטגלידערינס פון „הזמיר", האָבן זיי אָבער פאַר מיר עקזיסטירט ניט מער ווי אַלס סאָפּראַנאָס און אַלטן. איך פלעג מיך אַמאָל יאָ פאַראינטערעסירן אין איינער פון די שיינע מיידלעך פון „הזמיר", און אַפילו זיך פאַרליבן, פלעגט עס אָבער בלייבן ביי מיר און מיט מיר. ווייטער איז עס ניט געגאַנגען, ווייל, האָבנדיק אַ רעפּוטאַציע אַלס דער „מכשף מיטן שטעקעלע", אַ מענטש פון די העכערע וועלטן, טאָ ווי פּאַסט עס פאַר אַ מענטש פון העכערע וועלטן זיך צו אינטערעסירן מיט אַזעלכע ערדישע זאַכן, ווי פרויען, ליבע? איך פלעג אַפילו זיך ניט חבר'ן מיט דער יוגנט. מיין קאָמפּאַניע זיינען געווען פאַמיליע־מענטשן אין די פערציקער און פופציקער יאָרן: יאַרבלום, חייקל יאַנאָווסקי, אַדוואָ־

קאַט שאַפּיראָ, פּראָפעסאָר הענריק מעלצער און דאָקטאָר פאַלק. דאָקטאָר פאַלק איז געווען דער יונגסטער פון זיי, שוין אויך אַ מענטש אין די דרייסיקער, אָבער ער איז געווען דער ריכטיקער „ליידים מען". ער איז געווען דער אידעאַלער מאַן, פאַר וועלכן כמעט יעדע פרוי קען פאַלן. ווי שוין געזאָגט, אַ דאָקטאָר מיט אַ גרויסער פּראַקטיק, אַ טיכטיקער פּיאַניסט, אַ גרויסער מוזי־קער, אַ שיינער ברונעט, מיט אַן אָפּגעטאָקט פיגורל, נעט גע־קליידט און דערצו אַ גרויסער רעדנער און אַ פייערדיקער „דאָן זשואַן", פלעגט ער זיך אָבער אין „הזמיר", אין וועלכן ער איז געווען אַ טיכטיקער אַרבעטער און אויך דער פּערמאַנענטער פּיאַניסט, האַלטן גאַנץ אַנדערש. מען פלעגט זאָגן, אַז דאָק־טאָר פאַלק, ווען ער גייט אין „הזמיר", לאָזט איבער דעם דאָן זשואַן פון יענער זייט טיר. איך בין איינפאַך געווען פאַרליבט אינם דאָקטאָר פאַלק. ערשטנס, פאַר זיין פאַרשטענדעניש אין מוזיק, און עס איז גלאַט געווען אַ פאַרגעניגן צו זיין אין זיין געזעלשאַפט. ער איז געווען אַ גרויסער וויצלער און האָט גע־האַט הנאה אָפּצוטאָן שפּיצלעך, אָבער פאַר זיינע שפּיצלעך האָט ער אַמאָל געמוזט פאַרלאָזן לאָדזש אויף אַ קורצער צייט. עס האָט פּאַסירט אַזאַ געשיכטע:

אַ טאָג פאַר דעם יערלעכן באַל פון די אַסימילירטע דייטשע און פּוילישע אידן האָט כמעט יעדער פון זיי באַקומען אַנאָנימע בריוו, וועלכע האָבן זיך געלייענט אומגעפער אַזוי: „זיי וויסן, אַז דיין פרוי שפּילט אַ ליבע מיט דעם און מיט דעם, און אויב דו ווילסט זיך איבערצייגן, קאָנסטו עס באַמערקן ביי דעם יער־לעכן באַל"; און פאַרקערט: „זיי וויסן, אַז דיין מאַן שפּילט אַ ליבע מיט דער און דער, און דו קאָנסט זיך עס איבערצייגן ביי דעם יערלעכן באַל". נייננציק פּראָצענט פון די בריוו זיינען גע־ווען פאַקטן, דאָס הייסט אַ טרויעריקער אמת. מען קאָן זיך שוין פאַרשטעלן, וואָס ביי דעם באַל האָט זיך אָפּגעטאָן. שוין ביי דעם ערשטן באַגריסן זיך זיינען געפלויגן פּעטש, און וואָס

ווייטער זיינען די סקאַנדאַלן געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער, ביז עס איז געוואָרן אַן אַלגעמיינער כאַאָס, און יעדער האָט גע־נומען ווייזן בריוו. אָבער די צרה איז געווען, אַז עס זיינען אויפגעדעקט געוואָרן אַזוי פיל פאַרבאָטענע ליבעס, אַז מען האָט גענומען קלערן: ווער האָט עס געקאָנט טאָן? איז מען געפאַלן אויף דאָקטאָר פאַלקן; ער האָט אָבער גע׳טענה׳ט, אַז ער ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן, ווייל אים אַליין האָט מען אויך פאַרמישט אין אַ פּאָר פאַרבאָטענע ליבעס; האָט אָבער חברה גע׳טענה׳ט, אַז קיינער קען ניט אַזוי פיל ליבע־סודות, ווי ער, ווייל אַזוי ווי ער איז אַ בחור, האָט ער ניט וואָס צו פאַרלירן, און אַזוי ווי ער האָט ליב אָפּצוטאָן שפּיצלעך, איז די שולד געפאַלן אויף אים. ער האָט אויסגעפּעלט פון לאָדזש אַ פּאָר חדשים. ווען ער איז געקומען צוריק, האָט זיך די געשיכטע שוין געהאַט איינגע־שטילט, און אַז מען פלעגט אַמאָל רעדן פון דעם, פלעגט ער געבן אַ שמייכל אונטער אַ וואָנצע.

ווי שוין געזאָגט, פאַר דעם לאָדזשער „הזמיר" בין איך געווען בלויז אַ שטיק מוזיק, אַ „מכשף מיטן שטעקעלע". מיט מיין פריוואַט־לעבן האָט זיך קיינער ניט אינטערעסירט און איך האָב קיינעם ניט געגעבן קיין געלעגנהייט זיך צו אינטערעסירן, ביז — ביז מען האָט מיך געשיקט רופן אין דער פּאָליציי, ווייל איך באַדאַרף זיך שטעלן אין אַ פּאָר חדשים אַרום צום פּריזיוו.

ווען איך האָב דאָס דערקלערט פאַר דער קאָמיטע פון „הזמיר", האָבן זיי זיך איבערגעקוקט איינע מיט די אַנדערע, ווי מען זאָגט: דאָס איז נאָר אַ תירוץ, ער וויל פון אונז אַוועק־גיין. האָט טאַקע דאָקטאָר פאַלק געזאָגט:

— הער רומשינסקי, פאַרוואָס ווילט איר אונז פאַרלאָזן?

איך האָב זיי פאַרזיכערט און געוויזן מיין אַלטן פּאַספּאָרט. ווען זיי האָבן זיך איבערגעצייגט, אַז עס איז אמת, זיינען זיי געבליבן זיצן, ווי עס וואָלט עפּעס אַן אומגליק פּאַסירט.

די נייעס האָט זיך גלייך פאַרשפּרייט איבער לאָדזש, און

פאַר יעדן איז עס געווען אַן איבעררעאַשונג, ווייל ניט קוקנדיק אויף מיין דאַרער פיגור און יונגן אויסזען, האָט אָבער מיין פּאָזי־ציע און איבערהויפּט די האַלטונג און דאָס שטענדיקע פֿאַרקערן מיט עלטערע מענטשן מיך געמאַכט אויסקוקן אין אַלעמענס אויגן פיל עלטער. איך האָב גלייך אויסגעפונען, אַז איך האָב גע־מאַכט אַ טעות, מיינענדיק, אַז פרויען האָבן זיך מיט מיר ניט אינטערעסירט.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן ליבעס־דערקלערונגען איינע נאָך דער אַנדערער, און אויך געשפּרעכן פון עלטערן פאַר זייערע טעכטער. צווישן זיי איז געווען איינע אַ פריילין גאָלדבערג, וועלכע האָט אויך געזונגען אין „הזמיר״. צו דער פריילין גאָלד־בערג בין איך ניט געווען גלייכגילטיק. אַן עלטערע שוועסטער אירע איז געווען אַ שילערין אין פּעטערבורגער קאָנסערוואַ־טאָריע. ווען די שוועסטער פלעגט אויף זומער קומען אַהיים פון פּעטערבורג, פלעג איך, מיטן אויסרייד, אַז איך גיי צו דער עלטערער שוועסטער מוזיצירן, טאַקע מיינען די יונגערע שוועסטער. פריילין גאָלדבערגס מוטער איז געווען אַ שוועס־טער צו דער פרוי פון קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט לעאָן קראַ־מער, וועלכער איז יאָרן־לאַנג געווען דיריגענט אין פּאָרטוגעזישן טעמפּל און אין הלוי סינגינג סאָסייעטי.

מיין גרייטן זיך אַוועקצופאָרן איז פאַר די גאָלדבערגס, און איבערהויפּט פאַר דער פריילין גאָלדבערג, געווען אַ גרויסער קלאַפּ, און מיר אַליין איז געווען זייער שווער זיך צו שיידן פון איר. זי איז געווען אַ פייערדיקע ברונעטקע מיט אַ פּאָר קלוגע אויגן און מיט אַ נעט פיגורל, וואָס האָט זי געמאַכט אויס־זען ווי אַ שפּאַניערין; אָבער אַז פּאָניע רופט, מוז מען גיין. מען האָט גענומען מאַכן פּלענער, אַז איך זאָל דינען אין לאָדזש און אין דער זעלבער צייט קאָנען זיין דער דיריזשאָר פון „הזמיר״. אָבער ביז וואָס־ווער־ווען, באַדאַרף איך פאָרן זיך שטעלן צום פּריזיוו.

מען האָט אַראַנזשירט אַ גרויסן אָפּשייד־קאָנצערט, אין וועלכן עס האָט זיך באַטייליקט אויסער דעם כאָר פון „הזמיר" אַ גרויסער אָרקעסטער, צוזאַמענגעשטעלט פון אַלע פאַראייניגן פון לאָדזש, דאָס הייסט פון פוילישן און פון דייטשן. עס איז געווען אַ הערלעכער אָוונט, וועלכן איך וועל אין מיין לעבן ניט פאַרגעסן. עס זיינען געקומען די גרעסטע פערזענלעכקייטן, צווישן זיי דער גרויסער פוילישער פידלער פון יענער צייט באַ־צעוויטש און דער גרויסער פוילישער שרייבער, דער פּראָפעסער פון „קוואָ וואַדיס", הענריק שענקעוויטש. מען האָט מיר דער־לאַנגט נאָך דעם קאָנצערט צוויי טויזנט רובל און אַ גאָלדענעם זייגער, אויף וועלכן ס'איז געווען אויסגעקריצט די דאַטע און דער זיגל פון לאָדזשער „הזמיר".

צומאָרגנס איז דער וואָקזאַל געווען שוואַרץ מיט מענטשן. מען האָט געוויינט, ווייל איך האָב איבערגעלאָזט אַ סך צעבראָ־כענע הערצער... אָבער ביים לעצטן פייף פון לאָקאָמאָטיוו בין איך געבליבן אַליין, און איך האָב באַלד באַגריפן מיין לאַגע, וואוהין און נאָך וואָס כ'פאָר. איך האָב מיך שוין געזען אין אַ לאַנגן, סאָלדאַטסקן שינעל, און ווי אַ פּראָסטער פויער, אַ סאָל־דאַט, לערנט מיך: „ראַז־דוואַ, ראַז־דוואַ"... — איינס־צוויי, איינס־צוויי... ס'טייטש, מיך לערנען טאַקט? איך, נאָך ווע־מענס טאַקט עס זיינען נאָכגעגאַנגען גרויסע כאָרן, אָרקעסטערס, אַרטיסטן, אַרטיסטקעס — איך דאַרף זיך איצט לערנען טאַקט פון אַ פּראָסטן כאָם?! און עס האָבן מיר געקלונגען אין די אויערן די הערלעכע טענער פון דעם גרויסן אָפּשייד־קאָנצערט מיטן גרויסן כאָר און גרויסן אָרקעסטער... אָבער דאָס פּאַטשן פון קאַלטן שניי אין פענסטער פון וואַגאָן האָט איבערגעריסן מיין פאַנטאַזירן מיט דעם אומעטיקן, שווערן „ראַז־דוואַ, ראַז־דוואַ"...

## איך געזעגן מיך מיט מיין געבורט־שטאָט

כאָטש ווילנע איז געווען מיין געבורט־שטאָט, האָב איך אָבער, פאַרנדיק צום פּריזיוו, ניט געהאַט צו וועמען און וואוהין אַריינצופאָרן, ווייל די נאָענטסטע און די ליבסטע זיינען שוין געווען אויפן עולם־האמת, אויף וועמענס קברים עס האָט איצט געשאָטן אַ געדיכטער, קאַלטער שניי.

אַזוי ווי מיינע עלטערע ברידער, זלמן און איציק, זיינען שוין דאַן געווען מיט זייערע פאַמיליעס אין אַמעריקע, זיינען בלויז פאַרבליבן מיין יונגסט ברודערל, מענדל, און מיינעביידע שוועסטער, גיטל און פריידל, מיט 2 יאָר יונגער פון מיר. ביידע זיינען געווען פייערדיקע, איבערגעגעבענע בונדיסטקעס, אויף וועלכע מיר האָבן זיך גערעכט, אַז אָט־אָט וועט מען זיי אַרעס־טירן...

פריידל איז געווען אינגאַנצן אַ קאָפּיע פון אונזער מאַמען. אונזער מאַמע איז געווען פאַרנומען מיט חתונה מאַכן אַלטע מיידן און זינגען פאָלקס־לידלעך, און פריידל האָט זיך אַריינגע־וואָרפן אין סאָציאַלער טעטיקייט און זינגען רעוואָלוציאָנערע לידלעך. האָט איינער געהאַלטן אַ גרויסן רעפעראַט, אָדער דאָרטן האָט זיך געגרינדעט אַ נייער קרוזשאָק, איז פריידל גע־ווען דאָרט. עס האָט איר ניט אויסגעמאַכט, וואו עס זאָל ניט זיין און ווי ווייט עס זאָל ניט זיין — זי האָט ניט אויסגעפעלט. אַפילו מיט יאָרן שפּעטער, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן אין אַמעריקע — און זי האָט שוין איצט דערוואַקסענע, געראָטענע קינדער. צווישן וועלכע עס זיינען דאָ אַ לאָיער, אַ דאָקטאָר און פיינע, עלעגאַנטע טעכטער — בשעת איך בין זומער־צייט גע־פאָרן מיט דער קאָמפּאַניע אין דער פּראָווינץ, פלעג איך כמעט יעדע פאָר יאָר זי טרעפן אין אַן אַנדער שטאָט. פלעגן טאַקע די אַקטיאָרן מיך פרעגן: „וויפיל שוועסטער האָט איר?" —

פלעג איך זיי ענטפערן, אַז דאָס איז די זעלבע שוועסטער. ווען איך האָב זי געפרעגט פאַרוואָס זי האַלט אין איין אַרומוואַנדערן מיט איר פאַמיליע, האָט זי מיר געזאָגט, אַז עס ווערט איר נמאס די זעלבע שטאָט מיט די זעלבע מענטשן — עס איז ניט אינ־טערעסאַנט.

איך האָב מיין שוועסטער פריידלען לעצטנס געטראָפן אין שיקאַגאָ מיט איר פאַמיליע זייער גליקלעך, און אַזוי ווי מיר שרייבן זיך זייער זעלטן איבער, האָט מען מיר טאַקע אָפּגעגעבן פון איר אַ גרוס, אַז זי געפינט זיך איצט מיט איר פאַמיליע אין לאָס אַנדזשעלעס און עס גייט איר דאָרט זייער גוט.

מיין יונגערע שוועסטער, גיטל, ווען זי איז געקומען קיין אַמעריקע אַלס אַ יונג מיידל, איז געפאָרן צו אירער אַ חבר׳טע קיין באַלטימאָר, און זי איז נאָך ביז איצט דאָרט. אין באַלטי־מאָר האָט זי חתונה געהאַט, דאָרט אויסגעגעבן אַ טאָכטער, און זי דערציילט נאָך אַלץ אונזער טאַטנס חכמה׳לעך און זינגט זיי־נע לידלעך.

וואָס מער דער צוג האָט זיך דערנענטערט צו ווילנע, אַלץ מער זיינען פאַרשוואונדן די הערלעכע האַרמאָניע און די זיסע טענער פון דעם גרויסן כאָר און אָרקעסטער פון לאַדזשער „הזמיר״, און מיין געבורט־שטאָט ווילנע, וועלכע איז געווען פאַר מיר אַ צויבער־וואָרט און איז מיר געווען אַזוי ליב און טייער, האָט מיך איצט געגומען שרעקן. איך האָב געזען פאַר זיך קברים און סאָלדאַטשינע, און אויפן האַרצן איז מיר געוואָרן שווערער און שווערער. מיינע געדאַנקען האָבן זיך קאָנצענ־טרירט אויף איין זאַך — אַנטלויפן! פון מיין פאַרטראַכטקייט און שווערן געמיט האָט מיך אַרויסגענומען אַ האַרט קול: „סטאַנ־ציאַ ווילנאַ!״

איך בין געבליבן שטיין אויפן ווילנער וואָקזאַל מיט מיין שווערן טשעמאָדאַן און גענומען קלערן: וואו און צו וועמען פאָרט מען? עס איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז מיין

ערשטן וויזיט אין מיין געבורט־שטאָט זאָל איך אָפּשטאָטן מיינע טאַטע־מאַמע אויפן בית־עולם. האָט אָבער דער גרויסער שניי און זאַווייערוכע מיר געמורמלט אין די אויערן: „גיי ניט! די קברים זיינען פאַרשאָטן מיט שניי, אַז מען קאָן ניט צוקומען צו זיי!...״

ווי שוין דערמאָנט, זיינען מיינע צוויי עלטסטע ברידער שוין געווען אין אַמעריקע; מיין שוועסטער פריידל איז געווען ערגעץ אין טיף־רוסלאַנד; די יונגערע, גיטל, איז טאַקע יאָ געווען אין ווילנע, האָב איך אָבער פאַרלוירן איר אַדרעס. איך האָב נאָר געוווּסט, אַז מיין יונגסט ברודערל, מענדל, איז אין „רעמעסלעננאָיע אוטשילישטשע״ (האַנטווערקער־שול), וואו ער לערנט, אויסער אַלגעמיינע בילדונג, אויף אַ מאַשיניסט און עסט און שלאָפט דאָרט.

איך בין צוגעפאָרן צום ערשטן, נאָענטסטן האָטעל, איבער־געלאָזט דאָרט מיין טשעמאָדאַן און בין געפאָרן אין שול צו זען מיין ברודערל מענדל.

ווען איך האָב פאַרלאָזן ווילנע, האָב איך אים איבערגע־לאָזט אַלס אַ קינד פון אַ יאָר פינף־זעקס; איצט איז פאַר מיר געשטאַנען אַ סטודענטל פון פופצן יאָר, אַ ברייט־ביינערדיקער בחור׳ל. ער האָט מיר פאָרגעשטעלט אייניקע פון זיינע חברים־סטודענטלעך — איינער פון זיי דער ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״, לעוויטאַן. מיר זיינען גלייך געפאָרן זען אונזער שוועסטער גיטל, אַ מיידל פון זיבעצן יאָר. די בונדיסטקע איז געלעגן אויף איר אויסגעגאָסן. אירע שוואַר־צע, לאַנגע צוויי צעפּ און איר שוואַרץ קליידעלע מיטן ווייסן קעלנערל האָבן איר געמאַכט אויסזען נאָך יונגער ווי זי איז געווען. ווי איבערראַשט זי איז געווען פון מיין פּלוצלינגן קומען, האָט זי מיר דאָך דערקלערט, אַז היינט ביינאַכט קאָן זי מיך ניט זען, ווייל זי מוז גיין צו אַ פאַרזאַמלונג, וואו עס וועט זיין דער יונגער לאַסאַל, ב. וולאַדעק, און ניט אַלע ווייסן און

ניט אַלע טאָרן וויסן, וואו ער געפינט זיך, ווייל ער איז שוין דאַן געווען אַ פּאַרדעכטיקע פּערזאָן ביי דער רוסישער רעגירונג.

איך האָב מיך גלייך גענומען אינטערעסירן וועגן מיין פּריזיוו און האָב אויסגעפונען, אַז כאָטש איך בין געבוירן געוואָרן אין ווילנע, בין איך צוגעשריבן צו פּאָדבערעזע, אַ שטעטל 28 וויאָרסט פון ווילנע. פּאָדבערעזע איז געווען פאַר מיר ניט ניי, ווייל אַהין האָט מען מיך אַוועקגעפירט צו דער אַם, וועלכע האָט מיך צוגעוואָרפן נאָך דריי חדשים זייגן, און איך בין קראַנק געווען ביז זעקס יאָר. פּאָדבערעזע איז אויך דאָס שטעטל, וואו מיין חשוב׳ער לאַנדסמאַן, אייב קאַהאַן, איז געבוירן געוואָרן.

איך האָב מיך אויך דערוואוסט, אַז צוויי דאָקטוירים דאַרפן באַשטימען, צי מען איז „גאָדיען", דאָס הייסט גוט גענוג צו זיין אַ סאָלדאַט — איינער אַ „וואָיענגער" (מיליטערישער), דער צווייטער אַ „שטאַטסקער" (ציווילער). איז טאַקע דער ציווי־לער דאָקטאָר, וועלכער האָט געהאַט צו זאָגן איבער מיין יאָ זיין אַ סאָלדאַט אָדער ניט, געווען דער גרויסער אַנטיסעמיט, וועל־כער האָט פאַרשמיסן כמעט צום טויט די פּופצן אידישע יונגע־לייט, וועלכע זיינען געווען פאַרמישט אין דעם שיסן אויף דעם ווילנער גובערנאַטאָר פאָן וואַל. צו אים איז געווען אוממעג־לעך צוצוקומען, דאָס איז געווען אַ צורר היהודים. און וואָס אַנבאַלאַנגט דעם מיליטערישן דאָקטאָר, איז ער געווען אַ יונ־גערמאַן מיט זייער אַ גרויסער מוזיקאַלישער בילדונג און דערצו אַ גוטער פידלער. האָבן טאַקע מיינע פריינט אַראַנזשירט אַ מוזיקאַלישן אָוונט, אויף וועלכן מען האָט אים איינגעלאַדן (פריוואַט האָט מען צו אים ניט צוגעלאָזט, מען האָט אים גע־היט), און ער האָט מיך דאָרט גוט באַטראַכט און האָט צו מיר געזאָגט מיט אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע: „מאָלאָדאָי טשעלאָוויעק, ווי בודיעטיע סאָלדאַטאָם!" (יונגערמאַן, איר וועט זיין אַ סאָל־דאַט!). האָב איך אָבער געקלערט, אַז אפילו מען וועט מיך אָפּגעבן אין מיליטער, וועט דער „הזמיר" קריגן פאַר מיר אַ

דערלויבעניש צו דינען אין לאָדזש און אין דער זעלבער צייט וועל איך קאָנען זיין דער דיריזשאָר פון „הזמיר".

פאַר איך קיין פּאָדבערעזע צו ווערן אַ סאָלדאַט. איך זע פאַר זיך הויכע, געזונטע פויערים פון דאָרף און אַ פּאָר שוואַכע אידעלעך, אייניקע מיט בערדלעך, שוין פאַרהייראַטע. די פויע־רים גיבן אַ אידן אַ זעץ איבערן היטל, כלומרשט אויף קאַטאָוועס, אָבער דאָס אידל גיט זיך אַ פאַרקרים, ווייל עס איז געווען אַ פשוט׳ער זעץ איבערן קאָפּ, און נאָך אַזעלכע כאַמסקע שטיק, פון וועלכע מיר ווערט זייער ביטער אויפן האַרצן.

מען נעמט זיך צום ציילן, מען שרייט אויס די נעמען און מען באַדאַרף ענטפערן מיט אַ הייב מיט דער האַנט און אַ גע־שריי: „זדיעס!" (דאָ). גלייך נאָכן ציילן הער איך ווי אַ טשי־נאָווניק (באַאַמטער) מיט אַ שוואַרצער באָרד פרעגט:

— „סקאָלקאָ ווסיעוואָ?" (וויפיל אינגאַנצן?).

— ענטפערט אַן עלטערער:

— „סיעמדיעסיאַט ס׳נאַשיך אי דוואַדצאַט־פּיאַט זשידאָוו!" (פינף־און־זיבעציק פון ·אונזערע און פינף־און צוואַנציק זשידעס).

אַזוי ווי איך האָב דאָס דערהערט, באַשלים איך גלייך אויפן פּלאַץ און זאָג צו זיך אַליין: „רומשינסקי, מאָרגן ביזטו שוין אין אויסלאַנד! מוחל גאַנץ רוסלאַנד מיטן „הזמיר" צוזאַמען!"

איך בין צוריקגעקומען קיין ווילנע. מיינע אַלע זאַכן האָב איך איבערגעלאָזט, ווייל איך האָב ניט געוואָלט האָבן קיין פּעק, וויסנדיק, אַז איך באַדאַרף אַריבערשמוגלען די גרענעץ. איך האָב איינגעניייט אין בוזעם־קעשענע מיין געלט און זיך צעקושט מיט מיין ברודערל און שוועסטערל. פאַר מורא האָב איך זיי אַפילו ניט געלאָזט גיין צום וואָקזאַל.

# איך פאָר קיין לאָנדאָן

שטייענדיק אויפן ווילנער וואָקזאַל, האָב איך ערשט באַגריפן סאָניעטשקעס ווערטער, וואָס זי האָט מיר געזאָגט אין דער דווינסקער טורמע איידער מען האָט זי אַוועקגעשיקט קיין סיביר: „ווי אַזוי קאָנסטו זיין אַזוי פאַרטיפט אין מוזיק? ווי אַזוי קאָן מען איבערהויפּט זינגען און שפּילן, ווען טויזנטער מענטשן ליידן הונגער און נויט און זיינען פאַרשקלאַפט, ליגנדיק אונטער די לאַפּעס פון רוסישן בער?"

איצט האָב איך געהאַט איין געדאַנק: „וואוהין לויפט מען? ווי אַזוי אַנטלויפט מען?" יעדער פּאָליציייסקי און יעדער סאָלדאַט, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען, האָב איך געמיינט, גייען מיר נאָך. ווייסנדיק, אַז מען האָט מיך נאָך ניט אָפּגעגעבן פאַר קיין סאָלדאַט און איך בין נאָך ניט קיין אַנטלאָפענער, איז מיין מורא פונדעסטוועגן געווען גרויס, און יעדע פּערזאָן, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט, אַז זי גייט מיר נאָך. דער געדאַנק, אַז מען באַדאַרף וואָס גיכער אַנטלויפן, האָט מיך געמאַטערט. אָבער וואוהין? האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, ווייל ס'איז זייער נאָענט צו דער גרענעץ.

איך קויף אַ בילעט קיין טשענסטאָכאָוו און פאָר אַריין צום טשענסטאָכאָווער חזן, בירנבוים. דאָס איז געווען ניט גלאַט עפּעס אַ חזנ'דל. ערשטנס, איז בירנבוים געווען זייער אַ געבילדעטער מענטש, אַ גרויסער שפּראַכן־קענער און פיל באַלעזן, און איבערהויפּט אַ גרויסער מוזיקער, אַ גרויסער טעאָרעטיקער. ער האָט דאַן אַרויסגעגעבן אַ צייטונג אין העברעאיש מיטן נאָמען „ירחון החזנים". דורך דער צייטונג האָט ער געלערנט מיט חזנים מוזיק, האַרמאָניע, שטימע־בילדונג און איבערהויפּט די קונסט פון חזנות. ער פלעגט אויך לערנען מוזיק דורך קאָרעס־

פאַנדעניק. אין אַלגעמיין איז ער געווען אַ מאָדערנער, וועלט־לעכער מענטש. ער האָט מיך זייער גוט געקענט, ווייל ער פלעגט באַזוכן כמעט יעדן קאָנצערט, וואָס איך האָב געגעבן מיטן לאָדזשער „הזמיר" (טשענסטאָכאָוו איז בלויז איייניקע שעה רייזע פון לאָדזש).

ווען חזן בירנבוים האָט מיך דערזען, האָט ער, אַפנים, גלייך פאַרשטאַנען דעם צוועק פון מיין קומען. ביי אים אין הויז איז דאַן געזעסן אַ תלמיד זיינער, אַ קריסט, און גענומען אַ לעקציע אין האַרמאָניע. בירנבוים האָט מיך גלייך באַגריסט אין פויליש: „וואָס מאַכט איר, פּאַניע בערמאַן?" מיט אַ שטאַרקן דרוק ביים האַנט און אַ וואונק מיטן אויג.

ווען דער שילער איז אַוועק, האָט ער זיך מיט מיר שטאַרק אַרומגעכאַפּט און געזאָגט, אַז אין אַזאַ צייט איז בעסער, ווען וואָס ווייניקער מענטשן „זעען און הערן", און אַז ער האָט מיך דערוואַרט:

— וואָס הייסט, איר פאַרט זיך שטעלן ווערן אַ סאָלדאַט? וואָס טויג אייך ווילנע און וואָס טויג אייך אַפילו לאָדזש? וויל־נע איז גוט פאַר גמרא־אידן און לאָדזש פאַר פאַבריקאַנטן. איר באַדאַרפט זיין אין ווין, בערלין, לייפּציג — דאָרט וואו עס גע־פינען זיך אָפּערעס, סימפאָנישע אָרקעסטערס...

ער האָט מיר פאַרגעשטעלט זיין פרוי און צוויי טעכטער, איינע אַ זינגערין און די צווייטע אַ פּיאַניסטקע. די זינגערין געפינט זיך אין אַמעריקע. דאָס איז די באַקאַנטע ראָוז בוסקאַ.

איך האָב אים דערציילט אַלץ, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט אין ווילנע. ער האָט דערקענט אין מיין רעדן, אַז איך זיץ אין טויט־שרעק, האָט ער מיך פאַרזיכערט, אַז איך האָב ניט וואָס מורא צו האָבן, און איך וועל אַריבער די גרענעץ אַזוי לייכט, ווי מען גייט אַריבער פון איין צימער אין צווייטן. ער ווייזט מיר אָן אויף אַ פּלאַץ:

— אָט דאָ שלאָפט איר און דאָ עסט איר און פון דאַנען

וועט איר גיין צו דער גרענעץ, — און רופט זיך אָן צו זיין פרוי:
— דו שטעלסט זיך פאָר, אַז סמירנאָוו וועט אים דערזען? ער וועט דאָך ניט וויסן, וואָס מיט אים צו טאָן! איך האָב דאָך אים מיטגעשלעפּט צו אייער לעצטן קאָנצערט אין „הזמיר".

און ער דערציילט מיר, אַז אַלעקסעי יעפימאָוויטש סמירנאָוו, כאָטש נאָך אַ גאַנץ יונגער מענטש, איז שוין אַ פּאָדפּאָלקאָווניק מיט אַ גרויסער, שיינער באַריטאָן־שטימע, אויך מוזיקאַליש און קען אַ סך אָפּערע־פּאַרטיעס. זיין גאַנצע נשמה ליגט אין מוזיק און אין אָפּערע; ער האָט געלערנט און געשטרעבט צו ווערן אַן אָפּערע־זינגער, אָבער זיין פאַמיליע און זיין פרויס פאַמיליע זיינען שטאַרק קעגן דעם, און אַזוי שטאַרק ווי ער האָט ליב מוזיק, אַזוי האָט ער פיינט סאָלדאַטשינע. בירנבוים זאָגט מיר, אַז סמירנאָוון וועט ער אַלץ פאַרטרויען וועגן מיר, און ער וועט שוין באַזאָרגן, אַז איך זאָל בשלום פּטור ווערן פון פאָניע־גנב.

בירנבוים האָט זיך איינפאַך מחיה געווען מיט מיר. מיר האָבן געשפּילט פּאַרטיטורן, געשריבן קאָמפּאָזיציעס, גלאַט אַזוי געמוזיצירט, און ווען איך פלעג אים פרעגן, וואָס וועט זיין מיט מיין גרענעץ, פלעגט ער מיר ענטפערן:

— עס פעלט אייך עפּעס ביי מיר? זיצט, עסט און טרינקט, דאָס איבעריקע וועל איך שוין באַזאָרגן...

אויף דער צווייטער וואָך, אין אַ דינסטאָג אָוונט, האָט זיך געעפנט די טיר און ס'האָט זיך אַריינגערוקט אַ גרויסער, פּוטערנער שינעל, און אין שינעל האָט זיך געפונען אַ הויכער, שיינער, יונגער פּאָדפּאָלקאָווניק. איך האָב מיך דערשראָקן, אָבער ווייסנדיק, אַז בירנבוים דערוואַרט דעם פּאָדפּאָלקאָווניק סמירנאָוו, האָב איך מיך גלייך באַרואיקט, און טאַקע גלייך האָט בירנבוים מיר אים פאָרגעשטעלט. סמירנאָוו האָט אָנגעכאַפּט מיין האַנט, געדריקט זי און געזאָגט:

— „אָטשען ראַד וואָס ווידיעט!" (עס פרייט מיך זייער אייך

צו זען!). — און האַלטנדיק אַלץ מיין האַנט, זאָגט ער ווייטער:
— איך קאָן נאָך ביז איצט אייער קאָנצערט מיט דעם „גאַזאַמיר" (אויף רוסיש איז די „ה" אַ „ג") ניט פאַרגעסן, און אַזוי ווי איך האָב ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צו דאַנקען אייך פריער, וועל איך אייך איצט אויסדריקן מיין גרעסטן דאַנק פאַר אייער אַר־טיסטישער אַרבעט מיט דעם הערלעכן כאָר.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, און ביי אַ גלעזל טיי האָט סמירנאָוו דערציילט, אַז ער לערנט איצט די פּאַרטיע פון באַיטאָס „מעפיסטאָפעל". כאָטש עס איז ניט אינגאַנצן פאַר זיין שטימע, דאָך וויל ער עס קענען. עס האָט ניט גע־נומען לאַנג, און ער האָט געזונגען און איך האָב אים באַגלייט אויף דער פּיאַנאָ אַ פּאָר אַריעס פון אָפּערעס. עס איז ווירק־לעך געווען אַ שאָד, וואָס אַזאַ שיינער זינגער מיט אַזאַ פּראַכט־פולער שטימע און פיגור זאָל זיין אין סאָלדאַטשינע, אפילו ווען ער איז אַ פּאָדפּאָלקאָווניק. אָבער, ווי שוין פריער געזאָגט, זיין נשמה איז געווען אין דער מוזיק, איבערהויפּט אין אָפּערע.

נאָכן זינגען האָט אים בירנבוים מיט מיר איינגעלאַדן אין זיין שרייב־צימער, האָט פאַרמאַכט די טיר און מיר זיינען גע־בליבן זאַלבעדריט אין אַ באַזונדערן חדר. בירנבוים האָט אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע וועגן מיר און וועגן מיין אַנט־לויפן פון פּריזיוו און פאַרענדיקט מיט דעם, אַז ער פאַרלאַנגט פון אים ניט מער און ניט ווינציקער, נאָר אַז ער זאָל מיר העלפן אַריבערשמוגלען די רוסישע גרענעץ.

סמירנאָוו האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע אויגן, און איך האָב געמיינט, אַז ער גייט מיך שוין אַרעסטירן, אָבער ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען ער האָט געזאָגט:

— „נו, קאָניעטשנאָ!" (נו, געוויס!), — און אָננעמענדיק מיך בייביידע הענט, זאָגט ער ווייטער: — ווי קומט פאַר אייך צו זיין אַ סאָלדאַט? „נאַפּראַסנאָ טראַטיט ווּרעמיאַ!" (אומ־זיסט פאַרלירן צייט!). איר באַדאַרפט זיין אין אויסלאַנד, וואו

די מוזיק שטייט פיל העכער ווי ביי אונז... — ער שטעלט זיך אויף און, אַרומשפּאַצירנדיק איבערן קליינעם צימערל, רעדט ער ווייטער: — גלויבט מיר, איך בין אייך מקנא. איר וועט זיין אַ גאַנץ לעבן באַשעפטיקט מיט מוזיק, זינגערס, אָרקעס־טערס, און איך? אפילו אַז איך וועל שוין ווערן אַ גענעראַל, — „נו, טאַק טשטאָזש?" (נו, איז וואָס?) אַלץ אַ סאָלדאַט! איך וועל מיין גאַנץ לעבן הערן אָנשטאָט מוזיק סאָלדאַטשינע, סאָל־דאַטשינע, „אי עטים קאָנטשיטסיאַ!" (מיט דעם וועט זיך עס ענדיקן!). נו, גענוג וועגן מיר!...

מיר גייען אַרויס פון חדר. ער טוט אָן זיין פוטערנעם שי־נעל און זאָגט צום חזן בירנבוים, אַז ער וועט מאָרגן ביינאַכט שיקן נאָך מיר צוויי „טאַמאָזשנע־סאָלדאַטן" (גרענעץ־וואַך), און זיי וועלן מיך שוין אַריבערנעמען די גרענעץ. מיר האָט ער דערלאַנגט די האַנט ביים געזעגענען זיך, האָט זיך געזעגנט מיט די איבעריקע אין הויז און איז אַוועק.

אויף מאָרגן, עלף אַזייגער ביינאַכט, זיינען געקומען צוויי הויכע, געזונטע טאַמאָזשנע־סאָלדאַטן און האָבן געזאָגט:

— „גדיע אָן? מי גאָטאָווי!" (וואו איז ער? מיר זיינען פאַרטיק).

איך האָב מיך צעקושט מיטן חזן בירנבוים, זיך געזעגנט מיט דער פאַמיליע. אין דרויסן האָט געוואַרט אַ סאָלדאַטסקע שליטעלע. מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט און געפאָרן. זיי האָבן מיך גוט צוגעדעקט, געמאַכט מיר באַקוועם, און איך בין טאַקע גלייך איינגעשלאָפן. געווי ווי לאַנג כ'בין געשלאָפן ווייס איך ניט. נאָר פּלוצלינג האָב איך דערפילט ווי מען רייסט מיך און אַ שטימע זאָגט: „פּאַידיאָמטיע!" (קומט!). די צוויי סאָל־דאַטן האָבן מיר געהאָלפן אַרויסקריכן פון שליטן און געלאָזט זיך גיין. איך בין זיי נאָכגעגאַנגען אין דעם דיקן שניי, וועל־כער האָט באַלויכטן די פינסטערע נאַכט.

אַפגייענדיק אַ צוואַנציק טריט, הער איך אַ שטימע: „קטאָ

טאַם?״ (ווער איז דאָרט?). ענטפערן זיי בײדע: „עטאָ מי!״ (דאָס זײַנען מיר!) און רופן אויס זייערע נעמען. מיר גייען נאָך אַ צוואַנציק טריט, זע איך ווי עס לײַכט זיך פון אַ קליין פענסטערל, און טאַקע באַלד גייען זיי אַריין אין דעם שטיבעלע און זאָגן צו מיר: „נו, וואָט וואָס זאַגראַניצאַ!״ (נו, אָט האָט איר אויסלאַנד!). איך זע פאַר זיך אַ קליין, היימיש שענקל, וואו עס שטייען רוסישע און דײַטשע סאָלדאַטן, פויערים, פויערטעס, אידן, ווײַבער, מיידלעך, בחורים, קינדער, זיצנדיק אויף פעק. די סאָלדאַטן טרינקען, ליאַרעמען, די לופט איז שטיקנדיק... איך נעם אַרויס אַ פינף־רובלדיקע, גאָלדענע מטבע און דערלאַנג זי מײַנע באַגלייטער, די בײדע סאָלדאַטן. רופט זיך אָן איינער צו מיר:

— „טיעפּיער ווי מאָזשעטיע פּליעוואַט נאַ ניך!״ (איצט קאָנט איר שפּײַען אויף זיי!), — אָנווײַזנדיק אויף יענער זײַט, וואו עס געפינט זיך רוסלאַנד, און זיי שטעלן זיך ווײַטער שיכור׳ן.

איך האָב געפרעגט בײַם אידן, דעם שענקער, צי איך קאָן דאָ איבערשלאָפן, זאָגט ער מיר, אַז איך זאָל זיך זעצן אויף איינעם פון די פעק און שלאָפן. איך האָב מיך אַוועקגעזעצט און האָב אַרײַנגערוקט די נאָז אין פענסטער אַריין, אפשר וועל איך דאָך קריגן אַ ביסל פרישע לופט. אַזוי בין איך אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט.

שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז שמוגלערס פירן אַריבער די גרענעץ גאַנצע גרופּעס, און די, וואָס איך האָב דאָ געטראָפן, וואַלגערן זיך אַזוי וואָכן־לאַנג. צו מיר זײַנען אויך צוגעקומען שמוגלערס און מעקלערס און האָבן מיך גענומען אויספרעגן, ווי אַזוי איך קום אַהער און וואוהין איך פאָר. איך האָב זיי ניט געוואָלט ענטפערן, האָבן זיי געמיינט, אַז איך בין אַ שטומער, נעבעך.

אַזוי ווי עס איז נאָר געוואָרן טאָג, האָב איך גענומען אַ שליטן און צוגעפאָרן צו אַ סטאַנציע און געקויפט אַ בילעט קיין

האַמבורג. איך האָב געוואָלט זיין אין אַ האַפן־שטאָט. אָנ־קומענדיק קיין האַמבורג, האָב איך מיך געשעמט אַריינצופאָרן אין אַ האָטעל אָן באַגאַזש, בין איך געגאַנגען איבער געשעפטן און האָב איינגעקויפט פון אַלעם — אַ טשעמאָדאַן, וועש, זאָקן, נאַזטיכלעך, קראַגנס, קראַוואַטן, אַפילו אַ פּאַרטיקן אָנצוג און אַ מאַנטל מיט אַ פּעלערינע.

איך בין דאַן אַריינגעפאָרן אין אַ האָטעל. אַריינקומענדיק אין מיין צימער, האָב איך זיך דערפריִיט מיט צוויי זאַכן: מיט דעם לופטיקן צימער און מיט אַ וואַנע. נאָכדעם ווי איך האָב זיך אויסגעבאָדן און אָפּגערוט, האָב איך מיך אָנגעטאָן און, אַריינקוקנדיק אין שפּיגל, האָב איך זיך אַליין געפרעגט: „ווער איז דער דייטש מיט דער פּעלערינע?".

איך בין אַרויס אין גאַס און האָב געקויפט אַ דייטשע צייַ־טונג. ס'ערשטע איז מיר געפאַלן אין די אויגן, אַז מען שפּילט דעם זעלבן אָוונט אין דער אָפּערע „אודיני", אַן עכט־דייטשע אָפּערע פון דעם קאָמפּאָזיטאָר לאָרצינג, און צווייטנס, אַז מאָרגן גייט אָפּ אַ שיף קיין לאָנדאָן.

איך האָב געקויפט בילעטן צו ביידע זאַכן — צו דער אָפּערע און אַ צווייטע קלאַס־בילעט קיין לאָנדאָן. פון דער אָפּערע גייענדיק, בין איך אַריין אין אַ רעסטאָראַן, ניט ווייט פון אָפּע־רע־הויז. איך זיץ פאַרטראַכט ביי אַ גלאָז ביר און ניט ווייט פון מיר זיצן צוויי דייטשן און אַרגומענטירן איבער דער אָפּע־רע „אודיני". רופט זיך אָפּ צו מיר איינער פון די דייטשן: „וואָס זאָגן זי, הער קאַפּעלמייסטער?" (מן הסתם דערקענט אין מיינע לאַנגע האָר און פּעלערינע, אַז איך בין עס). קלער איך זיך: „אַהאַ, ער האָט מיך דערטאַפּט!" און איך שעם זיך אים צו ענטפערן, ער זאָל ניט דערקענען אין מיין ווילנער „לאָסין און טייץ", אַז איך בין ניט קיין געבוירענער דייטש... האָב איך נאָר געגעבן אַ שמייכל.

אויף מאָרגן, זיבן אינדערפרי, בין איך געפאָרן צו דער שיף, וועלכע האָט געדאַרפט אָפּפאָרן קיין לאָנדאָן, ענגלאַנד.

# דער ערשטער קבלת־פנים אין לאָנדאָן

מען דערציילט, אַז מאָטקע כאַבאַד, דער ווילנער וויצלער, איז אַמאָל געגאַנגען אין גאַס; באַגעגנט אים אַ פּאָליציסט און פרעגט אים: „מאָטקע, וואוהין גייסטו?“ ענטפערט ער אים: „איך ווייס ניט!“ זאָגט דער פּאָליציסט מיט כעס: „מאַך מיט מיר ניט קיין שפּאַס! איך פרעג דאָך דיך: וואוהין גייסטו?“ זאָגט ער אים נאָך אַמאָל: „איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט: איך ווייס ניט!“ זאָגט דער פּאָליציסט: „דערפאַר וואָס דו שפּילסט מיט מיר דיינע מאָטקע כאַבאַדסקע לצנות, נעם איך דיך אין דער פּאָליציי!“ זאָגט מאָטקע: „דו זעסט, אַז איך האָב געהאַט רעכט, ווען איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך ווייס ניט, וואוהין איך גיי! איך בין געגאַנגען אַהיים צו מיין אידענע, און דו שלעפּסט מיך גאַר אין דער פּאָליציי! נו, האָב איך גע־וואוסט, וואוהין איך גיי?...“

זיצנדיק אויף דער שיף, וועלכע האָט מיך געפירט קיין לאָנ־דאָן, האָב איך מיך דערמאָנט אָן מיין טאַטנס מעשה'לע מיט מאָטקע כאַבאַד, אַז אַ מענטש ווייסט קיינמאָל ניט, וואוהין ער גייט און וואוהין ער פאָרט. לאָנדאָן! די שטאָט איז מיר קיינ־מאָל ניט געקומען אויפן געדאַנק. איך ווייס ניט, אויב איך האָב ביז דאַן דאָס וואָרט „לאָנדאָן“ אַרויסגערעדט צוויי מאָל. ווען עס פלעגט מיר קומען אויפן געדאַנק צו פאַרלאָזן רוסלאַנד, איז עס אַלע מאָל געווען בערלין, ווין, לייפּציג — אַלץ צוליב זייערע קאָנסערוואַטאָריעס, און טאַקע צוליב דער שפּראַך אַליין, ווייל וועלכער איד קען דאָס ניט קיין דייטש? אַז ברויט איז ברויט, פּוטער איז פּוטער, זופּ איז זופּ, פלייש איז פלייש, און גוט־מאָרגן, אַ גוטע נאַכט זיינען אויך אַזוי — קאָן מען שוין ניט פאַרפאַלן ווערן, בפרט נאָך ווען אַלס קינד האָט מיר מיין טאַטע געדונגען בן־ציון דעם מלמד, ער זאָל מיט מיר לערנען „טייטש“

אויף ווילנער „לאַסין״! און שפּעטער אין לאָדזש, וואו איך האָב דריי יאָר נאָך אַנאַנד געהערט און געמוזט, נעבעך, רעדן „דויטש״ מער ווי אַלע שפּראַכן. איך האָב שוין אַפילו געוואוסט, אַז מען באַדאַרף ניט זאָגן „איך בין געגאַנגען״, נאָר „איך גינג״, אָנשטאָט „איך בין געזעסן״ — „איך זאַס״. דערצו האָב איך געזען און מיטגעמאַכט דייטש טעאַטער. אַפילו די רוסישע אָפּערעטעס זיינען דאָך געווען איבערגעזעצט פון דייטש.

אָבער ענגליש? פון דעם האָב איך ניט געהאַט קיין ידיעה.

די גאַנצע צייט פון מיין פאָרן אויף דער שיף האָב איך געהאַט אין זינען איין זאַך — היטן מיין געלט, מען זאָל עס מיר ניט צו׳גנב׳ענען. פאַר מורא פלעג איך אויסמיידן באַקאַנטשאַפט, ווייל אַרום די אָרעמע, אומוויסנדיקע עמיגראַנטן האָבן זיך אַרומגעדרייט אַלערליי סאָרטן געפערלעכע חברה, און וואָס מער איך האָב געהערט רעדן ענגליש, פלעגט מיר אַלץ אומעטיקער ווערן אויפן האַרצן און כ׳פלעג קלערן: וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּראַך? עס האָט ניט קיין אָנהייב און עס האָט ניט קיין סוף; עס האָט ניט קיין מוזיק — ווי וועל איך אַמאָל פאַרשטיין אַזאַ לשון?

און אַזוי בין איך געזעסן מיט מיר אַליין די גאַנצע צייט פון מיין שיף-רייזע, אויסזינגענדיק אין מיינע געדאַנקען אָפּערעס, אָפּערעטעס, אָראַטאָריעס און גלאַט קאָמפּאָזיציעס, ביז די שיף איז געבליבן שטיין. דאָס געדראַנג איז געוואָרן גרויס, די שפּראַך האָט מיר געקלונגען נאָך מער משונה׳דיק ווי פריער. איך שטיי מיט מיין טשעמאָדאַן, קוק מיך צו צו די מענטשן, וואָס פליען אַהין און צוריק, און קלער: וואוהין פאָרט מען? פלוצלינג באַמערק איך, ווי אַ יונגערמאַן טיילט קאַרטן צו אַלע אידישע עמיגראַנטן, אָבער מיך לאָזט ער דורך, מיינענדיק, אַז איך בין ניט קיין איד (מסתמא צוליב מיינע לאַנגע האָר און פעלערינע). שטרעק איך אויס די האַנט, און ער גיט מיר אויך אַ קאַרטע. איך לייען דעם אַמאַליקן טייטשמערישן אידיש:

„עמיגראַנטן זײַנד װילקאָמען! אין דעם לופֿטיגען, הערליכען גאָלדשטײַן רעסטאָראַציע קאָנען זי באַקומען דאָס בעסטע הײמישע שפּײַזען, אױך אײנען לופֿטיגען צימער צום שלאָפֿען. די פּרײַזען זײַנד ניכט טױער. 366 מידעלסעקס סטריט.״

איך נעם מײַן טשעמאָדאַן און גײ אַרױס אין גאַס. עס איז, דאַכט זיך, 9 אַזײגער אינדערפֿרי, אָבער עס איז חושך פֿינסטער; עס ברענען לאַמטערן, אָבער בלױז האַלב־ליכטיק. איך גײ צו צו אַ קעב. דער טרײַבער זיצט אין דער הײך, כמעט װי אױפֿן צװײטן שטאָק. ער בײגט זיך אײַן צו מיר. איך שטעק אױס מײַן האַנט און דערלאַנג אים דאָס אידישע קאַרטל, אָנװײַזנדיק אים מיטן פֿינגער דעם אַדרעס אױף ענגליש.

איך זעץ זיך אַרײַן און, פֿאַרנדיק, פֿרעג איך זיך אַלײן:

„צו װאָס בין איך געפֿאָרן קײן לאָנדאָן? װאָס װעל איך דאָ טאָן?״, און אױפֿן האַרצן װערט מיר שװערער און שװערער. די פֿינסטערניש פֿון דער גאַס און די ניט־פֿאַרשטענדלעכע שפּראַך, װי אױך דאָס װאָס כ׳האָב ניט געקענט קײן אײנציקן מענטשן, האָבן אױף מיר אָנגעװאָרפֿן אַ מרה־שחורה און איך כ׳האָב זיך אַלײן געפֿרעגט: „װעלכע שלעכטע געדאַנקען האָבן מיך פֿאַרפֿירט אין דעם חושך? . . .

ענדלעך איז דער קעב געבליבן שטײן. איך האָב געהאַט אַ ביסל ענגליש געלט, װאָס איך האָב אױסגעביטן אױף דער שיף. האָב איך אַרױסגענומען עטלעכע זילבערנע מטבעות, און דער טעקסי־טרײַבער האָט גענומען װיפֿיל ער האָט געװאָלט, װײַל ניט איך האָב פֿאַרשטאַנען װיפֿיל ער האָט געמאָנט און ניט איך האָב געװאוסט װיפֿיל אים קומט. איך האָב מיך אַרומגעקוקט און דערזען פֿאַר זיך אױף אַ פֿענסטער, צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן אין אידישע בוכשטאַבן, „גאָלדשטײַנס רעסטאָראַציע״. איך האָב מיך אַרײַנגערוקט מיט מײַן טשעמאָדאַן. עס ברענען ליכט װי בײַנאַכט. אַ סך טישלעך, ניט קײן

סך מענטשן. אַ פּעט אידל שטייט הינטערן קאַנטאָר. ער גיט אַ קוק אויף מיין טשעמאָדאַן און דערקענט, אַז עס איז פון דער שיף. ער זאָגט צו מיר:

„עץ זענט געקימען מיט דער באַנדע, צי עץ זענט געקימען אַלאַין?" איך שאָקל מיטן קאָפּ. ער שרייט אויס: „לאַיקע!" פון הינטערן קאַנטאָר באַווייזט זיך אַ שיין מיידעלע, וועלכע איך האָב פריער ניט באַמערקט, און ער זאָגט צו איר: „לאַיקע, וואָז אים ס'האַידער נימער צוואַי. געב אים אַ האַנטיך מיט זאַיף און קים באַלד אַרינטער!"

זי נעמט מיין טשעמאָדאַן. איך לאָז זי ניט, אָבער זי לאָזט אים ניט אַרויס פון האַנט. זי גייט אויף טרעפּ; איך גיי איר נאָך. זי פירט מיך אַריין אין אַ קליין צימערל, גיט מיר זייף מיט אַ האַנטוך, ווייזט מיר אָן אויפן אַ קרוג מיט וואַסער. איך טו אויס מיין הוט און זי דערזעט מיינע לאַנגע האָר. רופט זי זיך אָפּ צו מיר: „דו האָסט פיינע האָר!" איך וואונדער זיך, וואָס זי זאָגט מיר שוין „דו", און זי פרעגט: „אַרטיסט?" זאָג איך: „מוזיק!" זאָגט זי: „אָ, מיוזיק!" זאָג איך: דיריזשאָר, דיריגענט..."

איך זע, אַז זי ווייסט ניט, וואָס איך מיין, נעם איך מאַכן מיט דער האַנט, אַזוי ווי מען דיריגירט אַ כאָר אָדער אַן אָר־קעסטער. זי צעלאַכט זיך שטאַרק, באַווייזנדיק קלאָרע, ווייסע ציינדלעך, בייגט זיך צו נאָענט צו מיר, גיט מיר שנעל אַ קוש און לויפט אַרויס. ווי זי איז אַרויס, האָב איך געהערט ווי דאָס אידל אונטן שרייט: „לאַיקע, קים שוין אַראָפּ!"

איך האָב מיך אַרומגעוואַשן און מיך צוגעלייגט אָפּרוען זיך, אָבער כ'האָב געפילט, אַז איך וואָלט איצט עפּעס געגעסן. גע־נוי האָב איך ניט געוואוסט, צי דאָס איז געווען הונגער, צי איך האָב געוואָלט זען „לאַיקען", אירע קלאָרע, ווייסע ציינדלעך; אָבער אין איין זאַך בין איך געווען זיכער, אַז עס ציט מיך אַהין וואו לאַיקע געפינט זיך.

איך בין אַרונטער אין רעסטאָראַן און האָב מיך געזעצט בײַ אַ טישל. דאָס אידל פרעגט מיך: „עץ ווילט עפּעס?" און ער טוט אַ זאָג: „לאַיקע, געם אים אַ האַיסע ראַזבערי. ער עט עס גלאַיכן". לאַיקע גייט צו צו אַ מאַשין, וועלכע האָט אויסגעזען ווי אַ היימישער סאַמאָוואַר, גיסט אָן אַ גרויס גלאָז, דערלאַנגט עס מיר און זאָגט מיט אַ שמייכל: „דו טרינק עס אויס, ווערסטו אָן עכטער ענגלישמען". איך טרינק, עס און ס'געפעלט מיר. דאָס אידל פרעגט מיך: „עץ זענט אָן עקטער?" זאָג איך אים: „ניין, איך בין אַ מוזיקער". זאָגט ער: „אַ גרויסע זאַך דאָ אַ מוזיקער, — זיי שפּילן דאָ אין די גאַסן. יאַך געב זיי אַ פּעני און אַ העי־פּעני".

אַ יונגערמאַן, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל און האָט גע־לייענט אַ צייטונג, האָט זיך אָנגערופן: „ניט אַזעלכע מוזיקער ווי דער יונגערמאַן זעט אויס, שפּילן דאָ אין די גאַסן". און ווענדנדיק זיך צו מיר, זאָגט ער: „איר דאַרפט זיך גאָרניט שרעקן". איר וועט דאָ אין לאָנדאָן אין די גאַסן ניט שפּילן, איך פאַרזיכער אייך".

איך פרעג דעם יונגנמאַן, וואָס פאַר אַ אידישער טעמפּל עס געפינט זיך נאָענט אין דער געגנט; זאָגט ער, אַז אַ פּאָר גאַסן ווייטער געפינט זיך דיוקס פּלעיס שול, וואו קאַנטאָר האָסט דאַוונט, און טאַקע אין דער דיוקס פּלעיס שול דאַוונט דער ענג־לישער באַראָן ראָטשילד.

איך האָב צוגעביסן און מיר ביידע לאָזן זיך גיין צום קאַנטאָרס וואוינונג. אין דרויסן איז געוואָרן אַ ביסל ליכטיקער. מיר זיינען אַריין אין אַ שטילער, פיינער גאַס מיט פּריוואַט־וואוינונגען. מיין באַגלייטער קלינגט אָן. עס קומט אַרויס אָן עלטערער דינער. ער רעדט צו אים אויף ענגליש און ווייזט אים אָן אויף מיר. דער דינער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, ביז די טיר האָט זיך פאַרמאַכט, און מיר זיינען געבליבן אין דרויסן. דער יונגערמאַן דערקלערט מיר, אַז קאַנטאָר האָסט

נעמט ניט אויף קיינעם אָן אַ רעקאָמענדאַציע, ווייל ער האָט פיינט די פּויליש־רוסישע שנאָרערס, איבערהויפּט נעמט ער ניט אויף קיין פּויליש־רוסישע זינגערס און חזנים.

איך האָב מיך געפילט זייער שלעכט נאָך אַזאַ ערשטער אויפנאַמע אין לאָנדאָן. כ׳בין צוריק אַוועק אין גאָלדשטיינס רעסטאָראַן. איך זעץ מיך אַוועק, רוף צו לאַיקען און זאָג צו איר: „לאַיקע, גיב מיר טינט מיט פּאַפּיר!״ זאָגט זי בייזלעך: „די ריף מיך ניט לאַיקע, ווי ער דאָרט!...״ — און זי לייגט צו מיט אַ שמייכל: „די ריף מיך לענאַ, די פאַרשטייסט? — לענאַ!״ זאָג איך: „לענאַטשקאַ, גיב מיר טינט, פּעדער און פּאַפּיר!״ זי האָט מיר גלייך געבראַכט שרייב־געצייג, און איך האָב אָנגעשריבן מיט לאַטיינישע בוכשטאַבן, אָבער אין אידיש:

„ליבער קאָנטאָר האָסט! כאָטש איך בין נאָך יונג, בין איך אַ דיריגענט מיט גרויס דערפאַרונג. איך בין ניט קיין שנאָרער און איך נויטיק זיך ניט אין פינאַנציעלער שטיצע, ווייל איך האָב מיט זיך גענוג געלט. איך נויטיק זיך אין אייער באַקאַנטשאַפט, כדי דורך אייך צו ווערן באַקאַנט מיט בעסערע מענטשן.

מיט דרך־ארץ,

יוסף רומשינסקי״.

לאַיקע האָט דעם בריוו איבערגעלייענט און געזאָגט: „די וועסט דאָ לאַנג ניט זאַן, אָבער לענאַ וועט דיך אויפזיכן, און אַז לענאַ זוגט, האַלט זי וואָרט...״

איך האָב דעם בריוו אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט און בין שוין אַליין געגאַנגען צום קאָנטאָר האָסט. איך קלינג אָן און גיב דעם בריוו דעם זעלבן דינער. איך וואַרט. אין אַ צען מינוט אַרום קומט אַרויס דער דינער און רופט מיך אַריין. ער פירט מיך אַריין אין אַ גרויס צימער, וואו אַלץ איז מאַסיוו, ממש קעניגלעך. יעדער שטול, די שפּיגלען — אַלט־ענגליש. רייכקייט האָט אַרויסגעשיינט פון יעדער זאַך. אין צימער איז

קיינער ניט געווען און עס האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, ביז עס האָט זיך באַוויזן אַ פיגור, וואָס איז אַראָפּגעגאַנגען פון טרעפּ אין זאַל אַריין. ס׳איז געווען אַ מאַן אומגעפער אין די טיפע זעכציקער, הויך. מאַיעסטעטיש און אָנגעטאָן ווי אַ גלח.

איך האָב מיך אויפגעשטעלט. ער פרעגט מיך, צי איך רעד ענגליש, זאָג איך, אַז ניין. הייבט ער אָן צו רעדן צו מיר אין דייטש און פרעגט מיך אַלץ אויס. איך דערצייל אים. ער בעט מיך, איך זאָל מיט אים אַרויפגיין פון וואַנען ער איז אַרונטערגעקומען. מיר גייען אַריין אין אַ שיין, אַלטמאָדיש צימערל, וואו עס שטייט אַן אַלטמאָדישע אַנטיק־פּיאַנאָ מיט צוויי און אַ האַלב אָקטאַוון. ער ווייזט מיר זיינע קאָמפּאָזיציעס. עס נעמט ניט לאַנג, געפין איך אויס, אַז דאָ האָב איך צו טאָן מיט אַ גרויסן דזשענטלמען, אַ פיינעם, געבילדעטן מענטשן, וועלכער האָט אָבער אין דער זעלבער צייט אַ שוואַכקייט צו קאָמפּאָנירן, צו זיין אַ קאָמפּאָזיטאָר, און האָט ניט קיין פּיצל טאַלענט דערצו. ער ווייזט מיר, אַז ער שרייבט איצט אַן אָראַטאָריע „מאָזעס״ (משה), און מען גייט עס אויפפירן אין קווינס האָל, און סער הענרי וואוד, דער גרויסער ענגלישער סימפאָניע־דיריזשאָר, וועט עס אויפפירן, און אַז דאָס מאַכט אים באַראָן ראָטשילד אַ פּרעזענט און צאָלט אַלע קאָסטן פון דער אויפפירונג פון „מאָזעס״.

שפּילנדיק דעם מאַנוסקריפּט פון „מאָזעס״, האָב איך אַ סך שטעלן געשפּילט אויף מיין שטייגער און כ׳האָב זיך פאַר אים אַנטשולדיקט, ווייל איך האָב גערעכנט, אַז אַזוי איז בעסער. דערלאַנגט ער מיר גלייך אַ בליישטיפט און זאָגט: „ביטע, מאַר־קירן זי אירע נאָטן, עס קלינגט הערלעך״. אַזוי ווי איך האָב שוין דאַן געקענט אייניקע אָראַטאָריעס, וועלכע איך האָב אויפגעפירט אין דווינסק און אין לאָדזש, האָב איך גאַנצע שטעלן איבערגעאַרבעט פון קאַנטאַר האַסטס אָראַטאָריע „מאָזעס״, און איך האָב ניט געפילט, ווי איך זיץ שוין אַן אַ רעקל און עס זיינען שוין אַוועק דריי שעה, זייט איך שרייב און שפּיל.

דער קאַנטאָר האָט זיך געווענדט צו מיר מיט די ווערטער: „יונגערמאַן, איר זעט די פּיאַנאָ און דאָס בעטל דאָ? אין דעם בעטל איז געשלאָפן אַ סך מאָל דער גרויסער פראַנצויזישער קאָמפּאָזיטאָר טשאַרלז גונאָ, וועלכער האָט אָנגעשריבן די אָפּערע „פאַוסט". דאָס איז געווען אין 1870 ביז 1875, ווען ער האָט געוואוינט אין ענגלאַנד. ער האָט געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ און איצט קאָנט איר שפּילן אויף איר און שלאָפן אין דעם בעטל. איר זייט מיר ווילקאָמען!..."

# מיין ערשטער חבר פון אַמעריקע

ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט, האָב איך געהאַט מזל צו מענטשן אין יעדער הינזיכט. אַזוי איז געווען מיט מיין ערשטן אַריינפאָר אין לאָנדאָן אין דעם רעסטאָראַן אין מידעל־סעקס סטריט. ניט קענענדיק די שפּראַך און ניט וויסנדיק וואוהין צו גיין, בין איך אַריינגעפאַלן אין דעם גרעסטן, געפּער־לעכסטן שמוץ, צווישן די געפערלעכסטע אונטערוועלט־מענטשן. דער רעסטאָראַן איז געווען בלויז אַן אויסרייד צו פאַנגען אומ־שולדיקע עמיגראַנטן און זיי באַאַרבעטן. זיינען אָבער אַוועק ניט מער ווי דריי־פיר שעה, בין איך שוין געוועןביים קאַנטאָר האָסט, וועלכער איז געווען אַ גרויסער אַריסטאָקראַט, אין וועמענס הויז עס פלעגן קומען באַראָן ראָטשילד, פּרענצים מאָנטע־פיאָרע, איזראַיל זאַנגוויל און נאָך אַזעלכע פּערזענלעכקייטן, און ער האָט מיך טאַקע גלייך איינגעלאַדן צו שפּילן אויף דער פּיאַנאָ, אויף וועלכער עס האָט געשפּילט, און שלאָפן אין דעם בעטל, אין וועלכן עס איז געשלאָפן דער קאָמפּאָזיטאָר פון דער אָפּערע „פאַוסט", טשאַרלז גונאָ.

ווען קאַנטאָר האָסט האָט מיך איינגעלאַדן צו וואוינען ביי אים, האָב איך די איינלאַדונג גלייך ניט אָנגענומען, ווייל איך מוז אָפּן צוגעבן, אַז לאַיקעלע האָט ניט געלאָזן... און לאַיקעלע איז געווען אַ קינסטלערין אויף די זאַכן... און טאַקע פון לאַי־קען האָב איך דערפאַרן, אין וואָס פאַר אַ זומפּ איך האָב מיך געפונען; און וואָס פאַר אַ געפערלעכער פּלאַץ עס איז געווען די אַזוי־גערופענע רעסטאָראַציע פון מידעלסעקס סטריט, אָבער איך האָב עס דערפאַרן ניט גלייך, נאָר ערשט מיט אַכט טעג שפּעטער.

איך פלעג יעדן טאָג, עלף אינדערפרי, גיין צום קאַנטאָר האָסט שרייבן, מוזיצירן און גלאַט פאַרברענגען אַ פיר־פינף

שעה. איין מאָל, צוקומענדיק צו האָסטס וואוינונג, זע איך ווי לאַיקע, אָדער ווי זי האָט מיך געהייסן זי רופן — לענאַ, וואַרט אויף מיר. זי איז געווען אויפגערעגט און געזאָגט צו מיר אין איר שלעכטן אידיש:

— דו ניט ווייסט, וואָס מיט דיר טוט זיך; דו אין אַ פּלאַץ פון שלעכטע מענטשן, איך אויך שלעכט, אָבער ניט מיט דיר. איך דיך היט, איך ניט לאָזן דיר שלעכטס געשען. איך פאַר־שטיי, דו מיינסט, איך זיין טאָכטער? ניין, איך ניט זיין טאָכ־טער, איך זיין געליבטע — איך העלף זיי דאָרט אין זייערע פּאַס־קודסטווע אַרבעט; אָבער ניט דיר, איך דיר געוויזן, אַז איך דיך ליב; אָבער דאָס ניט אַלץ, איך דיך נאָך מער ליב ווי דאָס, איך געהאַלטן דיין געלט יעדע נאַכט ביי מיר.

איך גיב מיך גלייך אַ כאַפּ צו מיין געלט, צי איך האָב עס נאָך, זאָגט זי:

— דו ניט האָב קיין מורא, דו האָסט דיין געלט. ביינאַכט איך נעם אַרויס, אינדערפרי, דו שלאָפסט, לייג אַריין צוריק; ניט גענומען אַ פּעני, גאָרניט, איך דיך ליב...

איך בין געבליבן שטיין ווי אַ פאַרשטיינערטער; איך האָב ניט געוואוסט וואָס איר צו זאָגן. זי רעדט ווייטער:

— דו ניט קום מער, דער אַלטער דיך פיינט, ווייל איך דיך ליב. ער אַ שלעכטער מענטש, ער דיר טאָן שלעכטס. זאָג מיר, וואו איך דיר שיקן דיינע זאַכן.

איך האָב איר געהייסן צושיקן מיינע זאַכן צום קאָנטאָר האָסט. זי זאָגט:

— דאָ איך ניט גלייך, איך ניט קענען קומען דאָ, אָבער איך דיך שוין געפינען. דו ווייסט, דו געהאַט נעכטן 3 פונט מע־רער געלט, ווי דו גענומען? — איך זאָג איר, אַז דאָס האָט מיר געגעבן קאָנטאָר האָסט פאַר מיין שרייבן, און זי זאָגט: — אַלץ איז דאָ, איך גאָרניט גענומען, איך דאָס געהיט פון דעם אַלטן, אָבער איך קען ניט מער. דו מער ניט קום, איך קום צו דיר.

— זי גיט מיר די האַנט און זאָגט: — פאַרגעס ניט, לענאַ דיך ליב, זייער ליב, — און זי איז פאַרשוואונדן.

איך האָב איר נאָכגעקוקט און האָב ערשט איצט באַגריפן ווי דער אַלטער איז אייפערזיכטיק געווען אויף מיר, און אויך אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכן פּלאָץ איך האָב זיך געפונען, און כאָטש לאַיקע האָט שיין געהאַנדלט, האָב איך דאָך באַשלאָסן, אַז איך טאָר זי מער ניט זען, און איך האָב אָנגעזאָגט קאַנטאָר האַסטס דינער, אַז ווען מען וועט פרעגן, צי איך געפין זיך דאָ, זאָל ער זאָגן „ניין", און אויך, אַז ער ווייסט איבערהויפּט ניט, וואו איך געפין זיך. ער האָט מיר שפּעטער געזאָגט, אַז אַ יונג, שיין מיידעלע האָט געפרעגט אויף מיר שוין עטלעכע מאָל, אָבער זי האָט צום סוף פאַרשטאַנען און איז מער ניט געקומען.

וואוינענדיק ביים קאַנטאָר האַסט אַ דריי־פיר וואָכן, האָב איך מיך געפילט אַזוי ווי איך וואָלט געוואוינט אויף אַ שיינעם, גרויסן, לופטיקן בית־עולם; עס איז טאַקע שיין, גרויס און לופטיק, עס איז אָבער אַ בית־עולם. קאַנטאָר האַסט, זיין פרוי, די פאַמיליע — אַלע אָן טעמפּעראַמענט, אָן אַ ביסל לעבן, אַזוי ווי די גאַנצע וועלט וואָלט באַשטאַנען אין זיך אויפהאַלטן אויף איין זאַך, און דאָס איז: „עטיקעט", און איך האָב באַשלאָסן, אַז ענגלאַנד איז ניט פאַר מיר. אָדער איך בין אַריינגעפאַלן אין דעם גרעסטן שמוץ צווישן אונטערוועלט־מענטשן, און ווען ניט — איז עס צווישן אַלטע, אָפּגעלעבטע ענגלענדער, וועלכע האַלטן זיך ווי באַראָנען, לאָרדן. איך האָב זיי דאַן אָנגערופן די „שומרים פון עטיקעט", אָדער „די פּוסטע עטיקעטניקעס", פון וועלכע עס האָט מיך געגודיעט צום טויט. עס איז ניט פאַר אַ ווילנער אינגל, און איבערהויפּט ניט פאַר מיין טעמפּעראַמענט, און איך האָב באַשלאָסן, אַז איך פאָר קיין ווין אָדער בערלין.

איך האָב מיך אין יענער צייט געטראָפן מיט אַ יונגנמאַן, פאָמעראַנץ, אַ ליבהאָבער פון מוזיק, אַרטיסטן, טעאַטער, און ניט קיין קליינער נודניק. איין מאָל האָט ער מיר דערציילט, אַז

ער האָט גערעדט וועגן מיר מיט אַן אַמעריקאַנער יונגנמאַן, און יענער וואָלט מיך געוואָלט טרעפֿן. איך בין דאַן ניט געווען פֿאַראינטערעסירט אין נייער באַקאַנטשאַפֿט, ווייל איך האָב מיך געריכט, אַז באַלד־באַלד פֿאַרלאָז איך ענגלאַנד און פֿאָר קיין ווין. אָבער ווען ער האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז דער זון פֿון דעם אידישן פּאָעט אליקום צונזער — טשאַרלז צונזער — בין איך געוואָרן זייער פֿאַראינטערעסירט צו טרעפֿן זיך מיטן זון, וועמענס טאַטע האָט געשריבן די שיינע לידער, וועלכע מיין מאַמע פֿלעגט אַזוי פיין, געשמאַק, האַרציק זינגען: „די סאָכע", „שיבת ציון", „דער נײַנצנטער יאָרהונדערט", און נאָך און נאָך. האָב איך באַשלאָסן צו גיין זען טשאַרלז צונזער. אָבער אויפֿן וועג האָט זיך מיין ענטוזיאַזם איבער אליקום צונזערס זון אָפּגעקילט: דער טאַטע איז טאַקע דער אידישער פּאָעט אליקום צונזער, אָבער דער זון איז דאָך אַן אַמעריקאַנער בחור, און מיין באַגריף איבער אַן אַמעריקאַנער בחור איז דעמאָלט געווען, אַז ער קען גוט אונטערהאַקן די אויגן. איך האָב שוין אַפילו געוואוסט, אַז ס'הייסט „בלעק אַי". אָבער ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען גייענדיק צו ווייטשעפּעל ראָוד, וואו ער האָט געוואוינט, האָבן מיר אים געטראָפֿן אין גאַס, און איך האָב דער־זען פֿאַר זיך אַן איידעלען, פיינעם, יונגן בחור'ל, און איבערהויפּט מיט אַ געשמאַקן, ליטעראַרישן אידיש. ער האָט געמאַכט אַ פֿאָרשלאָג, מיר זאָלן גיין אין העריסעס רעסטאָראַן.

אויפֿן וועג צו העריסעס רעסטאָראַן האָט זיך מיר אויס־געדאַכט, אַז איך קען שוין טשאַרלין פֿון אַ סך יאָרן. עפּעס האָט זיך ווילנע און מינסק (ער איז געבוירן אין מינסק) פֿאַראייניקט. ער האָט צו מיר גערעדט אַ פּאָר פֿראַזן אין ענגליש. זאָג איך צו אים:

— עפּעס דיין ענגליש פֿאַרשטיי איך (מיר האָבן זיך גלייך געזאָגט „דו"). — זאָגט ער:

— מאָל דיר, אַז איך וויל, פֿאַרשטייסטו ניט אַ וואָרט וואָס

איך רעד, אָבער איך רעד צו דיר אַזאַ ענגליש און אין אַזאַ פאָרם, אַז דו זאָלסט פאַרשטיין.

דאָס אַליין האָט מיך געמאַכט נענטער צו דעם אַמעריקאַנער בחור, וועלכער איז געווען, און איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג, „טשאַרלז" פאַר מיר, און איך פאַר אים „יאָסל", כאָטש עס זיינען שוין אַוועק אַזוי פיל יאָרן. ער איז דער מאַן פון דער שרייבערין מיני שאָמער, די טאָכטער פון באַרימטן שייקעוויטש-שאָמער, און אַ טאַטע פון זייער געראָטענע, פעאיקע, פיינע, אויסגעגע־בענע קינדער. מיר האָבן זיך נאָך קיינמאָל ניט גערופן ביי די צווייטע נעמען, נאָר ער איז פאַר מיר „טשאַרלז" און איך פאַר אים „יאָסל".

אין העריסעס רעסטאָראַן האָב איך באַמערקט אַ גרויס בילד פון דעם פּראָלעטאַרישן דיכטער, מאָריס ווינטשעווסקי. פרעג איך טשאַרלין, ווי עס קומט דאָ זיין בילד; זאָגט ער, אַז דער אייגנטימער פון דעם רעסטאָראַן, מיסטער העריס, איז טאַקע דער שווער פון מאָריס ווינטשעווסקי. איך האָב טאַקע גלייך געזען, אַז איך געפין זיך אין אַ אידיש-ליטעראַרישער אַטמאָ־ספערע, און טשאַרלז האָט מיך גלייך פאָרגעשטעלט פאַר אסתר העריס, די אינגסטע טאָכטער, דאָס הייסט, אַ שוועסטער פון מאָריס ווינטשעווסקיס פרוי. יאָ, אסתר, דאָס איז געווען פאַר איר דער פאַסיקסטער נאָמען. אַזוי, האָב איך מיר פאָרגע־שטעלט, דאַרף אויסזען אסתר המלכה: שלאַנק, הויך, גרויסע, שוואַרצע, פאַר׳חלומ׳טע, גוטמוטיקע אויגן, און שוואַרצע, גע־קרייזלטע האָר.

אַזוי ווי אסתר האָט זייער ליב געהאַט מוזיק, זיינען מיר טאַקע די זעלבע נאַכט געגאַנגען אין קווינס האָל, וואו עס איז געווען אַ קאָנצערט פון אַן אַלטער אַריסטאָקראַטישער כאָר־געזעלשאַפט, און טאַקע סער הענרי וואוד מיט דעם לאָנדאָנער סימפאָניע-אָרקעסטער האָבן באַגלייט.

עס איז געווען אַ זייער ניט-אינטערעסאַנטער קאָנצערט. זיי

האָבן געזונגען אַלטע ענגלישע קירכן־מוזיק. איך און טשאַרלס האָבן זיך זייער גענודעט. מיר האָבן געוואָלט אוועקגיין, אָבער מיר האָבן זיך געשעמט פאַר אסתר׳ן, וועלכע איז געזעסן רואיק, ביז עס זיינען אַרויס צוויי לאַנגע שיקסעס, מיט אומגעהויער גרויסע ציין, און האָבן געקוויטשעט אַן אַלטמאָדישן קירכן־דועט. זאָגט טשאַרלז צו אונז:

— קוקט זיך צו צו זיי, זיי זיינען ביידע אַזוי ווי פון אַ האָר־קעמל.

האָבן מיר זיך זייער שטאַרק צעלאַכט. מיר האָבן זיך ניט געקאָנט קאָנטראָלירן, איבערהויפּט טשאַרלז, און מען האָט אונז טאַקע געהייסן פאַרלאָזן דעם זאַל.

אַרויסגייענדיק, האָבן מיר זיך ביידע אַנטשולדיקט פאַר אסתר׳ן. זאָגט זי:

— דאָס איז דאָס בעסטע, וואָס עס האָט געקאָנט פּאַסירן צו אונז. עס איז ווירקלעך געווען איינע פון די לאַנגווייליקסטע אָוונטן אין מוזיק, וואָס איך האָב אין מיין לעבן מיטגעמאַכט.

אָבער אַרויסגייענדיק פון קווינס האָל, האָב איך פאַר זיך געזען אַ ניי ענגלאַנד, אַ ליכטיק לאָנדאָן, וועלכעס טשאַרלז און אסתר האָבן פאַר מיר געמאָלן. טשאַרלז זאָגט מיר, אַז מאָרגן גייען מיר אין קינגס האָל צו אַ גרויסער ציוניסטישער פאַרזאַמלונג, וואו מיר וועלן פּערזענלעך זען דאָקטאָר טעאָדאָר הערצל. טשאַרלז באַווייזט אונז אַ קאַרט פון יעקב דע האַז, דער דע־מאָלטיקער רעדאַקטאָר פון דער „אידישער וועלט", און אַז מיט דער קאַרט וועלן מיר אַריינגיין צו דער גרויסער היסטאָרישער פאַרזאַמלונג, וואו אַ שפּליטער פון דער ציוניסטישער באַ־וועגונג וועט זיך באַקלאָגן פאַר „אים אַליין", און ער, דאָקטאָר טעאָדאָר הערצל, דאַרף עס אַרויסזאָגן זיין מיינונג.

מיר האָבן אָפּגעפירט אסתר׳ן אַהיים. מיר ביידע האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער וויטשעפּל ביז פיר פאַרטאָג, ביז מיר האָבן זיך צעשיידט מיט הייסע, געפּרעגלטע קאַרטאָפל אין די הענט (אַזוי ווי דאַ — „סוויט פּאָטייטאָס").

## איך זע צום ערשטן מאָל טעאָדאָר הערצל

איך האָב באַשלאָסן מער ביים קאָנטאָר האַסט ניט צו וואוי־נען, ווייל איך האָב מער ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם אומעט און די לאַנגווייליקייט און די כסדר אָנגעצויגענע פּאָמפּע מיט דער נאַרישער טראַדיציאָנעלער „עטיקעט״. איך בין אַוועק זוכן אַ וואוינונג שוין מיט מער פאַרזיכטיקייט. אַזוי גייענדיק, בין איך געוואָרן הונגעריק. איך בין אַריין אין אַ רעסטאָראַן אויף מעידען לעין. ביים אַרויסגיין זוך איך מיין באַרימטע האַמ־בורגער פּעלערינע און געפין אויס, אַז מיין זוכן איז אומזיסט. מען האָט זי מיר צוגענומען. עס האָט מיך ניט אַזוי פאַרדראָסן דער שאָדן, וואָס איך האָב ניט קיין מאַנטל, נאָר די פּעלערינע, — וואו קאָן איך באַקומען נאָך אַזאַ פּעלערינע? אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. איך בין אַוועק און זיך געקויפט אַן ענגלישן מאַנטל פון דעם עכט־ענגלישן שניט.

איך האָב באַקומען אַ וואוינונג ביי איינעם דינערשטיין, וועמענס זון ס׳האָט געזונגען באַס ביי ראַבינאָוויטשן אין דווינ־סקער שול. דאָרט איז אויך געווען אַ רעסטאָראַן, אָבער זייער אַ אידישער, טאַקע שטרענג אָרטאָדאָקסיש. די פאַמיליע די־נערשטיין, וועלכע איז באַשטאַנען פון אַ פאָטער, מוטער, צוויי טעכטער און אַ זון, זיינען געווען פיינע, שטילע, אָרנטלעכע מענטשן. זיי האָבן קיין צימערן ניט פאַרדונגען, נאָר מיך האָבן זיי אַריינגענומען צו זיך אויבן איבערן רעסטאָראַן.

ביי די דינערשטיינס אין רעסטאָראַן האָבן זיך געטראָפן אַלע שוחטים, רבנים, פרומע חזנים, און אַזוי אָרטאָדאָקסישע יונגע און עלטערע מענטשן. שבת האָט מען ניט געקאָכט און אויך קיין געלט ניט גענומען. ווער עס האָט געוואָלט דאָרט עסן שבת, האָט געדאַרפט באַשטעלן פון פריער, און מען האָט דאָרט געגעבן אַן עכט־היימישן טשאָלענט מיט אַלע פּיפּטשיק־

לעך. די וועלכע מען האָט געקענט, פלעגן צאָלן נאָך שבת; אָבער די גאָר פרעמדע, אומבאַקאַנטע, פלעגן צאָלן פריער. נאָר שבת איז געווען שבת, מיט זמירות און טשאָלנט.

איך האָב קוים דערלעבט זיך צו טרעפן מיט טשאַרלין, ווייל זינט איך האָב אים געטראָפן, בין איך געוואָרן ווי צוגע־בונדן צו אים. איך האָב שוין געוואָלט הערן זיין געשמאַקן אידיש, אפילו זיין ענגליש האָט פאַר מיר געקלונגען ניט פרעמד. איך בין אוועק אין העריסעס רעסטאָראַן, און טאַקע מיט א קור־צער ווײַלע שפּעטער איז געקומען טשאַרלז. מיר האָבן זיך באַגריסט ווי צוויי אַלטע באַקאַנטע. איך האָב אים דערציילט אין קורצן כמעט אַלץ, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט, און ווי אַזוי איך קום קיין לאָנדאָן, און ער האָט מיר דערציילט פון זיך — אַז ער איז געקומען פון אַמעריקע קיין ענגלאַנד זיך צו פאַר־פולקומענען אין זיין ליטעראַרישער קאַריערע, איבערהויפּט אין יענע יאָרן, ווען יעדער אַמעריקאַנער, וואָס האָט געוואָלט שטו־דירן מוזיק, ליטעראַטור, איז געפאָרן קיין אייראָפּע; נו, האָט טשאַרלז אויסגעקליבן פאַר זיין ליטעראַרישער פאַרפולקאָמע־נונג דאָס לאַנד פון שעקספּיר, בייראָן און זאַנגוויל.

עס האָט ניט גענומען לאַנג, ווי זיצנדיק אין א ווינקל פון רעסטאָראַן, האָט טשאַרלז שטילערהייט פאַר מיר אויסגעזונגען כמעט אַלע לידער פון זיין פאָטער. אפילו מוזיקאַלישע אים־פּראָוויזאַציעס, דאָס הייסט מעלאָדיעס אָן ווערטער. דער עכט־אַמעריקאַנישער ליטעראַרישער סטודענט איז געוואָרן פאַר־וואַנדלט אין א פאָלקס-זינגער, וועמענס געזאַנג מען קאָן ניט לערנען, נאָר עס קומט מפּה לפּה און פון דור צו דור. און ווען טשאַרלז האָט פאַר מיר געזונגען זיין טאַטנס לידער, איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, וואָס פּראָפעסאָר הענריק מעלצער האָט מיר געזאָגט, אַז ניט אַלע, וואָס קענען מוזיק, זיינען מוזיקאַליש, און ניט אַלע, וואָס קענען ניט קיין מוזיק, זיינען אוממוזיקאַליש. טשאַרלז, ניט קענענדיק קיין מוזיק, האָט איבערגעגעבן זיין

טאַטנס לידער מיט אַ געבוירענעם ריטם, און איבערהויפּט מיט אַ פיינער פאָלקסטימלעכקייט.

יענעם טאָג האָט זיך אין העריסעס רעסטאָראַן געקאָכט צווישן ליטעראַטן, כלל-טוער און סוחרים מיט דער ציוניסטישער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט געדאַרפט פאָרקומען אין אָוונט פון דעם זעלבן טאָג אין קינגס האָל.

טעאָדאָר הערצל איז דאַן געקומען קיין ענגלאַנד „אינקאָג־ניטאָ", צו פאַרהאַנדלען מיט דער ענגלישער רעגירונג. האָבן זיך חברה ציוניסטן דערוואוסט, אַז ער איז דאָ, און אַזוי ווי עס איז שוין דאַן געווען אַ צעשפּליטערונג אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָט ער איינגעוויליקט צו קומען צו זיי, אָבער פּרי־וואַט, אומאָפיציעל, אויסצוהערן זייערע טענות.

דער קינגס האָל איז געווען געפּאַקט מיט אַלערליי סאָרטן אידן — אידן מיט בערד און אָן בערד, הויכע אידן און קליינ־טשיקע אידעלעך, פאָלקס-אידן און אַריסטאָקראַטישע אידן. עס איז געווען אַ טומל, מען האָט אַרגומענטירט, זיך געאַמפּערט אין אַלערליי שפּראַכן, אָבער די פאַרזאַמלונג האָט זיך ניט גע־עפנט — מען האָט געוואַרט ביז עס זיינען אַריינגעקומען צוויי פּערזאָן; דאָס זיינען געווען פּרעזידענט מאָנטעפיאָרע און טעאָ־דאָר הערצל. פּרעזידענט מאָנטעפיאָרע איז געווען זעקס פוס הויך, אָבער טעאָדאָר הערצלס האַלטונג האָט אים געמאַכט אויסקוקן נאָך העכער, און פון די אַלערליי סאָרטן אינטערע־סאַנטע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין קינגס האָל, האָט מען אַרויסגעזען איין פּערזאָן, איין מאַיעסטעטישע פיגור — טעאָדאָר הערצל.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך געעפנט. מען האָט דעם גאַנצן אָוונט זיך געאַמפּערט, געלאַסן און אויפגערעגט, מיט גוטן און מיט בייזן, מען האָט גערעדט אין איניקע שפּראַכן, אָבער אַמ־מערסטן אין „קאָנגרעס-דייטש" — דאָס הייסט טאַקע דייטש, אָבער געמישט מיט אידישע און העברעאישע ווערטער, — וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן.

טעאָדאָר הערצל האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן די הענט צונויפגעלייגט, געדולדיק אַלעמען אויסגעהערט, קיין איינציק וואָרט ניט אַרויסגעזאָגט. עס איז געוואָרן שפּעט. די רעד־נער, די אַרגומענטירער, די שרייער און אויך דאָס פּובליקום — אַלע זיינען שוין געוואָרן מיד, אויסגעמאַטערט, אָבער טעאָדאָר הערצל האָט נאָך אַלץ געהאַלטן די הענט צונויפגעלייגט, און אויף דער גאַנצער מאַיעסטעטישער פיגור איז ניט געווען קיין פּיצל סימן פון וועלכער עס איז אומרואיקייט אָדער אומגעדול־דיקייט. אַלע האָבן געוואַרט, אַז הערצל זאָל שוין אַרויסגעבן זיין אורטייל ווער עס איז גערעכט. עס איז איינגעטראָטן אַ טויטע שטילקייט, און ער האָט געזאָגט:

—מיך פרייט זייער צו זען און הערן אייערע קריגערייען און צאַנקערייען; דאָס איבערצייגט מיך, אַז דער ציוניזם לעבט און האָט אַ סך לעבן, ווייל איבער אַ גע׳פגר׳ט פערד שלאָגט מען זיך ניט.

מיט די דאָזיקע פּאָר ווערטער האָט ער אַלעמען פּאַראַיי־ניקט. מען האָט זיך געגעבן די הענט, מען האָט זיך געקושט און געזונגען „דאָרט וואו די צעדער" און די „התקוה". עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שטופּעריי אַרום אים און אויך אַלערליי סאָרטן קשיות און קלאָץ־קשיות, צווישן וועלכע דער רב פון לידז, ענג־לאַנד, האָט געפרעגט ביי הערצלען:

— ווי וועט זיין אין ארץ־ישראל מיט שבת?

האָט הערצל געענטפערט:

— „זאַמסטאַג ווירד זיין זאַמסטאַג".

גייענדיק פון דער פאַרזאַמלונג, האָט שוין טשאַרלז באַ־שטעלט בילעטן פאַר אַ צווייטער פאַרזאַמלונג, טאַקע אויף מאָרגן, וואו איזראַעל זאַנגוויל וועט זיין איינער פון די רעדנער. די פאַרזאַמלונג פון איזראַעל זאַנגוויל האָט שוין געטראָגן אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער. עס איז געווען מער אַן אינטימער און כמעט אַ הומאָריסטישער, און טאַקע אַ דאַנק איזראַעל זאַנג־



מיין שוועסטער פריידל



מיין שוועסטער גיטל



טשאַרלז צונזער



מיני שאָמער (צונזער)

VI



ראָוז שאָמער



עני שאָמער (ראָטנבערג)



חתן־כלה (סאַבינאַ לאַקסער און יוסף רומשינסקי)



מיט מיין בן־יחיד משה׳לע

ווילן. צווישן זיינע געלונגענע ווערטלעך און משלים האָט ער געזאָגט:

— קיין פאָלק אין דער וועלט זוכט ניט אַזוי פיל „תכלית" ווי דער איד. אַזוי ווי דאָס קינד ווערט נאָר געבוירן, זיינען שוין טאַטע־מאַמע פאַרזאָרגט וועגן אַ „תכלית" פאַרן קינד. איז עס אַ מיידל, זאָרגט מען שוין וועגן נדן און גאַרדעראָבע — ס'טייטש, „תכלית". איז עס אַ אינגל — וואָס וועט עס זיין: אַ רב? אַ סוחר? ס'טייטש, „תכלית". און טאַקע פאַרזאָרגן זיך אַליין אויף דער עלטער — וואָס וועט זיין דער „תכלית"? קורץ — דאָס אידישע פאָלק זאָרגט זיך און זוכט אַ גאַנץ לעבן־לאַנג „תכלית"; און קיין פאָלק אין דער וועלט איז ניט אַזוי הפקרות־דיק אָן אַ „תכלית" ווי דער איד.

איין מאָל, גייענדיק מיט טשאַרלזן איבער ווייטשעפּל צו דער אידישער לייברערי, זאָג איך צו אים שטילערהייט, כמעט ווי אַ סוד אין אויער:

— דו ווייסט, טשאַרלז, אַז אין דער לייברערי האָב איך באַמערקט, אַז עס קומען דאָרט אַריין אַ סך סאָציאַליסטן און ניהיליסטן?

— זאָגט ער צו מיר אין אַ הויכן טאָן:

— וואָס האָסטו מורא? — און שרייט נאָך העכער: יאָ, אין דער לייברערי, וואוהין מיר גייען איצט, געפינען זיך אַ סך סאָציאַליסטן, ניהיליסטן, אַנאַרכיסטן! און זיי האָבן אין דר'ערד די גאַנצע רוסישע פּאָליציי מיטן צאַר צוזאַמען.

איך האָב אָבער געהאַלטן אין איין אַרומקוקן זיך, צי מען הערט ניט און געזאָגט צו אים:

— טשאַרלז, איך רעכן, אַז מיר וועלן זיך באַלד צעשיידן, ווייל איך פאָר קיין ווין.

— וואָס איז דיר ווין, „שמין"? — ער נעמט אַרויס אַ בריוו און ווייזט מיר: — אָט האָב איך היינט באַקומען אַ בריוו פון מינין. איך האָב דיר שוין דערציילט פון מינין? דאָס איז איינע

פון שאָמערס דריי טעכטערלעך, אַ געזונט אויף זיי אַלע דריי, אָבער מיני איז דאָך מיני... הער וואָס מיני שרייבט: „מיין פאָטערס לעצטע פּיעסע, „די עמיגראַנטן", איז דער גרעסטער סוקסעס. מען שלאָגט זיך פאַר אַ בילעט, דאָס טעאַטער קראַכט פון געלעכטער, ניו־יאָרק רעדט ניט פון קיין אַנדערער זאַך ווי נאָר פון מיין פאָטערס „עמיגראַנטן". עס האָט אויפגעלעבט דאָס גאַנצע אידישע טעאַטער". אין אַזאַ צייט דאַרף אַזאַ מו־זיקער ווי דו, און נאָך אַ ווילנער דערצו, ניט טראַכטן פון ווין, „שמין"!

און אָט זיינען מיר שוין אין דער לייברערי און איך לייען אין „פאָרווערטס", אין „טאָגעבלאַט", אין „מאָרגן־זשורנאַל" און אין דער „אידישער וועלט", אַז שאָמערס „עמיגראַנטן" האָט אויפגעלעבט ניט נאָר דאָס אידישע טעאַטער, נאָר דאָס אידישע ניו־יאָרק... און דאָס אידישע ווערטל אין די „עמיגראַנטן", דער לייטמאָטיוו „פּאַוואָליע, פּעטער", איז געוואָרן פּאָפּולער איבער גאַנץ אַמעריקע.

איבערגעלייענט אַלע איבערזיכטן איבער „די עמיגראַנטן", נעמט טשאַרלז אַרויס מינים בריוו און לייענט אים פאַר מיר נאָך אַמאָל. נאָכן ענדיקן זאָגט ער:

— יאָסל, איך בענק, עס ווילט זיך אַהיים. ווען איך שעם זיך ניט, פאָר איך נאָך היינט אַהיים.

און איך זאָג אים:

— טשאַרלז, וואָס אַ טאָג מער מיר קענען זיך, ווערט דיין היים מער מיין היים...

## איך פאָר קיין אַמעריקע

איך האָב ניט געפילט, ווי עס זיינען אוועק טעג, וואכן און חדשים — כמעט אַ גאַנצער ווינטער, און עס איז שוין געווען אַ שטיק אין זומער אַריין. איך און טשאַרלז גייען יעדן טאָג צו אַן אַנדער קאָנצערט אָדער פאַרזאַמלונג.

איך האָב מיך באַקענט דורך איזראַעל זאַנגווילס רעקאָמענדאַציע מיט אַ פּרוי, איינע פון די וויכטיקסטע פּערזענלעכקייטן אין דער ענגלישער מוזיקאַלישער וועלט, סעסיל האַרטאָג. זי האָט געשטאַמט פון פּאָרטוגעזיש-אידישע אַריסטאָקראַטן. מען האָט דעמאָלט אויפגעפירט אירע אַ סימפאָניע. איבערהויפּט פלעגט זי שרייבן קלאַסישע לידער־ראָמאַנסן און פּיאַנאָ־קאָנצערטן. זי האָט מיך געשיקט צו פּראָפעסאָר פּראַוט. ער איז געווען דער גרעסטער טעאָרעטיקער אין ענגלאַנד און איז יאָרן־לאַנג געווען פּראָפעסאָר און דירעקטאָר פון דער לאָנדאָנער קאָנסערוואַטאָריע. צו אים פלעגט מען פאָרן אַזוי ווי צו אַ גוטן־אידן, ווייל ער פלעגט פּסק'ענען די גרעסטע מוזיקאַלישע שאלות. ער איז געווען אַ גוטמוטיקער מענטש, נאָענט צו זיבעציק, און אין זיין האַלטונג איז ניט געווען צו דערקענען, אַז דאָס איז דער גרעסטער מוזיקאַלישער גאון פון ענגלאַנד. איך האָב ביי אים געלערנט כמעט די גאַנצע צייט וואָס איך בין געווען אין ענגלאַנד, און איך ווייס ניט ביזן היינטיקן טאָג, ווער עס האָט פאַר מיר געצאָלט — איזראַעל זאַנגוויל צי פרוי סעסיל האַרטאָג; איך ווייס נאָר, אַז עס איז געווען באַצאָלט, ווייל איך פלעג נאָך יעדער לעקציע באַקומען אַ באַצאָלטן רעסיט.

איך פלעג מורא האָבן איבערצוציילן גענוי, וויפל געלט עס איז מיר נאָך געבליבן פון דער סומע, וועלכע איך האָב באַקומען פון לאָדזשער „הזמיר". איך האָב געוואוסט, אַז עס ווערט וואָס אַ טאָג ווינציקער און ווינציקער, און עס קומט גאָר־

ניט צו, ווייל ניט איך האָב געזוכט צו פאַרדינען און ניט איך האָב געהאַט וואו צו פאַרדינען, אויסער אַמאָל איינציקע פונט פון קאַנטאָר האַסט, ווען איך פלעג פאַר אים שרייבן נאָטן און אַראַנזשירן. אָבער איין מאָל האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און גענומען ציילן מיין פאַרמעגן. עס איז מיר געוואָרן שווער אויפן האַרצן — עס איז כמעט ניט געווען וואָס צו ציילן. איך דריי דעם טייסטער אַהער, אַהין — ס'איז אומזיסט. איך האָב כסדר געהאַלטן אין שלעפן, ביז ס'האָט זיך אויסגעשלעפּט...

איך האָב פאַרטרויט טשאַרלזן, ווי שוואַך איך שטיי מיט מיינע פינאַנסן. זאָגט ער:

— יאָסל, דאָס זעלבע פון מיר צו הערן (איך האָב טאַקע מיט יאָרן שפּעטער געמאַכט פון דעם ווערטל אַ קופּלעט פאַר מנשה סקולניקן). דאָס ערשטע — קלייב זיך אַריבער צו מיר, וועט דיך קיין דירה־געלט ניט קאָסטן, און ווייטער איז גאָט אַ פאַ־טער...

טשאַרלז האָט דעמאָלט געוואוינט ביי אַ שניידער אויף ווייטשעפּל ראָוד. איך האָב גלייך אָנגענומען זיין פאָרשלאָג, און מיר וואוינען שוין צוזאַמען, און מיר עסן שוין צוזאַמען, און מיר עסן נ י ט אויך צוזאַמען. מיר פלעגן גיין אויף קאָנצערטן, פאַרזאַמלונגען, אָפטמאָל טעג אין לאָנדאָנער האַיד פּאַרק, דאָרט הערן דעבאַטעס און פאָרלעזונגען אַ סך מאָל מיט הונגעריקע מאָגנס, אָבער אַלע מאָל פריילעך, אויפגעלייגט. וואָס שוואַכער די פינאַנסן זיינען געווען, אַלץ מער האָבן מיר געמאַכט חוזק פון דעם. מיר פלעגן זיך איינפאַך וויצלען איבער אונזער אָרעמקייט.

טשאַרלז פלעגט ניט שרייבן אין זיינע בריוו צום פאָטער מכּוח זיינע פינאַנסן, אָבער אליקום צונזער פלעגט פאַרשטיין צווישן די שורות, אַז אַ טשעקל וואָלט ניט געשאָדט, און טאַקע פון די דאָזיקע טשעקלעך און מיינע פאָר פונט, וואָס איך פלעג פון צייט צו צייט פאַרדינען ביי קאַנטאָר האַסט, פלעגן מיר זיך

דורכשלאָגן. אָבער, ווי שוין געזאָגט, עס איז אַלע מאָל געווען ליהודים, אַלע מאָל פריילעך. איבערהויפּט פלעגן מיר זיך אַמו־זירן מיט דער פּעלערינע, וועלכע האָט געהערט צום שניידער, וואו מיר האָבן געוואוינט. מיר פלעגן זיי ביידע טראָגן — אַ טאָג ער, אַ טאָג איך. מיר האָבן אפילו גענומען בילדער אין דער פּעלערינע, געוויינלעך, יעדער באַזונדער. אַמאָל פרעגט טשאַרלז ביים פאָטאָגראַפער, צי ווייסט ער ניט אַ מיטל, ווי אַזוי מיר קאָנען ביידע צוזאַמען נעמען אַ בילד אין דער פּעלערינע? ענטפערט ער: „יאָ, ליגנדיקערהייט און צודעקנדיק זיך מיט דער פּעלערינע". זאָג איך אים, אַז מיר טוען דאָס טאַקע ביינאַכט, ווען עס ווערט אונז קאַלט.

מיר פלעגן זיך אויך שטאַרק אַמוזירן מיט די געפּרעגלטע קאַרטאָפל, וואָס זיינען זייער פּאָפּולער אין ענגלאַנד, ווייל עס איז זייער ביליק און עס שטילט שנעל דעם הונגער. געוויינלעך פלעגן מיר וואַרטן ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווייל בייטאָג פלעגן מיר זיך אַפילו שעמען צו גיין קויפן די הייסע, געפּרעגלטע קאַר־טאָפל. אַזייגער צוויי־דריי פאַרטאָג פלעגן מיר אַרומגיין אי־בער די לאָנדאָנער גאַסן, זינגען און דעקלאַמירן אידישע לידער.

טשאַרלז איז דאַן געווען אַ גרויסער אָנהענגער אויסער פון זיין פאָטער לידער אויך פון מאָרים ראָזענפעלדס. ער האָט געקענט זיינע לידער כמעט אויף אויסנווייניק. און מערקוויר־דיק, ווען ער פלעגט דעקלאַמירן ראָזענפעלדס לידער, פלעגט ער ווערן אַ גאַנץ אַנדערער מענטש — אַ באַגייסטערטער, אַן ערנ־סטער, און ער פלעגט אָנהייבן:

אין גרענד סטריט, ניט ווייט פון סאָקער־שטיינס סטאָר,
זיצט זיך אַ בלינדער מיט גרויע, לאַנגע האָר... א. אַז. וו.

אָדער:

נאָר ברויט מיט טיי און ברויט מיט טיי —
דאָס איז אַ מאכל, אַז אָך און ווי... א. אַז. וו.

און

ווען גאָט איז מיין שפּייזער, וואָס האָב איך צו זאָרגן?
פאַרזאָרגט ער מיך היינט ניט, פאַרזאָרגט ער מיך מאָרגן...

און פאַרענדיקן פלעגט ער מיט דעם אַמעריקאַנער פּאָעט עדגאַר אַלען פּאָוס „די רעיווען״ (די קראָ, די וואָראָנע), און פלעגט אָנהייבן:

Once upon a midnight dreary,
While I pondered weak and weary . . .

עס איז אַ לאַנגע פּאָעמע, וועלכע פאַרענדיקט יעדן פערז מיט „נעווער מאָר, נעווער מאָר״. ער פלעגט דעם לעצטן „ר״ (ריש) כאָרכלען מיטן האַלז אַזוי ווי מען מאַכט נאָך אַ וואָראָנע. איך האָב געקענט די פּאָעמעס אין אַ רוסישער איבערזעצונג, וועלכע פאַרענדיקט יעדן פערז מיט „ניקאָגדאַ, ניקאָגדאַ״ (קיינ־מאָל ניט, קיינמאָל ניט), פלעגט זיך טשאַרלז צעשרייען אויף מיר:

— הער אויף מיט דיין „ניקאָגדאַ, ניקאָגדאַ״, דו דער־הרג׳עסט מיר מיין ליבלינג פּאָעט עדגאַר אַלען פּאָו!

מיר פלעגן קומען אַהיים מיד פון אַרומגיין איבער די לאָנ־דאָנער גאַסן ביז פאַרטאָג. ביים אויפשטיין פלעג איך פאַנטאַ־זירן וועגן מוזיק און טשאַרלז פלעגט שרייבן פּאָעמעס. איך האָב דעמאָלט געשריבן מוזיק צו זיינע אַ פּאָר פּאָעמעס, ווי:

Religion to me is a beautiful poem.
(רעליגיע איז פאַר מיר אַ שיינע פּאָעמע).

די פּאָעמע האָט אים און מיך באַגייסטערט. די זעלטן־שיינע קירכן־גלאָקן פון לאָנדאָן, די קירכן־גלאָקן פון ענגלאַנד האָבן מער מוזיק ווי רעליגיע. איך האָב אויך געשריבן מוזיק צו זיינער אַ פּאָעמע:

My child-love and I.
(מיין קינד־געליבטע און איך).

אַזוי זיינען אַוועק טעג און נעכט, חדשים און כמעט אַ יאָר און אַ האַלב, און איך האָב פּשוט קיין זאַך ניט געוואָלט טאָן אין לאָנדאָן, ווייל איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט צו מאַכן לאָנדאָן פאַר מיין היים. דאָס איינציקע, וואָס איך האָב יאָ געוואָלט טאָן אין לאָנדאָן, איז גרינדן אַ אידישן געזאַנג־פעראיין, אַזוי ווי אין לאָדזש, אַ לאָנדאָנער „הזמיר״. האָב איך מיך געווענדט צו די ציוניסטישע קרייזן, און מ׳האָט מיך רעקאָמענדירט צו

קלמן מרמר, וועלכער האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן אַ ציוניסטישע וואָכנשריפט, און אויך צו דעם באַקאַנטן ציוניסט יואלסאָן און צו פינקעלשטיינען, דעם סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע. איך האָב גלייך אויסגעפונען, אַז דער געבוירענער ענגלישער איד איז זייער, זייער ווייט פון אינטערעסירן זיך מיט אַ אידישן געזאַנג־פאַראיין, און דער איד פון דער „איסט ענד" די אידישע געגנט אין לאָנדאָן (ענלעך צו דער „איסט־סאַיד" אין ניו־יאָרק) האָט אויף מיר אַלע מאָל געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער איז געבליבן אין לאָנדאָן נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט ניט געהאַט גענוג געלט צו פאָרן קיין אַמעריקע.

מיינע געדאַנקען זיינען וואָס אַמאָל מער געוואָרן אָנגעפילט מיט אַמעריקע. איך האָב דורך טשאַרלזן, וועלכער פלעגט מיר האַלטן אין איין דערציילן וועגן אַמעריקע, וועגן ניו־יאָרק, און מערסטנס וועגן דער אידישער ניו־יאָרק, כמעט ווי געקענט אַלע צייטונג־שרייבער מיט זייערע רעדאַקטאָרן, כמעט אַלע אידישע אַקטיאָרן מיט זייערע סטאַרס. ער האָט מיר געשילדערט יעדן איינעם מיט זיין אַרט לעבן, זיינע וויצן, זיין כאַראַקטער, אַזוי אַז זייענדיק נאָך אין לאָנדאָן, האָב איך מיך געפילט ווי איך וואָלט שוין געווען אַן אַמעריקאַנער.

איך פלעג זייער אָפט גיין אין דער אידישער לייבררי, כדי צו לייענען ניו־יאָרקער צייטונגען. איך פלעג זיי דורכ־לייענען פון אָנפאַנג ביזן סוף, און איך האָב מיך שוין געפילט מיט די שרייבער אַזוי ווי מיט גוטע, אַלטע באַקאַנטע. איך האָב אַפילו איבערגעלייענט פון אָנהייב ביזן סוף מיניקעסעס „פסח־בלאַט".

טשאַרלז פלעגט אין אַלע זיינע בריוו צו זיין פאָטער און צו די שאָמערס שרייבן וועגן מיר. איז טאַקע איין מאָל אָנגעקו־מען אַ בריוו פון אליקום צונזער, וואו ער האָט געשריבן:

„ווי איך פאַרשטיי, איז דיין פריינט, דער רוסישער מוזיקער רומשינסקי, ניט קיין גרויסער נגיד. אפשר וואָלט געווען אַ

פלאַן, אַז איר זאָלט ביידע קומען אַהיים (מיינענדיק ניו־יאָרק)? שיק איך דיר, מיין זון, אַ שיפסקאַרטע, און אַזוי ווי דו וועסט קומען קיין ניו־יאָרק, וועלן מיר שיקן נאָך דיין פריינט, דעם מו־זיקער".

טשאַרלז איז אַוועק קיין אַמעריקע. עס רעדט זיך לייכט „אַוועק". מיר האָבן זיך טאַקע ביידע געוויצלט ביי אונזער געזעגענען, אַזוי ווי מיר פלעגן מאַכן אַ וויץ פון אונזער אונטער־הונגערן; אָבער עס האָט געטיאָכקעט און גענאָגט ביים האַרצן, ווען מיר האָבן זיך צעשיידט. עס איז אָבער געווען אַ גרויסע האָפענונג, אַז באַלד, באַלד וועלן מיר זיך זען אין אַמעריקע.

גלייך נאָך טשאַרלים אַוועקפאָרן האָב איך זיך צוריק אַריינ־געצויגן צום קאַנטאָר האַסט און עס איז מיר געווען נאָך שווע־רער ווי פריער זיך צוצוגעוואוינען צו דער עכט־ענגלישער, טראַ־דיציאָנעלער, אַלטמאָדישער עטיקעט. קאַנטאָר האַסט האָט מיר אַפילו געגעבן אָנצוהערן, אַז איך האָב אַ געלעגנהייט צו ווערן ביי אים אין שול דיריגענט, אָבער אויב כ'זאָל ווערן זיין דירי־גענט, וואָלט איך געמוזט אָנטאָן אַ צילינדער־הוט מיט אַ ווייסן קאָלנער, ווי אַ גלח, און דאָס וועל איך דאַרפן טראָגן יעדן טאָג. איך האָב געפילט דאָס זעלבע, ווי דעמאָלט, ווען קאַנטאָר ראַ־בינאָוויטש פון דווינסק האָט מיר פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל ווערן ביי אים חזן שני.

איך האָב שוין דעמאָלט אָבער געזען פאַר זיך ניו־יאָרק, אי־דיש טעאַטער, אידישע שרייבער און מוזיקער. מיט דער האָ־פענונג בין איך אַרומגעגאַנגען אַ דריי מאָנאַטן, ביז איך האָב דערהאַלטן אַ לאַנגן בריוו פון טשאַרלז צונזער מיט אַ שיפס־קאַרטע, מיט אַלע איינצלהייטן, ווי אַזוי איך זאָל זיך נוהג זיין און וואָס איך האָב צו טאָן, און אויך וואָס פאַר אַ גליקן עס דער־וואַרטן מיך אין ניו־יאָרק.

איך בין אַוועק צום שניידער, וואו טשאַרלז און איך האָבן געוואוינט. איך האָב ביי אים אָפגעקויפט די פּעלערינע.

עס האָט זיך מיר זייער געוואָלט קומען אין אַמעריקע מיט אַ פּעלערינע. אַ נאַכט פֿאַר מיין אָפּפֿאָרן קיין אַמעריקע בין איך געגאַנגען אויף וויטשעפּל אויף אַ אידישן קאָנצערט, וואָס איז געגעבן געוואָרן פון איינעם אַן אַלטן אַקטיאָר גאָלדסמיט, אַ באַס. ער איז נאָך געווען פון גאָלדפאַדענס אַקטיאָרן. עס איז געווען אַ טרויעריקער שרעקלעכער אָוונט, סאַי מוזיקאַליש, סאַי מאַטעריעל. דאָרט האָט מיך געטראָפן לאַיקע פון מי־דעלסעקס סטריט. זי האָט מיר געזאָגט, אַז דער אַלטער איז שוין זייער קראַנק און זי האָט פאַר אים שוין מער קיין מורא ניט, און באַלד־באַלד וועט זי זיין אַ רייכע פרוי. זי האָט באַ־דויערט וואָס איך פאָר אַוועק. איך האָב איר זייער באַדאַנקט פאַר איר גוט האַרץ.

צומאָרגנס פרי בין איך געפאָרן קיין סאַוטהעמפּטאָן, פון וואַנען עס איז אָפּגעגאַנגען מיין שיף, וועלכע האָט געהייסן „פי־לאַדעלפיאַ”. דאָס איז געווען אַן אַלטע שיף, און כ׳רעכן, אַז דאָס איז געווען איר לעצטע, אָבער מיין ערשטע רייזע קיין אַמעריקע.

## העלאָ, ניו־יאָרק!

די שיף „פילאַדעלפיע״, וועלכע האָט זיך געשלעפּט און צו־געקרעכצט אויף איר יעדן טריט, וואָס זי האָט געגעבן, פאַרנדיק איבערן ים, האָט שוין געענדיקט איר קאַריערע. זי איז געפאָרן זיך אָפּרוען, זיך צוריקציען פון אירע לאַנגיעריקע שטורעמדיקע ווינטן, בשעת איך בין געפאָרן מאַכן אַ קאַריערע. די שיף האָט זיך טאַקע געשלעפּט, אָבער איך בין געפלויגן. מיינע געדאַנ־קען זיינען געפלויגן. מיין גאַנצער יונגער קערפּער און נשמה האָט זיך געצאַפּלט, שלעפּנדיק זיך אויף דער אָפּגעלעבטער שיף.

וואָס אָנבאַלאַנגט ים־קראַנקייט, איז גלייך דעם ערשטן טאָג האָט מיר אַ מאַטראָז געזאָגט, אַז איך זאָל וואָס וויניקער זיין אונטן אין מיין קאַיוטע, איבערהויפּט אַזוי גיך ווי איך נעם ליידן פון ים־קראַנקייט. איך האָב אים געפאָלגט. און ווידער, וואָס איז די נפקא־מינא, צי מען פאָרט נאָך אַ טאָג, צי מען ליידט וויניקער אָדער מער? דער עיקר איז, איך האָב דערזען די „סטעטשו אָוו ליבערטי״ און דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די באַרימטע סדרה: מען שטופּט זיך, מען מושטירט זיך, גיי דאָ, גיי דאָרט, מען פירט ווי שעפּסן צו דער שחיטה. איך שטיי שוין אין דער רייע הינטער אייזערנע גראַטעס ווי חיות אין אַ צירק. איך שטיי שוין ביי אַ טישל אַליין. מען פרעגט מיך, איך ענטפער. אויפן האַרצן איז מיר געווען פיל לייכטער, ווי אָנקומענדיק קיין לאָנדאָן, שוין מיט דעם אַליין, וואָס איך האָב שוין אַ ביסל געקענט די שפּראַך. אַזוי שטייענדיק און ענטפ־פערנדיק אויף די קאַזיאָנע פראַגעס, וואָס מען האָט מיר גע־שטעלט, האָב איך דערהערט, ווי פון דער אייבערשטער באַל־קאָני שרייט מען: „רומשינסקי! רומשינסקי!״ איך גיב אַ קוק — טשאַרלז און לעבן אים מיין ברודער איציק. עס נעמט ניט לאַנג, און איך קוש זיך שוין מיט טשאַרלזן און מיט מיין ברו־

דער איציק. מיט אַמאָל האָט זיך טשאַרלז צעלאַכט, אָבער אַזוי שטאַרק — כמעט היסטעריש: ער האָט דערזען, ווי איך שלעפּ אונטערן אָרעם די פּעלערינע פון לאָנדאָנער שניידער, וועלכע מיר האָבן ביידע געטראָגן. מיין ברודער איציק האָט גענומען מיין, מ׳שטיינס-געזאָגט, באַגאַזש, און מיר זיצן שוין אין עלע־וויטעד.

אַזוי ווי איך בין געווען אַ צייט אין לאָנדאָן, האָט מיך ניו־יאָרק ניט שטאַרק איבערראַשט, אַפילו מיט איר געדראַנג און טומל. מיר גייען אַרונטער אין טשעטהעם סקווער. פון דאָרט זיינען מיר געגאַנגען מיט איסט בראָדוויי ביז קאָרנער ראַטגערס, וואו אליקום צונזער האָט געהאַט זיין דרוקעריי. מיין ברודער איציק איז געגאַנגען מיט מיין באַגאַזש צו זיך אַהיים און טשאַרלז האָט אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיך שפּעטער צופירן צו אים.

אין דרויסן, אין פראָנט פון דער דרוקעריי, איז געזעסן אליקום צונזער מיט זיין פרוי און זייער אינגסט קינד, סאָניע, אַ מיידעלע פון אַ יאָר צוועלף. אליקום צונזער איז שוין דאַן גע־ווען אַ מענטש אין הויכן עלטער, אַ ביסל איינגעבויגן, אָבער זיין רעדן, זיין הומאָר, זיינע באַוועגונגען זיינען געווען יונג, פריש און איבערהויפּט צוציענד, און איך האָב וועגן אים גע־קלערט: אָט דאָס איז דער מענטש, וועמענס טענער איך האָב געהערט די ערשטע אין מיין לעבן פון מיין מאַמען. טשאַרלז שטעלט מיך פאָר און זאָגט, אַז איך קום איצט פון שיף. ענט־פערט ר׳ אליקום, אַז איך קוק אויס ווי איך קום איצט פון אַ שפּאַציר, און פרעגט מיך: „וואו זיינען אייערע לאָפּעטעס?" איך קוק אים אָן פאַרוואונדערט, און ער זאָגט, אַז אין אַמע־ריקע קומען אַלע גרינע מיט לאָפּעטעס צו שאַרן גאָלד, אָבער באַלד גיט ער צו גוטמוטיק: „האָט ניט קיין מורא; פון דעם, וואָס מיין טשאַרלז האָט מיר וועגן אייך דערציילט, זע איך, אַז ס׳וועט אייך דאָ גוט זיין". די ליבע פרוי צונזער האָט אונז איינגעלאַדן אַריינצוגיין אינעווייניק.

אַ פּאָר טרעפּלעך אַרונטער איז געווען די דרוקעריי מיט אַ פּאָר מאַשינען און איניקע אַרבעטער. מיר זיינען אַריין אין אַ צווייט צימער, וואו עס איז געשטאַנען אַ טיש און איניקע בענק־לעך מיט שטולן און אַ סאָפע. מיסעס צונזער האָט מיר דער־קלערט, אַז דאָס איז ניט זייער וואוינונג, זיי וואוינען טאַקע ניט ווייט. זאָגט מיסטער צונזער: „וואָס דאַרפט איר פרעגן? מיי־נע לאָפּעטעס, וואָס איך האָב געבראַכט אין אַמעריקע, האָבן ניט געקאָנט שאַרן. עס האָט זיך ניט געשאַרט, אָבער אַ דאַנק גאָט, טייערע קינדער, האַרציקע קינדער". בשעת ער האָט גערעדט איז אַריינגעקומען סאָניעלע. זאָגט ער צו מיר שטי־לערהייט: „איר זעט מיין אינגסט קינד סאָניעלע, — דאָס דרייט זיך אַרום אַ מלאכ'ל אויף דר'ערד. דאָס איז אַ שטיק ברי־ליאַנט". סאָניעלע האָט אַריינגעטראָגן אַ קאַלטן טרונק. דאָס איז געווען „וואַנעלע אייז־קרים סאָדאַ". דעם טעם פון יענעם טרונק קאָן איך ניט פאַרגעסן. עס איז געווען איינער פון די ברענענדיקע יוני־טעג, האָט דער קאַלטער „וואַנעלע אייז־קרים סאָדאַ" דערקוויקט און געשטילט מיין שרעקלעכן דאַרשט, און ביז היינט־צו־טאָג טרינק איך ניט קיין אַנדערן זומערדיקן גע־טראַנק ווי „וואַנעלע אייז־קרים סאָדאַ".

פרוי צונזער פרעגט מיך, צי איך וויל עפּעס צובייסן. זאָג איך: „ניין, איך דאַנק!" זאָגט צו מיר אליקום צונזער: „גזלן, רוצח, מערדער! וואָס האָט איר געטאָן? וואָס הייסט, איר זאָגט ניין! זי בעט מער ניט ווי איין מאָל, ביי איר איז אַן חכמות: ניין איז ניין!" עס איז אָבער געווען בלויז אַ צונזער־וויצעלע, ווייל מיסעס צונזער איז געווען איינע פון די גאַסט־פריינדלעכסטע מענטשן.

איך האָב פאַרבראַכט אַ פּאָר אָנגענעמע שעה'ן מיט צונזערן און זיין פאַמיליע. ביים אַרויסגיין האָט ער מיך פאַרגעשטעלט פאַר זיין איידעם אָפּין, וועלכער האָט טאַקע געאַרבעט און איז געווען דער הויפּט־פאַרוואַלטער פון דער דרוקעריי. אָפּין האָט,

מיט זיינע בלאָנדע האָר, אויסגעזען ווי אַן עכטער „אַריער", און זיין אידיש האָט געקלונגען ווי פון אַ רוס, אָבער נאָך אַ קורצער באַקאַנטשאַפט מיט אים האָט איר פאַר זיך געזען אַ אידישן ליטעראַרישן אינטעלעקטועלן יונגנמאַן. ער האָט טאַקע געשריבן אין אידישע און ענגלישע צייטונגען און זשורנאַלן.

טשאַרלז האָט מיך דערנאָך געפירט צו מיין ברודער איציק, וועלכער האָט געוואוינט אין דזשעפערסאָן סטריט. אַנטקעגן איז געווען דער „בית ישראל האָספּיטאַל". אין די איייניקע בלאָקן פון צונזערן ביז מיין ברודער, דורכגייענדיק איסט בראָדוויי, האָב איך געהערט רעדן צוויי שפּראַכן: אידיש און רוסיש; זייער זעלטן — ענגליש. האָב איך באַמערקט, אַז עס קומט מיר פאָר אַזוי ווי אין לאָדזש: כאָטש לאָדזש האָט דאַן געהערט צו רוסלאַנד, האָט מען גערעדט פּויליש און אידיש, און זייער ווייניק רוסיש. זאָגט מיר טשאַרלז: „דערפאַר וועל איך דיך היינט ביי־נאַכט פירן צו די שאָמערס. זיי וואוינען אין אַ געגנט, וואו דו וועסט הערן בלויז ענגליש, און גוט ענגליש". ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ הויז און צוגעגעבן: „אָט דאָ אויבן אויפן דריטן שטאָק וואוינט דיין ברודער. איך וועל נאָך דיר קומען אין אַ 3-4 שעה אַרום און מיר וועלן גיין צו די שאָמערס, וועלכע דערוואַרטן דיך היינט".

שוין גייענדיק אויף די ענגע, פינסטערע טרעפּ פון מיין ברודערס הויז, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיינע לאָפּעטעס האָבן אויך קיין גאָלד ניט געשאַרט אין אַמעריקע. מיין שוועגערין חנה האָט טאַקע אויף איר דאַרן קערפּער געטראָגן אַן אומגע־הויער גרויסע, דיקע, שווערע, גאָלדענע קייט מיט אַ גאָלדענעם זייגער, וועלכע זי האָט גערופן צוזאַמען וואַטשינטשיין (וואַטש ענד טשיין). אָבער דאָס האָט ניט האַרמאָנירט מיט די אָרע־מע, אָבער ריינע צוויי צימערלעך, און ווי איך האָב מיך שפּע־טער דערוואוסט, איז דער שרעקלעכער גאָלדענער וואַטשינ־טשיין גענומען געוואָרן ביי אַ „פּערלער", וואָס דאָס האָט גע־

מיינט אַ פעדלער, אויף אויסצוצאָלן, און דאָס האָט זי זיך אויס־געפּוצט צוליב מיר.

איציק האָט געהאַט דריי קינדערלעך, צוויי אינגלעך און איין מיידעלע. דאָס עלטסטע קינד איז דאַן אַלט געווען אַכט יאָר. די קינדער פלעגן כסדר צולויפן צום פענסטער און אויס־שרייען: „געט עי האָרס! געט עי האָרס!" פרעג איך מיין ברו־דער איציקן, וואָס זיי שרייען. זאָגט ער, אַז ווען ס'פאָרט פאַר־ביי אַן אויטאָמאָביל, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ זעלטנ־הייט, שרייען די קינדער צום דראַיווער (פורמאַן): „געט עי האָרס! געט עי האָרס!" (קריג אַ פערד, קריג אַ פערד!).

איך האָב גלייך דערפאַרן, אַז מיין עלטערער ברודער זלמן האָט געקראָגן אין אַמעריקע זיין „תיקון". דאָס וואָס ער האָט ניט געקאָנט דערגרייכן אין ווילנע און אפילו אין טראָב, האָט ער דערגרייכט אין דער גוי'אישער אַמעריקע. כ'האָב פריער דער־מאָנט, אַז מיין עלטערער ברודער זלמן, כאָטש אַ בעל־מלאָכה, קירזשנער, איז געווען זייער פרום. אפילו מיין טאַטע, וועלכער איז געווען פאַררעכנט פאַר זייער אַ פרומען איד, איז ניט גע־ווען גענוג פרום פאַר מיין ברודער זלמן. זלמן איז אין אַמעריקע געוואָרן אַ מלמד. ער האָט אַ חדר, און איז אויך אַ שמש און צווייטער חזן אין אַ שולכל, און ער איז נאָך פרומער און היט אָפּ אידישקייט נאָך מער ווי אין דער אַלטער היים.

עס איז אַריינגעקומען אַ שיין מיידל פון אַ יאָר עלף. אי־ציק שטעלט זי מיר פאָר, אַז דאָס איז זלמנ'ס עלטסטע טאָכטער הייקעלע — עדנאַ. זי זאָגט צו מיין ברודער: „דער טאַטע האָט געבעטן דאָס געלט, וואָס דו קומסט אים פאַר טיטשן דיינע קינ־דער היברו". זאָגט מיין ברודער איציק מיט אַ געלעכטער: „היינט איז דאָך שבת, האָט דיך דער טאַטע געשיקט נאָך געלט?" זאָגט זי: „דער טאַטע טאָר ניט וויסן. די מאַמע האָט מיך גע־שיקט".

איך הער ווי מען שרייט פון אונטן: „יאָסל! יאָסל!" איך

האָב דערקענט טשאַרלים שטימע. איך גיי אַרונטער. ער זאָגט צו מיר: „די שאָמערס ווייסן שוין, אַז דו ביסט דאָ. ביי זיי איז יעדן פרייטאָג אַ ליטעראַריש־מוזיקאַלישער אָוונט, נאָר צוליב דיר האָט מען דאָס אָפּגעלייגט אויף היינט, שבת".

איך בין אַוועק צו דעם הויז און צו די מענטשן, פון וועלכע טשאַרלז האָט מיט מיר גערעדט כמעט יעדן טאָג העכער אַ יאָר צייט.

# מיין ערשטע נאַכט אין אַמעריקע

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך בין געוואָרן אַנטוישט פון דער ניט־גלענצנדער לאַגע און דער ניט־באַקוועמלעכקייט, וואָס איך האָב געטראָפן ביי אַליקום צונזער און אויך ביי מיין ברודער איציק, האָב איך מיך דאָך אַרומגעכאַפּט מיט ניו־יאָרק ווי מיט אַ גוטן, אַלטן פריינד. איך האָב מיך געפילט היימישער אין די ערשטע פּאָר שעה, זייענדיק אין ניו־יאָרק, ווי אין לאָנ־דאָן אין דעם יאָר און אַ האַלב, וואָס איך האָב דאָרט פאַרבראַכט, און פאָרנדיק מיט טשאַרלין צו די שאָמערס, כאָטש צום ערשטן מאָל, האָב איך געפילט, אַז איך פאָר צו אַלטע באַקאַנטע, ווייל, ערשטנס, פאַר איך זען שייקעוויטשן (שמ״ר), וועלכער האָט מיך איבערהויפּט געמאַכט לייענען אַ בוך און צוליב וועמענס ראָמאַנען איך האָב טעג ניט דערעסן, ווייל איך האָב שוין גע־וואָלט וויסן, וואָס עס איז געוואָרן פון דעם רייכן בעטלער און דעם אָרעמען יתומה׳לע, און טשאַרלז האָט דאָך מיר אַזוי פיל דערציילט וועגן דער פאַמיליע שאָמער!...

איך האָב געוואוסט, אַז שאָמער האָט דריי טעכטער: ראָזע, מיני און עני, און טשאַרלז פלעגט זאָגן: „אַ געזונט אויף זיי אַלע־מען, אָבער מיני איז דאָך מיני״, און אויך אַן איין־און־איינציקן זון, אַבּרהם, אַ לאָיער, און אַז יעדער פון זיי שרייבט — ווער פּאָעזיע, ווער ראָמאַנען און טעאַטער־שטיק, און אַלע זיינען מוזיקאַליש. איך האָב אַפילו געוואוסט, אַז עס קומט אריין צו זיי אַ לאָו־סטודענט, מאָרים ראָטענבערג (שפּעטער דער גרויסער ציוניסט און ריכטער), און ראָטענבערג זאָגט אויך: „אַ געזונט אויף די אַלע דריי מיידלעך, אָבער עני איז עני״.

אַראָפּגייענדיק פון דער סטריט־קאַר און גייענדיק צו די שאָמערס, וועלכע האָבן געוואוינט אויף דער דריי־און־זעכציק־סטער גאַס, קאָרנער פּאַרק עוועניו, האָב איך דערפילט, אַז די

געגנט איז שוין מער ענלעך צו אַמעריקע. אַריינקומענדיק צו די שאָמערס, האָב איך געטראָפן כמעט אַלעמען, וועלכע איך האָב שוין געקענט, טאַקע ניט פערזענלעך, אָבער אַזוי האָב איך זיך זיי פאָרגעשטעלט.

שאָמער אַליין איז געווען אַ זעלטענער, ליבער, רואיקער, געלאַסענער, גוטמוטיקער מענטש. ס'איז געווען שווער צו גלויבן, אַז נאָכדעם ווי ער האָט שוין אַזוי פיל געהאַט אָנגעשריבן און געהאַט צו טאָן מיט טעאַטער־דירעקטאָרן, סטאַרס, אַקטיאָרן, — איז ער דאָך פאַרבליבן אַזוי העפלעך, אַזוי מענטשלעך. וואָס אָנבאַלאַנגט די דריי טעכטער, האָבן זיי מיר גלייך פאַרקירצט מיין נאָמען רומשינסקי אויף רומשי, רומי, רומעלע. זיי האָבן מיך גלייך געמאַכט פילן ווי אַלטע, גוטע באַקאַנטע, און מיך ניט געלאָזט זיי אַדרעסירן מיט שאָמער, נאָר ראָוז, מיני און עני. אַברהם שאָמער, דער לאָיער, וועמען כ'האָב מיר פאָרגעשטעלט ווי אַ היימישן אַדוואָקאַט, אַן אָנגעצויגענעם, שווערן, שטייפן, — איז שוין דאַן געווען אַ פריילעכער, הארציקער בחור מיט אַ געשמאַקן, ליטעראַרישן, ליטווישן אידיש. און מאַדאַם שאָמער פלעגט זיך זיצן ווי אַ היימישע פּריצ'ע, אָדער אַ פּאַניענקע, און אָנקוועלן, ווי די טעכטערלעך זיינען משמח און מכבד די געסט.

יענעם אָוונט האָב איך דאָרט געטראָפן ראָוז פּאַסטאָר, וועלכע האָט דאַן געאַרבעט אויף דער ענגלישער פּיידזש פון „טאַגעבלאַט". זי האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט דעם אַמעריקאַנער אַריסטאָקראַטישן מיליאָנער סטאָוקס, און זי פלעגט זיך טאַקע רופן ראָוז פּאַסטאָר־סטאָוקס; אויך יאָהאָן פּאַלעי, דעם רעדאַקטאָר פון „טאַגעבלאַט"; דעם שרייבער זייפערט; אַ באַקאַנטן פידל־שפּילער מאָרים ניטקע, וועלכער איז יאָרן־לאַנג געווען פאַרבונדן מיט די אַמעריקאַנער סטאַרס, די באַרימאָרס; דאָרט איז אויך געווען תשר"ק־זעווין, אַ זייער טאַלענטפולער שרייבער און אַ גרויסער חכם. ער איז געווען פון

דער נאַטור געשטראָפט מיט אַ הויקער, אָבער ווען ער האָט גע־נומען רעדן און דערציילן מעשה׳לעך, איבערהויפּט תלמוד׳ישע, וועלכע ער האָט טאַקע שפּעטער אַרויסגעגעבן אין אַ בוך, אונ־טערן נאָמען „אגדות התלמוד" (לעגענדעס פון תלמוד), האָט מען זיך געקאָנט אין אים פאַרליבן, אַזוי אָנגענעם פלעגט ווערן די גאַנצע פּערזאָן.

עס איז געווען אַ ליטעראַרישער, מוזיקאַלישער, פריילע־כער און ניט אָנגעצויגענער אָוונט. די פאַמיליע שאָמער האָט מיך געוואָלט מאַכן פילן וואָס היימישער און אָנגענעמער, האָבן די טעכטער געשפּילט און געזונגען מיין מוזיק, וועלכע איך האָב געשריבן צו טשאַרלים ווערטער:

Religion to me is a beautiful poem.

און אויך

My child-love and I.

דער אָוונט האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פריילעכס, וועלכעס איך האָב געשפּילט, טאַקע פון מיר פאַרפאַסט, מיטן נאָמען „נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל". דער נאָמען „נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל" פּאַסט זיך צו דעם, ווייל מען קאָן עס שפּילן ביז פאַרטאָג — עס האָט ניט קיין סוף. די מעלאָדיע האָט זיך געוויקלט ווי אַ שנור פּאָדעם, און אַלע האָבן געטאַנצט, און אַזוי זיינען מיר אַלע טאַקע אַריין אין סענטראַל פּאַרק און דאָרטן געזונגען באַקאַנטע רוסישע ראָמאַנסן, אידישע לידער, מיר האָבן דע־קלאַמירט, אַפילו זיך פאַרמאָסטן לויפן אַרום דעם פאָנטאַן, ווער עס קאָן לויפן שנעלער, און געוואונען האָט דער אַדוואָקאַט אברהם שאָמער.

מען האָט זיך גענומען קלייבן גיין אַהיים. מען האָט זיך אפשר אַ צוואַנציק מאָל געזאָגט „אַ גוטע נאַכט!" און אַ דריי־סיק מאָל „גוט נאַיט!" און עס האָט אַפילו ניט געפעלט „ספּאָ־קאָינאָי נאָטשי!"...

כ׳בין געבליבן אַליין מיט טשאַרלין. מיר האָבן שפּאַצירט איבער פּאַרק עוועניו, און ער זאָגט צו מיר: „דו ווייסט, יאָסל,

וועדליג פאַרן ערשטן טאָג אין אַמעריקע האָסטו זיך היינט באַ־קענט מיט אַ שיין ביסל מענטשן". זאָג איך אים: „ס'איז ניט די צאָל, נאָר די קוואַליטעט. עס איז ניט וויפל מענטשן איך האָב געטראָפן; עס איז וויכטיק די אינטערעסאַנטע, אָנגענעמע פּערזענלעכקייטן, מיט וועלכע איך האָב מיך היינט באַקענט!"

מיר גייען ווייטער און ניט איך און ניט ער רעדן אַ וואָרט, ווייל איך האָב געפילט, אַז דער בחור וויל רעדן פון מינין. עס נעמט ניט לאַנג און ער פרעגט מיך: „ווי געפעלן דיר עפּעס די דריי שוועסטערלעך?" זאָג איך: „דו ווילסט דאָך וויסן, ווי מיר געפעלט מיני, וועל איך דיר ענטפערן אויף דיין פראַגע, אַז אַלע דריי פריילינס שאַמער געפעלן מיר זייער, און אין דעם זיי־נען שולדיק טאַקע זיי אַליין. איך מיין צו זאָגן, אַז דאָס ערשטע מאָל זע איך, אַז דריי שוועסטער זאָלן ניט זיין איינע אויף די אַנ־דערע אַ ביסל אייפערזיכטיק. זיי זיינען ווי איין מענטש מיט איין נשמה. זאָגט איינע אַ וויץ, לאַכן הארציק די אַנדערע צוויי; שפּילט איינע פּיאַנאָ אָדער זינגט, האָבן די אַנדערע צוויי הנאה; קיין איינע פון זיי וויל ניט געפעלן מער פון די אַנדערע, און דאָס אַליין מאַכט דיך רעספּעקטירן אַלע גלייך. איך פאַרשטיי פון דיר און פון מינים בריוו צו דיר, אַז איר האָט זיך ליב, אָבער עפּנטלעך איז זי געווען היינט ביינאַכט אַזוי פריינדלעך און אויפמערקזאַם צו יעדן, אַזוי ווי צו דיר, און אויך דאָס זעלבע עני בנוגע צום יונגן, פיינינקן סטודענט מאָריס ראָטענבערג. איבערהויפּט איז מיר זייער געפעלן, וואָס עס איז ניטאָ קיין שום אייפערזוכט ביי די דריי שוועסטער פון איינער צו די אַנדערע. עס איז גאָרניט ווייבעריש!"

אַזוי גייענדיק און רעדנדיק פון דער פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט, זיינען מיר צוגעקומען צו איסט בראָדוויי, און טשאַרלז רופט זיך אָן: „דו זעסט, דאָס איז יאַרמולאָווסקים באַנק, און טאַקע דאָ אַרבעט שאַמערס טאָכטער ראָזע". ער האָט מיך צוגעפירט צו דזשעפערסאָן סטריט, ביז מיין ברודערס סטופּ, און

דאָ ערשט האָבן מיר זיך געזעגנט: „אַ גוטע נאַכט, טשאַרלז”, „שלאָף געזונט, יאָסל”.

די טיר ביי מיין ברודער איז געווען אָפן. ערשטנס, צוליב מיר; און צווייטנס, אפשר וועט פאָרט בלאָזן אַ ווינטל אין דער אומגעהויער הייסער נאַכט.

די קינדערלעך זיינען געלעגן נאַענט צום פענסטער מיט די נאַקעטע קערפּערלעך. מיין ברודער האָט זיך אויפגעכאַפּט און מיר אָנגעוויזן מיין געלעגער. איך האָב מיך געלייגט, אָבער אַנטקעגן איז געווען דער בית ישראל האָספּיטאַל, און ניט ווילנ־דיק האָב איך געמוזט אַהין אַריינקוקן, און דאָס האָט מיך דער־מאָנט אָן דעם ווילנער הקדש, וואו מיין מאַמע איז געשטאָרבן.

אָבער איך האָב זיך גלייך דערמאָנט אָן דעם היינטיקן גלאָררייכן טאָג און נאַכט, דעם פיינעם אויפנעם פון אליקום צונזער מיט זיינע געלונגענע ווערטלעך, און דאָס שיינע פאַר־ברענגען ביי די שאָמערס מיט אינטערעסאַנטע מענטשן, און דערצו נאָך די דריי שוועסטער! און איך זאָג צו זיך אַליין: „דריי שוועסטער, יונגעלייט האָב איך געזען בלויז צוויי — אפשר? . . .” און מיר קלינגען טשאַרלים ווערטער: „יאָסל, וועדליג פאַר דער ערשטער נאַכט אין אַמעריקע האָסטו זיך גאָרניט וואָס צו באַקלאָגן. . .”

# מיין ערשטע באַגעגעניש מיט יעקב פּ. אַדלער און סאָפיע טאָקער

ווען איך בין געווען אין גראָדנע מיט דער רוסישער אָפּערעטע, זיינען געקומען גאַסטראָלירן צוויי גרויסע רוסישע דראַמאַטישע שוישפּילער, „בראַטיאַ אַדעלהיים" (די ברידער אַדעלהיים). זיי זיינען געווען פון געבורט אידן, אָבער זיי פלעגן זיך פירן עכט־קריסטלעך. איין מאָל, רעדנדיק וועגן דעם אידיש־רוסישן שוישפּילער מייערסאָן, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין אַמעריקע און האָט געשפּילט אידיש טעאַטער, האָבן זיי אַ סך מאָל דערמאָנט דעם נאָמען יאַקאָב פּאַוולאָוויטש אַדלער. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן אַ בריוו פון מייערסאָנען, אין וועלכן ער שרייבט, אַז דאָס אידישע טעאַטער בליט דאָרט. האָב איך זיי באַמערקט, אַז איך האָב טאַקע באַקומען היינט אַ בריוו, אַז מיין עלטסטער ברודער איז געפאָרן מיט זיין פאַמיליע קיין אַמעריקע. זאָגט איינער פון די ברידער צו מיר: „דו וועסט שוין זיין אַן אַמעריקאַנער, און ווען דו וועסט שוין זיין דאָרט, גריס האַרציק פון אונז יאַקאָב פּאַוולאָוויטש אַדלערן. מיר האָבן פון אים זייער פיל געהערט".

שפּאַצירנדיק מיט מיין ברודער איציק איבער גרענד סטריט, וואָס איז דעמאָלט געווען די אידישע „פינפטע עוועניו" (עס איז דעמאָלט געווען דער פּעטערבורגער „ניעווסקי פּראָספּעקט"; פרויען פלעגן אויסגעבן שווערע הונדערטער אויף אַלערליי נייעסטע מאָדעס, צו באַווייזן זיך אויפן שפּאַציר אויף גרענד סטריט), זיינען מיר אַריין אין אַ קאַפע־הויז, וואו עס קומען אַריין אַלע אידישע אַקטיאָרן.

און עס איז מיר דאָ פאָרגעקומען דאָס זעלבע ווי ביי דער לאָנדאָנער ציוניסטישער פאַרזאַמלונג, וואו פון אַלע מענטשן

האָט אַרויסגעגלאָנצט איין פּערזענלעכקייט — טעאָדאָר הערצל. דאַכט זיך, דאָס אַקטיאָרסקע קאַפּע־הויז איז געווען געפּאַקט מיט שוישפּילער, דאָך האָט זיך אַרויסגעזען איין מאַיעסטע־טישע פיגור, איין גרויסע פּערזענלעכקייט, און דאָס איז געווען — יאַקאָב פּ. אַדלער.

מיין ברודער האָט מיר אויסגערעכנט די נעמען פון די אי־דישע אַקטיאָרן, וויפל ער האָט געקענט אַלס אידישער טעאַטער־באַזוכער. איך דערצייל מיין ברודער די מעשה מיט די ברידער אַדעלהיים און וועגן דעם גרוס צו אַדלערן. זאָגט מיר מיין ברו־דער: „גיי צו, זאָג עס אים". אַדלער האָט זיך געקליבן אַרויס־צוגיין, און ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען מיין טישל, האָב איך זיך אויפגעהויבן און אַ זאָג געטאָן צו אים אין רוסיש, אַז איך האָב פאַר אים אַ גרוס פון די רוסישע שוישפּילער „בראַטיאַ אַדעלהיים". שרייט ער אויס: „גאָספּאָדאַ, אָט דער יונגערמאַן האָט געבראַכט צו מיר אַ גרוס פון די גרויסע רוסישע דראַמאַטי־שע קינסטלער „בראַטיאַ אַדעלהיים". ער וויל זיך גלייך צו־זעצן ביי מיין טישל, זאָגט אים איינער פון זיינע משרתים (אַד־לער פלעגט גיין אַרומגערינגלט ווי אַ חסידישער רבי מיט גבאים, שמשים, חסידים): מר. אַדלער, מיר וועלן פאַרשפּעטיקן דעם צוג". זאָגט אַדלער צו מיר: „וואָס איז אייער באַשעפטיקונג?" זאָג איך אים: „אַ דיריזשאָר". קערט ער זיך אום און זאָגט: איר הערט, אַ רוסישער דיריזשאָר", און פרעגט מיך וועגן די ברידער אַדעלהיים, און איבערהויפּט וועגן טעאַטער אין רוס־לאַנד. שרייט ווידער אויס איינער פון זיינע משרתים: „מישטער אַדלער, שיש סוים ספּעט". זאָגט אַדלער צו אים: „גיי אין דר'ערד אַריין, ווער פרעגט דיך?" ענטפערט אַ גרעסערער משרת, שוין אַ מענעדזשער: „ער האָט דאָך רעכט, מיר מוזן שוין גיין צום צוג".

אַדלער זאָגט דאַן צו מיר: „איך שפּיל היינט אין האַרט־פאָרד, ניט ווייט פון ניו־יאָרק. קומט, פאָרט מיט מיט אונז,

מיר וועלן גוט פאַרברענגען. מאָרגן, און אפשר היינט פאַרטאָג, קומען מיר צוריק". איך קוק אויף מיין ברודער און זע ווי ער ווינקט צו מיר, אַז איך זאָל ענטפערן יאָ.

האָט טאַקע לאַנג ניט גענומען און איך בין שוין געזעסן אין אַדלערס פּריצ׳ישער קאַרעטע, מיט אַ ווייס פערד. שפּע־טער, זיצנדיק אין צוג, האָב איך אים דערציילט פון מיר, און ער האָט מיך געדולדיק אויסגעהערט. ער האָט מיך פאַרגע־שטעלט פאַר די אַקטיאָרן. ווען אַדלער האָט זיך אַ ביסל אויס־גערדרייט, זאָגט צו מיר לעאָן בלאַנק, וועלכער איז דאַן מיטגע־פאָרן: „יונגערמאַן, איר האָט דערטאַפּט די ריכטיקע נאָטן צו אַדלערן; איר רעדט צו אים רוסיש, און איר האָט אים געבראַכט אַ גרוס פון רוסישע אַקטיאָרן — נו, נו, מער באַדאַרף ער ניט!"

עס איז געווען אַ סך אמת אין בלאַנקס ווערטער. אַדלער האָט זייער געבענקט נאָך רוסלאַנד; איבערהויפּט האָט זיך אים געוואָלט, אַז רוסלאַנד זאָל וויסן, וואָס פאַר אַ גרויסער מענטש ער איז אין אַמעריקע.

אין האַרטפאָרד איז אַדלער אַריין מיט מיר עפּעס צובייסן. דערביי האָט ער מיר געזאָגט, אַז נאָך דער פאָרשטעלונג וועלן מיר ערשט האָבן אַ הוליאַנקע.

געשפּילט האָט מען דאָרט „דער אידישער קעניג ליר" פון יעקב גאָרדין. איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט געזען שעקס־פּירס „קעניג ליר" מיט אַ גרויסן רוסישן שוישפּילער, אַנטשאַ־ראָוו־עלסטאָן. די פאָרשטעלונג פון אַדלערס „קעניג ליר" האָט אויף מיר געמאַכט אַ טאָפּלטן איינדרוק: צייטנווייז הערלעך, אַנטציקנדיק, און אין אייניקע שטעלעס — נאַריש און אַפילו בי־ליק, באַזונדערס די מעשה מיטן שטיקל ברויט מיט רעטעך, וואָס מען זשאַלעוועט דעם טאַטן. אין וועלכן ליטווישן הויז זשאַלעוועט מען עס אַ שטיקל ברויט מיט רעטעך? אָבער אַד־לער האָט נאָר באַדאַרפט האָבן אַ מיטל צו צאַפּן טרערן ביים

פובליקום — נו, נו, האָט ער שוין געצאַפּט טרערן עמערוווייז, און מען האָט געכליפּעט, געוויינט און אַפילו גע׳חלש׳ט...

בשעת איך בין געזעסן אין אַדלערס דרעסינג־רום צווישן צווייטן און דריטן אַקט, זאָגט ער צו מיר: „איך האָב אַ סצענע ביים שלום פון דריטן אַקט, וועלכן איך גיי באַלד שפּילן, וואו איך שריי אויס: ׳שענקט אַ נדבה דעם אידישן קעניג ליר!׳, וואָלט איך וועלן עפּעס אַזוי ווי אַ דודעלע שפּילט, ווי ביי די בעט־לערס אין די הויפן..."

איך האָב גענומען אַ שטיקל ווייס פּאַפּיר, געמאַכט נאָטן־ליניעס און אָנגעשריבן פאַר אַ קלאַרנעט זעכצן טאַקטן אַ בעט־לער־ליד, אין כאַראַקטער פון אַ רומענישער דוינע. אַדלער האָט אַריינגערופן דעם סטעידזש־מענעדזשער, מאַנע, און אים אָנגע־זאָגט, אַז ווען ער בלייבט מיט שמאַי׳ן, זיין געטרייען משרת, אַליין אויף דער בינע, זאָל דער קלאַרנעט שפּילן הינטער דער בינע דאָס, וואָס איך האָב איצט אָנגעשריבן.

ווען עס איז געקומען צו דער סצענע, און אַדלער האָט דער־הערט די דוינעלע, דאָס בעטלער־ליד, האָט עס אויף אים גע־האַט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, אַז — ווי ער האָט מיך און די אַקטיאָרן דערנאָך פאַרזיכערט, — ער האָט נאָך אַזוי שטאַרק און מיט אַזוי פיל פּאַטאָס קיינמאָל דעם אַקט ניט געשלאָסן.

זינט דעמאָלט איז אַדלער געוואָרן צו מיר אַזוי צוגעצויגן, אַז אַן אַקטיאָר האָט טאַקע באַמערקט: „יונגערמאַן, איר בלייבט שוין אַדלערס אַ מענטש!" ענטפערט מיסעס אַדלער, וועלכע איז געווען צו מיר ניט ווייניקער פריינדלעך ווי מר. אַדלער: „ער באַדאַרף ניט זיין אַדלערס אַ מענטש, נאָר אַדלערס קאָמ־פּאָזיטאָר און דיריזשאָר".

עס איז כדאַי צו באַמערקן, וואָס פאַר אַ ווירקונג אַדלער פלעגט מאַכן אויף זיין פובליקום מיט זיין שפּילן, איבערהויפּט „קעניג ליר". מיט יאָרן שפּעטער, שוין זייענדיק אַדלערס קאָמ־פּאָזיטאָר און דיריזשאָר, בין איך אַריין אין אַ מאָנטאָג אין

יאַרמולאָװסקים באַנק. גייט צו מיר צו איינער פון די מענע־דזשערס פון דער באַנק, װעלכער האָט מיך דערקענט, און פרעגט מיך, צי האָט אַדלער די טעג ניט געשפּילט „קעניג ליר״? זאָג איך, אַז ער האָט געשפּילט „קעניג ליר״ ערשט נעכטן, זונטאָג בייטאָג; זאָגט ער מיר, אַז זיי האָבן עס געװאוסט דאָ אין באַנק, װייל װען אַדלער שפּילט „קעניג ליר״, איז די באַנק דעם צװייטן טאָג געפּאַקט מיט יונגװאַרג, װאָס שיקט אַהיים געלט צו די עלטערן.

אַדלער מיט דער קאָמפּאַניע און איך זיינען נאָך דער האַרטפאָרדער פאָרשטעלונג אַװעק אין אַ אידישן רעסטאָראַן, צו אַ געװיסן אַרבוזאָ. אַריינקומענדיק דאָרט, האָבן מיר דער־זען אַ לאַנגן, געדעקטן טיש. װי ס'האָט אויסגעזען, האָט מען זיך געריכט אויף אַדלערן מיט זיין קאָמפּאַניע. אַדלער שרייט אויס: „גאַספּאָדין אַרבוזאָ, הברה איז הונגעריק, און דערציילט מיר ניט די מעשה מיט „נאָר װאָס אויסגעגאַנגען״.

מר. אַרבוזאָ, שלעפּנדיק זיך מיט זיין שװערן קערפּער און פלאַכע פיס, פאַרזיכערט אַדלערן, אַז עס איז דאָ פון קאָלטוף (כל טוב), און זאָגט, אַז זיין סאָפּיעלע, זאָל געזונט זיין, האָט אַלץ אָנגעגרייט, און בפרט נאָך פאַר אַזעלכע געהויבענע געסט, װייל זי גייט ממש אויס, זי חלש'ט נאָך טעאַטער...

עס האָט זיך טאַקע גלייך דערהערט אַ פעטע, קלינגנדיקע, געשמאַקפולע קאָנטראַלטאָ־שטימע, און פון דער קיך האָט זיך באַװיזן, זינגענדיק, אַ יונגע, קרעפּטיקע מויד, און זי זאָגט אין אַ שװערן אידיש: „מיסטער אַדלער, אַלץ איז דאָ, אַפילו אַ גוטער סאָנג!״, און זי זינגט אַ פּאָר טאַקטן פון אַ פּאָפּולערער ענגלי־שער מעלאָדיע. אַדלער, אָנװייזנדיק אויף מיר, זאָגט צו איר: „אָט דאָ האָסטו אַ רוסישן מוזיקער, ער װעט דיך לערנען זינגען״. רופט זי זיך אָן: „בעפאָר ער װעט מיך לערנען זינגען, װעל איך אים געבן אַ קאַלטן רוסישן באָרשטש...״ שרייט אויס אַדלער:

„באַרשטש דליאַ וסיעך!" זאָגט סאָפיע: „איך פּאַרשטיי — באַרשטש פאַר עווריבאַדי!"

עס האָט ניט גענומען לאַנג און סאָפיע האָט געטראָגן פאַר יעדן אַ גרויסן טעלער באַרשט, און מיט יעדן טעלער באַרשט האָט זי געזונגען אַן אַנדער פּאָפּולער לידל, און דער טאַטע אי־רער רופט זיך אָפּ: „אוי, זאָל זי געזונט זיין, זי דערגייט מיר די יאָרן מיט איר זינגען!"

מיט אייניקע יאָר שפּעטער האָב איך געטראָפן אויף בראָד־וויי מר. אַרבוזאָן, צופירנדיק זיין טאָכטער צום פּאַלאַס טעאַ־טער, וואו עס האָט געברענט אַ גרויסע עלעקטרישע רעקלאַמע מיטן נאָמען „סאָפיע טאָקער".

# הימל, ערד און „מאַכן אַ לעבן"

פונם ערשטן טאָג אָן, וואָס איך בין געקומען קיין אמע־ריקע, האָב איך זיך באַקענט מיט אַ נײַ ווערטל, וואָס איך פלעג הערן אויף שריט און טריט, און דאָס איז: „מאַכן אַ לעבן". איך פלעג עס הערן אין פאַרשידענע וואַריאַציעס, אומגעפער אַזוי ווי: „ער מאַכט אַ שיין לעבן", „דער מאַכט ניט קיין לעבן", „ער וועט מאַכן אַ לעבן", אָדער „ער וועט קיין לעבן קיינמאָל ניט מאַכן. איך זע — אַלץ לויפט, שמייעט און האָוועט „צו מאַכן אַ לעבן". איך פלעג מיך אַרומדרייען די ערשטע צייט אַ גאַנצן טאָג איינער אַליין, ווייל אַלע מיינע באַקאַנטע זיינען געווען פאַרנומען מיט „מאַכן אַ לעבן". מיין חבר טשאַרלז איז פאַרנומען ביי אַברהם שאָמער אין לאָו־אָפיס מיט „מאַכן אַ לעבן"; די טרוימערישע, מוזיקאַלישע, ליטעראַרישע טעכטער פון שאָמערן קאָן מען דעם גאַנצן טאָג ניט זען, ווייל זיי זיינען פאַרנומען — איינע אין אַ באַנק, אַ צווייטע אין אַן אָפיס, אַ דריטע מיט ליטעראַרישער אַרבעט — אַלע מיט „מאַכן אַ לעבן". דער אַלטער פּאָעט, דער פאָלקס־דיכטער, אליקום צונזער, וועלכער האָט אַזוי פיל געשאַפן, שלעפּט פּעק מיט פּייפּער טאַקע ביי זיך אין דרוקעריי, אַרבעט שווער — „צו מאַכן אַ לעבן".

שאַיקעוויטש־שמ"ר, דער טאַטע פון אידישן ראָמאַן, שרייבט פיר ראָמאַנען אין איין צייט אין פיר פאַרשידענע בלעטער אין פאָרזעצונגען. און ווען מען פלעגט קומען צו אים נאָך דער ווייטערדיקער פאָרזעצונג, פלעגט ער בלויז אַ פרעג טאָן פאַר וועל־כער צייטונג מען דאַרף האָבן די פאָרזעצונג , און פלעגט זי באַלד אויפזוכן. האָט טאַקע אַמאָל פּאַסירט, אַז ער האָט גע־געבן זיין טאָכטער ראָזען אַ פאָרזעצונג, זי זאָל עס אָוועקטראָגן אין „טאַגעבלאַט", האָט זי פאַרביטן די יוצרות און אָוועקגע־טראָגן די „טאַגעבלאַט"־פאָרזעצונג אין דער „אידישער וועלט",

וואו עס איז אויך געגאַנגען זיינער אַ ראָמאַן. נאָכדעם ווי די פאָרזעצונג איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער „אידישער וועלט", האָט זיך שאַיקעוויטש געכאַפּט און האָט געזאָגט צו זיין טאָכ־טער אַזוי קאַלט און גוטמוטיק: „ראָזעלע, דאַכט זיך, דו האָסט געמאַכט דעם רוסישן צאַר פאַר אַן אָרעמען בעטלער. דו האָסט די פאָרזעצונג, וועלכע האָט געהערט צום ראָמאַן „גלות מאָסק־ווע", אַוועקגעטראָגן צום ראָמאַן „דער רייכער בעטלער". ער האָט עס געמוזט אין דער ווייטערדיקער פאָרזעצונג פאַרענט־פערן. אָבער געאַרבעט האָט ער שווער צו „מאַכן אַ לעבן", און דער אַמעריקאַנער לייט־מאָטיוו „מאַכן אַ לעבן" האָט מיר געקלונגען אין די אויערן, און איך האָב באַשלאָסן, אַז אויך איך דאַרף „מאַכן אַ לעבן".

איך האָב מיך באַקענט מיט אַ מוזיקער, הענרי רוסאָטאָ. ער איז דעמאָלט געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע מוזיקער אויף דער איסט־סאַיד. ער פלעגט געבן פּיאַנאָ־לעקציעס און אַראַנזשירן אַלע אידישע לידער פאַר פּיאַנאָ, וועלכע די היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני פלעגט דרוקן. ער איז אויך געווען דער ערשטער, וועלכער האָט פאַרשריבן די „התקוה" אויף נאָטן, וואָס דער פּראָפעסאָר, נפתלי אימבער, האָט פאַר אים פאָרגע־זונגען.

איך האָב פון הענרי רוסאָטאָן געהערט נאָך אַלס קינד אין ווילנע. ער האָט געהייסן ניסוויזשעסקי און איז געווען אַ דירי־זשאָר אין ווילנער כאָר־שול, ווען איך האָב געזונגען אַלט. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ שילערין פון ווילנער קאָנסערוואַטאָ־ריע, וועמענס נאָמען ס'איז געווען רוסאָטאָ, און האָט אָנגענומען דעם נאָמען רוסאָטאָ, אָנשטאָט ניסוויזשעסקי. איך געדענק, ווען ער האָט חתונה געהאַט ערגעץ־וואו אויף פּאָהוליאַנקע, האָבן אויף זיין חתונה געזונגען ביידע כאָרן פון די ווילנער שולן, דער כאָר פון דער גרויסער שול און דער כאָר פון כאָר־שול. איך בין דעמאָלט געווען איינער פון די זינגערלעך. אין ניו־יאָרק

האָט ער געוואוינט אויף איסט־בראָדוויי, בעסער געזאָגט — אויף איסט־בראָדווייסקאַיאַ אוליצאַ. אַזוי האָט מען עס דעמאָלט אָנגערופן, ווייל דאָרט האָט געוואוינט די „רוסקאַיאַ אינטעליגענציאַ".

נאָכדעם ווי איך האָב מיט אים פאַרבראַכט אַ האַלבע שעה, זאָגט ער צו מיר: „איר זעט, ניט קוקנדיק דערויף וואָס איך אַליין בין אַ פּיאַנאָ־לערער, וועל איך אייך געבן דעם ערשטן שילער אין אַמעריקע, טאַקע מיין זונדעלע".

ער איז געוואָרן שפּעטער אַ דאָקטאָר. מערקווירדיק, אַלע מיינע שילער זיינען געוואָרן דאָקטוירים, לאָיערס, געשעפטסלייט, אָבער זעלטן ווער פון זיי איז געוואָרן אַ מוזיקער.

בשעת מיין געשפּרעך מיט רוסאָטאָן איז אַריינגעקומען אַ דאַמע, אַן עכט־רוסישע אינטעליגענטקע, וועלכע מען האָט פאַר מיר פאָרגעשטעלט: מאַדאַם איוואַ קראַנץ, די פרוי פון באַוואוסטן אידישן שרייבער, פיליפּ קראַנץ. רוסאָטאָ דערקלערט מיר, אַז מאַדאַם קראַנץ איז אַ זינגערין און זיי גייען אויפפירן די אָפּערע „דעמאָן" פון אַנטאָן רובינשטיין, אין וועלכער מאַדאַם קראַנץ וועט שפּילן דיהויפּט־ראָלע — טאַמאַראַ. ווען איך האָב געזאָגט רוסאָטאָן, אַז איך קען די אָפּערע „דעמאָן" און האָב זי איינגעזונגען מיטן כאָר אין דער דווינסקער רוסישער אָפּערעטע, וואו מען פלעגט צייטנווייז אויך שפּילן אָפּערעס, האָט ער אַרויסגענומען די נאָטן פון דער אָפּערע און מיך געפרעגט וואָס צו טאָן מיטן שלום פון צווייטן אַקט, וועלכער איז אומגעהייער לאַנג. האָב איך אים געוויזן, שפּילנדיק אויף דער פּיאַנאָ, אַז מען זינגט עס ניט אינגאַנצן, נאָר פון אַ געוויסער שטעלע אַן מאַכט מען אַ „קופּיור", דאָס הייסט אַ שניט, גאַנץ איינפאַך — מען פאַרקירצט עס פון דאַנען אַן ביז אַהער; כ'האָב אים געוויזן אויף וועלכער שטעלע. רופט זיך אָן רוסאָטאָ, אַז די נאָטן פאַרן גאַנצן אָרקעסטער איז אים שווער צו קריגן פון רוסלאַנד, זיי האָבן קוים געקראָגן די נאָטן פאַר פּיאַנאָ און געזאַנג, און ער

לייגט מיר פאָר, כ׳זאָל אַראַנזשירן די גאַנצע אָפּערע „דעמאָן״ פאַרן אָרקעסטער און אויך איינזינגען מיטן כאָר. ער גיט מיר פאַר דעם פערציק דאָלאַר. די סומע איז דעמאָלט געווען אַן אומגעהייער גרויסע, אָבער די אַרבעט איז געווען ווערט, פאַר אַ מציאה, פופצן הונדערט דאָלאַר.

איך האָב דעם פאָרשלאָג אָנגענומען. ער האָט מיר גלייך געגעבן אַ טשעק פאַר צען דאָלאַר. האָב איך אים געשטעלט צוויי פראַגעס: ערשטנס, פון וואַנען ווייסט ער, אַז איך וועל קאָנען אַראַנזשירן די אָפּערע פאַרן אָרקעסטער, און צווייטנס, ווי אַזוי געטרויט ער מיר די צען דאָלאַר? זאָגט ער, אַז ער פאַר־לאָזט זיך אויף מיר — „איך קען מיינע חברה!״

מיר האָבן פאַרבראַכט נאָך אַ ביסל, און רוסוטאָ זאָגט צו מיר: „קומט, איך גיי איצט צו גאָלדבערגס מוזיק־סטאָר, איך וועל אייך פאַר אים פאָרשטעלן. עס איז ניט ווייט פון דאַנען״. מיר גייען אַריין אין דעם סטאָר, וואָס האָט זיך געפונען אויף גרענד סטריט. רוסאָטאָ שטעלט מיך פאָר פאַר גאָלדבערגן, גיט מיר אַ גרויסע רעקאָמענדאַציע און רוימט אים דערצו איין אַ סוד אין אויער. רוסאָטאָ האָט נאָך פאַרווײַלט אַ קורצע צייט, באַשטעלנדיק נאָטן פאַר זיינע שילער, און זאָגט צו מיר פאַרן אַוועקגיין: „איר בלייבט נאָך דאָ. קומט צו מיר מאָרגן. אי־בערהויפּט זייט ביי מיר ניט קיין גאַסט. איך דאַרף לויפן, ס׳איז אַמעריקע, מען דאַרף „מאַכן אַ לעבן״. ביי די ווערטער פאַר־שווינדט ער.

גאָלדבערג רופט זיך אָן צו מיר: „איר באַדאַרפט זיך גאָר־ניט זאָרגן, איר וועט „מאַכן אַ לעבן״. אינעם מוזיק־סטאָר איז געשטאַנען אַ פּיאַנאָ, האָב איך אויף זיין פאָרשלאָג פאָרגעשפּילט פאַר אים עטלעכע פון מיינע קליינע זאַכן פאַר פּיאַנאָ. ער אַליין איז ניט געווען קיין מוזיקער, אָבער אַן אָנגעהערטער מיט מוזיק. פרעגט ער מיך, צי איך וואָלט וועלן אַראַנזשירן פאַר אים „כל נדרי״ פאַר פּיאַנאָ? וואונדער איך מיך, פאַרוואָס ער גיט עס

ניט רוסאָטאָן, ער זאָל עס אַראַנזשירן פאַר אים. זאָגט ער מיר, אַז רוסאָטאָ שרייבט פאַר דער היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני, און פאַר אַנדערע טאָר ער ניט שרייבן, און גיט גלייך צו, אַז דאָס איז געווען דער סוד, וואָס רוסאָטאָ האָט אים איינגערוימט, אַז ער זאָל עס מיר געבן צו אַראַנזשירן.

ער פרעגט מיך, פאַרוואָס איך גיב ניט קיין פּיאַנאָ-לעקציעס, זאָג איך אים, אַז ערשטנס, האָב איך נאָך ניט קיין שילער, און צווייטנס, איז ביי מיין ברודער, ביי וועלכן איך בין אויף לאָזשי, ניטאָ קיין פּיאַנאָ. מאַכט ער מיר גלייך אַ פאָרשלאָג, אַז אויב איך וויל, וועט ער מיר דערלויבן געבן פּיאַנאָ-לעקציעס ביי אים אינדערהיים; ער וואוינט טאַקע אין דעם זעלבן הויז, וואו די פּיאַנאָ-סטאָר געפינט זיך, אויפן צווייטן שטאָק, און אַז קיין שי-לער וועלן מיר שוין ניט פעלן — ער וועט זיי מיר רעקאָמענדירן פון זיין סטאָר.

איך האָב אָנגענומען גאָלדבערגס ביידע פאָרשלאָגן — אי צו געבן לעקציעס אין זיין הויז, אי צו אַראַנזשירן „כל נדרי" פאַר פּיאַנאָ. בעת מיין פאַרלאָזן די סטאָר זאָגט ער צו מיר: „אַז איר וועט ברענגען „כל נדרי" פאַר פּיאַנאָ, ברענגט נאָך אַ פּאָר אייערע זאַכן פאַר פּיאַנאָ; אָבער געדענקט, עס באַדאַרף זיין ניט שווער, נאָר זייער לייכט, אַז קינדערלעך זאָלן עס קאָנען שפּילן. איך וועל עס אַרויסגעבן". ער דערלאַנגט מיר דערביי פינף דאָלאַר, זאָגנדיק: „איך וועל עס אייך אָראָפּרעכענען..."

ווען איך בין אַריינגעקומען אין מיין ברודערס הויז, האָב איך אים שוין געפונען אינדערהיים. פרעג איך אים: „וואָס עפּעס פריער ווי אַלע מאָל?" זאָגט ער מיר, אַז די יוניאָן זיינע האָט אַרויסגערופן אַ סטרייק, און באַמערקט: „דו הערסט, יאָש-טשיקל, די קירזשנער-יוניאָן וועט זיין אַמאָל אַ גרויסע, שטאַרקע יוניאָן". רופט זיך אָן די שוועגערין, חנה: „דערווייל רוף אַרויף די קינדער, וועלן מיר עסן סאַפּער". ביז די דריי חברה, די קינ-דערלעך, זיינען אַרויפגעקומען, האָב איך דערווייל דערציילט,

וואָס איך האָב אין יענעם טאָג אויפגעטאָן און האָב ארויסגע־נומען די צען דאָלאַר פון רוסאַטאָן און די פינף פון גאָלדבערגן. זאָגט איציק: „דו הערסט, יאָשטשיקל, איך האָב דאָס ניט פאַר־דינט פאַר די לעצטע דריי וואָכן!” שטיצט אים מיין שוועגע־רין אונטער: „פאַרוואָס ניט? אין פיר וואָכן האָסטו דאָך צוויי וואָכן אינגאַנצן ניט געאַרבעט!...”

דערווייל זיינען די קינדערלעך אַרויף פון דער גאַס, און מען האָט זיך געזעצט צום טיש. רופט זיך אָן מיין ברודער: „יאָשטשיקל, דו וועסט אין אמעריקע שאַרן גאָלד! עס איז דיין מדינה!...” און ער צערעדט זיך מיט באַגייסטערונג וועגן זיין יוניאָן, און ביי יעדע דריי ווערטער דערמאָנט ער דעם נאָמען יאָזעף באַראָנדעס, און ווען ער רעדט אַרויס דעם נאָמען ווערן ביי אים די אויגן גרויס, ער ציט אים אויס לאַנגזאַם און זאָגט: „אוי, יאָשטשיקל, האָט ער אַ פּיסק, האָט ער אַ מענה־לשון! היינט אַ שיינער, הויכער מענטש, זעט אויס ווי אַ מאַנאַרך. האָסט אים באַדאַרפט זען, ווי ער האָט דעם ערשטן מאַי געריטן אויף אַ ווייס פערד אין טאַקט פון דער מוזיק!...” זאָגט די שוועגערין צו מיר: „ער הייסט דאָך טאַקע אַזוי ווי דו, יאָזעף”. זאָגט איינס פון די קינדערלעך: „אָנקלס נעים איז ניט יאָזעף, נאָר יאָשטשיקל”. זאָגט די שוועגערין צו די קינדערלעך: „איך וויל טאַקע, אַז איר זאָלט פון היינט אָן דעם אָנקל רופן אָנקל יאָזעף”.

איך נעם די צען דאָלאַר און דערלאַנג זיי דעם מיידעלע, זאָגנדיק: „גיב עס דער מאַמען”. זאָגט זי: „מאַמע, אָנקל יאָ־זעף גיט דיר דאָס”. זאָגט מיין ברודער איציק צו מיר: „ווען דו וועסט פאַרדינען טויזנט דאָלאַר אַ וואָך און אַלע צייטונגען וועלן שרייבן וועגן דיר, וועל איך דיך אַלץ רופן יאָשטשיקל...”

# מיין ערשטע קאָמפּאָזיציע אין אַמעריקע

דאָס ווערטל „מאַכן אַ לעבן" האָט מיר אַזוי פאַרקלונגען מיינע אויערן, אַז עס איז געוואָרן ביי מיר ווי אַ לייט־מאָטיוו אין אַן אָפּערעטע, און איך האָב עס טאַקע אַ נאָמען געגעבן „דער אַמעריקאַנער לייט־מאָטיוו איז מאַכן אַ לעבן", אַלע זיינען באַשעפטיקט, אַלע זיינען ביזי.

דאָס ווערטל „ביזי" האָט מיר געזשומעט ווי אַ בין וואָלט פאַרבייגעפלויגן מיינע אויערן און געמאַכט ביזי, ביזי, ביזי... איך האָב מיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און נשמה אין ווערן ביזי, און בין געוואָרן ביזי. איך האָב אָנגעהויבן צו געבן פּיאַנאָ־לעקציעס אין מיסטער גאָלדבערגס הויז, און ער האָט עס טאַקע אַ נאָמען געגעבן „רומשינסקים מוזיק־סטודיע". גאָלדבערג האָט מיך פאַרזאָרגט מיט שילער. איך האָב אין די ערשטע דריי חדשים אָנגעשריבן צען קליינע פּיאַנאָ־קאָמפּאָזי־ציעס אין דער פאָרם פון „טיטשינג פּיסעס" און גאָלדבערג האָט זיי אַלע אָפּגעדרוקט. ער פלעגט מיר צאָלן פינף דאָלאַר פאַר יע־דער פּיאַנאָ־קאָמפּאָזיציע. איך האָב אויך אָנגעשריבן אַ „טרויער־מאַרש", וועלכן איך האָב גערופן „מאַרטש פיונעברא", גע־ווידמעט דעם קישינעווער פּאָגראָם. די טרויעריקע טענער האָט אין מיר אַרויסגערופן פרוגס אַן עלעגיע, וועלכע ער האָט דעמאָלט געהאַט אָנגעשריבן. די עלעגיע האָט מיך צעשרויפט. אַ באַזונדערן איינדרוק האָבן אויף מיר געמאַכט די שורות: „גיט די טויטע תכריכים און די לעבעדיקע ברויט".

דער טרויער־מאַרש איז געוואָרן אָפּגעדרוקט צוזאַמען מיט מיינער אַ פּיאַנאָ־אַראַנזשמענט פון „כל נדרי", און גאָלדבערגס מוזיק־סטאָר מיט די פענסטער זיינען געוואָרן פאַרלייגט מיט מיינע קאָמפּאָזיציעס. אויך זיינען טאַקע איניקע פּיאַנאָ־פּיסעס (שטיקלעך) געוואָרן פּאָפּולער ביי די פּיאַנאָ־לערער און די

לערערינס און זיי האָבן זיי רעקאָמענדירט צו זייערע שילער, ווייל זיי זיינען געווען לייכט און מעלאָדיש.

פּיאַנאָ־שפּילן איז דעמאָלט געווען דאָס משוגעת פון אַמע־ריקע, בעסער געזאָגט — פון ניו־יאָרק, און באַזונדערס ביי די אידן פון דער איסט־סאַיד. איך וואָלט עס אָבער גיכער אָנגע־רופן פּיאַנאָ־קלאַפּן, פּיאַנאָ־זעצן, פּיאַנאָ־האַקן. וואָס מען האָט דאַן געהערט, האָט מען זעלטן געקאָנט רופן פּיאַנאָ־שפּילן. אַזוי ווי קיין ראַדיאָ איז נאָך דעמאָלט ניט געווען, אַפילו דער גראַמאָפאָן איז נאָך ניט געווען זייער פּאָפּולער ביי אידן, ווייל ס׳זיינען נאָך קיין אידישע רעקאָרדס ניט געווען, און קיין לואי־סאָן־סטאַדיום איז אויך נאָך ניט געווען (די שטאָט־רעגירונג פלעגט שיקן ווען ניט ווען אַ ביליקן אָרקעסטער, וועלכער איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון גרעסערע פּאָליטישנס ווי מוזי־קער), — איז פּיאַנאָ־שפּילן געווען דאָס איינציקע שטיקל נחת אין מוזיקאַלישער פאַרוויילונג. אָבער כדי צו שפּילן פּיאַנאָ, אַחוץ איבונגען (עקזערסאַיז), דאַרף כאָטש נעמען אַ צוויי־דריי יאָר ניט פאַר אַ קינד, נאָר אַפילו פאַר אַ דערוואַקסענעם צו לער־נען שפּילן. ס׳פלעגט אָבער אָפט טרעפן, אַז נאָך אַ פינף־זעקס פּיאַנאָ־לעקציעס, וואָס זיין קינד האָט געהאַט, פלעגט דער טאַטע גלייך נאָך וועטשערע אַריינגיין אין פּאַרלאָר און זיך אַוועקזעצן צוהערן זיך צו זיין אינגעלעס אָדער מיידעלעס קאָנצערט. אונ־טער אַזעלכע אומשטענדן איז, נאַטירלעך, געווען אָפּגערעדט פון גוט שפּילן אָדער פון גוטער מוזיק.

דאָס פּאָפּולערסטע פּיאַנאָ־שטיק איז דעמאָלט געווען „עי־מאַדהערס פּרעיער״ (אַ מוטערס געבעט) פון אַ זייער טאַלענ־טירטן מוזיקער, אַרענשטיין. מען האָט עס געשפּילט כמעט אין יעדן הויז. עס האָט פאַרקלונגען גאַנץ ניו־יאָרק מיט „עי־מאַדהערס פּרעיער״, און טאַקע אַזוי גיך ווי דער שילער האָט געקענט שפּילן „עי מאַדהערס פּרעיער״ און „כל נדרי״, האָט ער

אויפֿגעהערט זיך לערנען, און דער טאַטע פֿלעגט זאָגן: „איך דאַרף ניט קיין פּראָפֿעסאָר; גענוג פֿאַר מיר!"

אַ פּיאַנאָ איז געווען לײַכט צו קויפֿן. די אײַנצאָלונג און אָפּצאָלונג זײַנען געווען לײַכטע, — האָט כמעט יעדער אָרעמער אַרבעטער, וועלכער האָט געוואוינט אין מער ווי צוויי שטיב־לעך, געהאַט אַ פּיאַנאָ, און עס האָבן געלערנט ניט נאָר קינ־דער, נאָר גרויס און קליין, יונג און אַלט. מען האָט געקלאַפּט, געזעצט, געבראַבאַנעוועט, אָבער זעלטן האָט מען געהערט גוט שפּילן פּיאַנאָ.

אַזוי ווי גאָלדבערגס מוזיק־סטאָר איז געווען דעקאָרירט מיט מײַנע קאָמפּאָזיציעס, איז גאָלדבערגן געווען לײַכט צו באַ־קומען פֿאַר מיר שילער. אַז דער קאָמפּאָזיטאָר אַליין זאָל ווערן דער לערער — אויף דעם האָבן זיך געפֿונען אַ סך בעלנים. בין איך געוואָרן ביזי, אָבער ביזי, ביזי, ביזי, ביזי... פֿון אינ־דערפֿרי ביז שפּעט בײַנאַכט בין איך געווען ביזי מיט געבן פּיאַנאָ־לעקציעס.

די שילער מײַנע זײַנען געווען צעטיילט אין דרײַ קאַטעגאָ־ריעס. פֿון צען אינדערפֿרי ביז דרײַ בײַטאָג האָב איך געלערנט מיט יונגע ווײַבלעך, ניט לאַנג חתונה־געהאַטע, וואָס ווילן ווײַזן דעם מאַן, אַז זיי קענען שפּילן פּיאַנאָ. פֿון דרײַ ביז זיבן — מיט סקול־קינדער, און ביז צען־עלף בײַנאַכט — מיט שאַפּ־מיידלעך און אָפּיס־מיידלעך, וועלכע ווילן חתונה האָבן און דורך זייער שפּילן פּיאַנאָ קריגן שנעלער אַ חתן.

זײַענדיק אַזוי ביזי מיט געבן פּיאַנאָ־לעקציעס פֿון פֿרי ביז נאַכט, פֿלעג איך מיך דערמאָנען אָן אַ קשיא, וואָס מײַן טאַטנס אַן אַרבעטער האָט געפֿרעגט בײַ מײַן פֿעטער אַהרן דעם מלמד: „זאָגט מיר, ר' אַהרן, ווי אַזוי שטעלט איר זיך פֿאָר דעם גיהנום? וואָס טוט מען אין גיהנום?" האָט אים מײַן פֿעטער געענטפֿערט, אַז אין גיהנום האַלט מען אין איין פּרעסן, טאַנצן און ס'זײַנען דאָרט פֿאַראַן אַ סך מיידלעך. זאָגט צו אים דער

אַרבעטער: „אָט דאָס איז ביי אייך אַ גיהנום?" ענטפערט אים מיין פעטער: „קינד מיינס, אַז מען דאַרף האַלטן אין איין פרעסן, אין איין טאַנצן מיט אַ סך מיידלעך, און מען לאָזט דיך ניט אָפּ־רוען זיך, איז עס אַ גיהנום, אַ שרעקלעכער גיהנום". אָט אַזוי האָב איך געפּילט, ווען איך האָב געדאַרפט פון אינדערפרי ביז שפּעט ביינאַכט לערנען מיט אומפעאיקע מענטשן, וועלכע האָבן ניט קיין געהער און קיין ריטם צו מוזיק. פון אַלע מיינע שי־לער האָט זיך נאָר געפונען איינער אָדער צוויי, וועלכע האָבן געהאַט אַ שטיקל געהער פאַר מוזיק.

אין יענע צייטן, אויב מען האָט געוואָלט מאַכן אַ לעבן פון זיין אַ פּיאַנאָ־לערער, ספּעציעל אויף דער איסט־סאַיד, האָט מען געמוזט אָננעמען אַ סך שילער, ווייל די פּרייזן האָבן זיך אָנגע־הויבן פון אַ קוואָדער אַ לעקציע, און אַזוי ווי איך בין געווען דער קאָמפּאָזיטאָר פון אַזוי פיל פּיאַנאָ־פּיסעס, האָט מען מיר געצאָלט פופציק סענט, פינף און זיבעציק סענט, און איינציקע, געציילטע, אויך אַ דאָלאַר אַ לעקציע.

די ערשטע צייט פון מיין זיין אַזוי באַשעפטיקט האָב איך געפילט זייער גוט, כמעט גליקלעך. איך האָב געפילט ווי אַן עכטער אַמעריקאַנער. אַלע לויפן, האָוועןן, איך אויך. דער אין שאַפּ, דער אין אָפיס; איך לויף אין מיין סטודיע. אָבער לאַנג האָט עס ניט אָנגעהאַלטן; דער ענטוזיאַזם פון זיין באַשעפטיקט, ביזי, האָט אַלץ מער גענומען פאַרשווינדן. אפילו דאָס געלט, וואָס איך האָב געמאַכט, האָט מיך אויפגעהערט צו וואַרעמען, און עס פלעגט מיר קלינגען דעם פעטער אהרנ׳ס ענטפער צו מיין טאַטנס אַרבעטער וועגן גיהנום, אַז עסן איז גוט, און טאַנצן איז אויך גוט, און אפילו אַ שיין מיידל איז ניט שלעכט, אָבער ווען עסן ווערט פרעסן און טאַנצן ווערט האָפּקען און אַ שיין מיידל ווערט אַן אומדערמידלעכער זנות, איז עס אַ גיהנום. און מיינע פּיאַנאָ־לעקציעס מיטן פאַרדינסט, מיט דער סטודיע צוזאַמען זיינען געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ גיהנום. איך פלעג

אַ גאַנצן טאָג הערן קלאַפּן אַזוי ווי אין אַ לאָקשן־ברעט פאַלשע טענער, ווען ניט ווען אַ ריכטיקער אַקאָרד. איך בין געוואָרן גרין און געל, אָן אַ ביסל לופט; כ׳האָב ניט דערעסן אין צייט. ביינאַכט פלעג איך, קומענדיק אַהיים, זיצן און שרייבן. דאָס איינציקע, וואָס פלעגט מיך האַלטן אויף מיינע פיס און האָט מיר געגעבן אַ גייסטיקן פאַרגעניגן, פון וועלכן איך פלעג האָפן אַ גאַנצע וואָך, אַז באַלד־באַלד וועל איך זיין דאָרט, זיינען געווען די פרייטאָג־צו־נאַכטן ביי די שאָמערס. דער פרייטאָג־צו־נאַכט פלעגט זיין אַן אָוונט „צו גאָט און צו לייט״. עס איז געווען אַ קולטורעלער, מוזיקאַלישער, האַרציקער, פריינטלעכער, אידיש־אינטעליגענטער אָוונט, און עס פלעגט זיך מיר שטעלן די פראַגע, זייענדיק ביי די שאָמערס: גזלנים! פאַרוואָס אַזוי זעלטן אַזעלכע אָוונטן? וואָס שמאַיעט איר? וואָס לויפט איר? וואָס ביזנעוועט איר? און איך פלעג מיר אַליין פאַרענטפערן: אפשר, ווען עס איז יעדן טאָג אין דער וואָך אַזאַ אָוונט, וואָלט עס געווען די מעשה מיט מיין פעטערס גיהנום. אָבער ווי די זאַך זאָל ניט געוועזן זיין, שאָמערס פרייטאָג־אָוונט פלעגט מיר געבן גייסטיקע שפּייז פאַר אַ גאַנצער וואָך.

מיין חבר טשאַרלז צונזער איז געוואָרן נאָך מער באַשעפּטיקט. עס האָט זיך געעפנט אַן אָפיס, וועלכער זוכט אויף פאַרשוואונדענע מענער. עס איז געווען אַן אָפּטיילונג פון דער „יונאַיטעד היברו טשאַריטיס״, און טשאַרלז איז געוואָרן אנגאַזשירט אַלס דער לאַיער אין אָפיס פון פאַרשוואונדענע מענער. ער איז נאָך זינט דעמאָלט און אויך איצט זייער לאַיער. דער אָפיס הייסט איצט „דיזוירשן ביוראָ״.

אַזוי ווי דער „אָפיס פון די פאַרשוואונדענע מענער״ איז געווען איבער אליקום צונזערס דרוקעריי, פלעגן די ווייבער פון די פאַרשוואונדענע מענער קומען גלייך צו אליקום צונזערן אין דרוקעריי און דאָרט וואַרטן אויף טשאַרלזן. זאָגט צו מיר אַמאָל אליקום:

— איר הערט, פריינד רומשינסקי, כאַטש מיין זונס באַשעפ־טיקונג איז העלפן די ווייבער אויפזוכן זייערע מענער, זאָג איך אייך טאַקע, אַז אויף אייניקע ווייבער איז נעבעך אַ ביטערער רחמנות, אַ גרויסער צער; פונדעסטוועגן סימפּאַטיזיר איך מיט אַ גרויסן טייל פון די פאַרשוואונדענע מענער און איך וואָלט וועלן, אַז מיין טשאַרלזן זאָל ניט געלינגען זיי צו געפינען. אַזעלכע פיסקעס, אַזעלכע מענה־לשונ׳ס, אַז מען דאַרף פון זיי אַנטלויפן וואו פעפער וואַקסט.

# אַדלער, טאָמאַשעווסקי און אַננאַ העלד

געבנדיק פּיאַנאָ־לעקציעס, האָב איך מיט יעדן טאָג אַלץ מער אויסגעפונען, אַז דאָס איז ניט פאַר מיר. איך האָב עס איינפאַך געהאַסט און אַפּילו גענומען זיך מאַכן קראַנק און לאָזן וואַרטן מיינע שילער, ביז עס איז אייניקע נמאס געוואָרן און זיי זיינען מער ניט געקומען. וואָס מער שילער איך האָב פאַרלוירן, אַלץ מער בין איך געווען צופרידן, פילנדיק זיך פרייער. איך פלעג טענה'ן מיט מיין ברודער איציק, אַז איך פיל מיך ווי מיין פעטער אַהרן: ער איז אַ מלמד און איך בין אַ מלמד.

די גרעסטע צרות פלעג איך האָבן פון די שילער, וועלכע פלעגן קומען ביינאַכט. איך מיין די שאַפּ־מיידלעך און די אָפּיס־מיידלעך. אַ סך פון זיי האָבן פשוט געמיינט תכלית... אייניקע פלעגן מיטברענגען דעם טאַטן, די מאַמען מיך אָנצוקוקן, און זיי פלעגן זיצן און באַלאַקען. פלעג איך זאָגן, אַז די צייט איז קורץ, איך האָב נאָך שילער; האָט מיר אַ מאַמע געענטפערט, וואַרטנדיק אויף איר טעכטערל: „סעי, מיסטער פּראָפעסאָר, מיר צאָלן אייך דערפאַר, קאָנען מיר רעדן אָנשטאָט שפּילן, און אַז ניט, וועל איך אייך באַצאָלן פאַר אָווערטאַים. גלויבט מיר, עס איז דאָ געננוג. ס'עט קלעקן פאַר אייך און פאַר אייערע ביידנס קינדערלעך", און זי באַקוקט נאָך אַמאָל איר טעכטערל פון צוויי הונדערט פונט (איך האָב דעמאָלט געוואויגן אַ הונ־דערט און צען פונט). עס איז אויך געקומען צו מיר אַ איד מיט אַ יונג מיידל און געזאָגט צו מיר: „וואָס וועט קאָסטן, איר זאָלט מיין סאָסקען (אָנווייזנדיק אויפן מיידל) אויסלערנען שפּילן „עי מאַדהערס פּרעיער" און „ווי געפעלט אייך אַזאַ באָרדער"? איך וויל, אַז איר זאָלט זי לערנען אָן די אַלע חזיר'ייען". איך קוק אים אָן, ענטפערט מיר דאָס מיידל: „הי דאָזענט לאַיק פּיאַנאָ עקזערסאַיז". זאָגט ער: „יאָ, איך האָב פיינט די אַלע איבעריקע

קלאַפּעריייען אין קאַפּ. מיר׳ן מאַכן אַ פּרייז אַגולנע. איכ׳ל אייך גוט באַצאָלן און לערנט זי אויס די צוויי שטיקלעך, און באַסטאַ, אַראָפּ פון מאַרק״.

עס קאָן זיין, אַז ווען מיך וואָלט אַזוי ניט געצויגן צום טעאַטער, וואָלט איך ניט געפונען אַזוי פיל חסרונות אין די פּיאַנאַלעקציעס, נאָר מיך האָט געוואַלדיק געצויגן צום טעאַטער. איך פלעג זיך פילן זייער באַקוועם אין אַדלערס געזעלשאַפט. ער האָט געהאַט יענעם ווינטער אַ סוקסעס-פּיעסע, ליבינס „די געבראָכענע הערצער״. ער האָט געשפּילט אין דער פּיעסע אַ גאַנץ איינפאַכע פּאָטער-ראָלע, אַ איד אַ חזן. עס איז אַ ראָלע פאַר אַ גאַנץ געוויינלעכן אַקטיאָר, אָבער ביי אַדלערן איז עס אַרויסגעקומען אַ גרויסע פּערזענלעכקייט. ער האָט געהאַט אַ סצענע, ווען ער קומט פון אַ תנאים און געפינט אויס דאָרט פון זיין טאָכטערס פאַרבאָטענער ליבע. . . פלעגט מען שוין ביים קלאַפּן מיטן שטעקן פון דער אַנדערער זייט טיר פילן די טראַגעדיע, אַ גאַנצע סימפאָניע מיט צעבראָכענע טענער פלעגט מען פילן אין דעם קלאַפּן מיטן שטעקן און אויך אין זיינע טריט און אונטערזיפצן. עס פלעגט ווערן אַן אימה אין טעאַטער. אַריינקומענדיק, פלעגט ער בלייבן שטיין ביי דער טיר אין אַ פּאַוזע, אין וועלכער עס איז געלעגן דער טרויער פון דער גאַנצער וועלט, אַז די אַקטיאָרן אויף דער בינע (פון פּובליקום איז שוין אָפּגערעדט) פלעגן בלייבן פאַרגליווערט.

איך פלעג קומען אָפּט צו אים אין דרעסינג-רום, און מיר פלעגן פיין פאַרברענגען. קוים פלעג איך אַ צייט אויספעלן, פלעגט ער שיקן נאָך מיר. איך בין אויך געוואָרן זייער באַפריינדט מיט באָרים טאָמאַשעווסקין, טאַקע דורך אַדלערן, אָבער מערקווירדיק: איך, זייענדיק אַ דיריזשאָר, באַלאַנגענדיק מער צו דער אָפּערעטע ווי צו דער דראַמע, האָב זיך דאָך געפילט, באַזונדערס די ערשטע צייט, נענטער און וואַרעמער צו אַדלערן ווי צו טאָמאַשעווסקין. כאָטש איך בין געווען אַ דריי-

סיק יאָר אינגער פון אַדלערן, האָבן מיר זיך געפילט שוין די ערשטע צייט ווי צוויי קאָלעגן. ער פלעגט מאַכן אַ ווירקונג ווי אַ „נאַש בראַט”, בעת טאָמאַשעווסקי האָט די ערשטע צייט גע־שפילט טעאַטער, אָנשטעל, גאווה. איך זאָג „די ערשטע צייט”, ווייל ווי מיר וועלן זען אין ווייטערדיקן טייל פון מײַן בוך, איז די טאָמאַשעווסקי־רומשינסקי־קאָמבינאַציע געוואָרן דער גרעס־טער און דערפאָלגרייכסטער „שידוך”. טאָמאַשעווסקי האָט מיך פאַרבעטן צו זיך אַהיים. ער האָט דעמאָלט געוואוינט אויף דער אַכט־און־ניינציקסטער גאַס און מעדיסאָן עוועניו. די סטריט־קאַר איז דעמאָלט געגאַנגען בלויז ביז דער זעקס־און־ניינ־ציקסטער גאַס, וואו עס איז געווען די לעצטע סטאַנציע. ער האָט געוואוינט זייער רייך, אַ שיין ביסל איבערטריבן רייך. דאָס גאַנצע הויז האָט אויסגעזען ווי אַן אָריענטאַלישע אָפּע־רעטע. ער האָט אויסגעזען אַפילו ביי זיך אינדערהיים ווי עפּעס אַ פּרינץ פון מזרח. זיין פרוי, בעסי טאָמאַשעווסקי, האָט מיט איר אויסזען און עלעגאַנטן אָנטאָן באַשטעטיקט, אַז אין איר קאָן זיך פאַרליבן אַפילו אַן אמת׳ער פּרינץ. איך האָב פאַר אים געשפילט עטלעכע פון מיינע קאָמפּאָזיציעס. ווי איך האָב פאַרשטאַנען, האָט ער באַשלאָסן, אַז איך בין פון דער „רוסקאַיאַ אינטעליגענציאַ”, פאַר וועלכער ער האָט אַ ביסל מורא גע־האַט, נאָר ער האָט מיך גלייך איינגעלאַדן צו זיך אין טעאַטער און געזאָגט: „מיינע טירן זיינען פאַר אייך אָפן. איר געהערט צום אידישן טעאַטער. מיסטער אַדלער האָט מיר פון אייך דערציילט. ער דענקט, אַז איר זענט אַ גרויס געווינס פאַר אונז”.

ער האָט מיך איינגעלאַדן צו גיין מיט אים אויף אַ פאַרם טרינקען פאַרם־מילך. אָפּגייענדיק אַ קורצן שטח, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קליין הייזקעלע, אַן אמת פאַרמער־הויז, וואו אין דרויסן איז געווען אַ שטאַל מיט אַ פּאָר בהמות, און מיר האָבן געטרונקען אמת׳ע פאַרם־מילך פון דער קו. ווי איך

באַגריייף איצט, האָט עס געדאַרפט כאַפּן ניט מער ווי ביי דער הונדערט - און - פופצנטער אָדער הונדערט - און - צוואַנציקסטער סטריט.

מערקווירדיק, מיט וואָס פאַר אַ רעספּעקט טאָמאַשעווסקי פלעגט רעדן פון אַדלערן. ער פלעגט אים איינפאַך פאַרגעטערן, אָבער אין געשעפט, אין קאָנקורענץ, פלעגט ער אים דערגיין די יאָרן. האָט אַדלער געשפּילט ליבינס „די געבראָכענע הערצער" און געזונגען אַ לידל פון מייעראָוויטשן, „גאָט און זיין משפט איז גערעכט", האָט טאָמאַשעווסקי זיך באַשטעלט אַ לידל פאַר זיך, טאַקע ביי מייעראָוויטשן, „קום, ישראל'יק, קום אַהיים". און אַדלער פלעגט זיך מתקנא זיין אין טאָמאַשעווסקין, אַריינשטעלנדיק מוזיק אין זיינע דראַמעס. אַפילו אין דער קלאַסישער דראַמע „שאַילאָק" זיינען געווען גאַנצע אַנסאַמבלען מיט מוזיק, און ער פלעגט אויך האָבן חשק אויפצופירן אָפּערעטעס. טאָמאַשעווסקי ווידער האָט נאָר געוואָלט שפּילן די גרעסטע דראַמאַטישע ראָלעס, ווי „האַמלעט", „די וועבער", „מעפיסטאָ" אין „פאַוסט", און מען פלעגט אָפט זען אויף דער אידישער גאַס אומגעפער אַזאַ אַפיש (פאָוסטער): „אונזער סוקסעס-פּיעסע „יודעלע דער בלינדער" שבת ביי טאָג, שעקספּירס „ראָמעאָ און דזשוליעט" שבת ביינאַכט.

אין אַ געוויסן שבת ביינאַכט גיי איך מיר, ווי געוויינלעך, צו גרענד-טעאַטער און איך וויל אַריינגיין צו אַדלערן אין דרעסינג-רום. איך זע, אַז די גאַס איז שוואַרץ מיט מענטשן. מען האָט אַפילו אַרויסגערופן פּאָליציי, מורא האָבנדיק פאַר דעם גרויסן געדרענג. איך האָב מיך ווי עס איז דורכגעשטופּט און בין אַריין צו אַדלערן אין דרעסינג-רום. אַזוי ווי ער האָט מיך דערזען, האָט ער אויסגערופן מיט קינדערשער פרייד: „גאָספּאָדין רומשינסקי, אָנאָ זדיעס (זי איז דאָ). זי איז געקומען מיך זען. פאַרט ניט פאַרגעסן דעם, וועלכער האָט זי אויף דער בינע אַרויפגעבראַכט, ראָלעס מיט איר געלערנט, ווי צו גיין אויף דער

בינע איר געוויזן. איצט איז זי רייך. איצט איז זי גרויס. גאַנץ אַמעריקע קלינגט דאָך מיט איר. נו, איר פאַרשטייט דאָך, ווע־מען איך מיין: אַננאַ העלד! די פרוי פון גרויסן אַמעריקאַנער דירעקטאָר, זיגפעלד". און ער דערציילט, ווי אָרעם זי איז גע־קומען פון פּאַריז קיין לאָנדאָן. זי האָט געהאַט אַ קליין שטי־מעלע. זי האָט קוים אויסגעזונגען די פּאַרטיע פון „שולמית".

עס איז שוין באַלד געווען ענדע פאָרשטעלונג, איז אַרויף זיגפעלד געאַרעמט מיט אַננאַ העלד, וועמענס פּנים'ל מען האָט קוים געזען איבער איר גרויסן העט מיט פעדערן. זי איז אין דרעסינג־רום ניט אַריין. אַלע אַקטיאָרן און אַקטריסעס זיינען אַרויס פון די דרעסינג־רומס אויף דער בינע. זי האָט אין איר ענגליש, וועלכעס איז געווען מיט אַ פראַנצויזישן אַקצענט, גע־זאָגט, אַז עס דערמאָנט איר אָן אירע ערשטע טעג אין ענגלאַנד. זי האָט אַדלערן שטאַרק געדריקט די האַנט, אָבער מיט אַ סך ווירדע און רעספּעקט, ניט צולאָזנדיק קיין איבעריקע פראַגעס, איז זי גלייך פאַרשוואונדן.

ווען איך בין צוריק אַריין מיט אַדלערן אין זיין דרעסינג־רום, האָט ער מיר געזאָגט: „גיי וויים, אַז פון האַנקע גלאָמפּ (אַזוי פלעגט מען זי רופן), דעם וואַרשעווער־פּאַריזער מאַרק־מיידל, בלומען־פאַרקויפערין, פראַנצויזישער וואָדעווילניצע, זאָל ווערן די לעגענדאַרישע פיגור אַננאַ העלד!"

# סאָפיע קאַרפּ, מאַקסים גאָרקי, גריגאָרי גערשוני, טרויער נאָך חורבן קישינעוו

יעדע נייע דערשיינונג, יעדע נייע פּערזאָן און יעדע נייע פּאַסירונג פלעגן אויפרודערן די דעמאָלטיקע אידישע גאַס. עס האָט וויברירט, עס האָט געצאַפּלט מיט לעבן. אַלעמענס אויגן און האָפענונגען זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף אַ הערלעכע צוקונפט. מען האָט זעלטן דערמאָנט די פאַרגאַנגענהייט. מען האָט געזוכט סענסאַציעס, און ס׳איז רעכט געווען אפילו אַ לוויה. איך מיין דער אומדערוואַרטעטער טויט פון דער ערשטער אידישער פּרימאַדאָנע, סאָפיע קאַרפּ. איר טויט איז געווען פאַרבונדן מיט אַ קאַמף, און עס איז אַ סברה, אַז דער קאַמף האָט פאַראורזאַכט איר פריצייטיקן טויט. די קריגעריי איז אַרויסגעקומען איבער דער פּאַרטנערשיפּ פון דעם נאָר־וואָס געבויטן גרענד־טעאַטער, וואו זי איז געווען איינע פון די פּאַרטנערס. ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, ווער ס׳זאָל בלייבן ביים טעאַטער — סאָפיע קאַרפּ אָדער יעקב אַדלער.

סאָפיע קאַרפּ, מורא האָבנדיק פאַר אַ דיספּאָזעס, איז ניט אַרויס פון טעאַטער, דאָרט געגעסן, דאָרט געטרונקען, אפילו געשלאָפן איז זי אין טעאַטער. אין טעאַטער האָט זי זיך שטאַרק צוגעקילט און געקראָגן אַ לונגען־אָנצינדונג (ניומאָניע), געלעגן אַ פּאָר טעג און איז געשטאָרבן. ס׳איז געווען די ערשטע גרויסע לוויה אויף דער איסט־סאַיד. מענטשן זיינען געהאָנגען איבער די הייזער. מען איז ניט נאָכגעגאַנגען, נאָר מען האָט געטראָגן איינער דעם אַנדערן. עס איז אויך ניט געווען קיין שטילע לוויה, ווייל אירע פאַרערערינס, וועלכע האָבן זיך געציילט אין די טויזנטער, האָבן געוויינט אויפן קול. עס האָבן זיך געהערט אומגעפער אַזעלכע געשרייען: „ווי אַזוי קאָן מען אַזא

שיינעם קערפּער און אַזאַ ליכטיק פּנים אַריינלייגן אין דר׳ערד?״ קיין אָרדענונג איז ניט געווען, ווייל — ווי שוין געזאָגט — דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע לוויה אויף דער איסט־סאַיד, און פּאָליציי איז געווען ווייניק — מען איז נאָך ניט געוואוינט געווען צו אַזעלכע זאַכן. די אידישע גאַס האָט געקאָכט. זי האָט גע־זוכט סענסאַציע אַפילו אין טויט, מאַכנדיק אַ סענסאַציאָנעלע לוויה.

אָבער ניט נאָר סענסאַציעס האָט מען געזוכט, נאָר אויך זאַכן פאַר וועלכע מ׳זאָל זיך באַגייסטערן, נייע געטער. און טאָ־מער זיינען אַזעלכע ניט געווען, האָט מען זיי באַשאַפן, און ווער רעדט נאָך, אַז עס פלעגט אַריבערקומען פון רוסלאַנד אַ וויכטיקע פּערזאָן, פלעגט די איסט־סאַיד גיין ווי אויף רעדלעך.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן וואָס עס האָט זיך אָפּגע־טאָן, ווען מאַקסים גאָרקי, דער גרויסער רוסישער שרייבער, איז געקומען קיין אַמעריקע. מיט מאַקסים גאָרקי האָט זיך אַפילו געקאָכט די ניט־אידישע וועלט אויך, וועלכע האָט אויס־געפונען, אַז מיט זיין פרוי, מיט וועלכער ער איז געקומען, איז ער ניט געזעצלעך פאַרהייראַט. נו, נו, מען האָט אים טאַקע אין קיין האָטעל ניט אַריינגעלאָזן. ער איז געווען געצוואונגען צו וואוינען פּריוואַט, און טאַקע ביי אַ רוסישן אידן. אָבער די גרעסטע איבעראַשונג איז געווען, ווען מאַקסים גאָרקי איז גע־קומען אין אידישן טעאַטער זען יעקב גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול״. עס איז געווען אין אַ זונטאָג. אַרונטערגעבראַכט האָט אים אַ געוויסער מאַנדעלקערן. דער מאַנדעלקערן איז געווען אַ טיפּ און אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט. ער איז געווען אַ רוסישער איד מיט אַן אַריסטאָקראַטישן אויסזען, פלעגט ער זיך שאַרן צווישן גרויסע מענטשן — אַמבאַ־סאַדאָרן, דירעקטאָרן, בראָדווייער סטאַרס, זינגערס פון מעטראָ־פּאָליטען אָפּערע הויז. ער פלעגט מיט די אַלע פּערזענלעכקייטן אַרומגיין געאַרעמט, צו ווייזן ווי נאָענט ער איז מיט זיי באַ־פריינדט.

איך האָב אַמאָל געפרעגט יעקב גאָרדינען פאַרוואָס ער פאָרט ניט קיין רוסלאַנד אויף אַ באַזוך, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט מורא פאַר מאַנדעלקערנען. ער איז אַ „טיאָמנאיאַ ליטשנאָסט" (אַ פאַרדעכטיקע פערזאָן). טאַקע דער מאַנדעל־קערן האָט עס אַרונטערגעבראַכט יעקב אַדלערן פון ענגלאַנד. זיין לעצטער גרויסער אויפטו איז געווען, ווען ער האָט אַרונ־טערגעבראַכט יאַשאַ חפצ'ן. טאַקע פון דעם האָט ער געצויגן זיין פרנסה די לעצטע צייט פון זיין לעבן. שפּעטער איז ער געשטאָרבן אין איטאַליע.

גייענדיק געאַרעמט מיט מאַקסים גאָרקין, איז מאַנדעלקערן אַריינגעקומען אין טאַליאַ טעאַטער זען „גאָט, מענטש און טייוול". די פרייד פון יעקב גאָרדין, אַז מאַקסים גאָרקי זעט זיין בעסט ווערק, האָט זיך אויסגעדריקט אויף זיין געזיכט, ווען ער איז מיט אים געזעסן אין דער לאָזשי (באַקס).

דוד קעסלער, מאָשקאָוויטש, טאָרנבערג און די גאַנצע קאָמפּאַניע האָבן איינפאַך געציטערט פאַר נערוואָזיטעט. נאָכן שפּילן האָט מאַנדעלקערן גענומען מאַקסים גאָרקין געאָרעמט און אים אַרויפגעפירט אויף דער בינע צוזאַמען מיט יעקב גאָרדינען. ער האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר אַלע אַקטיאָרן. איבערהויפּט האָט זיך געפילט יום־טוב'דיק דוד קעסלער, ווייל ער האָט גערעכנט „הערשעלע דובראָוונער" פאַר זיין בעסטע ראָלע. זיי האָבן אַלע אַרומגערינגלט מאַקסים גאָרקין און גע־וואָלט הערן זיין מיינונג איבער דער פּיעסע און זייער שפּילן, אָבער גאָרקי האָט ניט גערעדט קיין וואָרט. עס האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, ביז מאַנדעלקערן האָט אים געפרעגט ווי עס געפעלט אים די פּיעסע, האָט ער געענטפערט, אָנווייזנדיק אויף קעסלערן: „אָן כאַראַשאָ פּיעל" (ער האָט גוט געזונגען), מיינענדיק „מזמור לדוד". גאָרדין האָט געגעבן בייז אַ דריי מיט זיין האַנט אין באָרד און איז נעלם געוואָרן. קעסלער האָט זיך אומגעקערט צו מאָשקאָוויטשן און געזאָגט: „אַז גע־

הרג׳עט...״ מאַכט מאָשקאָוויטש צו אים: „ציט!״, מיינענדיק: „רעד ניט ווייטער!״. אָבער גלייך האָט אַן אַמעריקאַנער רע־פּאָרטער געפרעגט גאָרקין, וואָס פאַר אַ ווירקונג האָט אַמע־ריקע בכלל געמאַכט אויף אים. גאָרקי, זייענדיק אַ ביסל ברוגז אויף אַמעריקע צוליב דער האַנדלונג מיט זיין פרוי, האָט געזאָגט, אַז עס קוקט ביי אים אויס ווי אַ מאַנעוורע און אַז אַלץ איז פּראָ־וויזאָריש; די הייזער זיינען צוזאַמענגעשטעלט באַלד אומצו־וואַרפן.

אין דרויסן איז די גאַס געווען שוואַרץ פון מענטשן, און די איסט־סאַיד האָט זיך געקאָכט.

באַלד האָט מען געהאַט אַ נייע סענסאַציע פאַרוואָס זיך צו קאָכן. מען האָט געלייענט מיט גרויס באַגייסטערונג, אַז פון דער סיבירער טורמע האָבן חברים אַרויסגע׳גנב׳עט אין אַ פעסל קרויט דעם גרויסן רעוואָלוציאָנער, גריגאָרי גערשוני, וועלכער איז געווען באַשולדיקט אינם טויט פון מיניסטער סיפּיאָ־גין און איז אַנטלאָפן קיין יאַפּאַן. פון דאָרטן פאָרט ער קיין סאַן פראַנציסקאָ און דערנאָך צו אונז קיין ניו־יאָרק.

פונם ערשטן טאָג פון גריגאָרי גערשונים אַנטלויפן האָבן די צייטונגען יעדן טאָג געבראַכט באַריכטן, וואו ער געפינט זיך, און אַז באַלד, באַלד איז ער מיט אונז.

און ענדלעך איז ער אָנגעקומען אין ניו־יאָרק. זיין ערשטער עפנטלעכער קבלת־פּנים איז פאָרגעקומען אין גרענד־טעאַטער. פון יעדע טויזנט בעלנים אַריינצוגיין אין טעאַטער האָט בלויז איינער געקראָגן די געלעגנהייט. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז ס׳איז געווען קעפּ אויף קעפּ אין טעאַטער. מען האָט דערוואַרט צו זען אַ צעבראָכענעם מענטשן, נאָכן אָפּליגן אַ צייט אין דער באַרימטער שליסלבורגער פעסטונג, און שפּעטער אין סיביר, אין דעם פעסל קרויט. אָבער ווי איבערראַשט זיינען אַלע גע־וואָרן, ווען עס איז אַרויסגעקומען אַ הויכער, שיינער, בלאָנדער מאַן, נעט געקליידט, מיט אַ שיין פראַנצויזיש בערדל.

אַנצורופן די אויפנאַמע פון גריגאָרי גערשוני אַוואַציע — וואָלט געווען צו מילד. עס זיינען איינפאַך געווען היסטערישע געוואַלדן, אויסגעשרייען. דער גאַסט האָט זיך אַפילו ווי דער־שראָקן פאַר דעם גאַנצן טומל. ענדלעך, ווען ער האָט ארויסגע־זאָגט דאָס ערשטע וואָרט „טאָוואַרישטשי״, האָט ער זיך גלייך אומגעקוקט, און בשעת׳ן ווייטערדיקן רעדן האָט ער זיך גע־האַלטן אין איין אַרומקוקן, און ער האָט זיך גלייך אַנטשולדיקט פאַרוואָס ער טוט עס, ווייל ער איז געוואוינט מורא צו האָבן פאַר זשאַנדאַרן און שפּיאָנען. די געשרייען און אָוואַציעס האָבן אָנגעהאַלטן ביז צום סוף, און די אידישע גאַס האָט ווידער גע־קאָכט און געטומלט.

* * *

אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק האָט געמאַכט דער פּראָטעסט נאָך די קרבנות פון קישינעווער פּאָגראָם. גאַנץ ניו־יאָרק האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אבלים. עס האָבן זיך געצויגן רייען מענטשן אין די טויזנטער, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, אונטער דער פירערשאַפט פון גרויסן אָרגאַניזאַטאָר, יוסף באַראָנדעס. אַ גרויסער אָרקעסטער האָט געשפּילט אַ טרויער־מאַרש פון די באַ־רימטע מוזיקער פּערלמוטער און וואָהל, טאַקע פון זייערן אַ געזאַנג־נומער, „שענקט אַ נדבה״ פון דער פּיעסע „חורבן קי־שינעוו״. די טרויער־טענער האָבן זיך געטראָגן איבער ניו־יאָרק. עס האָט אַריינגעדרונגען אין אַלעמענס הערצער. בעת די דעמאָנסטראַציע איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר אַ קירך, האָבן די גלעקער געקלונגען און די גלחים זיינען געשטאַנען מיט אַראָפּ־געלאָזטע קעפּ. די טויטע שטילקייט מיט די האַרצרייסנדיקע טענער פון דער טרויער־מוזיק, מיט די גלאָקן פון די קירכן האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ וויי־געשריי, און ביי דער אין טרויער מאַרשירנדיקער מאַסע מיט די טויזנטער צוזעער זיינען די אויגן געווען נאַס פון טרערן. אָ! דעמאָלט האָט מען נאָך געקאָנט וויינען. עס זיינען נאָך געווען טרערן.

## די טראַגעדיע עמאַ און מאָרים פינקעל

גייענדיק אין אַ זייער הייסן זומער־טאָג צו מיין מוזיק־סטודיאָ, האָב איך באַמערקט רעדלעך מענטשן אויף די גאַסן. מען אַרגומענטירט, מען ברעכט די הענט. איך קויף אַ צייטונג, זע איך אַ גרויס קעפל: „אַקטיאָר מאָרים פינקעל דערשיסט זיך, שיסנדיק אויף זיין פרוי עמאַ פינקעל".

איך בין גלייך געלאָפן צו דעם אַקטיאָרסקען קאַפע־הויז, דער דעמאָלטיקער „ראָיאַל", וועלכער האָט זיך געפונען אויף גרענד סטריט, און דאָרט האָט זיך ערשט געקאָכט. דאָרט האָט מען געוויינט און געליאַרעמט. דאָס קאַפע־הויז איז געגאַנגען אויף רעדלעך. איך האָב זיך דערוואוסט, אַז פינקעל האָט זיך דערשאָסן אויף טויט, און עמאַן, זיין פרוי, האָט ער פאַרקריפּלט אויף איר גאַנצן לעבן (זי האָט זיך געמוטשעט אַ פאַרקריפּלטע עטלעכע און צוואַנציק יאָר נאָך דער שוידערלעכער פּאַסירונג). די שיסעריי איז פאָרגעקומען אין קעטסקיל מאַונטענס, וואו עמאַ פינקעל האָט געוואוינט מיט אירע דריי קינדערלעך — לוסי, בעלאַ און אייב. זיי האָבן זיך דעמאָלט געשפּילט מיט יעקב אַדלערס קינדערלעך, וועלכע האָבן געוואוינט ניט ווייט פון זיי. איידער פינקעל האָט זיך געשאָסן, האָט ער געזאָגט צו די קינדערלעך: „גייט אַוועק, איך שיס". זיי האָבן אים ניט גענומען ערנסט, האָט ער עס איבערגע׳חזר׳ט עטלעכע מאָל, און ווען זיי זיינען נאָך אַלץ ניט אַוועק, האָט ער אויסגעשאָסן אין דער לופט. ערשט דעמאָלט זיינען די קינדערלעך זיך צעלאָפן, און גלייך האָט ער געשאָסן אויף עמאַן און דערנאָך אויף זיך און איז געפאַלן טויט אויפן אָרט.

מיט דער פינקעל־טראַגעדיע האָט געקלונגען ניו־יאָרק און אויך גאַנץ אַמעריקע אַ סך יאָרן. מערקווירדיק, אַז אין דער שרעקלעכער פינקעל־דראַמע זיינען ניט געווען קיין אינטרי־

גאַנטן. עס איז איינפאַך געווען אַ ניט־גלייכער שידוך, ניט פּאַסיק אין אַלע הינזיכטן, סײַ אין יאָרן און סײַ אין כאַראַק־טער. זי אין די צוואַנציקער, מיט אַ פּאָר לעבעדיקע, גוטמוטי־קע, שוואַרצע אויגן, אַ שטיק קוועקזילבער, אַלע מאָל מיט אַ הילכיקן געלעכטער, האָט ליב געהאַט קאָמפּאַני; ער, אין די פופציקער, מיט אַ פּאָר שטרענגע אויגן, אַ שווערער מענטש, מיט אַ פעסטן כאַראַקטער, האָט זעלטן געשמייכלט, פלעגט ליב האָבן איינזאַמקייט. פון פינקעלס פעסטן כאַראַקטער און שטרענגקייט האָט מען דערציילט גאַנצע אַנעקדאָטן. פינקעלן האָט מען געקאָנט מיט רעכט אָנרופן דער ערשטער רעזשיסאָר אויף דער אידישער בינע. זיין פינקטלעכקייט און שטרענגקייט האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיינע פינף־און־צוואַנציק געדרוקטע פּונקטן, וועלכע זיינען געהאַנגען אין יעדער דרעסינג־רום פון טעאַטער, און דער אַקטיאָר, ביים אונטערשרייבן זיין רעגעלן קאָנטראַקט, האָט אויך געמוזט אונטערשרייבן, אַז ער וועט דורכפירן די פינף־און־צוואַנציק פּונקטן, וועלכע זיינען באַשטאַ־נען ניט בלויז ווי אַזוי ער זאָל זיך פירן ביי דער פאָרשטעלונג, נאָר אויך ביי פּראָבן, און אויך אייניקע פּונקטן, וועלכע זאַכן דער אַקטיאָר טאָר ניט דערציילן אין גאַס אָדער אין קאַפע־הויז. ניט פאָלגן פינקעלן האָט געהייסן איינפאַך פאַרלירן די שטעלע, די גרעסטע צי די קלענסטע. און די צרה איז געווען, אַז איר האָט קיינמאָל ניט געוואוסט, ווען ער איז גוט און ווען ער איז בייז. אַלע מאָל מיטן שטרענגן ערנסטן בליק, און צו דער זעל־בער צייט איז ער אויך געווען אַ בכבוד׳יקער מענטש, אַ מענטש מיט אַ וואָרט. אויף פינקעלס וואָרט האָט מען געקאָנט בויען הייזער. ער האָט אייך קיינמאָל ניט אָפּגענאַרט, אָבער ווי דעם וואָס האָט אים אָפּגענאַרט! אַלע זיינע אָנגעשטעלטע האָבן גע־ציטערט. קיינער האָט ניט געהאַט קיין מוט אַנטקעגנצורעדן פינקעלן. און אַזוי האָט אויך ניט געהאַט דעם מוט די יונגינקע, לעבעדיקע, קוועקזילבערדיקע עמאַ צו אַנטזאָגן פינקעלן, ווען ער,

דער רעזשיסאָר, פאַר וועלכן די גאַנצע וועלט האָט געציטערט (ביי אַקטיאָרן איז דאָס טעאַטער פאַררעכנט פאַר דער גאַנ־צער וועלט), אים צו זאָגן ניין, ווען ער האָט איר געמאַכט אַ פאָרשלאָג חתונה צו האָבן מיט אים, כאָטש זי האָט קיין שטאַרקן חשק דערצו ניט געהאַט. „ווי קאָן זיין טאָג, ווען פינקעל וויל, ס׳זאָל זיין נאַכט?״

און דער ניט־גלייכער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן. אין דער טעאַטער־וועלט האָט עס געהייסן, אַז עס איז אַ גליקלע־כער שידוך. עמאַ איז געגאַנגען גלייך נאָכן שפּילן אַהיים, וואו פינקעל האָט אָנגעגרייט פון כל־טוב, אָבער יעדער איז געזעסן איינער אַליין, זעלטן געריידט אַ וואָרט, ניט ער צו איר און ניט זי, פאַר מורא, צו אים. עמאַ האָט זיך אָבער אויסגעלעבט אויף דער בינע. זי איז געווען די איינציקע אידישע סוברעטין, וועלכע וואָלט געקאָנט אַרויפגיין אויף דער אַמעריקאַנער בינע בלויז ווען זי וואָלט געביטן די שפּראַך. מיט איר שיינער אַלטאָ־שטימע, גראַציעזן טאַנצן און גראַציעזער פיגור איז זי געווען די עכטע סוברעטין, און דערצו אַ נאַטירלעכע גוטע אַקטריסע, וואָס ס׳איז זייער זעלטן צווישן סוברעטינס. עמאַ איז אויך געווען די ערשטע, וואָס האָט געזונגען אַמעריקאַנער פּאָפּולערע לידער אויף אידיש.

עמאַ איז געוואַקסן אין איר פּאָפּולאַריטעט אויך אַלס קינסט־לערין, אין דער צייט וואָס באָריס טאָמאַשעווסקי, טאַקע עמאַ פינקעלס ברודער, איז געשטיגן אַלס דער גרויסער רעזשיסאָר, און פינקעל האָט שוין פאַרלוירן אַ סך פון זיין גלאַנץ. דאָ האָט עמאַ געקראָגן מער מוט און האָט גענומען פּראָטעסטירן קעגן איר איינזאַם לעבן. זי האָט זיך גענומען מער פרייהייט, פלעגט שוין רעדן אַנטקעגן איר מאַן און אַ סך מאָל אויך ניט פאָלגן. פינקעל האָט געפילט, אַז ער פאַרלירט זיין פּלאַץ ניט נאָר אין טעאַטער, נאָר אַפילו אין זיין היים, אָבער ער האָט געשוויגן.

דערוויַיל האָט אַדלער אויפן צווייטן סעזאָן אַנגאַזשירט

בלויז עמאַן און ניט פינקעלן, אויסדריקנדיק זיך, אַז ער וויל אויסהיטן די שטענדיקע קריגערייען, וואָס קומען פאָר צווישן עמאַן און פינקעלן. דאָ איז פינקעל געבליבן אָן אַ היים און אָן אַ פּאָזיציע, און איז אויף עמאַן געוואָרן זייער אייפערזיכטיק. אַלץ צוזאַמען האָט זיך אין אים אָנגעקליבן. אַממערסטן, האָט אים געמוטשעט, וואָס ער האָט פאַרלוירן זיין שטאַלץ, זיין וויר־דע, און אין אַ מאָמענט פון אויפרעגונג, אָדער גיכער, אויסרע־כענענדיק דאָס אַלץ, איז ער באַגאַנגען דעם שרעקלעכן טאַט.

עמאַ איז יאָרן־לאַנג נאָך דער שיסעריי געווען געצוואונגען צו ליגן אין בעט, ביז זי האָט זיך שוין געקאָנט אויפזעצן. איין מאָל האָט מען געשפּילט אַ פאָרשטעלונג פאַר איר אין „פּיפּל׳ס טעאַטער״, וואו זי האָט נאָך דער פּיעסע געזונגען אַ ליד, וואָס זיגמונד מאָגולעסקאָ האָט געשריבן די ווערטער און איך די מוזיק. דאָס ליד האָט געהייסן: „פייגעלעך, פאַרגעסט ניט אָן מיר״.

ווען מען האָט זי צום ערשטן מאָל אַרויפגעפירט אויף אַ פּאָר־שטול אויף דער בינע, איז דאָס פּובליקום געוואָרן ווי פאַר־גליווערט. ערשט ווען זי האָט אָפּגעזונגען, זיצנדיק אין שטול, דאָס לידעלע „פייגעלעך, פאַרגעסט ניט אָן מיר״, מיינענדיק דאָס פּובליקום, איז צווישן עולם אויסגעבראָכן אַ געוויין, אַ יאָמער, אויסגעמישט מיט אַפּלאָדיסמענטן. שפּעטער, ווען זי האָט שוין געקענט גיין אויף קוליעס, האָט זי געשפּילט אין אַ פּיעסע, „דיימאָנדס״, וואָס זאָלאָטאַרעווסקי האָט אָנגעשריבן, אין וועל־כער זי האָט געהאַט אַ ראָלע אַלס קריפּל. זי האָט אין דער פּיעסע געהאַט אַ טרינק־לידעלע, וואָס איך האָב פאַר איר גע־שריבן, פלעגט זי עס מוזן איבערזינגען אַ פיר־פינף מאָל.

אַזוי פלעגט זי זיך לעבן, זיצן טאָג און נאַכט און טראַכטן און רעדן, אָבער ניט פון דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר פון דער צוקונפט. און אַ צוקונפט האָט זי פאַנטאַזירט אַ גליקלעכע, אַ הערלעכע. די טעכטער אירע זיינען געווען ביים טעאַטער,

אָבער פאַרדינט האָבן זיי זייער ווייניק, און עמאַ פלעגט זיצן און זאָגן ווי אַ נביא׳טע: „מיינע קינדער וועלן זיין גרויס. מיי־נע קינדער וועלן זיין רייך. די גאַנצע וועלט וועט רעדן און שרייבן וועגן מיינע קינדער״. און ווען עס פלעגט פּשוט אויס־פעלן אין שטוב פון דאָס נויטיקסטע, פלעגן די קינדער אָנהייבן: „נו, מאַמע, זאָג שוין״. און אַלע דריי קינדער פלעגן זאָגן אין יוניסאָן: „מיינע קינדער וועלן זיין גרויס; מיינע קינדער וועלן זיין רייך״. און עמאַ פלעגט זאָגן: „לאַכט, לאַכט. אַזוי וועט עס זיין״. דערביי פלעגט זי אָנשטעלן אירע צוויי גרויסע, שוואַרצע אויגן, וואָס זיינען איר נאָך פאַרבליבן, און פלעגט זאָגן: „איך זע עס, איך זע עס״. יאָ, עמאַ האָט עס פאָרויס־געזען. בעלאַ, די אינגערע טאָכטער, איז געוואָרן די פרוי פון מוני וויַיזנפריינד, שפּעטער פּאָול מוני; אייב, דער זון, איז אויך אין האָליוואוד, וואו זיין געהאַלט איז אַכט הונדערט דאָלאַר אַ וואָך. ער איז אַ סקריפּט־רייטער, דער פאַרפאַסער פון דער מואווי־פּיעסע; לוסי פינקעל, די געוועזענע אידישע פּרימאַדאָנע, איז געווען אָנגעשטעלט פון האָליוואוד אַלס טאַלאַנט־סקאַוט, דאָס הייסט, זי האָט געדאַרפט זוכן טאַלאַנטן פאַר דער מואווי־וועלט און האָט אויך פאַרדינט אַ סך געלט. לײַדער האָט מיט לוסין געטראָפן אַן אומגליק. זי איז קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערע קראַנקייט, און ניט קוקנדיק אויף אַלע באַמיאונגען פון די דאָקטוירים און אויף דער מי, וואָס איר שוועסטער בעלאַ האָט אַוועקגעלייגט, איז זי געשטאָרבן, איינהילנדיק אין אַ גרויסן טרויער די טעאַטער־קרייזן ניט נאָר אויף סעקאָנד עוועניו, נאָר אויך אין האָליוואוד, וואו מ׳האָט זי שוין גוט געקענט און געליבט.

# דייוויד סאַרנאָף, מיין אַלט־סאָליסט אין הענרי סטריט שול

די אָפּערע „דעמאָן”, וועלכע מען האָט אויפגעפירט אין גרענד טעאַטער און וועלכע איך האָב אָפּגעמאַכט צו אַראַנ־זשירן פאַרן אָרקעסטער און איינצושטודירן מיטן כאָר און אַר־טיסטן פאַר פערציק דאָלאַר, האָט מען איינשטודירט ביי אַ גע־וויסן קאַמינסקי, אַ געוועזענעם רוסישן אָפּערע־זינגער. ביי אים איז געווען דאָס הויז, וואו עס פלעגט זיך צוזאַמענקומען די רו־סישע מוזיקאַלישע אינטעליגענץ. ביי קאַמינסקין אין הויז איז טאַקע געגרינדעט געוואָרן דער רוסישער סימפאָנישער אָר־קעסטער אונטער דער לייטונג פון מאָדעסט אַלטשולער.

דאָרט האָב איך מיך באַקענט מיט חזן אַברהם מינקאָווסקי, אַ ברודער פון באַרימטן אָדעסער חזן פּיניע מינקאָווסקי. אַברהם מינקאָווסקי איז געווען אַ שילער פון פּעטערבורגער קאָנסער־וואַטאָריע, אַ שיינער מנגן און נאָך אַ שענערער זינגער. ער איז געקומען קיין אַמעריקע מיט זיין פאַמיליע און טאַקע גלייך געוואָרן חזן אין דער דעמאָלטיקער הענרי סטריט שול, וועלכע האָט זיך גערעכנט פאַר דער אַריסטאָקראַטישער שול פון דער איסט־סאַיד. אַברהם מינקאָווסקי האָט מיר פאָרגעשלאָגן צו ווערן זיין דיריזשאָר, און איך האָב זייער ניט געהאַט קיין חשק דערצו. ערשטנס, האָט זיך מיר געוואָלט טעאַטער, און צווייטנס, איז דאָס דעמאָלטיקע שול־געזאַנג אין אַמעריקע געשטאַנען אויף אַ זייער טרויעריקן מצב. עס איז געווען צעטיילט אין צוויי טיילן. ביידע זיינען מיר ניט געווען צום האַרצן. די ערשטע, דאָס אָרטאָדאָקסישע שול־געזאַנג, איז באַשטאַנען פון האָפּקעס און טענצלעך, און אין די צווייטע, די רעפאָרמירטע, האָט מען געזונגען איינפאַכע קירכן־מוזיק. מען פלעגט דאָס וואָרט „יע־זוס” איבערמאַכן פאַר „יעהאָוואַ”. אין דעם איז באַשטאַנען

די גאַנצע אידישקייט. ביידע, נאָך מיין מיינונג, האָבן גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט פיינער שול־מוזיק, אָבער אין הענרי סטריט שול איז געשטאַנען אַ שיינער כאָר אונטער דער לייטונג פון אַ פעאיקן דיריגענט, מאַרגאָלים, און דאָרט האָט מען געזונגען אַלאַ היימישן כאָר־שול, דאָס הייסט, „סעמי קלאַסיק", אויף מאַמע־לשון — „צו גאָט און צו לייט". איך האָב אָנגענומען די שטעלע און בין געוואָרן דער דיריזשאָר פון הענרי סטריט שול.

שוין ביי די ערשטע פראָבעס מיטן כאָר האָב איך געזען, אַז איך האָב געמאַכט אַ טעות, רעכענענדיק, אַז די שול־מוזיק וועט אַוועקנעמען פון מיר די דורשט, דעם פאַרלאַנג נאָך טעאַ־טער. איך האָב טאַקע געהאַט אַ שיינעם כאָר, די שול פלעגט זיין געפּאַקט מיט צוהערער, און איך האָב געקראָגן אין אַ קור־צער צייט אַ גרויסן נאָמען ביי די שול־אידן, אָבער מיך האָט קיין זאַך ניט אינטערעסירט. איך האָב געזען פאַר זיך איין זאַך — טעאַטער.

איין מאָל אַ שבת, אין מיטן דיריגירן אין הענרי סטריט שול, האָב איך באַמערקט אַ זייער הויכן מאַן מיט אַ צילינדער־הוט. איך האָב אָן אים דערקענט, אַז ער איז אַן אַקטיאָר, און האָב מיך טאַקע גלייך דערוואוסט, אַז דאָס איז דער באַקאַנטער אידישער אַרטיסט, יעקב זילבערט, דירעקטאָר אין באָסטאָן, וואו ער שפּילט שוין דעם צווייטן סעזאָן און מאַכט אַ סך געלט. נאָכן דאַווענען קומט ער צו צו מיר און זאָגט: „יונגעמאַן, איר מאַכט טאַקע דאָ אין שול זייער פיין, אָבער לויט מיין מיינונג, איז דאָ ניט אייער פּלאַץ". איך פיל, אַז דער מענטש רעדט, אַזוי ווי ער וואָלט אַריינגעקוקט אין מיין האַרצן. ער רעדט וויטער: „אייער פּלאַץ איז טעאַטער. פאָרט מיט מיר קיין באָסטאָן, און ווען איר וועט זיין ביי מיר אַ סעזאָן אָדער צוויי, וועט מען אייך אויסכאַפּן אין ניו־יאָרק, ווייל זיי רעדן שוין פון אייך; אָבער איר ווייסט דאָך, זיי האָבן נאָך מורא צו פּאַרטרויען אייך אַזאַ פּאָזיציע, אָבער איך האָב ניט קיין מורא".

מיר זיינען אַוועק אין גרענד־סטריט אין דעם אַקטיאָרסקן קאַפע־הויז, וואו עס האָט שוין געוואַרט אויף אונז אַ גאַנצער טיש מיט מענטשן. מען האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר דעם פּיעסן־פאַרפאַסער יאָזעף לאַטיינער, וועלכער איז געווען פאַרט־נער מיט זילבערטן אינם באָסטאָנער טעאַטער, און אויך פאַרן באַקאַנטן אַדוואָקאַט לואיס גאָטליב, וועלכער איז אויך געווען איינער פון די פאַרטנערס אין באָסטאָן. אַ צווייטער אַדוואָקאַט, טשאַרלז וויינבלאַט, אַ יונג, בלאָנד, דאַר אינגל, שרייבט אַ קאָנ־טראַקט און ווייזט מיר אים טאַקע גלייך מיט די ווערטער: „איר זעט, איר באַקומט פינף־און־צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך". זילבערט גיט צו: „זייט פאַרטיק צו פאָרן מיט אונז קינפטיקן דינסטאָג", און ער פרעגט מיך, צי איך דאַרף אַ פּאָר דאָלאַר. איך שאָקל מיטן קאָפּ אויף יאָ, און זילבערט גיט מיר פאַר צוויי וואָכן פאָרויס, אַרונטעררעכענענדיק פינף דאָלאַר אַ וואָך. וויינבלאַט בעט ביי מיר אַ צענערל, זאָגט יעקב זילבערט, אַז ער וועט שוין באַצאָלן די אַדוואָקאַט־אויסגאַבעס.

עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז מיט 15 יאָר שפּעטער, ביי מיין גרויסן סוקסעס, „דעם רבי׳נס ניגון", האָט דער אַדוואָקאַט טשאַרלז וויינבלאַט מיך דערמאָנט אַן אַלטן חוב, און דאָס איז פאַר מיין ערשטן קאָנטראַקט אין אַמעריקע, וועלכן ער האָט גע־מאַכט פאַר מיר מיט זילבערטן. איך האָב אים געהייסן גיין באַשטעלן אַ סוט אויף מיין חשבון, און אין דריי וואָכן אַרום איז מיר אָנגעקומען אַ ביל פון מיין שניידער, ספּערראָ, פאַר הונדערט און פופציק דאָלאַר פאַר טשאַרלז וויינבלאַטס אַ „פול דרעס סוט".

זינט איך האָב פאַרלאָזט דעם לאָדזשער „הזמיר", האָב איך מיך צום ערשטן מאָל געפילט גליקלעך מיט מיין פּאָזיציע. איך בין געלאָפן מיטן קאָנטראַקט גלייך צו מיין ברודער, וועלכער איז געווען ניט זייער צופרידן, וואָס איך פאָר אַוועק, אָבער ער האָט מיך גלייך געטרייסט: „יאָשטשיק, מען וועט שיקן נאָך דיר. מיין האַרץ איז מיר רואיק. וועסט זיין אין אַמעריקע".

קוק איך אים אָן: „וואָס הייסט, באָסטאָן איז ניט אַמעריקע?״, זאָגט ער: „ווי פאַר וועמען. ביי מיר איז ניו-יאָרק אַמעריקע. ווייטער איז גאַנץ אַמעריקע אַ גרויסער דאָרף״.

עס איז מיר געווען שווער זיך צו שיידן מיט מיינע פיל באַקאַנטע, ספּעציעל מיט דער שאָמער-פאַמיליע און מיט חזן מינ־קאָווסקי, וועלכער האָט זיך געפילט ווי אַ פאַרלוירענער, ווען איך האָב אים געזאָגט וועגן מיין אָפּפאָרן. אָבער ער האָט געוואוסט, אַז איך בין ניט גליקלעך, איבערהויפּט בין איך ניט געווען געוואוינט צו די אַמעריקאַנער אינגלעך, וועמען עס איז זייער שווער צו קאָנטראָלירן און דיריגירן. אָבער איין אינגעלע פון גאַנצן כאָר איז געווען אַ מערקווירדיקער, רואיקער, גע־האָרכזאַמער, שטיל ווי אַ טויב און אַלע מאָל מיט אַ שמייכל אויפן פּנים. מיט יאָרן שפּעטער, ווען כ׳בין שוין געווען איי־נער פון די פּאַרטנערס מיט מאַלי פּיקאָן אין סעקאָנד עוועניו טעאַטער, גייען צו צו מיר צוויי מענער, און איינער פון זיי שטעלט זיך פאַר מיר פאָר אַלס דזשאָדזש דזשאָנאַ גאָלדשטיין און זאָגט, אָנווייזנדיק אויפן צווייטן: „דער איז אייערער אַן אַלט״. זאָגט דער צווייטער מאַן: „יאָ, איך האָב געזונגען ביי אייך אין כאָר אַלט, ווען איר האָט דיריגירט אין הענרי סטריט שול ביי אַברהם מינקאָווסקי״. געוויינלעך איז שווער צו דערקענען פון אַ אינגל אַן אַלט ביז אַ דערוואַקסענעם מענטש, אָבער דער שמייכל איז מיר געווען באַקאַנט. זאָג איך אים, אַז איך דער־קען דעם שמייכל, און ער זאָגט מיר, אַז ער געדענקט נאָך די סאָלאָ, וואָס איך האָב אים געגעבן און אויך דעם זעץ, וואָס איך האָב אים געגעבן מיטן קאָמערטאָן. איך פרעג אים, וואו ער זינגט איצט, זאָגט מיר דער דזשאָדזש דזשאָנאַ גאָלדשטיין, אַז ער זינגט ניט, נאָר ער מאַכט אַנדערע זינגען און זאָגן, און ער שטעלט אים פאַר מיר פאָר: „אַייער געוועזענער אַלט, דער פרע־


דייוויד סאַרנאָף

זידענט פון דער ראַדיאָ־קאָר־
פּאָריישאָן, דייוויד סאַרנאָף״.
און כדי מיך איבערצוצייגן,
אַז ער געדענקט נאָך די סאָ־
לאָ־אַלט, וועלכע איך האָב
אים געגעבן, האָט דער פּרע־
זידענט פון דער ראַדיאָ־קאָר־
פּאָריישאָן מיך אַריינגענומען
אין באָקס־אָפּיס און געזונגען
די סאָלאָ־אַלט מיטן זעלביקן
זיסן, ליבן, קינדערישן שמיי־
כעלע.

אין באָסטאָן האָב איך מיך
געפילט ווי אַ פיש אין
וואַסער. אַריינקומענדיק אין
האָב־טעאַטער (איצט געפינט
זיך אויף דעם אָרט אַ דראָג־
סטאָר) האָב איך געטראָפן אַ לעבעדיקע וועלט: די בינע־אַרבע־
טער האָבן געקלאַפּט, די שניידער האָבן גענייט גאַרדעראָב פאַר
די אַקטיאָרן, די מאָלער האָבן געמאָלן סינערים. מיר האָט
זילבערט דערלאַנגט די נאָטן פון דער ערשטער אָפּערעטע, מיט
וועלכער מען האָט געעפנט דעם סעזאָן. דאָס איז געווען יאָ־
זעף לאַטיינערס „יודעלע דער בלינדער״, מוזיק פון פרידזעל.
די מעלאָדיעס זיינען געווען זייער שיינע, אָבער די אָרקעס־
טראַציע — זייער אַן אָרעמע, כמעט פּוסט. איך האָב מיך
אַוועקגעזעצט און געמאַכט אַ נייע אָרקעסטראַציע, פון וועלכער
די גאַנצע זאַך האָט באַקומען אַ מאָדערנעם אייראָפּעאישן טאָן,
אַז די אַקטיאָרן האָבן קוים דערקענט די מעלאָדיעס. איך האָב
געהאַט גרויסע צרות ביים שטודירן מיט די אַקטיאָרן. אין יענע
יאָרן איז אַ ליטוואַק געווען ביים אידישן טעאַטער ווי אַ משומד
אין דער משפחה, און אַזוי ווי איך בין אַ געבראָטענער ליטוואַק

מיטן ווילנער „לאָסין גוט סאַבעס", איז אײַנזינגענדיק מיט מאַ־דאַם ליזאַ זילבערט, וועלכע איז געווען צו מיר זייער פרײַנדלעך און האָט מיך רעספּעקטירט אַלס מוזיקער, האָב איך פאָרגע־זונגען אַ נומער מוזיק מיט די ווערטער, וועלכע זי האָט גע־דאַרפט זינגען. נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעזונגען דעם נומער מיט די ווערטער, פרעגט זי מיך: „זאָגט מיר, יונגערמאַן, דאָס וואָס איר האָט איצט געזונגען, איז אידיש?" קוק איך זי אָן פאַרוואונדערט. זאָגט זי: „אָסור צי איך פאַרשטיי אַ וואָרט פון דעם וואָס איר זינגט. איר שפּילט עס אויס גאַנץ גוט אויף דער פּיאַנאָ, אָבער אַ וואָרט, וואָס איר האָט געזונגען, האָב איך ניט פאַרשטאַנען". זאָג איך איר, אַז אַזוי רעדן מיר אין ווילנע. פרעגט זי מיך: „ווי קאָנט איר לעבן מיט אַזאַ לשון?"

דאָ האָט מען מיר פּלוצלינג געלאָזט וויסן, אַז אויב איך וויל דיריגירן, דאַרף איך באַלאַנגען צו דער מוזיקער־יוניאָן. איז לואיס גאָטליב אַוועק מיט מיר אין דער באָסטאָנער מוזיקער־יוניאָן, וועלכע האָט דאַן געהאַט אַ שרעקלעכן דורכפאַל צוליב דעם, וואָס דער באָסטאָנער סימפאָנישער אָרקעסטער, וועלכער האָט זיך דעמאָלט גערעכנט אַלס דער בעסטער סימפאָנישער אָרקעסטער אין אַמעריקע, איז אין יענעם יאָר אַרויס פון דער יוניאָן, און געהערט שוין ניט צו איר פון דעמאָלט אָן. עס איז געווען אַ קלאַנג, אַז איינער, אַ רייכער, פאַרביסענער באָסטאָ־נער יענקי האָט איבערגעלאָזט אַ צוואה, אַז די גאַנצע צייט פון דער עקזיסטענץ פון דעם באָסטאָנער סימפאָנישן אָרקעסטער קריגט ער אַ סובסידיע פון הונדערט און פופציק טויזנט דאָלאַר אַ יאָר מיטן תּנאַי, אַז זײַנע מיטגלידער טאָרן ניט געהערן צו־קיין יוניע. ווען לואיס גאָטליב איז אַרויף מיט מיר אין דער מוזיקער־יוניע און איך האָב אויסגעמאַכט אַן אַפּליקיישאָן צו ווערן אירער אַ מיטגליד, האָט דער סעקרעטאַר געזאָגט: „עס זײַנען נאָך פאַראַן מענטשן, וואָס ווילן דאָך געהערן צו אַ יו־ניע!" ער האָט מיר גלײַך באַשטימט אַן עקזאַמען און איך בין געוואָרן דיריזשאָר מיט אַ יוניאָן־קאַרטע.

## מזל־טוב, איך האָב חתונה געהאַט!

די קאָמפּאַניע אין זילבערטס טעאַטער אין באָסטאָן האָט געשפּילט אָפּערעטעס און אויך דראַמעס. יעקב זילבערט איז געווען דער הויפּט־מאַן, דער סטאַר פון דער אָפּערעטע און אויך פון דער דראַמע, און מאַדאַם ליזאַ זילבערט, כאָטש אַ גוטע דראַמאַטישע שוישפּילערין, האָט זיך אָפּגעגעבן מער מיט דער אָפּערעטע ווי מיט דער דראַמע. מאַדאַם זילבערט איז געווען יונג און שיין, האָט די אָפּערעטע זי דערפאַר מער גערייצט. זי איז געווען די בעסי טאָמאַשעווסקי פון דער באָסטאָנער קאָמ־פּאַניע. די „קאָמידיען" און די הויפּט־פרוי פון דער דראַמע איז געווען מאַדאַם סאַבינאַ לאַקסער, ווען ווען דער מענעדזשער, יאָסל עדלשטיין, האָט אַראָפּגעבראַכט פון אייראָפּע צו שפּילן מיט דעם אידיש־דייטשן שוישפּילער מאָריס מאָריסאָן די הויפּט־פרויען־ראָלן אין זיין דייטשן קלאַסישן רעפּערטואַר. און אַזוי ווי מאָריס מאָריסאָן איז געווען בלויז אַ גאַסט־שוישפּילער און האָט געשפּילט זייער זעלטן, האָט זיך מאַדאַם לאַקסער אַנגאַ־זשירט ביי יעקב זילבערטן אין באָסטאָן.

מאַדאַם סאַבינאַ לאַקסער האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק פון דעם ערשטן מאָמענט וואָס איך האָב זי דערזען. איר עלעגאַנט אויסזען, איר שיינער, קלאָרער אידיש, וועלכער האָט צייטנווייז געקלונגען דייטש, איר אימפּאָזאַנטע פיגור, האָבן אַרויפגעצויגן רעספּעקט צו איר פון אַלע אַרו־מיקע. עפּעס פלעגט מען ווערן געלייטערט אין איר געזעל־שאַפט און עס פלעגט זיך קוים וועלן גלויבן, אַז די פרוי איז אַן אַקטריסע. אָבער די ווירקלעכקייט איז געווען, אַז זי איז גע־ווען אַן אַקטריסע פון קינדווייז אָן, נאָך ביי גאָלדפאַדענען, וואו זי פלעגט זינגען קופּלעטן נאָכן שפּילן. מען פלעגט ניט גיין אַהיים נאָך דער פאָרשטעלונג, ביז די קליינע סאַבינע האָט ניט

געזונגען אירע קופּלעטן, וואָס אַברהם גאָלדפאַדן האָט פאַר איר ספּעציעל פאַרפאַסט. שפּעטער האָט זי שטודירט אין ווין אין דער דראַמאַטישער שול און געשפּילט אַ צייט אין דייטשן טעאַטער אונטערן נאָמען פריילין לאָב. דעמאָלט, אין איר געבורטס־שטאָט, בוקאַרעסט, האָט זי געשפּילט רומעניש טעאַ־טער. אָבער כאָטש מאַדאַם לאַקסער איז געווען ביים טעאַטער פון קינדווייז אָן, דאָך איז אין איר פּריוואַט־לעבן ניט געווען קיין סימן פון טעאַטער. זי פלעגט אין איר פרייער צייט אַ סך לייענען, פלעגט אַלעמען אויסהערן געדולדיק און זעלטן ענט־פערן.

ביי דער גאַנצער קאָמפּאַניע בין איך געווען אַ מענטש אָן אַ פּגימה, פול מיט מעלות. אָבער ווען מען פלעגט מיר אָפּט געבן קאָמפּלימענטן, ווי גרויס איך בין און ווי טייער איך בין, פלעגט מאַדאַם לאַקסער זאָגן צו מיר: „הערט זיך ניט איין צו די נאַרישע קאָמפּלימענטן, עס איז ניט גוט פאַר אַ יונגנמאַן ווי איר, וועלכער האָט נאָך אַ סך צו לערנען". און איך פלעג, אָנ־שטאָט צוצוהערן זיך צו די אָפּטע לויב־געזאַנגען, ווי גרויס איך בין און ווי טייער איך בין, בעסער וועלן הערן, וואָס האָט וועגן דעם צו זאָגן מאַדאַם לאַקסער, און איך פלעג זוכן און זיך פילן באַקוועם אין איר געזעלשאַפט. איך פלעג נאָך יעדער פאָר־שטעלונג וואַרטן אויף איר ביז זי פלעגט פאַרטיק ווערן, און פלעג מיט איר מיטגיין יעדן מאָנטיק אין פאָסט־אָפיס, וואו זי פלעגט שיקן געלט צו איר מוטער, וועלכע האָט געוואוינט אין ניו־יאָרק. עס איז געוואָרן אַ נאַטירלעכע זאַך צו זען מיך מיט מאַדאַם לאַקסער צוזאַמען. אירע באַציאונגען צו מיר זיינען געווען ווי פון אַ לערערין צו אַ געהאָרכזאַמען שילער. זי פלעגט מיך דערמאָנען אָן מיין ערשטער פּיאַנאָ־לערערין, פריילין טראָצ־קאַיאַ, וועלכע האָט פאַר יעדער לעקציע מיך געמאַכט וואַשן די הענט. און עס איז געוואָרן אַזוי, אַז איך פלעג איר שוין אָפּ־געבן אַ חשבון, וואָס איך טו מיט מיין געלט, און וואָס איך קויף

און וואָס איך דאַרף קויפן, און די רומשינסקי־לאַקסער־אַפּעיר איז אַפילו ניט געוואָרן קיין טעאַטער־באַרעדעריי. עס האָט זיך צוגעפּירט נאַטירלעך, ווי ס'וואָלט אַזוי געדאַרפט זיין. און אַזוי, אָן טומעל, האָבן מיר אין אַ מאָנטיק, פאַרן גיין אין פּאָסט־אָפיס צו שיקן געלט צו איר מוטער, צוזאַמענגערופן אַ פּאָר נאָענטע באַקאַנטע, אַריין אין קאָורט און אַרויסגענומען מערידזש לאַיסענס. נאָכדעם האָבן מיר געשיקט נאָך איר מוטער פון ניו־יאָרק, געשטעלט אַ חופּה אויף דער בינע נאָכן שפּילן, מיט אַ רב און אַ חזן, אַ גרויסן כאָר, און מיסטער און מיסעס זילבערט זיינען געווען די אונטערפירער, די אַקטיאָרן, מוזיקער און דער כאָר זיינען געווען איינגעלאַדענע און ניט־איינגעלאַדענע געסט און האָבן געהוליעט ביז פאַרטאָג.

אין אייניקע טעג אַרום, נאָך מיין חתונה, איז געקומען טשאַרלז צונזער אָן אויפגערעגטער און געפרעגט ביי מיר: „איז עס אמת?" איך לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ און שוויג. זאָגט ער, מיט טרערן אין די אויגן: „ס'טייטש, גזלן, וואָס האָסטו געטאָן? וואָס הייסט, האָסט חתונה און דו זאָגסט אַפילו ניט אָן דיינע בעסטע פריינד?", און ער זאָגט ווייטער, אַז מיסטער שאָמער האָט טאַקע געזאָגט, אַז אַזוי וועט זיין. מען האָט מיך ניט גע־טאָרט לאָזן פאָרן. נאָך אַ קורצער פויזע האָבן מיר זיך שטאַרק צעקושט, ער האָט מיר געוואונטשן מזל־טוב און מיר האָבן אַלע דריי געגעסן אָוונט־ברויט. ער איז אַוועק אַ צופרידענער, וואָס די פרוי, וועלכע כ'האָב אויסגעקליבן אַלס מיין לעבנס־באַגליי־טערין, איז געווען די אינטעליגענטע, פיינע סאַבינע לאַקסער, אָבער אַ צעבראָכענער, וואָס איך בין דאָך אַריינגעפאַלן אין אַן אַקטיאָרסקער משפּחה.

עס האָבן געגומען קומען אַטרעקשאָנס פון ניו־יאָרק קיין באָסטאָן: יעקב פּ. אַדלער, באָרים טאָמאַשעווסקי, קעסלער, ליפּ־צין, מאָשקאָוויטש. אַלע האָבן מיר געזאָגט, אַז איך זאָל מיך מער ניט אַנגאַזשירן אין באָסטאָן, ווייל מיין פּלאַץ אין ניו־

יאָרק. איך האָב זיך אָבער גענומען שרעקן פאַרן ניו־יאָרקער אידישן טעאַטער, ווייל מען מוז אין ניו־יאָרק מאַכן מוזיק צו באַשטעלונג. איך האָב געוואוסט, אַז צום קאָמפּאָנירן מוזיק באַדאַרף מען האָבן „מוזע", און מען באַדאַרף וואַרטן, ביז די „מוזע" קומט צום קאָמפּאָזער, און דאָ זעט זיך אַוועק און שרייב מוזיק, פאַרפאַס מוזיק אויף באַשטעלונג, ווי מען באַשטעלט ביי אַ שניידער אַ מאַנטל, אַ סוט, אָדער ביי אַ שוסטער אַ פּאָר שיך. זייענדיק אין באָסטאָן, האָב איך עס געהאַט לייכט. מען האָט אויפגעפירט פּיעסן, וועלכע מען האָט פריער געשפּילט אין ניו־יאָרק, מיט פאַרטיקער מוזיק. איך פלעג נאָך אַמאָל איבעראַראַנזשירן; אָבער פאַרן ניו־יאָרקער אידישן טעאַטער האָב איך מורא געהאַט, — ווייל דאָרט האָט מען געדאַרפט שאַפן מוזיק אויף באַשטעלונג.

אַזוי ווי כ'האָב גערעכנט, אַז סוף־כל־סוף וועל איך פאָרט פאָרן קיין ניו־יאָרק, האָב איך אָנגעהויבן, ווי מען זאָגט, זיך „צו טראַיען" צום אָרדער־סיסטעם.

האָט טאַקע פּאַסירט, אַז דער פּיעסן־פאַרפאַסער נחום ראַקאָוו האָט אויפגעפירט „דער אידישער קין" (אָדער „אַמעריקאַנער גליקן"). איך האָב דאָרט געשריבן צו אָרדער זעקס נומערן מוזיק. איך האָב עס פאַרפאַסט אין דריי טעג. יצחק זאָלאָטאַרעווסקי האָט דערנאָך אויפגעפירט אַ פּיעסע „די בלינדע", פאַר וועלכער איך האָב געשריבן פיר נומערן מוזיק אין צוויי טעג. שפּעטער האָב איך זיך אַליין געגעבן אַן אָרדער, און איך פלעג עס מאַכן אַזוי: שטעל זיך פאָר, אַז דו באַדאַרפסט קאָמפּאָנירן ביז מאָרגן דריי נומערן מוזיק. פלעג איך זיך אַוועקזעצן און אויספילן מיין אייגענע באַשטעלונג. דאָס איז גאַנץ איינפאַך: זיך אַליין געפרעגט און זיך אַליין געענטפערט.

אַזוי פלעג איך זיצן און שרייבן מעלאָדיעס, וועלכע זיינען מיר שפּעטער זייער צוניץ געקומען. איך האָב זיי איינפאַך פאַרצוקערט, ביז די מורא פאַר קאָמפּאָנירן מוזיק צו אָרדער איז פון מיר פאַרשוואונדן.

אַרויסגייענדיק פון טעאַטער נאָך אַ פאָרשטעלונג שוין מיט מיין פרוי סאַבינאַ לאַקסער־רומשינסקי, זעען מיר ווי אַ פיגור שטייט אין אַ ווינקל און ברומט: „סאַבינקע! סאַבינקע!" מיר קוקן זיך אום און מיר דערזען דעם טעאַטער־מענעדזשער יאָסל עדלשטיין. ער האָט זיך מיט סאַבינען אַרומגעכאַפּט, ווייל ער האָט זי געקענט נאָך אַלס קינד אין בוקאַרעשט. עדלשטיין גיט אַ זאָג: „קומט, לאָמיר גיין, איך בין טאַקע געקומען צו אייך". מיר זיינען אַריין אין אַ קאַפע־הויז. דאָרט האָט ער אונז געזאָגט: „איך בין געקומען אייך ביידן אַנגאַזשירן פאַר מיין פיפל'ס טעאַטער, אָבער מיט סאַבינען וויל איך איצט אָפּמאַכן, און מיט אייך, רומשינסקי, וועט אָפּמאַכן באָריס טאָמאַשעווסקי". ער האָט גלייך אַרויסגענומען אַ שטיקל פּאַפּיר און געמאַכט אַ צעטל (אַן אַקטיאָרסקע קאָנטראַקט בלויז פאַר דער יוניאָן). ניט פרעגנדיק, האָט ער אַליין געמאַכט זיין פּרייז: פינף און זיבעציק דאָלאַר אַ וואָך. דאָס איז געווען אַ גרויס געהאַלט. ער האָט אויסגעשריבן אַ הונדערט דאָלאַר־טשעק און געזאָגט: „איך מוז פאָרן צוריק קיין ניו־יאָרק, ניטאָ קיין צייט". צו מיר האָט ער געזאָגט: „יונגערמאַן, איר האָט אַ טייער ווייבל, איך קען זי אַלס קינד, אין ווין האָט זי שטודירט דראַמע, פאַר דער רומענישער קעניגין, קאַרמען סילוואַ, האָט זי געשפּילט. זייט צו איר גוט, וועט איך ביידן גוט זיין..." און מיט די ווערטער איז ער פאַרשוואונדן.

נאָכן סעזאָן זיינען מיר געקומען קיין ניו־יאָרק. מיר האָבן גענומען צימערן אויף 175 הענרי סטריט, קאָרנער דזשעפערסאָן. עס איז געווען דער ערשטער עלעווייטאָר־אַפּאַרטמענט אויף דער איסט־סאַיד. עס האָט טאַקע געהייסן „הענרי קאָרט בילדינג".

אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך מיין קומען קיין ניו־יאָרק באַקום איך אַן איינלאַדונג פון ראָוז פּאַסטאָר סטאָוקס, דאָס אָרעמע מיידל, וואָס האָט חתונה געהאַט מיטן אַמעריקאַנער אַריסטאָ־

קראַט און מיליאָנער סטאָוקס, אַז זי מאַכט אַן אָוונט ביי זיך אינדערהיים, וואו זי האָט געוואוינט, דווקא אין גרענד סטריט, אונטערשטרייכנדיק דערמיט די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, און אַראַנזשירט אַ פרייטאָג־אָוונט, ווי אַמאָל ביי שאָמערן. עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען כמעט אַלע, וועלכע איך האָב גע־טראָפן אין שאָמערס הויז. מען האָט געזונגען די זעלביקע לי־דער. מען האָט דערציילט די זעלביקע וויצן, אָבער עס האָט זיך ניט געקלעפּט, עס האָט געפעלט די מתיקות פון אַ שאָמער־פרייטאָג־אָוונט. עפּעס דער זעקס־פוסיקער מיליאָנער סטאָוקס האָט זיך ניט אַריינגעפּאַסט. ער איז נעבעך געזעסן און אויף אונז אַלעמען געקוקט ווי אַ האָן אין בני־אָדם. ער האָט אַפילו מיט אונז געטאַנצט אין קאַראַהאָד אַ אידישע האָפּקע; אָבער, ווי שוין געזאָגט, עס האָט געפעלט די נשמה־יתירה פון אַ שאָ־מער־פרייטאָג־אָוונט. דאָך זיינען כמעט אַלע געווען צופרידן און אַפילו גליקלעך, אויסער איינעם, וועלכער איז געזעסן די גאַנצע צייט ווי אַ פאַר'משפּט'ער און געקוקט אויפן מיליאָנער סטאָוקס, און פון זיינע אויגן האָט אַרונטערגערעדט: „גזלן, וואָס האָסטו געוואָלט פון מיר? אָט באַלד־באַלד וואָלט ראָזעלע (מיינענדיק ראָוז פּאַסטאָר) געווען מיסעס תשר"ק, איך האָב זי דאָך אַזוי ליב, איך האָב זי דאָך אַזוי ליב...”

## שלום־עליכם זינגט און איך פאַרשרייב עס אויף נאָטן

די מוזיקאַלישע ניו־יאָרק האָט זיך דעמאָלט געקאָכט מיט ריכאַרד וואַגנערס רעליגיעזער אָפּערע „פּאַרסיפאַל“, אויפגעפירט פון דער מעטראָפּאָליטאַן אָפּערע קאָמפּאַניע. האָט זיך באָריס טאָמאַשעווסקי מתקנא געווען אָן דעם סוקסעס און אָפּגעטאָן דעם אַנטיסעמיט וואַגנער און אויפגעפירט די אָפּערע „פּאַרסיפאַל“ אין זיין „פּיפּל'ס טעאַטער“ אין דראַמע־פאָרם, דאָס הייסט ניט אינגאַנצן דראַמע — ער האָט אַנגאַזשירט אַ כאָר פון פופציק פּערזאָן, טאַקע פון מעטראָפּאָליטאַן אָפּערע הויז, און אויך אַ פּאָר סאָליסטן, אַ דיריזשאָר מיט אַ נישט־קשה'דיק גרויסן אָרקעסטער, און מען האָט געשפּילט וואַגנערס „פּאַרסיוואַל“ אויף דער באָוערי. טאַקע אַזוי איז אַרוים דעמאָלט די גאַנצע פּרעסע — „וואַגנער אויף דער באָוערי“.

באָריס טאָמאַשעווסקי האָט געשפּילט די ראָלע פון „פּאַרסיפאַל“. די דראַמאַטיסטין, מאַדאַם בעלאַ נודינסקי, האָט געשפּילט „קונדרי“, און די אַנדערע ראָלעס, וועלכע באַשטייען אַממערסטן פון גלחים און פּריסטער, זיינען געשפּילט געוואָרן פון דער גאַנצער קאָמפּאַניע.

און אידן, וואָס זיינען געקומען דאָס זען, האָבן געשאָלטן און פּראָטעסטירט, און נאָך מער האָט פּראָטעסטירט דער מענעדזשער, יאָסל עדלשטיין. ער פלעגט אַרומגיין און קרעכצן: „אוי, וואָס וויל ער פון מיר? (מיינענדיק טאָמאַשעווסקין). ער וועט מיר פאַרטרייבן די אידן מיט אַזעלכע פּיעסעס. היינט אַזאַ גרויסער אָרקעסטער מיט אַזאַ גרויסן כאָר. מען קאָן דאָך אומגליקלעך ווערן!“ אָבער באָריס טאָמאַשעווסקי איז געווען אַ איד ניט קיין גזלן. ער האָט באַלד דערויף צוגעגרייט פאַר זיין פּובליקום אַ בינטל „גרינס“ איינע נאָך די אַנדערע. אַזוי ווי

די אימיגראַציע איז דעמאָלט געווען זייער גרויס, האָבן די פּיע־סעס מיט די גרינע טיפּן געמאַכט אַ געוואַלדיקן פוראָר, און אַזוי ווי די רעליגיעזע שווערע אָפּערע „פּאַרסיפאַל״ איז אַרונטער, האָט מען זיך געקוויקט מיט „די גרינע מויד״, „דער גרינער בחור״, „דער אַנטלאָפענער סאָלדאַט״.

איך האָב אַ סך אַרויסגעהאָלפן אין דער אויפפירונג פון „פּאַרסיפאַל״ אין אידיש. איך האָב געאַרבעט צוזאַמען מיטן איבערזעצער, מ. גאָלדבערג, אין וועלכע ערטער די מוזיק זאָל אַריינפּאַסן, ווייל, ווי שוין געזאָגט, מען האָט דאָך עס געשפּילט אין דראַמע־פאָרם. באָרים טאָמאַשעווסקי האָט מיר גוט באַצאָלט, נאָר די „גרינס״, איך מיין אַזעלכע אָפּערעטעס ווי „די גרינע מויד״ און „דער גרינער בחור״, האָט ער מורא געהאַט מיר צו פאַרטרויען. ער פלעגט זאָגן, אַז איך בין צו־קלאַסיש פאַר דעם. האָב איך אים טאַקע געענטפערט אויף דעם, אַז אַזוי ווי איך בין אַ גרינער, וואָלט איך דאָך געשריבן גוטע מו־זיק צו דער גרינער פּיעסע. האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך בין שוין גאָר קיין גרינער ניט. ווי די מעשה זאָל ניט זיין, אַזוי ווי איך בין שוין געווען אַ פאַרהייראַטער מאַן, האָב איך מיך אי־בערגעבעטן מיט די פּיאַנאָ־לעקציעס און כ׳האָב אָנגעהויבן צו געבן לעקציעס טאַקע ביי מיר אינדערהיים.

מיינע שילער זיינען אַלע באַשטאַנען פון אַקטיאָרסקע קינ־דער. באָרים טאָמאַשעווסקים זונדל הערי, מאַדאַם בינאַ אַבראַ־מאָוויטשעס זון און טאָכטער, די אידיש־ענגלישע אַקטריסע דזשעני מאָסקאָוויטש, איר זון. קורץ, איך בין געווען דער אָפּי־ציעלער מוזיק־לערער פון די אַקטיאָרסקע קינדער. איך האָב טאַקע אָנגעהויבן געבן פּיאַנאָ־לעקציעס פלייסיק, ווייל איך בין געוואָרן אייפערזיכטיק אויף מיין פרויס פאַרדינסטן. אַזוי ווי איר געהאַלט איז דעמאָלט געווען 75 דאָלאַר אַ וואָך, האָט זיך מיר זייער געוואָלט פאַרדינען כאָטש אַזוי פיל וויפיל זי, און אַזאַ סומע פאַרדינען אין יענע צייטן פון פּיאַנאָ־לעקציעס איז געווען

ניט לייכט, — פלעג איך אַרבעטן זייער שווער. מיין פרוי פלעגט אַפילו זאָגן: „יאָזעף, וואָס דאַרפסטו עס? וואָס אַר־בעטסטו אַזוי שווער? איז אַ פּאָר לעקציעס ווייניקער; עס פעלט דאָך דיר גאָרניט״, אָבער ווען איך האָב געהערט אירע ווערטער, בין איך געוואָרן נאָך אויפגערעגטער, און מיין אַמביציע צו מאַכן מער געלט פון איר איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג; און ניט נאָר מער געלט, נאָר אַ גרעסערע קאַריערע.

ווי שוין געזאָגט, איז סאַבינאַ לאַקסער־רומשינסקי געווען די פיינקייט אַליין. ביי איר איז ניט געווען מיינע־דיינע. עס איז געווען איין האַרץ און איין נשמה, אָבער איך האָב געהאַלטן פון דעם „והוא ימשול בה״. איבערהויפּט האָב איך פיינט גע־האַט צו זען די מענער, וועלכע וואַרטן אויף זייערע פרויען די אַקטריסעס און טראָגן נאָך זייער וואַליז, און מען רופט זיי טאַקע די סעטשל (וואַליז)־טראָגערס.

האָט פּאַסירט אַזאַ פאַל: איין מאָל האָב איך געוואַרט אויף מיין פרוי נאָך אַ פאָרשטעלונג, אויף וועלכער טאָמאַשעוו־סקי האָט געשפּילט „האַמלעט״ און סאַבינאַ „אָפעליאַ״, שטיי איך אין דער גרויסער לאַבי פון „פּיפּל׳ס טעאַטער״. זי איז אַרויס מיט אַ וואַליז אין דער האַנט און האָט געזאָגט: „יאָזעף, פּליז, דער באַי (וואָס טראָגט די סעטשלס) איז היינט קראַנק, זיי אַזוי גוט און נעם עס״. אַזוי ווי עס זיינען געווען נאָך מענטשן אין דער לאַבי, האָב איך מיך זייער פאַרשעמט, געגעבן אַ וואַרף דאָס סעטשל אויף דער ערד און בין אַרויסגעלאָפן. דאָס סעטשל האָט זיך געעפנט און אַלץ וואָס האָט זיך דאָרט געפונען איז אַרויס־געפאַלן און זיך צעשיט אויפן פלאָר פון דער לאַבי — די קליידער פון אָפעליאַ, דאָ אַ גאָלדן שיכעלע, דאָרט אַ קרוינדל, ביי דער טיר דאָס קלייד וואָס אָפעליאַ טראָגט בשעת דער משוגענער סצענע. איך בין געלאָפן אַהיים און האָב באַשלאָסן, אַז איך מוז זיין ביים טעאַטער, און אויב ניט, וועט מיין פרוי אויך ניט זיין. ווען זי איז געקומען אַהיים, האָבן מיר זיך אַנטשולדיקט

איינער פאַרן אַנדערן. איך האָב צו איר גע׳טענה׳ט: „דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך נעם אַפילו דיינע שיך און טראָג זיי אַרויס צום פוצן (שו-שאַינער); איך גיי אומעטום וואו ס׳איז נויטיק, אָבער אין טעאַטער בין איך ניט קיין סעטשל-טראָגער. אַזוי גיך ווי איך וועל ווערן אַ סעטשל-טראָגער, וועט זיין ניט גוט פאַר דיר. איך וועל ווערן ווי איינער פון די מענער, וועלכע וואַרטן אויף זייער פרוים קאָנווערט מיטן געהאַלט, און איך וויל זיין זעלבסט-שטענדיק. איך וויל זיין דער פאַרדינער, ניט קוקנדיק וויפיל דו זאָלסט ניט מאַכן״.

האָט סאַבינאַ מיר געענטפערט מיט אַ שמייכל: „יאָזעף, דו וועסט עס סיי-ווי-סיי מוזן טאָן, ווייל לאַנג וועל איך ניט קאָנען שפּילן... דו וועסט ניט נאָר דאַרפן פאַרזאָרגן מיך און דיך, נאָר אויך אַ דריט נפש׳ל...״

פון יענער נאַכט אָן פלעג איך זיין העכסט צופרידן צו האָבן אַ געלעגנהייט צו טראָגן איר וואַליז, און איך פלעג עס טאָן גערן. איך פלעג יעדע נאַכט קומען אַהיימנעמען מיין פרוי. געשפּילט האָט מען דעמאָלט לאַטיינערס אַ פּיעסע „מאַן און ווייב״, מיט מוזיק פון פרידזעל און מאָגולעסקאָ. כאָטש זיגמונד מאָגולעסקאָ איז שוין צו יענער צייט געווען אַ חולה מסוכן, פלעגט ער אָבער נאָך שפּילן אויף אַזאַ אופן, אַז דער טעאַטער פלעגט קראַכן פון געלעכטער פון זיין יעדער באַוועגונג און ווערטל, וואָס ער פלעגט אַרויסרעדן. ער האָט דעמאָלט געזונגען אַ קופּלעטל „ביים פעטער מלך, מען עסט, מען טרינקט, ס׳איז פריילעך״, — פלעגט מען אים פון בינע ניט אַרונטערלאָזן. זיין חן, זיין שמייכל פלעגן דורכדרינגען הערצער. נאָך דער פּיעסע האָט מען אויפ-געפירט שלום-עליכמ׳ס „אידישע טעכטער״. ס׳איז דעמאָלט פאָרגעקומען אַ גרויסער צוזאַמענשטויס צווישן אַדלערן און טאָ-מאַשעווסקין איבער שלום-עליכמ׳ען, ווייל ער האָט פאַרקויפט צו דער זעלבער צייט אַדלערן אַ דראַמע, „אויסוואורף״ אָדער „שמואל פאַסטערנאַק״.

איין מאָל ביי אַ פּראָבע פון שלום-עליכם׳ס „אידישע טעכ־טער״ האָט מיך טאָמאַשעווסקי געבעטן, איך זאָל פאַרשרייבן אויף נאָטן אַ מעלאָדיע, וועלכע שלום-עליכם וועט פאַר מיר פאָרזינגען. מען האָט עס טאַקע געזונגען אין זיין פּיעסע „אי־דישע טעכטער״. שלום-עליכם האָט עס פאַר מיר געזונגען מיט די ווערטער. עס האָט געהייסן: „אוי, אוי, אוי, קוגל הייסט עס און אין מויל צעגייט עס״. ווען שלום-עליכם האָט עס מיר אויף זיין שטייגער פאָרגעזונגען, האָט זיך מיר געוואָלט אים בעטן, אַז ער זאָל מיר פאָרזינגען נאָך פאָלקס-מעלאָדיעס, נאָר איך האָב מיך געשעמט. די מעלאָדיע מיט די ווערטער, אַזוי ווי ער האָט עס פאַר מיר פאָרגעזונגען, האָט געהאַט טויזנטער חנ׳ען, אָבער אין טעאַטער אויף דער בינע איז עס אַרויסגעקו־מען אַ ביליק קופּלעטל. עס האָט פאַרלוירן דעם גאַנצן שלום־עליכם-חן, די פאָלקסטימלעכקייט. מען האָט צוגעמאַכט נאָך ווערטער, די אַזוי-גערופענע ליריקס, און פרידזועל האָט צוגע־טשעפּעט ניגונים און עס האָט פאַרטרונקען דאָס פאָלקסטימ־לעכע פון שלום-עליכם׳ען, ניט נאָר דעם ניגון, נאָר די גאַנצע פּיעסע איז פאַרטרונקען געוואָרן אין ביליקע טעאַטער-עפעקטן.

נאָך דער פאָרלייענונג פון דער פּיעסע, וואָס שלום-עליכם האָט אַליין געטאָן פאַר דער גאַנצער קאָמפּאַניע, וועלכע האָט אים אַפּלאָדירט פאַר זיין פאָרלייענען נאָך מער ווי פאַר דער פּיעסע, האָט מיר מאָגולעסקאָ געזאָגט, אַז ווען די אַקטיאָרן זאָלן שפּילן פּופּציק פּראָצענט בלויז ווי שלום-עליכם האָט עס געלייענט, וועט די פּיעסע האָבן דעם גרעסטן בייפאַל, צוגעבנדיק אָבער, אַז ער האָט מורא, אַז עס וועט ניט האָבן דעם גע־ווינטשטן סוקסעס, ווייל עס פעלן די טענער, די אַטמאָספערע פון אַ שלום-עליכם. און מאָגולעסקאָ האָט געטראָפן. עס איז געוועזן אַ שווידערלעכע פאַרשטעלונג. איך האָב שפּעטער שלום־עליכם׳ען געטרייסט, אַז ער דאַרף זיך ניט ערגערן. נאָך מער, מען האָט ניט לאַנג אויף דער זעלבער בינע דער׳הרג׳עט ריכאַרד וואַגנערס אָפּערע „פאַרסיפאַל״.

## רודאָלף שילדקרויט ציִיגט מיך איבער, אַז ער קען שפּילן אָפּערעטע

איך בין מיט מזל געוואָרן אַ טאַטע פון אַ פיין אינגעלע, משה׳לע, אַ נאָמען נאָך מיין טאַטן. משה׳לע איז געוואָרן מיין שפּילצייג; איך פלעג אים באַטראַכטן ווי אַ ליאַלקע (דאָל) און טאַקע שפּילן זיך מיט אים ווי מיט אַ ליאַלקע. ניט נאָר האָט מיך אינטערעסירט מיין משה׳לע, ווי ער וואַקסט פון טאָג צו טאָג, נאָר עס האָבן מיך גענומען אינטערעסירן קינדער איבערהויפּט — אויך אַנדערע קינדערלעך, וועלכע איך האָב ביז איצט גאָרניט באַמערקט. איך פלעג זיי אָבסערווירן און כמעט שטודירן, איך בין נאָכגעגאַנגען קינדער אין די וועגעלעך, קינדער פון סקול אין די פּאַרקס. די גאַנצע וועלט איז ביי מיר געוואָרן אַ קינדער-גאָרטן. איך האָב מיך אָבער אויך דערמאָנט אָן דעם אַמעריקאַנער לייט-מאָטיוו „מאַכן אַ לעבן״ און האָב מיך אַנגאַזשירט מיט מיין פרוי אין „ליריק-טעאַטער״, ברוקלין, וואו דאָרטיקע בילדערס האָבן זיך מתקנא געווען אָן דעם ניו-יאָרקער אידישן טעאַטער און געוואָלט ווערן דירעקטאָרן. האָבן זיי געלאָזט איבערבויען אַ סאַלון און אַ מוזיק-האָל אויף דעם „ליריק-טעאַטער״. זיי האָבן אַנגאַזשירט אַ גאַנץ גוטע קאָמפּאַניע, מיט מיר אַלס דיריזשאָר און קאָמפּאָזער. כאָטש די בעלי-בתים זיינען אַליין געווען די בילדערס, האָבן זיי זיך פאַררעכנט, און דאָס טעאַטער איז פאַרטיק געוואָרן מיט צוויי חדשים שפּעטער, ווי דער סעזאָן האָט זיך געדאַרפט אָנהויבן. האָבן נעבעך די ברוקלינער בילדערס געצאָלט דער גאַנצער קאָמפּאַניע, און ווען זיי האָבן שפּעטער אויפגעעפנט דאָס טעאַטער, האָבן זיי אויך קיין גרויסע גליקן ניט געמאַכט, און פאַרן צווייטן סעזאָן האָבן זיי עס טאַקע שוין פאַרדונגען צו אַנדערע.

איך האָב אין דעם קורצן סעזאָן פון ברוקלין געשריבן מוזיק צו איניקע קליינע פּיעסעס, ניט וויכטיקע, ווייל קיין גרויסע זאַכן האָט מען דאָרט איבערהויפּט ניט געקאָנט אויפפירן. שפּעטער האָב איך מיך אַנגאַזשירט אין „נאָוועלטי-טעאַטער" אין וויליאַמסבורג, שוין נענטער צו ניו-יאָרק (פון דעם „נאָוועלטי-טעאַטער" איז שוין לאַנג געוואָרן אַ טענעמענט-הויז). אין דעם דאָזיקן טעאַטער זיינען געווען צוויי דירעקטאָרן, מיניץ, טאַקע אַ ברודער פון מיכאַל (ווי מען פלעגט אים רופן — מאַיקל) מיניץ, דער רעדאַקטאָר פון „אידישן העראָלד" און דער מאַן פון קעני ליפּצין, און דער צווייטער דירעקטאָר, בעסער געזאָגט — דירעקטאָרשע — איז געווען מאַדאַם סערע אַדלער. זי האָט זיך אין אַ נאָווינע אָנגע׳ברוגז׳ט אויף אַדלערן און איז געוואָרן אַליין אַ דירעקטאָרשע, און טאַקע אַנגאַזשירט צו זיך אַלס סטאַר רודאָלף שילדקרויטן, וועלכער האָט שוין געשפּילט אַ סעזאָן פריער אידיש טעאַטער ביי באָרים טאָמאַשעווסקין אין „פּיפּל׳ס טעאַטער".

רודאָלף שילדקרויט און מאַדאַם סערע אַדלער האָבן אויפגעפירט טאָלסטאָיס „קרייצער סאָנאַטאַ". עס איז געווען אַ גרויסער סוקסעס. די פּיעסע איז געווען ניט קיין קונסט-ווערק. צייטנווייז פלעגט זי אַריינפאַלן אין ביליקער מעלאָדראַמע, אָבער געשפּילט איז זי געוואָרן אויפן שטאַרקסטן רעאַליסטישן שטייגער, ווייל דאָ האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן צוויי גרויסע, רעאַליסטישע, נאַטירלעכע שוישפּילער. אין קעגנזאַץ צו יעקב פּ. אַדלערן, וועלכער פלעגט אָפט אַריינפאַלן אין אומנאַטירלעכע טענער, וועלכע האָבן נאָר אים געפּאַסט, איז מאַדאַם סערע אַדלער געווען די נאַטירלעכסטע שוישפּילערין, וועלכע איך האָב אין מיין לעבן געטראָפן. די איינציקע, וועלכע האָט מיך דערמאָנט אָן מאַדאַם סערע אַדלערס נאַטירלעכן שפּילן, איז געווען די רוסישע אַקטריסע קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ. ווען מאַדאַם סערע אַדלער פלעגט רעפּעטירן איר ראָלע, פלעג איך אַ סך מאָל פרעגן ביי איר: „וואָס זאָגט איר?", מיינענדיק, אַז זי רעדט עפּעס צו

מיר. און וועגן רודאָלף שילדקרויטן איז דאָך אָפּגערעדט. ער איז געווען אויף דער בינע די נאַטירלעכקייט אַליין. זעענדיק רודאָלף שילדקרויטן אין אַ ראָלע, פלעגט מען זיך גאָרניט וועלן פאָרשטעלן, אַז עס שטייט אַן אַקטיאָר, אַז עס איז אַן אַנדערער, ווי דער וועלכן ער שטעלט פאָר.

מיט אַזעלכע צוויי קינסטלער, און טאָלסטאָיס אַ פּיעסע דערצו, איז עס געווען אַ סוקסעס, און די פּיעסע איז געגאַנגען אין ניו־יאָרק אין פאַרלויף פון זיבעצן וואָכן ביי געפּאַקטע הייזער. עס האָט אָבער מיט אַמאָל אויפגעהערט, און די געשעפטן זיינען אַוועק זייער, זייער שלעכט.

אין דער זעלבער צייט, וואָס מאַדאַם אַדלער איז פאַר אַ קורצער צייט אַוועק פון יעקב אַדלערן, איז אָבער בעסי טאָמאַשעווסקי אַוועק פון באָריסן פאַר גוט, און זי האָט גענומען וואַנדערן און גאַסטראָלירן. נו, האָט איר מאַדאַם אַדלער אַריינגענומען צו זיך, און זי האָט געשפּילט איר רעפּערטואַר: „גרינע מויד", „גרינער בחור" און געמאַכט זייער גוטע געשעפטן. אַזוי ווי רודאָלף שילדקרויט האָט קיין נייע פּיעסע ניט געהאַט, האָט בעסי טאָמאַשעווסקי אויפגעפירט ראַקאָווס „כאַנטשע אין אַמעריקע". ס'איז דעמאָלט געווען די צייט פון די סאָפראַדזשעטס, ווען פרויען האָבן געקעמפט פאַר זייער פרויען־רעכט (און האָ... טאַקע אויסגעקעמפט, אַז מען גיט זיי ניט מער קיין סיט אין דער קאַר...), איז דער גרעסטער טייל פּיעסעס אַפילו אויף בראָדוויי געווען פון דעם סאָפראַדזשעט־אינהאַלט. פּונקט אַזוי ווי די „נעווער האָומס" (אויף אידיש וואָלט איך עס איבערגעזעצט „די אַרומלויפערינס") און אויך אַ פּיעסע „דענסינג מאַדהערס" (טאַנצנדיקע מאַמעס), איז אויך „כאַנטשע אין אַמעריקע" געווען פון די פרויען־רעכט־קעמפערינס, און כאַנטשע, איך מיין בעסי טאָמאַשעווסקי, האָט געקערט וועלטן. עס האָט געוואַלדיק אָנגעריסן, אַזוי ווייט, אַז די ברוקלינער קאַר־קאָמפּאַניע פלעגט אויף פרייטיק, שבת און זונטיק באַשטעלן עקסטראַ קאַרס

צו פירן די אידן, וואָס פלעגן קומען אין די מאַסן פון די אַרו־מיקע געגנטן.

מאַדאַם אַדלער האָט געהאַט אַ דאָפּלטע פרייד. ערשטנס, וואָס דער סעזאָן פֿון איר טעאַטער איז געראַטעוועט געוואָרן דורכדעם, און צווייטנס, וואָס זי האָט אַרויסגעהאָלפן אַ קאָלעגין אירער אין אַ צייט, וואָס זי האָט איר זייער מיטגעפילט, און דאָס טעאַטער מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע פלעגן אַרומגיין פריילעך און זינגען די סוקסעס־לידלעך פון כאַנטשע. כאָטש עס איז מיין מוזיק, מוז איך צוגעבן, אַז „כאַנטשע אין אַמע־ריקע" האָט געהאַט אייניקע נומערן, וועלכע האָבן פאַרקלונגען ניו־יאָרק, און מיט וועלכע קלאַראַ יאָנג האָט שפּעטער פאַרהילכט גאַנץ אייראָפּע.

ווי געזאָגט, זיינען אַלע געווען פריילעך און צופרידן מיטן סוקסעס פון „כאַנטשע אין אַמעריקע". איינער אָבער איז אַרומ־געגאַנגען אַ ניט־צופרידענער, אַ ברוגז'ער, און דאָס איז געווען רודאָלף שילדקרויט, כאָטש ער האָט באַקומען זיין געהאַלט אין צייט און מיט כבוד. מען האָט מיר אויך איבערגעגעבן, אַז ער איז ברוגז אויף מיר. דאָס איז געווען איין מאָל ביי אַ פּראָבע, ווען ער האָט פּרו־בירט פאַר אַ בענעפיט־פאָר־שטעלונג „אוריאל אַקאָסטאַ". ער האָט געשפּילט אין איין סצענע דעם אַלטן „רב עקי־באַ". דאָס איז געווען ניט גע־שפּילט טעאַטער, נאָר איינ־פאַך אַ קאָנצערט, אַ ריסייטל. איך זיץ ווי אַ פאַרגאַפטער. זאָגט ער צו מיר: „נו, הער קאַפּעלמייסטער, וואָס דענ־



רודאָלף שילדקרויט

קען זי, איך קען שפּילן טעאַטער?" איך וויל אים ענט־פערן, לאָזט ער מיך ניט, זאָגנדיק ווייטער: „וואָרום האָבן זי מיר ניט געגעבן קיין ראָלע אין איר שטיק 'כאַנטשע'?". וויל איך אים ווייטער ענטפערן, מיינענדיק, אַז ער שפּאַסט, אָבער ער זעצט פאָר: „יאָ, גאַנץ געוויס. איך האָב געקענט שפּילן דעם הער מייזלס ראָלע, כאַנטשעס פאָטער. איך קאָן זינגען און טאַנצן. איך וואָר ביי דער דויטשער אָפּערעטע. זעען זי, ווי איך מאַך עס". און רודאָלף שילדקרויט שטעלט זיך זינגען און טאַנצן דעם דועט „אַ מאַן אַ ווייב" פון „כאַנטשע אין אַמעריקע", וועלכן כאַנטשעס פאָטער זינגט מיט זיין ווייב, און ער האָט אויסגעזונגען מיט די ווערטער און אויסגעטאַנצט דעם טאַנץ. מיר האָבן זיך אַלע צעלאַכט און הארציק אַפּלאָדירט, אָבער ער איז געווען ערנסט און האָט געזאָגט צו מיר אין אַן ערנסטן טאָן: „זי, הער קאַפּעלמייסטער, פיר דעם קאָמפּאָניסט פאַר דער דוי־טשער אָפּערעטע וואָר איך גוט און זי לאַסען מיך זיצן אינדער־היים". איך זאָג צו אים: „הער שילדקרויט, שטעלט אייך פאָר, עס גייט אַרום אַן אַדווערטייזמענט „רודאָלף שילדקרויט אין 'כאַנטשע אין אַמעריקע' ". ווי אַזוי זעט עס אויס?", זאָגט ער: „נו, יאָ, ביי אייך אין אַמעריקע איז דערהויפּט די רעקלאַמע. עס איז ניט וואָס דו שפּילסט, נאָר ווי אַזוי דו שפּילסט". אָבער אונזער אַרגומענט האָט זיך געענדיקט מיט אַ פּאָוקער־געים, און ער האָט מיר צוגעגעבן, אַז איך בין אַ „גוטער יונגע" און האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל אים ניט בלאָפן, ווייל ער קען נאָך ניט גוט די געים.

„כאַנטשע אין אַמעריקע" איז געווען מיין ערשטע סטאַבילע אָפּערעטע און די ערשטע אויסגעהאַלטענע זאַך, ווייל זי האָט ניט געהאַט דעם באָמבאַסטישן דראַמאַטישן אינהאַלט, וועלכער איז געווען כמעט אין אַלע אידישע אָפּערעטעס פון יענער צייט. עס איז געווען כמעט אַ גראָטעסק, און טאַקע דערפאַר איז מיר אַזוי געלונגען די מוזיק פון „כאַנטשע", ווייל אַלס אייראָפּעאישער

מוזיקער, איז מיר געווען נאָך שווער זיך צוצוגעוואוינען צו די אומנאַטירלעכע דראַמאַטישע מאָמענטן פון דער אָפּערעטע, און דער וויץ, די לייכטקייט פון „כאַנטשע" האָבן מיר געגעבן די געלעגנהייט צו זיין וויציק און לייכט אין דער מוזיק. און טאַקע דערפאַר האָט „כאַנטשע" מיט אַ יאָר שפּעטער געהאַט אַזאַ גרויסן בייפאַל אין גאַנץ רוסלאַנד דורך קלאַראַ יאָנג אַלס „כאַנטשע". אין אייראָפּע האָט עס געהייסן „די שיינע אַמע־ריקאַנערין". אין 1921, ווען איך האָב געמאַכט אַ טור איבער אייראָפּע, האָב איך געזען אין בערלינער ווינטער־גאַרטען אַ יאַפּאַנישן אַקראָבאַטן־אַקט, אין וועלכן איינע פון די יאַפּאַנע־זערינס האָט געזונגען דעם קופּלעט, וואָס איך האָב געשריבן פאַר בעסי טאָמאַשעווסקי אין „כאַנטשע אין אַמעריקע" — „כאַנטשע איז אַ לידי שוין אַ גאַנצע" א. אַז. וו. נאָכן שפּילן האָב איך זי געטראָפן אין אַ קאַפע־הויז ניט ווייט פון דעם ווינטער־גאַרטען און כ'האָב זי געפרעגט פונוואַנען זי קען דאָס ליד „כאַנטשע". האָט זי מיר געזאָגט, אַז אַ רוסישע שאַנסאָ־נעטקע האָט עס זי אויסגעלערנט בשעת איר ווײַלן אין מאַנ־דזשוריע. און עס איז מיר געקומען אויפן זינען: „אָרעמער ניגון, וואַנדערסט אַרום פון ברוקלינער ליריק־טעאַטער אַזש קיין מאַנדזשוריע, און פון דאָרט אין בערלינער ווינטער־גאַרטען. ביזט שוין באַלד ווי דיין מחבר — אַן אייביקער וואַנדערער. ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ גילגול עס וועט נאָך אַריין אין דעם ניגון". און דאָרטן איז מיר איינגעפאַלן צו שרייבן אַ קאָמפּאָ־זיציע אויף פּרצ'עס „דער גילגול פון אַ ניגון".

# אַברהם גאָלדפאַדן

מיט אַברהם גאָלדפאַדענען, דעם פאָטער פון דער אידישער בינע, האָב איך זיך באַקענט פערזענלעך אין אַמעריקע, כאָטש מיט זיינע פיעסעס בין איך שוין דעמאָלט געווען מער ווי באַקאַנט. זיי האָבן זיך שוין געהאַט אריינגע׳גנב׳עט אין מיין האַרצן און זיי ליגן נאָך דאָרט ביז היינט-צו-טאָג טיף, זייער טיף. אָבער פערזענלעך האָב איך זיך מיט אים באַקענט ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט שוין געמוזט שטיין פון וויטן און צוזען, ווי זיינע קינדער און אייניקלעך (איך מיין, די אידישע אַקטיאָרן מיט זייערע משפחות, ווייל ער אַליין איז געווען קינדערלאָז) שניידן דאָס, וואָס ער האָט פאַרזייט. ער פלעגט זען אַזעלכע שיינע אידישע טעאַטערס מיט אַזוי פיל דערפאָלגרייכע אַקטיאָרן און אַקטריסעס, וועלכע זיינען געקומען צו אים אַלס אָנפאַנגער, מאַנכע — ניט האָבנדיק אַפילו פריער געזען אַ טעאַטער, און איצט — איצט שטייען זיי ביי די רודערס, און ער... שטייט פונדערווייטנס. עס פלעגן זיך ביי אים אַרויסרייסן טענער פון קנאה.

דורכדעם וואָס מיין פרוי, סאַבינאַ לאַקסער, איז אויפגעטראָטן ביי גאָלדפאַדענען נאָך אַלס קינד, זיינען מיר אין אַמעריקע געוואָרן זייער באַפריינדעט צווישן זיך און געווען אָפטע באַזוכער איינע ביי די אַנדערע. איך האָב דערפאַר געהאַט גענוג געלעגנהייטן צו שטודירן דעם פאָטער פון דער אידישער בינע. מיין בעסטע פאַרברענגען מיט אַברהם גאָלדפאַדענען איז געווען — פרעגן אים און רעדן מיט אים וועגן זיינע שאַפונגען. איך האָב אים אַמאָל געפרעגט, וואָס פאַר אַ מיינונג ער האָט איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, וועגן דער מוזיק פון זיינע אָפערעטעס? האָט ער זיך פאַרטראַכט און געזאָגט, אַז דאָס וואָס ער האָט זיך באַנוצט מיט מעלאָדיעס פון חזנ׳ישע קאָמפּאָזיציעס, פרייט

אים, ווייל די מוזיק איז געשאַפן פון אידן און געבליבן ביי אידן, אָבער דאָס וואָס ער האָט גענומען טייל מעלאָדיעס פון וועלט־אָפּערעס און אַריינגעשטעלט אין זיינע פּיעסעס, דאָס קאָן ער זיך קיינמאָל ניט פאַרגעבן, און ווען ער קאָן עס כאַפּן צוריק, אַפילו נאָך איצט, וואָלט ער עס גערן געטאָן. ער האָט מיר דערביי דערציילט אַזאַ קאָמישן פאַל, וואָס האָט פּאַסירט אין אַדעס. ער האָט דאָרט אויפגעפירט זיין פּיעסע „דער דיבוק", אין וועלכער ער האָט אַריינגעשטעלט דעם כאָר פון די פּריסטער און אויך דעם באַלעט פון דער דעמאָלט נאָך נייער אָפּערע פון ווערדי, „אאידאַ". אַ יאָר שפּעטער, ווען מען האָט אויפגע־פירט צום ערשטן מאָל אין אַדעס די אָפּערע „אאידאַ", האָבן אַלע געזאָגט, אַז ווערדי האָט באַ'גנב'עט גאָלדפאַדענען, אַ סימן, אַז זיי האָבן די זעלבע מוזיק נאָך געהערט מיט אַ יאָר פריער. ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז אין בוקאַרעשט האָט אַ גלח פּראָטעסטירט פאַרוואָס מען זינגט אין „בר כוכבא" אַ שטיק פון הענדעלס „הללויה" פון דער אָראַטאָריע „יהודה המכבי" (דער כאָר: „מיר שווערן, מיר שווערן"), וועלכעס מען זינגט אָפט אין די קירכעס, ספּעציעל די וואָך פון „קריסטמעס".

די פּאָפּולערסטע לידער אָבער, וועלכע האָבן זיך אַריינגע־גנב'עט אין האַרץ און אין דער נשמה פון פאָלק, די האָט ער אַליין פאַרפאַסט, אויסקלאַפּנדיק מיט איין פינגער אויף דער פּיאַנאָ. און אַזוי ווי אַלס פּאָעט האָט ער פאַרמאָגט ריטם (טאַקט), האָט אים דער ריטם געהאָלפן שאַפן די האַרציקע לידער. אָבער ווען עס איז געקומען צו מאַכן גרויסע כאָרן אָדער רעטשיטאַטיוון און אַפילו אַריעס, האָט ער געמוזט אָנקומען צו פרעמדע.

עס איז מערקווירדיק, אַז די פרעמדע מעלאָדיעס, מיט וועלכע גאָלדפאַדן האָט זיך באַנוצט (אַחוץ די אָפּערע־מעלאָ־דיעס) זיינען ביי גאָלדפאַדענען אַרויסגעקומען געשמאַקער און האַרציקער ווי אין אָריגינאַל. עטלעכע פרעמדע מעלאָדיעס האָבן ערשט באַקומען זייער תיקון אין גאָלדפאַדנס ווערטער. אין

„שולמית", צום ביישפּיל, איז דער שבועה-דועט „אָט דער ברו־נעם, אָט דער", וואָס אַבשלום זינגט מיט שולמית'ן, אָריגינעל פון אַ קאָמפּאָזיציע פון אַ חזן, וועלוועלע שעסטאָפּאָל, אויפן טעקסט פון „לא המתים יהללו יה". איך פלעג, אַלס אינגל, זינ־גען די סאָלאָ. עס איז געווען אַ גאַנץ איינפאַכער חזנ'ישער נומער, אָבער ערשט ביי גאָלדפאַדענען האָט די מעלאָדיע באַ־קומען איר ריכטיקן תיקון, און ניט נאָר די ווערטער, נאָר די מוזיק איז געוואָרן אַ שענערע. אָדער, נעמט גלייך דעם ערשטן כאָר פון „שולמית", — „אָנגעלאָדן מיט אַלדאָס גוטס, מיט די שטעקנס אין די הענט", — וואָס איז גענומען געוואָרן פון פּאַ־ריזער קאַנטאָר נאָמבערגס „לך ה' הגדולה". אין שול ווערט עס גאָרניט פאַררעכנט פאַר אַ קאָמפּאָזיציע, נאָר פאַר אַ „רעס־פּאָנז", אַזוי ווי „אָמן" אָדער „יהא שמה רבא", אָבער ווי מעכ־טיק עס קלינגט אויף דער בינע, ווען די מאַסע גייט עולה רגל זיין, אָנגעלאָדן. און שפּעטער, „וואו ביזטו, וואו ביזטו, דו הייליק לאַנד?" איך האָב גאָרניט געפילט, זינגענדיק עס אין שול, אַז עס געפינען זיך אין דער קאָמפּאָזיציע אַזעלכע הערלעכע טענער.

גאָלדפאַדנס גרעסטע שאַפונגען זיינען אָבער אַלץ די אָרי־גינעלע גאָלדפאַדן-מעלאָדיעס, ווי למשל: „אין דעם בית-המקדש אין אַ ווינקל חדר", אָדער פון „בר כוכבא" — „וויינט-זשע אַלע, ציונ'ס טעכטער", און דאָס פּאַסטוך-ליד — „אַ פּאַסטוכל איז גע־ווען אַמאָל", און „שטיי אויף, מיין פאָלק" — דאָס שלאָף-לידעלע פון „עקידת יצחק" — דאָס האָט גאָלדפאַדן אַליין פאַררעכנט פאַר זיין ליבסטע שאַפונג. ער פלעגט עס אַלע מאָל פאַר זיך אַליין ברומען. פון דער הערלעכער האַרציקער מעלאָדיע קאָן מען מאַכן אַן אַנדאַנטע, וועלכע וואָלט זיך אַריינגעפּאַסט אין דער גרעסטער סימפאָניע, געוויינלעך מיט דער ריכטיקער באַ־אַרבעטונג. דער טעקסט איז דאָרט זייער אַ פּליסיקער. עס איז ניט גלאַט גראַם-שטראַם. „דער אל שדי וועט בוודאי האַלטן וואָרט, מיין קינד" — דאָס איז כאַראַקטעריסטיש גאָלד־פאַדן.


אַברהם גאָלדפאַדן

גאָלדפאַדן פלעגט מיט מיר אָפט רעדן פון אַ גאָלדפאַדן־טעאַטער, אָבער ער איז שוין געווען צו שוואַך אונטערצונעמען אַזאַ זאַך. נאָך מיין מיינונג, איז נאָך אפילו איצט צייט פאַר אַ גאָלדפאַדן־טעאַטער. עס האָט נאָך קיינער ביז היינט, העכער 300 יאָר, ניט פאַרטונקלט שעקספירן. עס געהערט נאָך היינט צו די גרויסע קונסטן צו זיין אַ גוטער שעקספיר־אַקטיאָר. אַזוי פריש און צייטלעך איז אויך אַ גאָלדפאַדן־אָפּערעטע און אַ גאָלדפאַדן - ניגון, נאַטירלעך, מיט די ריכטיקע קרעפטן.

און אַ גאָלדפאַדן־אַקטיאָר דאַרף מען קאָנען זיין פונקט אַזוי ווי אַ שעקספיר־אַקטיאָר. עס איז אַ ספּעציפישע קונסט צו זיין אַ גאָלדפאַדן־אַקטיאָר, און אַברהם גאָלדפאַדן פלעגט זיך טאַקע אָפט באַקלאָגן, אַז יעקב גאָרדין, פון וועלכן ער האָט זייער געהאַלטן אַלס דראַמאַטורג, פאַר׳גוי׳אישט די אידישע אַקטיאָרן. ער פלעגט זאָגן, אַז פון יעקב גאָרדינס אַ באָרד און אַ פּאָר שטיוול שמעקט דער פּאָניע, ניט דער איד. איבערהויפּט פלעגט ער זיין קעגן דעם, וואָס מען שיסט אין יעקב גאָרדינס פּיעסעס. ער פלעגט זאָגן, אַז יעקב גאָרדין האָט אויסגעלערנט די אידישע אַקטיאָרן האַלטן אַ פּיסטאָל אין די הענט.

ער פלעגט זיך אויך באַקלאָגן, אַז די וועלט האָט אים פאַרגעסן, אַז שוין ביים לעבן קען מען אים ניט. האָבנדיק אַמאָל אַ

געשפּרעך אויף דער טעמע, אַז גאָלדפאַדען איז אַ פאַרגעסענער און מ'קען אים ניט, זיינען מיר דורכגעגאַנגען ריווינגטאָן סטריט. גאָלדפאַדען האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ פענסטער פון אַ געשעפט, וואו עס זיינען געווען אַרויסגעשטעלט אַלערליי רוסישע צוקערקעס (קענדי) און אימפּאָרטירטע לאַקס, סעמען, פיש און אַזוי זיך נאַשערייען, און ער זאָגט צו מיר: „קום אַריין, איך האָב ליב רוסישע צוקערקעס". מיר גייען אַריין. הינטערן קאָנטאָר שטייט אַ מאַן אין אַ זייער ריינעם, ווייסן פאַרטוך, מיט אַ ליכטיק, רויט־אָנגעגעסענעם פּנים, אַ מענטש אין די פופציקער, אָבער קרעפטיק, ווי דער אַמעריקאַנער וואָלט זאָגן, „עי פיקטשור אָוו העלטה". גאָלדפאַדען זאָגט צו מיר, אָנווייזנדיק אויפן מאַן: „ניט אומזיסט זעט ער אַזוי גוט אויס; דו זעסט, וואָס דאָ טוט זיך!" — און ער פאַסמאַקעוועט זיך. ער פרעגט, וואָס עס קאָסטן די צוקערקעס. ענטפערט דער מאַן: „וואָס אַרט אייך וואָס עס קאָסט?" „און וואָס קאָסט אַ באַקסל פייגן?" — פרעגט ווייטער גאָלדפאַדען. עס קומט דער זעלבער ענטפער: „וואָס אַרט אייך וואָס עס קאָסט?" זאָגט צו מיר גאָלדפאַדען: „ער מיינט, איך בין אַ גביר", און ער קלייבט אויס אַ באַקסעלע צוקערקעס און אַ באַקסל פייגן און נעמט אַרויס געלט. שטייט דער מאַן און רירט זיך ניט און זאָגט גאָרניט. זאָגט גאָלדפאַדען: „נו, זאָגט שוין וואָס עס קאָסט". זאָגט דער מאַן: „איך וואַרט שוין אויף אייך עטלעכע און פערציק יאָר. וואָס מיינט איר, איך וועל אייך אַזוי, מיר־ניט, דיר־ניט, אַרויסלאָזן פון מיין סטאָר? אַז איך האָב די זכיה אייך, אַברהם גאָלדפאַדענען, צו האָבן אין מיין סטאָר, וועל איך אייך אויסקלייבן פון כל־טוב, וואָס אייער האַרץ גלוסט". ער נעמט אַ גאַנץ גרויסע באַקס און פילט זי אָן מיט די בעסטע אימפּאָרטירטע זאַכן פון אַלעם, וואָס ער האָט געהאַט. פאַקנדיק, דערציילט ער, אַז זיין טאַטע האָט אים, אַלס קינד, גענומען אין רוסקי טעאַטער אין אַדעס, און ער קען עס ביז היינט ניט פאַרגעסן. ער דערציילט ווייטער, אַז ער האָט

גאָלדפאַדענען געזען, ווען מען האָט פאַר אים געמאַכט אַ קבלת־פנים אין גרענד־טעאַטער. און — עס שטייט שוין אַ לאַנגער, דאַרער בחור און האַלט די אָנגעפילטע באַקס, און דער מאַן אַר־דערט אים צוצוטראָגן דאָס פּעקל אין גאָלדפאַדנס וואוינונג. וועגן צאָלן איז אָפּגערעדט, אָבער גאָלדפאַדן פרעגט דאָך, וואָס אומגעפער דאָס באַטרעפט. זאָגט דער מאַן: „וואָס איז די נפקא מינא, איר קאָנט עס ניט קויפן פאַר ווייניקער פון פופצן דאָלאַר...״ און גיט צו: „גלויבט מיר, ווען איך האַנדל מיט דימענטן, וואָלט איך אייך אָנגעשטאָפּט מיט דימענטן פאַר איי־ער — און ער נעמט זיך זינגען — ׳אין דעם בית־המקדש׳ ״...

ווען מיר זיינען שוין געווען אינדרויסן, האָב איך געפרעגט גאָלדפאַדענען: „נו, הער גאָלדפאַדן, מען קען אייך ניט? מען האָט אייך פאַרגעסן?״ און ער זאָגט: „יאָ, מיין קינד, איך האָב באַדאַרפט איצט האָבן אַ גאָלדפאַדן־טעאַטער״. זאָג איך: „פאַר אַ גאָלדפאַדן־טעאַטער איז קיינמאָל ניט שפּעט...״

# אַדלער לויפט שיסן מיט אַ פאַלשן פּיסטאָל

מיין אינגערער ברודער, מענדל, אָדער ווי מען רופט אים אין אַמעריקע — מאַקס, האָט זיך נאָך אַלס שילער אין דער ווילנער האַנטווערקער־שול אויסגעצייכנט אין מאַטעמאַטיק און איז נאָך איצט אַ מענטש מיט חשבון. איבערלייענענדיק מיינע מעמוּאַרן, ווען זיי האָבן זיך געדרוקט אין „טאָג", רופט ער מיך אָפּ טעלעפאָניש פון וואַשינגטאָן, וואו ער וואוינט:

— יאָזעף, וואָס איילסטו זיך אַזוי מיט דיין לעבנס־באַשריי־בונג? דו האָסט דאָך אַריבערגעשפּרונגען אפשר פינף־זעקס יאָר וויכטיקע פּאַסירונגען פון דיין לעבן. ביז דיין אָפּרעטע „כאַנטשע אין אַמעריקע" האָט זיך נאָך פיל אָפּגעטאָן.

און ער נעמט מיר אויסרעכענען און שרייט דורכן טעלע־פאָן ניט ווי אַ אינגערער ברודער, נאָר ווי אַ טאַטע:

— יאָזעף, גיי צוריק. יאָזעף, גיי צוריק!

און אַ פּאָר מינוט שפּעטער — ווידער אַ טעלעפאָן. „וויר־דזשיניאַ קאָלינג" (ווירדזשיניאַ רופט). פאַרשטיי איך שוין, אַז דאָס איז מיין עלטערער ברודער איציק.

— וואָס הייסט — שרייט איציק — ביי דיר איז עפּעס יאָרן גאָרניט? די ערשטע יאָרן פון דיין לעבן האָב איך דיך אָפּגעע־היט, אַז מען זאָל דיר ניט אַריבערשיטן זאַמד איבער דיין קעפּל, ווען דו ביזט געזעסן 6 יאָר נאָכאַנאַנד בשעת דו ביזט קראַנק געווען. דעמאָלט האָב איך געציילט יעדן טאָג, און איצט גיסטו אַ שפּרונג אַריבער גאַנצע פינף יאָר פון דיין לעבן. יאָש־טשיק, גיב מיר אָפּ די פינף יאָר, זיי זיינען די אינטערעסאַנט־סטע אין דיין אַמעריקאַנער לעבן. דו הערסט, יאָשטשיק? גוד באַי.

קלער איך: ברידער, זיי פאַרדריסט עס. וועמען אַרט עס, אויסער זיי? דער טעלעפאָן קלינגט אָבער ווידער: „איך האָב

געפילט ניט גוט. איצט, אַ דאַנק גאָט, פיל איך בעסער. איך האָב אייך געוואָלט נאָך רופן נעכטן". איך דערקען די שטימע פון מיין אַלטן פריינד, חזן יעקב ראַפּאָפּאָרט (וועלכער איז, ליידער, שוין מער ניט צווישן די לעבעדיקע): „וואָס הייסט, איר נעמט צו פינף יאָר פון מיין לעבן? און נאָך אַזעלכע יאָרן! די ערשטע יאָרן פון מיין קומען אין אַמעריקע. איך האָב פון דער־מאָלט אָן נאָכגעפאָלגט יעדן טאַקט נאָטן, וואָס איר האָט אָנ־געשריבן. איך בעט אייך, אַלס אייער יאַנקל ראַפּאָפּאָרט, גיט מיר אָפּ די טייערע פינף יאָר פון מיין לעבן". און איך קלער ביי זיך: „נו, ראַפּאָפּאָרט איז אויך אַזוי ווי איינער פון מיין פאַ־מיליע. עס מאַכט ניט אויס".

געקומען אין טעאַטער, זע איך, אַז מיין אַלטער פריינד, ווילי פאַסטערנאַק (שוין, ליידער, אויך ניט צווישן די לעבעדיקע) איז „בייז". ער דערלאַנגט מיר עטלעכע פּאָסט־קאַרדס און אַ פּאָר בריוו. „נאַט, לייענט. איך בין ניט דער איינציקער משוגע־נער". — „וואָס הייסט — כאַפּ איך אויס — ווילי, איך ווייס וואָס איר ווילט זאָגן. נו, איז וואָס?" איך לייען די פּאָסט־קאַרדס. די זעלבע טענות. אין די בריוו אויך די זעלבע טענות. מען רופט מיך אויף דער בינע מאַכן פּראָבע. ווילי פאַסטערנאַק רופט מיך צוריק: אַ טעלעפאָן.

— „העלאָו, יאָסל (איך דערקען די שטימע פון מיין אַלטן פריינד צבי הירש רובינשטיין, וועלכער האָט מיך דערמוטיקט און אָנגעמונטערט צום דרוקן מיין לעבנס־געשיכטע). יאָסל, וואָס איילט איר זיך? אַז איך האָב צייט, וואָס האָט איר קיין צייט ניט? און ווידער, עס איז ניט אָנבאַלאַנגט אָן אונז. דער עולם האַלט חשבון. און איר, אַלס דערפאַרענער טעאַטראַל, ווייסט דאָך, אַז מיט אַן עולם קען מען זיך ניט און מען טאָר זיך ניט איינשפּאַרן. מיר וועלן זיי מוזן געבן אַ פולע פּאָרציע פון אייער לעבן, און איבערהויפּט פון אייערע שאַפונגען. זייט מיר גע־זונט".

איך מוז צוגעבן, אַז כ׳האָב געגעבן אַ צו גרויסן שפּרונג: נאָך מיין סעזאָן פון ליריק-טעאַטער, אין ברוקלין, האָט יעקב פּ. אַדלער מיט לעאָפּאָלד שפּאַכנערן (וועלכער איז דעמאָלט געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע דירעקטאָרן, און אויך דער מאַן פון בערטאַ קאַליש), גענומען דעם ווינדזאָר-טעאַטער און מיך אַנגאַזשירט אַלס דיריזשאָר און קאָמפּאָזיטאָר. דאָס איז טאַקע געווען מיין ערשטע שטעלע אַלס דיריזשאָר אין אַ ניו-יאָרקער גרויסן טעאַטער. דאָס הייסט, אַנגאַזשירט האָט מיך דער די-רעקטאָר לעאָפּאָלד שפּאַכנער, ווייל אַדלער איז דעמאָלט געווען אין אייראָפּע, און מען האָט געשלאָסן די פּאַרטנערשיפּ דורך בריוו און טעלעגראַמען. אָבער לעאָפּאָלד שפּאַכנער האָט גע-וואוסט אַדלערס גוטע מיינונג וועגן מיר.

אָנגעהויבן יענעם סעזאָן האָט מען מיט אַ היסטאָרישער אָפּערעטע „זאַראַיאַ״. אַזוי ווי אַדלער האָט זיך פאַרשפּעטיקט און האָט צום אָנפאַנג סעזאָן ניט געקענט קומען, האָט ער צוגע-שיקט אַ סטאַר פון אייראָפּע, אַ געוויסן איציקל גאָלדנבערג. „זאַראַיאַ״ איז געווען מיין ערשטע גרויסע אָפּערעטע. האָבן אָבער ניט די אָפּערעטע און ניט דער סטאַר ניט געהאַט דעם געווינטשטן סוקסעס, נאָר איך האָב געוואונען צוטרוי אַלס טעאַטער-קאָמפּאָזיטאָר. די אָפּערעטע „זאַראַיאַ״ האָט געהאַט אַ גרויסן כאָר, אַ גרויסן אַנסאַמבל, אַריעס, ראָמאַנסן, לידער און קופּלעטן. קורץ, עס איז געווען פון כל-טוב. און עס קען זיין, אַז אין אַן אַנדער טעאַטער וואָלט די אָפּערעטע „זאַראַיאַ״ גע-בראַכט אַ סך געלט, אָבער עס איז געווען אין אַדלערס טעאַטער, וואו דאָס פּובליקום האָט דערוואַרט צו זען אַדלערן אין אַן אַד-לער-פּיעסע. מיט אַמאָל שפּילט ניט אַדלער, און אָנשטאָט אַ דראַמע ווערט גאָר געשטעלט אַן אָפּערעטע. אָבער ווען אַד-לער איז געקומען פון אייראָפּע און האָט אָנגעפאַנגען מיט זיין גרויסן רעפּערטואַר ווי: „קעניג ליר״, „דער אַדעסער בעטלער״, „עץ הדעת״, „שלמה חכם״, „שיילאָק״ און נאָך, פון

אַדלערס בריליאַנטענע ראָלעס, איז געוואָרן לעבעדיק אין טעאַטער.

און גלייך נאָכדעם האָט ער אויפגעפירט די היסטאָרישע דראַמע „נאַטאַן דער ווייזע" (נתן החכם), וועלכע דער סופליאָר בערנאַרד ווילענסקי האָט איבערגעזעצט און געמאַכט פאַר אַ היסטאָרישע אָפּערעטע, בעסער געזאָגט, היסטאָרישע אָפּערע. עס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט אָריענטאַלישער מוזיק, וועלכע דער אינהאַלט האָט פאַרלאַנגט. אָבער „נתן החכם" איז געבליבן פאַר מיר אויך היסטאָריש, ווייל דאָרט האָב איך געמאַכט דאָס ליד „ויתן לך", וועלכעס איז געוואָרן אַ פאָלקס-ליד, און איך מוז צוגעבן, אַז באַגייסטערט פאַר דעם ליד „ויתן לך" האָט מיך אַדלער אַליין. ער האָט צו מיר געזאָגט: „יונגערמאַן, איר זאָלט מאַכן דאָס ליד „ויתן לך", אַז ס'זאָל פאַרבלייבן אויף דור-דורות, און זאָל מען געדענקען, אַז דאָס האָט געזונגען יעקב פּ. אַדלער".

יאָ, ער האָט האַלב-געטראָפן — דאָס ליד „ויתן לך" איז פאַרבליבן פאַר דור-דורות, אָבער מען האָט פאַרגעסן אַדלערן און אויך דעם קאָמפּאָזיטאָר. וואָס אָנבאַלאַנגט מיר, בין איך צופרידן, וואָס מען האָט מיר מיט פינף-און-צוואַנציק יאָר שפּעטער צוגעטראָגן און געוויזן אַ נייע אויסגאַבע פון פאָלקס-לידער, אַרויסגעגעבן אין סאָוועט-רוסלאַנד, און צווישן די לידער האָב איך געפונען דאָס ליד „ויתן לך" אַריינגערעכנט צווישן די פאָלקס-לידער אָן דעם נאָמען פון דעם קאָמפּאָזיטאָר. אָנשטאָט צו ווערן בייז, האָב איך שטאָלצירט מיט דעם, ווייל דאָס איז אַ גרויסע דערגרייכונג פאַר אַ קאָמפּאָזיטאָר, אַז זיינס אַ ליד זאָל אַריין אין פאָלק אויף אַזוי פיל, אַז מען זאָל פאַרגעסן אָן דעם קאָמפּאָזיטאָר.

עס איז כדאַי צו דערמאָנען נאָך אַ פאַל, וואָס איך האָב געהאַט מיט דער מעלאָדיע פון „ויתן לך". איך בין אַמאָל געזעסן אין קאַרנעגי האָל ביי אַן אויפפירונג פון בעטהאָווענס

ניינטער סימפאָניע, וואָס פאָדערט אַ פאַרגרעסערטן סימפאָנישן אָרקעסטער, אַ גרויסן כאָר, פיר סאָליסטן, און אָרגל (די ניינטע סימפאָניע איז פאַררעכנט צו בעטהאָווענס גרעסטע ווערק. ער האָט זי געשריבן, ווען ער איז שוין געווען אינגאַנצן טויב; ער אַליין האָט זי שוין ניט געהערט). די אויפפירונג איז געווען באַזונדערס אינטערעסאַנט, ווייל טאָסקאַניני, וועלכער איז דאַן געווען אין מעטראָפּאָליטען אָפּערע הויז, האָט אויפגעפירט בעטהאָווענס ניינטע סימפאָניע אויף די זונטיק-קאָנצערטן אין מעטראָפּאָליטען אָפּערע הויז, און דער גרויסער אידיש-דייטשער דיריזשאָר און קאָמפּאָזיטאָר גוסטאַוו מאַהלער האָט עס אויפגע- פירט אין קאַרנעגי האָל. אַלזאָ, זיצנדיק אין קאַרנעגי האָל, וועלכער איז געווען געפּאַקט מיט קריטיקער און מוזיקער, האָב איך ביי זיך געקלערט, אַז פאַר אַזאַ פּובליקום איז אינטערעסאַנט צו שפּילן און צו אַרבעטן. איבערהויפּט איז מיין אויפמערק- זאַמקייט געפאַלן אויף אַ מאַן, וועלכער איז געזעסן לעבן מיר, מיט אַן אַריסטאָקראַטיש אויסזען, צוויי באַקן-בערד, הויך, געשמאַקפול און רייך געקליידט. איך האָב מיר געקלערט, אַז אַזאַ סאָרט מענטשן זעט מען גאָרניט אין אידישן טעאַטער.

נאָכן קאָנצערט האָט דער מאַן, אָנטוענדיק זיין רייך- עלעגאַנטן מאַנטל, — ער האָט די גאַנצע צייט פון קאָנצערט צו מיר ניט גע- רעדט און איך ניט צו אים — געזאָגט צו מיר: „איר הערט, מר. רומשינסקי, ווען איר שפּילט מיט דעם אָר-


יעקב פּ. אַדלער

קעסטער „ויתן לך", האָב איך מער הנאה". די געלונגענע ווער־טער פון „ויתן לך" זיינען פון שלמה שמולעוויטשן, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער פּאָפּולערסטער ליריקער אין אידישן טעאַטער.

אַדלער וואָלט דעמאָלט געהאַט איינעם פון זיינע גרעסטע סעזאָנען. האָט זיך אָבער אַריינגעמישט אַן אייפערזוכט. אַד־לער איז געוואָרן שרעקלעך אייפערזיכטיק אויף אַ געוויסן אַק־טיאָר, וועלכער איז צו יענער צייט געווען אין דער קאָמפּאַניע, אַז ער איז אַ צו נאָענטער מחותן מיט סאָניאַן (מרס. אַדלער), און עס איז געווען פריילעך. אָנשטאָט מאַכן פּראָבן, שפּילן טעאַטער, איז אַדלער געוואָרן אַ דעטעקטיוו און געמאַכט זיינע נאָענטסטע אָנהענגערס פאַר דעטעקטיוון. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז אַדלער איז אַמאָל געלאָפן מיט אַ פּיסטאָל שיסן אויף יענעם אַקטיאָר. האָט מען אָבער אויסגעפונען, אַז דער פּיסטאָל איז געווען אַ פאַרזשאַווערטער, אַ צעבראָכענער, אַז אַדלער האָט אים געפונען הינטער דער בינע, און אַז איבער־הויפּט האָט דער פּיסטאָל קיינמאָל קיין ריכטיקע קוילן ניט גע־האַט, אויסער טעאַטראַלע, נאָכגעמאַכטע.

חברה אַקטיאָרן, אַקטריסעס, פּאַטריאָטן, אַרומהענגער האָבן אָבער געהאַט פון וואָס צו רעדן. אין אַלגעמיין איז דעמאָלט געווען אַ סעזאָן פון ליבעס, ליבעס פאַרבאָטענע, ליבעס, פון וועלכע עס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט ערנסטע חתונות. טאַקע יענעם סעזאָן האָט זיך מאַדאַם אַבראַמאָוויטש פאַרליבט אין קלמן יאָוועליר, ווען ער האָט געזונגען אַ סערענאַדע, געשריבן פון מיר: „איך זינג ניט פאַר קיינעם, איך זינג נאָר פאַר דיר". פלעגט מאַדאַם אַבראַמאָוויטש זיצן אין באָקס און ער פלעגט עס זינגען דירעקט צו איר.

און אויך האָט זיך אין יענעם סעזאָן שטאַרק פאַרליבט דער שוין איצט פאַרשטאָרבענער ענגליש־אידישער מענעדזשער דעניעל פראָמאַן אין אַדלערס עלטערער טאָכטער פרענציס,

וועלכע איז דעמאָלט געווען אין איר בליענדסטער יוגנט, און ער שוין אַ מענטש אין די הויכע פופציקער. דעניעל פראָמאַן, וועלכער איז צו יענער צייט געווען אין זיין גלאַנץ אַלס אַמע־ריקאַנער טעאַטער־דירעקטאָר, פלעגט איינפאַך כסדר זיצן אין ווינדזאָר־טעאַטער, און ווען פרענצים פלעגט אים דערזען, פלעגט זי זאָגן: „ער איז שוין ווידער דאָ!"

און טאַקע אין דעם סעזאָן פון ליבעס האָבן זיך מר. און מרס. אַדלער אויפסנייע פאַרליבט. אין אַ שיינעם פרימאָרגן זיי־נען זיי ביידע געאָרעמט אַריין אין טעאַטער, אַזוי ווי גאָרניט געווען, און טאַקע אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָבן זיי, ווי אַ פאַר־ליבט פּאָרל, זיך אַוועקגעכאַפּט קיין איראָפּע. אַזוי ווי עס איז שוין געווען פורים־צייט, האָבן מיר אויפגעפירט אונזער פּסח־פּיעסע „אַ אידיש קינד", מיט מאַדאַם פּראַגער, קלמן יאַוועליר, בערל בערנשטיין אין די הויפּט־ראָלעס, און עס איז געוואָרן איבער נאַכט אַ גרויסער סוקסעס. „אַ אידיש קינד" איז געווען מיין ערשטע עכט־אידישע אָפּערעטע. אייניקע ניגונים פון „אַ אידיש קינד" זיינען אויך פאַרבליבן כמעט ווי פאָלקס־מעלאָדיעס, ווי „מיר וועלן זינגען, מיר וועלן טאַנצן גיין". בערל בערנשטיין, דער קאָמיקער, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין זיין גלאָררייכ־סטער קאַריערע, האָט ביי מיר באַשטעלט אַ קופּלעט צו „אַ אידיש קינד", זאָגנדיק: „כ'בעט אייך, מאַכט מיר עפּעס אַ קופּ־לעט, עס זאָל זיין אַ „באָמבע". האָב איך אים געמאַכט אַ קופּ־לעט, וועלכער האָט געהייסן: „אַ באָמבע — זינט באָמבעס האָבן זיך געבאָמבעט, איז נאָך אַזאַ באָמבע ניט געווען".

די אָפּערעטע „אַ אידיש קינד" וואָלט מען געשפּילט אַ לאַנ־גע צייט, האָבן מיר אָבער געמוזט אויף מאָרגן נאָך פּסח אַרויס־גיין פון טעאַטער, ווייל די שטאָט האָט געזאָגט, אַז זי דאַרף דעם פּלאַץ פון טעאַטער פאַר אַ וויכטיקערער זאַך, ווי שפּילן אידי־שע אָפּערעטעס, און אָנשטאָט מאַכן אידישע לידלעך פאַרן טעאַטער, האָט מען געמאַכט אויף דעם פּלאַץ די „מאַנהעטן ברידזש" (בריק).

און ווען איך פאָר איצט אויף דער מאַנהעטן בריק, קלינגען
מיר נאָך די לעצטע טענער, מיט וועלכע מיר האָבן געשלאָסן
דאָס טעאַטער, מאַכנדיק פּלאַץ פאַר דער בריק:

מיר וועלן זינגען, מיר וועלן טאַנצן גיין,
אוי, זאָג אונז, טאַטע פאָטער, ווי דערלעבט מען דאָס.
ס'וועט זיין באמת, זייער שיין,
אַז יעדער איד וועט זיין פאַר זיך אַ בעל־הבית.

## אַרלער פּאַרליבט צוליב מיר זיין גרענד־טעאַטער

איך האָב נאָך דעם סעזאָן פון „ווינדזאָר־טעאַטער” גענומען א וואוינונג אין בעט ביטש, וואו עס האָבן זיך געפונען א סך פון די מוזיקער פון דער אידיש־רוסישער קאָלאָניע, און מיר האָבן געפּלאַנט צו מאַכן א שטענדיקע רוסישע אָפּערע, טאַקע אונטער דער לייטונג פון דעם זעלבן דיריגענט פון דער רוסישער סימ־פאָניע, מאָדעסט אַלטשולער, און איך זאָל זיין אויך איינער פון די דיריגענטן און דער כאָר־רעפּעטיטאָר, דאָס הייסט, איינשטו־דירן מיטן כאָר.

מאַנדעלקערן, וועלכער האָט אַרונטערגעבראַכט מאַקסים גאָרקין, יאַשאַ הפצ׳ן און אויך דעם ערשטן רוסישן באַלעט (צו־זאַמען מיט מאָרים געסטן), אָט דער זעלבער מאַנדעלקערן האָט גערופן א מיטינג פון די גרינדער פון דער רוסישער אָפּערע, ביי וועלכן עס האָבן זיך געפונען אַלע רוסישע זינגערס, זינגערינס, מוזיקער און בכלל רוסישע אינטעליגענטן, נאָענטע פון דעם רו־סישן אַמבאַסאַדאָר און אויך א פּאָר מעצענאַטן, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען דער אידיש־אַמעריקאַנער מיליאָנער און ליבהאָבער פון קונסט אָטאָ קאָהן, און מען האָט ביי דעם מיטינג אַפילו באַשטימט א געוויסע סובסידיע. איך האָב מיך אַריינ־געוואָרפן מיט מיין גאַנצער ענערגיע אין דער אַרבעט פון דער צוקונפטיקער רוסישער אָפּערע אין אַמעריקע.

דער קאָמיטעט האָט שוין אַפילו באַשטימט די ערשטע צוויי אָפּערעס: „פּיקאָוואיאַ דאַמאַ” פון טשאַיקאָווסקי און „רוסאַלקאַ” פון דאַרגאָמיזשסקי. מען האָט שוין אָנגעהויבן מאַכן פּראָבעס אין מוזיק־סטודיאָ ביי קאַמינסקין, וועלכער איז אַליין געווען א געוועזענער רוסישער אָפּערע־זינגער. די רוסישע אַטמאָספע־רע מיט דער שפּראַך און מוזיק האָבן מיך געמאַכט פאַרגעסן אַז

מיינע פּאָר סעזאָנען אין אידישן טעאַטער. אָבער ווען איך פלעג קומען אַהיים אַ באַגייסטערטער פון דער רוסישער אָפּע־רע, פלעגט מיין פרוי, סאַבינאַ לאַקסער, מיט איר רואיקן, געלאַ־סענעם טאָן, מיר זאָגן:

— יאָזעף, דיין גאַנצע אַרבעט, וואָס דו לייגסט אַוועק פאַר דיין רוסישער אָפּערע, איז אַרויסגעוואָרפן, ווייל אַזוי גיך ווי דו וועסט נאָר האָבן אַ געלעגנהייט אין אידישן טעאַטער, וועסטו עס אַוועקוואַרפן.

איך האָב פּראָטעסטירט קעגן איר באַהויפּטונג. איך האָב געזען פאַר זיך אַ רוסישע אָפּערע אין אַמעריקע און בין אָנגע־גאַנגען מיט דער אַרבעט פון „אַ סטאַבילער רוסישער אָפּערע״.

איין מאָל קומט אַריין אין קאַמינסקים סטודיאָ הערי גאַטי, איינער פון יעקב פּ. אַדלערס מענעדזשערס, און זאָגט מיר, אַז מר. אַדלער וואַרט אויף מיר אונטן אין זיין קאַרעטע. איך הויב מיך אויף און נעם אַרויסגיין, הער איך ווי קאַמינסקי זאָגט אין ענגליש מיט זיין רוסישן אַקצענט: „גוד באַי, רומשינסקי, פאַר אָס״.

אַדלער באַגריסט מיך, זיצנדיק אין זיין קאַרעטע, מיט אַן אַרגומענט. „פיין, זייער פיין. אָט דאָס הייסט אַ פריינד? אָט דאָס הייסט מיינס אַ מענטש, פון וועמען איך רעד און האַלט אַזוי פיל? איך בין שוין צוריק פון אייראָפּע אַ שיינע פּאָר וואָכן, און איר קומט מיך גאָרניט זען!״

איך דערצייל אים פון דער רוסישער אָפּערע. זאָגט ער:

— וואָס טויג אייך רוסישע אָפּערע אין אַמעריקע? איר באַדאַרפט זיין מיט מיר, מיט יאַקאָב פּאַוולאָוויטש אַדלער. איך האָב גענומען פאַר דעם קינפטיקן סעזאָן דעם „גרענד טעאַטער״, וואו איך וועל אויפפירן גרויסע זאַכן. און איר ווייסט דאָך, ווי איך האָב ליב מוזיק אין מיינע פּיעסעס. איך וויל אויפפירן אויפסניי „שיילאָק״ כמעט אין אַן אָפּערע־פאָרם, נאָר איך אַליין, „שיילאָק״, זאָל ניט זינגען. ווייטער זאָלן אַלע זינגען: דזשעסי־

קאַ, פאַרשיאַ, לאַרענצאַ, לאַנסעלאָט — אַלע, אַלע זאָלן זינגען. איך אָנגאַזשיר אַ גרויסע געזעלשאַפט און איר באַדאַרפט זיין מיט מיר. איר ווייסט, אַז אין לאָנדאָן איז אייער „ויתן לך" זייער פּאָפּולער. גאַנץ ווייטשעפּל זינגט אייער „ויתן לך", און איך בין געווען שטאָלץ מיט אייך.

אַזוי רעדנדיק און פאָרנדיק, זיינען מיר אָנגעקומען אין אַדלערס זומער-וואוינונג, אין פּאַר ראָקאַווײ. אַריינקומענדיק, שרייט אַדלער אויס:

— סאָניאַ; סאָניאַ, אָט דאָ האָסטו דיין פריינד, דיין רומשינסקי, וועלכער איז אַפּילו אונז ניט געקומען זען. מילא, מיך ווי מיך, אָבער דיך, סאָניאַ, איז ער ניט געקומען זען. דו הערסט, סאָניאַ, ער וויל דאָך גרינדן אין אַמעריקע אַ רוסישע אָפּערע. דו הערסט, דער קאָמפּאָזיטאָר פון „ויתן לך"! — און ער נעמט זיך זינגען „ויתן לך מטל השמים". — פאַרן אידישן טעאַטער שרייבט, און מיט מיר זייט.

און סאָניאַ זאָגט געלאַסן, דריקנדיק שטאַרק מיין האַנט:

— זיי רואיק, כ'וועל אים ניט לאָזן אַוועקגיין פון אונז. ער וויל אויפפירן רוסישע אָפּערע — איז ביי אונז אין טעאַטער. אַלץ ביי אונז אין טעאַטער.

אַדלער שרייט אויס:

— מאָלאָדזשינאַ, כאָראָשאָ סקאַזאַלאַ! (האָסט גוט געזאָגט).

שמועסנדיק וועגן טעאַטער בכלל און וועגן קומענדיקן סעזאָן בפרט, האָט מען דערווייל געגרייט צום טיש. ביי אַדלערן איז יעדער מאָלצייט געווען איינגעאָרדנט ווי אַ באַנקעט. אייגענע און פרעמדע פלעגן צו יעדן מאָלצייט זיין אַ פופצן-זעכצן מענטשן. און ווען מען איז נאָכן עסן אַרויס שפּאַצירן און עס איז שוין געוואָרן שפּעט, האָט מען זיך ערשט גענומען זינגען, פאָרלעזן, דערציילן טעאַטער-וויצן. ווען איך האָב שוין געהאַלטן ביים אַהיימגיין, האָט מרס. אַדלער געמאַכט אַ פאָרשלאָג, וועלכן מר. אַדלער האָט אונטערגעשטיצט, אַז איך זאָל שלאָפן ביי זיי. איך

האָב פּראָטעסטירט, אַז מיין פרוי וועט ניט וויסן, וואו איך בין, און קיין טעלעפאָן האָב איך נאָך דעמאָלט ניט געהאַט אין מיין היים. האָט אַדלער אָנגעזאָגט הערי גאַטין, אַז אויפן וועג אַהיים זאָל ער לאָזן וויסן מיין פרוי, אַז איך בין ביי זיי.

ווי שפּעט איך זאָל מיך ניט לייגן שלאָפן, איז פון מיין פריסטער יוגנט אָן קען איך ניט שלאָפן לענגער ווי ביז אַכט־ניין אַזייגער. ביי אַקטיאָרן אָבער איז צוועלף בייטאָג „פאַרטאָג". ס'גייט דאָך אַרום אַ טעאַטער־ווערטל, אַז טייל אַקטיאָרן האָבן זיך גענומען צו דער פּראָפעסיע בלויז דערפאַר, וואָס מען קען שלאָפן שפּעט.

צומאָרגנס אַכט אַזייגער אינדערפרי בין איך שוין געווען וואַך. איך דריי מיך אַרום אַליין. אַלץ שלאָפט. איך זע אַ שאַנק מיט ביכער און פּיעסעס, און איך געפין אַ פּיעסע מיט יעקב גאָרדינס האַנטשריפט, „אלישע בן אבויה". יעקב גאָרדינס האַנטשריפט האָט מיך פאַרכאַפּט. איך נעם לייענען און ווער זייער פאַראינטערעסירט. און מערקווירדיק, דאַכט זיך, איך לייען אַ דראַמע, און דאָך האָב איך, לייענענדיק, געהערט מוזיק — אידישע מוזיק, גריכישע מוזיק,ליידנשאַפטלעכע מוזיק, אויפרעגנדיקע מוזיק. איך האָב מיך ניט געקענט אָפּרייסן פון דער פּיעסע, ביז איך האָב זי ניט געענדיקט לייענען.

ביים פרישטיק האָב איך ניט אויפגעהערט צו רעדן פון דער פּיעסע. און וואָס מער איך קאָך זיך וועגן דער פּיעסע „אלישע בן אבויה", אַלץ גלייכגילטיקער באַציט זיך אַדלער צו מיין מיינונג וועגן „אלישע'ן". און ער דערציילט מיר, אַז ווען מ'האָט זי אויפגעפירט, איז זי געווען אַ שרעקלעכער דורכפאַל, ווייל ס'איז געווען ניט קיין פאָרשטעלונג, נאָר אַ לעקציע, ווייל יעקב גאָרדין האָט גאָרניט געלאָזט טאָן. אַפילו אין די פּלעצער, וואו ער אַליין האָט געהאַט אָנגעצייכנט, אַז דאָ טאַנצט מען און דאָ זינגט מען, האָט ער עס ניט געלאָזן. און אַדלער זאָגט, אַז ער פלעגט ביי דער פאָרשטעלונג איינפאַך איינשלאָפן, און דאָס פּוב-

ליקום מיט אים. ער האָט זי קוים דערשלעפּט פינף וואָכן.

אַדלער האָט באַדאַרפט פאָרן אין שטאָט וועגן געשעפט, זיינען מיר געפאָרן. איך בין געבליבן שטיין ביי מיין היים, און ער האָט צו מיר אויסגעשריען:

— פאַרגעסט אייער רוסישע אָפּערע. איר זייט פון היינט אָן מיט יעקב פּאַוולאָוויטש אַדלער!

מיין פרוי האָט מיך באַגעגנט מיט אַ שמייכל, כמעט ווי אַ זיגערין: „נו, וואָס הערט זיך עפּעס מיט דיין רוסישער אָפּערע?" איך האָב ניט געקענט רוען און האָב פאַנטאַזירט פון דער מוזיק פון „אלישע בן אבויה". אַזוי ווי איך האָב די פּיעסע גענומען מיט זיך, האָב איך מיך איינפאַך ניט געקענט אָפּרייסן פון איר, און אין צוויי טעג האָב איך אָנגעשריבן די מוזיק צו איר.

ווען איך האָב אַדלערן געזאָגט, אַז איך וויל פאַר אים פאַר־שפּילן די מוזיק פון „אלישע בן אבויה", איז ער אַפילו ניט גע־ווען נייגעריק צו הערן. ביז איך האָב אים איין מאָל איינגע־רעדט און האָב פאַר אים פאָרגעלייענט און פאָרגעשפּילט די מוזיק. געזונגען האָט מען וויניק — ס'איז געווען בלויז גערעדט אונטער מוזיק, אָבער כמעט יעדעס וואָרט האָט געהאַט טענער אין דער מוזיק.

ער האָט גלייך גענומען פאַנטאַזירן פון אַ גרויסער אויפ־פירונג פון „אלישע בן אבויה", און איך האָב געמוזט כמעט יעדן טאָג פאַר אים פאָרשפּילן די מוזיק פון „אלישע". אָבער אויפ־געפירט האָט מען די פּיעסע מיט מיין מוזיק ערשט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווייל עס זיינען געווען גרויסע שטערונגען, וועלכע איך וועל שפּעטער באַשרייבן. אָבער ווען מען האָט זי אויפ־געפירט מיט מיין מוזיק צו אַדלערס אַ בענעפיט אין טאַליאַ־טעאַטער, איז זי אַוועק אַכצן וואָכן ביי געפאַקטע הייזער, און מיר האָבן זי געשפּילט צען וואָכן איבער גאַנץ אַמעריקע.

מיין מוזיק צו „אלישע בן אבויה" האָט אַדלערן געקאָסט אַ סך געזונט און אַ גרויסן קאַמף, וועלכן ער האָט פאַרלוירן,

און ער האָט אויך פאַרלוירן צוליב מיר דעם „גרענד-טעאַטער". עס איז געווען אַ סטרייק פון אַלע יוניאָנס, וועלכע זיינען דערין ניט-ווילנדיק אַריינגעשלעפּט געוואָרן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן בלויז איבער אַ נעקסט, דאָס הייסט, דער טעאַטריקעל מיוזיקל קלאָב, וועלכער האָט דעמאָלט עקזיסטירט אַלס אַן אָפּטיילונג פון דער גרויסער מוזיקער-יוניאָן, דאָס הייסט אַ קלייזל פאַר זיך אַליין, האָט גע'טענה'ט, אַז איך טאָר ביי אַדלערן ניט זיין, ווייל דער פּלאַץ געהערט צום קאָמפּאָזיטאָר לואיס פרידזעל. אַדלער האָט גע'טענה'ט, אַז ער וועט אַן מיר דאָס טעאַטער ניט עפענען, צוגעבנדיק: „ווען איר הערט די מוזיק צו „אלישע בן אבויה", וואָס ער האָט אָנגעשריבן!" אַדלער איז איבערהויפּט געווען אַ גרויסער קעגנער פון טעאַטער-יוניאָנס, און מען האָט עס גע-וואוסט. איז דער קאַמף וואָס אַ טאָג געוואָרן אַלץ ערנסטער און פאַרביטערטער, אַזוי אַז מיין פּערזאָן איז שוין כמעט אַוועק-געפאַלן.

עס איז געוואָרן אַ קאַמף צווישן אַדלערן און די יוניאָנס — ווער עס וועט אויספּירן. אַדלער פלעגט טענה'ן, אַז איך האָב אַ קאָנטראַקט מיט אים, בשעת איך האָב טאַקע קיין קאָנטראַקט ניט געהאַט. אָבער ס'האָט דעמאָלט געקאָכט אויף דער אידי-שער מיט אַדלערן און מיט די יוניאָנס צוליב דעם נייעם, יונגן קאָמפּאָזיטאָר רומשינסקי. מען האָט דעבאַטירט, מען האָט גע-שריבן עדיטאָריעלס. ס'איז געגאַנגען אויף רעדלעך. אָבער ווי מיר האָבן עס שפּעטער געזען, איז אַדלער אַליין געוואָרן אַריינגעשלעפּט אין דעם געראַנגל מיט די יוניאָנס דורך מענטשן, וועלכע האָבן געכאַפּט פיש אין מוטנע וואַסער, ווייל פאַרקויפנ-דיק זיין ליעס צו אַ מואווינג-פּיקטשור-פירמע, האָבן חברה גע-מאַכט געלט דערביי. אָבער ווי די מעשה זאָל ניט געווען זיין, אַדלער האָט פאַרלוירן זיין גרענד-טעאַטער, און מיר האָבן גע-וואַנדערט דעם צווייטן ווינטער איבער אַמעריקע.

# יעקב גאָרדין

געקומען צום אידישן טעאַטער איז יעקב גאָרדין מיט אַן אייראָפּעאיש־טעאַטראַלישער דערפאַרונג. ער איז געווען אין רוסלאַנד אַ דראַמאַטישער און אויך אַ מוזיק־קריטיקער. ער איז אויך געווען איינער פון די גרינדער פון אַ רעליגיעזער סעקטע, מיטן נאָמען „ביבלעיסקאָיע בראַטסטוואָ”. זיינע גרויסע אי־דישע אויגן האָבן אייך געלאָזט וויסן, אַז איר האָט דאָ צו טאָן מיט אַ אידן אַ חכם; זיין שווערער קערפּער און געדיכטע, שוואַר־צע באָרד האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ הייליקן גייסט־לעכן, אָבער זיין עלעגאַנטער אָנטאָן זיך, זיין לייכטער, כמעט טאַנצנדיקער גאַנג האָבן אייך דערמאָנט אָן טעאַטער.

ער איז געווען אַן אינטערעסאַנטע, אימפּאָזאַנטע דערשיי־נונג, אַ דערשיינונג, וועלכע האָט געצויגן רעספּעקט. אָבער — פון רעספּעקטירן אַ אידישן דראַמאַטורג האָבן דעמאָלט ניט געוואוסט ניט דאָס פּובליקום און נאָך ווייניקער די אַקטיאָרן. אַ גרויסער טייל פון פּובליקום האָט אַפילו ניט געוואוסט, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך, ווי אַ דראַמאַטורג, וואָס שרייבט אָן די ווער־טער, וועלכע די אַקטיאָרן רעדן אָדער זאָגן אויף דער בינע. האָט אַן אַקטיאָר געהאַט קלוגע ווערטלעך אין זיין ראָלע, איז ער באַטראַכט געוואָרן פון פּובליקום פאַר אַ חכם, פאַר אַ קלוגן חברה־מאַן, ער האָט געמעגט זיין אין לעבן דער גרעסטער אידיאָט. און אַזוי אויך פאַרקערט...

געקומען איז יעקב גאָרדין צום אידישן טעאַטער אין דער שוידערלעכער „דייטשמערישער פּעריאָדע”, דאָס הייסט, ווען מען האָט געשפּראָכן דעם זאָ־גענאַנטן „דאַטש” אויף דער בינע. די סטאַרס האָבן געשפּילט די ראָלעס פון „קעניגע”, „פּרינצן”, און

זיי פלעגן זיך טאַקע אַזוי אויך האַלטן אין לעבן — שטייף ווי „אַדעליגע"...

וואָס האָט ביי יענע אַקטיאָרן אַ ווערט געהאַט אַ שרייבערל פון פּיעסעס? און ווער רעדט נאָך אַ שרייבער, וועלכער האָט קיין „דייטש ניט געשפּראָכן"... אַזאַ איינעם האָבן זיי באַטראַכט ווי אַ קלויזניק, אַ באַנק־קוועטשער אָדער גלאַט אַ יאָלד. אָט אין אַזאַ שווידערלעכער אַטמאָספערע איז געקומען יעקב גאָרדין צום אידישן טעאַטער. אַן אינטעליגענט, אַ רוסישער איד, מער רוס ווי איד, אָנגעזאַפּט מיט דער רוסישער און אוקראַאינישער קולטור, מיט גרויסער און נאָענטער באַקאַנטשאַפט פון דער רוסישער בינע — פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ מענטש האָט געהאַט אַ שווערן קאַמף סיי מיט די אַקטיאָרן און סיי מיטן פּובליקום... ער האָט געדאַרפט דעם סטאַר־אַקטיאָר איינרעדן, אַז ער זאָל פון אַ קעניג, אַ פּרינץ, אָדער אַ מיניסטער, וואו ער האָט געהאַט אַ געלעגנהייט צו טראָגן רייכע קאָסטיומען, מיט קעניגלעכע פאַנצערס און שווערדן — מיט אַמאָל ווערן אַ פּראָסטער בשר־ודם; ער זאָל רעדן איינפאַך, פּראָסט און פּשוט, ווי זיין טאַטע, מאַמע, זיידע אָדער פעטער. האָט טאַקע אַ געוויסע אַקטריסע געזאָגט צו יעקב גאָרדינען, ווען ער האָט איר געוויזן, ווי אַזוי צו שפּילן די ראָלע פון אַ באָבע: „מר. גאָרדין, וואָס איז דאָס פאַר אַ קונסט? אַזוי האָט דאָך גערעדט מיין באָבע!"

און ער האָט איר געענטפערט: „אויב איר וועט קאָנען אויף דער בינע רעדן אַזוי נאַטירלעך, ווי אייער באָבע האָט גערעדט, וועט איר זיין אַ גרויסע קינסטלערין".

אַ צווייטער גרויסער קאָמיקער האָט געזאָגט: „וואָס וויל דער איד מיט דער שוואַרצער באָרד? ער וויל, אַז איך זאָל רעדן, ווי מיין טאַטע האָט גערעדט? וואָס דענקט ער, דער יאָלד, אַז פאַר אַזאַ געוויינלעכן רעדן אָדער שפּילן וועלן אידן צאָלן געלט?"


יעקב גאָרדין

עס זיינען געווען צוויי פאַרשידענע יעקב גאָרדינס: דער יעקב גאָרדין פון ביי זיך אינדערהיים, דער גוטמוטי־קער, דער מילדער, צאַרטער, וואָס האָט ליב געהאַט צו זאָגן און צו הערן אַ גוטן וויץ; און דער יעקב גאָרדין אין דער אַקטיאָרן־געזעלשאַפט — אַ בייזער, אַ שטרענגער, וואָס פלעגט אין זיין שוואַרצער, וויכער באָרד אַריינגראָבן 5 האַרטע פינגער און פלעגט זיין דינע שטימע דריקן אויפן באַס. ער פלעגט אַליין לאַכן פון דעם אָנשטעל און זאָגן צו זיינע נאָענטע פריינד: „ברודער, איך מוז מיט די חברה אַק־טיאָרן שפּילן טעאַטער, איך מוז פון זיי פאַרלאַנגען און פאָ־דערן רעספּעקט, אויב ניט — וועל איך עס ניט קריגן. עס וואָלט מיך ניט געאַרט וואָס אָנבאַלאַנגט מיך פּערזענלעך, אָבער דאָס וועט זיך אָפּשפּיגלען אויפן שפּילן פון מיינע פּיעסעס".

די גרעסטע צייט פון זיין לעבן פלעגט יעקב גאָרדין פאַר־ברענגען מיט די אידישע אַקטיאָרן אין קאַפע־הויז ביי אַ גלעזל טיי. ער איז שפּעטער געוואָרן זייער לערער און וועגווייזער. זיין אָפּטער צוזאַמענבונד מיט די שוישפּילער האָט אים אַרויס־געהאָלפן אַ סך אין דעם דערפאָלג פון זיינע פּיעסעס. ער פלעגט שטודירן יעדן אַקטיאָר אין זיין לעבן — זיין האַלטונג, זיין אַרט רעדן, זיין באַציאונג צו מענטשן, און זייענדיק אַ גרויסער באַ־אָבאַכטער, האָט ער איינפאַך יעדן אַקטיאָר אָנגעמאָסטן זיין ראָלע. שוין ביי דער ערשטער פּראָבע פון אַ נייער פּיעסע

פלעגט גאָרדין זאָגן צו די אַקטיאָרן: „שטרענגט אייך ניט אָן, שפּילט ניט קיין טעאַטער, רעדט אַזוי ווי ווען איר זענט מיט מיר אין קאַפע־הויז". ווען אַן אַקטיאָר פלעגט אים זאָגן: „איר וועט זען, ווי אַזוי איך וועל מיך האַלטן אין דער ראָלע", פלעגט ער אים ענטפערן: „איר באַדאַרפט ניט האַלטן די ראָלע, זי וועט שוין אייך האַלטן..." און ווען, קיבעצנדיק אין קאַפע־הויז, פלעגט אַן אַקטיאָר ווערן אין כעס, אָדער לאַכן געשמאַק, פלעגט ער זאָגן צו אים: „נו, נו, פאַרוואָס מאַכט איר עס ניט אַזוי אויף דער בינע?"

אָנפאַנג סעזאָן זיצן מיר אַזוי אינדרויסן פאַרן טעאַטער. גייט צו צו יעקב גאָרדינען, וועלכער איז געזעסן אין אַ ווייסן זומער־אָנצוג מיט אַ גרויסן פּאַנאַמע־הוט, אַ הויכער, דאַרער איד, אַ האָרעפּאַשניק, פאַרשמירט פון קוילן, און דערלאַנגט אים זיין שוואַרצע האַנט און פרעגט אים: „וואָס מאַכסטו, יאַקאָבשע?" גאָרדין דערלאַנגט אים זיין צאַרטע, ווייסע האַנט און ענטפערט מיט אַ שמייכל: „וואָס מאַכסטו, אַבראַשאַ?". מיר דערוויסן זיך גלייך, אַז דאָס זיינען צוויי הדר־חברים, נאָר דאָס לעבן האָט זיי צעשיידט אַזוי ווייט... דער קוילן־איד זאָגט ווייטער: „אוי, יאַקאָבשע, יאַקאָבשע, דו ביזט דאָך עפּעס אַ גוטער־ברודער, נאָך אַלס אינגל געווען אַ גוטער יאַט; אַזוי ווי דו האָסט מיר אַמאָל געהאָלפן און נאָך אַפילו איצט, וואָלט איך דיך בעטן, טו פאַר מיר נאָך איין זאַך". יעקב גאָרדין זאָגט פאַרוואונדערט: „אַבראַשאַ, וואָס קאָן איך טאָן פאַר דיר?" און דער קוילן־איד ענטפערט: „איך האָב פריער קיין שכל ניט געהאַט צו נעמען זיך צו דער מלאָכה, וואָס דו טוסט. אפשר קאָנסטו עס מיך איצט אויס־לערנען?" גאָרדין שמייכלט, און מיר גייען צו פּראָבע. דער איד גייט אַוועק, רעדנדיק צו זיך אַליין: „איי, איך האָב קיין שכל ניט געהאַט זיך צו נעמען צו אַזאַ מלאָכה; אַז איך האָב קיין שכל ניט געהאַט..."

ווען יעקב גאָרדין איז געלעגן אויף זיין קראַנקן־בעט, פון

ווען ער איז שוין מער ניט אויפגעשטאַנען, האָט יעקב אַד־לער צו מיר געזאָגט: „לאָמיר גיין מבקר חולה זיין יעקב גאָרדינען. כ'האָב מורא, אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, וואָס מיר וועלן אים זען".

ווען גאָרדין האָט אונז דערזען, האָט זיך אויף זיין קראַנק פּנים באַוויזן אַ שמייכל. ער האָט געפרעגט מיט אַ קול, קוים וואָס מ'האָט עס געקאָנט הערן: „וואָס הערט זיך עפּעס אין די אידישע טעאַטערס?" אַדלער איז געשטאַנען פונדערווייטנס און געוויינט, גאָרדין זאָל עס ניט באַמערקן.

— גאָספּאָדין גאָרדין, — האָב איך געזאָגט, וועלנדיק אים מאַכן אַ ביסל פריילעך, — עס איז אַ סעזאָן פון אידישקייט: „טאַליאַ־טעאַטער" שפּילט שוין אַ גאַנצן סעזאָן „דאָס אידישע האַרץ", טאָמאַשעווסקי שפּילט שוין דעם דריטן חודש „די אידישע נשמה", און איך שרייב מיין פּסח־פּיעסע, אַן אָפּערעטע „אַ אידיש קינד".

אויף גאָרדינס פּנים האָט זיך באַוויזן אַן איראָנישער שמייכל. ער האָט אַ וואונק געטאָן מיטן פינגער, איך זאָל צו־גיין נענטער צו אים, און מיט זיין שוואַך קול האָט ער געזאָגט:

—וואָס זאָגט איר — אַ סעזאָן פון אידישקייט? אַ אידיש האַרץ, אַ אידישע נשמה, אַ אידיש קינד? זאָגט זיי, אַז איך וועל ווערן געזונט, וועל איך שרייבן אַ פּיעסע מיטן נאָמען „דער אידישער מאָגן, וואָס קאָן דאָס אַלץ פאַרטראָגן".

יעקב אַדלער האָט זייער ליב געהאַט צו פּיקסן פּיעסעס. ער פלעגט האַלטן אַ גרויסע פאַנטן־פען און מאַכן זיינע באַמער־קונגען, און אַמאָל אויך צוזעצן גאַנצע מאָנאָלאָגן. יעקב גאָר־דין האָט דאָס דערזען און, דערהערנדיק די פרעמדע פּראָזע, האָט ער אויסגעשריגן מיט כעס:

— ווען איך וועל שטאַרבן, וועט יעדער גראָבער יונג קאָ־נען טאָן מיט מיינע פּיעסעס, וואָס ער וויל, אָבער כל־זמן איך לעב נאָך, וועל איך עס ניט דערלאָזן!

# אָסקאַר האַמערשטיין וויל מיך אַנגאַזשירן אין זיין אָפּערע־הויז

דער ענערגישער טעאַטער־ און אָפּערע־דירעקטאָר אָסקאַר האַמערשטיין האָט אין זיינע יונגע יאָרן געאַרבעט זייט ביי זייט מיט דעם באַוואוסטן אידישן קאָמיקער סעמיועל טאָרנבערג ביי ציגאַרן. האָט מיר טאָרנבערג דערציילט, אַז דאָס יונגע בחור'ל אָסקאַר פלעגט אים זייער מקנא זיין וואָס ער רייסט זיך צו ווערן אַ אידישער אַקטיאָר. אָסקאַר פלעגט יעדן טאָג קומען צו דער אַרבעט מיט אַ נייעם פּלאַן אָדער אַ דערפינדונג, און מען האָט געקענט זען, אַז ער וועט קיין ציגאַרן־מאַכער ניט בלייבן. ער איז טאַקע געוואָרן דער גרויסער טעאַטער־דירעק־טאָר פון דעם גרעסטן וואָדעוויל־הויז אין דער וועלט, וועלכעס האָט געהייסן „אָסקאַר האַמערשטיינס וויקטאָריאַ־טעאַטער". דאָס טעאַטער האָט זיך געפונען אויף בראָדוויי, קאָרנער צוויי־און־פערציקסטע גאַס. האַמערשטיין פלעגט אין זיין וואָדעוויל־הויז ברענגען די גרעסטע קינסטלער און וואונדער פון דער גאַנצער וועלט. ער האָט געבראַכט אַ פּרוי, וועלכע ער האָט אַנאָנסירט אַלס די גרעסטע מיאוס'קייט און פאַרזעעניש אין דער וועלט, און ווער עס וועט געפינען אין איר עפּעס, וואָס איז ענ־לעך צו שיינקייט, וועט באַקומען אַ מתנה. נו, נו — האָט זיך עס אָפּגעטאָן! טייל האָבן גאָר אויסגעפונען, אַז זי איז אָנגענעם, אַז אין איר מיאוס'קייט ליגט אַ סך חן, גראַציע. און דאָס טעאַ־טער איז דערווייל געווען געפּאַקט; עס איז געווען ווי אַן ערד־ציטערניש, מען איז געלאָפן ווי אויף בייז וואונדער ... אַזעלכע סענסאַציעס האָט אָסקאַר האַמערשטיין געהאַט אין זיין וויק־טאָריאַ־טעאַטער כמעט יעדע וואָך. ער האָט געהאַט אַגענטן איבער דער גאַנצער וועלט, וועלכע האָבן אים פאַרזאָרגט מיט אַזעלכע פאַרזעענישן און אויך מיט אמת'ע קינסטלער. אַלס

אייגנטימער פון דעם וויקטאָריאַ־טעאַטער, איז האַמערשטיין גע־וואָרן זייער רייך, אָבער זיין ענערגיע האָט זיך ניט געלאָזט צו־פרידנשטעלן — ער האָט געשטרעבט צו ווערן אַן אָפּערע־דירעקטאָר. ער פלעגט טאַקע אויסזען ווי אַזעלכער — שטענ־דיק מיטן צילינדער־הוט און שוואַרצן אָנצוג...

אָסקאַר האַמערשטיין איז אויך געווען מוזיקאַליש. ער האָט אָנגעשריבן מוזיק צו אַן אָפּערעטע, וועלכע ער האָט אַליין אויפגעפירט. זיין ענערגיע און אַמביציע האָבן אויסגעפירט: האַמערשטיין האָט אויפגעבויט דאָס מאַנהעטן אָפּערע־הויז, וואָס איז געוואָרן אַ שטאַרקער קאָנקורענט צו דעם מעטראָפּאָליטן אָפּערע־הויז, וועלכעס האָט זיך געפירט אויפן קאָנסערוואַטיוון אופן און איז אָנגעגאַנגען מיט זיין רוטין: יעדן יאָר כמעט די זעל־בע אָפּערעס: „טראַוויאַטאַ״, „ריגאָלעטאָ״, „פאַוסט״, „מאַרטאַ״, און נאָר ווען־ניט־ווען אַ נייע אָפּערע. האַמערשטיין אָבער האָט אַנגאַזשירט די גרעסטע זינגערס פון דער וועלט, האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין פּרייז און האָט אויפגעפירט די נייעסטע, מאָדערנסטע אָפּערעס: „סאַלאָמע״, „לואיז״, „טאַאיז״, „פּעלעיאַס און מעליזאַנד״. ווען ניט ענריקאָ קאַרוזאָ, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין פולן גלאַנץ פון זיין גלאָררייכער קאַריערע, וואָלט האַמערשטיין אינגאַנצן פאַרטונקלט דאָס מעטראָפּאָליטן אָפּערע־הויז. ווען גאַטי קאַזאַזאַ, דער דעמאָלטיקער דירעקטאָר פון מעטראָפּאָליטן אָפּערע־הויז האָט דערום דערהאַלטן אַ בריוו פון קאַרוזאָן, אַז ער פאַרלאַנגט פינף טויזנט דאָלאַר פאַר אַ פאָר־שטעלונג אָנשטאָט די צוויי טויזנט פינף הונדערט, וואָס ער האָט ביז אַהער באַקומען, האָט ער גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז האַמערשטיינס אַרבעט.

ער האָט געלאָזט רופן קאַרוזאָן צו זיך און געזאָגט צו אים:

— איך האָב דערהאַלטן אייער בריוו. וואָס רעכנט איר, איך וועל מיין קאַרוזאָן לאָזן אַוועקגיין? איך וועל אייך זיכער געבן, וואָס איר פאַרלאַנגט. אָבער, סיניאָר קאַרוזאָ, איך וועל

זיין געצוואונגען צו געבן ביי אייערע פאָרשטעלונגען אַ קלע־נערן אָרקעסטר, אַ קלענערן כאָר און אַ ביליקערן דיריזשאָר, און אויך ביליקערע זינגערס, און נאָך אַזעלכע זאַכן, וועלכע איך וועל געצוואונגען זיין צו שפּאָרן פון אייערע פאָרשטעלונגען, כדי צו קאָנען אייך געבן אייער פאַרלאַנגטע סומע.

האָט אים קאַרוזאָ געפרעגט:

— אויף ווי לאַנג ווילט איר אַ קאָנטראַקט מיט מיר?

— כאָטש אויף נאָך אַ יאָר — האָט קאַזאַזאַ געענטפערט.

— שטעלט אויס אַ קאָנטראַקט אויף נאָך דריי יאָר מיטן זעלבן פּרייז, וואָס איך באַקום איצט.

גאַטי קאַזאַזאַ האָט גוט געקענט זיין חברה אַרטיסטן.

ווען ניט דער איבערלייגטער, רואיקער, דערפאַרענער די־רעקטאָר קאַזאַזאַ, וואָלט דאָס מעטראָפּאָליטן אָפּערע־הויז דע־מאָלט צוזאַמענגעבראָכן פון דער שטאַרקער קאָנקורענץ פון אָסקאַר האַמערשטיין. האָבנדיק מיט זיך דעם גרויסן דיריגענט קאָמפּאַניני, איז שוין געווען גענוג צו קאָנען קאָנקורירן. קאָמ־פּאַניני — אויסער וואָס ער איז געווען אַ פייערדיקער דיריגענט — איז אויך געווען אַ גרויסער רעזשיסער. ער פלעגט איבער־שטעלן גאַנצע סצענעס פון אָפּערעס, און האַמערשטיין האָט אַוועקגעשטעלט אַ גרויסאַרטיקן כאָר, וועלכער איז באַשטאַנען פון יונגע שטימען. מען האָט צוזאַמענגענומען די בעסטע זינ־גער פון אַלע שולן, טעמפּלען, טשוירטשעס, מוזיק־סטודיאָס, און טאַקע דער באַקאַנטער שול־דיריגענט מאיר מאַכטנבערג איז געשטאַנען בראש. האַמערשטיין האָט מאיר מאַכטנבערגן גע־מאַכט פאַר דעם מענעדזשער פון כאָר. ער האָט אים געגעבן אַן אויפטראָג צוזושטעלן גוטע מוזיקאַלישע כאָריסטן, און מאיר האָט אים צוגעשטעלט אַ כאָר, וועלכער האָט גע׳שמ׳ט איבער גאַנץ אַמעריקע. גראָד דעמאָלט איז דער כאָר פון דעם מעטראָ־פּאָליטן אָפּערע־הויז אַרויס אין אַ סטרייק, און קאַרוזאָ האָט איין נאַכט געשפּילט „פאַוסט" אָן כאָר. אונזער מאיר האָט די

דאָזיקע געלעגנהייט אויסגענוצט און אַריבערגעצויגן צו האַ־מערשטיינען אַ געוויסע צאָל זינגערס פון דער מעטראָפּאָליטן און צוזאַמענגעשטעלט אַ הערלעכן כאָר.


מאיר מאַכטנבערג

איין מאָל בין איך געשטאַ־נען מיט יעקב אַדלערן אין פראָנט פון גרענד סטריט קאַ־פע־הויז. לויפט צו מיר צו מאיר מאַכטנבערג אַ פאַר־סאָפּעטער, קוים וואָס ער אָטעמט, און זאָגט צו מיר:

— טאַקע אייך וויל איך זען!"

איך גיי מיט אים אָפּ אָן אַ זייט אַ פּאָר טריט, זאָגט ער צו מיר:

— אָסקאַר האַמערשטיין שיקט מיך נאָך אייך, איר זאָלט שוין קומען. ער האָט אייך געשיקט רופן, ווייל איך רעד שוין צו אים וועגן אייך אַ שיינע פּאָר וואָכן, און ניט נאָר איך, נאָר דער גאַנצער כאָר, וועלכער באַשטייט דריי פערטל פון אַחינו בני ישראל, — זיי האָבן מיר אויך געהאָלפן אין דעם. גלויבט מיר, מיסטער רומשינסקי, „אַי פּעיווד דהי וועי פאָר יו" — איך האָב דעם וועג צום מאַנהעטן אָפּערע־הויז אויסגעלייגט פאַר אייך מיט טעפּיכער... נו, קומט, וואָס שטייט איר? איר באַדאַרפט שוין היינט איינשטודירן מיטן כאָר.

איך האָב אים געענטפערט, אַז איך מוז איצט אַוועקגיין מיט אַדלערן, איך קאָן אים ניט לאָזן שטיין; מאָרגן וועל איך גיין מיט אים. מאיר האָט געשריגן אויף זיין באַסאָווער שטימע:

— איר ווייסט, וואָס איר טוט איצט? איר באַגרייפט די פּאָזיציע, וועלכע איר וועט דאָרט פאַרנעמען? אַרבעטן צוזאַמען מיט קאָמפּאַנינין און מאָרעלאָן... און איך בין זיכער, און דער גאַנצער כאָר איז זיכער, אַז איר וועט מאַכן גוט. — און צעלאַכנדיק זיך: — איר זעט דאָך טאַקע אויס ווי אַ ריכטיקער איטאַליענער! נו, דזשאָזעפּי רומינאַ, קומט! פון איצט אָן ניט מער יוסף רומשינסקי, נאָר אויף איטאַליע־ניש — „דזשאָזעפּי רומינאַ".

איך האָב זיך געהאַלטן ביי ס'מייניקע, אַז מאָרגן וועל איך גיין מיט אים.

— נו, גוט, — האָט ער געזאָגט, — אָבער מאָרגן באַ־שטימט. איך מוז לויפן, עס איז איצט פּראָבע אין דער אָפּע־רע. אָבער געדענקט, מאָרגן!

איך האָב עס דערציילט אַדלערן, האָט ער געזאָגט:

— איצט, ווען איך האָב צוליב אייך פאַרלוירן אַ טעאַ־טער, וועט איר מיך איבערלאָזן? ניין, איך וועל דאָס ניט דער־לאָזן, איך האָב עס ביי אייך ניט פאַרדינט! וואָס טויג אייך אָפּערע־שמאָפּערע, איך וועל נעמען אַ גרויס טעאַטער, און איר, נאָר איר, וועט זיין מיין דיריגענט, צו־להכעיס אַלעמען...

צומאָרגנס גאַנץ פרי איז געקומען צו מיר אַהיים מאיר מאַכטנבערג און מיר דערציילט, ווי אַזוי זיי האָבן אַלע געוואַרט אויף מיר, און וואָס מיך דערוואַרט דאָרטן, און אַז ער אַרבעט שוין איבער דער זאַך אַ לאַנגע צייט. מיר זיינען צוזאַמען אַראָפּגעגאַנגען און זיך אַריינגעזעצט אין דער דריטער עוועניו סטריט־קאַר. מאַכטנבערג האָט געהאַלטן אין איין רעדן צו מיר, אָבער מיר האָבן געקלונגען אין די אויערן אַדלערס ווער־טער: „איצט לאָזט איר מיך איבער, נאָכדעם ווי איך האָב צו־ליב אייך פאַרלוירן אַ טעאַטער?"

איך האָב שוין ניט געהערט די ווייטערדיקע רייד פון מאיר מאַכטנבערגן. ביי דער עטלעכע און צוואַנציקסטער סטריט,

ווען די קאַר האָט זיך אָפּגעשטעלט, בין איך אויסגעשטיגן, אויסשרייענדיק צו מאַכטנבערגן:

— מאיר, איך קאָן דאָס ניט טאָן צו אַדלערן, איך פאָר צוריק!

איך האָב נאָך געהערט, ווי ער האָט מיר נאָכגעשריען:

— געדענקט וואָס איר טוט, עס וועט אייך פּאַרדריסן אַ גאַנץ לעבן לאַנג!

איך האָב באַגריפן, אַז מאיר איז גערעכט, און דאָך בין איך געפאָרן צוריק צו אַדלערן אויף גרענד סטריט. איך האָב זיינע ווערטער אַ סך יאָרן אין מיין ווייטערדיקן לעבן איבער־געחזרט: „געדענקט וואָס איר טוט!" און ביזן היינטיקן טאָג, ווען איך גיי אין דער אָפּערע, קלינגען מיר מאיר טראַכטנבערגס ווערטער: „געדענקט וואָס איר טוט, עס וועט אייך פּאַרדריסן אַ גאַנץ לעבן לאַנג!"

## איך רעד צום ערשטן מאָל מיט אייב קאַהאַנען

דער פאַרלוסט פון אַדלערס גרענד טעאַטער איז געווען די ערשטע צייט אַ גרויסער קלאַפּ פאַר דער גאַנצער טעאַטער־פּראָפעסיע, אָבער עס האָט זיך גלייך איינגעשטילט. אַדלער האָט גענומען וואַנדערן מיט זיין קאָמפּאַניע, מיך אַריינגערעכנט, און מען האָט אים מיט זיין קאָמפּאַניע איבעראַל אויפגענומען אַלס גרויסע געסט.

די געשעפטן זיינען געווען זייער גרויסע, און חברה אַק־טיאָרן מיט אַדלערן בראש איז דאָס אַרומוואַנדערן זייער געפעלן. אָבער דאָס אַרומפאָרן אַ פינף־זעקס וואָכן, יעדן טאָג אין אַנדער שטאָט, איז אַדלערן סוף־כל־סוף נמאס געוואָרן. ער האָט גע־נומען אַ טעאַטער אין פילאַדעלפיע, וואו ער האָט געשפילט אַ גאַנצע וואָך, און זונטיקס האָט ער געשפּילט — ביטאָג און אין אָוונט — אין ניו־יאָרק, אין דער אַלטער, גרויסער, אַריסטאָקראַ־טישער „אַקאַדעמי אָוו מיוזיק", וועלכע איז אַמאָל געווען דאָס ניו־יאָרקער אָפּערע־הויז, וואו אַדעלינאַ פּאַטי האָט געזונגען (איצט איז אויף דעם אָרט די „קאָנסאָלידעיטעד געז־קאָמפּאַני").

ביי דער ערשטער זונטיק־ביטאָגעדיקער פאָרשטעלונג אין „אַקאַדעמי אָוו מיוזיק" האָט מיך אַדלער אַריינגערופן אין זיין דרעסינג־רום און געזאָגט צו מיר:

— מען וועט אייך דאָ היינט געבן געלט, דאָס הייסט, מען וועט אייך געבן אַלע זונטיק, ווי לאַנג איך וועל דאָ שפּילן. נעמט צו און זאָגט ניט וועגן דעם די „ממזרים" (דאָס האָט ער געמיינט זיינע מענעדזשערס). — איך האָב אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט, ניט וויסנדיק וואָס ער מיינט; האָט ער מיר דערקלערט דייט־לעכער: — איך האָב אָפּגעמאַכט, אַז די מענעדזשמענט פון דעם טעאַטער באַדאַרף מיר געבן אַן אָרקעסטער. האָב איך אייך אַריינגערעכנט. אַז מיינע מענעדזשערס וועלן זיך דערוויסן, אַז

איר קריגט דאָ געלט, וועלן זיי אייך אַרונטערנעמען פון אייער וועכנטלעכן געהאַלט, וואָס איר קריגט ביי מיר.

האָב איך געזאָגט:

— מר. אַדלער, איך קריג דאָך ביי אייך באַצאָלט פאַר אַ גאַנצער וואָך, זונטיק אַריינגערעכנט!

האָט אַדלער געענטפערט:

— זייט ניט קיין קינד. וואָס אַרט עס מיך, אַז איר קריגט צוויי מאָל? איר ווייסט דאָך ווי מען זאָגט: „אָט פּריביטקו האָלאָוואַ ניע באָליט" (פון דעם, וואָס קומט צו, טוט דער קאָפּ ניט וויי). אָבער אַז מיינע יוצר־משרתים וועלן זיך דערוויסן, וועלן זיי עס ביי אייך זיכער צונעמען.

ווען איך האָב דעם ערשטן זונטיק באַקומען דאָס געלט פונם מענעדזשמענט פון דער „אַקאַדעמי אָוו מיוזיק" און געזען, אַז מיין געהאַלט איז כמעט צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי איך האָב גע־קראָגן ביי אַדלערן, האָב איך דאָס געזאָגט אַדלערן און האָב בעת מעשה געטראַכט, אַז ער וועט זיין איבערראַשט, מחמת ס'איז אַ סך געלט. צום סוף האָט גאָר אַדלער געזאָגט:

— איך האָב געמיינט, אַז איר וועט קריגן מער, ווייל פּאַקס (דער אייגנטימער פון דעם טעאַטער) איז אַ רייכערער מענע־דזשער ווי אַדלער. אָבער געדענקט, מאַכט אַ שווייג און זאָגט ניט דער חברה.

מ'האָט געמאַכט גלענצנדע געשעפטן אין פילאַדעלפיע, און ספּעציעל יעדן זונטיק אין דער „אַקאַדעמי אָוו מיוזיק", מיט אַדלערס רייכן רעפּערטואַר — יעדע וואָך אַן אַנדער פּיעסע, און דאָך האָט מען גענומען זוכן אַ נייע פּיעסע. ז. ליבין האָט געבראַכט „גאָטס שטראָף", וואָס האָט געהאַט אַ שטורעמדיקן סוקסעס. דאָס איז געווען אַ מעלאָדראַמע פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן. אין דער דאָזיקער מעלאָדראַמע איז פאַראַן אַ ראָלע פון אַ פּריזאָן־טשאַפּלען, אַן אַמעריקאַנער רעווערענד, וועלכע האָט זיך זייער געפּאַסט פאַר אַדלערן. שוין ביים ערשטן

דערשיינען פון אַדלערן אַלס רעוורענד פלעגט אין טעאַטער ממש נעמען דונערן פון אַפּלאָדיסמענטן, און אַסך מאָל פלעגט זיך דאָס פובליקום אַפילו אויפשטעלן — אַזוי באַגייסטערט איז עס געוועזן פון אַדלערס הערלעכער דערשיינונג.

אַ סך גלחים פלעגן קומען זען „גאָטס שטראָף". זיי פלעגן זען אין די ענגלישע צייטונגען אַדלערס בילד אַלס פּריסט, און דער נאָמען „גאָדס פּאַנישמענט" האָט זיי געמאַכט נייגעריק. טייל גלחים זיינען געוועזן אַזוי באַגייסטערט פון אַדלערס שפּילן, אַז זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט און געהאַלטן גאַנצע לעקציעס איבער אַדלערן.

צום שלוס פון ערשטן אַקט שפּילט זיך אָפּ אַ תנאים. האָב איך געמאַכט אַ גאַנצע צערעמאָניע אין דער מוזיק, און עס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פריילעכס: „אַזאַ שמחה, אַזאַ גדולה". דער אַקטיאָר גינזבורג, וועלכער האָט דעם נומער געזונגען, צוזאַמען מיטן גאַנצן פּערסאָנאַל, פלעגט זיין געצוואונגען איבערצוזינגען דאָס ליד פיר־פינף מאָל. עס איז שפּעטער געוואָרן דאָס פּאָפּולערסטע „פריילעכס" אויף אַלע אידישע שמחות. אויך האָב איך געהאַט אַ שלאָף־לידעלע, וואָס מיסעס אַדלער פלעגט זינגען: „גוטע נאַכט, מיין קינד". די מעלאָדיע צו דעם ליד איז געווען דער לייט־מאָטיוו צו דער מעלאָדראַמע. איך האָב געהאַט בלויז צוויי נומערן אין ליבינס „גאָטס שטראָף", ס'איז אָבער כדאַי צו דערמאָנען אַן אינצידענט, וואָס האָט פּאַסירט מיט די צוויי נומערן.

דער הויפּט־מענעדזשער ביי אַדלערן איז דעמאָלט געווען איוואַן אייבראַמסאָן. איך זאָג „דער הויפּט־מענעדזשער", ווייל מענעדזשערס האָט אַדלער געהאַט אַ גאַנצן סקאַדראָן. עס זיינען געווען יוצר משרתים ואשר משרתים, אָבער איוואַן איז דעמאָלט געווען דער גענעראַל איבער אַדלערס אַלע מענעדזשערס. ער איז געווען דער, וואָס האָט געוואָלט זיין אַלץ און זיך גענומען צו אַלץ. אין זיין פריסטער יוגנט איז ער געווען אַ

העמדל־מאַכער און געהאָלפן אָרגאַניזירן די שווירטמייקערס יו־ניאָן, דערנאָך איז ער געווען אַן אַגענט פון זינגערס מאַשינען, געמאַכט געלט אין קויפן און פאַרקויפן הייזער, געגרינדעט אַ רוסישע אָפּערע, געווען איינער פון די אַרויסגעבער פון אַ הו־מאָריסטיש וואָכנבלאַט „דער אידישער פּאָק", געגרינדעט אַ „יעקב גאָרדין־פּאַראיין", גענומען אַדלערן אויף דער ענגלי־שער בינע צו שפּילן „שיילאָק", געשריבן פּיעסעס: „די הייראַט" (מאָרים מאָשקאָוויטש אין דער הויפּט־ראָלע), „דער גרינער חזן" (מאָגולעסקאָ אין דער הויפּט־ראָלע); „האָט אויסגעפּונען", אַז ער האָט אַ באַריטאָן־שטימע, געוואָלט ווערן אַן אָפּערע־זינגער און אָרגאַניזירט אַן „איוואַן אייבראַמסאָן איטאַליען גרענד אָפּע־ראַ קאָמפּאַני"; איז געוואָרן אַ מואווינג־פּיקטשור־דירעקטאָר; האָט געשריבן אַ בוך אויף ענגליש „מוטער פון אמת", — אָט דער דאָזיקער פּאַרשוין איז געווען דער הויפּט־מענעדזשער ביי אַדלערן אין דער צייט, ווען ליבינס „גאָטס שטראָף" איז גע־שפּילט געוואָרן.

אין יענער צייט פלעגט איוואַן אַרומגיין גאַנצע טעג און זינגען דאָס לידעלע „גוטע נאַכט". ער פלעגט טענה'ן, אַז דער ניגון פאַרפאָלגט אים אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט. ווען ער פלעגט אַנאָנסירן די פּיעסע „גאָטס שטראָף", סאַי אין די צייטונגען און סאַי אויף גרויסע און קליינע פּאָסטערס אין די גאַסן, פלעגט ער אַנאָנסירן מיט גרויסע בוכשטאַבן „מוזיק פון רומ־שינסקי" און ערגעץ אין אַ ווינקעלע, מיט קליינע אותיות'לעך — „ליריקס פון ליבין". פלעגן אַלע טענה'ן (אויך איך): „מען שפּילט די פּיעסע כמעט דריי שעה און זינגען זינגט מען בלויז אַ צען־פופצן מינוט, און אויסער דעם איז עס דאָך אַ דראַמע, און ניט קיין אָפּערעטע, — וואָס הייסט, איר אַנאָנסירט „ליריקס פון ליבין"?" פלעגט ער טענה'ן: „דאָס, וואָס איר זאָגט, אַז מען רעדט די פּראָזע, די ווערטער, כמעט דריי שעה און מען זינגט בלויז פופצן מינוט, איז טאַקע אמת; אָבער אַז איך גיי אַוועק

פון טעאַטער, רעד איך אַפילו ניט נאָך קיין איין וואָרט פון דער גאַנצער פּיעסע, פאַרקערט: איך פאַרגעס גאָר, וואָס איך האָב געזען, נאָר די פּאָר ניגונים לאָזן מיך ניט רוען, זיי פאַר־פאָלגן מיך אַ גאַנצן טאָג און אַפילו אין שלאָף אויך..."

איין מאָל, ווען איך בין אַריינגעקומען אין „אַקאַדעמי אָוו מיוזיק" צו אַ זונטיק־בייטאָגיקער פאָרשטעלונג, זאָגט צו מיר אַדלער, אַז היינט קומט אין טעאַטער אייב קאַהאַן, דער רעדאַק־טאָר פון „פאָרווערטס". אייב קאַהאַן איז אין יענע צייטן געווען דער פּוסק אַחרון אין אידישן טעאַטער. ביז דעמאָלט האָב איך נאָך ניט געהאַט די געלעגנהייט צו רעדן מיט קאַהאַנען פּערזענלעך. איך האָב אים בלויז געהאַט געזען אין טעאַטער און אויף פאַרזאַמלונגען. ווען אַדלער האָט אָנגעפירט דעם סטרייק מיט דער מוזיקער־יוניאָן צוליב מיר, האָבן מיך אַלע געפרעגט: „וואָס זאָגט אויף דעם אייב קאַהאַן?" יאַנאָווסקי, דער דעמאָלטיקער רעדאַקטאָר פון דער „פרייע אַרבעטער־שטימע", און לואי מילער פון דער „וואַרהייט", וועלכע האָבן גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין דעם סטרייק, — זיי פלעגן מיר כסדר עצהן: „גייט אַרויף צו קאַהאַנען. איך בין זיכער, אַז ער וועט זיין מיט אייך".

יענעם זונטיק נאָכמיטיק איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס אייב קאַהאַן איז געווען ביי אַ פאָרשטעלונג, אין וועלכער איך האָב גענומען אָנטייל. אַדלער האָט מיר אָנגעזאָגט: „איך בעט אייך — זעט, אַז די קאָמפּאַניע זאָל וויסן, אַז אייב קאַהאַן איז היינט דאָ אין טעאַטער". אויף דעם האָב איך געענטפערט: „מיסטער אַדלער, עס איז בעסער, אַז די קאָמפּאַניע זאָל ניט וויסן. הלוואַי וואָלט איך אויך ניט געוואוסט. ווארום אין אַזאַ פאַל פילן זיך די אַקטיאָרן ניט פריי: טייל שפּילן אַריבער, און אַנדערע שפּילן אינגאַנצן ניט. איבערהויפּט ווען אַקטיאָרן ווילן מאַכן גוט, קומט אַרויס אַן אומנאַטירלעכע פאָרשטעלונג". קוקט מיך אַדלער אָן און זאָגט: „איך רעכן, איר האָט רעכט".

אָבער אין אַ פּאָר מינוט אַרום הער איך ווי אַדלער שרייט: „חברה, מ׳דאַרף היינט שפּילן גוט טעאַטער — אייב קאַהאַן איז דאָ!״

נאָכן ערשטן אַקט, נאָכדעם ווי מ׳האָט אָפּגעזונגען און אָפּ־געטאַנצט „אַזאַ שמחה, אַזאַ גדולה״, בין איך אַרונטער פון די־ריזשאַר־פּלאַץ, איז צו מיר צוגעגאַנגען אַן אָשער און געזאָגט, אַז אייב קאַהאַן וויל מיך זען. בין איך צו אים צוגעגאַנגען, וואו ער איז געזעסן מיט מרס. קאַהאַן. האָט קאַהאַן צו מיר געזאָגט: „עס געפעלט מיר דאָס לידעלע „אַזאַ שמחה, אַזאַ גדולה״. אי־בערהויפּט געפעלט עס מיר, ווייל די „אודאַרעניע״ (דער טראָפּ) איז אויף דער ערשטער זילבע „אַ״, אָנשטאָט אויף דער צוויי־טער, און עס קומט אַרויס „אַ—זאַ שמחה, אַ—זאַ גדולה״. עטאָ אָטשען אָריגינאַלנאָ (דאָס איז זייער אָריגינעל)״. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט מיר און האָט מיך אויסגעפרעגט איינצל־הייטן וועגן מיין אָפּשטאַם. האָב איך אים דערציילט, אַז איך בין זיינער אַ לאַנדסמאַן, אַ ווילנער, אַז איך האָב געזונגען אַלס אַלט אין דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט, וואו ער האָט געלערנט, און אַז די טאָכטער פון עקאָנאָם פונם אינסטיטוט, פריילין טראַצקאַיאַ, איז געווען מיין ערשטע לערערין; איך האָב אים אויך דערציילט פון פונטס „נאַראָדנאַיע אוטשילישטשע״, וואו ער האָט געלערנט, און פון ווילנע אין אַלגעמיין. איך האָב געפילט, אַז איך האָב קאַהאַנען דערמאָנט אין זיינע סטודענטן־יאָרן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט געזונגען באַס אין סטודענטן־כאָר אינם אינסטיטוט, און אַז ער געדענקט נאָך די באַס־פּאַרטיע פון דעם ליד „זשיל, ביל מוזשיטשאָק ביעדניאַ־טשאָק״. און מיסעס קאַהאַן, אויף וועמען די רוסישע גימנאַ־זיסטקע ליגט שטענדיק אויסגעגאָסן (אַפילו נאָך איצט), האָט מיר געזאָגט אין איר געשמאַקן רוסיש, אַז דאָס שפּילן פון אָר־קעסטער געפעלט איר. זיי שפּילן פיין, נאָר אַ ביסעלע צו שטאַרק.

דער אַנטראַקט האָט זיך געענדיקט. ביים אַוועקגיין האָט קאַהאַן צו מיר געזאָגט:

— קומט מיך זען אין רעדאַקציע, כאָטש עס איז נאָך ביי אונז איצט אַ גרויסע אומאָרדענונג, ווייל מען בויט און מען מופּט, און עס וועט נאָך נעמען אַ צייט, ביז אונזער נייע היים וועט ווערן פאַרטיק; אָבער קומט מיך זען.

## „דער עקספּרעס איז אַריינגעפלויגן אין אידישן טעאַטער"

דאָס אידישע טעאַטער איז זיך געגאַנגען זיין געוויינלעכן וועג — רואיק, לאַנגזאַם, אַזוי ווי אַ קאַנאַל סטריט קאַר פון יענער צייט מיט איר שוואַך פערדל. דער סעזאָן איז געווען, לויטן געזעץ פון דער אידישער אַקטיאָרן־יוניאָן, זעקס־און־דרייסיק וואָכן, און מען פלעגט שפּילן צוויי־און־פערציק וואָכן און נאָך לענגער. זומער פלעגן זיך אַקטיאָרן באַזעצן אין קוני איילאַנד, ראַקאַוויי, בעטה ביטש, און מען פלעגט שפּילן פּאָוקער אָדער פּינאַקל. ס'איז געווען גענוג צייט דערויף, ווייל מען פלעגט קיין מאָל ניט אָנפאַנגען דעם נייעם סעזאָן מיט אַ נייער פּיעסע, נאָר מיט רעפּערטואַר. באָרים טאָמאַשעווסקי פלעגט יאָרן־לאַנג אָנהויבן זיין נייעם סעזאָן מיטן „ישיבה־בחור". אַדלער — מיט „קעניג ליר", און אַזוי די אַנדערע. ערשט שפּעטער פלעגט מען זיך נעמען זוכן אַ פּיעסע. און טאָמער איז די נייע פּיעסע ניט געלונגען, פלעגט מען זיך אומקערן צוריק צום אַלטן רעפּערטואַר. קיין אידן צו גיין אין טעאַטער האָבן, אַ דאַנק גאָט, ניט געפעלט. די אימיגראַציע איז געווען גרויס. אַז אַ גרינער פלעגט קומען צו פאָרן, פלעגט מען אים פירן אין אידישן טעאַטער און אויך אָנצוקוקן די ברוקלין ברידזש.

יעדער אידישער אַקטיאָר איז געוואָרן אַ תושב. מען איז געזעסן יאָרן־לאַנג אויף איין פּלאַץ. מען האָט זיך געקויפט הייזקעס. עס פלעגן אויך צוויי פאַמיליעס צוזאַמען זיך קויפן אַ הייזקע. פון אַרומפאָרן, אַרומוואַנדערן, פון דעם האָט מען ניט געוואוסט. איז אַן אַקטיאָר אַוועק קיין שיקאַגאָ, אָדער פּיטסבורג, אַפילו קיין פילאַדעלפיע, איז ער שוין פאַרבליבן אַ פּראָווינציעלער אַקטיאָר און זעלטן געקראָגן אַ שטעלע אין אַ

ניו־יאָרקער טעאַטער. און ער פלעגט אַפּילו ניט זוכן צו ווערן אַ ניו־יאָרקער, ווייל דער אַקטיאָר פון פּראָווינץ האָט זיך דאָרט באַזעצט מיט זיין פאַמיליע און געוואָרן דאָרט אַ תושב.

פאַר אַ ניו־יאָרקער אַקטיאָר איז אַפילו בראָדוויי געווען אַ „מהלך", און נאָר געציילטע אידישע אַקטיאָרן פלעגן גיין זען פּיעסעס אויף בראָדוויי. און טאַקע פון דעם קומט דאָס, וואָס מען אַנאָנסירט אַ־לאַ בראָדוויי.

און דאַכט זיך, אַז איך בין געווען דער ערשטער. מיט מיר האָט זיך עס אָנגעהויבן: „רומשינסקים אָרקעסטער אַ־לאַ בראָד־וויי". דאָס הייסט, מען האָט באַדאַרפט בראָדוויי אַרונטער־ברענגען דאַו־טאַון.

קורץ, דער אידישער אַקטיאָר האָט זיך געפירט ווי זיין פעטער, דער קרעמער, אָדער זיין ברודער, דער אינשורענס־אַגענט. מיטן אויסנאַם, וואָס יענע האָבן באַדאַרפט אויפשטיין פרי און גיין צו זייערע געשעפטן, אָדער אין די אָפיסעס, און דער אַקטיאָר קען און לייגט זיך שלאָפן שפּעט.

מיט אַמאָל איז אין דער אידישער טעאַטער־וועלט אַראָפּ־געפאַלן, ווי פון הימל, מיט אַ שטורעם־ווינט אַ דאַרער יונגער־מאַן, מיט דיקע ברילן אויף די אויגן, אַ ווייכן, שוואַרצן, ברייטן הוט, ווי אַ קאַובאַי. דער שניפּס זעלטן פאַרבונדן, ווינטער אין גרעסטן פראָסט מיטן מאַנטל אין האַנט, און ווען ער פלעגט אים אָנטאָן, פלעגט דער מאַנטל אים נאָכלויפן. ער איז ניט געגאַנ־גען, נאָר געלאָפן. ניט גערעדט, נאָר געשריגן. אַלע מאָל אַ באַ־גייסטערטער. און דאָס מערקווירדיקסטע איז דעמאָלט געווען, וואָס אַן אַמעריקאַנער יונגערמאַן, וועלכער קען ניט קיין אידיש — און ווען ער רעדט אַרויס אַ אידיש וואָרט, איז עס ווי אַ פרעמדער — זאָל זיין אַזוי באַגייסטערט פאַר אידיש טעאַטער און אידישע אַקטיאָרן. און ער האָט גענומען רעדן — בעסער געזאָגט — מאָלן ווי אַ מיל, צו די אידישע אַקטיאָרן, איבער־הויפּט צו די סטאַרס:

— וואָס הייסט, איר זיצט אויף איין פּלאַץ, ווען דאָס גאַנצע וועלט (דאָס איז געווען זיין אידיש) גאַרט אייך צו זען? די אידן פון גאַנץ אַמעריקע הלומ'ען דאָך פון אייך, און איר זיצט דאָ. וואָס הייסט קעסלער, ליפּצין, מאָשקאָוויטש אין איין טעאַטער? איך קען דאָך מאַכן פון אייך דריי באַזונדערע קאָמפּאַניעס. ווען קעני ליפּצין שפּילט פאַר געפּאַקטע הייזער אין שיקאַגאָ, קען דאָך קעסלער שפּילן אין פּיטסבורג פאַר נאָך גרעסערע הייזער. היינט אַדלער — פלעגט ער שרייען — „גיוו מי דהי קינג אָוו דהי דזשואיש טהיאַטער, אַ'ל מעיק עי פאָרטשון וויטה הים" (גיט מיר דעם קעניג פון דער אידישער בינע, איך וועל מאַכן אַ פאַרמעגן מיט אים).

און ער האָט צערודערט די מוחות פון די אידישע אַקטיאָרן, איבערהויפּט פון די סטאַרס. ער פלעגט יעדן סטאַר אַדרעסירן „גאָווערנאַר", און עס איז זיי געפעלן געוואָרן, וואָס זיי זיינען געוואָרן מיט אַמאָל גאָווערנאָרס. און איבערהויפּט איז זיי געפעלן געוואָרן, וואָס יעדער פון די סטאַרס קען קעניגן פאַר זיך אַליין. זיי זיינען אויך איבערראַשט געוואָרן פון דעם, וואָס ער ווייסט אַלע טרעינס, ווען זיי קומען און ווען זיי גייען אָפּ, אָן אַ טאַים-טעיבל.

און די גאַנצע אידישע טעאַטער-וועלט האָט געקאָכט מיט דעם נייעם משה רבנו, וואָס וויל שפּאַלטן דעם וועג פון ניו-יאָרק ביז שיקאַגאָ און אַפילו סאַן פראַנציסקאָ.

דאָס איז עדווין א. רעלקין.

די ערשטע קאָמפּאַניע, וועלכע איז אַרויסגעפאָרן אונטער רעלקינס מענעדזשמענט, איז געווען די קעסלער-ליפּצין-מאָש-קאָוויטש-קאָמפּאַניע. זיי זיינען געווען אַ גרויסער סוקסעס. די פּראָווינץ האָט זיך מיט זיי אַרומגעכאַפּט. און זיי האָבן טאַ-קע אויף דעם קינפטיקן סעזאָן קיין טעאַטער אין ניו-יאָרק ניט גענומען, נאָר זונטיקס פלעגן זיי שפּילן אין טאַליאַ-טעאַטער.

דער גרעסטער פּאַטריאָט פון רעלקינען איז דעמאָלט געווען

יעקב גאָרדין. אים איז זייער געפעלן געוואָרן רעלקינס טעמפּאָ און זיין פּאַרנעס. איבערהויפּט איז יעקב גאָרדינען געפעלן, וואָס עס פלעגן זיין נעכט, ווען ער פלעגט באַקומען צוויי מאָל ראָיעלטי (אַ געוויסע סומע פאַר שפּילן זיין פּיעסע), ווייל מען פלעגט אָפּט צעטיילן די קאָמפּאַניע, און יעדע פון זיי האָט גע־שפּילט זיין פּיעסע.



עדווין א. רעלקין

האָט טאַקע אין אַ געוויסער זונטיק - בייטאָגיקער פאַרשטעלונג יעקב גאָרדין אַרויפגענומען רעלקינען אויף דער בינע און געהאַלטן וועגן אים אַ רעדע און אים פּרע־זענטירט מיט אַ גאָלדענעם זייגער. די מענעדזשערס פון די טעאַטערס, ווי יאָסל עדל־שטיין און לעאָפּאָלד שפּאַכ־נער, זיינען געווען פון רעלקי־נען ניט צופרידן. איבערהויפּט דער קאָנסערוואַטיווער מע־נעדזשער יאָסל עדלשטיין, וועכער איז דעמאָלט געווען פאַרבונדן מיט באָרים טאָמאַ־שעווסקין, פלעגט מאַכן געוואַלדן. ער פלעגט טענה'ן, אַז דער האָבאָ פון שיקאַגאָ (אַזוי פלעגט ער אים אים רופן) צעטרענצלט אים די קאָמפּאַניע. רעלקין האָט טאַקע דעם זעלבן פסח אַרויסגענומען באָרים טאָמאַשעווסקין מיט אַ קאָמ־פּאַניע און געלאָזט אין „פּיפּל'ס טעאַטער" בעסי טאָמאַ־שעווסקי מיט אַ קאָמפּאַניע — ביידע האָבן געמאַכט אַ סך געלט, אָבער יאָסל עדלשטיין איז אַלץ ניט געווען צופרידן.

דער עדווין א. רעלקין-פיבער און טעמפּאָ אין אידישן טעאַ־טער האָט זיך גענומען שטאַרק פילן. ער האָט ניט נאָר דאָס אידישע טעאַטער אויפגעוועקט, נאָר געמאַכט פון גאַנצן אידישן טעאַטער אַ טאַים-טעיבל. ווען מען פלעגט פרעגן אַ אידישן אַקטיאָר: „וואָס מאַכסטו?", פלעגט ער ענטפערן: „איך מאַך טרעינס". איבערהויפּט נאָכן ניו-יאָרקער סעזאָן, ווען אַלע קאָמפּאַניעס ווערן פריי, דעמאָלט פלעגט רעלקין שווימען. ער פלעגט רעדן אין דריי טעלעפאָנס אין איין צייט. און טעלעגראַ־מעס פלעגן פליען פּופציק אַ טאָג. ווען איך בין געפאָרן מיט אַדלערן, און מיין פרוי, מאַדאַם לאַסקער, איז געפאָרן מיט קעס־לערס קאָמפּאַניע, איז מיר אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע אויפן צוג: „העף פּעסט טהרי אין דהי מאָרנינג יו וויל מיעט יור וואַיף" (האַלב נאָך דריי אַזייגער אינדערפרי וועסטו באַגעגענען דיין פרוי). אָנשטאָט זיך לייגן שלאָפן אין צוג, בין איך געזעסן און געוואַרט, אַז דער צוג זאָל בלייבן שטיין און איך זאָל באַגעגענען מיין פרוי. אָבער דער צוג איז געלאָפן אַ גאַנצע נאַכט, ניט אָפּ־שטעלנדיק זיך. צומאָרגנס האָב איך מיך דערוואוסט, אַז קעס־לערס קאָמפּאַניע איז געפאָרן פון פּיטסבורג קיין שיקאַגאָ, און מיר פון שיקאַגאָ קיין פּיטסבורג, אוןביידע צוגן זיינען טאַקע געווען „עקספּרעסן" (שנעל-צוגן), און ביידע צוגן זיינען פאַרביי־געפלויגן איינע די אַנדערע. אָבער ביי רעלקינען האָט עס גע־הייסן: „יו וויל מיעט יור וואַיף".

זיינע טעלעגראַמעס פלעגן אָפטמאָל זיין זייער קאָמיש. ער האָט, אַ שטייגער, אַראַנזשירט אַ גרויסע פאָרשטעלונג פון „יוסף מיט זיינע ברידער" אין שיקאַגאָ, וואו ער האָט אַנאָנסירט הונדערט מענטשן אויף דער בינע, און עס וועלן זיין קעמלען, אייזלען, עלפאַנטן, מיט אַן אָרקעסטער פון דרייסיק מענטשן. באַקומט ער אַ בריוו פון דעם שיקאַגער מענעדזשער, אַז מען קויפט בילעטן און עס וועט זיין אַ גרויסער סוקסעס, ניט קוקנ־דיק, וואָס דער פּלאַץ איז זייער אַ גרויסער. ענטפערט רעלקין

אין אַ טעלעגראַמע: „אָרדער סאַם מאָר ברעדהערן" (באַשטעל נאָך ברידער). ער האָט געוואָלט גאַנץ איינפאַך, אַז מען זאָל יעקב אָבינו'ן געבן נאָך אַ פּאָר זין...

ער האָט אַמאָל געפרעגט, „איף יו קען סטרעטש דהי פּסח" (אויב מען קען לענגער מאַכן דעם פּסח). רעלקין האָט זייער גע־האַלטן פון פּסח, ווייל אין דער פּסח־וואָך זיינען געוועזן די בעס־טע געשעפטן אויף דער פּראָווינץ. ער פלעגט אויף פּסח שיקן מצות און פּסח'דיקן וויין צו אַלע אידיש־ענגלישע מענעדזשערס פון בראָדוויי, ווי די שובערטס, די פראָמאַנס, זיגפיעלד, טשאַרלז ק. הערים, אַל וואוד, אַפילו צו ניט־אידישע מענעדזשערס אויך.

און אַז מען רעדט שוין פון בראָדוויי, איז כדאַי צו באַמערקן, אַז רעלקין האָט אַלע מאָל געהאַלטן, אַז מיין פּלאַץ איז אויף בראָדוויי, און ער האָט מיר טאַקע איין מאָל געבראַכט אַ קאָנ־טראַקט פון אָל וואודס צו דיריגירן אַן אָפּערעטע, וועלכע האָט געהייסן אין דייטש „דער פרויען־פרעסער", און אין ענגליש „דהי וואומען העיטער". אָל וואודס, וועלכער איז דעמאָלט געוועזן איינער פון די דערפאָלגרייכסטע מענעדזשערס, וועמענס ריכטיקער נאָמען איז הערמאַן, האָט מיך אַמאָל אָפּגערופן און געזאָגט צו מיר: „דאָס רעדט צו אייך אייער מענעדזשער, דאָס הייסט, גוי'אישער מענעדזשער — און כאַפּט זיך גלייך צוריק — ניט דער גוי'אישער, נאָר דער אידיש־גוי'אישער מענע־דזשער".

עס איז מערקווירדיק, רעלקין האָט קיינמאָל ניט געוואָלט זיין באַטייליקט אין אַ ניו־יאָרקער אידישן טעאַטער, אַפילו אין די דערפאָלגרייכסטע צייטן פון אידישן טעאַטער אין ניו־יאָרק. און נאָך אַ מערקווירדיקע זאַך איז, וואָס זייענדיק אַ געבוירע־נער אַמעריקאַנער, און, ווי שוין געזאָגט, ניט קענענדיק אַפילו גוט קיין אידיש, האָלט ער ניט שטאַרק פון פּיעסעס, וועלכע זיינען פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן. ער האָט ליב עכט־אידישע פּיעסעס. ביי רעלקינען עקזיסטירן נאָך ביז היינט־צו־

טאָג צוויי פּיעסעס: דאָס איז „דעם רבי׳נס ניגון״ און „יאָשע קאַלב״. ער טענה׳ט, אַז ער האָט ליב אַ פּיעסע, וועלכע ער קען רעקאָמענדירן צו די „ראַבאַים״, ספּעציעל צו די „רעפאָרם־ראַבאַים״, און אַפילו צו גלחים, אַז זיי זאָלן קענען פון זייער בימה רעקאָמענדירן אין זייערע דרשות צו זייער עולם. און טאַקע דאָס האָט ער געטאָן צום „רבי׳נס ניגון״, ווען ער האָט עס געוויזן איבער אַמעריקע. איך פלעג אין יעדער שטאָט, פאָרנדיק מיטן „רבי׳נס ניגון״, טרעפן אין טעאַטער רבנים, חזנים, גלחים. ווייל רעלקין פלעגט אַרויסשיקן אַדווערטייז־מענטס צו זיי אינדערהיים און אין די שולן. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן מיט „יאָשע קאַלב״ אין ניו־יאָרק. ער האָט אַפילו געמאַכט איין פאָרשטעלונג ספּעציעל פאַר אָרטאָדאָקסישע און רעפאָרמירטע רבנים.

אויף דער פּראָווינץ איז רעלקין ניט אַזאַ אויסקלייבער, כאָטש ער האָט אַלע מאָל געמענעדזשט די גרעסטע פאָרשטע־לונגען. אָבער אין ניו־יאָרק האָט מען אים שוין אַ סך מאָל איינגעלאַדן צו מענעדזשן געוויסע פּיעסעס, האָט ער זיך אָנט־זאָגט, ווייל די פּיעסע באַדאַרף אים פריער געפעלן. רעלקין זאָגט: „גיוו מי עי גוד סטאָרי, עי לאָט אָוו ראַבאַים ענד גוד דזשואיש מיוזיק (גיב מיר אַ גוטע געשיכטע, אַ סך רבנים און גוטע אידישע מוזיק), וועל איך אויפרודערן די וועלט, און אַלע וועלן עס קומען זען״.

## „די נאַרישע וואָך"

— איר זעט, מר. רומשינסקי — זאָגט צו מיר מר. אַדלער — איצט זיינען מיר גלייך אויף גלייך; ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט — „איוועך". איך האָב צוליב אייך אויפגעגעבן גרענד טעאַטער, און איר צוליב מיר אָסקאַר האַמערשטיינס אָפּערע. האָב איך גענומען טאַליאַ-טעאַטער פאַר דעם קינפטיקן סעזאָן, וואו מיר וועלן אויפפירן גרויסע זאַכן.

און מען האָט זיך גענומען צום אַנגאַזשירן אַ קאָמפּאַניע פאַר דעם נעקסטן סעזאָן. איך זאָג, מען האָט זיך גענומען, ווייל ביי אַדלערן האָט ניט אַנגאַזשירט איין מענטש אָדער איין מע-נעדזשער, נאָר יעדער באַזונדער פון זיין סקאַדראָן מענעדזשערס האָט אַנגאַזשירט זיין ליבלינג-אַקטיאָר אָדער אַקטריסע. און טאַקע, זאָל ניט אויסגערעדט זיין, ווער עס האָט געגעבן אַ גרע-סערן פּרעזענט, אָדער גאַנץ איינפאַך, כאַבאַר, דער איז גע-וואָרן אַנגאַזשירט. און אַזוי ווי פּרעזענטן-נעמער זיינען געווען אַסך, האָט מען אַנגאַזשירט אַ קאָמפּאַניע, וועלכע איז געווען גענוג פאַר דריי טעאַטערס. ס'זיינען געווען דראַמע-, אָפּערעטע-, אַפילו אָפּערע-אַקטיאָרן, מיט איין וואָרט — פון כל טוב.

און דאָ האָט זיך איבערגע'חזר'ט די אַלטע געשיכטע, דער אַלטער פעלער פון אידישן טעאַטער, וועלכער ציט זיך שוין פון יאָרן-לאַנג: מיט וואָס די טעאַטער-וועלט ביי די אומות-העולם הייבט אָן ביים אָרגאַניזירן אַ טעאַטער-געשעפט, מיט דעם ענדיקן מיר. ביי די אומות-העולם איז די ערשטע זאַך אַ פּיע-סע. צוערשט זוכט דער מענעדזשער אַ פּיעסע. און אַז ער קלייבט אויס אַ פּיעסע, וועלכע אים געפעלט, אַנגאַזשירט ער אַ קאָמפּאַניע, אַ רעזשיסאָר, אַ קאָמפּאָזיטאָר (אויב מען באַ-דאַרף), מאַכט אויסשטאַטונג, קאָסטיומען און דינגט אַפילו אַ טעאַטער. אַלץ, וואָס עס ווערט אַנגאַזשירט און באַשטעלט,

איז לויטן כאַראַקטער פון דער פּיעסע, פון דעם אינהאַלט, פון דעם פּעריאָד, אין וועלכן די האַנדלונג קומט פאָר. אָבער ביי אונז, אין אידישן טעאַטער, פאַרזאָרגן מיר אַלצדינג: אַ טעאַטער, אַ קאָמפּאַניע, אַ כאָר, אַ קאָמפּאָזיטאָר, מענעדזשערס, אָשערס, אַפילו אַ ספּעציעלן פּאָליסמאַן. און ווען אַלץ איז שוין, אַ דאַנק גאָט, פאַרטיק, ערשט דעמאָלט גייט מען זוכן וואָס צו פאַרקויפן — איך מיין די פּיעסע.

און אַזוי איז אויך געווען דעמאָלט ביי אַדלערן אין טאַליאַ טעאַטער. עס איז געווען פון אַלץ מיט דער פולער מאָס. עס האָט ניט געפעלט קיין זאַך, וואָס אַ טעאַטער דאַרף האָבן. מען האָט זיך מיט אַלץ פאַרזאָרגט — אַפילו מיט פּאַטריאָטן, וועלכע קענען געבן אַ גוטן מתנת-יד, אויב ווער ס'זאָל זיך דערלויבן, חלילה, רעדן אַ שלעכט וואָרט אויף זייער סטאַר און אַז אַלץ איז געווען פאַרטיק צום שפּילן, האָט מען זיך ערשט אַרומגע-זען, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו שפּילן. נישטאָ די פּיעסע — „דאָס געבענטשטע ביכל" —ווי דער מענעדזשער יאָסל עדל-שטיין פלעגט זאָגן. און מען האָט באַשלאָסן, — אַזוי ווי עס איז דאָ אַ ריזיק-גרויסע קאָמפּאַניע, זאָל מען אויפפירן אַ מו-זיקאַלישע זאַך מיט אַדלערן.

און עס איז געוואָרן אַ געלאַף, אַ זוכעניש אויף פּיעסעס. און עס האָט געליפערט כמעט יעדער שרייבער יעדן טאָג אַן אַנ-דערע פּיעסע, צווישן זיי אויך מאָריס ראָזנפעלד. איך בין באַ-גייסטערט געוואָרן פאַר מאָריס ראָזנפעלדס „זאַך". איך זאָג זאַך, און ניט פּיעסע, ווייל לײדער האָט עס געהאַט אַ זייער שוואַכן אינהאַלט. עפּעס אַ אידישער זינגער לערנט אין אי-טאַליע אין אַ קאָנסערוואַטאָריע. עס האָט געהאַט פונם אָנ-פאַנג ביז צום סוף זעלטענע לידער, קאָמישע און ערנסטע, אַפילו דאָס, וואָס דער כאָר זינגט, איז געווען אַ-לאַ מאָריס ראָזנפעלד. אָבער אָן אַן אינהאַלט, כמעט גאָרניט קיין פּיעסע, נאָר אַ צו-זאַמענשטעלעכץ פון שיינע לידער. און מיר האָבן אויסגע-

קליבן ד"ר שניצערס פיעסע „נר תמיד". ווייל אַ סעזאָן פריער איז געווען אַ סעזאָן פון אידישקייט, ווי „דאָס אידישע הארץ", „די אידישע נשמה", „אַ אידיש קינד". האָט מען זיך פאַר דעם סעזאָן אויך גענומען צו אידישקייט, און מיר האָבן אויסגעקליבן „נר תמיד". באַרים טאָמאַשעווסקי — „דאָס פינטעלע איד" און דוד קעסלער — „יום החופה". די אידישע פרעסע האָט שוין אַ סעזאָן פריער אַ סך קריטיקירט, וואָס מען פריידיקט צופיל אי־דישקייט פון דער בינע. אַפילו די קאָנסערוואַטיווע אידישע צייטונגען זיינען געווען קעגן דעם שלעפּן גרויסע און קליינע תורה׳ס אויף דער בינע.

און ווען דער סעזאָן האָט זיך געעפנט און מען האָט אויף דער סוכות־וואָך אַנאָנסירט אין אַלע טעאַטערס די אַלע פּיעסעס, וועלכע האַנדלען מיט אידישקייט, איז אַרויס מאָרים ראָזנפעלד מיט אַן אַרטיקל אין „פאָרווערטס" א"נ „די נאַרישע וואָך", און האָט געשריבן אַ רעצענזיע וועגן די פּיעסעס, וואָס זיינען גע־געבן געוואָרן אין אַלע טעאַטערס, און האָט געשניטן און געריסן אַ־לאַ מאָרים ראָזנפעלד. אָבער אַממערסטן האָט ער קריטי־קירט אַדלערן, און אַמשטאַרקסטן מיך, ווייל ער איז געווען אויף מיר זייער ברוגז פאַר מיין באַמערקונג, ווען ער האָט פאָרגע־לייענט זיין פּיעסע פאַר אונז, און איך האָב נאָכדעם געמאַכט אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל קויפן די לידער פון ראָזענפעלדן און זיי אַריינשטעלן אין אַן אַנדער פּיעסע. ער האָט זיך דעמאָלט צע־שריגן אויף מיר: „יונגערמאַן, איך בין ניט קיין לידלעך־שרייבער! איך האָב אייך געבראַכט אַ פּיעסע". אַדלערן איז מיין פאָר־שלאָג זייער געפעלן געוואָרן און ער האָט עס אונטערגעשטיצט.

מאָרים ראָזנפעלד איז אַוועק אַ ברוגז׳ער. אַפילו אין זיין שניידנדיקער קריטיק איבער דער „נאַרישער וואָך" האָט ער געזאָגט, אַז „דעם אַלטן אַדלער און דעם יונגן רומשינסקי איז ניט געלונגען צו מאַכן די נאַרישע וואָך פאַר אַ קלוגע. און אַפילו די בעסטע לידער פון דעם גרעסטן אידישן פּאָעט, וועלכע זיי

האָבן געהאַט די חוצפה צו פאַרלאַנגען אריינצושטעלן, וואָלטן ניט געהאָלפן".

עס איז נאָך ניט געווען קיין איין אַקטיאָר אויף דער וועלט, וועלכער זאָל אַזוי ציטערן פאַרן געדרוקטן וואָרט, ווי אַדלער. אַ גינסטיקע קריטיק האָט אים געקענט מאַכן פאַר דעם גליקלעכסטן מענטש. ער פלעגט זיך איינפאַך שפּיגלען מיט אַ גוטער קריטיק. און ווידער פאַרקערט, ווען אַדלער האָט איבערגעלייענט מאָרים ראָזנפעלדס קריטיק, איז ער איינפאַך ווילד געוואָרן. ווען באָרים טאָמאַשעווסקי האָט איבערגעלייענט מאָרים ראָזנפעלדס קריטיק, האָט ער געזאָגט: „אויב אַזוי, וועל איך שוין מיין „פּינטעלע איד" שפּילן אַ גאַנצן סעזאָן".

כאָטש אַדלער האָט געמאַכט גוטע געשעפטן מיט דער אָפּערעטע „נר תמיד", פלעגן אים אָבער עגבערן און מאַטערן די ווערטער פון מאָרים ראָזנפעלד, אַז „דער „קעניג ליר", דער „שלמה חכם", דער האַרטנעקיגער קלוגער „שיילאָק" פאַיאַצעוועט אין דער „נאַרישער וואָך"-פּיעסע, — און ער האָט זי אַרונטערגענומען פון רעפּערטואַר, ניט קוקנדיק אויף די גוטע געשעפטן.

איך פלעג טענה'ן: „מר. אַדלער, שטעלט „אלישע בן אבויה". פלעגט ער זאָגן: „וואָס רעדט איר? אין אַזאַ צייט, ווען אַלע אידישע טעאַטערס שפּילן אידישע פּיעסעס, זאָל איך אויפפירן אַ פּיעסע, וועלכע פּריידיקט אַפּיקורסישע געדאַנקען?"

און אַזוי זיינען אַוועק נאָך אַ פּאָר וואָכן מיט רעפּערטואַר און ניט-געלונגענע פּיעסעלעך, ביז אַדלערס מענעדזשערס האָבן געפּלאַנט צו מאַכן פאַר אַדלערן אַ גרויסן ערן-אָוונט. זיי האָבן געזוכט עפּעס אַ יום-טוב אים צו דערמוטיקן. איך האָב פאָרגעשלאָגן, אַז אַזוי ווי ער וויל ניט אויפפירן „אלישע בן אבויה", זאָל ער אויפפירן איבסנס פאַנטאַסטיש ווערק „פּיער גינט" מיט גריגס מוזיק. דאָס וועט אים געבן אַ סך כבוד און אויך געלט. האָט ער געטענה'ט, אַז ערשטנס, איז עס ניט פאַר אידן, און

צווייטנס, האָט ער מורא פאַר דער ראָלע פון „פיער גינט”. עס איז זייער אַ שווערע ראָלע. זי האָט דער׳הרג׳עט דעם אַמערי־קאַנער גרויסן אַקטיאָר ריטשאַרד מאַנספיעלד — ער איז גע־שטאָרבן, שפּילנדיק די ראָלע.

נאָך אַ גרויסער באַראַטונג האָט אַדלערס סענאַט (דער סקאַדראָן מענעדזשערס) באַשלאָסן נאָכצוגעבן מיין וואונטש און אויפצופירן צו אַדלערס ערן־אָוונט „אלישע בן אבויה”. אַנשל שאָר איז דעמאָלט געווען אַדלערס בינע־פּאַרוואַלטער. ער האָט זייער פיל געהאָלפן צו דער נייער אויפפירונג פון „אלישע בן אבויה”, וואָס מען האָט אויפגעפירט אין אַ דאָנערשטיק, און אויף פרייטיק, שבת און זונטיק זיינען געווען אַנאָנסירט אַד־לערס רעפּערטואַר־פּיעסעס. שוין דער ערשטער אַקאָרד פון אָרגל, אויף וועלכן איך האָב געשפּילט אַן איינלייטונג אָנשטאָט דער געוויינלעכער טעאַטער־אָווערטיור, האָט גלייך געשאַפן אַ רעליגיעזע אַטמאָספערע. דערנאָך האָט דער אָרגל צוזאַמען מיטן שטרייך־קווינטעט אַוועקגענומען דאָס וואָכעדיקע לעבן און אַוועקגעפירט דעם צושויער צום וויטן עבר, מיט קנאַפּע 2,000 יאָר צוריק. ווען דער פאָרהאַנג איז אויפגעגאַנגען, האָט אָנגעהויבן זינגען שמעון הנזיר (געשפּילט פון גינזבורג), פון די ערשטע נאָכפאָלער פון ישו הנוצרי:

די וועלט איז אַ חרוב׳ע אָרעמע שטוב,
דאָס לעבן ניט מער ווי אַ פינסטערע גרוב,
לעבן און גליק איז דאָ נאָר אין הימל,
קיין פרייד און קיין גליק איז ניטאָ אויף דער ערד.

און אַלע האָבן עס איבערגע׳חזר׳ט צוזאַמען מיטן אָרגל. גלייך האָט דאָס פּובליקום גענומען רעאַגירן כמעט אויף יעדער פראַזע. און נאָך יעדן אַקט איז דער סוקסעס געשטיגן. און ווען אַדלער איז אַרויס נאָכן דריטן אַקט האַלטן דעם געוויינלעכן „ספּיטש” פון אַ בענעפיציאַנט, האָט מען אים ניט געלאָזט רעדן, עס האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען פון פאַרשידענע ווינקלען

פון טעאַטער: „מיר ווילן „אלישע בן אבויה", מיר ווילן ניט קיין אַנדערע פּיעסעס". דאָס פּובליקום האָט גענומען שטאַרק אַפּלאָדירן אויף יעדן אויסגעשריי. אַדלער איז געבליבן שטיין ווי אַ פאַרשטיינערטער. איז אַנשל שאָר, וועלכער איז געגאַנגען אין אַ פאַרשמירט רעקל, אַרבעטנדיק מיט די בינע־אַרבעטער אין די מאַסן־סצענעס, אַרויפגעלאָפן אויף דער סצענע און האָט אויסגעשריען צום פּובליקום, אַז מאָרגן, דאָס הייסט, פרייטיק, שבת צוויי מאָל און זונטיק צוויי מאָל ווערט געשפּילט „אלישע בן אבויה".

אין לעצטן אַקט, ווען אלישע שטאַרבט, האָבן זיך געוויזן וואָלקנס, און אין די וואָלקנס יעקב גאָרדינס געזיכט. ווען דאָס פּובליקום האָט דערזען גאָרדינס געזיכט אין די וואָלקנס, האָט דאָס טעאַטער געדונערט פון געשרייען, אַזוי אַז אַדלער האָט פאַר באַגייסטערונג ניט געקענט רעדן. ער האָט נאָר אויסגעשריגן וויינענדיק: „יעקב גאָרדין, פאַרוואָס האָסטו דאָס ניט דערלעבט?"

מיט אַזאַ באַגייסטערונג האָט מען „אלישע בן אבויה" געשפּילט אַכצן וואָכן אין ניו־יאָרק, און צען וואָכן איבער אַמעריקע. און אַדלער פלעגט טענה'ן: פאַרוואָס קומט ניט מאָריס ראָזענפעלד שרייבן איצט, ווען איך האָב אַזוי פיל „קלוגע וואָכן" אַנשטאָט „די נאַרישע וואָך"?

## איך בייזער מיך אָן אויף קאַרוזאָן; פיאָדאָר שאַליאַפּין אויף מינסקים רוף־גאַרדן

ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, האָב איך שוין געהאַט געהערט און געקענט אַ סך אָפּערעס, און עס איז מיר אַפילו אויסגעקומען אויך צו דיריגירן אייניקע אָפּערעס, אָבער זייער ווייניק וואַגנערס אָפּערעס, ווייל צו וואַגנערס אָפּערעס דאַרף מען האָבן אַ גרויסן אָרקעסטער און ספּעציעלע וואַגנער־זינגערס. פלעג איך די ערשטע צייט אין אַמעריקע גיין אין דער אָפּערע אַממערסטן צו וואַגנערס אָפּערעס. איך פלעג אויך ליב האָבן צו זען ווי דער אידישער דיריזשאָר אַלפרעד הערץ מיט זיין שוואַרצער באָרד זיצט איבער דער גרויסער וואַגנער־פּאַרטיטור (און עס פלעגט זיך מיר אויסדאַכטן, אַז מיין פעטער אַהרן זיצט איבער אַ גמרא), און שפּעטער ווי דער אידישער דיריזשאָר אַר־טור באָדאַנסקי מיט זיין עכט־סעמיטישן אויסזען טוט דאָס זעלבע. איך פלעג ווי נקמה נעמען אָן דעם אַנטיסעמיט וואַגנער און ס'פלעגט זיך מיר ווען אויסשרייען: „גיב אַ קוק, ריכאַרד וואַגנער, דו גרויסער מוזיקער, אָבער נאָך גרעסערער אַנטיסע־מיט!..."

מען זאָגט, אַז וואַגנער האָט אַזוי שטאַרק געשריגן, אַז ער איז אַן אַנטיסעמיט, ווייל ער האָט דערמיט געוואָלט פאַרשרייען זיין אידישע אָפּשטאַמונג. לויט די דאָזיקע קלאַנגען, האָט וואַג־נערס פאָטער געזאָלט זיין אַן אינוואַליד פיר־פינף יאָר פאַר זיין טויט און וואַגנערס מוטער האָט אַ פּאָר חדשים נאָך איר מאַנס טויט חתונה געהאַט מיט אַ אידיש־דייטשן שוישפּילער, גאַיער, וועלכער איז געווען אַ בן־בית אין וואַגנערס הויז אייניקע יאָר נאָך ביים לעבן פון איר ערשטן מאַן. און אַזוי ווי ריכאַרד, שפּעטער דער גרויסער קאָמפּאָזיטאָר, איז געבוירן געוואָרן אַ פּאָר חדשים נאָך איר ערשטן קראַנקן מאַנס טויט, באַהויפּטן היסטאָריקער, אַז ריכאַרד וואַגנער איז דער זון פון דעם אידיש־

דייטשן שווישפּילער גאַיער. אָבער אַן אַנטיסעמיט איז ער גע־ווען אַן אויסגעשפּראָכענער, פלעג איך הנאה האָבן אין צווייען, הערנדיק וואַגנערס אַן אָפּערע: ערשטנס, פון דער מוזיק, ווייל מוזיק בלייבט מוזיק — ווער דער טאַטע אירער זאָל ניט זיין, און צווייטנס פון דעם, ווי אַזוי אַ איד, כ'מיין דער אידישער די־ריזשאָר, בעל־הבית'עוועט איבער וואַגנערס אָפּערעס. איבער־הויפּט פלעג איך גיין צו דעם וואַגנער־„רינג", וואָס באַשטייט פון פיר אָפּערעס: „געטערדעמערונג", „וואַלקיריע", „זיגפריד" און „ריינגאָלד". די אַלע פיר אָפּערעס זיינען אַן איינהייט, אַ פאַר־בינדונג — סיי דער אינהאַלט און סיי די מוזיק ציען זיך ווי אַ קייט איינע פון דער אַנדערער, און טאַקע דערפאַר רופט מען זיי דער „רינג".

די אויבן־דערמאָנטע פיר אָפּערעס, דאָס הייסט דעם „רינג", פלעגט מען שפּילן אין פיר דאָנערשטיקס בייטאָג. ביי מיר איז עס געווען ניט גלאַט גיין הערן אַן אָפּערע, נאָר ממש אַ שטודיום. פלעג איך מיטנעמען דעם סקאָר און אַריינקוקן אין די נאָטן אין דער צייט פון שפּילן. אַזוי ווי עס איז פינסטער, ווען מען שפּילט, פלעג איך שטיין ביי דער טיר, וואו עס לייכטן די ליכט פון דעם אויפשריפט „עקזיט" (אַרויסגאַנג). איך פלעג שטיין ביים לעצטן „עקזיט", וואָס פירט צום אַריינגאַנג פון דער בינע, און אַריינ־קוקן אין די נאָטן און כאַפּן אַ קוק אויפן דיריזשאָר און זעלטן אויף דער בינע, ווייל אין אַ וואַגנער־אָפּערע איז זעלטן דאָ וואָס צו זען, אויסער אַמאָל אַן אַנסאַמבל אָדער אַ פּראָצעסיע, און אַפילו דאָס איז אינם גאַנצן „רינג" נישטאָ. אָבער צום הערן איז פאַראַן גענוג.

איין מאָל, שטייענדיק פאַרטיפט אינם שטודירן די נאָטן פון דער אָפּערע „זיגפריד", האָב איך געפילט ווי אימיצער שטייט הינטער מיר און בורטשעט נאָך טענער. זייענדיק פאַרטיפט און האָבנדיק מורא אַרויסצוקוקן פון די נאָטן, כדי ניט צו פאַר־לירן דאָס אָרט, וואו מען האַלט, ווייל די טעמפּאָ איז געווען זייער אַ שנעלע און איך האָב באַדאַרפט האַלטן אין איין מישן די

נאָטן, האָב איך מיך דערנערווירט צוליבן ברומען פון דעם מאַן, אָבער כ׳האָב געהאַפּט, אַז ער וועט באַלד אויפהערן. דער חברה־מאַן האָט אָבער ניט אויפגעהערט, האָב איך אים געגעבן אַ לייכטן שטויס מיטן עלנבויגן און געזאָגט: „פּליז, סטאַפּ איט!" ענטפערט ער מיר: „עקסקיוז מי, אַי וואוד לאַיק טו סינג אין עי וואַגנער אָפּעראַ, עספּעשעלי דהי פּאַרט אָוו זיגפריד" (אַנטשולדיקט מיר, איך וואָלט וועלן זינגען אין אַ וואַגנער־אָפּערע, ספּעציעל די ראָלע פון זיגפריד). קלער איך ביי זיך: „איך האָב דאָ צו טאָן מיט אַ קרענק"... און איך האָב מיך גאָרניט אומגעקוקט. אָבער ווען עס איז געקומען צו דער פייער־אַריע, זאָגט ער צו מיר: „וואַט איז יור אָפּיניאָן? וואוד אַי בי גוד אין דהיס פּאַרט?" (וואָס איז אייער מיינונג? וואָלט איך געווען גוט אין דער ראָלע?). איך ווער שוין נייגעריג, איך קוק מיך אַרום און זע, אַז דאָס איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי ענריקאָ קאַרוזאָ. איך האָב מיך פאַר אים אַנטשולדיקט פאַר געבן אים אַ שטויס און ניט וועלן אים הערן זינגען און געמאַכט אים באַקוועם אַריינצוקוקן אין מיין „סקאָר". פון דעמאָלט אָן פלעגט ער אָפט אַריינקוקן אין מיינע נאָטן פון אַ וואַגנער־אָפּערע. איין מאָל, בשעת איך בין געשטאַנען ביי אַ מאַנטיק־ביטאַגיקער פאַרשטעלונג אין אַנטראַקט אין פאַלאַס וואָדעוויל טעאַטער, איז קאַרוזאָ פאַרבייגעגאַנגען פאַר מיר. ער האָט מיך דערקענט און געזאָגט מיט אַ שמייכל: „ווי דאָנט ניד עי וואַגנער סקאָר היר" (מיר דאַרפן דאָ ניט קיין וואַגנער־סקאָר).

איך האָב אויך גענומען אַ ביסל נקמה אָן וואַגנערן, ווען דער וואַגנער־טענאָר יאַדלאָווקער, דער געוועזענער משורר פון ריגער חזן ראַזאָווסקי, האָט געזונגען אין מעטראָפּאָליטן אָפּערעהויז. ער האָט זיך אויסגעצייכנט ספּעציעל אין דער אָפּערע „לאָענגרין". עס איז געווען דער בעסטער „לאָענגרין", וואָס איך האָב אין מיין לעבן געהערט. אַפילו איצט בין איך מיך מחיה מיט די אידישע וואַגנער באַס־זינגער, ווי פרידריך שאָר, עמאַנועל ליסט און אַלעקסאַנדער קיפּנים — יעדער פון זיי אַ

געזוועזענער משורר. ווען איך הער זיי נאָך איצט אין אַ וואַג־נער־אָפּערע, נעם איך נקמה פֿון דעם אַנטיסעמיט וואַגנער דורך די אידישע זינגערס און דיריגענטן פֿון זײַנע אָפּערעס.

אַן ענלעכער פֿאַל ווי מיט קאַרוזאָן און מיר אין דער מעט־ראָפּאָליטן אָפּערע האָט פּאַסירט מיט מיר און מיט דעם רוסישן גרויסן זינגער פיאָדאָר שאַליאַפּין. מאַנדלקערן, פֿון וועלכן איך האָב שוין געשריבן, וואָס פֿלעגט גיין געאַרעמט מיט די וויכ־טיקסטע מענטשן, צווישן זיי אויך אָפּערע־סטאַרס, האָט אַרונ־טערגעבראַכט אין „נעשאָנאַל טעאַטער" דעם רוסישן זינגער שאַליאַפּין צו אַ טאָמאַשעווסקי־רומשינסקי אָפּערעטע. שאַליאַ־פּין פֿלעגט קומען גאַנץ אָפֿט, און נאָך דער פֿאָרשטעלונג פֿלעגן מיר גיין צוזאַמען אין אַ רומענישן קעלער, וואו שאַליאַפּין פֿלעגט אָפֿט, זיצנדיק ביים טיש, אויסזינגען אַלע רוסישע פֿאָלקס־לידלעך. איין מאָל נעמט אים מאַנדלקערן אַרויף אויף מינסקים „רוף" (דאַך), וואָס האָט זיך געפֿונען אין דעם זעלבן בילדינג פֿונם טעאַטער, צו זען מינסקים אַ בורלעסק שאָו, און ווען איינע פֿון די מיידלעך האָט געזונגען עפּעס אַ דזשעז־לידל, האָט שאַ־ליאַפּין מיטגעזונגען אויף זײַן באַסאָווער שטימע, פֿאַר וועלכער ער האָט באַקומען דעמאָלט צוויי טויזנט דאָלאַר אַ נאַכט אין מעטראָפּאָליטן אָפּערע־הויז. דער רוס האָט זיך דעמאָלט אין אים צעקאָכט, און ער האָט זיך אַזוי ברייטלעך צעזונגען צוזאַמען מיט די בורלעסק־מיידלעך, אַז איינער פֿון די בורלעסק־באַזוכער, וואָס איז געזעסן אַ באַגייסטערטער פֿון דעם בורלעסק־מיידל מיט איר זינגען, האָט זיך אויסגעדרייט און זיך צעשריגן אויף שאַ־ליאַפּינען: „העי, יו, שאַט־אַפּ, אַי דידנ׳ט קאַם היר טו היר יו סינג" (העי, דו, מאַך צו ס׳מויל, כ׳בין ניט אַהערגעקומען דיך הערן זינגען). שאַליאַפּינען האָט עס פֿאַרדראָסן און ער האָט אים געענטפֿערט אַ באַליידיקטער, אין אַן ענגליש מיט אַן עכט־רוסישן אַקצענט: „נעווער מאַינד, אַי עם אָלסאָ עי סינגער" (עס מאַכט ניט אויס, איך בין אויך אַ זינגער)...

## דער געבורט פון דער ערשטער מאָדערנער אָפּערעטע אויף דער אידישער בינע

דאָס טעאַטער האָט נאָך ניט פאַר דעם קיין באַשטימטן נאָמען, נאָר דער אַמעריקאַנער רופט אַזאַ איינעם „הענדי־מען". אין אידיש וואָלט איך עס איבערגעזעצט — „דער גע־שיקטער מענטש". דער „הענדימען" שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין זאַך; פון אָנקלאַפּן אַ טשוועקל ביז אַפילו אַ דאָקטאָרס אַן עצה, איז ער אַלע מאָל דאָ מיט זיין געשיקטקייט. אוודאי קומט אַזאַ איינער גוט צוניץ. דאָס טעאַטער, די אָפּערע, דער אָרקעסטער — אַלע האָבן זייערע „הענדימען".

עס זיינען פאַראַן מוזיקער, וועלכע שפּילן אויף יעדן אינ־סטרומענט, וואָס איז נאָר פאַראַן אין אָרקעסטער. אַזאַ איינער איז ניט קיין קינסטלער אויף קיין שום אינסטרומענט, אָבער ווען אַ שפּילער אויף אַ געוויסן אינסטרומענט פעלט אויס, קומט דער „הענדימען" און פילט אויס זיין פּלאַץ.

דאָס מעטראָפּאָליטן אָפּערע־הויז האָט אויך געהאַט זיין „הענדימען". דאָס איז געווען דער פראַנצויז דיפּעל. וועל־כער אַרטיסט ס'איז געוואָרן קראַנק, איז דיפּעל געווען גרייט אים צו פאַרטרעטן. אַליין האָט ער געהאַט אַ טענאָר, אָבער אים האָט ניט געאַרט, צי דער זינגער, וועלכער פעלט אויס, איז אַ לירישער טענאָר, אָדער אַ דראַמאַטישער טענאָר, אָדער גאָר אַ לירישער באַריטאָן. דיפּעל פלעגט אַריינשפּרינגען אין דער ראָלע און אויספילן דעם פּלאַץ. ער איז שפּעטער געוואָרן אַ דירעקטאָר פון אַן אָפּערע־קאָמפּאַניע אויף דער פּראָווינץ.

דאָס אידישע טעאַטער האָט דעמאָלט געהאַט זיין „הענדי־מען". דאָס איז געווען אַנשל שאָר. ער איז געקומען קיין אַמע־ריקע צוזאַמען מיט אַ קאָמפּאַניע פון 21 מענטשן, ווען דער

דירעקטאָר און פּיעסע־שרייבער פּראָפעסאָר הורוויץ האָט אַרונ־טערגעבראַכט. אַ קורצע צייט שפּעטער איז אַנשל שאָר גע־וואָרן דער סעקרעטאַר פון דער אידישער אַקטיאָרן־יוניאָן און געקראָגן גלייך דעם טיטל „דער ביסמאַרק פונם אידישן טעאַ־טער". קיין באַשטימטע פּאָזיציע אין טעאַטער האָט ער ניט געהאַט, אָבער אין וועלכן טעאַטער ער איז געווען, איז ער גע־וואָרן דער וויכטיקסטער מיטגליד פון דער קאָמפּאַניע. פון שפּילן ראָלעס איז אָפּגערעדט: וועלכער אַקטיאָר ס'איז קראַנק געוואָרן, איז אַנשל שאָר געווען גרייט צו שפּילן זיין ראָלע. האָבנדיק אַ גוטן זכרון, האָט ער געקענט יעדע פּיעסע אויף אויסנ־ווייניק. שוין ביי די פּראָבעס האָט מען געפילט די וויכטיקייט פון אַנשל שאָרן אין דעם טעאַטער, וואו ער איז געווען. האָבן די בינע־אַרבעטער באַדאַרפט עפּעס פרעגן, האָט מען גערופן אַנשל שאָרן; האָט אַן אַקטיאָר באַדאַרפט וויסן, פון וועלכער זייט בינע ער קומט אָדער גייט, האָט ער געפרעגט אַנשל שאָרן; האָט דער שניידער באַדאַרפט וויסן, וואָס די אַקטיאָרן טוען אָן, איז אַנשל שאָר; דער פאַרוקמאַכער האָט געוואָלט וויסן, וועלכע בערד די אַקטיאָרן דאַרפן טראָגן, איז ווידער אַמאָל אַנשל שאָר; איז אין אָפּים אַן אַרגומענט צווישן די מענעדזשערס, אָדער מען דאַרף אַזוי באַשליסן עפּעס וויכטיקס, רופט מען אַנשל שאָרן; האָט אַן אַקטיאָר אַ סכסוך אין אַ פרעמד טעאַטער, רופט מען אויך אַנשל שאָרן, ער זאָל דעם סכסוך אויסגלייכן.

ער האָט געשטאַמט פון אַ גאַליציאַנער בעל־הבית'יש־חסי־ד'ישער פאַמיליע און האָט געקראָגן אַ גאַנץ גוטע בילדונג אין העברעאיש און אין דייטש. און ווייל ער האָט ליב געהאַט טעאַטער, האָט ער זיך אָנגעלייענט מיט אַ סך דייטשע פּיעסעס און פּיעסעלעך. און זייענדיק אַ „הענדימען" אין טעאַטער — פאַרוואָס טאַקע ניט שרייבן אַ פּיעסע אויך? און האָבנדיק זיך אָנגעלייענט מיט היינריך היינעס פּאָעזיע — פאַרוואָס ניט שרייבן די ליריקס צו דער מוזיק פון אידישן טעאַטער?

איז דעריבער פֿאַרשטענדלעך, אַז אין דעם טעאַטער, וואו אַנשל שאָר איז געווען אַנגאַזשירט, איז די אַטמאָספערע געווען פול מיט אים, און ער האָט פיל מיטגעהאָלפן אין דער נייער אויפפירונג פון „אלישע בן אבויה". אָבער כאָטש איך האָב געהאַט אַ גרויסן חלק, מיט מיין מוזיק, אין דעם סוקסעס פון דער נייער אויפפירונג פון „אלישע בן אבויה", האָב איך דאָך מקנא געווען מיינע קאָלעגן קאָמפּאָזיטאָרן אין יענע טעאַטערס, וואו מען האָט געשפילט אָפּערעטעס, און איך האָב גענומען איינ'טענה'ן מיט אַנשל שאָרן אַזוי: „פיעסעס שרייבט איר און ליריקס מאַכט איר — לאָמיר צוזאַמען אָנשרייבן אַ מוזיקאַלישע זאַך, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס מיר זיינען איצט מיט אַדלערן".


אַנשל שאָר

מיינע רייד האָבן געווירקט אויף אַנשל שאָרן ווי אַ באַמבע. און ווען איך האָב נאָך צוגעגעבן: „אַנשל, לאָמיר אָנשרייבן עפּעס פאַר דאָראַ ווייסמאַן — טאַקע מיט דאָראַ וויסמאַן אין דער הויפּטראָלע!" — דערמיט האָב איך גאָר געשפּילט אויף זיין שוואַכער סטרונע. איך האָב גלייך באַמערקט, אַז דער אַזוי אויך ענערגישער אַנשל שאָר איז געוואָרן נאָך מער ענערגיש. וואָרים ווען אַנשל שאָר איז נאָר אַראָפּ פון שיף און האָט דערזען די דעמאָלט פלאַמפייערדיקע סוברעטין דאָראַ וויסמאַן, וועלכע האָט אויסגעזען, מיט אירע ברענענדיקע אויגן און געטאָקט פיגורל ווי אַן עכטע שפּאַנישע טענצערין (עס האָבן

איר נאָר געפעלט קאָסטאַנעטן), — ווען אַנשל שאָר האָט זי נאָר דערזען, האָט זיך זיין יונג הערצל אָנגעצונדן... (דאָס דאָזיקע פייער פון ליבע האָט געפלאַקערט דריי־און־צוואַנציק יאָר, ביז דאָרא ווייסמאַן איז געוואָרן מיסעס אַנשל שאָר). דעריבער — ווען איך האָב דעמאָלט געזאָגט צו אַנשל שאָר: „לאָמיר עפּעס אָנשרייבן פאַר דאָרא ווייסמאַן אין דער הויפּט־ראָלע" — האָט מען שוין שפּעטער געזען שאָרן און רומשינסקין גיין צוזאַמען פון אינדערפרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, און הברה אַקטיאָרן האָבן גענומען שמועסן, אַז די צוויי חברה־לייט פּלאַנעווען עפּעס, און עס וועט זיכער עפּעס אַרויסקומען פון דעם גאַליציאַנער מיט דעם ליטוואַק. און זיי האָבן געטראָפן: מיר האָבן זיך ביידע אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט: אַנשל שאָר אין דער פּיעסע, איך אין דער מוזיק, — און עס איז אַרויסגעקומען די ערשטע מאָדערנע מוזיקאַלישע קאָמעדיע אויף דער אידישער בינע, „דאָס מיידל פון דער וועסט", וועלכע האָט אָנגעצונדן ניו־יאָרק און שפּעטער אויך די פּראָווינץ. און אַזוי ווי עס האָבן געאַרבעט אויף דער קאָמעדיע שאָר דער גאַליציאַנער און רומשינסקי דער ליטוואַק, זיינען טאַקע געווען צווישן די פיל קאָלירפולע ראָלעס אויך אַ גאַליציאַנער (געשפּילט פון דעם גאַליציאַנער פּיטער גראַף) און אַ ליטוואַק (געשפּילט פון דעם ליטוואַק גרשון רובין).

ווען דער זומער איז געקומען, זיינען מיר אַרויסגעפאָרן אויף דער פּראָווינץ מיט ביידע פּיעסעס: „אלישע בן אבויה" און „דאָס מיידל פון דער וועסט".

אַנשל שאָר, ווי איר ווייסט שוין, איז געווען פאַרליבט אין דאָרא ווייסמאַן. און איך וועל דאָ דערציילן אַ סוד, אַז איך אַליין בין אויך געווען אַ היפּש ביסל פאַרליבט און אַרומגעגאַנגען אַ פאַר׳חלום׳טער און נעכט ניט דערשלאָפן. אָבער איך האָב געפילט, אַז דער רעספּעקט און די אַכטונג צו מיין פרוי סאַבינאַ לאַקסער (וועלכע איז געווען פערצן יאָר עלטער פון מיר), און

דער עיקר די ליבע צו מיין זונדעלע משה'לען, וועלן אַלץ אַרי־בערוועגן. אָבער פאַרליבט בין איך געווען סאַי־ווי. און פון אונזער ביידנס ליבע איז אַרויסגעקומען די ערשטע מאָדערנע ראָמאַנטישע אָפּערעטע „שיר השירים".

סאַי מיט דער ראָמאַנטישער פּיעסע, סאַי מיט די ראָמאַנ־טישע מוזיק־נומערן האָט זיך ניו־יאָרק אַרומגעכאַפּט, און שפּע־טער אויך גאַנץ אייראָפּע. דער נייער, מאָדערנער טאָן, דער נייער טעמפּאָ און אויך דאָס נייע וואָרט האָבן פאַרכאַפּט די גאַנצע אידישע פּרעסע. דער דעמאָלטיקער טעאַטער־קריטיקער פון דער „וואַרהייט" יצחק גאָניקמאַן האָט געשריבן, אַז „די ווענט אין „טאַליאַ"־טעאַטער זינגען"...

דער לייט־מאָטיוו פון אַ אידישער אָפּערעטע איז ביז דע־מאָלט באַשטאַנען פון אַ „טלית'ל", „פּינטעלע איד", „תורה'לע", „אַ מענטש זאָל מען זיין", אָדער גאָר פון עפּעס אַ „הייליקער טעמע" מיט אַ מוסר־השכל; אָבער „שיר השירים" איז געווען די ערשטע אָפּערעטע, אין וועלכער דער לייט־מאָטיוו איז געווען ל י ב ע — סאַי די ווערטער און סאַי די מוזיק, ווי למשל, „ליב מיך נאָר פיל — ליב אינדערשטיל". יאָ, מען האָט געמוזט ליבן אינדערשטיל, ווייל עפנטלעך האָט מען ניט געטאָרט...

איין מאָל, בעת איך האָב געאַרבעט אויף דער מוזיק צו דער פּיעסע „שיר השירים", בין איך געווען אין אַ געדריקטער שטימונג מחמת מיין ליבע צו דער יונגער, שיינער, אויסגע־צייכנטער פּיאַניסטקע און מוזיקערין פריילין נ.

אַלע, אויך איר משפּחה, האָבן געזאָגט, אַז מיר זיינען אַ גלייך פּאָר: זי אין די צוואַנציקער, איך אין די פריסטע דרייסי־קער, זי שרייבט מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס, איך — אַ קאָמ־פּאָזער. אָבער מיין פרוי האָט דאָך אַזאַ איידעלן כאַראַקטער און זי האָט דאָך מיך אַזוי ליב — ווי קאָן איך זי אַזוי מאַכן ליידן? און היינט מיין זונדעלע משה'לע!... און כאָטש איך בין נאָך

געוועזן אַזוי יונג, האָב איך באַשלאָסן, אַז עס איז ניט כדאַי צו לעבן אויף דער וועלט.

אין יענער געדריקטער שטימונג האָב איך געטראָפן אַנשל שאָרן און האָב אים דאָס אַלץ דערציילט און אויסגעדריקט מיין פּעסימיזם, און גערעדט פון טויט. אַנשל שאָר האָט מיך אויסגעהערט, איז אַוועק פון מיר און — האָט אָנגעשריבן דאָס ליד „פון וויגל ביזן קבר די גאַנצע וועלט איז אַ פינסטערע שטוב און אַלעס איז הבל הבלים״... און איך האָב מיך צעגאָסן און צעוויינט אין דער מוזיק. און עס איז טאַקע אַרויסגעקומען אַ ליד, וואָס מען זינגט נאָך ביז איצט.

# דער ראָמאַנטישער סעזאָן

די ראָמאַנטישע אָפּערעטע „שיר השירים״, וועלכע האָט אַזוי באַגייסטערט דאָס פּובליקום מיט איר ראָמאַנטיזם, אינ־האַלט און מוזיק, האָט אויך געהאַט אַ ווירקונג אויף די שוי־שפּילער פון דער אָפּערעטע. און עס קען טאַקע זיין, אַז דאָס האָט פיל געהאָלפן צו דעם סוקסעס פון דער ראָמאַנטישער אָפּע־רעטע, ווייל דער פאַרפאַסער, קאָמפּאָזיטאָר, ליבהאָבער, פּרי־מאַדאָנע, סוברעטין — אַלע, אַלע זיינען געווען פאַרליבט אין דער אָפּערעטע, און יעדער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט זיין פּעקל פאַרליבעניש, יעדער מיט זיין האַרצייווייטיק.

עס איז ניט קיין נייעס, אַז טעאַטער־מענטשן זאָלן ראָמאַנ־סירעווען און שפּילן זיך אין „ליובקעס״; אָבער אַזוי לייכט ווי די ליבע קומט, נאָך לייכטער פאַרגייט זי, און זי לאָזט גאָרניט אי־בער, אויסער אָפּטמאָל אַ גוטן וויץ פון דער לייכטער באַגעגע־ניש... אָבער אַז אַקטיאָרן און אַקטריסעס זאָלן אַרומגיין פאַר׳חלומ׳טע און ניט קאָנען שלאָפן, עסן, און זאָלן פאַנטאַזירן נאָר פון געליבטן אָדער פון דער געליבטער — דאָס פּאַסירט זעלטן.

אין מיין לאַנגיעריקער קאַריערע ביים טעאַטער האָב איך שוין מיטגעמאַכט און צוגעזען אַ סך פלאָנטערס און אינצידענטן, וועלכע זיינען אַרויסגעקומען פון פאַרבאָטענע און ניט־פאַרבאָ־טענע ליבעס. אַזוי וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי דער רוסישער סטודענט האָט זיך דערשאָסן אין זאַל פון טעאַטער צוליב דער סוברעטין גילדענבראַנדט, און זי איז פאַרבייגעגאַנגען דעם יונגן אויסגעצויגענעם קערפּער און געזאָגט: „נו, אָט איז אַ נאַריש אינגל!״, איז אַרויף אויף דער בינע און זיך געזעצט ביי דער פּיאַנאָ לערנען איר געזאַנג פאַר דער פאָלגנדיקער אָפּע־רעטע...

איין מאָל איז צו מיר צוגעקומען נאָך אַ גאַנץ יונג, שיין ווייבעלע און געזאָגט:

— מיסטער רומשינסקי! איך ווייס ווי דער אַקטיאָר נ. האַלט פון אייך, און זיין גרויסע מיינונג וועגן אייך, ווי אויך איר פון אים, ווייל איר שרייבט פאַר אים זייער שיינע נומערן מוזיק. בעט איך אייך, זאָגט אים, אַז איך פאַרלאַנג פון אים גאָרניט, כאָטש ער ווייסט, אַז מיין טייער זונדל, וועלכער לערנט זיך אַזוי גוט, איז זיינס; איך האָב צו אים קיין שום טענות ניט, עס איז אַ קינד פון ליבע; זאָל ער כאָטש איין מאָל קומען אים זען, און טאַקע מיך אויך, ווייל איך האָב אים נאָך אַלץ ליב, — און מיט טרערן אין די אויגן האָט זי צוגעגעבן: — איך בין ניט פון די, וועלכע קאָנען ליבן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק; איך בעט אייך, זאָגט אים, זאָל ער כאָטש קומען זען דאָס קינד...

ווען איך האָב עס איבערגעגעבן דעם אַקטיאָר, האָט ער מיך אויסגעהערט און געזאָגט:

— וואָס האַקט זי אַ טשאַיניק מיט איר הייליקער ליבע? מאַלע, וואָס אַמאָל איז געווען! קומט, איר גייט אין קאַפע־הויז?

עס זיינען פאַראַן צווייערליי אַקטיאָרן (ווען איך רעד פון אַקטיאָרן, מיין איך ניט בלויז אידישע, נאָר אַקטיאָרן אין אַל־געמיין): אַזעלכע, וואָס זאָגן אַלע מאָל אמת, אָבער דער אמת איז ניט דויערהאַפט, — באָרים טאָמאַשעווסקי איז געווען פון דעם סאָרט אַקטיאָרן; ווען ער האָט צוגעזאָגט און אַפילו גע־שוואוירן אַ פרוי ליבע און צוגעזאָגט אַלע גליקן פון דער וועלט, האָט ער עס געמיינט און אַפילו אַליין געפילט יעדעס וואָרט, וואָס ער זאָגט צו, אָבער גלייך ווי ער איז אַוועק, האָט ער אַלץ פאַרגעסן, און דאָס זעלבע געזאָגט צו אַן אַנדערער (גאַנץ אַנדערש איז געווען זיין ליבע צו רעגינאַ צוקערבערג — זי איז געווען אַן אמת'ע, אַ דויערהאַפטע); — און ווידער זיינען פאַראַן אַק־טיאָרן, וועלכע זיינען, ווי מען רופט זיי אויף טעאַטער־לשון,

„זיכער-נעמער", דאָס הייסט, ווען זיי זאָגן אייך עפּעס צו, גיבן זיי בעת מעשה אַ וואונק מיט אַן אויג, אַזוי ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „ווייס איך וואָס! ס'איז אַ נעכטיקער טאָג!" — צו דעם סאָרט אַקטיאָרן האָט געהערט יעקב פּ. אַדלער. ער האָט ליב געהאַט אַפּצוטאָן שפּיצלעך אַ-לאַ מאַטקע חב"ד. אַפילו אין שרייבן אַ קאָנטרע-מאַרקע (פּעס) אין טעאַטער האָט ער געמאַכט דעם קאַסירער אַ סימן וועמען אַריינצולאָזן אין טעאַטער און וועמען ניט.

איבערהויפּט נעמען אַקטיאָרן דאָס לעבן ניט אַזוי ערנסט, אַחוץ זייער אַדווערטאַיזמענט, זייער פּובליסיטי. צוליב אַ קלע־נערן בוכשטאַב אין דער צייטונג וועט אַן אַקטיאָר אַרומגיין אַ פאַרזאָרגטער און אַן אומגליקלעכער און טאַקע ניט דערעסן און ניט דערשלאָפן, און פאַרלאָזן אַ גוטע פּאָזיציע אין אַ טעאַטער, און אַפילו אַנטלויפן און פאַרלאָזן אַ לאַנד; דאָס איז אַלץ צוליב פּובליסיטי, צוליב אַ קלענער בילד אין דער צייטונג, אָבער ניט, חלילה, צוליב עפּעס אַ ליבע פון אַ פאַרערער אָדער פאַרערע־רין, וועלכע קומט זייער לייכט און פאַרגייט נאָך לייכטער. אין דעם סעזאָן פון דער ראָמאַנטישער אָפּערעטע „שיר השי־רים" האָבן די שוישפּילער געליטן פיל מער פון זייערע אמת'ע ליבעס, ווי די פּערזאָנען, וועמען זיי האָבן פאָרגעשטעלט אויף דער בינע.

מען זאָגט אַ ווערטל „די וועלט האָט ליב פאַרליבטע"; איך וואָלט זאָגן, אַז פאַרליבטע האָבן ליב פאַרליבטע; יעדער פאַר־ליבטער האָט ליב אויסצורעדן זיין האַרצ-ווייטיק, און ווער קען אים אַזוי מיטפילן ווי אַ פאַרליבטע פּערזאָן? פלעגן זיך טאַקע אַקטיאָרן און אַקטריסעס אויסרעדן די הערצער און פאַרטרויען איינע די אַנדערע די סודות פון זייערע ליבעס...

רעגינאַ צוקערבערג, וועמען יעקב פּ. אַדלער האָט דעמאָלט אַרונטערגעבראַכט צום צווייטן מאָל קיין אַמעריקע, איז געווען שטערבלעך פאַרליבט אין באָרים טאָמאַשעווסקין; מען האָט זיך

געשריבן בריוועלעך, געשיקט שטאַפעטן, געמאַכט ראַנדעוואוס, און ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זי איז געווען אַזוי יונג און שיין און האָט געהאַט פאַרערער אין די הונדערטער, האָט זי פון זיי אַלעמען ניט געוואָלט הערן און זען, נאָר איז אַרומגע־גאַנגען אויף דער בינע אַ פאַרטראַכטע, אַפילו אַ פאַרוויינטע, און נאָר געטראַכט פון איר באָריסן, פון איר טאָמאַשעווסקין.

גינזבורג, דער ליבהאָבער, וועלכער איז געווען אַ גוטער אַקטיאָר, מיט אַ שיינער טענאָר־שטימע, און איז געווען אַ מאָ־דעל אין זיין קליידן זיך, סאַי אויף דער בינע און סאַי אין לעבן, איז שוין דעמאָלט געווען קראַנק, קורץ נאָך אַן אָפּעראַציע, — פלעגט ער אַרומגיין אַ פאַר׳חלום׳טער, אַ פאַרטראַכטער, און איך פלעג אים טרעפן אין אַ ווינקעלע מיט טרערן אין די אויגן, ניט, חלילה, פון זיין אָפּעראַציע, נאָר פון האַרצווייטיק, פון זיינע געפילן צו רעגינאַ צוקערבערג... ער פלעגט שטיין אויף דער בינע און רעדן זיין פאַרליבטע „פּראָזע״ פון דער פּיעסע, וועלכע איז געווען אַן אָפּקלאַנג פון זיין ליבע, צו לילין פון „שיר השי־רים״, אָבער געמיינט האָט ער רעגינאַ צוקערבערג, און אין זיין דועט „האָפענונג זיסע״ האָט ער גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זיין האָפענונג איז אומזיסט, ווייל זי איז געווען שטערבלעך פאַר־ליבט אין באָריס טאָמאַשעווסקי.

אַנשל שאָר איז דעמאָלט געווען דער גליקלעכסטער מענטש, ווייל נאָך דער קאָמעדיע „דאָס מיידל פון דער וועסט״, וואָס ער האָט געשריבן ספּעציעל פאַר דאָראַ וויסמאַן, און איצט „שיר השירים״, האָט ער געפילט, אַז זיין ציל, אַז זי זאָל ווערן מרס. אַנשל שאָר, איז אַ סך נענטער, ווי ער האָט זיך אַמאָל פאָרגע־שטעלט.

מאַדאַם סערע אַדלער, וועלכע האָט אין „שיר השירים״ ניט געשפּילט, אָבער זי איז געווען די בעל־הבית׳טע און סטאַר פון דעם טעאַטער, איז, חלילה, ניט געבליבן הינטערשטעליק אַנטקעגן אירע קאָלעגן שוישפּילער און האָט זיך אויך פאַרליבט

אין אַ נאָווינע אין איינעם אַ מר. ב., און איר ליבע צו מר. ב. איז געווען אַ פלאַם-פייערדיקע, אָבער סערע אַדלער, ווען זי איז געווען פאַרליבט, פלעגט זיין די פריילעכסטע פערזאָן; זי פלעגט אַרומגיין און אויסזינגען אַלע רוסישע ליבעס-לידלעך און טרייסטן איר פאַרליבטע קאָמפּאַניע בזה הלשון:

— נאַראָנים, וואָס איר זענט! זיין פאַרליבט און זיין או־מעטיק? עטאָ יאַ ניע פּאָנימאַיו (דאָס פאַרשטיי איך ניט). ווען איך בין ניט פאַרליבט — בין איך אומעטיק! זשיזן ני־טשעוואָ ניע סטאָאיט בעז ליובווי (דאָס לעבן האָט ניט קיין שום ווערט אָן ליבע)! אָבער זייענדיק פאַרליבט — זיין אומעטיק? נאַראָנים! — און דערביי פלעגט זי געבן אַ פאַררוק דאָס היטעלע, אָנפאַנגען זינגען אַ רוסיש לידל און פרעגן: „וואָס מאַכט מיין יאַקאָבטשיק?״ — און פלעגט פאַרשווינדן.

אַדלער ווידער פלעגט ערשט דעמאָלט ווערן פאַרליבט ווי אַ יונג בחור׳ל אין מיסעס אַדלער; ער פלעגט אַרומגיין שפּאַ־נירן, זיך נאָכפרעגן: וואָס זאָגט זי? וואו האָט מען זי געזען? — און פלעגט פאַררויכערן אַ סיגאַרעטל. אַלע האָבן שוין גע־וואוסט, אַז ווען אַדלער רויכערט אַ סיגאַרעטל, איז עפּעס ניט פריילעך צווישן אים און מיסעס אַדלער. און מערקווירדיק, זיי פלעגן זיך טוישן מיט די ראָלעס: פלעגט זי זיצן אינדערהיים און אַכטונג געבן אויף דער ווירטשאַפט ווי אַ ריכטיקע בעל־הבית׳טע, פלעגט ער אַרומלויפן און ראָמאַנסירן, און קוים פלעגט מיסעס אַדלער אָנהייבן זינגען רוסישע לידלעך און אַ ביסעלע אויספעלן פון דער היים, פלעגט ער ווערן דער זיידענער יונגער־מאַנטשיק, דער שטוב-זיצער, און אַרומגיין אַ פאַר׳חלומ׳טער, אַ פאַרליבטער אין סערע אַדלער. אין דעם סעזאָן פון „שיר השירים״ איז אַדלער געוואָרן פאַרליבט אין מיסעס אַדלער אַזוי ווי נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן, און עס איז צוגעקומען נאָך אַ פאַרליבטער אין דער פאַרליבטער קאָמפּאַניע.

מאָרים מאָסקאָוויטש, ווועמענס ראָלעס זיינען אַממערסטן

באַשטאַנען פון מענטשן מיט לאַנגע בערד, גרויסע שטיוול, פּאָלקס-מענטשן, וועלכע זיינען ווייט פון צו זיין ראָמאַנטיקער, פלעגט דאָך האָבן אַ סך פאַרערערינס. אָבער אין „שיר השי־רים", וואו ער האָט געשפּילט דעם פאַרליבטן מוזיק-פּראָפעסאָר מיט זיין עלעגאַנטער פיגור און שיינעם, האַלב-גרויען קאָפּ האָר, האָט ער געהאַט נאָך מער דערפאָלג: עס פלעגן אָנקומען בריוועלעך, קאַרטלעך, שטאַפּעטן, טעלעגראַמעס, און עס פלעגן וואַרטן אויף אים נאָכן שפּילן פאַרערערינס אין די מאַסן, כדי כאָטש צו קענען געבן אַ קוק פון דער נאָענט אויף דעם פאַר־ליבטן פּראָפעסאָר. ער פלעגט שטיין מיט זיין קאַלטן, ליבן שמייכל, און אַזוי ווי ער איז געווען פון די מענטשן, וועלכע האָבן ניט געקענט זאָגן „ניין", איז דער סעזאָן פון „שיר השירים" געווען זיין אינטערעסאַנטסטער ליבע-סעזאָן אין זיין לאַנג־יעריקער קאַריערע.

גרשון רובין, דער פאַרהאַרטעוועטער ליטוואַק, וועלכער איז געווען סיי מיט זיין אויסזען און סיי מיט זיין קליידונג זייער ווייט פון צו זיין אַ ראָמעאָ-ליבהאָבער, פלעגט זיך טאַקע קלאָגן אויף זיין ליטווישן לשון: „פאַרוואָס קריג איך ניט קיין ליבעס־בריוועלעך? מילא פריער האָט מיר געזאָגט אַ מיידל, אַז זי גלייכט מיך, נאָר זי האָט ליב אַן עקטער, וואָס שפּילט אין אַלע אַקטן, און אַזוי ווי איך האָב געשפּילט בלויז אין איין אַקט, האָט זי מיט מיר בלויז מיטלייד; אָבער איצט, אין „שיר השירים", שפּיל איך דאָך אין אַלע אַקטן, פאַרוואָס קומען אָן אַלע בריוועּ־לעך צו מאָסקאָוויטשן און אַלע וואַרטן אויף אים, און ניט אויף מיר?" — און ער פלעגט אויך אַרומגיין אַ צאָרנדיקער פאַר־ליבטער...

שערמאַן, דער לאָנדאָנער טענצער און זינגער, וועלכער האָט געשפּילט אין „שיר השירים" די ראָלע פון היימי קוועקזילבער, פלעגט טאַקע אויף דער בינע שפּרינגען און טאַנצן, אָבער הינ־טער דער בינע פלעגט ער אויך אַרומגיין אַ פאַר'חלומ'טער, און

חברה האָבן געזאָגט, אַז ער איז, יאַקבי, פאַרליבט אין דאָראַ ווייסמאַן, נאָר מורא־האָבנדיק פאַר אַנשל שאָרן, האָט ער עס איר ניט געקאָנט זאָגן... פלעגט ער שטענדיק זיין פאַר־חלומ׳ט, פאַרליבט...

באַקוועם און פריילעך האָט זיך געפילט דאָראַ ווייסמאַן, ווייל זי איז געווען זיכער מיט אַנשל שאָרס ליבע און האָט אויך גאַנץ גוט באַמערקט שערמאַנס ליבעס־בליקן צו איר...

וואָס אָנבאַלאַנגט מיך, — האָב איך זיי אַלעמען געגלויבט און מיטגעפילט... אַזוי ווי כ׳בין אַליין אַ היפּש ביסל געווען פאַרליבט, האָבן די ראָמאַנטישע פראַזע פון „שיר השירים" און זייערע פערזענלעכע ליבעס שטאַרק גערעדט צו מיין פאַרליב־טער נשמה.

## איך שפּיל אַ ראָלע אויף דער בינע, אָבער מען קאָן מיך ניט מאַכן רעדן

די קאָמבינאַציע שאָר־רומינסקי איז געווען אַ געלונגענע. נאָך „דאָס מיידל פון דער וועסט" און „שיר השירים" איז גע־בוירן געוואָרן אַ פאַרס־קאָמעדיע „באָרג מיר דיין ווייב", וועלכע איז געווען טאַקע ווי מען פלעגט עס אַנאָנסירן: „טויזנט לאַך אין אַ מינוט". מען האָט געלאַכט פון אָנפאַנג ביז צו ענדע. דער פאַרס איז אויך געווען אָנגעפּיקעוועט מיט לייכטער, שפּי־לעוודיקער מוזיק, מיט אַ קופּלעט „מיר געפעלט אַזאַ מיידעלע ווי דו". דעם קופּלעט האָט געזונגען דאָראַ ווייסמאַן און אַ אינ־געלע פון דער לאָזשע האָט איר געענטפערט: „מיר געפעלט אַזאַ מיידעלע ווי דו". דאָס אינגעלע האָט געהאַט אַ זעלטן־זיס שטימע־לע און האָט געזונגען מיט פיל געפיל. ער האָט עס איבערגעזונגען אָן אויפהער, אפשר צען־צוועלף מאָל. עס איז כדאַי צו באַ־מערקן, אַז דאָס אינגעלע איז דער איצטיקער פיינער, געשולטער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט מאַקס העלפמאַן.

ניט קוקנדיק אויף דעם בייפאַל פון די צוויי מוזיקאַלישע אויפפירונגען אין איין סעזאָן, ווי „שיר השירים" און „באָרג מיר דיין ווייב", איז אַדלער, אַלס דירעקטאָר פון טעאַטער און אַלס אַמביציעזער אַרטיסט, ניט נאָר ניט געווען צופרידן, נאָר ער פלעגט אַרומגיין זייער אַ געקרענקטער, ווייל די ערשטע אויפ־פירונג פון קאָבּרינס דראַמע „שונאים" איז געווען ניט קיין דורכ־פאַל, אָבער האָט זיך ניט געקענט רעכענען אַלס אַדלערס אַ גע־לונגענע ראָלע און פּיעסע. ס'איז דעריבער געוואָרן אַ געיעג און אַ זוכעניש פון אַ פּיעסע פאַר אַדלערן, ביז ס'איז אָנגעקומען פון רוסלאַנד אַ ידיעה, אַז מען האָט געפונען צווישן טאָלסטאָיס אַרכיוון אַ פּיעסע, וועלכע איז געווען זיין ערשטע קאָפּיע, אַפילו נאָך ניט קיין קאָרעגירטע, און דאָס איז „זשיוואָי טרופּ" („דער לעבעדיקער מת"). אָבער קיין קאָפּיע און קיין געדרוקטע פּיע־

סע איז נאָך ניט געווען, נאָר זי האָט זיך געדרוקט אין פאָרזע־צונגען אין אַ רוסישן זשורנאַל. האָט מען צוזאַמענגענומען די פאָרזעצונגען, און לעאָן קאָברין האָט געמאַכט אַ געלונגענע איי־בערזעצונג און אויך סצענירט די פּיעסע.

שוין בשעת די פּראָבעס האָט מען געפילט, אַז אַדלערן איז צוגעקומען אַ נייע בלום אין זיין גרויסן לאָרבער־קראַנץ פון ראָ־לעס, מיט דער ראָלע „פעדיאַ פּראָטאַסאָוו". אַדלער האָט זיך אַפילו ניט באַדאַרפט אָנשטרענגען צו שפּילן די ראָלע פון „פּראָ־טאַסאָוו", דעם רוסישן אַריסטאָקראַט, וועלכער פילט זיך ניט באַקוועם צווישן די פּוסטע אַריסטאָקראַטן און זעט אויף יעדן טריט און שריט בלויז ליגן, צביעות און היפּאָקריטיע צווישן זיינע נאָענטסטע, אַפילו אין זיין אייגענער היים. דאָס אַלץ איז געלעגן אויף אַדלערן ווי אויסגעגאָסן. און שפּעטער, ווען „פּראָטאַסאָוו" ניט קענענדיק געפינען קיין פּלאַץ, וואָס זאָל צופרידנשטעלן זיין אידעלע, קראַנקע נשמה, און זוכנדיק אַ וועלכן ס'איז אמת — אַפילו נאָענט צום אמת — בלאָנדזשעט פון איין נאַכט־קלוב צום צווייטן און שטעלט זיך אָפּ צווישן אַ באַנדע רוסישע ציגיינער, וועלכע זינגען אין אַ ביליקן רוסישן שענק, וואו ער פאַרליבט זיך אין דער יונגער ציגיינערין מאַשאַ.

ער פאַרבלייבט שוין מיט דער ציגיינער־באַנדע. שפּע־טער, אין דעם נאָך ביליגערן שענק, דערציילט „פּראָטאַסאָוו" פאַר שיכורים, ווי אַזוי ער איז געוואָרן אַ לעבעדיקער מת, שוין אַ פאַרלאָזענער, אַן אָפּגעלאָזענער, אַ פאַר'שיכור'טער, דער אַרי־סטאָקראַט מיטן פיינעם, אידעלן כאַראַקטער האָט זיך אָבער נאָך אַלץ אָנגעזען אין אים. און דערנאָך, ווען ער טרעפט זיך מיט זיין אַריסטאָקראַטישער פרוי, וועלכע איז שוין פאַרהייראַט צו אַן אַנדערן, זייענדיק זיכער, אַז ער איז שוין טויט. ער בעט זיך ביים אויספאָרשונגס־ריכטער, אַז זיין פרוי זאָל אים אַנט־שולדיקן, פאַרוואָס ער איז נאָך ניט געשטאָרבן, און ער האָט ניט אַפילו דעם מוט זיך צו באַגעגענען מיט איר אויג אויף אויג. האָבנדיק אויף איר רחמנות און זעענדיק ווי ער צעשטערט איר

אַריסטאָקראַטיש לעבן מיט זיין בלייבן ביים לעבן, דערשיסט ער זיך.

מיר איז אויסגעקומען צו זען גוטע, גרויסע און גאָר גרויסע שוישפּילער אין דער ראָלע פון „פּראָטאַסאָוו", ווי דזשאָן באַרי־מאָר, אויך אַ ריינהאַרדט־אויפפירונג פון „לעבעדיקן מת", און אין רוסישן אָריגינאַל, אָבער קיינער האָט ניט געהאַט דעם אַד־לער־חן, וועלכער האָט זיך אַזוי צוגעפּאַסט צו דער ספּעציפישער ראָלע, ווייל קיינער פון זיי האָט ניט געפּאַקט דעם ריכטיקן טאָן און אויך ניט דאָס אויסזען פון „פּראָטאַסאָוון". פון אַדלערס ערשטער דערשיינונג ביז זיין זינקען אין אָפּגרונט פון שמוץ און שיכרות — אַפילו פון זיינע צעריסענע קליידער און טראַנטעס — האָט זיך אַלע מאָל געשפּירט דער איידעלער, פיינער, רוסי־שער אינטעליגענט און אַריסטאָקראַט.

די קריטיק האָט אַלע מאָל געהאַט טענות, אַז אַדלער איז צופיל אַקטיאָר, דאָס הייסט, ער איז ניט נאַטירלעך; אַז אין זיין דראַמאַטישער ראָלע פאַלט ער אָפט אַריין אין מעלאָדראַמע, און אין זיינע קאָמישע ראָלעס פּאַיאַצעוועט ער אַ ביסל. אויף וויפיל איך האָב געקענט אַדלערן, וואָלט איך אים געקרוינט מיטן טיטל „דער יום־טוב'דיקער אַקטיאָר". און אַדלער פלעגט טאַקע זאָגן, אַז דער, וואָס גייט אין טעאַטער, וויל דאָך אַוועק־גיין פון זיך, ער וויל דאָך אַוועקגיין פון וואָכעדיקן לעבן, און דאָס אַליין איז דאָך אַ יום־טוב. דעריבער טאַקע האָט אַדלער זיך אַמבעסטן געפילט אין דער ראָלע פון „לעבעדיקן מת" אין דער סצענע צווישן די ציגיינער אין שענק, ווייל דאָרט איז יום־טוב, דאָרט איז „טעאַטער".

די גאַנצע סצענע איז געווען באַגלייט מיט מוזיק. די צי־גיינער באַגריסן די געסט, און די געסט וואַרפן געלט אין די טע־לער, מיט וועלכע די ציגיינער גייען אַרום. אייניקע פון די אַריסטאָקראַטן קומען זוכן פּראָטאַסאָוון, און די ציגיינער באַ־גריסן זיי מיט געזאַנג און טענץ. דערביי זאָגט פּראָטאַסאָוו:

„וואָס טויג איך אייער פריידיקן מיר מאָראַל? בעסער הערט זיך צו צו מאַשאַן, ווי זי זינגט איר ליד „ניע וועטשערניאַ", און ער שרייט אויס: „מאַשאַ, זינג פאַר זיי, אַז זייערע פוסטע, פינ־סטערע נשמות זאָלן ווערן אויסגעלייטערט!"

איך האָב ביי די פּראָבעס גענומען דעם גאַנצן פּערסאָנאַל אַרום מיר ביי דער פּיאַנאָ די גאַנצע צייט פון דער ציגיינער־סצענע, און עס האָט זיך באַקומען זייער אַ רעאַליסטיש בילד מיט די אַלע רוסישע ציגיינער־לידלעך, וועלכע זיינען געווען אין דעם גאַנג און כאַראַקטער פון דער פּיעסע. אַדלערן איז עס זייער געפעלן געוואָרן, און ער זאָגט צו מיר: „איך בעט אייך, זיצט ביינאַכט אין דער צייט פון דער פאָרשטעלונג אויך אויף דער בינע, און זאָל די גאַנצע סצענע גיין אָן אָרקעסטער, בלויז איר אויף דער בינע מיט דער פּיאַנאָ, און אַלע אַרום אייך".

איך האָב באַגריפן, אַז דאָס וואָלט געווען פאַר דער פּיעסע רעאַליסטישער, ווייל אַזוי איז טאַקע אָנגעצייכנט אין טאָלסטאָיס טעקסט, אַז די באַנדע ציגיינער שטייט אַרום דעם פּיאַניסט, וועלכער איז דער עלטסטער פון דער ציגיינער־באַנדע, און מישט זיך אַריין דאָ און דאָרט מיט אַ פּאָר ווערטער, ווייל ער איז אויך פאַרליבט אין דער יונגער ציגיינערין מאַשאַ, און איז טאַקע אייפערזיכטיק אויף פּראָטאַסאָוון.

איך האָב אַדלערן צוגעזאָגט, אַז איך וועל גיין אויף דער בינע און שפּילן אויף דער פּיאַנאָ, אָבער מיטן תנאי, אַז דער גאַנצער כאָר, דאָס הייסט, די ציגיינער־באַנדע און די אַקטיאָרן, וועלכע נעמען אָנטייל, זאָלן שטיין אַרום מיר און מיך פאַרשטעלן. ער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז אַזוי וועט עס זיין, אָבער ביי יעדער פּראָבע פלעגט ער אַזוי רעזשיסירן און דרייען, אַז איך זאָל בלייבן אַליין ביי דער פּיאַנאָ, און פלעגט דעריבער אַלעמען פון מיר אַוועקנעמען אין די ווינקלען פון דער בינע. דערביי האָט ער מיר דערציילט אַ געשיכטע, אַז יעקב גאָרדין האָט אין זיין ערש־טער פּיעסע „סיביריאַ" געהאַט אַ ראָלע פון אַ פּריסטאַוו, אָבער

וועלכער אַקטיאָר עס האָט געפּרואווט צו שפּילן די ראָלע פונם פּריסטאַוו, איז ער אים ניט געפעלן געוואָרן, און ער האָט אַליין געשפּילט די ראָלע. אַ דאַנק זיין שוואַרצער באָרד, דיקלעכער פיגור און זיין גוט רעדן רוסיש איז יעקב גאָרדין געווען דער אמת׳ער פּריסטאַוו. טאָ פאַרוואָס זאָל איך ניט שפּילן די ראָלע פון דעם ציגיינער־פּיאַניסט און טאַקע רעדן די פּראָזע? און ער לאָזט מיך שוין ניט אָפּ: „איך וועל באַשטעלן פאַר אייך אַ ציגיי־נער־פּאַרוק מיט אַ ציגיינער־קאָסטיום. איך בעט אייך, טוט עס פאַר מיר און פאַר דער פּיעסע”. איך האָב זיך געפּרואווט אַרויסדרייען: „מר. אַדלער, איר האָט אַמאָל באַגעגנט אַ ליט־ווישן ציגיינער? מיט מיין ווילנער לאָסין זאָל איך שפּילן אַ ציגיינער?” זאָגט ער: „הלמאַי שפּילט גרשון רובין אַ ליטווישן אויספאָרשונגס־ריכטער?” אַדלערס טענה׳ן צו מיר האָט אָבער ניט געהאָלפן. איך האָב מיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו רעדן פּראָזע און ווערן אַ ליטווישער ציגיינער.

„דער לעבעדיקער מת” איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג מאָראַליש און מאַטעריעל. אַלע גרויסע אַמעריקאַנער קריטי־קער, פּראָפעסאָרן, שוישפּילער פלעגן קומען זען אַדלערן אין „לעבעדיקער מת”. איבערהויפּט דזשאַן באַרימאָר, וועלכער פלעגט קומען כמעט יעדע נאַכט. אַדלער פלעגט זאָגן, אַז באַ־רימאָר קומט דערפאַר, ווייל ער וויל שפּילן „פּראָטאַסאָוו”. אַזוי איז טאַקע געווען: אַ יאָר שפּעטער האָט באַרימאָר אויפגעפירט די פּיעסע אין ענגליש מיטן נאָמען „דהי ליווינג קאָרפּס”. אַד־לער איז געווען דער גליקלעכסטער מענטש אין דער צייט, ווען מען האָט געשפּילט דעם „לעבעדיקן מת”, דערפאַר וואָס דאָס איז טאָלסטאָיס פּיעסע, וואו ער קען רעדן אַ סך רוסיש, און ער שפּילט פאַר אַזוי פיל וויכטיקע, אָנגעזעענע מענטשן. ער פלעגט אויסדריקן זיין צופרידנהייט און באַגייסטערונג אין דער ציגיי־נער־סצענע, ווייל ער פלעגט זיך מחיה זיין מיט די רוסישע ציגיינער־לידלעך. אָבער ער האָט מיר ווײַז געקענט מוחל זיין,

פאַרוואָס איך האָב ניט געוואָלט רעדן די פּראָזע פון דעם פאַר־ליבטן ציגיינער־פּיאַניסט. ער האָט טאַקע אַמאָל מיך אַריינ־געקיבעצט און געזאָגט, פאַר אַ געפאַקט הויז, אויף דער בינע צו דער ציגיינערין מאַשאַ: „דו זעסט, מאַשאַ, דו האָסט צוויי ליבהאָבער, איינער (אַנווייזנדיק אויף זיך) קען רעדן און קען ניט שפּילן, און דער אַנדערער (אַנווייזנדיק אויף מיר) קען שפּילן — איז ער נעבעך אַ שטומער און קען ניט רעדן".

# דוד קעסלער — דער נאַטור־מענטש

— איר זעט, חברה, אָט וועל איך אייך באַלד ווייזן, אַז אָן די אָנגעמאָלענע סינערים און רויטע און גרינע לעמפלעך, אָן די טעאַטער־שמאָכטעס און קלאַפּערגעצייג, אָט אַזוי ווי מיר זיצן דאָ אין קאַפע־הויז, ביי אַ גלעזל טיי, קוקט אייך צו ווי אַזוי, אָט ווייַן איך און אָט לאַך איך, אָט בין איך אַלט און אָט בין איך יונג, אָט בין איך גרויס און אָט בין איך קליין, אָט בין איך אַ מיליאָנער און אָט בין איך אַ בעטלער — אַזוי פלעגט דוד קעס־לער אָפט טענה׳ן צו זיינע קאָלעגן־אַקטיאָרן און איבערהויפּט צו פּיעסן־שרייבער, און ער פלעגט אַזוי זאָגנדיק טאַקע גלייך אָפּשפּילן די אַלע אויבן־דערמאָנטע סצענעס נאַטירלעך און קינסטלעריש, און פלעגט ווייטער זאָגן: — אָבער גיט מיר אַ פאַרוואָס, גיט מיר אַ גרינטלעכע, נאַטירלעכע אורזאַך פאַרוואָס איך וויין, פאַרוואָס איך לאַך, פאַרוואָס איך בין מיט אַמאָל אַזוי גליקלעך און פאַרוואָס פלוצלינג אַזוי אומגליקלעך. פאַרוואָס? פאַרוואָס?

אָט דער פאַרוואָס האָט קעסלערן געמוטשעט זיין גאַנץ לעבן. ער איז געווען אַ שונא פון געקינצלטע זאַכן, פון איבער־נאַטירלעכע, ביליקע מאַכערייקעס. צו אים האָט אַפּעלירט בלויז דאָס נאַטירלעכע, טריי צום לעבן. און דאָס נאַטירלעכע האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיין פּריוואַט לעבן, אַפילו אין זיין האַלטונג, אין זיין קליידונג. ער איז געווען אַ נאַטור־מענטש. דאָס צירלעך־מאַנירלעכע, דער געקינצלטער אָנשטעל און האָמ־לעטישע טענער פלעגן אים רייסן אין די אויערן. די פאַלשע סצענעס און טענער פלעגן אויפברויזן זיין קינסטלערישן הייסן געמיט. ער פלעגט זיך ניט קאָנען קאָנטראָלירן. איבערהויפּט האָט דוד קעסלער ניט געוואוסט פון אַזאַ זאַך ווי קאָנטראָל. פאַר אים האָבן עקזיסטירט צוויי ווערטער: „אמת" און „פאַלשקייט". דער

אמת האָט אים באַרואיקט און געלאַשטשעט און דאָס פאַלשע פלעגט אים אויפרייצן און אויפברויזן, און ער פלעגט עס גלייך אַרויסזאָגן, אָדער, ריכטיקער, עס פלעגט פון אים אַרויסשרייען, ניט קוקנדיק וואו און ווען עס האָט פּאַסירט, עס האָט געקאָנט זיין אַפילו אין מיטן שפּילן פאַרן גרעסטן פּובליקום.

די ערגסטע צייט פאַר דוד קעסלערן איז געווען דער שווי־דערלעכער דייטשמערישער פּעריאָד, ווען אַלע אַקטיאָרן האָבן גערעדט דעם אַזוי־גערופענעם „דייטש", און אויף דער בינע האָבן זיך געוואַלגערט „קעניגע", „פּרינצן", און יעדער כאַריסט איז געווען אַ מיניסטער, די סטאַטיסטן — סתם אַדעליקע, און די בינע איז געווען אָנגעפּילט מיט פּאַפּירענע קרוינען, הילצער־נע שווערדן. אַזוי ווי קעסלער האָט געהאַט אַ שיינע, קלינגענ־דיקע טענאָר־שטימע, פלעגט ער שפּילן דעם ליבהאָבער־זינגער, וועלכער פלעגט זינגען פון שטערבלעכער ליבע צו דער אָרעמער מעדכען און ער האָט באַדאַרפט אָנטאָן זיידענע טריקאָ און גיין מיט די פּאָלקעס אין דרויסן. דעמאָלט פלעגט ער טענה'ן צו די קאָלעגן־שוישפּילער: „אַ גאַנצן טאָג בין איך אַ מענטש, גיי אָנ־געטאָן ווי אַ מענטש, רעד ווי אַ מענטש, עס ווי אַ מענטש, און ווי עס קומט ביינאַכט אין טעאַטער, דאַרף איך זיך פאַרשטעלן פאַר אַ קאַטשקע, פאַר אַ ליץ", און ווען ער פלעגט שוין זיין אינ־גאַנצן פאַרטיק, אָנגעטאָן אַלס פּרינץ אָדער קעניג, מיט די טריי־קאָ, פּאַנצער, שווערד, — פלעגט ער זאָגן, זיך אָנקוקנדיק אין שפּיגל: „ווען איך גיי אַרויס אַזוי אָנגעטאָן אין גאַס, וואָלט מען נאָך מיר נאָכגעלאָפן ווי נאָך אַ משוגע'נעם. מען וואָלט מיך פאַרוואָרפן מיט שטיינער. אָבער אויף דער בינע פּאַטשט מען מיר בראַוואָ".

ווען ער פלעגט דאַרפן זינגען דעם ליבעס־דועט מיט דער געליבטער פון זיין האַרצן, אומגעפער: „איך ליבע דיך, יאַ, יאַ, יאַ", אָדער: „דו ביזט מיין, איך בלייב דיין", פלעגט ער שטיין



דוד קעסלער אַלס
„הערשעלע דובראָוונער"

אַ מייל אַוועק פון דער פּרי־מאַדאָנע, וועלכע האָט באַדאַרפט זיין די געליבטע פון זיין הערצן, און פלעגט זינגען: „איך ליבע דיך, ניין, ניין, ניין", אָדער: „ניט דו ביזט מיין, ניט איך בין דיין". און ווען אים איז אַמאָל אויסגעקומען צו שפּילן די באַרימטע ראָלע „אַלעקסאַנדער", אין „אַלעקסאַנדער דעם קרוינפּרינץ", וועלכע איז געווען טאָמאַשעווסקים קרוינדעלע, און ער האָט געדאַרפט זינגען די סערענאַדע צו דער אָרעמער מעדכן — אומגעפער אַזוי: „ווי געפלויגן קאָם איך ווידער, יאָ, מיין ליבכען, דיך צו זען", און די ווערטער חזר'ן זיך איבער אַ מאָל צען אָדער צוועלף, און אינמיטן קומט אַריין אַ „טראַ־לאַ־לאַ" און נאָך אַמאָל „ווי געפלויגן קאָם איך ווידער", איז כאָטש עס איז געווען פאַר אַ געפּאַקט הויז, האָט ער זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און האָט אויסגעשריגן צום דיריזשאָר פון אָרקעסטער: „הער שוין אויף צו שפּילן דאָרט, אין דר'ערד אַריין, ווי לאַנג קאָן איך אַזוי פליען, ווי לאַנג?!"

דער גליקלעכסטער פּעריאָד פון זיין לעבן איז געווען דער יעקב גאָרדין־פּעריאָד. דעמאָלט האָט זיך קעסלער געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער. זיין לאַנג־יעריקער חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. קעסלער איז געווען אַ קינד פון איינפאַכע

פאָלקס־מענטשן. ער האָט ניט באַקומען אַפילו קיין עלעמענ־טאַרע בילדונג, אַזוי אַז ווען אים פלעגט אויסקומען אונטערצו־שרייבן זיין נאָמען, פלעגט דער גרויסער, שטאַרקער, געזונטער מענטש שוויצן ווי אַ ביבער. איז דעריבער פון לייענען, אָדער זיין באַקאַנט מיט דער וועלט־ליטעראַטור אָדער פּיעסעס, שוין אָפּגערעדט. ער האָט אַפילו ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צו זען טעאַטער, אויסער אייניקע מאָל רוסיש טעאַטער. אָבער אין די געציילטע פּאָר מאָל, וואָס ער האָט געזען טעאַטער, איז אים אויסגעקומען צו זען דעם דעמאָלטיקן גרעסטן רוסישן אַקטיאָר איוואַן קאָזעלסקי, און די נאַטירלעכע טענער פון קאָ־זעלסקין האָבן אים געקלונגען אין די אויערן זיין גאַנץ לעבן, איבערהויפּט האָט ער ניט געקענט פאַרגעסן אָסטראָווסקיס פּיעסע „בעדנאָסט ניע פּאָראָק" (אָרעמקייט איז ניט קיין שאַנ־דע). ער האָט שפּעטער יאָרן־לאַנג גע׳טענה׳ט צו יעקב גאָר־דינען וועגן דער פּיעסע און וועגן איוואַן קאָזעלסקיס ראָלע און שפּילן, ביז יעקב גאָרדין האָט פון דער פּיעסע געמאַכט פאַר קעסלערן „שלמה׳קע. שאַרלאַטאַן".

עס קומט מיר אויפן זינען פיל מאָל , בשעת איך קוק מיך צו צו די שוישפּילער אויף דער בינע, און עס שטעלט זיך מיר די פראַגע, וואָס וואָלט געטאָן דער אָדער יענער שוישפּילער, ווען ער ווערט ניט קיין אַקטיאָר? צי האָט דאָס טעאַטער געמאַכט זיין לעבן בעסער אָדער ערגער?

אין די גליקלעכסטע צייטן פון קעסלערס קאַריערע פלעגט ער אויף מיר מאַכן דעם איינדרוק, אַז כאָטש ער איז אַזאַ גרויסער נאַטירלעכער אַקטיאָר, וואָלט ער אַלס איינפאַכער פּאָלקס־מענטש אין פּריוואַטן לעבן געווען פיל גליקלעכער, ווייל קיין מענטש איז ניט געוואָרן אַזוי פיל אָפּגענאַרט ווי דוד קעסלער, סײַ אין טעאַטער און סײַ אין זיין פאַמיליע־לעבן. עפּעס האָט ער אויף מיר געווירקט ווי אַ טראַגישע פיגור. דער האָרעפּאַש־ניק, וועלכער אַרבעט פאַר יענעם, איז געלעגן אויף זיין גאַנץ

לעבן. זיין יוגנט איז געווען אַ שווערע און אַ גרויע, זיין ערשטע הייראַט אַן אומגליקלעכע. צו זיין צווייטער פרוי, פאַר וועלכער ער האָט זיך געפילט פיל נידעריקער און וועלכע ער האָט גע־וואַלדיק רעספעקטירט, פלעגט ער זיין ווי אַ שקלאַף צו אַ פרינ־צעסין, און פלעגט טאַקע מורא האָבן צו רעדן אינדערהיים אַ הויך וואָרט און זיך היטן ווי אַזוי און וואָס צו רעדן. פלעגט ער דעריבער דעם גאַנצן כעס און די שטרענגקייט אויסלאָזן צו די אַקטיאָרן אין טעאַטער.

צו זיין באַקוועם אין געלט, פון דעם האָט ער קיינמאָל ניט געוואוסט. אין דער פריסטער יוגנט איז ער געווען זייער אָרעם. און ווען ער האָט שוין געגומען פאַרדינען גרויס געלט, איז ער שוין געווען פאַרהייראַט צו זיין „דאַרלינג", ווי ער פלעגט רופן זיין צווייטע פרוי — און זי איז געווען די גאַנצע געשעפטס־פירערין און קאַסירערין, און פלעגט אים געבן וועכנטלעכע הוצאות, „פאַקעט־מאָני", ווי מען זאָגט. האָט טאַקע פּאַסירט, אַז זיין דאַרלינג איז אַוועקגעפאָרן אויף אַ פּאָר וואָכן קיין לעיק־וואוד און האָט קעסלערן איבערגעלאָזט אַ געוויסע סומע פאַקעט־מאָני. האָט זיך קעסלער אַוועקגעזעצט די ערשטע נאַכט שפּילן מיט חברה אין פּאָקער און האָט עס פאַרלוירן, איז ער גע־בליבן זיצן די גאַנצע נאַכט קיבעצן. ער איז שוין דעמאָלט גע־ווען מענעדזשער פון סעקאָנד עוועניו טעאַטער און געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. האָבן חברה אַקטיאָרן אים געוואָלט באָרגן געלט צום שפּילן, האָט ער אָבער גע'טענה'ט: „נאָ, נאָ, וואו וועל איך נעמען אָפּצוגעבן?"

מיר איז אויסגעקומען צו זיין מיט דוד קעסלערן אין טעאַ־טער זייער ווייניק, אָבער אין פריוואַטן לעבן פלעגן מיר זיך פאַר־האַלטן זייער גוט. ער פלעגט מיך רופן „פּראָפעסאָר". ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער מיך דערמאָנט: „פּראָפעסאָר, עפּעס אַ טיקעטל אין דער סימפאָניע", און איך פלעג אים זייער אָפט מיט־נעמען, ווייל ער האָט זייער ליב געהאַט סימפאָניע. אָפּערע

האָט ער ניט ליב געהאַט צוליבן נאַרישן אינהאַלט און ווייל מען זינגט צוואַנציק מאָל איין וואָרט. ער פלעגט זאָגן: „נו, זינגט מען אין דער אָפּערע בעסער, שענער ווי אין אידישן טעאַטער, אָבער מען זינגט אַלץ: „כ'האָב דיך ליב, כ'האָב דיך ליב, כ'האָב דיך ליב, כ'האָב דיך ליב", אָדער: „גיב מיר אַ טרונק וואַסער, גיב מיר אַ טרונק וואַסער". אָבער סימפאָניע — דאָס איז אַן ענין. איך מאַך צו די אויגן און זע בילדער און ס'האַרץ ווערט אָנגעפילט מיט וואונדערבאַרע קלאַנגען".

אויף יעדן געביט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין קעסלערן דער נאַטור-מענטש. זיין קליידונג איז געווען ניט שרייענדיק, קיין סימן פון טעאַטראַלישקייט, ווי עס איז געווען די מאָדע אין יענער צייט. ער איז געווען זייער ציכטיק, ריין. דער ריח פון פּערפיום פלעגט אים געבן קאָפּ-ווייטיק. זיין זינגען איז געווען אָן צוגעגעבענע דריידלעך, ווי געוויינלעך אידישע זינגער זינגען. ער פלעגט אויסציען אַ ריינעם שיינעם טאָן אָן איבערגעטריבענער „געפילעכטס"...

קיינעם האָט יעקב גאָרדין ניט געטאָן אַזוי פיל גוטס מיט זיין שרייבן פאַרן אידישן טעאַטער ווי דוד קעסלערן, און פאַר קיינעם איז יעקב גאָרדין ניט אַזוי אָפּגעשטאָרבן ווי פאַר דוד קעסלערן. ער האָט נאָך יעקב גאָרדינס טויט גענומען שפּילן אין ביליקע מעלאָדראַמעס, און כאָטש אייניקע פון זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג, פלעגט ער אַרומגיין אַ ניט-צופרידענער, אַ געערגערטער. זיין פּערזאָן האָט געמאַכט אַ טראַגישן איינדרוק אַפילו אין די בעסטע צייטן, אָבער די לעצטע פאַר יאָר פון זיין לעבן זיינען געווען די שוידערלעכסטע. ער האָט פאַרלוירן זיין סעקאָנד עוועניו טעאַטער, וועלכער איז געווען געבויט ספּעציעל פאַר אים, און ער איז אַריין צו טאָמאַשעווסקין אין נעשאָנאַל טעאַטער, וואו ער האָט געשפּילט אין אַ ביליקער אָפּערעטקע, אַ ליבהאָבער, ווי מיט יאָרן צוריק אין דעם דייטשמערישן פּעריאָד, און אַרומגעוואַנדערט אין די אַרומיקע

קלײנע טעאַטערלעך, ביז אין אַ רעגנדיקן פרײַטיק, פינף פאַר־נאַכט, האָבן אינגלעך געשריגן: „עקסטראַ! עקסטראַ! דײװױד קעסלער געשטאָרבן!"

די גאַנצע צײַט, ביז זײַן אײביקער רו, און אַפילו נאָך איצט, װען איך דערמאָן זיך אין דײװױד קעסלער, קלינגען מיר די װערטער :„איר זעט, חברה, אַט װײן איך, אָט לאַך איך, אָט בין איך אַלט, אָט בין איך יונג, אָט בין איך גרױס, אָט בין איך קלײן, אָט בין איך אַ מיליאָנער, אָט בין איך אַ בעטלער, אָבער גיט מיר אַ פ אַ ר װ אָ ס, אַ פאַרװאָס..."

# בערטאַ קאַליש

איך האָב געזען בערטאַ קאַליש, ווען זי איז געשטאַנען אויפן העכסטן שטאַפּל פון איר גלאַררייכער טעאַטער־קאַריערע. ניט נאָר האָט דעמאָלט דאָס אידישע טעאַטער־פּובליקום אַרויפגע־קוקט צו איר, נאָר די גאַנצע אַמעריקאַנער בינע. און אויך שפּע־טער, ווען דער הויכער טורעם, אויף וועלכן זי האָט זיך דורך שווערער אַרבעט אַרויפגעקליבן, שטודירנדיק שפּראַכן, ראָלעס, מוזיק, ליטעראַטור, עלעקיושאָן, אַלץ וואָס מען דאַרף אום צו זיין אַ גרויסע קינסטלערין, — האָט אָנגעהויבן פאַלן פון וואָך צו וואָך און פון טאָג צו טאָג. און יעדעס מאָל, ווען איך האָב באַגעגנט בערטאַ קאַליש, פלעגט זי מיך דערמאָנען אָן דער לאָנ־דאָנער ציוניסטישער פאַרזאַמלונג אין קינגס האָל, וואו איך האָב באַגעגנט ד״ר הערצלען, ווען פון די אַלערליי סאָרטן אינ־טערעסאַנטע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן זיך דאָרטן גע־פונען, האָט מען אַרויסגעזען איין פּערזאָן, איין מאַיעסטעטישע פיגור — טעאָדאָר הערצלען! אַזאַ ענלעכן איינדרוק האָט גע־מאַכט אויף מיר מאַדאַם בערטאַ קאַליש, ווען כ׳האָב זי צום ערשטן מאָל דערזען. איר דערשיינונג פלעגט מיך דערמאָנען אָן אַ יהודית, קווין עליזאַבעט, מאַריאַ סטיוּאַרט, ראַשעל און סאַראַ בערנאַרד.

מאַדאַם בערטאַ קאַליש איז אין אַ געוויסן זינען געווען אויף דער בינע אַלס פּרוי דאָס, וואָס יעקב פּ. אַדלער איז געווען אַלס מאַן; כ׳מיין צו זאָגן, אַז אַזוי ווי אַדלער פלעגט מיט זיך מיט־ברענגען יום־טוב׳דיקייט, אַזוי פלעגט אויך מאַדאַם בערטאַ קאַ־ליש שוין מיט איר דערשיינונג אויף דער בינע אייך אַוועקנעמען פון אייער וואָכעדיקן לעבן. עס האָט ניט אויסגעמאַכט, וואָס זי האָט געשפּילט: אַ שניידער־מיידל צי אַ פּרינצעסין, אַן אָרעמע

פרוי אָדער אַ קעניגין — דער יום-טוב׳דיקער טאָן, דער היילי-קער טעאַטער-פונק האָט אַלע מאָל געברענט.

מען הערט אָפט זאָגן, אַז דער אַקטיאָר אָדער די אַקטריסע האָבן אַ שטימע ווי אַן אָרגל — עס קלינגט ווי אַן אָרגל. יאָ, מאַדאַם קאַליש האָט געהאַט אַ גאַנצן אָרגל ביי זיך אין האַלז. אַזוי ווי אַן אָרגל האָט אַלע מענטשלעכע און אינסטרומענטאַלע טענער, אַזוי האָט מאַדאַם קאַליש געקענט אַרויסברענגען אַלע טענער פון איר האַלז. ביי אַ גרויסן מאָנאָלאָג, וואו מען האָט באַדאַרפט אָפט בייטן טענער, פלעגט זיך צעשפילן דער „אָרגל״ ביי איר אין האַלז, און עס פלעגן זיך נעמען הערן אַזעלכע טע-נער, אַז עס פלעגט זיך קוים גלויבן, אַז דאָס קומט פון איין האַלז. מיר הערן אָפט אַן אַקטריסע לאַכן אויף דער בינע, אָבער עס קלינגט מיר נאָך איצט דאָס קלינגענדיקע מוזיקאַלישע גע-לעכטער פון בערטאַ קאַליש. זי האָט געקענט לאַכנדיק אַרוי-בערגיין פון איין זייט בינע צו דער צווייטער אין איין אָטעם; איר שטיל, האַרצרייסנדיק וויינען פלעגט אַריינדרינגען טיף אין דעם צושוייערס נשמה.

ווען די אַמעריקאַנער פיר הונדערט האָבן אויפגעבויט דעם סענטשורי טעאַטער, וואָס האָט געזאָלט ווערן אַן אַמעריקאַנער קונסט-טעאַטער, האָט מען דאָרט אויפגעפירט די גריכישע טראַ-געדיע „סאַפאָ״, מיט בערטאַ קאַליש. די אויפפירונג, דער סימ-פאָנישער אָרקעסטער, די באַלייכטונג — אַלץ איז געווען דאָס גרעסטע און שענסטע, וואָס אַן אויג קען זען און אַן אויער קען הערן; איר מאַיעסטעטישע פיגור, איר „אָרגל״, איר שפּילן, — אַלץ האָט האַרמאָנירט מיט דער רייכער אויסשטאַטונג און דער באַגלייטונג פון דעם סימפאָנישן אָרקעסטער. זיצנדיק ביי יענער פאָרשטעלונג, איבערהויפּט ביי יעדער פאָרשטעלונג, אויף וועל-כער מיר איז אויסגעקומען צו זען בערטאַ קאַליש אויף בראָדוויי אין ענגלישן, פלעג איך זיי ניט פאַרגינען אונזער בערטאַ קאַליש. אָבער גלייכצייטיק פלעג איך האָבן אַ שטיקל נקמה, וואָס זיי,

די אַמעריקאַנער, האָבן די געקינצלטע בערטאַ קאַליש, און מיר האָבן די אמת׳ע בערטאַ קאַליש. איך מיין צו זאָגן, אַז דאָס האַרציקע, דאָס אמת׳ע פלעגט אַ סך אַוועקפאַלן בעת די ענג־לישע פאָרשטעלונגען פון מאַדאַם קאַליש, און די, וועלכע קען אַזוי האַרציק וויינען און לאַכן, און וועלכע זינגט אַזוי זיס די אידישע לידלעך, — אַט די בערטאַ קאַליש האָבן מיר געהאַט. איך בין זיכער, אַז, שפּילנדיק אויף בראָדוויי, פלעגט בערטאַ קאַליש זאָגן צו זיך: „געלט האָב איך ביי זיי, אָבער אמת טעאַ־טער האָב איך געשפּילט ביי אייך, אויף דער אידישער בינע״; ווייל דאָס שווייגן און ליידן פון „עטעניו״ אין גאָרדינס „קריי־צער סאָנאַטאַ״, דער צוזאַמענשטויס צווישן איד און קריסט אין דער „וואַרהייט״, דער שלום פון צווייטן אַקט פון „די יתומה״, און נאָך און נאָך אַזעלכע ענלעכע אידישע ראָלעס — אַזאַ שפּילן האָט די ענגלישע בינע ניט געקראָגן פון מאַדאַם בערטאַ קאַ־ליש, און ווי שוין געזאָגט, זעענדיק זי אויף בראָדוויי, פלעג איך שטילן מיין כעס מיטן געפיל, אַז מיר האָבן אַ בעסערע בערטאַ קאַליש.

אין 1922 האָב איך באַקומען אַן איינלאַדונג פון ווילנער רעליף צו אַ צוזאַמענקום, וואו עס וועלן זיך געפינען מיין לאַנדס־מאַן אב. קאַהאַן און וולאַדעק (כאָטש אַ מינסקער, אָבער אַ שכן פון ווילנע). עס איז געווען ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס דער ווילנער רעליף האָט זיך געווענדט צו מיר, און איך פלעג צוזאַ־מענשטעלן אַ קאָנצערט אָדער אַ פאָרשטעלונג פאַרן ווילנער רעליף. אָבער איצט, באַקומענדיק די איינלאַדונג, האָב איך געוואוסט, אַז מען דאַרף האָבן עפּעס אַ גרויסע זאַך, אַ גרויסע פאָרשטעלונג, ווייל אב. קאַהאַן אַליין פאָרט קיין ווילנע און ער וויל זיי ברענגען אַ באַדייטנדע סומע. אויפן וועג צום צוזאַ־מענקום איז מיר איינגעפאַלן: בערטאַ קאַליש אין „שולמית״, כאָטש איך האָב זי קיינמאָל ניט געהערט זינגען און אַפילו ניט בכלל שפּילן אידיש טעאַטער, ווייל ווען איך בין געקומען צום

אידישן טעאַטער, האָט שוין מאַדאַם בערטאַ קאַליש געהאַט פאַר־
לאָזט דאָס אידישע טעאַטער און איז אַוועק אויף בראָדוויי.

ווען וולאַדעק האָט דערקלערט דעם צוועק פון צוזאַמענ־
קום און פאַרענדיקט, זיך ווענדנדיק צו מיר: „מר. רומשינסקי,
גיט עפּעס אַ גוטן טראַכט, ווייל ווילנע געפינט זיך איצט אין איר
גרעסטער נויט!", בין איך אַרויס מיט מיין פּלאַן: „׳שולמית׳ מיט
בערטאַ קאַליש". דער פּלאַן איז געפעלן געוואָרן, אָבער אב.
קאַהאַן האָט געפרעגט, צי די
„פאַניענקע" (מיינענדיק בער־
טאַ קאַליש) וועט וועלן נאָך
אַזוי פיל יאָרן אָפּוועזנהייט
פון אידישן טעאַטער שפּילן
און זינגען „שולמית"? בער־
טאַ קאַליש האָט די איינלאַ־
דונג אָנגענומען און האָט גע־
שיקט נאָך מיר איבערצוזינ־
גען די ראָלע פון „שולמית",
וועלכע זי האָט שוין־לאַנג ניט
געזונגען. זי האָט געוואוינט
אין אַ זייער אַריסטאָקראַטי־
שער וואוינונג אויף פּאַרק
עוועניו. צום ערשט האָב איך


בערטאַ קאַליש

מיך געדאַרפט מעלדן ביים שווייצאַר און דערנאָך ביי פּאַרשי־
דענע דינסטן, ביז כ׳בין אָנגעקומען אין וואַרט־זאַל, וואו כ׳האָב
געדאַרפט אַ שפּאָר ביסל וואַרטן. ווען בערטאַ קאַליש האָט זיך
סוף־כל־סוף באַוויזן אין איר לאַנג, שוואַרץ, זיידן קלייד און גע־
נומען רעדן וועגן איר סוקסעס אויף דער ענגלישער בינע, און
טאַקע אויסגעזוכט די שווערסטע ווערטער פון ענגלישן ווערטער־
בוך און אָנגערופן אַלע גרויסע מענטשן, מיט וועלכע זי באַגעגנט
זיך לעצטנס און פאַר וועמען זי שפּילט, האָב איך געקלערט ביי

זיך: „יאָסל, צו וואָס האָסטו דאָס באַדאַרפֿט?" זי האָט ווייטער געקנאַקט מיט הויכע פּראַזעס און אָנגערופֿן גרויסע נעמען. וואָס מער זי האָט גערעדט, אַלץ מער האָב איך געפֿילט, אַז צו שפּילן „שולמית" וועט עס ניט קומען, און איך האָב באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף און זי אַ פֿרעג געטאָן אויף מיין ליטווישן, ווילנער אידיש: „זאָגט מיר? איר האָט נאָך אַ שטימע?? איר קענט נאָך זינגען?" און זי האָט מיר גלייך געענטפֿערט אויף איר געשמאַקן אידיש: „וואָס מיינט איר, צי איך האָב נאָך אַ שטימע? איך זינג נאָך בעסער ווי אַלע אייערע פּרימאַדאָנעס, וועלכע איר האָט איצט!", אָבער זי כאַפּט זיך גלייך צוריק: „אויסער מיין יוגנט-פֿריינדין רעגינאַ פּראַגער".

איך בין גלייך צו צו דער פּיאַנאָ און האָב אָנגעהויבן שפּילן די מוזיק פֿון „שולמית". זי האָט זיך דערמאָנט אָן איר פֿרי־סטער יוגנט און געזונגען אַזוי, ווי עס וואָלט ערשט נעכטן פּאַ־סירט, און טאַקע די מוזיק פֿון „עקידת יצחק" און „בר כוכבא". און מערקווירדיק, כאָטש זי האָט עס שוין פֿון עטלעכע און צוואַנ־ציק יאָר ניט געזונגען, דאָך האָט זי געדענקט יעדעס וואָרט און יעדן טאָן. וואָס אַ מינוט האָט זי זיך מער צעוואַרעמט, פֿאַר־געסן אָן אירע ענגלישע סוקסעסן און אויסגעדריקט איר צו־פֿרידנקייט פֿון דער איינלאַדונג צו דער פֿאָרשטעלונג פֿון „שולמית", צוגעבנדיק, אַז כאָטש זי האָט שוין געשפּילט פּיעסעס פֿון די גרעסטע וועלט-פֿאַרפֿאַסערס, זיינען דאָך אירע באַליבט־סטע צוויי פֿאַרפֿאַסערס אַברהם גאָלדפֿאַדן און יעקב גאָרדין.

## די קלאַסישע שולמית מיט דער קלאַסישער אויפפירונג

ניט קוקנדיק דערויף, וואָס איך האָב שוין דעמאָלט גע־קענט כמעט די גאַנצע מוזיקאַלישע ליטעראַטור, ווי ליטורגישע, קלאַסישע, סימפאָנישע, אָפּערע און אָפּערעטעס, האָט זיך מיר די אָפּערעטע „שולמית" אַממערסטן איינגעקריצט אין די גע־דאַנקען, סאַי די מוזיק און סאַי דער אינהאַלט, ווייל — ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט — זיינען די לידלעך פון „שולמית" געווען די ערשטע טענער, וואָס איך האָב געהערט אין מיין לעבן, טאַקע פון מיין מאַמען, און שפּעטער פון אסתר רחל קאַ־מינסקין, וועלכע האָט מיר דערמאָנט מיט איר אויסזען און זינגען אָן מיין מאַמען.

„שולמית" איז געווען יאָרן־לאַנג די פּאַרנאַכלעסיקסטע פּאָרשטעלונג אויף דער אַמעריקאַנער אידישער בינע. ווען דער סטאַר פלעגט זיך וועלן אָפּרוען אָדער זיך מאַכן קראַנק, פלעגט מען שפּילן „שולמית". און ווען אַ קאָמפּאַניע פלעגט אין מיטן סעזאָן אַרויספאָרן מיט אַ פאָרשטעלונג, פלעגט מען מיט די איבערגעבליבענע עטלעכע אַקטיאָרן און דעם כאָר שפּילן „שולמית". מיך פלעגט די גרינגשעצונג פון מיין באַליבטסטער אָפּערעטע „שולמית" זייער קרענקען, און איך פלעג זיך אַרומ־טראָגן מיטן געדאַנק צו באַנייען גאָלדפאַדנס „שולמית", און זען „שולמית" כאָטש איין מאָל אין אַן אָנשטענדיקער אויפפירונג.

ווען עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצופירן „שולמית" פאַרן ווילנער רעליף, מיט בערטאַ קאַליש אין דער הויפּט־ראָלע, האָב איך זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט טאַקע, ווי מען זאָגט, בכל לבבך ובכל נפשך. צוערשט האָב איך די האַרציקע מע־לאָדיעס, וואָס זיינען געווען זייער אָרעם און שלעכט אַראַנזשירט,

באַנייט מיט אַ מאָדערנער קלאַסישער אַראַנזשירונג. איך האָב אויף דעם איבעראַראַנזשירן „שולמית" פאַר אַ גרויסן אָרקעסטער געאַרבעט פינף וואָכן צייט און האָב פאַראינטערעסירט דעם רוסישן באַלעט־מייסטער און טאַנץ־לערער כאַליף, וועלכער האָט איינגעשטודירט אַ באַלעט פון פופציק טענצערינס פון זיין סטו־דיאָ. מ׳האָט געמאַכט נייע קליידער, נייע דעקאָראַציעס, און די אַקטיאָרן האָבן געמאַכט פּראָבעס, אַזוי ווי פון אַ שפּאָגל־נייער פּיעסע, אונטער דער אויפזיכט פון דעם באַגאַבטן שוי־שפּילער און טעאַטראַל איזידאָר קעשיר, און כאָטש אַ בילעט האָט געקאָסט 5 דאָלאַר, פונדעסטוועגן זיינען אַלע בילעטן אויס־פאַרקויפט געוואָרן אין אַ פּאָר טעג; דעמאָלט האָט מען גלייך אַנאָנסירט די זעלבע פאָרשטעלונג פאַרן קינפטיקן דאָנערשטיק אַלס בענעפיט פאַרן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, און ביידע פאָר־שטעלונגען האָבן אַריינגעבראַכט נאָענט צו צען טויזנט דאָלאַר.

עס איז מערקווירדיק, אַז נאָכדעם ווי „שולמית" איז גע־שפּילט געוואָרן צו אַלע בענעפיטס פאַר ביליקע פרייזן און איז אַזוי פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן, איז גלייך ווי עס אַנאָנסירט גע־וואָרן די נייע אויפפירונג, געוואָרן אַזאַ געלאַף און מ׳האָט גע־צאָלט צו 5 דאָלאַר אַ בילעט! דאָס ווייזט, אַז מען דאַרף שטענ־דיק האָבן רעספּעקט פאַרן פאָלקס געזונטן חוש. מען קאָן אָפּ־נאַרן און איינרעדן די גרעסטע קריטיקער, אָבער קיינמאָל ניט דעם פאָלק, דעם פשוט׳ן עולם. אַפילו די וואַגנערס און די רעמ־בראַנדטס זיינען אָנערקענט געוואָרן פון פאָלק נאָכדעם ווי די קריטיק האָט זיך פון זיי אויסגעלאַכט. דער גרויסער דייטשער קריטיקער, ד״ר בריל, האָט געשריבן וועגן וואַגנערס גרעסטער שאַפונג „דער מייסטערזינגער", אַז אים פאַרדריסט פאַרוואָס מען רופט עס אָן מוזיק; און היינט ווערט „דער מייסטערזינגער" פאַררעכנט אַלס איינע פון די שענסטע אָפּערעס אויף דער וועלט. אויך ביזעס אָפּערע „קאַרמען", וועלכע איז מיט אירע רייצנדע מעלאָדיעס און האַרמאָניע די אָריגינעלסטע אָפּערע — און ווען

אַ סך אָפּערעס וועלן אָפּשטאַרבן, וועט זי נאָך אַלץ פאַרבלייבן פריש און ניי, — איז נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג באַשריבן געוואָרן פון די קריטיקער, אַז זי איז אַ שלעכטע אָפּערעטקע, אָבער שפּעטער, ווען דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן שטאַרק באַזוכן די פאָרשטעלונגען פון „קאַרמען", האָבן די זעלבע קריטיקער אויסגעפונען (ליידער, שוין נאָכן טויט פון דעם קאָמפּאָזיטאָר), אַז דאָס איז די אָריגינעלסטע, רייצנדסטע אָפּערע. ניט אומזיסט האָט דער גרויסער פראַנצויזישער שרייבער, אַלעקסאַנדער דיו־מאַ, געזאָגט צו זיין זון: „אַזוי ווי שרייבן קענסטו ניט, זיי אַ געשעפטסמאַן; ווילסטו ניט — איז די בעסטע און לייכטסטע זאַך — ווער אַ קריטיקער"...

אַ סך מאָל, הערנדיק אַ סימפאָניע, בין איך מקנא די צוהע־רער, וועלכע קענען ניט קיין מוזיק, און מיר דאַכט זיך, אַז זיי האָבן מער הנאה פון דער סימפאָניע ווי דער פּראָפעסיאָנעלער מוזיקער, ווייל די קעכין, וואָס קאָכט דאָס עסן און ווייסט, ווי אַזוי און פון וואָס דער מאכל איז צוגעגרייט, קאָן קיינמאָל ניט פילן דעם טעם, ווי דער, פאַר וועמען דאָס עסן איז געמאַכט; דער געזונטער חוש פון פאָלק דערשמעקט און דערשפּירט מיט זיין אינסטינקט אַ סך מער ווי דער גרעסטער קריטיקער און פּראָ־פעסיאָנאַל. גלייך ווי מ'האָט אַנאָנסירט די נייע אויפפירונג פון „שולמית", האָט דאָס פאָלק דערשפּירט, אַז דאָס מאָל וועלן חברה ניט „בלאָפן" (ניט אויסגערעדט זאָל עס זיין, ווי עס פאַסירט אָפט), און אַז עס וועט זיין וואָס צו זען און צו הערן. די טיכטיקע פּראָבעס פון די אַקטיאָרן, דער גוט־איינגעשטודיר־טער כאָר און באַלעט, די פאַסיקע נייע דעקאָראַציעס, — דאָס אַלץ האָט האַרמאָנירט מיט דער עלאַסטישער שולמית פון בער־טאַ קאַליש.

שוין ביי איר ערשטער דערשיינונג, ווען זי קומט אַרונטער פון די בערג מיט איר פאָטער מנוח, איז דאָס פּובליקום געבליבן זיצן ווי פאַרגאַפט. איר אינטעליגענט און פאָרזיכטיק באַהאַנד־

לען די מעלאָדיעס, איר יום-טובדיק זינגען אונטער דער באַגלייטונג פון דעם סימפאָנישן אָרקעסטער, וועלכער איז באַשטאַנען פון פערציק געשולטע מוזיקער, איז געווען וואונדערבאַר. די משוגעת-סצענע פון שולמית אין דריטן אַקט, וואו דער גרויסער מאָנאָלאָג איז געווען אונטער דער באַגלייטונג פון אָרקעסטער, האָט מיך אַזוי געטרילט, אַז איך האָב מיך כמעט ווי פאַרלוירן דיריגירנדיק.

בערטאַ קאַליש פלעגט כסדר באַדויערן פאַרוואָס דער מחבר, אברהם גאָלדפאַדן, האָט ניט דערלעבט צו זען אַזאַ פאָרשטעלונג אין אידיש. איך זאָג „אין אידיש", ווייל די גרעסטע און בעסטע אויפפירונגען פון „שולמית" זיינען, ליידער, געווען ניט אין אידיש, נאָר אין אונגאַריש (אין בודאַפּעשט) און אין פּויליש (אין וואַרשע) . . .

דעם 27טן יאַנואַר 1929 האָב איך אויפגעפירט „שולמית" אויף דער ראַדיאָ, מיט צבי הירש רובינשטיינען אַלס קאָמענטאַטאָר. טויזנטער דאַנק-בריוו זיינען אָנגעקומען נאָך דער ראַדיאָאויפפירונג.

איין מאָל, בשעת אַ פּראָבע אין טעאַטער, קומט אַריין בערטאַ קאַליש אַ באַגייסטערטע און זאָגט צו מיר:

— מר. רומשינסקי, אייער חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן! ניט נאָר איז עס אייער חלום, דאָס איז דער חלום פון די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרס; אָבער ביי אַ סך איז עס בלויז אַ חלום, און אייער חלום איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט, און דער גוטער שליח בין איך!

איך קוק זי אָן. זי ציטערט אינגאַנצן פון אויפרעגונג און באַגייסטערונג. איך ווער שוין נייגעריק און זאָג:

— מאַדאַם קאַליש, איר האָט מיך געמאַכט זייער נייגעריק. זאָגט שוין, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך!

אויף אירע ספּעציפישע טיפע טענער און האַלב-דראַמאַטיש ווענדט זי זיך צו מיר:

— זאָגט מיר צוערשט, אויב איר האָט אַ שטאַרק האַרץ, ווייל הערן אַ צו גוטע בשורה קאָן, חלילה, אַמאָל פאַרשאַטן פונקט ווי אַ שלעכטע בשורה.

איך ווער נאָך נייגעריקער און אַפּילו אַ ביסל בייזלעך און זאָג:

—זאָל שוין נעמען אַן ענדע! איר זאָגט צי ניין?

— נו, גוט! איך האָב גערעדט וועגן אייער באַנייטער אויפפירונג פון „שולמית״ מיטן דירעקטאָר פון דעם מעטראָ־פּאַליטן אָפּערע־הויז, גאַטי קאַזאַזאַ. איך האָב אים זייער פאַר־אינטערעסירט וועגן אייער באַנייטער אויפפירונג פון „שולמית״. ער האָט באַשטימט, אַז מאָרגן, 3 נאָכמיטיק, אין זאָל פון מעט־ראָפּאָליטן אָפּערע־הויז, זאָלט איר פאָרשפּילן דעם סקאָר פון „שולמית״ מיט אייער נייער אַראַנזשירונג. ער האָט אויך איינ־געלאַדן דעם וואַגנער־דיריזשאָר, אַרטור באָדאַנסקי. איך האָב אים געמאַכט אַזוי נייגעריק, אַז ער וויל עס ביי אַ געלעגנהייט אויפפירן אין מעטראָפּאָליטן אָפּערע־הויז...

איך ווער אַ פאַרציטערטער און זאָג:

— מאַדאַם, וואָס רעדט איר? עס איז אמת, אַז דאָס איז דער חלום פון יעדן קאָמפּאָזיטאָר, אָבער ניט אַזוי ווי איך האָב „שולמית״ איצט, קאָן מען זי אויפפירן אַלס אָפּערע; עס איז אמת, אַז די גאַנצע זאַך האָט איצט אַ גאַנץ אַנדער פּנים, און עס איז אויך אַ פאַקט, אַז „שולמית״ איז דער פּאַסיקסטער אינ־האַלט צו מאַכן דערפון אַ גרענד־אָפּערע, און איך גיב אויך צו, אַז איך וואָלט זיך אונטערגענומען צו מאַכן „שולמית״ פאַר אַ גרענד־אָפּערע, אָבער איך מוז אויף דעם האָבן וויניקסטנס צוויי יאָר צייט, און מיין קאָפּ זאָל זיין פריי פון אַנדערע זאַכן, ווייל שרייבן אַן אָפּערעטע פאַרן טעאַטער און אין דער זעלבער צייט אַן אָפּערע איז אוממעגלעך, דעריבער זאָג איך זיך קאַטעגאָריש אָפּ צו האַלטן די באַשטעלטע אוידיענץ מיט גאַטי קאַזאַזאַ.

זי איז געוועזן איבעררײַשט צו הערן מיין ענטפער און האָט

געהאַט טענות, אַז איך האָב זי געשטעלט אין אַ פאַרלעגנהייט, ווייל זי איז זיכער, אַז גאַטי קאַזאַזאַ וועט אויפפירן „שולמית" אין מיין איצטיקער אַראַנזשירונג.

איך האָב איר געגעבן אַן עצה, אַז זי זאָל אויפזוכן אַ מעצענאַט, וועלכער זאָל מיך אַוועקנעמען אויף צוויי יאָר פון טעאַטער, כדי איך זאָל האָבן אַ געלעגנהייט צו זיצן רואיק און מאַכן „שולמית" פאַר אַן אָפּערע, און דעמאָלט וועל איך עס רעקאָמענדירן אַליין צו גרויסע אָפּערע־דירעקטאָרן.

אַ סך יאָרן האָט זי מיר ניט געקאָנט שענקען פאַרוואָס איך בין דעמאָלט ניט געגאַנגען צו דער באַשטימטער אוידיענץ אין מעטראָפּאָליטן אָפּערע־הויז, און זי פלעגט טענה'ן, אַז איך אונטערשעץ זיך.

# בערטאַ קאַלישס טראַגישע ענדע

ווען אַ פרעמדע פּערזאָן קומט אַריין צו אַ פּראָבע אין וועלכן עס איז טעאַטער און נעמט מיט אַ קלאָרן פאַרשטאַנד באַטראַכטן יעדן אַקטיאָר באַזונדער, מיינט ער, אַז ער איז אין אַ משוגעים־הויז, באַזונדערס ווען ער אָבסערווירט, ווי יעדער אַקטיאָר רעדט צו זיך אַליין, שטודירנדיק זיין ראָלע. עס שפּאַנט אַרום אַ הויכער, קרעפּטיקער אַקטיאָר, וועלכער איז אין פּריוואַטן לעבן אַ גרויסער פרעסער און יעדן טאָג באַשליסט ער צו האַלטן אַ דאַיעט, נאָר זיין גרויסער אַפּעטיט דערלאָזט אים ניט דורכצופירן עס, און אָט דער מאַן רעדט צו זיך אַליין, שטודירנדיק זיין ראָלע: „ווי לאַנג נאָך וועל איך אַרומגיין אַ פאַרשמאַכטער, אַ הונגעריקער? אָ, ניין, איך קאָן ניט מער, איך קאָן ניט מער!”. אין אַ ווינקל שטייט אַן אַקטיאָר, וועלכער האָט ניט לאַנג צוריק באַקומען פון זיין לענדלאָרד אַ מוף־צעטל פאַר ניט צאָלן רעגולער זיין דירה־געלט, און רעדט צו זיך אַליין און בייזערט זיך: „מילא, די צען טויזנט דאָלאַר, וועלכע איר קומט מיר שוין פון לאַנג, דאָס איז אָפּגעווישט; און די פופציק טויזנט דאָלאַר, וועלכע איך האָב אייך ניט לאַנג צוריק געבאָרגט, איז נאָך די ביכער נאָך צאָלט איר אויך ניט רעגולער, קומט איר מיר איצט נאָך פרישע הונדערט טויזנט דאָלאַר. דאָס איז צופיל — אַפילו פאַר אַזאַ גרויסן גביר, ווי איך בין!”...

דרייט זיך אַרום אַן אַקטיאָר, שוין אין די פופציקער, און טאַנצט זיך אונטער, שטודירנדיק זיין ראָלע:

„איר זעט, אַז איך וויל, בין איך אַ קאַטשקע, און אַז איך וויל, בלאָז איך זיך אָן ווי אַן אינדיק; איך קאָן קרייען ווי אַ האָן, און בילן ווי אַ הונט, און אַ שפּרונג טאָן ווי אַ צאַפּ!”...

אין אַן אַנדער ווינקעלע גייט אַרום אַ יונגע אַקטריסע און זאָגט, שטודירנדיק איר ראָלע:

„ניין, מיין טייערער! ניט איצט, ניט איצט! מאָרגן קום איך צו דיר, מאָרגן”...

אַ יונגער אַקטיאָר, אַ ליבהאָבער־זינגער, מאַכט צו מיט ביידע פינגער זיינע נאָזלעכער און מאַכט מיטן מויל: „מי מי מי, מע מע מע״, — דאָס פּראָבירט ער אויס זיין שטימע, צי ער איז ניט הייזעריק.

ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז טעאַטער איז אַן אומאָפיציעל משוגעים־הויז, און טאַקע די ראָלעס, דאָס שפּילן טעאַטער, שפּיגלט זיך אָפּ אין אַקטיאָרס פּריוואַטן לעבן, ווייל זעלטן ווען מען באַגעגנט אַ הונדערט־פּראָצענטיק נאָרמאַלן שוישפּילער. איבערהויפּט אין פּראַקטישן לעבן זיינען די אַקטיאָרן טיילמאָל אַזוי ווי קליינע קינדער; און וואָס דער אַקטיאָר איז גרעסער, אַלץ נאַאיווער, קינדערשער איז ער. צום ביישפּיל: יעקב פּ. אַדלער האָט אָפּגעמאַכט מיט אַ מענעדזשער צו שפּילן פינף פאָרשטעלונגען, צו 100 דאָלאַר אַ פאָרשטעלונג. נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג טראָגט מען אים אַריין אַ קאָנווערט, אין וועלכן עס איז געלעגן איין אַסיגנאַציע, אַ הונדערטער; גע־ווײנלעך איז דער קאָנווערט זייער דין. קוקט אָן אַדלער דעם דינעם קאָנווערט און זאָגט: „ס׳מזל אויף מיינע שונאים! קוק אָן, וואָס איך קריג פאַר אַ נאַכט שפּילן״... נאָך דער צווייטער פאָרשטעלונג האָט מען אים אַריינגעטראָגן אַ דיקן קאָנווערט מיט הונדערט איינציקע דאָלאַר־בילס, און ער, כאָטש וויסנדיק, אַז די סומע געלט איז די זעלבע ווי נעכטן, נאָר ווייל דער קאָנ־ווערט האָט אויסגעזען גרויס, גראָב און אָנגעפּאַקט מיט פּאַפּיר־געלט, האָט ער געזאָגט אַ גרויסן „טענק־יו״ צו דעם, וואָס האָט אים דאָס געלט אַרויפגעבראַכט.

אָבער די נאַאיווסטע און אומפּראַקטישסטע פּערזאָן, וואָס איך האָב באַגעגנט צווישן שוישפּילער, איז געווען מאַדאַם בערטאַ קאַליש. ביי איר איז די גאַנצע וועלט געווען אַ גרויס טעאַטער; פאַר איר האָבן ניט עקזיסטירט גוטע מענטשן אָדער שלעכטע מענטשן, נאָר גוטע אַקטיאָרן און שלעכטע אַקטיאָרן. זי האָט געהאַסט שלעכטע אַקטיאָרן און פלעגט נאָר חלומ׳ען פון גרויסע קינסטלער. זי האָט אין לעבן געזען בלויז דאָס שיינע,

דאָס הערלעכע: זי האָט מיט זיך מיטגעטראָגן דעם יום־טוב; דאָס וואָכעדיקע גרויע לעבן האָט פאַר איר ניט עקזיסטירט; איר בעסטער צייט־פאַרטרייב איז געווען לייענען היינעס פּאָע־זיע און הערן שאָפּענס מוזיק.

דער וועג צו רום און גרויסקייט איז פאַר איר געווען אויס־געלייגט מיט טעפּיכער, ווייל די נאַטור האָט זי באַשאָנקען מיט אַזוי פיל מעלות — הויכקייט , שיינקייט, דיקציע, שטימע, אָרגאַן; כאָטש זי האָט אַ סך שטודירט, איז איר אַפילו דאָס שטודירן אָנגעקומען לייכט, ווייל זי האָט געהאַט אַ זעלטן־גוטן זכרון, אַן אָפּענעם קאָפּ פאַר אַלץ: פאַר ראָלעס, שפּראַכן, מוזיק. זעלטן ווען איז די נאַטור אַזוי גוט צו אַ מענטשן, ווי זי איז געווען צו בערטאַ קאַליש; אָבער אויך זעלטן איז די נאַטור געווען אַזוי גרויזאַם, טראַגיש, ווי זי איז געווען צו איר; און דאָס טראַגישע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין דער צייט, וואָס זי האָט פאַר־מאָגט די אַלע אויבן־דערמאָנטע מעלות. איר מאַיעסטעטישע פיגור, איר יוגענטלעך אויסזען, איר פריש, קלינגענדיק רעדן און זינגען, איר זעלטענעם זכרון — האָט זי ביי איר צוגענומען די לעצטע יאָרן פון איר לעבן אירע ליכטיקע, בריליאַנטענע און קלוגע אויגן, וועלכע האָבן אַזוי פיל יאָרן געזען פאַר זיך בלויז שיינקייט, בלומען, רום און רייכטום...

איר לאַנגיעריקע קראַנקייט און דאָס קורירן זיך האָבן גע־מאַכט איר לעבן שווערער און שווערער, ביז זי איז געווען גע־צוואונגען צו שפּילן טעאַטער בלינדערהייט. האָבן אירע נאָ־ענטע פריינד — איך צווישן זיי — אַראַנזשירט פאַר איר פאָר־שטעלונגען, אין וועלכע דאָס שפּילן זאָל ניט זיין שווער פאַר איר אונטער די אומשטענדן.

עס איז מערקווירדיק, אַז שוין זייענדיק אינגאַנצן בלינד, איז ווען זי פלעגט קומען צו די פּראָבעס און דערשיינען ביי־נאַכט אויף דער בינע, פלעגט ווערן ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך. מיר אַלע פלעגן זיך ריכטן צו זען פאַר זיך אַ שרעקלעך־טרויע־

ריקע פערזענלעכקייט, אָבער איר קלינגענדיקער „העלאָו", מיט איר פיין שמייכעלע פלעגן מאַכן פאַרגעסן אָן אירע צוגעמאַכטע פינסטערע אויגן.

צווישן אירע ראָלעס אין די לעצטע יאָרן איז איינינקע מאָל געווען „שרה" פון „עקידת יצחק". איז מערקווירדיק, אַז ניט־זעענדיק, פלעגט זי וויסן, ווען די דעקאָראַציעס זיינען ניט גע־ווען עפּעס ווי עס באַדאַרף צו זיין; דעמאָלט פלעגט זי פרעגן: „וואָס איז עפּעס היינט אַזאַ אָרעמקייט אויף דער בינע?" — און מיר פלעגט זי אויסרעכענען די צאָל מוזיקער, וואָס איך האָב אין אָרקעסטער, און וועלכע אינסטרומענטן, ווייל איר חוש און געהער האָבן זיך בעסער אַנטוויקלט זינט זי האָט פאַרלוירן דאָס ליכט פון אירע אויגן...

די רירנדיקסטע סצענע, וועלכע איך האָב געזען אין מיין לעבן, איז געווען, ווען וולאַדעק, — שוין פילנדיק, אַז ער אַליין פאַרלירט זיינע אויגן און ווערט בלינד, — האָט אַרויסגעפירט די בלינדע בערטאַ קאַליש אויף דער סצענע... די צוויי טראַגי־שע, שלאַנקע פיגורן זיינען געשטאַנען אַרומגענומען, און ער האָט ווי געזאָגט צו איר: „בערטאַ, אַזוי ווי דו זעסט מיך איצט ניט, אַזוי וועל איך דיך באַלד אויך מער ניט קאָנען זען"...

דאָס איז טאַקע געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס זיי זיינען ביידע דערשינען פאַר אַ פּובליקום.

אָבער ביז אירע לעצטע מינוטן האָט זי נאָר פאַנטאַזירט פון שיינקייט און מוזיק, און ווען איר נאָענטער פריינד, שלום פּערלמוטער, וועלכער איז געשטאַנען ביי איר קראַנקן־בעט די לעצטע מינוטן פון איר לעבן, האָט איר געבעטן: „מאַדאַם קאַ־ליש, זאָגט עפּעס, זאָגט אונז, מיר ווילן הערן", — האָט זי גע־שאָקלט מיטן קאָפּ און געמורמלט ווי אין אַ דעליריום די טענער פון דער מוטער שרה׳ס לידעלע: „שלאָף־זשע, שלאָף, מיין שרה־לע, דיך וויגט דיין מוטער שרה׳לע"... און אַזוי איז זי אַנט־שלאָפן געוואָרן אויף אייביק.

## זיגמונד מאָגולעסקאָ — דער קאָמיקער און מוזיקער

דאָס וואָס פּאַגאַניני איז געווען פאַרן פידל, בעטהאָווען פאַר דער סימפאָניע און סאַראַ בערנאַרד פאַר דער דראַמע — דאָס איז געווען זיגמונד מאָגולעסקאָ פאַר דער אידישער בינע.

פּונקט ווי די אַלע אויבן־דערמאָנטע האָבן געשאַפן זייער אייגנאַרטיקן סטיל, אַזוי האָט מאָגולעסקאָ געשאַפן אַ מאָגולעסקאָ־סטיל. זעענדיק מאָגולעסקאָן שפּילן טעאַטער, פלעגט זיך שטעלן די פראַגע: ביי וועמען האָט ער געלערנט? וואו האָט ער עס גענומען? ער האָט קיינעם ניט קאָפּירט און נאָכגעמאַכט, ווייל ער האָט אין זיין לעבן ווייניק געזען און נאָך ווייניקער געלערנט, אויסער אַ ביסל אין חדר און אַלס משורר׳ל ביי חזן ישראל קופּער. אין אים האָט געאַרבעט דער אינסטינקט, די געבוירענע אייגנשאַפטן, און אַלץ איז געווען מיט טאַקט און ראַפינירט. ער האָט פאַרמאָגט אַ נאַטירלעכע, איינגעבוירענע אינטעליגענץ. ער האָט געטאָן אויף דער בינע אַלץ, וואָס איז אים נאָר איינגעפאַלן, און איינפאַלן האָט ער געהאַט געניאַלע. ער פלעגט אָבער האַלטן אין זינען צוויי זאַכן: ניט שטערן דעם גאַנג פון דער פּיעסע מיט זיין קאָמיזם, און איבערהויפּט ניט שטערן די קאָלעגן אַקטיאָרן אין זייערע ראָלעס. זיך ניט אַריינמישן וואו מען באַדאַרף ניט, ווי דאָס טוען דאָס רוב קאָמיקער.

ניט שטערן יענעם — דאָס איז געווען מאָגולעסקאָס מאָטאָ סיי אויף דער בינע און סיי אין לעבן. אַז מאָגולעסקאָ האָט ניט געהאַט קיין גוט וואָרט, האָט ער גאָרניט געזאָגט, ניט אויף דער בינע און אויך ניט הינטער דער בינע. מען זאָגט אָפט, אַז דער אַקטיאָר אָדער די אַקטריסע לעבן זיך אויס אויף דער בינע. דאָס רוב פאַסירט עס מיט פרויען אַקטריסעס, וועלכע שפּילן די פלאָם־פייערדיקע, לעבעדיקע, פּיפּיקע ראָלעס, און אין לעבן זיינען זיי ניט אינטערעסאַנט און זייער געזעלשאַפט איז לאַנג־

וויליק. דאָס זעלבע איז אויך מיט זייער קליידונג. פֿאַר דער בינע וועלן זיי קויפֿן דאָס בעסטע און טייערסטע, און אין לעבן וועלן זיי זיך ניט פֿאַרגינען אָנצוטאָן אַן אָנשטענדיק קלייד אָדער אַ מאַנטל.

זיגמונד מאָגולעסקאָ, פֿון וועלכן די וועגט אין טעאַטער פֿלעגן קראַכן פֿאַר געלעכטער ווען ער איז נאָך געווען הינטער דער בינע, און אַז מען פֿלעגט נאָר דערהערן זיין דין שטימעלע, פֿלעגט שוין דער טעאַטער גיין כאַדאָראָם פֿון געלעכטער, — האָט ניט באַדאַרפֿט קיין וויצן, אַז דאָס פּובליקום זאָל לאַכן. איין טופֿע מיטן פֿיסל איז געווען גענוג, אַז דער עולם זאָל זיך פֿאַרגיין אין געלעכטער. ער האָט ניט באַדאַרפֿט האָפּקען און טאַנצן, אַרבעטן שווער, אַז דאָס פּובליקום זאָל זיך הייבן פֿון די בענקלעך, נאָר דער אָרקעסטער פֿלעגט שפּילן אַ שנעלן טאַנץ, און ער פֿלעגט פֿאַרקאַטשען איין אַרבל, דעם צווייטן, זיך אויסטאָן ס׳רעקל, פֿאַרדרייען דאָס היטל אָן אַ זייט און מאַכן איינע אָדער צוויי פֿיגורן, און עס פֿלעגט צענעמען דאָס טעאַטער פֿון אַפּלאָ־דיסמענטן. אָט דער, וועלכער איז געווען די אינטערעסאַנט־סטע, אַמוזאַנטסטע פֿיגור אויף דער בינע, איז געווען אין פּרי־וואַטן לעבן אַ שטיק „לעמעשקע". פֿון דערציילן אַ וויץ איז אָפּגערעדט, ניט ער האָט געקענט, ניט ער האָט געוואָלט. ער פֿלעגט לאַכן פֿון יעדן נאַרישן וויץ. ער איז געווען דער גרעס־טער אָנהענגער פֿון אַברהם פֿישקינד, וועלכער איז געווען דער היפּוך פֿון אים. פֿישקינד איז געווען דער גרעסטער קאָמיקער, אָבער בלויז אין קאַפֿע־הויז און אין אַקטיאָרן־קלוב. אויף דער בינע פֿלעגט ער פֿאַרלירן דעם געוואונטשטן חן, בעת מאָגולעסקאָ איז געווען פֿאַרקערט.

פֿלעגט מאָגולעסקאָ זיך אָפּט ווענדן צו אים: „הער, פֿיש־קעלע, טאַטעלע, זאָג שוין עפּעס, זאָג עפּעס אַ גוט וואָרט". און ער פֿלעגט זיך קאַטשען פֿאַר געלעכטער פֿון פֿישקינדס וויצן. און פֿישקינד פֿלעגט זאָגן: „אוי, זעליגל, הלוואַי קאָן איך אַזוי

פאַרקויפן מיינע וויצן צום פובליקום, ווי איך פאַרקויף זיי דיר". פלעגט מאַגולעסקאָ ענטפערן: „אָבער איך קאָן דאָך ניט זיין קיין פישקינד".

אין פראַקטישן לעבן איז ער געווען נאַאיוו, ווי דאָס רוב קינסטלער, און אפשר נאָך נאַאיווער. עס איז כדאי איבער־צוגעבן אָט דעם פאַל: מיט יאָרן צוריק, ווען אַ קאָמפּאַניע אַק־טיאָרן פלעגט אַרויספאָרן אויף דער פּראָווינץ און די געשעפטן זיינען געווען שלעכט, פלעגט דער מענעדזשער אַנטלויפן, אָפט־מאָל מיטן געלט, און די קאָמפּאַניע איז געבליבן אַזוי ווי אויפן וואַסער. האָט טאַקע דער דעמאָלטיקער ליבעראַלער מעיאָר פון ניו־יאָרק, גיינאָר, דורכגעפירט אַ געזעץ, אַז יעדער מענע־דזשער, וואָס פאָרט אַרויס מיט אַ קאָמפּאַניע אויף דער פּראָ־ווינץ, דאַרף ברענגען זיין קאָמפּאַניע צוריק פון וואַנען ער האָט זי גענומען, און באַדאַרף טאַקע איינלייגן די הוצאות פאָרן אַרויס־פאָרן. אין יענע יאָרן, ווען מען פלעגט גאַנצע קאָמפּאַניעס אי־בערלאָזן ווי אויפן וואַסער, איז אַרויסגעפאָרן די ערשטע אידי־שע קאָמפּאַניע אויף דער פּראָווינץ, אין וועלכער זיגמונד מאַגו־לעסקאָ איז געווען דער סטאַר, די קרוין פון דער קאָמפּאַניע. די געשעפטן זיינען נעבעך געווען שלעכט, פלעגט מען אין יע־דער שטאָט איבערלאָזן אַן אַקטיאָר, כדי ס'זאָל ווייניקער קאָסטן, און מען פלעגט פאָרן ווייטער. ווען ניט זיגמונד מאַגולעסקאָ, וועלכער איז געווען דער סטאַר, די קרוין פון דער קאָמפּאַניע, וואָלט מען אינגאַנצן געשטאָרבן פון הונגער. פלעגט ער אַרומ־גיין אַ פאַרזאָרגטער, אַ דערשראָקענער, און פלעגט צו יעדן אַקטיאָר באַזונדער זאָגן: „אוי, ברודער, איך האָב מורא, אַז איך קום נעקסט, אין דער נעקסטער שטאָט לאָזט מען מיך איבער"...

חברה אַקטיאָרן האָבן שוין געוואוסט זיין שוואַכקייט און פלעגן אַלע מאָל אַריינוואַרפן אומגעפער אַזאַ ווערטל, אַז ער זאָל הערן:

„די נעקסטע שטאָט איז מאַגולעסקאָס — ער בלייבט שוין דאָרט"...

דאָס פּובליקום, ווי ווייניק מען איז דעמאָלט געקומען אין טעאַטער, פלעגט שרייען:

„בראַוואָ, מאָגולעסקאָ! בראַוואָ, מאָגולעסקאָ!"

ער אָבער פלעגט אַרומגיין אין די ווינקעלעך פון דער בינע און רעדן צו זיך אַליין:

„איך קום נעקסט... איך קום נעקסט..."



זיגמונד מאָגולעסקאָ

אַזוי אייגנאַרטיק און אָריגינעל ווי ער איז געווען אין זיין שפּילן טעאַטער, און ווי ער האָט קיינעם ניט קאָפּירט און ביי קיינעם ניט גענומען, — פלעגט ער דאָך „זינדיקן", ווען ער פלעגט שרייבן מוזיק פאַרן טעאַטער. ער פלעגט טאַקע אין יעדן נומער מוזיק אַריינגעבן דעם מאָגולעסקאָ־חן, אָבער דער אָריגינאַל איז אָפט געווען גענומען און אַנטנומען. עס פלעגן טאַקע אָפט אַרויסקומען קאָמישע פּאַסירונגען מיט זיין שרייבן מוזיק. קומענדיק פון אייראָפּע, וואו ער איז געפאָרן זיך קורירן, האָט ער געהערט צום ערשטן מאָל פראַנץ לעהאַרס דערפאָלגרייכסטע אָפּערעטע „די לוסטיגע וויטווע" („די פריילעכע אַלמנה"), וועלכע האָט דעמאָלט פאַר׳כישופ׳ט גאַנץ אייראָפּע, איבערהויפּט מיט דעם געלונגענעם וואַלץ. מאָגולעסקאָ האָט פון דעם וואַלץ געמאַכט אַ דועט פאַר בעסי טאָמאַשעווסקי און ראָזאַ קאַרפּ אין לאַטיינערס אַ פּיעסע „מאַן און ווייב". אַ יאָר

שפּעטער, ווען מען האָט אויפגעפירט אויף בראָדוויי „די לוסטי־גע וויטווע" אונטערן נאָמען „דהי מערי ווידאָו", און דער „מערי ווידאָו"־וואַלץ האָט פאַרכאַפּט גאַנץ אַמעריקע, אַזוי ווי ער האָט שוין געהאַט פאַרכאַפּט גאַנץ אייראָפּע, פלעגן חברה קיבעצן מאַגולעסקאָן: „ס'טייטש, מאַגולעסקאָ, פאַרוואָס לאָזט איר צו, בראָדוויי זאָל אייך באַ'גנב'ענען? איר קענט דאָך מאַכן אַ גרויסן פּראָצעס!", און חברה אַקטיאָרן פלעגן אַפילו אונטער־שיקן אַדוואָקאַטן, וואָס זאָלן אים איינרעדן, אַז ער קען ווערן אַ רייכער מאַן פון אַזאַ דערפּאָלגרייכן „נומער". פלעגט ער זאָגן מיט אַ שמייכל: „ניין, איך וועל אַזאַ זאַך ניט טאָן. נאָך אַלעמען זיינען מיר דאָך אידן בני רחמנים; זאָלן די גויים אויך הנאה האָבן..."

אין דער אָפּערעטע „בלימעלע", צו וועלכער ער האָט גע־שריבן די מוזיק, איז דער ערשטער כאָר געבויט אויף מאָצאַרטס אַן אָוווערטיורע. זאָג איך אים אַמאָל, קיבעצנדיק: „מר. מאָגו־לעסקאָ, פאַר דעם ערשטן כאָר פון „בלימעלע" קומט אייך אַ דאַנק, עס איז זייער מוזיקאַליש". האָט ער פאַרשטאַנען מיין קיבעץ און געענטפערט: „פאַר דעם זייט זיך מטריח און דאַנקט מאָצאַרטן".

אין שרייבן מוזיק איז זיגמונד מאָגולעסקאָ געווען ענלעך צו אַברהם גאָלדפאַדענען מיט דעם, וואָס זייערע געלונגנסטע, האַרציקסטע לידער און קופּלעטן זיינען געווען די אָריגינעלע, אייגן־געמאַכטע. ווי איך האָב שוין פריער געשריבן, ווען זיי האָבן זיך פאַרמאָסטן צו שרייבן די שווערע אַנסאַמבלען, די רע־טשיטאַטיוון, פלעגן זיי זיין געצוואונגען אָנצוקומען צו פרעמדע; אָבער די לידלעך, די קופּלעטלעך, אָט די נומערן מוזיק, וועלכע ווערן אַ טייל פון פאָלק, אָט די זיינען געווען די אָריגינעלע, ווייל זיי זיינען געקומען פון פאָלק און געבליבן ביים פאָלק. מאָגו־לעסקאָס אומשטערבלעכער נומער, „מן המצר קראתי יה", איז אַ מאָנומענט ניט נאָר פאַר אַן אַקטיאָר, וועלכער מאַכט מוזיק

אויך, ווי למשל מאָגולעסקאָ איז געווען, נאָר אַפילו פאַר אַ גע־שולטן, גוטן קאָמפּאָזיטאָר, ווייל עס האַלט אוים דעם ריטם און טאָן־אַרט, און איבערהויפּט ווייל עס איז האַרציק. עס קריצט זיך איין אין זכרון און עס פאַרפאָלגט אייך אַ לעבן־לאַנג. און זיין לידעלע „טראָג דאָס פּעקעלע, אידעלע", וואָס פאַרמאָגט אַ פאָלקסטימלעכע מעלאָדיע, האָט דאָך אַ טעאַטער־ריטם. אויף דעם איז מאָגולעסקאָ געווען דער גרעסטער קינסטלער. ער האָט געקאָנט פאַראייניקן אַ פאָלקס־ניגון מיט טעאַטער־ריטם, און מען האָט געזען בולט, אַז דער מחבר איז אַ פאָלקס־מענטש און אַ טעאַטראַל. אַפילו אין זיין פאַרדזשעזעוואַטן נומער, וועלכער האָט דאָס אַמעריקאַנער ווערטל „באָרדער" און הייסט טאַקע „ווי געפעלט אייך אַזאַ באָרדער?", איז כאָטש עס איז געבויט אויף אַן אַמעריקאַנער ריטם און מעלאָדיע, האָט עס דאָך דעם מאָגולעסקאָ־חן, דעם מאָגולעסקאָ־כישוף.

מאָגולעסקאָ האָט געהאַט אַ נייגונג צו שרייבן חופּה־מאַרשן. כמעט אין יעדער אָפּערעטע איז געווען אַ חופּה־מאַרש פון מאָ־גולעסקאָן. איז אָבער דער חופּה־מאַרש פון „בלימעלע", דער באַקאַנטער „חתן־כלה, מזל־טוב", די מעלאָדיע פון וועלכן מען האָט שוין אַפילו געשפּילט אין די ענגלישע טעאַטערס, טאַקע אָריגינעל פון טשאַיקאָווסקים אַ פאָר טאַקטן, אָבער עס איז אַזוי צוגעפּאַסט צו די ווערטער און דער סיטואַציע, אַז עס קלינגט ווי מאָגולעסקאָס אַן אָריגינעלע שאַפונג.

מאָגולעסקאָ איז געווען פאַר דער אידישער בינע דאָס, וואָס דזשאָרדזש מ. קאָהאַן איז געווען פאַר דער אַמעריקאַנער. ווייל דזשאָרדזש מ. קאָהאַן, אויסער וואָס ער איז געווען אַ בריליאַנ־טענער, חנ'עווודיקער אַקטיאָר, איז ער אויך געווען אַ פּעאיקער מוזיקער. זיין „גיוו מאַי רעגאַרדז טו בראָדוויי" (גיב מיין גרוס צו בראָדוויי), כאָטש עס איז שוין באַלד פערציק יאָר אַלט, קלינגט עס אַזוי ווי ס'וואָלט אָנגעשריבן געוואָרן נעכטן. און יעדער נומער, וואָס ער האָט געשריבן, איז געווען אַ דויערנדי־

קער, ווי למשל, זיין ליד פון דער לעצטער מלחמה, „אָווער דהער״. פונקט אַזוי פלעגט מען ביי עפּעס אַ פריידיקער אָדער טרויערי־קער געלעגנהייט זיך ווענדן צו מאָגולעסקאָן: „זעליגל, שרייב עפּעס אָן״. למשל, ווען ביי באָרים טאָמאַשעווסקין איז גע־שטאָרבן זיין געראָטענע, איין־און־איינציקע טאָכטער, און עס איז געווען אַ גרויסער טרויער אין דער אידישער טעאַטער־וועלט, האָט מען דעמאָלט געשפּילט „עקידת יצחק״. האָט מאָ־גולעסקאָ אָנגעשריבן אַ ליד פאַר טאָמאַשעווסקין, וועלכער האָט געשפּילט אליעזר׳ן, צו זינגען אין דער סצענע, ווען אליעזר גע־זעגנט זיך מיט יצחק׳ן פאַר דער עקידה. סאַי די מוזיק פון דעם ליד און סאַי די ווערטער זיינען געווען אין איינקלאַנג מיט טאָ־מאַשעווסקיס טראַגעדיע. פלעגט דאָס פּובליקום לויפן הערן מאָגולעסקאָס ליד פון טאָמאַשעווסקים לעבן. אָבער עס האָט זיך אַזוי צוגעפּאַסט צו דער פּיעסע, אַז מען זינגט עס נאָך אפילו איצט, ווען מען שפּילט „עקידת יצחק״.

מאָגולעסקאָ פלעגט זעלטן שרייבן מוזיק צו אַ גאַנצער אָפּע־רעטע. דער קאָמפּאָזיטאָר פון טעאַטער פלעגט שרייבן די מו־זיק און ער פלעגט בלויז מאַכן איינעם אָדער צוויי נומערן. האָבן די צוויי נומערן מוזיק אַרויסגעשיינט ווי צוויי בריליאַנטן. פלעגט טאַקע לואיס פרידזעל, דער קאָמפּאָזיטאָר, ווען עס איז אָפּט אויסגעקומען צו זיין מיט מאָגולעסקאָן אין איין טעאַטער, זיך שטאַרק באַקלאָגן און טענה׳ן, אַז נאָכדעם ווי ער שרייבט די גאַנצע אָפּערעטע, וועלכע באַשטייט פון צוואַנציק נומערן מוזיק, קומט צו גיין מאָגולעסקאָ מיט איינעם אָדער צוויי נו־מערן און נעמט אים אַוועק זיין גאַנצע אַרבעט, זיין גאַנצע אָפּערעטע...

מיר האָט אַמאָל דערציילט אַברהם גאָלדפאַדן, אַז ווען ער האָט געגרינדעט דאָס אידישע טעאַטער און ס׳פלעגן זיך ווענדן צו אים יונגעלייט צו ווערן אַקטיאָרן, פלעגט ער זיי אַוועקזעצן אין טעאַטער און זיי קודם־כל באַטראַכטן. פלעגט איינער

שטאַרק לאַכן ביי די קאָמישע סצענעס, פלעגט ער אים מאַכן פאַר אַ דראַמאַטישן אַקטיאָר, און ווען איינער פלעגט זיין ערנסט ביי אַ קאָמישער סצענע, פלעגט ער אים מאַכן פאַר אַ קאָמי־קער... אין דעם פאַל מיט מאָגולעסקאָן האָט גאָלדפאַדנס טעאָריע אויסגעהאַלטן. ער איז געווען אַן ערנסטער מענטש אין לעבן און האָט ערנסט גענומען זיין פאַך, זיין טעאַטער־פּראָפע־סיע. אים האָט ניט געאַרט, וואָס ער שפּילט. ער פלעגט טאַקע זאָגן: „עס איז ניט וואָס דו שפּילסט, נאָר ווי אַזוי דו שפּילסט". אין דער ביליקסטער מאַכערייקע אָדער אין דער בעסטער דראַמע, פון גאָלדפאַדנס „שמענדריק", ביז יעקב גאָר־דינס „אומבאַקאַנטער", איז שטענדיק געווען דער מאָגולעסקאָ־חן, דער מאָגולעסקאָ־שוואונג. דאָס קנאַקן די ניסלעך אין „שמענדריק", זיין טענצעלע אין „באָבע יאַכנע", דאָס גע־בענטשטע פּיסעלע זיינס אין „אידישן הארץ", דאָס אַלץ איז דורכגעפירט געוואָרן מיט זיין געבוירענעם חן און געניאַלן טאַ־לאַנט, און אויך מיט פּחד, מיט שרעק און רעספּעקט פאַר זיין פּובליקום.

אַנטאָן רובינשטיין, דער גרעסטער פּיאַנאָ־ווירטואָז אין זיין צייט, פלעגט פאַר יעדן קאָנצערט ציטערן ווי אַ פיש אין וואַסער. אויף טעאַטער־לשון הייסט עס „לאָמפּן־פיבער". זיי־ענדיק פּראָפעסאָר אין פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע, ווי ער אַליין דערציילט, פלעגט ער אַפילו קריגן „לאָמפּן־פיבער", ווען ער האָט באַדאַרפט פאָרשפּילן די לעקציע פאַר די שילער אין קאָנסערוואַטאָריע. דאָס זעלבע איז געווען מיט זיגמונד מאָגולעסקאָן. ער פלעגט קריגן „לאָמפּן־פיבער" פאַר יעדער פאָרשטעלונג, ניט קוקנדיק ווי לאַנג די פּיעסע איז געגאַנגען. ביי מאָגולעסקאָן איז יעדע נאַכט געווען אַן ערשטע פאָרשטע־לונג, יעדע נאַכט אַ פּרעמיערע, און טאַקע פאַר יעדער פאָר־שטעלונג האָט ער געהאַט דעם זעלבן פּחד און דעם זעלבן „לאָמפּן־פיבער". ער האָט אַ סך מאָל ניט געוואוסט, וואָס ער

וועט טאָן אין דער פּיעסע ביי אַ נייער ראָלע ביז צו דער פאָר־שטעלונג, ווייל אָן די בינע־ליכט איז ער געווען ווי אַ שטיק ליים, אַ לעמעשקע, אָבער אַזוי גיך ווי דער פאָרהאַנג איז אַרויף און ער האָט דערזען און דערפילט דאָס פּובליקום, האָט ער אָנ־געהויבן צו שפּרודלען מיט גאונ׳ישע איינפאַלן און ווערטלעך.

עס איז אים איין מאָל איינגעפאַלן צו שפּילן אַ געוויסע ראָלע אָן אַ „ל״(לאַמעד), דאָס הייסט, ער קען אַלץ אַרויסרעדן, נאָר אַ לאַמעד פעלט אים. פלעגט ער אויסזוכן אַלע ווערטער, וועלכע האָבן אַ סך לאַמעדן, צום ביישפּיל, נאָכדעם ווי די פּרי־מאַדאָנע האָט אָפּגעזונגען, וויל ער זאָגן צו איר: „אוי, לייקעלע, האָסטו אַ קלינגענדיק קעלכעלע״ — זאָגט ער: „אוי, יעיקעיע, האָסטו אַ קינגענדיקן קענכעיע״. ער פלעגט זיך אויסהיטן צו זאָגן צווייד־טייטיקע וויצן, און קוים האָט ער געזאָגט אַ צווייד־טיקן וויץ, האָט ער אים גע׳כשר׳ט אַזוי, אַז מען האָט עס גאָרניט באַמערקט. זייענדיק אַליין אַ שוואַכינקער, אַ קליינטשיקער, אַ מענטש, וואָס האָט קיינמאָל ניט אָנגערירט אַ פליג אויף דער וואַנט, האָט ער פונדעסטוועגן ליב געהאַט „פאַיטס״, דאָס הייסט, ניט אַליין זיך „פאַיטן״, נאָר גיין זען פּראָפעסיאָנעלע פּרייז־פאַי־טערס. איבערהויפּט האָט ער ליב געהאַט די שווערע, די שטאַר־קע, די „העווי וועיטס״. ער פלעגט זיך אַרומטראָגן מיט אַ „דזשורנאַל״ אין קעשענע, מיט דער ספּאָרט־פּעידזש אינדרויסן, און פלעגט רעדן באַגייסטערט פון די באַרימטע פּרייז־פאַיטערס פון יענער צייט, ווי דזשעפרים, קאָרבעט, שאַרקי, פיטצימאָנס.

די גרעסטע טראַגעדיע אין מאָגולעסקאָס לעבן איז געווען, ווען ער האָט פאַרלוירן זיין שטימע, און אויך כמעט זיין לשון, אַזוי אַז מען האָט קוים געקענט הערן ווי ער רעדט. דאָס האָט אים געטראָפן אין דער צייט, ווען ער האָט געשפּילט זיין סוק־סעס־ראָלע „פייטל״ אין שאָמערס „אימיגראַנטן״, וואו ער האָט געהאַט אַ ווערטל „פאַוואָליע, פּעטער״. מאָגולעסקאָ האָט כמעט אין יעדער פּיעסע געהאַט אַ ווערטל, וואָס מען פלעגט נאָכזאָגן אין אַלע שעפּער, אין די גאַסן און אין די היימען, אָבער דער

„פּאַוואָליע, פּעטער" אין די „אימיגראַנטן" האָט איינפאַך פאַר־כאַפּט גאַנץ אַמעריקע, סײַ אידן, סײַ קריסטן.

און אין אָט דער גלענצנדער צייט איז מאָגולעסקאָ כמעט שטום געוואָרן. דאָס גאַנצע אידישע אַמעריקע האָט געטרויערט מיט מאָגולעסקאָן. דאָקטוירים האָבן אים געהייסן וואָס מער זיצן אין פּאַרק, וואָס מער געניסן פרישע לופט. ער פלעגט גאַנ־צע טעג זיצן אין זאָאָלאָגישן גאָרטן און זיך שפּילן מיט די חיות. איבערהויפּט האָט ער ליב געהאַט צו הערן ווי די פּאַפּוגאַיען שרייען אויס זייערע ווערטער, וועלכע זיי קענען, און ער האָט טאַקע איינעם פון די פּאַפּוגאַיען אויסגעלערנט זאָגן: „פּאַוואָ־ליע, פּעטער, פּאַוואָליע, פּעטער". און אַזוי פלעגט ער זיך אויסשרייען זיין אָרגאַן און שטימע, אָבער זיין קלינגענדיק שטימעלע האָט ער שוין קיינמאָל צוריק ניט באַקומען. ס'איז אים בלויז געוואָרן אַ סך בעסער און ער פלעגט צייטנווייז שפּילן, אָבער ער פלעגט אָפט איינפאַלן און ליגן אין בעט. ליגנדיק, האָט ער, מיט די אויגן צום הימל, געזאָגט: „פּאַוואָליע, פּעטער, איך וויל נאָך לעבן, פּאַ־וואָ־ליע", און קומענדיק צוריק צום טעאַטער, פלעגט ער זאָגן: „חברה, דער 'פּאַוואָליע, פּעטער' העלפט מיר אַרויס. ער הערט זיך צו צו מיר".

דעם צווייטן פעברואַר 1914 בין איך אַרויף צו אים אויף דער צענטער גאַס, לעבן דער צווייטער עוועניו (דאָס איז געווען זיין לעצטע וואוינונג), און ער האָט געזאָגט צו מיר קוים וואָס מען האָט געקאָנט הערן: „טייערער רומשינסקעלע, איך האָב מורא, אַז דער 'פּאַוואָליע, פּעטער' וועט מיר דאָס מאָל ניט העלפן... ער וויל מיך צו זיך... ער וויל מיך צו זיך..."

אַלע אַקטיאָרן און כאָרן פון אַלע טעאַטערס האָבן אים באַ־גלייט צו זיין רו מיט זיין „מן המצר" און פאַרענדיקט מיט:

„וואָס קענסטו, מענטשעלע, מיר גאָר טאָן,
ווען גאָט איז מיט אידעלען פון אייביק אָן?
איך לאַך פון דיר,
ווייל גאָט איז מיט מיר.. ."

## יעקב פ. אַדלער — דער אַקטיאָר אין לעבן

ביי יעקב פּ. אַדלער איז ניט בלויז די בינע, נאָר דאָס גאַנ־צע לעבן געווען אַ טעאַטער.

איך האָב שוין פריער געשריבן, אַז אין מיין לאַנגיעריקער קאַריערע, ווען איך זע געוויסע אַקטיאָרן און אַקטריסעס אויף דער בינע און אין לעבן, שטעל איך מיר אָפּט די פראַגע: וואָס האָט זיי געבראַכט צום טעאַטער? קיין טאַלאַנט האָבן זיי ניט, קיין אויסזען אויך ניט, אַפילו דאָס רעש׳יקע טעאַטער־לעבן אינ־טערעסירט זיי ניט, ווי־זשע קומען זיי צום טעאַטער, און וואָס פאַר אַ שייכות האָבן זיי צו דער בינע?

ווען יעקב פּ. אַדלער פלעגט זיך מיר אָפּט שטעלן די פראַגע פאַרקערט: וואָס וואָלט אַזאַ מענטש געווען אָן טעאַטער? אָנקוקנדיק זיין הערלעך, מאַיעסטעטיש פּנים, פלעג איך טראַכטן, אַז אויב טעאַטער וואָלט ניט עקזיסטירט, איידער ער איז געבוירן געוואָרן, וואָלט זיך מיט אים אָנגעהויבן טעאַטער.

וואו אַדלער איז געקומען, האָט ער מיט זיך מיטגעבראַכט אַ שטיק טעאַטער; ער האָט ליב געהאַט אָפּצוטאָן שפּיצלעך, ער איז געווען פון דעם טיפּ מאָטקע כאַבאַד און הערשעלע אָסטראָ־פּאָליער; אַ גרויסער קונדס, אַ שטיפער.

אַרומפאָרנדיק איבער אַמעריקע, זיינען מיר אַמאָל אָנגעקו־מען אין באַלטימאָר, וואו די געשעפטן זיינען געגאַנגען זייער גוט. איין מאָל זאָגט צו מיר אַדלער אין אַ יום־טוב׳דיקער שטי־מונג:

— קומט, לאָמיר זיך אָפּטיילן פון דער באַנדע (מיינענדיק די קאָמפּאַניע אַקטיאָרן) און עסן באַזונדער.

מיר זיינען אַוועק אין אַ האַלב־פּריוואַטן רעסטאָראַן און געלאָזט זיך סערווירן אין אַן אָפּגעזונדערט קליין צימערל. עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז אַדלער האָט ניט גערויכערט און ניט

געטרונקען, אָבער ווען ער פלעגט זיך פילן אין אַ זייער גע־הויבענער שטימונג, פלעגט ער נעמען אַ סיגאַרעטל און אַ לייכטן שנאַפּס, און עס פלעגט ביי אים אַרויסקומען פּונקט ווי אַ אינגל לערנט זיך רויכערן און אַ קינד — טרינקען בראַנפן.

אַזוי זיינען מיר געזעסן גאַנץ געמיטלעך אין דעם אָפּגע־זונדערטן צימערל, ווייט פון דער גאַנצער טעאַטער־פּאָליטיק, און געגעסן, געטרונקען און גערויכערט. מיר זיינען ביידע גע־ווען זייער באַשעפטיקט איבער אַ גרויסן סטייק, מיט נאָך גרע־סערע צוויי שאַרפע מעסערס. אַדלער האָט דערציילט מעשה־לעך פון זיינע קינדער־יאָרן; אָבער גראַד איז ער דעמאָלט ניט געווען אַזוי שטאַרק רעדעוודיק, און מיר האָבן מער געשוויגן ווי גערעדט. אין אַזאַ שטילן מאָמענט הער איך מיט אַמאָל פון אַדלערן אַ ווילדן אויסגעשריי:

„דו האָסט ליב מיין סאָניען! דו ביזט פאַרליבט אין מיין סאָניען! דעם אמת וויל איך וויסן! דעם אמת!"

זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך אויסגעצויגן איבער מיר, און דאָס גרויסע, שאַרפע, שפּיציקע מעסער, וועלכעס איז גע־ווען פאַרבלוטיקט פון דעם סטייק, איז געווען איבער מיין רעכט אויג, און אַדלער האָט געהאַלטן אין איין שרייען:

„דו ביזט פאַרליבט אין מיין סאָניען! דעם אמת! דעם אמת זאָג!"

זיינע געשרייען האָבן מיך דערמאָנט אָן זיין סצענע פון „שלמה חכם", ווען ער ווערט משוגע און שרייט: „גאַלילעיאוס! גאַלילעיאוס!", און אויך די סצענע פון „דער ווילדער מענטש", ווען ער דערשטעכט זיין שטיפמאַמע.

געפינענדיק זיך אונטערן שאַרפן, בלוטיקן מעסער און זע־ענדיק זיינע ווילדע אויגן און ציטערדיקן קערפּער, בין איך געוואָרן מער טויט ווי לעבעדיק, און דאָס לשון האָט מיר פּשוט אָפּגענומען.

ווי איך פאַרשטיי, האָט ער זיך אַ ביסל דערשראָקן, ווען ער

האָט דערזען, ווי טויט־בלאַס איך בין געוואָרן. ער האָט לאַנג־זאַם צוריקגעצויגן דאָס מעסער פון איבער מיין אויג, האָט זיך גאַנץ געמיטלעך אַוועקגעזעצט און געזאָגט מיט אַ רואיקן טאָן, ווי עס וואָלט גאָרניט פּאַסירט:

„וואָס זאָגט איר, פריינד רומשינסקי, אַ־יאָ, איך בין אַ גו־טער אַקטיאָר? איך האָב אייך אַ שיין ביסל איבערגע־שראָקן"...

איך האָב אים ניט געענטפערט, ווייל איך האָב פּשוט קיין כוח ניט געהאַט, און עס האָט מיר אויף אַ קורצער ווילע דאָס לשון אָפּגענומען, אָבער ער איז זיך געזעסן רואיק, האָט זיך באַשעפטיקט מיטן סטייק, און האָט זיך געווענדט צו מיר מיט אַ געלעכטערל:

„דאָס איז אַלץ טעאַטער, ניט מער ווי טעאַטער"...

כאָטש איך האָב שוין גוט געקענט אַדלערס שפּיצלעך און חכמה'לעך, פונדעסטוועגן האָט ער מיך נאָך אַמאָל איבערגע־שראָקן, און טאַקע אין באַלטימאָר; אָבער דאָס מאָל בין איך געווען זיכער, אַז דער מענטש איז אַראָפּ פון זינען.

די גאַנצע טרופּע איז אַרויסגעפאָרן פריער, נאָר מיך האָט אַדלער געבעטן צו בלייבן מיט אים אין ניו־יאָרק, ווייל ער דאַרף גראָד דעם זעלבן טאָג זיין אין קאָורט. אַדלערס פאַרווייל־אין קאָורט פאַרנעמט אַ גאַנץ חשוב אָרט אין זיין לעבנס־געשיכטע. אַדלער פלעגט אָפט גיין אין קאָורט ניט דערפאַר, ווייל ער האָט ניט ליב געהאַט צו צאָלן, אָדער ער האָט ניט געהאַט צו באַצאָלן, נאָר ער האָט ליב געהאַט די קאָורט־צערע־מאָניע; דאָס איז ביי אים געווען אַ מין טעאַטער־שפּיל. ער האָט שטאַרק אָנגעקוואָלן, ווען ער פלעגט זיך מאַיעסטעטיש אַוועקזעצן אויפן עדות־שטול און זיין אַדוואָקאַט פלעגט אָנווייזן אויף אים, זיך ווענדנדיק צום ריכטער:

„יור האָנאָר! באַטראַכט נאָר גוט אָט דעם ווייס־גרויען קאָפּ און זיין קעניגלעכע דערשיינונג!"

און אַז דער דזשאַדזש האָט זיך געווענדט צו אַדלערן און אים געזאָגט: „מיסטער אַדלער, דענקט איר ניט, אַז עס איז בע־סער, איר זאָלט אַליין סעטלען?", האָט אַדלער געענטפערט: „יור האָנאָר, איך וועל עס טאָן נאָר צוליב אייך!"

אָט די גאַנצע קאָורט־צערעמאָניע איז אַדלערן שטאַרק גע־פעלן, און ער פלעגט טאַקע אָפט זאָגן: „אַז דער ריכטער הייסט — צאָל איך!"

און אַזוי ווי גראָד אין דעם טאָג האָט זיך דער קאָורט אַ ביסל פאַרצויגן, און די גאַנצע טרופּע איז אַרויסגעפאָרן פיר שעה פריער פון אונז, זיינען מיר אָנגעקומען קיין באַלטימאָר 8 אין אָוונט.

קומענדיק אַזוי שפּעט, וואָלט געווען נאַטירלעך, אַז מיר זאָלן באַלד צופאָרן צום טעאַטער און שנעל זיך צוגרייטן צו דער פאָרשטעלונג. מאַכט אַדלער אַ פאָרשלאָג, אַז אַזוי ווי ניט ווייט פון טעאַטער האַלט זיינער אַ לאַנדסמאַן אַ רוסישע טשאַינע, זאָל מען אַהין אַריינגיין אויף עטלעכע מינוט און דאָרט טרינקען אַ גלאָז עכט־רוסישע טיי. אַזוי האָבן מיר טאַקע געטאָן. זיין לאַנדסמאַן האָט זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט און ס'איז אָוועק אַ געשפּרעך אויף רוסיש. מ'האָט זיך דערמאָנט אָן די קינדער־יאָרן א. אַז. וו.; פון איין גלאָז טיי איז געוואָרן צוויי, דריי, און פון דער ריינער טיי איז געוואָרן טיי מיט קאָניאַק.

איך בין געזעסן ווי אויף שפּילקעס; דער זייגער איז געוואָרן האַלב נאָך אַכט, עס איז שוין דריי פערטל ניין, עס איז שוין ניין אַ זייגער!

— מר. אַדלער, — בעט איך זיך, — מען שפּילט שוין, עס איז שוין באַלד אייער ענטרעי, איר דאַרפט שוין באַלד דערשיי־נען אויף דער בינע!

ענטפערט ער מיר:

— ניטשעוואָ, יעשטשאָ ראַנאָ! (ניש'קשה, עס איז נאָך דאָ צייט!).

דער זייגער איז שוין האַלב נאָך ניין, און אַדלער טרינקט טיי; די ווייזערס אויפן גרויסן זייגער רוקן זיך. איך בין איבער־צייגט, אַז דאָס טעאַטער איז אויספאַרקויפט — באַלד, באַלד דאַרף ער דערשיינען; און אַדלער זיצט זיך געמיטלעך און טרינקט טיי מיט קאָניאַק. טרערן שטעלן זיך מיר אין די אויגן: אַ קלייניקייט! אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן פּובליקום! איך שטעל זיך פאָר די פאַרצווייפלונג פון די אַרטיסטן. און וואָס מער איך בין אומרואיק, אַלץ מער ווערט ער קעלטער און גע־לאַסענער, און האָט נאָר איין ענטפער:

— ניטשעוואָ, יעשטשאָ ראַנאָ!

איך באַשלים, אַז דער גרויסער יעקב פּ. אַדלער איז אַרונ־טער פון זינען; דער זייגער איז שוין צען, און איך ווייס ניט וואָס צו טאָן: זאָל איך אים לאָזן אַליין, האָב איך מורא; זאָל איך רופן אַ דאָקטאָר, אָדער לויפן אין טעאַטער? איך בעט זיך ביי אים אַזוי לאַנג, ביז ער הייבט זיך לאַנגזאַם אויף פון זיין שטול, פּונקט ווי טעאַטער וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען, און מיט זיין מאַנטל אויף דער האַנט, דעם הוט אַ ביסל אָן אַ זייט, מעשה וואוילער יונג, זיינען מיר שוין אין גאַס.

מיין פאַרדאַכט, אַז אַדלער איז אַרונטער פון זינען, איז גע־וואָרן שטאַרקער און זיכערער; איך זע שוין, ווי מען פירט אים אין אַ סאַניטאַריום, און איך זע שוין די סענסאַציע, וואָס די נייעס וועט פאַראורזאַכן אין דער אידישער גאַס; וויל איך אים צופירן צו דער טיר, וואָס פירט צו דער בינע, אָבער ער לויפט אַריין אין דער לאָבי פון טעאַטער; איך לויף אים נאָך. איצט בין איך שוין זיכער, אַז אַדלער איז משוגע געוואָרן, און אַז איך האָב דאָ צו טאָן מיט אַ גייסטיק־קראַנקן מענטש. מען האָט דעמאָלט געשפּילט ליבינס „גאָטס שטראָף", וואו אַדלער האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ רעוורענד. מיר הערן אַ טומל פון פּובליקום: „אַדלער! אַדלער! וואו איז אַדלער? מיר ווילן אַדלערן!"

אַזוי ווי די קאָמפּאַניע האָט זיך אויף אים ניט געקאָנט דער־וואַרטן, האָט אַנשל שאָר געשפּילט די ראָלע אַנשטאָט אַדלערן.

אָט אין דעם טומל, אין דעם געשריי פון פּובליקום: „וואו איז אַדלער? מיר ווילן אַדלערן!", לויפט אַדלער אַריין אין טעאַטער, שטעלט זיך אַוועק אין מיטן פון פּובליקום און שרייט אויס אין רוסיש:

„גאָספּאָדאַ, יאַ ס'וואַמי!", און גלייך אין אידיש: „איך בין דאָ, איך בין מיט אייך! אידן, איך בין מיט אייך! מיר וועלן באַלד שפּילן טעאַטער, און גוט טעאַטער!"

דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. אַדלער האָט זיך גענומען גרימירן און בשעת דעם גערעדט צו מיר:

— פריינד רומשינסקי, איך האָב זייער ליב טעאַטער! און אַזוי ווי מען שפּילט טעאַטער בלויז צוויי־דריי שעה אין טאָג, מוז איך פאַרוואַנדלען די איבעריקע צייט פון מיין לעבן אין טעאַטער! סוף־כל־סוף איז עס אַלץ ניט מער ווי טעאַטער, טעאַטער און טעאַטער!...

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט זיך דער פאָרהאַנג ווי־דער אויפגעהויבן און מען האָט אָנגעהויבן צו שפּילן אויפ'סניי פון אָנהייב אָן...

## רעגינאַ פּראַגער, די רביצין אויף דער בינע

„שבת, יום־טוב און ראש־חודש דאַוון איך מיר פֿאַר זיך אַליין" — דאָס איז אַ לידל פֿון „שולמית", וואָס מאַדאַם פּראַגער פֿלעגט אָפֿט זינגען. די ווערטער פֿונם ליד זיינען זייער צוגעפּאַסט פֿאַר דעם אָרט לעבן און דער פּערזאָן פֿון מאַדאַם פּראַגער, אָבער מער צוגעפּאַסט וואָלט געווען, ווען זי וואָלט געזונגען: „שבת, יום־טוב, טאָג און נאַכט לעב איך מיר פֿאַר זיך אַליין", ווייל דאָס טעאַטער־לעבן, דאָס רווישיקע נאַכט־לעבן, די פּרויען־מאָדעס, אַפֿילו די טעאַטער־פּאָליטיק, פּלאַפּלערייען מיט די קאַפּע־געזאָגעכץ און גערעדעכץ און די ליבעס־אינטריגעס האָבן אויף מאַדאַם פּראַגער גאָרניט געווירקט.

פֿאַר אירע אויגן האָבן זיך אָפּגעשפּילט טראַגעדיעס, מאָרדן, חתונות, לעגאַלע און אומלעגאַלע ליבעס — זי האָט דאָס אַלץ ווי גאָרניט באַמערקט. בעסער געזאָגט, זי האָט דאָס אַלץ מער ווי באַמערקט, אַפֿילו געוואוסט אַלע איינצלהייטן, אָבער עס האָט אויף איר ניט געמאַכט קיין ווירקונג און קיין שום איינדרוק. זי איז ימים־נוראים אין שול און אַ גאַנץ יאָר ביי זיך אינדערהיים. אין טעאַטער זיצט זי זיך אין איר חדר'ל, וואו זי טוט זיך אָן. אומעטום בלייבט זי די מאַדאַם פּראַגער. זי האָט זיך אויף קיינעם ניט אָרויפגעוואָרפֿן מיט איר פֿרומקייט און צניעות; אָבער פּונקט אַזוי האָט די גאַנצע טעאַטער־אַטמאָספֿערע אויף איר ניט געווירקט.

„גאָט, פֿאַרשעם מיך ניט! איך בעט דיך, גאָטעניו, דו זאָלסט מיך ניט פֿאַרשעמען!" — אָט די תפֿילה, אָט דאָס געבעט פֿלעגט מאַדאַם פּראַגער זאָגן פֿאַר יעדן אויפֿטריט אויף דער בינע. מיט די ווערטער: „גאָט, פֿאַרשעם מיך ניט" האָט זי אָפּגעלעבט אויף דער בינע עטלעכע און דרייסיק יאָר.

אין דער רוסישער אָפּערעטע און אָפּערע פֿלעג איך זען

ענלעכע סצענעס. אַסך פרימאַדאָנעס, סובּרעטינס, ווי אַרמאַ־טאָוו, טשעלסקאַיאַ, דאָבּראָטיני, פלעגן קיינמאָל ניט אַרויפגיין אויף דער בינע איידער זיי האָבן זיך גוט איבערגע׳צלמ׳ט. דאָס איז אָבער געווען ביי זיי היפּאָקריזם, אַזוי ווי זיי וואָלטן עפּעס ביי גאָט געוואָלט אויסנאַרן, ווייל אין לעבן זיינען זיי שוין גאָר־ניט געווען קיין הייליקע... און טאַקע די, וועלכע האָט אין לעבן מער געזינדיקט, פלעגט זיך אַממערסטן צלמ׳ען.

אָבער גאַנץ אַנדערש איז דער פאַל מיט מאַדאַם פראַגער: זי האָט געהאַנדלט לויט אירע געפילן. לויט ווי זי האָט גע־גלייבט, האָט זי זיך געפירט.

אונזערע גרויסע אידישע קינסטלער, אַקטיאָרן, מוזיקער, שרייבער, טוען אונז שטענדיק טובות, וואָס זיי האָבן זיך אָפּגע־שטעלט אויף דער אידישער גאַס, און ביי יעדער געלעגנהייט סטראַשען זיי אונז, אַז זיי גייען אַוועק צו די גוים... זיי זיינען שטענדיק מיט איין פוס ביי אונז און מיטן אַנדערן ביי די גוים. אַ סך אידישע פּיעסעס און ראָמאַנען זיינען אַ שיין ביסל פאַר־קריפּלט געוואָרן, ווייל זיי זיינען געשריבן געוואָרן מיט דער אַבזיכט און חניפה צו די גוים. אָבער די גוים שיקן זיי צוריק צו אונז, און דאָך האַלטן זיי אונז אין איין טאָן טובות. מאַדאַם פראַגער איז דער היפּוך דערפון, ווייל ווי איך האָב מיך דער־וואוסט, זיינען אירע געלעגנהייטן פאַר דער גרענד־אָפּערע־בינע געווען גרויסע, און איך בין זיכער, אַז זי וואָלט געווען אין די ראַנגען פון אַ פּאַטי, זעמבּריך, טעטראַזיני. איר שטים, אויסער וואָס זי איז געווען רייך אין קאָליר, שטאַרק, קלאַנגפול און אין דער זעלבער צייט אָנגענעם, האָט זי געהאַט אַ פון דער נאַטור געשולטן טאָן, ווי דאָס איז דער פאַל מיט אַלע גרויסע אָפּערע־זינגער. אָבער איר צוריקגעצויגן פרום, צניעות׳דיק לעבן האָט איר פיל געשטערט אין איר אָפּערע־קאַריערע.

איר שטימע האָט געהאַט אַ דראַמאַטישן, גלייכן, קלאַנגפולן טאָן, וואָס האָט לייכט געקאָנט אַריבערגיין אין קאָלאָראַטור

און סטאָקאַטאָס און באַקומען די לײַכטקײט און בײַגזאַמקײט פון אַן עכט־לירישער סאָפּראַנאָ. דאָס אַלץ האָט פאַר׳כּישוף׳ט אירע צוהערער. ווען זי האָט געזונגען, האָט אין טעאַטער גע־הערשט אַן אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע שטילקײט, און בײַ איר לעצטן פינאַל פון ליד אָדער וואַלץ־נומער האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע טעאַטער פאַלט אויף מיר אַרויף פון די אָוואַציעס און שטורעם.

אין מײַן לאַנג־יעריקער קאַריערע האָב איך ליב, ווען איך דיריגיר, צו באַאָבאַכטן דאָס פּובליקום, און איך ווער אָפט קרי־טיקירט, אַז איך קוק מער אויפן פּובליקום, ווי אויף מײַן אָר־קעסטער און אויף דער בינע. איך טו דאָס, ווײַל איך בין זײער נײַגעריק צו זען, ווי אַזוי דאָס פּובליקום רעאַגירט אויף געוויסע סצענעס און נומערן. אָבער בײַ מײַנע סוקסעספולסטע געזאַנג־נומערן האָב איך נאָך קײנמאָל ניט באַמערקט, אַז דאָס גאַנצע טעאַטער זאָל אַפּלאָדירן. בײַם גרעסטן עקסטאַז בלײַבן שטענ־דיק אײניקע זיצן אַזוי ווי ס׳וואָלט אויף זײ קײן שום אײַנדרוק ניט געמאַכט, אַזוי ווי זײ וואָלטן דערבײַ גאָרניט געווען; אָבער נאָך מאַדאַם פּראַגערס אַן אַריע, אַ ליד, אָדער אַ וואַלץ, פלעגן אַלע, יונג און אַלט, גרויס און קלײן — אַלעמענס הענט, אַפילו די פיס, זײַנען געווען באַשעפטיקט אין אויסדריקן די באַגײַסטערונג פאַר איר שטימע. איך זאָג ניט פאַר איר געזאַנג, ווײַל צוליב דעם, וואָס זי האָט ניט פיל געלערנט, האָט איר געפעלט דער ריכטיקער אָטעם און די ריכטיקע אינטאָנאַציע, אָבער די רײַכ־קײט פון איר טאָן, דער טעמבער, איר געבענטשטער האַלז האָבן פאַר׳כּישוף׳ט און מען האָט אַן אַלץ פאַרגעסן; דאָס הויז פלעגט דונערן ווי קאַנאָנען פון אַפּלאָדיסמענטן. זי פלעגט נאָך אַזעלכע הוראַ־געשרײען און אַפּלאָדיסמענטן פון פּובליקום אַרײַנלויפן, ווי זי וואָלט ניט וועלן קײנעם באַמערקן, צו זיך אין חדר׳ל, זיך זעצן אַרײַנקוקן אין אַ ספר, אָדער עפּעס טאָן פאַר איר הײם. איר גאָטספאָרכטיקײט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף איר שפּילן

טעאַטער. ווען עס פלעגט אויסקומען פּריוויטיק בײַנאַכט צו בענטשן ליכט אויף דער בינע, האָט זי קיינמאָל ניט אָנגעצונדן די ליכט פאַרן פּובליקום, — זיי האָבן באַדאַרפט ברענען פון פריער, אָדער זיי האָבן זיך געדאַרפט אָנצינדן דורך עלעקטרישע עפעקטן.

ראש־השנה האָט זי זיך אָפּגעזאָגט צו שפּילן. און ווען זי האָט זיך ניט געקאָנט העלפן און מען האָט פאַרט געשפּילט, האָט מען געמוזט וואַרטן מיטן אָנהייבן די בײַטאָגעדיקע פאָר־שטעלונג ביז מאַדאַם פּראַגער וועט קומען פון שול, וואו זי האָט זיך גוט אויסגעוויינט און האַרציק גאָט געבעטן.

פאַר מײַנע אויגן איז פאָרגעקומען דער איבערגאַנג אין מאַדאַם פּראַגערס קאַריערע — פון דער ליבהאָבערין־פּרימאַדאָנע־ראָלע צו די געזאַנג־מוטער־ראָלעס. איך בין געווען דער פאַר־אורזאַכער פון דעם, און ס'איז אַ סברה, אַז זי איז די ערשטע צײַט געווען אַ ביסל ברוגז'לעך אויף מיר, ווײַל קיין אַקטיאָר, און באַזונדערס אַן אַקטריסע, וויל ניט אָנערקענען אַזוי גיך, אַז עס איז שוין צײַט צו שפּילן עלטערע ראָלעס; און אַפילו אַזאַ צוריקגעצויגענע פּערזאָן ווי מאַדאַם פּראַגער האָט עס די ערשטע צײַט אויך ניט געוואָלט אַזוי לײַכט אָנערקענען.

אָבער שוין גלײַך בײַ איר ערשטער געזאַנג־מוטער־ראָלע, צו וועלכער איך האָב פאַר איר געשריבן די מוזיק צו באָרים טאָמאַשעווסקים טעקסט, „די חזנ'טע", האָבן מיר פון דער בינע, צוזאַמען מיטן פּובליקום, געפילט, ווי מאַדאַם פּראַגער כאַפּט זיך אַרום מיט דער ראָלע — די הייליקע, פּאַטריאַרכאַלישע פיגור פון דער חזנ'טע האָט איר געפּאַסט. זי פלעגט די פרומע ווער־טער פון דער פּראָזע און די חזנ'ישע ניגונים זאָגן און זינגען מיט אַזוי פיל האַרץ און נשמה, אַז מען פלעגט פילן, אַז זי איז זיך מחיה מיט די ווערטער, וואָס זי זאָגט און זינגט, און אַז זי לעבט עס איבער.

„גאָט, פאַרשעם מיך ניט!" — מיט די ווערטער האָט מאַ־

דאָס פּראַגער זיך באַנוצט יעדן אָוונט פאַר איר אויפטרעטן אויף דער בינע, און מיט די ווערטער האָט זי זיך צוריקגעצויגן פון דער בינע, ווייל זי האָט אפשר געגומען פילן, אַז די יוגנט וואַרט אויף איר פּאָזיציע. אָבער לאָמיר זי טרייסטן אין אונ־זער באַדויערן, אַז כאָטש עס זיינען שוין אַוועק אַ שיינע פּאָר יאָר ווי זי האָט די אידישע בינע פאַרלאָזן, איז נאָך קיין מאַדאַם פּראַגער ניט צוגעקומען, אפילו ניט קיין כמעט מאַדאַם פּראַגער.

קיין פּאַרפּאַסער און קיין מוזיקער האָט אַזוי ניט צוגע־טראָפן צו כאַראַקטעריזירן אַן אַרטיסט, ווי אַברהם גאָלדפאַדן האָט כאַראַקטעריזירט מאַדאַם פּראַגער מיט די ווערטער אין „שולמית“, וועלכע זי האָט אַזוי אָפט געזונגען צניעות׳דיק און האַרציק. אין די ווערטער שפּיגלט זיך אָפּ מאַדאַם פּראַגערס גאַנץ לעבן:

„שבת, יום־טוב און ראש־חודש
דאַוון איך מיר פאַר זיך אַליין...“

# מאָרים שוואַרץ און איך ווייזן אונזער קונסט אויפן רוף־גאַרדן

— מר. רומשינסקי, איר זענט דאָך אויך איינער פון די נייע, כ'בעט אייך, גייט אים זען. ער וועט מאַכן אַ טומל, ער וועט ווערן אַ קעסלער, אַן אַדלער.

— עס איז דיין גליק, וואָס דאָס האָט ניט געהערט איזי; ווען ער הערט, אַז דו פאַרגלייכסט אים צו קעסלערן און צו אַד־לערן, וואָלט מען דיך שוין איצט געפירט אין האָספּיטאַל.

— איך האָב ניט קיין מורא פאַר איזין, און אויך ניט פאַר יאַשאַן. מר. רומשינסקי, איר האָט געדאַרפט זען אַן עקטער, איר האָט געדאַרפט זען אַ שפילן, אַ פּאָר אויגן, הענט, פיס, אַ פיגור, אַ געמבע! איר הערט, ער וועט זיי אַלעמען מאַכן אַ וואַנע (אויף טעאַטער־לשון: איבערשטייגן)!

— וואָס? ער וועט מאַכן מיין קעסלערן אַ וואַנע?

— וואָס אַרט מיך פאַר דיין קעסלערן? ער האָט זיך איצט אָנגעהויבן מיט מיר; ער וועט מאַכן מיין קעניג, דעם גרויסן אַד־לערן, אַ וואַנע? איך וועל אויף איזין און יאַשאַן ניט וואַרטן. נאַ, נאַ!

—אויב אַזוי, וועל איך אויך ניט וואַרטן. נאַ, נאַ! נאַ, נאַ!

און דער אָרעמער יונג ליגט אויף דער ערד אַ צעביילטער, אַ צעקיילטער, אָבער ער האַלט זיך ביי דאָס זייניקע: „מיסטער רומשינסקי, הערט ניט וואָס זיי זאָגן; גייט אים זען, גייט אים זען. ס'עט אַמאָל קלינגען אַ וועלט מיט דעם מאָרים שוואַרץ — איר'ט זען..."

אַזאַ סצענע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין גרענד סטריט לעבן אַקטיאָרסקן קאַפע־הויז. דוד קעסלער האָט געשפּילט מיט זיין קאָמפּאַניע אין ברוקלינער ליריק טעאַטער. מען האָט דאַן געבויט פאַר קעסלערן דעם סעקאָנד עוועניו טעאַטער, נאָר ביז

ער איז פּאַרטיק געוואָרן האָט ער געשפּילט אַ גאַנצן סעזאָן אין ליריק טעאַטער, וואו מאָרים שוואַרץ איז געווען איינער פון די אומבאַדייטנדיקע מיטשפּילער. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געהערט דעם נאָמען שוואַרץ, און זינט דעמאָלט האָבן זיך אַזעלכע סצענעס אָפּגעשפּילט גאַנץ אָפּט צוליב דעם דעמאָלטיקן יונגן אַקטיאָר מאָרים שוואַרץ.

די דעבאַטן אין יענער צייט צווישן אַקטיאָרן — איבערהויפּט צווישן טעאַטער־פּאַטריאָטן — זיינען געווען: ווער איז אַ גרעסערער אַקטיאָר — קעסלער אָדער אַדלער? די דאָזיקע דעבאַטן פלעגן זיך אָפּט ענדיקן מיט „שלאָגנדיקע באַווייזן".

די צאַנקערייען און רייסערייען איבער דעם, ווער עס איז אַ גרעסערער אַקטיאָר, קעסלער אָדער אַדלער, האָבן אָנגעהאַלטן העכער צוואַנציק יאָר. האָבן טאַקע חברה טעאַטער־פּאַטריאָטן, וועלכע זיינען דעמאָלט באַשטאַנען פון גאַנצע אַרמייען און זיך געפירט ווי אַרמייען — מיט פּראָסטע סאָלדאַטן, קאָרפּאָראַלן, גענעראַלן — און כמעט יעדער אַקטיאָר האָט געהאַט אַ סאָסייעטי, וואָס האָט געטראָגן זיין נאָמען, ווי „יאַקאָב פּ. אַדלער אַסאָסיאיישאָן", „דייוויד קעסלער סאָסייעטי", „דאָראַ ווייסמאַן בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן". יעדע סאָסייעטי פלעגט צום בענעפיט פון איר סטאַר קומען מיט בענדער און בעדזשעס, אויף וועלכע עס איז געווען אָנגעשריבן מיט גאָלדענע בוכשטאַבן דער נאָמען פון סטאַר און זיין סאָסייעטי, און די גאַנצע צערעמאָניע פון דער סאָסייעטי פלעגט אויף דער בינע דורכגעפירט ווערן אין דער צייט פון אַנטראַקט.

אין יענער הייסער, קאָכעדיקער, שטורעמדיקער צייט אויף דער איסט־סאַיד, וועלכע האָט נאָך ניט געהאַט באַשלאָסן, ווער עס איז „דער גרעסטער אידישער רעדאַקטאָר" און „דער גרעסטער אידישער סטאַר"; ווער עס איז דער גערעכטער אין די צאַנקערייען צווישן אב. קאַהאַן און יעקב גאָרדין; וויפיל עס דאַרף דויערן ביז די ראָמאַנאָווס און די ווילהעלמס וועלן פאַלן, —

אין יענער קעסל־קאָכעדיקער צייט פון רעדאַקטאָרן, צייטונגען, דראַמאַטורגן און אַלערליי איזמס: סאָציאַליזם, אַנאַרכיזם, ציוניזם, איז צוגעקומען אַ נייע דעבאַטע — „מאָרים שווארץ".

אין „ליריק־טעאַטער" האָט דאַן מיטגעשפּילט אין לאַטיינערס אַ פּיעסע „יום החופה" מאָרים שווארץ, און כאָטש ניט די פּיעסע און ניט די ראָלע, וואָס דער יונגער אַקטיאָר האָט געשפּילט, זיינען געווען פון די וויכטיקע, האָט ער זיך דאָך אויף אַזוי פיל אַרויסגעזען, אַז מען האָט אים גענומען פאַרגלייכן מיט די דעמאָלטיקע גרויסע סטאַרס.

אָבער זיין ערשטער גרויסער בייפאַל, פון וועלכן דאָס גאַנצע טעאַטער־פּובליקום האָט גענומען שטאַרק רעדן, און נאָך שטאַרקער אַפּלאָדירן, איז גראָד געווען ניט קיין אידישע פּיעסע און אויך ניט קיין אידישע ראָלע, בעסער געזאָגט — גאָרניט קיין אידישע ראָלע. די פּיעסע איז געווען אַן איבערזעצונג פון אַ דייטשער מוזיקאַלישער קאָמעדיע — „אַלמאַ, וואו וואוינסטו? און די ראָלע איז געווען, ווי די דייטשן רופן עס, „איינלאַגע", אַ צוגעגעבענע, אָדער אַן אַריינגעשטעלטע. מאָרים שווארץ האָט אין דער דאָזיקער מוזיקאַלישער קאָמעדיע קאָפּירט אַלע אידישע סטאַרס — אַדלערן, קעסלערן, באָרים טאָמאַשעווסקין און נאָך. די געשרייען און קוויטשערייען פון פּובליקום זיינען געווען די גרעסטע אין דער גאַנצער קאָמעדיע, וואָרים צום ערשטן מאָל האָט מען זיך דערלויבט עפנטלעך צו קאָפּירן, נאָכצומאַכן אַן אַקטיאָר, איבערהויפּט אַ סטאַר, און נאָך אין זיין אייגענעם טעאַטער. אָבער שווארץ האָט דאָס געמאַכט אויף אַזאַ קינסטלערישן, ראַפינירטן אופן, אַז עס האָט קיינעם ניט שאָקירט, נאָר פאַרקערט, אויף אַ פיינעם אופן אַמוזירט.

מיין פּערזענלעכע באַקאַנטשאַפט מיט מאָרים שווארצן איז פאָרגעקומען דורך געמיינזאַמע אינטערעסן. כאָטש איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט אָנגעשריבן מוזיק צו עטלעכע אָפּערעטעס, און מען האָט שוין געזונגען און געשפּילט מיינע סוקסעספולע

לידלעך אין רעסטאָראַנען, היימען און שפּילקאַסטנס אויף די גאַסן, בין איך נאָך אַלץ ניט געווען דער אָנערקענטער און אָנ־פּאַרטרויטער קאָמפּאָזיטאָר פון אידישן טעאַטער. דער זעלבער פאַל איז געווען מיט מאָרים שוואַרצן: כאָטש ער האָט שוין גע־האַט אַ בייפאַל אין אייניקע וויכטיקע ראָלעס און כאַראַקטערן, איז ער נאָך אַלץ ניט געווען דער אָנערקענטער שוישפּילער. האָט שוואַרץ געהאַט אַ געלונגענעם איינפאַל: אַזוי ווי מען לאָזט אים ניט צו אין ווינטער־סעזאָן שפּילן קיין וויכטיקע ראָלעס, וועט ער די „סטאַרס" אָנפייפן און שפּילן אין זומער־סעזאָן. האָט ער אָפּגעדונגען דעם רוף פון „סעקאָנד עווענוי טעאַטער" און האָט דאָרט אויסגעגאָסן זיין האַרץ. איך, ווידער, האָב פאַר זיך געזען אַ געלעגנהייט צו קאָנען פריי און אומגעשטערט מאַכן מוזיק. האָבן זיך אונזערע ביידנס אינטערעסן פאַראייניקט, און מיר האָבן צוזאַמען געשפּילט זומער אויפן רוף־גאַרדן.

מיין אָרקעסטער איז באַשטאַנען פון דריי מוזיקער, און איך דער פערטער. דער פּרייז איז געווען 20 דאָלאַר אַ וואָך אַ מו־זיקער, און איך פלעג באַקומען 20 דאָלאַר אַ וואָך פאַר שפּילן פּיאַנאָ און 5 דאָלאַר עקסטראַ פאַרן קאָמפּאָנירן די מוזיק. ביי אַ גרעסערער פּראָדוקציע פלעגט מען צונעמען אַ פינפטן מוזי־קער און אַנאָנסירן: „קומט הערן רומשינסקיס סימפאָניע־אָרקעסטער!"

דער יונגער מאָרים שוואַרץ, וועלכער האָט מיך מקנא גע־ווען מיט די פאַרזיכערטע 25 דאָלאַר אַ וואָך — ווייל, זייענדיק אַן אונטערנעמער, האָט ער (ווי געוויינלעך) דאָס אויך ניט באַ־קומען, האָט אַרויסגעוויזן גרויס פעאיקייט און ענערגיע. ניט נאָר האָט ער באַוויזן, אַז ער איז ראוי צו זיין דער ערשטער מאַן אין אַ קאָמפּאַניע, נאָר אויך, אַז ער איז פעאיק צו זיין רעזשי־סאָר, אויפפירער און אָרגאַניזירער פון אַ טעאַטער־געשעפט. ער איז געווען פול אין יעדן טעאַטער־דעפּאַרטמענט (דאָס איז ער נאָך ביזן היינטיקן טאָג); ער איז געווען אַזוי באַשעפטיקט,

אַז ער האָט אַפּילו ניט באַמערקט די פּיל פאַרערער און אַפּילו ניט די פאַרערערינס. אָבער איינע, אַ שיינע, הויכע, געזונטע, און דערצו עלעגאַנט און געשמאַקפול פאַרפוצטע פריילין פלעגט קו־מען איינע אַליין, זיצן אַליין און אַוועקגיין אַליין. און אַזוי פלעגט זי קומען כמעט צו יעדער פאָרשטעלונג.

איך האָב מיך מיט דער פריילין באַקענט און אויך איר פאָר־געשטעלט מיין פרוי, סאַבינאַ לאַקסער, און זיי בײדע פלעגן אָפט זיצן צוזאַמען אויפן רוף־גאַרדן. איין מאָל, גייענדיק אַהיים, זאָגט צו מיר מיין פרוי:

— ווען מאָרים שוואַרץ איז אַ קלוגער און פאָלגט מיך, האָט ער חתונה מיט דער פריילין. זי געפעלט מיר זייער, זי איז אַ פיין מיידל.

עס איז שוין באַלד געווען ביים סוף פון זומער־סעזאָן, זאָג איך צו מיין פרוי:

— דאַכט זיך, אַז מאָרים שוואַרץ איז אַ קלוגער, און ער פאָלגט דיין עצה; די שיינע פריילין, וועלכע געפעלט דיר אַזוי, וועט ווערן מרס. מאָרים שוואַרץ.

## מאַרים שוואַרץ זינגט און טאַנצט אין אַ פראַנצויזיש־דייטשער אָפּערעטע

איך האָב גלייך אויסגעפונען, אַז קיין גרויסע ווערק אַלס מוזיקער קאָן איך אויפן רוף־גאַרדן ניט שאַפן, ווייל פאַר אַן אָרקעסטער פון פיר־פינף פערזאָן איז שווער צו פאַרפאַסן מוזיק, און דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס מ׳האָט געדאַרפט כמעט יעדע וואָך שפּילן אַן אַנדער פּיעסע; אָבער דער רוף־גאַרדן איז געווען די שולע, וועלכע האָט אַ סך אַרויסגעהאָלפן מאָרים שוואַרצן און אויך מיר אין דער שפּעטערדיקער קאַריערע פון שאַפן און אויפפירן פאַרשידענע פּיעסעס. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס מען האָט באַדאַרפט כמעט יעדע וואָך אַ נייע פּיעסע, ווי מען רופט עס אויף טעאַטער־לשון: באַקן פּיעסעס (ווי אַ בעקער באַקט בייגל), — און די טעכניק פון עקספּראָמפּטאָם אויפפירן און מאַכן מוזיק אין צוויי טעג, איז געווען די וויכטיקסטע שול, וואָס אַן אַקטיאָר, רעזשיסאָר און מוזיקער מוזן דורכמאַכן.

ביי מיין טרעפן זיך צום צווייטן מאָל מיט מ. שוואַרצן אין טעאַטער איז געווען אַ שטיקל צוזאַמענשטויס, אָבער עס האָט זיך אויסגעלאָזט זייער גוט. דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווען מאַדאַם לאָבעל האָט געעפנט איר „לאָבעל־טעאַטער" אויף דער באַוערי, און מאָרים שוואַרץ איז דאָרט אַנגאַזשירט געוואָרן אַלס דער „ערשטער מאַן", ווי דער אַמעריקאַנער וואָלט געזאָגט, אַלס „פול פלעש לידינג מען".

דער נאָך גאַנץ יונגער מאָרים שוואַרץ האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן סאַי אין רעדן, סאַי אין דער האַלטונג און סאַי אין גיין דאָס אויסערלעכע פּנים פון די דעמאָלטיקע סטאַרס. דער דעמאָלטיקער באַגריף פון זיין אַ סטאַר איז געווען: גיין מיט אַ גרויסן שטעקן, בלאָזן פון זיך, שפּילן אידן מיט לאַנגע בערד און רעדן לאַנגזאַם. די ערשטע פּיעסע איז געווען אַ מעלאָדראַמע

פון משה שאָר, „פּרעמדע פויגל", און די צווייטע פּיעסע, וואָס מען האָט אויפגעפירט, איז געווען אַ פראַנצויזיש־דייטשע אָפּע־רעטע, „פּאַריזער אומשולד", מיט מרים גורעוויטש אַלס פּרויען־סטאַר, וועלכע האָט געשפּילט „שושנה די צנועה". אַזוי ווי מאַדאַם לאַבעל, די פרויען־סטאַר, האָט ניט געשפּילט אין דער אָפּערעטע, האָט דער מאַן־סטאַר, מאָרים שוואַרץ, אויך ניט גע־זאָלט שפּילן אין דער מוזיקאַלישער אויפפירונג; און טאַקע דע־מאָלט איז עס אַרויסגעקומען דער צוזאַמענשטויס צווישן מיר און מאָרים שוואַרץ, וועלכער, ווי שוין געזאָגט, האָט זיך אויס־געלאָזט צום גוטן.

ביים פונאַנדערטיילן די ראָלעס פון דער אָפּערעטע „פּאַ־ריזער אומשולד" האָב איך געזאָגט, אַז דעם אומשולדיקן בחור'ל, הובערט, דעם אומדערפאַרענעם אינגל, וועלכער לויפט אין קאַ־פע־שאַנטאַן און איז שטערבלעך פאַרליבט אין דער אויסגעלאַ־סענער „צנועה" שושנה, — כאָטש דער הובערט דאַרף זינגען, טאַנצן און שפּרינגען, — דאַרף אים שפּילן מאָרים שוואַרץ. און שוואַרץ האָט געמאַכט געוואַלדן און גע'טענה'ט:

—וואָס הייסט? איך בין דאָ אַנגאַזשירט אַלס סטאַר, צו שפּילן די ראָלעס פון „קעניג ליר", „הערשעלע דובראָוונער" און נאָך אַזעלכע ראָלעס, און צום סוף גיט איר מיר צו שפּילן עפּעס אַ יונגנמאַנטשיק, מיט טאַנצן, זינגען און שפּרינגען?!

איך האָב גע'טענה'ט, אַז דאָס טאַנצן און זינגען איז דאָ אַ נעבן־זאַך, דערהויפּט איז דאָ דאָס שפּילן, די קונסט פון שפּילן, און איך, אַלס מוזיקער, זע ניט קיין אַנדערן פאַר דער געזאַנג־און טאַנץ־ראָלע, ווי נאָר מאָרים שוואַרצן.

מען האָט אַרגומענטירט און דעבאַטירט. איך האָב מיך געהאַלטן ביי מיינס. ענדלעך האָט שוואַרץ איינגעוויליקט און געשפּילט דעם יונגן, שפּרינגענדיקן און טאַנצנדיקן הובערט.

שוין ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג האָבן אַלע צוגעגעבן, אַז איך האָב געהאַט רעכט, ווייל שוואַרץ האָט זיך זייער גוט

אריינגעפּאַסט אין דער פראַנצויזיש־־דייטשער אָפּערעטע, און טאַקע דעם זעלבן סעזאָן האָט ער עס געשפּילט צו זיין בענעפיט, און אויך אַ סעזאָן שפּעטער האָט ער מיך איינגעלאַדן אַלס גאַסט־דיריגענט אויפן נעשאָנאַל טעאַטער רוף־גאַרדן צו זיין בענעפיט, וואו ער האָט אויפגעפירט צום צווייטן מאָל „פּאַריזער אומשולד״ און האָט זיך געשפּיגלט אין דער ראָלע פון הובערט, אין וועלכער ער איז געווען אויסגעצייכנט און האָט געשפּילט ווי אַ דערפאַרענער איירָאָפּעאישער אָפּערעטן־אַקטיאָר.

מען זאָגט אַ ווערטל, אַז ניט אַלע, וואָס לערנען מוזיק, זיינען מוזיקאַליש, און אַזוי אויך פאַרקערט, ווייל מוזיק איז די נשמה פון לעבן, און טעאַטער איז דער שפּיגל פון לעבן; אַזוי ווי מאָרים שוואַרצס טעאַטער־שפּילן איז אָפּט טריי צום לעבן, באַנוצט ער זיך טאַקע אין זיין יעדער ראָלע מיט אונטערברומען און אונטערזינגען אַ ניגון, וואָס ווערט כמעט ווי אַ לייט־מאָטיוו פון זיין שפּילן. צום ביישפּיל, אין „שמידס טעכטער״, ווען שוואַרץ זינגט זיך אונטער:

מיידל, מיידל, מיידל,
מיידל, מיידל, מיידל,
איך האָב דיך אַזוי ליב, —
איך גיי פאַר דיר אין גרוב... —

האָט מיך דער ניגון פאַרפאָלגט אַ שטיק צייט; די פאַרשידענע וואַריאַציעס און טענער, וועלכע זיינען געווען אין איינקלאַנג מיט זיין כאַראַקטער און ראָלע, האָבן מיך נאָך מער איבערצייגט, אַז מוזיק גייט האַנט אין האַנט מיטן טעגלעכן לעבן, און אַז מוזיק איז נייטיק אַפילו אין גרעסטן רעאַליסטישן ווערק, ווייל די פאָר טענער פון „מיידל, מיידל, מיידל, איך האָב דיך אַזוי ליב״ האָבן מיך דערמאָנט אָן דער גאַנצער סיטואַציע און אין די סצענעס פון דער פּיעסע פאַר אַ לאַנגער צייט.

די ערשטע פראַגע, וואָס אַ מוזיק־פּראָפעסאָר האָט צו שטעלן זיינס אַ שילער, ווען ער לערנט קאָמפּאָזיציע, איז:



— וועמענס נאָכפאָלגער ביזטו? ווער איז דיין ליבלינג - קאָמפּאָזיטאָר? דאָס הייסט נאָך ניט, וועמען דו וועסט קאָפּירן אָדער נאָכמאַכן, נאָר וועמענס געדאַנקען עס האָבן דיך באַאיינפלוסט?

און כאָטש מ. שוואַרץ איז ניט קיין שטייענדיק וואַסער — זיין ברויזנדיקער, ענערגישער כאַראַקטער איז ווייט פון אַ שטייענדיק וואַסער, — פונדעסטוועגן איז ער דאָך באַאיינפלוסט פון די אַדלערס, קעסלערס און אַפילו טאָמאַשעווסקים; ווייל כדי צו זיין אַן אַפּיקורס, מוז מען פריער זיין אַ גלויביקער, און אַפילו אַ פרומער קאָן שפּעטער ווערן אַ פרומער אַפּיקורס. דאָס זעלבע איז אויך מיט אַרטיסטן: כדי צו זיין אַ מאָדערנער מוזיקער, שרייבער, סקולפּטאָר, מאָלער, דאַרף מען צוערשט קענען און אַפילו גלויבן אין די קלאַסיקער; אויב ניט — איז מען אַ

מאָריס שוואַרץ אין „פּאַריזער אומשולד“

הפקר־מענטש, וועלכער וויל פאַרדעקן טאַלאַנטלאָזיקייט מיטן מאַנטל פון מאָדערניזם.

מאָרים שוואַרץ איז אַ קורצע צייט באַאיינפלוסט געוואָרן פון די מאָדערניסטן, אָדער, בעסער געזאָגט, פון דעם קרומען שפּיגל און קרומע מעבל; און אַפילו צוזעענדיק ביי מאָרים שוואַרצן אַזאַ מין קרומע פאָרשטעלונג, האָט זיך צייטנווייז אויך געפילט דער איינפלוס, די טענער פון אַן אַדלער און קעסלער.

זיגמונד מאָגולעסקאָ, ווי שוין פריער געזאָגט, האָט אַלץ גע־טאָן מיט בלויז אינסטינקט; ער האָט ניט געוואוסט פון קיין אויסרעכענונגען, און אַפילו ניט פון לערנען, נאָר בלויז פון טאַ־לאַנט. און דאָס דערמאָנט, אַז ווען דער גרויסער פידל־פּעדאַ־גאָג, דער באַרימטער פּראָפעסאָר לעאָפּאָלד אַוער, וועלכער איז געווען דער לערער פון מישאַ עלמאַן, אפרים צימבאַליסט און יאַשאַ חפיץ, איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט מען אים געפרעגט: ווי קומט עס, וואָס פון אַלע שילער, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין די הונדערטער, זיינען באַוואוסט בלויז די אויבן־דערמאָנטע דריי־פּיר? — האָט ער געענטפערט, אַז מישאַ עלמאַן, יאַשאַ חפיץ, אפרים צימבאַליסט און אפשר נאָך אַ צוויי, קענען „דאָס", וואָס ער האָט זיי קיינמאָל ניט געלערנט: דאָס איז אַ געבוירענער טאַ־לאַנט, וואָס דער לערער קאָן נאָר העלפן אַנטוויקלען, אָבער ניט אויסלערנען.

אַמבעסטן איז מאָרים שוואַרץ דעמאָלט, ווען ער שפּילט, רעזשיסירט און אַרבעט מיט זיין אייגענעם אינסטינקט, ניט ווערנדיק באַאיינפלוסט פון קיינעם.

איך בין זייענדיק אַ אינגל געשטאַנען מיט מיין טאַטן אויף דעם ווילנער שלאָס־באַרג, פון וועלכן מען קאָן זען גאַנץ ווילנע, און ער האָט צו מיר געזאָגט:

— דו הערסט, מיין קינד, איך האָב געהאַט מער הנאה, קריכנדיק אויפן באַרג, ווי צו שטיין אויפן שפּיץ פון באַרג, ווייל, קריכנדיק אויפן באַרג, האָב איך אויף עפּעס געהאָפט און גע־

ווארט, און איצט, מיין קינד, שטייען מיר ביידע אליין, און דאס ערגסטע איז, וואס מען באדארף נאך גיין בארג־אראפ, וואס איז א פיל שנעלערער וועג, ווי בארג־ארויף.

און נאך דער גאנצער גלארדייכער קאריערע פון מאָריס שווארצן און א סך פון אונז, קאן מען זאגן, אז עס איז געווען פיל אינטערעסאנטער צו קריכן אויפן בארג, ווי שטיין אויפן שפיץ פון בארג, וואס איז אפטמאל געפערלעכער...

# איך שרייב מיין ערשט אַרטיקל

נאָך דער אויפפירונג פון דער פראַנצויזיש־דייטשער אָפּע־רעעט „פאַריזער אומשולד״, וואו דער יונגער מאָרים שוואַרץ האָט געהאַט אַ גרויסן סוקסעס אַלס דער יונגער הובערט, האָט מען גענומען זוכן פאַר אים אַ ראָלע אַ בייגזאַמע, אַ שפּילבאַרע, און איבערהויפּט אַ פּיעסע, אין וועלכער ער זאָל שפּילן אַלס יונגערמאַן. האָט דער באַקאַנטער שרייבער, ב. באָטווויניק, געבראַכט אַ פּיעסע פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן, „ביילקעס מאַרינעטע״, וואו מאָרים שוואַרץ האָט געדאַרפט שפּילן אַ יונגן איטאַליענער, אין וועלכן דאָס אידישע מיידל, ביילקע, פאַרליבט זיך, און זיי האָבן חתונה. עס אַנטוויקלען זיך קאָנ־פליקטן, פון וועלכע עס קומען אַרויס שטאַרקע דראַמאַטישע סצענעס. איך האָב געשריבן צו דער פּיעסע אייניקע פּאַסיקע נומערן מוזיק. און טאַקע אין אַ סצענע פון דער זעלבער פּיע־סע, וואו עס קומט פאַר חנוכה און אַ קינד זינגט אַ חנוכה־לידל, האָט פּאַסירט איין מאָל אַזאַ געשיכטע: אין מיטן געזאַנג, ווען איך האָב געהאַלטן אין מיטן דיריגירן, איז צו מיר צוגע־גאַנגען אַ אידענע פון פּובליקום און געזאָגט:

— וואָס קאָמאַנדעוועסטו מיט די הענט? איר האָט גע־מאַכט אַ שפּיל פון מיין לעבן? איר שפּילט זיך מיט מיין אומ־גליק, מיט מיין ווייטיק אין האַרצן, מיט מיינע צרות, אַז אַלע מיינע צרות זאָלן פאַלן אויף אייערע קעפּ.

דער אָשער האָט זי אַוועקגענומען, אָבער זי האָט ווייטער גערעדט צו זיך אַליין: „אוי, ביילקע, ביילקע, זע וואָס דו האָסט געמאַכט פון אונז, אַ שפּיל האָט מען געמאַכט פון אונז, וויי איז מיר!״

ביים אַנטראַקט האָב איך שוין געזוכט די אידענע. עס איז מיר געווען אינטערעסאַנט צו וויסן די איינצלהייטן. איך גיי

צו איר צו. זי האָט זיך שוין געהאַט אַ ביסל באַרואיקט און זי האָט מיך געפרעגט מיט אַ טאָן פון ווייטיק:

— זאָג מיר, בחור׳ל, ווער האָט דיר דערציילט די מעשה פון מיין אומגליק? און אַז דו ווייסט שוין יאָ, דאַרפסטו עס צעפויקן פאַר דער גאַנצער וועלט? איך פאַרזיכער איר, אַז איך בין ניט דער פאַרפאַסער פון דער פיעסע, ער איז אַ שרייבער אין „פאָרווערטס". זי גיט זיך אַ כאַפּ: — אוי, ווי איז מיר! איר גייט עס אַריינשטעלן אין די צייטונגען? עס איז גענוג פאַר־שוואַרצט מיין פּנים, אַז פאַרשוואַרצט זאָל ווערן דאָרט דער איטאַליענער. — און זי בעט זיך ביי מיר: — מילא, איר האָט געמאַכט אַ שפּיל פון מיין אומגליקלעכערביילקע, איז פאַר־פאַלן. נאָך גוט, וואָס עס איז אַ קליין טעאַטערל און אַ סך מענטשן קענען עס ניט זען, אָבער אַז איר וועט עס באַשרייבן אין די גאַזעטן, וועל איך זיך אַ מעשה אָנטאָן, און איר דאַ אַלע וועט זיין שולדיק אין מיין טויט.

איך האָב איר פאַרזיכערט, אַז אין די צייטונגען וועט עס ניט זיין. ווען איך האָב פון דער גאַנצער פּאַסירונג דערציילט דעם שרייבער ב. באָטווינּיק, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— איר ווייסט, אַז איר דערציילט פיין אַ מעשה׳לע? שרייבט עס אָן, איך וועל זען, אַז עס זאָל זיין געדרוקט אין „פאָרווערטס".

זאָג איך, אַז ערשטנס האָב איך פאַרזיכערט דער פרוי, אַז עס וועט אין צייטונג ניט געדרוקט ווערן, און צווייטנס, האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געשריבן און איך ווייס ניט, צי איך וועל עס קענען טאָן. זאָגט באָטווינּיק צו מיר:

— דאָס וואָס איר האָט פאַרזיכערט דער אידענע, איז באַב־קעס. איר שרייבט אָן די גאַנצע פּאַסירונג אַזוי ווי איר האָט עס מיר דערציילט. ווען איר וועט שרייבן, האָט ניט אין זינען, אַז דאָס וועט זיין געדרוקט, נאָר אַזוי ווי איר האָט עס מיר דער־ציילט וואָרט־אין־וואָרט.

אַ קורצע צייט שפּעטער, רעדנדיק מיט באָטווינּיקן איבער

אידישער מוזיק, זאָג איך צו אים, אַז די צרה מיט אַמעריקאַנער אידישער מוזיק איז, וואָס אין די שולן און בתי־מדרשים זינגט מען האָפּקעס און מען טאַראַלאַלאַיקעט אַלערליי סאָרטן טעאַטער־עפּעקטן, נאָכמאַכנדיק אַ טראָמפּייט, אַ טראָמבאָן, אַפילו אַ פּויק, און אין טעאַטער איז פּונקט פאַרקערט — אין אַ פאַרוואָס טוט מען אין דעם כאָר פון טעאַטער טליתים מיט יאַרמולקעס און מען זינגט ווי אַ חזן אין אַ היימישער שול. די פּרימאַדאָנע, אַנשטאָט צו זינגען פון ליבע, דריקט אויס אירע ליידן מיט אַ תּפילה צו גאָט און גאָרגלט זיך ווי אַ חזן. קורץ, זאָג איך, מען האָט פאַרביטן די יוצרות, פון טעאַטער האָט מען געמאַכט אַ שול און פון דער שול אַ טעאַטער. גיט זיך באָטוויניק אַ כאַפּ: „אָט דאָס איז אַ טעמע פאַר אַן אַרטיקל! אָט דאָס שרייבט אָן!"

אויף מאָרגן טרעפט ער מיך און פרעגט: „נו, וואו איז דאָס אַרטיקל?" זאָג איך: „איר מיינט עס טאַקע?" שפּרינגט ער אַרויס: „ס'טייטש, איך האָב עס דערציילט אין רעדאַקציע און זיי געפעלט די אידעע, איבערהויפּט אייער לאַנדסמאַן, אייב קאַהאַנען".

האָב איך אָנגעשריבן מיין ערשט אַרטיקל איבער „מוזיק אין טעאַטער און אין שול" און אים געבראַכט צו באָטוויניקן. נאָכדעם ווי ער האָט אים איבערגעלייענט, האָט ער געזאָגט: „עט, דאָס האָט איר ניט געשריבן. זאָגט דעם אמת, ווער האָט אייך אַרויסגעהאָלפן?" זאָג איך שוין אַ ביסל ברוגז'לעך: „מילא, אַז איך שרייב מוזיק און מען זאָגט, אַז אַ ביסל איז ניט מיינס, בין איך שוין געוואוינט דערצו: מען האָט גרעסערע מוזיקער פון מיר חושד געווען אין פּלאַגיאַט (זיך באַנוצן מיט פרעמדע געדאַנקען), אָבער כדי אייך איבערצוצייגן, אַז עס איז מיינס, וועל איך עס צערייסן". ער גיט עס אַ כאַפּ פון מיר און זאָגט: „איר וועט שוין ביי אונז שרייבן און שרייבן". און אַזוי איז טאַקע געווען. פון דעמאָלט אָן האָב איך אָפט געשריבן. די מיינונגען איבער מיין שרייבן אין צייטונג האָבן מיך מער

אינטערעסירט, ווי איבער מיין מוזיק. עס איז שוין אַן אַלטער כלל, אַז וואָס ווייניקער מען קען, צו דעם כאַפּט מען זיך מער.

יעדער גרויסער קאָמיקער גייט אַרום מיט דעם געדאַנק און ווילן צו שפּילן די טראַגישע ראָלע פון שעקספּירס „האַמ־לעט". און אַפילו טשאַרלי טשאַפּלין וואָלט וועלן שפּילן „האַמ־לעט", איידער ער גיט אויף די מואַוויס. מישאַ עלמאַן, דער גרויסער פידל־ווירטואָז, שפּילט אויך אַ ביסל שאַך, און שפּילט שאַך זייער גערן. ווען אַ קריטיקער אָדער אַ פּערזענלעכער פריינד זאָגט אים, אַז ער איז געווען אין בראַמס אָדער טשאַי־קאָווסקים קאָנצערט ניט זייער קאָרעקט, וועט ער עס אויפנע־מען מיט אַ שמייכל און וועט זיך אַפילו אַנטשולדיקן. אָבער זאָגט מען אים, חלילה, אַז ער שפּילט ניט גוט קיין שאַך, וועט ער אַרויסווייזן זיין גאַנצן מוזיקאַלישן טעמפּעראַמענט, און מען קען דערהוואַרטן, ער זאָל נאָך אַנזידלען אויך. און טאַקע פאַר די לעצטע פינף־און־צוואַנציק יאָר זינט עס איז דערשינען מיין ערשט אַרטיקל איבער „מוזיק אין טעאַטער און אין שול", ווייסן שוין מיינע קאָלעגן און פריינד מיין שוואַכקייט, אַז ווען עס דער־שיינט מיינס אַן אַרטיקל אין צייטונג, דאַרפן זיי גיכער קריטי־קירן מיין מוזיק איידער מיין שרייבעכץ.

דאָס וואָס כ'האָב אָנגעשריבן מיינע מעמואַרן איז אויך ניט מיין שולד. מיין יוגנט־פריינד, צבי הירש רובינשטיין, האָט אַזוי פיל מיט מיר איינגעטענה'ט וועגן דעם פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר, ביז איך האָב אים געפאָלגט.

מחשבות'ן, שיער פאַרגעסן וואו כ'האַלט. נאָך „ביילקע מאַרינעטע" האָט מען אויפגעפירט דעם אידיש־פּוילישן שריי־בער מאַרק אַרנשטיינס „די אידישע טאָכטער", צו וועלכער איך האָב געשריבן אַכט נומערן חסידישע מוזיק, און איין נומער האָב איך געשריבן ספּעציעל פאַר מאָרים שוואַרצן, אַ „שלום־עליכם". מאָרים שוואַרץ פלעגט, זינגענדיק דעם „שלום עליכם", קאָפּירן באָרים טאָמאַשעווסקין. און עס פלעגט האָבן אַ גרויסן דערפאָלג.

מיט פינף יאָר שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו שרייבן מו־זיק פאַר „די הזנ׳טע", וואו מען באַדאַרף זינגען „שלום־עליכם". האָב איך דעם זעלבן „שלום־עליכם" געגעבן באָרים טאָמאַשעוו־סקין, און ס׳האָט זיך מיר נאָר געדאַכט, אַז טאָמאַשעווסקי קאָ־פּירט שוואַרצן.

אין דעם זעלבן סעזאָן, ווען מען האָט געשפּילט „פּאַריזער אומשולד", „ביילקע מאַרינעטע" און „די אידישע טאָכטער", איז געקומען פון לאָנדאָן מאָרים מאָשקאָוויטש, און ער איז אויפגעע־טראָטן אין משה ריכטערס לעבנס־בילד „צו שפּעט". די פּיעסע „צו שפּעט" איז געווען דער גרעסטער סוקסעס פון יענעם סעזאָן. אָבער מאָרים מאָשקאָוויטש האָט זיך געפילט אין דעם קליינעם טעאַטערל ווי אַ גרויסער פיש אין אַ קליין וואַסערל, און ער האָט מיר עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז ער וועט מער קיין אידיש טעאַטער ניט שפּילן.

עס האָט אים געפעלט די אַטמאָספערע פון יעקב גאָרדין, קעסלער, בערטאַ קאַליש, ליפּצין, טאָרנבערג. ער פלעגט זיך פאַר מיר באַקלאָגן, אַז ער פילט זיך אין דעם איצטיקן אידישן טעאַטער ווי אַ פרעמדער. ער איז טאַקע נאָך יענעם סעזאָן אַוועק צוריק קיין ענגלאַנד, וואו ער האָט געשפּילט ענגליש טעאַטער. ווען ער איז געקומען צוריק קיין אַמעריקע, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער דורשט נאָך אַ גוטער אידישער פאָרשטע־לונג, ווי אין אַמאָליקע יאָרן.

איך האָב מיט אים גערעדט איינִיקע מאָל פון אידיש טעאַ־טער, ווען ער איז שוין געווען אַ האָליוואוד־אַקטיאָר, און ער האָט נאָך אַלץ געבענקט נאָך יענעם גאָרדיניסטישן פּעריאָד.

און ווען עס איז מיר שפּעטער אויסגעקומען אים צו זען אין טשאַרלי טשאַפּלינס בילד „דער דיקטאַטאָר" (ווען ער אַליין איז שוין ניט מער צווישן די לעבעדיקע), האָב איך געבענקט נאָך דעם מאָשקאָוויטש פון „אלקנה" אין דער „שחיטה", „אוריאל מזיק" אין „גאָט, מענטש און טייוול", און „אַקסעל" אין דער „שבועה".

## יאָסל עדלשטיין פאָרט ווערן אַ פאַרמער

זינט דוד קעסלער האָט געעפנט זיין ניי, מאָדערן סעקאָנד עוועניו טעאַטער, האָט באָריס טאָמאַשעווסקי ניט גערוט און געוואָרפן אַן אומ'חן אויף זיין פיפל'ס טעאַטער, אין וועלכן ער האָט געמאַכט זיין קאַריערע און אויך אַ גרויס פאַרמעגן.

ער פלעגט איינ'טענה'ן מיט זיין מענעדזשער און שותף, יאָסל עדלשטיין, אַז ער קען מער ניט שפּילן אין דעם אַלטן פיפל'ס טעאַטער אויף דער באַוערי אין דער צייט, ווען דוד קעסלער שפּילט אין אַ ניי, מאָדערן טעאַטער, פאַר אים געבויט, אויף דער צווייטער עווענוי. עדלשטיין, וועלכער איז געווען פון דער נאַטור אַ קאָנסערוואַטיווער מענטש, פלעגט טענה'ן: „טייערער באָריס, וואָס פעלט אייך אין דעם טעאַטער? עס איז אייך ווייך און וואַרעם. איר מאַכט אַ שיין לעבן. זאָלן זיי שווימען אין די חורבות. מיר וועלן שטילערהייט זיצן דאָ און מאַכן געלט ווי ביז אַהער".

עס האָבן אָבער ניט געהאָלפן עדלשטיינס טענות, טאָמאַשעווסקי האָט זיך מתקנא געווען אַן דוד קעסלערן און אויך אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער אויף דער „עווענוי". ער האָט איינגעזען, אַז מיט דעם קאָנסערוואַטיוון איד, יאָסל עדלשטיין, קאָן ער גאָרניט מאַכן, האָט ער גענומען אונטערהאַנדלען און פאַראינטערעסירן ריעל־עסטייט־מענטשן. ער האָט פאַראינטערעסירט דעם בכבוד'יקן, פיינעם ריעל־עסטייט־מאַן לואיס מינסקי. אַ־יאָ, עס קלינגט פריקרע, ווען מען זאָגט „בכבוד'יקן", „פיינעם", צוזאַמען מיטן וואָרט מינסקי? אָבער דער אַלטער מינסקי, מיט זיין הדרת־פּנים, וועלכער האָט געקענט לערנען אַ בלאַט גמרא, איז געווען פאַראינטערעסירט כמעט אין יעדן צדקה־אַנשטאַלט און אונטערנעמונג. און ווען מען פלעגט דערמאָנען דאָס וואָרט מינסקי, האָט עס געהייסן תורה, צדקה. יענער מינסקי האָט זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס וואָרט „מינסקי" זאָל גאָר הייסן נאַקעטע מיידלעך און בורלעסק־וויצן...

דער אַלטער לואיס מינסקי איז געווען אַן אָפטער באַזוכער און גרויסער אָנהענגער פון אידיש טעאַטער. ווען באָרים טאָ־מאַשעווסקי האָט אים פאָרגעשלאָגן צו בויען אַ אידיש טעאַטער אויף דער „עוועניו״, איז אים די זאַך זייער געפעלן געוואָרן און ער האָט געבויט פאַר טאָמאַשעווסקין דעם נעשאָנאַל טעאַטער. ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז דאָס בויט ער פאַר זיך אַ מאָנו־מענט, און ער האָט טאַקע אויף יעדן שטול פון טעאַטער גע־לאָזט אויסקריצן „מינסקי״.


בעסי טאָמאַשעווסקי

יאָסל עדלשטיין האָט גע׳טענה׳ט, אַז פאַר אים איז די באַוערי גוט גענוג, און ער איז פאַרבליבן אין דעם אַלטן פּיפּל׳ס טעאַ־טער.

ער האָט צוזאַמענגע־שטעלט די אַלטע קאָמבי־נאַציע: אַדלער, טאָמאַ־שעווסקי, עדלשטיין. אָבער ניט באָרים טאָמאַשעוו־סקי, נאָר בעסי טאָמאַ־שעווסקי, ווייל דעמאָלט איז שוין מאַדאַם בעסי טאָמאַשעווסקי געווען צע־שיידט פון איר מאַן.

באָרים טאָמאַשעווסקי האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זיין מיט אים און עפענען דעם נייעם נעשאָנאַל טעאַטער. אָבער יעקב פּ. אַדלער, כאָטש אַ דראַמאַטישער שוישפּילער, האָט אַלע מאָל געהאַט איבער מיר די אויבערמאַכט. אפשר דערפאַר, ווייל ער איז געווען דער ערשטער פון דער טעאַטער־וועלט אין אַמעריקע,

וואָס האָט מיך שטאַרק מקרב געווען. און טאַקע ביי יעדער געלעגנהייט, ווען אַדלער האָט מיך גערופן, בין איך געווען גרייט. ווייל אַדלער איז געווען פאַר מיר ניט נאָר אַ סטאַר און אַ די־רעקטאָר, נאָר אַ פריינד און קאָלעגע, כאָטש אין יאָרן איז צווישן אונז געווען אַן אונטערשיד פון זעקס־און־צוואַנציק יאָר.

ווי איך האָב שוין פריער דערציילט, האָב איך צוליב אַד־לערן אויפגעגעבן די געלעגנהייטן צו זיין אין אָסקאַר האַמער־שטיינס גרענד־אָפּערא און אויך אין דער אָפּערעטע אויף בראָד־וויי, און אַזוי אויך, ווען טאָמאַשעווסקי האָט מיך גערופן צו זיין מיט אים בעת דער עפענונג פון דעם נעשאָנאַל טעאַטער, בין איך אַוועק צו אַדלערן אין דעם אַלטן פּיפּל׳ס טעאַטער.

דער אָנפאַנג פון יענעם סעזאָן אין פּיפּל׳ס טעאַטער איז גע־ווען גאָרניט קיין געראָטענער. די ערשטע פּיעסע איז געווען אַ דראַמע פון א. בוקשטיין, „צעבראָכענע געטער", געבויט אויף איבסענס „דער בוי־מייסטער". עס האָט ניט געהאַט דעם גע־וואונטשטן דערפאָלג. דעמאָלט האָט מען אויפגעפירט שוין צום צווייטן מאָל לואי מילערס דראַמע „דער מסור". עס האָט אויך ניט געבליצט (אויף טעאַטער־לשון הייסט עס: עס האָט קיין געלט ניט אַריינגעבראַכט). אָבער אַ ליד, וואָס איך האָב געשריבן צו דער פּיעסע פאַר לאַזאַר פריד, „נאָך ציון", איז פאַרבליבן און געוואָרן כמעט אַ ציוניסטישער הימן. שפּעטער האָט מען אויפ־געפירט אַ מוזיקאַלישע קאָמעדיע „די ווייבערשע מלוכה" פון נ. ראַקאָוו, מיט בעסי טאָמאַשעווסקי אַלס סטאַר, מיט מיינע 18 נומערן מוזיק — און דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן. קיין איינע פון די פּיעסעס האָבן ניט דערלעבט קיין פיר וואָכן. זיי האָבן אַלע געהאַט אַ פריציייטיקן טויט. ביז ס׳איז יאָסל עדלשטיינען, דעם הויפּט־דירעקטאָר און מענעדזשער, נמאס געוואָרן און ער האָט איבערגעלאָזט דאָס גאַנצע טעאַטער. ער איז אַוועקגעפאָרן ערגעץ קויפן אַ פאַרם און געזאָגט, אַז ער וויל מער ניט וויסן פון אידיש טעאַטער. ווילי פאַסטערנאַק, וועלכער איז דעמאָלט

געווען איינער פון די מענעדזשערס, און אויף וועלכן ס׳איז געפאַלן די גאַנצע לאַסט פון טעאַטער, האָט זיך דערוואוסט, אַז מען שפּילט אין נוארק אַ שטאַרקע דראַמע פון זאָלאָטאַרעווסקין, וועלכע האָט אַ גרויסן דערפאָלג. עס איז יום־כּיפּור אין טעאַטער, ווען מען שפּילט די דראַמע. ווייבער חלש׳ן, קינדער קלאָגן, מענער ווישן זיך די אויגן. קורץ, עס איז אַ שרעקלעכע, טרויעריקע דראַמע. מען האָט אַדלערן קוים מיט צרות איינגערעדט צו שפּילן די שרעקלעכע, טרויעריקע דראַמע.

קיינער קען ניט דערקלערן די רעטעניש, ווי אַזוי אַ סוקסעס אָדער דורכפאַל ווערט צעטראָגן איבער נאַכט. און אַמאָל איז שוין אָנגעפּאַקט דאָס טעאַטער גלייך ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג, אַזוי ווי דאָס איז איצט געווען דער פאַל אין פּיפּל׳ס טעאַטער.

אַזוי ווי מען האָט נאָר אַנאָנסירט יעקב פּ. אַדלערן אין „די לעבעדיקע יתומים״, איז די ערשטע נאַכט געווען דאָס טעאַטער כמעט געפּאַקט. און גלייך אויף מאָרגן, שבת ביי טאָג, איז געווען דאָס הויז אויספאַרקויפט — און אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן צוויי־און־צוואַנציק וואָכן. מיר פלעגן זיך וויצלען, אַז די אידן גייען גאָרניט אַהיים — זיי זיצן נאָך פון דער ערשטער פאָרשטעלונג אָן...

יאָסל עדלשטיין, וועלכער האָט ערשט מיט אַ פּאָר טעג פריער פאַרזיכערט, אַז ער וויל פון גאָרניט וויסן און ער מישט זיך גאָרניט אין פאָרט ווערן אַ פאַרמער, און מ׳קאָן טאָן מיטן טעאַטער וואָס מ׳וויל; מען זאָל אים גאָרניט פרעגן, — איז גלייך צו דער דריטער פאָרשטעלונג פון „די לעבעדיקע יתומים״ געקומען אָן אָן אָטעם אין טעאַטער, האָט די אַלע מענעדזשערס און מענעדזשערלעך אַוועקגעשטופּט אָן אַ זייט און גענומען שאַרן גאָלד. און טאַקע פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן זיין נייע קאַריערע אַלס מענעדזשער און דירעקטאָר. ער האָט שפּעטער געקויפט דעם סעקאָנד עוועניו טעאַטער און איז געוואָרן אויפסניי אַ גרויסער נגיד.

יעקב פּ. אַדלער, כאָטש ער האָט געמאַכט גרויסע געשעפטן, שפּילנדיק „די לעבעדיקע יתומים", פלעגט אַרומגיין אַן אומצו־פרידענער, וואָס ער באַדאַרף שפּילן אין אַזאַ ביליקער מעלאָ־דראַמע, און ער האָט געהאַט טענות צו זאָלאָטאַרעווסקין:

— ווער האָט אייך געבעטן אָנצושרייבן די פּיעסע? וואָס וואָלט אייך געאַרט, אַז יאָסל עדלשטיין וואָלט געוואָרן אַ פּאַר־מער?

צוויי־און־צוואַנציק וואָכן נאָכאַנאַנד האָבן ווייבער גע־הלש'ט, קינדער האָבן געוויינט, מענער האָבן זיך געווישט די אויגן. און ווען סטעלאַ אַדלער, די איצטיקע אַמעריקאַנער אַקטריסע, דעמאָלט נאָך אַ קינד, וועלכע האָט געשפּילט אַ קינ־דער־ראָלע אין דער פּיעסע, האָט געזונגען מיינס אַ לידל „ווי איז דיר, ווי דיר, קינדעלע", פלעגט דאָס גאַנצע טעאַטער פאַר־וואַנדלט ווערן אין אַ יום־כיפּור'דיקער שול. בשעת דאָס פּוב־ליקום האָט אַזוי האַרציק געוויינט פון דער פּיעסע, איז יאָסל עדלשטיין אַרומגעגאַנגען אַ פריילעכער, אַ מונטערער, מיט נייע פּלענער פאַרן אידישן טעאַטער און האָט שוין מער ניט גע־טראַכט וועגן ווערן אַ פּאַרמער. פאַרקערט, ביי אים איז שוין זאָלאָטאַרעווסקי געווען אַ גרעסערער דראַמאַטורג ווי שעקספּיר, פּיפּל'ס טעאַטער איז געווען דאָס שענסטע טעאַטער אויף דער וועלט און אידן זיינען געווען די גרעסטע מבינים אויף גוטע פּיעסעס... און איבערהויפּט, פלעגט ער טענה'ן, איז טעאַטער אַ גוט געשעפט, ווען... אידן קומען.

# איזאַדאָראַ דאָנקאַן טאַנצט אויף אַ טיש און עסט קאַנאַרצלעך

כּאָטש יעקב פּ. אַדלער האָט געמאַכט געלט פון דער פּיעסע „די לעבעדיקע יתומים", פלעגט ער דאָך אַרומגיין אַן אומצופרידענער פון זיין ראָלע און פון דער גאַנצער פּיעסע. אָבער אַדלער האָט געהאַט די גרויסע מעלה, אַז ער האָט זיך קיינמאָל ניט געטיילט מיטן פּובליקום מיט זיינע פּערזענלעכע געפילן. אַ גוטע ראָלע, אַ שלעכטע ראָלע, אַן ערנסטע פּיעסע, אַ ביליקע פּיעסע, געזונט, קראַנק — ער האָט אַלע מאָל געדינט טריי זיין פּובליקום און איז אַלע מאָל געווען ערנסט אין זיין שפּילן. איין מאָל דערציילט מיר יאָסל עדלשטיין, אַז ער האָט פּאַרדונגען דאָס פּיפּל'ס טעאַטער צו אַ קאָמיטעט פון ניו־יאָרקער מעצענאַטן מיטן גרויסן באַנקיר און קונסט־ליבהאָבער אָטאָ קאַהן בראש. זיי האָבן עס אָפּגעדונגען פאַר אַ רייע מיטוואָך־בייטאָגיקע פאָרשטעלונגען, אין וועלכע די גרויסע אַמעריקאַנער באַלערינע, איזאַדאָראַ דאָנקאַן, מיט איר באַלעט, וועלכער איז באַשטאַנען פון נאָענט צו הונדערט טענצערינס, און אַ סימפאָנישער אָרקעסטער פון אַריבער 70 מענטשן האָבן אָנטיילגענומען. דער צוועק איז געווען צו באַקענען די איסט־סאַיד מיט קלאַסישער מוזיק און קלאַסישע טענץ, פון וועלכע זי האָט נאָך דעמאָלט ניט געהאַט קיין באַגריף.

איזאַדאָראַ דאָנקאַן האָט דעמאָלט געשאַפן אַ נייע עפּאָכע אין טאַנצן. מען פלעגט זי שטאַרק לויבן און אויך קריטיקירן. עס איז געוואָרן אַ „דאָנקאַן־סקול", אַ „דאָנקאַן־סטיל" און אויך אַ „דאָנקאַן־פראַגע".

זי פלעגט נעמען גאַנצע סימפאָניעס, גרויסע מוזיקאַלישע ווערק, און זיי אויסטייטשן אין אַ טאַנץ; זי פלעגט זיך באַנוצן מיט די ווערק פון די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרן, ווי בעטהאָווען,

מאַצאַרט, שובערט און מענדלסאָן. האָבן זיך אָנגעהויבן דע־באַטעס און מיינונג־פאַרשידנקייטן; אַ טייל קריטיקער האָבן געזאָגט, אַז מיט איר טאַנצן גיט זי אַריין לעבן אין דער סימפּאָ־ניע, און אַז פאַר יעדן מענטשן ווערט די סימפאָניע פאַרשטענד־לעכער מיט איר פּאַרטייטשן, און אַנדערע האָבן געזאָגט פאַר־קערט, אַז מיט איר טאַנצן פאַרשוועכט זי נאָר די הערלעכע סימ־פאָנישע מוזיק, און אַז דאָס טאַנצן שטעלט אָפּ די געדאַנקען און די מוזיק ווערט אַ מיטל צו ריטם און באַוועגונגען פון מענטש־לעכע פיס און קערפּער, און ווייטער ניט מער.

למשל, אין דער זעלבער צייט, וואָס מען האָט זי אין פראַנק־רייך איינפאַך פאַרגעטערט, האָט מען זי אין רוסלאַנד פשוט פון דער בינע פאַרטריבן; אָבער די גאַנצע וועלט האָט געקאָכט מיט איזאַדאָראַ דאָנקאַן; און ווען זי איז צוריקגעקומען קיין אַמערי־קע מיט איר גרויסער אייראָפּעאישער רעקלאַמע, האָט איר אַמעריקע איינפאַך אויף די הענט געטראָגן.

דעמאָלט האָבן די מעצענאַטן געוואָלט ווייזן און באַקאַנט־מאַכן די איסט־סאַיד מיט דער קונסט פון איזאַדאָראַ דאָנקאַנס טאַנצן און האָבן פאַר דעם צוועק אָפּגעדונגען פאַר איין מאָל אַ וואָך פּיפּל׳ס טעאַטער.

מען האָט דעם אַלטן פּיפּל׳ס טעאַטער גערייניקט, געוואַשן, געסקראָבעט, גע׳כשר׳ט, און עס האָט זיך געפילט ווי ערב פסח אין דער אַלטער היים. גאַנצע צוויי וואָכן האָט מען דאָס טעאַ־טער דיזענפעקצירט און פאַרפיומירט. עס האָט זיך געפילט אַ גרויסע נערוועזיטעט, מען האָט געוואַרט אויפן גרויסן יום־טוב; אָבער נערוועזער פון יעדן איינעם איז געווען יעקב פּ. אַדלער. ער פלעגט שרייען: „איר ווייסט, ווער עס וועט אויף די ברע־טער טאַנצן? איזאַדאָראַ דאָנקאַן! די גרויסע אייזאַדאָראַ דאָנ־קאַן וועט זיך אָנטאָן אין מיין דרעסינג־רום!"

דער טאָג איז געקומען. דער גרויסער סימפאָנישער אָר־קעסטער האָט אַ שפּיל געטאָן און דער באַלעט האָט אָנגעהויבן

טאַנצן. דאָס איז אָנגעגאַנגען פון 3 ביז 5 פאַרנאַכט. פּיפּל'ס טעאַטער איז אויף צוויי שעה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַר־נעגי האָל, אָדער, בעסער געזאָגט, אין אַ גריכישן טעמפּל.

דעם זעלבן אָוונט האָט יעקב פּ. אַדלער געשפּילט זאָלאָטאַ־רעווסקים „די לעבעדיקע יתומים". ווי איבערראַשט זיינען מיר געוואָרן, ווען מיר האָבן דערזען זיצן אין באָקס איזאַדאָראַ דאָנ־קאַן, אָטאָ קאַהן און אַנדערע גרויסע פּערזענלעכקייטן. אַדלערס נערוועזיטעט יענעם אָוונט איז געווען ביז משוגעת; ער האָט איינפאַך געוויינט ווי אַ קליין קינד, וואָס דער צופאַל האָט גע־וואָלט, אַז זיי זאָלן אים זען אין אַזאַ ביליקער מעלאָדראַמע ווי „די לעבעדיקע יתומים", און ניט אין זיינע באַליבטע ראָלעס, ווי „שיילאָק", „קעניג ליר", „דער מטורף", „דער ווילדער מענטש", אָבער דאָך האָט ער זיך באַרואיקט, און נאָכן ערשטן אַקט האָט דער גרויסער, ווייסער, מאַיעסטעטישער יעקב פּ. אַדלער געהאַלטן זיין אייגנאַרטיק־אַדלערישן „ספּיטש" און האָט פאָרגעשטעלט די גרויסע געסט, ביז ער האָט געבראַכט צו אַזאַ מאָמענט, אַז איזאַדאָראַ דאָנקאַן איז פון דער באָקס אַרויף אויף דער בינע, און זיי האָבן זיך ביידע שטאַרק צעקושט.

אַזעלכע „ספּיטשעס" און קוש־סצענעס מיט איזאַדאָראַ דאָנ־קאַן האָבן אָנגעהאַלטן פאַר די נעקסטע דריי־פיר וואָכן. זי איז געוואָרן אַן אָפטער גאַסט אין פּיפּל'ס טעאַטער; אַדלער איז, ווי־דער, געוואָרן אַן אָפטער באַזוכער אין איזאַדאָראַ דאָנקאַנס סטו־דיאָ. איך בין מיט אים אַ פּאָר מאָל מיטגעגאַנגען, און עס איז כדאַי צו באַמערקן, ווי די סטודיאָ האָט אויסגעזען. עס זיינען ניט געווען קיין שווערע שטולן, טישן אָדער בענק, נאָר דער גרויסער, לאַנגער צימער איז געווען אָרום און אַרום אָנגעוואָרפן מיט אַלערליי קישעלעך און קליינינקע טישעלעך, אויף וועלכע מען פלעגט סערווירן טיי, אָדער קאַפע, מיט צובייסעכץ, אָבער אַלץ אין קליינעם פאָרמאַט.

איזאַדאָראַ דאָנקאַן מיט אירע טענצערינס פלעגן גיין אָנ־געטאָן (אויב מען קאָן עס אָנרופן אָנגעטאָן) אין זייערע טאַנץ־

קליידעלעך, וועלכע זיינען באַשטאַנען בלויז פון לייכטע הייז־קעלעך, און פלעגן סערווירן און אויפנעמען די געסט. קיין איינע פון זיי איז ניט געגאַנגען, נאָר געשוועבט אין דער לופטן, כמעט ווי ניט אָנרירנדיק די ערד, און עס פלעגט זיך שטעלן די פראַגע צו וואָס באַדאַרף מען אויף דער וועלט שניידערס און שוסטערס, אַז מען קאָן אַזוי לייכט און באַקוועם אַרומגיין.

אַ דאַרער, לאַנגער פראַנצויז, אַ טיכטיקער פּיאַניסט, איז אַלע מאָל געווען גרייט צו שפּילן, און מיטן ריר פון די פּיאַנאָ־ביינדלעך איז דאָס גאַנצע גרויסע, כמעט ליידיקע צימער גע־וואָרן אָנגעפילט מיט באַלעט־טענצערינס, און עס האָט זיך אויס־געדאַכט, אַז די גאַנצע וועלט איז אַ גרויסער טאַנץ־זאַל, און גלייך ווי די פּיאַנאָ האָט אויפגעהערט שפּילן, זיינען זיך אַלע צעגאַנגען אין די ווינקעלעך, געזעסן, אָדער געלעגן באַקוועם און גע־שמועסט וועגן ליטעראַטור, מוזיק, טעאַטער. דאָס וואָכעדיקע לעבן מיט די אַלטעגלעכע פראַגעס האָבן דאָרט ניט געהאַט קיין שליטה.

אַדלער איז געווען ניט גלייכגילטיק צו איזאַדאָראַ דאָנקאַן, און זי האָט אים איינפאַך פאַרגעטערט; ער האָט זי באַצויבערט מיט זיין מאַיעסטעטישער פיגור און אויסזען, און ער האָט צוליב איר אויפגעפירט אַ ספּעציעלע פאָרשטעלונג פון „שיילאָק". דאָס איז געווען אַ יום־טוב׳דיקע פאָרשטעלונג, מיט געהויבענע געסט, צווישן זיי אויך אָטאָ קאַהן. נאָך דער פאָרשטעלונג האָט אָטאָ קאַהן געמאַכט אַ פאָרשלאָג צו גיין אין אַן איסט־סאַידער רעסטאָראַן. מיר זיינען אַלע אַוועק אין אַ רומענישן קעלער ערגעץ־וואו אויף ריווינגטאָן סטריט. אַדלער זאָגט צו מיר:

— זי וועט נאָך ביי מיר טאַנצן אָט דאָ אויפן טיש, און איך וועל מיט איר טאַנצן אַ קאַמאַרינסקע!

נאָכדעם ווי מ׳האָט זיך אָנגעגעסן מיט קאַנאַרצלעך און זיך גוט אָנגעטרונקען מיט עכט־רומענישן וויין, בין איך צוגע־גאַנגען צו דער פּיאַנאָ און האָב אָנגעהויבן צו שפּילן שובערטס

„אַווע מאַריאַ", אין וועלכער דאַנקאַן פלעגט זיך אויסצייכענען מיט איר טאַנצן.

ווען זי האָט דערהערט די טענער פון „אַווע מאַריאַ", איז זי געוואָרן אַ גאַנץ אַנדערער מענטש. זי האָט פון זיך אַרונטערגעוואָרפן איר אייבערשטן לייכטן מאַנטל און איז געבליבן שטיין אין אירע טאַנץ-הייזקעלעך; איר קערפּער האָט זיך גראַציעז אויסגעצויגן; זי איז אַרויף אויפן טיש און האָט געטאַנצט צו דער מוזיק פון „אַווע מאַריאַ".

אַדלער איז צו מיר צוגעלאָפן און מיך געבעטן:

— שפּילט מיר אַ קאַמאַרינסקע, אַן עכט-רוסישע קאַמאַרינסקע!

לאַנגזאַם בין איך איבערגעגאַנגען פון „אַווע מאַריאַ" צו אַ קאַמאַרינסקע. אַדלער איז אַרויף אויפן פלאָר און האָט באַגייסטערט גענומען טאַנצן; זי האָט געגעבן אַ שפּרונג פון טיש אויפן פלאָר צו אַדלערן און ביידע האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אין אַ ווילדן טאַנץ. טאַנצנדיק, האָט זיך אַדלער צעשריגן אויף רוסיש:

— יאַ כאָטשו, טשטאָב וויעס סוויעט זנאַל, טשטאָ יאַ, יאַקאָוו פּאַוולאָוויטש אַדלער, טאַנצויו ס׳איזאַדאָראָי דאַנקאַן! (איך וויל, די גאַנצע וועלט זאָל וויסן, אַז איך, יאַקאָב פּ. אַדלער, טאַנץ מיט איזאַדאָראַ דאַנקאַן!)...

## סערע אַדלער — די נאַטירלעכסטע שוישפּילערין אויף דער אידישער בינע

די גרעסטע קונסט צו שפּילן טעאַטער איז „ניט צו שפּילן טעאַטער" — דאָס הייסט זיין אויף דער בינע נאַטירלעך, רעדן אַזוי ווי ביי זיך אינדערהיים, טאַקע ווי אונזערע זיידעס, באָבעס, טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער און ברידער. אָט דאָס איז די גרעסטע קונסט אין טעאַטער־שפּילן.

סערע אַדלער איז געווען די ערשטע נאַטירלעכע שוישפּי־לערין אויף דער אידישער בינע. איר נאַטירלעכער טאָן פלעגט אייך מאַכן פאַרגעסן, אַז עס שטייט פאַר אייך אַן אַקטריסע, נאָר איר האָט געזען פאַר זיך אַ מענטש, וואָס דערציילט אייך פון זיינע ליידן און פריידן, און איר גלייבט איר, וואָס זי זאָגט און ווען זי שטעלט פאָר.

דאָס מערקווירדיקסטע איז געווען, וואָס איר מאַן, יאַקאָב פּ. אַדלער, מיט זיין אַדלערשן חן, פלעגט אויף דער בינע רעדן שוין גאָרניט נאַטירלעך, מיט אויסגעצויגענע יום־טוב׳דיקע טע־נער. איבערהויפּט אין יענע צייטן האָט כמעט די גאַנצע וועלט־בינע גערעדט אויף האַמלעטישע טענער. אפילו אין לעבן פלעגן יענע אַקטיאָרן רעדן אויף די ספּעציפישע טעאַטער־טענער. אָבער די אַדעסער סאָניעטשקע, די יונגינקע, די פרישינקע, די שיינינ־קע, די אַפּעטיטלעכע, מיט איר קלינגענדיקער סאָפּראַנאָ־שטימע, האָט גערעדט אַנדערש, ווי אירע קאָלעגן שוישפּילער. ווי אַזוי צו איר איז געקומען אין יענער אַטמאָספערע אַזאַ נאַטירלעך שפּילן, אַזעלכע נאַטירלעכע, אמת׳ע טענער, — איז געווען צו באַוואונדערן. און מען מוז זאָגן, אַז „אַן אמת׳ער טאַלאַנט גע־פינט זיין אייגענעם וועג".

אַ געוויסער אַמעריקאַנער זשורנאַל האָט אַמאָל אויסגע־רעכנט אַ ליסטע פון אומגליקלעכע זין פון גרויסע עלטערן, ווי

די זין פון אַלעקסאַנדער דיומאַ, ראַקעפעלער, הענרי פאָרד. זייער אומגליק באַשטייט אין דעם, אַז ווי רייך און ווי פעאיק זיי זאָלן ניט זיין, פאַלט אַוועק זייער פערזענלעכקייט, און לעבן נאָר אינם זכות פון זייערע גרויסע עלטערן.

דאָס זעלבע וואָלט מען געקענט זאָגן וועגן סערע אַדלער. ווי גרויס און גוט זי זאָל ניט האָבן געווען אין אירע ראָלעס, איז זי אַלע מאָל געווען „די פרוי פון יעקב פּ. אַדלער". נעבן אַזאַ ריזיקער פערזענלעכקייט ווי יעקב פּ. אַדלער איז געווען שווער, זייער שווער צו בלייבן זעלבסטשטענדיק.


סערע אַדלער

אין יענער צייט, ווען עס האָבן געקעניגט די פרויען־סטאַרס, ווי קעני ליפּצין און בערטאַ קאַליש — זיי האָבן אַליין אויפגעהאַלטן טעאַטערס, מען האָט געשריבן פאַר זיי פּיעסעס — אין יענער צייט איז סערע אַדלער געווען דער נעבן־סטאַר צו יעקב פּ. אַדלער.

סערע אַדלער האָט זיך אַ סך מאָל געפילט אַזוי ווי די אויבן־דערמאָנטע זין פון די באַרימטע עלטערן, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן געהייסן: „דער זון פון ראַקעפעלער", „דער זון פון הענרי פאָרד". עס האָט פיגורירט יעקב פּ. אַדלער, און סערע אַדלער, די זעלבסטשטענדיקע, נאַטירלעכע קינסטלערין, איז אַלע מאָל

געווען ניט מער ווי „די פרוי פון יעקב פ. אַדלער". זי פלעגט שטאַלצירן מיט דעם טיטל „די פרוי פון יעקב פ. אַדלער", אָבער אַלס קינסטלערין איז עס געווען איר טראַגעדיע. די ערשטע ראָלע, וואָס איך האָב געזען סערע אַדלער שפּילן, איז געווען אין טאָלסטאָיס „תחית המתים" („רעזורעקשאָן"), אַלס „קאַטיושאַ מאַסלאָוואַ".

איך האָב ניט לאַנג פריער געהאַט געזען די „מאַסלאָוואַס". טאַקע די גראָדנער סטודענטקע, סאָניעטשקע, וועלכע איך האָב געטראָפן אין דווינסקער טורמע, פון וואַנען מען האָט זי פאַר־שיקט קיין סיביר. פון סאָניעטשקען איז געוואָרן אַ „מאַס־לאָוואַ". ווען איך האָב געזען סערע אַדלער אין „רעזורעקשאָן", האָב איך פאַר זיך געזען די מאַסלאָוואַ, וועלכע מען האָט ערשט ניט לאַנג פאַר מיינע אויגן געפירט אַ געשמידטע אין קייטן. די נאַטירלעכע טענער פון סערע אַדלער און איר אַרט שפּילן פון יענער פאַרשטעלונג האָט מיך איינפאַך צעבראָכן. עס קען זיין, ווייל עס האָט מיך דערמאָנט אָן דער טרויעריקער פיגור פון מיין געליבטער סאָניעטשקע, אָבער דאָס אַליין איז אַ דער־גרייכונג.

עס האָט מיט איר מיטגעשפּילט אַ זייער גוטע קאָמפּאַניע, און טאַקע אַדלער אַלס „אָפיציר ניעכליודאָוו", אָבער איך מוז צוגעבן, אַז איך האָב אין דעם אָוונט פון „רעזורעקשאָן" געהערט טענער פון „קעניג ליר", טענער פון היסטאָרישע אָפּערעטעס — גאַנץ אַנדערש אָבער סערע אַדלער; זי מיט אירע נאַטירלעכע טענער איז אַוועק פון זיי אַלעמען.

ביים אַנטראַקט האָב איך געפרעגט מיין ברודער איציק, וועלכער פון דער קאָמפּאַניע ס'געפעלט אים אַמבעסטן, האָט ער געענטפערט: „די בעסטע פון זיי אַלעמען איז אַדלערס פרוי". און דער נאָמען „אַדלערס פרוי" איז איר נאָכגעגאַנגען איר גאַנץ לעבן. אָבער מערקווירדיק, דער גרעסטער פּאַטריאָט פון יעקב פ. אַדלערס שפּילן איז געווען סערע אַדלער. זי פלעגט אים

פאַרגעטערן אויף אַזוי פיל, אַז זי פלעגט פאַרגעסן אָן איר איי־גענעם איך.

אַברהם גאָלדפאַדען האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז ער רעכנט, אַז סערע אַדלער איז די בעסטע „שולמית״ כאָטש זי האָט שוין לאַנג ניט געהאַט געשפּילט „שולמית״, האָב איך איר אַמאָל גע־בעטן, ווען זי האָט געשפּילט מיט רודאָלף שילדקרויטן אין „נאָ־ווועלטי״ טעאַטער, אַז זי זאָל איין מאָל שפּילן „שולמית״, ווייל כ׳בין געווען זייער נייגעריק צו זען זי אין דער ראָלע, איבער־הויפּט מיט אַזאַ נאַטירלעכן טאָן ווי אירער. אָבער ווען איך האָב זי געזען שפּילן „שולמית״, האָב איך געהערט גאַנץ אַנדערע טענער, טענער, וואָס ציען זיך אַוועק ווייט, ווייט אין מזרח. אָריענטאַלישע ליבע, אָריענטאַלישע ליידנ־שאַפט. איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז אַזוי האָבן געדאַרפט אונזערע אמהות, שרה, רבקה, רחל און לאה זיך דערקלערן אין ליבע; אַזוי האָבן אַוודאי געקלונגען זייערע באַגעגענישן מיט אונזערע אָבות; און איך האָב געהערט, ווי אַ פרוי, וועלכע איז געזעסן אין דער ערשטער רייע, האָט געזאָגט צו דער אַנדערער: „דאָס איז דאָך יעקב פּ. אַדלערס פרוי״. יאָ, איך האָב אין יענעם מאָמענט געפילט די ניט־באַרעכטיקייט, די עוולה, וואָס דער נאָ־מען „יעקב פּ. אַדלערס פרוי״ טוט צו סערע אַדלער. די נאַטיר־לעכקייט פון סערע אַדלערס שפּילן שפּיגלט זיך אָפּ אין איר לעבן. זי באַזיצט די ברייטקייט און אויפריכטיקייט פון אַ רו־סישן פאָלקס־מענטש. זעלטן־וואו איר געפינט אַזאַ אויפריכטי־קייט ביי אַקטיאָרן. דאָס טעאַטראַלע ניט מיינען דאָס, וואָס מען זאָגט, און ניט זאָגן דאָס, וואָס מען מיינט, די אַלע פינטעפלויש־קעס האָבן פאַר סערע אַדלער ניט עקזיסטירט.

פון איר פריסטער יוגנט, ווען זי האָט איינעם ליב געהאַט, האָט זי עס געזאָגט און אַרויסגעוויזן. און ווידער פאַרקערט. זי האָט זיך ניט געשעמט צו קוקן קיינעם אין די אויגן. זי איז אַלע מאָל געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אירע טאַטן.

ווען זי קומט נאָך איצט אַריין מיט איר האַלב-טאַנצנדיקן, לייכטן גאַנג אין דער אַקטיאָרן-קיבעצאַרניע „קאַפּע ראַיאַל", ווערט דאָס טישל, וואו זי זיצט, באַלד אַרומגערינגלט מיט אַק־טיאָרן און אַקטריסעס, און זי דערציילט שיינע מעשה'לעך, אַמ־מערסטן פון איר „יאַקאָבטשען" (יעקב פּ. אַדלער), און דערנאָך הייבט זיך אָן אַ סדרה פון רוסישע פאָלקס-לידלעך און ראָמאַנסן, און ס'פאַרענדיקט זיך מיט אַ מעשה'לע, אַז עס איז אַמאָל גע־ווען אַ מלוכה מיט אַ קעניג „אַדלער" און אַ קעניגין „סערע", און זי לעבט דעמאָלט נאָך אַמאָל איבער איר אַמאָליקע יוגנט, איר אַמאָליק שטורמיש לעבן, אירע ליבעס, אירע טריאומפן און איר אַמאָליקע טראַגעדיע — „די פרוי פון יעקב פּ. אַדלער" איז היינט איר שטאָלץ, איר גרעסטע פרייד.

זי שפּילט זיך איצט זייער אָפט מיט יעקב פּ. אַדלערן. זי האַלט אים אויף אירע הענט, קושט אים, דריקט אים צום האַרצן, — אָבער נאָר אין געשטאַלט פון איר אייניקל, דעם זונדעלע פון לוטער אַדלער און סילוויאַ סידני, וועלכן זיי האָבן אַ נאָמען גע־געבן נאָך דעם גרויסן שוישפּילער, דעם נשר הגדול, יעקב פּ. אַדלער.

# לעאָן בלאַנק

— שאַ, אידן, דער שמש גייט! אידן, דער שמש איז שוין דאָ! — אַזוי פלעגן קאָלעגן־אַקטיאָרן באַגעגענען לעאָן בלאַנקן. ער פלעגט געבן אַ זעץ אין טיש אָדער אין אַן אַקטיאָרסקער פלייצע און אויסשרייען:

—היינט זאָגט מען „יעלה ויבא".

אויף בלאַנקן פלעגן אַלע מאָל וואַרטן אין זיין דרעסינג־רום אַ פּאָר קאַצאַפּסקע שטיוול מיט אַ קאַצאַפּסקער באָרד, און אַז בלאַנק פלעגט אַרויפכאַפּן — ער פלעגט ניט אָנטאָן, נאָר אַרויפ־כאַפּן — די קאַצאַפּסקע שטיוול מיט דער באָרד, פלעגן די שטיוול און די באָרד קריגן אַ „תיקון", זיי פלעגן ווערן אידישע שטיוול און אַ אידישע באָרד.

די צאַפּלדיקע, פריילעכע, קלוגע, טרוימערישע, אידישע אויגן, די צוויי פּיס אַ ביסל איינגעבויגן פון דעם אידישן נע־ונד, פלעגן אייך דערמאָנען אין אַ היימישן רב, שמש, שוחט, אָדער חזן.

ווען בלאַנק פלעגט אַריינלויפן, — ער פלעגט ניט גיין, נאָר לויפן, שמאַיען, האַווען, — האָט ער מיט זיך מיטגעברענגט־די שול, דעם בית־המדרש און דאָס אידישע בכבודיקע הויז. עס פלעגט ווערן וואַרעם, אַ אידישע וואַרעמקייט; עס פלעגט ווערן ניט בלויז פריילעך און לוסטיק, נאָר טאַקע ששון־ושמחה'דיק, עפּעס אַ אידישע פריילעכקייט.

אַז מען פלעגט אויסשרייען אויף דער בינע: „דער טאַטע גייט!", אָדער: „שאַ, אידן, דער רבי גייט!" — איז איידער נאָך ער פלעגט אָנהייבן רעדן, נאָר בלויז אָנקוקן מיט זיינע דורכ־דרינגלעכע אויגן, האָט מען שוין געוואוסט, וועמען דער טאַטע האָט „ליב" און וועמען — „פיינט". ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק אַזוי ווי ער וואָלט זאָגן

צום פאַרפאַסער פון דער פּיעסע: „דו ווערסט מיך לערנען ווי אַזוי אַ טאַטע אָדער אַ רב רעדט?״ און ער האָט אָנגעהויבן דבר׳ן, געבן לשון, ווערטלעך מיט משלים, אונטערזינגען און צוברומען אַן עכט-אידיש ניגונ׳דל. ס׳האָבן אים קיינמאָל ניט אויסגע־פעלט קיין ווערטער און קיין נגינה און ער האָט זיך געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער.

בלאַנק פלעגט ניט „שפּילן טעאַטער״, נאָר „שווימען טעאַ־טער״. ווי גרויס בלאַנקס ראָלע איז ניט געווען, האָט דער צו־שויער באַקומען דעם איינדרוק, אַז דער איד קאָן פאַרדייען אַ גרעסערע ראָלע, אַ שטאַרקערע ראָלע.

ער איז אַלע מאָל געווען מער ווי זיין ראָלע, וועלכע ער האָט געשפּילט, און אָפט מאָל אפילו מער ווי די פּיעסע, אין וועלכער ער האָט געשפּילט.

בלאַנק איז געווען אַ הערשער, אַ באַפעלער אויף דער בינע. מען האָט זיך קיינמאָל ניט געקאָנט פאָרשטעלן בלאַנקן אין אַ ראָלע פון אַ משרת׳ל, אָדער אַ נעבעכל, נאָר פאַרקערט, אַ איד אַ דעה-זאָגער, אַ בייזער, שטרענגער טאַטע, און דאָך האָט אוי־סער יעקב פּ. אַדלער קיינער ניט געקאָנט אַזוי ווי בלאַנק וויינען, צוזאַמענברעכן, ווי אַ פאָלק פון טויזנטער יאָרן וויינט, יאָמערט און בעט.

די צוויי אידישע דאַרע, לאַנגע הענט, דער שטאַרקער, גרוי־סער און דאָך געבויגענער קערפּער, וועלכער האָט געהאַט איין האָפענונג, אַ משיח-האָפענונג, אָט דאָס האָט צוזאַמענגעשטעלט דעם עכט-ספּעציפיש-אידישן אַקטיאָר לעאָן בלאַנק.

איך זאָג, ספּעציפיש-אידיש, ווייל אַזוי ווי בלאַנק האָט גע־שפּילט טעאַטער — אַזאַ אַרט שפּילן שפּילט מען ניט אויף קיין וועלט-בינע, און טאַקע דאָס איז געווען בלאַנקס גרעסטע מעלה, וואָס ער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם עכט-ספּעציפישן אידיש-אידישן טאַטן, רב, חזן, שמש.

מען פלעגט אָפט הערן זאָגן אַ פּראָפעסער אָדער אַ מענע־דזשער אומגעפּער אַזוי:

— אין מיין קומענדיקער פּיעסע איז דאָ אַ „בלאַנק־ראָלע" — דאָס האָט געמיינט אַ ראָלע, וואָס באַדאַרף זיין „דער טאַטע", „דער רבי", דער, וואָס קאָן זיין ששון ושמחה'דיק געמישט מיט אידישן טרויער, וועלכער איז אַ גרויסער שרייער און דעה־זאָגער ביי זיך אינדערהיים, אין בית־המדרש, און האָט מורא פאַר דער גוי'אישער גאַס. אַ טאַטע, וועלכער הערשט איבער דעם זון, דעם סטודענט, און דער טאָכטער, די סטודענטקע, און האָט מורא פאַרן בילן פון אַ הונט. אַ איד, וועלכער איז מבטל אָפּערע און גוי'אישע נגינה, און רעדט ניט אַרויס דריי ווערטער אָן צו־ברומען אַ אידיש ניגונ'דל.

אָט דאָס אַלץ האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ ראָלע, וואָס נאָר לעאָן בלאַנק האָט געקאָנט שפּילן, און טאַקע דערפאַר איז געווען אַזאַ זאַך, ווי אַ ספּעציפישע „לעאָן בלאַנק־ראָלע".

עס איז מערקווירדיק, אַז דער אַקטיאָר, וועלכער פלעגט אַזוי ריכטיק פאָרשטעלן דעם אידישן טאַטן, רב, חזן, שמש, האָט זיך אין פּריוואַטן לעבן זייער אינטערעסירט מיט אַמעריקאַנער ספּאָרט, ספּעציעל מיט בעיז־באָל — ער איז געווען אַ „בעיז־באָל־פען". לעאָן בלאַנק האָט געוואוסט דעם יחוס פון יעדן בעיז־באָל־שפּילער און ער האָט געהאַלטן חשבון וויפיל האָום־ראָנס דער אָדער יענער בעיז־באָל־שפּילער האָט געמאַכט פאַראַיאָרן און וויפיל אים פעלט נאָך, אָדער וויפיל ער האָט גע־מאַכט מער דאָס יאָר. ער פלעגט אין ניו־יאָרק אָדער אַרומ־פאָרנדיק זומער אויף דער פּראָווינץ — ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט — לויפן צו אַ בעיז־באָל־געים (שפּיל).

עס איז געווען אינטערעסאַנט, ווי דער רב און שמש פלעגן זיך אין אים צעשפּילן אין בעיז־באָל־פּאַרק. ער פלעגט זיך צע־שרייען: „אוי, ווי איז מיר! שיער, שיער, געווען אַ האָום־ראָן" — אָדער: „אידן, איך וועל מיר אַ מעשה אָנטאָן, זיי האָבן פאַר־

לוירן די געים!" — און ער פלעגט זיך צעזינגגען מיט אַ גמרא־ניגון, ווען זיין טים, די „דזשאַיענטס", פלעגן געווינען: „ס'איז מיר גוט, ס'איז מיר וואויל, מיינע באָיעס (מיינענדיק די שפּי־לער), זיינען היינט אין שעיפּ" (אין גוטער פאָרם).

בלאַנק איז אין אַלגעמיין ניט געווען קיין פאַרשלאָפענער איד. ער האָט ליב געהאַט אַ גוטן וויץ, און פלעגט מאַכן אַ וויץ אפילו אויף דער בינע ביים שפּילן, כאָטש ער איז געווען אַן איי־בערגעגעבענער, ערנסטער שוישפּילער.

* * *

דאָס איז געווען אין דעם „דאַטשמערישן" פּעריאָד, ווען מען האָט געשפּילט טעאַטער מיט דעם „זאַגענאַנטן דאַטש". די קאָמפּאַניע, צוזאַמען מיט בלאַנקן, איז אַרויסגעפאָרן אויף איין פאַרשטעלונג קיין פילאַדעלפיע. זיי האָבן געשפּילט אַ פּיעסע, וואָס האָט געהייסן „די פיר הונדערט יאָר". מען האָט די פּיע־סע געשפּילט אין דעם גרויסן אַקאַדעמי אָו מוזיק. די בינע איז דאָרט אפשר אַ פערטל מייל די גרויס. אַזוי ווי אַלע יענע פּיע־סעס, אַזוי אויך די פּיעסע האָט געהאַט אַ קעניג. בלאַנק האָט געשפּילט דעם קעניג. יעקב וועקסלער האָט געשפּילט אַ שוואַרצן, אַ שקלאַף, וועלכער פלעגט באַדינען דעם קעניג. בלאַנק האָט דעמאָלט די ראָלע פון קעניג ניט זייער גוט געקענט און ער האָט געבעטן דעם סופליאָר פאַרן שפּילן: „טאַטעלע, איך בעט דיך, האַלט מיך", וואָס מיינט אויף טעאַטער־לשון: „וואָס דו וועסט זאָגן, וועל איך נאָכזאָגן. אָן דיר בין איך קאַפּוט".

פון קעניגס טראָן, וואו בלאַנק איז געזעסן, ביז צום סופ־ליאָר איז געווען, ווי שוין געזאָגט, אומגעפער אַ פערטל מייל. דער סופליאָר שרייט, אָבער בלאַנק דערהערט ניט. דער סופ־ליאָר שרייט העכער און בלאַנק הערט נאָך וויניקער, ביז וואַ־נען בלאַנק גיט אַ געשריי צו יעקב וועקסלערן (דעם שקלאַף):

„העי, שקלאַפע! קאָם נענטער!" דער שקלאַף פאַלט אויף די קני און זאָגט: „וואָס איז אייער באַפעל, גנעדיקער קעניג?"

דער קעניג ענטפערט שטאָלץ: „לויף גיך צום סופליאָר און ברענג מיר אַ פּאָר ווערטער!"

יאָרן־לאַנג האָט בלאַנק גע'טענה'ט צו זיינע קאָלעגן־אַק־טיאָרן: „חברה, איך האָב מיך פאַרזאָרגט אויף דער עלטער, באַלד־באַלד, נאָך אַ פּאָר יאָר צי איך זיך צוריק פון דער בינע; עס וועט ניט נעמען לאַנג, וועל איך קומען אין טעאַטער מיט מיין ווייבעלע און איר וועט שפּילן טעאַטער פאַר מיר, פאַר לעאָן בלאַנקן!"

אַזוי פלעגט בלאַנק טענה'ן כמעט יעדן טאָג מיט זיין אָפּ־טימיסטישן בליק פאַר דער צוקונפט. אָבער ביסלעכווייז איז בלאַנק געוואָרן אומעטיקער און האָט ווייניקער גערעדט פון זיין אויפגעבן די בינע, און דאָס אָפּטע דערמאָנען וועגן דעם, אַז ער איז פאַרזאָרגט אויף די עלטערע יאָרן — האָט אויך אויפגע־הערט.

מען האָט גענומען שמועסן, אַז בלאַנק האָט אַלץ פאַרלוירן אין ריעל עסטעיט, וואָל סטריט (אויף דער בערזע) און אַזוי שפּעקולאַציע — און ביסלעכווייז האָט דער שטאָלצער בלאַנק צוגעגעבן, אַז ער איז געבליבן אַן אָרעמאַן. ער האָט זיין לאַנג־יאָריקע, שווערע האָרעוואַניע פאַרלוירן אין פאַרשידענע שפּעק־קולאַציעס. ער פלעגט זאָגן: „פאַרפאַלן, מען דאַרף צוריק אָנ־הייבן פון אָנפאַנג".

אהרן לעבעדיעוו און לעאָן בלאַנק האָבן זיך די לעצטע יאָרן פאַר בלאַנקס טויט פאַרהאַלטן זייער קאָלעגיאַל. זיי זיינען גע־ווען אַ צייט די צוויי סטאַרס אין אַ טעאַטער. בלאַנק פלעגט זיך אויסדריקן, אַז לעבעדיעוו איז דער איינציקער אַקטיאָר, מיט וועמען ער וועט זיך טיילן מיט כבוד. אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט האָט בלאַנק גענומען פילן, אַז מען וויל פון אים אַוועקרייסן זיין פּאַרטנער. ער האָט געפילט, אַז דאָס איז דער לעצטער סע־זאָן, וואָס ער וועט זיין מיט לעבעדיעוון. ער האָט ניט געטראַכט דעמאָלט פון טויט, אָבער די טעאַטער־„פּאָליטיק" האָט אַזוי

געפירט, אַז דאָס האָט אַ סך אונטערגעגראָבן זיין געזונט. שטייענדיק אויף דער בינע, האָט בלאַנק געפילט, אַז עס האָט זיך אים אין האַרצן עפּעס אָפּגעריסן, און ער האָט זיך געווענדט צו לעבעדיעוון:

— ברודער אהרן, אַז עס וועט קומען צו מיין פּראָזע, רעד דו פאַר מיר, ווייל איך פיל... אָט־אָ־דאָ... (ווייזנדיק אויפן האַרץ) האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן.

לעבעדיעוו האָט אַזוי געטאָן, און ווען עס זיינען געקומען די ווערטער, וואָס בלאַנק האָט געדאַרפט זאָגן, האָט ער פאַר אים גערעדט. בלאַנק, דערהערנדיק, ווי מען רעדט זיין פּראָזע, האָט זיך געגעבן אַ צי אויס און איז געוואָרן דריי מאָל גרעסער, ווי ער איז געווען, און ער האָט אויסגעשריגן:

— ווער וואַגט עס צו רעדן מיינע ווערטער, אַזוי לאַנג ווי איך לעב? איך בין נאָך גענוג שטאַרק און געזונט, און ווי לאַנג איך וועל לעבן, וועל איך אַליין רעדן מיין פּראָזע און אַליין שפּילן מיינע ראָלעס — און אַזוי שרייענדיק, איז ער איינגעזונ־קען אין אַ שטול, און דאָס איז געווען בלאַנקס לעצט מאָל שפּילן אויף דער בינע.

ווען לעבעדיעוו איז געקומען מבקר חולה זיין בלאַנקן, האָט בלאַנק אים צוגערופן צו זיך און האָט אים געזאָגט אין אַ טאָן קוים צו הערן:

— אהרן, טייערער חבר, עס זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ. זיי ניט אַליין דיין אייגענער מלאך־המות, פאַרגעס ניט, אַז ראָלעס זיינען דאָ אַ סך. אַ סך ראָלעס, אָבער אַ האַרץ, אַ האַרץ, בלויז איינס, בלויז איינס...

# דער ערשטער גרויסער אָרקעסטער
# אין אידישן טעאַטער

כאָטש איך בין שוין אין אַמעריקע געווען פערצן יאָר, און מען האָט מיינע לידלעך געזונגען אין אידישע היימען, אין רומע־נישע קעלערס, און חזנים אין די שולן האָבן מיינע ניגונים גע־זונגען מיט ווערטער פון שבת׳דיקע און יום־טוב׳דיקע תפילות, קאַטערינקעס האָבן פאַרהילכט מיט מיינע ניגונים ניו־יאָרק און זומער — די קאָנטרים, און אַפילו אין אייראָפּע האָט מען שוין געשפּילט און געזונגען מיינע ניגונים, און גאַנצע אָפּערעטעס האָב איך שוין געהאַט פאַרפאַסט אין אַמעריקע — נאָך די אַלע אויבן־אויסגערעכנטע זאַכן, וואָס איך האָב שוין געהאַט אויפגעטאָן אין מיינע ערשטע פערצן יאָר אין אַמעריקע — בין איך דאָך נאָך ניט געווען דער פּאָלשטענדיקער קאָמפּאָזיטאָר ביים אידישן טע־אַטער אין אַמעריקע, ווייל איך האָב נאָך ניט געהאַט די גע־לעגנהייט צו שרייבן מוזיק און אַרבעטן צוזאַמען מיט דעם דע־מאָלטיקן „קעניג פון דער אידישער אָפּערעטע״, באָרים טאָמאַ־שעווסקי.

לואי גאָלדבערג איז דעמאָלט געווען טאָמאַשעווסקיס הויפּט־מענעדזשער. ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט פון אַ אינגל אַ טעאַ־טער־פּאַטריאָט. ער פלעגט אָפט פאַרלאָזן זיינע בעל־הבתישע טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער און אַ פאַרמעגלעך־שיין, אי־דיש הויז און פלעגט אַרומהענגען טאָג און נאַכט אַרום זיין „אַלעקסאַנדער דער קרוינפּרינץ״, זיין „ישיבה־בחור״, זיין „האַמ־לעט״ און איבערהויפּט אַרום דעם רעזשיסער און בויער פון דער דעמאָלטיקער אידישער אָפּערעטע.

גאָלדבערג האָט זיך לאַנגזאַם אַרויפגעאַרבעט צו דער שטו־פּע פון דער ווירדיקסטער פּאָזיציע דעמאָלט ביים אידישן טעאַ־

טער, און דאָס איז — צו זיין באָרים טאָמאַשעווסקיס הויפּט־מענעדזשער.

זיין שטאָלצע מאַמע, וועלכע האָט אויסגעזען און זיך גע־האַלטן ווי קעני ליפּצין אין „מירעלע אפרת”, נאָר העכער און שענער, פלעגט אָפט קומען אין טעאַטער און קלייבן נחת פאַר די צרות, וואָס זי האָט געהאַט פון איר לואי, ווען ער איז אַרומ־געהאָנגען אַרום דעם אידישן טעאַטער.

לואי גאָלדבערג, שוין אַלס טאָמאַשעווסקיס מענעדזשער, פלעגט זוכן נייע וועגן, נייע אויפטועכצן. איין מאָל איז ער צו מיר געקומען און געזאָגט:

— עס איז שוין די העכסטע צייט, אַז איר זאָלט אויפהערן שרייבן מוזיק צו אַדלערס דראַמעס, אָדער אַזוי קליינע אָפּערעט־קעלעך. איר דאַרפט זיין מיט באָרים טאָמאַשעווסקין! — און אַזוי רעדנדיק, זאָגט ער: — קומט אַרויף אין אָפיס פון נעשאָנאַל טעאַטער און מיר וועלן אָפּמאַכן פאַר דעם קינפטיקן סעזאָן.

איך האָב ביז דעמאָלט זייער זעלטן זיך געטראָפן מיט טאָ־מאַשעווסקין, ווייל כמעט אַלע יאָרן בין איך געווען מיט אַדלערן. ווען מיר פלעגן זיך שוין יאָ טרעפן, פלעג איך אים קיבעצן און זאָגן, אַז די זעלבע צאָל כלי־זמרים און כאָר, וואָס שפּילן אין אַדלערס דראַמעס, זיינען אויך אין זיין אַזוי־גערופענער גרויסער אָפּערעטע, און ער פלעגט מיר אַליין צוגעבן, אַז איך האָב רעכט.

טאָמאַשעווסקי איז דעמאָלט שוין געווען אין די הויכע פּופּ־ציקער, און איך בין אַלט געווען אַ יאָר דריי־און־דרייסיק, און דאָך, ווען איך בין אַריינגעקומען אין זיין אָפיס, האָט ער זיך העפלעך אויפגעשטעלט און, דריקנדיק שטאַרק מיין האַנט, גע־זאָגט:

— יונגערמאַן, איך וואַרט שוין אויף דעם מאָמענט זינט איר זענט געקומען אין אַמעריקע. עס האָט גענומען אַ לואי גאָלד־בערג אונז צוזאַמענצוברענגען. קיין זאַך אין דער וועלט וועט אונז ביידע פון איצט אָן ניט צעשיידן. אונזער צוזאַמענאַרבעטן

וועט אויפטרייסלען ניו־יאָרק און אויך די גאַנצע אידישע אַמע־ריקע.

זיינע ווערטער האָבן מיר געגעבן אַ סך מוט, אַז איך זאָל פאַרלאַנגען וואָס איך וויל, איבערהויפּט וואָס איך באַדאַרף, כדי אויפצופירן אַ גרויסע אָפּערעטע.

וועגן מיין לוין פאַרן שרייבן מוזיק און דיריגירן האָב איך גאָרניט געוואָלט רעדן, און ווען טאָמאַשעווסקי אָדער גאָלד־בערג האָבן דורך די גאַנצע דריי שעה צייט, וואָס מיר האָבן גערעדט, מיך געפרעגט, וויפיל איך וויל אַ וואָך, האָב איך גע־זאָגט, אַז איך וויל וועגן דעם גאָרניט רעדן און וועל אַפילו ניט אָפּמאַכן קיין פרייז.

די הויפּט־זאַך, וואָס איך וויל, איז, ערשטנס, אַן אָרקעסטער, וואָס זאָל באַשטיין פון ניט ווייניקער ווי פינף־און־צוואַנציק מוזיקער; צווייטנס, דער אָנגעשטעלטער כאָר פון טעאַטער, אוי־סער זינגען טאָר זיך אַפילו ניט באַוועגן, פון טאַנצן שוין אָפּגע־רעדט. טאַנצן דאַרף אַ באַלעט פון יונגע, שיינע מיידלעך, ניט ווייניקער פון זעכצן; און דריטנס, אַ פּראָדיוסער פון טענץ, גע־דונגען פון בראָדוויי, זאָל אָנפירן מיטן באַלעט, ווייל ביז יענער צייט פלעגט די טענץ אויפפירן דער קאָמיקער אָדער די סוברע־טין פון טעאַטער. מען פלעגט טאַקע אַנאָנסירן „טענצע און מערשע” פון בעריל בערנשטיין אָדער דאָראַ ווייסמאַן.

(עס איז נאָך ביז איצט פאַרבליבן אַן ענלעכע טראַדיציע ביים אידישן טעאַטער, ניט וועגן אויפפירן טענץ, נאָר אַז דער, וואָס האָט דעם ליס פון טעאַטער, אָדער דער סטאָר פון דער קאָמפּאַניע, איז במילא דער רעזשיסער אַנדערע זיינען טאַקע פּעאיק צו דעם, אָבער אייניקע האַלטן זיך בלויז דורכן מנהג).

נאָכדעם ווי איך האָב טאָמאַשעווסקין אויסגערעכנט די אַלע אויבנדערמאָנטע פּונקטן, וואָס איך פאַרלאַנג צו דער גרוי־סער אָפּערעטע, האָט טאָמאַשעווסקי אויסגערופן:

— הער רומשינסקי! מיר שרייבן איצט אין דעם צימער

די געשיכטע פון אידישן טעאַטער. אַ ניי בלאַט ווערט איצט אַריינגעשריבן אין דעם ספר הזכרונות פון אידישן טעאַטער. מען וועט פון היינט אָן ניט מער סקריפּען און האַפּקען אין אידישן טעאַטער, נאָר אַ סימפאָנישער אָרקעסטער וועט שפּילן און אַ באַלעט וועט טאַנצן.

אין דער צייט, וואָס טאָמאַשעווסקי האָט מיט באַגייסטערונג גערעדט וועגן דער צוקונפטיקער גרויסער אָפּערעטע, האָט דער־ווייל לואי גאָלדבערג אָנגעשריבן אַ צעטל אין אידיש, און האָט מיר געוויזן דעם פּרייז פון הונדערט דאָלאַר אַ וואָך, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ זייער באַדייטנדע סומע, ווייל דאָס געהאַלט פון אַ קאָמפּאָזיטאָר אין אַ אידישן טעאַטער איז אין יענע צייטן געווען פון פופציק ביז זעכציק דאָלאַר אַ וואָך. און אויך אַז ער אַנגאַזשירט מיין פרוי, סאַבינאַ לאַקסער, פאַר אַ ניש־קשה׳דיקן פּרייז, כאָטש זי איז געווען אַ דראַמאַטישע שוישפּילערין; דער קלוגער לואי גאָלדבערג האָט פאַרשטאַנען, אַז צוליב שלום־בית דאַרפן מיר זיין אין איין טעאַטער.

מען האָט זיך צעשריבן און גע׳חתמ׳עט, געפרייט זיך און צעקושט זיך, און מען האָט זיך געגעבן דאָס „יאָ־וואָרט", אַז קיין לעבעדיקער מענטש טאָר ניט וויסן פון אונזער אָפּמאַך, ווייל עס איז נאָך דאָ צו שפּילן אין לויפנדיקן סעזאָן דריי חדשים, און עס וועט ניט זיין אָנגענעם די איבעריקע צייט פון סעזאָן — ניט פאַר זיי און אויך ניט פאַר מיר — אויב מען וועט וויסן וועגן מיין אַנגאַזשמענט. איך האָב זיי פאַרזיכערט, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט מיר, וועט קיין מענטש ניט וויסן. ווען איך בין אָבער אַריין אין שטאַרקס קאַפע־הויז, וועלכער איז געווען אַנטקעגן נעשאָנאַל טעאַטער און האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דער איצטיקער „קאַפע ראָיאַל", איז מיר אַנטקעגנגעקומען יאָסל עדלשטיין, ביי וועמען איך בין דעמאָלט געווען אַנגאַזשירט, און האָט צו מיר געזאָגט ברוגז׳דיקערהייט:

— וואָס טויג דיר טאָמאַשעווסקי? וואָס פעלט דיר ביי

מיר? ס'איז דיר ווייך און וואַרעם... — און די אַקטיאָרן האָבן מיר אַלע גראַטולירט. האָב איך פֿאַר זיך געקלערט: „אָט האָט איר אײַך טעאַטער־סודות!"

אין פּיפּל'ס טעאַטער, וואו איך בין דעמאָלט געווען אַנגאַזשירט, האָט מען געשפּילט זאָלאָטאַרעווסקיס אַ מעלאָדראַמע, „פּרײַז פֿון ליבע", מיט מאַקס ראָזנטאַל און בעסי טאָמאַשעווסקי אין די הויפּט־ראָלעס. עס איז געווען פֿון די שטאַרקסטע מעלאָדראַמעס, וואו מען האָט געוויינט און געלאַכט, און אַזוי האָט מען אָפּגעוויינט און אָפּגעלאַכט כמעט אַ גאַנצן סעזאָן מיט דער פּיעסע.

איך האָב געשריבן צו דער מעלאָדראַמע איײניקע נומערן מוזיק, צווישן וועלכע עס איז געווען אַ ליד „דו ביזט אַ טאַטע צו אַלעם גלײַך", פֿון די האַרצרײַסנדיקע לידער, וואָס קריכן אַרײַן אין דער נשמה פֿון די צוהערער.

דאָס ליד „דו ביזט אַ טאַטע צו אַלעם גלײַך" האָבן געזונגען אין דער פּיעסע 2 קינדערלעך, אַ ברודערל מיט אַ שוועסטערל. עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז נאָכן סעזאָן, ווען מען איז אַרויס־געפֿאָרן מיט דער פּיעסע אויף דער פּראָווינץ, האָט די ראָלע פֿון דעם מיידעלע געשפּילט און געזונגען אַ קינד, וואָס מען האָט געדונגען פֿון פֿילאַדעלפֿיע. דאָס קינד האָט געהייסן — מאַלי פּיקאָן.

## מיין אַנגאַזשירן זיך ביי טאָמאַשעווסקין מאַכט אַ ווירקונג אויף מיין פאַמיליע־לעבן

מיט מיין אַנגאַזשירן זיך ביי באָרים טאָמאַשעווסקין פאַרן קינפטיקן סעזאָן האָט זיך געקאָכט די גאַנצע אידישע טעאַטער־וועלט. עס האָט זיך געפילט אין דער לופט, אַז עפּעס אַנדערש וועט דאָ זיין, און ווער רעדט נאָך ווען מען האָט געהערט, אַז עס וועט זיין אַן אָרקעסטער פון עטלעכע און צוואַנציק מענטשן און אַן עקסטראַ באַלעט פון בראָדווייער טענצערינס, האָט עס פאַרשטאַרקט די דערוואַרטונגען פון דער טאָמאַשעווסקי־רומשינסקי־קאָמבינאַציע.

לואי גאָלדבערג האָט זיך גענומען צום אַנגאַזשירן די בעסטע זינגער און זינגערינס, וועלכע עס איז נאָר געווען צו קריגן אין אידישן טעאַטער. אַפילו אויסער ניו־יאָרק האָט מען אויך גע־זוכט עפּעס נייעס פאַר דער נייער טאָמאַשעווסקי־רומשינסקי־אָפּערעטע.

לעאָן בלאַנק האָט דעמאָלט געשפּילט אין שיקאַגאָ, וואו ער האָט זיך געטראָפן מיט אַ זינגער און מאַלאָרוסישן אַקטיאָר, וועלכער איז געווען אַ סאָלדאַט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָט זיך קוים געראַטעוועט דורך כאַרבין, פון דאָרט איבער יאַפּאַן און כינע, און פון כינע קיין אַמעריקע, אין שיקאַגאָ.

טאָמאַשעווסקי האָט אים גלייך אַנגאַזשירט, נאָך איידער ער האָט אים געהערט און געזען, נאָר בלויז אויף בלאַנקס מבינות. דער אַקטיאָר און זינגער איז געווען — דייוויד מעדאָוו.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מיר טאָמאַשעווסקי געלייענט אַ בריוו וועגן די צרות און ליידן, וואָס דייוויד מעדאָוו האָט דער־ציילט וועגן דער וועלט־מלחמה, און טאַקע וואָס ער אַליין האָט מיטגעמאַכט... און ער דערלאַנגט מיר גלייך ווערטער צו אַ ליד, וואָס טאָמאַשעווסקי האָט אָנגעשריבן, און זאָגט:

— איר וועט מאַכן מוזיק צו די ווערטער, און דער אַקטיאָר פון רוסלאַנד, דייוויד מעדאָוו, וועט עס זינגען — וועט עס האָבן דעם גרעסטן בייפאַל.

כ׳האָב זיך גלייך אַוועקגעזעצט ביי דער פּיאַנאָ, טאָמאַ־שעווסקי האָט געלייענט די ווערטער פון ליד, און איך האָב גע־שפּילט. אין פאַרלויף פון אַ האַלבער שעה איז געוואָרן באַשאַפן די מוזיק צום ליד, וועלכעס דייוויד מעדאָוו האָט טאַקע געזונגען און עס האָט געהאַט דעם גרעסטן דערפאָלג. דאָס ליד האָט געהייסן „איך ברענג אייך אַ גרוס פון דער היים״.

טאָמאַשעווסקי איז געווען אַ גרויסער פאַנטאַזיאָר און זייער אַ סענטימענטאַלער מענטש, ווי די מערסטע אַקיטאָרן זיינען. ער האָט עס אָבער באַזעסן אין אַ זייער גרויסער מאָס. מערק־ווירדיק, אָט די שטאַרקע, הויכע, אימפּאָזאַנטע טאָמאַשעווסקי־פיגור איז געווען זייער לייכט אויף טרערן. ביי אַ דראַמאַטישער סצענע פלעגט ער גיסן טרערן, ביי אַ קאָמישער סצענע פלעגט ער לאַכן מיט טרערן. איבערהויפּט מוזיק, אַ מוזיקאַלישע קאָמ־פּאָזיציע, וואָס פלעגט אים געפעלן, פלעגט ביי אים אַרויסרופן טרערן.

דאָס ליד „איך ברענג אייך אַ גרוס פון דער היים״, כאָטש ער האָט עס געשאַפן, און ער אַליין איז געווען אַ גרויסער מנגן און אַ געוועזענער משורר ביי ניסע בעלזער, האָט ער געזונגען מיט אַזוי פיל האַרץ און נשמה, אַז ער האָט דערביי געוויינט ווי אַ ביבער, איבערזינגענדיק עס אַ 10 מאָל. ווען מיר האָבן עס פאַר־ענדיקט, האָבן איך, קוקנדיק אויף זיינע פאַרוויינטע אויגן, גע־זאָגט, אַז ווען ס׳קומט איצט אַריין אַ פרעמדער מענטש, וואָלט ער געמיינט, אַז מיר האָבן זיך, חלילה, געשלאָגן.

ער האָט זיך מיט מיר געזעגנט און געזאָגט:

— דער אָנפאַנג פון אונזער צוזאַמענאַרבעט איז אַ געלונ־גענער. דאָס ליד וועט אַריינדרינגען אין דער נשמה פון יעדן צוהערער. איך פאַר מאָרגן קיין האָנטער אין מיין זומער־

וואוינונג, וואו איך וועל פאַרענדיקן אונזער אָפּערעטע, און וועל באַלד־באַלד שיקן נאָך אייך. איך בין זיכער, אַז מיר וועלן שאַפן אַ נייע עפּאָכע אין אידישן טעאַטער... — און ער איז אַוועק, זינגענדיק דעם ניגון פון „איך ברענג אייך אַ גרוס פון דער היים".

פון דעם ערשטן מאָמענט אָן, וואָס איך האָב אָפּגעמאַכט מיט באָרים טאָמאַשעווסקין, האָב איך געפילט אין מיין פרוי סאַבינע לאַקסער, אַז אַ סטרונע האָט זיך איבערגעריסן אין אונזער פאַמיליע־לעבן. זי איז געווען גענוג אינטעליגענט מיר דאָס ניט אַרויסצואווייזן אָדער צו שטערן מיר, ווייל זי האָט געפילט און געוואוסט, אַז אַלס מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָר וועל איך ביי טאָמאַשעווסקין געפינען דעם ריכטיקן פּלאַץ, וואו איך וועל מיך קענען אויסלעבן און כ'וועל האָבן די געלעגנהייט אַרויסצוווייזן און אָנצושרייבן פיל גרעסערע זאַכן, ווי ביז איצט. אָבער דאָ האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן די פרוי, דער פרויען־אינסטינקט, די נאָך ניט באַגרינדעטע אייפערזוכט, און איבערהויפּט דער אונטערשייד אין אונזערע יאָרן (זי איז געווען פערצן יאָר עלטער פון מיר), כאָטש ביז דעמאָלט האָט דער אונטערשייד אין אונזערע יאָרן ניט געהאַט קיין שלעכטע ווירקונג אויף אונזער גליקלעכן, צופרידענעם פאַמיליע־לעבן.

זי — אַ רואיקע, אַ געלאַסענע; איך — אַן אומרואיקער און ווייט פון זיין געלאַסן. זי האָט גוט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי אומצוגיין מיט אַזאַ פאַרשוין ווי איך. ביי מיינע היציקע טעמפּעראַמענטפולע מאָמענטן (מיין מיינונג איבער טעמפּעראַמענטפולע מענטשן איז אָפּט מאָל אַ סך טעמפּער און ווייניקער פאַרשטענדלעך) — ביי אַזעלכע היציקע, מוזיקאַלישע, טעמפּעראַמענטפולע מאָמענטן פלעגט זי זיך לאָזן ביז... ביז איך פלעג זיך באַרואיקן, און דעמאָלט פלעגט זי זיך האַרציק צעלאַכן, און לאַכן האָט זי געקענט זייער האַרציק, אָבער נאָך האַרציקער — וויינען. זי איז געווען אַ צופרידענע, האָט ווייניק פאַרלאַנגט, אָבער וואָס זי האָט יאָ פאַרלאַנגט און פיל, דאָס איז געווען — רעספּעקט. אָבער

רעספעקט האָט זי ניט באַדאַרפט פאַרלאַנגען. בלויז אָנקוקנ־דיק זי, האָט מען זי געמוזט רעספעקטירן, און איך האָב זי רעספעקטירט. איך האָב אַלע מאָל געמיינט, אַז איך רעספעק־טיר זי מער, ווי איך האָב זי ליב. אָבער שפּעטער, ווען זי איז קראַנק געוואָרן, האָב איך אויסגעפונען, אַז מיין רעספּעקטירן זי איז געווען ליבע, ווייל רעספעקט און ליבע גייען צוזאַמען. אַז מען פאַרלירט דעם רעספעקט איינער צום אַנדערן, פאַרלירט מען אויך די ליבע.

די אומצופרידנקייט פון מיין פרוי מיט מיין אַנגאַזשירן זיך ביי טאָמאַשעווסקין איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג אַלץ מער און מער, און זי פלעגט מיר זאָגן, אַז זי האָט מורא פאַר דער אַטמאָ־ספערע, אין וועלכער איך גיי איצט אַריין.

טאָמאַשעווסקי אַליין, אַ פרייער, פריי אין זיינע פירונגען, זיין פאַמיליע־לעבן אַ צעריסנס, און דערצו נאָך — אַ באַלעט . . . איך האָב געפילט, אַז די פרוי פאַרלירט איר געזונט, און זי ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ אומעטיקער און פאַרלירט איר מוט.

ווען זי וואָלט מיט מיר אָפטער גערעדט און אַרגומענטירט וועגן דעם, וואָלט עס פאַר מיר געווען לייכטער. איך וואָלט איר דערקלערט . . . אָבער זי האָט כמעט אינגאַנצן אויפגע־הערט צו רעדן און איז געוואָרן מעלאַנכאָליש.

איך האָב גענומען מאַכן פלענער וועגן פאַרלאָזן ניו־יאָרק. מען האָט מיר פאָרגעשלאָגן אַ שטעלע, פאַר מיר מיט פרוי, אין פילאַדעלפיע, פאַר אַ בערך גוטן פרייז.

אַזוי ווי דאָס פילאַדעלפיער טעאַטער איז געווען אַ מער דראַמאַטישס ווי אַן אָפּערעטן־טעאַטער, האָט מיין פרוי געהאַט דאָרט אַ בעסערע געלעגנהייט אויסצוצייכענען זיך, ווי איך. בין איך געקומען צו איר מיט דער גוטער בשורה, אַז מיר פאָרן קיין פילאַדעלפיע, וואו זי וועט שפּילן גרויסע, ערשטע ראָלעס. אָבער ווען זי האָט איינגעזען דעם קרבן, וואָס איך וויל ברענגען צוליב איר, אויפגעבן אַלץ, אַבי זי זאָל זיין צופרידן, — האָט דאָס

אַליין זי באַרואיקט אויף אַזוי פיל, אַז ניט נאָר האָט זי ניט גע־וואָלט הערן פון דעם, פון פאַרלאָזן ניו־יאָרק, נאָר זי האָט זיך גענומען שטאַרק אינטערעסירן מיט מיין יעדן נומער מוזיק, וואָס איך האָב אָנגעשריבן. עס האָט געמוזט דורכגיין דורך איר צענזור, ווייל זי איז אַלע מאָל געווען מיין שטרענגסטער, אויפריכטיקסטער קריטיקער.

# טאָמאַשעווסקי דער גוט־באַזיצער

„די פּיעסע איז פּאַרטיק, איך וואַרט אויף אייך", אַזוי האָט זיך געלייענט טאָמאַשעווסקיס טעלעגראַמע, וועלכע איך האָב דערהאַלטן. עס איז געווען אין אָנפאַנג פון אַ זייער קאַלטן חודש יוני.

מיר זיינען אָנגעקומען אַרום פינף אַזייגער פאַרנאַכט. איך זאָג „מיר", ווייל עס איז מיטגעפאָרן דער מענעדזשער לואי גאָלדבערג און אַ פּאָר באַקאַנטע ליטעראַטן. פאָרנדיק אויף דער באַן, האָב איך געפרעגט לואי גאָלדבערגן, צי ער האָט באַשטעלט אַ פּלאַץ פאַר מיר און פאַר אים וואו צו שלאָפן, עס זאָל זיין ניט ווייט פון טאָמאַשעווסקין. קוקט ער מיך אָן און זאָגט:

— איך און איר און די פּאָר מענטשן, וועלכע פאָרן מיט אונז, וועלן שלאָפן און עסן אין טאָמאַשעווסקיס זומער־פּלאַץ, און — זאָגט ער ווייטער — ווען עס וואָלטן געקומען מיט אונז נאָך אַ פּופצן מענטשן, וואָלט אויך געווען גענוג פּלאַץ צו שלאָפן און גענוג שפּייז צו עסן.

די באַן איז געבליבן שטיין ביי אַ קליינער סטאַנציע „האָנ־טער". עס האָט אויף אונז געוואַרט אַן אָפענער, גרויסער, לאַנגער אויטאָמאָביל. דער אויטאָמאָביל האָט אויסגעזען ווי אַ גאַנצע אָפּערעטע, מיט אַלערליי קאָלירן. אַ קליינער, אויסגע־פּוצטער שאָפער האָט זיך צו מיר געווענדט מיט די ווערטער:

— טאָמאַשעווסקי האָט פאַר אייך אָנגעגרייט אַ פּיעסע, אין וועלכער איר וועט האָבן אַ סך אַרבעט, אוי, וועט איר האָבן אַר־בעט! ער האָט עס נעכטן פאַר אונז געלייענט. איך האָב אים געזאָגט, אַז רומשינסקי וועט זיך דאַרפן אונטערגאַרטלען.

לואי גאָלדבערג האָט אים איבערגעשלאָגן:

— נער מאַינד, ס'איז ניט דיינע ביזנעס, פאַר!

פאָרנדיק, דערקלערט מיר לואי גאָלדבערג, אַז דער שאַפער איז אַ טעאַטער־מענטש, טאָמאַשעווסקים אַ געטרייער מענטש, און איז אַ גרויסער פּאַטריאָט פון דעם קאָמפּאָזיטאָר לואיס פרידזועל.

— געוויינלעך, פילט ער זיך ניט באַקוועם, אָבער ער וועט ווערן אייערער אַ פּאַטריאָט, נאָך מער ווי אַ פּאַטריאָט — אַ שקלאַף; ער וועט אייך פירן וואו איר וועט וועלן.

מיר זיינען געפאָרן באַרג־אַרויף ביז מיר האָבן זיך אָפּ־געשטעלט ביי אַ פּריציש טויער, אויף וועלכן עס זיינען גע־ווען גרויסע בוכשטאַבן אין אַ פאָרם פון אַ האַלבער לבנה — „באָריס טאָמאַשעווסקי". אין דער רעכטער זייט פון טויער איז געשטאַנען אַ זומער־טעאַ־טער מיט אַן אָפענער בינע. קענטיק, אַז מען האָט שוין דאָרט לאַנג קיין טעאַטער ניט געשפּילט, שוין געווען אַ ביסל פאַרלאָזן. די דעקאָראַציעס פון דער לעצטער פאָרשטעלונג זיי־נען נאָך געשטאַנען.



באָריס טאָמאַשעווסקי

דאָס טעאַטער האָט אויסגעזען ווי אַ קעניגלעכער פּאַלאַץ, אָבער אין פּאַלאַץ, דאָס הייסט אויף דער בינע, האָט זיך אַרומ־געדרייט אַ בהמה. די קו האָט זיך אַרומגעדרייט אין דעם פּאַ־לאַץ ווי אַ פאַרלאָזטער קעניג, אָן אַ קעניגרייך.

לואי גאָלדבערג האָט מיר דערקלערט אין קורצן, אַז דאָס

פאַרגעניגן אָדער „משוגעת״ צו שפּילן אידיש טעאַטער זומער אין דער קאָונטרי האָט טאָמאַשעווסקין געקאָסט נאָענט צו פופצן טויזנט דאָלאַר.

איך האָב פיל מאָל געלייענט אין דער רוסישער ליטעראַטור וועגן פּאָמיעשטשיקעס (גוט־באַזיצערס), פון זייערע באַקוועמ־לעכקייטן, פון זייערע דינערשאַפטן און פון זייער רייכטום, ווי זיי פלעגן צו די קינדער זייערע ברענגען אין דער „אימעניע״ די לערער, אַפילו מוזיק־לערער, אָבער איך אַליין האָב עס קיין־מאָל ניט מיטגעמאַכט. איך האָב געוואוסט, אַז מען פאָרט זו־מער אין סאָליוואַן קאַונטי, סענטערוויל, עלענוויל, פאָלסבורג, מאָנטיסעלאָ, וואו אָרעמע אַקטיאָרן, ווי סימאָנאָף, מייזל, אַברהם פישקינד, דינגען אַ פּלעצל, און אַקטיאָרן קומען זיך צוזאַמען, מען שפּילט פּאָוקער, פּינאָקל, מען דערציילט זיך גאַנצע נעכט וויצן פון טעאַטער. עסן? אויב עס איז דאָ וואָס — קאָן מען אויך ניט, ביז עס קלינגט ניט דער גלאָק. מען מוטשעט זיך אַזוי אָפּ אַ פינף־זעקס וואָכן, און אַז מען קומט אַהיים, רוט מען זיך ערשט גוט אָפּ.

טאָמאַשעווסקים אויטאָמאָביל איז אַריינגעפאָרן אין טויער און האָט אונז געפירט אַלץ טיפער און טיפער צווישן ביימער און בלומען, און ביי די זייטן — שיינינקע הייזלעך, ביז מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ גאַראַדזש, אין וועלכן עס איז געשטאַנען אַ גרויסע, נאָך גאַנץ שיינע, אויסגעפּוצטע „קאָליאַסקע״ — אַ פריצ׳ישער וואָגן. די פערד פון וואָגן זיינען שוין לאַנג געוועזן טויט. ווען דער גרויסער, רייכער אויטאָמאָביל איז אַריינגע־פאָרן אין גאַראַדזש, האָט ער מיט גדלות געגעבן אַ שטויס דעם נאָך שיינעם פריצ׳ישן וואָגן, און דער שאָפער האָט מיט כעס געזאָגט:

— ווען וועט מען שוין אַוועקנעמען די שטיק שמאַטע פון דאַנען?

ווען מיר זיינען אַראָפּ פון אויטאָמאָביל, איז אונז טאָמאַ־

שעווסקי געקומען אַנטקעגן. איך האָב פאַר זיך דערזען דעם פּאַ־מיעשטשיק, דעם גוט־באַזיצער, און איך האָב מיך דערמאָנט אָן די אימעניעס און די פּאָמיעשטשיקעס, וועגן וועלכע כ׳האָב גע־לייענט אין דער רוסישער ליטעראַטור.

עס האָט זיך ניט געוואָלט גלייבן, אַז אַזאַ פאַרנעם זאָל האָבן דער געוועזענער ברוכ׳קע סאָפּראַן ביי ניסע בעלזער און איצטי־קער אידישער אַקטיאָר. מיר זיינען געגאַנגען צו אַ וועראַנדע, וואו עס האָבן שוין אויף אונז געוואַרט די פּרימאַדאָנע, רעגינאַ צוקערבערג, איר שיין טעכטערל און באָרים טאָמאַשעווסקים זינדלעך.

אַנטקעגן אונז זיינען געווען גרויסע, הויכע בערג. טאָמאַ־שעווסקי האָט מיר אָנגעוויזן אויף איינעם פון די הויכע בערג און געזאָגט:

— איר זעט, הער רומשינסקי, אָט דער באַרג איז אייערער, דאָס קריגט איר אַ מתנה פאַר דער מוזיק צום ליד „איך ברענג אייך אַ גרוס פון דער היים”, און ווען איר וועט אָנשרייבן די מוזיק צו דער גאַנצער אָפּערעטע, וועלן אויך די איבעריקע בערג געהערן צו אייך.

האָט זיך אָפּגערופן טאָמאַשעווסקים אינגסט זונדעלע, טעדי (אַ נאָמען נאָך טעאָדאָר הערצל).

— איט איזנ׳ט טרו, פּאַפּאַ וויל גיוו יו עי ריעל פּרעזענט (עס איז ניט ריכטיק, דער פאָטער וועט אייך געבן אַ ריכטיקע מתנה).

טאָמאַשעווסקי האָט אַרויסגענומען אַ גרויסע, גאָלדענע „פאַונטן־פּען” און געזאָגט:

— דאָס איז פאַר אייער זיסער מוזיק צום ליד „איך ברענג אייך אַ גרוס פון דער היים”, און מיט דער פּען זאָלט איר שרייבן אונזער צוקונפטיקע גרויסע אָפּערעטע.

אויף טאָמאַשעווסקים שוים איז אַרויפגעשפּרונגען אַ קליין הינטל, מיטן נאָמען „ניקי”. טאָמאַשעווסקי האָט אים געגלעט און גערופן „ניקי, מאַי באָי”, און אַנטקעגן טאָמאַשעווסקין איז

געלעגן „דזשעק", אַ יאַגד־הונט, הויך, דאַר, מיט לאַנגע, דינע אויערן, מיט אַ הינטישן, ווירדיקן אויסזען. יעדע באַוועגונג, וואָס טאָמאַשעווסקי האָט געמאַכט, האָט דזשעק מיטגעשפּילט; זײַן גאַנצע הינטישע נשמה און די וואַסערדיקע אויגן זײַנען געווען אָנגעשטעלט אויף זײַן בעל־הבית.

איך האָב ניט געקאָנט לײַדן די פּרעכטיקייט און זיכערקייט, וואָס דאָס קלײנע הינטל ניקי ווײַזט אַרויס שפּילנדיק זיך מיט זײַן בעל־הבית, און ווי ער רײַצט זיך מיט דזשעקן, מיט וועלכן מען האָט זיך אַמאָל אויך אַזוי געשפּילט.

איך האָב פון דזשעקן די אויגן ניט אַרונטערגענומען, ווײַל מיט זײַן הינטיש־אַריסטאָקראַטישן אויסזען האָט ער געמאַכט די גאַנצע אימעניע אויסזען ווי די אימעניעס פון די היימישע רוסישע פּאָמיעשטשיקעס.

איך האָב טאָמאַשעווסקין געפרעגט: „ווי קומט דער הונט צו אײַך?", האָט מיר טאָמאַשעווסקי געענטפערט: „איר מײנט דזשעקן? ער איז שוין בײַ מיר צוועלף יאָר. אַן ענגלישער אַקטיאָר האָט אים מיר געגעבן אַלס אַ מתנה". דזשעק האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף און האָט זיך אויסגעצויגן נאָך לענגער ווי ער איז געווען, ווען ער האָט דערהערט אַרויסרעדן זײַן נאָמען. און ווען טאָמאַשעווסקי האָט געזאָגט צו מיר: „דזשעק איז אָל־ראַיט", האָט דזשעק געגעבן אַ שאָקל מיטן קאָפּ, אַז ער איז אײַנפאַרשטאַנדן מיט זײַן בעל־הבית.

רעגינע צוקערבערג האָט זיך אָפּגערופן:

— דזשעק איז טאַקע אָל־ראַיט, אָבער פאַר די לעצטע פינף יאָר האָסטו אים אינגאַנצן פאַרנאַכלעסיקט, — און זי ווענדט זיך צו מיר: — איר הערט, מיסטער רומשינסקי, מיט דעם הונט דזשעק איז אַ טראַגעדיע, להבדיל, אַזוי ווי מיט אַ מענטשן. אַז ער איז אַ יאַגד־הונט פון בעסערן סאָרט, דאָס קאָן מען זען. ער איז געוואוינט צו גײן אויף יאַגד, און ניט ליגן בײַ אַ אידישן אַקטיאָר. פלעגט זיך אָבער באַרים מיט אים אָפּגעבן די ערשטע

צייט און זיך צאַצקען און שפּיגלען מיט אים, און דזשעק פלעגט קיינעם פון די אַרומיקע הינט ניט צולאָזן אַהער. האָט אַמאָל אַ הונט אַהער פאַרבלאָנדזשעט, איז געווען ווײ צו זיינע יאָרן — ער פלעגט אים צעבייסן און צערייסן. פּאַסירט, אַז מיט פינף יאָר צוריק האָט אים אַן אויטאָמאָביל איבערגעפאָרן, און זינט דעמאָלט האָט ער פאַרלוירן זיינע כוחות און זיין גאַנצן מוט. ניט נאָר לאָזט ער צו אַנדערע הינט, נאָר ער איז צופרידן, אַז מען גיט אויף אים ווען עס איז אַ קוק און מען דערמאָנט זיין נאָמען. דאָס אינטערעסאַנטסטע איז, אַז ביז ער איז קראַנק געוואָרן, פלעגט ער קיינמאָל אין קיך ניט אַריינגיין; איצט ליגט ער איבער אין דער קיך, לאַשטשעט זיך און איז אונטערטעניק צו יעדן איינעם; ער פילט, נעבעך, אַז ער שפּילט שוין ניט זיין הינטישע, ערשטע ראָלע.

ענטפערט טאָמאַשעווסקי:

— אַזוי איז עס, מיין טייערע, ניט אַלע מאָל קאָן מען שפּילן ערשטע ראָלעס.

— יאָ, — זאָגט מיסעס צוקערבערג, — ווײ צום הונט, און להבדיל, צום אַקטיאָר, וועגן וועלכן איר, מענעדזשערס און די־רעקטאָרן, קריגט אַזאַ מיינונג.

איך בין געוואָרן מיט דזשעקן זייער באַפריינדעט, און כדי דזשעקן איבערצוציינגן, אַז איך סימפּאַטיזיר מיט אים און אין מיינע אויגן האָט ער נאָך זיין אַלטן, הינטישן יחוס ניט פאַרלוירן, איז ווען דער קליינער, חוצפּה׳דיקער ניקי איז אַרויפגעשפּרונגען אויף מיין שויס, האָב איך אים גלייך אַרונטערגעוואָרפן, בין צוגעגאַנגען צו דזשעקן, וועלכער איז געלעגן אויף זיינע פאָ־דערשטע, שיינע, דאַרע לאַפּעס, און האָב אים געגלעט איבער זיין שטאָלצן, קראַנקן, דאַרן קערפּער.

„דינער איז רעדי״! אַלע זיינען געווען צופרידן פון דער גוטער בשורה, אַז מען גייט שוין עסן, ווייל די זייער שטאַרקע, פרישע, קאַלטע לופט האָט אונז אַלעמען צענומען און אין דער

זעלבער צייט צערייצט דעם אַפּעטיט. מיר זיינען דורכגעגאַנ־
גען קאָרידאָרן און פאַרבייגעגאַנגען אַ סך צימערלעך, ביז מיר
זיינען אַריין אין גרויסן עס־צימער, וואו עס איז געווען רייך סער־
ווירט אַ לאַנגער, ברייטער טיש. אַ גרויסער פּאָטעל, אַ פּאָטער־
שטול פאַר טאָמאַשעווסקין, אַרום טיש שטולן פאַר עטלעכע און
צוואַנציק פּערזאָן. עס האָט אויסגעזען ווי אַ באַנקעט.

עס האָבן גענומען קומען פון אַלע זייט־טירן מענער, פרויען,
עטלעכע ענגליש־אידישע אַקטיאָרן, צווישן זיי באַרני־בערנאַרד
און אַלעקסאַנדער קאַר. עס איז געווען פאַרנומען יעדער פּלאַץ.

חברה האָט געגעסן און געטרונקען. עס האָט, הלילה,
קיינעם ניט געפעלט קיין אַפּעטיט. פון דער פרישער לופט און
געשמאַקע מאכלים האָט דער עולם זיך גאַנץ פיין אָנגעפּאַקט,
מיך אַריינרעכענענדיק.

רעגינע צוקערבערג האָט טאַקע געמאַכט טאָמאַשעווסקין
אויפמערקזאַם און געזאָגט: „באָריסל, פאַרגעס ניט, דו האַלטסט
דאָך עפּעס אַ דאַיעט; דו שפּילסט דאָך אין דער קינפּטיקער אָפּע־
רעטע אַ ליבהאָבער...” האָט ער געענטפערט: „איך שפּיל
טאַקע אַ ליבהאָבער, אָבער זי וואַרפט דאָך מיך אַוועק און אַנט־
לויפט מיט ראָזנשטיינען” (דער דעמאָלטיקער ליבהאָבער־זינגער
פון טעאַטער).

איך בין געזעסן און האָב זיך נאָך אַלץ ניט געקענט אָפּוואונ־
דערן פון דעם גרויסן, ברייטן פאַרנעם פון דער גאַנצער טאָמאַ־
שעווסקי־אימעניע.

טאָמאַשעווסקי האָט געזען מיין וואונדערן זיך, האָט ער גע־
זאָגט: „הער רומשינסקי מיינט, אַז דאָס איז אַלץ צוליב אים.
ס'איז יעדן טאָג אַזוי”. האָט אים רעגינע צוקערבערג געפרעגט:
„וואָס אַרט דיך, באָריסל, אַז מר. רומשינסקי מיינט, אַז דאָס
איז צוליב אים?” האָט טאָמאַשעווסקי געזאָגט: „ווען ער וועט
ברענגען די מוזיק צו אונזער נייער אָפּערעטע, וועט ערשט
זיין דער ריכטיקער קניאַק”. האָב איך געזאָגט, אַז איך שטעל
מיר גאָרניט פאָר, וואָס עס קען זיין גרעסער און שענער.

נאָכן עסן האָבן מיר פּרובירט גיין צוריק אויף דער ווע־ראַנדע, אָבער עס איז געוואָרן זייער קאַלט און עס האָט געגאָסן אַ דריבנער רעגן.

מיר זיינען דעריבער אַריין אין אַ גרויס צימער, וואו עס האָט געברענט אַ שיין אייוועלע מיט האָלץ. אויפן ברייטן טיש איז געשטאַנען אַ גרויסער רוסישער סאַמאָוואַר מיט געקאָכטער טיי. מיר זיינען אַזוי געזעסן און געשמועסט בערך אַ שעה צייט. דער עולם איז זיך צעגאַנגען. עס איז געבליבן טאָמאַ־שעווסקי, איך, לואי גאָלדבערג און רעגינע צוקערבערג.

טאָמאַשעווסקי איז אַרויף לאַנגזאַם אויף די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צו זיין שלאָפצימער און קאַבינעט. ער איז גלייך אַרונטער נאָך לאַנגזאַמער, מיט צוויי געבונדענע ביכלעך אין שוואַרצע טאָוולען, איינס אַ דיקס, דאָס אַנדערע אַ דינס, און האָט, ווענדנדיק זיך צו מיר, געזאָגט:

— דאָס דיקערע ביכל איז די פּיעסע, און דאָס אַנדערע איז פאַר אייך; דאָרט וועט איר געפינען די ליריקס פון דער אָפּערעטע.

איך האָב גענומען ציטערן, עס איז מיר געוואָרן קאַלט, כאָטש אין צימער איז געווען הייס פון דעם ברענענדיקן אייוועלע און קאָכעדיקן סאַמאָוואַר מיט טיי. איך האָב מיך דערמאָנט אָן די ווערטער, וואָס יאָסל עדלשטיין האָט מיר געזאָגט: „וואָס טויג דיר טאָמאַשעווסקי? וואָס אַרט דיך, אַז דו לעבסט רואיק? ביי מיר איז דיר וויך און וואַרעם", און מיין פרויס ווערטער: „דו מוזט עס מאַכן גאַנצע אָפּערעס? צוויי־דריי נומערן איז ניט גענוג? איך פאַרדין, דו פאַרדינסט. וואָס טויג דיר דער גאַנצער טאַראַראַם?" איך האָב חרטה געקראָגן אויפן גאַנצן געשעפט, דאָס הייסט ניט חרטה געקראָגן, נאָר פּשוט מורא געקראָגן.

כאָטש איך האָב שוין ביז איצט געשריבן מוזיק צו אַ סך פּיעסעס און אייניקע אָפּערעטעס, וועלכע האָבן געהאָט אַ

גרויסן בייפאַל, ווי: „אַ אידיש קינד", „שיר השירים", „כאַנטשע אין אַמעריקע", „אלישע בן אבויה", און נאָך, און נאָך, אָבער דאָס איז אַלץ געווען אָן אַ גרויסן טאַראַראַם. אָבער איצט — טאָמאַשעווסקי אַליין צעפּויקט עס, אַז עס וועט זיין „הימל עפּן זיך" נאָך איידער די זאַך איז געבוירן. ווען טאָמאַשעווסקי האָט גענומען מישן די בלעטלעך פון ביכל, בין איך פון דער קעלט באַגאָסן געוואָרן מיט אַ הייסן שוויים...

טאָמאַשעווסקי האָט געלייענט אין אַן אויסגעצויגענעם האַמ־לעטישן טאָן: „די אָפּערעטע הייסט „דאָס צעבראָכענע פידעלע" פון באָרים טאָמאַשעווסקי, מיט הערלעכער מוזיק פון יאָזעף רומשינסקי". איך האָב זיך אַליין געפרעגט: פון וואַנען ווייסט ער, אַז די מוזיק וועט זיין הערלעך?

איך בין געוואָרן אַזוי פאַרווירט און צעמישט, אַז איך האָב ניט געקענט קאָנצענטרירן מיינע געדאַנקען; זיי זיינען זיך צע־לאָפן אַזוי, אַז איך האָב זיי ניט געקענט צוזאַמענברענגען. פון אַלע כאַראַקטערן און טיפּן, וועלכע טאָמאַשעווסקי האָט גע־לייענט, איז געוואָרן ביי מיר אין קאָפּ אַ מיש־מאַש. איך האָב בלויז געהערט ווי טאָמאַשעווסקי האָט געלייענט אין האַלב „דאַטש":

— איצט קומט אַ גראַנדיעזער, גרויסער אַנסאַמבל; אָדער — איצט קומט אַ הערלעכער ליבעס־דועט... אַ קאָמישער, פריילעכער קוואַרטעט, פון וועלכן דאָס פּובליקום הייבט זיך פון די בענקלעך... און איצט קאָמט אַ ליד, פון וועלכן די אידע־לעך וועלן זיך שטאַרק אויסוויינען, און מען וועט שטורמיש אַפּלאָדירן...

איך קלער ביי זיך: פון וואַנען איז ער אַזוי זיכער, אַז דאָס וועט זיין הערלעך, ביי דער שטעל וועט דאָס פּובליקום „זיך הייבן פון די בענקלעך", און דאַ „וועלן די אידן שטורמיש אַפּלאָדירן". מיט אַמאָל ווענדט זיך צו מיר טאָמאַשעווסקי מיט די ווערטער:

— הער רומשינסקי! איצט הערט זיך איין מיט קאָפּ!

קלער איך זיך ביי זיך: ער ווייסט שוין, אַז איך הער זיך צו אָן קאָפּ. און כ'הער ווי ער זאָגט:

— איצט קאָמט מוזיק פאַר אַ האַלבע שטונדע צייט. עס שפּילט זיך אָפּ אַ סצענע אין אַן אָריענטאַלישן פּאַלאַץ, אין מיטן פּאַלאַץ אַ וואַסער, באַלעט־מיידלעך טאַנצן און שפּיגלען זיך אין וואַסער... איך פּאַק מיין געליבטע... דער געליבטער אַנט־לויפט אין וואַסער... איך שפּרינג גלייך נאָך אים אין וואַסער... און דאָס אַלץ גייט אונטער מוזיק. הער רומשינסקי, די סצענע דאַרף רייסן הימלען... עס באַדאַרף אויפציטערן דאָס גאַנצע טעאַטער! איך בין זיכער, אַז איר וועט אָנשרייבן אַזוינס, וואָס מען האָט נאָך ביז איצט אין אידישן טעאַטער ניט גע־הערט...

איך וויל אויסשרייען: פון וואַנען זענט איר אַזוי זיכער? אָבער רעגינע צוקערבערג האָט איבערגעשלאָגן מיט איר פאָר־שלאָג, אַז מיר זאָלן איצט טרינקען טיי מיט ראָם און פריש־געבאַקענע קיכלעך. עס קלינגען מיר טאָמאַשעווסקיס ווערטער, אַז ביי דער סצענע וועט דאָס גאַנצע טעאַטער אויפציטערן, אָבער דערווייל ציטער איך ווי אַ פיש אין וואַסער...

ביים טרינקען טיי מיט ראָם האָב איך געבעטן טאָמאַשעוו־סקין, אַז ער זאָל מיר מיטגעבן ניט נאָר די ליריקס, נאָר אויך די פּיעסע; האָט ער געזאָגט: „מיטן גרעסטן פאַרגעניגן". איז מיר געוואָרן לייכטער אויפן האַרצן, ווייל איך האָב כמעט ניט געוואוסט, וואָס ער האָט מיר דערקלערט. ווען ער האָט גע־לייענט דעם ווייטערדיקן טייל פון דער פּיעסע, האָב איך מיך שוין וויניקער צוגעהערט, אין מיין קאָפּ האָבן זיך געמישט אָפּ־געריסענע טענער, אַקאָרדן, מעלאָדיעס...

ווען ער האָט געענדיקט לייענען, זיינען מיר נאָך אַ ביסל געזעסן און דערנאָך האָבן מיר זיך געזאָגט איינע די אַנדערע אַ גוטע נאַכט. טאָמאַשעווסקי האָט מיר נאָכגעשריגן: „איך בין

זיכער, אַז עס וועט האָבן דעם גרעסטן בייפאַל!", און איך קלער בײַ זיך: ער איז שוין ווידער זיכער!

דזשעק, דער הונט, מיט וועלכן איך בין געוואָרן אין דער קורצער צייט זייער באַפריינדעט, האָט מיט מיר מיטגעפילט און איז מיר נאָכגעגאַנגען ביז צו דער טיר פון מיין צימער, צוגעשאָקלט מיט זיין פיינעם הינטישן קאָפּ און מיך געטרייסט, אַז עס וועט זיין „אָל־ראַיט"...

## מיין ערשטע גרויסע אָפּערעטע — „דאָס צעבראָכענע פידעלע"

ווען איך בין געקומען צוריק פון טאָמאַשעווסקיס זומער־וואוינונג, האָט זיך מיין פרוי פאַר מיר דערשראָקן און האָט געזאָגט:

— וואָס איז מיט דיר? דו זעסט דאָך אויס שווארצער ווי די טאָוולען פון די צוויי ביכלעך, וואָס דו טראָגסט! (די פיעסע מיט די ליריקס).

איך האָב גאָרניט געענטפערט אויף דעם, נאָר געזאָגט:

— סאַבינע־לעבן, לאָמיר זיך פּאַקן און פאָרן, ווייל איך מוז זיך שוין זעצן שרייבן די מוזיק צו דער אומגעהייער גרויסער אָפּערעטע. איך ווייס ניט, ווען איך וועל פאַרטיק ווערן — עס איז אַ ים מיט מוזיק...

האָט מיין פרוי געענטפערט גאַנץ געלאַסן:

— מען וועט דאָך ניט שפּילן אַ גאַנצע נאַכט טעאַטער! מען וועט דאָך אַמאָל פאַרטיק ווערן! נו, וועסטו אויך פאַרטיק ווערן. אָבער דו האָסט עס אינגאַנצן ניט געדאַרפט, האָסט געקענט לעבן רואיק; האָסט זיך עס אַליין אויסגעקליבן...

איך האָב שוין פון פריער אָפּגערעדט מיט דעם מוזיקער פיליפּ גרינבערג, וועלכער האָט געשפּילט אין מיין אָרקעסטער קלאַרנעט, און האָט געהאַט אַ זומער־פּלאַץ ניט ווייט פון פאַלסבורג, אַז איך קום צו אים מיט מיין פרוי און מיין זונדעלע משה'לע.

מיר האָבן זיך גלייך גענומען פּאַקן. איך בין געפאָרן מיט מיין פרוי און זונדעלע קיין פאַלסבורג ניט אָפּצורוען זיך, נאָר שווער צו אַרבעטן, דאָס הייסט, מאַכן פאַרטיק אַ גרויסע אָפּע־רעטע.

נערוון, נערוון, נערוון — דאָס איז דאָס געצייג, דער מאַ־טעריאַל פון אַ קאָמפּאָזיטאָר און אַ שרייבער. ווען מען שטעלט זיך בויען אַ הויז אָדער אַ שיף, האָט מען פאַר זיך מאַטעריאַל: האָלץ, אייזן, טשוועקעס אאַז״וו. אָבער אַ קאָמפּאָזיטאָר, אַ שרייבער האָט בלויז — נערוון, און פון די נערוון ווערט צוזאַ־מענגעשטעלט זיין שאַפונג, זיין ווערק.

איך בין דעמאָלט געווען אַזוי נערוועז, אַז מען האָט עס גע־קענט אָנרופן האַלב־משוגע. אָבער אַזוי גיך ווי איך האָב זיך געזעצט שרייבן, האָב איך זיך אינגאַנצן באַרואיקט — איך וואָלט עס ניט גערופן „זיך געזעצט שרייבן״, נאָר אַרומגעגאַנגען און געשריבן.

איך פלעג אויפשטיין פינף־זעקס פאַרטאָג, גענומען מיט זיך נאָטן־פּאַפּיר און אַ בליישטיפט, בין אַרומגעגאַנגען צווישן די ביימער און גראָז, וועלכע זיינען נאָך געווען נאַס פון טוי, און פלעג פאַרצייכענען בלויז סקיצן, בלויז מוזיקאַלישע אידעעס. אַזוי פלעג איך אַרומגיין ביז אָנבייסן. נאָך ברעקפעסט פלעג איך די פאַרצייכנטע מוזיקאַלישע אידעעס, שוין זיצנדיק ביי דער פּיאַנאָ, אויסבעסערן און איבערשרייבן אויף ריין.

די איבעריקע צייט פון טאָג פלעג איך אַרויספאָרן, שפּילן לאָטאָ אָדער פּאָוקער. איך בין געווען אַזוי רואיק, אַז מיין פרוי פלעגט טענה׳ן:

— יאָזעף, עפּעס אַרבעטסטו גאָרניט, דו נעמסט זיך עס אַזוי לייכט...

פלעג איך קלערן: „אפשר האָט זי רעכט...״ און איך פלעג זיך פאַרנעמען, אַז מאָרגן וועל איך אַרבעטן שווערער, אָבער די געדאַנקען זיינען געלאָפן שנעלער ווי מיין בלייפעדער, און די גאַנצע אָפּערעטע האָט זיך ביי מיר ניט געשריבן, נאָר אַרויס־געגאָסן. איך פלעג אָפטמאָל ווערן אויף זיך אַליין בייז, וואָס איך לויף אַזוי מיט מיין שרייבן, אָבער די געדאַנקען פלעגן מיר דיקטירן, אַזוי ווי זיי וואָלטן רעדן צו מיר: „וואָס טויג דיר צו קלערן — אַזוי... שרייב...״

איך בין אין צוועלף טעג געוואָרן פאַרטיק מיטן „סקאָר" פון דער גאַנצער אָפּערעטע און איך האָב אַרויסגעשיקט צוויי טעלעגראַמעס: צו טאָמאַשעווסקין און צו לואי גאָלדבערגן, אַז איך בין פאַרטיק מיט מיין אָפּערעטע און כ'פאָר אַרויס.

אויף דער סטאַנציע קינגסטאָן צעטיילן זיך די וועגן פון סאַליוואַן קאַונטי צו גרין קאַונטי, און מען דאַרף וואַרטן אַ שטיקל צייט אויפן צווייטן צוג. האָב איך געשיקט נאָך אַ טעלעגראַמע צו טאָמאַשעווסקין: „איך בין אין קינגסטאָן און פאָר צו אייך". זע איך, ווי דער מאַן, וועמען איך האָב דערלאַנגט די טעלע־גראַמע, שמייכלט אונטער און זאָגט: „עס איז מערקווירדיק, מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט אַ מאַן געשיקט די זעלבע טע־לעגראַמע און אויפן זעלבן אַדרעס". פרעג איך אים: „ווי הייסט דער מאַן?" ענטפערט ער, אַז דאָס איז אים ניט דערלויבט צו זאָגן, נאָר אַזוי ווי די טעלעגראַמע איז אַן אומשולדיקע, וועט ער מיר זאָגן. ער קוקט אַריין אין בוך און זאָגט: „לואי גאָלדבערג". איך קוק מיך אַרום און דערזע לואי גאָלדבערגן. ער דערציילט מיר, אַז ער האָט שוין געקענט זיין אין האָנטער, נאָר ער האָט געוואוסט, אַז איך דאַרף דאָ בייטן דעם צוג, האָט ער ריזיקירט און געוואַרט אויף מיר. ער האָט זיך געוואונדערט, ווי איך בין אַזוי שנעל פאַרטיק געוואָרן, און האָט מיר דערציילט, אַז דער עולם דערוואַרט פון אונז עפּעס אַזוינס און אַזעלכעס, אַז דער געשפּרעך פון אַלע טעאַטער־מענטשן, ציטונגסלייט, פּאַטריאָטן איז אונזער נייע אָפּערעטע. און ער רעדט ווייטער מיט באַ־גייסטערונג, אַז ער האָט שוין אַנגאַזשירט אַ טאַנץ־פּראָדיוסער, דען דאָדי, וועלכער איז גוט באַוואוסט אויף בראָדוויי, און זעכצן מיידלעך פאַרן באַלעט. איך האָב אים קיין וואָרט ניט געענט־פערט און בין געווען זייער רואיק. מיין רואיקייט האָט אים באַאומרואיקט, און ער האָט צו מיר געזאָגט:

— עפּעס זעט איר מיר אויס, אַזוי ווי איר וואָלט גאָרניט געשריבן. איר זענט רואיק, אויסגערוט. איך האָב אייך אי־

בערגעלאָזט מיט קאַרגע צוויי וואָכן צוריק אַ נערוועזן, זייער אַן אומרואיקן. איר האָט דעמאָלט געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק, אַזוי ווי איר וואָלט האָבן חרטה אויפן גאַנצן געשעפט, און איצט — אַ צופרידענער, און אויסגערוטער, און אַפילו אַן אָנגעגעסענער; איר האָט דאָך צוגענומען וואָג...

איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז איך האָב אַלץ פאַרטיק, אָבער לויבן מיינע קאָמפּאָזיציעס קען איך ניט, און איך לאָז עס איבער צו אים.

סעם דער שאָפער איז אונז אַנטקעגנגעקומען מיטן גרויסן אויטאָמאָביל און ער האָט מיך איבערצייגט, אַז כאָטש ער איז פרידזעלם אַ פּאַטריאָט, קען ער גוט אויספייפן מיין נײַ ליד „איך ברענג אייך אַ גרוס פון דער היים".

טאָמאַשעווסקי האָט שוין אויף אונז געוואַרט אויף דער וועראַנדע. ווען דזשעק, דער אַריסטאָקראַטישער יאַגד־הונט, האָט מיך דערזען, זיינען זיינע אויגן געוואָרן פייכטער און ער האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף אויף זיינע צוויי הינטערשטע רגלים — אַ סימן פון פריינטלעכער באַגריסונג.

טאָמאַשעווסקי האָט זיך געוואונדערט ווי איך בין אַזוי שנעל פאַרטיק געוואָרן, און איבערהויפּט וואָס איך זע אויס אַזוי גוט, אַזוי ווי איך וואָלט גאָרניט געהאַט געאַרבעט, נאָר געוועזן אַן אויסגערוטער און גאָר צוגענומען וואָג.

איך זע, ווי מען קלייבט זיך טרינקען טיי. זאָג איך, אַז איך וויל גאָרניט, נאָר אַ ביסל אַרומוואַשן זיך און פאַרשפּילן מיין מוזיק צו דער נייער אָפּערעטע. טאָמאַשעווסקין איז גע־פעלן מיין פּלאַן, און מיר זיינען אַרויס אין סאַן־פּאַרלאָר, וואו אַלץ איז געווען וויים, זומערדיק; די ווענט, דאָס מעבל, אַפילו די פּיאַנאָ זיינען געווען וויים. איך בין געגאַנגען אַרומוואַשן זיך. ווען איך בין צוריקגעקומען, האָב איך געפונען זיצן אייניקע מענטשן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס זיינען געסט, וועלכע טאָמאַשעווסקי האָט איינגעלאַדן צו הערן מיין נייע מוזיק. איך האָב פּראָטעסטירט קעגן דעם, און די געסט זיינען

וועק. אָבער טאָמאַשעווסקין איז ניט געפעלן, וואָס איך האָב זיך דערלויבט צו פּראָטעסטירן קעגן „אים אַליין".

ער האָט מיך געפרעגט אויף דער פּיעסע מיט די ליריקס. איך האָב אים דערלאַנגט ביידע ביכלעך, אָבער איך האָב אים געבעטן, ער זאָל איצט אין זיי ניט אַריינקוקן, איבערהויפּט אין דעם ביכל פון זיינע ווערטער, ווייל איך שרייב „פריי", דאָס הייסט, איך האָב פּראָסט און פשוט זיך דערלויבט איבערצו־דרייען די ווערטער — אַנדערע אַרויסגעוואָרפן, אַנדערע צוגע־שריבן, און איך האָב געזאָגט, אַז די ערשטע אויפגאַבע פון אַ קאָמפּאָזיטאָר איז — ניט צו זיין קיין שקלאַף צו די ווערטער. טאָמאַשעווסקי איז שוין געוואָרן ברוגז, וואָס איך דערלויב זיך צופיל — פריער מיט די געסט און איצט מיט זיינע ליריקס — און ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן. האָב איך אויסגעכאַפּט און געזאָגט: „מר. טאָמאַשעווסקי, איך בין געווען ביי אייך מיט קאַרגע צוויי וואָכן צוריק. איך האָב אייך אויסגעהערט. איך בעט אייך, הערט מיך איצט אויס!" און רעגינאַ צוקערבערג האָט זיך אויך אַריינגעמישט: „באָריסל, מר. רומשינסקי האָט דאָך רעכט. וואָס הייסט, דו באַשטעלסט פרעמדע מענטשן הערן אַ זאַך, וואָס דו אַליין האָסט עס נאָך ניט געהערט? הער אים אויס געדולדיק, וועסטו הנאה האָבן. איך קען מר. רומ־שינסקין. ער האָט פאַר מיר געשריבן 'שיר השירים'."

טאָמאַשעווסקים בחור׳ל הערי, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען אַלט אַ יאָר זעכצן־זיבעצן, האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל דערלויבן זיינס אַ חבר אין מיינע יאָרן צו הערן מיין נייע מוזיק.

עס איז אַריינגעקומען אַ הויך, דאַר בחור׳ל מיט רויטינקע בעקעלעך, וועלכע זיינען געוואָרן נאָך רויטער, ווייל ער האָט זיך פאַרשעמט. ווי איך האָב שפּעטער פעסטגעשטעלט, איז פון דעם הויכן, דאַרן, לאַנגן בחור׳ל מיט די רויטע בעקעלעך שפּע־טער געוואָרן דער גרויסער אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר פון מאָדערנער מוזיק דזשאָרדזש גוירשווין.

## דזשאָרדזש גווירשווין שפּילט די מוזיק פון „דאָס צעבראָכענע פידעלע״ און „שיר השירים״

טאָמאַשעווסקי האָט נאָך ביז דעמאָלט מיין מוזיק ניט גע־הערט, אויסער די ערשטע טעג פון מיין קומען קיין אַמעריקע ביי אים אינדערהיים; און דאָס אויך ניט קיין טעאַטער־מוזיק, נאָר אַזוי קאָמפּאָזיציעס: לידער, ראָמאַנסן און פּיאַנאָ־סאָלאָס. אָבער טעאַטער־מוזיק פון מיר געשריבן, אויסער איין ליד, האָט ער נאָך ביז דעמאָלט ניט געהערט. דערצו איז ער געווען אַ ביסל אָנגעברוגז׳ט אויף מיר. האָט ער אויסגערופן:

— נו, לאָמיר שוין הערן, וואָס ער האָט דאָרט אָנגעשריבן!

נאָך די ערשטע דריי מינוט שפּילן און פאַרזינגען האָב איך געפּילט, אַז איך האָב אים געוואונען און געפּאַקט. זיין באַגייס־טערונג איז געשטיגן מיט יעדער נומער. ווי איך האָב שוין באַמערקט, איז טאָמאַשעווסקי געווען אַ מנגן גדול, אַ געוועזע־נער משורר ביי ניסע בעלזער.

מוזיק פלעגט אויף אים ווירקן ביז טרערן. זיינע באַמער־קונגען, ווען איך האָב געשפּילט, זיינען געווען אומגעפּער אַזעל־כע: „די אידעלעך וועלן זיך פרעגלען אין מוזיק״; אָדער: „אָט דאָ וועלן זיי זיך הייבן פון די בענקלעך״; און: „אָט דאָס וועט זיי רירן ביז טרערן״, און כ׳האָב באַמערקט, ווי טאָמאַשעווסקי אַליין ווישט זיך מיט אַ טיכעלע די אויגן. אַזוי איז עס אָנגעגאַנ־גען די גאַנצע צייט פון מיין פאָרשפּילן און פאַרזינגען פאַר אים, ביז — איך האָב דאָרט געהאַט אַ „מזל־טוב״, וואָס איז ניט קיין נייעס אין אידישן טעאַטער (וועלכע אידישע אָפּערעטע האָט ניט קיין מזל־טוב?). אָבער איך האָב געמאַכט ווי יעדער פון דער פאַמיליע זינגט דעם זעלבן מזל־טוב אויף זיין שטייגער:

דער רוסישער יונגערמאַן זינגט דעם מזל־טוב אין רוסישן כאַראַקטער; דאָס אַלטע פּאָרפאָלק אויף זייער שטייגער, און אַזוי

אַלע פון דער משפחה, אין באַזונדערע טעמפּאָס און באַזונדערן ריטם, כאָטש דער זעלבער ניגון, ביז די יוגנט זינגט דעם זעלבן מזל־טוב אין דזשעז־פאָרם, דער אידישער מזל־טוב מיט אַמעריקאַנער, כמעט אינדיאַנער, ווילדן דזשעז־ריטם. דאָ האָט זיך טאָמאַשעווסקי געגעבן אַ שטעל אויף, אויפגעהויבן ביידע הענט צום הימל און אויסגעשריגן עכט־טעאַטראַליש:

— גאָט! וואָס האָב איך פאַר דיר אַזוינס געטאָן, וואָס דו האָסט מיר צוגעשיקט אַזאַ רומשינסקי?

יענער אויסגעשריי קלינגט מיר נאָך איצט אין די אויערן.

טאָמאַשעווסקי האָט זיך מיט מיר אָפּגערעכנט פאַר ניט וועלן שפּילן צום ערשטן מאָל פאַר זיינע איינגעלאַדענע געסט און האָט מיך געמאַכט שפּילן צוויי־דריי מאָל אַ טאָג די אָפּערעטע פאַר פאַרשידענע געסט, וועלכע ער פלעגט איינלאַדן.

ער פלעגט אויסזוכן געסט פון דער וועלט: ענגלישע, אידישע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן געוואוינט אין יענער געגנט, אַזוי זומער־געסט, באַקאַנטע, שכנים, פאַרמערס, — ביז עס האָבן מיר גענומען ווײ־טאָן די הענט פון אַזוי פיל שפּילן.

די דריי קאָנצערטן אַ טאָג און די באַנקעטן, איך מיין די מאָלצייטן, ווייל, ווי שוין געזאָגט, יעדער מאָלצייט איז געווען אַ באַנקעט, האָבן אָנגעהאַלטן צוויי וואָכן צייט.

טאָמאַשעווסקי איז געווען פון דער נאַטור אַ גרויסער שווערמער, איבערהויפּט ווען ער האָט נאָך געהאַט אַ סיבה דערצו, איז געווען הימל עפן זיך... ער איז יעדן פרימאָרגן געקומען מיט אַן אַנדער פאַנטאַזיע; ער האָט פאַנטאַזירט פון אַ טאָמאַשעווסקי־רומשינסקי אידיש אָפּערע־הויז און וועגן בויען אַ קייט פון טעאַטערס אין כאַרקאָוו־קיעוו־אַדעס.

איך האָב מיין פרוי כמעט יעדן טאָג געשריבן, אַז מאָרגן פאָר איך אַרויס. אַזוי זיינען אַוועק אַ 7־8 מאָרגנס, ביז זי האָט מיר געשריבן, אַז חוץ אַן אָפּערעטע האָב איך אַ ווייב און אַ קינד אויך. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז נאָך דער קאַפּוליער אָנצוהערעניש דאַרף מען גלייך פאָרן אַהיים.

טאָמאַשעווסקי און מיסעס צוקערבערג האָבן מיך באַגלייט מיט דעם גרויסן אויטאָמאָביל צו דער קליינער סטאַנציע. דזשעק דער יאַגד-הונט האָט זיך געגעבן אַ כאַפּ אַרויף אויפן אויטאָמאָביל און איז געשטאַנען מיט גדלות, מיט זיין שיינעם הינטישן קאָפּ פאַרריסן; עפּעס האָט ער געפילט, אַז אַלע זיינען צופרידן, און איבערהויפּט, אַז איך, זיין פריינד, בין צופרידן.

עס זיינען ניט אַוועק קיין צוויי-דריי-טעג, זאָגט מען מיר אָן, אַז מען האָט געזען טאָמאַשעווסקין מיט זיין גרויסן אויטאָמאָביל אין פּאָלסבורג, און כך הוא, עס פאָרט אַריין טאָמאַשעווסקיס אויטאָמאָביל, ער און מיסעס צוקערבערג, אין רייזע-מאַנטלען, מיט בלויע זומער-גלעזער אויף די אויגן, און ער זאָגט צו מיר: „אַזוי איז עס, מיין פריינד, מיר האָט זיך פאַרבענקט נאָך אייך, נאָך אייערע הערלעכע טענער. זינט איר זענט אַוועקגעפאָרן, איז געוואָרן אומעטיק, און אָט זיינען מיר דאָ!"

פיליפּ גרינבערג, דער אידישער כלי-זמר, האָט דערזען דעם גרויסן טאָמאַשעווסקין אויף זיין פאַרם, האָט ער זיך געפילט געשמייכלט. ווייבער, מיידלעך, קינדער, שכנים, פאַרמערס האָבן באַלאַגערט טאָמאַשעווסקיס אויטאָמאָביל, און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט און געהאַלטן אַ ספּיטש, צי זיי ווייסן, וואָס פאַר אַ גרויסער מענטש (מיינענדיק מיך) עס וואוינט מיט זיי אויף איין פאַרם.

מיר זיינען אַריין אין טאַנץ-האָל, וואו עס איז געשטאַנען אַ פּיאַנאָ, און מיר האָבן ווידער געשפּילט און געזונגען. טאָמאַשעווסקי האָט מיר געזאָגט, אַז זיין זונדעלע הערי געפינט זיך אין פּאָלסבורג. ער פאָרט אים זען און בעט מיך, איך זאָל מיטפאָרן. זיינען מיר געפאָרן זען הערין.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קליין הייזקעלע. ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב געהערט אַ פּיאַנאָ שפּילן גאַנצע שטיקער מוזיק פון מיין נייער אָפּערעטע „דאָס צעבראָכענע פידעלע". איך בין געבליבן שטיין און ניט גע-

גלויבט מיינע אויערן וואָס איך הער, און געפרעגט, ווער ס׳האָט געגעבן מיין מוזיק? פון וואַנען קען מען דאָס? מיר זיינען אַריין אין אַ קליין אידיש הייזל מיט אַ פאָרהענגל אין דער זייט; ביי דער פיאַנאָ איז געזעסן דאָס זעלבע בחור׳ל, וואָס הערי טאָ־מאַשעווסקי האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל אים דערלויבן צו הערן מיין מוזיק, וועלכע איך האָב פאָרגעשפּילט צום ערשטן מאָל. הערי, וועלכער איז געזעסן ניט ווייט פון דער פיאַנאָ, האָט געזאָגט: „מיסטער רומשינסקי, דזשאָרדזש געדענקט אויסנ־ווייניק כמעט אייער גאַנצע נייע אָפּערעטע״. איך האָב אים געפרעגט וויפיל מאָל ער האָט עס פון מיר געהערט, האָט ער געזאָגט, אַז בלויז צוויי מאָל, ווייל ער איז אויף מאָרגן גלייך אָפּגעפאָרן.

ער האָט מיר אויך פאָרגעשפּילט מיין מוזיק פון „שיר השי־רים״ און האָט מיר דערציילט, אַז זיין טאַטע־מאַמע זיינען גרוי־סע ליבהאָבער פון אידישן טעאַטער, און ווען זיי גייען, נעמען זיי אים מיט.

ווען כ׳האָב אים שפּעטער ווידער געטראָפן, איז ער שוין גע־ווען דער גרויסער אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר דזשאָרדזש גוירש־ווין. דאָס איז געווען מיט 10 יאָר שפּעטער, טאַקע ביי מיינער אַן אָפּערעטע מיט מאָלי פּיקאָן, „אוי, איז דאָס אַ מיידל!״ ער איז דעמאָלט געקומען מיט זיין ברודער, דעם ליריסט איראַ גוירשווין, און דעם פידל־קאָנצערטיסט מאַקס ראָזן מיט זיין דעמאָלטיקער פרוי, די אָפּערע־זינגערין נאַנעט גילפּערט. איך האָב דזשאָרדזש גוירשווינען געפרעגט, ווי אַזוי ער האָט זיך געמאַכט אַזוי שנעל אַזאַ וועלט־נאָמען. האָט ער מיר געענטפערט מיט די ווערטער:

— אַי ניו ווהאַט אַי וואָנטעד, ענד אַי ווענט פאָר איט (איך האָב געוואוסט וואָס איך וויל, און איך בין געגאַנגען נאָך דעם).

## טאָמאַשעווסקי אַלס דיריזשאָר פון אַ גרויסן אָרקעסטר

שוין ביי די פּראָבעס פון דער אָפּערעטע „דאָס צעבראָכענע פידעלע" האָט זיך געפילט אַ נייער טאָן אין דער אידישער אָפּערעטע — ניט נאָר בלויז אין דער מוזיק, נאָר אין דער גאַנ־צער אויפפירונג און פאַרנעם.

דאָס גאַנצע טעאַטער האָט געקאָכט און וויברירט — אַ באַלעט פון זעכצן יונגע, שיינע בראָדווייער טענצערינס האָבן געמאַכט פּראָבעס באַזונדער. דער טעאַטער־כאָר, וועלכער איז באַשטאַנען פון פערצן גוטע, שיינע שטימען — סיי די מע־נער און סיי די פרויען — האָט שטודירט ניט בלויז ווי אַ טעאַ־טער־כאָר, נאָר ווי אַ גוטער קאָנצערט־כאָר מיט אַלע רעגלען פון שיין זינגען. פּרימאַדאָנעס, ליבהאָבערס — איך זאָג פּרי־מאַדאָנעס, ליבהאָבערס, ווייל עס זיינען געווען צו צוויי אין יעדן פאַך, און שפּעטער זיינען אַפילו געווען פיר פּרימאַדאָנעס אין איין אָפּערעטע, — סוברעטינס, קאָמיקער, כאַראַקטער־קאָמיקער, פאָטער־ און מוטער־ראָליסטן, אַלע, אַלע האָבן געהאַט גענוג צו זינגען און צו זאָגן, געוויינלעך, מער צו זינגען.

אָבער דאָס אינטערעסאַנטסטע איז געווען, אַז שוין ביי דער ערשטער אָרקעסטער־פּראָבע האָבן זיך גענומען אויסזעצן מוזיקער מיט אינסטרומענטן, וועלכע מען האָט נאָך ביז דעמאָלט אין אידישן טעאַטער ניט געזען (און איצט געוויס ניט). אויסער אַ צען־צוועלף פידלען — בעס, טשעלאָס, פלייטן, קלאַרנעטן, אָבאָו (אַן אָריענטאַלישער אינסטרומענט), פאַגאָט, הארף, ענגלישע האָרנס, טרומפּייטן, טראָמבאָנען, טובאַ, טימפּאַנים, פּויקן, פּייק־לעך, און ווען די אַלע געשולטע מוזיקער האָבן אָפּגעשפּילט די אָווערטיור פון דער אָפּערעטע, האָב איך געפילט, אַז טאָמאַ־שעווסקי האָט רעכט געהאַט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז עס פאַנגט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין דער אידישער אָפּערעטע.

דער אינהאַלט פון דער פּיעסע איז געווען פון אַקטיאָרן־לעבן. ווען דער ערשטער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן — איז געווען אַ ליידיקע בינע. מען האָט געזען די נאַקעטע ווענט פון דער בינע. די סצענע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פרי־מאָרגן, ווען די אַקטיאָרן קומען זיך צוזאַמען מאַכן פּראָבע פאַר אַ נייער אָפּערעטע. די בינע־אַרבעטער שטעלן צוזאַמען די דעקאָראַציעס (סינערים) פאַרן פּובליקום אין די אויגן, עס ווערט צוזאַמענגעשטעלט אַ פּאַלאַץ, און אַלץ גייט אונטער געזאַנג, ריטם און מוזיק.

דאָס אינטערעסאַנטסטע איז געווען, ווען טאָמאַשעווסקי האָט באַדאַרפט דיריגירן איין נומער מוזיק מיט דעם גרויסן אָר־קעסטער — אַזוי האָט פאַרלאַנגט זיין ראָלע, וועלכע ער האָט געשפּילט אין דער פּיעסע. איך רעכן, אַז דאָס איז געווען טאָ־מאַשעווסקיס גליקלעכסטער מאָמענט אין לעבן. מיט וואָס פאַר אַ גדלות פלעגט ער דיריזשירן דעם סימפאָנישן אָרקעסטער! מיט וואָס פאַר אַ ברייטקייט פלעגט ער עס אַריינגיין אין אָרקעסטער און זיך אַוועקשטעלן מיטן שטעקעלע אין האַנט, אויפן דרי־זשאָרס פּלאַץ! און אינמיטן דיריגירן — האַנדלט זיך אין דער פּיעסע, — ווען מען קומט אים אָנזאָגן, אַז דער ליבהאָבער איז אַנטלאָפן טאַקע מיט זיין פרוי, האָט ער אויסגעשריגן: „איך וועל שפּילן דעם ליבהאָבער, און מיין פריינד, דער קאָמפּאָזיטאָר הער יאָזעף רומשינסקי, וועט דיריגירן דעם אָרקעסטער”. דע־מאָלט איז טאָמאַשעווסקי דורכגעגאַנגען צווישן פּובליקום און האָט מיר איבערגעגעבן דאָס שטעקעלע.

איך האָב געשפּילט מיטן אָרקעסטער אַן אינטערמעצאָ (צווישן־שפּיל־מוזיק), דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן און די סצענע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אָריענטאַלישן זאַל, מיט אַ וואַסער אין מיטן דער בינע. מיידלעך ליגן אַרום וואַסער און שפּיגלען זיך דערין.

די אָריענטאַלישע פרויען קויפן איבער די דינער און זיי לאָזן

אַריין זייערע ליבהאָבערס, איבערהויפּט „דעם ליבהאָבער". דער פּאַשאַ (באָריס טאָמאַשעווסקי) קומט אָן און פּאַקט דעם ליבהאָבער, וועלכער האָט ניט קיין אַנדער ברירה, ווי שפּרינגען אין וואַסער, אָבער דער פּאַשאַ איז ניט פויל און שפּרינגט אים נאָך אין וואַסער אַריין.

וואָס אָנבאַלאַנגט די פּיעסע „דאָס צעבראָכענע פידעלע", האָט עס געהאַט ניסים פון דער גאַנצער וועלט. דער בעסטער נאָמען פאַר דער פּיעסע וואָלט געווען „טויזנט און איין נאַכט"...

אָבער יעדע סצענע פאַר זיך איז געווען אינטערעסאַנט און איבערהויפּט קאָלירפול. עס האָט געהערשט אַ יום-טוב, אַ פרייד, אַ רייכטום אויף דער בינע. מיט דער אָפּערעטע „דאָס צעבראָכענע פידעלע" איז געוואָרן אַ גרויסע מחיצה צווישן דער אָפּערעטע און דראַמע.

מען האָט דעמאָלט געוואוסט, אַז אַן אָפּערעטע מיינט, אויסער פּרימאַדאָנעס, זינגערס, אויך אַ גרויסן כאָר, באַלעט און נאָך אַ גרעסערן אָרקעסטער.

טאָמאַשעווסקי האָט געהאַט דעם חסרון, וואָס אים האָט קיינמאָל ניט געאַרט די גאַנצקייט פון אַן אָפּערעטע — איך מיין אין דעם גאַנג פון דער פּיעסע — אָבער די מעלה איז געווען, וואָס ער האָט געזוכט וואָס מער צו אַמוזירן דאָס פּובליקום. אַ סצענע אָדער אַ נומער מוזיק, וועלכע זיינען געווען אינטערעסאַנט און גוט, האָט אים ניט געאַרט, צי ס'פּאַסט יאָ אָדער ניט; ער האָט עס אַריינגעשטעלט. ער פלעגט זאָגן: אויף דעם, וואָס איז גוט און אינטערעסאַנט, פרעגט מען קיין קשיות ניט.

עס איז געווען אין דער צייט פון דער וועלט-מלחמה — האָט דייוויד מעדאָוו דערציילט אויף דער בינע טאַקע וואָס מיט אים אַליין האָט פּאַסירט אויפן פראָנט אַלס סאָלדאַט. געווײנלעך אַ טרויעריק און צייטלעך בילד, און ער האָט טאַקע פאַרענדיקט מיטן ליד: „איך ברענג אייך אַ גרוס פון דער היים" — פלעגט דער עולם וועלן הינגעריסן סיי מיט דער סצענע און סיי מיטן ליד.

און אין דער סצענע פון פאַרשידענע וואַריאַציעס פון מזל־טוב, וואו יעדער ווינטשט מזל־טוב אויף זיין שטייגער, פלעגט דעם לעצטן מזל־טוב, וועלכער איז געווען אין דזשעז־פאָרם, אַן עקסצענטריק־טענצערין, אַ הנ׳עוודיק איריש מיידל „סקאַטי״, טאַנצן מיט לעאָן בלאַנק, וועלכער האָט געהאַט אַ פּאָר קרומע אידישע גלות־פּיס; זיי פלעגן איבערטאַנצן דעם נומער קיינמאָל ניט ווייניקער ווי צען מאָל. דאָס טעאַטער האָט איינפאַך גע־דונערט פון אַפּלאָדיסמענטן.

אין לעצטן אַקט האָט טאָמאַשעווסקי געהאַט אַ סצענע פון אַ געפאַלענעם אַקטיאָר, וועלכער געפינט זיך אין אַ ביליקן שענק שיכור, ווייל זיין פרוי האָט אים פאַרלאָזן. ער האָט דאָרט געזונגען אַ ליד: „מאַמע, קום צוריק אַהיים, קום צו דיינע קינ־דער!״

איך האָב אים אַמאָל געפרעגט, צי ער מיינט עס, ווען ער זינגט דאָס ליד, האָט ער מיר געענטפערט: „איר באַדאַרפט פילן אין מיין זינגען מיט מיין האַרץ און נשמה, אַז איך מיין עס״, און ער האָט מיך געפרעגט, צי בעסי (טאָמאַשעווסקי) ווייסט פון דעם ליד.

אין באַלעט פון „דאָס צעבראָכענע פידעלע״ האָבן אַרוים־געשיינט צוויי יונגינקע שיינינקע מיידעלעך מיט גרויסע שוואַר־צע אויגן — דאָס זיינען געווען לוסי און בעלאַ פינקל.

לוסי איז שפּעטער געוואָרן אַ פּרימאַדאָנע און בעלאַ האָט אין דער זעלבער אָפּערעטע, אין דער לעצטער שענק־סצענע, געשפּילט אַ ראָלעכל אַלס אַן אומגליקלעכע, וואו זי האָט באַוויזן אַ נאַטירלעכן דראַמאַטישן טאַלאַנט.

# איך און טאָמאַשעווסקי צעקריגן זיך איבער אַ צילינדער־הוט

מיר האָבן זיך גענומען קלייבן אַרויספאָרן איבער אַמע־ריקע מיט דער גרויסער אָפּערעטע „דאָס צעבראָכענע פידעלע״. טאָמאַשעווסקי פלעגט טענה׳ן: „זאָלן די אידן פון דער פּראָווינץ אויך הנאה האָבן!״

עס זיינען אַרויסגעפאָרן אַקטיאָרן, אַקטריסעס, דער כאָר, באַלעט, סינערי־אַרבעטער, קאָסטיומערס, מענעדזשערס — צו־זאַמען נאָענט צו פופציק פּערזאָן. וואו מיר זיינען געקומען, האָט שוין געוואַרט אויף אונז אַ גרויסער אָרקעסטער. די אידן פון דער פּראָווינץ האָבן איינפאַך זייערע אויגן און אויערן ניט געגלייבט, וואָס זיי זעען און הערן. די טעאַטערס זיינען געווען געפּאַקט, אָבער ס׳האָט ניט געקלעקט די חלה אויף דער המוציא. די אומגעהייער גרויסע אויסגאַבעס האָבן אַלץ אויפגעגעסן. נאָר איין גליק איז נאָך געווען, וואָס מיר זיינען פאַרבליבן וואָכן אויף איין פּלאַץ. אין פילאַדעלפיע האָבן מיר געשפּילט פיר וואָכן, אין שיקאַגאָ — זעקס וואָכן. טאָמאַשעווסקי האָט זיך גע־פּרעגלט אין נחת, ווייל די אַמעריקאַנער פּרעסע האָט אים פאַר־גליכן צו זייערע מענעדזשערס, אַזוי ווי זיגפילד, שובערט; און אין שיקאַגאָ האָט איין צייטונג געשריבן, אַז דאָס איז אַ אידישע אָפּערע־קאָמפּאַניע. אַז טאָמאַשעווסקי האָט דאָס דערזען, איז ער געווען אין זיבעטן הימל און האָט געזאָגט: „איר זעט, מיין נביאות ווערט פאַרווירקלעכט; אַ אידישע אָפּערע־קאָמפּאַניע — אָט דאָס איז מיין ציל!״

אַלס אַן פאַנטאַזיאָר און עקסצענטריק, פלעגן טאָמאַשעוו־סקין איינפאַלן מאָדנע געדאַנקען; ער פלעגט זיך אָבער איינ־שפּאַרן ווי אַ קליין קינד און פלעגט זיינס דורכפירן.

אין דער שטאָט באָפאַלאָ האָט ער זיך דערוואוסט, אַז עס איז דאָ אַ האָטעל, וועלכער הייסט „האָטעל קליוולאַנד", אַ נאָמען נאָכן פּרעזידענט גראָווער קליוולאַנד, וועלכער איז טאַקע געבוירן אין באָפאַלאָ, און אין דעם האָטעל איז פאַראַן אַ צימער מיט אַ בעט, אין וועלכן עס איז געשלאָפן דער פּרעזידענט גראָווער קליוולאַנד. האָט טאָמאַשעווסקי זיך איינגעשפּאַרט, אַז ער מוז שלאָפן אין דעם פּרעזידענטס בעט. גראָד האָט אָבער פּאַסירט, אַז דאָס צימער איז געווען פאַרנומען. איז ער אַליין געגאַנגען בעטן דעם מאַן, אַז ער זאָל אים דערלויבן איין נאַכט צו שלאָפן אין דעם בעט, און ער האָט זיינס אויסגעפירט. צומאָרגנס גאַנץ פרי האָט ער מיר אָנגעקלונגען: „קומט זעט ווי איך שלאָף אין פּרעזידענטס בעט!" ווען איך בין אַריינגעקומען, האָב איך געזען פאַר זיך אַ גאַנץ איינפאַך, ברייט, גרויס בעט מיט אַ צעטל: „דאָ איז געשלאָפן דער 24טער פּרעזידענט פון אַמעריקע, גראָווער קליוולאַנד". אָבער איצט איז אין בעט געלעגן אַ גרויסער, באַיאָרנטער איד, וועלכער האָט זיך געפרייט ווי אַ קליין קינד מיט אַ צאַצקע...

און אין שיקאַגאָ האָט ער נאָר געוואָלט איינשטיין אין האָטעל „ברעיקסטאָן", ווייל מיט אַ פּאָר וואָכן פריער איז אין דעם זעלבן האָטעל איינגעשטאַנען דער דעמאָלטיקער פּרעזידענט וואודראָו ווילסאָן. אָבער די זעלבע צימערן האָט ער ניט געקענט באַקומען, ווייל גראָד דעמאָלט איז די מעטראָפּאָליטן אָפּערע קאָמפּאַני געווען אין שיקאַגאָ, און אין די צימערן, וואו וואודראָו ווילסאָן איז אַמאָל איינגעשטאַנען האָט געוואוינט ענריקאָ קאַרוסאָ. טאָמאַשעווסקי איז ניט געווען צופרידן, וואָס ער האָט ניט געקענט באַקומען די זעלבע צימערן, אָבער ער פלעגט זאָגן מיט גדלות: „אין דעם זעלבן האָטעל, וואו עס האָט געוואוינט ערשט ניט לאַנג פּרעזידענט ווילסאָן, וואוינט אַ אידישער אַקטיאָר מיט אַ אידישן קאָמפּאָזיטאָר, און זאָל מען וויסן, וואָס אַ אידיש טעאַטער קען זיך דערלויבן!"

איך פלעג מקנא זיין די קאָמפּאַני, וואָס האָט געוואוינט אין אַ קאָמערציעלן האָטעל, וואו עס האָט וויברירט מיט לעבן, בשעת דער ברעיקסטאָן האָטעל איז געווען צו אַריסטאָקראַטיש, צופיל אָנגעצויגן. מען האָט ניט געזען קיין יונגן מענטשן און מען האָט ניט געהערט קיין הויך וואָרט. אַזוי ווי מיר האָבן געשפּילט אין שיקאַגאָ זעקס וואָכן, האָב איך טאַקע אויף דער צווייטער וואָך זיך אַריבערגעצויגן וואו עס איז געווען פריילעך און ס׳האָט געשפּריצט מיט לעבן. אָבער טאָמאַשעווסקי איז פאַרבליבן די גאַנצע צייט אין דעם זעלבן האָטעל, וואו עס האָט ניט לאַנג צוריק געוואוינט דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט וואוד־ראָו ווילסאָן.

איין מאָל האָב איך שפּאַצירט מיט טאָמאַשעווסקין איבער וואַבאַש עוועניו. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ געשעפט פון פאַרשידענע מענער־קליידער, הוטן, שיך, העמדער — איינעם פון די גרעסטע געשעפטן אין שיקאַגאָ. באַטראַכטנדיק אַזוי דאָס שיינע, געשמאַקפול־אויסגעפּוצטע פענסטער מיט אַלערליי שיינע קליידער און זאַכן, האָט צו מיר טאָמאַשעווסקי געזאָגט:

— הער רומשינסקי, פון היינט אָן וועלן מיר ביידע גיין אָנגעטאָן די זעלבע קליידער, אין דעם זעלבן קאָליר, מיטן זעלבן שניט, אַזוי ווי איין מענטש, און אויך אַ צילינדער־הוט („האַי־העט״).

איך האָב מיך שטאַרק צעלאַכט. זאָגט ער צו מיר: „איך מיין עס ערנסט. קומט אַריין״. איך האָב נאָך אַלץ גערעכנט, אַז ער שפּאַסט, און כ׳האָב געזאָגט: „איר שטעלט זיך פאָר מיך מיט מיין פיגורל אין אַזעלכע שרייענדיקע קאָלירטע קליידער ווי אייערע, און נאָך אַ צילינדער־הוט דערצו?״ זאָגט ער שוין אַ ביסל בייזלעך: „הייבט זיך אָן מיט די היינטיקע. אַן אַרטיסט דאַרף אויסזען ווי אַן אַרטיסט. עס באַדאַרף אויף אים ליגן דער אַרטיסט. מען דאַרף זען פאַר צען בלאָק, אַז דאָרט גייט אַן אַר־טיסט. דאָס פּובליקום פאַרלאַנגט עס, דאָס פּובליקום וויל עס.

אָבער איצט מישט מען זיך אויס אַלע צוזאַמען און עס ווערט איין קופּע״...

איך אַרגומענטיר, אַז מען קאָן זיין אַ גרויסער אַקטיאָר און אויך אַ גרויסער קאָמפּאָזיטאָר, אויב מען האָט נאָר טאַלאַנט, און ניט טראָגן קיין צילינדער. זיינען מיר ביידע ווייטער געגאַנגען, ניט רעדנדיק קיין וואָרט. מיט אַמאָל האָב איך מיך שטאַרק צעלאַכט. איך האָב מיך דערמאָנט, וואָס פאַר אַ פּנים איך וואָלט געהאַט אין אַ צילינדער־הוט.

ביינאַכט, נאָך דער פאָרשטעלונג, האָבן מיר ביידע ווידער שפּאַצירט ביז שפּעט, ווייל עס איז געווען אַ הייסע נאַכט צו גיין שלאָפן. אַזוי ווי עס איז שוין אַלץ געווען צוגעמאַכט, זיינען מיר אַריין אין אַ קליינער, ביליקער קאַפעטעריע עפּעס טרינקען. אַמעריקאַנער חברה־לייט, וועלכע זיינען געזעסן האַלב־שיכור־לעך, האַלב־פאַרשלאָפן, האָבן דערזען אַריינמאַרשירן טאָמאַשעוו־סקין אין אַ צילינדער־הוט, האָבן זיי אים באַגעגנט זינגענדיק דאָס באַקאַנטע אַמעריקאַנער לידל: „ווהער דיד יו געט דהאַט העט?״. זאָג איך צו טאָמאַשעווסקין: „נו, און איר ווילט, אַז איך זאָל אָנ־טאָן אַ צילינדער־הוט!״...

# יאָסעלע ראָזנבלאַט

ווען איך בין געווען אַ אינגל פון אַ יאָר 9—10, פלעגט מיר מיין טאַטע זאָגן: „דו הערסט, יאָשטשיקל, אַז דו וועסט זיין אַ גוט אינגעלע, וועל איך דיך נעמען הערן דעם נייעם מגיד". (איך פלעג שוין צו מיין זונדעלע, משה'לע, זאָגן גאַנץ אַנדערש: „אַז דו וועסט זיין אַ גוט באָיטשיקל, וועל איך דיך נעמען צו אַ באַל-געים").

די פאַרגעניגנס-פלעצער, וואו מיין טאַטע פלעגט מיך נעמען, זיינען געווען: אַ סיום-התורה, אַ סיום ש"ס, הערן אַ מגיד.

מיין טאַטנס באַמערקונגען, ווען ער פלעגט הערן אַ מגיד, זיינען געווען אומגעפער אַזעלכע: „עס שיטן זיך אים פערל פון מויל; אוי, האָט ער אַ מענה-לשון!" אָדער ער פלעגט זיך ווענדן צו מיר: „גיב אַ קוק, מיין קינד, ער האָט דאָך אַ צלם אלקים".

אויף דער לעצטער באַמערקונג פון מיין טאַטן פלעג איך אַ ביסל נאָכטראַכטן: פון וואַנען ווייסט מיין טאַטע, וואָס פאַר אַ פנים גאָט האָט? און זאָגן פלעגט מיין טאַטע, אַז זיי האָבן אַ צלם אלקים, אויף די מגידים, וואָס האָבן געהאַט שיינע בערדלעך, גוט-מוטיקע, שמייכלענדיקע פנים'ער און זיינען געווען רירעוודיקע, ציכטיקע אידעלעך.

מיט יאָרן שפּעטער, שוין אין אַמעריקע, ווען איך האָב מיך געטראָפן מיט יאָסעלע ראָזנבלאַט, — און מיר פלעגן זיך טרעפן זייער אָפט, — איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, אַז מיין טאַטע וואָלט אויף אים געזאָגט, אַז ער האָט אַ „צלם אלקים". ער פלעגט אַריינברענגען אַ אידישע, נשמה'דיקע, הארציקע וואַ-רעמקייט.

עס זיינען פאַראַן צווייערליי סאָרטן גענעראַלן: די וועלכע שטייגן פון אַ סאָלדאַט צו גענעראַל, און די וועלכע שטאַמען פון אַ גענעראַלסקער משפחה און זיינען מיט סאָלדאַטן ווייניק אין

באַרירונג געקומען. אַזוי איז עס אויך מיט חזנות. דאָס רוב הזנים זיינען פריער געווען משוררים, ביז זיי האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט און זיינען געוואָרן חזנים, און ווידער זיינען פאַראַן חזנים, וואָס זיינען מיט חזנים און משוררים ווייניק געקומען אין באַרירונג.

יאָסעלע ראָזנבלאַט האָט באַלאַנגט צו דעם צווייטן סאָרט געבוירענע, איך מיין חזנים. יאָסעלע איז קיין משורר קיינמאָל ניט געווען, ער איז אַפילו מיט חזנים און משוררים אין זיינע יונגע יאָרן ווייניק אין באַרירונג געקומען, און טאַקע דערפאַר איז ער געווען אַזוי אייגנאַרטיק, אַזוי אָריגינעל. צייטנווייז איז ער געווען צו איינזייטיק און אַפילו אַמאָל מאָנאָטאָן, אָבער מען האָט אים ניט געקאָנט פאַרגלייכן צו קיין אַנדער חזן אין זיין צייט און אַפילו ניט פאַר אים.

יאָסעלע ראָזנבלאַט איז ניט געווען קיין פּיצע אַדעסער, קיין באַכמאַן, קיין ראַזומני, אָבער דערפאַר איז קיינער פון זיי ניט געווען קיין יאָסעלע ראָזנבלאַט.

עס איז געווען אַן אייגנאַרטיקער סאָרט דאַווענען, אַן אייגנאַרטיקע שטימע, און איבערהויפּט אַן אייגנאַרטיקער קרעכץ, וועלכער פלעגט אַריינדרינגען טיף אין דער נשמה.

צייטנווייז פלעגט זיך אויסדאַכטן, אַז עס שטייט אַ גאָטספאָרכטיקער חסידישער איד, וועלכער זאָגט, זינגט און דאַוונט. עס זיינען געווען פאַר אים הזנים מיט שענערע, גרעסערע שטימען, מער מוזיקאַלישע, אָבער קיינער האָט ניט געהאַט דעם געשמאַקן טאַן, די אָנגענעמע פאַרטרעפלעכע פאַלצעטאָ, די אידישע האַרציקע תפילה און דעם „צלם אלקים" פון אַ יאָסעלע ראָזנבלאַט. ער איז געווען „לא קם כיוסף ראָזנבלאַט". ער האָט אָנגעהויבן דאַוונען פאַרן עמוד צו 9 יאָר; ווען זיינע קינדערשע כוחות וואָלטן אים דערלויבט, וואָלט ער געדאַוונט צו 6—7 יאָר, ווייל יאָסעלע ראָזנבלאַט איז ניט געוואָרן קיין חזן, נאָר „געבוירן געוואָרן אַ חזן".

יאָסעלע ראָזנבלאַטס נאָמען, זיין פּאָפּולאַריטעט האָט דער־גרייכט פון אַן איסט־סאַידער שולכל ביז קאַרנעגי האָל. פאַר דער קריסטלעכער מוזיקאַלישער וועלט איז ער געווען מער וואונדער ווי פאַר דער אידישער.


יאָסעלע ראָזנבלאַט

איין מאָל אין אַ ווינטער־טאָג בין איך אַריין אין דעם גרעסטן מוזיק־געשעפט אין אַמעריקע, שירמערס. דאָרט ווערן אַרויס־געגעבן און פאַרקויפט די גרעסטע מוזיקאַלישע ווערק, דאָרט קומען זיך צוזאַמען די גרעסטע פערזענלעכקייטן פון דער מוזיקאַלישער וועלט. אַפילו די אָנגעשטעלטע פון שיר־מערס מוזיק־פאַרלאַג זיינען גרויסע אינטעלעקטועלע מוזי־קער.

ווען איך בין אַריינגעגאַנגען אין שירמערס גרויסן מוזיק־געשעפט, האָב איך געזען אַ גרופּע מענטשן שטיין און הערן יאָסעלע ראָזנבלאַטס שטימע. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַ רעקאָרד. כ׳בין צוגעגאַנ־גען נענטער צו דער גרופּע און געזען, אַז דאָס זיינען אַלץ גרוי־סע מוזיקער, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך געפונען קורט שינדלער, דער דיריגענט פון „סקאָלאַ קאַנטאָרום״, דער סימפאָניע־קאָמפּאָזיטאָר פּראָפעסאָר גאָלדמאַרק און נאָך מוזיקאַלישע פער־זענלעכקייטן, מענער און פרויען, און יאָסעלע ראָזנבלאַט איז געשטאַנען אינמיטן און געזונגען זיין נייעם „אָמר רבי אליעזר״. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער אויפגעהערט אין מיטן פון

געזאַנג און מיך באַגריסט: „העלאָו, יאָסל שני!" (אַזוי פלעגן מיר זיך אַדרעסירן: איך אים „יאָסל ראשון", ער מיך „יאָסל שני"). די ערלים האָבן אָנגעקוואָלן. ווען ער האָט פאַרענדיקט זינגען דעם „אָמר רבי אליעזר", האָב איך געהערט באַמערקונגען פון די צוהערער: „סאָטש עי רעינדזש אָוו עי וואָיס!" (וואָס פאַר אַ גרויסקייט פון אַ שטימע!), און ווען ער האָט גענומען זיך קאַטשען אויף זיין קאָלאָראַטור און פאַלצעטאָ, האָט באַמערקט אַ דאַמע, וואַרשיינלעך אַ זינגערין: „וואָט עי טעקניק!" (וואָס פאַר אַ טעכניק!). איך האָב געזען, ווי מ'האָט אים אויפגעגעסן מיט די אויגן; מ'האָט אים ממש פאַרגעטערט. ווען ער האָט געענדיקט, האָט אים כמעט יעדער צוגעטראָגן זיין וויזיט-קאַרטע און געבעטן, ער זאָל התמ'ענען זיין נאָמען. איינער פון די אָנוועזנדיקע איז געווען אַ גלח. ער האָט געבעטן יאָסלען, ער זאָל אים פאַר אַן אָנדענקונג אונטערשרייבן זיין נאָמען „אין אידיש".

ווען מיר זיינען צוזאַמען אַרויס פון מוזיק-געשעפט, האָט ער, ווי געוויינלעך, אָנגעהויבן מיר צו דערציילן זיינע וויצן. ער האָט דאָס זייער ליב געהאַט און האָט אַ סך מאָל איבערדערציילט די זעלבע וויצן, וועלכע כ'האָב שוין פריער געהאַט געהערט פון אים. מיר זיינען געבליבן שטיין און ער האָט מיך געבעטן צו אַנטשולדיקן אים און צו וואַרטן אַ רגע, ווייל ער דאַרף ערגעץ טעלעפאָנירן.

איך בין געשטאַנען און געוואַרט. ס'האָט אָבער גענומען אַזאַ לאַנגע צייט, אַז איך בין געוואָרן אומגעדולדיק און בין אַריין אין דראַג-סטאָר זען, וואָס יאָסעלע טוט דאָרט אַזוי לאַנג. כ'גיי צו צו דער טעלעפאָן-בודקע און זע, ווי ער שטייט און שאָקלט זיך, און צו מיר מאַכט ער מיט דער האַנט, וואָס ער לייגט צו זיין מויל: „נו — מפסיק". עס האָט מיך דערמאָנט, ווי מיין טאַטע איז געשטאַנען שמונה-עשרה און איך בין געקראָכן צו זיין קעשענע נאָך אַ קאָפּיקע. איך האָב נאָך אַ ביסל געוואַרט.

יאָסעלע איז אַרויס מיט אַ שמייכל און האָט זיך פאַר מיר אַנט־שולדיקט, זאָגנדיק:

— ביז כ׳וועל אַהיימקומען וועט שוין זיין מעריב־צייט, נו — האָב איך אַריינגעכאַפּט אַ מנחה, זאָל זיין אין אַ טעלעפאָן־בוט, גאָט איז אומעטום...

* * *

אַמאָל, 2 פאַרטאָג, שפּאַצירנדיק אויף סעקאָנד עוועניו מיטן פּרעזידענט פון חזנים פאַרבאַנד און מיין פּערזענלעכן פריינד חזן יאַנקל ראַפּאָפּאָרט, האָב איך מיך דערוואוסט, אַז ס׳איז נאָר־וואָס אָנגעקומען אַ טרויעריקע טעלעגראַמע, אַז יאָסעלע ראָזנבלאַט איז געשטאָרבן אין ארץ־ישראל.

די ערשטע ווערטער, וואָס איך האָב געזאָגט צו יאַנקל ראַ־פּאָפּאָרטן מיט טרערן אין די אויגן, איז געווען, אַז יאָסעלע ראָזנבלאַט נעמט מיט אין קבר די גלאָררייכסטע צייט פון חזנות אין אַמעריקע.

צו מיין באַדויערן, איז מיין נביאות מקוים געוואָרן.

# רודאָלף שילדקרויט

אָנגעהויבן האָט רודאָלף שילדקרויט אַלס פּאַיאַץ אין אַ צירק — דערגרייכט האָט ער צו ווערן דער גרעסטער דייטשער קייזער־קעניגלעכער שוישפּילער.

געווען איז ער פון נידעריקן וואוקס, האָט זיך אָבער דער־הויבן אויף דער בינע ווי אַ ריז.

דייטשלאַנד האָט שטאָלצירט מיט זיין ריינעם דייטשן דיאַלעקט. שפּעטער האָט די אידישע בינע שטאָלצירט מיט זיין ריינעם, געשמאַקן אידיש.

ער איז געווען שאַרף, קלוג, און צו דער זעלבער צייט נאַ־איוו ווי אַ קינד.

ער האָט געשפּילט „שיילאָק" פאַר קריסטן, מיט אַ אידישן וויטאָג אין האַרצן.

געווען אַ קינסטלער אין שפּילן אַלערליי ראָלעס און פאַר־שטעלן אַלערליי כאַראַקטערן אין לעבן, און האָט מורא געהאַט פאַר יעדער נייער ראָלע און כאַראַקטער.

די קריטיק אין דייטשלאַנד האָט ניט געקענט באַשטימען, אין וועלכע ראָלעס ער איז גרעסער, — אין טראַגישע אָדער אין קאָמישע כאַראַקטער־ראָלעס.

אידישע אַקטיאָרן פלעגן רעדן צו אים אין דייטש, און ער פלעגט זיי ענטפערן אין אַ ריינעם אידיש.

געווען אַן אַריסטאָקראַט און פיינט געהאַט עצות, ער האָט אָבער קיינמאָל ניט געשלאָסן אַ ניי געשעפט אָן דער צושטי־מונג פון זיין פרוי.

ער פלעגט זאָגן, אַז די אַמעריקאַנער שפּילן שיין טעאַטער, און די אידן שפּילן גוט טעאַטער.

ער איז געווען אַ גרויסער מאַטעמאַטיקער, און האָט קיינ־מאָלט ניט געוואוסט פון קיין אייגענעם חשבון.

ער האָט גוט געקענט געאָגראַפיע, און האָט קיינמאָל ניט געוואוסט וואוהין ער פאָרט.

ער פלעגט זאָגן, אַז יעקב פּ. אַדלער און דייוויד קעסלער זיינען צוזאַמען אַ געשליפענער דימענט — דער ערשטער איז געשליפן, דער צווייטער איז אַ דימענט.

ער איז געווען ניט קיין שיינער, און דאָך האָט מען אים געקענט פאַררעכענען פאַר איינעם פון די שענסטע מענער.

מאַקס ריינהאַרדט פלעגט זאָגן, אַז רודאָלף שילדקרויט קען שפּילן אַ גרויסע ראָלע, ווי דער גרעסטער שוישפּילער פון דער וועלט, אָבער קיינער פון די גרויסע וועלט-שוישפּילער קען ניט שפּילן אַזוי גוט אַ קליינע ראָלע, ווי רודאָלף שילדקרויט.

ווען איך האָב דערציילט מיינעם אַ קאָלעגע, אַ דייטשן אָרגל־שפּילער, אַז רודאָלף שילדקרויט איז אַנגאַזשירט אין אידישן טעאַטער און וועט שפּילן אין פּיפּל׳ס טעאַטער, וועלכעס געפינט זיך אויף דער באַוערי, און אַז ער שטודירט שוין אַ ראָלע, „אייקעלע מזיק״ פון אַברהם שאָמער, אין וועלכער ער וועט אויפטרעטן „אין אידיש״, האָט דער דייטשער מוזיקער מיך גאַנץ רואיק אויסגעהערט און מיט אַמאָל האָט ער אויסגעשריגן:

— דאָס איז אַ ליגן! עס האָט זיך עפּעס אַן אַמעריקאַנער בלאָפער פאַרשטעלט אַלס רודאָלף שילדקרויט. דער דייטשער קייזער־קעניגלעכער שוישפּילער רודאָלף שילדקרויט האָט אין בערלין ערשט פאַראַיאָרן געשפּילט „שיילאָק״ דריי הונדערט מאָל פאַר געפּאַקטע הייזער!

ער האָט זיך ניט באַרואיקט, ביז איך האָב אים געבראַכט אין אידישן אַקטיאָרן־קלוב, וועלכער האָט זיך געפונען אויף דער צווייטער עוועניו. מיר האָבן געטראָפן שילדקרויטן זיצן אָן אַ רעקל, ביי אַ הייס גלאָז טיי. ווען איך האָב אים פאָרגעשטעלט פאַר רודאָלף שילדקרויטן און ער האָט געהאַט די געלעגנהייט צו דריקן שילדקרויטס האַנט, איז ער געווען דער גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט.

דעם ערשטן זומער אין אַמעריקע האָט רודאָלף שילדקרויט געוואוינט אין ראָקאַוועי־ביטש, אין אַ האָטעל. מיר פלעגן זיך אָפט טרעפן, און איך האָב מיט פאַרגעניגן זיך צוגעהערט צו זיינע וואונדערלעכע מעשה'לעך. איין מאָל אין אַן אינדערפרי, ווען איך בין זיך געגאַנגען באָדן, איז מיר אויסגעקומען פאַרביי־צוגיין פאַר דעם האָטעל, וואו שילדקרויט האָט געוואוינט. איך האָב באַמערקט, ווי שילדקרויט איז געזעסן אויף דער וועראַנדע און זיין קאָפּ איז געווען איינגעגראָבן אין זיינע הענט.

— גוט מאָרגן, הער שילדקרויט! — האָב איך אים באַגריסט און האָב דערוואַרט צו הערן זיין געוויינלעכן ענטפער: „גוט מאָרגן, דו אידישער קאָמפּאָניסט!"... אָבער ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב אָנשטאָט אַן ענטפער דערהערט ווי ער האָט געכליפּעט, גאַנץ איינפאַך — געוויינט.

— הער שילדקרויט, וואָס האָט מיט איך פּאַסירט? — האָב איך געפרעגט דערשראָקן.

— פרעג ניט, גוטער פריינד, פרעג ניט. עס האָט מיך אַ גרויס אומגליק געטראָפן.

— הער שילדקרויט, וואָס איז מיט אייך געשען? וואָס פאַר אַן אומגליק האָט מיט אייך פּאַסירט?

ער האָט איינגעגראָבן זיין קאָפּ טיפער אין זיינע אָרעמס און מיט אַ וויינענדיקער שטימע אַ זאָג געטאָן:

— איך, רודאָלף שילדקרויט, האָב מיט קעלנער (וועיטערס) אין קאָרטן געשפּילט.

איך האָב זיך געוואָלט שטאַרק צעלאַכן פון דער „שרעקלע־כער דראַמע", אָבער זעענדיק זיין פאַרצווייפלונג און אמת'ע טרערן, האָב איך אים גענומען טרייסטן:

— הער שילדקרויט, באַרואיקט אייך. ס'איז אַמעריקע — אַ דעמאָקראַטיש לאַנד! ס'איז אַ „מעלטינג פּאָט" (שמעלץ־טאָפּ), דאָ מישן זיך אויס אַלע אינאייינעם, ספּעציעל אין אידישן טעאַטער.

אָבער ער האָט געשריגן נאָך העכער:

— וואָס רעדט איר, מוזיקער וואָס איר זייט? ביי אונז אין דייטשלאַנד — קינסטלער און קעלנער צוזאַמען?! וואָס רעדט איר, גאָט מיינער? איך, רודאָלף שילדקרויט, האָב מיט קעלנער אין קאָרטן געשפּילט!...

האָב איך אים געפּרעגט, ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט דאָס גרויסע אומגליק, און ער האָט מיר דערציילט:

— נו, ס'איז דאָך זומער, זעצט מען זיך שפּילן אין קאָרטן אין ווייסע העמדער, און ווייסע העמדער טראָגן דאָך אַלע — ווער זאָל וויסן ווער זיי זיינען? די הענט, איך מיין: די פּער־זאָנען האָבן זיך געביטן, אָבער אויף צומאָרגנס, ווען מיר האָבן זיך אויפגעהויבן פון קאָרטן־טיש, האָב איך באַמערקט באַקאַנטע פּנים'ער... שטעלט אייך פאָר, מיט וועמען איך האָב געשפּילט אין קאָרטן!...

האָב איך אים ווידער גענומען באַרואיקן:

— הער שילדקרויט! ווען איר וועט זיין אין אַמעריקע אַ צוויי־דריי יאָר, וועט איר אויף דער גאַנצער זאַך קוקן גאַנץ אַנדערש.

— ניין, ניין! — האָט ער געשריגן. — ניט איך, ניט רודאָלף שילדקרויט. קיינמאָל אין מיין לעבן וועל איך ניט שפּילן מיט קעלנער אין קאָרטן; אָ, ניין...

זיינע לעצטע ווערטער האָב איך שוין געהערט גייענדיק. איך האָב אים איבערגעלאָזט אַ צעקאָכטן און שרייענדיקן: „ניט איך, ניט רודאָלף שילדקרויט, נימאָלס, נימאָלס וועט דאָס פּאַ־סירן!"

מיט דריי וואָכן שפּעטער, ווען מען האָט זיך שוין געקליבן פאָרן אין שטאָט אַריין מאַכן פאָרבאַרייטונגען פאַרן קינפטיקן סעזאָן, בין איך אַרום 4 אַזייגער נאָכמיטאָג אַריינגעגאַנגען אין דאַינינג־רום פון האָטעל, וואו שילדקרויט האָט געוואוינט. איך זע ווי שילדקרויט אַרגומענטירט מיט אַ יונגן וועיטער, און איך

קלער ביי זיך: „וואָס אַ דייטש קען, ער קען זיך נאָך אַלץ ניט באַרואיקן זינט דעמאָלט״. אָבער ווי איבעררראַשט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב געהערט אַזאַ געשפּרעך צווישן זיי:

— העי, דו יונגע, — האָט שילדקרויט געזאָגט צום וועיטער אין אַ גוטמוטיקן טאָן, — דו ביזט אַ געשייטער קערל, דו האָסט לעצטן זונטאָג געוואונען הונדערט און צוואַנציק דאָלאַר, האָסט אונז איינגעפּאַקט און שפּילסט ניט מער. אָבער וואו זיינען די פינף און צוואַנציק דאָלאַר, וואָס דו קומסט מיר?

דער יונגער וועיטער גיט אַ שמייכל און וויל ענטפערן, אָבער שילדקרויט שלאָגט אים איבער:

— הער, דו יונגע! איך גלייך דיך זייער ביים קאָרטן־טיש. אויב דו שפּילסט מיט אונז ווידער, זיינען די פינף און צוואַנציק דאָלאַר, וואָס דו קומסט מיר, אָפּגעווישט — איך שענק זיי דיר.

דער וועיטער האָט געענטפערט מיט אַ געלעכטער:

—גוט, הער שילדקרויט!

— ניין, ניין, איך גלייב דיר ניט — האָט שילדקרויט געזאָגט, — גיב מיר דיין האַנט.

דער וועיטער האָט אים געגעבן די האַנט. איך, זעענדיק ווי ביידע שטייען און דריקן זיך די הענט, בין אַוועק, און אין די אויערן האָט מיר געקלונגען דער געשריי, געמישט מיט געוויין, ערשט מיט דריי וואָכן צוריק: „ניין, ניין, קיינמאָל אין מיין לעבן, קיינמאָל, ניט רודאָלף שילדקרויט!״

דער „מעלטינג פּאַט״ (שמעלץ־טאָפּ) האָט צעשמאָלצן דעם קייזער־קעניגלעכן שווישפּילער אין פאַרלויף פון דריי וואָכן...

# דער גלח איליאָדאָר, ראַספּוטינס נאָכפאָלגער, אין אידישן טעאַטער

ביי אַ מיטוואָך־בייטאָגיקער פאָרשטעלונג אין סעקאָנד עווע־ניו טעאַטער, וואו דוד קעסלער האָט געשפּילט פאַר דעם סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד שלום אַשם „מאָטקע גנב", האָבן מיר באַמערקט, אַז אין טעאַטער צווישן פּובליקום קאָכט זיך. אַ טייל האָבן ניט געוואָלט שטערן די פאָרשטעלונג, אָבער ס'איז אָנגעגאַנגען אַ מורמלעריי און אַ זשומעריי צווישן פּובליקום. איך בין גלייך אַרויף צוריק מיט אַ צייטונג, וואָס אַן אָשער האָט מיר געגעבן. עס איז געווען אַן עקסטראַ מיט גרויסע בוכשטאַבן: „רעוואָלוציע אין רוסלאַנד!"

ווען דער פאָרהאַנג פון צווייטן אַקט איז געפאַלן, האָט מען געהערט אויסגעשרייען פון פּובליקום: „לאַנג לעבן זאָל די רוסישע רעוואָלוציע!" און נאָך אַזעלכע אויסגעשרייען. די פאָר־שטעלונג איז שוין געווען אַ געשטערטע. יעדנס געדאַנק איז געווען „דאָרט", דאָרט וואו מען האָט אַזוי פיל געליטן, געהאָפט און געשטרעבט, און ענדלעך איז די צייט געקומען...

עס זיינען געהאַלטן געוואָרן גאַנץ אַנדערע רעדעס, ווי מען האָט צוגעגרייט, אָבער קורצע, ווייל יעדער איינער האָט שוין געוואָלט זיין אין גאַס, וואו עס האָט געקאָכט מיט ניי לעבן...

ביינאַכט, ווען איך בין געקומען אין טעאַטער, האָט מיר טאָמאַשעווסקי דערלאַנגט ווערטער צו אַ ניי ליד, וואָס ער האָט אָנגעשריבן היינט, גלייך נאָך די נייעס פון רוסלאַנד. דאָס ליד האָט געהייסן: „משיח איז געקומען". דאָס ליד „משיח איז געקומען" איז טאַקע דערנאָך געוואָרן זייער פּאָפּולער.

אין אידישן טעאַטער האָט די רוסישע רעוואָלוציע געמאַכט אַ גרויסע איבערקערעניש. אַקטיאָרן זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרצווייפלטע, איבערהויפּט קאָמיקערס, סובּרעטינס און אַזוי

שווישפילער. ווייל מיט דער רוסישער רעוואָלוציע איז דאָך געפאַלן דער רוסישער צאַר, און אַז דער רוסישער צאַר איז געפאַלן, איז דאָך ניטאָ „וועמען צו שעלטן". זיינען חברה ארומגעגאַנגען פאַרזאָרגטע: „געוואַלד, וועמען שעלט מען?!" פאַר צענדליקער יאָרן איז דער דאַנקבאַרסטער און גאַנגבאַרסטער אַרטיקל אויף דער אידישער בינע געווען: „שעלטן דעם רוסישן צאַר". האָט איינער געהאַלטן ביים שטאַרבן, פלעגט דער קאָמיקער זאָגן: „הלוואי האַלט איך שוין אַזוי מיטן רוסישן צאַר!", האָט מען דעם אָרעמען קרוב געפרעגט: „האָו איז ביזנעס?" איז דער ענטפער געווען: „זאָל אַזוי גיין דעם רוסישן צאַר". ביי יעדער געלעגנהייט, וואו אַ קללה, איז געווען „דער רוסישער צאַר". קיין גרויסע ליבע פאַר אַ רוסישן צאַר איז ביי אידן קיינמאָל ניט געווען.

נו, פלעגן אידן הנאה האָבן און טאַקע רעאַגירן מיט אַ האַרציקן געלעכטער און שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. און מיט אַמאָל — אוים צאַר, נישטאָ וועמען צו שעלטן. כאָטש וואָס אַנבאַלאַנגט צו שעלטן אויף דער אידישער בינע איז דער רוסישער צאַר געווען ניט דער איינציקער. עס איז אויך געווען דער לענדלאָרד. וואו עפּעס אַ צרה — „ס'מזל אויפן לענדלאָרד!" אָבער דעם לענדלאָרד האָט מען אויפגעהערט צו שעלטן צוליב צוויי סיבות:

ערשטנס, איז געקומען אַ צייט, איך מיין די צייט פון ריעל־עסטעיט־בום, האָט דאָס פּובליקום אויפגעהערט צו רעאַגירן אויף די קללות פון לענדלאָרד, ווייל אַ גרויסער טייל פון פּובליקום איז געוואָרן לענדלאָרדס — אידן מיט גרויסע און קליינע הייזקעס. אַפילו די אַקטיאָרן האָבן אויך ניט גערן געשאָלטן דעם לענדלאָרד, ווייל אַ גרויסע צאָל פון זיי זיינען אַליין געוואָרן לענדלאָרדס. ניט נאָר אַקטיאָרן, נאָר אויך כאָריסטן, מוזיקער, בינע־אַרבעטער, אַשערס — יעדער האָט געקויפט און פאַרקויפט הייזקעס. אָבער צו שעלטן דעם רוסישן צאַר איז אַלע מאָל

געווען דאָס בעסטע מיטל אַרויסצוקריגן פון פּובליקום אַ גרויס געלעכטער און אַ שטורמישן אַפּלאָדז. און מיט אַמאָל — אויס צאַר, און עס איז נישטאָ וועמען צו שעלטן.

אָבער גאָט פאַרלאָזט ניט. מען האָט זיך גענומען צו דער רוסישער רעוואָלוציע. דאָס הייסט, ווען מען פלעגט פון דער בינע אַרויסרעדן דאָס וואָרט „דאָס נייע רוסלאַנד", „רוסישע רע־וואָלוציע", פלעגט דאָס טעאַטער דונערן פון געשרייען און קלאַ־פּעריי. און טאַקע גלייך איז אַרויסגעקומען דער נייער הימן, דער קערענסקי־הימן אָנשטאָט „באָזשע צאַריאַ כראַני" (גאָט היט דעם צאַר), און ווען מען פלעגט שפּילן אָדער זינגען דעם קערענסקי־הימן, איז ערשט געוואָרן דער ריכטיקער טומל און שטורעם אין טעאַטער.

דערווייל האָבן מיר געלייענט אין די אידישע און ענגלישע צייטונגען, אַז דער לעצטער גלח פון רוסישן צאַר, איליאָדאָר, דער נאָכפאָלגער פון ראַספּוטינען, איז געקומען קיין אַמעריקע. און טאַקע אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט אים טשאַרלי ווײַנ־בלאָט (דער אידישער טעאַטער־לאָיער) געבראַכט אין אידישן טעאַטער. מיר זיינען געזעסן מיט אים אין טאָמאַשעווסקיס דרעסינג־רום און ער האָט דערציילט מעשה'לעך, אמת'ע און אפשר אויך אויסגעטראַכטע, אָבער זייער אינטערעסאַנטע. אַ גרויסער טייל פון זיינע דערציילונגען זיינען ניט דרוקבאַר. מיר זיינען דערנאָך געגאַנגען אין אַ רומענישן רעסטאָראַן, וואו מיר האָבן זיך געוויצלט איבער זאַכן, וועלכע מיט אַ קורצער צייט צוריק וואָלט מען מורא געהאַט אַרויסצוברענגען אויף די ליפּן, און דערצו נאָך אין דער געזעלשאַפט פון ראַספּוטינס נאָכ־פאָלגער, צאַר ניקאָלאַיס גלח, איליאָדאָר. מיר זיינען געוואָרן היימיש און ער האָט אונז פאַרטרויט אַ סוד, אַז ער וואָלט וועלן שפּילן טעאַטער, און ער האָט אָנגעשריבן אַ פּיעסע פון די לעצטע פּאַסירונגען אין רוסלאַנד. מיר האָבן געמאַכט אַ באַשטעלונג און ער האָט פאַר אונז געלייענט אַ זייער אומגעלומפּערטע זאַך,

געשריבן אַן אַ ברעקל אינטעליגענץ. ער האָט אָנגעוואָרפן ניט־געשטויגענע און ניט־געפלויגענע, נאַקעטע, אומנאַטירלעכע פּאַסירונגען. טשאַרלי ווײַנבלאַט, וועלכער איז געווען אַ וויצלינג, האָט געזאָגט צו אים: „רבי איליאָדאָר, ניע כאָראָשאָ!"

# איך געווין אַ קאָנטעסט פון 500 דאָלאַר

עס איז שוין אַן אַלטער כלל, אַז אַלע מחברים, אַזוי ווי שרייבער, מוזיקער, אַפילו דערפינדער, איז מען חושד אין פּלאַגיאַט (באַנוצן זיך מיט פרעמדע געדאַנקען). אויף פּראָסט מאַמע־לשון וואָלט עס געהייסן „גנב׳ענען יענעמס געדאַנקען". מען האָט חושד געווען אין פּלאַגיאַט די גאָר גרויסע גאונים. מען האָט געזאָגט, אַז שעקספּיר האָט גאָרניט געשריבן, נאָר זיינער אַ חבר, אַן אַקטיאָר (וואו נעמט מען אַזוינע חברים?...). און אַז דאָסטאָיעווסקים „פאַרברעכן און שטראָף" האָט פאַר אים געשריבן אַן אַרעסטאַנט פון תפיסה. אַז מעיערבער, דער קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער איז געווען אַ באַנקירס אַ זון, פלעגט קויפן זיינע אָפּערעס ביי אָרעמע מוזיק־שילער... און אַזוי האָט מען חושד געווען אין פּלאַגיאַט די גרעסטע, וויכטיקסטע פאַרפאַסער און מוזיקער.

אַזוי ווי מיין נאָמען אַלס אידישער קאָמפּאָזיטאָר האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן, האָט מען מיך אויך ניט געשאַנעוועט און עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַלטע געשיכטע: אַז אַ פעטער שרייבט פאַר מיר די אַלע האַרציקע ניגונים און איך גיי אויף בראָדוויי און הייב עס אויף פון דער גאַס... און נאָך און נאָך אַזעלכע זאָגעכצן און רעדעכצן איבער מיין מוזיק. און אַזוי ווי איך האָב געשריבן פּאָפּולערע מוזיק, דאָס הייסט מוזיק, וועלכע זאָל גלייך ווי מען הערט זי אַריינקריכן אין די געדאַנקען פון צו־הערער, איז שוין אַזאַ מוזיק במילא לייכט, און עס דאַכט זיך, אַז איר האָט עס שוין געהערט. ווייל דאָס איז דאָך דער ציל פון קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער שרייבט פּאָפּולערע מוזיק.

איך פלעג אָפט הערן די באַמערקונגען אויף מיין מוזיק: „עס איז טאַקע זייער גוט, אָבער ער נעמט, ער באָרגט". עס איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז עס האָבן זיך געפונען גוטע פריינד,

וועלכע האָבן געמאַכט אויפמערקזאַם מוזיק-פּאַבלישערס, און מענעדזשערס פון בראָדוויי-טעאַטערס פלעגן טאַקע ארונטערקומען מיט מוזיקאַלישע דעטעקטיוון. אין מיין לאַנג-יעריקער קאַריערע אַלס קאָמפּאָזיטאָר בין איך נאָך ניט געווען אין קאורט פאַר אַזעלכע זאַכן, דאָס הייסט, פאַר באַנוצן זיך מיט יענעמס מוזיק. איך מוז אָבער צוגעבן, אַז מיין טאַטן און איבערהויפּט מיין מאַמען האָב איך שטאַרק באַ׳גנב׳עט. איך האָב זייערע האַרציקע ניגונים אַריבערגעטראָגן צום פאָלק, מיט מאָדערנער האַרמאָניע, און מיט גרויס דערפאָלג. און וואָס מיינס אַ נומער מוזיק איז געוואָרן פּאָפּולערער, אַלץ מער פלעגן זיך פאַרשפּרייטן די קלאַנגען. דאָס זאָגן און דאָס רעדן האָט מיך פאַרדראָסן, אָבער איך בין שוין צוגעוואוינט געוואָרן דערצו, און מיך פלעגן מער ניט אינטערעסירן די דאָזיקע באַמערקונגען. אָבער איין מאָל האָט מיך אַזאַ באַמערקונג שטאַרק פאַרדראָסן, ביז איך האָב איבערצייגט, אַז דאָס איז מיינס, און דאָס איבערצייגן האָט מיר אַריינגעבראַכט כבוד און געלט. פּאַסירט האָט עס אַזוי:

איך בין געזעסן ביי דער פּיאַנאָ ביי אַ געזאַנג-פּראָבע און האָב שטודירט מיט אַ געוויסער אַקטריסע אַ נייעם וואַלץ, וואָס איך האָב געהאַט אָנגעשריבן צו דער אָפּערעטע „מזל-טוב". דער גאַנצער פּערסאָנאַל אַקטיאָרן און דער כאָר האָבן זייער געגליכן דעם נייעם וואַלץ.

איך האָב געהערט הינטער מיר, ווי אַ געוויסע אַקטריסע זינגט מיין נייעם וואַלץ מיט עפּעס דייטשע ווערטער, וועלכע זיינען ניט געשטויגן און ניט געפלויגן און פּאַסן זיך גאָרניט; זי זאָגט שטילערהייט, אַז זי קען עס — זי האָט עס געהערט אין איירָאָפּע, און ס׳איז לעהאַרס, דעם דייטשן אָפּערעטע-קאָמפּאָזערס אַ וואַלץ...

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט פון די פּראָבעס פון דער אָפּערעטע און ספּעציעל פון דעם נייעם וואַלץ מיינעם.

זי פלעגט אַרומגיין און אונטערברומען מיין מעלאָדיע, מיט עפּעס אונטערגעבלאָפּטע דייטשע ווערטער.

איך האָב באַשלאָסן גאָרניט צו רעדן וועגן דעם, נאָר דעם וואָלץ לאָזן דרוקן, און ווען עס וועט שוין זיין געדרוקט, דער־לאַנגען איר אַ געדרוקטע קאָפּיע, אויף וועלכער עס שטייט מיין נאָמען אַלס דער קאָמפּאָזיטאָר, און זאָגן איר, אַז פאַר אַזאַ זאַך קען מען גיין אין תּפיסה, און איצט איז די בעסטע צייט, אַז זי זאָל עס איבערצייגן.

אין דער זעלבער צייט האָב איך געלייענט אין די ענגלישע צייטונגען, אַז אין ניו־יאָרקער היפּאָדראָם פלעגט מען אויפ־פירן די גרעסטע פּראָדאַקשנס מיט עטלעכע הונדערט מענטשן אויף דער בינע. גאַנצע שיפן פלעגן דאָרט אונטערגיין; שטעט פלעגן פאַרברענט ווערן; אַקטיאָרן, זינגערס, פּרימאַדאָנעס, קאָ־מיקער, פּאַיאַצן, אַ באַלעט, פערד, רייטערס און רייטערינס; מען פלעגט מאַרשירן און טאַנצן אונטערן וואַסער (עס איז געווען דאָס הויז פון די גרעסטע וועלט־פּראָדאַקשנס). אין דער נאָ־ענטסטער אויפפירונג איז פאַראַן אַ סצענע, וואָס וועט הייסן: „די לעמפּ־לענד" (דאָס לאַנד פון ליכט).

דער גאַנצער כאָר, מערסטנס די מיידלעך, דער באַלעט, פּרעזענטירן פאַרשידענע לאָמפּן, דאָס הייסט, זייערע קליידער מיטן הוט וועלן פאָרשטעלן געוויסע סאָרטן לאָמפּן. און די אַלערליי לאָמפּן זוכן די אמת'ע ליכט פון דער וועלט, ביז עס דערשיינט די „סטעטשו אָוו ליבערטי", וועלכע ברענגט דאָס אמת'ע ליכט. און פאַר דער „סטעטשו אָוו ליבערטי" זוכט מען אַ פּאַסיקן נומער מוזיק, וועלכן זי וועט זינגען, ווען זי דערשיינט. און עס גייט אָן אַ קאָנטעסט פון קאָמפּאָזיטאָרס, און וועמענס נומער מען וועט אויסקלייבן, וועט דער נומער מוזיק געדרוקט ווערן און דער קאָמפּאָזיטאָר וועט באַקומען פינף הונדערט דאָ־לאַר פּאָרויס, וואָס וועלן שפּעטער אַרונטערגערעכנט ווערן פון זיינע ראָיעלטיס פון דער געדרוקטער קאָפּיע מוזיק. דעם נו־

מער מוזיק וועט זינגען בעל סטאָרי, די דעמאָלטיקע סאָפּראַנאָ פון היפּאָדראָם, וועלכע האָט זיך דאָרט אַריינגעכאַפּט מיט איר זייער הויכער פיגור און נאָך גרעסערער שטימע.

איך האָב באַשלאָסן, אַז איידער איך גיב דרוקן מיין וואַלץ, אויף וועלכן מען איז מיך שטאַרק חושד, אַז עס איז ניט מיינער, זאָל איך מיט דעם וואַלץ אויך גיין צום קאָנטעסט. ווי זאָגט אַ איד: וואָס קאָן איך פאַרלירן? ווי איך האָב פאַרשטאַנען, בין איך שוין געקומען אין די לעצטע טעג פון קאָנטעסט. מען האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר דעם פּראָדיוסער מר. בוירנסאַיד, אַ זייער נערוועזער מענטש. ער האָט מיך געהייסן שפּילן, און בעת מיין שפּילן האָט ער זיך געקאָכט מיט אַנדערע איבער קליי־דער, איבער סינערים. ווען איך האָב געענדיקט, האָט ער מיך געהייסן שפּילן נאָך אַמאָל. איך האָב געטראַכט, ער האָט דאָס ערשטע מאָל ניט גוט געהערט, וועט ער עס הערן ס׳צווייטע מאָל. איך האָב געשפּילט נאָך אַ מאָל — די זעלבע געשיכטע: איך שפּיל און ער רעדט, קריגט זיך, קאָכט זיך. אַזוי האָט עס אָנ־געהאַלטן ביז איך האָב געשפּילט דעם נומער 5 מאָל. איך האָב באַשלאָסן, אַז מער וועל איך ניט שפּילן, ווייל כ׳האָב געטראַכט, אַז ער הערט זיך גאָרניט איין. איך האָב געענדיקט און בין שוין געווען אַ היפּש ביסל ברוגז, טאַקע גוט אין כעס. ער הייסט מיך קומען מאָרגן אין דער זעלבער צייט. ווען איך האָב גע־האַלטן ביים אַוועקגיין, האָט ער מיך צוריקגערופן און מיר דער־קלערט די באַדינגונגען — וויפיל איך קריג דערפאַר. איך האָב זיך ניט אינטערעסירט וועגן געלט, ווייל איך האָב גאָר געוואָלט איבערצייגן אַלעמען, אַז דער נומער מוזיק איז מיינער, און איצט האָב איך געהאַט די בעסטע געלעגנהייט דערצו. ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער אַליין וועט מאַכן די ענגלישע ווערטער, און מיר וועלן זיך ביידע טיילן מיט די ראָיעלטיס פאַר דעם נומער.

איך האָב געהאַט גרויס פאַרגעניגן צו הערן בעל סטאָרי זינגען דעם וואַלץ „לעמפּלענד״, נאָכדעם ווי אויף דער בינע

האָט זיך געפונען אַ גאַנצע וועלט מיט אַלערליי סאָרטן לאָמפּן און ליכט. אָבער מער פאַרגעניגן האָב איך געהאַט, ווען איך האָב געבראַכט די געדרוקטע קאָפּיע מוזיק, וועלכע עס האָבן געדרוקט די בראָדווייער פּאָבלישערס שאַפּיראָ־בערנשטיין, און איך האָב עס דערלאַנגט צו דער אַקטריסע, און אויך אַ צוגאָב צוויי בילעטן אין היפּאָדראָם, כדי זי זאָל זיך איבערצייגן, אַז דער נומער מוזיק איז מיינער.

## לואי מילער, רעדאַקטאָר פון דער „וואַרהייט", ווערט אַ פּיאַניסט

עס איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן אויף געוויסע פּיטשורס אין אַ אידישער צייטונג. מען פלעגט פון יעדן פּיטשור רעדן, דיסקוטירן, אַרגומענטירן, און טאַקע אַמאָל פלעגט עס גיין ביז שלאָגנדיקע באַווייזן. מען פלעגט וואַרטן אויף די פּיטשורס אַזוי ווי מען וואַרט אויף אַ סטאַר אין אַ פּיעסע — ווען וועט זי שוין דערשיינען?

די פּיטשורס זיינען געווען: יעדן שבת אייב קאַהאַנס „דער פּראָלעטאַרישער מגיד", יעדן פרייטאָג יאַנאָווסקים „אויף דער וואַך" און לואי מילערס אַן עדיטאָריעל.

מען פלעגט זיצן גרופּנווייז אין די קאַפע-הייזער, פּאַרקס, אין די גאַסן, און מ'פלעגט אַרגומענטירן וועגן די פּיטשורס.

פרייטאָג — „נו, וואָס זאָגסטו אויף יאַנאָווסקים 'אויף דער וואַך'?" — „היינט איז ער גאָר אַ מאַדים, אַ מזיק. מיר וועלן נאָך רעדן וועגן דעם. מיר האָבן דאָך צייט אַ גאַנצע וואָך".

שבת — „נו האָסט שוין געלייענט קאַהאַנס?" — „ווי דען, היינט איז עס גאָר אַן אַנטיקל. ער רייבט אַ מאָרדע, אָבער ס'איז גוט".

אויף מילערס אַן עדיטאָריעל פלעגט מען זיך קוים קאָנען דערוואַרטן, כאָטש ער פלעגט דערשיינען כמעט יעדן טאָג. עס זיינען געווען לייענער פּאַטריאָטן, אידן סוחרים, וועלכע פלעגן פאַר לאָנטש אָדער נאָך זייער לאָנטש ניט גיין אין זייער געשעפט ביז זיי האָבן ניט דורכגעלייענט מילערס עדיטאָריעל.

צוועלף אַזייגער בייטאָג פלעגן שוין אין קאַנעל סטריט, גרענד סטריט, איסט-בראָדווייער קאַפע-הייזער און רעסטאָראַנען זיך קאָכן גאַנצע גרופּעס איבער מילערס עדיטאָריעל.

לואי מילער איז געווען אַ „סמבטיון". ער האָט געקאָכט

ווי אַ הייסער קעסלגרוב. ער האָט איינפאַך געשפּריצט מיט פייער. אויף לואי מילערן זאָגן, אַז ער איז געווען אַן ענערגי־שער מענטש איז פיל צו ווייניק. ער איז געווען „די ענערגיע אַליין". ער האָט פּערזאָניפיצירט ענערגיע. האָט ער עפּעס אַרויסגעזאָגט, איז געווען וואָס צו הערן, און ער האָט עס געמוזט דורכפירן.

אָט למשל, אין דער צייט ווען עס האָט זיך געגרינדעט „די וואַרהייט", פלעגן לואי מילער, יעקב גאָרדין, יצחק גאָ־ניקמאַן, יואל סלאָנים, שמוקלער און נאָך פונם סטעף, ווי גע־ווינלעך, גיין יעדן טאָג צוזאַמען אין אַ קאַנאַל סטריט רעסטאָראַן, וואו זיי פלעגן האָבן זייער טעגלעכן לאָנטש (צוביים). זיי פלעגן פאַרבייגיין אַ געוויסע סטאָרקע פון האַרדוועיר, און דער בעל־הבית פון דער סטאָרקע, אַ אידל, וואָס האָט ליב געהאַט צו קי־בעצן, פלעגט אַלע מאָל וואַרטן אויף די אויבנדערמאָנטע פאַר־בייגייער און פלעגט זיי באַגריסן מיט די ווערטער: „אָט גייט די וואַרהייט! נו, איר שרייבט טאַקע די וואַרהייט? איר גיט אונז די אמת׳ע וואַרהייט?" און ער פלעגט פאַרענדיקן מיט: „אָט גייט די וואַרהייט!"

עס פלעגט די גרופּע שרייבער פאַרדריסן אויפן אידלס קי־בעצן, איבערהויפּט פלעגט זיך יעקב גאָרדין רייסן ענטפערן אים, אָבער לואי מילער האָט עס ניט דערלאָזט און אים צוריקגע־האַלטן. ער האָט אים געזאָגט: „מיך פאַרדריסט עס שוין פון לאַנג, אָבער לאָזט עס איבער צו מיר, איך וועל אים געבן די וואַרהייט!"

איין מאָל פאַרן גיין צום לאָנטש האָט לואי מילער געבעטן, אַז קיינער זאָל היינט ניט פעלן פונם סטעף, און זיי זאָלן נאָך מיטנעמען אַ פּאָר באַקאַנטע. היינט וועט ער ענטפערן דעם אידן, וואָס וויל נאָר די וואַרהייט, אַז ער האָט פאַר אים די „וואַרהייט". מאָריס מאָשקאָוויטש, דער אַקטיאָר, איז געגאַנ־גען און איך בין מיטגעגאַנגען. שיפמאַן, דער ענגלישער פּיעסן־

שרייבער, וועלכער איז געווען יעקב גאָרדינס אַ פּאַטריאָט, איז אויך מיטגעגאַנגען. ס'איז דאָס מאָל געווען אַ פּיל גרעסערע גרופּע ווי שטענדיק.

מיר זיינען אַלע געגאַנגען זייער לאַנגזאַם, און ווען דאָס אידל האָט דערזען אַ גרעסערע גרופּע ווי שטענדיק, האָט ער עס געמאַכט אַ ביסל ברייטער: „אָ, אָט גייט די וואַרהייט!" און ער האָט אָפּגעזאָגט דעם גאַנצן פּזמון ווי אַלע מאָל. ווען דאָס אידל האָט געענדיקט, זיינען לואי מילערס רויטע פּליאַמעס אויף זיינע באַקן געוואָרן נאָך רויטער, זיין קודלע האָר האָט זיך צעוואָרפן איבער זיין קאָפּ. ער האָט אַ נערוועזער אַרויסגענומען פון זיין קעשענע אַ שטיקל פּאַפּיר און געזאָגט: „רב איד, איר ווילט, אַז מיר זאָלן טאַקע שרייבן די וואַרהייט?" און ער ווענדט זיך צו אונז: „אָט, הערט אייך איין צו דער וואַרהייט, וואָס מיר וועלן שרייבן איבער דעם 'סוביעקט'!" און ער לייענט:

„די וואַרהייט איז, אַז אייער אַלטע מאַמע, וועלכע געפינט זיך אין אַדעס, איז געצוואונגען צו גיין בעטלען איבער די הייזער, ווען ניט, וואָלט זי אויסגעגאַנגען פון הונגער. אייער פרוי האָט ניט געקאָנט האַלטן קיין דינסט אין הויז צוליב אייערע מיאוסע באַנעמונגען מיט זיי און אויך מיט אייערער אַ גרינער פּלימעניצע. און זי האָט אייך פאַרלאָזט".

דאָס אידל האָט גענומען פּראָטעסטירן און אויך זיך בעטן. מילער האָט זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע, אַז אויב ער פאַרלאַנגט די וואַרהייט, וועט ער אים געבן די אמת'ע וואַרהייט וועגן אים. דאָס אידל איז געקומען אין רעדאַקציע, געוויינט, זיך געבעטן. געוויינלעך האָט מען ניט געשריבן וועגן אים, אָבער מער האָט מען אים שוין פאַר די אויגן ניט געזען, און ער האָט שוין ניט פאַרלאַנגט, מען זאָל שרייבן די וואַרהייט.

נאָך אַ פאַקט פון מילערס איינגעשפּאַרטקייט, ענערגיע און פעאיקייט:

דאָס איז געווען, ווען מען האָט אויפגעפירט יעקב גאָרדינס „מטורף". דער פאַרליבטער מטורף (די ראָלע, וואָס יעקב פּ.

אַדלער האָט געשפּילט), ווען ער דערהערט דעם שכנ׳ס טעכ־טערל ליזאַ שפּילן בעטהאָווענס „מונלאַיט" (לבנה־שיין)־סאָ־נאַטע, ווערט צעגאָסן פאַר ליבשאַפט און פאַר בענקשאַפט. דאָס שפּילן פון דער „מונלאַיט סאָנאַטאַ" אין „מטורף" פלעגט איבער־גע׳חזר׳ט ווערן זייער אָפט אין דער פּיעסע. עס איז ווירקלעך איינע פון בעטהאָווענס בעסטע שאַפונגען. עס האָט אַ בענק־שאַפט, אַ פאַרטרוימטקייט — ספּעציעל דער ערשטער טייל.

לואי מילער האָט זיך אַזוי פאַרליבט אין דער סאָנאַטע, אַז ער פלעגט גאָרניט קאָנען טאָן, ניט צוברומענדיק די טענער פון דער סאָנאַטע. ער פלעגט מיך אַלע מאָל בעטן: „נו, שפּילט פאַר מיר די סאָנאַטע". איין מאָל האָט ער מיך געפרעגט: „ווי־פיל צייט דאַרף נעמען זיך אויסצולערנען שפּילן די סאָנאַטע?" זאָג איך אים: „מען דאַרף פּראַקטיצירן פאַרשידענע איבונגען 4—5 יאָר, ביז מען קען שפּילן די סאָנאַטע; צוזאַמען אַ 6—7 יאָר צייט". זאָגט ער: „גייען מיר אין אַ געוועט, אַז איך מאַך עס אין וויניקער?" זאָג איך: „גייען מיר אין אַ געוועט, אַז איר וועט עס קיינמאָל ניט קענען שפּילן?" זאָגט ער: „באַשלאָסן! איר וועט הערן לואי מילערן שפּילן בעטהאָווענס ׳מונלאַיט סאָ־נאַטאַ׳!" זאָג איך: „יאָ, איר וועט מאַכן מיט די פיס און מיט די הענט, און אַ פּיאַנאָלאַ (אַ פּיאַנאָ וואָס שפּילט אַליין) וועט שפּילן". „אַזוי, איר זאָגט 6—7 יאָר? „איך זאָג — קיינמאָל ניט!" זאָגט ער: „דאָס וועלן מיר זען". זאָג איך: „דאָס דאַרף מען הערן!" זאָגט ער, מיט אַ שמייכל: „און דאָס וועלן מיר הערן".

* * *

איין מאָל האָט מען מיר געלאָזט וויסן אין טעאַטער, אַז איך זאָל גלייך טעלעפאָנירן אין דער „וואַרהייט" — לואי מילער וויל מיט מיר עפּעס רעדן. איך רוף די „וואַרהייט", און לואי מילער בעט מיך, אַז איך זאָל צוקומען אין דער רעדאַקציע היינט האַלב נאָך פינף, ער באַדאַרף מיך זייער נייטיק זען. איך בין געקו־

מען צו דער צייט. ער איז געווען זייער פּאַרנומען, פאַרהאַוועט; ער האָט געשריגן, געגעבן באַפעלן. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער געזאָגט:

— באַלד פאָרן מיר. — מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין זיין גרויסן אויטאָמאָביל, און ער האָט געזאָגט צו מיר: — עס איז איצט בלויז פערצן חדשים זינט מיר האָבן געמאַכט אונזער וועט וועגן שפּילן בעטהאָווענס „מונלאַיט סאָנאַטאַ". איר וועט היינט הערן מ י ך שפּילן די סאָנאַטע, און ניט קיין פּיאַנאָלאַ.

איך קוק אים אָן און פרעג אים, ווי אַזוי ער האָט דאָס דער־גרייכט אין אַזאַ קורצער צייט. ער דערציילט מיר, ווי אַזוי ער האָט פּראַקטיצירט, זייענדיק דערביי אַ רעדאַקטאָר פון אַ גרוי־סער, וויכטיקער צייטונג...

מיר זיינען אָנגעקומען אין זיין עלעגאַנטער וואוינונג. זיין פרוי, דאָקטאָר העלענאַ מילער, וועלכע איז געווען דעם ביאַלי־סטאָקער חזנ׳ס, משה באַס, טאָכטער, האָט אויסגערופן:

— גייט מיר צום גוטן יאָר מיט אייער וועטן זיך און מיט זיין פּיאַנאָ־שפּילן. ער האָט אונז פאַרהאַקט אַ קאָפּ, — און זי האָט צוגעגעבן: — אָבער דער בחור שפּילט. איר וועט הערן ווי אַזוי ער שפּילט, און דווקא בעטהאָווענס „מונלאַיט סאָנאַ־טאַ"!

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער פּיאַנאָ און געזאָגט צו זיין פרוי:

— העלען, איך בין איצט זייער נערוועז. איך האָב מורא, אַז איך קען איצט גאָרניט.

ער האָט גענומען שפּילן אַ ביסל „סקעילס". דאָס איז ווי אַ זינגער הוסט זיך אויס איידער ער הייבט אָן זינגען. לויט די „סקעילס" האָב איך דערקענט, אַז דער איד האָט אַ סך פּראַקטי־צירט. ער האָט אָנגעהויבן שפּילן די „מונלאַיט סאָנאַטאַ". דעם ערשטן טייל האָט ער געשפּילט זייער גוט. דעם צווייטן האָט ער אַ פּאָר מאָל פאַרפּוטשעט, ווייל עס איז דער שווערערע,

אָבער איך בין געווען איבערראַשט פון דעם, וואָס ער האָט אויפ־געטאָן מיט זיין ענערגיע און ווילנסקראַפט. ער האָט געשפּילט פאַר מיר דאָס זעלבע איינציקע מאָל, און ער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז נאָך אַמאָל אַזאַ געוועט וועט ער שוין ניט מאַכן, ווייל ס׳האָט ביי אים אָוועקגענומען אַ סך צייט פון זיין זייער וויכטיקער רע־דאַקציע־אַרבעט.

איך קאָן נאָך ביזן היינטיקן טאָג ניט פאַרגעסן, ווי אַזוי דער רעדאַקטאָר, אויף וועמענס עדיטאָריעלס מען האָט געוואַרט מיט אַזוי פיל אומגעדולד, איז געזעסן און געשפּילט פּיאַנאָ ווי אַ גאַנץ־געשולטער פּיאַניסט.

איך האָב אים געטראָפן אין לואיסאָן סטאַדיום ביי אַ קאָנ־צערט, ווען ער איז שוין געווען קראַנק און אַ היפּש ביסל צע־בראָכן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס פּיאַנאָ־שפּילן קומט אים איצט צונוץ, ווייל שפּילנדיק פאַרגעסט ער אין זיין שווערן געמיט און די נאָך שווערערע צייטן.

## דער פּאַנאָגראַף פֿאַרטרייבט די פּיאַנאָ

„דער אַמעריקאַנער מכשף, וועלכער רעדט און זינגט פֿון זיך אַליין, איז געקומען". דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געהערט וועגן אַ פּאַנאָגראַף. איך בין דעמאָלט געווען אַ משורר'ל ביים חזן יאָשע סלאָנימער, אין גראָדנע. עס איז אַרונטערגעקומען אַ הויך, דאַר אידל פֿון אַמעריקע, מיט אַ מאַשינקעלע אונטערן אָרעם; פֿון מאַשינקעלע זיינען אַרויס־געהאַנגען טרובקעס. דאָס אידל האָט אָפּגעדונגען אַ פֿענסטער ביי ברוידע דעם זייגערמאַכער, און עס פֿלעגט קאָסטן פֿינף קאָ־פּיקעס פֿאַר צוויי טרובקעס, דאָס מיינט פֿאַר ביידע אויערן. אונז, משוררים, האָט ער גערעכנט אַ קאָפּיקע אַ טרובקע, דאָס הייסט צוויי קאָפּיקעס פֿאַר ביידע אויערן. איך האָב עס זייער ליב געהאַט צו הערן, אָבער איך האָב ניט געהאַט גענוג געלט צו הערן דעם פּאַנאָגראַף צו אָפֿט. בין איך געפֿאַלן אויף אַ גוטן איינפֿאַל. איך האָב זיך צוזאַמענגעלייגט מיט מאָטקע סאַפּראַן, — וועלכער איז טאַקע געוואָרן מיט יאָרן שפּעטער דער פֿאַרטרעטער פֿון דער עדיסאָן פּאַנאָגראַף־קאָמפּאַניע אין וואַר־שע, — און מיר האָבן געגעבן צו קאָפּיקעס; ער פֿלעגט זיך איינ־הערן אויף איין טרובקע און איך אויף דער צווייטער.

וואָס איך האָב געהערט, געדענק איך ניט, ווייל ערשטנס, האָט עס געזשומעט און געגרילצט אין די אויערן, און צווייטנס, האָט מען געזונגען אין ענגליש. אָבער איך פֿלעג ליב האָבן צו הערן, ווי אַ מענטשלעכע שטים רעדט און זינגט און דעם מענטש זעט מען ניט. איך פֿלעג גאַנצע טעג איבערליגן ביי ברוידע דעם זייגערמאַכער. דאָס אַמעריקאַנער אידל פֿלעגט מיך שיקן אַ גאַנג און איך פֿלעג לויפֿן, ביז איך בין געוואָרן ביי אים אַ גאַנ־צער מאַכער, כמעט אַן אייגענער מענטש. ווען אַלע טרובקעס זיינען ניט געווען פֿאַרנומען, פֿלעגט ער מיר דערלויבן צו נעמען

אַ טרובקע צום אויער אָן געלט. אָבער לאַנג האָט מיין גדולה ניט אָנגעהאַלטן, ווייל דער חזן יאָשע סלאָנימער איז געווען זייער אַ פרומער איד און ער האָט אונז, אינגלעך, זיינע משור־רים, פאַרבאָטן צו הערן די מאַשינקע שפילן, ווייל ער האָט גע־זאָגט, אַז עס איז אַ „שטן מקטרג", עס ליגט אין דעם אַ „רוח הטומאה", און אַז אַ איד, וואָס גלייבט אין גאָט, טאָר זיך צו דעם ניט צוהערן.

שפּעטער, ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, איז שוין דער פאָנאָגראַף געווען פיין אַנטוויקלט. עס האָבן שוין אַריינ־געזונגען אָפּערע־זינגערס, אָרקעסטערס; אָבער אויף דער אידי־שער גאַס איז דעמאָלט געווען פּאָפּולער די פּיאַנאָ — מען האָט כמעט אין יעדן אידישן הויז געקלאַפּט, געבאַראַבאַנעוועט, גע־האַקט אויף דער פּיאַנאָ. זעלטן ווען מען האָט געהערט גוט און פיין שפּילן. ניט די עלטערן און ניט די קינדער האָבן געהאַט געדולד צו וואַרטן ביז מען וועט זיך עפּעס רעכטס אויסלערנען. עס האָבן זיך געיאַוועט אין אַ קורצער צייט פּיאַנאָ־לערערס און פּיאַנאָ־לערערינס. ווער ס'האָט געהאַט אַ האַנט און אַ פּוס, איז געוואָרן אַ פּיאַנאָ־לערער. פּופּציק סענט, דרייסיק סענט און אויך אַ קוואָדער אַ לעקציע — און מען האָט געלערנט פּיאַנאָ.

עס האָבן זיך געעפנט גרויסע פאַבריקן מיט ביליקע פּיאַ־נאָס, דאָס הייסט, די פּיאַנאָ האָט ניט געקאָסט ביליק, עס האָט טאַקע געקאָסט פון 400—500 דאָלאַר אַ פּיאַנאָ, נאָר מען האָט זי געמאַכט צוגענגלעך פאַר יעדן אַרבעטער, אַז ער זאָל זיין אימשטאַנד צו קויפן אַ פּיאַנאָ. מען פלעגט איינצאָלן זייער אַ קליינע סומע, און דאָס איבעריקע אויף אָפּצאָלן; האָט שוין די פּיאַנאָ־פאַבריק אויסגערעכנט, אַז אויב אַ גרויסער טייל פּיאַנאָ־קויפערס זאָל ניט באַצאָלן (פיל פון זיי פלעגן זיך איבערציען מיט דער פּיאַנאָ), זאָל זיך עס פאַר דער פּיאַנאָ־פאַבריק דאָך לוי־נען, ווייל די פּיאַנאָ פון 400—500 דאָלאַר האָט דער פאַבריק

געקאָסט ניט מער ווי 70 אָדער 75 דאָלאַר, און די סומע פלעגט מען איינצאָלן, און דאָס אויסצאָלן איז געווען אַ פיינער פאַר־דינסט. פלעגט שוין במילא איינער באַצאָלן פאַר אַנדערע דריי. כמעט אין יעדן אידישן הויז האָט זיך געפונען אַ פּיאַנאָ, און ביינאַכט, נאָך וועטשערע, פלעגט דאָס טעכטערל אָדער דאָס יונגע ווייבל אויסקלאַפּן אויף דער פּיאַנאָ וואָס זי האָט געקאָנט, און אַפילו וואָס זי האָט ניט געקאָנט.

עס האָט זיך דערהערט אויף דער אידישער גאַס דער ערשטער אידישער רעקאָרד. דאָס איז געווען דוד קעסלער אין „מזמור לדוד". און טאַקע רוזשאַנסקי, פון דער פירמע פערלמאַן און רוזשאַנסקי, די פּיאַנאָ־דילערס, האָט געמאַכט דעם ערשטן אידישן רעקאָרד. שפּעטער האָט ער געמאַכט אויך מיט קלמן יואוועלירן אַ פּאָר רעקאָרדס. אָבער די אידישע גאַס איז נאָך אַלץ געווען קאַלט צום פאָנאָגראַף. די פּיאַנאָ האָט פאַרקלאַפּט דעם פאָנאָגראַף. און מערקווירדיק איז, אַז דעם חשק, די לוסט צום פאָנאָגראַף אויף דער אידישער גאַס האָט געגעבן ניט קיין אידישער אַקטיאָר אָדער אַ חזנ׳ישער רעקאָרד, נאָר ניט קיין אַנדערער ווי קאַרוסאָס רעקאָרדס. ווי נאָר מען האָט דערהערט אויף דער אידישער גאַס אַ קאַרוסאָ־רעקאָרד, האָט עס פאַר־כאַפּט אַלעמענס הערצער. זיין זיסקייט פון טאָן, זיין מתיקות, זיין געבעט, האָט זייער אַפּעלירט צום אידן. ספּעציעל זומער־צייט, ווען די פענסטער זיינען געווען אָפן, פלעגן מענטשן שטיין גרופּעסווייז און זיך איינהערן צו אַ קאַרוסאָ־רעקאָרד. מען פלעגט טאַקע אויך אַפּלאָדירן, און דער אייגנטימער פון רעקאָרד פלעגט זיין אַזוי פריינטלעך און אים אָנשטעלן נאָך אַמאָל.

אָבער דער ערשטער דערפאָלגרייכער אידישער רעקאָרד, וועלכער האָט פאַרכאַפּט דאָס גאַנצע אידישע אַמעריקע, איז געקומען ניט פון אַמעריקע, נאָר פון דייטשלאַנד. דאָס איז גע־ווען חזן קוואַרטין. זיינע ערשטע צוויי רעקאָרדס האָבן איינ־פאַך פאַרדונקלט קאַרוסאָס רעקאָרדס אויף דער אידישער גאַס.

אין אַלע אידישע וויין־קעלערס, רעסטאָראַנען און אין פּריוואַטע הייזער האָט מען געהערט חזן קוואַרטינס רעקאָרדס. דערנאָך איז אַרויס דער רעקאָרד „אָמר רבי אליעזר״ פון יאָסעלע ראָזנ־בלאַט. און טאַקע גלייך נאָכדעם האָט מען גענומען פאַבריצירן רעקאָרדס פון די גרעסטע אָפּערע־זינגערס, חזנים, אַקטיאָרן, און דער עולם האָט געשמאַק געקויפט רעקאָרדס, ווייל אויסער דעם שיינעם זינגען פון די אַרטיסטן און חזנים, פלעגן טאַטע־מאַמע זיך ניט דאַרפן בעטן ביים קינד „שפּיל עפּעס פאַר מיר״, נאָר זיינען טאַקע אַליין צוגעגאַנגען צו דער מאַשין, געגעבן אַ דריי און עס האָט געשפּילט און געזונגען, אַז עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו הערן.

די פּיאַנאָ איז געוואָרן אויס יחסנ׳טע, און אָנשטאָט וואָס מען פלעגט אַוועקשטעלן אויף דער פּיאַנאָ בלומען, שיינע ביל־דער, האָט מען זי גענומען פאַררוקן אין אַ זייט און לייגן אויף איר מאַנטלען, העטס און אַמאָל אַ טעפּל, און טאַקע אַ גאַנצן טאָפּ... אויבן־אָן אין פאַרלאָר איז געשטאַנען די שיינע, נייע מאַשין — דער פאָנאָגראַף, מיט אַ קעסטל רעקאָרדס אין אַ זייט... די פּיאַנאָ איז געוואָרן שטיל און פלעגט זיך איינהערן צו די שענע טענער פון אַ קאַרוסאָ, קוואַרטין און יאָסעלע ראָזנ־בלאַט.

מען האָט גענומען באַמערקן אָפט אין די צייטונגען: „פּיאַ־נאָס פאַרקויפט ביליק״... און שפּעטער, ווען מען האָט גע־נומען מופן, פלעגט מען זי איבערלאָזן אין דער גאַס און אָנ־הענגען אַ צעטל אויף איר: „טעיק מי האָום״ (נעם מיך אהיים).

די וויקטאָר קאָמפּאַני, די קאָלאָמביאַ און די בראָנזוויק האָבן גענומען פאַבריצירן אידישע רעקאָרדס אין די הונדערטער.

איין מאָל האָב איך געשפּילט מיט אַן אָרקעסטער מיינעם אַ נומער פאַר אַ רעקאָרד פון דער וויקטאָר קאָמפּאַני. איז צו מיר צוגעגאַנגען איינער פון די מענעדזשערס און געפרעגט, צי איך וואָלט געוואָלט באַגלייטן אויפן אָרגל אַ רעקאָרד פאַר יאָסעלע

ראָזנבלאַט. איך האָב איינעוויליקט, און ווען איך האָב זיך אַוועקגעזעצט ביים אָרגל שפּילן פאַר יאָסעלע ראָזנבלאַטן, האָט זיך יאָסעלע צו מיר געווענדט מיט די דאָזיקע ווערטער:

— ליבער רומשינסקי, איר זענט טאַקע איצט ביים טעאַטער, אָבער איר זענט דאָך געווען אַן אונזעריקער, געווען אַ משורר ביי חזנים, געווען אַ דיריזשאָר ביי די גרעסטע חזנים אין די שענסטע שולן, טאָ טוט מיר אַ טובה און טוט אָן אַ יאַרמולקע, ווען איר שפּילט פאַר מיר דעם אָרגאַן.

זאָג איך:

— ווי זאָל איך איצט נעמען אַ יאַרמולקע?

כאַפּט ער אַרויס אַ יאַרמולקע פון זיין בוזעם־קעשענע און שרייט אויס:

— איך האָב! איך האָב אַלע מאָל אַן איבעריקע יאַרמולקע!

— און טוט זי מיר אָן.

פאַר די מענטשן, וועלכע אַרבעטן ביים „רעקאָרדן" איז עס געווען אַ נייעס, און די אַפּערייטאָרס, מאַשיניסטן און אָפּיס־מענטשן האָבן געקוקט מיט וואונדער, ווי די צוויי „יאָסלס" מאַכן אַ רעקאָרד אין יאַרמולקעס.

# מיין ערשטע אָפּערעטע, געבויט
# אויף אידישע פאָלקס־מעלאָדיעס

נאָכדעם ווי איך האָב שוין געשריבן פאַר באָרים טאָמאַ־שעווסקין און מיט באָרים טאָמאַשעווסקין „דאָס צעבראָכענע פידעלע", „אַפּ־טאַון און דאַון־טאַון", „מזל־טוב", „די לוסטיקע אידעלעך", „די חזנ׳טע", — אַלץ גרויסע אָפּערעטעס, וועלכע ווערן אָנגערופן אין דעם וועלט־רעפּערטואַר „קאָמישע אָפּע־רעס", ווייל זיי זיינען מער ווי אָפּערעטעס און אַנטהאַלטן שווע־רערע, סעריעזערע מוזיק ווי אָפּערעטעס, — האָבן מיר באַ־שלאָסן, אַז אונזער נאָענטסטע אָפּערעטע זאָל זיין געבויט אויף פאָלקס־מעלאָדיעס, אַזעלכע מעלאָדיעס, וועלכע דאָס פאָלק קען און געדענקט. ביי די אומות העולם איז דאָס ניט ניי: ריכאַרד וואַגנער, קאַרל פאָן וועבער, אַפילו בעטהאָווען האָבן זיך באַ־נוצט מיט פאָלקס־מעלאָדיעס, אָבער בויען אַ גאַנצע אָפּערעטע אויף פאָלקס־מעלאָדיעס אין אידישן טעאַטער איז געווען דער ערשטער פאַרזוך, און מיר האָבן טאַקע די אָפּערעטע אַ נאָמען געגעבן „דאָס אַלטע לידעלע".

מען זאָגט, אַז ביי טאַטע־מאַמע זיינען אַלע קינדער גלייך. דאָך האָט יעדע טאַטע־מאַמע איין קינד, וואָס איז דער ליבלינג. און איך מוז צוגעבן, אַז „דאָס אַלטע לידעלע" איז ביי מיר נאָך איצט פאַררעכנט פאַר מיין ליבלינגס־אָפּערעטע. די אַלע גלות־ניגונים האָבן מיך באַגייסטערט און די גאַנצע זאַך האָט זיך גע־אַרבעט אַזוי, ווי מען צאַפּט קלאָר וואַסער פון אַ ריינעם קוואַל. און איך האָב געטראַכט, אַז די אָפּערעטע וועט פאַרבלייבן אַ מאָנומענט, ווייל די האַרציקע ניגונים פון יענער אָפּערעטע פלעגן איינפאַך אויפשטורעמען דאָס טעאַטער פון אַפּלאָדיס־מענטן, ווי דער קווינטעט „עס קומט אַ וועלט אַ נייע" און אַ נו־מער מוזיק געבויט אויף דער אַלטער מעלאָדיע „פרעגט די וועלט

אַן אַלטע קשיא". אויך די אַנדערע אַכצן נומערן מוזיק האָבן געטראָגן דעם פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער. דאָס פּובליקום, דאָס פאָלק האָט זיך מיט דעם אַרומגעכאַפּט, אַזוי ווי עס וואָלט זאָגן: „אָט דאָס איז אונזערס; אָט דאָס ווילן מיר!", האָט זיך אָבער צו־געפּאַסט צו די פאָלקס־מעלאָדיעס אויך דאָס אַלטע פאָלקס־ווערטל, אַז „דער בעסטער חלק קומט אָן דעם ערגסטן קינד". אַזוי ווי די מוזיק פון דער אָפּערעטע „דאָס אַלטע לידעלע" איז געווען אַ געראָטענע, אָן אָנגענעמע, מיט אירע פאָלקס־מאָטיוון, ראָמאַנסן, אַריעס, אַנסאַמבלען, וועלכע האָבן געטראָגן אַ פאָלקס־כאַראַקטער און געהאַט אַ פאָלקס־חן, אַזוי איז די פּיעסע געווען אַן אומגעלומפּערטע, עס האָט זיך ניט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט.

קיין גרויס מזל צו גוטע, געזונטע סיוזשעטן און פיינע אינהאַלטן צו מיין מוזיק האָב איך זעלטן ווען געהאַט. איך פלעג מיין גאַנץ לעבן באַדאַרפן אַרויסשלעפּן מיט מיין מוזיק נאַרישע אינהאַלטן און אומגעלומפּערטע פּראָזע, אָבער די עברי פון דער אָפּערעטע „דאָס אַלטע לידעלע" איז געווען דאָס לעצטע וואָרט פון נאַרישקייט. איך געדענק, ווי יאָזעף באַראָנדעס איז געזעסן מיט אַ גרופּע מענטשן אין טעאַטער אין דער ערשטער רייע, האָט ער נאָך יעדן נומער געזאָגט, ווען די אַקטיאָרן האָבן גענומען רעדן, האָבן צו מיר אַ טענה: „נו, שפּיל שוין! איך גיי אַוועק!", און טאַקע ביי דער אָפּערעטע האָט אַ פּרוי, וועלכע איז געזעסן הינטער מיר, געזאָגט צו מיר: „איר הערט, מר. רומ־שינסקי, ווען איר שטעלט אייך אַוועק דיריגירן, זע איך גאָרניט, ווייל מיט אייער דיריגירן פאַרשטעלט איר די בינע. אָבער ווען איר זעצט זיך אַוועק, איז נאָך ערגער; אָבער עס איז שוין בע־סער, אַז איך זע ניט, איידער איך הער ניט".

הלל ראָגאָף האָט טאַקע אָנגעפאַנגען זיין קריטיק איבער דער אָפּערעטע: „ווען וועט שוין טאָמאַשעווסקי געבן רומשינ־סקין אַ בעסערע פּיעסע צו זיין מוזיק?"

דאָך איז די אָפּערעטע געגאַנגען אַכצן וואָכן, ווייל ווי שוין

געזאָגט, די באַארבעטונג און דער געבוי אויף די פאָלקס-מעלאָ־דיעס האָט געהאַלטן געשפּאַנט דאָס פּובליקום טראָץ דער זייער שלעכטער פּיעסע.

וויקטאָר הערבערט, דער גרויסער אַמעריקאַנער אָפּערעטן־קאָמפּאָזיטאָר, האָט אַמאָל געזאָגט, אַז דער גרעסטער „סאָקער" (פאַרשווענדער) איז אַ קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער שרייבט מוזיק צו אַ שלעכטער פּיעסע.

איך האָב אַ סך מאָל געפילט דעם טעם, וואָס עס הייסט שרייבן מוזיק צו אַ שלעכטער אָפּערעטע, אָבער מער פון אַלע מאָל האָב איך עס געפילט ביי דער אָפּערעטע „דאָס אַלטע לידע־לע", און וואָס מער דאָס פּובליקום האָט אַפּלאָדירט נאָך יעדן נומער געזאַנג, אַלץ מער האָב איך געהאַט עגמת־נפש, ווייל די אָפּערעטע האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרבלייבן אַ אי־דישע פאָלקס-אָפּערעטע, ווען ניט דער שלעכטער אינהאַלט.

מערקווירדיק, אַז איך האָב ניט קיין קאָפּיע פון דער מוזיק. איבערהויפּט האָב איך ניט קיין קאָפּיע פון דער מוזיק, וועלכע איך האָב געשריבן פאַר באָרים טאָמאַשעווסקין און מיט אים. ווען איך פאַרבענק זיך אַמאָל נאָך דער מוזיק, גיי איך אַוועק אין דער פּאָבליק לאַיברערי, אויף דער 42סטער גאַס. דאָרט געפינט זיך דער גאַנצער טאָמאַשעווסקי־רעפּערטואַר, די פּיעסעס מיט דער מוזיק. דורכבלעטערנדיק מיין אייגענע מוזיק, דערמאָן איך זיך אָן יענער צייט, ווען מען האָט געשטרעבט און געהאָפט.

דאָס איז טאַקע געווען מיין לעצטע אָפּערעטע מיט באָרים טאָמאַשעווסקין. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס איך האָב גע־האַט מיט אים אַ קאָנטראַקט אויף נאָך דריי יאָר, בין איך געווען געצוואונגען אים צו ברעכן, ווייל איך האָב געפילט, אַז אַלס קאָמפּאָזיטאָר מוז איך האָבן אַן אָפּוועקסלונג סיי אין פּיעסן־שרייבער און סיי אין דער אויפפירונג. דעם צווייטן סעזאָן האָב איך אָנגעשריבן די מוזיק צום „רבינס ניגון", אַן אָפּערעטע, וועלכע האָט געמאַכט אַ רושם אין דער אידישער און אויך אין דער ניט-אידישער טעאַטער־וועלט.

# אַ נייער שטערן אין אידישן טעאַטער

די שטערן פון אידישן טעאַטער האָבן שוין גענומען שיינען ווי דורך אַ וואָלקן. זיי האָבן שוין גענומען לעבן מיט דעם אַמאָל, און קיין נייעס האָט ניט געבליצט. יעקב פּ. אַדלער האָט שוין קיין אייגן טעאַטער מער ניט געהאַט, ער האָט געשפּילט גאַסט־פאָרשטעלונגען אין פאַרשידענע טעאַטערס און אויך אויף דער פּראָווינץ. דוד קעסלער איז געווען בעל־הבית פונם סעקאָנד עוועניו טעאַטער און האָט אויך געלעבט מיט דער פאַרגאַנגענהייט און איז אָפט געשוואומען אין ביליקע מעלאָדראַמעס.

נאָך יעקב גאָרדינס טויט זיינען ניט פאַר אַדלערן און ניט פאַר קעסלערן באַשאַפן געוואָרן קיין ריכטיקע פּיעסע און קיין ריכטיקע ראָלע. יאָרן־לאַנג נאָך גאָרדינס טויט האָבן סיי אַדלער און סיי קעסלער געלעבט מיט דער פאַרגאַנגענהייט און זיסע דעראינערונגען, און טאַקע מיטן אָפטן איבער׳חזר׳ן אַ גאָרדין־פּיעסע.

באָרים טאָמאַשעווסקי, מענעדזשער פון נעשאָנאַל טעאַטער, האָט שוין אויך פיגורירט מער אַלס מענעדזשער, רעזשיסאָר און אַפילו אַלס פּיעסן־שרייבער, און האָט שוין די בעסערע, גרעסערע ראָלעס אַוועקגעגעבן די אינגערע און זיך גענומען באַנוגענען מיט קלענערע, זייטיקע, ניט־וויכטיקע ראָלעס.

אין יענער צייט האָט די אידישע טעאַטער־וועלט גענומען קוקן אין די הימלען פאַר אַ נייעם שטערן פאַרן אידישן טעאַטער.

און ווי האָט אַמאָל טאָסקאַניני געענטפערט אַ פּרימאַדאָנע פון מעטראָפּאַליטן אָפּערע־הויז, ווען זיי האָבן זיך ביידע צעווערטלט — „איך בין אַ סטאַר!״, האָט זי אויסגעשריגן; האָט ער דערויף געענטפערט: „שטערן זיינען נאָר אין הימל, און דו דרייסט דיך אַרום אויף די ברעטער פון אַ בינע״.

אָבער אַ שטערן איז אַ שטערן. און אַזוי ווי עס האָבן גע־נומען אָנקומען וואָלקנס אויף די שטערן פון דעמאָלטיקן אידישן טעאַטער און דאָס אידישע טעאַטער האָט אַרויסגעקוקט אויף אַ נייעם סטאַר, האָט זיך, אָן געוואָלדן, אָן געשרייען, אָן רעקלאַמעס אין אַ מיטנוואָכעדיקער פאַרשטעלונג באַוויזן אַן אומבאַקאַנ־טער, פרעמדער אַקטיאָר אין אַן אומבאַקאַנטער, פרעמדער פּיע־סע, אָבער מען האָט באַלד פאַר זיך דערזען אַן עלעגאַנטע, אימ־פּאָזאַנטע פיגור, מיט אַ געשמאַקן אידיש, עלאַסטיש, בייגזאַם, מיט אַן אייראָפּעאישער האַלטונג — איינער, וואָס האָט עפּעס צו פאַרקויפן פאַרן פּובליקום, און איבערהויפּט, פאַרשטייט ער די קונסט ווי אַזוי צו פאַרקויפן. איבערנאַכט איז אויפגעגאַנגען אַ נייער שטערן אויפן הימל פון אידישן טעאַטער, סעמיועל גאָלדינבורג.

אין טעאַטער האָבן זיך אָנגעהויבן גרויסע דעבאַטעס און אַרגומענטן. ס׳איז געוואָרן אַ נייע טעמע — גאָלדינבורג.

די פּיעסע, אין וועלכער גאָלדינבורג איז אויפגעטראָטן צום ערשטן מאָל אין אַמעריקע, איז געווען אַ שפּאַנישע דראַמע פון גימארי. אויף אידיש האָט זי געהייסן: „אויף דער זינדיקער ערד”. האָבן מאַנכע אַקטיאָרן גע׳טענה׳ט, אַז גאָלדינבורג איז זייער גוט אין דער פּיעסע, אָבער זיי ווילן אים זען אין אַ אידי־שער פּיעסע, אַ פּיעסע פון אונזער רעפּערטואַר.

די צווייטע פּיעסע, אין וועלכער ער איז אויפגעטראָטן, איז געווען שאָרס „שיר השירים” מיט מיין מוזיק. און אין „שיר השירים” האָט שוין גאָלדינבורג איבערצייגט די פּאַטריאָטן, די קריטיקער, די אַקטיאָרן, איבערהויפּט די שטענדיקע ניט־פאַר־גינער, אַז ער קאָן שפּילן אַ פּיעסע פון אונזער רעפּערטואַר און אַז ער איז אַן אונזעריקער, אַ אידישער אַרטיסט מיט אַלע מעלות, און איין מעלה, אַ צוגעגעבענע, וועלכע פּאַסט זיך זייער גוט אַריין אין דער פּיעסע „שיר השירים”.

אַזוי ווי די ראָלע פון „שיר השירים” איז פון אַ מוזיק־פּראָפעסאָר, וועלכער באַדאַרף שפּילן אַליין פּיאַנאָ אויף דער

בינע, פלעג איך, ווען מאָרים מאַסקאָוויטש האָט געשפּילט דעם פּראָפעסאָר, שפּילן די פּיאַנאָ הינטער דער בינע, און מאַסקאָוויטש פלעגט זיצן ביי דער פּיאַנאָ, כלומרשט ווי ער שפּילט עס באמת.


סעמיועל גאָלדינבורג

סעמיועל גאָלדינבורג האָט אָבער באַוויזן, אַז אויסער דעם פּראַכטפולן שפּילן פון דעם ראָמאַנטישן, ליידנדיקן, עלעגאַנטן, נאָבעלן מוזיק־פּראָפעסאָר אָפּנהיים ווי נאָר סעמיועל גאָלדינבורג האָט אים געקאָנט שפּילן, האָט ער טאַקע אַליין געשפּילט די פּיאַנאָ און געוויזן, אַז ער איז אַ גוטער פּיאַניסט און איז זייער מוזיקאַליש. די מיטנוואָכעדיקע פאָרשטעלונגען מיט סעמיועל גאָלדינבורג זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין יום־טוב׳דיקע פאָרשטעלונגען, איבערהויפּט אין די איינגאַמעס — ער האָט גענומען ברענגען אַ סך געלט. אַ מיטוואָך אָדער אַ דאָנערשטאָג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שבת אָדער אַ זונטאָג. אָבער טראָץ די אַלע דערמאָנטע פאַקטן, האָט זיך דאָס אידישע טעאַטער־וועלטל מיט זיינע פּאַטריאָטן נאָך אַלץ ניט געקענט באַרואיקן און גע׳טענה׳ט:

די ערשטע פּיעסע, אין וועלכער ער איז אויפגעטראָטן, איז אַ שפּאַנישע; די צווייטע, „שיר השירים״, האָט ער געזען שפּילן מאָרים מאַסקאָוויטשן אין לאָנדאָן (ער האָט אַ צייט געשפּילט אין לאָנדאָנער פּאַוויליאָן־טעאַטער, וואו מאָרים מאַסקאָוויטש איז געווען סטאַר און מענעדזשער). און די פּאַטריאָטן פון אַד־

לערן און קעסלערן מיט דער גאַנצער טעאַטער־משפחה האָבן פאַרלאַנגט, אַז זיי ווילן זען סעמיועל גאָלדינבורגן אין אַ נייער פּיעסע, אין וועלכער ער אַליין זאָל שאַפן די ראָלע און שטעלן דעם טיפּ.

אין יענע יאָרן, אַז פּאַטריאָטן, אַרומהענגער, קריטיקער האָבן פאַרלאַנגט, האָבן זיי טאַקע אויסגעפירט — און מען האָט אויפגעפירט אַ דראַמע פון ניו־יאָרקער לעבן, געשריבן פון אָסיף דימאָוון, „דער שטאָט־גייסט", אין וועלכער גאָלדינבורג האָט געשפּילט אַ מעפיסטאָ, אַ מין אוריאל מזיק. און כאָטש די פּיעסע האָט ניט געהאַט דעם געוואונטשטן סוקסעס, האָט אָבער גאָלדינבורג באַוויזן, אַז מען קאָן זיך אויף אים פאַרלאָזן וואָס אָנבאַלאַנגט אַ נייע ראָלע און אַ נייעם טיפּ. און אין צוויי חדשים צייט איז סעמיועל גאָלדינבורג געשטאַנען אויף דעם סטאַר־פּיעדעסטאַל און איז אָנערקענט געוואָרן אַלס „פול־פלעדזשד סטאַר" פון אידישן טעאַטער.

דער מענעדזשער, לואי גאָלדבערג, האָט מיר געוויזן אַ קאָנטראַקט, וואָס ער האָט געמאַכט מיט גאָלדינבורגן פאַר די ווייטערדיקע דריי יאָר, און ער האָט מיר אויסגערעכנט דעם ערשטן יאָר אַזוי פיל, דעם צווייטן יאָר מער און דעם דריטן יאָר גאָר אַ באַדייטנדע סומע. האָב איך אים באַמערקט, אַז איך גלייב ניט אין דעם קאָנטראַקט, און אַז איך וואָלט אפשר גע־גלייבט אין דעם קאָנטראַקט, ווען ער הייבט גלייך אָן מיט דער סומע פונם דריטן יאָר — און טאַקע אַזוי איז עס געווען:

אַנשל שאָר, וועלכער איז דעמאָלט געווען מענעדזשער אין פילאַדעלפיע, האָט אָנגעהויבן מיט 150 דאָלאַר אַ וואָך מער, ווי לואי גאָלדבערגס קאָנטראַקט פאַר באָרים טאָמאַשעווסקים טעאַטער איז געווען פאַרן לעצטן יאָר, דאָס הייסט, ער האָט אים געגעבן פיר הונדערט דאָלאַר אַ וואָך. עס איז געווען אַ באַדייטנדע סומע פאַר אַן אַמעריקאַנער אַרטיסט, און בפרט נאָך פאַר אַ גרינעם — און גאָלדינבורג איז אַוועק קיין פילאַ־דעלפיע.

כאָטש ס׳זיינען שוין אַוועק אַזוי פיל יאָרן, איז נאָך ביז היינ־טיקן טאָג, ווען איך טרעף מיך מיט סעמיועל גאָלדינבורגן, קיבעץ איך אים: „צוליב הונדערט דאָלאַר אַ וואָך אַנטלויפט מען קיין פילאַדעלפיע?״. ס׳האָט אונז אַלעמען דעמאָלט פאַרדראָסן, ווייל ער האָט זיך נאָך רעכט ניט אָנגעוואָרעמט אין ניו־יאָרק און ער איז שוין אַנטלאָפן אין אַ פּראָווינצער טעאַטער.

אָבער זיין אמת׳ן סוקסעס, וואו זיין נאָמען האָט זיך באַ־פעסטיקט, איז געווען אין סטרינדבערגס „דער פאָטער״. אין דער דאָזיקער ראָלע האָט ער באַוויזן אַ סך אייגנאַרטיקן שפּיל.

סעמיועל גאָלדינבורג דער מענטש שפּיגלט זיך אָפּ אין גאָלדינבורג דעם אַרטיסט.

גאָלדינבורג מאַכט אַ שווערע ראָלע לייכט און אַ לייכטע ראָלע שווער.

גאָלדינבורג איז ניט קיין דאָן־זשואַן, אָבער ווען איר פירט מיט אים אַ געשפּרעך איבער אַן ערנסטן ענין, אין וועלכן ער איז פאַראינטערעסירט, און עס גייט פאַרביי אַ שיינע, יונגע דאַמע, צעשפּילט זיך דער ראָמאַנטיקער אין אים, און די אויפ־מערקזאַמקייט פון אייער געשפּרעך פאַלט אַוועק.

גאָלדינבורג האָט פיינט נאַרישע, פוילע וויצן, אָבער ער לאָזט קיינמאָל ניט ווערן צו ערנסט אין זיין געזעלשאַפט.

מיר האָבן קיינמאָל ניט געזען גאָלדינבורגן אין זיינע אינגל־שע יאָרן, מיר האָבן אָבער נאָך ניט געזען גאָלדינבורגן אין זיינע באַיאָרנטע יאָרן.

ער האָט זייער ליב צו זינגען ביי זיך אינדערהיים, אין דרעס־סינג־רום, אַפילו אין קאַפע־הויז, און האָט אָבער זייער פיינט צו זינגען אויף דער בינע.

ער קאָן זיין אין ניו־יאָרק סעזאָנען און ניט אַרויספאָרן אין ערגעץ, אָבער ווען איך זע אים אַריינקומען אין קאַפע־הויז, מיין איך, אַז ער קומט נאָר־וואָס פון שיקאַגאָ, דעטראָיט, פילאַדעלפיע אָדער פון סאַוט־אַמעריקע.

## איך זוך נייע ווענן

שוין ביי דער פערטער־פינפטער אָפּערעטע מיט באָריס טאָ־מאַשעווסקין האָב איך געפילט, אַז זיי האָבן אַלע איין פּנים און איין כאַראַקטער. זייער ענלעכקייט איז צו־בולט. איבער־הויפּט האָב איך גענומען פילן, אַז זיי זיינען צו שווער, עס פעלט אין דער טאָמאַשעווסקי־רומשינסקי־אָפּערעטע דער מאָדערנער לייכטער שוואונג.

איך פלעג עס טאַקע זוכן און געבן אין דער מוזיק, אָבער טאָמאַשעווסקי האָט עס מיר ניט געגעבן אין טעקסט, און מיר האָבן געפירט אַ קאַמף אין אונזערע אָפּערעטעס — די מוזיק און דער טעקסט האָבן זיך געשלאָגן ווי צוויי פּרעמדע, וועלכע געהערן ניט איינע צו די אַנדערע. עס איז מערקווירדיק, כאָטש טאָמאַשעווסקי איז קיינמאָל ניט געגאַנגען דאַווענען, אַחוץ אַלס אינגל, ווען ער האָט געזונגען ביי אַ חזן, אָבער ווען עס פלעגט קו־מען צו שרייבן און אויפפירן אַ נייע אָפּערעטע, האָט ער זיך ניט געגעבן קיין ריר אָן אַ שול, אַ תורה׳לע, אַ שולכל, און איבער־הויפּט ארץ־ישראל, דאָס הייליקע לאַנד, כותל מערבי, מוטער רחל׳ס קבר. (ער איז קיינמאָל ניט געפאָרן קיין ארץ־ישראל, ער פלעגט גאָר פאָרן יעדן זומער קיין קאַרלסבאַד, ווין, בערלין, פּאַריז). ער האָט זיך ניט געגעבן קיין ריר אָן די אַלע הייליקייטן און ער פלעגט אַפילו ביים שרייבן זינגען פון די זאַכן, פילן און מיטפילן און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אמת־פרומען, גלייביקן אידן.

איך פלעג אים אָפט פרעגן פאַרוואָס ער גייט ניט באַזוכן קיין שול און פאָרט ניט אַמאָל קיין ארץ־ישראל; פלעגט ער מיר זאָגן, אַז די היגע שולן מיט זייערע פירעכצן און נגינה פאַר־שווענכן זיין פרומע פאַנטאַזיע. ער האָט אויך מורא צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, ווייל ער פילט, אַז פון דער נאָענט וועט עס

אָפּשוואַכן זיין רייכע הייליקע פאַנטאַזיע וועגן ארץ־ישראל. אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט טעאַטער, פלעגט זיך זיין נשמה צע־שפּילן פרום, הייליק, אַפילו אָבערגלויבעריש. ביי טאָמאַשעווו־סקין פלעגן ניט בלויז אַ רב אָדער אַ רביצין זינגען פון הייליקייט. אַ ליבהאָבער וויל אויסדריקן זיינע געפילן צו זיין געליבטער רחל׳ען, זינגט ער, אומגעפּער אַזוי: „שמע ישראל, הער מיך אויס, אלהים שדי, דיין וועלט איז גרויס!״

איך האָב גענומען פילן, אַז מיינע טענער וועגן ארץ־ישראל און כותל מערבי, מיט דער מוטער רחל׳ס קבר און גאָטעניו, גאָטעניו — אָט־די אַלע טענער שפּילן זיך אויס אין מיר, און אַז מיינע געדאַנקען מוזן זיך אַ ביסל אָפּרוען פון דעם סאָרט געזאַנג און ליריקס.

איך פלעג אָפּטמאָל איינ׳טענה׳ן מיט טאָמאַשעווסקין, אַז מיר דאַרפן אַ ביסל אַוועקגיין פון דעם, און אויב ניט, לאָמיר עס מאַכן אַ ביסל אין אַ גראָטעסקער פאָרם. האָט ער מיר געענטפערט: „וואָס, איך וועל אָפּלאַכן פון מיינע אידעלעך?״ האָב איך אים באַמערקט, אַז גראָטעסק מיינט ניט אָפּלאַכן, נאָר נעמען זאַכן אין אַ לייכטער, שפּילעוודיקער פאָרם. אַזוי ווי כ׳האָב אָבער געפילט, אַז טאָמאַשעווסקי פאַרשטייט מיך ניט, האָב איך באַשלאָסן, אַז איך מוז אים פאַרלאָזן, איבערהויפּט נאָך דער פּיעסע „דאָס אַלטע לידעלע״.

יאָסל עדלשטיין האָט דעמאָלט איבערגענומען דעם סעקאָנד עוועניו טעאַטער, און איך האָב דערפילט, ווי עס ווייעט פון דאָרט אַ נייִ ווינטל; עס האָט זיך מיר געוואָלט דאָרט זיין. אָבער איך האָב געהאַט אַ קאָנטראַקט מיט טאָמאַשעווסקין פאַר נאָך דריי יאָר. דאָס שווערסטע ביי מיר איז געווען, וואָס דער מענטש, דער דזשענטלמאַן טאָמאַשעווסקי איז געווען צו מיר אַזוי גוט און האָט מיך באַהאַנדלט ווי אַן אייגן קינד; כ׳האָב אָבער געפילט, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט טעאַטער, פּיעסע, מוזיק מוז איך אַוועקגיין פון אים, ווייל איך וועל פאַרוויאַנעט ווערן

און וועל מיך איבער׳חזר׳ן און שרייבן מוזיק אויף דער זעלבער אויסגעדראָשענער טעמע.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווי איך האָב מיך געפילט, ווען כ׳האָב זיך באַגעגענט מיט טאָמאַשעווסקין צום ערשטן מאָל אויג־אויף־אויג, נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך האָב אָפּגעמאַכט מיט יאָסל עדלשטיינען צו זיין אין סעקאָנד עווענוי טעאַטער. ווען מען זעט ניט, ווי עס שטייען צוויי מע־נער, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָ שטייען מאַן און ווייב, וואָס האָבן געלעבט אַ גליקלעך לעבן און פּלוצים וויל דער מאַן פאַרלאָזן ס׳ווייב. ער איז געבליבן שטיין ווי אַ פאַרגליווער־טער, דערנאָך איז ער אַרויפגעפאַלן אויף מיין האַלז מיט אַ געוויין און געמורמלט די ווערטער: „פאַרוואָס? פאַרוואָס, מיין טייע־רער רומשינסקעלע?״

איך האָב באַשלאָסן, אַז איך בלייב שוין מיט אים אויף ווייטער. אָבער ווען איך בין אַרויס אין גאַס און איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך באַדאַרף ווייטער שרייבן איינס און דאָס זעלבע, האָב איך געפילט, אַז מיין מאַרך דאַרף זיך אָפּ־רוען, און דאָס קאָן נאָר געשען, אויב איך וועל אַוועקגיין פון ביז־איצטיקן שאַבלאָן און שאַפן עפּעס נייעס. עס איז אָנגע־גאַנגען אַ קאַמף צווישן מיין געוויסן און מיין שאַפונגס־גייסט. מיין געוויסן האָט געזאָגט: „בלייב מיט דעם דזשענטעלמאַן טאָמאַשעווסקי״, און דער שאַפונגס־גייסט, די נשמה, האָט גע־זאָגט: „גיי, זוך נייע שפּייז, נייע באַגייסטערונג!״

איך האָב געפילט אין דער לופט, אַז אַ גרויסער סוקסעס וואַרט אויף מיר, און טראָץ אַלע שוועריקייטן מיט ברעכן אַ קאָנטראַקט, מיטינגען מיט צייטונגס־לייט, טעאַטער־לייט, טעאַ־טער־פּאַטריאָטן, וועלכע האָבן מיך געוואָרנט, געסטראַשעט מיט לאַיערס און קאָורט, האָב איך אָבער ניט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון פון שרייבן עפּעס נייעס און זוכן עפּעס נייעס.

טאָמאַשעווסקי האָט מיר אַפילו פאַרגעשלאָגן, אַז אויב עס פאַלט מיר שווער די אַרבעט, וועט ער מיר צודינגען אַ יונגנ־

מאַן, וואָס וועט מיר אַרויסהעלפן. ער האָט שוין אפילו מיט אים גערעדט און ער פאַרלאַנגט בלויז 35 דאָלאַר אַ וואָך; עס איז טאַקע זיין זונדעלע העריליעס חבר דזשאָרדזשעלע (דזשאָרדזש גוירשווין). אָבער איך האָב מיר ניט געקאָנט העלפן, אַ פאַר־באָרגן געפיל האָט צו מיר גע׳טענה׳ט: „גיי, פאָלג דיין נשמה, עס וואַרט אויף דיר אַ גרויסער סוקסעס!״ און ביז היינט־צו־טאָג בין איך צופרידן, וואָס איך האָב געפאָלגט דאָס פאַרבאָר־גענע געפיל, איבערהויפּט מיין נשמה, וואָס האָט געזוכט נייע שפּייז. און ניט נאָר האָב איך געמאַכט אַ סוקסעס מיט דער געלונגענער אָפּערעטע „דעם רבי׳נס ניגון״, נאָר עס איז אַרויפּ־געשוואומען אַ נייער שטערן פאַר דעם גרויסן ניו־יאָרקער טעאַ־טער־פּובליקום, אַ סטאַר, וועלכער האָט אַרויסגערופן גרויסע דעבאַטעס ביי די וויכטיקסטע קריטיקער: וואָס איז ער, אַ גרויסער טראַגיקער אָדער אַ גרויסער קאָמיקער? — לודוויג זאַץ.

## געבורט פון דער אָפּערעטע „דעם רבי'נס ניגון"

די קאָמפּאַניע פֿאַר יוסף עדלשטיינס סעקאָנד עוועניו טעאַטער איז געווען אַ ריזיקע, אַן אינטערעסאַנטע און איבערהויפּט אַ נייע.

דער נייער שטערן סעמיועל גאָלדינבורג, וועלכער איז שוין געווען גוט באַקאַנט דעם ניו-יאָרקער פּובליקום מיט זיינע פֿאָרשטעלונגען פֿון „אויף דער זינדיקער ערד", „שיר השירים" און סטרינדבערגס „דער פֿאָטער", איז געווען דער הויפּט פֿון דער קאָמפּאַניע. און טאַקע אין דער זעלבער צייט האָט זיך גענומען טומלען און קאָכן אויף דער אידישער גאַס מיט אַ נייעם סטאַר, וועמענס נאָמען האָט זיך צעשפּרייט שנעל ווי אַ בליץ. ער האָט געמאַכט ניט נאָר רעדן, אַרגומענטירן וועגן זיין שפּילן, נאָר אויך נאָכטראַכטן. דאָס איז געווען לודוויג זאַץ. יעקב פּ. אַדלער, וואָס האָט אים פֿאָרגעשטעלט פֿאַרן ניו-יאָרקער פּובליקום אין זיין גרענד טעאַטער, איז געווען לודוויג זאַצס גרעסטער פֿאַרערער. אַדלער האָט זיך איינפֿאַך געצאַצקעט מיט אים. ער פֿלעגט נאָך יעדער פֿאָרשטעלונג האַלטן גאַנצע לעקטשורס איבער זאַצס שפּילן טעאַטער, איבערהויפּט אין דער כאַראַקטער-ראָלע אין אָסיפּ דימאָווס פּיעסע „שקלאַפֿן פֿון פֿאָלק".

צוזאַמען מיט סעמיועל גאָלדינבורגן איז אויך אַנגאַזשירט געוואָרן אין דעם סעקאָנד עוועניו טעאַטער לודוויג זאַץ, מיט אַ קאָמפּאַניע פֿון באַקאַנטע אַרטיסטן, ווי מאַדאַם רעגינע פּראַגער, ראָזע קאַרפּ, סעמיועל ראָזנשטיין, פּעני לובריצקי און הײמי דזשייקאָבסאָן, און נאָך, און נאָך באַקאַנטע, פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַרטיסטן, פֿאַר וועלכע ס'האָט זיך געוואָלט שרייבן מוזיק. איך האָב געפֿילט, אַז איצט איז די צייט פֿאַר עפּעס רעכטס, וואָס זאָל פֿאַרכאַפּן דעם עולם.

אין יענער צייט איז געגאַנגען אין „מאָרגן־זשורנאַל" אַ סעריע חסיד׳ישע מעשה׳לעך פון יצחק אבן. איך פלעג זיי לייענען מיט גרויס אינטערעס. זיי האָבן אין מיר אַרויסגערופן אַ געפיל פון חסיד׳ישע ניגונים. איך האָב גענומען טראַכטן פון אַ חסיד׳ישער מאָדערנער אָפּערעטע. די איינציקע טעאַ־טער־שרייבער, וואָס זיינען געווען גוט באַקאַנט מיטן חסיד׳ישן לעבן, זיינען געווען גרשם באַדער און שלום פּערלמוטער. און אַזוי טראַכטנדיק פון מיין קומענדיקער חסיד׳ישער אָפּערעטע, טרעף איך אָן גרשם באַדערן. איך האָב אים געפרעגט, צי ער האָט עפּעס אַ פּיעסע צום לייענען. האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ ליטווישן ברייטן „יע" (דאָס האָט ער מיר נאָכגעקרימט, ווייל איך בין אַ ליטוואַק). מיר האָבן געמאַכט אַ באַשטעלונג ביי מיר אינדערהיים אויף שבת, 11 אינדערפרי. צו דער מי־נוט, שבת 11 אינדערפרי, האָט אַריינמאַרשירט גרשם באַדער מיט צוויי ביכלעך אין דער האַנט און האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס זיינען צוויי דראַמעס. האָב איך אים געענטפערט, אַז איך באַדאַרף ניט קיין איינע פון זיי. וואָס איך וויל פון אים איז, אַז ער זאָל מיר דערציילן חסיד׳ישע מעשה׳לעך, און ס׳מאַכט מיר ניט אויס, צי אמת׳ע פּאַסירונגען אָדער אויסגעטראַכטע.

ער האָט מיר דערציילט אַ פיר־פינף מעשה׳לעך און שוין געוואָלט אַוועקגיין, זאָגנדיק: „מר. רומשינסקי, איך וויל אייך ניט באַדערן מער, כאָטש איך הייס באַדער". דערווייל האָט מען דערלאַנגט טיי און נאָך עפּעס דערצו, און איך זאָג צו אים: „מר. באַדער, איר האָט אַ קוואַל פון חסיד׳ישע מעשה׳לעך. איך בעט אייך, ווערט ניט מיד, דערציילט". באַדער האָט זיך פאַר־טראַכט און אָנגעהויבן:

— עס איז געווען אַן אַלטע, חסיד׳ישע דינאַסטיע, אַ רב׳ני־שע פאַמיליע פון דור־דורות, וועלכע האָט געפירט אַ גאַנץ אי־דיש קעניגרייך. איז דער אַלטער רבי נפטר געוואָרן און אי־בערגעלאָזט אַ זונדעלע פון 13-14 יאָר, וועלכער האָט זיך נאָך געוואָלט שפּילן מיט אינגלעך אין צייכנס (מאַרבלס) און אין

קנעפּלעך, אָבער לויטן מנהג האָט ער באַדאַרפט איבערנעמען דעם רבי׳נס טראָן, דעם רבי׳נס שטול.

אין דער וועלט־ליטעראַטור איז דאָס ניט ניי. אומגעפּער, צאַר פיאָדאָר האָט געוויינט און זיך געבעטן: „ניע כאָטשו ביט צאַריאָם" (איך וויל ניט זיין קיין צאַר). אָבער אין אידישן טעאַטער איז עס געווען זייער ניי, און איך האָב גלייך געזען לודוויג זאַצן אַלס דאָס אינגעלע, דאָס רבי׳לע. זאַץ איז דעמאָלט געווען זייער דין, און כאָטש שוין אַ גרויסער אַרטיסט, נאָך יונג גענוג פאַר אַזאַ ראָלע. די גאַנצע געשיכטע האָט מיך גלייך פאַרכאַפּט. און וואָס מער גרשם באַדער האָט דערציילט, אַלץ מער האָב איך געזען די מעגלעכקייט פאַר אַן אינטערעסאַנטער, עכט־אידישער אָפּערעטע. אויך האָב איך געזען רעגינאַ פּראַגער אַלס די אַלמנה די רבי׳צין, וואָס ביז איר זונדל וואַקסט אונטער פירט זי די רב׳נישע מלוכה. איך בין געוואָרן פאַר׳כישופ׳ט פון דער גאַנצער זאַך און האָב באַשלאָסן, אַז דאָס איז מיין קומענדיקע אָפּערעטע, כאָטש איך האָב נאָך ניט געהאַט קיין פּיעסע, און איך האָב אויך באַשלאָסן, אַז קיין אַנדערע פּיעסע וועל איך ניט זוכן און כ׳האָב טאַקע ניט געזוכט.

מיר האָבן זיך גלייך באַשטעלט פאַר דעם צווייטן שבת אין דער זעלבער צייט. גרשם באַדער איז געקומען, ווי געוויינלעך, אין צייט, שוין מיט אַ פּאַק פאַרשריבן פּאַפּיר אונטערן אָרעם. ער האָט גענומען לייענען:

— דאָס ערשטע בילד קומט פאָר אויף אַ בית־עולם. חסידים מאַכן אַ לחיים און טאַנצן אַרום רבי׳נס קבר...

האָב איך פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ אָנפאַנג, כאָטש עס איז אַ פאַקט, אַז צום יאָרצייט קומען זיך צוזאַמען די חסידים און זיינען זיך משמח ביים רבי׳נס קבר. די בינע אָבער וויל ניט וויסן פון אַזעלכע זאַכן: עס איז אַ לוסטיקע אָפּערעטע און עס קען זיך ניט אָנהייבן מיט אַ בית־עולם. אָבער דאָס איז אַלץ פון די קלייניקייטן, ס׳איז בלויז אַ סינערי; עס איז ניט „ווי

מען זאָגט", נאָר „וואָס מען זאָגט". איך האָב גלייך געזען, אַז איך האָב מיך ניט אָפּגענאַרט. ווייל וואָס מער גרשם באַדער האָט געלייענט, אַלץ מער מעגלעכקייטן האָב איך געזען פאַר מיר פאַר חסיד׳ישער יום־טוב׳דיקער מוזיק, און דערצו האָב איך דאָרט געפונען דאָס, נאָך וואָס איך האָב געבענקט, און דאָס איז — אַ אידיש־חסיד׳ישע גראָטעסקע האַנדלונג.


לודוויג זאַץ

איך האָב ניט געזוכט צו מאַכן אַ קאַריקאַטור פון חסיד׳ישן לעבן, און אויך ניט אידעאַליזירן עס, נאָר נעמען דאָס לעבן אין אַ לייכטער פאָרם — און דאָס האָב איך געפונען אין גרשם באַדערס טעקסט. מיר האָבן אַזוי געאַרבעט פיל וואָכן צייט. איך האָב אים באַגייס־טערט מיט חסיד׳ישע ניגו־נים און ער מיך — מיט חסיד׳ישע ווערטלעך און האַנדלונגען. איך געדענק, איין מאָל האָב איך איבער־געשפּילט אייניקע מאָל פאַר גרשם באַדערן דעם ניגון, מיט וועלכן מען וועט באַגע־גענען דאָס רבי׳לע, שוין אַלס רבי, און האָב דערביי געזאָגט: „הערט זיך איין צו דעם רבי׳נס ניגון". איך האָב גע־שפּילט, אָבער ער האָט מיר ניט געענטפערט. איך האָב ווייטער געשפּילט; ערשט דעמאָלט האָב איך באַמערקט, אַז ער איז ווי פאַר׳חלומ׳ט, און אַזוי, אין „די הויכע הימלען", זאָגט ער צו

מיר אין דער שטיל: „רומשינסקי, לאָמיר טאַקע אָנרופן די אָפּע־רעטע „דעם רבי'נס ניגון".

עס איז געלעגן עפּעס אַ מאָדנער כישוף אין דער אָפּערעטע „דעם רבי'נס ניגון". שוין פון ערשטן טאָן, פון ערשטן אַקאָרד אין אָרקעסטער האָט זיך געפילט די וואַרעמקייט, די הייליקייט, דער חסיד'יזם, דער ספּיריטואַל. עס איז שוין אַוועק איבער אַ פערטל יאָרהונדערט זינט מען האָט אויפגעפירט „דעם רבי'נס ניגון", און ווען מען שפּילט עס נאָך היינט־צו־טאָג, פילט זיך די זעלבע וואַרעמקייט, התלהבות, דער זעלבער חסיד'ישער ברען.

מיין באָבע גיטל האָט געהאַט אויף יעדער זאַך אַ ווערטל און אַ משל. אירע ווערטלעך און משלים זיינען געווען ניט ניי. כמעט יעדע אידישע באָבע זאָגט די זעלבע ווערטלעך און די זעלבע משלים. אָבער איך האָב עס געהערט צום ערשטן מאָל פון מיין באָבע גיטל, שרייב איך עס צו צו איר. אויף מיין פּע־טער אַהרן פלעגט זי זאָגן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ שלימזל'דיקן טאָג, און אַז אים וועט שוין אין זיין לעבן גוט ניט זיין. אויף מיין עלטערן ברודער, איציק, פלעגט זי זאָגן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ זיידן העמדעלע, און דאָס מזל גייט אים נאָך.

דאָס זעלבע פלעגט זי אויך זאָגן, להבדיל, אויף הינט און אויף קעץ, און פלעגט טאַקע אָנווייזן אויף רחמיאל ברוידעס דעם גביר'ס הונט, ווי שיין ער זעט אויס, ווי גוט מען האַלט אים, וואָס פאַר אַ טייערע היים ער האָט. און אויף די היימ־לאָזע הינט פלעגט זי זאָגן: „להבדיל, אַפילו אַ הונט באַדאַרף אויך האָבן מזל". מיין באָבע גיטל האָט געגלייבט באמונה שלימה, אַז יעדער לעבעדיקער זאַך גייט נאָך דאָס מזל אָדער דער שלימזל.

ווען מיין באָבע גיטל וואָלט געווען ביים טעאַטער, וואָלט זי דאָס זעלבע געזאָגט אויף פּיעסעס.

אַ טייל פּיעסעס, וואָס מען זאָל ניט טאָן צו זיי, העלפט ניט. די שענסטע סינערים, די טייערסטע קאָסטיומען, באַלייכ־

טונג מיט די הערלעכסטע ליכט־עפעקטן, אָבער עס רירט זיך ניט פון אָרט, עס מאַכט ניט קיין ווירקונג: עס ווייעט אַ קאַלטער ווינט און קיין זאַך קען דאָס פּובליקום ניט אָנוואַרעמען. זיי זיצן ווי ברוגז און גייען אַהיים ברוגז. מיין באָבע גיטל וואָלט געזאָגט אויף אַזאַ פּיעסע, אַז זי איז געבוירן געוואָרן אין אַ שלימזלדיקער שעה.

און מיט אַנדערע פּיעסעס איז עס ווידער פאַרקערט: זיי באַדאַרפן ניט קיין טייערע סינערים, די קאָסטיומען זיינען איינ־פאַכע און די עלעקטרישע עפעקטן באַמערקט מען גאָרניט, אָבער פון אַלץ שמעקט, יעדעס וואָרט, וואָס די אַקטיאָרן רעדן אַרויס, ווערט פון פּובליקום אויפגעכאַפּט; יעדער נומער מוזיק איז אַ ראַיאַט. שוין פון ערשטן מאָמענט, וואָס די פּיעסע הייבט זיך אָן, זיצט דאָס פּובליקום מיט פריילעכע פּנים׳ער און גייט אַהיים פריילעך, צופרידן... און דאָ וואָלט ווידער מיין באָבע גיטל געזאָגט, אַז די פּיעסע איז אַ מזל׳דיקע און זי איז געבוירן גע־וואָרן אין אַ זיידן העמדעלע.

אָבער די משלים פון מיין באָבע גיטל זיינען ניט מער ווי אַ באָבע־מעשה, און אַז מען נעמט צעגלידערן דעם סוקסעס און דעם דורכפאַל פון אַ פּיעסע, געפינט מען דעם פאַרוואָס. פאַר־וואָס אַ פּיעסע מאַכט אַ סוקסעס אָדער, פאַרקערט, ס׳איז אַ דורכפאַל — וועגן דעם דערוויסט מען זיך צו שפּעט, און עס טוט וויי. און ווי האָט אַמאָל געזאָגט דער גרויסער אַמעריקאַ־נער פּיעסן־שרייבער און פּראָדיוסער, דייוויד בעלאַסקאָ: „דער מענטש, וועלכער קען וויסן פאָראויס, וועלכע פּיעסע ס׳וועט האָבן אַ סוקסעס, קען ווערן דער רייכסטער מענטש אין דער וועלט".

דער נס און דאָס מזל אין טעאַטער קומען, לויט מיין מיי־נונג, ווען דער גרונד פון דער פּיעסע איז אַ געזונטער, אַן אמת׳ער. איך מיין דאָס מעשה׳לע, די געשיכטע, אויף וועלכער מען בויט די גאַנצע פּיעסע, די האַנדלונג, די דערציילונג — אויב עס איז שפּאַנענדיק, אינטערעסאַנט, און איבערהויפּט ווען עס לאָזט

זיך גלייבן, זיינען שוין די באַפּוצעכץ, כ׳מיין די סינערים, די קליידער און די ליכט־עפּעקטן אַ נעבן־זאַך, ווייל דער קערפּער איז אַ געזונטער, אַ גלייכער, איז וואָס פאַר אַ סוט אָדער ראָק מען זאָל ניט אָנטאָן, וועט עס שוין פּאַסן.

ווען רודאָלף וואַלענטינאָ, דער מואווינג פּיקטשור־אַקטיאָר, וועלכן פרויען און אַפילו מענער פלעגן לויפן אָנקוקן אויפן לייוונט (סקרין), ווי שיין און גראַציעז ער איז, איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרקער פּאָליקליניק האָספּיטאַל, האָב איך געפרעגט איינעם פון די דאָקטוירים, וועלכע האָבן אים באַהאַנדלט: „וואָס איז געווען מיט אים? פאַרוואָס האָט איר אים ניט געקענט ראַ־טעווען? ער איז דאָך געווען אַזוי יונג און שיין! אַזוי עלע־גאַנט!" האָט דער דאָקטאָר מיר געענטפערט: „מען האָט אים געבראַכט צו אונז אין אַ שיינעם, עלעגאַנטן סוט נאָך דער לעצ־טער מאָדע, מיט אַ פּין פון דימענטן און קאָסטבאַרע רינגען אויף די פינגער, טייערע שיכעלעך און זיידענע זאָקן, קאָסטבאַרע זיי־דענע אונטערוועש, אַלץ אויף אים און אַרום אים איז געווען פון דעם טייערסטן און בעסטן, אָבער דער גאַנצער מעכאַניזם — מאָגן, קישקע, האַרץ, לונגען — דער גאַנצער אינעווייניק איז געווען פאַרפוילט און פאַרפעסטעט".

דער געזונטער, קרעפטיקער, ריינער קערפּער — אָט דאָס איז די האַנדלונג, אויף וועלכער אַ פּיעסע ווערט געבויט; דאָס איז די נשמה פון אַ פּיעסע. און די נשמה פון „רבי׳נס ניגון" איז געווען אַ גאַנצע און אַן אמת׳ע.

אַ חסיד׳יש אינגעלע, אַ קינד, וועלכעס דורשט נאָך חברים־לעך, נאָך דעם דרויסן, זומער נאָך דער זון, ווינטער נאָכן שניי, אַזאַ קינד נעמט מען און מען רינגלט עס אַרום מיט אָבערגלויי־בעריש, גרויסע, אַלטע אידן און ווייבער. ער, דאָס אינגעלע, דורשט נאָך אַ צערטלעכן, ליבן קוק, באַטראַכטן זיי אים גאָר פאַר אַ הייליקן, פאַר אַ נביא, און ער ווייסט ניט וואָס זיי ווילן פון אים... און מען וואַרפט אויף אים אַן אַן אימה, אַ פּחד.

ווען מען פירט דאָס אינגל־רבי צום טאַטנס שטול מיט פאַ־

ראַד און מיט ווירדע, דערזעט ער, שוין זיצנדיק אויפן טאַטנס רבנישן שטול, די אינגעלעך, די חברים׳לעך, און זיין יונגע נשמה ציט צו זיי... און דאָ קומען גאָר געזונטע, באַיאָרנטע אידן פרעגן עצות, צי זיי זאָלן האַנדלען מיט קאָרן אָדער מיט ווייץ, און אַפילו ווייבער קומען מיט עצות אויף קינדער האָבן! און עס לאַכט זיך, עס רופט אַרויס קאָמיזם, אָבער אין דער זעלבער צייט רופט עס אַרויס פאַטאָס און רחמנות.

ביים רבי׳לע שאַיקעניו זיינען געווען מאָמענטן, פון וועלכע מען האָט געלאַכט, אָבער מען האָט געלאַכט פון זיין הילפלאָזי־קייט; מען האָט געלאַכט מיט פאַטאָס; מען האָט אויף אַ אינ־געלע, כמעט אַ קינד, אַרויפגעלייגט דעם לאַסט פון ווערן אַ רבי, פסק׳ענען שאלות, און ער וויל לאַכן, יאָ — לאַכן, און דער גבאי, אַ הויכער, שוואַרצער איד, לאָזט אים ניט לאַכן...

און שפּעטער, ווען דאָס אינגעלע־רבי׳לע קומט קיין אַמע־ריקע: ווי הילפלאָז ער פילט זיך צווישן די אַמעריקאַנער געבוי־רענע קינדער! ער לערנט ענגליש מיט אַ גמרא־ניגון, ער שפּילט באַל מיט דעם ריטם פון אַ חסיד׳ישן טאַנץ. אים פאַלט אַלץ אין אַמעריקע שווער און פרעמד, און אים בענקט זיך אַהיים. ער קען ניט געניסן די אַמעריקאַנער פרייהייט; ער איז צו דעם ניט צוגעגרייט; אים בענקט זיך נאָך די היימישע שבתים, יום־טובים, נאָך די אַלע היימישע מנהגים, און ער בענקט אַהיים, און דאָס פּובליקום גלייבט אים און פילט מיט אים מיט, ס׳לאַכט מיט אים און ליידט מיט אים מיט. אָט דאָס איז דער כישוף פון „רבי׳נס ניגון".

דער גרויסער רוסישער דיריגענט באָרטניאַנסקי, וועלכער איז געווען דער דיריגענט אין דעם מאָסקווער קאַטעדראַל און שפּעטער אין דעם קאַטעדראַל פון רוים, האָט פאַרפאַסט מוזיק דריי מאָל מוזיק אויפן תהלים, דאָס הייסט, ער האָט געשריבן מוזיק צום טעקסט פון תהלים, דריי מאָל פאַרשידענע מוזיק. אַז מען האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט עס געטאָן, האָט ער געזאָגט, אַז צו אַזאַ טעקסט ווי דער תהלים קען ער שרייבן

אַפילו צען מאָל מוזיק, און אַלע מאָל פאַרשידן. אויך אין דער אָפּערע־וועלט פּאַסירט, אַז אייניקע קאָמפּאָזיטאָרס שרייבן מו־זיק אויפן זעלבן אינהאַלט, ווי צום ביישפּיל, אויף דער דראַמע „מאַנאָן לעסקאָט" האָט געשריבן מוזיק דער פראַנצויזישער קאָמפּאָזיטאָר מאַסענעי און דער איטאַליענישער קאָמפּאָזיטאָר פּוטשיני, און ביידע טעקסטן מוזיק זיינען פאַרבליבן אין דעם אָפּערע־רעפּערטואַר און ווערן אָפט געשפּילט, ווייל, ווי שוין געזאָגט, די טעמע, די דראַמע איז אַ געזונטע, אַן אמת'ע, און ווען נאָך צען קאָמפּאָזיטאָרס וואָלטן געשריבן מוזיק אויף דער זעלבער דראַמע „מאַנאָן לעסקאָט", וואָלט עס אַלץ גוט געווען.

אויף דער טעמע, אויפן אינהאַלט פון „רבי'נס ניגון" וואָלט איך אַליין געשריבן נאָך אַמאָל מוזיק צו דעם, און איך פיל, אַז עס וואָלט געווען ניט ערגער, אויב ניט בעסער, ווי דאָס ערשטע מאָל.

עס איז מערקווירדיק: קיין הויפּט־ראָלעס זיינען אין „דעם רבי'נס ניגון" ניט געווען, ווייל אַלע צען ראָליסטן האָבן געהאַט הויפּט־ראָלעס, און יעדער האָט גענומען „דעם רבי'נס ניגון" פאַר זיין ערן־אָוונט, אָבער לודוויג זאַץ האָט געמאַכט אַ רושם מיט זיין שפּילן דעם רבי'לע שאַיקעניו, איבערהויפּט מיטן ליד „איך בענק אַהיים". עס איז געלעגן אַ מאָדנער כישוף אין דעם לידל, און וועגן זאַצן זיינען פאָרגעקומען גאַנצע דעבאַטעס, מען האָט אַרגומענטירט און זיך געאַמפּערט און אַפילו דיסקוטירט עפנטלעך אין די ציייטונגען.

אב. קאַהאַן איז אַרויס אויף דער פּופּצנטער וואָך מיט אַ פראַגע: „וואָס איז זאַץ — אַ טראַגיקער צי אַ קאָמיקער?" זאַץ האָט דעמאָלט קאַהאַנען שלעכט פאַרשטאַנען, ווייל דאָס איז דער גרעסטער קאָמפּלימענט, וואָס אַ קאָמיקער קען קריגן, אַז מען זאָל ניט קענען באַשליסן, צי ער איז מער קאָמיקער, אָדער טראַגיקער. עס איז געווען אַ צייט, ווען די קריטיקער אין דייטשלאַנד האָבן זיך געאַמפּערט וועגן רודאָלף שילדקרויט, צי ער איז מער קאָמיקער אָדער טראַגיקער.

# יאָזעף באַראָנדעס

כאָטש ער איז ניט געווען קיין אַקטיאָר — איז דער אַקטיאָר געלעגן אויף אים אויסגעגאָסן. זיין אַרט רעדן, זיין אָנטאָן זיך, זיין גאַנג, מיט זיין גאַנצער האַלטונג האָבן אים געמאַכט אויס־זען ווי אַ ברודער פון יאַקאָב פּ. אַדלער אָדער באָרים טאָמאַ־שעווסקי. ער האָט גערעדט דראַמאַטיש ווי אַ שעקספּירישער אַקטיאָר. עס האָט ניט אויסגעמאַכט וועגן וואָס ער האָט גע־רעדט — רופן די אַרבעטער צום קאַמף, אָדער וועגן אַ פּאָגראָם אין רוסלאַנד, אָדער גאָר באַשטעלן אַ גלעזל טיי אין דער אַק־טיאָרסקער קיבעצאַרניע — האָט ער דאָס אַלץ באַטאָנט און אַרויסגערעדט מיט די זעלבע דראַמאַטישע, האַמלעטישע טע־נער.

מיט זיינע אָפטע משלים פון תלמוד האָט ער געלאָזט וויסן, אַז ער איז געגאַנגען אין חדר און געדענקט נאָך וואָס ער האָט געלערנט.

אין זיינע ערשטע טעג אין אַמעריקע, צוערשט אַלס אַרבע־טער פון קינדער־הייזקעס, און שפּעטער אַלס קלאָוקס־אָפּעריי־טאָר, האָט ער אַלע מאָל געלאָזט וויסן דעם ברודער אַרבעטער, אַז כאָטש ער איז מיט אים און פאַר אים, שטייט ער דאָך העכער פון אים, און איבערהויפּט, אַז ער שטאַמט פון משכילים.

באַלד ביי מיין ערשטן מאָלצייט, וואָס איך האָב געהאַט אין אַמעריקע ביי מיין ברודער איציק, האָט ער די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין רעדן פון יאָזעף באַראָנדעסן. און מיין ברו־דער האָט זייער באַדויערט, וואָס איך בין געקומען אַ ביסל צו שפּעט. ווען איך קום פריער קיין אַמעריקע, וואָלט איך נאָך פאַרכאַפּט, ווי יאָזעף באַראָנדעס פירט דעם גרויסן אַרבעטער־מאַרש פון ערשטן מאַי. ער אַליין רייט אויף אַ ווייס פערד, אַן אָרקעסטער שפּילט די מאַרסעליעזע, אַ גרויסע מאַסע אַרבעטער

— מענער, פרויען און קינדער — מאַרשירט איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק מיט סאָציאַליסטישע פאָנען און אויפשריפטן: „אַרבע־טער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט אייך!”, „אַרונטער מיט שקלאַפעריי!”, „לעבן זאָלן די יוניאָנס!”.


יאָזעף באַראָנדעס

ווען מיין ברודער האָט וועגן דעם גערעדט, האָט ער זיך באַגייסטערט:

— אוי, יאָשטשיקל, עס האָט זיך געלוינט צו קומען קיין אַמעריקע בלויז אָנקוקן אַזאַ בילד, אַזאַ מאַרש פון פּראָלעטאַריער, און איבער־הויפּט דעם מאַגנאַט, דעם פּרינץ, יאָזעף באַראָנדעס, זיצן אויפן ווייסן פערד. די שכינה האָט גערוט אויף אים. האָסט אים באַדאַרפט הערן רעדן! דאַכט זיך ער רעדט צו קירזשנער, קלאָוק־אָפּערייטאָרס, העמדל־נייער, האָט ער אָבער אויף יעדן וואָרט אַ משל און אַ נמשל פון דער תורה און פון פּרק. פּונקט ווי אונזער טאַטע, אים צו לאַנגע יאָרן; וואָס רעד איך אונזער טאַטע — ווי דער מגיד חיים רומשיסקער! און צו די אַלע מעלות, וואָס יאָזעף באַראָנדעס האָט, איז ער שיין ווי די גאַנצע וועלט — אַ פיגור, אַ מאַן, אַ רעגעלע פּיקטשע.

צום ערשטן מאָל, ווען איך האָב געזען באַראָנדעסן, איז געווען ווען ער האָט אָנגעפירט דעם טרויער־מאַרש נאָך די קי־שינעווער פּאָגראָמען. און איך האָב גלייך באַגריפן מיין ברו־דער איציקס באַגייסטערונג פאַר דעם מענטשן.

מיט זיין ערנסטער, ווירדיקער האַלטונג, מיט זיין פּערזענ־לעכקייט האָט ער אָן ווערטער באַגייסטערט זיין פּובליקום. שפּעטער, צווישן די אַקטן ביי אַ פֿאָרשטעלונג אין אידישן טעאַ־טער, ווען ער האָט גערעדט וועגן צדקה און געמאַכט אַן אַפּיל, האָט ער קיין שוועריקייטן ניט געהאַט צוזאַמענצונעמען געלט, ווייל ער האָט צעבראָכן די הערצער פֿון זיינע צוהערער מיט זיין אַרט רעדן און משלים, און ער האָט ווידער באַשטעטיקט מיין ברודער איציקס באַגייסטערונג פֿאַר אים.

מיין פּערזענלעכע באַגעגעניש מיט יאָזעף באַראָנדעסן איז געווען ביי אַדלערן אין דרעסינג־רום, וואו אַדלער האָט מיך פֿאַר אים פֿאָרגעשטעלט, און דאָ האָב איך שוין געזען דעם נאַטיר־לעכן באַראָנדעס. ער האָט גלייך גענומען מיך איבערצייגן, אַז ער קען זינגען מזמור לדוד פּונקט אַזוי, אויב ניט בעסער פֿון דוד קעסלערן. און כאָטש ער איז געווען איינער פֿון די גרינדער פֿון דער אַקטיאָרן־יוניאָן, האָט ער אַלס יונגערמאַן קיין מזל ניט געהאַט צו ווערן אַן אַקטיאָר, כאָטש ער האָט געשפּילט מיט „ליוביטיעליעס" טעאַטער אין קאָמעניעץ־פּאָדאָלסק, זיין געּ־בורט־שטאָט. און ער וויל זייער, אַז איך זאָל ווערן זיין געזאַנג־לערער און אים אויסבעסערן זיין באַריטאָן־שטימע... ער האָט זיך צעגאָרגלט, געצויגן מאָגולעסקאָס „מן המצר" און האָט שוין געהאַלטן ביי אָפּערע־אַריעס... ביז יעקב פּ. אַדלער האָט זיך אָנגערופֿן:

— מר. באַראָנדעס, הערט אויף זינגען. די אידן קלייבן זיך שוין צוזאַמען אין טעאַטער. מען קען נאָך מיינען, אַז אַקטיאָרן זינגען אַזוי!

האָט אים באַראָנדעס געענטפֿערט:

— מר. אַדלער, ווען איר אַנאָנסירט, אַז יאָזעף באַראָנדעס וועט זינגען, קאָן איך אָנפֿילן אַ גרעסער הויז פֿון אייך מיט קעסלערן צוזאַמען.

ווען איך האָב דערציילט מיין ברודער איציקן, אַז יאָזעף באַראָנדעס לערנט זיך ביי מיר זינגען, איז זיין ערשטע פֿראַגע

געווען: „וואָס הייסט יאָזעף באַראָנדעס לערנט זיך? איז דען פאַראַן אַ זאַך, וואָס יאָזעף באַראָנדעס קאָן ניט?"

עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז ווען באַראָנדעס האָט גענומען די ערשטע לעקציע אין געזאַנג, האָט ער מיך געבעטן, איך זאָל אים אויסלערנען עטלעכע חזנ'ישע זאַכן, עטלעכע תפילות. צו יענער צייט איז עס געווען אַן איבעררעשונג, אַז אַן אַרבעטער־פירער, איינער פון די גרינדער פון די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן, דער אָנפירער פון דעם ערשטן גרויסן קלאָוקמאַכער־סטרייק אין 1889, מיט וועלכן ס'האָט געקלונגען גאַנץ אַמעריקע, זאָל גאָר וועלן זינגען תפילות. און ניט נאָר האָט ער געוואָלט זיך לערנען זינגען חזנ'ישע תפילות, נאָר ווען ער האָט זיך געגאָרגלט חזנ'יש, האָב איך געפילט, אַז דער איד מיינט עס און פילט עס אַזוי.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט באַראָנדעס טאַקע זיך גענומען אָפּגעבן מיט כל־ישראל־באַוועגונגען, און האָט זיך בים־לעכווייז צוריקגעצויגן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז אַפילו געוואָרן אַ פּרעזידענט פון אַ שול און איז געקומען אָפּט אין דער געזעלשאַפט פון די אַמעריקאַנער דייטשע יאַהודים.

אָבער ער איז אַלץ פאַרבליבן דער פאָלקס־מענטש, דער פירער, דער אָרגאַניזאַטאָר, און ווען עס האָט נאָר פאַסירט אַ וויכטיקע זאַך אויף דער אידישער גאַס, איז באַראָנדעס געווען גרייט זיך אַריינצוואַרפן מיט לייב און לעבן, מיט זיין גאַנצער ענערגיע.

זיין פּרנסה, דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן, איז געווען אינשורענס. ער איז טאַקע געווען מיין ערשטער אינשורענס־אַגענט אין אַמעריקע. ער איז אָבער אַלע מאָל געווען באַשעפטיקט מיט כלל־זאַכן און אויך טאָן טובות צו איינצלנע פּערזאָנען.

איין מאָל, ווען איך בין געווען ביי אים אין אָפיס, האָב איך געהערט ווי באַראָנדעס פירט אַזאַ מין געשפּרעך אויפן

טעלעפאָן. באַראָנדעס שרייט: „דאָס ביזטו, יאָסל? יאָזעף מאַר־קוס דער באַנקיר? אויב איך רעד טאַקע צו דיר, זאָג איך דיר, אַז דו ביזט אַ גרויסער חזיר! דו ביזט געווען אַ שניידער און וועסט פאַרבלייבן אַ שניידער, כאָטש דו האָסט אַ גרויס באַנק־געשעפט. הער, איך שיק צו דיר אַן איידעלן, געבילדעטן מענטש, וועלכער האָט געאַרבעט אין אַ „גאָסודאַרסטווענע באַנק" (רעגירונגס־באַנק), אַ גרויסער בוכהאַלטער און אַ גרוי־סער העברעער ,לאָזטו אים שטיין און נאָכדעם הייסטו אים קומען מאָרגן! יאָסל, נעם אים אַריין צו דיר אין באַנק, ווייל עס איז אַ כבוד פאַר דיר! דו מיינסט, אַז אַ באַנקיר מוז זיין אַ חזיר?" ווען ער האָט שוין געהאַט אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל, האָט ער זיך נאָך אַלץ ניט געקאָנט באַרואיקן: „אַמעריקע גנב, יאָסל שניידער אַ באַנקיר... עס וועט אים אָבער ניט העלפן, ער וועט אים מוזן געבן אַ שטעלע אין זיין באַנק!"

אַז איך האָב געפרעגט באַראָנדעסן: „אָבער פאַרוואָס האָט איר אַזוי געשריגן?", האָט ער מיר געענטפערט: „אַזוי ווי איך האָב גערעדט צום קלאָוקמאַכער, צום קירזשנער, אַזוי רעד איך צו אים. איך האָב זיך ניט געביטן, איך האָב נאָר געביטן דעם פּלאַץ, אָבער ניט באַראָנדעסן".

מיט דעם אַקטיאָרן־געזינדל איז באַראָנדעס פאַרבליבן ביזן סוף פון זיין לעבן, ווייל מיט זיין גאַנצער גלאָררייכער קאַריערע און דערפאָלגרייך לעבן איז אים קיין זאַך ניט איינגעגאַנגען צוליב דעם, וואָס אים האָט זיך ניט איינגעגעבן צו ווערן אַן אַקטיאָר.

ער האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט געוואָרן אַן אַקטיאָר, וואָלט ער זיין נאָמען געענדערט אויף באַראָן־דע־עס...

# ראובן גוסקין

ס'איז געווען אַ צייט אין אידישן טעאַטער ווען מען האָט ניט געוואוסט אויף זיכער, צי מען שפּילט היינט, צי ניט. יעדער איינער האָט געקאָנט אַרויסרופן אַ סטרייק. אונטער אַזעלכע אומשטענדן האָבן קיין סטרייקס ניט געפעלט, ווייל קיין געוואַלדיקע סיבה אַרויסצורופן אַ סטרייק האָט מען ניט באַדאַרפט. צום ביישפּיל:

דער באַראַבאַנשטשיק (דראָמער) פון אָרקעסטער האָט אַרויסגערופן אַ סטרייק, ווייל דער סטאַר לאָזט אים ניט רעדן מיט... די פרויען, וואָס זיצן אין דער ערשטער ריי. דער כאָריסט ב. האָט אַרויסגערופן אַ סטרייק, ווייל דער רעזשיסאָר האָט פאַרלאַנגט, ער זאָל קומען אין טעאַטער מיט אָפּגעפּוצטע שיך. דער „דרעסער" ל. האָט בלויז געוואָלט אָנטאָן דעם סטאַר און ניט די קלענערע אַקטיאָרן.

אַזעלכע סטרייקס פון אַ כלי־זמר, כאָריסט, דרעסער, פון אַקטיאָרן איז שוין אָפּגערעדט, — פלעגן אַרויסגערופן ווערן כמעט איין מאָל אַ חודש און אָפטער.

ביים אַנגאַזשירן אַקטיאָרן פלעגן ווערן שטאַרק באַשעפטיקט טעאַטער־מעקלער, „פּאַטריאָטן", מענעדזשערלעך, טעאַטער־לאַיערלעך און סתם אַרומהענגער, און עס האָט זיך געהאַנדלט ווער עס גיט מער. ניט, חלילה, דעם אַקטיאָר, נאָר דעם מעקלער.

די אידישע פאַראייניקטע געווערקשאַפטן פלעגן זיך באַקלאָגן, אַז ביי זייערע וועכנטלעכע מאַנטאָגדיקע מיטינגען איז אוממעגלעך צו קומען צום פּסוק, ווייל די גאַנצע צייט פאַרנעמען די טעאַטער־יוניאָנס מיט זייער טעאַטער־פּאָליטיק.

עס האָט עקזיסטירט אַ כאַאָס אין די אידישע טעאַטער־יוניאָנס, איבערהויפּט אין דער אַקטיאָרן־יוניאָן. מען האָט שוין

געמאַכט פאַר אַ ביזנעס-מענעדזשער אַ ברודער-אַקטיאָר, דאָס הייסט, איינער פון די אַקטיאָרן פלעגט ווערן דער ביזנעס-מענעדזשער. האָט זיך געשאַפן אַ לאַגע, ווי מען וואָלט געוועזן געשיקט אַ קאַץ היטן סמעטענע. די אומאָרדענונג אין דער אידישער אַקטיאָרן-יוניאָן איז געגאַנגען אויף אַזוי ווייט, אַז זי איז געווען געצוואונגען אַרויסצוטרעטן פון די אידישע געווערקשאַפטן. מען האָט זי שוין אַפילו גענומען באַטראַכטן כמעט פאַר אַ ניט-יוניאָן; די בינע-אַרבעטער, מוזיקער, כאָריסטן, דרעסער, אַשערס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן ווי יוניאָן-לייט, מיט וועלכע אַ באָס רעכנט זיך, אָבער די אַקטיאָרן זיינען איגנאָרירט געוואָרן. זיי האָבן זיך געהאַט אַריינגעכאַפּט דורך אַ הינטער-טיר אין די אידישע געווערקשאַפטן.

די אַלע איבלען פון סטרייקס, מעקלער, צאַנקערייען אין די טעאַטער-יוניאָנס בכלל און אין דער אַקטיאָרן-יוניאָן בפרט האָבן אויפגעהערט און מער קיין שליטה ניט געהאַט, ווען מען האָט אין אַ שיינעם מאָנטאָג, ביי אַ גוט-באַזוכטן מיטינג פון אַקטיאָרן, פאָרגעשטעלט אַלס דעם נייעם ביזנעס-מענעדזשער אַ יונגנמאַן מיט שוואַרצע, קודלע, געדיכטע האָר, מיט אַן אָנגענעמען, פיינעם, קלוגן, צו דער זעלבער צייט קינדערשן, שמייכל. ער האָט גלייך פאַרשטאַנען דאָס, וואָס זיינע קאָלעגן אַרבעטער-פירער פון די געווערקשאַפטן, וועלכע זיינען געוועזן פאַר אים, האָבן ניט פאַרשטאַנען, און דאָס איז: רעדן צו אַקטיאָרן טרעיד-יוניאָניסטיש אַליין איז ניט גענוג. זיי באַטראַכטן אַזאַ איינעם ווי אַ „יאָלד”. ווען מען רעדט ניט צו דעם אַקטיאָר אין זיין טעאַטער-שפּראַך, און דער רעדנער מעג זיין דער געבילדעטסטער און פעאיקסטער מענטש, נאָר ער ווייסט ניט „דהי טריק אָוו דהי פראָפעשאָן”, — ווערט ער באַטראַכט פאַר אַ יאָלד און אַמאָל אויך פאַר אַ „משה”. דער יונגערמאַן האָט עס פאַרשטאַנען און פלעגט די ערשטע צייט רואיק אויסהערן אַלע אַרגומענטן און פאַרלאַנגען, און אַליין גאָרניט זאָגן. אָבער ער האָט געלערנט, שטודירט יעדן באַזונדער און האָט שנעל ווי אַ בליץ אָרומגע-

כאַפּט און באַגריפן די גאַנצע טעאַטער־לאַגע און סיטואַציע.

אַ קורצע צייט שפּעטער, ווען ער האָט זיך געלאָזט הערן, כאָטש אין אַ באַברויסקער ליטוויש (ניט ערגער פון ווילנער ליטוויש), האָט מען גלייך געזען, אַז ער איז דער ריכטיקער זיווג מיט דער אַקטיאָרן־יוניאָן, און אַז דער יונגערמאַן וועט זיך עלטערן מיט דער אידישער טעאַטער־משפּחה.

עס האָבן זיך גענומען ראַשן, טומלען אין די טעאַטערס, אין די קאַפע־הייזער, וועגן דעם נייעם, יונגן ביזנעס־מענעדזשער פון דער אַקטיאָרן־יוניאָן, בפרט ווען אויך אַלע טעאַטער־יוניאָנס האָבן אים באַטראַכט פאַר אַ זייעריקן בכלל. ער איז באַלד איינגעבאַקן געוואָרן אין די הערצער פון אַלע אָנגעשטעלטע אין אידישן טעאַטער, און אַלע האָבן גערעדט מיט רעספּעקט און ליבע פון דעם יונגן, קלוגן ליטוואַק — ראובן גוסקין.

מען האָט גלייך געזען, אַז ביי ראובן גוסקינען איז דאָ ניט קיין פראַגע פון אַ דזשאַב. ביי גוסקינען איז דאָס אידישע טעאַטער קיינמאָל ניט באַטראַכט געוואָרן ווי בלויז אַ דזשאַב, ווי איינער, וואָס האָט אָפּים־שטונדן, און אַוועק פון אָפּים — פאַרגעסן. ראובן גוסקין האָט זיך גלייך אַריינגעוואָרפן מיט זיין גאַנצער נשמה, מיט דער גרעסטער איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט צו דער גאַנצער טעאַטער־פּראָפעסיע, און ער איז טאַקע געוואָרן דער פירער און ליבלינג פון דער גאַנצער טעאַטער־משפּחה.

סטאַניסלאַווסקי, דער גרויסער רוסישער רעזשיסאָר, האָט געזאָגט, אַז אַ רעזשיסאָר דאַרף ניט נאָר קענען זיינע אַקטיאָרן פון דער בינע, נאָר ער דאַרף קענען און שטודירן זייערע כאַראַקטערן און פירונגען אויך אין פּריוואַטן לעבן.

גוסקין האָט ניט נאָר געלערנט און זיך אינטערעסירט מיטן אַקטיאָרס „גראָשנס און סענטס", נאָר האָט אויך אָנטיילגענומען אין זיין פּערזענלעכן לעבן. דעם אַקטיאָרס פרייד איז זיין פרייד און דעם אַקטיאָרס ליידן זיינע ליידן. דער אַקטיאָר געפינט אין גוסקינען ניט נאָר אַ יוניאָן־פאַרטרעטער, נאָר אַ

מענטשלעכן פריינד, וואָס אינטערעסירט זיך מיט זיין גאַנצער עקזיסטענץ.

די טעאַטער־פּראָפעסיע, מיט וועלכער גוסקין איז אַזוי פיל יאָרן פאַרבונדן, האָט אויף אַ האָר ניט געביטן זיינע טרייד־יוניאָ־ניסטישע איבערצייגונגען און טעטיקייט. גוסקין איז נאָך איצט איינער פון די וויכטיקסטע אַרבעטער און פאַרטרעטער אין דער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג און אין אידישן עפנטלעכן לעבן. ער האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי די צוויי פאַרשידענע וועלטן — טרייד־יוניאָניזם און טעאַטער — צו קאָמבינירן צוזאַמען.

מיט זיין קלוגער, רואיקער, געלאַסענער האַלטונג, איבער־הויפּט מיט זיין טאַקט באַגרייפט ער שנעל אַ סיטואַציע און ווייסט, ווי אַזוי און איבערהויפּט ווען, וואָס דאָס איז זייער וויכטיק פאַר אַן אַרבעטער־פירער.

איך געדענק, ווי אין 1919, אין דער צייט, ווען די פּראָספּע־ריטי האָט זיך צעשפּילט אויך אין אידישן טעאַטער, האָט יאָסל עדלשטיין, דער מענעדזשער, גע׳טענה׳ט צום אַקטיאָר און מע־נעדזשער מאַקס געבעל: „וואָס רייסטו אויף די אויגן מיט דיין אויטאָמאָביל? דאַרפסט נויטיק האָבן, אַז מען זאָל דערשמעקן, וויפיל דו מאַכסט?״ האָט מאַקס געבעל געענטפערט: „וואָס מיינט איר, יאָסעלע, אָן מיין אויטאָמאָביל ווייסט ניט גוסקין? ער זעט ניט?״ און טאַקע אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ראובן גוס־קין אַוועק צו באָריס טאָמאַשעווסקין און אים דערקלערט זיין מיסיע: ער וויל אַ 20־פּראָצענטיקע הוספה פאַר זיינע אַקטיאָרן, און במילא איז עס שוין געווען די זעלבע הוספה אויך פאַר די איבעריקע טעאַטער־יוניאָנס.

גוסקין האָט שוין מיט די אַנדערע טעאַטער־מענעדזשערס ניט געהאַט קיין שוועריקייטן, ווייל די הוספה, וואָס גוסקין האָט געקראָגן פון טאָמאַשעווסקין, האָט שוין געשטעלט דעם טאָן פאַר אַלע אידישע טעאַטערס.

יאָסל עדלשטיין האָט זיך געקאָכט און געשריגן אויף טאָמאַ־שעווסקין פאַרוואָס ער האָט אַזוי גיך נאָכגעגעבן גוסקינען די

הוספה פון 20 פּראָצענט. האָט טאָמאַשעווסקי געזאָגט לאַכנ־דיק: „יאָסעלע, איך גיי גוסקינען דערציילן וויפיל איר האָט גע־מאַכט לעצטע וואָך, וועט ער אייך מער העכערן. דאַנקט גאָט דערפאַר!״ האָט עדלשטיין געענטפערט: „ער ווייסט, ער האָט עס מיר אַליין געזאָגט״.

גוסקין האָט מיטגעמאַכט מיט די אַקטיאָרן קאַלטס און וואַרעמס. ער האָט טאַקע געזען אייניקע יאָר פּראָספּעריטי און האָט אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט, אַז די אַקטיאָרן־יוניאָן און אויך די איבעריקע טעאַטער־יוניאָנס זאָלן געניסן פון דעם. אָבער די לעצטע צייטן, ווען מואווינג־פּיקטשורס, ראַדיאָ, אימיגראַציע, רדיפות אויף אידן אין אייראָפּע האָבן גענומען דריקן דאָס אידישע טעאַטער, האָט דאָס אים גרוי און אַלט געמאַכט פאַר דער צייט. וואָרום גוסקין קאָן ניט צוזען ווי זיינע בעסטע און ליבסטע ליידן, און ער איז צומאָל ניט אים־שטאַנד זיי צו העלפן און ליידט מיט זיי מיט.

דאָך, אין די שווערסטע צייטן פון אידישן טעאַטער, האַלט ראובן גוסקין אָן דעם שטאָלץ און גלאַנץ פון אידישן טעאַטער. איבערהויפּט איז גוסקין אַ מענטש, וואָס האָט ליב „גליימאָר״, בעסער געזאָגט — אַ יום־טוב׳דיקער מענטש. דאָס קאָן מען זען אין דעם טאָג פון זיין פּרעמיערע, איך מיין — דעם דערעפע־נונגס־מיטינג פון סעזאָן. ער אַליין פילט זיך ווי אַ חתן־בחור, און ער באַשאַפט אַ יום־טוב׳דיקע שטימונג, ווי שווער די צייטן זאָלן ניט זיין.

גוסקין איז פינף און צוואַנציק יאָר דער פאַרטרעטער פון דער אידישער אַקטיאָרן־יוניאָן.

טאָלסטאָי האָט אַמאָל געזאָגט, אַז פינף יאָר איז אַ דור. נאָך טאָלסטאָיס טעאָריע איז גוסקין פאַרבונדן מיט דער אַק־טיאָרן־יוניאָן פינף דורות. זיין פינף און צוואַנציק יאָר אַ פאָר־שטייער פון אַקטיאָרן מיינט פירן 25 יאָר אַ מלחמה מיט גע־טער און געגערעלן, ווייל כמעט יעדער אַקטיאָר האַלט זיך פאַר

אַ גאַט פון קונסט, פאַר אַ געזאַלבטן. קיין פּראָסטע סאָלדאַטן זיינען צווישן אַקטיאָרן נישטאָ (אַזוי מיינען זיי), נאָר לויטער גענעראַלן. אַי, וואָס עס זיינען פאַראַן געוויסע אַקטיאָרן, וועל־כע פאַרנעמען ניט דעם אויבן־אָן, — איז זייער טענה, אַז די וועלט פאַרשטייט זיי ניט און אַז זיי האָבן ניט קיין מזל און אויך ניט די ריכטיקע געלעגנהייט; נאָר דער עיקר ווענדט עס זיך אָן גוסקינען... ווען ער זאָל נאָר וועלן, ווערט יעדער פון זיי אַ סטאַר. און גוסקין לאָזט די קלענערע אַקטיאָרן קיינמאָל ניט פילן, אַז זיי זיינען ניט גרויס. פאַרקערט, ער גיט זיי צו מוט. גוסקינס מאָטאָ איז: פּראָטעזשירן דעם שוואַכערן. דעם סטאַר־אַקטיאָר וועט שוין זיין טאַלאַנט פּראָטעזשירן.

מען וועט גוסקינען זעלטן זען מיט אַ מענעדזשער אָדער אַ סטאַר אַפילו אין קאַפע ביי אַ גלעזל טיי אויסער געשעפטלעך: זיינע נאָענטסטע זיינען דווקא די שוואַכערע, די, וועלכע נויי־טיקן זיך אין פּראָטעקציע.

ווי אַזוי גוסקין פאַרזאָרגט דעם שוואַכערן, קאָן מען זען פון דעם פאָלגנדן עפּיזאָד:

ביים צוזאַמענשטעלן אַ קאָמפּאַניע פאַר אַ נייעם סעזאָן האָט אַ געוויסער מענעדזשער געזאָגט גוסקינען, אַז ער וויל די זעלבע קאָמפּאַניע, און גוסקין זאָל זיך מיט זיי אויסגלייכן מיטן פּרייז. איינעם פון דער קאָמפּאַניע האָט דער מענעדזשער דורכ־געלאָזט. גוסקין האָט גראָד געוואוסט, אַז אויב דער אַקטיאָר וועט ניט אַנגאַזשירט ווערן אין דעם טעאַטער, בלייבט ער אָן פּרנסה. ווען גוסקין מיטן מענעדזשער האָבן זיך אויסגעגלייכט מיט די פּרייזן פון דער גאַנצער קאָמפּאַניע, מאַכט זיך גוסקין ניט וויסנדיק און פרעגט: „און וואָס איז מכוח ד ע ם אַקטיאָר?", מיינענדיק דעם דורכגעלאָזענעם. זאָגט דער מענעדזשער: „איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איך וויל אים ניט". זאָגט גוסקין: „פאַרוואָס זאָלט איר פאַרשעמען אַ שטילן מענטש? ער טוט דאָך זיין פליכט. איר דאַרפט אים ניט פאַרשעמען". זאָגט

דער מענעדזשער: „נו, גוט, זאָל ער בלייבן". איז אָבער גוסקין ניט צופרידן און זאָגט ווייטער: „וואָס איז וועגן אַ הוספה?" קען זיך שוין דער מענעדזשער ניט איינהאַלטן און רופט אויס: „מיסטער גוסקין, איך וויל אים אינגאַנצן ניט, זאָל איך אים נאָך געבן אַ הוספה?!", ענטפערט גוסקין: „איך האָב דאָך אייך געזאָגט, פאַרשעמט ניט קיין מענטש. איר האָט אַלעמען געגעבן אַ הוספה, גיט אים אויך, אַנדערש וועט ער זיך פילן זייער באַליידיקט". „נו, גוט, איך וועל אים אויך געבן אַ הוספה", און דער מענעדזשער רופט אָן די סומע.

ווען גוסקין האָט געמאָלדן דעם אַקטיאָר, אַז ער איז געבליבן פאַרן קינפטיקן סעזאָן אין דעם זעלבן טעאַטער און מיט אַ הוספה, און אים געזאָגט וויפיל, האָט דער אַקטיאָר געענטפערט מיט אַ האַמלעטישן טאָן: „מיסטער גוסקין, איך אַקצעפּטיר די שטעלע מיט דער הוספה. איך וואָלט פאַר אַזאַ קליינער הוספה ניט געבליבן, נאָר איך טו עס צוליב אייך". גוסקין האָט אויסגעהערט דעם אַקטיאָרס דערקלערונג און אונטערגעשמייכלט.

גוסקינס דיפּלאָמאַטיע איז באַזונדערס שאַרף, ווען עס קומט פאַר אַ סעזאָן. כאָטש אָפט זעט די לאַגע אויס זייער פאַרצווייפלט, באַזונדערס אין דער לעצטער צייט, אָבער ער איז אַזוי ווי דער געזונטער פּויער אויפן דאָרף: ער רייניקט פריער דאָס פעלד, דערנאָך פאַרזייט ער, דערנאָך אַקערט ער, ביז עס איז דאָ וואָס צו שניידן. חדשים-לאַנג פאַרן סעזאָן לויפט ער אַרום, נישטערט און זוכט יעדע מעגלעכקייט צו געפינען מענטשן, וואָס זאָלן עפענען אַ טעאַטער, דערנאָך זוכט ער אויס טעאַטערס, און ערשט שפּעטער, ווען ער האָט שוין ביידע זאַכן, הייבט ער אָן מאַנעווורירן ווי אויסצושטעלן זיינע סאָלדאַטן אויף די פאַרשיידענע פראָנטן, כ'מיין, וואו צו שאַפן מעגלעכקייטן, אַז די טעאַטערס זאָלן אַריינגעמען וואָס מער אַקטיאָרן.

כאָטש בטבע מישט ער זיך ניט אין דער פראַגע, וועמען

יאָ צו אַנגאַזשירן און וועמען ניט, מוז ער אָבער שטענדיק האָבן אין זינען ניט צו לאָזן אַלע זיינע גענעראַלן אָדער אָפיצירן גיין אויף איין פּראָנט (אין איין טעאַטער) און ניט בלייבן פאַר אַ צווייטן פּראָנט בלויז מיט פּשוט'ע סאָלדאַטן. און ערשט אַז דאָס אַלץ איז איינגעאָרדנט, הייבן זיך אָן וואָכן-לאַנגע אונטערהאַנדלונגען מיט די פאַרשידענע יוניאָנס אַרום די טעאַטערס, אַז זיי זאָלן קאַאָפּערירן, וואָרום אָן דעם קאָן קיין אידיש טעאַטער באַלד ניט עקזיסטירן.

דער באַרימטער רוסישער פּאָעט אַלעקסאַנדער פּושקין האָט געזאָגט מיט מער ווי הונדערט יאָר צוריק, אַז אַקטיאָרן האָבן פאַרב אין זייערע ווערטער, דאָס הייסט, ווען אַן אַקטיאָר וויל איינעם לויבן, פאַרבט ער עס צו, און אויך פאַרקערט. פּושקין האָט דערמיט געמיינט צו זאָגן, אַז מען דאַרף ניט נעמען ערנסט אַן אַקטיאָרס האַס און אויך ניט זיין ליבע. גוסקין האָט זיך אָן פּושקינס טעאָריע גלייך אָנגעכאַפּט.

ווי קלוג און געבילדעט אַקטיאָרן זאָלן ניט זיין, איז ווען עס קומט צום ווירקלעכן פּראַקטישן לעבן, זיינען זיי ווי גרויסע קינדער, און אַלס אַזעלכע באַטראַכט זיי גוסקין. פון אַנדערע קינדער האָט מען מער צרות און פון אַנדערע ווייניקער, אָבער קיין צרות פעלט ניט — ניט נאָר באַטראַכט ער זיי פאַר קינדער, נאָר טאַקע פאַר קינדער, וועלכע מען דאַרף פאַרזאָרגן.

גוסקין אַלס ביזנעס-מענעדזשער פון דער אידישער אַקטיאָרן-יוניאָן ווייסט גאַנץ גוט, אַז די אָפּערעטן-טעאַטערס זיינען די טעאַטערס, וועלכע דאָס פאָלק פאַרלאַנגט, און זיי זיינען די בעסט-באַצאָלטע. דאָך איז גוסקין יאָרן-לאַנג אַ גרויסער אַנהענגער פון אידישן קונסט-טעאַטער (לאָמיר אויסזאָגן אַ סוד, אַז איך בין עס אויך). איך אָבער בין געגאַנגען אין אידישן קונסט-טעאַטער זען אַ שיינע קינסטלערישע פאָרשטעלונג (און דאָס אויף אַ פרייען פּעס). גאַנץ אַנדערש איז גוסקינס ליבע צום אידישן קונסט-טעאַטער. ער איז מער ווי אַן אָנהענגער. מען

קען זאָגן, אַז גוסקין האָט מיטגעמאַכט מיטן אידישן קונסט-טעאַ־טער קאַלט און וואַרעמס. אין די פינף און צוואַנציק יאָר עקזיס־טענץ פון אידישן קונסט-טעאַטער זיינען געווען בלויז איניקע סעזאָנען גלענצנדע, און די אַנדערע שוואַכע, ניט חלילה צוליב שלעכטע פיעסעס, נאָר אָפטמאָל צוליב פיעסעס, וואָס זיינען ניט געווען צוגעפּאַסט צום געשמאַק פון פאַרן פאָלק. אויך האָט דאָס קונסט־טעאַטער געליטן פון די גרויסע אויפפירונגען מיט די ריזיקע אויסגאַבעס, צו וועלכע עס פאָדערן זיך גרויסע מעצענאַטן. גוסקין האָט אַלע מאָל שטאָלצירט מיטן אידישן קונסט-טעאַטער, און קיין זאַך איז אים ניט געווען שווער, אַז דאָס אידישע קונסט־טעאַטער זאָל עקזיסטירן. גוסקין האָט אָפט טענות צו דער אידישער פרעסע צוליב איר שלעכטער און ניט-ערנסטער באַצי־אונג צום אידישן טעאַטער בכלל און צום קונסט-טעאַטער בפרט.

ווען איינער זאָל אין גוסקינס אָנוועזנהייט זיך אויסדריקן עפּעס ניט גינסטיק בנוגע צום אידישן טעאַטער, איז עס פאַר גוסקינען דאָס זעלבע ווי אַ חסיד זאָל הערן רעדן קעגן זיין רבי'ן. און ער איז אויך דער גרעסטער אָפּטימיסט בנוגע צום אידישן טעאַטער. ווען אַלע האָבן שוין אָפּגעזאָגט רבנן קדיש נאָכן אידישן טעאַטער, מאַכט ער פּלענער פאַרן נייעם סעזאָן.

גוסקינס גרעסטער פאַרגעניגן איז, ווען ער זעט אַ גוטע פאָרשטעלונג אין אידישן טעאַטער. זיין פּנים דריקט אויס פרייד, ווי אַ טאַטע קלייבט נחת פון זיינע קינדער. ער ווערט פאַראינטערעסירט און קוקט מיט נייגיר אויף יעדן אַקטיאָר, אַזוי ווי ער וואָלט אים געזען צום ערשטן מאָל. גוסקין דער בייזער איז אַ געקינצלטער, דער אמת'ער גוסקין איז דער, וועל־כער קאָן אַזוי האַרציק לאַכן און אַזוי אָנגענעם קלוג און דאָך קינדיש שמייכלען.

# יאָסל עדלשטיין

„דו ווייסט שוין מיט וואָס דו ענדיקסט די פּיעסע? האָסט עפּעס אַ גוטע ענדע פאַר דער פּיעסע?"

דאָס זיינען געווען די ווערטער, מיט וועלכע יאָסל עדל־שטיין פלעגט באַגעגענען אַן אַקטיאָר, אַ רעזשיסאָר, דעם קאָמ־פּאָזיטאָר, ווען מען פלעגט גיין פון אַ פּראָבע פון אַ נייער פּיעסע. און ער פלעגט זאָגן ווייטער: „איך האָב פיינט, אַז מען „טאַלאַ־פּעט". דאָס וואָרט „טאַלאַפּעט" איז געווען אַ ספּעציעל יאָסל עדלשטיין־וואָרט. ער פלעגט דערמיט מיינען, אַז מען שווימט, אַז מען קריכט אויף די גלייכע ווענט.



יאָסל עדלשטיין

„איך האָב ליב אַ פריי־לעכע, גוטע ענדע. איך האָב פיינט צרות! איבערהויפּט האָב איך פיינט, אַז מען ווייס ניט, מיט וואָס מען ענדיקט".

יאָסל עדלשטיין האָט זיך אַלע מאָל געזאָרגט פאַר דער „ענדע". ער האָט קיינ־מאָל ניט געזאָרגט, ווי אַזוי מען וועט אָנהייבן אַ סע־זאָן, נאָר ווי אַזוי מען וועט ענדיקן אַ סעזאָן. אָט די מעלה, צו וועלן וויסן, וואָס ווייטער וועט זיין, די גוטע ענדע, דער ניט־„טאַלאַפּען", זיין פאַרזיכטיק, זיך אויס־

היטן פון הפקרות — אָט דאָס האָט אים געמאַכט פאַר דעם דערפאָלגרייכסטן און גרעסטן אידישן טעאַטער־מענעדזשער.

מען קאָן מיט רעכט אָנרופן יאָסל עדלשטיינען „דער טשאַרלז פראָמאַן פון אידישן טעאַטער", ווייל אויסער דעם, וואָס ער איז געווען אַ פאַראַנטוואָרטלעכער מענעדזשער, האָט ער אויך געוואוסט, ווי אַזוי אומצוגיין מיט זיינע סטאַרס. ער האָט געקענט די פּסיכאָלאָגיע, דעם כאַראַקטער, די נשמה פון יעדן אַקטיאָר און ווי אַזוי צו שפּילן אויף די סטרונעס פון זייער אַקטיאָרישער נאַאיוויטעט.

נאָכן שפּילן פאַר אַ געפּאַקט הויז פלעגט יאָסל עדלשטיין באַגעגענען אַן אַקטיאָר, דעם סטאַר, און אַ זאָג טאָן: „אַ יאָ, דו האָסט אַ סך כבוד? אַזאַ כבוד, ווי דו האָסט היינט געהאַט, איז גאָרניט צו באַצאָלן. איך מיין, דו דאַרפסט נאָך צוצאָלן".

צו אַ פאַרפאַסער פלעגט ער זאָגן: „נו, איר זענט עפּעס געפאַלן אויף אַ גוט ביכל?" „געפאַלן" האָט ביי אים געהייסן — געלייענט, דאָס הייסט: „איר האָט געלייענט אַ גוטע פּיעסע? ווייל אויב איר נעמט שוין יאָ, נעמט כאָטש פון אַ גוטער פּיעסע". ער פלעגט טאַקע זאָגן אויף דעם פּיעסן־שרייבער יאָזעף לאַטיי־נער, אַז ער איז אַ גרויסער מבין און לייענט גוטע ביכלעך.

יאָסל עדלשטיין האָט געהאַט אַ וויטן בליק. ער האָט גע־וואוסט דעם פּולס פון פּובליקום. ער פלעגט זייער זעלטן גיין זען פּיעסעס אין אַנדערע טעאַטערס, ער פלעגט זיך אָבער אינ־טערעסירן, וואָס עס מאַכט סוקסעס, און איבערהויפּט — ווער עס מאַכט סוקסעס.

אין דער צייט ווען מוני וויייזנפריינד (פּאָול מוני) האָט גע־שפּילט אין אידישן קונסט־טעאַטער און האָט גענומען אַרויס־שיינען מיט זיין שפּילן, אַז סיי דאָס פּובליקום און סיי די קריטיק האָבן פון אים גערעדט יעדן טאָג מער און מער, אין דער צייט האָט יאָסל עדלשטיין געזאָגט צו מיר, נאָך אַ זונטאָג בייטאָגי־קער פאָרשטעלונג: „קום, מיר וועלן גיין עסן אין לישוים רעס־

טאָראַן" (אַ דייטשער רעסטאָראַן, וואו אידישע אַקטיאָרן פלעגן דעמאָלט זיין אָפטע באַזוכער).

אַרויסגייענדיק פון טעאַטער, האָט ער געזאָגט צום קאַסי־רער: „גיב מיר צען גאַנצע הונדערטערס. זע, אַז זיי זאָלן זיין נייאינקע". ער האָט אַריינגעלייגט דאָס געלט אין בוזעם־קעשענע און מיר זיינען געגאַנגען. אויפן וועג האָט ער אַלע מאָל אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט:

— מען רעדט שטאַרק פון דעם מוני ווייזנפריינד. דענקסט, כ'וועל אים קריגן? דער יונגערמאַן האָט אַ צוקונפט. איך פאַרשטיי, אַז ער איז פון דער משוגע'נער חברה. ער וויל שפילן קוניץ, שמוניץ, אָבער איך וועל אים קריגן, איך וועל אים קריגן.

דאָס אידישע קונסט־טעאַטער איז דעמאָלט געווען אויף דער 14טער גאַס, אין אוירווינג פּלעיס טעאַטער, אַנטקעגן לישויס רעסטאָראַן. ווען מיר זיינען אַריינגעקומען אין רעסטאָראַן, האָבן מיר באַמערקט מוני ווייזנפריינד. ער איז געזעסן אַ פאַר־זאָרגטער, אַ דערשלאָגענער. אין קונסט־טעאַטער זיינען די געשעפטן דעמאָלט געווען זייער שלעכט. ער האָט שוין דריי וואָכן קיין שכירות ניט באַקומען און קיין אויסזיכט אויף ווייטער איז אויך ניט געווען. מיר האָבן זיך געזעצט ביי מוני ווייזנ־פריינדס טישל, אָבער ער האָט אַ וואָרט ניט גערעדט, ער איז געזעסן אַ פאַרזאָרגטער און אַ געערגערטער. יאָסל עדלשטיין האָט אָנגעהויבן:

— נו, משוגע'נער, וואָס ביזטו אַזוי פאַרזאָרגט? אַ יאָ, דו ביזט אויף צרות? האָסט ניט געקראָגן קיין שכירות?

מוני ווייזנפריינד האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט אייניקע ווער־טער, פון וועלכע עס איז געווען קענטיק, אַז ער איז זייער פאַר־צווייפלט, ער זעט ניט קיין צוקונפט און גייט אַרום מיט געדאַנ־קען איינגאַנצן צו פאַרלאָזן די בינע. דאָ האָט יאָסל עדלשטיין אויסגערופן:

— משוגע'נער! אַלע רעדן פון דיר אַזוי גרויס, דו האָסט זיך

נאָך ניט דערוואַרעמט ביים טעאַטער, און דו רעדסט שוין פון אַוועקגיין. דיר פעלט איצט איין זאַך, און דאָס איז אַ פּאָר דאָלאַר. איז וואָס? דאָס קאָן מען לייכט באַקומען.

רופט זיך אָפּ מוני ווייזנפריינד:

— שטעלט אייך פאָר, אַז ניט אַזוי לייכט.

אין דער צייט, ווען דער ווייטער האָט דערלאַנגט דאָס עסן, האָט עדלשטיין אַרויסגענומען פון זיין בוזעם־קעשענע די נייע 10 הונדערטערס און האָט דעקאָרירט מיט זיי דעם טיש. ווען מוני ווייזנפריינד, ביי וועמען צען דאָלאַר זיינען דעמאָלט געווען אַ שלל מיט געלט, האָט דערזען מיט אַמאָל אַזוי פיל געלט, האָט ער אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן, ווי אַ הונגעריקער וואָלף, ווען ער דערזעט פלייש. האָט עדלשטיין געזאָגט:

— וואָס קוקסטו אַזוי? דאַרפסט עס האָבן? נעם עס. — און מיט די ווערטער האָט ער אים דאָס געלט אַריינגעשטופּט אין זיין קעשענע. מוני האָט אָנגעהויבן שטאַמלען:

— מיסטער עדל... עעדלש... עדלשטיין, פאַר... פאַרוואָס? פאַרוואָס? ווען וועל איך אייך עס קענען אָפּגעבן?

— זיי ניט קיין משוגע׳נער! — האָט עדלשטיין געזאָגט. — קום אַריין צו מיר, דו וועסט נאָך אַ מאָל זיין אַ סטאַר. איך ווייס, וואָס איך זאָג. איך האָב אַזוי געזאָגט אַדלערן, טאָמאַשעווסקין, קעסלערן, און איך זאָג דיר אויך, אַז דו וועסט נאָך אַמאָל זיין אַ סטאַר און אַ גרויסער סטאַר. נאַ דיר אַ צעטל, שרייב אונטער, אַז דו קומסט אַריין אויף דעם קינפטיקן סעזאָן צו מיר אין סעקאַנד עוועניו טעאַטער.

מוני ווייזנפריינד איז געזעסן ווי אַ פריטשמעליעטער, און עס איז געוואָרן אויף אַ ווײַלע אַ טויטע שטילקייט. רופט זיך ווידער אָפּ יאָסל עדלשטיין:

— שרייבסטו איצט אונטער אַ צעטל, באַדאַרפסטו מיר אָפּגעבן פון די טויזנט דאָלאַר בלויז פינף הונדערט, ווייל פינף

הונדערט דאָלאַר גיב איך דיר פאַר דיין חתימה, אָבער טאָמער שרייבסטו ניט אונטער, באַדאַרפסטו צאָלן פאַר אונז דרייען פאַר דעם מאָלצייט.

מוני ווייזנפריינדן האָבן זייער געוואָרעמט די 10 הונדערטער אין זיין קעשענע. געבן צוריק — דאָס וואָלט דעמאָלט פאַר אים געווען צוריק זאָרגן... און ביז דער ווײַטער האָט סערווירט די קאַפע, האָט שוין יאָסל עדלשטיין געהאַט אין זיין בוזעם־קעשענע אַ צעטל אונטערגעשריבן פון מוני ווייזנפריינד, אַז ער איז ביי אים אַנגאַזשירט פאַר דעם קינפטיקן סעזאָן אין זיין סעקאָנד עוועניו טעאַטער.

יאָסל עדלשטיינען האָט מען מיט רעכט געקאָנט אָנרופן דער „בלו בלאָד מענעדזשער", וואָס דערמיט וויל איך זאָגן, אַז ער איז געווען דער „יחוס־מענעדזשער". ער האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרנומען מיט קיין „סעקאָנד־הענד" קאָמפּאַניס און מיט קיין צווייטראַנגיקע טעאַטערס.

ער האָט געהאַט אַ קראַפט, אַז וועמען ער האָט געוואָלט האַלטן, האָט מען פון אים ניט געקאָנט אַוועקנעמען פאַר קיין פאַל ניט. אַ שטייגער, ווען איך בין געווען ביי יאָסל עדלשטיינען אין זיין סעקאָנד עוועניו טעאַטער, כאָטש עס איז מיר געווען זייער גוט, דאָך האָב איך געהאַט אַ קאָנפערענץ מיט טאָמאַשעווסקין, זיין מענעדזשער לואי גאָלדבערג און דעם טעאַטער־לאָיער טשאַרלי ווײַנבלאַט. עס איז געווען אין אַ גרויסן שניי־ענדיקן ווינטער־טאָג. מיר זיינען געווען זייער פאָרזיכטיק, אַז קיינער זאָל אונז ניט באַמערקן, האָבן מיר געמאַכט אונזער באַשטעלונג אין סענטראַל פּאַרק קאַסינאָ, אַ פּלאַץ, וואו ווינטער קומען אַריין געציילטע מענטשן, און זייער ווייניק אידן, אָלנפאַלס ניט פון אונזערע באַקאַנטע. ווען איך בין ביינאַכט געקומען אין טעאַטער, האָט צו מיר יאָסל עדלשטיין געזאָגט:

— וואָס טויג דיר אין די קעלטן צו קריכן אין סענטראַל פּאַרק? אַזעלכע שנייען, אַזעלכע פרעסט! ביי מיר איז דיר

ווייך און וואַרעם, —און דערביי האָט ער מיך אַריינגעפירט אין אָפיס און געזאָגט: — נאַ דיר אַ צעטל און שרייב אונטער.

יאָסל עדלשטיין האָט קיינמאָל ניט געזען אַ פּיעסע אינ־גאַנצן, אַפילו ווען זי איז געגאַנגען אַ גאַנצן סעזאָן, נאָר ער פלעגט זי זען שטיקלעכווייז.

ער האָט פיינט געהאַט דראַמעס, אַפילו די, פון וועלכע ער האָט געמאַכט אַ סך געלט. ער פלעגט נאָכן שפּילן שטיין אין דער לאָבי פון טעאַטער און באַטראַכטן די אידן מיט די ווייבער, ווי זיי גייען אַהיים מיט פאַרוויינטע אויגן, און פלעגט זאָגן: „זיי האָבן זיך מחיה געווען, זיי האָבן זיך גוט אויסגעוויינט". אַן אָפּערעטע פלעגט ער זען יעדע נאַכט, און טאָמער איז ער געווען פאַרנומען, פלעגט ער אָנזאָגן אַן אַשער, אַז צו אַ געוויסן נומער מוזיק, וועלכן ער האָט ליב געהאַט, זאָל מען אים אַריינרופן, ווייל ער וויל עס ניט דורכלאָזן.

זיין אינטערעס צום טעאַטער איז קיינמאָל ניט אָפּגע־שטאָרבן. איין מאָל ביי אַ פּראָבע, איז ער געזעסן אין לאָבי פון טעאַטער אויף אַ פירנדיקן קראַנקן־שטול און אַ נוירס איז געשטאַנען לעבן אים, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן: „נו, ווייסט שוין, מיט וואָס דו ענדיקסט? האָסט עפּעס אַ גוטע ענדע?"

ביי זיין לוויה בין איך געשטאַנען פון דערווייטנס און גע־טראַכט, אַז אין אַ פּיעסע שפּילט די ענדע אַ וויכטיקע ראָלע, אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט דעם מענטש איז שוין די ענדע ניט וויכטיק, ווייל אַלע האָבן איין און די זעלבע ענדע.

# מיט מיר האָט זיך עס אָנגעהויבן

דער גרעסטער שונא פון טעאַטער, סיי פונם אידישן און סיי פונם ניט־אידישן, איז רעקלאַמע, דאָס אַדווערטאַיזן. אָבער דאָס אידישע טעאַטער ליידט פון דעם מער ווי אַלע. דאָס אַד־ווערטאַיזן, דאָס הייסט, אויף וואָס פאַר אַ פּלאַץ דער נאָמען פון אַן אַקטיאָר זאָל שטיין, און אויך מיט וואָס פאַר אַ בוכ־שטאַבן עס זאָל ווערן געדרוקט, דאָס הייסט, די „טאַיפּ״ — גרעסערע, קלענערע, דיקערע אָדער דינערע בוכשטאַבן, אָט דאָס איז דאָס גרעסטע אומגליק ביים טעאַטער. דאָס אַדווער־טאַיזן האָט שוין צוגעמאַכט אַ סך טעאַטערס פאַר דער צייט, און אויך אָפטמאָל ניט דערלאָזט, אַז עס זאָל איבערהויפּט זיך עפענען.

פאַר אַ פּריוואַט־פּערזאָן איז עס כמעט ווי גאָרניט, אַ נאַ־רישקייט, טויטע בוכשטאַבן — אַ נפקא מינא וואו זיי שטייען און ווי אַזוי זיי שטייען? אָבער ניט איין אַקטיאָר אָדער אַק־טריסע האָבן זיך צוליב רעקלאַמע פאַר ערגערניש אָפּגעשפּאָרט אַן אינערלעכע, ערנסטע קראַנקייט, פון שלאָפלאָזע נעכט, פון ניט דערעסן פאַר צרות, און טאַקע אַ סך מאָל פאַר ניט האָבן וואָס צו עסן צוליב רעקלאַמע. דאָס אַדווערטאַיזן איז די אמת׳ע סיבה פאַרוואָס מען קאָן אָפטמאָל ניט צוזאַמענשטעלן אַ קאָמ־פּאַניע פון ערשטקלאַסיקע אַקטיאָרן, ווייל עס האָבן זיך אַנט־וויקלט פון זיך אַליין מנהגים, געזעצן וועגן הלכות אַדווערטאַיז־מענט, אַז עס איז איינפאַך אוממעגלעך. צום ביישפּיל: וועמענס נאָמען זאָל שטיין אויפן ערשטן פּלאַץ? אָט דאָ בלייבט שוין שטיין דער פּראָגרעס פון דער קאָמפּאַניע, ווייל עס איז פאַראַן נאָר איין אויבנאָן. ווי איז אָבער, אַז אַ טעאַטער וויל זיך דערלויבן צו האָבן צוויי, דריי און טאַקע פיר אַרטיסטן, וועלכע זיינען באַרעכטיקט צו האָבן דעם אויבנאָן און זיין די ערשטע?

איז דאָס טאַקע איינע פון די סיבות, וואָס אָפּטמאָל איז אַ טעאַ־טער־קאָמפּאַניע ניט פאַרפולט, און טאַקע צוליב דער סיבה בלייבן וויכטיקע און טאַקע גרויסע אַקטיאָרן אָפּט ניט אַנגאַזשירט. עס איז זיי אָבער ליבער אַרומצוגיין ליידיק, איידער זיין אַדווער־טאַיזט אונטער זייער ווירדע.

עס איז פאַראַן נאָך אַ וויכטיקע, גרויסע שטערונג, וועלכע גיט אַ סך צרות דעם טעאַטער, און דאָס איז — די ראָלעס. אָבער דערמיט קאָן מען זיך שוין העלפן. דעם שרייבט מען צו, פון יענעם נעמט מען אַראָפּ (מען האָט שוין אויף אַזאַ אופן דער־הרג׳עט אַ סך פּיעסעס), מען גיט זיך שוין אַן עצה. אָבער וואָס אַנבאַלאַנגט אַדווערטאַיזמענט — צו דעם איז קיין רפואה נישטאָ...

ביי יעדער מלאָכה, ביי יעדער פּראָפעסיע איז די ערשטע פראַגע: „וויפיל?״, דאָס הייסט, וויפיל צאָלט מען? וויפיל באַ־קומט מען? צי פון וואָך, פון טאָג, אָדער גאָר פון שטיק? מעג עס זיין אַ בעל־מלאָכה, אַ דאָקטאָר, אַ לאָיער — איז די ערשטע פראַגע: „וויפיל?״. ביים טעאַטער איז דער „וויפיל״ די לעצ־טע פראַגע. די ערשטע פראַגע, וואָס אַן אַקטיאָר שטעלט, ווען מען אַנגאַזשירט אים, איז — „וואו?״ אויף וועלכן פּלאַץ וועט זיך געפינען זיין בילד? סיי אין צייטונג און סיי אויפן פּאָסטער (פּלאַקאַט); און די צווייטע פראַגע איז — „וואָס?״, דאָס הייסט, וואָס פאַר אַ ראָלעס וועט ער שפּילן? און אַז די צוויי שווערע פונקטן זיינען אויסגעגליכן, קומט שוין איצט דער „וויפיל?״, וואָס איז ביי יעדער אַרבעט און פּראָפעסיע די ערשטע און וויכ־טיקסטע פראַגע, און ביים אַקטיאָר — די לעצטע. און ווער רעדט נאָך, אַז דער אַקטיאָר איז צופרידן מיטן פּלאַץ, וואו זיין בילד און נאָמען וועט זיך באַקומען, וועט ער שוין פאַרקוקן אויך דעם פּרייז.

די שוועריקייט איז ניט בלויז מיט די הויפּט־סטאַרס, און ווי אַזוי זיי צו אַדווערטאַיזן; דאָס זעלבע איז אויך מיט די במקום

סטאַרס, דאָס הייסט „פּיטשורד עקטערס״, וועמענס בילדער זיינען בלויז אַ ביסל נידעריקער פון דעם סטאַר און די בוכשטאַבן — אַ ביסל קלענער פון דעם סטאַרס, אָבער גרעסער פון די אַנדערע מיטגלידער פון דער קאָמפּאַניעס בילדער.

אויך דאָ מוז זיין אַ סדר, דאָס הייסט, ווער פריער און ווער דערנאָך. האָט מען אויף דעם געפונען אַ מיטל. איינער, וועל־כער האָט פּרעטענזיעס אויף צו ווערן אַ סטאַר, באַקומט דעם „און״, דאָס הייסט, מען רעכנט אויס אַלעמען, און דער במקום סטאַר קריגט דעם „און״. איך רעכן, אַז דער ערשטער „און״ ביים אידישן טעאַטער איז געווען דאָראַ ווייסמאַן; מען האָט אַנאָנסירט: „און דאָראַ ווייסמאַן״. היינט איז פאַראַן אַזאַ זאַך, ווי שטיין אַנאָנסירט פאַר דער פּיעסע און נאָך דער פּיעסע. צום ביישפּיל: מים עקס אין „שולמית״, דאָס הייסט פאַר דער פּיעסע, אָדער „שולמית״ מיט מים עקס, דאָס איז נאָך דער פּיעסע. און עס איז אויך פאַראַן אַ רעכטס און אַ לינקס. איך מיין ניט פּאָליטיש.

אין אידיש איז דער בכבוד׳יקער פּלאַץ די רעכטע זייט; אין ענגליש — די לינקע זייט. איז אַז מ׳האָט צוויי סטאַרס, וועלכע קאָנען זיך ניט איינטיילן מיטן כבוד (ווען קאָנען זיי יאָ?), גיט מען איין נאָמען אויף אידיש און דעם צווייטן נאָמען אויף ענגליש, דאָס הייסט, יעדער האָט זיך זיין בכבוד׳יקע זייט.

עס איז אָבער צוגעקומען נאָך אַ צרה אין אידישן טעאַטער, — אין דער דאָזיקער צרה בין איך דער שולדיקער, — און דאָס איז, דער נאָמען מיט עלעקטרישע ליכט איבערן טעאַטער. מיר האָט מען דעם כבוד צוגעטיילט דעם ערשטן, מיין נאָמען האָט געשיינט דער ערשטער מיט עלעקטרישע ליכט אין אידישן טעאַטער. דאָס איז געווען אין דער צייט פון „דעם רבי׳נס ניגון״. דער מענעדזשער, יאָסל עדלשטיין, האָט זיך געפילט איבערגליקלעך פון דעם געוואַלדיק־גרויסן סוקסעס פון „דעם רבי׳נס ניגון״, ער האָט איינפאַך ניט געוואוסט וואָס צו טאָן

מיט מיר, האָט ער מיר איין מאָל געזאָגט, אַז ער וועט בייטן דעם נאָמען פון קעסלערס סעקאָנד עוועניו טעאַטער אויף רומ־שינסקיס סעקאָנד עוועניו טעאַטער. איך האָב שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן דעם פּראָיעקט, ווייל ערשטנס איז דאָס סעקאָנד עוועניו טעאַטער געבויט געוואָרן פאַר דוד קעסלערן, און צווייטנס, איז דוד קעסלער דעמאָלט געווען זייער צעבראָכן, ווייל דאָס איז געווען דער ערשטער סעזאָן, וואָס ער האָט פאַרלוירן דאָס טעאַטער און ער האָט געשפּילט ביי טאָמאַשעווסקין אין נעשאָנאַל טעאַטער, אין אַ ביליקער, ניט־געלונגענער אָפּערעטע. אָבער יאָסל עדלשטיין האָט דאָך געוואָלט מיר צוטיילן כבוד, האָט ער אַרויפגעשטעלט מיין נאָמען איבערן טעאַטער מיט עלעקטרישע ליכט. דאָס איז געווען ס'ערשטע מאָל, וואָס אַ נאָמען האָט געשיינט מיט עלעקטרישע ליכט אויף אַ טעאַטער־מאַרקיז. ס'האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אייפערזוכט, קנאה פון די סטאַר־אַקטיאָרן, ביז עדלשטיין האָט באַשטעלט אַ גרעסערן סאַין און האָט די סטאַרס אויך אַנאָנסירט מיט עלעקטרישע ליכט, באַמערקנדיק דערביי סאַרקאַסטיש: „וואָס אַרט עס מיך, זאָלן זיי אויך ברענען"...

און זינט דעמאָלט איז צוגעקומען אַ נייע צרה: וועלכער פון די אַקטיאָרן עס ברענט יאָ, און וועלכער ניט.

ווי שוין געזאָגט, דאָס אַנאָנסירן אַקטיאָרן אין אַ קאָמפּאַניע גיט אַ סך צרות און ברענגט צו ערנסטע אַרגומענטן און סכסוכים צווישן מענעדזשער און אַקטיאָר. עס זיינען אָבער אויך פאַראַן אַ סך קאָמישע פּאַסירונגען. למשל: ווען דער אידיש־דייטשער אַרטיסט רודאָלף שילדקרויט איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט ער דעמאָלט געשפּילט אין טאָמאַשעווסקיס „פּיפּל'ס טעאַטער". ער פלעגט זיך אָפּט אָנהערן, ווי אַקטיאָרן קריגן זיך אַרום מיטן מענעדזשער איבערן אַנאָנסירן. ער פלעגט הערן טאָג און נאַכט: „בילד", „פּיקטשע", „טאַיפּ", „נידעריקער", „העכער", „איך גיי אַוועק". איין מאָל האָט זיך שילדקרויט געווענדט צו די אַקטיאָרן:

—פאַרוואָס פירט זיך ניט דאָס אידישע טעאַטער אין אַמע־ריקע, אַזוי ווי אין דייטשלאַנד? ביי אונז אין דייטשלאַנד האָבן מיר גאָרניט קיין שוועריקייטן מיט אונזערע אַקטיאָרן וועגן אַנאָנסירן.

פרעגן די אַקטיאָרן:

— נו, הער שילדקרויט, זאָגט טאַקע, ווי אַזוי מאַכט איר עס ביי אייך אין דייטשלאַנד?

ענטפערט זיי שילדקרויט:

— גאַנץ איינפאַך: ביי אונז אין דייטשלאַנד אַנאָנסירט מען מיט גרויסע בוכשטאַבן: „רודאָלף שילדקרויט אין שיילאָק" און ניט מער.

פאַרשטייט זיך, אַז די אַקטיאָרן פון „פיפל'ס טעאַטער" זיי־נען ניט געווען שטאַרק צופרידן מיט דער דייטשער פירונג... אָבער מודה זיין מוז מען, אַז דער ענין אַנאָנסירן, די פראַגע: בילד, פּאָסטער, עלעקטרישער סאַין — איז אַזוי וויכטיק ביים אַקטיאָר, אַז עס שטערט זייער אָפט דעם פּראָגרעס פון אידישן טעאַטער און פון טעאַטער בכלל.

# הימל, ערד און טעאַטער

איך האָב יאָרן־לאַנג געשריבן 3־2 אָפּערעטעס און אַמאָל אויך 4 יעדן סעזאָן. דאָס איז אומגעפער פון 70 ביז 80 נומערן אַ סעזאָן.

ווינטער־צייט בין איך געווען טאָג און נאַכט אין טעאַטער, און ווען איך האָב געהאַט אַ נאַכט פריי, בין איך — אַזוי ווי דער קאַר־קאָנדוקטאָר, וועלכער נעמט אין זיין פרייען טאָג אַ שפּאַציר אויף אַ קאַר — געגאַנגען אין טעאַטער, צו אַ שאָו, צו אַ קאָנצערט אָדער אין דער אָפּערע.

אַפילו זומער, אויף די בערג, האָב איך אַלע מאָל קאָמבינירט טעאַטער מיט פּלעזשור, ווייל איך האָב צוגעגרייט, געשריבן די אָפּערעטע פאַרן ווינטער־סעזאָן.

איז ניט קיין וואונדער, וואָס איך האָב די גאַנצע וועלט באַטראַכט ווי אַ גרויס טעאַטער, און עס האָט זיך ביי מיר אַנטוויקלט אַ באַגריף, אַז די גאַנצע מענטשהייט, אַרבעטער, געשעפטס־לייט, לאָיערס, דאָקטוירים, אָט די אַלע שטרעבן, אַרבעטן בלויז צו זען טעאַטער, דאָס הייסט, אין דער צייט פון זייער אַרבעט האָפן זיי, אַז זיי וועלן אין זייער פרייער צייט זיך קענען דערלויבן גיין זען טעאַטער.

עס איז געווען אַ צייט אין מיין לעבן, ווען אין די גרעסטע פּאַסירונגען פון דער וועלט, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשפּילט פאַר מיינע אויגן, סיי דראַמאַטישע און סיי פריילעכע, האָב איך געזען בלויז טעאַטער, ווייל יעדע וויכטיקע פּאַסירונג, סיי אַ פּאָליטישע און סיי אַ פּריוואַטע, איז אויסגענוצט געוואָרן פאַרן טעאַטער, אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער פּיעסע און אין דער מוזיק פון טעאַטער. די רוסישע רעוואָלוציע, אַ טרייענגלפייער, די וועלט־מלחמה, די אינפלוענציע־קראַנקייט, וועלכע האָט צוגענומען מער קרבנות, ווי די מלחמה, און דערנאָך די

אַרמיסטיס, די פרייד, דער יובל — דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגע־שפּיגלט אויף דעם אַרט פּיעסעס, מוזיק, אין שפּילן פון טעאַ־טער.

ווען די רוסישע רעוואָלוציע איז געקומען, האָב איך גע־שריבן: „משיח איז געקומען!", און באַלד דערנאָך „דאָס נייע רוס־לאַנד" און „אַ גרוס פון דער אַלטער היים". אפילו פון דער טרויעריקער פּאַסירונג פון טריייענגל־פייער האָט מען געזונגען אַ טרויער־ליד „אוי וויי, מאַמעניו!", אין וועלכן די אָרעמע מייד־לעך, שפּרינגענדיק פון די פענסטער זיך צו ראַטעווען פון פייער, שרייען מיט טרויעריקע טענער „אוי וויי, מאַמעניו!". און דער־נאָך די פרייד, דאָס יובלען פון נאָך דער מלחמה, דער אַרמיסטיס, — אין אַלץ און אַלעם האָב איך מיט די אויגן פון אַ טעאַטראַל געזען טעאַטער.

איך בין ניט געווען צוריקגעהאַלטן פון קיין זאַך, איך האָב אַלץ געזען און מיט אַלץ זיך אינטערעסירט און געלייענט, אָבער עס פלעגט זיך מיר גלייך שטעלן די פראַגע, ווי אַזוי וועט אָט די פּאַסירונג ווירקן אויפן טעאַטער?

באַטראַכטנדיק אַלץ פאַר טעאַטער, האָב איך שוין אין מיין פריסטער יוגנט, נאָך איידער איך האָב געזען טעאַטער, ליב גע־האַט צוצוקוקן זיך צו מיין פעטער אַהרנ'ס זון, דעם אַפּטייקער, ווי ער דערציילט און מאַכט נאָך, וואָס ער האָט געזען אין רו־סישן טעאַטער: ער פלעגט אַריינשטעלן די פינף צעשפּרייטע פינגער פון זיין רעכטער האַנט אין זיינע שוואַרצע קודלעס האָר, פאַררייסן דעם קאָפּ און פאַרמאַכן די אויגן, און פלעגט זאָגן, רעדן אָן אויפהער. עפּעס גאַנץ אַנדערש, מיט גאַנץ אַנדערע טענער, ניט מיט די טענער, ווי ער פלעגט רעדן צו מיין טאַטן און מאַמען, אַפילו צו מיר. איך פלעג וויסן, אַז ווען גריגאָרי רעדט „אַנדערש", איז דאָס טעאַטער. ער פלעגט אויך דערציילן, ווי אַזוי מען גייט דאָרט אָנגעטאָן, ווי אַזוי עס זעט אויס, גאָר־ניט ווי ביי אונז אינדערהיים, עפּעס גאַנץ אַנדערש, און איך

פלעג אויסכאַפּן: „דיאַדיאַ גריגאָרי (פעטער גריגאָרי), איך ווייס שוין, וואָס דאָס איז, דאָס איז 'טעאַטער'.״

און ווען איך פלעג זען גלהים גיין פון קלויסטער מיט דער הייליקער מוטער, דער אָרגל שפילט, די זינגערלעך זינגען, האָב איך זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן. דער טאַטע פלעגט מיך טרייבן: „נו, קום שוין!״, ער פלעגט עס זאָגן ציטערנדיק, מיט שרעק, אָבער מיך האָט עס געצויגן, ווייל איך האָב אין דעם געזען „טעאַטער״.

און, להבדיל, יום־כיפּור אין שול — גרויסע ליכט, אַלע אין ווייסן, אַפילו דאָס וויינען און בעטן פון די מענער און פרויען האָבן אויף מיר געווירקט ווי אַ הערלעך בילד, „שיין טעאַטער״.

די שענסטע טעאַטער־שפּיל איז ביי מיר געווען, און איז נאָך איצט, „פּסח ביים סדר״. איך האָב געזען פאַר זיך דעם טאַטן אַלס מלך, די מאַמען אַלס מלכה און מיך אַלס פּרינץ. איך האָב שטאַרק הנאה געהאַט, ווי דער טאַטע האָט מיר פאַרטייטשט די הגדה, און איבערהויפּט ווי פּרעה בעט זיך „דינו״, גענוג שוין די צרות און ליידן, וואָס גאָט האָט אַנגעשיקט אויף דעם שלעכטן פּרעה׳ן.

און אַזוי האָט זיך פון מיין פריסטער יוגנט אָן אין מיר אַנט־וויקלט אַ געפיל, אַז וואָס איך זע און וואוהין איך גיי, גייט מיט מיר דאָס טעאַטער־געפיל מיט.

די לעצטע צען יאָר, ביז צום „רבי׳נס ניגון״, בין איך פון טעאַטער כמעט ווי ניט אַרויס. איבערהויפּט די צייט, וואָס איך בין געווען מיט טאָמאַשעווסקין, האָב איך פאַרפאַסט, קאָמפּאָ־נירט, געשריבן, איינשטודירט, אַראַנזשירט און דיריגירט פון 70 ביז 80 נומערן אַ סעזאָן.

איך האָב גענומען פילן אַ מידקייט, אַ צוזאַמענפאַל (ברעיק־דאַון). איך האָב מיך אויסגעהיט פון אַ גרויסן צוזאַמענפאַל, דאָס הייסט, קלענערע האָב איך געהאַט און אָפט, אָבער איך האָב געפילט, אַז עפּעס וועט מיט מיר פּאַסירן, האָב איך מיך געראַ־

טעזועט מיט דעם, וואָס איך האָב געביטן די אַטמאָספערע, די קאָמפּאַניע און אָנגעשריבן „דעם רבי׳נס ניגון״. און דער סוק־סעס פון דער דאָזיקער אָפּערעטע, דאָס אָפּרוען זיך אַ גאַנצן סע־זאָן פון ניט שרייבן האָט מיר געגעבן נייע כוחות און נייעם מוט אויף ווייטער.

אָבער אין דעם סעזאָן פון „רבי׳נס ניגון״ האָב איך אַ סך געלייענט, געלערנט, געזען און זיך אינטערעסירט מיט אַלץ, אָבער אַממערסטן מיט טעאַטער, ווייל איך זע בלויז „הימל, ערד און טעאַטער״.

## עס טאַנצט אַריין ליאָווקע מאַלאַריעץ

ער איז ניט געקומען קיין אַמעריקע, נאָר אַריינגעטאַנצט.

ווייל ער גייט ניט, נאָר ער טאַנצט, און ווען ער טאַנצט, האָפּקעט ער ניט.

זיין ערשטער נאָמען, אהרן, פּאַסט אים פאַר זיין ערנסט־קייט; זיין צווייטער, לעבעדיעוו — פאַר זיין שטענדיקער לע־בעדיקייט.

ער זעט אַלע מאָל אויס נאָר ווי אין אַ שאָו־ווינדאָו אַריינ־צושטעלן. אין וואָס פאַר אַ סוטל מען זעט אים, ווילט זיך אויך האָבן אַזאַ.

ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין מענעדזשער פון אַ טעאַ־טער, ער איז אָבער אַלע מאָל געווען דער בינע־מענעדזשער.

ער האָט קיינמאָל ניט געדאַוונט, ער האָט אָבער אַ פרומע נשמה.

אויסער קליידער, האָט ער אַלץ פיינט צו בייטן — אַפילו זיין „ליטווישן לאָסן".

21 יאָר האָט ער געוואוינט אין איין אָרט, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז מיטן בייטן זיין וואוינונג וועט ער בייטן זיין גוט מזל.

ער האָט נאָך קיינמאָל קיינעם ניט קאָפּירט, אויסער לעבע־דיעוון.

ער האָט ליב צו ראָמאַנסירן און האָט פיינט צו פּאַרפירן.

אין דער אַקטיאָרסקער קיבעצאַרניע נודיעט ער זיך, אָבער וואו ער גייט, בענקט ער נאָך איר.

ער קומט פון פינסק, מינסק און דווינסק, אָבער אַממערסטן באַזינגט ער — רומעניע.

כאָטש ער האָט ניט קיין קינדער, דאָך פילט ער זיך ווי אַ פאָטער צו זיין שוועסטערס קינדער, וועלכע ער האָט דערצויגן.

ווען מען זאָל רופן „ליאָווקע מאָלאָדיעץ!" — ווערט זיך אומקערן אַהרן לעבעדיעוו.

די איטאַליעניש אָפּערע-זינגער האַלטן, אַז די אָפּערע-בינע געהערט צו זיי. יעדן אָפּערע-זינגער, ניט אַן איטאַליענער, האַלטן זיי ווי אַ פרעמדן, וועלכער האָט זיך אַריינגעריסן אין זייער אָפּערע, וואָס זיי באַטראַכטן פאַר זייער אייגנטום.


אַהרן לעבעדיעוו

די אידישע בינע האָבן פאַרכאַפּט אוק-ראַאינישע, רומענישע, גאַליציאַנער און פּויל-ישע אידן, ווייל זיי זיי-נען געוועזן די ערשטע. און אַ ליטוואַק איז דאָ שטענדיק געוועזן טריף ווי ביי אַ פרומען אידן חזיר. ניט אַזוי דער ליטוואַק, ווי זיין „לאָשן". און ווען מען האָט געהערט, אַז אין רוסלאַנד געפינט זיך אַ ליטווישער קאָמיקער, איז עס ביי אַלעמען גע-ווען אַ ניט-געוויינלעכע פאַסירונג, עפּעס אַ מין וואונדער. יעדער פון די אַמעריקאַנער אַקטיאָרן, וואָס פלעגט פאָרן גאַסטראָלירן אין רוסלאַנד, פּוילן אָדער ליטע, האָט גערעדט און דערציילט פון דעם ליטווישן קאָמיקער. אָבער אין צייט פון דער וועלט-מלחמה האָט מען שוין מער ניט גע-הערט און מער ניט געקענט הערן פון דעם אידישן טעאַטער אויף דער אַנדערער זייט ים.

אין אָנפאַנג פון סעזאָן 1920 האָט מען געמורמעלט אין דער אידישער טעאַטער־וועלט, אַז דער ליטווישער קאָמיקער געפינט זיך אין ניו־יאָרק. מען האָט מיר אַפילו געזאָגט, אַז ער איז געווען אין טעאַטער ביי דער פאָרשטעלונג פון „דאָס שטיף־קינד פון דער וועלט”. ער איז אַריין ניט־באַמערקטערהייט און אַזוי איז ער אַרויס; געזעסן ערגעץ־וואו אויף דער באַלקאָני. און אַזוי כאַפּט ער זיך אַריין אין די אידישע טעאַטערס ניט־באַמערקטערהייט, באַוויזט זיך ניט אין גאַס און אויך ניט אין דער אַקטיאָרסקער קיבעצאַרניע. איך האָב גלייך באַשלאָסן, אַז דער בחור איז אַ קלוגער ליטוואַק שוין מיט דעם אַליין, וואָס פריער שטודירט ער דעם געשמאַק פון אַמעריקאַנער אידישן טעאַטער־פובליקום און וויל זען, ווער עס געפעלט און וואָס עס געפעלט. דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך אים אַרומגעזוכט, ווייל איך האָב געפילט, אַז דער בחור איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט, ווען דאָס אידישע טעאַטער אין אַמעריקע האָט שוין געגאַרט נאָך אַ פּנים־חדשות. ווען איך האָב געליינט אין די אַנאָנסן וועגן זיין ערשטן אויפטריט אין טאָמאַשעווסקיס נעשאָנאַל טעאַטער, האָט מיך זייער פאַרדראָסן פאַרוואָס ער איז ניט מיט מיר. און ווען איך האָב אים געזען צום ערשטן מאָל אין אַ מיטנוואָכעדיקער פאָרשטעלונג אַלס „ליאָווקע מאַלאַדיעץ”, האָט מיך נאָך מער פאַרדראָסן פאַרוואָס ער איז ניט מיט מיר.

כאָטש עס זיינען געקומען עטלעכע געהויבענע געסט צום ערשטן אויפטריט פון אהרן לעבעדיעוון אין אַמעריקע, דאָך האָט זיך געפילט אַ קאַלטקייט און איבערהויפּט אַ וואָכעדיקייט ביים אָנפאַנג פון דער פאָרשטעלונג. מ'האָט ניט געמאַכט קיין עקסטראַ אויסשטאַטונג. וואָס מען האָט געפונען אויף דער בינע פון אַלטע סינערים, האָט מען צוזאַמענגעשטעלט; קיין עקסטראַ מוזיק איז אויך ניט געווען — די געוויינלעכע ניין כלי־זמרים, און ביז מען האָט זיך דערוואַרט אויף דעם חתן־בחור, דעם ליטווישן קאָמיקער, דעם ליאָווקע מאַלאַדיעץ, האָט

די פאָרשטעלונג אויסגעזען ווי אַ טעאַטערל ערגעץ אין דער פּראָווינץ.

אָבער ווען ליאָווקע מאַלאַדיעץ איז אַריינגעשפּרונגען, האָט ער גלייך מיט זיין ערשטער דערשיינונג מיטגעבראַכט קאָסט־באַרע אויסשטאַטונג, די טייערסטע סינערים, אַ גרויסן אָר־קעסטער... ווייל ליאָווקע מאַלאַדיעץ איז עמך, און עמך קען זיך באַגיין אָן די אַלע באַפּוצעכצן. און מען האָט זיך אַרומגע־כאַפּט מיט אים, ווי מיט אַן אַלטן באַקאַנטן. עס איז ניט גלאַט אַ נייער אַקטיאָר, עס איז עמך, ער איז אַן אונזעריקער, עמך זינגט, עמך רעדט און עמך טאַנצט.

אַהרן לעבעדיעוו האָט די ערשטע נאַכט פון זיין אויפטריט ניט נאָר געשפּילט, געטאַנצט און געזונגען פאַר די 14-15 הונ־דערט מענטשן, וועלכע האָבן דעמאָלט באַזוכט די פאָרשטעלונג, נאָר איך האָב געפילט, זיצנדיק אין טעאַטער, אַז דאָס אַפּלאָדירט, לאַכט און שטורעמט דאָס גאַנצע אידישע אַמעריקאַנער טעאַ־טער־פּובליקום אין אַמעריקע.

ווען כ׳בין אַרויס פון טעאַטער, האָט מיך באַגעגנט אַן אַק־טיאָר, אויך אַ זינגער, טענצער און שפּרינגער, און געזאָגט צו מיר: „נו, וואָס זאָגט איר, פון וועמען מען מאַכט אַ ווען? אַמע־ריקע גנב! אַזוי ווי זיי וואָלטן קיין בעסערס ניט געזען”. האָב איך אים געענטפערט: „איך דענק, אַז אין דעם פאַל האָט נאָך אַמעריקע קיין בעסערס ניט געזען”. ער האָט אַזאַ ענטפער פון מיר ניט דערוואַרט, ווייל יענער איז דאָך אַ קאָנקורענט צו מיינע אָפּערעטעס, האָט ער געזאָגט: „איר מיינט עס, צי איר שפּאַסט?” האָב איך אים געזאָגט: „פון דעם, וואָס כ׳האָב היינט געזען פון פּובליקום, — די באַגייסטערונג, — רעכן איך, אַז דאָס, וואָס עס האָט געפעלט די גרויסע סטאַרס 30-35 יאָר, האָט עס דער ליטוואַק געמאַכט אין איין אָוונט”.

פון דעמאָלט אָן האָבן זיך פאַר אונזערע אויגן אָפּגעשפּילט די גרעסטע געשעענישן. עס זיינען געפאַלן גאַנצע מלוכות,

מאָדערניזם איז שוין געוואָרן קלאַסיש, און עראָפּלאַן מאַכט שוין די זעלבע ווירקונג וואָס אַ היימיש וועגעלע, די גרעסטע עלעק־טרישע באַלייכטונג זעט שוין אויס ווי אַ היימיש קעראָסין־לעמפּל. אָבער אהרן לעבעדיעוו איז נאָך אַלץ דער יונגער, פּריי־שער, אייביקער ליאָווקע מאַלאַדיעץ. און כאָטש אין זיינע יאָרן (אַן עין־הרע) זינגען שוין זיידעס שלאָף־לידעלעך צו זייערע איי־ניקלעך, זע איך נאָך אַלץ ניט קיין אינגערן, האַרציקערן בחור אויף דער אידישער בינע, וועלכער זאָל אַזוי פּראָסט און פּשוט, פאָלקסטימלעך און עלעגאַנט זינגען צו זיין מיידל, פון זיין מיידל און מיט זיין מיידל, און וועמען עס זאָל אַזוי פּאַסן צו זינגען אַפילו נאָך איצט זיין ערשט קופּלעטל, „אוי, די מיידעלעך, די פּופּקעלעך", ביז דאָס פּובליקום מאַכט אים מיד...

איך זע אים גערן אויף דער בינע, אין גאַס און אין קאַפע־הויז, און עס ווילט זיך מיר אַלע מאָל זאָגן אים: „אהרן, ביי מיר ביזטו נאָך אַלץ ליאָווקע מאַלאַדיעץ!"

## מען שיקט מיך אַוועק קיין איראָפּע

אַן אַמעריקאַנער קריטיקער האָט אַמאָל געשריבן וועגן אַ פּיעסע, אויף וועלכער מען האָט אויסגעגעבן שווערע טויזנטער דאָלאַר פֿאַר דער אויפֿפירונג, אַז ווען ער זעט ניט שוואַרץ אויף ווייס אין פּראָגראַם די נעמען פֿון אַ דערפֿאַרענעם מענעדזשער און אַ גרויסן רעזשיסאָר, וועלכע האָבן געהאַט צו זייער קרעדיט אַזוי פֿיל סוקסעספֿולע פּיעסעס, וואָלט ער קיינמאָל ניט געגלייבט, אַז זיי זאָלן אויפֿפירן אַזאַ נאַרישקייט, וועלכע ער זעט איצט.

די זעלבע פֿראַגע האָט זיך געשטעלט, ווען איך האָב גלייך נאָך „רעם רבי'נס ניגון" אויפֿגעפֿירט „דאָס שטיף־קינד פֿון דער וועלט". כאָטש ס'איז ניט געווען קיין נאַרישקייט, אָבער ס'איז ווייט געווען פֿון אַמוזירן אַ פּובליקום. די פּערזאָנען פֿון „שטיף־קינד פֿון דער וועלט" האָבן זיך ניט אַריינגעפּאַסט אין אַן אָפּערעטע, ווייל כמעט אַלע פּערזאָנען זיינען געווען אַלעגאָרישע, און אַלעגאָרישע פֿיגורן דערמאָנען אַן טויט, בעת אַן אָפּערעטע מיינט לעבן. אָבער דאָס האָבן מיר ערשט דערזען נאָכדעם ווי מיר האָבן עס אויפֿגעפֿירט, און עס האָט זיך געשטעלט די אַלטע פֿראַגע: דאַכט זיך די זעלבע אַקטיאָרן פֿון „דעם רבי'נס ניגון", וועלכע האָבן ערשט ניט לאַנג מחיה געווען מיט זייער שפּילן טויזנטער מענטשן; מען האָט געשלונגען יעדעס וואָרט און יעדן טאָן, וואָס זיי האָבן אַרויסגערעדט, אַרויסגעזונגען; און דער זעלבער קאָמפּאָזיטאָר, וועמענס מוזיק עס איז אַריינגעקראָכן אין דער נשמה, און דאָס זעלבע טעאַטער — דאָך האָט עס ניט געבליצט.

די צווייטע אָפּערעטע, „דער באָבעס ירושה", האָט שוין געהאַט מער מזל, און לודוויג זאַץ און מאַדאַם פֿראַגער האָבן זיך אין איר אויסגעצייכנט ניט נאָר מיט זייער שפּילן און זינגען, נאָר אויך מיט זייער קליידונג.

לודוויג זאַץ האָט געהאַט אַ סצענע אַלס אַקטריסע (סוברע־טין), אין וועלכער מען פאַרליבט זיך, און מאַדאַם פּראַגער האָט געהאַט אַ סצענע, ווי די אַלטע היימישע באָבע ווערט פּלוצלינג פאַרוואַנדלט אין אַ בראָדווייער נאַכט־קלוב־זינגערין; זיינען זיי ביידע געווען באַשעפטיקט אין דער צייט פון פּראָבעס מיט גיין אָנמעסטן זייערע קליידער, און דאַכט זיך, אַז זיי האָבן זייערע קליידער באַשטעלט ביי דער זעלבער שניידערין. ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, האָבן ניט געפעלט קיין קאָמישע סצענעס, ווען די צוויי פלעגן זיך טרעפן צוזאַמען ביי דער שניידערין אָנ־מעסטן זייערע עלעגאַנטע, ווייבערישע קליידער.

די אָפּערעטע „דער באָבעס ירושה" האָט געבראַכט אַ סך געלט. מען פלעגט טאַקע דעמאָלט זאָגן אַ ווערטל, אַז יאָסל עדלשטיין, דער מענעדזשער, האָט צו דער אָפּערעטע „דער באָבעס ירושה" זיין באָבעס ירושה ניט צוגעלייגט.

איך געדענק, אַז אין דער צייט פון „דער באָבעס ירושה" האָט מיר מיין פרוי אַמאָל געזאָגט, אַז די צווייטע וואָך האָט זי אַ שווערע וואָך פון צאָלונגען. זי באַדאַרף צאָלן פאַר מיין אינשורענס און פאַר איר פוטערנעם מאַנטל, און נאָך, און נאָך. יאָסל עדלשטיין, וועלכער האָט דאָס געהערט, האָט צו איר גע־זאָגט: „אַז דו באַדאַרפסט האָבן געלט — קום צו מיר! איך וועל דיר שוין געבן געלט", און ער האָט גלייך אָנגעשריבן אַ טשעק פון פופצן הונדערט דאָלאַר, עס איר דערלאַנגט און געזאָגט: „דאָס איז אַ פּרעזענט צו דיר, ניט צו אים". איך גלייב הייַנט־צו־טאָג, אַז דאָס האָט ער איר געגעבן דערפאַר, וואָס זי האָט אים אויס־געזאָגט פון מיין באַשטעלונג מיט באָריס טאָמאַשעווסקין דע־מאָלט אין סענטראַל פּאַרק קאַסינאָ. אָבער ווי די געשיכטע זאָל ניט זיין, האָט ער צו „דער באָבעס ירושה" זיין באָבעס ירושה ניט צוגעלייגט. מען איז געקומען פון אַרבע פנות העולם: אייניקלעך האָבן געשלעפּט די באָבעס, די באָבעס — די אייניק־לעך. עס איז געגאַנגען צוועלף וואָכן שטאַרק, ביי איבערגעג־

פולטע הייזער. אָבער מיט אַמאָל האָט עס אויפגעהערט. דאָס איז אויך איינער פון די טעאַטער־סודות, וואָס מען האָט נאָך ניט אויסגעפונען. טייל פּיעסן דאַרפן זיך צעוואַרעמען, די געשעפטן שטייגן מיט יעדער פאָרשטעלונג אַלץ מער און מער, ביז עס ווערט אַ גרויסער בייפאַל, און דערנאָך גייט עס לאַנגזאַם, אַלץ ווייניקער און ווייניקער. און ווידער, אַנדערע פּיעסעס זיינען שוין גלייך ביי דער צווייטער פאָרשטעלונג גרויס, געפּאַקט, און מיט אַמאָל, אַזוי ווי דאָס גאַנצע פּובליקום זאָל האָבן אָפּגע־האַלטן אַ פאַרזאַמלונג און זיך צוזאַמענגערעדט, און מען הערט אויף צו קומען.

„דער באָבעס ירושה" איז געווען פון די פּיעסעס, וואָס האָבן געבראַכט צוועלף וואָכן גוטע געשעפטן, און מיט אַמאָל, אָן שום מעלדונג פון פּובליקום, איז געוואָרן ליידיק אין טעאַטער.

מען האָט אויפגעפירט צוויי מעלאָדראַמעס — „אַ שוועס־טערס אָפּפער", און וויליאַם סיגעלס „דאָס חופּה־קלייד". אין דער צייט, וואָס מען האָט געשפּילט די צוויי מעלאָדראַמעס, האָט מיט מיר עפּעס פּאַסירט...

איך פלעג דעמאָלט זייער פיל „רעקאָרדן", דאָס הייסט, מאַכן רעקאָרדס פון מיינע קאָמפּאָזיציעס און לידער. האָב איך זיך ביים „רעקאָרדן" געטראָפן מיט אַ באַקאַנטער אַקטריסע, נ. ק., וועלכע פלעגט זיך אָפּגעבן מער מיט אידיש וואָדעוויל, ווי מיט טעאַטער. יאָסל עדלשטיין, דער מענעדזשער, האָט זיך צו יענער צייט באַקלאָגט פאַר מיין פרוי, אַז מען זעט מיך זעלטן אין טעאַטער. האָט זיך מיין פרוי באַקלאָגט, אַז מען זעט מיך נאָך זעלטענער אינדערהיים. און ווידער דער וואָדעוויל־מענע־דזשער פון נ. ק. האָט זיך באַקלאָגט, אַז זי קומט אינגאַנצן ניט מער אין טעאַטער. עס האָבן ניט געפעלט קיין פּליאַטקעס און רעדעריי אינם טעאַטער־וועלטל. איבערהויפּט האָב איך שוין אַזאַ מזל, אַז וואָס איך טו — זאָגט מען אויף מיר...

אין דער צייט האָב איך אָנגעשריבן אַ מוזיקאַלישע קאָמע־

דיע, „האָט חתונה״. אַ וואָך פאַר דער אויפפירונג פון דער מו־זיקאַלישער קאָמעדיע „האָט חתונה״ רופט מיך אַריין יאָסל עדלשטיין אין אָפיס, וואו עס איז אויך געווען מיין פרוי, און ער זאָגט מיר, אַז פרייטאָג נאָך דער אויפפירונג פון דער מו־זיקאַלישער קאָמעדיע „האָט חתונה״ פאָר איך מיט זיין זון, איזידאָר עדלשטיין, קיין אייראָפּע.

איך האָב גלייך פאַרשטאַנען זייער מיין, און אויך, אַז זיי זיינען פאָרבאַרייט פאַר אַ גרויסן אַרגומענט מיט מיר. אָבער איך האָב אויך גלייך באַגריפן, אַז דאָס איז דאָס בעסטע, וואָס איך דאַרף איצט טאָן. עס איז מיר אויסגעקומען אַזוי ווי מען שיקט אַוועק איינעם פון די אַדעליקע, אַז זיי זאָלן ניט אַריינפאַלן צום פאָלק.

# הערמאַן בערנשטיין טרייסט מיך

עס איז שוין אַ כּלל ביים טעאַטער, אַז נאָך אַן ערשטער אויפפירונג פון אַ פּיעסע, ספּעציעל אַן אָפּערעטע, באַשטימט מען אויפן צווייטן טאָג אַ פּראָבע פאַר דער גאַנצער קאָמפּאַניע. דער פּראָפעסאָר, מענעדזשער, קאָמפּאָזיטאָר און רעזשיסאָר קומען אויך צו דער פּראָבע און מען באַטראַכט, וואָס עס קאָן געטאָן ווערן צו דער פּיעסע, אויב מען דאַרף עפּעס אַרויסוואַרפן אָדער צושרייבן, כאָטש צושרייבן דאַרף מען זייער זעלטן, ווייל כּמעט יעדע נייע אויפפירונג איז צו לאַנג און מען דאַרף שניידן. און דאָ הייבן זיך אָן די ריכטיקע צרות מיט די אַקטיאָרן, ווייל אַן אַקטיאָר, ווי אָרעם ער זאָל ניט זיין, וועט ער ליבערשט לאָזן לאָזן שניידן פון זיין געהאַלט דאָלאַרן, איידער בלעטלעך פּראָזע אָדער אַ סצענע פון זיין ראָלע. אָבער וויפיל פּראָבעס מען זאָל ניט האָבן געמאַכט אויף אַ נייער פּיעסע, איז נאָך דער ערשטער אויפפירונג פאַנגען זיך ערשט אָן די ריכטיקע פּראָבעס. איז מיר אָבער אויסגעקומען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, נאָך אַן ערשטער פאָרשטעלונג פון מיינער אַ מוזיקאַלישער קאָמעדיע, אַוועקצופאָרן, דאָס הייסט ניט גלאַט אַוועקצופאָרן, נאָר טאַקע צו פאַרלאָזן אַמעריקע. דאָס איז, ווי געזאָגט, געווען נאָך דער אויפפירונג פון דער מוזיקאַלישער קאָמעדיע „האָט חתונה". גע־שען איז עס אַ וואָך פאַר פּסח, אין יאָר 1921, אַ פרייטאָג ביי־נאַכט. מ'האָט נאָך כּמעט ניט געענדיקט די פאָרשטעלונג, בין איך, מיט איזידאָר עדלשטיינען, דעם זון פון מענעדזשער יאָסל עדלשטיין, שוין געזעסן אויף דער שיף „לאַפּלאַנד", וועלכע איז אָפּגעפאָרן פון ניו־יאָרק 12 ביינאַכט.

איך האָב די גאַנצע צייט, וואָס מען האָט גערעדט וועגן מאַכן אַ רייזע קיין אייראָפּע, ניט באַגריפן, וואָס עס הייסט פאַר־לאָזן אַ לאַנד, מעג זיין אויף אַ קורצער צייט. איך האָב עס גע־

נומען זייער לייכט, און עס האָט אויף מיר קיין באַזונדערע ווירקונג ניט געמאַכט. אָבער אַזוי גיך ווי די שיף האָט זיך גענומען רירן פון האַפן, זיינען מיר די גאַנצע צוואַנציק יאָר, וואָס איך בין שוין דעמאָלט געהאַט געווען אין אַמעריקע, געקומען אַנטקעגן — דאָס שטרעבן, דאָס האָפן, דער קאַמף, סוקסעס, דורכפאַל, דערפאַרונג, סיי אין פּיעסעס און סיי אין מוזיק, און אויך אין ראָמאַנסן, ליובקעלעך און טאַקע גאַנצע ליבעס, פון וועלכע מען האָט בייגאַכט געריסן די קאָלדרע און ניט געקענט איינשלאָפן... און איצט האָב איך שוין אַ בחור׳ל, אַ משה׳לע, זאָל געזונט זיין, וועלכער איז שוין 4 יאָר בר־מצווה, און דאַכט זיך שוין צוויי יאָר אַ בעל־עבירה... די גאַנצע 20 יאָר זיינען מיר געשטאַנען פאַר מיינע אויגן, און אויב איך האָב אַמאָל געהאַט איינעם אָדער איינע אין די גאַנצע 20 יאָר, מיט וועמען איך האָב זיך געקריגט און וועמען איך האָב געדענקט, אַז איך האָב ניט שטאַרק ליב, האָב איך געפילט אין יענעם מאָמענט ווי אַלעמען, אַלעמען אַרומצונעמען און אויסצושרייען: „אַמעריקע! איך האָב דיך ליב מיט אַלע דיינע מענטשן און פּירונגען!...”
וואָס מער די שיף האָט זיך אַוועקגערוקט פון האַפן, אַלץ אומעטיקער איז מיר געוואָרן. דעם לעצטן, וואָס איך האָב געקענט זען, איז געווען מיין בחור׳ל משה׳לע, ווייל ער איז געשטאַנען לעבן אַ שטאַרק, עלעקטריש ליכט. און איך האָב געפילט ווי יענע אידענע, וועלכע האָט געגעבן אַ געשריי צו איר מאַן: „מאָשקע, קער אום די הוידלקע!...”

אַזוי שטייענדיק פאַרטראַכט, הער איך ווי אַ באַקאַנטע שטימע זאָגט: „מר. רומשינסקי, פאַרוואָס אַזוי פאַרטראַכט? מיר פאָרן, און מיר וועלן קומען צוריק”. איך דערקען די ליבע, אָנגענעמע פּערזענלעכקייט — הערמאַן בערנשטיין — און עס ווערט מיר פרייליך אויפן האַרצן, וואָס ער געפינט זיך אויף דער שיף. ווייל הערמאַן בערנשטיין איז געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פּערזענלעכקייטן, וועלכע איך האָב ווען־עס־איז

באַגעגנט. אויסער דעם, וואָס ער איז געווען אַ געבילדעטער מענטש, מיט פיינע מאַניערן, איז ער געווען אַ מענטש פון סענ־סאַציע און ניט קיין ביליקע סענסאַציע. ער איז געווען דער, וועלכער האָט פאַראייניקט סענסאַציע מיט געשמאַק, וואָס די צוויי גייען זעלטן צוזאַמען. אָבער הערמאַן בערנשטיין האָט עס באַוויזן. אַלס קאָרעספּאָנדענט פון „ניו יאָרק טאַימז" האָט ער אינטערוויואירט די גרעסטע פּערזענלעכקייטן. ער האָט גע־צויגן די גרעסטע אויפמערק־זאַמקייט מיט זיין פאָרן ספּעציעל נאָך רוסלאַנד, כדי צו זען זיך פּערזענלעך מיט גראַף טאָלסטאָי. און שפּע־טער האָט ער צוגעשיקט אַ קאָרעספּאָנדענץ וועגן „ווי־לי און ניק", דאָס הייסט, וועגן דייטשן קייזער וויל־העלם און צאַר ניקאָלאַי. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון „אַמעריקען היברו" און דער ערשטער רעדאַקטאָר פון „טאָג". ער האָט אויך אָנגעקלאָגט הענרי פאָרדס דעמאָלסטיק אַנטיסעמיטיש


הערמאַן בערנשטיין

בלעטל פאַר דערמאָנען זיין נאָמען... שפּעטער האָט אים פּרעזידענט ווילסאָן באַשטימט אַלס אַמעריקאַנער פאַרטרעטער אין אַלבאַניע. געוואוינט האָט ער אין טיראַנאַ. קורץ, הערמאַן בערנשטיין איז געווען אַ ליבע, אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט, און ווען איך האָב דערזען, אַז ער איז מיט אונז אויף דער שיף, האָב איך מיך זייער דערפרייט. איך מוז צוגעבן, אַז אויך ער

האָט זיך דערפרייט, ווייל ער האָט גלייך געמאַכט די באַמער־קונג, אַז עס וועט שוין זיין פריילעך, ווייל די גאַנצע אָפּערעטע פאָרט מיט (מיינענדיק מיך), און האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב באַמערקט, ווי דער יונגערמאַן, וועלכער זיצט דאָרט און שרייבט פּאָסט־קאַרטלעך איינס נאָכן אַנדערן, האָט זיך געזעגנט מיט זיין געליבטער. עס איז געווען האַרצרייסנד, זיי האָבן געכליפּעט ווי קליינע קינדער, ער נאָך מער פון איר. און בערנ־שטיין זאָגט: „אָט דאָס הייסט ליב האָבן!" דערווייל האָב איך זיך אויך געזעצט אָנשרייבן אַ פּאָר פּאָסט־קאַרטלעך, און ווען איך האָב געענדיקט, האָט צו מיר בערנשטיין געזאָגט, אַז לויט זיין אויסרעכענונג האָט דער יונגערמאַן שוין אָנגעשריבן אין דער האַלבער שעה, וואָס מיר פאָרן, אפשר פופציק פּאָסט־קאַרטלעך — צוויי ווערטער — און ער שרייבט כסדר.

„דער בחור איז גוט פאַרליבט!", האָט בערנשטיין נאָך אַ מאָל געזאָגט. ער האָט זיך ניט געפוילט און זיך באַלד דער־וואוסט, ווער ער איז און וואוהין ער פאָרט: דאָס איז געווען אַ מיליאָנערסקע זונדל, וואָס איז געפאָרן שטודירן אין אָקספאָרדער אוניווערזיטעט. ער האָט אים געטרייסט, אָבער ס'האָט גאָר־ניט געהאָלפן. שפּעטער האָבן מיר באַמערקט, ווי אַן ענגלענ־דער, וועלכער איז געפאָרן מיט זיינס אַ טעכטערל, אַ פריילין פון אַ יאָר 19־20, האָט אים אויך געטרייסט, און ער האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט. עס איז אויך געפאָרן מיט דער שיף דאָס זונדל פון דאָגלאַס פעירבענקס, מיט אַ נוירס און אַ דאָקטאָר. ער האָט זיי ביידן ניט געדאַרפט, כאָטש ער איז דעמאָלט אַלט געווען בלויז אַ יאָר 13־14, אָבער ער איז געווען אַ געזונט, לעבעדיק בחור'ל, און ער פלעגט פון זיי אַנטלויפן...

ווען איך בין געגאַנגען שלאָפן אין מיין קאַיוטע, האָב איך געזען דעם סטודענט זיצן מיטן ענגלענדער און זיין טעכטערל. ער האָט זיי געוויזן אַ בילד פון זיין געליבטער, אָבער ער האָט עס לאַנג ניט געהאַלטן און האָט עס אַריינגעלייגט צוריק אין זיין בוזעם־קעשענע.

די שיף „לאפלאנד״, אויף וועלכער איך בין געפאָרן קיין אייראָפּע, איז געווען אַ „פלעזשור־באָוט״, מען פלעגט זי רופן: די „שפּאַציר־שיף״, און זי איז טאַקע געגאַנגען לאַנגזאַם, ווי מען שפּאַצירט אין אַ שיינעם טאָג אויף דער פינפטער עוועניו. זי האָט שפּאַצירט פון ניו־יאָרק ביז לאָנדאָן 9 טעג.

שוין אויפן צווייטן טאָג האָב איך באַמערקט, אַז קיינער איילט זיך ניט, אַלע האָבן צייט. דער איינציקער, וואָס פלעגט זיך איילן און איז געווען באַשעפטיקט, איז געווען הערמאַן בערנשטיין. ער האָט מיט זיך גענומען זיין „טאַיפּראַיטער״ (שרייב־מאַשין), און פלעגט רעדן, לאַכן, ענטפערן אויף אַלץ, וואָס מ׳האָט אים געפרעגט, און אין דער זעלבער צייט האַלטן אין איין קלאַפּן (שרייבן) אויף זיין שרייב־מאַשין.

מיר זיינען געוואָרן זייער גוט באַפריינדעט מיטן בחור׳ל פון דאָגלאַס פעירבענקס. ער האָט זיך באַקלאָגט אויפן דאָק־טאָר מיט דער נוירס, וואָס פאָרן מיט אים מיט און גיבן אויף אים אַכטונג, און ער האָט אונז געפרעגט, צי אַ בחור׳ל אין זיינע יאָרן, 13־14, באַדאַרף האָבן אַ נוירס און אַ דאָקטאָר זאָלן אויף אים אַכטונג געבן. עס איז געווען אין דער צייט, ווען דאָגלאַס פעירבענקס האָט חתונה געהאַט מיט מערי פּיקפאָרד, און מען האָט געשיקט דאָס בחור׳ל קיין ענגלאַנד צו זיין מיט דער מוטערס קרובים.

דאָס בחור׳ל איז געווען זייער אַ באַרעדעוודיקער, איבער־הויפּט אַ פריילעכער, און אין דער זעלבער צייט אַ גוט אינגל. ער האָט ליב געהאַט צו רייצן זיך מיט זיין נוירס און דעם דאָק־טאָר, און זיך באַהאַלטן, זיי זאָלן אים ניט קאָנען געפינען. ער איז טאַקע געווען די איינציקע פריילעכע פּערזאָן אויף דער שיף, וואָס מען האָט געקאָנט אָנרופן שיפל, ווייל עס איז געווען קליין, אָבער זייער עלעגאַנט און רייך. און די אַלע פּאַסאַזשירן, מער־סטענס ענגלענדער, זיינען געגאַנגען, געגעסן, געשמועסט לאַנג־זאַם, טאַקע זייער לאַנגזאַם, אין דער זעלבער טעמפּאָ ווי די שיף איז גאַנגען.

אין אַ זייער הייסן, זוניקן טאָג האָב איך באַמערקט, ווי עס זיצן צוויי ענגלענדער ביים פענסטער פון סאָן־פּאַרלאָר (זון־צימער) און ביי יעדן פון זיי ליגן גרויסע סומעס אַלערליי סאָרטן געלט — גאָלד, אַסיגנאַציעס — און עס ליגן אויפן געלט צוויי שטיקלעך צוקער, דאָס הייסט ביי יעדן אַ שטיקל צוקער, און די צוויי לאַנגע ענגלענדער זיצן און וואַרטן, רעדן ניט קיין וואָרט און גיבן זיך ניט קיין ריר. איך האָב באַלד פעסטגעשטעלט, אַז דאָס זיצן זיי אַזוי ווי צוויי מומיעס דערפאַר, ווייל זיי האָבן געשפּילט אַזאַ שפּיל; די שפּיל איז באַשטאַנען אין דעם, אַז אויף וועלכנס שטיקל צוקער עס וועט זיך צום ערשטן אַוועקשטעלן אַ פליג, דער האָט פאַרשפּילט; דעריבער האָבן זיי געמוזט זיין אַזוי שטיל.

איך האָב באַוואונדערט זייער געדולד און די גלייכגילטי־קייט, מיט וועלכער איינער פון די פאַרשפּילער האָט אַוועקגע־לייגט אַ נייע סומע געלט, ווי עס וואָלטן געווען קנעפּלעך. דער שיף־דאָקטאָר, אויך אַן ענגלענדער, האָט מיר געזאָגט, אַז די שפּיל צו וואַרטן ביז אַ פליג קומט און שטעלט זיך אַוועק אויפן שטיקל צוקער איז זייער גוט פאַר די נערוון. איך האָב פּרו־בירט די זעלבע שפּיל מיט הערמאַן בערנשטיינען און כ׳האָב געפילט, אַז כ׳פאַרליר מיין געדולד וואַרטנדיק, האָב איך באַ־שלאָסן, אַז „עס איז ניט גוט פאַר אידן”. איצט, מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, זע איך איין, אַז אין דער ביטערער, שרעקלעכער צייט קומט די ענגלענדער זייער געדולד שטאַרק צונויץ, און מיט אָט דעם געדולד האָבן זיי אָפּגעראַטעוועט די וועלט קעגן היט־לערן.

אויפן פערטן טאָג האָט מיר הערמאַן בערנשטיין געזאָגט, אַז ער שרייבט איצט איינע פון די שענסטע, אינטערעסאַנטסטע דערציילונגען. די טעמע האָט ער געקראָגן אויף דער שיף. דער העלד פון דער דערציילונג איז טאַקע דער סטודענט, וועל־כער איז געפאָרן שטודירן אין אָקספאָרדער אוניווערזיטעט. און ער ווייזט מיר אָן, ווי דער בחור האָט זיך געביטן: „איר גע־

דענקט דאָך אוודאי, וואָס דער בחור האָט צעאַרבעט ביים געזעגענען זיך מיט זיין מיידל ביים ניו־יאָרקער האַפן, ער האָט דאָך ס'האַרץ צעריסן מיט זיין וויינען און קושן..." דער סטודענט האָט אים אַליין געזאָגט, אַז ער האָט די ערשטע נאַכט, איידער ער איז געגאַנגען שלאָפן, געשריבן עטלעכע און פופציק פּאָסט־קאַרטלעך, און וואָס אַ טאָג ווייטער האָט ער געשריבן אַלץ וויניקער. היינט איז שוין דער פערטער טאָג אַריבער, איז כדאַי און אינטערעסאַנט צו באַטראַכטן דעם בחור. אויפן זעקסטן טאָג זיינען די דריי, דאָס הייסט, דער פאָטער פון דעם מיידל און די צוויי געוואָרן כמעט ווי איין פאַמיליע. צו זיין געליבטער אין ניו־יאָרק האָט ער געשריבן בלויז איין פּאָסט־קאַרטל, און דאָס נאָר ווען הערמאַן בערנשטיין האָט אים איראָניש אַריינגעקיבעצט. „אָ, יעס, יו רימאַינד מי!" (דו האָסט מיך טאַקע דערמאָנט) — האָט דער בחור געזאָגט.

אויפן זיבעטן טאָג האָט ער דאָס מיידל געקושט עפנטלעך, אַפילו פאַר איר פאָטער אין די אויגן. אויפן אַכטן טאָג האָט ער גערופן איר פאָטער „פּאַפּאַ", און אַרונטערגייענדיק פון דער שיף, האָט אים הערמאַן בערנשטיין געפרעגט: „אַר יו העפּי נאַו?" (ביזטו גליקלעך איצט?), האָט ער געענטפערט: „אָ, יעס, אַי פאַונד מאַי ריעל לאָוו היר!" (איך האָב געפונען מיין זיווג דאָ). האָט מיך בערנשטיין געפרעגט: „נו, קאָן מען זיך פאַרלאָזן אויף אונז, מענער? טאַקע דערפאַר רוף איך מיין דערציילונג „די וואַסערדיקע ליבע".

אַרונטערגייענדיק פון דער שיף, האָבן מיר געטראָפן דעם אַמעריקאַנער טעאַטער־דירעקטאָר מאָריס געסט. ער האָט אונז דערציילט, אַז ער פאָרט שוין אַרום איבער אייראָפּע עטלעכע וואָכן. ער וויל אַרויסקריגן זיין פאָטער פון רוסלאַנד. איך האָב אים געפרעגט, וואָס עס הערט זיך עפּעס מכוח קונסט אין אייראָפּע, האָט ער מיר געענטפערט: „אין גאַנץ אייראָפּע געפינען זיך דריי אינטערעסאַנטע זאַכן: „דער דיבוק", „שאָוו סורי" און מאַלי פּיקאָן".

## מ׳עפנט פאַר מיר דאָס פאַריזער אָפּערע־הויז

אָנגעקומען אין לאָנדאָן, האָב איך געעפנט אַ שטאָטיש טע־לעפאָן־בוך און אויסגעפונען מאָרים מאָשקאָוויטשעס טעלעפאָן־נומער. ער איז שוין דעמאָלט געווען גוט באַקאַנט דעם לאָנדאָ־נער אידישן פּובליקום און דעם ענגלישן אויך. אַפילו די אַדע־ליקע און טיטולירטע „סערס", ווייל דער גרויסער בייפאַל פון זיין שפילן שעקספּירס „שיילאָק" האָט דערגרייכט ביז צו דער קעניגלעכער פאַמיליע, און אין אַ שיינעם אָוונט איז די קעניג־לעכע לאָזשע (באָקס) געוואָרן באַלויכטן, און דער קעניג, די קעניגין מיט דער גאַנצער סוויטע האָבן באַזוכט די פאָרשטעלונג פון דעם אידיש־ענגלישן אַקטיאָר מאָרים מאָשקאָוויטש אין „שיי־לאָק".

ווען מאָרים מאָשקאָוויטש איז נאָך געווען אין אַמעריקע, האָט ער ליב געהאַט צו רעדן מיט מיר אויף מיין „ליטווישן לאָ־סין", און ווען איך האָב אים איצט געקלונגען, האָט ער, נאָך די ערשטע פּאָר ווערטער, דערקענט מיין שטימע און מיין „לאָ־סין" און געזאָגט צו מיר דורכן טעלעפאָן: „אוי וויי איז מיר! איך וועל מיר אַ מאַינסע אָנטאָן, דאָס איז דאָך יאַסקע דער וויל־נער!" ער איז גלייך געקומען מיך זען. מיר האָבן גוט פאַר־בראַכט, און כאָטש ער איז שוין דעמאָלט געווען זייער גרויס אין ענגלאַנד, האָט ער זייער שטאַרק געבענקט נאָך ניו־יאָרק און נאָכן אידישן טעאַטער, און איבערהויפּט נאָך דער צייט פון יעקב גאָרדינס פּעריאָד. אַ גאַנצן טאָג האָט ער געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן אויף יעדן באַזונדער — פון די גרויסע און וויכ־טיקע איז אָפּגערעדט, נאָר אויך אויף אַלע פּאַטריאָטן און אַרומ־הענגער אַרום ניו־יאָרקער אידישן טעאַטער. אומגעפער: „וואָס מאַכט גולאַש? וואָס מאַכט שאַילאָק? (אויך אַ פּאַטריאָט) און וואָס מאַכט סמאָל טשענדזש? (אַ שוואָגערל פון קעני ליפּצין), און וואָס מאַכט דער, וואָס פּאַטשט בראַוואָ מיט איין האַנט?"

איך האָב באַזוכט מאָרים מאַשקאָוויטשן אין זיין וואוינונג, וועלכע איז געווען אין דעם זעלבן געגנט, וואו עס געפינען זיך די ענגלישע לאָרדן און סערס. זיין זון, דער פידל־ווירטואָז, וועלכער האָט שטודירט ביי פּראָפעסאָר בראָדסקי (דאָס איז טאַקע דער זעלבער בראָדסקי, פאַר וועלכן טשאַיקאָווסקי האָט געשריבן זיין „פידל־קאָנטשערטאָ״), האָט געשפּילט. איך האָב געבעטן מאַשקאָוויטשן צו דעקלאַמירן יעקב גאָרדינס אַ הומאָ־רעסקע, וואָס איך האָב זייער ליב געהאַט אים הערן. ער האָט געדענקט יעדעס וואָרט אויסנווייניק, און ניט נאָר האָב איך געהאַט הנאה, נאָר אויך ער. ער האָט זיך דערמאָנט אָן יענע צייטן, וועלכע מען קאָן קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

פון לאָנדאָנער אידישן טעאַטער האָב איך קיינמאָל קיין נחת ניט געהאַט און אויך ניט דאָס מאָל. און איך מיט איזידאָר עדלשטיינען זיינען אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז. מען האָט מיר זייער פיל דערציילט פון דעם ענגלישן קאַנאַל, אַז עס וואַרפט מיט אים ווי אַ קדחת און עס האַלט אָן עטלעכע שעה. בין איך טאַקע אַריבערגעפאָרן דעם ענגלישן קאַנאַל און איך ווייס נאָך ביז היינט־צו־טאָג ניט ווען ס׳האָט פּאַסירט. אַזוי ווי איך בין אַריין אין שיפל, בין איך גלייך אַרונטער צום באַר און כ׳האָב מיך פשוט אָנגע׳שיכור׳ט, אַז איך האָב ניט געוואוסט פון „אָרור המן ביז ברוך מרדכי״, און ווען מען האָט מיך אויפגעוועקט, איז שוין אַלץ געווען פאָריבער.

ווען איך בין אָנגעקומען אין דעם פריילעכן פּאַריז, איז מיר געוואָרן אַ ביסל אומעטיק, ווייל איך בין מיט אַמאָל געוואָרן „שטום״. כ׳האָב אַמאָל געלערנט אַ ביסל פראַנצויזיש, נאָר כ׳האָב געקענט בלויז גענוג אויף צו פאַרשטיין וואָס פּושקין אָדער אַנ־דערע רוסישע שרייבער וואַרפן דורך אין זייערן אַ בוך אייניקע פראַנצויזישע פראַזעס, אָבער דאָ האָב איך געהערט, ווי כמעט אַלע האָבן דעם קאַטאַר, אַלע רעדן אונטער דער נאָז און אויף גיך.

מיר זיינען פאַרפאָרן אינם „גראַנד האָטעל". איך בין גלייך אַרונטער אין „קאַפעי דע לאַ פּעי", וועלכע געפינט זיך אונטן אין זעלבן האָטעל. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אין דרויסן ביי אַ טישל און געטרונקען פראַנצויזישן ווײַן „סורטיי", ניט חלילה ווייל איך האָב געוואָלט, נאָר ווייל כ'האָב געוואוסט ווי אַזוי עס צו באַשטעלן. איך האָב דערוואַרט צו זען אין פּאַריז שיינע פרויען, אָבער וואָס איך האָב באַוואונדערט — איז די שיינע מענער, איבערהויפּט זייערע אינטערעסאַנטע בערד און בערד־לעך. ס'האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז ס'איז אַן אויסשטעלונג פון בערד און בערדלעך, און אַז ס'איז אַ צוזאַמענקונפט פון באַר־בערס. דאָ האָב איך דערהערט ניט ווייט פון מיין טישל ווי צוויי מענער רעדן רוסיש. אַ ווײַלע שפּעטער האָט איינער פון די צוויי געזאָגט: „אַדלער זאַמיעטשאַטיעלני אַקטיאָר אי טאָמאַשעווסקי ניע דורנאָי רעזשיסאָר" (אַדלער איז אַן אויסגעצייכנטער אַק־טיאָר און טאָמאַשעווסקי איז ניט קיין שלעכטער רעזשיסאָר). איך האָב מיך גוט צוגעקוקט און דערקענט אין איינעם פון די מענער דעם רוסיש־אידישן שרייבער סעמיאָן יושקעוויטש, וועמענס פּיעסע „דער קעניג" עס האָבן געשפּילט אין דער זעלבער צייט אי אַדלער אי טאָמאַשעווסקי. איך בין גלייך צוגעקומען און זיך פאַרגעשטעלט פאַר יושקעוויטשן, און ער ווידער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַרן צווייטן מאַן — ניקיטאַ באַלעיעוו, דעם דירעקטאָר און פּראָדיוסער פון „שאָוו סורי", וואָס מ'האָט אין פּאַריז געשפּילט שוין אַ צייט מיטן גרעסטן דערפאָלג. באַ־לעיעוו האָט מיך איינגעלאַדן זען די פאָרשטעלונג „שאָוו סורי" און האָט מיר טאַקע גלייך אָנגעשריבן אַ קאָנטרמאַרקע (פּעס). עס איז מיר שוין געוואָרן פריילעכער אויפן האַרצן — איך רעד שוין אַ וואָרט.

די פאָרשטעלונג „שאָוו סורי" האָט מיך איבערראַשט, אי־בערהויפּט ער אַליין, באַלעיעוו, אַלס דער אַנאָנסער (מאַסטער אָוו סערעמאָנים). אַזוי ווי ער האָט שפּעטער אַנאָנסירט אויף אַ

באַלעיעוו-ענגליש, אַזוי האָט ער אין פּאַריז אַנאָנסירט אויף זיין באַלעיעוו-פראַנצוויזיש, און די פראַנצויזן האָבן זיך געקאַטשעט פון געלעכטער. די גאַנצע פאָרשטעלונג איז געווען פריש, ניי, אינטערעסאַנט.

איך האָב דאָרטן געטראָפן דעם אידיש-אַמעריקאַנער דירעקטאָר מאָרים געסט, וועלכער האָט שוין געהאַט אָפּגעמאַכט מיט באַלעיעוון, ער זאָל קומען קיין אַמעריקע. איך האָב שוין אין פּאַריז געהערט פון דעם גרויסן סוקסעס, וואָס די ווילנער טרופּע מאַכט מיט אַנסקים „דער דיבוק" אין וואַרשע, און מאַלי פּיקאָן מיט „יאַנקעלע" אין ווין, און האָב באַשלאָסן, אַז מען דאַרף פאָרן אַהין, וואו מען קאָן הערן אַ אידיש וואָרט.

איין גאַס ווייטער פון דעם „גראַנד האָטעל" געפינט זיך דאָס פּאַריזער אָפּערע-הויז, פון וועלכן איך האָב אַזוי פיל געהערט און געלייענט, אָבער עס איז שוין געווען נאָכן סעזאָן און דאָס אָפּערע-הויז איז געווען צוגעמאַכט. איך פלעג מיך אַרומדרייען שעה'ן-ווייז אַרום דעם אָפּערע-הויז און רעדן צו זיך אליין: „אָט דאָ זיינען געגאַנגען הלוי, מייערבער, ביזעט", און איך האָב ביי זיך ניט קענען פּועל'ן: וואָס הייסט זיין אין פּאַריז און ניט זען דאָס אָפּערע-הויז? האָב איך זיך איין מאָל אָנגענומען מיט מוט, אָנגעקלונגען דעם סופּעראינטענדענט (דעם אויפזעער) און אים געזאָגט: „אַי עם ען אַמעריקען" (איך בין אַן אַמעריקאַנער). ער האָט גלייך אַרויסגערופן אַ מיידל, זיין טעכטערל, פון אַ יאָר 18-19, וועלכע האָט גערעדט אַ גאַנץ גוטן ענגליש. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך וועל געבן 10 דאָלאַר פאַר בלויז אָנקוקן דאָס אָפּערע-הויז. זי האָט דאָס דערקלערט איר פאָטער. איך האָב אים דערלאַנגט אַן אַסיגנאַציע פון צען דאָלאַר און אויך געגעבן זיין טעכטערל 5 דאָלאַר, זי זאָל מיטגיין מיט מיר און מיר אַלץ דערקלערן. און די שווערע טירן פון דער פּאַריזער אָפּערע האָבן זיך פאַר מיר געעפנט. אַרויפגייענדיק אויף די ברייטע קעניגלעכע טרעפּ, האָב איך דערזען

צוויי גרויסע סטאַטועס פון הלוי און מייערבער. מיינע אויגן זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט טרערן, און דער שאָווינים צוזאַמען מיטן פינטעלע איד האָבן זיך אין מיר צעקאָכט. איך האָב דאָרט פאַרבראַכט אַ שעה צייט. מען האָט מיך אומעטום געפירט און געוויזן אַלע אַנטיקן, וואָס געפינען זיך אין דער פאַריזער אָפּערע. אָבער דעם גרעסטן „טהריל" (ציטער) האָב איך געהאַט, ווען זיי האָבן מיך אַריינגעפירט אין קאָנסאַלטינג־צימער (באַראַטונג־צימער), וואו עס איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש מיט שווערע שטולן. מען האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ פאַטער־שטול, אויף וועלכער עס זיינען געזעסן מייערבער, הלוי און ביזעט. דער אויפזעער און זיין טאָכטער האָבן געזען, ווי איך באַטראַכט די שטול, אויף וועלכער די גדולים זיינען געזעסן, האָבן זיי מיר באַמערקט, אַז אויב איך וויל מיך זעצן אויף דער שטול אויף אַ ווײַלע, קאָן איך דאָס טאָן. איך האָב אָבער ניט געהאַט די העזה. איך בין אַרויס פון דעם פאַריזער אָפּערע־הויז אַ צופרידענער. און איך האָב באַשלאָסן, אַז איצט קאָן איך שוין פאַרלאָזן פאַריז און פאָרן אַהין וואו מען הערט אַ אידיש וואָרט.

# בערלין נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

איידער איך האָב פאַרלאָזט ניו־יאָרק, האָט מיר מיכאַל מי־
כאַלעסקאָ געוויזן אַ בילד פון אַ סוברעטין־פּרימאַדאָנע, מיט וועל־
כער ער האָט געשפּילט אין וואַרשע אידיש טעאַטער. איר
אמת'ער נאָמען איז מאַטילדאַ מאַנטענבוים, אָבער אויף דער
פּוילישער בינע, וואו זי האָט געשפּילט, האָט זי זיך גערופן
סעינט קלעיר. ער האָט מיר דעמאָלט געזאָגט, אַז זי פאָרט
אַרום מיט אַ דייטשער אָפּערעטן־קאָמפּאַניע און געפינט זיך
ערגעץ־וואו אין דייטשלאַנד.

אַרויספאָרנדיק פון פּאַריז, האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן
קיין בערלין און אויפזוכן די אידיש־פּויליש־דייטשע אַקטריסע
סעינט קלעיר. אין בערלין בין איך פאַרפאָרן, אָדער בעסער
געזאָגט צוגעגאַנגען, אין האָטעל „צענטראַל", און אַ דייטש
האָט אויף אַ וועגעלע צוגעפירט מיין שווערן וואַליז צום האָטעל,
וועלכער געפינט זיך אַנטקעגן וואָקזאַל. מיין צימער איז געווען
גרויס ווי אַ פעלד, מיט רייך מעבל, אָבער אַלץ איז געווען אָפּ־
געבלאַקירט, אַלט, פאַרלאָזן פון דער וועלט־מלחמה. עס איז
געווען גאַנץ פרי, בין איך מיט מיין פריינד איזידאָר עדלשטיין
אַריין אין דעם גרויסן אַמאָליקן רייכן רעסטאָראַן פון האָטעל.
ס'איז צוגעקומען צו אונז אַ קעלנער (וועיטער), וועלכן מען האָט
קוים אַרויסגעזען פון זיין שוואַרצן, לאַנגן, ברייטן ראָק. עס איז
קענטיק געווען, אַז אַמאָל איז אַ גרויסער בויך געלעגן אין דעם
ראָק, אָבער דער קעלנער איז געווען אויסגעדאַרט פון הונגער,
איז דער ראָק בלויז אַן עדות, אַז אַמאָל איז דאָרט געווען אַ בויך.
מיר האָבן געבעטן פרישטיק, האָט ער אונז געזאָגט מיט אַ שוואַך
שטימעלע, אַז ס'איז גאָרניט ניטאָ אויס שוואַרצע קאַווע, אַנ־
שטאָט צוקער — סאַכאַרין, און שוואַרץ ברויט. ס'איז ניט געווען
זייער אַפּעטיטלעך באַלד אינדערפרי, און מיר האָבן גענומען

פילן דעם טעם, וואָס איז נאָך פאַרבליבן פון דער וועלט־מלחמה. דערווייל איז אַריין אַ לאַנגער דייטש, מיט אַ צילינדער־הוט. אים האָט דער וועיטער גאַרניט געפרעגט. ער האָט אים גלייך צוגעטראָגן זיין שוואַרצע קאַווע מיט אַ פּאָר שטיקלעך סאַכאַרין. דער לאַנגער דייטש האָט אַרויסגענומען פון אַ ווייס טיכעלע אַ שטיקל שוואַרץ ברויט, וואָס ער האָט זיך אַליין געבראַכט.

מיר האָבן אַזוי געליטן אַ פּאָר טעג, כאָטש אַלס מוזיקער האָב איך געהאַט אַ זכות אין מאָצאַרט־רעסטאָראַן, אָבער דאָרט האָט מען אויך געגעבן עסן אויפן שפּיץ מעסער.

איין מאָל שטיי איך אַזוי און קוק אַריין אין אַ פענסטער פון אַ גרויס מוזיק־געשעפט. שטייט לעבן מיר אַ יונגערמאַן און פרעגט מיך אויף דייטש, נאָר מיט אידישע טענער, צי איך בין דער הער רומשינסקי פון אַמעריקע, און ער זאָגט מיר, אַז ער האָט מיך דערקענט פון די בילדער, וואָס געפינען זיך אויף מיינע געדרוקטע קאָמפּאָזיציעס. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז אַ כאָריסט אין מעטראָפּאָל־טעאַטער. איך האָב זיך זייער דער־פרייט מיט אים. איך האָב געוואָלט וויסן פון דעם מעטראָפּאָל־טעאַטער אין בערלין, ווייל אין דעם טעאַטער פלעגט מען אויפ־פירן צום ערשטן מאָל כמעט אַלע נייע דייטשע אָפּערעטעס פון פראַנץ לעהאַר, עמעריך קאַלמאַן, לעאָ פאַל. איך האָב אים אַלץ אויסגעפרעגט. עס איז געווען פאַר מיר זייער אינטערעסאַנט, און ער האָט מיר דערציילט, אַז מען קריגט זיך, מען שרייט, טייל נומערן מוזיק מאַכט מען איבער, מען וואַרפט אַרויס, מען מאַכט צו — פונקט אַזוי ווי ביי אונז אין אידישן טעאַטער.

וואָס מער דער כאָריסט האָט גערעדט, האָב איך געפילט, אַז ער ווערט אַלץ שוואַכער, און קוים וואָס ער רעדט. האָב איך אים געפרעגט, צי ער ווייסט ניט פון אַ פּלאַץ, וואו מען קען זיך גוט אָנעסן, ווייל איך לייד הונגער ביי זיי אין בערלין. האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער ווייסט. איך האָב צוגערופן אַ קעב־מאַן און זיך דערוואוסט, אַז דער פורמאַן (דראַיווער) איז אַ געוועזע־

נער מיליטאַריסט, אַ העכערער אָפיציר. דער כאָריסט האָט אים געזאָגט וואוהין צו פאָרן. דערווייל איז שוין געוואָרן אַ ביסל פינסטערלעך. שוין ביי דער טיר האָב איך דערהערט אידישע ניגונים, און איך האָב גלייך דערשמעקט אידישע מאכלים. עס איז געווען פריילעך — אידן, ווייבער, קינדער; מען שלינגט קאַטשקעס, געבראָטענע הינער, געבראָטן פלייש, מיט גוטן רומענישן רויטן וויין. וואָס מיר מלחמה? ווען מיר מלחמה? עס איז דאָ פון אַלעם גוטן. אידישע קאַבאַרע־זינגער זינגען לידער . . . אויב איך האָב ניט קיין טעות, איז דער סטאַר־זינגער געווון אונזער פנחס לעוואַנדע. מיר האָבן דאָרט פאַר־בראַכט ביז 2 פאַרטאָג. דער אויסגעהונגערטער כאָריסט האָט זיך גוט אָנגעגעסן. איך האָב אים מיטגעגעבן אַ פּאָר קאַטש־קעס, הינער, געבראָטן פלייש, אַ פאָר פלאַשן וויין פאַר זיין פאַ־מיליע.

צומאָרגנס בין איך אַריין אין רעסטאָראַן פון מיין האָטעל, און דער זעלבער קעלנער האָט מיר אויסגערעכנט די זעלבע מאכלים: שוואַרצע קאַווע, סאַכאַרין און שוואַרץ ברויט. איך האָב ביי אים געוואָלט אויסגעפינען, צי ער ווייסט, אַז מען קען געפינען עסן אין בערלין, האָב איך אים מיט מיין „ליטווישן דייטש" געפרעגט: „איז טאַקע אין גאַנץ בערלין נישטאָ וואָס צו עסן?" האָט ער מיר געענטפערט זייער פאָרזיכטיק: „ביי אירע גלויבענס־גענאָסען איזט דאַ! די יודען האבען אַלעס אונד וויר דויטשען האבען ניכטס!" אָבער איך האָב באַלד אויסגעפונען, אַז דאָס איז אַ ליגן. מען באַדאַרף נאָר וויסן וואוהין צו גיין.

זוכנדיק די אַקטריסע סעינט קלער, האָב איך געפונען אין בערלין אירן אַ ברודער, וועלכער איז געווען אַ וואַרייעטי־זינגער און טענצער. בין איך דאָרט געווען. ס'איז ניט געווען קיין אידי־שער פלאַץ, נאָר אַן עכט־דייטשער קאַבאַרע און רעסטאָראַן. האָט מען דאָרט גע'שיכור'ט און געפרעסן נאָך מער ווי ביי די

אידן... נאָר מען האָט געדאַרפט האָבן אַ רעקאָמענדאַציע, כדי אַריינצוקומען אַהין, ווייל דער פּלאַץ איז געווען אונטער פאַרשלאָסענע טירן. דער אונטערשיד צווישן דעם אידישן און ניט־אידישן רעסטאָראַן איז געווען, וואָס אין אידישן האָט מען געזונגען חסיד׳ישע ניגונים און פאָלקס־מעלאָדיעס, און אין דייטשן — די שמוציקסטע לידלעך און וויצן, וואָס אַ קראַנקער מוח קען נאָר אויסקלערן.

צומאָרגנס בין איך אַריין אין רעסטאָראַן פון מיין האָטעל און האָב געזאָגט דעם קעלנער, אַז די אידן האָבן גאָרנישט און, דערלאַנגענדיק דעם אַדרעס פון דעם ניט־אידישן קאַבאַרע און רעסטאָראַן, האָב איך צוגעגעבן:

— אויב דו ווילסט גוט אָפּעסן און אַ סך טרינקען, גיי אין דעם רעסטאָראַן און קאַבאַרע צו דיינע גלויבנס־גענאָסן. זיי האָבן אַלץ. דאָרט געפינט זיך פון אַלעם גוטן.

ער איז געבליבן שטיין און געזאָגט:

— איזט דאָס מעגליך?

האָב איך אים געענטפערט אין אַ ריינעם דייטש:

— וואָרום פרעגען זי קשיות? אַז מען פרעגט אַ שאלה איזט טריף! געהען זי אונד איבערצוייגען זי זיך.

## מען פֿאַרהאַלט מיך אַלס פּאָליטישן פֿאַרברעכער

דער ברודער פֿון דער אידיש־פּויליש־דייטשער פּרימאַדאָנע־סוברעטין סעינט קלער, האָט אונז געזאָגט, אַז זיין שוועסטער געפֿינט זיך אין האאַג, האָלאַנד, מיט אַ דייטשער קאָמפּאַניע, זייענען מיר אַוועקגעפֿאָרן קיין האאַג. שוין פֿאַרנדיק אין האאַג פֿון באַנהויף צו אַ האָטעל, האָבן מיר געפֿילט, אַז די מלחמה האָט דאָ קיין שליטה ניט געהאַט: אַלע זאַטע, פֿריילעכע, גוט־געקליידעטע, פֿאָרן מערסטנס אויף וועלאָסיפּעדן, ווייל די וואַסערן און בערג מאַכן דעם אויטאָמאָביל־פֿאַרקער כמעט אוממעגלעך. יונג און אַלט, גרויס און קליין, אָרעם און רייך פֿאָרן אויף וועלאָסיפּעדן. אין בערלין, וואָס מ'האָט פֿאַרלאַנגט, איז ניט געווען; און אין האאַג האָט מען אַפֿילו דערלאַנגט וואָס מ'האָט ניט באַשטעלט. צום ביישפּיל: איך בין אַריין אין דעם עלעגאַנטן, שיינעם רעסטאָראַן פֿון האָטעל און האָב באַשטעלט אַ קאַווע, האָט מען דערלאַנגט אַלערליי סאָרטן קעז, מיט מאַרמעלאַדע אַלס צוגאָב. ניט נאָר האָבן די האָלענדער ניט געליטן פֿון דער וועלט־מלחמה, נאָר זיי זיינען טאַקע געווען זייער פּאָרזיכטיק, אַז מען זאָל זייער ביסל רו ניט שטערן, און יעדע פֿאַרדעכטיקע פּערזאָן, ספּעציעל פּאָליטישע, האָט מען גלייך אַרעסטירט. איידער מען האָט אונז אַריינגעלאָזן אין דעם האָטעל, האָט מען אונזערע פּאַספּאָרטן גוט רעווידירט און מ'האָט אונז צענדליקער מאָל אויסגעפֿרעגט — וואו, וואָס און ווען...

גראָד ווען כ'האָב אין זינען געהאַט מיך נאָכצופֿרעגן וואו עס שפּילט די אַקטריסע סעינט קלער און וואו עס שפּילט די דייטשע קאָמפּאַניע, האָב איך באַמערקט אַנטקעגן האָטעל אַ טעאַטער, מיט פּאָוסטערס (פּלאַקאַטן), האַלב־האָלענדיש און האַלב־דייטש. איך בין צוגעקומען נענטער און געלייענט, אַז מען שפּילט עפּעס

אַן אומבאַקאַנטע דייטשע אָפּערעטע, נאָר די ראָלע פון „גרעט־כען״ שפּילט פריילין סעינט קלער.

אין אָוונט זיינען מיר געגאַנגען אין טעאַטער, און ניט זי און ניט די אָפּערעטע מיט דער קאָמפּאַניע זיינען אונז גע־פעלן, ווייל עס זיינען געווען צווייטע קלאַס שוישפּילער. אין לעצטן אַקט האָט פריילין סעינט קלער געהאַט אַ נומער מיט אַ שירעם (אַמברעלאַ), און זי האָט געטאַנצט און געזונגען גאַנץ נעט. נאָכן שפּילן האָבן מיר זיך געטראָפן און זי איז מיר גע־פעלן מער ווי אויף דער בינע. ערשטנס, איז זי געווען אַ לינגוויסט (שפּראַכן־קענערין); זי האָט גערעדט פּויליש, רוסיש, דייטש, פראַנצויזיש און אַ ביסל ענגליש; און אַז זי איז מער געשעפטס־לעדיג ווי קינסטלערין האָט זי באַוויזן ביים מאַכן דעם קאָנ־טראַקט פאַר אַמעריקע. מיר האָבן אָפּגערעדט צו טרעפן זיך אין אַ חודש אַרום אין ראָטערדאַם און פון דאָרט פאָרן קיין אַמעריקע.

אין אייראָפּע איז אַלע מאָל די פּאַספּאָרט־פראַגע געווען אַ פאַרפּלאָנטערט, אָבער וויכטיק פּראָבלעם. אייניקע יאָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין דער הינזיכט געווען שווי־דערלעך: מען האָט געמוזט ביים אָנקומען אין אַ שטאָט זיך אַליין מעלדן אין דער פּאָליציי און איבערגעבן דאָרט דעם פּאַס־פּאָרט, און ביים אַרויספאָרן — אַליין גיין נאָך אים. האָט זיך טאַקע אין האַאַג אָפּגעשפּילט מיט מיר אַ קאָמעדיע, וועלכע איז אויף אַ קורצער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טראַ־געדיע.

ווען איך בין געקומען אין דער האַאַגער פּאָליציי נאָך מיין פּאַספּאָרט, האָט מען מיך אַריינגעפירט אין אַ באַזונדער צימערל. אַ הויכער זשאַנדאַר האָט מיר געוויזן אַ בילד פון אַ געפערלעכן פּאָליטישן פאַרברעכער, וועלכן די האָלענדישע פּאָליציי זוכט שוין אַרום אַ יאָר צייט. און מערקווירדיק, דאָס בילד האָט גע־וויזן אַ נאָענטע ענלעכקייט צו מיר. איך האָב גענומען טענה'ן,

אַז איך בין אַ קאָמפּאָזיטאָר, אַ דיריזשאָר, אַז איך קום פון אַמע־ריקע; האָבן זיי מיר געענטפערט, אַז כמעט אַלע פּאָליטישע פאַר־ברעכער באַהאַלטן זיך הינטערן מאַנטל פון אַרטיסטן, אַקטיאָרן, מוזיקער, און איבערהויפּט פּראָפעסיאָנעלע מענטשן. וואָס מער איך האָב מיך באַמיט זיי איבערצוצייגן ווער איך בין, אַלץ מער האָט עס זיי געמאַכט גלייבן, אַז דאָס בין איך, ווענמען זיי זוכן, ווייל די פּערזאָן האָט געהאַט 5-6 פּאַספּאָרטן, און אין יעדן פּאַספּאָרט איז געווען אָנגעגעבן אַן אַנדער אַרטיסטישע פּראָפע־סיע. איזידאָר עדלשטיין, ווענמען מען האָט גלייך צוריקגעגעבן זיין פּאַספּאָרט, האָט גע׳טענה׳ט און דערקלערט, אָבער מען האָט אים שוין ניט צוגעלאָזט צו מיר. די זאַך איז געוואָרן גאַנץ ערנסט... ביז עס איז אַריינגעקומען איינער פון די באַאַמטע, וועלכער איז אַליין אַ מוזיקער. ער האָט געהאַט געענדיקט קאָנסערוואַטאָריע און האָט זי אויפגעגעבן. ער איז געווען אַ גרויסער פּאַטריאָט פון דעם האָלענדישן דיריגענט מענגלבערג. ווען איך האָב אים דערקלערט, ווער איך בין, און מיר האָבן גע־נומען רעדן וועגן מוזיק, האָט ער די גאַנצע צייט געהאַלטן דאָס בילד פון יענעם פּאָליטישן פאַרברעכער, וועלכן די פּאָליציי האָט אַרומגעזוכט. ער האָט אַרגומענטירט מיט זיינע קאָלעגן פּאָלי־ציאַנטן און זיך געגעבן מי צו באַווייזן זיי, אַז דאָס בילד איז ניט מיין פאָטאָגראַפיע.

מען האָט מיר צוריקגעגעבן מיין פּאַספּאָרט און איך האָב באַדאַנקט דעם מוזיקאַלישן באַאַמטן, באַמערקנדיק ביים אַרויס־גיין, ווי איינער פון די פּאָליציאַנטן האָט געמאַכט מיטן פינגער צו דעם באַאַמטן, וועלכער האָט מיך באַפרייט, ווי זאָגנדיק: געדענק, דו לאָזט איצט פריי אַ געפערלעכן פאַרברעכער...

# ווידער אין לאָדזש

זינט איך האָב פאַרלאָזט אַמעריקע, האָב איך שוין געגאַרט נאָך אַ אידיש וואָרט און אַ אידישן ניגון. אין לאָנדאָן האָב איך געהערט רעדן אַ פענסי ענגליש, אין פאַריז האָט מען געפּאָנפּעט אונטערן נאָז פראַנצויזיש, און אין בערלין, מוז איך צוגעבן, אַז אויסער זייער מוזיק, האָב איך אַלע מאָל פיינט געהאַט די דייטשן, איך האָב פיינט זייער פּינקטלעכקייט און זייער סאָלדאַטשינע. אין האָלאַנד זיינען זיי זייער פריינטלעכע מענטשן, נאָר וואַסער־דיקע. עפּעס האָבן זיי אַ פּנים, די האָלענדער, אַזוי ווי זיי וואָלטן צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון וואַסער מיט קעז. אָבער אויפן וועג קיין וואַרשע האָב איך געפילט, אַז איך דערנענטער מיך צו מייניקע; סיי אין לשון און סיי אין די מאַנירן האָט זיך שוין געפילט אידיש. איך האָב שוין געהערט זינגען, איך מיין רעדן, וואַרשעווער אידן, און די אַלע הסרונות, וואָס די ניט־אידישע וועלט געפינט אין אונז, מוז איך צוגעבן, אַז מיר געפעלט עס. פאַר מיין מוזיקאַלישן געהער קלינגט שיין דאָס רעדן אידיש, און אויב מ׳רעדט נאָך אַ גוטן אידיש, איז דאָך גאַר אַ מחיה... און דאָס, וואָס עס שמעקט ניט פאַר דער ניט־אידישער וועלט, שמעקט עס פאַר מיין אידישער נאָז זייער גוט.

נאָך די עטלעכע וואָכן זינט כ׳האָב פאַרלאָזט אַמעריקע און ניט געהערט קיין רעכט אידיש וואָרט, האָב איך מיך איצט איינפאַך מחיה געווען. עס איז מיר געוואָרן פרייליך אויפן האַרצן מיט דער אידישער סביבה. ערשטנס, האָב איך קיין זאַך ניט באַדאַרפט פרעגן. אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט וויסן, האָב איך זיך דערוואוסט פון די געשפּרעכן צווישן די אידן איינע מיט די אַנדערע.

איך האָב געהערט, ווי זיי זיינען זיך מחיה מיט מאָלי פּי־קאָן, וועלכע שפּילט איצט אין לאָדזש, און מיטן „דיבוק״, וואָס

די „ווילנער טרופע" שפּילט שוין אַ לאַנגע צייט אין וואַרשע, און עס האָט מיך פאַרדראָסן, וואָס איך בין ניט געפאָרן פריער קיין לאָדזש און שפּעטער קיין וואַרשע, אָבער פאַרפאַלן — מיין בי־לעט איז געווען דירעקט קיין וואַרשע.

דערווייל בלייבט דער צוג שטיין און דער קאָנדוקטאָר רופט אויס: „לאָדזש!". גיב איך אַ געשריי צו איזידאָר עדלשטיינען, וועלכער איז געפאָרן מיט מיר צוזאַמען: „איזי, נעם דיין טשע־מאָדאַן; מיר שטעלן זיך אָפּ אין לאָדזש!"

איזי האָט, נאַטירלעך, ניט געהאַט קיין שום באַזונדער געפיל פאַר לאָדזש, אָבער זעענדיק מיין התלהבות פאַר לאָדזש, האָט ער מסכים געווען אָפּצושטייגן, און איידער וואָס־ווען, שטייען מיר שוין אויף דעם לאָדזשער וואָקזאַל. עס לויפן פאַרביי אין מיינע געדאַנקען זכרונות פון צוואַנציק יאָר צוריק. לאָדזש, די שטאָט, וואו איך בין געוואָרן אַ פולשטענדיקער די־ריזשאָר; לאָדזש, די שטאָט, וואו איך האָב געלערנט מיט אַנדערע און דערביי אַליין אַ סך געלערנט; לאָדזש, וואו כ'האָב געלייגט דעם ערשטן גרונדשטיין פאַר אַ אידישן געזאַנג־פאַראיין אין דער גאַנצער וועלט. און איך מוז צוגעבן, אַז איך האָב אַזאַ שיין זינגען פון אַ כאָר, ווי דער לאָדזשער „הזמיר" האָט דעמאָלט געזונגען, נאָך ניט געהערט ביז איצט.

פאָרנדיק מ'שטיינס געזאָגט אין אַ קאָרעטע מיט אַ פּוי־לישן פורמאַן, האָב איך מורא געהאַט, אַז באַלד־באַלד פאַל איך אַרויס פון דער דראָזשקע פון דעם שאָקלען און וואַרפן פון די גריבער און שטיינער אין וועג.

איך האָב שוין נאָענט צו צוואַנציק יאָר ניט געהאַט גע־זען ווי מענטשן גייען באָרוועס, ניט נאָר אין צעריסענע שיך, נאָר טאַקע באָרוועס, מיט נאַקעטע פיס אויף די הייסע שטיינער און גריבער, און ניט בלויז קינדער, נאָר אויך עלטערע מענער און פרויען. עס האָט געמאַכט אויף מיר אַ שרעקלעכן איינ־דרוק. אָבער באַלד זיינען מיר אַריינגעפאָרן אויף פּיעטריקאָ־

ווער גאַס, און ס'איז מיר געוואָרן אַ ביסל פריילעכער אויפן האַרצן. איך האָב געזען פאַר זיך שיינע אידן, מאָדערן גע־קליידט. מען לויפט, מען פליט, מען האַוועט . . . אָט זיינען מיר שוין אין „גראַנד האָטעל", וועלכער איז געבויט געוואָרן פאַר פאַדערעוואסקים געלט. איך באַמערק אין דער לאָבי פון האָטעל דאָס קליינע קעסטעלע מיט אַ דראָטן טירל, וואו עס געפינען זיך קליינע פלאַקאַטן (פאָוסטערס), וואָס ווייזן, וואָס מען שפּילט אין די טעאַטערס. און איך לייען, אַז די אַמעריקאַנער קינסטלערין מאָלי פּיקאָן און יעקב קאַליך שפּילן שוין וואָכן־לאַנג אַן אָפּע־רעטע „יאַנקעלע", מוזיק פון יוסף רומשינסקי. איך פרעג ביי זיך אַליין: „ווען האָב א י ך געשריבן מוזיק צו אַן אָפּערעטע „יאַנקעלע"? אָבער איך בין העכסט צופרידן, וואָס איך וועל היינט זען מאָלי פּיקאָן צום ערשטן מאָל שפּילן, וואָרום כאָטש זי קומט פון אַמעריקע, איז מיר נאָך ניט אויסגעקומען זי צו זען שפּילן. איך האָב געהערט, אַז אין פילאַדעלפיער אַרטש סטריט טעאַטער געפינט זיך אַ דרעסערין, מרס. פּיקאָן, וועלכע איז זייער אַ ליבע פרוי, וואָס האָט אַ טאַלאַנטפול מיידעלע, מאָלי. די ניו־יאָרקער סטאַרס, אַדלער, קעסלער, מאָרים מאָשקאָוויטש און אַנדערע, וועלכע פאָרן גאַסטראָלירן אין פילאַדעלפיע, האָבן דערציילט וואונדער פון דער קליינטשיקער מאָלי. איך האָב געוואוסט, אַז שפּעטער האָט מאָלי געשפּילט ענגליש וואָדעוויל, און אַז יאַנקל קאַליך, וועלכער האָט געהאַט ליטעראַרישע אַמבי־ציעס (און האָט טאַקע געשריבן), איז געווען אַ פייערדיקער ציוניסט, אַ חבר פון באַרימטן פאָרשער, שריפטשטעלער און פועלי ציון־טעאָרעטיקער בער באָראָכאָוו, איז געוואָרן אַ אידי־שער אַקטיאָר, האָט זיך אָפּגעגעבן מער מיט רעזשי, שרייבן און אויפפירן פּיעסעס, האָט חתונה געהאַט מיט מאָלי פּיקאָן; און אָט דער אַמביציעזער יאַנקל קאַליך האָט געבראַכט די נאָך זיי־ער יונגע, אָבער זייער טאַלאַנטירטע מאָלי פּיקאָן צוריק צו דער אידישער בינע.

דאָס אַלץ האָב איך געהערט און געוואוסט אין אַמעריקע. כ׳האָב אָבער ניט געוואוסט, אַז כ׳האָב ווען־עס־איז געשריבן מוזיק צו אַן אָפּערעטע „יאַנקעלע", און אַז מען שרייבט מיר צו צווישן מיינע גייסטיקע קינדער (פּיעסעס) נאָך אַ קינד, פון וועלכן איך פיל מיך אומשולדיק. אָבער איך בין צופרידן: ערשטנס, ווייל עס קומט פון מאַלי פּיקאָן און יאַנקל קאַליך, און צווייטנס, אַז עס איז אין לאָדזש, אין דער שטאָט, וואו איך האָב אַזוי פיל געהאָפּט און געשטרעבט, און די לאָדזשער, וועלכע האָבן אויף מיין מוזיקאַלישן טאַלאַנט אַזוי פיל געוויכט געלייגט, זאָלן אויך הערן און מיטזינגען אַ פּאָר פון מיינע ניגונים.

אָבער איך האָב זיך אַלץ ניט געקאָנט בארואיקן און געהאַלטן אין איין נאָכטראַכטן: „ווען האָב איך געשריבן מוזיק צו אַן אָפּערעטע „יאַנקעלע"? אַזוי טראַכטנדיק, האָב איך באַמערקט ווי פון עלעוועיטאָר גייט אַרויס יאַנקל קאַליך, אין אַ מאַנטל מיט אַ פוטערנעם קאָלנער, מיטן אויסזען פון אַ חסיד׳יש רבי׳לע, און נאָך אים גייט נאָך אַ מיידעלע מיט אַ רויט מאַנטעלע, מיט צוויי גרויסע, אידישע אויגן. איך דערקען אין איר, אַז דאָס איז מאַלי פּיקאָן. מיר כאַפּן זיך אַרום, עס ווערט אַ פרייד, מיר זיינען זיך מחיה מיט דער באַגעגעניש... יאַנקל קאַליך זאָגט מיר, אַז ער האָט מיך דערוואַרט, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז איך געפין זיך ערגעץ אין אייראָפּע. אַזוי רעדנדיק, פרעגנדיק, ענטפערנדיק, געפין איך אויס, אַז דער גאַליציאַנער יאַנקל קאַליך רעדט אַ גוטן ענגליש און די אַמעריקאַנער געבוירענע מאַלי פּיקאָן רעדט אַ געשמאַקן, קיילעכדיקן אידיש...

# איך זע צום ערשטן מאָל שפּילן מאַלי פּיקאָן

איך האָב מיך קוים דערוואַרט צו זען די פאָרשטעלונג „יאַנקעלע”. מיין נייגעריקייט איז געשטיגן מיט יעדער מינוט. ערשטנס, ווייל איך האָב טאַקע געוואָלט זען מאַלי פּיקאָן, מיט וועלכער עס האָט דעמאָלט געקלונגען אייראָפּע, און טאַקע אויך הערן „מיינע” אָפּערעטע, וועלכע איך האָב קיינמאָל ניט געשריבן.

מען האָט שוין געוואוסט, אַז איך געפין זיך אין לאָדזש, ווייל ווען איך בין צוגעקומען צום טעאַטער, האָבן שוין אויף מיר געוואַרט זינגערס, זינגערלעך, אַקטיאָרן, מיטגלידער פון געזאַנג־פאַראיין „הזמיר” און אַזוי באַקאַנטע. איך האָב זיך געפילט אַזוי ווי איך וואָלט לאָדזש גאָר קיינמאָל ניט פאַרלאָזט, עפּעס אַזוי ווי נעכטן וואָלט עס אַלץ פּאַסירט, און די גאַנצע צוואַנציק יאָר, וואָס איך האָב אויסגעפעלט פון לאָדזש, זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן אין איין האַלבער שעה.

ווען דער אָרקעסטער האָט גענומען שפּילן דעם פאָרשפּיל צו דער אָפּערעטע „יאַנקעלע”, די אָוּוערטיורע, האָב איך גלייך דערהערט טענער פון מיינע אָפּערעטעס; און זינט דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן ביז צום שלום האָב איך געהערט מוזיק, וואָס איך האָב געשאַפן פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר. איך האָב געהערט מוזיק פון „צעבראָכענעם פידעלע”, „מזל־טוב”, „דעם רבי׳נס ניגון”, „די חזנ׳טע”, און נאָך, און נאָך פון מיינע אָפּערעטעס. דאָס טעאַטער האָט געהילכט פון געלעכטער און פון די אַפּלאָדיסמענטן נאָך יעדן נומער מוזיק. און מערקווירדיק — כאָטש די מוזיק האָב איך געשריבן צו פאַרשידענע אָפּערעטעס, דאָך האָט יאַנקל קאַליך אַזוי קלוג און פאַכמעניש אַלץ צוגעפּאַסט, אַז אויסער מיר האָט במעט קיינער ניט געקענט דערקענען, אַז די מוזיק געהערט צו אַנדערע פּיעסעס.

שוין ביים ערשטן אויפטריט פון דעם אינגעלע, יאַנקעלע (מאַלי פּיקאָן), האָט קאָליך געגומען דעם אויפטריט פון „שאַי־קעניו" אין „דעם רבי׳נס ניגון", וואו ס׳ווערט געזונגען: „אונזער רעבעניו, רעבעניו, רעבעניו", און האָט אין „יאַנקעלע" געזונגען מיט דער זעלבער מעלאָדיע, נאָר מיט די ווערטער: „אָט גייט יאַנ־קעלע, יאַנקעלע, יאַנקעלע" אאז״וו. און דאָס פּאָפּולערע ליד „משיח איז געקומען", וועלכעס איך האָב געשריבן אָריגינעל צו דער אָפּערעטע „מזל־טוב", איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער איבער גאַנץ אייראָפּע, אַז נאָכן שפּילן האָט דער בעלגישער קאָנסול וואַנדערקוק געזונגען פאַר מיר „משיח איז געקומען", און ניט בלויז די מעלאָדיע, נאָר טאַקע מיט די אידישע ווערטער פון אָנפאַנג ביזן סוף. וואָס אָנבאַלאַנגט מאַלי פּיקאָנס שפּילן, האָב איך בלויז איין מאָל אין מיין לעבן געזען אַזאַ נאָענטקייט פון דער בינע מיטן פּובליקום. דאָס איז געווען ביים גענישלן זיג־מונד מאָגולעסקאָ. מאַלי פּיקאָן איז איינפאַך אַריינגעקראָכן אין הארצן און נשמה פון פּובליקום. עס איז געווען פיל מער ווי אַ פּובליקום באַציט זיך צו אַ גרויסער אַקטריסע; עס איז געווען אַ געפיל, וואָס טאַטע־מאַמע פילן צו זייערס אַ געראָטן קינד. עס איז אונזער מאַלי, אונזער מיידעלע. יעדעס וואָרט, יעדער קער, יעדע באַוועגונג איז געפאַלן ווי אַן עלעקטרישע באָמבע; דאָס גאַנצע טעאַטער האָט געקנאַלט און געקראַכט פון געלעכטער. און מערקווירדיק, אַז כאָטש זי איז געווען אַזוי נאָענט מיטן פּובליקום, איז איר אַרט שפּילן געווען אַ נאַטירלע־כער, ווייט פון פּובליקום. זי האָט ניט גערעדט צום עולם און ניט אַראָפּגעקוקט צו אים, אַזוי ווי דאָס פּובליקום וואָלט פאַר איר ניט עקזיסטירט. און טאַקע אין דעם האָט זיך אויך אויס־געצייכנט זיגמונד מאָגולעסקאָ.

צום שלום פון ערשטן אַקט האָט יאַנקל קאָליך אַריינגע־שטעלט מיינעם אַ נומער פונם „צעבראָכענעם פידעלע". דאָרט האָט מאַלי פּיקאָן געהאַט אַ געלעגנהייט נאָכצומאַכן יעדן אינ־

סטרומענט פון אָרקעסטער, און צום שלום פון נומער צו דיריגירן דעם אָרקעסטער. און זי האָט עס געמאַכט ניט בלויז מיט טאַלאַנט, נאָר אויך מיט „פינעס". וואָס איך האָב דעמאָלט באַוואונדערט, איז געווען מאָלים שפּילן. כאָטש נאָך אַזוי יונג, האָט זי שוין פאַרמאָגט אַ וואונדערבאַרע בינע־טעכניק, דערפּאַרנקייט און ראַפינירטקייט, און דער אַמעריקאַנער שוואונג און אייראָפּעאישע ראַפינירטקייט האָבן צוזאַמענגעשמאָלצן אַ מאָלי פּיקאָן. די גאַנצע צייט, וואָס מען האָט געשפּילט דעם ערשטן אַקט, האָט איזידאָר עדלשטיין, דער זון פונם מענעדזשער יאָסל עדלשטיין, קיין וואָרט ניט גערעדט, אָבער ווען דער פאָרהאַנג איז געפאַלן, האָט ער זיך אָנגערופן: „פאַרוואָס זיינען מיר ניט געפאָרן גלייך קיין לאָדזש, וואָלטן מיר דאָך פאַרשפּאָרט צו מאַכן אַ קאָנטראַקט מיט איינער, וועלכע מיר קענען גאָרניט?" האָב איך אים געענטפערט: „וואַרט, אויב דיך פאַרדריסט איצט, וועט דיך נאָך דער פאָרשטעלונג נאָך מער פאַרדריסן"... און איך האָב אים דערציילט די מעשה מיט די אַמעריקאַנער קאַלאָשן:

— נאָך אַלס קינד האָב איך געהערט רעדן וועגן אַמעריקאַנער קאַלאָשן. איך געדענק, ווי מיין ברודער איציק פלעגט שטיין גלייך און אַריינשטעקן די פיס אָן מאַטערניש, אָן זיך צו געבן די מינדסטע באַוועגונג, אין אַ פּאָר אַמעריקאַנער קאַלאָשן. און ער פלעגט זאָגן: „אַמעריטשקע גנב, ס'איז אַ מחיה, ס'איז לייכט". און מיין טאַטע פלעגט זאָגן: „וואָס איז דער וואונדער? ס'זיינען דאָך אַמעריקאַנער קאַלאָשן!" דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך גענומען טראָגן קאַלאָשן ווען איך בין שוין געווען אַ דיריזשאָר אין לאָדזשער „הזמיר". ס'איז געווען אַ נאַסער, שנייענדיקער טאָג, ווען איך בין אַריין טאַקע אויף פּיעטריקאָווער גאַס און זיך געהייסן געבן אַ פּאָר אַמעריקאַנער קאַלאָשן. און עס איז געווען אַ מחיה; איך האָב געפילט טעם גן־עדן. שפּעטער, ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע און

ס׳איז אַרויסגעפֿאַלן דער ערשטער שניי, בין איך גלייך געלאָפֿן קויפֿן אַמעריקאַנער קאַלאָשן. ס׳איז מיר אויסגעקומען ווי איך וואָלט געשטאַנען ביי אַ טייך און געבעטן אַ טרונק וואַסער... און איך האָב פֿאַרלאַנגט אַ פּאָר קאַלאָשן. דער פֿאַרקויפֿער האָט מיך געהייסן זעצן. איך האָב זיך ניט געזעצט, געשטאַנען גלייך און געוואַרט אויף די אַמעריקאַנער קאַלאָשן. דאָ האָט ער מיר צוגעטראָגן אַ פּאָר ווייכע שמאַטעס און מיר געזאָגט: „סיט דאַון" (זעץ זיך). איך האָב זיך אַוועקגעזעצט, און ער האָט געשטופּט און געמאַטערט זיך, און איך האָב אים געהאָלפֿן. ביז די פּאָר ווייכע שמאַטעס, וועלכע מען רופֿט קאַלאָשן, זיינען מיר אַרויף אויף מיינע נאַסע שיך, זיינען מיר ביידע געווען מיד און פֿאַרשוויצט. אַזוי מאַטער איך זיך די גאַנצע צייט, וואָס איך בין אין אַמעריקע, ווען איך באַדאַרף אָנטאָן אַ פּאָר קאַלאָשן, און כ׳בענק די גאַנצע צייט, וואָס כ׳בין אין אַמעריקע, נאָך אַ פּאָר אַמעריקאַנער קאַלאָשן... אַלזאָ, ניט נאָר דאַרף מען פֿאָרן פֿון אַמעריקע קיין לאָדזש צו קויפֿן אַמעריקאַנער קאַלאָשן, נאָר אַן אַמעריקאַנער אַקטריסע פֿאַר דער אַמעריקאַנער בינע דאַרף מען אויך ברענגען פֿון לאָדזש.

די גאַנצע צייט פֿון דער פֿאָרשטעלונג „יאַנקעלע" האָט זיך געפֿילט אַ פֿרישקייט. עס האָט געשפּרודלט מיט טאַלאַנט און קינדערשער נאַאיוויטעט פֿון מאַלים „יאַנקעלע" און אויך פֿון יאַנקל קאַליכס שפּילן דעם אידישן סאָלדאַטיק, דער אייביקער אידישער אורח אין מעשענע קנעפּ, וועלכן דער טאַטע ברענגט אַלע יום־טובים פֿון שול. דאָס אינגעלע איז אים מקנא מיט די מעשענע קנעפּ און דאָס טעכטערל לאָזט אַרונטער שעמעוו־דיק די אויגן און צו דער זעלבער צייט כאַפּט זי אַ שטאַרקן קוק אויפֿן סאָלדאַט, אויף וועלכן די מאַמע האָט רחמנות, וואָס ער דאַרף, נעבעך, זיצן יום־טוב ביי אַ פֿרעמדן טיש... און דער טאַטע, צורוקנדיק אים דעם טעלער נענטער, פֿרעגט אים מעשה־קענער: „וואָס הערט זיך עפּעס מיט די יאַפּאַנטשיקעס?" און

„וואָס זאָגן די טערקן?״, און ער זאָגט מיט זיכערקייט: „אוי, וועלן זיי ביידע כאַפּן אַ באַגראָבן!״

ווען די געלונגענע, פיינע פאָרשטעלונג פון „יאַנקעלע״ האָט זיך געענדיקט, זיינען מיר אַלע אַוועק אין רעסטאָראַן פון „גראַנד האָטעל״, וואו מען האָט זיך גוט אַמוזירט. עס האָט זיך דאָרט פאַרזאַמלט כמעט די גאַנצע קאָמפּאַניע, און דער בעלגישער קאָנסול האָט געהאַלטן אין איין זינגען „משיח איז געקומען״.

אַזוי ווי עס איז געווען אַ קורצע צייט נאָך דער וועלט־מלחמה, בין איך געגאַנגען אין וועט, אַז וויפיל אַלע זאָלן ניט עסן און טרינקען, וועט דער חשבון ניט דערגרייכן קיין צען דאָ־לאַר. האָט זיך יאַנקל קאַליך מיט מיר געוועט, אַז ס'קען אַפילו ניט דערגרייכן קיין זעקס דאָלאַר. אַזוי ווי איך האָב געוואָלט גע־ווינען דעם געוועט, האָב איך געשריגן צו דער חברה: „עסט, טרינקט, נעמט נאָך!״. אָבער עס האָט מיר גאַרניט געהאָלפן. יאַנקל קאַליך האָט געוואונען — עס האָט ניט דערגרייכט קיין זעקס דאָלאַר.

ווען איך מיט איזידאָר עדלשטיינען זיינען אַריין אין אונ־זער צימער, האָב איך געזאָגט:

— איזידאָר, דו גיי מאָרגן פרי און רעד צו יאַנקל קאַליכן וועגן ברענגען די אַמעריקאַנער־געבוירענע מאַלי פּיקאָן קיין ניו־יאָרק, און איך וועל גיין זוכן אין לאָדזש אַ פּאָר אַמעריקאַנער קאַלאַשן . . .

## „דער אַמעריקאַנער מיליאָנשטשיק"

מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז דער דיריזשאָר פון לאָ-דזשער טעמפל, וואָס מען פלעגט רופט „די דייטשע שול", איז געווען אין טעאַטער ביי דער פאָרשטעלונג „יאַנקעלע" ספּעציעל כדי מיך צו זען, נאָר ער האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן צוליבן געדראַנג, איז ער אַוועק און לאָזט מיך גריסן. עס האָט מיך זייער פאַרדראָסן, ווייל ער איז געווען דיריזשאָר ביים חזן קאָהן אין ווילנע ווען איך האָב געזונגען אַלט. איך געדענק, אַז ווען איך בין געווען אַ אינגל פון אַ יאָר 8, האָט ער מיט מיר איינ-שטודירט אַ סאָלאָ פון „השכיבנו" — „כי אל שומרנו". איך האָב באַשלאָסן, אַז איך מוז גיין אין טעמפּל אויפזוכן דעם דירי-זשאָר דאַרגוזשאַנסקי. דעם גאַנצן וועג צום טעמפל האָב איך געזען פאַר זיך דאָס בילד ווי דאַרגוזשאַנסקי האָט מיט מיר איינ-געזונגען די סאָלאָ „כי אל שומרנו", און מיין טאַטע איז געזעסן פונדערוויטנס און געקוואָלן.

דער סופּער-אינטענדענט פון טעמפל האָט מיר דערקלערט, אַז די רעפּעטיציע וועט פאָרקומען ערשט 7 אַזייגער פאַרנאַכט, און איצט זינגט דאַרגוזשאַנסקי מיט אַ אינגעלע. איך בין אַריין אין אַ זייטיק צימער און געזען פאַר זיך אַ שוואַרץ אינ-געלע, כמעט אַ קליין „יאַשקעלע", און דער זעלבער דאַרגוזשאַנ-סקי, נאָר אַ ביסל דיקער, שטודירט די זעלבע סאָלאָ, דעם זעלבן „כי אל שומרנו", און ווי שוין געזאָגט, כמעט מיט דעם זעלבן אינגעלע, נאָר מיין טאַטע פעלט. דאַרגוזשאַנסקי האָט מיך גלייך דערקענט, ווייל ער האָט מיך געהאַט געזען מיט אַ טאָג פריער אין טעאַטער פונדערוויטנס. זיין פרייד איז געווען אוי-סערגעוויינלעך. ער האָט דאָס אינגעלע געוואָלט אַוועקשיקן, אָבער איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל מיטן אינגעלע נאָך אַ ביסל זינגען. און ווען דאָס שוואַרצע אינגעלע מיט די ברע-

נענדיקע אידישע אייגעלעך האָט זיך געריסן אויף זיין דין, קלינגענדיק שטימעלע „כי אל שומרנו״, האָב איך געפילט, אַז דאָס בין איך אויפן אינגעלעס פלאַץ, ווייל די ענלעכקייט פון דיריזשאָר דאַרגוזשאַנסקי פון פריער ביז איצט האָט מיך גע־מאַכט גלייבן און פילן אין דער אַמאָליקער צייט. איך האָב באַוואונדערט די ערנסטקייט, זיין געדולד יאָר־איין, יאָר־אויס, אַ גאַנץ לעבן צו זינגען די זעלבע קאָמפּאָזיציעס. און עס איז מיר געקומען אויפן געדאַנק וויפיל ניגונים, אָפּערעטעס, ראָ־מאַנסן, לידער איך האָב שוין דורך דער צייט געשריבן, — און דאָ זיצט פאַר מיר דער זעלבער דאַרגוזשאַנסקי, מיט דער זעל־בער ערנסטקייט, מיט די זעלבע קאָמפּאָזיציעס, נאָר אַן אַנדער שוואַרץ אינגעלע.

ער האָט מיר שפּעטער דערקלערט זיין ביטערע לאַגע, אי־בערהויפּט די איבערקערעניש, די אָרעמקייט, וואָס די וועלט־מלחמה האָט איבערגעלאָזט, און ווי שווער עס איז איצט דאָס לעבן. דער טעמפּל איז פאַראָרעמט, מען צאָלט זייער זעלטן. איך האָב געדענקט דאַרגוזשאַנסקין נאָך פון פריער און, וויסנדיק, אַז ער איז אַ מענטש מיט ווירדע, מיט אַריסטאָקראַטישער האַל־טונג, און פאַרשטייענדיק, אַז אויב ער רעדט אַזוי, איז אים מסתמא זייער ביטער, בין איך געבליבן טיף דערשיטערט. דאַרגוזשאַנסקי האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך אַהיים אויף אַ מאָלצייט, און איך האָב דאָרט געטראָפן זיין פרוי, אַ פיין־דער־צויגענע דאַמע, און אַ טעכטערל פון אַ יאָר 12, אויף וועלכער די איידלקייט איז געווען אויסגעגאָסן. אויפן מעבל אין הויז און אויף זייערע קליידער איז געלעגן דער „אַמאָל״; אַמאָל איז געווען שיין און רייך. איך האָב דערקענט, אַז דער מאָלצייט, וואָס מען האָט פאַר מיר געמאַכט, איז געווען אַ גרויסע אָנ־שטרענגונג, און זיי אַליין האָבן שוין לאַנג אַזאַ מאָלצייט ניט געגעסן.

ביים געזעגענען זיך האָב איך אים דערלאַנגט 5 אַמעריקאַ־

נער 10־דאָלאַר־בילס (אַסיגנאַציעס). איך געדענק ניט, וואָס פאַר אַ ווירקונג עס האָט אויף אים געמאַכט, ווייל איך בין שנעל אַוועק, נאָר ווי יאַנקל קאַליך האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבן, איז דער מענטש דעמאָלט פאַר פרייד שיער פון זינען ניט אַראָפּ. לויט די דעמאָלטיקע וואַליוטע־פאַרהעלטענישן איז 50 דאָלאַר טאַקע געווען אַ גרויסע סומע. און נאָך ביז היינט קיבעצט מיך יאַנקל קאַליך, אַז איך האָב דעם דאַרגוזשאַנסקין דעמאָלט שיער ניט דער׳הרג׳עט מיט די 50 דאָלאַר. אָבער אַזוי שנעל ווי מען האָט זיך דערוואוסט, אַז איך גיב געלט, האָט מען זיך גענומען צו מיר, און איך בין איינפאַך מיד געוואָרן, ניט אַזוי פון געבן געלט, נאָר פון דעם טאַראַראַם. מען האָט מיר געלאָזט וויסן פון האָטעל, אַז אָדער איך צי מיך אַרויס, אָדער מ׳וועט געבן אַן אָרדער ניט צוצולאָזן צו מיר. האָב איך דערקלערט דער מענעדזשמענט פון האָטעל, אַז אַזוי ווי איך דאַרף זיין נאָך בלויז צוויי טעג אין לאָדזש, פון וועלכע איין טאָג גיי איך אַרום זוכן און זען מיינע אַלטע באַקאַנטע, וועלכע איך האָב שוין אַזוי פיל יאָרן ניט געזען, טאָ וואָס אַרט עס זיי, אַז אינם לעצטן טאָג וועלן בלייבן אין לאָדזש אַ ביסל אַמעריקאַנער דאָלאַרן? איז עס זיי געפעלן געוואָרן.

איך האָב באַזוכט דעם חזן פון טעמפּל, קאַנטאָר באַי. זיינע צוויי זין געפינען זיך איצט אין אַמעריקע. איינער איז עמאַנועל בעי, דער פּיאַניסט און אַקאָמפּאַניסט פון יאַשאַ חפיץ, און וויק־טאָר בעי, דער דירידזשאָר פון „נ. ב. ס.״ (ניו יאָרק בראָדקעס־טינג סטעישאָן). איך האָב באַזוכט דאָקטאָר פאַלק, דעם אַמאָ־ליקן דאָן־זשואַן, דעם גרויסן פּיאַניסט און מוזיקער, דעם קאַוואַ־ליער און לעב־מענטש. איך האָב אים איצט געפונען אַ רואיקן, געזעצטן, איבערגעגעבענעם פאַמיליע־מאַן. זיין געזעצטקייט און רואיקייט האָבן מיך דענערווירט און איך בין שנעל אַוועק, ווייל איך האָב געבענקט נאָך דאָקטאָר פאַלק פון אַמאָל, נאָך דעם דאָן־זשואַן, דעם פייערדיקן קאַוואַליער און דעם ברויזנדיקן

מוזיקער. איך האָב מיך געלאָזט גיין אהין, וואו די חסיד׳ישע יונגעלייט זיצן און לערנען. איך בין געווען אין אַ פּאָר בתי־מדרשים בייטאָג, ווען עס איז ניט די צייט פון דאַווענען, נאָר פון לערנען. אייניקע האָבן דערקענט אין מיין קליידונג, איבער־הויפּט אין די שיך, אַז איך בין אַן אַמעריקאַנער. איך האָב גע־זען פאַר זיך אַ וועלט, וועלכע איך האָב מקנא געווען. כאָטש זיי זיינען געווען שרעקלעך אָרעם, אָבער זייער האָפענונג, זייער זיין אויסגעטאָן פון דער גשמיות׳דיקער וועלט און זייער צופרידנ־קייט, שמחים בחלקם׳דיקייט האָט זיי געמאַכט פאַר גליקלעכע מענטשן. און ווען אַפילו איינער פון זיי האָט געגעבן אָנצו־הערן, אַז ער איז געדריקט מאַטעריעל, האָט ער עס אַרויסגע־רעדט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, און זיין אָננעמען אַ מטבע אָדער אַסיגנאַציע איז געווען מיט אַזאַ עניוות׳דיקייט, אַז איך, דער געבער, האָב מיך מער פאַרשעמט פון זיי. זיי האָבן מיר אָנ־געוויזן אויף איינעם, נאָך גאָר אַ יונגנמאַן, אַן „עילוי״, און, רעדנדיק פון אים, האָבן זיי אים פאַרגעשטעלט פאַר אַזאַ הייליקן און גרויסן תלמוד׳יסט, אַז זיי זיינען געווען קעגן אים עם־הארצים. זיי האָבן מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל צו אים ניט רעדן פון געלט. פון געבן געלט איז אָפּגערעדט, ווייל צורת מטבע איז ביי אים טריף. ווען איך בין צו אים צוגעגאַנגען, איז ער געזעסן אין אַ ווינקעלע, מיט דער רעכטער האַנט אָנגע־שפּאַרט אויף זיין גרויסן, שניי־ווייסן שטערן, די דאַרע, לאַנגע פינגער פון דער רעכטער האַנט זיינען געווען צעשפּרייט אַזוי, אַז מען האָט זיין פּנים ניט אַרויסגעזען, נאָר בלאָנדע האָר זיינען אַרויסגעקראָכן פון דער יאַרמולקע, און איבער דער יאַרמולקע האָט ער געטראָגן אַ היטל. געגאַנגען מיט מיר איז אַן עלטע־רער איד, וועלכער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט שוין זען, אַז דער עילוי זאָל מיט מיר אַ ביסל רעדן. דער איד האָט זיך צו אים אָנגערופן: „נתן, אַ איד פון ווייטע מקומות וויל דיך זען!״ נתן האָט צוגענומען זיין האַנט פון שטערן, און איך האָב דער־

זען אַ הייליק פּנים, בלאָנדע האָר מיט בלויע, פאַר׳חלומ׳טע אויגן. איך האָב תיכּף באַמערקט, אַז זיין ריינע נשמה לאָזט אַפילו ניט צו קיין שמוץ צו זיך, ווייל זיינע הענט און פּנים האָבן געשיינט מיט אַ קלאָרער ווייסקייט.

ער האָט מיר אויסגעשטרעקט זיין שניי־ווייסע האַנט און געזאָגט מיט ווירדע: „שלום עליכם". איך האָב אים געענט־פערט. אַ ווייל שפּעטער האָב איך אים געפרעגט, צי ער האָט ליב נגינה. האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ קינדעריש שמיי־כעלע: „נגינה האָב איך ליב ווען איך בין מיט זיך אַליין און זינג מיר פאַר זיך אַליין. נגינה... נגינה מאַכט קלאָר די געדאַנקען". האָב איך מיר געטראַכט: „ע, ברודער, האָסט ניט געהערט אַ פּאָר פון די פּעפּערדיקע קופּלעטן... עס וואָלטן שוין דיינע געדאַנקען ניט געווען אַזוי ריין און קלאָר". איך האָב אים געפרעגט, צי ער וואָלט געוואָלט זען אַמעריקע, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ און צו דער זעלבער צייט אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט זאָגן: „ס׳איז ניט פאַר מיר". ער האָט אויף אַלץ געענטפערט קלוג, חכמה׳דיק און קורץ. ביי אַ פראַגע, וואָס איז אים ניט געפעלן, האָט ער גע־געבן אַ שמייכל און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ביים אוועקגיין האָב איך אים דערלאַנגט מיין האַנט, האָט ער מיך געהייסן עפע־נען די האַנט, און טאַקע אַזוי ווי ער וואָלט געטראָפן. איך האָב, טראָץ אַלע אָנזאָגעכצן, געהאַלטן אין האַנט אַ פּאָר אַסיגנאַ־ציעס. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין", און ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז איך האָב גאָרניט אין מיין האַנט, האָט ער מיר דערלאַנגט זיין האַנט און מיר האָבן זיך געזעגנט.

איך האָב דעם עלטערן אידן געפרעגט, צי נתן באַדאַרף עפּעס, וועל איך אים איבערלאָזן, וועט ער דאָס אים געבן אָדער קויפן עפּעס פאַר אים. האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער באַדאַרף גאָרניט, ווייל ער עסט און שלאָפט אין בית־המדרש. ער האָט ליב יעדן פרימאָרגן אַ ריין העמד, יעדן פרייטאָג גיין אין מרחץ.

זיין גאַנץ עסן באַשטייט פון מילך מיט קרעקערס אָדער מיט אַ דאַר שטיקל ברויט. דאָס פאַרזאָרגט מען אים שוין. ער שלאָפט בלויז פון איינס ביז פינף פאַרטאָג. ער זיצט „על התורה ועל העבודה".

ווען איך בין געקומען אין האָטעל און דערזען דעם טומל, וואָס די פופציק דאָלאַר, וואָס איך האָב געגעבן דעם דיריזשאָר דאַרגוזשאַנסקי, האָבן אָנגעמאַכט, ווי אַזוי מען שטופּט זיך און מען וואַרט אויפן אַמעריקאַנער מיליאָנשטשיק, דאָס הייסט אויף מיר, האָב איך גענומען פאַרגלייכן די צוויי וועלטן. דאַכט זיך, אַ פּאָר גאַסן, אָבער ווי ווייט זיי זיינען איינע פון די אַנדערע, און וואָס פאַר אַן אונטערשיד עס איז פון גשמיות ביז רוחניות...

# אַ באַזוך ביי אסתר רחל קאַמינסקין

נאָכדעם ווי מיר האָבן געזען שפּילן מאָלי פּיקאָן, האָט אונז זייער פאַרדראָסן, וואָס מיר האָבן געמאַכט אַ קאָנטראַקט מיט דער אידיש־דייטש־פּוילישער אַקטריסע סעינט קלער, אָבער ווי איזידאָר עדלשטיין, וועלכער איז אַליין אַן אַדוואָקאַט, האָט מיר דערקלערט, איז דער קאָנטראַקט אונטערגעשריבן געוואָרן ביים קאָנסול, און עס קאָן קיין רייד ניט זיין וועגן ענדערן אים. דערצו האָט מיר יאַנקל קאַליך געזאָגט, אַז ער האָט נאָר־וואָס געמאַכט נייע קאָנטראַקטן אין פאַרשידענע מדינות אין אייראָפּע, און זיי זיינען נאָך ניט פאַרטיק צו פאַרלאָזן אייראָפּע. עס איז אָבער ביי אונז באַשלאָסן געוואָרן, כמעט ווי אַ „דזשענטל־מען אַגרימענט", אַז ווען מאָלי פּיקאָן און יאַנקל קאַליך וועלן קומען קיין אַמעריקע, וועלן זיי זיין פאַרבונדן מיט מיר.

אויפן וועג פון לאָדזש קיין וואַרשע האָב איך געהערט אידן אַ סך רעדן וועגן דעם דערפאָלג, וואָס „דער דיבוק" האָט געמאַכט אין וואַרשע. איך האָב געהערט אונטערברומען ניגונים פון „דיבוק", און אַ יונגערמאַן האָט דערציילט, אַז „דער דיבוק" איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער אין וואַרשע, אַז ווען דער טראַמוואַי (קאַר) פאָרט פאַרביי דעם טעאַטער, שרייט דער פּוילישער קאָנ־דוקטאָר אויס: „דאָ דיבוקאַ!" (צום דיבוק!).

איך בין אָנגעקומען קיין וואַרשע זעקס אַזייגער פאַרנאַכט, פאַרפאָרן אין האָטעל, זיך אָרומגעוואַשן, עפּעס צוגעביסן, און גענומען אַ דראָזשקע, באַפעלנדיק דעם פורמאַן צו פירן מיך „דאָ דיבוקאַ".

עס האָט ניט לאַנג גענומען, און כ'בין שוין געווען ביים טעאַטער, וואו כ'האָב געזען גרויסע פּאָסטערס „דער דיבוק".

עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, וואָס איך האָב געקויפט אַ בילעט אין אַ אידיש טעאַטער. דאָס איז געווען

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן צו פאַרזוכן דעם טעם, און דער טעם איז פאַר מיר געווען זייער אַן אָנגענעמער.

די קאַסירשע האָט מיר דערקלערט, אַז היינט איז פרייטאָג, די ערשטע נאַכט שבועות, און מען שפּילט ניט. מען שפּילט מאָרגן, שבת, צוויי מאָל, בייטאָג און ביינאַכט. איך האָב מיר געהייסן געבן צוויי בילעטן.


אסתר רחל קאַמינסקי

איך האָב גלייכצייטיק גע־פרעגט אויף אסתר רחל קאַ־מינסקים אַדרעס; זי האָט זי מיר אויפגעשריבן, און איך מיט איזידאָר עדלשטיינען זיינען געפאָרן זען אסתר רחל קאַמינסקי.

איך האָב בי: דעמאָלט געקענט אסתר רחל קאַמינ־סקי אין צוויי פּעריאָדן: ערשטנס, ווען זי איז נאָך געווען אַ פּרימאַדאָנע און האָט געשפּילט „שולמית", „אסתר" אין „אסתר און אחשורוש" און „שרה" אין „עקדת יצחק", און צווייטנס, ווען זי האָט געמאַכט אַ רושם איבער גאַנץ רוסלאַנד און פּוילן מיט איר שפּילן יעקב גאָרדינס פּיעסעס „די שחיטה", „די שבועה", „כאַסיע די יתומה", „מי־רעלע אפרת", „קרייצער סאָנאַטאַ" און איבסענס „נאָראַ". די צוויי פּעריאָדן זיינען געשטאַנען פאַר מיינע אויגן, ווען איך בין געפאָרן מיט איזידאָר עדלשטיין זען אסתר רחל קאַמינסקי. און ווען איך בין אין ווייניקער ווי אַ האַלבע שעה געווען ביי איר אין הויז, האָב איך געזען אסתר רחל קאַמינסקי אין אַ גאַנץ

אַנדער ראָלע. אָנשטאָט וואָס אין די פריערדיקע צוויי פּעריאָדן בין איך געוואוינט געווען צו הערן אסתר רחל'ען רעדן און שטור־רעמען פון אירע סוקסעסן, קריטיקער, פּאַטריאָטן, — האָב איך פאַר זיך געזען אַ פרוי, אַ אידענע, וועלכע רעדט בלויז פון איר טאָכטערס איידעמס גרויסקייט און דערציילט איבער די חכמה'לעך פון איר אייניקל. עס איז מיר ניט אָנגענעם געווען דאָס צו הערן. איר אַמאָליקער חן און פייער האָבן זיך דאָ און דאָרט באַוויזן, אָבער אַלץ, ווען זי האָט גערעדט וועגן איר טאָכטערס און איידעמס גרויסקייט. איך האָב געפרעגט מאַדאַם קאַמינסקי:

— און וואָס עפּעס וועגן אייך אַליין? פאַרוואָס רעדט איר גאָרניט וועגן אייער שפּילן, פון אייערע סוקסעסן, פון אייער גרויסן טאַלאַנט? איר זענט נאָך ניט קיין זייער אַלטע פרוי, און איבערהויפּט זיינען נישטאָ קיין אַלטע קינסטלער, עס זיינען פאַראַן גוטע און שלעכטע, און איר זענט דאָך ניט נאָר פון אונ־זערע גוטע, נאָר פון אונזערע גרויסע!

איך האָב געפילט ווי מיין רעדן ווירקט אויף איר. זי האָט זיך אַרויסגערוקט פון דער שטול, אויף וועלכער זי איז ביז איצט געזעסן איינגעבויגן, און האָט זיך אויסגעגלייכט. איך האָב איר דערמאָנט, ווי זי האָט מיך, אַלס אינגל פון 17 יאָר, געבראַכט פון יעקאַטערינאָסלאַוו קיין לאָדזש, און מיר האָבן דעמאָלט אויפגעפירט אָפּערעטעס און זי האָט געזונגען און גע־שפּילט די פּרימאַדאָנע־ראָלעס... מיר האָבן צוזאַמען געזונגען דעם דועט פון אסתר'ן און מרדכי'ן, פון שרה'ן און אברהמ'ען, דעם דועט פון שולמית און אבשלומ'ען... איך האָב איר דער־מאָנט ווי מיר פלעגן צוזאַמען גיין אָפט אין לאָדזשער דייטשן און פּוילישן טעאַטערס, אָן איר בייפאַל אין אַמעריקע... ווי די קריטיק האָט איר געזונגען לויב־געזאַנגען, ספּעציעל די קריטיק אין „פאָרווערטס" פון אייב קאַהאַן.

איר שוועסטער, רבקה, וועלכע איז געווען יאָרן־לאַנג צו

איר מער מאַמע ווי שוועסטער, איז געשטאַנען פונדערווייטנס, און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן... וויינענדיק האָט זי געזאָגט:

— טייערער רומשינסקי! דו האָסט דאָך מיר אַראָפּגענומען אַ שטיין פון מיין האַרצן. זיי — ווייזנדיק אויף דער טאָכטער — האָבן איר איינגערעדט מאָדערנע־שמאָדערנע, קונץ־שמונץ, אַז די אַלטע פּיעסעס טויגן ניט און דער אַלטער סאָרט שפּילן טעאַטער טויג אויך ניט... און זי, מיין אסתר רחל, מיין שטאָלץ, מיין גאַנצע האָפענונג, האָט זיך אָוועקגעזעצט און הערט זיך צו צו זייערע רייד... זינט איר מאַן אברהם־יצחק איז געשטאָרבן איז געוואָרן אַ תל פון איר, אָבער אַלץ זיי, די אייגענע, די יונגע... אַז ניט אויפגעוואַקסן וואָלטן זיי געוואָרן!...

אסתר רחל קאַמינסקי האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף און אויסגעשריגן מיט די טענער און שטאָלץ פון „מירעלע אפרת":

— רבקה, שווייג!

איך האָב באַמערקט:

— מאַדאַם קאַמינסקי, זי האָט דאָך, נעבעך, רעכט... איר האָט דאָך איצט געגעבן אַ געשריי אויף אַ פּאָר טייערע טע־נער פון „מירעלע אפרת"...

אסתר רחל האָט געגעבן אַ שמייכל. מיר האָבן זיך ווי־דער דערמאָנט פון אַמאָל און געזונגען דעם דועט פון „רבי יאָזעלמאַן". איך האָב באַשטעלט ביי רבקה'ן, זי זאָל פאַר זונ־טאָג קאָכן פיש מיט קליסקעלעך, ווי אַמאָל. ביים געזעגענען זיך, האָב איך רבקה'ן געגעבן 5 אַמעריקאַנער 5־דאָלאַר־בילס, און זי האָט מיר פאַרטרויט, אַז ווען איך האָב באַשטעלט די פיש מיט קליסקעלעך, האָט זי געקלערט פון וואַנען זי וועט עס נעמען... אָבער איצט וועט שוין זיין פיש מיט קליסקעלעך. און זי בעט מיך, אַז איך זאָל קיינעם ניט זאָגן, אַז איך האָב

איר געגעבן געלט, ווייל איך וועל האָבן אַ סך בעלנים. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך בין שוין געוואוינט דערצו.

ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט אסתר רחל קאַמינסקי, האָט זי מיר געזאָגט, אַז עס איז שוין אַ סך יאָרן ווי זי האָט ניט געזונגען.

— איר... דו... האָסט מיך געמאַכט צום זינגען... —

און זי הייבט אָן זינגען מיין ליד פון „שיר השירים": „זינג מיר נאָר פיל, זינג אין דער שטיל"...

האָב איך געענטפערט:

— אסתר רחל, פאַרוואָס אין דער שטיל? איך שעם זיך גאָרניט... זאָלן אַלע וויסן, אַז מיר האָבן זיך אַמאָל שטאַרק ליב געהאַט!

האָט רבקה, מיט פאַרלייגטע הענט, באַמערקט:

— איך בין אַן עדות, אַ לעבעדיקער עדות...

## „דער דיבוק" ביי דער „ווילנער טרופּע"

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן בין איך געגאַנגען אין אַ אידיש טעאַטער, וואו איך האָב ניט געקענט קיינעם פון די אַר־טיסטן און האָב אַפילו זייערע נעמען ניט געהערט. און כאָטש ס'איז שוין אַוועק אַ פערטל יאָרהונדערט זינט איך האָב געזען די פאָרשטעלונג פון „דיבוק", קומט עס מיר איצט פאָר אַזוי ווי עס וואָלט ערשט נעכטן פּאַסירט, אַזוי האָט זיך די דאָזיקע פאָרשטעלונג איינגעקריצט אין מיינע געדאַנקען. יע־דע סצענע, יעדע באַוועגונג, אַלע טענער פון די דעמאָלטיקע אומ־באַקאַנטע שוישפּילער קלינגען מיר נאָך איצט אין די אויערן, און איך זע די גאַנצע פאָרשטעלונג בולט.

איך לייען קיינמאָל ניט קיין פּראָגראַם פאַר דער פאָרשטעַ־לונג, ווי די גרעסטע טייל טעאַטער־באַזוכער טוען. ווען די פאָרשטעלונג גייט אָן זיצט אַ טייל פון פּובליקום און גיט אַוועק די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט שטודירנדיק דאָס פּראָגראַם. איך לייען מיין פּראָגראַם ערשט אינדערהיים. דעמאָלט גייט די גאַנצע פאָרשטעלונג דורך אין מיינע געדאַנקען און איך פיל דעם טעם ווי פון כמעט אַ צווייטער פאָרשטעלונג. אַזוי האָב איך אויך געטאָן דאָס מאָל, כאָטש כ'האָב קיינעם פון די אַקטיאָרן ניט געקענט.

דאָס טעאַטער „עליזעאום", אין וועלכן מ'האָט געשפּילט דעם „דיבוק", איז געווען לאַנג און שמאָל און מיט פּראָסטע בענק, און האָט געמאַכט אַן איינדרוק ווי אַ רוסישע קאַזאַרמע. איך בין געזעסן אויף אַ האַרטער באַנק. ס'איז געוואָרן שטאָק־פינ־סטער. איך האָב דערזען פאַר זיך אַן אַלטן טלית, וואָס איז געווען איינגעוויקעט אין טרערן. אין דער דיקער פינסטערניש האָב איך דערזען אַ לאַנגן חסיד'ישן בחור, מיט אַ ספר און אַ ליכט. ער האָט געקוקט ווייט־ווייט, אַהין, וואו עס ענדיגט זיך

גאָרניט. ווען דער צווייטער פאָרהאַנג איז אויפגעגאַנגען אין בית־המדרש, האָב איך געהערט אָפּגעהאַקטע, צעריסענע טע־נער, אַ ניט־קלאָרן ניגון; טענער, וועלכע קרעכצן; דביקות; טענער, וועלכע ציען זיך שוין פון דור־דורות, לאַנגזאַם, זייער לאַנגזאַם. זיי זינגען פּאַמעלעך און וויגן זיך נערוועז־שנעל.

עס האָט געדויערט אַ היפּש שטיקל צייט, איידער מען האָט אַרויסגערעדט דאָס ערשטע וואָרט. עס איז געווען ווי כמעט אַ גרויסע אָווערטיורע, אָבער אָן אַן אָרקעסטער. און איך מוז צוגעבן, אַז קיין אָרקעסטער אין דער וועלט און קיין קאָמפּאָזיטאָר האָבן ניט געקאָנט מער אַריינברענגען, אַריינפירן אין דער מיס־טישער חסיד'ישער אַטמאָספערע, ווי די באַוועגונגען און די צע־ריסענע טענער פון די אידן... איך זאָג ניט פון די אַקטיאָרן, ניט דערפאַר, ווייל איך האַלט זיי ניט פאַר אַקטיאָרן, נאָר ווייל זיי זיינען געווען מער ווי אַקטיאָרן... כ'האָב ניט געפילט, אַז כ'זיץ אין אַ טעאַטער, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס כ'האָב ביז איצט ניט געהערט און ניט געזען.

די גאַנצע צייט פון דער פאָרשטעלונג האָב איך געפילט אַן אָנגענעמען ציטער. מיינע געדאַנקען זיינען געווען אויסגעטאָן פון דעם וואָכעדיקן. איך האָב אָן אַלץ און אָן אַלעם פאַרגעסן. און מערקווירדיק, עס האָט מיר אויף אַ מינוט ניט דערמאָנט אַן אידיש טעאַטער און אַפילו ניט אָן עכטע אידישע טיפּן, נאָר עפּעס מיסטישעס, דער העכסטער גראַד פון מיסטיציזם, פון איבער־מענטשן. די טענער זיינען געווען ניט הייליק, ניט פאַנ־טאַסטיש און ניט רעאַליסטיש, נאָר עפּעס אָפּגעהאַקטע, עפּעס געזאָגט און ניט דערזאָגט. קיין זאַך איז ניט געווען צו דייטלעך, צו באַשיימפּערלעך. אַפילו די חתונה איז געווען אַ צעריסענע שמחה.

דעם טאַנץ, דעם טויטן־טאַנץ — וועל איך מיין גאַנץ לעבן ניט פאַרגעסן. ווייט פון באַלעט... נאָר איין פערזאָן, אַפילו ניט דייטלעך געננג, צי עס איז אַ פרוי אָדער אַ מאַן, נאָר עפּעס

אַ פיגור האָט געשוועבט, זיך געקאָרטשעט, געדרייט אין אַ מאָדנעם, אומבאַשטימטן ריטם. ווען די טאַנץ־פיגור איז פאַר־שוואונדן, האָב איך זיך געפונען איינגענורעט, איינגעקרעמפּע־וועט אין איזידאָר עדלשטיינען, וועלכער איז געזעסן נעבן מיר. אַזאַ נערוועזן, אַנגענעמען, גייסטיקן ציטער האָב איך געפילט די גאַנצע צייט פון דער פאָרשטעלונג. עס האָט מיך אויף אַ סעקונדע ניט אַוועקגעריסן אָדער אַוועקגעטראָגן מיינע געדאַנקען ערגעץ אַנדערש. איך בין געווען קערפּערלעך און גייסטיק אין אַן אומבאַשטימטער וועלט, אַזוי ווי דער דיבוק איז אומבאַ־שטימט.

ווען די פאָרשטעלונג האָט זיך געענדיקט — עס האָט מיך פאַרדראָסן פאַרוואָס זי האָט זיך אַזוי גיך געענדיקט — בין איך געווען נייגעריק צו וויסן וואָס פאַר אַ ווירקונג זי האָט געמאַכט אויף איזידאָר עדלשטיינען, וועלכער איז אַ געבוירענער אַמע־ריקאַנער. כאָטש אַ געענדיקטער אַדוואָקאַט, דאָך האָט ער זיך דערצויגן אויף לאַטיינערס פּיעסעס — „כינקע־פּינקע“, „פּינטעלע איד“ און אויף אַמעריקאַנער מיוזיקל־שאָוס.

ווי איבערראַשט בין איך געווען, ווען איך האָב געזען, אַז דער אַמעריקאַנער־געבוירענער איזידאָר עדלשטיין איז אַ צעשרויפּטער, אַ צעבראָכענער נאָך מער פון מיר, ער איז קוים געקומען צו זיך... ווען איך האָב אים געזאָגט נאָך דער ביי־טאָגעדיקער פאָרשטעלונג, אַז איך גיי עפּעס צובייסן און קום צו דער ביינאַכטיקער פאָרשטעלונג ווידער אַמאָל, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט אויך געטראַכט אַזוי צו טאָן.

איך האָב מיך נאָך דער פאָרשטעלונג באַקענט מיט דער גאַנצער טרופּע. איך האָב שוין געוואוסט, אַז דער, וועלכער שפּילט „חנן“, דער חסיד׳ישער „ראַמעאָ“, הייסט אַלעקסאַנדער שטיין און איז אַ געוועזענער רוסישער אַקטיאָר. און די פאַר־ליבטע „לאה“, די חסיד׳ישע „יוליאַ“, הייסט מרים אָרלעסקאַ, און כאָטש נאָך אַזוי יונג, האָט זי ניט לאַנג געענדיקט אַ פּוי־

לישע דראַמאַטישע שול. און דער, וואָס שפּילט דעם נערוועזן צדיק אַזוי בריליאַנט, הייסט קאָוואַלסקי (ער איז שוין ליידער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע). און דעם „משולח", וואָס איז דער לייט-מאָטיוו פון דער פּיעסע; דער, וואָס איז אויף דער בינע אַפילו דעמאָלט ווען ער איז דאָרט ניטאָ, וואָרום זיין גייסט שוועבט אַרום די גאַנצע צייט און ער איז דער טאָן-געבער פון דער פּיעסע, דער דיריזשאָר פון דער גאַנצער סימפאָנישער פאָר־שטעלונג — דעם „משולח" שפּילט נח נאַכבוש, וואָס איז אין לעבן אַ לעבעדיק, רירעוודיק אידל. און דער, וואָס איז פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר דער דעקאָראַטיווער זייט פון דער פאָרשטעלונג און האָט אויך אויסגעצייכנט געשפּילט דעם „מחותן", הייסט לייב קאַדיסאָן.

איך האָב מיך שטאַרק נאָכגעפרעגט, ווער ס'איז די, וועלכע האָט געטאַנצט דעם טויטן-טאַנץ, האָט מען מיר אָנגעוויזן, אַז אָט לויפט זי עסן מיט איר מאַן קאָוואַלסקי און זי הייסט פּאָלאַ וואָלטער. עס איז אָנגעקומען אַ גראַציעזע, נעט - געקליידט דאַמעלע, מיט אַ פיינעם, נאַטירלעכן שמייכל. איך האָב זי גע־פרעגט: „איר עסט אויך? און ווי אַזוי ווערט איר אויף דער בינע אַזוי הויך, ברייט, לאַנג? איר זענט דאָך אַ גאַנצער באַלעט פאַר זיך אַליין!"

די באַקאַנטשאַפט מיט דער קאָמפּאַניע האָט געמאַכט פאַר מיר די פאָרשטעלונג נאָך אינטערעסאַנטער, און איך האָב ביי דער ביינאַכטיקער, צווייטער פאָרשטעלונג נאָך מער הנאה גע־האַט. עס האָט מיך מער ניט געוואונדערט פאַרוואָס די גאַנצע צייט זינט איך האָב פאַרלאָזט אַמעריקע האָב איך געהערט רעדן און דיסקוטירן וועגן דער בריליאַנטענער פאָרשטעלונג „דער דיבוק"...

## דער לעצטער קוש

איך האָב זיך אָנגעגעסן מיט די פיש און קליסקעלעך, וואָס רבקה האָט געקאָכט און נאָך וועלכע איך האָב אַזוי געבענקט. כאָטש איך בין געווען געוואוינט צו עסן פיש מיט אַ סך פעפער, ווי מיין מאַמע, עליה השלום, פלעגט קאָכן, און רבקה פלעגט קאָכן פיש אַ ביסל זיס, אָבער די קליסקעלעך — נאָך זיי האָב איך געבענקט די גאַנצע צייט; און ניט אַזוי נאָך די קליסקעלעך, ווי נאָך דער גאַנצער אַטמאָספערע, וועגן אסתר רחל קאַמינסקי האָט מיך, אַלס 17־יאָריק אינגל, אַריבערגעבראַכט פון יעקאַטעריגאָסלאַוו קיין לאָדזש און נאָך אַ פּאָר וואָכן שפּילן טעאַטער אין לאָדזש האָט עס אונז די רעגירונג פאַרווערט. רבקה פלעגט אַלעמען געבן עסן, זי איז געווען די פאַרזאָרגערין; די מאַמע פון די שוין דעמאָלט פאַרוואָגלטע אידישע אַקטיאָרן. און איצט זיצט די ניט־לאַנג צוריק געוועזענע קעניגין פון דער אידישער בינע, אסתר רחל קאַמינסקי, אַ צעבראָכענע, אַ מוטלאָזע, און זי פאַרטרויט מיר, אַז די רוסישע רעגירונג האָט פאַר דער מלחמה ביי איר צוגענומען דאָס טעאַטער און געמאַכט פון דעם אַ קאַזאַרמע. און כאָטש עס איז שוין נאָך דער מלחמה, קאָן זי דאָס טעאַטער צוריק ניט קריגן, ווייל עס ליגט נאָך אין מיליטערישע הענט, און מען באַדאַרף האָבן אַ סך געלט. איך האָב זי געבעטן צו אינפאָרמירן זיך וויפיל געלט מען באַדאַרף האָבן צו דעם.

צומאָרגנס האָט זי געמאַכט אַ באַשטימונג מיט דעם, אין וועמענס הענט עס ליגט דאָס טעאַטער. איזידאָר עדלשטיין, איך און מאַדאַם קאַמינסקי זיינען אַוועק אין אַ פוילישן רעסטאָראַן. מיר האָבן אַ ביסל געוואַרט, ביז עס איז אַריינגעקומען אַ הויכער פאָלקאָווניק, וועלכער האָט אונז באַגריסט אין פויליש. איך האָב זיך גלייך דערוואוסט, אַז ער איז געווען פריער אין דער

רוסישער אַרמיי, ווייל זיין טאַטע איז אַ רוס און די מאַמע אַ פּוילישע. ער האָט אונז דערקלערט, אַז אַזוי ווי די פּאָליאַקן האָבן נאָך ניט זייערע אָפיצירן, פּאָלקאָווניקעס און גענעראַלן, האָבן זיי אַרויסגערופן די מיליטערישע באַאַמטע פון פּוילישער אָפּשטאַמונג, וועלכע זיינען געווען אין רוסישע, פראַנצויזישע און דייטשע אַרמייען. די מערסטע זיינען האַלבע פּאָליאַקן, דאָס הייסט בלויז פון איין צד.

ער איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטער מענטש. ער איז געווען מער רוס ווי פּאָליאַק. ער האָט דערציילט, אַז אין די לעצטע טעג פון צאַר האָט מען אַרעסטירט לעאָן טראָצקין, און טראָצקי איז געווען אונטער זיין אויפזיכט. ער האָט גערעדט פון לעאָן טראָצקין מיט גרויס דרך־ארץ. איך האָב אים גע־פרעגט אין וואָס עס ליגט טראָצקיס גרויסקייט, האָט ער גע־זאָגט: אין זיין אָראַטאָרישן טאַלאַנט.

קיין סך האָט דער פּאָלקאָווניק ניט געוואָלט רעדן, ווייל ער האָט פּשוט מורא געהאַט. דאָס ביסל, וואָס ער האָט גערעדט, איז געווען מיט גרויס פאָרזיכטיקייט, כאָטש מיר זיינען געזעסן אין אַ באַזונדער צימערל.

ווען מיר זיינען געקומען צום פּונקט און גענומען רעדן תכלית, דאָס הייסט וועגן געבן צוריק דאָס טעאַטער צו מאַדאַם קאַמינסקי, האָט ער געזאָגט, אַז עס איז אוממעגלעך, ווייל מען דאַרף האָבן אַ געוואַלדיק גרויסע סומע געלט. מען האָט גע־בראַכט לאַנגע בויגנס פּאַפּיר. ער און איזידאָר עדלשטיין האָבן גערעכנט פון פּויליש געלט אויף אַמעריקאַניש געלט. מען האָט שוין פאַרשריבן אַ לאַנגן בויגן פּאַפּיר מיט ציפערן. דערווייל האָט מיר אסתר רחל פאַרטרויט, ווי שלעכט ס׳איז איר מאַטע־ריעל און מאָראַליש, און זי האָט צוגעגעבן, אַז זינט איך בין געקומען, פאַר די פּאָר טעג, האָב איך אין איר דערוועקט די אַמאָליקע אסתר רחל קאַמינסקי. און אויב איר זאָל געלינגען צו קריגן דאָס טעאַטער, וואָלט זי ווידער אָנגעפאַנגען צו שפּילן

ווי אַמאָל... פאַר דער צייט האָבן דער פאָלקאָוניק און איזי-דאָר עדלשטיין שוין געהאַט פאַרשריבן צוויי לאַנגע בויגנס פּאַ-פּיר מיט ציפערן. אסתר רחל קאַמינסקי האָט געגעבן אַ קוועטש מיט די פּלייצעס און געזאָגט: „ווייס איך וואָס, מען באַדאַרף דערצו האָבן קורח׳ס אוצרות, ראָטשילדס פאַרמעגן". איך האָב זי געטרייסט, און ביי מיר האָט זיך שוין געהאַלטן אין אויסאַרבעטן אַ פּלאַן, אַז אויב די סומע איז ווירקלעך אַ צו גרויסע, וועל איך אַזוי שנעל ווי איך וועל קומען קיין ניו-יאָרק אַראַנזשירן אַ גרויסע פאָרשטעלונג און שאַפן די סומע געלט.

דער פאָלקאָוניק האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט צו מיר אין רוסיש — וואָס ער האָט זייער גערן גערעדט, כאָטש ער איז געווען אַ פּוילישער פאָלקאָוניק, — אַז אויב מען וועט צושטעלן די סומע געלט (ער האָט געוויזן אויפן פּאַפּיר, וואָס עדלשטיין האָט געהאַלטן), וועט ער צושטעלן דאָס טעאַטער צו מאַדאַם קאַמינסקי. ער האָט זיך געזעגנט און איז אַוועק. ווען ער איז אַרויס, האָט איזידאָר געשמייכלט און אסתר רחל קאַמינ-סקי האָט געמורמלט פאַרצווייפלט: „וואָס דען, איך האָב פריער געוואוסט, אַז עס וועט זיין אוממעגלעך צו קריגן אַזאַ גרויסע סומע געלט. עס איז נאָר צום לאַכן". האָט איזידאָר געזאָגט: „איך לאַך טאַקע פון דעם, וואָס מען האָט באַדאַרפט אַזוי פיל רעכענען און פאַרשרייבן אַזוי פיל פּאַפּיר צוליב אַזאַ סומע". איך פרעג נייגעריק: „וויפיל?", זאָגט ער, אַז עס מאַכט אויס אומ-געפער אַ הונדערט און פינף און דרייסיק דאָלאַר. ווען איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך זיך ערשט שטאַרק צעלאַכט. ערשטנס, דאָס שרייבן און מעקן, אַזוי ווי עס וואָלט באַטראָפן מיליאָנען, און צווייטנס, אַז באַלד-באַלד וועט אסתר רחל קאַ-מינסקי געהאָלפן ווערן און איר חלום וועט פאַרווירקלעכט ווערן. איך האָב איר גלייך דערלאַנגט הונדערט דאָלאַר אין אַמעריקאַנער געלט, איזידאָר עדלשטיין האָט איר געגעבן הונ-דערט דאָלאַר אין „אַמעריקען עקספּרעס"-טשעקס. מיר האָבן

זיך גוט אַמוזירט און געקנאַקט אַ געזונטן אידיש, אונטערזינ־גענדיק אַ פּאָר ניגונים פאַר שמחה. אָבער אונזער שמחה איז גלייך צעשטערט געוואָרן.

דער בעל־הבית פון פּלאַץ, אַ פּאָליאַק, האָט אונז זייער העפ־לעך געזאָגט, אַז עס איז ניט זיין שולד, נאָר די געסט, וועלכע זיינען מערסטנטייל פּוילישע מיליטער־לייט, פאַרלאַנגען, אַז מיר זאָלן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. איך האָב זיך שטאַרק גענומען קאָכן און שרייען: „אַי עם עז אַמעריקען!", האָט מיר דער בעל־הבית געזאָגט, אַז ביז וואַנען איך וועל דאָס איבערצייגן, וועט דערווייל אַרויסקומען אַ גרויסער סקאַנדאַל. דאָ געפינען זיך מיליטאַריסטן מיט געווער, און זיי זיינען ביי דער מיינונג, אַז מיר האָבן גע־לאַכט פון דעם פּוילישן פּאָלקאָווניק, און זיי ווילן איבערהויפּט ניט האָבן קיין אידן אין דעם פּלאַץ.

ווען מיר זיינען געווען אינדרויסן, האָב איך געזאָגט צו אסתר רחל קאַמינסקי, אַז ס'וואָלט אפשר געווען אַ פּלאַן, זי זאָל פאַר דעם געלט קויפן אַ שיפסקאַרטע און פאָרן מיט אונז קיין אַמע־ריקע און אַוועק פון דעם גיהנום, האָט אסתר רחל געענטפערט: „פריינט מיינער, עס איז צו שפּעט פאַר מיר. איידער שפּילן באַבעס אויף דער בינע, וועל איך בעסער שפּילן אַ באָבע פאַר מיינע אייניקלעך. איך וועל שוין ענדיקן מיין לעבן אין דעם פינסטערן גלות, וואָס רופט זיך פּוילן. אָט באַלד־באַלד וועל איך גיין צו מיין אַברהם־יצחק'ן, מיט וועלכן איך בין דורכגע־גאַנגען אַזאַ פאַרברייך לעבן — אַ לעבן פון ליידן, שטרעבן, האָפן, רום, גרויסקייט, רייכטום. אָבער איצט אָנהייבן אויפסניי? צו שפּעט, צו שפּעט!"

מיר האָבן זיך געזעגנט און זיך שטאַרק צעקושט, פילנדיק, אַז דאָס איז דער לעצטער קוש, וואָס מיר גיבן זיך.

## פון וואַלץ איז געוואָרן אַ טויטן־מאַרש

ווען איך האָב געלייענט, אַז די ווינער זיינען געווען נאָך גרויזאַמער צו אידן אין די ערשטע צייטן פון היטלעריזם, ווי די בערלינער, איז עס געווען פאַר מיר די גרעסטע איבעררא־שונג. עס האָט זיך גאָרניט געוואָלט גלייבן, אַז ווין, די שטאָט, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר גאַסטפריינטלעכקייט, מיט איר פיינער באַנעמונג, ספּעציעל צו פרעמדע; ווין, די שטאָט פון יאָהאַן שטראַוס, זאָל ווערן אַזוי גרויזאַם צו פרעמדע. קיין אָרקעסטער אין דער וועלט קען דאָך ניט אַזוי שפּילן אַ וואַלץ ווי אַ ווינער, און אין קיין לאַנד ווערט דאָך ניט אַזוי עלעגאַנט און מיט אַזאַ שוואונג געטאַנצט אַ וואַלץ אַזוי ווי אין ווין!...

שוין פאָרנדיק פון ווינער וואָקזאַל צום „גראַנד האָטעל", האָט מיך אַרומגענומען אַזאַ פריינטשאַפט און ליבשאַפט צו ווין, אַז איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז איך קען שוין די שטאָט פון לאַנג. די ברייטקייט פון די גאַסן, דער גריכישער געבוי, די באַ־נעמונג פון די מענטשן, די פריילעכקייט — דאָס אַלץ האָט פאַר־אורזאַכט, אַז איך האָב מיך ממש פאַרליבט אין דער שטאָט.

כאָטש זייער אָרעם, אָבער אַ פריילעכע אָרעמקייט, אַן אָרעמקייט מיט עלעגאַנטן שוואונג. ביי אַ גלאָז ביר מיט אַ פלעצל אין דעם קליינעם רעסטאָראַן זיצן ניט ווייניקער ווי 8-9 געשולטע מוזיקער (קיין ניט־געשולטע זיינען גאָר ניטאָ), און יאָהאַן שטראַוסעס גייסט שוועבט אומעטום. איך האָב געפילט, אַז איך בין אין דעם לאַנד פון עלעגאַנטן וואַלץ און פיינער באַ־נעמונג.

איך פלעג אַלע יאָרן הערן וועגן דער גוטסקייט און גוט־מוטיקייט פון קאַיזער פראַנץ־יאָזעף, אָדער ווי די אידן פלעגן אים רופן: אונזער „פראָים־יאָסל". אָט די פריינדלעכקייט און גוטמוטיקייט האָט זיך געפילט ביי יעדן ווינער פּאָליציסט און

רעגירונגס-אָנגעשטעלטן. פון יענער צייט ביז מיין איצטיקן שרייבן זיינען אינגאַנצן אַריבער עטלעכע און צוואַנציק יאָר, אָבער עס קלינגט ווי אַ לעגענדע אָט די איבערקערעניש, וואָס איין ווילדע חיה האָט געמאַכט אין דער וועלט...

איך בין אָנגעקומען קיין ווין אַכט אינדערפרי און האָב גלייך באַמערקט אין לאָבי פון האָטעל אַ פּלאַקאַט, אַז מאַלי פּיקאָן און יאַנקל קאַליך שפּילן איצט אין ווין „יאַנקעלע". ביים רעגיסטרירן זיך האָט דער קלוירק מיר אָנגעזאָגט מיט פרייד, אַז עס געפינט זיך איצט אין ווין אַן אַמעריקאַנער אַקטריסע, וועלכע איז אַ שלאַגער (צייכנט זיך אויס). ער האָט גלייך דער־קענט אין מיר דעם אַמעריקאַנער אידן און האָט מיר דערקלערט, אַז לויט דער וואַליוטע פון דעם עסטרייכישן געלט, ווי עס איז דעמאָלט געשטאַנען, באַקומט מען פאַר איין דאָלאַר 800 קראָנען. איך האָב אים געגעבן 5 דאָלאַר און ער האָט מיר אַוועקגעלייגט אַ פולן טיש מיט עסטרייכיש פּאַפּיר-געלט. ער איז געווען זייער אַ פריינטלעכער יונגערמאַן און ער האָט מיר געבאָרגט זיין טיים־טער (פּאַקעטבוק), די גרייס פון כמעט אַ האַלבן טשעמאָדאַ איך האָב עס שפּעטער ביי אים אָפּגעקויפט.

איך בין געווען מיד פון דער רייזע, בין איך אַריין צום פּריי־זיר (באַרבער), וועלכער האָט זיך געפונען אויפן ערשטן שטאָק פון האָטעל. עס איז געווען אַ גרויסער באַרבער-שאַפּ, מיט אַ סך באַרבער-טשעירס. ווען איך בין אַריין, איז געוואָרן זייער שטיל. די אַרבעטער האָבן זיך אויסגעשטעלט ווי סאָלדאַטן, און יעדער פון זיי האָט זייער געוואָלט, אַז איך זאָל מיך זעצן אויף זיין שטול, ווייל זיי האָבן אין מיינע קליידער דערקענט דעם אַמעריקאַנער און זיי האָבן זיך געריכט אויף אַ גרויסן „טיפּ". עס איז מיר ניט געווען אָנגענעם דאָס געבעט אין די אויגן פון די אַרבעטער, בין איך שנעל אַרויף אויף אַ שטול, וואָס איז געשטאַנען צום נאָענטסטן.

גלייך ווי איך בין אַרויף אויפן באַרבער-טשער, בין איך

פון מידקייט איינגעשלאָפן. וויפיל איך בין געשלאָפן, ווייס איך ניט, נאָר ווען דער באַרבער האָט מיך אויפגעוועקט און איך בין אַרונטער פון באַרבער־שטול, בין איך געווען כמעט אַן אויסגע־שלאָפענער און איך האָב מיך געפילט אַ סך פרייער און מונטע־רער ווי פריער. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער באַרבער האָט אויף מיר אַ סך געאַרבעט. ווען עס איז געקומען צום צאָלן, האָב איך ניט געוואוסט וויפיל, האָב איך דעם קאַסירער דער־לאַנגט דאָס גאַנצע עסטרייכישע געלט און אים געזאָגט, ער זאָל נעמען וויפיל ס'קומט אים. דער באַרבער־אַרבעטער, וועלכער איז געשטאַנען און געוואַרט אויף זיין „טיפ", האָט געקראָגן פון מיר פופציק קראָנען — איך האָב פאַרגעסן דעם אונטערשייד אין דער וואַליוטע צווישן אַמעריקאַנער און עסטרייכישן געלט און געמיינט ווער ווייס וויפיל איך גיב אים. איך האָב נאָך די טיר רעכט ניט צוגעמאַכט הינטער מיר, האָב איך דערהערט אַן אַלגעמיין געלעכטער. ערשט איצט האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך האָב דעם אַרבעטער כמעט גאָרניט געגעבן פאַר זיין שווערער אַרבעט איבער מיר, אַפילו ניט קיין צען סענט; איך האָב באַשלאָסן, אַז מאָרגן, צום צווייטן מאָל, וועל איך אים שוין געבן פיל מער. דערווייל האָב איך זיך דערמאָנט, אַז ווען זיי האָבן געלאַכט, האָבן זיי אויך געזאָגט „אַמעריקאַנער יודע". דער שאָוויניזם און דאָס פינטעלע איד האָבן אין מיר אויפגע־פלאַקערט. איך האָב באַרעכנט וואָס זיי וועלן רעדן וועגן אַמע־ריקאַנער אידן, און איבערהויפּט וועגן אידן, ביז מאָרגן, בין איך באַלד צוריקגעגאַנגען אין באַרבער־שאַפּ. עס איז געוואָרן שטיל. איך האָב צוגערופן מיין באַרבער, אַ קליינטשיקער, אַ זגראַבנער. ער איז געשטאַנען ווי אַן אַנטווישטער און באַליי־דיקטער. האָב איך אים אַ פרעג געטאָן אויף מיין ווילנער „דאַיטש": „וויפיל האַבע איש אינען געגעבען?" ענטפערט ער, דעם קאָפּ איינגעבויגן, שטיל און פאַרשעמט: „פאַסט גאַרניכטס". האָב איך אַרויסגענומען פון מיין בוזעם־קעשענע מיין אַמערי־

קאַנער געלט, וואָס איז באַשטאַנען פון „עקספּרעס"־טשעקס און פון אַמעריקאַנער בילס פון פינפערלעך און צענערלעך. איך האָב אַרויסגענומען אַ פינף־דאָלאַר־ביל און אים געפרעגט: „וויפיל איזט דאַס?", האָט ער געענטפערט מיט אַ ציטערדיקער שטימע: „גאַנץ בעשטימט פינף דאָלאַרן". איך האָב עס אים דערלאַנגט און בין שנעל אַרויס.

איך בין אַרויף צו מיר אין צימער, האָב זיך גוט אויסגערוט, אָרומגעוואַשן, זיך איבערגעטאָן און אַרונטער אין דער לאָבי. אַ הויכער דייטש איז צו מיר צוגעקומען, האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס דער בעל־הבית פונם האָטעל און געזאָגט, אַז די אַמערי־קאַנער פירן איבער די ווינער. איך האָב אים געפרעגט, מיט וואָס. האָט ער מיר דערקלערט, אַז דער באַרבער־שאָפּ האָט היינט פאַרלוירן צוליב מיר איינעם פון זיינע קינסטלער־אַרבע־טער, ווייל ווען דער באַרבער האָט באַקומען פון מיר אַ „טיפּ" פינף דאָלאַר, וואָס עס מאַכט אויס פיר טויזנט עסטרייכישע קראָנען (און מאָרגן וועט עס אויסמאַכן מער, ווייל די וואַליוטע שטייגט יעדע פאָר שעה), טאָ צו וואָס באַדאַרף ער שוין אַר־בעטן, אַז ער איז מיט אַמאָל רייך געוואָרן? איך האָב זיך פאַר אים אַנטשולדיקט, אַז איך וועל אַזאַ „פאַרברעכן" מער ניט באַגיין. האָט ער מיר געענטפערט, אַז דאָס איז שוין ניט דאָס ערשטע מאָל. דער אַמעריקאַנער טעאַטער־דירעקטאָר, מאָריס געסט, האָט אויך געטאָן דאָס זעלבע מיט אַ באַדינטן פון האָ־טעל. געסט האָט באַדאַרפט גיין אין פּאָליציי־צירקל אַרויס־נעמען זיין פּאַספּאָרט, האָט ער ניט געוואָלט שטיין אין דער רייע און האָט געדונגען איינעם פון די האָטעל־באַדינטע, ער זאָל שטיין פאַר אים אין דער רייע, און פאַר דער טרחה האָט ער אים געגעבן פינף דאָלאַר. איז דער באַדינער טאָקע צומאָרגנס ניט געקומען צו דער אַרבעט. און דער דייטש האָט פאַרענ־דיקט מיט די ווערטער: „דאַס איזט יאַ שרעקליש, דאַס איזט יאַ שרעקליש!"

ער האָט נעבעך געהאַט אַ גרויסן טעות, מיינענדיק, אַז ווער וויים ווי זינדיק איך וועל מיך פילן נאָך זיין מעשה, אָבער איך האָב זיך דווקא גוט געפילט, וואָס איך בין ניט דער איינ־ציקער זינדיקער, נאָר איך האָב נאָך איינעם און טאַקע אַ לאַנדס־מאַן, אַ ווילנער, וועמענס ריכטיקער נאָמען עס איז ניט מאָרים געסט, נאָר משה אַראָנאָוויטש.

ווען איך האָב פאַרלאָזט ווין, האָב איך באַשלאָסן, אַז אויב איך וועל אַמאָל מאַכן מיין היים אין אייראָפּע, וועט עס זיין אין ווין, אין דער היים פון פרייד און וואַלצער. ווער האָט דעמאָלט געקענט אויסרעכענען, אַז פון ווינער פרייד וועט ווערן אומעט און פון ווינער וואַלץ — אַ טויטן־מאַרש?!

# דער מיניסטער און די אידישע אַקטריסע

ווען איך האָב פאַרלאָזט אַמעריקע, האָב איך צוגעזאָגט מיין פרוי, סאַבינאַ לאַקסער, אַז איך וועל זיין אין בוקאַרעשט און באַזוכן איר שוועסטער און שוואָגער. איזידאָר עדלשטיין ווידער האָט צוגעזאָגט זיין פאָטער יאָסל עדלשטיין, אַז ער וועט באַזוכן זיין מאַמע, דאָס הייסט, איזידאָרס באָבע, אין יאַס. זיי־נען מיר פון ווין געפאָרן קיין רומעניע. אויף דער סטאַנציע פּאָקשאַן האָבן מיר זיך צעטיילט: ער איז געפאָרן ווייטער און איך האָב באַדאַרפט בייטן מיין צוג.

איך בין אריין אין בופעט פון וואָקזאַל, וואו עס זיינען גע־שטאַנען געדעקטע טישלעך מיט אָנגעגאָסענע גלעזלעך. איך האָב פאַרזוכט אַ גלעזל און ס׳האָט מיר פאַרשמעקט. האָב איך געפרעגט ווי די משקה הייסט, און מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז „צויקאַ״. איך האָב אויסגעטרונקען אַ 4-3 גלעזלעך אַזעל־כע און האָב דערפילט, אַז עס ווערט מיר וואַרעם און עס גיט אַ ציפּ אין דער זיבעטער ריפּ.

מיינע זאַכן האָב איך געשיקט דירעקט קיין בוקאַרעשט. איך האָב גענומען אַ בילעט אין אַ פּריוואַטן קאָמפּאַרטמענט. איך בין אריין אין אַ שיינעם וואַגאָן, מיט אויסגעבעטע צוויי בענק, און האָב מיך אַוועקגעזעצט ביים פענסטער. איך בין געווען איינער אַליין, אָבער אַ ווייל שפּעטער איז אַריינגעקומען אַ הויכער, עלטערער מאַן, זייער נעט געקליידט, מיט אַ שטרענג, עכט־רומעניש געזיכט. נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען אַן עלע־גאַנטע דאַמע, פון נידעריקן וואוקס, זייער ריר׳עוודיק, מיט אַ פיינעם שמייכל. זי האָט אויסגעזען צו זיין פיל אינגער פון אים. באַן־באַאַמטע האָבן געטראָגן זייערע לוקסוס־טשעמאָדאַ־נען. לויטן כבוד, וואָס די באַן־באַאַמטע האָבן זיי אָפּגעגעבן,

האָב איך פאַרשטאַנען אַז דער מאַן איז אַ גרויסע פּערזענלעכ־קייט.

ער האָט זיך געזעצט ביים פענסטער, און זי לעבן אים. איך האָב איר אָנגעבאָטן מיין פּלאַץ ביים פענסטער צוליב אַ דאָפּלטער סיבה: ערשטנס, האָב איך ניט געוואָלט זיצן אַנט־קעגן אים און כסדר אָנקוקן דאָס בייזע רומענישע פּנים, און צווייטנס, האָט זיך מיר זייער געוואָלט זיין פיין צו איר צוליב איר פריילעך, אָנגענעם געלעכטער און פיינער באַנעמונג אין באַצוג צו די באַן־באַאַמטע.

זיי האָבן ביידע גערעדט רומעניש, וואָס איך פאַרשטיי אַ וואָרט ניט, אָבער איך האָב געהערט איר באַמערקונג וועגן מיר, אַז איך בין אַן אַמעריקאַנער. ווען איך האָב געקוקט אויף אים, איז מיר געוואָרן קאַלט פאַר שרעק, און פון איר אָנגענעמען שמייכל און בליק איז מיר געוואָרן נאָך וואַרעמער, ווי פון דער רומענישער „צויקאַ"; עפּעס האָט זי געהאַט אַ פּנימ'ל — „נאַ, קוש מיך", און פייערדיקע אויגן, וואָס זאָגן — „האָב מיך ליב". די רומענישע „צויקאַ" און אירע זיסע בליקן האָבן זיך אין מיר צעוואַרעמט און איך האָב באַקומען מוט און לשון און געפרעגט דעם מאַן אין ענגליש: „מיט וועמען האָב איך די ערע צו זיצן אין איין קאָמפּאַרטמענט?", האָט ער געענטפערט קורץ און אָפּ־געהאַקט: „מיכאַיל יאָנעסקו", און האָט צוגעגעבן: „מיטגליד פון רומענישן פּאַרלאַמענט". ווען איך האָב דערהערט דאָס וואָרט רומענישער פּאַרלאַמענט, זיינען מיר פאַר שרעק גלייך אויסגערונען די עטלעכע שטאַרקע שנעפּסלעך „צויקאַ", און כ'האָב זיך גלייך אויסגעניכטערט סיי פון דער „צויקאַ" און סיי פון איר זיס פּנימ'ל; כ'האָב ווי פאַרלוירן דאָס לשון.

נאָך אַ קורצן שווייגן האָט זי מיך עפּעס געפרעגט אין רו־מעניש. איך האָב געענטפערט, אַז איך פאַרשטיי ניט קיין רומעניש. האָט זי מיך געפרעגט אין אַ גוטן דייטש, צי איך קען אַן אַמעריקאַנער אַקטיאָר יעקב אַדלער. איך האָב איר

געענטפערט, אַז איך בין געווען זיין קאָמפּאָזיטאָר און דיריזשאָר יאָרן־לאַנג. דאָס ווייבעלע האָט אויפגעציטערט פאַר פרייד, אָבער זי האָט זיך צוריקגעהאַלטן. זי האָט עפּעס געזאָגט צו איר באַגלייטער אין רומעניש וועגן מיר, ווייל איך האָב געהערט די ווערטער „טעאַטרו״ און „דיריגענט״; נאָכדעם האָט ער שוין אויף מיר געקוקט אַ ביסל פריינטלעכער. זי האָט מיר דער־ציילט, אַז אַדלער האָט זי געוואָלט אַוועקנעמען פון דער רומעני־שער אָפּערעטע, אין וועלכער זי האָט געשפּילט; איר בינע־נאָמען איז פלאָריקאַ פלאָרעסקאָ און זי איז אַ סוברעטין. זי האָט ווײַ־טער געזאָגט, אַז איך זאָל זיך ניט זשענירן (שעמען) פאַר אים, ווייל, ערשטנס, פאַרשטייט ער אַ וואָרט ניט וואָס מיר רעדן, און צווייטנס, גיט זי מיר אָנצוהערן, אַז זי פייפט אויף אים.

דעם גאַנצן וועג ביז בוקאַרעשט האָט זי געהאַלטן אין איין רעדן צו מיר און אַ ביסל צו אים. ווען ניט אַלע מאָל אָן אַנדער באַאַמטער, וואָס פלעגט אַריינקומען און אָפּגעבן כבוד אים און אויך איר, וואָלט איך פאַרגעסן, אַז איך זיץ מיט אַ רומענישן מיניסטער און אַז זי איז זיין פרוי, ווייל זי האָט מיר אויסגע־רעכנט די אָפּערעטעס און ראָלעס, אין וועלכע זי האָט געשפּילט. און ווען איך האָב איר דערציילט, אַז סאַבינאַ לאַקסער, וועלכע איז געווען אַ רומענישע אַקטריסע און האָט געשפּילט אין נאַ־ציאָנאַל־טעאַטער, איז מיין פרוי, איז זי געוואָרן גאָר היימיש צו מיר. אַפילו ער איז געוואָרן מיט מיר היימישער. איך האָב איר געמוזט צוזאָגן, אַז איך וועל זיין זונטאָג אָוונט אין דעם גאָרטן „פּאַרקוואו אָטעלעשאַנו״, וואו עס שפּילט לעאָנאַרד, דער פיינער רומענישער אָפּערעטן־ליבהאָבער מיט זיין אָפּע־רעטן־קאָמפּאַניע.

וואָס מער דער צוג האָט זיך דערנענטערט צו בוקאַרעשט, אַלץ אָפטער און מער פּערזאָנען זיינען אַריין און אַרויס פון אונזער קאָמפּאַרטמענט, ווי אויך רומענישע מיליטער־באַאַמטע, און אויף יעדנס פּנים איז געלעגן אויסגעגאָסן דער צורר־היהודים,

דער אַנטיסעמיט, און זייער בליק אויף מיר איז געווען: „ווי קומט ער אַהער?”, אָבער איר האָבן זיי אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן רעס־פּעקט.

ווען איך האָב זיך געטראָפן מיט איר זונטאָג אין גאָרטן „אַטעלעשאַנו”, וואו מען האָט געשפּילט לעהאַרס דעמאָלטיקע נייעסטע אָפּערעטע „טאַנץ־מאַזור”, האָב איך ערשט דעמאָלט דערזען פאַר זיך די אמת'ע אַקטריסע. כאָטש אַלע האָבן איר אָפּגעגעבן דעם כבוד פון אַ מיניסטערס אַ פרוי, האָט זי זיך געפילט אין דעם גאָרטן ווי ביי זיך אינדערהיים. זי האָט מיר דערמאָנט אָן דאָראַ וויסמאַן אין די יונגע יאָרן, איבערהויפּט מיט איר טעמפּעראַמענט. זי האָט זיך געפילט פריי, ווייל זי איז געקומען אָן מאַן, און די גאַנצע צייט פון דער פאָרשטעלונג, וואָס זי איז געזעסן לעבן מיר, האָט זי ניט אויפגעהערט צו דערציילן טעאַטער־פּלאָטקעלעך, אומגעפער: אַז די אַקטריסע איז פאַר־ליבט אין יענעם אַקטיאָר, און אויף אַ געוויסן אַקטיאָר האָט זי מיר אָנגעוויזן, אַז ער האָט זיין פרוי, אַן אַקטריסע, וועלכע שפּילט ניט היינט, אָנגעפּאַטשט אויף דער בינע פאַרן פּובליקום אין די אויגן, ווייל זי האָט געשפּילט איר ראָלע מיטן ליבהאָבער לעאָנאַרדן צו רעאַליסטיש. און דאָס מערקווירדיקסטע, וואָס זי האָט מיר אָנגעוויזן, איז — ווען דער סטאַר־ליבהאָבער, לעאָ־נאַרד, האָט געזונגען און געטאַנצט אַ טערצעט מיט נאָך צוויי פרויען, זיינען זיי געווען ביידע אַמאָל זיינע געזעצלעכע פרויען, דאָס הייסט, ער האָט געטאַנצט מיט צוויי גע'גט'ע פרויען. איך האָב איר דערקלערט, אַז לויטן אידישן דין טאָרן זיי אַפילו ניט זיין אונטער איין דאַך, און זי אַליין איז אינגאַנצן טריף, ווייל זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ גוי... אָבער זי איז באַלד געוואָרן ערנסטער און האָט מיר דערציילט, אַז זי טוט גוטע זאַכן פאַר אידן, און אַז איר איז זייער גוט ביי אים, זי באַוואוינט אַ פּאַלאַץ פון 28 צימערן און יאַנעסקו האָט זי שטערבלעך ליב.

אַז זי בענקט נאָך טעאַטער האָב איך געזען, ווען זי האָט מיך

איינגעלאַדן אין איר רייכן פּאַלאַץ, וואו איך האָב געשפּילט אַ פּאָר וואַלצערס און קופּלעטן פון איר רעפּערטואַר. מערקווירדיק, כאָטש זי איז געווען אַ ברען אַ פייער, האָט זי געקענט אויך זיין רואיק, באַפעלעריש, מאַיעסטעטיש...

ווען איך לייען פון מאַגדאַ לופּעסקו, די אידישע פרוי פון געוועזענעם רומענישן קעניג קאַראָל, קומט מיר אַרויף אויף די געדאַנקען די אַקטריסע פלאָריקא פלאָרעסקאָ, וועלכע איז אין אירע ערנסטע מאָמענטן געווען די אידישע טאָכטער און שיער-שיער ניט געוואָרן אַ אידישע אַקטריסע און מיטגליד פון דער אידישער אַקטיאָרן-יוניאָן, און איז לסוף געוואָרן די פרוי פון מיכאַיל יאָנעסקו, מיטגליד פון רומענישן פּאַרלאַמענט.

# אַמעריקע, איך האָב דיך ליב!

ווען איך האָב געמאַכט דעם קאָנטראַקט מיט דער פויליש-דייטשער פרימאַדאָנע-סובּרעטין מאַטילדאַ סעינט קלער, האָט זי געהאַט אַ פונקט אין איר קאָנטראַקט, אַז איר ערשטער אויפטריט אין אַמעריקע דאַרף זיין אין איר רעפּערטואַר, דאָס הייסט, אין אַ ניט-אידישער אָפּערעטע, אַן איבּערזעצונג פון דייטש אָדער פראַנצויזיש; האָבן מיר דעריבּער באַשלאָסן אָנצוהייבן מיט קאַלמאַנס אָפּערעטע „פאַשינגס פעי", וועלכע מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן „די רוסישע פרינצעסין".

איך האָב קיינמאָל ניט קיין צו פיל צוטרוי צו די וועלט-פיעסעס אָדער וועלט-אָפּערעטעס אויף דער אידישער בינע, און פאַרקערט אויך ניט, דאָס הייסט אַ אידישע פיעסע אויף דער וועלטס בינע.

איך האַלט, אַז אידיש טעאַטער איז אַ ספּעציפישע קונסט, און ביי אַלץ, וואָס האָט אייגנאַרטיקייט און איז ספּעציפיש, פאַלט אַוועק דער אָריגינעלער חן אין דער איבּערזעצונג פון אַן אַנדער שפּראַך. אַזוי ווי שלום-עליכם אין אַן אַנדער שפּראַך, און אַפילו די רוסישע קלאַסיקער, ווי דאָסטאָיעווסקי, טורגעניעוו און טאָלסטאָי פאַרלירן דעם רוסישן ספּעציפישן כאַראַקטער און חן אַפילו אין דער בעסטער איבּערזעצונג.

ווען איך האָב איבּערגעשפּילט אייניקע מאָל אויף דער פּיאַנאָ די מוזיק פון דער אָפּערעטע „פאַשינגס פעי", וועלכע מיר האָבן באַשלאָסן אויפצופירן, האָב איך געפילט ביים שפּילן, אַז דאָס, וואָס דער אידישער טעאַטער-באַזוכער וויל הערן אין אידישן טעאַטער, וועט ער אין דער אָפּערעטע „פאַשינגס פעי" ניט הערן. עס איז דאָס זעלבּע, ווי ווען איינער באַשליסט, אַז ער גייט עסן אַ אידישן מאָלצייט, און מען דערלאַנגט אים גאָר די בעסטע פראַנצויזישע אָדער רוסישע מאכלים; וועט ער זאָגן, אַז

עס איז טאַקע גאַנץ געשמאַק, אָבער ער איז געקומען עסן אַ אידישן מאָלצייט. דאָס זעלבע איז, ווען מען גייט הערן אַ אי־דישע אָפּערעטע און מען שפּילט די שענסטע דייטשע אָדער פראַנצויזישע מוזיק.

איך האָב געפילט, טראָץ דער דאָזיקער דייטשער אָפּערע־טע, אַז איך מוז זיין צוגעגרייט מיט אַ אידישער אָפּערעטע, און אין די אַכט טעג, וואָס איך בין געפאָרן אויף דער שיף „האָ־לאַנד" צוריק קיין אַמעריקע, האָב איך אָנגעשריבן די מוזיק צו וויליאַם סיגעלס קאָמעדיע „שמענדריק אויף בראָדוויי". ווי מיר וועלן שפּעטער זען, איז די מוזיקאַלישע קאָמעדיע מיר שטאַרק צוניץ געקומען. עס איז געווען, ווי דער אַמעריקאַנער וואָלט זיך אויסגעדריקט, „עי לאַיף־סעיווער".

אין די בעסטע צייטן פלעג איך הערן מענטשן זאָגן, אַז דאָס בעסטע פון זייער גאַנצן זיין אין אייראָפּע איז דער וועג צוריק קיין אַמעריקע, און כאָטש איך האָב אין דער קורצער צייט פון מיין זיין אין אייראָפּע אַזוי פיל מיטגעמאַכט, האָב איך אויך געפילט, אַז דער וועג צוריק קיין אַמעריקע איז דער אָנגע־נעמסטער.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין אַמעריקע און געפאָרן פון דער שיף אַהיים, האָב איך געפרעגט מיין פרוי, וואָס איז דאָס היינט פאַר אַ יום־טוב, האָט זי געענטפערט, אַז עס איז היינט ניט קיין יום־טוב, נאָר אַן איינפאַכער דינסטאָג. האָב איך זי געפרעגט פאַרוואָס אַלע זיינען אַזוי אויסגעפּוצט, אַרומגעוואַשן, אַזוי נעט אָנגעטאָן. האָט זיך מיין פרוי אַנטשולדיקט פאַר מיר און געזאָגט: „פאַרקערט, איך האָב מיך אַזוי געאיילט און די היץ איז אַזוי גרויס, אַז עס גלוסט זיך גאָרניט אָנצוטאָן. מיר זיינען אַלע אויסגעמוטשעט פון די לעצטע היצן". האָב איך געענטפערט: „אויב איר אַלע זעט אויס אויסגעמוטשעט, טאָ גייען אין אייראָפּע אַרום מתים, סקעלעטן".

די אייראָפּע פון נאָך דער וועלט־מלחמה, מיט אירע אויס־

געדאַרטע, הונגעריקע, ניט־דערוואַשענע אייגוואַוינער, איז חדשים־לאַנג געשטאַנען פאַר מיינע אויגן. עס האָט מיר גענומען אַ שטיק צייט איידער איך האָב מיך צוגעוואוינט צום אַמעריקאַנער טעגלעכן לעבן, וועלכעס האָט מיר אויסגעקוקט יום־טוב׳דיק אַפילו אין אַן איינפאַכן דינסטאָג. מיינע אַלע באַקאַנטע האָבן מיך געפרעגט, וואָס איך האָב געבראַכט פון אייראָפּע, האָב איך אַלעמען געזאָגט, אַז איך האָב געבראַכט אַ „גוטע עצה״ פון אַ בערלינער מאָגן־ספּעציאַליסט, און ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל עס קיינעם ניט זאָגן, איבערהויפּט ניט די זייער רייכע, ווייל אויב זיי וועלן זיך דערוויסן וועגן דעם, וועט עס צונעמען פון די אייראָפּעאישע מאָגן־ספּעציאַליסטן האַלב פון זייער פּרנסה. דער בערלינער מאָגן־ספּעציאַליסט האָט מיר געזאָגט, אַז די אַמעריקאַנער ליידן מערסטנטייל אויפן מאָגן, און דאָס קומט פון דעם, וואָס זיי טרינקען אייז־וואַסער אין מיטן עסן. „שטעלט אייך פאָר, אַז מען גיסט אייז אויף הייסער, פעטער זופּ, וואָס פאַר אַ צרות עס מאַכט אין מאָגן״, האָט ער מיר געגעבן אַ משל, און מיך אָנגעבעטן, אַז איך זאָל זיינע ווערטער ניט צו פיל רעקלאַמירן. מיר האָט ער עס פאַרטרויט, ווייל איך בין געזונט, מיר קען עס נאָך פאַרשאַטן.

איך האָב דעם פּראָפעסאָר ניט געפאָלגט און ווען כ׳האָב געזען און ווער ס׳האָט מיך געפרעגט, און אַפילו ניט געפרעגטערהייט, בין איך אַרומגעגאַנגען און געהאַלטן אין איין זאָגן און וואָרענען: „טרינקט ניט קיין אייז־וואַסער! טרינקט ניט קיין אייז־וואַסער! איך בעט אייך, ווי גאָט איז אייך ליב!״

עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז מיינע באַקאַנטע האָבן מיר געגעבן אַן עצה, אַז אויב איך וויל זיך איינשפּאָרן די טרחה אַזוי פיל מאָל איבערצו׳חזר׳ן איין זאַך, זאָל איך אָנטאָן אויפן האַלז אַ צעטל מיט אַן אויפשריפט:

„טרינקט ניט קיין אייז־וואַסער!״

טראָץ דער גוטער עצה פונם בערלינער פּראָפעסאָר און די

אַלע אינטערעסאַנטע איבערלעבונגען, וואָס איך האָב דעמאָלט געהאַט אין אייראָפּע, האָב איך באַשלאָסן ווי יענער פּוילישער פּאַן און גוט־באַזיצער, אַז ער באַדאַרף ניט פאָרן קיין אויסלאַנד, כדי זיך צו אַמוזירן, ער קען עס אַלץ קריגן ביי זיך אין דאָרף. אַזוי האָב איך באַשלאָסן, אַז עס איז ניטאָ קיין בעסער לאַנד, וואו מען קען גוט פאַרברענגען, ווי אין דעם גרויסן שיינעם דאָרף אַמעריקע, וועלכע נעמט אַריין אין זיך אויסער דאָס ראַשיקע, דאָס טומלדיקע, אויך דאָס שטילע און דאָס פיינע. ווי האָט געזאָגט דער רוסישער פּאָעט אַלעקסאַנדער פּושקין: „וויפיל איך קען מער די מענטשהייט, אַלץ מער האָב איך ליב די חיות״, און וואָס מער איך בין אַרומגעפאָרן איבער אייראָפּע, אַלץ מער האָב איך ליב באַקומען אַמעריקע. זינט דעמאָלט איז מיין ליבע צו אַמעריקע געוואָרן שטאַרקער. איך האָב געזאָגט און זאָג עס איצט אויך:

„אַמעריקע, איך האָב דיך אַלע מאָל ליב געהאַט און איצט נאָך מער!״

## פּאָול מוני (מוני ווייזנפריינד) טאַנצט און זינגט

ביים אויפפירן די דייטשע אָפּערעטע „פּאַשינגס פעי",
וועלכע מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן „די רוסישע פּרינצעסין",
האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט מוני ווייזנפריינדן (פּאָול מוני) די
זעלבע סצענע, וואָס מיט מאָרים שוואַרצן, ווען ער האָט ניט
געוואָלט זינגען און טאַנצן אין דער אייראָפּעאישער אָפּערעטע
„פּאַריזער אומשולד", אָבער ווען ער האָט געשפּילט, האָט ער
געהאַט דעם גרעסטן דערפּאָלג.

עס איז געווען אייניקע טעג פאַר דער ערשטער פּראָבע
פון דער אייראָפּעאישער אָפּערעטע „די רוסישע פּרינצעסין",
איז צו מיר אין הויז אַריינגעקומען מוני ווייזנפריינד, וועלכער
איז דעמאָלט געווען אַנגאַזשירט אין סעקאָנד עוועניו טעאַטער,
מיט זיין יונג ווייבל בעלאַ, וועלכע ער האָט געהייראַט ניט
לאַנג צוריק. ער איז געווען נערוועז און פאַרזאָרגט; זי — אַ
סך רואיקער, אָבער אויך פאַרזאָרגט וועגן אים. איך האָב זיי
געבעטן זיצן. כ'בין נייגעריק געווען צו וויסן וואָס עס האָט
פּאַסירט, כאָטש איך האָב זיך שוין אָנגעשטויסן, צוליב וואָס זיי
זיינען געקומען. מוני האָט אָבער ניט געוואָלט זיצן און גלייך
אָנגעהויבן:

— מר. רומשינסקי, וואָס הייסט איר גיט מיר אַ ראָלע אין
אַן אָפּערעטע, דערצו נאָך אַן אייראָפּעאישע, וואו איך באַדאַרף
זינגען צוויי דועטן און טאַנצן אין אַ טערצעט! איר קענט מיך
פאַר אַ טענצער אָדער פאַר אַ זינגער? איך בין אַן אַקטיאָר
(אַזוי זאָגן זיי), גיט מיר אַ ראָלע, וועל איך שפּילן! אָבער זינ־
גען, טאַנצן? איך קען דען?

איך האָב אַ וואָרט ניט געענטפערט, ביז ער האָט געענדיקט
און זיך באַרואיקט. ווען ער האָט זיך שוין גוט אויסגערעדט,
אַוועקגעזעצט און באַרואיקט, האָב איך צו אים געזאָגט:

— ליבער מוני, איר קענט מיך ניט חושד זיין אין דעם, וואָס איך גיב אייך די ראָלע, אַז איך מיין אייך שלעכטס צו טאָן, אָדער אַז איך וויל, איר זאָלט זינגען און טאַנצן אונטער מיין מו־זיק...

און איך האָב אים דערציילט, אַז אין דייטשלאַנד האָט די ראָלע, וועלכע איך גיב אים, געשפּילט פּאַלמבערג, איינער פון די גרעסטע דייטשע שוישפּילער; אַז די אָפּערעטע איז אַ קינסט־לערישע, מיט פיינער מוזיק פון קאַלמאַן, און איך רעכן, אַז ס׳איז ניט קיין אומ׳כבוד צו שפּילן אין אַזאַ אָפּערעטע. איבערהויפּט, ווען ער וועט זינגען און טאַנצן אין דער אָפּערעטע מיט זיין אייגן ווייבעלע, בעלאַ. ווען איך האָב גע־זאָגט אָט די ווערטער, האָט זיך בעלאַס פּנים צעשפּילט פאַר פרייד, ווייל זי האָט נאָך ביז דעמאָלט ניט גע־וואוסט, אַז זי שפּילט אין דער אָפּערעטע. און זי האָט טאַקע באַלד געזאָגט:

— מוני, אפשר מאַכסטו אַ טעות? אפשר נעמסטו עס צו שווער?


מוני וויזנפריינד

ווען איך האָב איר גע־הערט אַזוי רעדן, האָב איך גלייך גענומען די נאָטן און געשפּילט איינעם פון די דועטן, וועל־כע ער באַדאַרף זינגען מיט זיין פרוי. איך האָב געפילט, אַז דעם בחור געפעלט עס. איך האָב באַלד געשפּילט דעם צווייטן דועט, וואָס איז אים נאָך מער געפעלן. ער האָט זיך איינגאַנצן באַרואיקט. ביים אַוועקגיין האָט ער געזאָגט צו מיר אין דער

שטיל, בעלאַ זאָל ניט הערן, אַז אפשר איז אַ סברא, איך זאָל פאַרט אַוועקגעבן די ראָלע צו אַן אַנדער אַקטיאָר, צוגעבנדיק:
—וואָס ווילט איר פון מיר מיט זינגען און טאַנצן?

איך האָב ביי די פּראָבעס פון דער אָפּערעטע געאַרבעט זייער שווער מיט די אַקטיאָרן, ווייל די מוזיק איז געווען פרעמד פאַר זייערע אויערן. זי איז געשריבן געוואָרן פאַר דייטשע אַקטיאָרן, ניט פאַר אידישע. אָבער ס'האָט זיך געפילט בשעת די פּראָבעס אַ יום־טוב'דיקע שטימונג. איך האָב טאַקע ביי איינער פון די פּראָבעס געזאָגט צו דער קאָמפּאַניע:

— חברה, עפּעס איז עס אַנדערש, ס'פילט זיך יום־טוב'דיק!

האָט מיר קלמן יאַוועליר געענטפערט:

— איר זענט גערעכט, רומשינסקי, ס'פילט זיך יום־טוב'דיק, אָבער ס'איז אַ גוי'אישער יום־טוב, ניט קיין אידישער. איר גרייט בעסער צו אַ אידישע אָפּערעטע, ווייל מיר וועלן בלייבן אינמיטן יום־טוב אָן אַ פּיעסע.

איך האָב געפילט, אַז אַ ביסל האָט ער רעכט, האָב איך אים געענטפערט:

— מר. יאַוועליר, מען קען דאָך ניט זינגען אַ גאַנץ לעבן „דאָס טלית'ל"!

האָט ער מיר צוריקגעענטפערט:

— זינגט מען תפילין, תורה'לע, רצועה'לע, בר־מצוה'לע, אָבער פון די ווינער וואַלצערס און גוי'אישע חכמות וועלן מיר קיין פּרנסה ניט האָבן!

ביי דער פּרעמיערע פון דער אידיש-דייטש-פּוילישער פּרימאַדאָנע מאַטילדע סענט קלעיר, וועלכע מיר האָבן אַזוי־פיל רעקלאַמירט און אַנאָנסירט: „זי קומט, זי איז שוין דאָ און באַלד־באַלד טרעט זי אויף", האָט דאָס פּובליקום געשריגן: „בראַוואָ און הורעי פאַר מוני וויזנפריינד!" (פּאָל מוני). עס איז געווען, ווי דער אַמעריקאַנער דריקט זיך אויס — „הי סטאָל דהי שאָו" (ער האָט צוגע'גנב'עט די פּיעסע). ער איז

געוועז דער איינציקער, אויסער דעם גאַסט, אין וועלכן מען האָט ניט געקענט דערקענען דעם אידישן אַקטיאָר. יעדע באַוועגונג זיינע, זיין זינגען און טאַנצן איז געווען ווי פון איינעם, וואָס האָט זיך דערצויגן אויף דער דייטשער אָדער פראַצויזישער בינע, ווי פון אַן עכט־אייראָפּעאישן אָפּערעטן־קינסטלער. מוני וויינזנפריינד (פּאָול מוני) האָט געמאַכט יענעם אָוונט (און די גאַנצע צייט פון שפּילן די אָפּערעטע) אַזאַ בייפאַל, אַז ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ע ר איז דער גאַסט פון אייראָפּע.

דאָך איז די אייראָפּעאישע אָפּערעטע „די רוסישע פּרינצעסין" ניט געווען קיין דערפאָלג. ניט נאָר איז עס ניט געווען קיין דערפאָלג, נאָר מאַנכע פון פּובליקום פלעגן האָבן צו מיר טענות און טאַקע זאָגן בייז: „וואו איז עפּעס אַ אידישער ניגון, אַ אידישער טאַנץ? וואָס קלאַפּט איר אַ גאַנצע נאַכט מוזיק, וואָס קריכט ניט אין די אויערן?". דאָס טעאַטער איז געוואָרן ליידיקער מיט יעדער פאָרשטעלונג. כמעט ווי אַ פּראָטעסט פון פּובליקום. עס איז שוין באַלד ניט געווען פאַר וועמען צו שפּילן.

די לעצטע שורה איז געווען, אַז די מוזיק, וואָס כ'האָב געשריבן אויף דער שיף, פאָרנדיק קיין אַמעריקע, צו סיגלם פּיעסע „שמענדריק אויף בראָדוויי", איז מיר שטאַרק צוניצגעקומען. שוין ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג מוצאי יום־כיפּור פון דער אידישער מוזיקאַלישער קאָמעדיע „שמענדריק אויף בראָדוויי" האָט מען ניט געקאָנט אָנהייבן אין צייט צוליבן געדרענג, וואָס איז געווען ביים קויפן טיקעטס.

ביי דער פאָרשטעלונג האָט זיך געפילט יום־טוב'דיק, טאַקע אידיש־יום־טוב'דיק. די אַפּלאָדיסמענטן און געלעכטער פון פּובליקום זיינען געווען אַזוי ווי זיי וואָלטן זאָגן: „אָט דאָס ווילן מיר און נאָך דעם זיינען מיר געקומען!"

די אַקטיאָרן האָבן זיך פּשוט מחיה געווען. זיי האָבן פריי אָפּגעאָטעמט און זיך אַרומגעכאַפּט און געשלונגען יעדעס וואָרט

פון דער פּיעסע און יעדן טאָן פון דער מוזיק. אַפילו די דייטש־פּוילישע פּרימאַדאָנע מאַטילדע סענט קלעיר האָט אין דער אידישער אָפּערעטע „שמענדריק אויף בראָדוויי" געהאַט מער דערפאָלג ווי אין דער אָפּערעטע „די רוסישע פּרינצעסין". קלמן יאָוועליר איז צו מיר צוגעגאַנגען נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג פון „שמענדריק אויף בראָדוויי" און געזאָגט:

— אָט פון דעם וועלן מיר האָבן פּרנסה!

## „די גאָלדענע כלה" און „שטאַרקער פון ליבע"

עס איז געווען אַ זייער הייסער זומער־טאָג, די שטאָט איז שוין געווען איבעריק, עס האָט זיך שוין געוואָלט זיין אין די בערג אָדער ביים ים. מיר האָבן זיך געקליבן שיקן אונזער זונדעלע משה'לע אין קעמפּ, און איך און מיין פרוי האָבן זיך געקליבן אין קאָונטרי. אין שטוב איז געווען אָנגעוואָרפן מיט קאַסטנס און קעסטלעך, טשעמאָדאַנען און סעטשלס. די ווינ־טערדיקע זאַכן האָט מען געדאַרפט אַוועקלייגן, די זומערדיקע זאַכן מיטנעמען. מען האָט סאָרטירט די זאַכן — דאָס פאַר אונז און דאָס פאַרן זונדעלע.

די מאַמע האָט געשריגן אויף משה'לען פאַרוואָס ער האָט שוין, שפּרינגט: „אוי, געוואַלד, ווען פאָרט ער שוין אַוועק?", און גלייך האָט זי געגעבן אַ פליוך מיט טרערן: „וואָס הייסט ער פאָרט? טאַקע 10 וואָכן וועט ער זיין אין דער פרעמד?". איך בין אַרומגעגאַנגען אַ פאַרזאָרגטער: מען פאָרט שוין אין קאָונ־טרי, באַלד־באַלד קומט מען צוריק, און קיין פּיעסע איז נאָך אַלץ ניטאָ. אָבער דערווייל בין איך אָפּט צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ און מיר פאַרגעשטעלט, אַז איך האָב שוין אַ פּיעסע, פאַנטאַזירט ניגונים, ראָמאַנסן, לידער, טענץ. מיין פרוי האָט געשריגן: „געוואַלד, מ'קאָן משוגע ווערן! דאָס זונדל האָפּקעט, דו שפּילסט, דער טעלעפאָן קלינגט, די היץ איז גרויס, די ווינ־טער־זאַכן מאַכן נאָך הייסער... עס איז דאָך פון אייך ניט אויסצוהאַלטן!"

אין דעם כאַאָס, אין דער איבערקערעניש אין שטוב האָט מען געקלאַפּט אין טיר. איך בין געווען זיכער, אַז מ'קומט נאָך די קאַסטנס פון דער „אַדאַמס עקספּרעס קאָמפּאַני", האָב איך ניט געענטפערט, נאָר ווייטער געשפּילט, פאַנטאַזירט ביי דער פּיאַנאָ. מיין פרוי איז אַריינגעקומען:

— יאָזעף, האָסט דאָך נאָך ניט קיין פּיעסע, וואָס פאַנטאַזירסטו? אַ יונגערמאַן פרעגט זיך אויף דיר.

עס איז אַריין אַ נעט-געקליידעטער יונגערמאַן, אומגעפער פון אַ יאָר 27-28. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. איך האָב ניט געלייגט קיין געוויכט אויף דעם אומבאַקאַנטן נאָמען, איך האָב געוואָלט וויסן, וואָס ער וויל. ער האָט דערקלערט, אַז ער איז אַן אַקטיאָר, און האָט זיך גלייך צוריקגעכאַפּט. ס'הייסט, ער איז אַן עקטערל פון דער פּראָווינץ, אין ניו-יאָרק האָט ער קיינמאָל ניט געשפּילט.

איך האָב אים געוואָלט פרעגן: וואָס ווילט איר פון מיר?, אָבער ער האָט ווייטער גערעדט: „איך האָב אַ פּיעסע, פון וועלכער איר קאָנט מאַכן אַן אָפּערעטע". איך האָב באַשלאָסן, אַז ס'איז עפּעס אַ קרענק אין אַזאַ הייסן טאָג, אָבער ער האָט ווייטער גערעדט: „די פּיעסע האָב איך געשריבן פאַר אייער פּערסאָנאַל. די ראָלעס זיינען פאַר אייערע אַרטיסטן ווי אָנגעמאָסטן, איבערהויפּט פאַר מיכאַלעסקאָן". זיין אַרט רעדן איז מיר געפעלן, ווייל ער האָט גערעדט ווי אַ פּראָפעסיאָנאַל, האָב איך אים געזאָגט: „לייענט, אָבער מאַכט עס שנעל, ווייל די היץ איז גרויס, און איך פאָר נאָך היינט אַוועק אין די קאָונטרי". ער האָט גענומען לייענען, האָט אויסגערעכנט די פּערזאָנען, וואָס נעמען אָנטייל אין דער פּיעסע, און איך האָב גלייך געזען, אַז זיי זיינען טאַקע ווי אָנגעמאָסטן פאַר מיין קאָמפּאַניע.

ער האָט ווייטער געלייענט. איך האָב באַלד אויסגעפונען, אַז אַ מיידל אַ יתומה זוכט איר מאַמען; זי פילט, אַז איר מאַמע, וועלכע אַלע האַלטן פאַר טויט, לעבט ערגעץ-וואו. טראַכט איך: ס'איז אַ געשעפט — אַ מיידעלע, אַ יתומה'לע, זוכט איר מאַמען... עס זיינען שוין דאָ בעלנים ביים טעאַטער-פּובליקום, וועלכע וועלן רחמנות האָבן אויף איר און נאָך אפשר פאַרגיסן אַ טרער אויך... ווייטער אין דער פּיעסע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין יענעם שטעטל געפינט זיך אַ בחור, אַ סטודענט, וואָס

שטודירט אויף „וואַיענני דאָקטאָר" (מיליטער־דאָקטאָר). מיר איז די מעשה נאָך מער געפעלן... אַ מיליטערישער דאָקטאָר, אַ שיינער יונג, אַ יתומה'לע זוכט אַ מאַמען... איך האָב זיך גענומען צוהערן מיט מער אינטערעס, כאָטש אין הויז איז גע־ווען אַ טומל, מען איז געקומען נאָך די טראַנקס, און די היץ האָט געמוטשעט...



לואיס פריימאַן

פון דער פיעסע, וואָס דאָס עקטערל האָט מיר פאָרגע־לייענט, האָב איך אויסגע־פונען, אַז דאָס מיידל ווילן פאַר אַ כלה דאָס גאַנצע שטעטל בחורים: שוסטער־לעך, שניידערלעך, כלי־זמרים; אַלערליי הינקענ־דיקע, טויבע, קרומע, בלינ־דע — אַלע ווילן די יתומה פאַר אַ כלה! ערשטנס, איז זי טאַקע אַ שיינע; צווייטנס, קומט אַ פעטער פון אַמע־ריקע מיט אַ גרויסער ירושה פון איר פאַרשטאָרבענעם טאַטן. נו, איז שוין ניט קיין וואונדער, וואָס די אַלע בחורים ווילן זי פאַר אַ כלה!

און די יתומה זאָגט צו זיי בזה הלשון: ווער פון די אַלע בחורים, וואָס ווילן זי פאַר אַ כלה, וועט געפינען איר מוטער, מיט דעם וועט זי חתונה האָבן — מעג ער זיין אַ הינקענדיקער, אַ טויבער אָדער אַ שטומער. לאָזן זיך די אַלע קאַנדידאַטן אַרויס אויף דער וועלט זוכן די מאַמע. און עס זוכן זיך אָפּ אַ סך געבלאָפ־טע מאַמעס. איינער פון די קאַנדידאַטן, אַ טויבער, וועלכער

האָט ניט געהערט אַקוראַט, צי זי זוכט אַ מאַמען אָדער אַ טאַטן, ברענגט אַ געבלאָפּטן טאַטן.

עס איז איבעריק צו דערציילן, אַז כדי צופרידנצושטעלן דאָס אָרעמע יתומה'לע און איבערהויפּט דאָס ווערטע פּובלי־קום, ברענגט דער סטודענט, דער קראַסאַוועץ די אמת'ע מאַמע, טאַקע אַ שיינע, אַן אויסגעפּוצטע, אַ רייכע... עס איז דאָך אַן אָפּערעטע, מען קאָן דאָך ניט גלאַט ברענגען אַן אָרעמע מאַמע. אַי פאַרוואָס, פאַר ווען? וואָס הייסט אַ מאַמע, נאָך אַ רייכע דערצו, זאָל איבערלאָזן אַזוי פיל יאָרן איר אייגן קינד אויף גאָטס באַראָט? און נאָך וואָס פאַר אַ קינד — אַ שיינע, אַ קלוגע, וואַקסט ווי אַ רויז אין אַ שיינעם גאָרטן... אָבער די אַלע קלאָץ־קשיות קאָנען מיר, טעאַטראַלן, פאַרענטפערן איינס און צוויי. דער עיקר איז די מעשה, דאָס יתומה'לע...

ווען דער יונגערמאַן האָט געענדיקט לייענען דעם ערשטן אַקט, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך וויל ניט הערן ווייטער. ער איז נעבעך געבליבן זיצן אַ פאַר'חלש'טער. אָבער איידער ער איז נאָך געקומען צו זיך, האָב איך אים געזאָגט, אַז כ'האָב באַשלאָסן מיט דער פּיעסע אָנצוהייבן דעם סעזאָן. ער האָט ניט געגלייבט זיינע אויערן. האָב איך אים נאָך דייטלעכער גע־זאָגט, אַז דאָס איז די פּיעסע, צו וועלכער איך זעץ מיך גלייך שרייבן מוזיק, און זי וועט געשפּילט ווערן קומענדיקן סעזאָן אין סעקאָנד עוועניו טעאַטער. איך האָב אים געפרעגט, וואָס עס קומט פאָר אין צווייטן אַקט, ער זאָל דאָס מיר דערקלערן בקיצור. איך האָב געפילט, אַז דער פּלאַט (דער אינהאַלט) ווערט אינטערעסאַנטער, גלייביקער, נאַטירלעכער, און דער עיקר — קאָלירפול. עס לאָזט זיך מאַכן אויסשטאַטונג, מיט אַ סך מוזיק, וואָס וואַקסט אַרויס ווי פיס פון אַ קערפּער.

איך האָב אים געפרעגט, וואָס פאַר אַ נאָמען ער האָט גע־געבן דער פּיעסע, האָט ער געענטפערט: „פּריימאַן". האָב איך מיך געוואונדערט: וואָס איז דאָס פאַר אַ נאָמען פאַר אַן אָפּע־

רעטע „פריימאַן"? האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל„ פריימאַן הייס איך. די פּיעסע הייסט „די גאָלדענע כלה". איז מיר דער נאָמען אויך געפעלן, כאָטש איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען קיין כלה פון גאָלד; ס'קלינגט אָבער שיין. איך האָב מיר באַלד פאָרגעשטעלט, אַז ווען דאָס אָרעמע יתומה'לע מיטן מי־ליטערישן דאָקטאָר שטייען אונטער דער חופה, איז איר חופה־קלייד פון גאָלד, די חופה פון גאָלד, און דער חתן און די מחותנים — אַלע אין גאָלד. און כאָטש קיינער האָט נאָך ניט געזען אַזאַ זאַך ווי אַ גאָלדענע כלה, איז טאַקע בעסער, וועלן מיר עס ווייזן, און זאָלן אידן הנאה האָבן.

איך האָב פריימאַנען געפרעגט, צי ער ווייסט די באַדינגונ־גען פון די ניו־יאָרקער פּיעסן־שרייבער, האָט ער געענטפערט, אַז ער ווייסט ניט. האָב איך אים געזאָגט, אַז איך וועל ניט אויסנוצן דאָס, וואָס ער איז נאָך אַן אָנפאַנגער, און וועל אים צאָלן פונקט אַזוי פיל ווי עס באַקומען אַלע באַקאַנטע אידישע פּיעסן־שרייבער: 25 דאָלאַר פאַר אַ נאַכט־פאָרשטעלונג און 15 דאָלאַר פאַר אַ בייטאָגעדיקער פאָרשטעלונג. איך האָב באַ־מערקט, אַז כאָטש ער איז צופרידן, ממש גליקלעך, אָבער ער וויל עפּעס זאָגן. האָב איך פאַרכאַפּט: „איך פאַרשטיי, איר ווילט עפּעס געלט אין פאָרויס", האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל: „איר האָט געטראָפן". האָב איך געזאָגט צו אים: „איך וועל אייך געבן צוויי הונדערט דאָלאַר. גלייך איצט וועל איך אייך געבן אַ הונדערטער, און ווען איך וועל צוריקקומען פון דער קאַונטרי, קריגט איר דעם צווייטן הונדערטער". אָבער ער האָט געזאָגט, אַז ער באַדאַרף האָבן איצט צוויי הונדערט דאָ־לאַר. האָב איך אים געזאָגט, אַז אויב ער דאַרף איצט האָבן צוויי הונדערט דאָלאַר, זאָל ער גיין צום מענעדזשער פון טעאַ־טער, יוסף עדלשטיין, און ער וועט אים געבן דאָס געלט. דער יונגערמאַן, פריימאַן, האָט שוין געזען אין מיר, אַז איך וויל האָבן די פּיעסע, האָט ער זיך געפילט זיכערער און ער איז געגאַנגען

צום מענעדזשער פון טעאַטער. איך האָב דערוויַיל טעלעפאָנירט צו איזידאָר עדלשטייַינען, אַז אַ יונגערמאַן קומט מיט אַ פּיעסע, און ער זאָל אים ניט אַרויסלאָזן, ווייַל איך וויל זי אויפפירן און כ'נעם זיך גלייַך שרייַבן די מוזיק.

ווען דער יונגערמאַן איז געקומען אין טעאַטער, האָט אים איזידאָר עדלשטיין געזאָגט, אַז ער וועט אים געבן די צוויי הונדערט דאָלאַר, אָבער אַזוי ווי ער איז אַן אָנפאַנגער, וועט ער אים צאָלן מיט 5 דאָלאַר אַ פאָרשטעלונג ווייַניקער, ווי מען צאָלט די אָנערקענטע פאַרפאַסערס. פריימאַן האָט זיך געקוואַפּעט אויף די צוויי הונדערט דאָלאַר און ער האָט גלייַך צוגעשטימט צו די באַדינגונגען. ביים אַרויסגיין האָט אים איזידאָר עדלשטיין געפרעגט, צי ער האָט ניט עפּעס אַ מעלאָדראַמע פאַר דער דייַטשער שוישפּילערין דזשעני וואַליער. אויף מאָרגן האָט דער יונגערמאַן געבראַכט אַ מעלאָדראַמע מיטן נאָמען „שטאַרקער פון ליבע". זי איז געפעלן געוואָרן און מ'האָט זי ביי אים צוגענומען אויף די זעלבע באַדינגונגען ווי די אָפּערעטע „די גאָלדענע כלה".


מיכאל מיכאַלעסקאָ

מען האָט יענעם סעזאָן געשפּילט אַ גאַנצן סעזאָן דעם יונגן פאַרפאַסער לואי פרייַמאַנס צוויי פּיעסעס: די מעלאָדראַמע „שטאַרקער פון ליבע" האָט מען געשפּילט 14 וואָכן און די אָפּערעטע „די גאָלדענע כלה" — 18 וואָכן. אין בייַדע פּיעסעס האָט זיך זייער אויסגעצייכנט דער טאַלאַנטירטער שוישפּילער מיכאל מיכאַלעסקאָ. אין „שטאַרקער פון ליבע" האָט ער אַחוץ זייַן פייַנעם

שפּילן, געזונגען מײנעם אַ ראָמאַנס „ליבעס־שמערצן" (אױסער דער מוזיק, זײנען אױך די װערטער געשריבן געװאָרן פון מיר), װאָס איז געװאָרן זײער פּאָפּולער. אין דער אָפּערעטע „די גאָלדענע כלה" איז אױסער דעם װאָס ער איז געװען דער סטאַר און זינגער פון דער פּיעסע, איז ער אױך געװען דער רעזשיסער. שױן בײ זײן ערשטן אױפטריט אַלס אַ מיליטער־דאָקטאָר, װאו ער זינגט אַ סערענאַדע „היים, זיסע היים", האָט ער מיט זײן זינגען און האַלטונג אַרײנגעבראַכט דעם אײראָפּעאישן אָפּערעטן־שױשפּילער. איבערהױפּט איז מיכאַלעסקאָ אַ סך פאַראַנטװאָרטלעך פאַרן דערפאָלג פון די צװײ אױבנדערמאָנטע פּיעסעס.

מיר האָבן אױסגערעכנט, אַז אין פאַרלױף פון דעם גאַנצן סעזאָן, מיט אַלע יום־טובים, האָט פרײמאַן פאַרלױרן נאָענט צו אַכצן הונדערט דאָלאַר, און אפשר גאַנצע צװײ טױזנט, צוליב דעם, װאָס ער האָט זיך אײנגעשפּאַרט, אַז ער װיל אין פאָרױס צװײ הונדערט דאָלאַר. װען ער נעמט דעמאָלט בײ מיר די הונדערט דאָלאַר, װאָלט ער אָט די סומע ניט פאַרלױרן.

עס זײנען שױן זינט דעמאָלט אַװעק אַ סך יאָרן. לואיס פרײמאַן איז שױן אַן אָנערקענטער פּיעסן־שרײבער פאַרן אידישן טעאַטער, און װען ער זעט מיך, דערמאָנט ער מיך דעם אינצידענט מיט די הונדערט דאָלאַר, װעלכע האָבן אים געקאָסט נאָענט צו צװײ טױזנט דאָלאַר. און כאָטש ער האָט זיך דעמאָלט אָפּגענאַרט, בענקט ער נאָך יענער צײט, און ער װאָלט זיכער געװאָלט נאָך אַמאָל װערן אַזױ אָפּגענאַרט...

# מאַקס ריינהאַרט און אירווינג בערלין
# זעען „די גאָלדענע כלה"

איך האָב זיך געזעצט פליסיק אַרבעטן אויף דער מוזיק פון „די גאָלדענע כלה", און ניט נאָר אויף דער מוזיק, נאָר טאַקע אויף דער גאַנצער פּיעסע. דער יונגער פּאַרפאַסער, לואיס פריימאַן, האָט זיך באַלד איבערצייגט, אַז אין ניו־יאָרק שפּילט מען טעאַטער גאַנץ אַנדערש, ווי אויף דער פּראָווינץ. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך גיי אויפפירן זיין פּיעסע, האָט ער געמיינט, אַז ער איז שוין פּאַרטיק, ער דאַרף שוין מער ניט אַרבעטן. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז ערשט איצטער הייבט זיך אָן די אַרבעט פונעם פּאַרפאַסער. פון מחבר'ס שרייבטיש ביז דער בינע איז אַ גרויסער מהלך. ווען מען גייט אויפפירן אַ פּיעסע, מאַכט מען זי איבער, מען דרייט איבער דעם גאַנצן געבוי פון דער פּיעסע, און טייל מאָל בלייבט פונעם לייענען ביזן שפּילן בלויז דער סקעלעט פון דער פּיעסע. פון גלח ווערט אַ רב, פון אַ רביצין — אַ פּיפּיק ווייבל, פון ווינטער — זומער, פון אַ בידנעם אָרעמאַן — דער גרעסטער גביר פון שטאָט. עס פּאַסירט אָפט, אַז דער פּאַרפאַסער אַליין דערקענט ניט זיין אייגענע פּיעסע.

באָריס טאָמאַשעווסקי האָט אַמאָל איינגעלאַדן דעם פּאַרפאַסער יעקב טער, אַז ער זאָל קומען צו דער לעצטער פּראָבע פון זיין אָפּערעטע „די אידישע נשמה". דער פּאַרפאַסער האָט געזען איין אַקט, אַ צווייטן, און ער איז שרעקלעך בייז געוואָרן פאַרוואָס טאָמאַשעווסקי האָט פון אים חוזק געמאַכט און האָט אים פאַרבעטן צו אַ פּראָבע פון אַ פרעמדער פּיעסע. ווען טאָמאַשעווסקי האָט אים געזאָגט, אַז דאָס איז די פּיעסע, וועלכע ער האָט ביי אים מיט צוויי יאָר צוריק געקויפט, האָט ער געקוועטשט מיט די פּלייצעס און איז אַוועק. ער איז מער קיינ־

מאָל ניט צוריקגעקומען און האָט די פּיעסע קיינמאָל ניט געזען.

דאָס פּאַסירט ניט בלויז אין אידישן טעאַטער. עס האָט פּאַסירט, אַז אַן אַמעריקאַנער קאָמפּאַניע איז אַרויסגעפאָרן אי־בער דער פּראָווינץ אויף אַ פּאָר וואָכן אויספּרובירן אַ נייע פּיע־סע, איידער זיי שפּילן זי אויף בראָדוויי, אין ניו־יאָרק. ווען זיי זיינען געקומען אין דריי חדשים שפּעטער שפּילן די אָפּערעטע אויף בראָדוויי, האָבן זיי אַזוי פיל געענדערט און איבערגעדרייט די פּיעסע, אַז עס האָט זיך באַקומען, אַז זיי זיינען געקומען פון דער פּראָווינץ מיט אַ נייער פּיעסע, אַנדערע מוזיק, אַנדערע סינגערים און כמעט אַ נייע קאָמפּאַניע. דאָס איינציקע, וואָס איז געבליבן ביים אַלטן — איז געווען דער מענעדזשער.

אין דעם פאַל מיט דער אָפּערעטע „די גאָלדענע כלה" איז אויך געוואָרן גאַנץ אַנדערש פון דעם אָריגינאַל ביזן שפּילן. אָבער דאָ האָט שוין דער פּאַרפאַסער לואיס פריימאַן פיל גע־שריבן און איבערגעשריבן.

צום ביישפּיל: אין אָריגינאַל הייבט זיך די פּיעסע אָן מיט אַ חדר פּרייטיק בייטאָג. פאַר אַ חדר דאַרף מען דאָך אָבער האָבן אינגלעך, און אינגלעך איז שווער צו קריגן. אין אַזאַ פאַל טוט מען אָן כאָריסטקעס פאַר אינגלעך. אָבער צו יענער צייט האָב איך געהאַט אַ סעט כאָריסטקעס, וואָס זייערע קינ־דער און אפשר אייניקלעך וואָלטן זיך געפּאַסט פאַר חדר־אינג־לעך. האָט מען זיך געגעבן אַן עצה— פונם ענגן חדר איז גלייך געוואָרן אַ גרוים לופטיק רוסיש דאָרף, און פון די חדר־אינגלעך — דיקע, קרעפּטיקע שיקסעס און פויערים, אַזוי אַז די דיקע פיגורן פון די כאָריסטקעס האָבן ניט שטאַרק געשטערט.

מיר האָבן אַזוי פיל געשריבן און איבערגעשריבן די פּיעסע „די גאָלדענע כלה", אַז מיר זיינען כמעט ניט געווען פאַרטיק צום אָנהייב פון סעזאָן. האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מען זאָל דערוויל, אין פאַרלויף פון אַ פּאָר וואָכן, אויפפירן די מעלאָדראַמע „שטאַר־קער פון ליבע", וואָס מען האָט געקויפט ביים זעלבן פאַרפאַסער.

איך האָב אויף שנעל צוגעגרייט דריי־פיר נומערן מוזיק, פון וועלכע דער ראָמאַנס „ליבעס־שמערצן״ ווערט נאָך אַפילו היינט אָפט געזונגען אויף דער ראַדיאָ.

מען האָט די מעלאָדראַמע רעפּעטירט בלויז זעקס־זיבן מאָל, ווייל — ווי שוין געזאָגט — מען האָט גערעכנט זי צו שפּילן אַ דריי־פיר וואָכן. און אַזוי ווי אַ סך זאַכן קומען אומגעריכט, אַזוי איז געווען דער פאַל מיט אָט דער מעלאָדראַמע „שטאַרקער פון ליבע״. די פּיעסע האָט שטאַרק „אָנגעריסן״, און זי האָט 14 וואָכן צייט ניט געלאָזט אַרויפגיין אויף דער בינע די אָפּע־רעטע „די גאָלדענע כלה״. דער פּאַרפּאַסער האָט זיך אַליין אויסקאָנקורירט, אַז זיין מעלאָדראַמע זאָל ניט אַרויפלאָזן אויף דער בינע זיין אָפּערעטע.

ביי די פּראָבעס פון „די גאָלדענע כלה״ איז כמעט די גאַנ־צע קאָמפּאַניע ניט געווען שטאַרק צופרידן מיט דער פּיעסע. איך בין געווען פאַרצווייפלט און האָב מורא געהאַט פאַר אַ גרויסן דורכפאַל (ווען האָב איך דען ניט מורא? . . .). און ווען „די גאָלדענע כלה״ איז געקומען פאַרן געריכט, פאַרן ריכטער מיט דער דזשורי, וואָס דאַרפן אַרויסגעבן זייער אורטייל, איך מיין דאָס ווערטע פּובליקום, וואָס דאַרף אַנטשיידן, צי די אויפ־פירונג זאָל בלייבן לעבן, אָדער זאָל זיך מוטשען אַ פּאָר וואָכן — האָט אין דעם פאַל פון „די גאָלדענע כלה״ דאָס געריכט, איך מיין דאָס פּובליקום, גלייך די ערשטע נאַכט אַרויסגעגעבן דעם אורטייל, אַז עס איז אַ גרויסער דערפּאָלג. דאָס געלעכטער און די אַפּלאָדיסמענטן, און איבערהויפּט די געפּאַקטע הייזער, האָבן אָנגעהאַלטן 18 וואָכן.

דערווייל האָט מען גענומען שמועסן אויף בראָדוויי, אַז דער אידיש־אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר אווירווינג בערלין שדכנ׳ט זיך (דאָס הייסט זי צו אים) צו דער טאָכטער פון גרויסן אַמעריקאַנער מיליאָנער מעק־קעי. ווען איך האָב אים געזען אין אַ שבת אָוונט ביי דער פאָרשטעלונג פון „די גאָלדענע כלה״

מיט אַ דאַר, אָבער שיין מיידל, האָט ער מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז דאָס איז זי, דעם מיליאָנערס טאָכטער, זיין צוקונפטיקע פרוי. ביים סוף פון דער פאָרשטעלונג איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ מאַן מיט אַן אָנגענעמען שמייכל, מיט אַ קאָפּ געדיכטע שוואַרצע האָר, וואו עס האָבן זיך אויך דורכגעוואָרפן גרויע האָר, אַ קינסטלער־קאָפּ. איך האָב גלייך דערקענט פון די בילדער, אַז דאָס איז מאַקס ריינהאַרדט, דער גרעסטער דייטשער רע־זשיסאָר, און איידער ער האָט נאָך אַרויסגעזאָגט זיין נאָמען, האָב איך אים באַגריסט. און ווען אוירווינג בערלין און זיין צוקונפטיק ווייבל (זיין איצטיקע פרוי) האָבן מיר געזאָגט „אַ גוטע נאַכט", האָב איך זיי פאָרגעשטעלט פאַר מאַקס ריינ־האַרדטן. זיי זיינען שוין צוזאַמען געפאָרן פון טעאַטער.

אָבער דער גליקלעכסטער מענטש יענע נאַכט איז געווען דער אומבאַקאַנטער פּראָפעסאָר און פּראָווינציעלער אַקטיאָר לואיס פריימאַן, וואָס זיין אָפּערעטע „די גאָלדענע כלה" האָבן געזען אַזעלכע צוויי גרויסע פּערזענלעכקייטן ווי אוירווינג בער־לין און מאַקס ריינהאַרדט.

# געקומען אין דער ריכטיקער צייט

זינט דער אָפּערעטע „דאָס צעבראָכענע פֿידעלע", וואָס איך האָב געשריבן פֿאַר באָריס טאָמאַשעווסקין, האָבן מיינע אָפּע־רעטעס געטראָגן דעם כאַראַקטער פֿון מער ערנסטער מוזיק, ווי לייכטע. ביי די אומות העולם רופֿט מען עס „קאָמישע אָפּערע". אַזאַ זאַך איז געבויט אויף ליבע, ראָמאַנס. דער ליבהאָבער און די ליבהאָבערין זיינען די צענטראַלע פֿיגורן און די זייטיקע פּערזאָנען פֿירן אויס דעם קאָמישן עלעמענט. די גאַנצע האַנדלונג וויקלט זיך אַרום דעם מיידל מיטן בחור, וועמענס שידוך מען שטערט. זי איז די רייכע און ער איז דער אָרעמער, אָדער פֿאַרקערט, און די צעשטערער זיינען די אַרו־מיקע פּערזאָנען. אָפֿט איז דער קאָמיקער, אָדער בעסער גע־זאָגט, דאָס קאָמישע פּאָרל, די פֿריילעך־מאַכער און די, וואָס העלפֿן דעם שידוך.

אַזוי איז עס געגאַנגען יאָרן־לאַנג, איבערהויפּט אין דער צייט פֿון ראָמאַנטיזם, ווען דער קעניג, אָדער דער פּרינץ פֿאַר־ליבט זיך דוקא אין קוטשער, וועלכער איז אין דער אמת'ן אַ גרויסן מיניסטערס אַ זון. אָבער, ווי שוין געזאָגט, האַנדלט זיך עס אַלץ אַרום ליבהאָבער און ליבהאָבערינס. אויף די זעל־בע סיוזשעטן איז טאַקע געבויט דער גרעסערער טייל פֿון גרענד אָפּערע, וואו די ערשטע ראָלע זינגט דער טענאָר, און זייער זעלטן דער באַריטאָן, ווייל זיך דערקלערן אין ליבע אָדער אויס־דריקן ליידן פֿון ליבע פּאַסט זיך בעסער פֿאַר אַ טענאָר־שטימע, ווי פֿאַר אַ באַריטאָן־שטימע. זייער זעלטן האָט עס פּאַסירט, אַז דער באַריטאָן פֿון דער אָפּערע און דער קאָמיקער פֿון דער אָפּע־רעטע זאָלן זיין די צענטראַלע פֿיגורן.

האָט אָבער גענומען ווייען אַ ניי ווינטל אין דער פֿראַנצוי־זישער קאָמעדיע, און עס איז אַריבער אין דער אָפּערעטע, וואו

דער קאָמישער עלעמענט איז געוואָרן די צענטראַלע פיגור, און אַזעלכע סאָרטן אויפפירונגען זיינען געוואָרן אַן אָפּטע דערשיינונג אויף דער וועלט-בינע.

אין דעם רעפּערטואַר פון אידישן טעאַטער זיינען געווען אייניקע פּיעסעס, וואו דער קאָמישער עלעמענט איז געווען די צענטראַלע פיגור, ווי למשל, „שמענדריק", „די צוויי קוני לעמלס", און אַזעלכע קאָמיקער ווי זיגמונד מאָגולעסקאָ, בערל בערנשטיין, לייזער צוקערמאַן פלעגן אַמוזירן דאָס פּובליקום אויף זייער שטייגער.

מיין ערשטער עקספּערימענט פון בויען אַן אָפּערעטע אַרום אַ קאָמיקער איז געווען „דעם רבי'נס ניגון", מיט לודוויג זאַצן אין דער הויפּט-ראָלע אַלס „שייקעניו"; אָבער דעם „רבי'נס ניגון" האָט נאָך אַלץ געטראָגן אַן ערנסטן כאַראַקטער, און דאָס האָט מיר געגעבן אַ געלעגנהייט צו שרייבן אויך ערנסטע מוזיק.

אָבער זינט „ליאָווקע מאַלאַדיעץ" האָט אַריינגעטאַנצט אין אַמעריקאַנער אידישן טעאַטער — איך מיין צו זאָגן אַהרן לעבעדיעווס שפּילן אין „ליאָווקע מאַלאַדיעץ", וואו דער וויצןזאָגער, שפּרינגער און טענצער איז געווען די צענטראַלע פיגור און האָט געהאַט אַן אומגעהייערן דערפאָלג, און האָט טאַקע באַלד ווייטער געשפּילט מוזיקאַלישע קאָמעדיעס אין דעם זעלבן סטיל, ווי „שלמה'קע אויף בראָדוויי" פון יצחק לעש, און אַ ביסל שפּעטער „יאָשקע כוואַט", אויך פון יצחק לעש, וועלכע האָבן געהאַט ניט קיין קלענערן דערפאָלג ווי „ליאָווקע מאַלאַדיעץ", — איז געוואָרן אַ נייע שטרעמונג אין אידישן טעאַטער.

אין יענער צייט האָט מען גענומען שמועסן און שטאַרק אונטערהאַנדלען, אַז מען זאָל קאָמבינירן מיך מיט אַהרן לעבעדיעוון. איך האָב געפילט, אַז דאָס וועט זיין פון מיין זייט אַזוי ווי זיך אונטערגעבן, בעת איך שטיי פאַר די לעצטע יאָרן און פיר אויף גרויסע אָפּערעטעס. מיט מיין קאָמבינירן זיך מיט אַהרן לעבעדיעוון וואָלט עס געהייסן, אַז איך אָנערקען, אַז דער

לייכטער, טאַנצנדיקער, שפּרינגנדיקער, וואָדעוויל־ווערישער סטיל איז דער, וואָס מען פאַרלאַנגט איצט.

איך האָב באַשלאָסן צו בייטן אויף אַ קורצע צייט מיין סטיל, די מאַטאַ פון מיינע אָפּערעטעס, און אויפפירן אויך לייכטע, שפּילעוודיקע זאַכן. אָבער מיט וועמען? ווער וועט זיין דער ליאַווקע מאַלאַדיעץ, דער יאַשקע כוואַט? און עס איז מיר איינגעפאַלן, אַז מען דאַרף זוכן אַ ווייבערישן ליאַווקע מאַלאַדיעץ. איך בין אַרומגעגאַנגען מיט דעם געדאַנק, אַז איצט איז די ריכטיקע צייט צו ברענגען קיין אַמעריקע די אַמעריקאַנער אַקטריסע פון אייראָפּע — מ אַ ל י  פּ י ק אָ ן.

איך האָב דעמאָלט אויפגעפירט אַן אָפּערעטע פון וויליאַם סיגעל, „די אַמעריקאַנער רביצין", וועלכע האָט ניט געהאַט קיין גרויסן דערפאָלג, טאַקע ווייל די צענטער־פיגור — די אַמעריקאַנער רביצין — איז ניט געווען קיין קאָמידיען.

דער געדאַנק און פאַרלאַנג צו ברענגען מאָלי פּיקאָן איז ביי מיר געשטיגן מיט יעדן טאָג, און איך האָב פעסט באַשלאָסן, אַז איך וועל ניט וואַרטן ביזן קינפטיקן סעזאָן. אַזוי ווי די נאָענט־סטע פּיעסע איז אַ מעלאָדראַמע „אַ מאַמעס אָפּפער" מיט דזשעני וואַליער, אין וועלכער איך בין פריי, וועל איך פאָרן קיין איי־ראָפּע ברענגען מאָלי פּיקאָן. אין דער צייט, וואָס מיר וועלן פאָרן צוריק קיין אַמעריקע וועל איך צוזאַמען מיט יאַנקל קאַליכן אויסקלערן עפּעס פּאַסיקס פאַר מאָלים ערשטן אויפטריט.

איך האָב פון מיין באַשלוס קיינעם ניט געזאָגט, אַפילו ניט מיין פרוי, און אויך ניט דעם מענעדזשער, יאָסל עדלשטיין. אין אַ מיטנוואָכיקער פאָרשטעלונג, ווען מען האָט געשפּילט „די אַמעריקאַנער רביצין", בין איך געשטאַנען אין אָרקעסטער און געטראַכט, אַז אויב יאַנקל קאַליך און איך וועלן ניט געפינען עפּעס פּאַסיקס פאַר מאָלים ערשטן אויפטריט אין אַמעריקע, וועט זי אויפטרעטן אין דער „אַמעריקאַנער רביצין", וועמעס ראָלע איז פאַר איר ווי אָנגעמאָסטן, און אַז מאָרגן גיי איך קויפן

אַ טיקעט אויף דער נאָענטסטער שיף, וואָס גייט אָפּ קיין איי־ראָפּע.

עס איז געווען אַ געפּאַקט הויז, אַן אויספּאַרקויפטער בע־נעפיט. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און דערזען אין דער איי־בערשטער באָקס (לאָזשע), אין וועלכער עס זיינען געזעסן און געשטאַנען אַזוי פיל מענטשן, וויפל עס קאָנען אַריין, אַ מיידעלע אין אַ רויט מאַנטעלע, און איבער איר איז געשטאַנען אַ דאַרער חסיד׳ישער יונגערמאַן מיט אַ קאַראַקולענעם קראַגן. זיי האָבן מיך דערמאָנט, מיט זייער אויסזען, אַן מאַלי פּיקאָן און יאַנקל קאַליך, וועלכע איך האָב געטראָפן אין לאָדזש און אין ווין. איך האָב ביי זיך געלאַכט: ווי אַ מענטשנס געדאַנק קאָן אים פאַרפירן; גראָד ווייל איך טראַכט וועגן זיי איצט, האָט זיך ביי מיר אין געדאַנק פאָרמירט אַ מאַלי פּיקאָן און אַ יאַנקל קאַליך. אָבער מיין נייגעריקייט האָט מיך ניט אָפּגעלאָזט: איך האָב דאָרט נאָך אַמאָל און נאָך אַ קוק געטאָן, האָב געווישט מיינע אויגן, צי כ׳זע ריכטיק, און האָב באַמערקט, ווי דער דאַ־רער חסיד׳ישער יונגערמאַן, וועלכער איז געשטאַנען לעבן מיי־דעלע מיטן רויטן מאַנטעלע, מאַכט צו מיר מיט דער האַנט, און אויך זי האָט צו מיר געשאָקלט מיט דער האַנט. ס׳איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס זיינען מאַלי פּיקאָן און יעקב קאַליך. איך בין זיי געווען דאַנקבאַר, וואָס זיי האָבן מיר פאַרשפּאָרט די טרחה צו פאָרן נאָך זיי קיין אייראָפּע.

ווען איך האָב זיך באַגעגנט מיט זיי נאָך דער פאָרשטעלונג, האָב איך געזאָגט צו קאַליכן:

— יאַנקל, מען זאָגט, אַז איר זייט אַ קלוגער גאַליציאַנער, און איצט האָט איר מיך מיט אייער קומען קיין אַמעריקע איי־בערגעצייגט, אַז ס׳איז אַזוי, ווייל איר זענט געקומען אין דער ריכטיקער צייט.

# מען וועגט אַ סטאַר אויפֿן פונט

אין ווילנע איז געווען איינער, רחמיאל טרעגער. דאָס איז געווען אַ איד, אַ גבור, אַ ריז; זיינס אַ האַנט, אַ פוס, יעדער אבר — מאַסיוו, קרעפטיק, שטאַרק; אַ הערקולעס. מיט שווערע שטריק אַרומגעבונדן איבער זיין קרעפטיקן קערפּער, פלעגט ער שטיין אויפֿן קליינעם פּלאַץ מיט אַלע טרעגערס, וואַרטן מען זאָל זיי רופן טראָגן שווערע משאות. אַלע אַנדערע טרעגערס זיינען אויך נישט געווען קיין קראַנקע אינגלעך; יעדער פון זיי איז געווען אַ געזונטער, קרעפּטיקער חברה־מאַן, אָבער קעגן רחמיאל'ן האָבן זיי אויסגעזען ווי ליליפּוטן, ווי חדר־אינגלעך.

ווען מיר האָבן זיך אַריבערגעקליבן פון גלעזער־גאַס אין באַנקאָווסקים הויף, בין איך יענעם טאָג אין חדר נישט גע־גאַנגען. איך האָב געוואָלט זען ווי רחמיאל טרעגער וועט טראָגן די שווערע, אַלטע זאַכן פון אונזער שטוב, איבערהויפּט דעם שלאָף־באַנק. דאָס איז געווען אַ בעט, אַ גרויס בעט, און בייטאָג איז עס געווען אַ לאַנגע באַנק צום זיצן, כמעט איבערן גאַנצן שטוב. מען האָט באַדאַרפט וויסן, ווי אַזוי זיך אַוועק־צוזעצן אויף דער שלאָף־באַנק, ווייל די אויבערשטע ברעט האָט געהאַט אַ גרויסן שפּאַלט, גאַנץ איינפאַך צעבראָכן אויף העלפט, און ווער עס האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי זיך צו זעצן פאָר־זיכטיק, פלעגט דער שפּאַלט פון באַנק אַריינכאַפּן אַ שטיק... ווי הייסט מען עס?... ווען מיין ברודער איציק האָט גע־בראַכט זיין כלה חנה, אַ דאַרע מויד, שוין ניט קיין גאַנץ יונגינקע, צום ערשטן מאָל צו אונז אין הויז, האָב איך אויס־מאַרקירט, אַז איר זאָל אויסקומען זיך זעצן אויף דער שלאָף־באַנק, און איר קוויטש „אוי" קלינגט מיר נאָך איצט אין די אויערן.

מיר האָט זיך זייער געוואָלט זען וואָס רחמיאל וועט טאָן מיט דער שלאָף־באַנק, ווי אַזוי וועט ער זי אַריבערשלעפּן, און צו מיין מזל, האָט ער זי איבערגעלאָזט צום לעצט, אַזוי ווי אַ דעזוירט נאָך אַ מאָלצייט אָדער פאַרטרינקען מיט אַ גלעזל טיי. די גאַנצע צייט האָט ער געגעבן אָרדערס, ער איז געווען דער דיריזשאָר. פאַר יעדן טרעגער האָט ער געהאַט אַן אַנדער נאָמען, בעסער געזאָגט, אַ צונאָמען אַזאַ, ווי לייבקע זאַאיקע, בערל פאָנפּאַטש, חיימקע רעטשישניק (ער האָט געהאַט אַ קאָליר פון אַ רעטשישניק, אַזאַ ווילנער מאכל), און אַנדערע. ווען עס איז געקומען צו דער שלאָף־באַנק, האָט ער זיך איינגעבויגן און די אַנדערע חברה האָבן די שלאָף־באַנק אַרויפגעלייגט אויף זיין שווערן קערפּער, און ער איז געגאַנגען מיט דער שלאָף־באַנק אויף זיין רוקן, אַזוי ווי איך אין קלאָס מיט די ביכער.

איך — אַ דאַרס, אַ גרינס, פלעג ליב האָבן פאַרבייצוגיין דעם פלאַץ און קוקן אויפן שיינעם, שווערן, קרעפּטיקן קערפּער פון רחמיאל דעם טרעגער. איין מאָל בין איך געגאַנגען מיט מיין טאַטן, האָב איך געזען, ווי אַ קליינטשיקע דאַרע, באַוועגלעכע אידענע שטייט לעבן רחמיאל דעם טרעגער, ער איז גאַנצן איינגעבויגן, גלעט זי מיט זיין שווערע האַנט, וועלכע איז געווען כּמעט אַזוי גרויס ווי די גאַנצע אידענע. ער לאַש־טשעט, גלעט איר קאָפּ און געזיכט... זיין פּנים איז פון אַ קליין קינד, שמייכלט, אויסגעגאָסן פול מיט קינדערשער פרייד. מיין טאַטע, באַמערקנדיק ווי איך באַוואונדער און שטעל זיך אָפּ און גיי נישט ווייטער, האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז רחמיאלס מאַמע, רבקה די קורצע, אַ טייערע אידענע, אַ פרומע; זי ברענגט ליכט פאַר די קראַנקע ווייבער אין הקדש, זיי זאָלן בענטשן פרייטאָג ליכט. און מיין טאַטע זאָגט ווייטער: „רחמיאל דער טרעגער האָט זי זייער ליב, ער איז אַ גוט קינד צו איר"... עס האָט פאַר מיר געקלונגען פריקרע

פּאָר מיינע יונגע אויערן — רחמיאל דער טרעגער, דער ריז, דער גבור — אַ קינד! און זי, די פּיטשעניונטשיקע, קליינינקע, אויסגעדאַרטע, רירעוודיקע רבקה די קורצע — זיין מאַמע.

ווען פון די טעאַטער־מענטשן איך האָב פּאַרטרויט דעם סוד, אַז מיין נעקסטער סטאַר וועט זיין מאַלי פּיקאָן, פלעגן זיי זיך געבן אַ קרים און זאָגן: „זי איז טאַקע אַ פעאיק מיידעלע, אַ טאַלאַנטירט קינד, אָבער אַ סטאַר?" ביים זאָגן „אָבער אַ סטאַר", פֿלעגן זיי מיינען, אַזאַ פּילורעלע, אַזאַ פּיטשעניונטשיקע. ווייל די סטאַרס פון די אידישע טעאַטערס זיינען דאַן געווען הויכע, מאַסיווע פּערזענלעכקייטן, אַזוי ווי יעקב פּ. אַדלער, דייוויד קעסלער, זיגמונט פיינמאַן, בערטאַ קאַליש, אַפילו קעני ליפּצין, וועלכע איז ניט געווען אַזוי הויך, פלעגט אָנטאָן הויכע קנאַפּלען און זיך אויסציען ביי איר שפּילן טעאַטער. אָבער אַ סטאַר מיט אַזאַ פיגורל ווי מאַלי פּיקאָן פלעגט קיינער פון די טעאַטער־לייט ניט באַגרייפן. און ווען איך פלעג הערן די באַמערקונג וועגן מאַלי פּיקאָנס קליינער פיגור, פֿלעג איך מיך דערמאָנען אָן רחמיאל דעם טרעגער, דעם ריז, דעם גבור, מיט זיין פּיטשעניונטשיק, זגראַבנע מאַמעלע. און איך פלעג מיר פאָרשטעלן דאָס אידישע טעאַטער, די משא פון רחמיאל דעם טרעגער, און מאַלי פּיקאָן, דאָס קליינטשיקע מאַמעלע, וועלכע וועט מיט איר טאַלאַנט זי קענען דערטראָגן.

מיר האָבן באַשלאָסן, אַז איר ערשטער אויפטריט זאָל זיין „יאַנקעלע", טאַקע די פּיעסע, וועלכע איך האָב געזען זי שפּילן אין לאָדזש און אין ווין, אָבער מיט אַ גרעסערן פּאַרנעם, מער מענטשן און אַ גרויסע אויסשטאַטונג. כאָטש די מוזיק פון „יאַנקעלע" איז געווען געשריבן פון מיר, האָבן מיר זי אין אַמעריקע ניט געקענט שפּילן, ווייל עס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון מיינע שוין געשפּילטע פּיעסן.

יאַנקל קאַליך און איך האָבן זיך געזעצט פלייסיק אַרבעטן איבער דער פּיעסע און מוזיק. מיר האָבן אַ סך צוגעגעבן, ווי

צום ביישפּיל, שלום ערשטן אַקט ביים סדר, ווען דאָס אינגעלע יאַנקעלע (מאַלי פּיקאָן) רעדט פון אליהו הנביא, האָבן מיר געמאַכט, ווי אליהו הנביא באַווייזט זיך טאַקע מיט מלאכים און רופֿט „יאַנקעלע״, ווערנד יאַנקעלעס פּנימל לייכט פאַר פרייד פֿון שלאָף.

מיר פערזענלעך האָט זיך זייער געוואָלט, אַז מאַלי פּיקאָן זאָל זיין אַ גרויסער בייפאַל, ווייל ווי שוין געזאָגט, האָבן טעאַטער־מענטשן ניט שטאַרק געגלייבט אין דעם. אַנדערע זיינען געגאַנגען אַזוי ווייט און זיך אויסגעדריקט, אַז עדעל־שטיין, דער מענעדזשער, מאַכט זיך אומגליקלעך, און אַז דאָס וועט אַלץ זיין מיין שולד, איינע פון רומשינסקיס משוגע׳נע איינפאַלן און אידעעס.

צו יעדער פּראָבע פון „יאַנקעלע״ פלעג איך זי פרעגן: „זאָג מיר מאַלי, וואָס קענסטו עפּעס נאָך?״, פלעגט זי מיר זאָגן, אַז זי וואָלט וועלן אַזאַ און אַזאַ נומער אָדער אַ טאַנץ. מיר פלעגן עס אַריינשטעלן אין דער פּיעסע. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן און ביי יעדער פּראָבע פלעגט עפּעס צוקומען — צאַצקעלעך, נומערלעך, טענץ...

איין מאָל, שוין כּמעט אויף דער לעצטער פּראָבע, האָט מיר מאַלי געזאָגט, אַז זי קאָן נאָך עפּעס, אפשר קאָן מען עס נאָך אַריינשטעלן. איך בין געוואָרן נייגיריק און זי גע־פרעגט: „מאַלי, וואָס איז עס? אפשר איז נאָך דאָ צייט אַריינצושטעלן אין דער פּיעסע?״ האָט זי מיט איר מאַלי פּיקאָן קינדעריש טענדעלע געזאָגט: „איך קאָן מאַכן גוט אַ באָרשטש״....

# מאַלי פּיקאָנס ערשטער אויפטריט

עס איז מערקווירדיק: מאַלי פּיקאָן, וועלכע איז געבוירן געוואָרן אין ניו־יאָרק אויף דער איסט־סייד, דערצויגן אין פילאַדעלפיע, געגאַנגען דאָרט אין סקול, חדר, היי־סקול, גע־שפּילט קינדער־ראָלן מיט די גרעסטע אידישע סטאַרס פון אַמעריקאַנער אידישן טעאַטער, געשפּילט ענגליש וואָדעוויל איבער אַמעריקאַנער שטעט און שטעטלעך, האָט אין איר ערשטן אויפטריט אַלס „יאַנקעלע" געמאַכט אַן איינדרוק, אַזוי ווי אַ געבוירענע אייראָפּעאישע אַקטריסע, און ווען ניט איר רעדן גוט ענגליש, זיינען אַפילו אירע באַנעמונגען געווען איי־ראָפּעאיש.

איך האָב געהאַט אַ פּראָבלעם פאָרצושטעלן די אַמערי־קאַנער געבוירענע אַקטריסע פאַרן אַמעריקאַנער אידישן פּוב־ליקום, און דאָס גרעסטע פּראָבלעם איז געווען דער איבער־גאַנג פון די שווערע, גרויסע אָפּערעטן צו אַזאַ לייכטן קינדער־שפּיל, אַ קינדער־לעגענדע, ווי „יאַנקעלע", וואו די גאַנצע האַנד־לונג דרייט זיך אַרום אַ חדר־אינגעלע. אויף דער וועלט־בינע איז עס ניט ניי, ס'איז אויך געשריבן געוואָרן אַן אָפּערע, וואו צוויי קינדערלעך שפּילן די הויפּט ראָלן, דאָס איז „הענדזל און גרעטעל", און נאָך אייניקע אין דעם זעלבן סטיל. אָבער אין אידישן טעאַטער איז עס געווען אַ נייער עקספּערימענט, ווייל נאָך „שמענדריק" איז עס געווען די ערשטע אויפפירונג פון אַ מאָדערנער מוזיקאַלישער קאָמעדיע, מיט אַזאַ מין לייכטער האַנדלונג, כּמעט אַ וויץ, אַ חלום, אַ פאַנטאַזיע.

באַלד ווי מ'האָט אַנאָנסירט איר אויפטריט אין סעקאָנד עוועניו טעאַטער אַלס „יאַנקעלע", זיינען אידן געקומען קויפן טיקעטס, און די אידן זיינען ניט געווען קיין איינגעזעסענע,

נאָר פריש־אָנגעקומענע, וועלכע האָבן זי געקאַנט פון איר שפּילן אין לאָדזש, וואַרשע, בערלין, ווין, בוקאַרעשט און יאַסי.

די פּראָפעסיאָנעלע וועלט האַלט זיך אַלע מאָל העכער פון דורכשניטלעכן פּובליקום. ליטעראַטן, מוזיקער, מאָלער, אַקטיאָרן גייען אַרום אַלע מאָל מיט מורא — גאָט ווייס, צי דאָס פאָלק וועט זיי פאַרשטיין אָדער פאַרשטייט זיי. אין אידישן טעאַטער האָט זיך אַפילו אַנטוויקלט אַ ספּעציעל וואָרט פאַרן פּובליקום — „משה" אָדער „משה'ס". און אַזוי איז אויך געווען די מורא מיט דער פאָרשטעלונג „יאַנקעלע", אַז עס איז צו לייכט, צו שפּילעוודיק פאַרן פּובליקום, איבערהויפּט פאַר „משה'ן".

מיין ענטפער אַלע מאָל צו ליטעראַטן, אַרטיסטן און מו־זיקער איז, אַז עס איז אַ פאַלשער באַגריף זיך צו האַלטן העכער פון די, וועלכע פילן אָן די קאָנצערט־זאַלן, טעאַטערס און אַנדערע לאָקאַלן. זיי, די וואָס מאַכן אונזערע קליידער, גרייטן צו אונזער שפּייז, פירן אונזערע געשעפטן, אונזערע דאָקטוירים, לאַיערס און אַנדערע זאָלן פֿאַרשטיין, באַגרייפן און פילן ווייניקער ווי די אַקטיאָרן — דאָס איז אַ פאַלשער באַגריף. ווערנד די פּראָבן פון „יאַנקעלע" פלעג איך הערן באַמערקונגען פון כמעט יעדן אַקטיאָר באַזונדער, אַז די פּיעסע „יאַנקעלע" איז צו לייכט, צו שפּילעוודיק פאַרן פּוב־ליקום, איבערהויפּט פאַר „משה'ן". ס'איז מיר נמאס געוואָרן צו הערן די באַמערקונגען פון דער קאָמפּאַני. האָב איך זיי איין מאָל געפרעגט, צי זיי געפעלט די פּיעסע, און איבער־הויפּט, צי זיי פֿאַרשטייען עס? האָבן זיי אַלע געענטפערט, אַז „יאָ". האָב איך געזאָגט, אַז „אויב אייך געפעלט עס און איר פאַרשטייט עס, וועט עס דאָס פּובליקום פּאָזיטיוו אויך פאַר־שטיין, ווייל קיינער פון אייך איז ניט אינטעליגענטער און פאַרשטייט ניט מער פון יעדן דורכשניטלעכן טעאַטער־גייער".

און מיט דעם האָבן זיך געענדיקט אַלע קשיא׳ם און באַמער־קונגען.

עס זיינען פאַראַן אַקטיאָרן, וועלכע שפּילן טעאַטער קיינמאָל ניט שלעכט, אָבער קיינמאָל ניט גוט. זיי טוען אָפּ זייער שטיקל אַרבעט בשלמות, אַזוי ווי אַן אַרבעטער אין שאַפּ אָדער פאַבריק. פאַר דעם סאָרט אַקטיאָרן עקזיסטירט נישט קיין ערשטע פאָרשטעלונג און ניט קיין לעצטע. אַזאַ איינער איז ניט נערוועז ביי דער פּרעמיערע, און קלאָגט ניט און בענקט ניט נאָך דער פּיעסע (אפשר נאָך די ווײַדזשעס), ווען מען שפּילט זי די לעצטע נאַכט.

מאַלי פּיקאָן, וועלכע איז אַזוי פריי אויף דער בינע, מען קאָן זאָגן, פרייער ווי ביי זיך אין דער היים, ווייל אויף דער בינע לעבט זי זיך אויס, זי איז בויגזאַם; וואָס זי טוט איז גראַציעז, מיט קינדערשע ,קלוגע, חנ׳עוודיקע באַוועגונגען — איז די ערשטע נאַכט, ביי איר אויפטריט אין ניו־יאָרק אין „יאַנקעלע”, געווען שווער, האָט זיך ניט געפונען קיין פּלאַץ. זי האָט יענע נאַכט ניט געשפּילט, נאָר אַרונטערגעזאָגט די ווערטער; זי האָט ניט געטאַנצט, נאָר אָפּגעטאַנצט: ניט געזונגען, נאָר אַרונטערגעזונגען. עס האָט זיך געפילט ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג, ווי זי וויל זי אָפּ׳פּטר׳ן. עס איז געווען דערפאַר, ווייל מאַלי האָט גאַנץ גוט באַגריפן וואָס עס האָט געהייסן דאַן פאַר איר אַ סוקסעס אָדער אַ דורכפאַל. איז זי אַ סוקסעס, בלייבט זי אַ סטאַר פון אַמעריקאַנער אידישן טעאַטער, און אויב ניט — מוז זי גיין צוריק שפּילן אויף דער פּראָווינץ. דאָס צופיל באַגרייפן די סיטואַציע און די לאַגע האָט געשטערט איר שפּילן און עס האָט איר געמאַכט שטייף, ניט בויגזאַם, און זי האָט זיך די גאַנצע נאַכט קיין פּלאַץ ניט געפונען.

דער סוקסעס פון יענער נאַכט איז געווען יאַנקל קאַליך, וועלכער האָט געשפּילט אַ היימישן סאָלדאַטיק. איך האָב אים

געזען שפּילן די ראָלע אין איראָפּע פיל בעסער, ווייל דאָרטן איז ער ניט געווען באַזאָרגט איבער מאָלים נערוועזיטעט. אָבער אַזוי ווי ער האָט ניט געקענט שפּילן טעאַטער אַזוי גוט ווי מאָלי פּיקאָן, האָט ער ניט געקענט זיין אַזוי שלעכט ווי מאָלי פּיקאָן. נאָך דער פאָרשטעלונג האָבן מיך איינִיקע געקיבעצט, אַז איך האָב ניט אַנאָנסירט דעם ריכטיקן סטאַר — איך האָב אַנשטאָט מאָלי פּיקאָן געדאַרפט אַנאָנסירן יאַנקל קאַליך אַלס דעם סטאַר. דאָס גליק איז געווען, וואָס עס איז געווען ניט איין פאָרשטעלונג, נאָר פינף פאָרשטעלונגען, איינע נאָך דער אַנדערער, און טאַקע גלייך אויף מאָרגן, שבת בייטאָג, ביי אַן אויספאַרקויפט הויז, איז מאָלי געוואָרן מאָלי פּיקאָן. זי האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיטן פּובליקום און דאָס פּובליקום מיט איר. דאָס קינדערשע, נאַאיווע, לייכטע, שפּילעוודיקע האָט פאַרכאַפּט ניט נאָר מאָלים שפּילן, נאָר אויך די גאַנצע פאָרשטעלונג, די לעגענדע, די לייכטקייט. איך האָב מיך נאָך אַמאָל איבערצייגט, אַז אַ קונסט, וואָס מען פאַרשטייט נישט, איז קיין קונסט נישט, און אַז עס איז נישטאָ קיין שונד און קיין ליטעראַטור, נאָר גוטס און שלעכטס. און אויך ניט קיין צווייערליי פּובליקום, נאָר איין פּובליקום, און אויף „גוט" זיינען אַלע מבינים.

מאָלים שפּילן און דאָס שפּילעוודיקע, מוזיקאַלישע לוסטשפּיל, אין וועלכן זי איז אויפגעטראָטן, האָבן עס פאַרענטפערט, אַלע עלעמענטן טעאַטער־באַזוכער זיינען געקומען אין מאַסן, און צוגעגעבן, אַז אויף „גוט" איז יעדער אַ מבין.

## מאַלי ציִיגט איבער, אַז זי קען זיין אַ מיידל

„אַז זינגען זאָל זיין געזונגען און טאַנצן זאָל זיין גע־טאַנצט". אַזוי פלעגט מען יאָרן לאַנג אַנאָנסירן אויף די פּלאַ־קאַטן (פּאָוסטערס) און אין די צייטונגען פון אידישן טעאַטער. דאָס הייסט, ווען מען זינגט, זינגט מען גוט, און ווען מען טאַנצט, טאַנצט מען נאָך בעסער.

מען פלעגט אויך אַנאָנסירן, „קול המון כקול שדי" — די שטימע פון פאָלק איז די שטימע פון גאָט. דאָס הייסט, אַז דאָס גאַנצע פאָלק איז מיט דער מיינונג, אַז די און די פּיעסע איז אַ גרויסער בייפאַל. נאָך מאַלי פּיקאָנס ערשטן אויפטריט אין „יאַנקעלע", איז איר פּאָפּולאַריטעט געוואַקסן מיט יעדער פאָרשטעלונג. האָבן מיר אויסגענוצט די אַלע טיטולירטע רעק־לאַמעס, אַזוי ווי: „קול המון כקול שדי", „זינגען זאָל זיין געזונגען און טאַנצן זאָל זיין געטאַנצט", „די סענסאַציע פון אייראָפּע", „דער ליבלינג פון דער איסט־סייד", „די שפּילעווו־דיקע", „די שפּרודלדיקע", ביז מיר האָבן די אַלע טיטולירטע רעקלאַמעס אַוועקגעוואָרפן און מיר האָבן אַנאָנסירט בלויז „מאַלי פּיקאָן", ווייל עס איז איינפאַך געוואָרן אַ „מאַלי פּיקאָניזם", אַזוי ווי אין אַ געוויסער צייט איז אין אַמעריקע און אין אייראָפּע געווען אַ „דאָנקאַניזם". די איבערקערעניש, וואָס איזאַדאָראַ דאָנקאָן האָט געמאַכט אין דער וועלט פון באַלעט, האָט מאַלי פּיקאָן געמאַכט אין אידישן טעאַטער מיט „יאַנקעלע". האָבן מיר די אַלע טיטולירטע רעקלאַמעס אַוועק־געוואָרפן און אַנאָנסירט בלויז „מאַלי פּיקאָן". אַזוי ווי אַלע מאָל פעלן ניט קיין ניט־פאַרגינער, טאַקע פּראָפעסיאָנעלע אייפערזוכט, אַזוי האָט אין דעם פאַל מיט מאַלי פּיקאָן אויך ניט געפעלט קיין אייפערזוכט. ניט נאָר איז אַ טייל פון די

אַרטיסטן געווען אײמפּערזיכטיק אויף מאַלי פּיקאָן, נאָר אַפילו אויף מיר, וואָס איך בין געווען אַזאַ געזונטער מבין.

ווען איר פּאָפּולאַריטעט האָט גענומען וואַקסן מיט יעדער פאָרשטעלונג און דאָס טעאַטער איז געווען געפּאַקט ביי יעדער פאָרשטעלונג פון „יאַנקעלע", האָבן די שטענדיקע ניט-פאַרגינער אָנגעהויבן צו טענה'ן בזה הלשון: „יאַנקעלע" איז אַ קינד, אַ אינגעלע, אַ לויפערל, וואָס דאָס פּאַסט זיך זייער גוט צו איר פיגור... לאָמיר זען, אַז זי זאָל שפּילן אַ מיידל, וואו מען דאַרף שוין האָבן מיידלשן חן, פרויען-גראַציע... מען האָט אַפילו געמאַכט דעם חשבון, אַז יאָרן לאַנג האָט זי געשפּילט קינדער-ראָלן, שפּילט זי איצט אין „יאַנקעלע" אויך אַ קינד, אָבער אַ מיידל, אַ פריילין, דאָס איז שוין אַ פראַגע, און, ווי עס דריקן זיך אויס טעאַטער-מענטשן „דאָס דאַרף מען איבער-ציילן".

איין מאָל זאָגט מיר יאָסעלע עדעלשטיין, דער מענעדזשער: „איך דענק, אַז מען דאַרף אויפפירן מיט מאַלין נאָך אַ פּיעסע, וואו זי זאָל שפּילן אַ מיידל"... זאָג איך: „וואָס, יאָסעלע, (אַזוי פלעגן מיר רופן יאָסל עדעלשטיינען), מען האָט שוין אייך אויך איינגערעדט, אַז מאַלי קען ניט זיין קיין מיידל? מילא, אַז אַ געבוירן מיידל זאָל ניט קענען שפּילן קיין אינגל, דאָס קאָן פּאַסירן און עס פּאַסירט. אָבער אַז אַ מיידל זאָל ניט קענען שפּילן אַ מיידל, דאָס איז דאָך אוממעגלעך". ענטפערט יאָסל עדעלשטיין: „דו ווייסט דאָך ווי איך האָב ליב מאַלין און ווי איך האַלט פון איר. איך האָב דאָך איר אַפילו אַ נייעם מאַנטל געקויפט, איך ווייס, איך גלויב, אַז זי איז גוט אין אַ מיידל אַזוי ווי אין אַ אינגל, אפשר נאָך בעסער, אָבער פאָלג מיך, איידער דער סעזאָן וועט זיך ענדיקן, פיר אויף מיט מאַלין אויף איניקע וואָכן אַ פּיעסע, וואו זי שפּילט אַ מיידל".

אַרום טעאַטער און ביים טעאַטער האָט מען גענומען אָפּט

רעדן וועגן מאַלים שפּילן אַ מיידל, ביז יאַנקל קאַליך און איך האָבן באַשלאָסן אויפצופירן אַ פּיעסע, וועלכע זי האָט געשפּילט אין אייראָפּע מיט גרויס בייפאַל. דאָס איז געווען „ציפּקע פייער״. די קאָמעדיע „ציפּקע פייער״ האָט מען אין אַמעריקע געשפּילט אין אַלע אַרומיקע טעאַטערלעך, אַזוי ווי אין ברוקלין, בראָנקס און אויך אין דער פּראָווינץ, אָבער ניט אויף דער עוועניו. יאַנקל און איך האָבן זיך געזעצט אַרבעטן אויף דער פּיעסע און דער מוזיק, און אַזוי ווי „יאַנקעלע״, האָבן מיר די אָפּערעטע געמאַכט גרעסער, שענער, מיט מער פּאַרנעם, אַ גרעסערן פּערסאָנאַל, אַ גרויסע אויסשטאַטונג... און מיר האָבן אויך אַוועקגענומען דעם „פייער״, דאָס הייסט ניט פון דער פּיעסע, נאָר פֿון דעם נאָמען „ציפּקע פייער״. ווייל איך בין געווען מיט דער מיינונג, אַז פייער פּאַסט זיך ניט פאַר מאַלין. ציפּקע פייער פּאַסט זיך פאַר אַ געזונטער, שטאַרקער, גרויסער מויד. אָבער פאַר מאַלין פּאַסט זיך „ציפּקע די רירעוודיקע״, „ציפּקע די חנ׳עוודיקע״, „ציפּקע די שטיפערקע״ אָדער גאָר „ציפּקעלע״. איז געבליבן, אַז מען זאָל דאָס „פייער״ אַוועקוואַרפן און אָנאָנ־סירן „ציפּקע״ פון לואיס פריימאַן און סעמיועל קאָהן. אָבער איך בין אַ לעבעדיקער עדות, אַז יאַנקל קאַליך האָט געטאָן אין דער פּיעסע אַ סך גוטע אַרבעט.

מאַלי פּיקאָן האָט זיך אויסגעצייכנט אין „ציפּקע״ אין איר אַנדערשקייט פון „יאַנקעלע״ ניט נאָר מיט דעם, וואָס זי האָט געשפּילט אַ מיידל, נאָר די גאַנצע פּיעסע, די גאַנצע אַטמאָספֿערע איז געווען אַן אַנדערע. איבערהויפּט האָט מאַלי אין דער ראָל פון „ציפּקע״ ניט נאָר געשפּילט בעסער ווי אין „יאַנקעלע״, נאָר זי האָט זיך אפילו געפילט פרייער ווי אין „יאַנקעלע״, שוין מיט דעם אַליין, וואָס זי האָט געשפּילט אַן אַמעריקאַנער מיידל, וואו זי קען זיין פריי מיט איר ענגליש... און זי פלעגט טאַקע מיט איר שפּילן „ציפּקע״ דערמאָנען אַן קלאַראַ באָה, דזשאַנעט געינאָר, בעל בעיקער און פעני בריים.

מיט איר שפּילן „ציפּקע" האָט מאַלי פּיקאָן אויך באַוויזן אַז זי קען זיין סענטימענטאַל, זיין פאַרליבט און אויך ליידן פון ליבע, מיט איר זינגען „אַ ביסעלע ליבע און אַ ביסעלע גליק". דאָס איז געווען מיין ערשט ליבעס־ליד, וואָס איך האָב געשריבן פאַר מאַלי פּיקאָן, טאַקע צו אירע אייגענע ווערטער.

אַז מאַלי פּיקאָן קען שפּילן אַ מיידל האָב איך לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן. ביי דער פּרעמיערע, נאָך דעם ערשטן אַקט, איז צוגעגאַנגען צו מיר אַן אַקטריסע, וועלכע איך האָב געוואָלט אַנגאַזשירן פאַרן נעקסטן סעזאָן, און זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי קען אויף דעם נעקסטן סעזאָן ניט זיין אין דעם טעאַטער, ווייל ביז איצט האָט זי געהאָפט, אַז מאַלי פּיקאָן קען נאָר שפּילן אַ אינגל, אָבער זי האָט זיך איבערצייגט, אַז זי איז אַלס מיידל אָנגענעמער און געשמאַקער, טאָ וואָס האָט זי שוין צו טאָן אין דעם טעאַטער. די אַקטריסע האָט זיך ניט נאָר ניט אַנגאַזשירט ביי אונז אין טעאַטער, נאָר זי איז איבערהויפּט אַוועק פון טעאַטער. דאָס איז געווען איר לעצטער סעזאָן.

עס האָט מיך פאַרדראָסן, וואָס איך האָב פאַרלוירן די אַקטריסע, אָבער עס האָט מיך געפרייט, וואָס מאַלי פּיקאָן האָט איבערצייגט, אַז זי קען זיין אַ מיידל.

## „אַ ביסל ליבע און אַ ביסעלע גליק"

די פּיעסע „ציפּקע" האָט מען אויפגעפירט אייניקע וואָכן פאַר פסח און אויך די וואָך פון פסח — צוזאַמען אַרום 5—6 וואָכן. אין די דאָזיקע עטלעכע וואָכן איז די מוזיקאַלישע קאָמעדיע „ציפּקע", געוואָרן זייער פּאָפּולער און דאָס לידל „אַ ביסל ליבע און אַ ביסעלע גליק" איז געוואָרן דער לייט־מאָטיוו ניט נאָר פון „ציפּקע", נאָר אויך דער לייט־מאָטיוו פון אַלע שעפּער, הייזער און רומענישע רעסטאָראַנען.

מיר וואָלטן נאָך געשפּילט „ציפּקע" אַ שטיק צייט נאָך פסח אויך, האָבן מיר אָבער שוין געהאַט קאָנטראַקטן פֿון פריער מיט טעאַטערס איבער דער פּראָווינץ, אַרויסצופאָרן מיט מאַלים ערשטן סוקסעס „יאַנקעלע".

די טעאַטער־פּראָפעסיע האָט ווידער געמיינט, אַז מיר מאַכן אַ טעות, וואָס מיר ריזיקירן אַרויסצופאָרן מיט אַן אומ־באַקאַנטן סטאַר איבער אַמעריקע, ווייל מאַלי האָט דאַן גע־שפּילט בלויז 14 וואָכן „יאַנקעלע" און 6 וואָכן „ציפּקע", און 20 וואָכן איז ניט גענוג אום צו ווערן פּאָפּולער איבער אַמעריקע.

די ערשטע שטאָט איז געווען פילאַדעלפיע, די שטאָט וואו מאַלי פּיקאָן איז דערצויגן געוואָרן און האָט אויך געשפּילט קינדער־ראָלן. דאָס פילאַדעלפיער טעאַטער־פּובליקום האָט זיך געפילט געשמייכלט, וואָס אַלע יאָרן ברענגט מען זיי סטאַרס פון ניו־יאָרק, און איצט האָט ניו־יאָרק געבראַכט זייער איי־גענע מאַלי פּיקאָן אַלס סטאַר, און ניט נאָר האָבן זיי זיך גע־פֿרייט, נאָר טאַקע אָנגעפילט די הייזער. אַממערסטן האָט זיך געפילט געשמייכלט מיט מאַלים סוקסעס אַן עלטער פאָר־פאָלק, וואָס פלעגט זיצן אין „באָקס" כמעט ביי יעדער פאָרשטעלונג. זי — אַ נידעריקע, אַ רואיקע, נעט, אַלטמאָדיש, פיין געקליידעט;

ער — אַ הויכער, שלאַנקער, מיט אַן אויסזען פון אַ רוסישן סוחר, לעבעדיקע, קלוגע, כּמעט וואָוילינגערישע אויגן, געקליידעט נאָך דער לעצטער מאָדע, ניט נאָר נעט, נאָר טאַקע ווי אַ פראַנט, דער סוט, די שיך, דער קראַוואַט (נעק־טיי) — אַלץ האָט הארמאָנירט, עס האָט „געמעטשט". זי די אַלטיטשקע, פלעגט קיין אויג ניט אַרונטערנעמען פון מאַלין. די גאַנצע צייט פון דער פאָרשטעלונג פלעגט זי קוקן אויף דער בינע. ער פלעגט זיצן כּמעט אויסגעדרייט צום פּובליקום, אַזוי ווי ער וואָלט געפרעגט: „נו, וואָס זאָגט איר אויף מיין מאַלין? יאָ, יאָ, עס איז מיין מאַלי, איך בין דער זיידע און זי איז די באָבע". און ער פלעגט מיר אָפט זאָגן: „איר זעט מאַלין טאַנצן, אַזוי האָב איך געטאַנצט. און איצט, כאָטש איך בין שוין העט־העט אַריבער די 70ער, קען איך נאָך איצט געבן אַ טאַנץ „פּאַ נאַשעמו", פּאַ רוסקי, אַ קאָמאַרינסקע, אַזוי ווי אַ מאָל ביי אונז אין רוסלאַנד".

ווען מיר זיינען אַ מאָל, שפּעטער, צוזאַמען געווען אין אַ ניו־יאָרקער רוסישן רעסטאָראַן, וואו מ'האָט געטאַנצט אַלערליי רוסישע טענץ, איז ער, דער זיידע, געזעסן די גאַנצע צייט און גע'טענה'ט: „דאָס איז אויך געטאַנצט? איר האָט באַדאַרפט מיך זען טאַנצן אַ קאָמאַרינסקע, „עך, טשאָרט פּאָבערי"... און מאַלי פלעגט געבן אַ וואונק: „נו, זיידע, גיב אַ טאַנץ, ווייז וואָס דו קענסט; זאָל מר. רומשינסקי אויך זען..." „ביי מיר האָסטו שוין גע'פועל'ט, איצט פועל ביי דער באָבען" — האָט ער געענטפערט און די באָבע פלעגט מיט איר רואיקן, געלאַסענעם טאָן זאָגן: „זאָל שוין דיין אייניקל מאַלי טאַנצן; מיר האָבן שוין אונזערס אָפּגעטאַנצט".

דאָס אַרומפאָרן מיט „יאַנקעלע" איבער דער פּראָווינץ איז געווען זייער סוקסעספול. די גאַנצע זעקס וואָכן איז יעדע פאָרשטעלונג געווען אַ יום־טוב — באַנקעטן, באַגריסונגען, פאַרשיידענע פּאַרטיס, אָבער יאַנקל קאַליך און איך זיינען געווען

אַ ביסל פאַרזאָרגט... און דאָס איז די אייביקע זאָרג — וואָס שפּילט מען ווייטער? וואו נעמט מען אַ פּיעסע? און וואָס מער מיר האָבן זיך דערנעענטערט צו ניו־יאָרק, איז די זאָרג פון „וואו נעמט מען אַ פּיעסע?" געוואָרן אַלץ גרעסער.

ווען מיר זיינען געקומען קיין ניו־יאָרק, האָבן מיר זיך אריינגעוואָרפן מיט אונזער גאַנצער ענערגיע זוכן אַ פּיעסע פאַרן נעקסטן סעזאָן. ווי שוין געזאָגט, זיינען יאַנקל קאַליך און איך געווען זייער פאַרזאָרגט וועגן אַ פּיעסע, און איך פּלעג מיך זייער וואונדערן, וואָס יאָסל עדלשטיין, דער מענעדזשער, דער וואָס פלעגט זיך זאָרגן וועגן אַ פּיעסע אַלע יאָרן מער פון אַלעמען, איז דאָס מאָל אַזוי רואיק, אַז ער רעדט גאָרניט פון דעם. ווען יאַנקל קאַליך און איך האָבן אים דערציילט מיט פרייד, אַז יאָזעף לאַטיינער האָט אונז געלייענט אַ פּיעסע, וועלכע מיר האַלטן, אַז זי איז גוט פאַר מאַלין און פאַר דער גאַנצער קאָמפּאַני, און עס האָט אַ גוטן קלינגנדיקן נאָמען, וועלכער פּאַסט זיך פאַר אַן אָפּערעטע, און דאָס איז „דאָס ציגיינער מיידל", האָט אונז יאָסל עדעלשטיין גוט אויסגעהערט און עס האָט אויף אים ניט געמאַכט קיין גרויסע ווירקונג. ווען איך האָב אים געפרעגט אַ פּאָר מאָל פאַרוואָס ער איז אַזוי גלייכגילטיק וועגן אַ פּיעסע פאַר דעם נעקסטן סעזאָן, האָט ער מיר פאַרטרויט אַ סוד, אַז באַזונדערס מיר האָט ער דאָס ניט געוואָלט זאָגן, ווייל ער וויל מיר ניט שטערן אין מיין אַרבעט אין שרייבן מוזיק צו אַ נייער אָפּערעטע, נאָר ער רעכנט, אַז מיר וועלן אַזוי גיך קיין נייע פּיעסע נישט דאַרפן. האָב איך אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער הייבט אָן דעם נעקסטן סעזאָן מיט „ציפּקע". איך האָב אים אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם, ווייל „ציפּקע" איז איבער־הויפּט געווען אַן אַלטע פּיעסע, אַן אָפּגעשפּילטע, עס איז אמת, איך האָב געמאַכט נייע מוזיק, יאַנקל קאַליך האָט עס איבער־געאַרבעט, אָבער דאָך אַן אַלטע פּיעסע. האָט מיר יאָסל עדעל־

שטיין געזאָגט, אַז ער איז זיכער, אַז „ציפּקע" איז אַ גרעסע־רער סוקסעס ווי „יאַנקעלע", און אַז עס וועט ניט העלפן מיין און אַלעמענס רעדן און אָפּרעדן אים דערפון. ער האָט אַנט־שלאָסן פאַרענדיקט: „מיר הייבן אָן דעם קינפטיקן סעזאָן מיט „ציפּקע".

איך מוז צוגעבן, אַז דער אַלטער, דערפאַרענער טעאַטער־דירעקטאָר, יאָסל עדלשטיין, האָט געזען פאָראויס בעסער ווי מיר אַלע. כאָטש „ציפּקע" איז געווען אַן אַלטע אָפּגעשפּילטע פּיעסע און איז שוין אויך געשפּילט געוואָרן מיט מאַלי'ן אַליין זעקס וואָכן, האָט מען דאָך דעם נעקסטן סעזאָן אָנגעהויבן מיט „ציפּקע" און געשפּילט 17 וואָכן פאַר פול־געפּאַקטע הייזער. דער פּאָפּולערסטער נאָמען איז געוואָרן „ציפּקע" און דאָס פּאָ־פּולערסטע ליד איז געוואָרן „אַ ביסל ליבע און אַ ביסעלע גליק".

## דער „פאָרווערטס"־מאַסקען־באַל

דער יערלעכער „פאָרווערטס"־באַל איז געווען ניט נאָר אַ באַל, וואו מענטשן פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן מיטן צוועק צו טאַנצן, נאָר אַ פּלאַץ, וואו לאַנדסלייט, באַקאַנטע, אַפילו קרובים, ווייטע און נאָענטע, פלעגן זיך טרעפן פון יאָר צו יאָר. איינזאַמע, עלנטע, יונגע מענטשן פלעגן דורך דער באַקאַנטשאַפט פון אַ „פאָרווערטס"־באַל שליסן שידוכים, ווייל די 18־20 טויזנטדיקע מאַסע, וועלכע פלעגט קומען צו אַ „פאָרווערטס"־באַל, פלעגט ווערן ווי איין פאַמיליע. אַלעמענס פּנים'ער האָבן געלויכטן פאַר פרייד. עס איז געווען אַ גראַנדיעזער, הערלעכער אַרבעטער־יום־טוב. אָן צערעמאָניעס, אָן זיך פאָרצושטעלן, פלעגט מען רעדן איינע צו די אַנדערע, אַפילו זיך געבן אַ קלאַפּ אין פּלייצע און זאָגן: „וואָס זאָגסטו, אונזער באַוועגונג, די פאַמיליע ווערט גרעסער!" מען פלעגט הערן רעדן אַלערליי דיאַלעקטן פון אידיש: רומענישן אידיש, רוסישן אידיש, אַמעריקאַנישן אידיש, פּוילישן אידיש, גאַליציאַנער אידיש און אַפילו אוקראַינישן אידיש, אָבער אַממערסטן רוסיש.

די מאַסקעס זיינען געווען זייער אינטערעסאַנטע, און מאַנכע פון זיי האָבן אויסגעדריקט באַשטימטע אידעעס. ספּעציעל די פּרייז־מאַסקעס: זיי פלעגן צוזאַמענגעשטעלט ווערן פון גאַנצע געביידעס, הייזקעס, שטיבלעך, סטאַטועס — זיי פלעגן אַזוי שטיין ביז צום גרענד־מאַרש. אַן אָרקעסטער פון עטלעכע און פערציק יוניאָן־מוזיקער פלעגט שפּילן אַלערליי סאָרטן טענץ, דיריגירט פון דעם קאָנטראַקטאָר פון אָרקעסטער, וועלכער איז געווען אַ קהל'שער קאַכלעפל, אָדער אַ נאָענטער מענטש אין דער באַוועגונג, אַזוי ווי וואַטמאַן און שילער.

איך בין יאָרן־לאַנג געווען דער גאַסט־דיריגענט. איך פלעג דיריגירן דעם גרענד־מאַרש, ווען אַלע מאַסקעס פלעגן מאַרשירן

אַרום און אַרום איייניקע מאָל, אַזוי ווי אין שול שמחת־תורה צו הקפות.

דער קאָמיטעט, צוזאַמענגעשטעלט פון חשוב׳ע סאָציאַ־ליסטן און שרייבער, אַזוי ווי אב. קאַהאַן, זאַמעטקין, מאיר לאָנ־דאָן, ד״ר אינגערמאַן, שלעזינגער, מאַקס פיין און אַנד., פלעגט זיצן אין אַ באָקס און אַרויסגעבן דעם אורטייל, וועלכע פון די מאַסקעס זאָלן באַקומען די העכערע און וועלכע קלענערע פרייזן.

מיין ערשטן גרענד מאַרש האָב איך צוזאַמענגעשטעלט פון סאָציאַליסטישע קאַמף־לידער, אידישע און רוסישע, אָנגעהויבן און געענדיקט מיט דער „מאַרסעליעזע״, וואָס איז דאַן געווען דער סימבאָל פון פּרייהייט. איך געדענק דעם ציטער, וואָס איך האָב געקראָגן דאָס ערשטע מאָל, נאָך כמעט אַ גרינער, ווען די טענער פון פאַרבאָטענע (אין רוסלאַנד) סאָציאַליסטישע לידער האָבן אָפּגעהילכט און זיך געטראָגן איבערן גאַנצן ריזיקן מעדיסאָן סקווער גאַרדען פראַנק און פריי, ניט האָבנדיק פאַר קיינעם קיין שום מורא. די הערלעכע עלעקטרישע באַלייכטונג, דער צוזאַמענגאָס פון די קאָלירפולע און מאַנכע אידעען־רייכע מאַסקעס מיט די פריילעכע פנים׳ער פון דער מאַסע, פנים׳ער פול מיט האָפענונג פאַר יענער זייט ים, וואו עס זיינען פאַר־בליבן די ליבסטע און טייערסטע — דאָס אַלעס צוזאַמען פלעגט צוזאַמענשטעלן אַ בילד, וואָס לאָזט זיך ניט פאַרגעסן פאַר יאָרן און יאָרן־לאַנג.

נאָך דעם גרענד־מאַרש פלעג איך מיטן אָרקעסטער שפּילן אַ אידישן אָדער אַ רוסישן סעלעקשאָן, און די גאַנצע מאַסע פלעגט בלייבן שטיין אומבאַוועגליך און זיך איינהערן. מוזיק איז אין יענער צייט געווען אַ זעלטנהייט, ספּעציעל ביים פּראָלע־טאַריער, ווייל קיין ראַדיאָ איז נאָך ניט געווען, אַ פאָנאָגראַף מיט רעקאָרדס איז געווען אַ קאָסטבאַרע הוצאה, איז מוזיק געווען אַ זעלטנהייט פאַר דעם אָרעמען אַרבעטער, און בפרט נאָך אַ גרויסער אָרקעסטער פון עטלעכע און פערציק מענטשן.

פֿלעג איך באַוואונדערן און שטאַרק הנאָה האָבן פון דעם, ווי אַ מאַסע פון נאָענט צו צוואַנציק טויזנט מענטשן שטייט פּאַראַליזירט און הערט זיך איין און זינגט מיט היימישע, באַקאַנטע ניגונים און ווערטער, וואָס פאַר מאַנכע לידער וואָלט מען אויף יענער זייט ים פאַרשיקט און געשמידט אין אייזערנע קייטן.

נאָכן אידישן אָדער ענגלישן סעלעקשאָן פלעג איך מיטן אָרקעסטער שפּילן אַ קאָמאַרינסקע (אַ רוסישער טאַנץ), און איך פלעג הנאה האָבן צו שפּילן זיך מיטן פּובליקום, דאָס הייסט, איך פלעג זיך אַמוזירן זעענדיק ווי אַ צוואַנציק טויזנט קעפּיקע מאַסע טאַנצט נאָך מיין שטעקעלע; איך פלעג אָפט בייטן די טעמפּאָ, און די מאַסע פלעגט טאַנצן אַזוי ווי איך פלעג שפּילן, אומגעפֿער: אָט דיריגיר איך די קאָמאַרינסקע לאַנגזאַם — הויבט זיך די מאַסע ווי אַ כוואַליע אין ים, לאַנגזאַם; און באַלד שנעלער, שנעלער, זייער שנעל, און די כוואַליעס פון די מענטשן הויבן זיך אין דער לופטן און דרייען זיך שנעל ווי אַ וויכער. און ווען איך פלעג אַרויפברענגען דעם טאַנץ אין שנעלסטן עקסטאַז, פלעג איך מיט אַמאָל אָנהויבן שפּילן צוריק לאַנגזאַם, און אַזוי פלעגט די קאָמאַרינסקע אָנהאַלטן אַ שטיק צייט. דאָס פלעגט זיין מיין לעצטער נומער, אָבער דער באַל פלעגט נאָך אָנגיין ביז אין טאָג אַריין.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן פלעג איך צוזאַמענשטעלן דעם גרענד־מאַרטש פֿון פּאָפּולערע לידער פון אידישן טעאַטער; איך האָב אַפילו איין מאָל געבראַכט די כאָרן פון אַלע אידישע טעאַטערס און זיי האָבן געזונגען ווען דער גרענד־מאַרטש איז אָנגעגאַנגען.

אין דעם ערשטן סעזאָן פון מאַלי פּיקאָנס סוקסעס אין „יאַנקעלע״, האָט מען אַנאָנסירט, אַז מאַלי פּיקאָן וועט זינגען מיטן אָרקעסטער איינִיקע מעלאָדיעס פון גרענד־מאַרטש. פיר־פינף גאַסן פאַר דעם מעדיסאָן סקוועיר־גאַרדן האָט מען ניט געקאָנט דורכגיין פאַר ענגשאַפט פון מענטשן; איך בין, ווי

געוויינטלעך, געקומען פֿריער, איך האָב געוואָרט מיטן גרענד־מאַרטש, וועלכער פלעגט אַלע מאָל זיין פינקטלעך 12 האַלבע נאַכט, אויף מאַלי פיקאָן, אָבער מאַלי איז נאָך נישטאָ; איך האָב געשיקט איינעם פון דער קאָמיטע, זיי זאָלן זי ברענגען; זי איז אַריינגעקומען די האָר צעשויבערט, די קנעפּ פון איר מאַנטעלע אָפּגעריסן, אָבער זי האָט געלאַכט, יאַנקל קאַליך האָט געלאַכט צוזאַמען מיט די קאָמיטע־לייט און דערציילט, אַז די פּאָלים־לייט ביי דער טיר האָבן זי ניט געוואָלט אַריינלאָזן, ווייל קינדער לאָזט מען ניט אַריין צו אַ מאַסקן־באַל; זי האָט זיך געבעטן ביי זיי און זיך געשוואוירן, אַז זי איז שוין אַ פאַרהייראַטע פרוי; יאַנקל קאַליך האָט זיך געשוואוירן, אַז ער איז איר געזעצלעכער מאַן, כדת משה וישראל, אָבער די פּאָליסלייט האָבן זיך געהאַלטן ביי זייערס, אַז „דיס איז נאָ פלעיס פאָר טשילדרען, עי קיד לאַיק יו שוד בי אין בעד נאַו" (דאָס איז ניט קיין פּלאַץ פאַר קינדער, אַזאַ קינד איז שוין צייט צו שלאָפן), ביז די קאָמיטע־לייט, וועלכע האָבן געטראָגן בעדזשעס, האָבן איבערצייגט, אַז דאָס איז דער נייער שטערן פון דער אידישער בינע — מאַלי פּיקאָן.

איך האָב דאַן אָנגעהויבן דעם גרענד־מאַרטש מיט „אָט גייט יאַנקעלע", און כמעט די גאַנצע מאַסע האָט געזונגען, און די מאַסקעס האָבן עולה־רגל געווען צוזאַמען מיט מאַלי פּיקאָן און דעם גאַנצן אָרקעסטער אונטער די טענער פֿון „אָט גייט יאַנקעלע".

## שנעל געקומען און שנעלער אַוועק

עס איז אַן אַלטער כּלל, אַז יעדע טאַטע־מאַמע זעען אין זייער קינד מער מעלות ווי חסרונות. און ווער רעדט נאָך, אַז דאָס קינד איז טאַקע באַגאַבט, איז הימל עפן זיך. איבער־הויפּט טעאַטער־מענטשן, וועלכע זיינען פון דער נאַטור שווער־מער, איבערטרייבער; זיי זעען אין זייערע קינדער סאַראַ בער־נאַרדס, דוזעס, טעטראַזיניס, לילי פּאָנזעס, קאַרוזאָס, דזשאַן באַרימאָרס. כאָטש די דאָזיקע עלטערן זיינען גאַנץ געזונטע מבינים, קריטיקירן יעדע זאַך און יעדן, אָבער ווען עס קומט צו זייער אייגן בלוט און פלייש, ווערן זיי אַ ביסל בלינד און טויב, און קוועלן אָן פון יעדן ריר, פון יעדן באַוועג, וואָס זייער טאָכטער אָדער זון מאַכט.

אַז די בינע איז אַ גרויסער מאַגנעט, וואָס ציט כּמעט יעדן צו, דאָס איז אויך אַן אַלטער כּלל. פון אָרעמען און מיטעלערן קלאַס איז שוין אָפּגערעדט, נאָר אַפילו די רייכסטע קינדער, טיטולירטע און אַפילו פון קעניגלעכע פאַמיליעס פאַרלאָזן זייערע באַקוועמע היימען און לויפן צו דער בינע. איז שוין נישט קיין וואונדער, וואָס אַזאַ מענטש ווי איך, וועלכער איז יאָרן־לאַנג פאַרבונדן מיטן טעאַטער און שאַף און שרייב פאַר אַקטיאָרן און אַקטריסעס, זאָל הערן אָפט פון עלטערן דערציילן די מעלות פון זייערע קינדער, אַז זיי זיינען צוקונפטיקע „שטערן", מיט וועמען אַ וועלט וועט קלינגען, ווען מען וועט זיי נאָר געבן די געלעגנהייט, און די דאָזיקע עלטערן שטייען טאַקע צו מיר צו, אַז איך זאָל אויסהערן זייערם אַ טעכטערל אָדער אַ זונדעלע, וועלכע לערנען זיך זינגען און שפּילן. איך מוז מודה זיין, אַז אין די מייסטע פאַלן גיס איך „קאַלט וואַסער", דאָס הייסט, זעלטן־ווען דערמוטיק איך אַזעלכע קינדער, ווייל איך האַלט, אַז די וועלכע האָבן ווייניק טאַלאַנט און נעמען זיך צום טעאַטער־

פֿאַך, זיינען די טרויעריקסטע באַדויערנסווערטסטע, כמעט אומ־גליקלעכע. וואָרים אַ קליינער סוחר, ניט קיין גרויסער דאָקטאָר, ניט קיין גאָר פּעאיקער לאָיער און אַ דורכשניטלעכער בעל־מלאָכה — די אַלע האָבן זיך זייער פּלאַץ אין זייער וועלטל. אָבער אַן אַקטיאָר אָדער אַן אַקטריסע מיט ווייניק טאַלאַנט זיינען ביים טעאַטער ווי אַ פינפטע ראָד צום וואָגן. מען באַמערקט זיי גאָרנישט און מ'רעכנט זיך ניט מיט זיי. דערפאַר בין איך זייער פאָרזיכטיק מיט מיין עצה און מיינונג וועגן קינדער און אַפילו דערוואַקסענע, וועלכע ווילן זיך נעמען צום טעאַטער־פאַך.

ווען סעם לעווין, דער כאָר־זינגער, וועלכער איז געווען אין סעקאָנד עווענין טעאַטער אין דער צייט פון „רבינ'ס ניגון", האָט מיך געבעטן איך זאָל אויסהערן זיין טעכטערל, וועלכע שפּילט פּיאַנאָ און לערנט זיך זינגען, האָט איך אים געפרעגט: „ווי דענקט איר, זי האָט טאַלאַנט?", האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער דענקט, אַז זי איז ניט שלעכט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געהערט פון אַ טאַטן — און נאָך דערצו אַ טעאַטער־מענטש — אַזאַ באַשיידענעם ענטפער: „ניט שלעכט". דער דאָזיקער באַשיידענער ענטפער האָט מיך געמאַכט אים זאָגן, אַז ער זאָל שיקן זיין טאָכטער צו מיר אין הויז אַריין דעם קומענדן שבת.

יענעם שבת, ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט אַרום צוועלף מיטאָג־צייט, מחמת איך בין געגאַנגען שלאָפן ערשט פינף פאַר־טאָג, האָט מיר מיין פרוי געזאָגט, אַז אַ מיידעלע וואַרט שוין אַ שעה צייט איך זאָל זי פאַרהערן. איך האָב גע'עצה'ט מיין פרוי צו באַשטעלן זי אַ צווייטן מאָל. מיין פרוי האָט געזאָגט, אַז עס איז ניט שיין, ווייל זי איז דעם כאָריסט סעם לעווינס טאָכטער.

ווי נאָר כ'האָב זי דערזען, האָב איך גלייך באַשלאָסן, אַז זי באַלאַנגט צום טעאַטער, מיט איר פיגורל און מיט אירע

שוואַרצע ברענענדיקע אויגן... אין איר שטיל־שווייגן האָט געברענט אַ פייערל און איבערהויפּט „טעאַטער"... איך האָב זי געפרעגט ווי אַלט זי איז, האָט זי געזאָגט: „זיבעצן", און מיר פאַרזיכערט מיט אַ קליינעם קוק און שמייכל, אַז ניט מער.



לוסי לעווין

איך האָב דעמאָלט באַמערקט, אַז בירושה דאַרף זי זיין מוזיקאַליש. וואָרים אַחוץ דעם, וואָס איר טאַטע איז אַ זינגער, איז איר מאַמעס זיידע, בערל דער חזן, געווען יאָרן־לאַנג דער חזן אין דער ווילנער „גאַבראַנישער שול". ער איז געווען אַ גרויסער בעל־תּפילה.

איך האָב איר געהייסן עפּעס זינגען, האָט זי זיך געזעצט צו דער פּיאַנאָ און געזונגען אַן אַריע פון „ריגאָלעטאָ" און אַליין באַגלייט זיך. איך האָב גלייך באַשלאָסן, אַז איר טאַטע איז ניט גערעכט צו איר, זאָגנדיק, אַז זי איז „ניט שלעכט". זי איז אַ סך, אַ סך בעסער ווי „ניט שלעכט" — זי איז די צוקונפטיקע פּרימאַדאָנע אין אידישן טעאַטער, אויב זי וועט מיך נאָר פאָלגן.

זי האָט געזונגען נאָך איניקע איטאַליענישע אַריעס און דאַן האָט זי מיר דערציילט, אַז זי שפּילט פּיאַנאָ אין אַ מואווינג פּיקטשור טעאַטער (דאַן זיינען נאָך געווען אין דער מאָדע די שטילע מואווינג פּיקטשורס) און זי גיט לעקציעס אין פּיאַנאָ און זי אַליין לערנט זיך זינגען ביים איטאַליענישן געזאַנג־לערער סטוראַני. איך האָב זי געפרעגט, צי זי וויל ווערן אַ

אידישע פרימאַדאָנע, האָט זי געענטפערט, אַז דאָס איז איר איינ־ציקער ציל.

איך האָב איר געזאָגט, אַז מוזיקאַליש איז זי גענוג אַנט־וויקלט צו זיין אַ פּרימאַדאָנע, זי דאַרף אַפילו ניט זיך לערנען אַזוי פיל זינגען, אָבער וואָס זי דאַרף יאָ, כּדי צו ווערן אַ אידישע אַקטריסע, איז נעמען — אַ רבי׳ן און לערנען אידיש. האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי קען אַ ביסל. האָב איך איר געזאָגט, אַז אַ ביסל איז ניט גענוג. פון היינט אָן זאָל זי רעדן, לייענען און לערנען אידיש, און כמעט יעדע נאַכט גיין אין טעאַטער, אַלץ איינס וואָס מען שפּילט: אַ דראַמע, אַן אָפּערעטע, אַ קאָמעדיע — אַבי זען טעאַטער.

זי האָט מיך געפאָלגט: זי האָט געלערנט אידיש און יעדע נאַכט געזעסן הינטער דער בינע און מיט אירע שוואַרצע אויגן אַריינגעזאַפּט אין זיך אַלץ, וואָס זי האָט געזען און געהערט.

דעם נעקסטן סעזאָן האָט סעמועל גאָלדינבורג געעפֿנט אַ טעאַטער אין פילאַדעלפיע, האָב איך אים געזאָגט וועגן דער מיידעלע, האָט ער זי אַנגאַזשירט אין זיין טעאַטער. ער האָט אויפגעפירט די „גאָלדענע כלה" און „דעם רבינ׳ס ניגון", וואָס זי האָט שוין גוט געקענט פון אַזוי פיל מאָל זען. זי האָט גוט געקענט ניט נאָר איר פּרימאַדאָנע ראָלע, נאָר אויך אַלעמענס ראָלעס.

דעם „רבינ׳ס ניגון" און איבערהויפּט „די גאָלדענע כלה" האָבן געהאַט אין פילאַדעלפיע פונקט אַזאַ בייפאַל, ווי מיט אַ סעזאָן פריער אין ניו־יאָרק, און פֿילאַדעלפיע האָט געקלונגען מיט דער נייער פּרימאַדאָנע לוסי לעווין.

אַ סעזאָן שפּעטער האָב איך זי אַנגאַזשירט אין סעקאָנד עוועניו טעאַטער פאַר אַ „פול פלעדזשד" פּרימאַדאָנע.

אין דעם סעזאָן, וואָס לוסי לעווין האָט געשפּילט אין פילאַדעלפיע האָט זי געלערנט און זיך איינגעלעבט אין טעאַטער־

שפּיל, ווי אַ סך אַנדערע אין פינף סעזאָנען, וואָרים זי האָט געשפּילט ניט נאָר אין אָפּערעטן, נאָר אויך מיט סעמועל גאָל־דינבורג אין זיין דראַמאַטישן רעפּערטואַר. זי האָט דערציילט, אַז איין מאָל האָט זי געהאַט עפּעס אַ ניט פּאַסנדיקע ראָלע, האָט זי געשפּילט די ראָלע פון „אַ מאַמע פון זעקס קינדער", אָבי שפּילן. און טאַקע דאָס אָפּטע שפּילן אין פאַרשידענע פּיעסעס און פאַרשידענע ראָלן האָט איר אין איין סעזאָן געגעבן בינע־טעכניק, ווי אַ סך אַנדערע האָבן געקראָגן אין פינף־זעקס סעזאָנען.

איר ערשטע ראָלע אין ניו יאָרק איז געווען אין אַ מעלאָ־דראַמע „אין מיטן וועג", וואו דזשעני וואַליער האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע. לוסי לעווין האָט געשפּילט פאַר אַ יונג מיידל, און כאָטש זי איז געווען אַ פּרימאַדאָנע, האָט זי זיך גוט אַריינ־געפּאַסט אין פּערסאָנאַל, און עס איז ניט געווען צו דערקענען, אַז ערשט נישט לאַנג איז זי געזעסן יעדע נאַכט הינטער דער בינע און זיך צוגעקוקט ווי אַנדערע שפּילן טעאַטער.

אין דער נעקסטער אויפפירונג פון דער אָפּערעטע „מאָלי דאָלי" האָט זיך לוסי לעווין אויסגעצייכנט מיט איר לייכטן, עלעגאַנטן שפּילן און מיט איר קלינגנדיקער, לירישער סאָ־פּראַנאָ־שטימע, וואָס איז געווען ענלעך צו אַ פליייט אין אָר־קעסטער — מיט אירע טרעלן און איר קאָלאָראַטור.

אין אַ דועט צוזאַמען מיט מאַקס ווילנער „שפּילט, קלעז־מאָרימלעך, אויפן פידעלע", האָט זי געשוועבט ווי אַ קליין מלאכ'ל איבער דער בינע. זי האָט זיך געפּילט אַזוי פריי, אַז זי האָט זיך איינפאַך געשפּילט מיטן פּובליקום.

די פרייד פון טאַטן דעם כאָריסט, וועלכער האָט יאָרן־לאַנג מיטגעזונגען, צוזאַמען מיטן גאַנצן כאָר, מיט אַנדערע פּרי־מאַדאָנעס, און איצט איז די פּרימאַדאָנע זיין בת־יחידה לוסי, וועלכע פאַנגט מיט אירע זיסע טענער און מיט איר שפּי־לעוודיקייט דאָס גאַנצע פּובליקום, — די דאָזיקע פרייד פון

דעם טאַטן פלעגט אָפּט ציען מיין אויפמערקזאַמקייט, און איך פלעג מיט אַ וואונק אָנווייזן לוסין: „זע ווי דיין טאַטע קלייבט נחת"...

איר נאָמען אַלס פרימאַדאָנע איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג. יעדער נייער נומער מוזיק, יעדע נייע אָפּערעטע האָט זי גע־מאַכט אַלץ מער פּאָפּולער. און עס קאָן זיין, אַז איר שנעלער דערפֿאָלג אויף דער בינע האָט פאַרקירצט איר יונג לעבן...

מענטשן ווערן שיכור פון פאַרשיידענע זאַכן: שיכור פון אַלקאָהאָל, שיכור פון געלט, אָבער די גרעסטע שיכרות איז, ווען מ'איז שיכור פון אַ סך כבוד. דאָס איז אַן אומהיילבאַרע שיכרות. ווען דער כבוד קומט לאַנגזאַם, מיט אַ פאַרבאַרייטונג, איז ניט אַזוי שעדלעך. אָבער ווען דער כבוד קומט שנעל, אָן אַ פאַרבאַ־רייטונג. איז ער געפערלעך. אין דעם פאַל פון לוסי לעווין איז אַלץ געקומען שנעל: די אַפּלאָדיסמענטן, די קאָמפּלימענטן און די גינסטיקע קריטיק. און דאָס, מעגלעך, האָט זי פֿאַר־שיכור'ט... אַט האָט זי געהאָפּט, געשטרעבט, אַז מיט יאָרן שפּעטער וועט זי ווערן אַ פרימאַדאָנע, און אַט איז זי שוין אַן ערשט־קלאַסיקע פרימאַדאָנע. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אומצופרידנקייט מיט ראָלעס, אַדווערטייזמענטס, דער נאָמען אין די עלעקטרישע ליכט — און די פריילעכע, לוסטיקע לוסי לעווין איז צייטנווייז אַרומגעגאַנגען אומעטיק.

איבערהויפּט איז זי געוואָרן אַ מער ערנסטער מענטש. אירע שוואַרצע, פייערדיקע אויגן, וועלכע האָבן געגלעדט אָן ווערטער, האָבן אַ סך מענערישע הערצער צעבראָכן, און ווי געווייַנטלעך האָט דאָס איר אויך קיין געזונט ניט צוגעגעבן. עס האָט גענומען ווירקן אויף איר שפּילן טעאַטער און אויף איר זינגען.

אין דער צייט האָב איך פאַר איר אָנגעשריבן אַ ראָמאַנס מיטן נאָמען „פאַרוואָס?". דער ראָמאַנס איז געווען זייער אַ סענטימענטאַלער. זי פלעגט אים זינגען מיט אַ סך האַרץ און

נשמה. איר קלינגענדיקער געלעכטער פלעגט אפילו אין קאַפע־הויז דערמאָנען אָן פרילינג, און איר לייכטער גאַנג — אַ שמעטערלינג, אַ זומער־פייגעלע.

ווען מען האָט די לעצטע צייט געזען לוסין אַ סעריעזע, כמעט אַ פאַרזאָרגטע, האָט מען עס צוגעשריבן צו איר זיין ניט צופרידן מיט אַ ראָלע אָדער אַן אַדווערטייזמענט. זי פלעגט נאָך צייטנווייז הילכן מיט איר געלעכטער אין קאַפע־הויז, עס האָט שוין אָבער געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט זאָגן: „איר הערט, איך קען נאָך לאַכן ווי פריער". עס איז געווען אַ געצוואונגענער געלעכטער...

זי פלעגט מיך אָפט פרעגן, וואָס האָט מיך געמאַכט געבן איר זינגען דעם ראָמאַנס „פאַרוואָס?", אין וועלכען זי גיסט אויס איר הארץ און געפילן אפילו ביי זיך אין דער היים, ווען זי איז מיט זיך אַליין. איך האָב איר געענטפערט, אַז איך בענק נאָך אַלץ נאָך דער לוסי, וועלכע האָט אין איר ערשטער אָפּערעטן־ראָלע אין ניו יאָרק פון „מאַלי דאַלי" געזונגען „שפילט קלעזמאָרימלעך אויפן פידעלע" ווי אַ זאָרגלאָז פייגעלע, פול מיט לעבן, פרישקייט און האָפענונג.

ווען מען האָט מיר געזאָגט, אַז לוסי לעווין האָט געהאַט אַ שווערע מאָגן־אָפּעראַציע, האָב איך זי נישט געוואָלט זען, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז אויך זי האָט נישט געוואָלט, אַז איך זאָל זי זען אַלס די געפערלעך קראַנקע לוסי...

און ווען לוסי איז געלעגן אין טויטן־קאַסטן, האָט דער טאַטע, דער נאַר־וואָס גליקלעכסטער טאַטע אין דער וועלט, געפרעגט „פאַרוואָס?"

און ווען איך האָב געזען לוסין, דעם פרילינג, דעם שמע־טערלינג פון אידישן טעאַטער, ליגן אין טויטן־קאַסטן, און מ'האָט פון אונז צוגענומען די „גאָלדענע כלה", האָבן אין מיינע אויערן געקלונגען אירע ריינע, הויכע, האַרציקע טענער: „פאַרוואָס?"

# איך בענק נאָך שול־מוזיק

כאָראַל־מוזיק, ליטורגיע־מוזיק, דאָס הייסט — מוזיק וואָס ווערט געזונגען אין טעמפּלען, אין שולן, און להבדיל, אין קירכעס — אַט די מוזיק איז דער גרונט פון מוזיק איבער־הויפּט. מעג מען שפּעטער פֿאַרפֿאַסן מוזיק פֿאַר פּיאַנאָ, אָרגאַן אָדער אַנדערע אינסטרומענטן און אַפֿילו פֿאַר אַ גאַנצן אָר־קעסטער, איז דער גרונט פון די קלאַנגען און טענער נאָר כאָראַל־מוזיק.

אין די עטלעכע און דרייסיק יאָר, וואָס איך בין ניט געווען פֿאַרבונדן מיט חזנים, טעמפּלען, אָדער שולן, בין איך אָבער די גאַנצע צייט גייסטיק געווען פֿאַרבונדן מיט חזנ׳ישער און שול־מוזיק, איך מיין, מיט ליטורגישער מוזיק. מען זאָגט אַ ווערטל: „גיט אַ קראַץ אַ רוס, וועט מען געפינען אַ טאָטער״. די מוזיקאַלישע וועלט, איבערהויפּט די חזנים זאָגן, אַז כמעט אין מיין גאַנצער מוזיק פֿאַרן אידישן טעאַטער — מעג עס זיין אַ קאָמיש לידל, אַן אַריע, אַ ראָמאַנס, אַ טאַנץ — ווען מען זאָל עס שטאַרק אַנאַליזירן, געפינט מען דעם שורש פון שול־נגינה, און איבערהויפּט נוסח פון דאַוונען. עס קאָן זיין, אַז דאָס איז טאַקע ריכטיק. איך בין דערויף זייער שטאָלץ, ווייל מיט קירכן־מוזיק האָבן זיך באַנוצט די וועלט־באַרימטע מוזי־קער, ווי באַך, בעטהאָווען, וואַגנער, טשאַיקאָווסקי און אַנדערע.

איך מוז צוגעבן, אַז זינט איך בין געווען אַ אינגל פון 8 יאָר ביז אַ בחור׳ל פון 16־17, האָב איך פֿאַרבראַכט ביי פֿאַר־שיידענע חזנים און טעמפּלען, און די דאָזיקע מוזיק האָט זיך אין מיר איינגעקריצט, אַז וואָס איך האָב שפּעטער געשריבן און דיריגירט, איז מיר די שיינע טעמפּל־ און שול־מוזיק שטאַרק צונוץ געקומען. איך פֿלעג זיך גאַנץ אָפֿט פֿאַרבענקען נאָך דירי־גירן אַ שיינעם, גרויסן כאָר, אָבער עס האָט זיך ניט געמאַכט די

געלעגנהייט, און טאַקע דערפאַר, ווייל די אַמעריקאַנישע שול־נגינה האָט זיך צעטיילט אויף צוויי טיילן: 1) די טעמפּלען מיט די אָרגאַנען, וואו אידישע נגינה האָט ניט קיין שום שליטה, נאָר עפּעס אַ געמישעכץ פון קירכן־מוזיק, און 2) די אידישע שולן, וואו מען זינגט האַפּקעס און מען טראַלאַלאַיקעט אַזוי ווי, להבדיל, אין אַ שלעכטער אידישער אָפּערעטע. איך פלעג זייער בענקען נאָך דעם סאָרט שול־מוזיק, וואו מען זינגט לויטן נוסח פון לעוואַנדאָווסקי, זולצער, נאָמבערג, וויינטרויב, אַזוי ווי ביי אונז אין דער אַלטער היים, וואָס מען רופט כאָר־שולן, גאַנץ איינפאַך, אַ סאָרט נגינה, וואָס איז גוט צו גאָט און צו לייט...

אין די ערשטע יאָרן פון מיין זיין אין אַמעריקע האָב איך פּרובירט זיין פאַרבונדן מיט אַ שול, די הענרי סטריט שול, וועלכע איז דאַן געווען די אַריסטאָקראַטישע שול אויף דער איסט סייד, וואו אַברהם מינקאָווסקי איז געווען חזן, אָבער איך האָב ניט געפונען די ריכטיקע אַטמאָספערע צווישן די אַמעריקאַנער אינגלעך. כאָטש עס האָט זיך צווישן זיי געפֿונען דער איצטיקער פּרעזידענט פון דער ראַדיאָ־קאָרפּאָריישאָן אָוו אַמעריקע, דוד סאַרנאָף; זיי האָבן ניט געהאַט די רואיקייט און דעם רעספּעקט פאַר שול־נגינה און פאַר דער שול; איבער־הויפּט דאָס, וואָס אַ היימיש אינגעלע פילט צום בית־מדרש און צו זיין דיריגענט און חזן, און נאָך איניקע חדשים האָב איך פאַרלאָזט די שול און זינט דאַן פלעג איך פון צייט צו צייט גיין הערן אַ חזן, אָבער כמעט יעדע ימים־נוראים פלעג איך גיין הערן יאָסעלע ראָזענבלאַט, וועלכער האָט מיך באַ־גייסטערט מיט זיין אייגנאַרטיקן יאָסעלע־חן, מיט זיין הדרת־פּנים און מיט זיין פלינקייט און געניטקייט אין נוסח — פון איין נוסח אַרויס און אין צווייטן אַריין לייכט, בויגזאַם — איבער־הויפּט טאַקע זיין אמת'ע פרומקייט, ניט געקינצלט; צום ביישפּיל: ביי דער גרויסער שמונה־עשרה פֿלעגט ער טאַקע פאַר זיך אַליין

שטאַרק בעטן מיט דעם גאַנצן קהל, צוזאַמען תפילה טאָן און שטאַרק וויינען, ווי ער וואָלט זאָגן: „טאַטע אין הימל! איך בין טאַקע אַ שליח־ציבור און בעט טאַקע פאַרן גאַנצן קהל, אָבער איך בעט דיך: פאַרגעס ניט אָן מיר, אָן מײַן ווייב און מײַנע קינדער"...

איינציקע מאָל האָב איך אויסגעדריקט פאַר'ן פּרעזידענט פֿון חזנים־פאַרבאַנד, יעקב ראַפּאָפּאָרט, מײַן בענקשאַפט צו דיריגירן אַ גוטן כאָר און גוטע שול־נגינה.

עס איז כדאַי זיך אָפּצושטעלן און זיך באַקענען מיט דער פּערזענלעכקייט פֿון יעקב ראַפּאָפּאָרט: אַ בן־הרב, אַליין אַ בן־תורה, אַ קלוגער און אַ וועלטלעכער מענטש. ער האָט געבראָכן דעם מנהג פֿון חזנים און חזנות, וואָס אַלס אַ קלוגער, אַ איד אַ חכם, האָט ער דווקא גוט געקענט די קונסט פֿון חזנות, און אַלס אַ גרויסער בעל־תפילה, וועלכער האָט געקענט דעם נוסח התפילה, אַ מנגן גדול, האָט ער פאַרשריבן זיין שטייגער „זאָגעכץ" אויף נאָטען, און עס האָט גאָרנישט פאַרלוירן פֿון דער שיינקייט פֿון דער תפילה, ווי עס פּאַסירט אָפּט ביי אַנדערע; פֿאַרקערט, זיינע רעטשיטאַטיוון, זיין שטייגער „זאָגעכץ" זיינען אויפן פּאַפּיר געוואָרן נאָך שטאַרקער, ווייל דאַן האָבן זיי ערשט באַקומען דעם תיקון.

כאָטש ער האָט געקענט אַזוי גוט חזנות, האָט אָבער די וועלט פאַרלוירן אין אים אַ גרויסן אָרגאַניזאַטאָר, מיט זיין אָראַטאָרישער קראַפט, מיט זיין קענען זאָגן דאָס ריכטיקע וואָרט אין דער ריכטיקער צייט; איבערהויפּט צוזאַמענהאַלטן אַ מאַסע, אַפילו אַ מאַסע פֿון חזנים, וואָס זיינען די שווערסטע, די אומדיס־ציפּלינירטסטע מאַסע, וואָס עס קאָן נאָר געבן. עס איז ניט קיין וואונדער, עס איז אַפילו נאַטירלעך, עס איז דאָס זעלבע, ווי מאַכן אַן אַרמיי פֿון גענעראַלן.

יעדער חזן איז אין זיין שול דער כהן־גדול, אַ גאַנצער מחותן מיט גאָט, ער רעדט צו אים, בעט ביי אים, טענה'ט זיך

אויס מיט אים, און מיט־אַמאָל צווינגט אים דער חזנים־פאַרבאַנד צו ווערן איינער פון אַ מאַסע, איינער פון קהל, און אויספֿירן „רולס און רעגולײשאַנס" ווי אַן איינפאַכער בשר־ודם.

יעקב ראַפּאַפּאָרט, אַלס פּרעזידענט פון דעם חזנים־פאַר־באַנד, האָט מיט זיין חכמה, מיט זיין שטרענגן און צו דער זעל־בער צייט קלוגן בליק געהאַט אַ פולשטענדיקן קאָנטראָל איבער די יאָסעלעך, מרדכי׳לעך, פינטשיקלעך, דוד׳לעך, ניט בלויז דאָרט, וואו יעדער פון זיי איז אַ כהן־גדול, ווי אַ סך כהנים גדולים, נאָר ווי אַ מאַסע זינגער, אַ מאַסע משוררים.

זען יעקב ראַפּאַפּאָרטן ביי מיינער אַן אָפּערעטע איז ביי מיר און ביי קיינעם ניט געווען קיין נייעס; ער האָט געקענט מיינע קאָמפּאָזיציעס, לידער, ער האָט מיר נאָכגעפאָלגט אַ לעבן־לאַנג, און אַזוי ווי ער איז טאַקע געווען אַ חסיד, איז ער געווען איינער פון מיינע גרעסטע חסידים.

אָבער איינמאָל איז ער אַריינגעלאָפֿן צו מיר, — ער פלעגט ניט גיין, נאָר לויפן; דער לאַנגער ראָק אַפריער און דערנאָך ראַפּאַפּאָרט, — דאָס איז ער געקומען צו מיר מיט אַ קאָמיטעט פון דעם חזנים־פאַרבאַנד, און געזאָגט צו מיר:

— אַזוי ווי אייער וואונטש איז שוין פון לאַנג צו דיריגירן אַ גרויסן כאָר, זיינען מיר געקומען אין נאָמען פון חזנים־פאַר־באַנד איינלאַדן אייך צו דיריגירן דעם חזנים־פאַרבאַנדס אַ קאָנ־צערט, וועלכער וועט געגעבן ווערן אין מעקאַ טעמפּל; אויך ווילן מיר אייך איינלאַדן אָנצושרייבן אַ ספּעציעלע גרויסע קאָמ־פּאָזיציע פאַר דעם קאָנצערט.

איך האָב די איינלאַדונג אָנגענומען מיט פאַרגעניגן. גלייך האָב איך גענומען טראַכטן פון אַ קאָמפּאָזיציע, אויף וועלכן טעקסט איך זאָל אָנשרייבן מיין קאָנצערט־נומער. אַזוי ווי עס איז דאַן געווען די גלענצנדסטע צייט פאַר די חזנים אין אַמעריקע (אויך פון אידיש טעאַטער), עס איז דאַן געווען די צייט פון פּראָספּעריטי, עס האָט זיך אַלעמען געזונגען, האָב איך אויס־

געקליבן פאַר מיין קאָמפּאָזיציע די „שירה״, — „אָז ישיר משה״.

פון דער צייט אָן, וואָס איך האָב אָנגענומען די איינלאַדונג פון דעם חזנים־פאַרבאַנד צו דיריגירן דעם קאָנצערט, האָט מען אַלע מאָל געזען, טאָג און נאַכט, צוויי מענטשן צוזאַמען, — יעקב ראַפּאָפּאָרט און יוסף רומשינסקי, און ווען עס איז ערגעץ־וואו אַריינגעקומען איינער, האָט מען שוין געוואוסט, אַז באַלד־באַלד קומט אַריין דער צווייטער. אין שטוב, אין קאַפע־הויז, אין גאַס, אין פּאַרק, זיינען מיר ביידע אַרומגעגאַנגען און פאַנ־טאַזירט פון די טענער און קלאַנגען פון „אָז ישיר משה״...

## איך ווער אַ שותּף צום „סעקאַנד עוועניו טעאַטער"

דער סעקאַנד עוועניו טעאַטער איז געוואָרן דער גלאַנץ, דער „גאָלדמאַין" פון אַלע אידישע טעאַטערס; ער איז איינפּאַך געוואָרן אַן אינסטיטוציע, אַ פּלאַץ, וואו מען דאַרף קומען זיך אַמוזירן. דאָס פּובליקום האָט זיך שוין ניט אינטערעסירט, וואָס מען שפּילט דאָרט און ווי אַזוי די פּיעסע הייסט, מ'האָט שוין געוואוסט, אַז מאַלי פּיקאָן וועט זיי אַמוזירן מיט איר מאַלי־פּיקאָן־חן, און איך פון מיין זייט וועל שוין פּאַרזאָרגן, אַז די אַקטיאָרן זאָלן האָבן גענוג צו זינגען און דער אָרקעסטער — גענוג צו שפּילן, און יאַנקל קאַליך וועט שוין פּאַרזאָרגן, אַז די אַקטיאָרן זאָלן ניט צופּיל נודיען מיט זייער זאָגעכץ, ווייל צו אַן אָפּערעטע קומט דאָס פּובליקום הערן מער זינגען ווי זאָגעכץ. הכלל, מיר אַלע האָבן שוין באַזאָרגט, אַז דער עולם זאָל זיך פיין אַמוזירן. איז טאַקע דער סעקאַנד עוועניו טעאַטער געוואָרן דאָס פּלאַץ, וואו דאָס פּאָלק איז געלאָפן אין די מאַסן.

איך האָב פריער באַמערקט, אַז מ'האָט זיך שוין ניט אינטערעסירט וואָס מיר שפּילן און ווי אַזוי די פּיעסע הייסט, האָט מיר טאַקע אַמאָל געזאָגט הערי הוירשפעלד, דער באַגאַבטער אידיש־ענגלישער קאָלומניסט און קאַרטוניסט, אַז איך זאָל אָנרופן מיינע אָפּערעטעס ביי די נומערן, און טאַקע אַזוי אַנאָנסירן; צום ביישפּיל: רומשינסקיס 50טע אָפּערעטע; רומשינסקיס 51טע אָפּערעטע, און אַזוי ווייטער, — גיין כסדר, נאָך דער צאָל פון מיינע אָפּערעטעס.

די מענעדזשערס פון די אַנדערע אידישע טעאַטערס האָבן זיך שטאַרק מתקנא געווען אָן יאָסל עדלשטיין, דעם מענעדזשער פון סעקאַנד עוועניו טעאַטער, און מען האָט גענומען לויפן צו אים, איינרעדן אים, אַז אַזוי ווי ער איז שוין אַ רייכער מאַן, טאָ צו וואָס דאַרף ער זיך דרייען אַ קאָפּ מיט מענעדזשן אַ טעאַ־

טער? אַלערליי מעקלערס און טעאַטער־לאָיערס האָבן אים אָנ־געבאָטן גרויסע סומעס געלט, אַזוי אַז עס האָט זיך אים שוין באַלד נישט געלוינט צו זיין אַ מענעדזשער, דאָס הייסט, מ׳האָט אים פאַרזיכערט יעדן סעזאָן אַ געוויסן פּראָפיט אָן קאָפּ־דרייע־ניש, אָן מענעדזשן, נאָר בלויז שטיין פון דער ווייטנס, — איינ־פאַך איבערגעבן דאָס טעאַטער. מ׳האָט גענומען שטאַרק שמו־עסן, אַז אַזעלכע פאַרהאַנדלונגען גייען אָן, און אַז יאָסל עדל־שטיין איז שוין באַלד פאַרטיק איבערצוגעבן זיין טעאַטער צו געוויסע מענעדזשערס פון אַנדערע אידישע טעאַטערס. איין פירמע, וועלכע האָט געוואָלט איבערנעמען דעם סעקאָנד עוועניו טעאַטער, איז געווען „ראַווינדזשער און שולמאַן", וועלכע האָבן דאַן געמענעדזשט פּיפּעלס טעאַטער, און דער צווייטער איז געווען וויליאַם ראָלאַנד, וועלכער האָט דאַן געהאַט זיין „ראָלאַנד טעאַטער" אין ברוקלין, וועלכער הייסט איצט „פּאַרקוויי טעאַ־טער".

אין אַ געוויסן פרימאָרגן בין איך געקומען צו פּראָבע און געזען, ווי די דריי אָנגעשטעלטע מענעדזשערס — ווילי פּאַס־טערנאַק, מעקסי ־ זאַגער און נייטען פאַרנעס, — וועלכע האָבן געאַרבעט פאַרן מענעדזשער יאָסל עדלשטיין, שטייען פאַר־זאָרגטע און מוטלאָזע. איך האָב זיי געגעבן מיין ברייטן גוט־מאָרגן. זיי האָבן מיך שאַרף אָנגעקוקט, האָב איך זיי געפרעגט: „וואָס האָט פּאַסירט?" האָבן זיי מיר דערציילט, אַז עדלשטיין האָט שוין כמעט ווי פאַרדונגען דעם סעקאָנד עוועניו טעאַטער.

איך האָב געפרעגט: „וואָס זיינען די באַדינגונגען, פאַר וועלכע יאָסל עדלשטיין גיט אַוועק זיין טעאַטער?" — האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז ער גיט אַ קאָנטראַקט פאַר 21 יאָר; 77 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר רענט, און 150 טויזנט דאָלאַר דאַרף מען איינלייגן ביים חתמ׳ענען דעם קאָנטראַקט, וועלכע וועלן ערשט אַרונטערגערעכנט ווערן נאָך די ערשטע 10 יאָר, דאָס הייסט, אויפן עלפטן יאָר פון די 21 יאָר, אַ געוויסע סומע יעדעס יאָר

פון די 77 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר רענט. אַזוי ווי מיר האָבן גע־רעדט איז אַריינגעקומען איזידאָר עדעלשטיין, יאָסל עדלשטיינס זון. איך האָב אים געזאָגט, אַז אַזוי ווי דער גאַנצער פּערסאָנאַל מיטן אָרקעסטער וואַרטן אויף מיר מיט פּראָבע, זאָל ער וואַרטן אויף מיר, ווייל איך האָב אים זייער וויכטיקעס צו זאָגן, — „אויב עס איז נאָך ניט צו שפּעט".

ער האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס איך מיין, און געזאָגט, אַז ביז היינט פאַרנאַכט דאַרף מען שליסן אַ קאָנטראַקט. האָב איך אים גלייך געזאָגט, אַז איך וויים פון די באַדינגונגען, וואָס אַנ־דערע מענעדזשערס גיבן אים פאַרן טעאַטער, און אַז מיר וועלן אים געבן די זעלבע באַדינגונגען, און עס איז ניט מער ווי רעכט, אַז ער זאָל אונז איבערגעבן דעם טעאַטער.

האָט ער מיך געפרעגט: ווער איז דער „מיר"? — האָב איך אים געזאָגט: מאַלי פּיקאָן, יאַנקל קאַליך, די דריי אויבן דער־מאָנטע מענעדזשערס און איך. האָט ער מיך געפרעגט, צי ער קען זיך אויף דעם פאַרלאָזן. — האָב איך אים געענטפערט: — „אָט האָט איר מיין האַנט, כאָטש איך האָב זיי נאָך ניט גע־פרעגט".

ער האָט מיר געגעבן זיין האַנט און געזאָגט: — „דאָס טעאַטער איז אייערס!"

איך בין אַריין אין באָקס־אָפּיס און געזאָגט צו די דריי פֿאַרזאָרגטע מענעדזשערס: „חברה, דאָס טעאַטער איז אונ־זערס; מיר בלייבן דאָ די באַלעבאַטים"; און איך בין אַרויף אויף דער בינע מאַכן פּראָבע.

עס האָט זיך גלייך פאַרשפּרייט דער קלאַנג, אַז די נייע מענעדזשערס פון סעקאָנד עוועניו טעאַטער זיינען: יאַנקל קאַליך, יוסף רומשינסקי, ווילי פּאַסטערנאַק, מעקסי זאַגער און נייטען פאַרנעס, און אַז די פינף דירעקטאָרן אַנגאַזשירן אויף אַ לאַנגיאָריקן קאָנטראַקט מאַלי פּיקאָן אַלס זייער סטאַר.

מיר האָבן באַדאַרפט איינלייגן 50 טויזנט דאָלאַר ביי דער

„פאַרבינדונג", טאַקע ווי די אַמעריקאַנער רופן עס: „די באַינ־דער", און די איבעריקע 100 טויזנט דאָלאַר האָבן מיר געדאַרפט געבן ווען די קאָנטראַקטן וועלן אויסגעאַרבעט ווערן, וואָס דאָס האָט באַדאַרפט דויערן אַ שטיקל צייט.

עס איז כדאַי איבערצוגעבן די סצענע, וואָס האָט זיך אָפּ־געשפּילט ביים „באַינדער", ווען מיר האָבן געבראַכט די ערשטע 50 טויזנט דאָלאַר.

דער לאַיער איז געווען אַברהם סאַראַזאָן, דער זון פון כתריאל צבי סאַראַזאָן, אַרויסגעבער פון „אידישעס טאַגעבלאַט". אָט דער לאַיער איז געווען גוט באַקאַנט מיט דער אידישער טעאַ־טער־פּראָפעסיע, ווייל אויסער דעם, וואָס ער האָט זיך דער־צויגן אין אַ הויז פון אידישע שרייבער און דראַמאַטורגן, איז ער אויך געוואָרן דער אָפיציעלער טעאַטער־אַדוואָקאַט. איז ער אויך אין דעם פאַל, ביים איבערגעבן דעם סעקאָנד עוועניו טעאַטער, געווען דער לאַיער, אָבער ניט פון אונזער צד, נאָר פון יאָסל עדלשטיינס צד.

ווען מיר האָבן אים דערלאַנגט דעם טשעק פון פופציק טויזנט דאָלאַר נאָך איידער מיר האָבן גע׳חתמ׳עט, זאָגט ער:

— כאָטש איך בין ניט אייער לאַיער, נאָר פון דעם צווייטן צד, וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה, אָבער הערט זיך גוט איין: ווען איך בין געווען אַ יונגערמאַן, נאָר־וואָס געענדיקט לאַיער, האָב איך געאַרבעט אין אַ לאָאָ־אָפיס, כדי צו קריגן דערפאַרונג. צוזאַמען מיט מיר האָבן דאָרט געאַרבעט נאָך איי־ניקע יונגע לאַיערס, צווישן זיי אויך דזשאָרדזש ראָזאַלסקי, וועלכער האָט דאַן אויך ניט לאַנג געהאַט געענדיקט קאַלעדזש. דער באָס אונזערער פלעגט אונז האַלטן אין איין מוסר׳ן און לערנען, אַז מיר זאָלן ניט פאַרשווענדן אונזערע ווייַדזשעס, וועלכע האָבן דאַן באַטראָפן פון 10 ביז 15 דאָלאַר אַ וואָך. און יעדעס מאָל פלעגט ער אונז פרעגן: „נו, חברה, איר קלייבט געלט?" פלעגן מיר אַלע זאָגן: „גאַנץ געוויס!" ער פלעגט

אונז לאָזן קלייבן געלט אַ דריי־פיר חדשים, און דאַן פלעגט ער אונז זאָגן: „נו, חברה, איר האָט עפּעס אָפּגעשפּאָרט געלט?", פֿלעגט איינער פון אונז זאָגן אַזוי פיל, דער אַנדערער — אַזוי פיל, דער דריטער — אַזוי פיל. „אויב אַזוי", פלעגט ער זאָגן, „קומט שפּילן פּאָוקער". ער איז געווען אַ געניטער פּאָוקער־שפּילער, פלעגט ער ביי אונז צונעמען דאָס גאַנצע אָפּגעשפּאָרטע געלט...

און דער לאָיער האָט פאַרענדיקט:

— ווי עס ווייזט אוים, האָט אייך יאָסל עדלשטיין אויך גע׳מוסר׳ט און געלערנט, אַז איר זאָלט שפּאָרן געלט, און איצט... — נו, איך וויל ניט ריידן ווייטער; אויב איר פאַר־שטייט דעם משל, דאַן נעמט דעם נמשל איידער איר גיט דעם טשעק און איר חתמ׳עט...

דער משל האָט אויף מיר אַ ביסל געווירקט; ליידער, ניט מער ווי אַ ביסל; איך וועל אים געדענקען אַ לעבן־לאַנג...

## מיין ערשטע פּראָבע מיטן חזנים־פאַרבאַנד

און אַזוי בין איך געוואָרן אַ שותּף צו אַזאַ גרויס געשעפט, ווי עס איז דאַן געווען דער סעקאָנד עוועניו טעאַטער. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, וואָס אַ קאָמפּאָזיטאָר זאָל ווערן אַ באַלעבאָס. די קאַפּע־הייזער, די אידישע פּרעסע, אַלע האָבן גע־רעדט וועגן די נייע באַלעבאַטים און דער גרויסער סומע געלט, וואָס מיר האָבן אַריינגעלייגט. כאָטש דאָס איז געווען אַ גרויס געשעעניש און איבערקערעניש אין דער טעאַטער־וועלט, דאָך האָט מיך פּערזענלעך מער אינטערעסירט דער קאָנצערט פון חזנים־פֿאַרבאַנד און מיין נייע קאָמפּאָזיציע „אָז ישיר". די שותּפים און איך האָבן באַדאַרפט גרינדן אַ קאָרפּאָריישאָן, אויס־אַרבעטן פּונקטן, קאָנטראַקטן, פלעגן מיר כמעט יעדן טאָג אָפּזיצן שעה'ן־וויוז ביי די לאָיערס. מיר אָבער זיינען די אַלע געזעצלעכע פּונקטן און לאָיערשע דריידלעך ניט געקראָכן אין קאָפּ, ווייל מיין קאָפּ איז געווען פאַרנומען מיט די טענער און האַרמאָני פון „אָז ישיר". איך פלעג מיך אָפּט שעמען פאַר מיינע שותּפים ווי זיי אַרגומענטירן מיטן לאָיער איבער אַ פּונקט און פלעגן מיך פֿרעגן, וואָס איך זאָג דערצו, פלעג איך מיך אויפ־כאַפּן ווי פון שלאָף; ווייל איך האָב מיך גאָרניט איינגעהערט וועגן וואָס זיי אַמפּערן זיך. איינמאָל, זיצנדיק ביים לאָיער, האָב איך איינגערוימט יאַנקל קאַליכן אַ סוד אין אויער, אַז די טענאָר־סאָלאָ פון „אָז ישיר", „ימינך ה' נאדרי בכח" וועט זיין די שענסטע טענאָר־סאָלאָ. דער לאָיער האָט געזען, אַז איך סוד'ע זיך מיט קאַליכן, האָט ער זיך אָנגערופן: „מיסטער רומ־שינסקי, אויב איר האָט עפּעס צו זאָגן אָדער איר זענט מיט עפּעס נישט מסכים, זאָגט עס, מיר זאָלן אַלע הערן. מיר ווילן אויך וויסן", האָט יאַנקל קאַליך זיך צעלאַכט און געזאָגט, אַז מיינע פערציק טויזנט דאָלאַר וואָס איך לייג אַריין אינטערע־

סירן מיך גאָרניט, מיך אינטערעסירט די טענאָר־סאָלאָ פון „אָז ישיר".

עס איז ניט קיין וואונדער, וואָס איך בין דאָן אַרומגע־גאַנגען מיט מיינע געדאַנקען פאַרטיפט אין דער קאָמפּאָזיציע „אָז ישיר", ווייל איך האָב אין 12 טעג אָנגעשריבן די גאַנצע קאָמפּאָזיציע פאַר אַ גרויסן מענער־כאָר, סאָלאָ טענאָר, סאָלאָ באַריטאָן, סאָלאָ באַס, פּיאַנאָ, אָרגאַן, גרויסער אָרקעסטער, און אויך אַ קלענערע קאָמפּאָזיציע, וועלכע מאַנכע באַטראַכטן זי פאַר נאָך שענער ווי „אָז ישיר", דאָס איז „ישמח משה".

ווען איך האָב טעלעפאָנירט דעם פּרעזידענט פון חזנים־פאַרבאַנד, יעקב ראַפּאָפּאָרט, אַז איך בין פאַרטיק מיט מיין קאָמפּאָזיציע „אָז ישיר" און אַז איך וויל זי פאָרזינגען און פאָר־שפּילן פאַר דעם מוזיקאַלישן קאָמיטעט, האָט ער עס נישט געוואָלט גלויבן. דער מוזיקאַלישער קאָמיטעט איז באַשטאַנען, ווי געווינלעך, פון אַ גרופּע מוזיקאַלישע חזנים, צווישן זיי אויך פּראָפעסאָר דאַנצים, וועלכער איז געווען פּראָפעסאָר פון האַר־מאָני אין ווינער קאָנסערוואַטאָריע, שפּעטער אין דאַמראָשעס קאָנסערוואַטאָריע אין ניו־יאָרק. אויסער דעם וואָס דאַנצים איז געווען אַ גרויסער מוזיקער, איז ער אויך געווען זייער אַ שטרענ־גער מוזיק־קריטיקער.

די נייגעריקייט פון די חזנים בכלל און פון דעם מוזיקאַ־לישן חזנים־קאָמיטעט בפרט איז געווען זייער גרויס, ווייל נאָך אַזוי פיל יאָרן, וואָס איך בין ניט געווען פאַרבונדן מיט שול־נגינה, האָט זיך זיי זייער געוואָלט זען און הערן וואָס איך קען שאַפן אויף דעם געביט. כאָטש, דער גרונט פון מיין מוזיק, וואָס איך האָב יאָרן לאַנג געשריבן פאַרן אידישן טעאַטער, איז פון ליטורגישער מוזיק, פון טעמפּל און שול־נגינה, דאָך איז דאָס אַלץ ניט מער ווי טעאַטער. אָבער די ספּעציעלע כאָר־מוזיק אויפן טעקסט פון „אָז ישיר" — ווייל קיינער האָט נאָך ניט געהאַט געשריבן קיין מוזיק צו „אָז ישיר", אַלנפאַלס ניט

קיין ערנסטע מוזיק — האָט די נייגעריקייט געמאַכט אַ סך שטאַרקער.

איך האָב שוין איינּיקע מאָל באַמערקט, אַז ווען פּראָ-פעסיאָנעלע מענטשן ווערן באַגייסטערט פאַר אַ זאַך, איז זייער באַגייסטערונג אָן אַ גרענעץ; זיי דריקן עס אויס מיטן גרעסטן עקסטאַז, מיט די העכסטע פראַזן, און אַז ווערטער פֿעלן שוין אויס און מען האָט שוין אַלץ אָפּגעזאָגט און איבערגעחזר׳ט פּופּציק מאָל, טוט מען עס מיט לאַכן און אַפילו וויינען פאַר באַגייסטערונג.

אין דעם פאַל מיט די חזנים איז, אויסער דער אויבנ-דערמאָנטער באַגייסטערונג און עקסטאַז, וואָס האָט ניט גע-פעלט, אויך צוגעקומען דאָס אויסדריקן די באַגייסטערונג אין געזאַנג, נגינה. מען האָט עס איבערגעזונגען צען מאָל, צוואַנציק מאָל, און נאָך אַמאָל, אָבער דער גליקלעכסטער מענטש איז געווען דער פּרעזידענט, יעקב ראַפּאָפּאָרט ע״ה, ספּעציעל נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען אַ בריוו פון פּראָפעסאָר דאַנצים מיט אַן אָפּשאַצונג וועגן „אָז ישיר״, וואו ער האָט געשריבן, אַז אויסער וואָס דער „אָז ישיר״ האַלט אויס אַלע טעאָרע-טישע כּללים פון מוזיק, איז עס אין דער זעלבער צייט עפֿעקטפול. ער האָט אויך צוגעגעבן: „קוקט ניט וואָס עס זעט אויס אויף די נאָטן, אויפן פּאַפּיר, שווער, קאָמפּליצירט — ביים זינגען, ביי די פּראָבן וועט עס זיין זייער לייכט...״ עס איז געווען אַ לאַנגער בריוו, פול מיט לויב-געזאַנגען.

עס איז דאַן געווען די גלענצענדסטע צייט פאַר חזנים אין אַמעריקע. וועגן די סטאַר חזנים איז שוין אָפּגערעדט — זיי האָבן פאַרדינט צו 50—60 טויזנט דאָלער אַ יאָר. 20—25 טויזנט דאָלער אַ יאָר האָט פאַרדינט אַ דורכשניטלעכער חזן; דער קלענסטער חזן האָט פאַרדינט 10—15 טויזנט דאָלער אַ יאָר.

ווען איך בין געקומען צו דער ערשטער פּראָבע, האָט זיך

געפילט די פּראָספּעריטי. כאָטש עס איז געווען אַ זאַווערוכע, אַ בליזאַרד, האָב איך געפונען העכער הונדערט חזנים, וועמעס פּנים׳ער האָבן געלויכטן, אויסגערוטע, זאָרגלאָזע, מיט פוטערנע פּעלצן. און איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין ערשטן חזן, קאַהאַן, פון ווילנע, מיט וועמעס גאָלדענער קייט פון זיין זייגער איך האָב זיך געשפּילט אַלס אינגעלע, און דאָ זע איך פאַר זיך העכער הונדערט קאַהאַנס, כהנים-גדולים, וועלכע איך באַדאַרף דיריגירן, לערנען און איינפּאַקן קנעלן, ווי אַ רבי מיט קינדער אין חדר. מיין שרייבן פאַרן אידישן טעאַטער יאָרן־לאַנג און פאַר די חזנים זיינען געווען צוויי פאַרשיידענע סאָרטן מוזיק. דער ציל פון טעאַטער-מוזיק איז, אַז עס זאָל זיין זייער לייכט, אַז גלייך ווי מען הערט עס, זאָל מען עס קענען נאָכזינגען און אויך געדענקען, ווען מ׳קומט אַהיים; בעת ביי דער מוזיק, וואָס איך האָב געשריבן צו „אָז ישיר" פאַרן חזנים-פאַרבאַנד, האָב איך געהאַט אין זינען, אַז ערשטנס איז עס פאַר מוזיקאַלישע מענטשן; יעדער חזן איז אַ געוועזענער משורר אָדער האָט אַזוי געלערנט מוזיק, און צווייטנס, איז עס דאָך אַ קאָנצערט, ניט טעאַטער, איז טאַקע די מוזיק פון „אָז ישיר" גאַנץ שווערלעך און קאָמפּליצירט אַפילו פאַר מוזיקאַלישע מענטשן.

איידער די פּראָבע האָט זיך אָנגעפאַנגען, איז געווען אַ גרויסער טומל. יעדער האָט גערעדט, דערציילט מעשה׳לעך, אייניקע האָבן פאַרגעזונגען זייערע נייע רעציטאַטיוון און זאַגעכץ... און מיט אַמאָל האָט דער דעמאָלט ענערגישער, קרעפּטיקער יעקב ראַפּאָפּאָרט, וועלכער האָט געהאַט אַ פּנים ווי טעאָדאָר הערצל ביי אַ ציוניסטישן קאָנגרעס, געגעבן אַ קלאַפּ מיט אַ האַמערל אויף אַ קליין טישל. עס איז געוואָרן אַ טויטע שטילקייט און ער האָט געזאָגט: „גייט אויף אייערע פּלעצער — די פּראָבע הייבט זיך אָן". און די יאָסעלעך, מרדכי׳לעך, פּינטשיקלעך און דוד׳לעך, די אַלע כהנים-גדולים, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ערשטע טענאָרן, באַריטאָנען און באַסן.

אַזוי ווי באַסאָווע שטימען זיינען זעלטן ביי חזנים, זיינען טאַקע ביי די פלעצער, וואו די באַסן זיינען געזעסן, געווען כאָריסטן פון שולן און טעמפּלען.

יעקב ראַפּאַפּאָרט האָט מיט זייער אַ געלונגענער קורצער רעדע מיך פאָרגעשטעלט אַלס זייער נייער דיריגענט פאַר דעם צוקונפטיקן קאָנצערט, כאָטש אַלע האָבן מיך געקענט און אַלע האָבן פון דעם געוואוסט. דאָך האָט ער, אַלס פּרעזידענט, גע־מאַכט עס אָפיציעל. ער האָט געזאָגט, אַז כאָטש איך בין שוין יאָרן־לאַנג אַוועק פון חזנ׳ישער און שול־מוזיק, דאָך האָב איך אַלע מיינע יאָרן געבענקט נאָך דעם און מיין מוזיקאַלישער פונדאַמענט איז געווען און וועט פאַרבלייבן די ליטורגישע מוזיק. אַלע חזנים האָבן אים שטאַרק אַפּלאָדירט.

ווען איך האָב זיך אויפגעשטעלט צום דיריגירן, מוז איך צוגעבן, האָב איך אַליין געקראָגן אַ ציטער בלויז פון דעם שיינעם, הערלעכן בילד. יעדער חזן האָט אָנגעטאָן אַ יאַרמולקע, און יעקב ראַפּאַפּאָרט האָט מיר צוגעטראָגן אַ יאַרמולקע, וועלכע איך האָב שוין עטלעכע דרייסיק יאָר ניט געטראָגן.

ווען איך האָב אויפגעהויבן מיין האַנט צום דיריגירן און אויף מיין וואונק אָנצוהויבן, האָבן זיך גענומען הערן קלאַנגען פון הערלעכע שטימען, האָב איך געפילט, ווי עס טראָגן זיך טענער ווי אַ כוואַליע איבער ים, און אַז דאָס הייסט „שירה״, אַזוי האָבן מסתמא די אידן געשפּרייזט איבערן ים־סוף אונטער דער פירערשאַפט פון משה רבינו.



מאַלי פּיקאָן און יעקב קאַליך



חזן יעקב ראַפּאָפּאָרט, ע"ה, און איך שרייבן אונטער דעם קאָנטראַקט
פאַרן חזנים־קאָנצערט




מאָרים שוואַרץ און יוסף רומשינסקי



מיין פרוי פריידל

## איך דיריגיר דריי הונדערט כהנים גדולים

אין דער זעלבער צייט, וואָס איך האָב געמאַכט פּראָבע מיטן חזנים־פאַרבאַנד אויף מיין נייער קאָמפּאָזיציע „אָז ישיר" און נאָך אַנדערע קאָמפּאָזיציעס, האָב איך אָנגעשריבן אַן אָפּע־רעטע „קאַטינקאַ", צו וועלכער איך האָב געשריבן 16 נומערן מוזיק, פון וועלכע עס זיינען באַזונדערס פּאָפּולער געוואָרן דער לייט־מאָטיוו: „כ'קען פאַרגעסן יעדן, נאָר ניט אָן דיר", און דאָס סאָלדאַטן ליד „מאַרש, מאַרש".

אין דעם ליד „כ'קען פאַרגעסן יעדן, נאָר ניט אָן דיר". וואָס מאָלי פּיקאָן האָט געזונגען, איז געווען אַ פּראָזע, אַז זי קאָן פאַרגעסן אַפילו אָן גאָט, נאָר ניט אָן אים, דאָס הייסט, אָן איר געליבטן. זיינען צו מיר אָנגעקומען אַ סך פּראָטעסט־בריוו, פאַרוואָס מען זינגט „פאַרגעסן אָן גאָט"... דאָס מערק־ווירדיקסטע איז געווען, וואָס יונגע מענטשן, אַמעריקאַנער מיידלעך און יונגעלייט, פלעגן פּראָטעסטירן. און מיר האָבן טאַקע געענדערט דאָס ליד, דאָס הייסט, דאָס ליד איז גע־בליבן, נאָר די פּראָזע האָבן מיר געענדערט.

איך פלעג ביינאַכט מאַכן פּראָבע מיטן חזנים־פאַרבאַנד, און כמעט אַ גאַנצן טאָג מיט אַקטיאָרן, כאָר, כאָריסט־קעס, טענצערקעס. האָב איך טאַקע איין מאָל ביי אַ פּראָבע, אַנשטאָט זאָגן, „מיידלעך, קומט מאַכן פּראָבע", געזאָגט — „חזנ'טעס, קומט מאַכן פּראָבע". אָבער די פּראָבן ביים חזנים־פאַרבאַנד זיינען געווען פייערלעכע, הערלעכע. עס איז געווען ניט גלאַט אַ פּראָבע, וואו מען גייט זיך לערנען זינגען, אָדער איינשטודירן אַ קאָמפּאָזיציע אָדער צוויי, נאָר יעדע פּראָבע איז געווען אַ קאָנצערט, פון וועלכן מיר אַלע — די חזנים, די זינגערס, דער קאָמיטעט, איך — אַלע האָבן מיר הנאה געהאַט. די באַגייסטערונג איז געשטיגן מיט יעדער פּראָבע.

וואָס אַ טאָג נעענטער צום קאָנצערט, אַלץ מער איז גע־שטיגן די באַגייסטערונג, נערוועזיטעט און אויך די צאַנקערייען און אייפערזוכט פון די סטאַר־חזנים איינער אויפן צווייטן.

דער פּעאיקער אָרגאַניזאַטאָר און פּרעזידענט, יעקב ראַ־פּאָפּאָרט, האָט שוין איינגעטיילט ווער עס זאָל זינגען די סאָלאָס, און די סאָליסטן־חזנים זיינען שוין געווען צופרידן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט „זאָגעכץ", דאָס הייסט, זאָגן אַ שטיק „שטייגער", רעטשיטאַטיוו, גאַנץ איינפאַך, אַ שטיק תפילה. אָט דאָ האָט אַפילו שוין דער קלוגער ראַפּאָפּאָרט צייטנווייז זיך ניט געקאָנט העלפן, ווייל אין יענער צייט, אין יענער פּעריאָדע, אויסער וואָס די אַלע גרויסע סטאַרס זיינען געווען צווישן די לעבעדיקע, זיינען אויך די אַנדערע, די קלענערע, געווען אין גלאַנץ פון זייער חזנ'ישער קאַריערע. און יעדער האָט געוואָלט זאָגן אַ שטיק תּפילה.

אָבער דער דיפּלאָמאַטישער פּרעזידענט, ראַפּאָפּאָרט, האָט אַזוי אויסמאַרקירט און אַראַנזשירט, אַז אַלע כוהנים־גדולים זיינען געווען צופרידן.

צוזאַמען האָבן אויף יענעם קאָנצערט געזונגען נאָענט צו דריי הונדערט שטימען, מיט אַן אָרקעסטער פון 50 געשולטע מוזיקער, מערסטנטייל פון דער ניו יאָרקער פילהאַרמאָניע.

אין דער ערשטער ריי פון די דריי הונדערט חזנים און זינגער זיינען געשטאַנען יאָסעלע ראָזנבלאַט, מרדכי הערשמאַן, אַלטער פון ווין, קוואַרטין, קאַטשקאָ, דוד רויטמאַן, אַברהם שאַפּיראָ, בערעלע חגי, ישראל בריה און נאָך...

איך האָב אָנגעשריבן פאַר אָרגאַן, לויט נוסחאות פון דאַוו־נען, אַ מוזיקאַלישע פּאָעמע, וועלכע דער אָרגאַניסט האָט געשפּילט פאַר דעם קאָנצערט, גלייך ווי דער מעקאַ טעמפּל האָט זיך געעפנט.

ווען דער טעמפּל איז שוין געווען פול באַזעצט מיט די גרעסטע אידישע פּערזענלעכקייטן פון ניו יאָרק, צייטונגס־

לייט, מוזיקער, רבנים, סוחרים, אַרטיסטן, אַקטיאָרן, רעגירונגס־אַנגעשטעלטע — ווען אַלע זיינען שוין געזעסן אויף זייערע פּלעצער איז אין פראָנט פון דעם פאָרהאַנג דערשינען דער פּרעזידענט, יעקב ראַפּאָפּאָרט, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין גלאַנץ פון זיין קאַריערע, און האָט מיט זיין קרעפטיקער, הילכיקער, קלינגענדיקער באַריטאָן־שטימע אויסגעשריען: „עוד יוסף חי! — יוסף לעבט נאָך! — אָט דער יוסף, וועלכן מען האָט פאַר די לעצטע יאָרן פון אונז צוגענומען צווישן די מצריים (מיינענדיק אידיש טעאַטער), האָט זיך צו אונז צוריק־געקערט, און ער איז היינט ביינאַכט מיט אונז, יוסף חי!" און דער פאָרהאַנג איז אויפגעגאַנגען.

און די דריי הונדערט קעפּיקע מאַסע פון נגינה, פֿון די, וועלכע בעטן, זינגען, טוען תפילה פאַר אַזוי פיל אידן פון אַמעריקע, אָט די מוזיקאַלישע מאַסע האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף, אויפן וואונק פון זייער פּרעזידענט, יעקב ראַפּאָ־פּאָרט.

איך בין אַרויסגעקומען... דער הערלעכער קאָנצערט האָט זיך אָנגעהויבן.

מענטשן האָבן אַלע מאָל ליב צו רעדן מיט באַגייסטערונג פון דער פאַרגאַנגענהייט און פאַרנאַכלעסיקן די קעגנוואַרט. איך מוז צוגעבן, אַז ווען איך האָב דאַן דיריגירט דעם הערלעכן חזנים־קאָנצערט, האָב איך נאָך אַלע באַגייסטערונגען און נער־וועזיטעט, באַגריפן און כמעט ווי געזאָגט צו זיך אַליין, אַז אַזאַ מוזיקאַלישע קראַפט צוזאַמען טרעפט ס'ערשטע מאָל און כ'האָב מורא — דאָס לעצטע מאָל, ווייל אַ מענטש לעבט דאָך ניט אייביק, און אַזעלכע קינסטלער־חזנים קומען אַזוי שנעל ניט צו. איבערהויפּט קאָנען זיי ניט אויסוואַקסן אויף דעם אַמעריקאַנער באָדן. דאָס זיינען געווען גלות־זינגער, מיט אַן אייראָפּעאיש־אידישער קולטור.

איך האָב אַ סך זיסע דעראינערונגען אין מיין לאַנג־יעריקער,

גלאַררייכער קאַריערע, דער חזנים־קאָנצערט אין מעקאַ־טעמפּל איז איינער פון די גלענצענדסטע מאָמענטן אין מיין מוזיקאַלי־שער קאַריערע.

עס איז כדאי צו באַמערקן, ווי די צוויי גרויסע קינסטלער חזנים, יאָסעלע ראָזענבלאַט און מרדכי הערשמאַן, וועלכע זיינען שוין ליידער ביידע נישט מער צווישן די לעבעדיקע, האָבן זיך אויף יענעם קאָנצערט גוטמוטיק געקיבעצט: נאָכדעם ווי הערשמאַן האָט פאַרענדיקט זיין פאַרצי־זאָגעכץ, זיין רעטשי־טאַטיוו, איז געקומען, ווי געוויינלעך, זייער אַ גרויסער אַפּלאָוז. דער עולם האָט פיל געפּאַטשט. איז געשטאַנען יאָסעלע ראָזענ־בלאַט הינטער דער בינע און געוואַרט, ווייל ער איז געקומען דער נעקסטער. האָט מרדכי הערשמאַן געזאָגט צו יאָסעלע ראָזענבלאַט: „דו הערסט, בערדעלע! (אַזוי האָט ער אים גערופן, מיינענדיק באָרד), דו הערסט, ווי דער עולם שרייט נאָך מיין זינגען". האָט אים געענטפערט יאָסעלע ראָזענבלאַט מיט אַ שמייכל: „וועט אַט דאָס יאָסעלע מיטן בערדעלע באַלד געבן אַ זינג און אַ זאָג, אַז מען וועט פאַרגעסן אָן מרדכי'לען".

ווען יאָסעלע ראָזענבלאַט האָט געענדיקט און די באַ־גייסטערונג איז געווען אַן אומגעהויערע, ווייל עס איז אים דאָן אויסערגעוויינלעך געלונגען, איז מרדכי הערשמאַן צוגע־גאַנגען צו יאָסעלע ראָזענבלאַט און געזאָגט:

„יישר־כוח, בערדעלע, האָסט געהאַלטן וואָרט, ס'האָט מיך צעשרויפט, אויסגעצייכנט!"

עס ווערט אומעטיק אויפן האַרצן, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז אַזעלכע גאָלדענע שטימען, אידישע זינגער און זאָגער זיינען אויף אייביק שטיל געוואָרן. און די לעבעדיקע זיינען שוין עלטערע מענטשן. וואָס אַנבעלאַנגט די נייע, די צוגעקומענע, גלויב איך קוים, צי אין דער איצטיקער אייראָפּע און אַמעריקע קאָנען אויפגיין אַזעלכע שטערן, ווי אַ יאָסעלע ראָזענבלאַט און אַ מרדכי הערשמאַן...

## ער האָט פאַרגאָסן בלוט צוליב מיר

דער רוסישער דראַמאַטורג טשעכאָוו האָט געזאָגט, אַז כדי אָנצושרייבן אַ גוטע דראַמע איז ניט גענוג צו זיין אַ גע־בילדעטער מענטש און ענדיקן אַן אוניווערזיטעט, נאָר מען דאַרף זיין פריער אַ „לאַמפּאָווטשטשיק" ביים טעאַטער (דער וואָס צינדט אָן און רייניקט די לאָמפּן אין טעאַטער. געוויינלעך, איי־דער עס איז אַרויסגעקומען עלעקטריציטעט).

טשעכאָוו האָט ניט געמיינט דירעקט אַ „לאַמפּאָווטשטשיק", נאָר, אַז אום צו קענען אָנשרייבן אַ גוטע דראַמע, דאַרף מען גוט קענען די טעאַטער־טעכניק. און דאָס קען מען נאָר לערנען, ווען מען הענגט אַרום יאָרנלאַנג ביים טעאַטער. כמעט אַלע גרויסע דראַמאַטורגן האָבן געהאַט אַ גרויסן שייכות מיט'ן טעאַטער. שעקספּיר איז אַליין געווען אַן אַקטיאָר און אויך דער דירעקטאָר פון זיין טעאַטער, פאַר וועלכן ער האָט געשריבן אַלע זיינע פּיעסן, וועלכע זיינען שוין העכער 300 יאָר דער שטאָלץ אין דער ליטעראַרישער וועלט. די גרעסטע וועלט־אַרטיסטן זיינען געווען שיק־אינגלעך ביים טעאַטער אָדער סטאַטיסטן. אויך די דערפאָלגרייכע דירעקטאָרן און מענע־דזשערס, וועלכע האָבן אויפגעפירט גרויסע ווערק, די גרעסטע קונסט־ווערק, וואָס די וועלט פאַרמאָגט, זיינען געווען שיק־אינגלעך, באַדינער, כמעט שקלאַפן פון פאַטריאַטיזם צו זייערע פאַרגעטערטע סטאַרס. עס האָט טאַקע ניט איינמאָל פּאַסירט, אַז אַ געוועזענער שיק־אינגל, אַ פאַטריאָט, וועלכער האָט קוים געהאַט די זכיה צו טראָגן דעם סטאַרס סעטשל אין טעאַטער און אַז זיין סטאַר זאָל אויף אים אַ קוק טאָן, — אַז דער זעלבער סטאַר זאָל שפּעטער שטיין שעה'נווייז איידער ער האָט געקראָגן די געלעגנהייט צו רעדן צו זיין געוועזענעם שיק־אינגל אָדער

פּאַטריאָט, וועלכער איז איצט געווען איינער פון די דערפּאָלג־רייכסטע, גרעסטע פּראָדיוסערס און מענעדזשערס.

אין דעם פּאַל פון פּאַטריאָטן־אַרומהענגער אַרום טעאַטער שטייגן מיר אידן אַריבער די ניט־אידישע וועלט; באַזונדערס אין די ערשטע יאָרן פון אידיש טעאַטער אין אַמעריקע. דאָס זיינען געווען ניט קיין איינפאַכע פּאַטריאָטן, וועלכע קומען זען זייער ליבלינג־אַקטיאָר בלויז שפּילן טעאַטער, נאָר מענטשן, וועלכע האָבן אַ לעבן אָוועקגעגעבן... זיי האָבן פאַרנאַכלעסיקט זייער היים, זייערע ליבסטע און טייערסטע, אַפילו טאַטע־מאַמע. מאַנכע זיינען געגאַנגען צוליב זייער סטאַר ביז אין בלוט, איינפאַך זיך געשלאָגן, עס האָט זיך געגאָסן בלוט אין די גאַסן, אויב עמיצער האָט געוואַגט צו זאָגן עפּעס שלעכטס אויף זייער ליבלינג סטאַר, פאַרפאַסער אָדער מוזיקער.

איינער פון די, וועלכע האָבן זיך געקענט מקריב זיין און האָט זיך טאַקע מקריב געווען ביז אין בלוט צוליב זיין סטאַר, וועלכן ער האָט פאַרגעטערט, איז געווען דער איצט באַגאַבטער אַרטיסט און קינסטלער — איזידאָר קעשיר. עס איז מערקווירדיק, אַז איזידאָר קעשירן — אַ פאָלקס־מענטש, אַ האָרעפּאַשניק, אַ שאַפּ־מענטש, וועלכער מאַכט דעם איינדרוק פון אַן ערד־מענטש — האָט אין זיינע בחור'שע יאָרן געצויגן צו אַלץ וואָס האָט פּאָעזיע און שיינקייט. צום ביישפּיל: זיין ליבלינגס־אַקטיאָר, וועלכן ער האָט פאַרגעטערט און טאַקע זיך מקריב געווען צוליב אים, איז געווען יעקב פּ. אַדלער, וועלכער איז געווען ווייט פון זיין אַ נאַטור־מענטש. יעקב פּ. אַדלער האָט אימפּאָנירט מיט זיין הערלעכן, שיינעם אויסזען, מיט זיינע הימלישע, האַמלעטישע טענער, מיט אַן אויג בלויז פאַר שיינקייט... און אין אים, אין יעקב פּ. אַדלער, דעם אַקטיאָר, וועלכער איז מער פּאָעטיש ווי פּראָזאַאיש, האָט דער האָרעפּאַשניק, דער נאַטור־מענטש, איזידאָר קעשיר, געפונען זיין אידעאַל, זיין גאָט, צו וועלכן ער פלעגט אַרויפקוקן און מיט

וועלכן ער פלעגט זיך פרייען, אַזוי ווי די ערד פֿרייט זיך מיט דער זון. אַפילו איזידאָר קעשירס ליבלינג־דראַמע, אַלס פּאַט־ריאָט, איז געווען יעקב גאָרדינס פּאָעטישע, לירישע דראַמע „דער מטורף", וואו דער לייט־מאָטיוו פון דער דראַמע איז בעטהאָווענס „מונלייט סאָנאַטע". און אַזוי ווי יעדער טעאַ־טער־פּאַטריאָט האָט געהאַט זיין נאָמען און צונאָמען, האָט טאַקע איזידאָר קעשיר געהייסן יאָרנלאַנג „דער מטורף", אַ נאָמען נאָך זיין ליבלינג־פּיעסע. עס פלעגט זיין זייער קאָמיש צו הערן, ווי דער גרויסער אַרטיסט, דער נשר הגדול, יעקב פּ. אַדלער, פלעגט זאָגן: „איך וועל דאָס ניט טאָן אָן מיין „מטורף" (מיינענדיק איזידאָר קעשיר), ווייל אויסער וואָס ער איז מיין פריינט, איז ער אַ קלוגער און איבערלייגטער מענטש". אַדלער ווידער האָט געפונען אין איזידאָר קעשירן דאָס, וואָס ער איז ניט געווען. אים איז געפעלן אין איזידאָר קעשירן דער מענטש אָן פינטעפּליושקעס, אָן צירלעך־מאַנירלעך, און אַז אים איז עפּעס ניט געפעלן געוואָרן, איז טאַקע גלייך אויף דער מינוט האָט ער באַוויזן זיין ניט־צופרידנקייט מיט אַ שטאַרקן מתנת־יד, און וואו איזידאָר קעשיר האָט אַוועקגעלייגט זיין הענטעלע איז שוין דאָרט קיין גראָז ניט געוואַקסן, און דער אַרגומענט האָט זיך געענדיקט ווי ער האָט געוואָלט. איז אָבער אַזוי ווי די נאַטור האָט אים געבענטשט מיט אַ שטאַרקן מתנת־יד, האָט זי אים צו דער זעלבער צייט געבענטשט מיט אַ שטילן, גוטמוטיקן כאַראַקטער, אַ מענטש וועלכער שמייכלט אָפּט און ווערט זעלטן אויפגערעגט. אַפילו זיין פאַרגעטערטער אַקטיאָר, יעקב פּ. אַדלער, וועלכער האָט ליב געהאַט צו זען ווי איזידאָר קעשיר פירט אַן אַרגומענט, האָט ניט געקענט אַזוי גיך פּועל'ן ביי אים, אַז ער זאָל געברויכן זיין געבענטשט הענטעלע. אָבער ווען איזידאָר קעשיר האָט געפונען, אַז מען האָט זיין שטילע גוט־מוטיקע נאַטור אויפגערעגט, איז געווען פֿריילעך און אומעטיק צוזאַמען, ווייל עס האָט ניט געפעלט קיין געלעכטער פון די,

וועלכע האָבן עס בייגעוואוינט, און קיין טרערן פון די, וועלכע זיינען ניט געווען מיט אים איינפאַרשטאַנען.

ער איז יאָרנלאַנג געווען אַדלערס פּאַטריאָט, אָבער ער איז אויך געווען אַדלערס עצה-געבער און לייבלעכער פריינט. נאָר אַממערסטן, וואָס איזידאָר קעשיר איז געווען צווישן אַדלערס פּאַטריאָטן, איז דאָס, וואָס יהודה דער גבור איז געווען צווישן יעקב׳ס קינדער.

— פאַרוואָס גיט איר ניט אַ פּאַטש דעם יעניקן, וואָס רופט אייך „מטורף״? — אַזוי פלעגט אַדלער איינ׳טענה׳ן מיט איזי־דאָר קעשירן די לעצטע יאָרן. מ׳פלעגט אָפט הערן אַדלערן זאָגן: „איר זאָלט אים מער ניט רופן „מטורף״, איר הערט, נאָר מיסטער איזידאָר קעשיר!״

הערי גולאַש, יאַשאַ ראָזענטאַל, הערי גאַטי און נאָך פּאַט־ריאָטן האָבן גענומען קוקן אויף איזידאָר קעשירן מיט רעס־פּעקט און אויסגעפירט אַדלערס אָרדערס, און אים ניט מער גערופן „מטורף״, נאָר מר. איזידאָר קעשיר. ספּעציעל נאָכדעם ווי אַדלער האָט איזידאָר קעשירן גענומען איינלאַדן צו אַ פאַר־לעזונג פון יעקב גאָרדינס אַ נייער פּיעסע, און ער פלעגט זיך רעכענען מיט זיין מיינונג, אָבער אַממערסטן מיט זיין אויפ־ריכטיקייט און פריינטשאַפט.

אין מיין קאַמף, וואָס אַדלער האָט געהאַט מיט דער מו־זיקער-יוניאָן, ווען מען האָט מיך ניט צוגעלאָזט, ווייל עס איז ניט געווען מיין נעקסט, האָט איזידאָר קעשיר געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע. ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט, כאָטש איזידאָר קעשיר איז געווען אַ האָרעפּאַשניק, אַ פאָלקס-מענטש, אַ מענטש פון שאָפּ, איז ער צו דער זעלבער צייט געווען אַ נשמה-מענטש, מיט אַן אויג פאַר שיינקייט און מיט אַן אויער פאַר מוזיק. ווען אַדלער האָט געהאַט אַ סכסוך צוליב מיר מיט דער מוזיקער-יוניאָן און אויך מיט די אַנדערע טעאַטער-יוניאָנס, וועלכע זיינען אריינגעשלעפּט געוואָרן אין דעם סכסוך, איז

איזידאָר קעשיר אַרומגעגאַנגען אַ צעקאָכטער, אָן אויפגע־רעגטער, און פלעגט טענה'ן בזה הלשון: „טאָמער וועט מען הערן אין אידישן טעאַטער אַ נייעם טאָן, נייע מעלאָדיעס, מאָ־דערנע האַרמאָניע, קומען די צוריקגעשטאַנענע און לאָזן ניט!"
זיין גרויסער ברוסטקאַסטן פלעגט ווערן מער אָנגעבלאָזן און



איזידאָר קעשיר

ער פלעגט זאָגן מיט רציחה: „דער רוסישער יונגערמאַן (דאָס האָט ער מיך געמיינט) וועט מאַכן מוזיק פאַרן נשר הגדול, פאַרן גרויסן אַדלער, ווען איך וויים אַפילו, אַז עס וועט מיך קאָסטן מיין לעבן!"

איז טאַקע אין אַ שטרייט צווישן אַדלערן און דעם אַמע־ריקאַנער מענעדזשער אל וואודס, ווען אַדלער האָט צוליב מיר

אוועקגעגעבן דעם גרענד־טעאַטער, און האָט עס שפּעטער גע־וואָלט קריגן צוריק, איז אַריין איזידאָר קעשיר אינמיטן און עס האָט ניט גענומען קיין פֿאָר מינוט ווי וואודס און אייניקע פון זיינע משרתים זיינען געלאָפן איבער גרענד סטריט פאַר־בלוטיקטע און איזידאָר קעשיר, אויך אַ פאַרבלוטיקטער, נאָך זיי, און געשריען צו מיר: „בלוט וועט זיך גיסן אין די גאַסן און איר מוזט שרייבן מוזיק פאַר דעם נשר הגדול, פאַר יאַקאָב פּ. אַדלערן!"

מיט אַ צייט שפּעטער איז שוין איזידאָר קעשיר געווען ביי אַדלערן ניט נאָר דער וויכטיקסטער צווישן די פּאַטריאָטן, און דער וואָס קאָן געבן דעם ריכטיקן אַרגומענט און איבערצייגן, אַז ער איז גערעכט, מיט שלאָגנדע באַווייזן, נאָר ער איז גע־וואָרן ביי אים די רעכטע האַנט אויף דער בינע.

אַדלער איז געווען אַ גרויסער מפונק אויף זיינע פּיעסן. ניט נאָר אויף די נייע פּיעסן, נאָר אויך אויף די אַלטע. איבער־הויפּט האָט פאַר אַדלערן ניט עקזיסטירט קיין אַלטע פּיעסע. אַלץ וואָס ער האָט געשפּילט, האָט עס געקאָנט זיין די עלטסטע פּיעסע אין זיין רעפּערטואַר, איז אַלעמאָל געווען פראָבן, ווייל אַלע מאָל איז עפּעס נייעס צוגעקומען. איזידאָר קעשיר האָט שוין געוואוסט אַלץ וואָס אַדלער וויל, און אַפילו וואָס אַדלער וועט וועלן אין דער פּיעסע. ער האָט שוין געקענט זיין יעדן ריר, וואונק און טאָן. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז אַדלער האָט זיך ניט געקאָנט געבן אַ ריר אָן איזידאָר קעשירן, און דער פולשטענדיקער באַלעבאָס אויף דער בינע איז געוואָרן. דער אַמאָליקער שטאַרקער, דער אַמאָליקער פּאַטריאָט, דער האָרעפּאַשניק, דער פּאַלקס־מענטש, איזידאָר קעשיר.

עס איז געקומען אַ צייט, ווען אַדלער פלעגט גאָרניט קומען צו פראָבעס, נאָר עס איבערלאָזן צו איזידאָר קעשירן צו רעזשיסירן ניט נאָר די אַלטע פּיעסן, נאָר אויך פּראָבירן און רעזשיסירן די נייע פּיעסן. עס איז כדאַי צו באַמערקן אַ פאַל

וואו איזידאָר קעשיר האָט שוין פיגורירט מיט אַדלערן אַלס דיריזשאָר אין אָרקעסטער:

אַדלער מיט זיין קאָמפּאַני האָבן דאַן געשפּילט אין האַרט־פאָרד, קאָנעטיקוט. איך בין געווען באַשעפטיקט און האָב ניט געקאָנט פאָרן. מען האָט אָבער געמוזט אָנווייזן די מוזיקער נאָך וועלכער סצענע און ווערטער מוזיק־נומערן צו שפּילן. האָט אַדלער געהייסן איזידאָר קעשירן אַריינגיין אין אָרקעסטער און אָנווייזן די מוזיקער ווען צו שפּילן. נאָך דער פאָרשטעלונג זיינען צוגעקומען צוויי חזנים פון האַרטפאָרד און געפרעגט אַדלערן, אָנווייזנדיק אויף איזידאָר קעשירן, צי דאָס איז רומשינסקי. זאָגט אַדלער, אַז דאָס איז ניט רומשינסקי, ער איז רומשינסקיס אַ פאַרטרעטער, נאָר מוזיקער זאָגן, אַז ער איז נאָך גרעסער פון רומשינסקין. זאָגן זיי: צי איז ער אַ גרעסערער מוזיקער פון רומשינסקין ווייסן מיר ניט, אָבער אַז ער איז אַ פיינער דיריזשאָר און גרויסער מוזיקער, דאָס האָבן מיר גלייך באַמערקט, ווען ער האָט דיריגירט דעם אָרקעסטער. און זיי האָבן איזידאָר קעשירן געגעבן אַ גרויסן יישר־כוח פאַר זיין דיריגירן און פאַר דער מוזיקאַלישער אינטערפּרעטאַציע און פאַרשטענדעניש. אי אַדלער, אי איזידאָר קעשיר האָבן יאָרן־לאַנג געלאַכט פון דעם שפּאַס... שפּעטער האָט איזידאָר קעשיר ביי בערטאַ קאַליש פאַרנומען דעם זעלבן פּלאַץ וואָס ביי אַדלערן, דאָס הייסט, ניט אַלס פּאַטריאָט, נאָר אַלס רעזשיסאָר. — אירע אַלע גאַסטראָלן אויף דער אידישער בינע זיינען געווען אונטער קעשירס רעזשי. ווען זי האָט פאַרלוירן אירע אויגן, פלעגט זי אויסשרייען: „וואו זיינען מיינע אויגן?״, מיינענדיק איזידאָר קעשירן.

ווען איזידאָר קעשיר איז שוין געוואָרן אַ טיכטיקער מיטגליד אין מאָרים שוואַרצס קונסט־טעאַטער, פלעג איך הנאה האָבן צו זען ווי ער שיינט אַריין, און ניט נאָר ווי ער שיינט אַריין, נאָר טאַקע אָפּט מאָל ווי ער שיינט אַרויס פון

דער קונסט־טעאַטער קאָמפּאַני, און איך פלעג זיך דערמאָנען אָן טשעכאָווס ווערטער, אַז מען וויל זיין אַ גוטער דראַמאַ־טורג באַדאַרף מען פריער זיין אַ „לאַמפּאָווטשיק” אין טעאַטער, און אַז מען וויל זיין אַ גוטער אַקטיאָר, באַדאַרף מען פריער דורכגיין די אַלע מדרגות אַרום טעאַטער און ביים טעאַטער, וועלכע די אַלע גרויסע דראַמאַטורגן, אַקטיאָרן און מוזיקער זיינען דורכגעגאַנגען. דאַן קען מען ווערן אַזאַ פּראַקטישער, געזונטער, פיינער אַרטיסט ווי איזידאָר קעשיר איז, און אויך מיט אַ גענים אויג פאַר רעזשי.

און ווען איך זע אים, דערמאָן איך זיך נאָך היינט־צו־טאָג, ווי ער איז געלאָפן אַ פאַרבלוטיקטער איבער גרענד־סטריט און געשריען: „בלוט וועט זיך גיסן אין די גאַסן און רומשינסקי וועט שרייבן מוזיק פאַר יעקב פּ. אַדלערס פּיעסן!”

# ליבע און רעספּעקט

אין די 21 יאָר פון מיין פאַרהייראַטן לעבן מיט מיין פֿרוי, סאַבינאַ לאַקסער, כאָטש זי איז געווען 14 יאָר עלטער פון מיר, האָבן מיר זיך זייער ליב געהאַט. איך האָב זי זייער רעס־פּעקטירט, ווייל אויסער וואָס זי איז געווען צו מיר אַ געטרייע ליבע פרוי, איז זי אויך געווען צו מיר ווי אַ מאַמע, אַ לערערין און אַ דערציערן.

די פאַרשיידנקייט אין אונזערע יאָרן איז ניט געווען אַזוי ווייט, ווי אונזער טעמפּעראַמענט און כאַראַקטער. זי — אַ גע־לאַסענע, אַ רואיקע, מיט פיינע מאַניערן, דערצויגן אין אַ דייטשן פּאַנסיאָן און אויך אין אַ ווינער דראַמאַטישער שולע. איך — אַן אומרואיקער, אַ נערוועזער, דערצו ניט קיין שטאַרקער מפונק אויף מאַניערן און עטיקעט.

ווען איך האָב אַלס יונגערמאַן פון 24 יאָר זיך באַגעגנט מיט סאַבינאַ לאַקסער אין באָסטאָן, וואו אַלע פון זילבערטס אידישער טעאַטער קאָמפּאַניע האָבן מיך פאַרוואָרפֿן מיט קאָמ־פּלימענטן אַלס דיריזשאָר און קאָמפּאָזיטאָר; זיך געצאַצקעט מיט מיר, איינפאַך מיך פאַרגעטערט, איז סאַבינאַ לאַקסער, וועלכע איז דאַן געווען אין דער קאָמפּאַניע די הויפּט דראַמאַטישע שוישפּילערין — זי האָט שוין דאַן געהאַט געשפּילט רומעניש און דייטש טעאַטער — געווען די איינציקע, וועלכע איז געווען שפּאָרזאַם מיט קאָמפּלימענטירן מיך פאַר מיין שרייבן מוזיק, דיריזשירן אָדער אַראַנזשירן פאַרן אָרקעסטער, אַזוי ווי די איבעריקע פון דער קאָמפּאַניע פלעגן דאָס אָפט טאָן. ווען זי האָט מיר עפּעס געזאָגט, איז עס געווען וויכטיק און אָפּט־מאָל מיט אַ קריטישן בליק, אָבער מיט אינטעליגענץ און פריינטשאַפט, כמעט ווי מיט מוטערלעכער ליבע.

נאָך אירע קריטישע באַמערקונגען, אַז איך רעד צו שנעל, ניט דייטלעך גענוג, און אַפּילו באַמערקונגען וועגן עטיקעט ביים עסן, און נאָך... פלעג איך אַנשטאָט ווערן אין כעס אויף איר, זי נאָך מער שעצן און צייטנווייז גענומען בענקען נאָך דעם, איבערהויפּט נאָך איר פריינטלעכן, צערטלעכן, מוטער־לעכן טאָן...

כאָטש נאָך אַזוי יונג, האָט מיך די גאַנצע קאָמפּאַניע באַטראַכט און פאַררעכנט פאַר אַ ריכאַרד וואַגנער, כמעט דער גרעסטער דיריזשאָר אין דער וועלט, ווערנד סאַבינאַ לאַקסער האָט אין מיר געזען בלויז אַ פּעאיקן, יונגען מוזיקער מיט אַ גרויסן טאַלאַנט, וועלכער האָט נאָך פיל צו לערנען, איבער־הויפּט אין פּראַקטישן לעבן.

מיין רעספּעקט צו דער פרוי איז געשטיגן מיט יעדן טאָג מער און מער. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן 21 יאָר, פון דעם טאָג וואָס מיר האָבן חתונה געהאַט. אַ סך מאָל איז מיין רעספּעקט און דרך־ארץ צו מיין פרוי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מורא, כאָטש זי איז געווען די שטילסטע, ליבסטע פּערזאָן. איך פלעג מיך פיל מאָל וואונדערן, ווען עס איז איר אויסגעקומען שפּילן אויף דער בינע אַ שלעכטע, אַן אינטריגאַנטין, — וואו נעמט זי די בייזע טענער? ווי קומט צו איר די גרויזאַמע האַלטונג פון דער ראָלע ווערנד אין פּריוואַטן לעבן איז זי די פיינקייט אַליין, מען הערט פון איר קיין הויך וואָרט נישט. איך האָב אַלע מאָל געהאַלטן פון דעם „והוא ימשול בה". האָב איך געזען מיין פרוי צו באַזייטיקן פון דער בינע, כאָטש זי איז געווען זייער אַ טאַלענטירטע, געשולטע, דראַמאַטישע אַקטריסע.

ווען מיין זון, משהלע, איז געבוירן געוואָרן, האָט מיין פרוי צען יאָר אינגאַנצן קיין טעאַטער נישט געשפּילט. זי איז געוואָרן די איבערגעגעבענע מאַמע.

מיין נאָמען אַלס מוזיקער, קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט איז געוואָרן אַלץ מער פּאָפּולער מיט יעדן טאָג, איז, ווי געוויינלעך

אונטער אַזעלכע אומשטענדן, קומען אַרויס צייטנווייז סכסוכים אין פאַמיליען לעבן, איבערהויפּט אייפערזוכט, באַרעכטיקטע און אויך אָפט מאָל ניט קיין באַרעכטיקטע. אין די 21 יאָר פון מיין פאַרהייראַטן לעבן מיט סאַבינאַ לאַקסער בין איך קיין מלאך ניט געווען... ס׳האָבן ניט געפעלט קיין ליבע־פלאַנ־טערלעך... אָבער קיין איינע פון זיי ניט קיין ערנסטע, אויף וועלכע ס׳איז כדאי זיך אָפּצושטעלן, כאָטש עס האָבן ניט גע־פעלט קיין אינטריגעלעך... אַ פּאָר שלאָפלאָזע נעכט... אייניקע מאָל געגעסן צוויי דינערס אָדער סאַפּערס אין איין טאָג, און אויך געזען צוויי מאָל די זעלבע פּיעסע אויף בראָדוויי, אָדער אַ מואווינג פּיקטשור... ווייל אין דער צייט וואָס מיין פרוי האָט געוואַרט אויף מיר מיטן עסן, בין איך געקומען שוין אָן אָפּגעגעסענער... געוויינטלעך ניט אַליין... אָדער זי האָט געוואָלט זען די פּיעסע אויף בראָדוויי אָדער אַ מואווינג פּיק־טשור, האָב איך זי שוין געהאַט געזען, און, ווי געוויינטלעך, אויך ניט אַליין... אָבער צו זייער שטאַרקע, סעריעזע מאָמענטן איז עס ביי אונז נישט געקומען. דאָס פאַרליבן זיך איז גע־קומען ביי מיר שנעל, און נאָך שנעלער אַוועק, ווייל דער רעספּעקט און אַכטונג צו מיין פרוי האָט אַלץ איבערגעוואויגן.

מיר פלעגן יעדן זומער, ווי געוויינלעך, אַרויספאָרן אין די בערג, צום ים — מאַונט קלעמענס אָדער סאַראַטאָגאַ — יעדן זומער ערגעץ אַנדערש. אין דעם יאָר, וואָס איך בין געוואָרן דער שותף צום סעקאָנד עוועניו טעאַטער, אין אָנפאַנג פון יענעם זומער, זאָגט מיר מיין פרוי, אַז זי האָט ניט קיין חשק צו פאָרן אויף זומער־וואואינונג, זי וויל בלייבן אין ניו־יאָרק, און זי וויל מיר ניט שטערן. אויב איך וויל, קען איך פאָרן וואוהין איך וויל, אָבער זי בלייבט אין ניו יאָרק דעם גאַנצן זומער. איך האָב איר געפרעגט די אורזאַך פאַרוואָס, האָט זי מיר מיט האַלבע ווערטער פאַרטרויט, אַז זי פילט מיט יעדן טאָג

שוואכער און שוואכער, און זי דענקט, אַז אין דער היים וועט זי זיך פילן בעסער, ווי אין דער בעסטער זומער וואוינונג.

מיר האָבן יענעם זומער פאַרבראַכט אין ניו יאָרק גאַנץ פיין. כמעט יעדע נאַכט זיינען מיר געגאַנגען אין לואיסאָן סטאַדיום, געהערט גוטע מוזיק. בייטאָג פֿלעגן מיר גיין צו אַ באַל-גיים, וואָס אַמוזירט מיך זייער גוט; פון אין דער פרי ביז 12 בייטאָג פלעג איך שרייבן מיין אָפּערעטע, און אַזוי איז מיר דער זומער שנעל אַוועק. כאָטש מיין פרוי פלעגט מיט מיר איבעראַל מיטגיין, דאָך האָב איך געפילט, אַז ס'איז ניט דער זעלבער מענטש. זי פאַרלירט יעדן טאָג דעם אינטערעס אין לעבן, איבערהויפּט וואָס זי וויל ניט רופן קיין דאָקטאָר און ניט פרעגן אַ דאָקטאָר, און האָט מיר שטרענג אָנגעזאָגט, אַז אויב איך וועל ברענגען אַ דאָקטאָר אין שטוב אריין, וועט זי זיך ניט לאָזן אונטערזוכן. איך האָב ניט דערקענט מיין אייגענע פרוי, ווייל וואָס פאַר אַ קליינקייט עס פֿלעגט פּאַסירן ביי אונז אין דער היים, צו מיר, צו מיין זונדעלע אָדער צו איר אליין, איז גלייך געווען אַ דאָקטאָר, און איצט, ווען די פרוי זינקט מיט יעדן טאָג, זי גייט אויס ווי אַ ליכט, לאָזט זי קיין דאָקטאָר אין הויז ניט אריין. זי פלעגט מיך פרעגן, איידער זי פלעגט עפענען די טיר, צי איך בין אַליין; זי האָט מורא געהאַט, אַז איך ברענג אַ דאָקטאָר...

איר מורא פאַר אַ דאָקטאָר איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז זי פלעגט זיך מאַכן, אַז זי פילט שוין גוט און אַז זי איז פולקאָם געזונט. איך האָב אין יענעם זומער אויסגעפֿונען, אַז דאָס וואָס איך האָב געמיינט 21 יאָר צייט, אַז איך רעספּעקטיר בלויז מיין פרוי, איז עס געווען ניט בלויז רעספּעקט, נאָר ליבע, ווייל עס קען קיין מאָל ניט זיין קיין אמתע ליבע אָן רעספּעקט, ליבע און רעספּעקט גייען האַנט אין האַנט...

## די טרויעריקע בשורה

ניט אומזיסט האָט זיך מיין פרוי געשראָקן די גאַנצע צייט, וואָס זי איז קראַנק געוואָרן, צו זען און פרעגן אַ דאָקטאָר. זי האָט מורא געהאַט פאַר דעם שרעקלעכן אמת, פאַר דער שרעקלעכער בשורה. זי האָט אָבער מער ניט געקאָנט פון מיר באַהאַלטן ווי קראַנק זי איז, כאָטש זי האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען. האָב איך איין מאָל, אין אַ פרייטאָג בייטאָג, ווען איך האָב זיך געקליבן מיט מיין פרוי צו גיין אין קאַרנעגי האָל צו אַ סימפאָני־קאָנצערט, באַמערקט, אַז זי איז אַפילו צו שוואַך אַריינצוגיין אין אַ טעקסי, האָב איך ביי דער עטלעכע־און־אַכציקסטער גאַס געהייסן דעם טעקסימאַן זיך אָפּשטעלן, און קעגן איר ווילן און אירע פּראָטעסטן, אַז זי איז פֿול־שטענדיק געזונט, בין איך אַריין מיט איר צו דר. העלד.

דר. העלד איז יאָרן־לאַנג געווען דער רופא־חולים פון דער אידישער טעאַטער־פּראָפעסיע. פון דעם מאַן, וואָס שטייט ביי דער טיר אין טעאַטער ביז צום סטאַר, מענעדזשער און די־רעקטאָר, זיינען אַלע געלאָפן צו דר. העלד. ווייל אויסער וואָס ער איז אַ גרויסער דאָקטאָר און אַ ליבער, האַרציקער מענטש, האָט ער ספּעציעל זיך אָפּגעגעבן מיט טעאַטער־מענטשן. ער איז אַ שטענדיקער באַזוכער אין אידישן טעאַטער. ער קען דאָס אידישע טעאַטער אין אַמעריקע, ווען עס איז נאָך געווען אין אירע ווינדעלעך, איבערהויפּט קען ער גוט די גאַנצע אידישע סביבה; די אידישע פּרעסע, די אידישע אַרבעטער־פירער. ער איז דער ברודער פון אַדאָלף העלד, דער געוועזענער מענעדזשער פון „פאָרווערטס", וועלכער איז איצט דער דירעקטאָר פון דער אַמאַלגאַמייטעד באַנק, און איז נאָך ביז היינט־צו־טאָג, ווי דער אַמעריקאַנער וואָלט זיך אויסגעדריקט „דהי ברעין אָוו די „פאָרוואַרד" (דער מאַרך פֿון „פאָרווערטס").

איז שוין קיין וואונדער ניט, וואָס דר. העלד איז אַזוי ענג פאַרבונדן מיט דער גאַנצער אידישער פּראָפעסיאָנעלער סביבה. אָבער אידיש טעאַטער האָט ער איינפאַך ליב. ער האָט אַפּילו ליב צו רעדן וועגן די אַמאָליקע סטאַרס, פּיעסעס, ניט קוקנדיק וויפיל פּאַציענטן עס זאָלן ניט וואַרטן אין קאַבינעט. ביז וואַנען דער טעאַטער־פּאַציענט טוט זיך אויס, רעדט מען פון טעאַטער. און ווען דר. העלד לייגט צו זיין אויער צום פּאַציענטס האַרץ, אָדער ער פילט דעם דופק און ער איבערצייגט זיך, אַז עס איז גאָרנישט, זאָגט ער, אַוועקנעמענדיק זיין אויער פון פּאַ־ציענטס האַרץ: „איר הערט, איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן לודוויק זאַצן אין „רבי'נס ניגון". איך וואָלט עס געקאָנט הערן נאָך צען מאָל. און וואָס מאַכט מאַדאַם פראַגער? זי איז געווען אַזוי גוט אין „די חזנ'טע", זי האָט דאָך אַזוי האַרציק גע־זונגען". און ער פרעגט זיך נאָך אויף אַלץ און אַלעמען אין אידישן טעאַטער.

ווען איך בין דאָס מאָל אַריין מיט מיין פרוי צו דר. העלד איז, ווי געוויינלעך, דער אָפּיס געווען געפּאַקט מיט פּאַציענטן. מען האָט אונז לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן. ער האָט אונז באַגעגנט מיט זיין געוויינלעכן ליבן, האַרציקן שמייכל, און געפרעגט: „וואָס איז מר, רומשינסקי, עפּעס ניט געזונט?" האָב איך געענטפערט: „ניט איך, נאָר מיין פרוי". ביז וואַנען זי האָט פון זיך אַרונטערגענומען אירע אויבערשטע קליידער, האָט דר. העלד, ווי געוויינלעך, גערעדט צו מיר וועגן טעאַטער, פון אונזער נייער אונטערנעמונג, פון אונזער נייער פּיעסע. ווען מיין פרוי האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן לאַנגן טיש און ער האָט איר געפרעגט וואָס עס טוט איר וויי, און ער האָט אַוועקגעלייגט זיין האַנט אויף איר מאָגן, וואו זי האָט זיך באַקלאָגט, אַז זי האָט שמערצן, איז ער געוואָרן בלאַס, זיין גאַנצער שמייכל איז פאַרשוואונדן, און עס האָט זיך אַרויס־געריסן פון אים אַן אויסגעשריי: „אוי, ווייי איז מיר!" ער האָט

זיך גלייך געכאַפּט, אַז ער האָט זיך פאַרלוירן; אַז דער פּריינט, דער מענטש האָט גובר געווען דעם דאָקטאָר. ער האָט מיין פרוי אָנגעוויזן אויף אַ צימער, וואו זי זאָל זיך רעכט אָנטאָן. ווען איך בין געבליבן מיט אים אַליין, האָב איך מיך היס־טעריש צעוויינט. ער האָט מיך באַרואיקט און גענומען טרייסטן, אַז די מעדיצין איז נאָך לייִדער ניט געקומען צו דער מדרגה, אַז מען זאָל קאָנען היילן די קראַנקהייט, און ווען מען געפינט זי אויס, איז שוין, לייִדער, צו־שפּעט, עס איז נאָר אַ פראַגע פון וואָכן און חדשים, וואָס דער אומגליקלעכער פּאַציענט ליידט.

איך האָב געפילט, אַז מיין האַרץ וועט מיר צעריסן אויף פּיצלעך און איך פאַרליר מיין פאַרשטאַנד. איך האָב נישט געוואָלט און נישט געקאָנט באַגרייפן, אַז אָט גיי איך מיט אַ מענטשן, וועלכער רעדט, דענקט, שמייכלט, הערט אויס אַ וויץ און דערציילט אַפילו אַ וויץ און ער איז אַ פאַראורטיילטער. אַזוי פיל יאָרן געווען צוזאַמען, מיטגעמאַכט קאַלטס און וואַ־רעמס, געשטרעבט, געהאָפט... משה'לע איז שוין אַ בחור'ל פון 18 יאָר, שוין אַ טיכטיקער מוזיקער און פּיאַניסט, איצט אַריינ־געלייגט אַזויפיל געלט אין אַ גרויס געשעפט; דאָס טעאַטער מאַכט אַזעלכע גלענצענדע געשעפטן — און פון דעם אַלעם זאָל זי ניט געניסן...

ווערנד מיינע געדאַנקען זיינען געפלויגן אַזוי שנעל, דער קאָפּ האָט זיך געמישט, דאָס האַרץ איז געוואָרן צעריסן, האָט דר. העלד מיך גענומען טרייסטן: „מיסטער רומשינסקי, איר זענט נאָך יונג און געזונט, איר קאָנט נאָך אַזויפיל אויפטאָן אין אייער לעבן... מיר דאַרפן אייך..." איך האָב אויסגעשריען: „און זי! און זי! וואָס וועט זיין מיט איר?" האָט דר. העלד אוועקגעלייגט זיין קאָפּ אויף מיינע פּלייצעס און האָט געזאָגט וויינענדיק: „דאָס וואָס עס וועט אַמאָל זיין מיט אונז..."

ווען מיין פרוי איז אַריינגעקומען, האָבן דר. העלד און איך איר פּרובירט באַגעגענען מיט אַ שמייכל, כדי צו מאַכן

איר פילן בעסער. ווען איך בין אַריין מיט איר אין טעקסי און געפילט ווי עס זיצט לעבן מיר מיין בעסטער פריינט, מיין טייערסטער חבר פאַר די לעצטע איין־און־צוואַנציק יאָר, וואָס איז פון דער נאַטור פאַר׳משפט צום טויט, האָב איך באַשלאָסן, אַז איך וועל לויפן צו די גרעסטע פּראָפעסאָרן, פון קיין געלט איז קיין רייד נישט געווען, איך מוז זי ראַטעווען! ווען מיר זיינען געקומען אַהיים, האָט מען מיר געזאָגט, אַז מען האָט געקלונגען פֿון טעאַטער, אַז היינט קומט אין טעאַטער פלאָרענס זיגפילד, דער מענעדזשער, וועלכער האָט גלאָריפיצירט די „אַמעריקען גוירל״, מיט זיין פרוי בילי בוירק, און די צוויי פּאַרפּאַסער, ראָדזשערס און האַרט. איך האָב טעלעפאָנירט אין טעאַטער, אַז איך קאָן ניט קומען דיריגירן, האָט מען מיר גע־ענטפערט, אַז זיין סעקרעטאַרין האָט געפרעגט צי איך וועל זיין אין טעאַטער, ווייל זיגפילד וויל מיך זען, און זיי האָבן איר געזאָגט, אַז איך קום דיריגירן די פאָרשטעלונג.

מיין מוט און מיינע געדאַנקען זיינען געווען ווייט פֿון טעאַטער; איך האָב געטראַכט פון איין זאַך — ראַטעווען מיין פרוי. מיין פרוי האָט מיך צוגערעדט, כמעט ווי געצוואונגען, איך זאָל גיין אין טעאַטער צוליב פלאָרענס זיגפילד. איך בין געקומען אין טעאַטער שוין נאָך דער אָווערטיור. איך האָב קיי־נעם ניט באַמערקט. מען האָט מיר געזאָגט, אַז פלאָרענס זיגפילד זיצט אין באָקס מיט זיין פרוי, פּאַרפּאַסער און נאָך טעאַטער־פּערזענלעכקייטן. איך האָב ניט דיריגירט, נאָר אָפּ־געוויינט דעם גאַנצן ערשטן אַקט. איך האָב געכאַפּט אַ טעקסי און בין געלאָפֿן אַהיים. מיין פרוי איז שוין געלעגן אין בעט, אָבער מיט די אויגן אָפן. אין מיין קאָפּ האָט זיך געמישט דער געדאַנק, אַז אָט די אויגן, וועלכע זיינען אָפן, וועלן באַלד־באַלד זיין אויף אייביק צוגעמאַכט, ניין, איך וועל עס ניט דערלאָזן!

און מיין פרוי האָט געזאָגט צו מיר מיט אַ שוואַכער שטימע: „האָסט ניט געהאַט קיין געדולד צו דיריגירן די גאַנצע פאַר־

שטעלונג? איך האָב זיך דאָך ביי דיר געבעטן די גאַנצע צייט, אַז איך וויל ניט גיין צו קיין דאָקטאָר, איך וויל ניט הערן די טרויעריקע בשורה!...״

איך פלעג אָפט מאָל מקנא זיין בחורים, בעטשלאָרס, איבערהויפּט ניט־פאַרהייראַטע מענער, וועלכע זיינען פריי, און דאַרפן ניט אָפּגעבן קיין דין־וחשבון צו זייערע פרויען וואו זיי זיינען געווען? פאַרוואָס זיינען זיי געקומען אַזוי שפּעט אַהיים? זיי פאַרשפּאָרן צו זוכן תירוצים, און וואו נעמט מען אַזוי פיל תירוצים? צווישן מיינע נאָענטע באַקאַנטע בחורים איז געווען יעקב פישמאַן, דער רעדאַקטאָר פון „מאָרגן זשורנאַל״, פון וועלכן מען הערט אַלע מאָל אַ קלוג וואָרט און אַ געזונטן קיבעץ.

זיין קאָלום „פון טאָג צו טאָג״, וועלכער איז יעדן טאָג פריש, ניי און קלאָר ווי דער טאָג, גיט אַ באַגריף פון דעם מענטשן יעקב פישמאַן, וועלכער גיט איבער אין קורצן דאָס אינטערעסאַנטסטע פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

איין מאָל בין איך געגאַנגען מיט יעקב פישמאַן שפּעט אַהיים, בעסער געזאָגט, פֿרי פאַרטאָג, פון דער אַקטיאָרן קי־בעצאַרניע. זאָגט ער מיר: „מיינט ניט, מר. רומשינסקי, אַז איר זייט דער איינציקער, וועלכער וועט קריגן אַן אַרגומענט פאַר קומען אַזוי שפּעט אַהיים. כאָטש איך בין ניט פאַרהייראַט, וועל איך אויך קריגן אַן אַרגומענט, און אַ גוטן אַרגומענט״. פרעג איך אים: „פון וועמען?״, זאָגט ער: „כ׳האָב געקויפט אַ נייעם רעקאָרד, וואָס איז איצט אַרויס, ווי אַ ווייב גיט דעם מאַן די ריכטיקע פאַרציע פאַר קומען שפּעט אַהיים. שטעל איך אַן דעם רעקאָרד און איך כאַפּ דעם ריכטיקן אַרגומענט, מיט אַ מענה־לשון, מיט אַלע פּיטשעווקעס. גלויבט מיר, אַז אייער פרוי, סאַבינאַ לאַקסער, קען אַזאַ אַרגומענט ניט געבן״.

מאַקס גאָלדבערג, אַ ברודער פון מענעדזשער לואי גאָלד־בערג, וועלכער איז געווען דאַן אַ בחור און פלעגט ליב האָבן

צו פֿאַרברענגען אין אונזער טעאַטער־געזעלשאַפֿט, פֿלעגט מיך אויך אָפֿט אַריינקיבעצן ווען איך פֿלעג מיך איילן גיין אַהיים נאָך אַ 4־5 שעה דערציילן וויצן, אָדער שפּילן פּאָקער. ער האָט מיר איין מאָל געזאָגט, אַז ער גייט זיך באַשטעלן אַ מעכאַנישן אַפּאַראַט, אַז אַזוי ווי ער וועט עפֿענען די טיר פֿון זיין בעטשלאָר אַפּאַרטמענט, זאָל אים פֿאַלן אַ שוך אין קאָפּ, ווי עס פּאַסירט מיט זיינעם אַ פֿאַרהייראַטן פֿריינט, וועל־כער קומט שפּעט אַהיים. אַזוי ווי אונזער געזעלשאַפֿט איז געווען אַן אינטערעסאַנטע, איבערהויפּט אַ פֿריילעכע, פֿלעגט מען אַריינקיבעצן ביז אין טאָג אַריין. איז, ווי שוין געזאָגט, פֿלעג איך אָפֿט מקנא זיין די יעניקע, וועלכע באַדאַרפֿן זיך ניט פֿאַר־ענטפֿערן פֿאַר קומען שפּעט אַהיים, און קענען גיין וואוהין זיי ווילן, מיט וועמען זיי ווילן, און ווי שפּעט זיי ווילן, אָבער נאָך דער סצענע מיט מיין פֿרוי ביים דר. העלד, איז געקומען אַן ענדערונג ביי מיר אויף דעם געביט.

כאָטש פּראָפֿעסאָר בער האָט גענומען פֿאַר אָפּערירן מיין פֿרוי 1.500 דאָלער, האָט ער מיך ניט צוגערעדט זי צו אָפּערירן. פֿאַרקערט, ער האָט מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז איך האָב אויף ווייניק וואָס צו האָפֿן. דאָך האָב איך זי געלאָזט אָפּערירן, ווייל אפֿשר וועט עס דאָך איר פֿאַרלענגערן און פֿאַרלייכטערן וויפֿיל איר איז נאָך באַשערט געווען צו לעבן. נאָך דער אָפּעראַציע האָב איך אָפּגעוואַרט פּראָפֿעסאָר בער, ער איז געווען אַ מידער, זיין אימפּאָזאַנטע שלאַנקע פֿיגור אַ ביסל איינגעבויגן. איך האָב אים געפֿרעגט: „נו, פּראָפֿעסאָר, געלונגען?" האָט ער מיר געזאָגט מיט שוואַכע, לאַנגזאַמע טענער: „מיר האָבן אַלץ געטאָן, אָבער לעבן קאָנען מיר ניט אַריינבלאָזן..." איך פֿלעג כמעט דעם גאַנצן טאָג זיין אין דעם באַקוועמען, גרויסן, פּריוואַט־צימער פֿון מאַונט סיני האָספּיטאַל, וואו מיין פֿרוי איז געלעגן. די נאַכט־נוירס פֿלעגט מיר דערלויבן צו זיין ביז 10 אַ זייגער אין אָוונט. פֿלעג איך פֿון נאָך 10 זיך אַרומדרייען

אַרום האָספּיטאַל און ניט האָבן וואוהין זיך אַהינצוטאָן. איך פלעג מיר אַליין שטעלן די פראַגע: „ס׳טײטש, יאָסעלע, דו האָסט דאָך אַזויפיל יאָרן מקנא געווען די יעניקע, וועלכע זײנען פרײ, און קענען גײן וואוהין זײ ווילן, און קומען אַהײם ווען זײ ווילן, און קײנער פרעגט בײ זײ ניט? אָט די פרײהײט, אַז עס איז ניטאָ קײנער, ווער עס זאָל מיך פרעגן, קײנער ווער עס זאָל זיך אינטערעסירן וואו איך גײ, און ווען איך קום אַהײם". — מיט די געדאַנקען פלעג איך זיך אַרומדרײען שעהנ׳וויײז אַרום האָספּיטאַל. ווען אַ הײמלאָזע קאַץ אָדער אַ הונט פלעגט פאַרבײלויפן, פלעגט מיר דורכגײן אַ געדאַנק, אַז מיט זײ אינטערעסירט זיך אויך קײנער ניט. און די, וועלכע האָט האָט אַזוי פּיל יאָרן זיך געזאָרגט פאַר מײן געזונט, פאַר מײן באַקוועמלעכקײט, ליגט אַ צעשניטענע, אַ הילפלאָזע. כ׳פּלעג אַזוי טראַכטנדיק, אויף אַ װײלע פאַרגעסן, אַז זי איז אַזאַ געפערלעכער חולה, נאָר אַז זי האָט מיך מער ניט ליב, אַז איר אַרט ניט מער וואוהין איך גײ, און וואָס איך טו... אָבער איך פלעג מיך אויפכאַפּן און פלעג מיך אַלײן דערשרעקן פאַר מײנע צעשרויפטע געדאַנקען.

איך פלעג לאַנגזאַם זיך קוים דערשלעפּן אַהײם, עפענען די טיר, אָבער קײנער האָט ניט געפרעגט אַ וואָרט. עס פּלעגט מיך באַפאַלן אַ שרעק. מײנע געדאַנקען פלעגן ווײטער נעמען אַרבעטן מיט אַ פאַרוואורף: „האָסט דאָך דאָס געוואָלט. ביזט דאָך יאָרן לאַנג מקנא געווען די יעניקע, וועלכע מען פרעגט ניט. ביזט דאָך פרײ! פאַרוואָס געניסטו ניט די פרײהײט?"

מײן פרײע הײם איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ פּריזאָן. איך פלעג קוים דערוואַרטן דעם מאָרגן, לויפֿן אין האָספּיטאַל, הערן ווי זי פרעגט מיך, מיט איר שוואַכער אָבער קלאָרער, דײטלעכער שטימע: „וואָס מאַכסטו, יאָזעף?" און איך פלעג בײ זיך טראַכטן פאַרוואָס פרעגסטו מיך ניט, וואו איך בין געווען, און ווען איך בין געקומען אַהײם?

## „צאַרעוויטש פיאָדאָר"

נאָך דער פיינער אויפפירונג פון „מאַמעלע" פון מאיר שוואַרץ, ווען סיי די קריטיק און סיי דאָס פובליקום האָבן געגעבן די גרעסטע און שענסטע שבחים, איז געווען שווער צו באַקומען נאָך אַזאַ פּיינע זאַך, וועלכע זאָל האַרמאָנירן מיט דעם כבוד פון דער אויפפירונג פון דער פיעסע „מאַמעלע". אין אַ געשפּרעך איבער טעאַטער מיט דעם טאַלאַנטירטן שרייבער מ. אָשעראָוויטש, האָב איך אַמאָל געזאָגט: „איר קאָנט דאָך אַזוי גוט דאָס טעאַטער, פאַרוואָס זאָלט איר עפּעס ניט אָנשרייבן פאַר אונזער טעאַטער? איך וועל אייך געבן אַ טעמע, אַ ווינקל, מיט וועלכן איר זענט ספּעציעל גוט באַקאַנט. איר קענט דאָך די פּיעסע „צאַר פיאָדאָר", וועלכע דער רוסישער קונסט־טעאַטער האָט אויפגעפירט אונטער סטאַניסלאַווסקיס רעזשי, און עס איז אייך באַקאַנט די רוסישע אָפּערע „באָרים גאָדונאָוו", וועלכע איז אַ פאָרזעצונג פון „צאַר פיאָדאָר". אַזוי ווי די דראַמע פון „צאַר פיאָדאָר" הייבט זיך אָן, ווען מען גייט צו דער חתונה, זאָלט איר, אָשעראָוויטש, מאַכן פאַר אונזער טעאַטער אַ פּיעסע, אין וועלכער עס שפּילן זיך אָפּ די קינדערשע יאָרן פון דעם קליינעם צאַרעוויטש, און ענדיקן מיט דעם ווען מען פירט אים חתונה האָבן. דעם קליינעם צאַרעוויטש, פיאָדאָר, זאָל שפּילן מאָלי פּיקאָן".

איך האָב אים אויך געזאָגט, אַז ער זאָל ניט האָבן אין זינען, אַז דאָס שרייבט ער פאַרן אידישן טעאַטער, נאָר ווי ער וואָלט געשריבן פאַרן רוסישן קונסט־טעאַטער אַ דראַמע. פּלאַץ פּאַר מוזיק וועלן מיר שוין מאַכן. אָשעראָוויטש איז געוואָרן באַגייסטערט פאַר דער אידעע און ער האָט מיר געזאָגט, אַז די טעמע און דאָס ווינקל געפעלן אים, נאָר ער צווייפלט אויב עס איז פאַרן אַלגעמיינעם פובליקום. כ'האָב אים פאַרזיכערט,

אַז געלט האָבן מיר שוין געמאַכט דעם סעזאָן גענוג. מיר ווילן איצט אויפפירן אַ זאַך, וואָס זאָל אונז געבן פּרעסטיזש — גאַנץ איינפאַך — אַ ביסעלע כּבוד.

ווען אַשעראָוויטש האָט פאַר אונז געלייענט דעם ערשטן אַקט, האָב איך געפילט, אַז איך האָב פאַר זיך אַ טעמע, אין וועלכער איך קאָן אויסגיסן מײַן ביטער האַרץ, ווײַל איך בין געווען אין אַ זייער געדריקטער שטימונג צוליב דעם וואָס מײַן פרוי איז געלעגן אין דער היים נאָכדעם ווי זי האָט דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע. זי האָט נאָך געדאַרפט ליגן אין האָספּיטאַל 6 וואָכן, אָבער זי האָט מער נישט געוואָלט דאָרט זײַן. זי האָט איינפאַך געגעבן אָנצוהערן, אַז זי וויל די לעצטע מינוטן פון איר לעבן זײַן אין איר היים און ליגן אין איר בעט. איך בין געווען דעמאָלט זייער ווייט פון שרײַבן מוזיק צו לוסטיקע לידלעך, דועטן און קופּלעטן. איז די טעמע פון „צאַרעוויטש פיאָדאָר" געווען פאַר מײַן געדריקטן געמיט און שווערער שטימונג ווי געוואונטשן.

די פּיעסע הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„קיין געזאַנג, קיין לוסטיק ליד זאָל דאָ אין הויף זיך קיינמאָל ניט הערן". דאָס זינגט אַ גייסט. עס באַווייזן זיך אַלערליי קרבנות פון דעם גרויזאַמען צאַר איוואַן. ער האָט טאַקע געהייסן „איוואַן דער גרויזאַמער" („איוואַן גראָזני"). דאָס זיינען געווען קרבנות, וועלכע ער האָט פאַרמוטשעט צום טויט און זיי לאָזן אים נישט שלאָפן.

די געדריקטע שטימונג פון דעם צאַר „איוואַן דער גרויזאַמער", וואָס איז געלעגן אין יענער צייט אויף רוסלאַנד, איז דורכגעגאַנגען דורך דער גאַנצער פּיעסע. אַפילו דאָס פרייליכע, דאָס לוסטיקע, איז אַ סאָרט פרייליכקייט, אַזוי ווי עס ווערט היים פון פראָסט, פון אַ קעלט. אויף אַלעמען איז געלעגן דער רחמנות אויסגעגאָסן, נישט נאָר אויפן רוסישן פאָלק, נאָר אויף די נאָענטסטע צום צאַר איוואַן. דאָס דריטע ווײַב פון זײַן עלטסטן

זון האָט דער גרויזאַמער טאַטע פון אים צוגענומען, דער׳הרג־עט. דער צאַצקעדיקער טאַטע און שווער דער׳הרג׳עט זיין שנור מיט אַ בריק אין בויך, ווען זי איז אין די הויכע חדשים. די אַלע טיטולירטע, די נאָענטע, גייען אַרום אין מורא און שרעק, וואָס דער גרויזאַמער צאַר איוואַן וואַרפט אויף זיי אַרויף, ווייל קיינער איז ניט זיכער מיט וועמעס לעבן צאַר איוואַן קאָן זיך פאַרוועלן געבן אַ שפּיל...

אָבער די אומגליקלעכסטע און טרויעריקסטע פיגור איז דאָס אינגסטע זונדעלע פיאָדאָר. ער איז דער היפוך פון זיין גרוי־זאַמען טאַטן — אַ גוטינקער, האָט אויף אַלעמען רחמנות, האָט מורא פאַר בלוט, פאַר טויט. ער האָט ליב צו קלינגען אין קלויסטער מיט די גלעקלעך, און ער ליגט טאַקע אָפּ גאַנצע שעה׳ן אויבן אין קלויסטער און קלינגט מיט די גלעקלעך, צי מען באַדאַרף צי ניט.

דעם צאַרס אינגסטער זונדעלע, פיאָדאָר — מען רופט אים טאַקע „פיאָדאָר מיט די גלעקלעך" — האַלט אין איין בעטן גאָט פאַר זיין עלטערן ברודערס געזונט, ווייל ער וויל ניט זיין קיין צאַר. אין אַ געשפּרעך מיט זיין גרויזאַמען טאַטן זאָגט ער טאַקע, אַז ער וויל ניט זיין קיין צאַר, ווייל אַ צאַר הרג׳עט מענטשן, האַקט קעפּ און האָט אַלעמאָל חתונה מיט אַן אַנדער ווייב. ער האָט ליב צו קלינגען אין די גלעקער. ער זאָגט צום פאָטער: „טאַטע, ווען דו וועסט שטאַרבן וועט זיין אַזוי פריי־לעך... אַלע גלעקער וועלן קלינגען — בים־באַם, בים־באַם"...

ווי שוין געזאָגט, די פּיעסע און די ווערטער פון די לידער האָבן געערעדט צו מיין דעמאָלטיקער געדריקטער שטימונג. צום ביישפּיל, אַ דועט צווישן באָרים גאָדונאָוו (דער יונגער) מיט זיין געליבטער אירינאַ: „כוחות ברומען, געפילן ברויזן אין מיין נשמה טאָג און נאַכט". ווען איך האָב געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ דעם ניגון, האָט מיין קראַנקע פרוי מיך צוגערופן

און געזאָגט: „יאָזעף, אַזוי זאָלסטו שפּילן די גאַנצע צייט, וואָס איך וועל נאָך זיין דאָ מיט אייך".

די אויפפירונג איז געווען אַ הערלעכע, אַ קינסטלערישע. מיר האָבן געקויפט פאַר עטלעכע הונדערט דאָלאַר קירכן־גלאָקן פון דער גרעסטער גלאָקן־פירמע אין דער וועלט, וועלכע געפינט זיך אין שיקאַגאָ. די גאַנצע צייט פון דער פאָרשטעלונג איז די בינע געווען אָפן, קיין פאָרהאַנג איז ניט אַרויף און ניט אַרונ־טער.

דער שיקזאַל האָט אַזוי געפירט, אַז אין דעם טאָג פון דער פּרעמיערע איז מיין פרוי געשטאָרבן. עס איז פאַראַן אַן אַלט טעאַטער־ווערטל: „דהי שאָו מאַסט גאָ אָן" (די שפּיל מוז אָנ־גיין). עס איז דאַן געווען אַ געשעפט, וואָס האָט געהאַט פון 9 ביז 10 טויזנט דאָלאַר אַ וואָך אויסגאַבן, און איך האָב גע־מוזט גיין דירעגירן די ערשטע פאָרשטעלונג אין אַזאַ טרויע־ריקער, געדריקטער שטימונג. נאָכדעם ווי איך האָב באַגלייט מיין פרוי צו איר לעצטער רייזע, צו איר אייביקער רו. ביינאַכט האָט מען מיך קוים אַריינגעפירט אין אָרקעסטער אַ מידן, אַ צעבראָכענעם.

עס איז געוואָרן פינצטער אין טעאַטער און די פאָרשטע־לונג האָט זיך אָנגעהויבן. די קירכן־גלאָקן האָבן גענומען קלינ־גען, דער גייסט האָט זיך באַוויזן און אויסגעשריען מיט טרויע־ריקע טענער: „קיין געזאַנג, קיין לוסטיק ליד זאָל זיך דאָ אין הויף קיינמאָל ניט הערן". און שפּעטער דער דועט צווישן באָ־ריס גאָדונאָוו און זיין כלה אירינאַ, וועלכע איז אַזוי האַרציק געזונגען געוואָרן פון וויליאַם שוואַרץ און לוסי לעווין (וועלכע איז שוין ליידער אויך ניט מער צווישן די לעבעדיקע). ווען די טענער זייערע האָבן געקלונגען איבערן טעאַטער — „כוחות ברומען, געפילן ברויזן אין מיין נשמה טאָג און נאַכט" — האָב איך, צוזאַמען מיט זייער געזאַנג געהערט די ווערטער פון מיין נאָר־וואָס געשטאָרבענער פרוי, ווי זי זאָגט: „יאָזעף, אַזוי זאָלסטו שפּילן די גאַנצע צייט וואָס איך וועל נאָך זיין דאָ אין הויז..."

## די מגפה פון סטאַקס און בירזשע

אַרבעטער אין די שעפּער, אידן אין די שולן, ווייבער אין די גראָסערים — אַלע זיינען געווען פאַרקאָכט אין איין זאַך: אין וואָל-סטריט. מענטשן, וועלכע האָבן קיינמאָל אַפילו ניט געוואוסט די נעמען פון די פּראָדוקטן, האָבן דאַן געוואוסט זייער פּרייז אויף דער וואָל סטריט בירזשע. עס איז איינפאַך דער־גאַנגען ביז צו משוגעת. די גרויסע פֿאַרדינסטן, וואָס מענטשן האָבן דאָ, אין דער צייט פון פּראָספּעריטי, פאַרדינט, זיינען זיי איינפאַך ניט איינגעגאַנגען, מען האָט נאָר געטראַכט וועגן די פאַרדינסטן וואָס מען קען מאַכן אין וואָל סטריט.

מען האָט פאַרגעסן אָן העסטער סטריט, אָרטשאַרד סטריט, סיגעל סטריט, אָן די אַלע סטריטן וואו דער אידישער אימי־גראַנט וואוינט, און מען האָט גערעדט און געהערט רעדן נאָר פון איין סטריט — פון וואָל סטריט, וואו עס געפינט זיך די בירזשע. ווען אַן אַרבעטער איז געקומען אַהיים פון שאַפּ, האָט ער ניט געפונען זיין ווייב און ניט קיין עסן, ווייל וואָס פאַר אַ ווערט האָט ער געהאַט אין אירע אויגן מיט זיינע וועכנטלעכע פֿאַרדינסטן אין שאַפּ, אַז זי האָט היינט געמאַכט אין וואָל סטריט אַזויפיל וויפיל ער האָט געמאַכט אין אַ האלב יאָר אין שאַפּ.

האָט זיך אָט דער וואָל סטריט-פיבער און משוגעת אויך אַריינגעכאַפּט אין אידישן טעאַטער. כאָטש די פאַרדינסטן זיינען געווען גרויסע און זיכערע; פון קלענסטן ביז צום גרעסטן אָנ־געשטעלטן ביים טעאַטער האָט יעדער באַקומען יעדע וואָך אַ פעטן ענוועלאָפּ (קאָנווערט) מיט געלט. דאָך האָט קיינער ניט געטאָן זיין אַרבעט בשלימות, מיטן גאַנצן הארצן, ווייל, ווי שוין געזאָגט, קעגן די פאַרדינסטן, וואָס זיי אָדער זייערע

פרײַנט האָבן געמאַכט אין וואָל סטריט, האָט זיך עס ווייניק אָנגעזען. דער אָשער, דאָרמאַן, מוזיקער, כאָריסט, אַקטיאָר, פּאַרפאַסער, מענעדזשער — יעדער איינער איז געווען פאַרנו־מען מיט לייענען די באַריכטן פֿון וואָל סטריט. עס איז כדאַי צו באַמערקן איניקע פּאַסירונגען פון דעם וואָל־סטריט־משו־געת אין טעאַטער.

אין דער צייט פון דעם וואָל־סטריט־פיבער בין איך אַמאָל געשטאַנען אין אָרקעסטער און דיריגירט אַ פאָרשטעלונג פון אַ פּיעסע, וואָס איז שוין געגאַנגען 14 וואָכן. איינער פון די מוזיקאַנטן, דער טשעלאָ־שפּילער, וואָס האָט שוין זינט 5 וואָכן געשפּילט די אָפּערעטע כמעט אויסגווייניק און מער ניט אַריינ־געקוקט אין די נאָטן, איז יענע נאַכט, שוין אויף דער 14טער וואָך, געזעסן און געקוקט געשמאַק און פאַרטיפט אין די נאָטן, און צו דער זעלבער צייט געשפּילט פאַלש און אויך אָן טעם, גלאַט געמאַכט מיטן בויגן טעכאַניש, אָן געפיל. איך בין געווען אַ בעלן צו זען וואָס ער לייענט דאָרט. אַז עס איז נישט קיין נאָטן, האָב איך גלייך פאַרשטאַנען נאָך זיין פֿאַלשן שפּילן. און דאָ האָב איך דערזען ווי ער לייענט אַ טעגלעך בלעטל פון וואָל־סטריט. איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, האָט ער ביי מיר אויסגעכאַפּט די ווערטער און געזאָגט: „איר דאַרפט ניט זיין אין כעס, איר קאָנט מיך היינט אַנטזאָגן, ווייל אייער טעאַטער מיט די 75 שמאָליאַרעס (ער האָט געמיינט דאָלאַרן) אַ וואָך אינטערעסירן מיך ניט מער. איך האָב געמאַכט היינט אין וואָל־סטריט אַכט הונדערט דאָלאַר". אַזוי ריידנדיק האָט ער זיך אויפגעהויבן און געוואָלט אַוועקגיין. איך האָב זיך ביי אים קוים איינגעבעטן, ער זאָל ענדיקן די פאָרשטעלונג.

אויף מיר האָבן די גרויסע פאַרדינסטן אין וואָל־סטריט ניט געהאַט קיין ווירקונג און האָבן מיך ניט געלאָקט, אָבער דאָס הערן שטענדיק רעדן און אַרגומענטירן וועגן וואָל־סטריט פלעגט מיך דענערווירן. און דער וואָל־סטריט האָט מיך אויך

געפּאַקט. פּאַסירט האָט עס אַזוי: אין דער צייט ווען עס האָט געקאָכט און געברענט מיט וואָל־סטריט, בין איך יענעם זומער געזעסן אין אַן עלעגאַנטן אידישן זומער־האָטעל און ווי תמיד, געשריבן מיין אָפּערעטע. איך פּלעג אַלע מיינע יאָרן זומער־צייט קאָמבינירן מיין שאַפן צוזאַמען מיט מיין וואַקאַציע. אַזוי בין איך אויך יענעם זומער, ווען עס האָט געברענט אויף וואָל־סטריט, געזעסן אין די בערג און געשריבן מיין אָפּערעטע. צווישן די זייער רייכע אידן אַלס געסט אין האָטעל האָט זיך געפונען אַ געוויסער זיידן־פאַבריקאַנט נ., אַ זייער רייכער מאַן, מיט אַ גרויסער פאַמיליע, געלעבט זייער ברייט — אַ לעבע־מענטש. ער האָט אָבער ניט פאַרגעסן, אַז אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער מיט זיין פרוי געאַרבעט אין סוועט־שאַפּ און איז געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון אידיש טעאַטער.

מיר פלעגן אָפט שמועסן וועגן אידישן טעאַטער און אויך וועגן אַנדערע זאַכן. האָט ער מיך איינמאָל געפרעגט וויפיל איך פאַרדין אַ וואָך. האָב איך אים געזאָגט, אַז מיין געהאַלט איז פיר הונדערט דאָלאַר אַ וואָך, און מיט מיינע פאָנאָגראַף־רעקאָרדס פאַרדין איך אַרום 6 ביז 7 הונדערט דאָלאַר אַ וואָך. האָט ער געגעבן אַ קוועטש מיט די פּלייצעס. איך האָב געגלויבט, אַז ער גלויבט מיר נישט. אָבער ער האָט גלייך געזאָגט: „מר. רומשינסקי, פון וואַנען מאַכט איר אַ לעבן? דאָס זיינען אויך פאַרדינסטן אין אַזאַ צייט? מיין אינגסטער בחור'ל, 19 יאָר אַלט, מאַכט דאָך מער פון אייך".

זיינע ווערטער האָבן אויף מיר ניט געווירקט, אַזוי גיך ווי ער האָט גענומען רעדן וועגן וואָל־סטריט. ער פלעגט אַוועק־פאָרן מאָנטאָג אין דער פרי און קומען פרייטאָג פאַרנאַכט. דעם מאָנטאָג פרי נאָך אונזער שמועס, בין איך געזעסן ביי דער פיאַנאָ אין קאַסינאָ פון האָטעל, איז אַריינגעקומען דער פאַבריקאַנט נ. און מיר צוגעטראָגן אַ צעטעלע, אויף וועלכן ס'איז געווען אויפגעשריבן „אַי אָ יו" (איך בין דיר שולדיק) 2,000

דאָלאַר, און ער זאָגט צו מיר: „שרייבט אונטער; איך וועל ביי אייך דאָס געלט קיינמאָל ניט מאָנען. איך קען ניט צוזען, ווי אַזוי איר מוטשעט זיך פֿאַר גאָרנישט, פאַר אַזעלכע קליינע פאַרדינסטן". איך האָב אונטערגעשריבן, ווויסנדיק, אַז אַזאַ גרויסער פאַבריקאַנט, און אַ פיינער מענטש דערצו, דאַרף ניט מיינע 2,000 דאָלאַר. זיינע רייד, אַז איך פאַרדין ווייניק, האָבן אויף מיר ניט געווירקט; איך בין געווען העכסט צופרידן מיט מיין מאַטעריעלער לאַגע, איבערהויפּט בין איך קיינמאָל נישט געווען קיין געלט-גייציקער, און איך בין ווידער געזעסן און געשריבן מיין אָפּערעטע און געהאַט הנאָה פון דער בערג-לופט.

פרייטאָג פאַרנאַכט באַגעגנט מיך דער פאַבריקאַנט נ. און דערלאַנגט מיר מיין אונטערגעשריבענעם צעטעלע מיט דעם „אַי אָ יו" אויף 2,000 דאָלאַר, און ער זאָגט צו מיר: „צערייסט עס!" און ער דערלאַנגט מיר זיינעם אַ טשעק אויף 2,500 דאָלאַר און זאָגט: „דאָס איז אייער פּראָפיט, וואָס איך האָב אייך אַריינגענומען פֿאַר אַ שותף צו אייניקע פון מיינע סטאָקס". איך וויל אים עפּעס זאָגן, אָבער ער איז שוין ניטאָ; ער איז אַוועק זיך אַרומוואַשן, איבערטאָן.

עס האָבן מיר אַ ביסל גענומען מישן מיינע געדאַנקען. דאָס פאַרוואָס איך האָב כסדר מורא געהאַט, איז געקומען. איך זיץ אַ גאַנצן זומער און שרייב, אַרבעט, כדי איך זאָל ווינטער-צייט פאַרדינען, טאַקע אַ גאַנץ שיינעם געהאַלט. אָבער ווי קומט עס צו אַזאַ פאַרדינסט, און פאַר גאָרניט אַרבעטן! איך האָב גע־מיינט, אַז ס'איז אַ שפּאַס, אפשר אַ וויצעלע פון מר. נ., בין איך צוגעגאַנגען צום אייגנטימער פון האָטעל, אַ רייכער מאַן, און אים געזאָגט: „אַזוי ווי איך דאַרף אייך געבן אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר, טאָ קעשט-אויס דעם טשעק". האָט ער אָנגעקוקט דעם טשעק און געזאָגט: „איך האָב איצט נישט אַזויפיל געלט, נאָר זונטאָג וועל איך אייך געבן. אָבער אויב איר דאַרפט נויטיק קעש, וועל איך גיין מאָרגן פרי אין מיין באַנק און אייך ברענגען קעש; הלוואי האָב איך אַ סך אַזעלכע טשעקס".

דעם גאַנצן טאָג שבת איז דער פאַבריקאַנט נ. געווען פֿאַרנומען מיט זיין פאַמיליע. זונטאָג איז ער אויסגעפאָרן, ביי־נאַכט האָט ער געטאַנצט.

איך האָב שוין ניט גערוט, ספּעציעל ווען דער האָטעל־אייגנטי־מער האָט מיר דערלאַנגט די גאַנצע קעש פאַרן טשעק. מאָנ־טאָג פרי האָב איך אים אָפּגעוואַרט איידער ער איז אוועקגע־פאָרן. ווען איך האָב געוואָלט צו אים רעדן, האָט ער זיך אָנ־גערופן: „איך ווייס וואָס איר ווילט מיר זאָגן. איך האָב אייך נאָר געוואָלט ווייזן, ווי אַזוי מען מאַכט געלט. איצט, טייערער פריינט, אַליין, אַליין... זייט מיר געזונט!”

אין אַ האַלבער שעה אַרום בין איך שוין געזעסן מיט אַ ציטונג אין דער האַנט און געלייענט ניט די נייעס פון טאָג, אויך ניט וועגן בעיזבאָל, וואָס איך האָב ליב צו זען שפּילן, און אַפילו ניט פון טעאַטער און מוזיק. נאָר איך האָב אַריינגעקוקט ווי אַ האָן אין בני אָדם, ווי עס האַלט און וואָס מען שרייבט וועגן פאַרשידענע סטאַקס.

„ווען איך האָב מער געלט, מאַך איך היינט אַ פֿאַרמעגן”, — די טענות פלעגט מען הערן כמעט פון יעדן איינעם אין דער צייט פון דעם וואָל־סטריט בירזשע־פיבער. די שפּעקולאַ־ציע איז געווען אַזוי גרויס, אַז וויפיל מען האָט געמאַכט, איז ניט געווען גענוג. דער געלט־גייץ האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין יעדן ווינקל פון מענטשלעכן לעבן. דאָס מערקווירדיקסטע איז געווען, וואָס קיינער האָט נישט געזען קיין קעש געלט, נאָר אַלץ אויפֿן פּאַפּיר; דאָס קעש געלט פלעגט מען טראָגן צום בראָקער.

איך פלעג אָנקוקן די אַלע מענטשן, וועלכע פלעגן זיין פאַר־קאָכט אין וואָל־סטריט־פֿיבער און פלעג זיי באַטראַכטן פאַר משוגע, איבערהויפּט די טעאַטער־מענטשן; און זיי, ווידער, פלעגן מיך באַטראַכטן פאַר אַ מענטשן, וועלכער איז פאַרקאָכט אין נאַרישקייטן, ווי מוזיק, טעאַטער, אָפּערע, סימפאָני. איך פלעג אָפט הערן ווי מיינע באַקאַנטע פלעגן מיך מוסר'ן:

— מר. רומשינסקי, אין אַזאַ צייט, ווען איר קאָנט אייך פאַרזיכערן אויף אייער גאַנצן לעבן, שטייט איר פון דער ווייטנס און נוצט נישט אויס די גאָלדענע געלעגנהייט צו ווערן זייער רייך און — אפשר גאָר אַ מיליאָנער!...

איך, ווידער, פלעג זיך כמעט גאָרניט צוהערן צו די טענות, וועלכע פּלעגן גרילצן אין מיינע אויערן. איך בין געווען העכסט צופרידן מיט מיינע 6-7 הונדערט דאָלאַר אַ וואָך, וועלכע איך האָב באַטראַכט פאַר אַ גרויסער סומע. אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס געהאַט, אַז אַ כאָריסט אָדער מוזיקער פון מיין אָרקעסטער האָט דאָס געמאַכט אין איין טאָג? דאָך בין איך מיר געגאַנגען מיין וועג און זיך נישט צוגעהערט צו די טענער און ווערטער פון סטאַקס, מאַרקעט, בראָקער, מאַרדזשין, וואָל־סטריט, געפאַלן, געשטיגן, ביז... דער זיידן־פאַבריקאַנט נ. האָט מיר דערלאַנגט אַ טשעק אויף 25 הונדערט דאָלאַר פּראָפיט פון סטאַקס, וואָס איך האָב גאָר נישט געשפּילט, נאָר ער האָט מיך אַריינגענומען אַלס שותף צו זיינע סטאַקס. פון יענעם טאָג אָן האָב איך זיך שוין גוט צוגעהערט ווי מען רעדט, אַרגומענטירט וועגן דעם סטאַק־מאַרקעט, און איך האָב זיך גענומען גריבלען, זוכן און שטודירן אין די צייטונגען די פּרייזן פון פאַרשידענע סטאַק־פּראָדוקטן.

מיין צווייטע דערפאַרונג אין סטאַקס איז געווען ביי דער ערשטער פּראָבע אין יענעם סעזאָן, ווען איך האָב געזאָגט מיין געוויינלעכן ברייטן „גוט מאָרגן״ צו איינעם פון מיינע שותפים. איז אַנשטאָט אַן ענטפער האָב איך באַקומען אַ פראַגע, צי איך בין פאַראינטערעסירט אין אַ געווויסן אַרטיקל, וואָס הייסט „צובילע״ — דאָס איז אַ פראַנצויזיש אויטאָמאָביל־שרייפל. עס קאָסט אינגאַנצן 9 דאָלאַר אַ שער און עס האַלט אין איין שטייגן מיט יעדן טאָג.

איך האָב געענטפערט מיין שותף, אַז וויפיל ער וועט שפּילן, וועל איך שפּילן העלפט, און איך בין געגאַנגען מאַכן פּראָבע

מיטן אָרקעסטער. ווען איך בין, מיט דריי שעה שפּעטער, גע־גאַנגען פון פּראָבע, האָט מיר מיין פּאַרטנער געזאָגט, אַז איך האָב געמאַכט אויף מיין חלק העכער פינף הונדערט דאָלאַר, ווייל דער סטאַק „צובילע" איז געשטיגן אין די דריי שעה פון 9 דאָלאַר אַ שער אויף 15 דאָלאַר. האָבן מיר ביידע געמאַכט נאָענט צו עלף הונדערט דאָלאַר — אויף מיין חשבון, הייסט עס, אַריבער פינף הונדערט דאָלאַר.

מען זאָגט אַן אַלט ווערטל, „אַ געוואָרענע מכשפה איז ערגער ווי אַ געבוירענע". איך, וועלכער האָב ניט געקאָנט פּאַרטראָגן קיין רייד וועגן סטאָקס און וואָל־סטריט, בין גע־וואָרן פּאַרקאָכט אין דער וואָל־סטריט־בירזשע, און מיינע שות־פים האָבן הנאה געהאַט. וואָס זיי קאָנען זיך קאָכן, לייענען די פּרייזן מיט מיר צוזאַמען.

יאַנקל קאַליך איז אין יענער צייט געפאָרן געשעפטלעך קיין האָליוואוד. ער האָט דאָרט פאַרבראַכט אייניקע וואָכן. צוריק איז ער געפאָרן מיט דער שיף. מאַלי פּיקאָן, איך און די שותפים האָבן אים באַגעגנט ביים שיף. איך בין דאָן געווען זייער פאַראינטערעסירט צו וויסן וואָס עס הערט זיך עפּעס אין האָליוואוד, אין דער וועלט פון דער גרויסער מואווינג־פּיקטשור־פּראָדוקציע. אָבער אויף אַלע מיינע פראַגן וועגן האָליוואוד, האָט קאַליך געענטפערט איין זאַך, אַז אַ גרויס גליק האָט אים געטראָפן פאַרנדיק צוריק מיטן שיף און דאָס גרויסע גליק האָט געטראָפן ניט נאָר אים, נאָר מיך אויך, און ער האָט מיר דער־ציילט, אַז אויף דער שיף האָט ער זיך באַקענט מיט דעם וויים־פּרעזידענט פון דער „באַנק אָוו אַמעריקע", מר. דזשיאַניני, און מר. דזשיאַניני האָט אים פאַרטרויט און פאַרזיכערט, אַז אויב אַ מענטש וויל זיך פאַרזאָרגן אויף זיין גאַנץ לעבן, זאָל ער קויפן די שערס פון דער „באַנק אָוו אַמעריקע", וועלכע האַלט איצט נאָענט צו דריי הונדערט דאָלאַר אַ שער, אָבער באַלד־באַלד וועלן די שערס שטייגן ביז אַכט הונדערט דאָלאַר. מיר

זיינען גלייך פון דער שיף געלאָפן צום בראָקער און מיר האָבן געקויפט שערס פון „באַנק אָוו אַמעריקע". ער האָט געקויפט 50 שערס און איך 25. אַ פּאָר שעה שפּעטער בין איך אַליין אַריין צום בראָקער און אים פאַרטרויט אַ סוד, אַז איך וויל קויפן נאָך שערס פון „באַנק אָו אַמעריקע", אָבער ער זאָל עס ניט זאָגן מיין שותּף יאַנקל קאַליך. האָט ער געשמייכלט און געזאָגט: „אייער שותּף יאַנקל קאַליך איז געווען דאָ ניט לאַנג און געקויפט נאָך שערס פֿון „באַנק אָוו אַמעריקע" און מיך געבעטן, אַז איך זאָל אייך ניט זאָגן וועגן דעם".

## פּאַפּירענע גבירים און אמת׳ע אָרעמעלייט

די אומנאָרמאַלע צייט פון די אויפגעקומענע גבירים איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג. מענטשן האָבן פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט; מען האָט ניט געוואוסט פון קיין חשבון, ספּעציעל יענע, וועלכע האָבן קיינמאָל אין זייער לעבן ניט געהאַט קיין גרויסע פאַרמעגנס. מען האָט געקויפט אַלץ, וואָס איז טייער. אַ ביליקער אַרטיקל האָט קיין ווערט ניט געהאַט. מיר האָט אין יענער צייט דערציילט אַ סוחר פון מענער־קליידער, אַז די קאָסט־באַרע סוטס זיינען אים אויסגעגאַנגען אין איינציקע טעג, און קיין ביליקע סוטס האָט קיינער ניט געקויפט; האָט ער אוועק־געשטעלט אַ הויכן פּרייז אויף די ביליקע סוטס — האָט מען זיי צעכאַפּט.

אין אידישן טעאַטער האָט די איבערטריבענע משונה־דיקע פּראָספּעריטי אָפּטמאָל קיין גוטס ניט געטאָן. צום ביי־שפּיל: ווען מאַלי פּיקאָן האָט זומער־צייט געשפּילט ענגלישן וואָדעוויל און באַקומען דריי טויזנט דאָלאַר אַ וואָך, און לוד־וויג זאַץ האָט זומער־צייט באַקומען 15 הונדערט דאָלאַר פאַר בלויז פרייטיק, שבת און זונטיק אין אידישן וואָדעוויל, האָט שוין דער ווינטער־סעזאָן זיי מער ניט איבערראַשט, ווייל אידיש טעאַטער, ווי גוט די צייטן זאָלן ניט האָבן געווען, האָט קיינ־מאָל ניט געקענט צאָלן אַזעלכע גרויסע געלטער. האָבן אַלע אָנגעשטעלטע מיט זייערע גרויסע פאַרדינסטן פון וואָדעוויל, סטאַקס, פאָנאָגראַף־רעקאָרדס, קאָנצערטן, אונטערנעמונגען — אַלץ וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ סך געלט, אַ סך מער ווי אידיש טעאַטער, עס אַריינגעבראַקט אין וואָל־סטריט. איז טאַ־קע דאָס טעאַטער אָפּטמאָל געווען דאָס כפּרה־הינדל, אויף וועלכן מ׳האָט געקוקט ווי אויף אַ נעבן־זאַך. כאָטש איך בין אויך שוין געווען טיף פאַרקראָכן און אַריינגעדרייט אין דער וואָל־

סטריט-משוגעת, דאָך פלעגט עס מיך אָפּט פאַרדריסן, וואָס אַק־טיאָרן, מוזיקער, פּראָפעסאָרן, כאָריסטן, אַשערס, דאָרמען זיינען מיט אַמאָל געוואָרן געשעפטסלייט. איך האָב געפילט, אַז עפּעס איז עס ניט נאַטירלעך; עפּעס וועט געשען. נאָר גייער קעגן וואָל-סטריט, אויף וועמען אַלעמענס אויגן זיינען אויסגעסטאַרטשעט. ניט נאָר האָט דער אַקטיאָר ניט געוואָלט שפּילן טעאַטער, און דער מוזיקער האָט ניט געוואָלט שפּילן אין אָרקעסטער, נאָר מיין פריינט, חזן יאַנקל ראַפּאָפּאָרט, וועלכער איז דעמאָלט געווען אַ זייער דערפאָלגרייכער מוהל און האָט אין איין טאָג געהאַט זעקס ברית'ן, איז געווען אויסער זיך פאַר כעס, ווייל אין וואָל-סטריט וואָלט ער אין דער צייט מער געמאַכט.

מאיר מאַכטנבערג, דער דערפאָלגרייכער שול-דיריגענט, איז שוין אַרומגעגאַנגען מיט געדאַנקען אויפצוגעבן די אַלע שול-ביזנעס מיט די חתונות, ברית'ן, בר-מצוה'ס, פון וועלכע ער האָט דעמאָלט געמאַכט אַ סך געלט, נאָר וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס געהאַט קעגן די פאַרדינסטן פון וואָל-סטריט? אָבער אויף אַלץ קומט אַ צייט, און דער שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז דער אומגליקלעכער טאָג זאָל אויספאַלן גראַד אין דעם טאָג פון יום-כיפּור. דער ערשטער קראַך, דער ערשטער פאַל אַרונטער איז געווען ווען אונזערע נאָר-וואָס געבאַקענע גבירים זיינען געווען אין שול און געבעטן פאַר נאָך, נאָך און נאָך געלט. אַזוי ווי מען איז פריער געלאָפן קויפן שערס, אַזוי איז מען איצט געלאָפן ראַטעווען די שערס. מען איז געלאָפן אין באַנק אַרויסנעמען די איבעריקע פאַר דאָלאַר; מען האָט פאַרזעצט די צירונג; מען איז געלאָפן באָרגן ביי באַקאַנטע. די אַלע צוגעבראַכטע געל-טער זיינען געווען ווי אַ טראָפּן אין ים, עס האָט אַלץ איינגע-שלונגען, ווייל די סטאָקס זיינען געפאַלן שנעלער ווי זיי האָבן זיך געהויבן. עס איז שוין אַן אַלטער כלל, אַז באַרג-אַראָפּ גייט מען שנעלער ווי באַרג-אַרויף. יאַנקל קאַליך איז דעמאָלט גע-

פאַרן קיין אייראָפּע זען זיין מאַמען. ווען ער איז אַוועקגעפאָרן, איז ער געווען אַ זייער, זייער רייכער מענטש. ווען ער האָט געהערט אין אייראָפּע פון דעם גרויסן וואָל־סטריט־קראַך, איז ער שנעל צוריקגעקומען און האָט אויסגעפונען, אַז ער האָט כמעט אַלץ פאַרלוירן, און טאַקע דער כמעט האָט שפּעטער אָפּגעמאַכט דאָס גאַנצע פאַרלוירענע פאַרמעגן צוריק, ווייל דער כמעט איז געווען טאַקע מאַלי פיקאָן, וועלכע האָט עס אין אַ קורצער צייט צוריק אָפּגעמאַכט, אָבער ניט אין סטאָק און ניט אין וואָל־סטריט, נאָר מיט טעאַטער, וואָדעוויל, פאָנאָגראַף, קאָנצערטן, ראַדיאָ. וואָל־סטריט האָט אונז אַלעמען געשיקט צוריק צו אונזערע פּראָ־פעסיעס. דעם אַרבעטער — אין שאָפּ; דעם אַקטיאָר — אין טעאַטער; דעם מוזיקער — אין אָרקעסטער; דעם שרייבער — אין רעדאַקציע; דעם חזן — צום עמוד, און דעם מוהל — צו זיין אַרבעט...

כאָטש מיינע אַלע יאָרן אַרבעט אין אַמעריקע האָב איך געהאַט פאַרשפּילט אין וואָל־סטריט, און איך האָב באַדאַרפט אָנהייבן אַ נייע קאַריערע אין אַמעריקע, בין איך געווען אַ היפּש ביסל צופרידן, ווייל איך האָב געפילט, אַז מיר האָבן זיך באַ־פרייט פון אַן אומנאַטירלעכער צייט, פון אַ משוגעת, פון אַ שווינדל. עס פלעגט מיר אויסקומען, ווי וואָל־סטריט זאָגט צו אונז: „איר, קבצנים, איר, טעאַטער־חברה, איר, חזנים, דירי־גענטן, כאָריסטן, מוזיקער, איר האָט געוואָלט אָפּנאַרן וואָל־סטריט? — גייט צוריק צו אייערע פּרנסות און מאַכט אַ לעבן ווי דער חומש זאָגט: בזעת אפיך תאכל לחם — מיטן שוויים פון דיין פּנים זאָלסטו פאַרדינען דיין ברויט“.

יעדער איינער האָט זיך געטרייסט מיט דעם, וואָס ער איז ניט געווען דער איינציקער, און אַז דער צווייטער האָט פאַר־לוירן מער פון אים. „צרת רבים חצי נחמה“, — אַן אַלגעמיינע צרה איז אַ האַלבע טרייסט. די טעאַטער־פּראָפעסיע פלעגט אָנווייזן אויף דעם אידיש־ענגלישן אַקטיאָר עדי קאַנטאָר, אַז

ער האָט פאַרשפּילט אין וואָל־סטריט אַלץ, וואָס ער האָט פאַר־מאָגט, און איז געבליבן אַן אָרעמאַן אויף אַ קורצער צייט. ער האָט אָבער באַלד זיין פאַרמעגן אָפּגעמאַכט צוריק מיט טעאַ־טער־שפּילן, מואווינג־פּיקטשורס און ראַדיאָ. עס האָט גענומען אַ קורצע צייט, און יעדער איינער האָט זיך באַרואיקט; דאָס לעבן איז אָנגעגאַנגען זיין נאַטירלעכן גאַנג, נאָך מיט מער מוט און האָפענונג.

## מיר פֿאַרלירן דעם סעקאָנד עוועניו טעאַטער

אויף יאָסל עדלשטיינען, דעם מענעדזשער פֿון סעקאָנד עוועניו טעאַטער, פֿלעגט מען זאָגן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן מיט אַ דאָלאַר אין האַנט. ער איז אַלס יונגערמאַן פֿון 18־19 יאָר, ביז די לעצטע טעג פֿון זיין לעבן, געווען פֿאַרבונדן מיטן אידישן טעאַטער. ער האָט געמענעדזשט די גרעסטע סטאַרס פֿון אידישן טעאַטער און איז געווען דער דערפֿאָלגרייכסטער מענעדזשער. זיין שאַרפֿער בליק און זיין רואיקייט האָבן אים אַ סך געהאָלפֿן צו האַלטן די גלייכגעוויכט צווישן אים און זיינע סטאַרס. ער האָט זיין גאַנץ לעבן מיט קיין זאַך ניט געהאַנדלט און ניט געוואָלט האַנדלען, אויסער באַשעפֿטיקן זיך מיט אידיש טעאַטער. אַזוי ווי ער איז תמיד געווען אַ רייכער מאַן, האָט מען אים פֿאָרגעשלאָגן אַלערליי סאָרטן געשעפֿטן, אָבער ער האָט ניט געוואָלט הערן פֿון קיין אַנדער געשעפֿט, ווי אידיש טעאַטער, וועלכעס ער האָט גוט פֿאַרשטאַנען און אַלע מאָל געמאַכט דערביי געלט. ווען מען האָט פֿאַרדינט שטיקער גאָלד אין בויען, קויפֿן און פֿאַרקויפֿן הייזער, האָט יאָסל עדלשטיין ניט געוואָלט הערן פֿון דעם, כאָטש ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ רייכער מאַן (און ווען איז ער ניט געווען קיין רייכער מאַן?). און ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די מואווינג־פּיקטשור־טעאַטערס און מען האָט אים פֿאָרגעשלאָגן אַלערליי מואווינג־פּיקטשור־טעאַטערס, איז זיין איינציקער ענטפֿער געווען: „פֿאַר מיר איז גענוג אידיש טעאַטער”. מען האָט אים ניט געקענט צורעדן צו קיין אַנדער געשעפֿט, ווי אידיש טעאַטער. אָבער דעם נסיון פֿון וואָל־סטריט אין דער צייט פֿון דער בירזשע־משוגעת, דעם נסיון האָט יאָסל עדלשטיין ניט געקענטביישטיין, און ער מיט זיינע צוויי זין האָבן זייער גאַנצע ענערגיע און פֿאַר־שטאַנד אַוועקגעגעבן צו דער וואָל־סטריט־בירזשע. זיי זיינען

געוואָרן אַזוי רייך, אַז דאָס אידישע טעאַטער מיט די גרויסע פּאַרדינסטן האָט קיין שום ווערט ניט געהאַט אַקעגן דעם, וואָס ער מיט זיינע זין האָבן געמאַכט אין וואָל-סטריט, און דערפאַר האָט ער באַשלאָסן אויפצוגעבן דעם סעקאָנד עוועניו טעאַטער.

יאַנקל קאַליך, איך און די דריי געשעפטס-פירער האָבן איבערגענומען דאָס טעאַטער אויף אַ צייט פון 21 יאָר מיט 150 טויזנט דאָלאַר סעקיוריטי (אידישע סוחרים רופן עס שליסל-געלט) און 77 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר רענט. אַ קורצע צייט נאָכ-דעם ווי יאָסל עדלשטיין האָט אונז איבערגעגעבן דאָס טעאַטער, איז געקומען דער קראַך, דער פאַל פון די שערס אין וואָל-סטריט און יאָסל עדלשטיין איז, נאַטירלעך, געווען איינער פון די קרבנות. ער איז אָבער נאָך אַלץ פאַרבליבן נאָכן וואָל-סטריטער קראַך אַ פאַרמעגלעכער מענטש, ווייל, ווי ער האָט דערציילט, האָט ער פאַרשפּילט אַלץ, וואָס ער האָט געמאַכט אין וואָל-סטריט — אַ סומע פון אַ דריי מאָל הונדערט טויזנט דאָלאַר, אָבער זיין קרן, זיין קאַפּיטאַל האָט עס ניט אָנגערירט. ער האָט איינגעזען, אַז ער האָט געמאַכט אַ גרויסן טעות מיט זיין אי-בערגעבן אונז דאָס טעאַטער. כאָטש ער האָט געהאַט אַ שיי-נעם פאַרדינסט אין אונזער דירה-געלט, דעם רענט פון 77 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, וואָס מיר האָבן געצאָלט, דאָך איז עס געווען ניט אַזוי פיל, וויפל ער וואָלט געקענט פאַרדינען, ווען ער אַליין וואָלט געמענעדזשט, און איבערהויפּט האָט ער זיך ניט גע-קענט צוגעוואוינען ניט צו זיין פאַרבונדן מיטן טעאַטער, מיט וועלכן ער איז געווען באַשעפטיקט זיין גאַנץ לעבן.

נאָך דעם פערטן סעזאָן פון אונזער 21-יאָריקן קאָנטראַקט האָבן מיר באַקומען אַ דיספּאָזעס פון יאָסל עדלשטיינען, גאַנץ איינפאַך, מען האָט אונז משלח געווען פון טעאַטער. דער לאָ-יער איז געווען טאַקע דער זעלבער אַברהם סאַראַזאָן, וועלכער האָט אונז דערציילט דאָס שיינע מעשה׳לע, דעם משל מיטן בעל-הבית, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין לערנען און איינ-

רעדן זיינע געזעלן, אַז זיי זאָלן שפּאָרן געלט, און ווען זיי האָבן שוין אָפּגעשפּאָרט אַ געוויסע סומע, פלעגט ער זיך זעצן מיט זיי שפּילן אין קאָרטן, און אָפּגעווינען ביי זיי דאָס גאַנצע געלט. דעם משל און די קלוגע אָנצוהערעניש פון לאַיער האָבן מיר ערשט דאַן באַגריפן, ווען מען האָט אונז דערלאַנגט די פּאַפּירן, דעם דיספּאָזעס פון טעאַטער. אונזער קאָנטראַקט אויף 21 יאָר, פון וועלכע מיר האָבן אָפּגעוואוינט בלויז 4 יאָר, האָט אונז וויניק־וואָס געקענט העלפן. עס איז אַן אַלט ווערטל, אַז אַ קאָנטראַקט איז געמאַכט, מען זאָל אים קאָנען ברעכן. מען האָט שוין געפונען פּונקטן: ניט געצאָלט אין צייט דאָס דירה־געלט, ניט אָפּגעהיט 3־4 פון די עטלעכע און זעכציק פּונקטן פון קאָנטראַקט. קורץ, מיר האָבן דאָס טעאַטער פאַרלוירן.

ווען מען האָט אונז דערלאַנגט די פּאַפּירן — דעם דיספּאָזעס — זיינען מיר געווען אין פילאַדעלפיע. מיר האָבן דאָרט געמאַכט זייער גרויסע געשעפטן. עס האָט אונז אַלעמען זייער געטראָפן: ס׳טייטש, מיר, די פּרינצן פון אידישן טעאַטער, די, וועלכע מאַכן אַזעלכע גלענצנדע געשעפטן, זאָל מען אַרויסוואַרפן פון טעאַטער, אָבער אַממערסטן האָט זיך געערגערט מאַלי פּיקאָן, און זי האָט עס אויסגעדריקט ווי אַ פרוי דריקט אויס אירע געפילן — מיט געוויין. כאָטש זי האָט שוין דעמאָלט געמאַכט אַ סך געלט אין ענגלישן וואָדעוויל, און די פאַרדינסטן פון אידישן טעאַטער האָבן אויסגעקוקט כמעט ווי קליינגעלט, דאָך האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיר בלייבן צוזאַמען אויף ווייטער, דאָס הייסט, די זעלבע קאָמבינאַציע: די דריי שותפים — מאַלי פּיקאָן, יאַקל קאַליך און איך — בלייבן פאַר דעם קומענדיקן סעזאָן. לאַיערס, מעקלערס, טעאַטער־אייגנטימער — אַלע זיינען געווען באַשעפטיקט מיט פאָרשלאָגן אונז פאַרשידענע טעאַטערס און אין פאַרשידענע געגנטן פון ניו־יאָרק. אונז אַלעמען, ד״ה דער קאָמבינאַציע, האָט זיך זייער געוואָלט נעמען אַ טעאַטער אויף בראָדוויי; איבערהויפּט מיר, ווייל איך בין אַלעמאָל

ביי דער מיינונג, און איך בין עס נאָך ביז היינט-צו-טאָג, אַז פאַר אַ גוטער אידישער אָפּערעטן-געזעלשאַפט איז בראָדוויי דער ריכטיקער און געוואונטשטער פּלאַץ — מען קאָן עס אָנפילן בלויז מיט די אידן, וועלכע קומען טעגלעך פון דער פּראָווינץ און וואוינען אין די האָטעלן, ניט וויסנדיק גאָרניט פון דער איסט-סאַיד, אַפילו וואו זי געפינט זיך. אָבער מיינע שותפים האָבן מיך דעמאָלט אָפּגערעדט פון נעמען אַ טעאַטער אויף בראָדוויי, ווייל דאָס וואָלט געהייסן, אַז מען האָט אונז פאַריאָגט פון דער עוועניו, פון דעם קוואַרטאַל, אין וועלכן דאָס אידישע טעאַטער געפינט זיך שוין יאָרן־לאַנג. מיר האָבן איבערגענומען דאָס פאָלקס-טעאַטער, אין רעכטן אידישן געגנט, אויף 12טע סטריט און סעקאָנד עוועניו, וואו די קאָמבינאַציע האָט זיך אַרויסגע-וויזן ווידער אַ געלונגענע און דערפאָלגרייכע.

## די בראָדוויי פון דער איסט־סײַד

כאָטש דאָס „פאָלקס-טעאַטער" איז געבויט געוואָרן פאַר מאָרים שוואַרצן אַלס דאָס „אידישע קונסט-טעאַטער", האָבן אָבער שפּעטער דאָרט געשפּילט מישאַ און לוסי גערמאַן, דאַן יוסף בולאָוו מיט אַ קאָמפּאַניע, דאָס הייסט, אַז כאָטש עס איז געוואָרן אויס „קונסט-טעאַטער", איז עס אָבער ווייטער געווען אַלע יאָרן אַ דראַמאַטיש טעאַטער. פונדעסטוועגן איז עס אָבער באַלד נאָכדעם, ווי מיר האָבן דאָרט געשפּילט אַ פּאָר וואָכן, געוואָרן די היים פון דער אידישער אָפּערעטע. די רעפּו־טאַציע, דער צוטרוי, וואָס רומשינסקי־קאַליכס אויפפירונגען, מיט מאַלי פּיקאָן אַלס סטאַר, האָבן פאַר די לעצטע יאָרן אין סעקאָנד עוועניו טעאַטער געהאַט ביים פּובליקום, זיינען געווען גענוג, אַז מיט בלויז 3-4 אָנאָנסן אין די צייטונגען האָט זיך דער אָפּערעטע-עולם איבערגעקליבן אין „פאָלקס-טעאַטער", און דאָס אויסדריקלעך־דראַמאַטישע טעאַטער איז געוואָרן ניט נאָר די היים פון דער אידישער אָפּערעטע, נאָר דער פּלאַץ, וואו בראָדווייער אַקטיאָרן, טיקעט-פּאַרקויפער, מוזיקער און מוזיק־פּאָבלישערס האָבן געמאַכט זייער היים זונטיק בייטאָג און ספּעציעל ביינאַכט, ווייל זונטיק זיינען די בראָדווייער טעאַטערס און די פּאָבלישינג-הייזער געשלאָסן. האָבן אַט די אַלע ענג־לישע אַקטיאָרן, מענעדזשערס, טיקעט-פּאַרקויפער, מוזיק-פּאָב־לישערס געמאַכט זייער נעסט אין פאָלקס-טעאַטער.

יעדן זונטיק אָונט פלעגט זיין אַ יום-טוב-פאָרשטעלונג, ווייל פאַר אַזאַ חברה איז אַ פאַרגעניגן צו שפּילן. זיי פלעגן זיך קומען אַמוזירן און פלעגן זיך טאַקע אַמוזירן, און זיי, די אַלע אויבן־דערמאָנטע, האָבן געהאַט נאָך אַ גרויסע מעלה, וואָס כאָטש זיי זיינען פּראָפעסיאָנעלע מענטשן, פלעגן זיי גאַנץ פּראָסט און פּשוט באַצאָלן פאַר זייערע טיקעטס. זיי פלעגן

קויפן זייערע טיקעטס גרופּנווייז. אומגעפער, עס פלעגט אָפּ־רופן אווירווינג בערלינס מוזיק־פּאָבלישינג־הויז און באַשטעלן טיקעטס פאַרן גאַנצן סטעף; און אויך גאַנצע קאָמפּאַניס פון בראָדווייער טעאַטערס פלעגן טאָן דאָס זעלבע; און זונטיק ביי־נאַכט פלעגט דאָס „פאָלקס־טעאַטער" פאַרוואַנדלט ווערן אַזוי ווי אין אַ צוזאַמענקונפט פון בראָדווייער טעאַטער־מענטשן און פאַרשידענע ספּאָרטס. מ'האָט אַפילו איין מאָל אָפּגערופן, אין אַ זונטיק פאַר דער פאָרשטעלונג, און באַשטעלט צוויי טיקעטס פאַר איינעם אַ דזשעימס וואָקער. מיר האָבן געוואוסט, אַז דזשעימס וואָקער איז געווען דער דעמאָלטיקער מעיאָר פון ניו־יאָרק, און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז דאָס האָט אימיצער אונז געקיבעצט. אָבער 9 אַזייגער האָבן אַריינגעמאַרשירט עטלע־כע פּאָליסלייט, און נאָך זיי דער עלעגאַנטער דעמאָלטיקער מעיאָר פון ניו־יאָרק, דזשעימס וואָקער, מיט דער מואווי־אַקטריסע בעטי קאָמפּטאָן, מיט וועלכער ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט.

מיינע שותפים האָבן מיך געקיבעצט, אַז מען דאַרף ניט גיין אויף בראָדוויי שפּילן אידיש טעאַטער, נאָר בראָדוויי קומט צו אונז.

אונזער ערשטע אָפּערעטע אין פאָלקס־טעאַטער איז גע־ווען קאַלמאַנאָוויטשעס „דאָס מיידל פון אַמאָל". די האַנדלונג איז פאָרגעקומען אין די צייטן, ווען גראָווער קליוולאַנד איז געלאָפן פאַר פּרעזידענט. די קליידער, די אַטמאָספערע פון יענער צייט האָבן אַ סך געהאָלפן צום דערפאָלג פון דער פּיעסע. דער לייט־מאָטיוו, „די אמת'ע ליבע" און די באַלאַדע „דער גלגול פון אַ ניגון", וואָס מאַלי פּיקאָן האָט געזונגען אין ענגליש, ווי אויך אין פאַריזער מוזיק־האָל אין פראַנצויזיש, האָבן אויך פיל בייגעטראָגן צום סוקסעס. די צווייטע אָפּערעטע איז געווען בנימין רעסלערס פּיקאַנטע אָפּערעטע „גנב'ישע ליבע", אין וועלכער עס איז געזונגען געוואָרן פון לוסי לעווין דאָס ליד

„אין מיינע אויגן ביזטו שיין" און „פאַרוואָס"?". זי האָט דעם ראָמאַנס „פאַרוואָס?" אַזוי האַרציק געזונגען, אַז ער איז איר פאַרבליבן אין זכרון. אַ קורצע צייט פאַר איר טויט האָט זי מיר געזאָגט, אַז דאָס ליד „פאַרוואָס?" וועט פאַרבלייבן ביי איר אויף איר גאַנץ לעבן דאָס ליבלינג-ליד. ליידער האָט עס אָנגע-האַלטן זייער אַ קורצע צייט...

די צוויי אָפּערעטעס, „דאָס מיידל פון אַמאָל" און „גנב'ישע ליבע", האָבן אָנגעהאַלטן דעם גאַנצן סעזאָן און ס'איז געווען זייער אַ סוקסעספולער סעזאָן.

פון דער צייט אָן, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן דעם סעקאָנד עוועניו טעאַטער, האָבן יאַנקל קאַליך און מאַלי פּיקאָן באַ-קומען אַ לוסט צו וואַנדערן. וואָלטן זיי געווען פאַרבונדן מיטן סעקאָנד עוועניו טעאַטער און דער קאָנטראַקט וואָלט ניט גע-ווען געבראָכן, וואָלט קיינעם פון אונז ניט איינגעפאַלן זיך צו שיידן. אָבער אַזוי גיך ווי עס איז איבערגעריסן געוואָרן, האָבן אַפילו די זייער גוטע געשעפטן אין „פאָלקס-טעאַטער" ניט גע-האָלפן. יאַנקל קאַליך און מאַלי פּיקאָן האָבן זיך פאַרבענקט נאָך אייראָפּע און געוואָלט פון זיך אַרונטערוואַרפן דעם יאָך פון שפּילן 9 מאָל אַ וואָך פאַר עטלעכע און דרייסיק וואָכן לאַנג. קאַליך האָט מיט מיר איינגגע'טענה'ט וואָכן און חדשים לאַנג, אַז איך זאָל מיט זיי פאָרן קיין אייראָפּע: מיר וועלן שפּילן אין ווין, בערלין, וואַרשע, פּאַלעסטינע, סאַוט-אַמעריקע, אַפריקע — וואו נאָר עס געפינט זיך אַ אידישער ישוב. קיין נייע פּיעסעס דאַרפן מיר ניט, ווייל מיר האָבן גענוג פון די אַלטע פּיעסעס און אַ רייכן רעפּערטואַר, וועלכן מיר האָבן געשריבן און געשפּילט די לעצטע יאָרן אין אַמעריקע. צוזאַמען האָבן מיר געשפּילט 21 נייע אָפּערעטעס. קאַליך האָט מיר פאַרזיכערט, אַז דאָס איז גענוג פאַר אַ סך יאָרן אין אייראָפּע.

איך בין פון דער נאַטור ניט קיין מענטש פון אַרומוואַנדערן. איך האָב אויסגעפונען נאָך מיין ערשטער רייזע אין אייראָפּע,

קומענדיק פון אַמעריקע, אַז אַמעריקע איז גוט גענוג פאַר מיר... און דעריבער איז דאָס געווען אונזער לעצטער סעזאָן צוזאַמען אין שותפות.

די אַכט יאָר צייט און די 21 אָפּערעטעס, וואָס יאַנקל קאַליך, מאַלי פּיקאָן און איך האָבן געשריבן און געשפּילט צוזאַמען, האָבן זיך איינגעקריצט ניט נאָר אין אונזערע געדאַנקען, נאָר זיי האָבן אַפילו געהאַט אַ ווירקונג אויף אונזערע לעבנס און קאַריערעס. נאָך היינט צו טאָג, מעג עס זיין אין מעקסיקאָ, לאָס אַנדזשעלעס, סאַוט-אַמעריקע, אַפריקע, אַפילו יאַפּאַן — זינגט מען די לידער פון יענעם גלענצנדן מאַלי פּיקאָן-רומשינסקי-קאַליך-פּעריאָד.

# דזשעני גאָלדשטיין

אַן עלף־יעריק מיידעלע, נעט געקליידט, מיט אַ סעטשעלע אין האַנט, איז שנעל אַריינגעקומען אין מיין הויז און געזאָגט:

— מיסעס לאַקסער (רומשינסקי), קיין סך צייט האָבן מיר ניט, מיר קענען נאָך פאַרשפּעטיקן די טרעין, קומט, לאָמיר גיין!

אַזוי האָב איך צום ערשטן מאָל געזען דזשעני גאָלדשטיין.

קעני ליפּצין איז אַרומגעפאָרן מיט איר קאָמפּאַני שפּילן יעקב גאָרדינס רעפּערטואַר, אין וועלכן דזשעני גאָלדשטיין האָט געשפּילט די קינדער־ראָלעס. ווען מיין פאַרשטאָרבענע פרוי, מרס. לאַקסער, און די קליינע דזשענעלע האָבן פאַרלאָזט מיין הויז, האָב איך נאָכגעשריען: „דזשעני! טעיק קעיר (גיב אַכטונג) אויף מרס. רומשינסקי". ווייל די עלף־יעריקע דזשעני האָט שוין דעמאָלט געהאַנדלט און גערעדט ווי אַ פולשטענדיק געזעצטע פערזאָן. און טאַקע דאָס איז געווען די סיבה, וואָס שוין אין איר פריסטער יוגנט האָט מען זי איינגעשפּאַנט אין די ערנסטע מעלאָדראַמעס.

איר שפּילן די קינדער־ראָלעס מיט אַזעלכע קינסטלער ווי דוד קעסלער, קעני ליפּצין, בערטאַ קאַליש האָט געווירקט אויף איר פיינעם רעאַליסטישן שפּילן איר גאַנץ לעבן.

דזשעני גאָלדשטיין האָט אויסגעאַרבעט אַן אייגענעם סטיל אין איר שפּילן, און טאַקע געשאַפן אַן אייגן פּובליקום. איר אמת'ער טאַן, איר גלויבן אין וואָס זי שפּילט, איר ערנסטע באַציאונג און פאַרשטיין אירע ראָלעס האָבן צוגעצויגן די ערנסטע יוגנט; ווייל אַ דזשעני גאָלדשטיין־פּיעסע האָט אַ מוסר־השכל; עס באַווייזט די געפאַר פאַר דער יוגנט, ווען זי גייט אויפן שלעכטן וועג, און אַז דער שלעכטער ווערט באַשטראָפט און דער גוטער זיגט. אַפילו אַ דזשעני גאָלדשטיין־ליד, וואָס זי זינגט, האָט אַן ערנסטן שטריך און איז טריי צום לעבן. איר

ספּעציפישער דזשעני גאָלדשטיין-קרעכץ ביי איר זינגען האָט אַן אָפּקלאַנג מיטן ערנסטן טאָן פון איר ראָלע.

דזשעני גאָלדשטיין אינטערעסירט זיך ניט בלויז מיט איר ראָלע אין אַ פּיעסע, זי באַזיצט אַ מערקווירדיקן זכרון און קען די גאַנצע פּיעסע מיט אַלעמענס ראָלעס אויסנווייניק. און דאָס גיט איר מער געלעגנהייט זיך אַריינצולעבן אין איר ראָלע. איבערהויפּט נעמט דזשעני אַ גרויסן אָנטייל אין אַן אויפפירונג פון אַ נייער פּיעסע. זי האָט אַ נייגונג צו רעזשי, און טאַקע ביי אירע גאַסט-פאָרשטעלונגען פירט זי אַליין אויף אירע פּיעסעס.


דזשעני גאָלדשטיין

דזשעני גאָלדשטיין איז פון דער נאַטור זייער מוזיקאַליש און קען טאַקע די מוזיק פון אַלע מיינע אָפּערעטעס, כאָטש כ'האָב פאַר איר ניט געשריבן אויסער מוזיק צו מאַקס געבילס אַ פּיעסע „ אַ מיידלס נקמה", אַ שטאַרקע מעלאָדראַמע מיט אַכצן נומערן מוזיק. דזשעני גאָלדשטיין האָט געשפּילט אין דער דראַמאַטישער אָפּערעטע אַ פולשטענדיקע סוברעטין מיט געזאַנג און טאַנץ. אויסער דועטן, קוואַרטעטן, אַנסאַמבלנומערן, האָט זי געזונגען אַ קופּלעט „אוי, דער דרייצן", וועלכער איז געוואָרן זייער פּאָפּולער.

מען האָט די אָפּערעטע אויפגעפירט אויפן זומער-סעזאָן, און זי איז אַוועק ביז שפּעט אין זומער. ווען מען וואָלט זי

אויפגעפירט פאַרןווינטער־סעזאָן, וואָלט זי זיכער געגאַנגען אַ גאַנצן סעזאָן, ווייל מען האָט געשפּילט פאַר אויספאַרקויפטע הייזער.

פון דעמאָלט אָן האַלט איך, אַז די דראַמע האָט דזשעני גאָלדשטיין געקידנעפּט פון דער אָפּערעטע.

* * *

זי איז געקומען צום טעאַטער מיט אַ קינדעריש פּנים׳ל,
און איר קינדעריש פּנים׳ל איז פאַרבליבן.

* * *

זי איז מוזיקאַליש, קען די גאַנצע מוזיק פון יעדער אָפּערעטע,
דאָך האָט זי איר גאַנץ לעבן געשפּילט דראַמע.

* * *

אַרגומענטירט איבער אַלץ מיט אַ מענערשן טאָן און שכל,
איז אָבער צאַרט און נייגעריק ווי יעדע פרוי.

* * *

כאָטש זי פאַרשטייט און וואָלט געווען אַ גוטער מענעדזשער,
דאָך האָט זי זיך איר גאַנץ לעבן געלאָזט מענעדזשן.

* * *

פרייט זיך און לאַכט ווי אַ קינד,
זי האָט אָבער קיין קינדער־יאָרן ניט געהאַט.

* * *

פאַרשידענע צייטן און פּאַסירונגען האָבן זיך געביטן אין איר לעבן,
אָבער זי האָט קיינמאָל ניט געביטן איר נאָמען

**דזשעני גאָלדשטיין.**

# מיינע צוויי חשוב'ע לאַנדסלייט

ביי יעדן מענטשן בלייבט איינגעבאַקן אין האַרצן און איינגעקריצט אין די געדאַנקען דער פּלאַץ, אויף וועלכן ער האָט זיין ערשטן טריט געגעבן. מעג ער שפּעטער וואוינען אין די גרעסטע שטעט פון דער וועלט און אין די שענסטע פּאַלאַצן, וועט ער אַלע מאָל האָבן אַ בענקעניש נאָך דעם געסל, נאָך דער הייזקע, קלויז, שול, וואו די אויגן האָבן צום ערשטן מאָל דערזען די ליכטיקע שיין און די פיס האָבן דעם ערשטן טראָט געגעבן. אָבער ביי קיינעם בלייבט ניט אַזאַ בענקעניש נאָך דעם אָרט, וואו ער איז געבוירן געוואָרן, ווי ביי דעם ווילנער. דער מאַגנעט, וואָס די אָרעם-רייכע ווילנע האָט, קען אויף זיין גאַנצן לעבן ניט פאַרגעסן ווערן ניט נאָר דורך דעם געבוירענעם ווילנער, נאָר אפילו דורך די אַרומיקע ווילנער, די, וועלכע האָבן אין ווילנע געלערנט, געוואוינט אַ קורצע צייט אָדער אפילו בלויז דורכגעפאָרן ווילנע. דערפאַר האָט ניט קיין שטאָט אין דער וועלט אַזויפיל צוגעשריבענע לאַנדסלייט ווי ווילנע. דער געבוירענער ווילנער וועט גלייך זאָגן, אַז ער איז געבוירן אין דער און דער גאַס. ער מיינט צו זאָגן דערמיט, אַז ער איז אַן אמת'ער ווילנער.

די געבוירענע, צוגעשריבענע, דורכגעפאָרענע — די אַלע קענען ניט פאַרגעסן אויף זייער גאַנצן לעבן ווילנע. דער גרויסער פילאָלאָג שטיינבערג האָט געזאָגט, אַז די מוטער-שפּראַך איז די שפּראַך, אין וועלכער מען טראַכט, ווען מען איז מיט זיך אַליין. מעג אַ מענטש קענען איינציקע שפּראַכן, איז אָבער די שפּראַך, אין וועלכער מען טראַכט, די מוטער-שפּראַך. ווילנע איז די מוטער-שפּראַך פון אַ ווילנער, מעג ער שפּעטער באַרייזן די גאַנצע וועלט.

איך האָב פאַרלאָזט ווילנע, ווען איך בין געווען צען יאָר אַלט, און נאָכדעם ווי איך האָב באַרייזט כמעט אַ האַלבע וועלט, קען איך ניט פאַרגעסן די גלעזער-גאַס, די גאַס, וואו איך בין

געבוירן געוואָרן; גיטקע טויבעס זאַוואולאָק, וואו איך בין גע־גאַנגען אין חדר; דאָס קליינע פּלעצל, וואו איך האָב געשפּילט קנעפּלעך; אָסטערבראָם, וואו מען האָט באַדאַרפט אַרונטערנע־מען דאָס היטל, ווען מען איז דאָרט דורכגעגאַנגען. אָבער צו־ליב דעם שטענדיקן שפּילן פון דעם גרויסן אָרגאַן, פּלעגט מיר דאָס האַרץ ניט דערלאָזן, אַז איך זאָל ביים זאָגן „שקץ תשקצנו" אויסשפּייען. איך קען אַפילו ניט פאַרגעסן אַלעקסעיקען און וואַנקאַן, וועלכע פלעגן פאַרקויפן „סאַכאַרנאָיע מאָראָזשענ־נאָיע" (אייז־קרים). איך קען ווילנער לאַנדסלייט, וועלכע זיי־נען שוין אין אַמעריקע באַלד 40 יאָר, זיינען זיי סאַי אין זייער אויסשפּראַך און סאַי אין זייערע מאכלים ווילנער — אַזוי ווי עס וואָלט נעכטן פּאַסירט.

אָבער די צוויי איבערגעגעבנסטע ווילנער, וועלכע האָבן ווילנע ניט פאַרגעסן אין משך פון צענדליקער יאָרן זינט זיי האָבן פאַרלאָזן ווילנע, אַפילו אויף אַ האַלבן טאָג ניט פאַרגעסן ווילנע, ניט נאָר ניט פאַרגעסן, נאָר זיי האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער טעטיקייט פון ווילנער רעליף מיט האַרץ און נשמה; און אין די עטלעכע צענדליקער יאָרן, וואָס זיי זיינען אין אַמע־ריקע, זיינען זיי ניט אַמעריקאַנער ווילנער, נאָר ווילנער אין אַמעריקע — דאָס זיינען אפרים ישורון און מאַקס גאָלדינג.

כאָטשביידע פאַרשידן אין זייערע כאַראַקטערן און אַרט לעבן: אפרים, אָדער ווי ער רופט זיך, יעפים ישורון, אַ געלאַ־סענער, אַ פּעדאַנט, אַן אויסגערעכנטער; ציפערן, טעג, שעה'ן, אַפילו מינוטן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין זיין לעבן; דער מענטש פון פּינקטלעכקייט, דער היימישער בוכהאַלטער איז אויף אים אויסגעגאָסן; ער טראָגט די גאַנצע וועלט צרות אויף זיך, בפרט די צרות פון די ווילנער, וואו אין די בעסטע יאָרן האָבן קיין צרות ניט געפעלט, סאַי פּאָליטיש און סאַי דאגות פּרנסה... וויפיל ער זאָל ניט האָבן געאַרבעט לטובת די וויל־נער און דעם ווילנער רעליף, פילט ער זיך אַלע מאָל עפּעס אַזוי ווי ניט גענוג, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיך גענדאַרפט פאַרענט־

פערן. ער פאַרגינט זיך אַפילו רעכט ניט צו לאַכן, נאָר ער שמייכלט. ווייל ווי אַזוי קען מען שטאַרק לאַכן און זיך פרייען, אַז די שטאָט ווילנע איז אַזוי אומגליקלעך, איבערהויפּט די ווילנער אידן...



יעפים ישורון



מאַקס גאָלדינג

מאַקס גאָלדינג מאַכט דעם ערשטן איינדרוק, אַז ער האָט ליב דאָס לעבן און האָט הנאה פון לעבן. אין זיין שווערן קערפּער און לאַנגזאַמען רעדן ליגט אַ סך טעמפּעראַמענט און טעמפּאָ. ער האַלט ניט שטאַרק פון חשבונות, האָט אַ סך בטחון און גלייבט, אַז עס וועט זיין אָל־ראַיט.

כאָטש ביידע זיינען פאַרשידן אין כאַראַקטער און אַרט לעבן, זיינען זיי אָבער ביידע די פאַראייניקונג פון ווילנער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע, איבערהויפּט פון דעם ווילנער רע־

ליף. דער גליקלעכער צופאַל האָט זייביידן פאַראייניקט, און זיי אַרבעטן אַפילו אונטער איין פירמע, אין דער זעלבער ביל־דינג. יעפים ישורון איז דער הויפּט קעשיר אין „פאָרווערטס", און מאַקס גאָלדינג, וואָס מאַכט בלויז אַן איינדרוק פון אַ האָרע־פּאַשניק, איז איינער פון די שריפטזעצער אין „פאָרווערטס". איז שוין ניט קיין וואונדער, וואָס מען זעט זיי אָפט ביידע צו־זאַמען, און 99 פּראָצענט פון זייערע אָפטע געשפּרעכן איז ווילנע און ווילנער רעליף.

איך פרעג ישורונ'ען: „וואָס הערט זיך אין ווילנע?", זאָגט ער מיט זיין געוויינלעכן טאָן: „ניט גוט!" די לעצטע צייט רעדט ער פון ווילנע מיט ווייטיק, ווייל ווער ווייסט, ווער ס'איז נאָך געבליבן פון די ווילנער, און וואָס די נאַצים האָבן געמאַכט פון ווילנע.

אויך מאַקס גאָלדינג, וועלכער פלעגט תמיד אויף מיין פראַגע: „וואָס הערט זיך עפּעס אין ווילנע?", ענטפערן „ניט פריילעך", איז שוין איצט פּעסימיסטיש נאָך די שרעקלעכע בשורות, וואָס קומען אָן וועגן די אַנדערע אידישע ישובים, וואָס ווערן באַפרייט פון די נאַצים.

אָבער דאָך טיף אין האַרצן האָפן זיי, אַז עס איז נאָך עפּעס געבליבן, און אַז דאָס, וואָס עס איז געבליבן, און די, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט, וועלן זיך נייטיקן אין דער הילף פון די ווילנער אין אַמעריקע, און דעריבער בויען זיי שוין פּלענער פון הילף פאַר אונזער באַליבטער ווילנע.

ווען עס ווילט זיך מיר ווערן יונגער און זיך דערמאָנען אָן מיינע זייער יונגע יאָרן, האָב איך לאַנטש מיט יעפים ישורון און מאַקס גאָלדינג, און מיר רעכענען אויס די געסלעך, הייזקעס, דעם קלויז, די גרויסע שול און דאָס קליינע פּלעצל, וואו מ'האָט געשפּילט אין קנעפּלעך און געלאָפן זען ווי מען „סמאָטרעוועט" די סאָלדאַטן מיט אַ מיליטערישן אָרקעסטער. און עס פילט זיך אַזוי גוט צווישן מיינע צוויי חשוב'ע ווילנער לאַנדסלייט.

## דער טעאַטראַל שלום פּערלמוטער

שלום פּערמולטער שטעלט מיט זיך פאַר דעם אַרכיוו, דעם ביבלאָטעקאַר, דעם לעקסיקאָן און די ענציקלאָפּעדיע פון אידישן טעאַטער. אין פּריוואַטן לעבן וואָלט זיך אַ מענטש ווי פּערלמוטער אינטערעסירט מיט אַלערליי אַנטיקן, מיט אַלטע קונסט-בילדער, מיט דער אַנטוויקלונג פון אַ באַנק, אַ טיש, אַ שראַנק. פון ביכער איז שוין אָפּגערעדט. אָבער אַזוי ווי ער האָט צענדליקער יאָרן פאַרבראַכט ביים אידישן טעאַטער, האָט ער די לעצטע עטלעכע און דרייסיק יאָר געווידמעט צו אידיש--טעאַטער-אַנטיקן.

פּערלמוטערס אידיש-טעאַטער-ביבליאָטעק צייכנט זיך ניט אויס בלויז דערמיט, וואָס ער האָט אַ גרויסע קאָלעקציע פון פּיעסן, אָדער מוזיק, נאָר טאַקע מיט דעם, וואָס ביי אים געפינען זיך אַזעלכע פּיעסן און אַזעלכע נומערן מוזיק, וואָס גייען אַריין אין דער היסטאָריע פון אידישן טעאַטער. אין זיין אַרכיוו געפינען זיך אַזעלכע עקזעמפּליאַרן, וואָס זיינען די איינציקע אויף דער וועלט. זיי קאָנען מיט רעכט אָנגערופן ווערן אמת׳ע אידיש-טעאַטער-אַנטיקן. איבערהויפּט איז שלום פּערלמוטער אַ איד פון אַנטיקן. אפילו זיינע נאָענטסטע פריינט זיינען אויך אַנטיקן. כאָטש ער איז אַ באַליבטע פּערזענלעכ־קייט אין דער אידיש-טעאַטער פּראָפעסיע, דאָך זיינען די יע־ניקע מיט וועלכע ער חבר׳ט זיך און זיינען אָפט ביי זיין טיש די אויסדערוויילטע פון אידישן טעאַטער. אַלס חסיד׳ישער יונגערמאַן, וועלכער איז געוועזן אַ יודע ספר און דער בעסטער זינגער ביים רבי׳נס טיש, האָט אים געצויגן צום אידישן וואָרט און צום אידישן לשון, און ער האָט עס געפונען אין אידישן טעאַטער. כאָטש מיט אַ הויכער, שיינער אימפּאָזאַנטער פּי־גור, וועלכע האָט זיך געפּאַסט פאַר דער בינע, האָט ער אויס־

געקליבן דעם פאַך ביים טעאַטער, וואָס איז נעענטער צום וואָרט און טאָן און דאָס איז אַ סופּליאָר, וואָס זאָגט די עברי פון דער פּיעסע און די אַקטיאָרן זאָגן נאָך.

אַזוי ווי פּערלמוטער איז אַ מנגן נאָך פון רבי'נס טיש און האָט זיך אַזוי פיל אָנגעהערט און מיטגעזונגען ביי גרויסע חזנים, ווי ברוך שאָר, קאַנטאָר האַלפּערן, פון לעמבערג, איבער־הויפּט זיין ליבלינג־חזן און קאָמפּאָזיטאָר זיידל ראָוונער, פלעגט טאַקע שלום פּערלמוטער, סופלירנדיק די אַקטיאָרן די עברי פון דער פּיעסע, זיי אויך דערמאָנען דעם ניגון פון די לידער פון דער פּיעסע און מיטזינגען, מיטברומען, ווען ער האָט סופלירט פון סופליאָר־קאַסטן. איך זאָג, ווען ער האָט סופלירט, ווייל שלום פּערלמוטער גיט זיך ניט אָפּ מיט סופלירן שוין פון אַ לאַנגער צייט. ער איז דער פאַרטרעטער פון די אידישע דראַמאַטורגן און די אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און שרייבט צייטנ־ווייז אַ פּיעסע. אין זיינע פּיעסן שפּיגלט זיך אָפּ דער מענטש פּערלמוטער. דער גרעסטער טייל פון זיינע פּיעסן זיינען פון אידישן באַלעבאַטישן לעבן, מיט אַ פּאָר משלים פון דער תורה און איבערהויפּט פון ברייטן אידישן לעבן — מיט געסט, אורחים, אַ שלוש־סעודות, אַ פּורים־סעודה, אַ גרויסער פּסח־סדר, ווייל ער אַליין האָט ליב געסט, אורחים. אויסער זיינע אָפּטע געסט און אורחים, געפינען זיך ביי אים איין מאָל אין יאָר, פּסח צום סדר, אַ דריי מנינים מענטשן, דער גרעסטער טייל פון דער פּראָפעסיאָנעלער וועלט, ווי די בעסערע אַקטיאָרן, סטאַרס, ליטעראַטן און מוזיקער.

ער האָט שוין זיינע פּסח־אורחים, וועלכע האַלטן זיך מיט אים פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר, און עס קומען צו אַ פּאָר נייע יעדעס יאָר.

קיין גרויסער גביר איז פּערלמוטער קיינמאָל ניט געווען, ווייל אָנשטאָט קלייבן געלט האָט ער געקליבן אידישע־טעאַטער־אַנטיקן, אָבער פאַר אַ גרויסן סדר, וועלכער פּאַסט זיך פאַר אַ היימישן נגיד, פאַר דעם זאָרגט ער שוין אַ גאַנץ ווינטער.

שלום פּערלמוטער קאָן מיט רעכט אָנגערופן ווערן דער לעבעדיקער לעקסיקאָן פון אידישן טעאַטער, ווייל ניט נאָר געפינען זיך ביי אים אַנטיקן פון פּיעסן און מוזיק פון אידישן טעאַטער, נאָר ער ווייס אויך די אָפּשטאַמונג, קאַריערע, אפילו די ריכטיקע יאָרן פון כמעט יעדן אידישן אַקטיאָר, שרייבער, מוזיקער, איבערהויפּט פון עלטערן דור. מיט יעדער טעאַטער־שאלה גייט מען צו שלום פּערלמוטערן, און ער פּסק'נט ריכ־טיק, ווייל נאָר ער ווייס אייך געבן די ריכטיקע דאַטעס, אָרט און צייט.

ווי איך האָב שוין באַמערקט, האָט שלום פּערלמוטער ליב אונטערברומען אַ ניגונ'דל. האָט טאַקע אַ סך מאָל פּאַסירט, שפּאַצירנדיק מיט שלום פּערלמוטערן זומערצייט אין סי־גייט אָדער אויפן בראָדוואָק אין קוני־איילאַנד, פלעג איך אים הערן ברומען עפּעס אַ באַקאַנטן ניגון. ווען כ'האָב אים געפרעגט, פון וואַנען דער ניגון איז, האָט ער געזאָגט: „ס'טייטש, איר דער־קענט ניט אייער ניגון?" און גלייך אויסגערעכנט, אַז דאָס האָט געזונגען דער און דער אַקטיאָר, אין דער און דער פּיעסע, אין דעם און דעם יאָר.

סוף זומער, ווען די בלעטער נעמען פאַלן, ס'איז שוין אַ ביסל נעענטער צו ימים־נוראים, הערט מען מער ניט שלום פּערלמוטערן ברומען און אונטערזינגען טעאַטער־ניגונים, נאָר טענער פון סליחות, ונתנה תוקף, בראש השנה — טענער פון ימים־נוראים'דיקע תפילות. טאָמער פעלט אים אויס אַ ניגון צו אַ תפילה, באָרגט ער אויס אַ ניגון פון אידישן טעאַטער. צום ביישפּיל: „אונזער רעבעניו", פון „רבינ'ס ניגון", געפעלט אים זייער צו די ווערטער פון „כבקרת רועה עדרו", אָדער מיין ניגון צו „שלמה און מלכה'לע" זינגט פּערלמוטער צו די ווער־טער פון „ועל כולם אלוה סליחות".

מיט יאָרן צוריק האָבן שרייבער, מוזיקער, אַקטיאָרן זיך געמאַכט אַ פּריוואַטן פּלאַץ צום דאַווענען ימים־נוראים, טאַקע

ביים דראַמאַטורג משה ריכטער אין סי־גייט. די חזנים זיינען געווען: דער דראַמאַטורג און שרייבער גרשום באַדער און שלום פערלמוטער. צו נעילה האָט מען איינגעלאַדן דעם אָפּע־ראַ־אַרטיסט יוסף ווינאָגראַדאָוו, וועלכער האָט שוין דאַן, צו־ליב זיין שוואַכן געזונט, אויפגעגעבן דאָס זינגען.

יוסף ווינאָגראַדאָוו, אַ רוסישער אָפּערא אַרטיסט, וועל־כער איז געווען פון דער נאַטור זייער אַ פרומער, אַ גאָטס־פאָרכטיקער, איז איבערהויפּט די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן געוואָרן נאָך פרומער. ער האָט זיך דאַן געגעבן אַ נעם צו נעילה מיט זיין גאַנצן אַרטיסטישן טעמפּעראַמענט, און האָט אָנגעהויבן דעם קדיש פון נעילה מיט ברען און פייער, מיט טענער, וואָס האָבן מיך דערמאָנט אָן זיין „ריגאָלעטאָ" און רובינשטיינס „דעמאָן", אָבער עס האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. ער איז איינגעפאַלן ביים עמוד. ס'איז אים אין אַ קורצער ווילע געוואָרן אַ ביסל בעסער, אָבער פאָרזעצן דאָס דאַווענען ביים עמוד איז פאַר ווינאָגראַדאָוון געווען אוממעגלעך, האָט אים פאַרטראָטן שלום פערלמוטער. די טענער פון ווינאָגראַדאָוון האָבן געקלונגען שלום פערלמוטערן אין זיינע אויערן און עס האָט זיך אים זייער געוואָלט דאַווענען אַלאַ ווינאָגראַדאָוו. האָט ער זיך גענומען מאַכן אַלערליי חזנ'ישע דריידלעך, מיט מתיקות, און האָט זיך פאַרגעסן, אַז עס איז שוין שפּעט. כאָטש עס איז געווען גאַנץ אָנגענעם צו הערן, ווייל שלום פערלמוטער קען גוט פירוש המילות און אויך נוסח, אָבער עס איז דאָך געווען שפּעט, דער עולם איז הונגעריק געווען און שוין באַלד באַדאַרפט גיין אין טעאַטער. איך האָב געפילט, אַז פערל־מוטער האָט זיך צוגעכאַפּט צום עמוד און וויל ניט אַוועקגיין. בין איך צו צו אים און אים איינגערוימט אַ סוד אין אויער, אַז ווינאָגראַדאָוו איז ווידער איינגעפאַלן און ער פילט אַ סך ער־גער. פערלמוטער דערהערנדיק אַזאַ שלעכטע בשורה, האָט שנעל געענדיקט נעילה. איך האָב אים גלייך באַרואיקט, אַז

ווינאָגראַדאָוו פילט גוט און מיר פילן נאָך בעסער, ווייל אַלץ איז פאַריבער, און מען האָט פאַרענדיקט מיט אַ חסיד׳ישן טע־אַטער־ניגון.

שלום פערלמוטער איז די פאַרקערפּערונג פון דעם אידישן טעאַטער־וואָרט, צוזאַמען מיט אידישער באַלעבאַטישקייט; יאָ, אידישער באַלעבאַטישקייט. עפּעס אַלץ איז ביי שלום פערלמוטערן, כאַטש מיט אָרדענונג, אָנגעגרייט פון אויבן־אויף: פיעסן, נאָטן, ביכער, אַפישן, בילדער, אויך שנאַפּס, וויין, בייגל, פּוטער, הערינג, סאַלאַט, און אַלץ, סיי די ביכער און סיי דאָס עסנוואַרג מאַכט אַן איינדרוק אַזוי ווי — דאַרפסט ניט פרעגן, נעם, עס איז פאַר דיר אָנגעגרייט.

* * *

ער זעט אויס ווי אַ נגיד,
און ער איז דאָס קיינמאָל ניט געווען.

* * *

האַלט זיך מאַיעסטעטיש קעניגלעך,
איז דאָס אָבער נאָר איין מאָל אין יאָר פּסח ביים סדר.

* * *

ער איז אַ איד פון כבוד, ער האָט ליב צו נעמען כבוד,
ער האָט אָבער ליב צו געבן כבוד.

* * *

ער קען ניט פאַרגעסן דעם אַמאָל,
און עס איז אים שווער זיך צוגעוואוינען צום היינט.

* * *

זיין ליבלינג דראַמאַטורג איז נאָך אַלץ אברהם גאָלדפאַדען,
און זיין ליבלינג־חזן און חזנ׳ישער קאָמפּאָזיטאָר איז
זיידל ראָווגער.

ער גלייבט, אַז ווען מען האָט געשריבן ע ר פ אַ ל ג,
איז טאַקע געווען ע ר פ אַ ל ג
און זינט מען שרייבט ד ע ר פ אַ ל ג, איז נ י ט אַ
קיין דערפאַלג.

* * *

אַזוי ווי אין אַרכיוו געפינט זיך פון כל טוב,
אַזוי געפינט אין זיין אייז־באָקס פון כל טוב.
ער לאָזט ניט אַרויסגיין פון זיין הויז הונגעריק,
סיי גייסטיק און סיי קערפּערלעך.

* * *

אַזוי ווי ער איז קיינמאָל ניט נאָכגעלאָפן נאָך רייכטום,
אַזוי האָט ער צו זיך ניט צוגעלאָזן קיין אָרעמקייט.

* * *

אין זיין נאָמען שפּיגלט זיך אָפּ די פּערזאָן
שלום פּערל־מוט־ער

## מען דערמאָנט מיר, אַז איך ווער 50 יאָר

„איר ווייסט, רומשינסקי, אַז איר ווערט דעם ווינטער 50 יאָר", — מיט די ווערטער איז צו מיר צוגעגאַנגען שלום פערלמוטער אין דעם יאָר, וואָס איך בין געווען אין „פאָלקס טעאַטער" מיט מאַלי פּיקאָן און יאַנקל קאַליך.

ווען איך האָב געהערט די ווערטער פון שלום פערלמו־טערן, איז מיר געוואָרן אַ ביסל קאַלט און איך בין געוואָרן אויף אַ ווײַלע אַ ביסל ווי פאַרווירט. איך האָב מיר אַליין גע־שטעלט אַ פראַגע: ווען האָט עס פּאַסירט? ווי אַזוי איז עס אַלץ אַזוי שנעל פאַריבער? ערשט נעכטן געווען אַ אינגל, געהייסן יאָשקע דער נאָטן פרעסער, און שוין אַ איד פון 50 יאָר. די געדאַנקען זײַנען געלאָפן שנעל, אָבער די יאָרן נאָך שנעלער. עס האָבן זיך געשווינדלט און געדרייט פאַר מײַנע אויגן ווי אַ קאַראַהאָד די גאַנצע 50 יאָר. איך הער ווייטער ווי דורך אַ חלום, ווי שלום פערלמוטער זאָגט: „וואָס, איר גלויבט ניט? אַז איך זאָג, ווייס איך וואָס איך רעד." און ער אונטערצייכנט דיזעלבע ווערטער: „הײַנטיקן ווינטער ווערט איר 50 יאָר. און מיינט ניט, אַז עס וועט אַוועקגיין אַזוי גלאַט, מיר ניט, דיר ניט. איך וועל לאָזן אַלעמען וויסן, אַז איר ווערט 50 יאָר". און מיט אָט די ווערטער איז ער פאַרשוואונדן.

אַ פּאָר טעג שפּעטער זאָגט מיר מײַן פרײַנט, חזן יעקב ראַפּאַפּאָרט, אַז ער האָט באַקומען אַן אײַנלאַדונג צו אַ צוזאַ־מענטרעף וועגן אַ 50־יאָריקן יובילײ פאַר מיר, און דאָס רופן שלום פערלמוטער, זלמן זילבערצווייג און איזידאָר קעשיר. איך האָב זיך געבעטן בײַ חזן ראַפּאַפּאָרטן, אַז ער זאָל זען עס זאָל פון דעם גאָרניט ווערן, ווײַל איך בין זייער קעגן אַ 50־יאָריקן יובילײ. איבערהויפּט האָב איך פײַנט באַנקעטן. עס קומט מיר אויס אַלע מײַנע יאָרן, אַז ווען מען וויל זיך מיט אײנעם

אָפּרעכענען, פּיין אויסזידלען, אויף אַ פיינעם אַרט זאָגן אין די אויגן וואָס ער איז און וואָס מען דענקט פון אים... מאַכט מען אים אַ באַנקעט. איך האָב אַלע מאָל מיטלייד מיטן יובילאַר. עפּעס קומט מיר אויס, ווי מען נעמט אַ מענטשן און מען מו־טשעט אים אַ גאַנצע נאַכט — אַ מין מאַרטירער. און איצט הער איך, אַז מען וויל מיך מאַכן פאַר דעם מאַרטירער און מיך מוטשען. איך האָב ביסלעכווייז אויסגעפונען ווער די דריי אַראַנזשירער האָבן איינגעלאַדן אַלס די קאָמיטע־לייט, און האָב געבעטן יעדן באַזונדער, אַז מען זאָל מאַכן פון דעם גאָר־ניט; גאַנץ איינפאַך, אַז איך וויל ניט קיין 50־יאָריקן יובילײ און אויך ניט קיין באַנקעט.

ווי מען האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבן, זיינען ביים ערשטן צוזאַמענקום איבער מיין יובל געווען הייסע דעבאַטן, ווייל איך האָב כמעט יעדן באַזונדער געבעטן, אַז מען זאָל עס צעשטערן. שלום פּערלמוטער איז אָבער געווען פאַר'־עקשנ'ט און גע'טענה'ט, אַז דאָס וואָס רומשינסקי וויל ניט, זאָל מען איבערלאָזן צו אים. און איזידאָר קעשיר האָט גע'טענה'ט: „וואָס הייסט רומשינסקין ניט מאַכן קיין באַנקעט? מיין רומ־שינסקין, פאַר וועמען איך האָב זיך געשלאָגן, טאַקע בוכ־שטעבלעך געשלאָגן... איך האָב צוליב אים בלוט פאַרגאָסן, זאָלן זיינע 50 יאָר אַוועקגיין עפּעס מיר ניט, דיר ניט"... — און ער האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש: „אַ באַנקעט זאָל זיין! און ווי האָט יעקב פּ. אַדלער געזאָגט: „יום־טוב זאָל זיין!" די אַנדערע אָנוועזנדיקע, פאַרטרעטער פון יעדן שיכט פון דער אידישער ניו־יאָרק, האָבן גע'טענה'ט, אַז „מיר זיינען איינ־פאַרשטאַנען, מיר ווילן מאַכן פאַר רומשינסקין אַ גרויסן יום־טוב, נאָר ווי מיר הערן, וויל ער ניט." האָט ווידער שלום פּערלמוטער גע'טענה'ט, אַז „רומשינסקין לאָזט איבער צו מיר..." און איזידאָר קעשיר האָט געגעבן דעם לעצטן קלאַפּ אין טיש און האָט אויסגעשריען: „אַ יובילײ זאָל זיין! און

אַ רומשינסקי יום-טוב זאָל זײַן!" װען מען האָט מיר איבער-געגעבן, אַז עס איז באַשלאָסן געװאָרן מאַכן דעם 9טן אַפּריל מײַן יובילײ, איז מיר ערשט דאַן געװאָרן קאַלמוטנע אויפן האַרצן, װײַל איך האָב געפילט עפּעס אַזוי װי מען װיל מיר אָפּגעבן אַ חוב: „נאַ דיר פאַר דײַן מוזיק, פאַר די גרויסע פאָרשטעלונגען, װאָס דו האָסט אַראַנזשירט פאַר פאַרשיידענע צװעקן יאָרנלאַנג, פאַר נאָך און נאָך"...

די קאָמיטע האָט זיך אַרײַנגעװאָרפן מיט לײַב און זעל טיכטיק אין דער אַרבעט. אָבער װאָס מער עס האָט זיך גע-קאָכט איבער מײַן יובילײ, אַלץ אומעטיקער און קאַלמוטנער איז מיר געװאָרן.

* * *

איך האָב מיך נאָך געפילט גאַנץ יונג, אַזוי װי איך הייב אָן איצט אַ נײַ לעבן, ערשט איצט װילט זיך מיר שאַפן, שרײַבן, װאַנדערן, און דאָ האָט זיך געגרינדעט אַ קאָמיטעט, װאָס אַר-בעט אַז מען זאָל מיר אָפּדאַנקען פאַר דעם, װאָס איך האָב געטאָן, װאָס איך האָב געשאַפן.

די גרויסע „50" אין אַלע אידישע צײַטונגען האָבן װאָכנ-לאַנג געשריען צו מיר: „דו זעסט, װאו דו האַלסט? װייסט כאָטש אַז דו ביסט איצט אויפן שפּיץ פון באַרג..." און װען איך האָב געלייענט, צװישן אַנדערעס, װעגן מײַן יובילײ, אומ-געפער: „לאָמיר אים דאַנקען פאַר זײַן אומדערמידלעכער אַר-בעט, לאָמיר אים װײַזן, אַז 50 יאָר איז ניט אַ טאָג"... פלעג איך קלערן: װאָס װילן זיי פון מיר? ערשטנס, בין איך ניט מיד, און צװייטנס, פיל איך ניט די 50 יאָר. איך פיל אַזוי, װי ערשט נעכטן האָט עס אַלץ פּאַסירט. צום מערסטן פלעגן מיך די 50 יאָר זשענירן פאַר מײַן נײַעם פאַרמעסטן זיך אין לעבן מיט מײַן נײַער הייראַט און ערשט ניט לאַנג געבוירן יונג טעכטערל מײַנס.

די אַרטיקלען, די רעקלאַמען אין גאַס, אין טעאַטער, אין

קאַפּע הויז, איבעראַל און אַלץ האָט געאַרבעט, און פלייסיק געאַרבעט, מיר אָפּצודאַנקען פאַר מיין אומדערמידלעכער אַר־בעט און פאַרן ווערן 50 יאָר אַלט, ווען אין מיין היים האָט אויף מיר געוואַרט אַ יונגע פרוי מיט אַ יונג נפש׳ל, אַ מיידעלע, וועלכע ביידע האָבן ערשט גענומען לעבן און מיר פאַרטרויט זייערע יונגע יאָרן.

עס האָט מיך זייער געפרייט צו זען מיט וואָס פאַר אַ פיבער, מיט וואָס פאַר אַ ברען דער קאָמיטעט האָט זיך אַריינ־געוואָרפן אין דער אַרבעט וועגן מיין יום־טוב. איבערהויפּט מיט וואָס פאַר שנעלקייט, געטריישאַפט און דאַנקבאַרקייט עס האָט זיך אָפּגערופן דאָס פאָלק וועגן מיין יובילייִ. עס וואָלט אַלץ גוט געווען, אָבער דער גרויסער „50″ איז מיר דערגאַנגען די יאָרן.



שלום פערלמוטער

הויפט־אָרגאַניזאַטאָר פון מיין 50־יאָריקן יובל



זלמן זילבערצווייג

רעדאַקטאָר פון „רומשינסקי־בוך", דערשינען צו מיין 50־יאָריקן יובל

XVII

דער הויפּט־טיש פון מיין באַנקעט צום 50־יאָריקן יובל,
דעם 9טן אַפּריל 1931, אין סענטראַל פּלאַזאַ, ניו־יאָרק



(פון רעכטס צו לינקס): מאַלי פּיקאָן, ב. וולאַדעק, מרס. וולאַדעק, דער בעל־יובל, ווילי פּאַס־טערנאַק (שטייענדיק), מרס. פרידאַ רומשינסקי, מרס. גוסקין, ראובן גוסקין, מאָרי רומשינסקי, מרס. מאָרי רומשינסקי און הערי הוירשפּיעלד.

## דער אומפאַרגעסלעכער יום־טוב

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווי יעקב פּ. אַדלער האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט מיט טרערן אין זיינע אויגן אין אַ טאָג פאַר זיינעם אָן ערן־אָוונט, און גע׳טענה׳ט: „איר זעט, מר. רומשינסקי, ווי דאָס אידישע פאָלק איז אומדאַנקבאַר, היינט ביינאַכט איז מיין ערן־אָוונט, עס איז שוין איצט דריי בייטאָג און עס איז אַזוי וואָכעדיק, עס פילט זיך גאָר ניט קיין יום־טוב, ווען־ניט־ווען גייט צו אַ איד קויפן אַ בילעט", און ער רעדט ווייטער מיט אַ טאָן פון ווייטיק: „ניט אַזוי האָט באַדאַרפט אויסזען אַ טאָג פון יעקב פּ. אַדלערס ערן־אָוונט. עס האָט באַדאַרפט זיין יום־טוב און עס פילט זיך אַ וואָכעדיקייט. דאָס אידישע פאָלק איז אומדאַנקבאַר און שעצט ניט גענוג זיינע אַרטיסטן."

איך האָב געפּרואווט פאַרטיידיקן דאָס אידישע טעאַטער־פּובליקום, אַז, ערשטנס, וועט נאָך היינט זיין געפּאַקט דאָס טעאַטער, עס איז נאָך פרי, און צווייטנס, מאַכט ער צו־פיל אַדלער־יום־טובים, אַז די יום־טובים, די ערן־אָוונטן ווערן וואָכנדיק.

אַדלערס ווערטער האָבן געקלונגען אין מיינע אויערן אַ סך יאָרן, און איך פלעג מיך שרעקן פאַר דעם וואָרט בענע־פיט, אָדער ערן־אָוונט. עס פלעגט ביי מיר אויסקומען, אַז דאָס איז די וואָג־שאָל, מיט וועלכער אַ פּובליקום וועגט אירע קינסט־לער. גאַנץ איינפאַך — דער ערן־אָוונט איז דעם אַרטיסטס יום־הדין; דאָס איז דער טאָג, ווען דאָס פּובליקום באַווייזט דעם קינסטלער אויף וויפיל ער איז באַליבט.

ביז דעם טאָג פון מיין 50־יאָריקן יובילייַ זיינען אַוועק עטלעכע און צוואַנציק יאָר, וואָס איך האָב געשריבן פאַרן אידישן טעאַטער. האָב איך אין די עטלעכע און צוואַנציק

יאָר געהאַט בלויז צוויי ערן־אָוונטן. איינעם אין דעם סעזאָן פון „צעבראָכן פידעלע", דעם צווייטן אין סעזאָן פון „רבי'נס ניגון". כאָטש זיי זיינען געווען זייער שיינע סוקסעספולע אָוונטן, דאָך האָב איך זיך ניט געפילט באַקוועם ביי ביידע אָוונטן, טאָקע מורא האָבנדיק אפשר וועט זיין ניט דאָס, וואָס איך האָב דערוואַרט.

די אַלע ערן־אָוונטן פלעגן ביי מיר אויסקומען אַלע יאָרן ווי אַ געבלאָפטע קאָמעדיע. קלייבט זיך אַן אַקטיאָר אויס אַן אָוונט, און שטעלט זיך אַליין אויס אַן אַדווערטייזמענט, אַז דעם־און־דעם טאָג וועט דאָס אידישע פאָלק פייערן אַ יום־טוב לכבוד דעם גאָט־געזאַלבטן קינסטלער מר. „עקס", און ס'איז ניט נאָר בלויז זיין יום־טוב, נאָר עס איז אַ יום־טוב פון דעם גאַנצן אידישן טעאַטער פובליקום. וואָס רעד איך טעאַטער פובלי־קום? — פון גאַנצן אידישן פאָלק. אָבער דער אימפּעט און ערנסטקייט מיט וועלכע דער קאָמיטעט פון מיין יובילייע האָט זיך אריינגעוואָרפן איז געווען צו באַוואונדערן. זיי האָבן גע־מאַכט פון מיין יובילייע אַ פאָלקס־יום־טוב, וועלכער האָט גע־דויערט פון 8 אַזייגער אָוונט ביז 6 אין דער פרי. עס האָט זיך אָנגעהויבן אין טעאַטער מיט אַ קאָנצערט פון מיינע שאַ־פונגען פאַרן אידישן טעאַטער, אין וועלכן עס האָט אָנטייל־גענומען כמעט די גאַנצע אידישע טעאַטער־פּראָפעסיע; און דער צווייטער טייל פון קאָנצערט — אַ אידיש־רעליגיעזער, דאָס הייסט, מוזיק, וואָס איך האָב געשאַפן אויפן געביט פון שול־נגינה און רעליגיעזע קאָנצערט־מוזיק, אין וועלכן עס האָבן אָנטייל גענומען דער גאַנצער חזנים־פאַרבאַנד מיט זייערע סטאַר־סאָליסטן. נאָך דעם גראַנדיעזן קאָנצערט האָט זיך אָנ־געהויבן דער באַנקעט. איך בין געוואוינט, אַז טעאַטער־באַנ־קעטן טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַמוזירן, עסן, טרינקען און טאַנצן. און די גאַנצע זאַך, דאָס הייסט, דער יובילאַר, דער צוועק, דער פאַרוואָס, דער ציל, דער צוליב־וועמען, — דאָס אַלץ

איז אַ נעבן־זאַך. עס איז אַ באַנקעט, פריילעך וועט זיין, עסן און טרינקען וועט זיין, מען וועט טאַנצן. ווי זאָגט דער אַמע־ריקאַנער: „דאַטס אָל", ווייטער אינטערעסירט אונז ניט.

עס האָט שוין פּאַסירט אויף אייניקע טעאַטער־באַנקעטן, וואָס חברה אַקטיאָרן האָבן געפּילט אַזוי פריילעך, אויפגע־לייגט, טאַקע אַ ביסעלע פאַרשנאַשקעט, אַז מען האָט אפילו ניט געוואָלט אויסהערן וואָס מען האָט צו זאָגן וועגן דעם יובילאַר, ווייל זיי זיינען ניט געקומען צוליב דעם יובילאַר, נאָר זיך צו אַמוזירן.

אָבער אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער האָט געטראָגן מיין באַנקעט. עס איז געווען אַ צוזאַמענקום פון אַרטיסטן, מוזי־קער, ליטעראַטן, פּערזענלעכקייטן אַזעלכע, וועלכע איך האָב מיר קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז זיי גייען אַמאָל אין אי־דישן טעאַטער. דער סעריעזער טאָן, וואָס דער באַנקעט האָט געטראָגן, האָט מיך צוערשט אַ ביסל געשראָקן. די גרויסע מאַסע מענטשן האָבן זיך פאַרהאַלטן אַזוי ווי זיי וואָלטן גע־זאָגט: „היינט זיינען מיר געקומען אָפּגעבן כבוד". ערשט דריי פאַרטאָג, נאָך די אַלע לויב־געזאַנגען און אָפּשאַצונגען, פאַר וועלכע איך האָב מיך יאָרנלאַנג אויסגעהיט, האָט עס מיך איצט געטראָפן. ערשט ווען דאָס אַלץ איז פאָריבער, האָב איך מיך געפילט דער גליקלעכסטער מענטש, און חברה האָבן זיך צעטאַנצט ביז אין טאָג אַריין, מיט אַלע מיינע ניגונים, וועל־כע איך האָב געשריבן פאַר די לעצטע עטלעכע און צוואַנציק יאָר.

ווען איך בין געקומען אַהיים און האָב אַריינגעקוקט אין מיין יובילײ־בוך, וועלכער דער קאָמיטעט האָט אַזוי הערלעך אַרויסגעגעבן און אין וועלכן דער הויפּט רעדאַקטאָר זלמן זיל־בערצווייג האָט אַריינגעלייגט אַזוי פיל אַרבעט, און דורכגע־לייענט די אַלע באַגריסונגען און אַרטיקלען פון די פּראָמינענ־טע ליטעראַטן איבער מיר, און אויך אַרטיקלען איבערגע־

דרוקט, וועלכע איך האָב געשריבן יאָרן־לאַנג אין „פאָרווערטס“, — האָב איך געמאַכט אַ רעכענונג, דעם סך־הכל פון מיינע 50 יאָר, און האָב באַשלאָסן, אַז ס׳האָט זיך געלוינט די גאַנצע שווערע אַרבעט, די אַלע שטיינער און דערנער, וועלכע איך האָב געטראָפן אין מיין לאַנגען וועג, די אַלע עולים־ויורדים, ווי דער אַמעריקאַנער וואָלט זיך אויסגעדריקט — די אַלע „אַפּס ענד דאַונס“; „אַט ביסטו גרויס, אַט ביסטו קליין; אַט ביסטו אַ סוקסעס, אַט ביסטו אַ דורכפאַל. אָבער גוטע אַר־בעט, אומדערמידלעכע אַרבעט, ווער רעדט נאָך מיט דעם געטלעכן פונק פון טאַלאַנט, — אַזעלכע זאַכן מוזן ווערן באַ־צאָלט“. נאָך היינט־צו־טאָג קוק איך אָפט אַריין אין מיין יובי־ליי־בוך, וועלכער טרייסט מיך אין מיינע שווערע צייטן.

# זלמן זילבערצווייג

זלמן זילבערצווייג — זיין נאָמען האָט געדאַרפט זיין זלמן דערנערצווייג — ווייל זיין גורל איז צו שפּאַנען דורך וועגן פול מיט דערנער...

מיר בענקען נאָך דער פאַרגאַנגענהייט, האָפן אויף דער צוקונפט און פאַרנאַכלעסיקן די קעגנוואַרט.

פאַר אונזערע אויגן האָט אַ יונגערמאַן געאָפּפערט זיינע בליענדיקסטע בעסטע יאָרן פאַר אַ „אידישן טעאַטער לעקסיקאָן". פאַר מיר ליגן די צוויי פּראַכטפולע בענדער פון דאָזיקן ווערק, און שטענדיק ווען איך קוק אויף די צוויי דיקע ביכער, עגבערט מיך די פראַגע, וואו האָט זיך גענומען צו איין מענטשן אזוי פיל ענערגיע, מוט, קראַפט, זעלבסט־אָפּפערונג און אויסדויער. אָט די אַלע מעלות אַליין זיינען דאָך אַ גרויסער טאַלאַנט, אַ חוץ די פאַכמענישקייט פון זילבערצווייגן.

האָט דאָס ווירקלעך אָפּגעטאָן איין מענטש מיט בלויזע צען פינגער? ביי די אומות העולם וואָלט גענומען 25 יאָר איידער מען וואָלט דאָס אַלץ צוזאַמענגעשטעלט און עס וואָלטן דערויף געאַרבעט מער ווי הונדערט מוחות. ביי אונז האָט זלמן זילבערצווייג, וועלכן איך רוף „דערנערצווייג", — ווייל די דערנער זיינען געווען די אייגענע מענטשן פאַר וועלכע ער האָט מקריב געווען זיין לעבן און דאָס לעבן פון זיינע עלטערן, פרוי און קינד, ברודער און שוועסטער, — דאָס אַליין אַרויסגעבראַכט דורך מאַרטירערישקייט.

אמת, אַז קיינעם פון דערפינדער, שאַפער און בויער, קומט ניט אָן לייכט צו דערגרייכן זייער ציל אין לעבן, אָבער ביי אונז אידן, צוליב אונזער גרינגשעצונג און אָפטן ציניזם צו די גייסטיקע אַרבעטער, מוזן די דערפינדער, שאַפער און בויער פּשוט ווערן מאַרטירער. פאַר מיינע אויגן זיינען אויסגע־

וואַקסן די צוויי בענדער פון „טעאַטער־לעקסיקאָן", און צוזאַ־מען מיט דער פראַגע, וואו נעמט זיך צו דעם אידעלען, באַ־שיידענעם יונגערמאַן אַזוי פיל וואולקאַנישע ענערגיע און ים־ברויזנדיקער טעמפּעראַמענט, פלעג איך באַוואונדערן זיין טאַקט, איבערלייגונג און פּינקטלעכקייט. יאָ, אין זיין גאַנצן אידישן געפילדער און פייערדיקן טעמפּעראַמענט ליגט אַ סך פּינקטלעכקייט, כמעט דייטשע פּינקטלעכקייט (איך מיין ניט חלילה קיין נאַצישע). דאָס זיינען מעלות, וואָס ערשט די קו־מענדיקע דורות וועלן מער אָפּשאַצן ווי מיר.

מיר קענען זיך פערזענלעך די גאַנצע צייט וואָס ער איז אין אַמעריקע און עס איז ניטאָ דער טאָג — ווען מיר זיינען ביידע אין ניו־יאָרק — אַז מיר זאָלן זיך ניט זען און שמועסן, און אין דעם שמועס אַנטשטייען אַמאָל מיינונגס־פאַרשידנ־הייטן, אָבער איך האָב נאָך קיינמאָל ניט באַמערקט, אַז זיל־בערצווייג זאָלריידן וועגן זאַכן, וואָס ער ווייס ניט, און עס האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט, אַז ווען ער זאָל צוזאָגן עפּעס צו טאָן, זאָל ער ניט האַלטן וואָרט און דערצו פּינקטלעך.

אָט די פּינקטלעכקייט זעט זיך דייטלעך אַרויס פון זיין לעבנס־ווערק, פון „טעאַטער לעקסיקאָן". איך וועל עס כאַ־ראַקטעריזירן מיט אַן עפּיזאָד: אין יאָר 1900 איז אין רוס־לאַנד איבער די גרעסערע שטעט אַרומגעפאָרן אַ טרופּע און געשפּילט גאָלדפאַדענס „אחשורוש". דאָס שפּילן האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. אָבער מער פון אַלעמען האָט זיך אויסגע־צייכנט דער אַקטיאָר, וואָס האָט געשפּילט די ראָלע „ויזתא", איבערהויפּט מיט דעם קופּלעט: „כאָטש ויזתא איז אַ נאַר, האָט מען אים ליב דערפאַר". ניט נאָר אידן פלעגן נאָכזינגען דאָס לידל, נאָר אפילו רוסישע גענעראַלן און אָפיצירן, וועלכע פלעגן קומען באַזוכן די אידישע פאָרשטעלונגען. דער אַקטיאָר האָט געהייסן אַבדול, אַ קליינטשיקער, מיט אַ גרויסער נאָז, אַ פנים פון אַ טערק, וואָס פאַרקויפט קוואַס. וועגן זיין טאַלאַנט

אַלס אַקטיאָר געדענק איך גאָרניט, אָבער איך האָב קיינמאָל אים ניט געקאָנט פאַרגעסן און זייער אָפּט פלעגט מיר איינ־פאַלן אין געדאַנק: צי וועל איך נאָך אַמאָל זען אַבדולן און אויב ניט, ווער ווייסט וואָס עס איז געוואָרן מיט אַבדולן, — ווער איז ער, פון וואַנען איז ער מיט דעם אויסטערלישן נאָמען געקומען צום אידישן טעאַטער.

אומזיסט האָב איך געפרעגט אָן אַ שיעור אַקטיאָרן אויף אַבדולן. די, וועלכע האָבן מיט אים געשפּילט, האָבן גאָרניט געהאַט געוואוסט וועגן אים און האָבן אים שוין געהאַט פאַר־געסן. די ווידער, וועלכע האָבן אים ניט געקענט, האָבן דער־הערנדיק אַזאַ אויסטערלישן נאָמען, געמיינט, אַז דאָס מאַך איך מיר אַ וויץ און מען פלעגט אויף מיר אויסשטעלן מאָדנע אויגן. בקיצור — איך האָב שוין רעזיגנירט צו דערוויסן זיך עפּעס אָדער הערן אַ גרוס פון מיין „לעגענדאַרישן" אַבדול, ביז... ביז... איך האָב געעפנט דאָס ערשטע מאָל דעם ערשטן באַנד פון זילבערצווייגס „טעאַטער־לעקסיקאָן", און ממש געוואָרן איבערראַשט. אין דער ערשטער רגע האָט עס מיר אויסגע־זען ווי אַ חלום, אַ האַלוצינאַציע, אָבער ניין, עס איז אַ פאַקט, דער ערשטער אין לעקסיקאָן איז אַבדול מיט אַ ביאָגראַ־פיע. אַלע האָבן אין אַבדולן פאַרגעסן, אַלע — אָבער ניט זילבער־צווייג, וואָס האָט אים קיינמאָל ניט געזען, אָבער עס איז גענוג געווען אַז ער זאָל אַמאָל הערן פון מיר דעם נאָמען, אַז ער זאָל פאָרשן און פאָרשן און מיט זיין אויסדויער און פּינקטלעכקייט ברענגען אַ תיקון צו דער פאַרבלאָנדזשעטער נשמה פון איינעם פון די הונדערטער פאַרגעסענע „אַבדולס" פון אידישן טע־אַטער.

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַגעגנט זלמן זילבער־צווייגן, האָט ער געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק ווי ער וואָלט אַנטלאָפן פון חסידים־שטיבל, פון רבי'נס טיש און זיך אַריינגעריסן אין אידישן טעאַטער. זיין בויגזאַמער קערפּער,

פלינקע אויגן, האָבן געמאַכט אַט דעם איינדרוק. מיט זיינע רבנישע פּיס גייט ער שנעל, כמעט ווי ער לויפט, אָבער לויפן פּאַסט דאָך פאַר אַ לויפער, ס'איז ניט אידיש, ליגט טאַקע אין זיין שנעל לויפן אַ סטאַטעטשנעקייט, ווי זיין טאַטע וואָלט אים געזאָגט: „זלמן, לויף ניט, עס פּאַסט ניט פאַר אַ אידן."

זילבערצווייגס גרעסטע קונסט איז איבערצייגן ווי דורכ־פירבאַר עס איז דאָס אוממעגלעכע. ווייל אַ „לעקסיקאָן פון אידישן טעאַטער" איז געווען אַ ווילדע פאַנטאַזיע שוין מיט דעם וואָס מיר האָבן ניט קיין אייגן לאַנד און אונזערע אידישע אַקטיאָרן זיינען צעשפּרייט איבערן גאַנצן ערד־קוגל. אָבער ווען איך שרייב די שורות, האָט שוין זילבערצווייג כמעט איינער אַליין אָפּגעטאָן מער ווי דריי פערטל פון זיין חלום און עס איז שוין באַלד אַ פולשטענדיקע ווירקלעכקייט. קיין פּאַסירונג אויף דער וועלט איז ניט געווען אימשטאַנד אָפּצושטעלן זילבערצווייגן פון דער אַרבעט פאַרן טעאַטער לעקסיקאָן. די גרעסטע וועלט־איבערקערעניש האָט ניט גע־ווירט אויף זילבערצווייגס אומדערמידלעכער אַרבעט פאַרן טעאַטער לעקסיקאָן. חוץ איין פּאַסירונג — דאָס איז געווען די פייערונג פון מיין פופציק יאָריקן יובילײ. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון מיין יובילײ מיט דער זיל־בערצווייגישער ענערגיע, און מיין יום־טוב האָט פאַר אַ צייט פאַרנומען ביי אים דעם פּלאַץ פון „טעאַטער לעקסיקאָן".

דאָס מיינט, אַז דאָס וואָס זיין ליבע צו זיינע עלטערן, ווייב און קינד האָבן ניט געקענט פועל'ן, האָט גע'פועל'ט מיין פופציק־יאָריקער יובילײ.

זלמן זילבערצווייג אַרבעט מיט דעם מאָדערנעם סיסטעם ווי מען מאַכט די גרויסע מאַשינען, אויטאָמאָבילן, עראָפּלאַנען, דאָס הייסט שרייבפעלכווייז — יעדעס שרייבפעלע באַזונדער און די לעצטע פּאָר טעג ווערן די אַלע שרייבפעלעך איין גרויסע מאַשין.

ביים צוזאַמענשטעלן מיין יובּיליי־בּוך, פון וועלכן זיל־בערצוויג איז געווען דער רעדאַקטאָר, האָט ער צוערשט באַשטעלט ווער עס זאָל מאַכן דעם טאָוול פון בּוך, דאַן די אַרטיקלען ביי די שרייבער, דערנאָך אויפגעזוכט מיינע געדרוקטע אַרטיקלען, זיי אַרומגעפּוצט און איבערגעשריבן, און נאָך און נאָך טעכנישע זאַכעלעך וועלכע האָבן צוזאַמענגעשטעלט מיין הערלעכן אומפאַרגעסלעכן יום־טוב און פייערונג פון מיין פופציק יאָריקן יובל.

די אַמעריקאַנער האָבן זיך ליב צו וועטן, און מיר אַמע־ריקאַנער אידן האָבן אויך אָנגעשטעקט זיך מיט דער מידה פון וועטן זיך, און אַזוי, זעענדיק די שוועריקייטן מיט וועלכע מ'גייט צו קינד ביי יעדן באַנד, האָב איך זיך אַמאָל געוועט מיט זילבערצווייגן, אַז איך וועל ניט דערלעבן דעם דריטן באַנד, אָבער דער גרויסער בעל־אמונה זילבערצוויג האָט אַ פּנים געוואונען דעם געוועט... איך הייב שוין אָן גלויבן, אַז איך וועל עס יאָ דערלעבן, און מיין וואונטש איז; אַז מיר אַלע זאָלן עס דערלעבן און וואָס שנעלער, וואָס גיכער, צוליב איין זאַך, אַז זלמן זילבערצוויג, דער מאַרטירער און קעמפער פאַר אַן אי־דעאַל, זאָל זיך שוין אַ ביסל אָפּרוען פון זיין לאַנג־יאָריקער אַרבעט פון פאַרזאָרגן מיט אייביקייט יענעם און קאָנען זיך און זיין פאַמיליע פאַרזאָרגן מיטן היינט...

# אָלאַ ליליט

נאָך מיין יובילײ, נאָך דעם גרויסן יום־טוב, האָב איך באַשלאָסן זיך פירן ווי אַ מענטש אין די פופציקער — פשוט אָפּרוען זיך. נעמען דאָס לעבן אַ ביסל רואיקער, ניט אַזוי ראַשיק. איך האָב געלעבט ביז די פופציק אַזוי שנעל, מיין גאַנץ לעבן האָט וויברירט אין אַן אומגעהייער־שנעלן טעמפּאָ, אַז איך האָב זיך גאָרניט אַרומגעזען ווי די 50 יאָר זיינען פאַרבייגעלאָפן. איך האָב כמעט פאַרגעסן וויפיל איך האָב געשריבן; צו וויפיל פּיעסן איך האָב געשריבן מוזיק. האָט מען דאָס אַלץ דערמאָנט אויף מיין באַנקעט און אויסגערעכט די אַלע קאָמפּאָזיציעס און איך האָב באַקומען פאַר זיך אַליין רעספּעקט און גענומען באַהאַנדלען רומשינסקין ווי אַן עלטערן מענטשן. ערשטנס, האָב איך באַשלאָסן איין סעזאָן זיך אָפּרוען און ניט זיין פאַרבונדן מיט קיין טעאַטער, און טאַקע גיין שלאָפן אין צייט, עסן רעגלמעסיק און גיין שפּאַצירן. עס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן פיר טעג. איך האָב געפילט, אַז איך גיי אַרונטער פון זינען. עס איז געווען אַזאַ פויל לעבן, אַז איך בין געוואָרן פויל אַפילו צו לייענען אַ צייטונג, פון אַ בוך שוין אָפּגערעדט. איך האָב גענומען טראַכטן מיט וועמען איך זאָל זיך פאַרבינדן פאַר דעם קומענדיקן סעזאָן. אָבער אַ סך טראַכטן האָט מען מיך ניט געלאָזט. יעדער, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן אידישן טעאַטער, און אויך די וואָס אינטערעסירן זיך מיט אידיש טעאַטער, האָבן אַלע איינשטימיק באַשלאָסן, אַז מיין נעקסטער סטאַר זאָל זיין אָלאַ ליליט.

ווען איך האָב גענומען פאַרהאַנדלען מיט אָלאַ ליליט וועגן שפּילן טעאַטער, האָב איך אויסגעפונען, נאָך אַ פּאָר מאָל טרעפן זיך מיט איר, אַז אַנשטאָט איך זאָל זי צוציען צום טעאַטער, האָט זי מיך דערנענטערט צו דער קליינקונסט־בינע — גאַנץ

איינפאַך, אַ אידישע „שאָוו־סורי”. זי האָט מיט באַגייסטערונג מיר דערציילט פון פוילישן טעאַטער, וואו זי האָט געשפּילט אין „קווי־פּראָ־קוואָ” און נאָכדעם איז זי געוואָרן אַ טיכטיקער מיט־גליד און אויך איינע פון די גרינדערינס פון דער אידישער קליינ־קונסט־בינע „אַזאַזעל”. זי האָט מיר אויך דערציילט וועגן אַלע אינטערעסאַנטע נומערן, וואָס זי גרייט צו צו אירע קאָנצערטן, וועלכע זיינען גענומען פון דער קליינקונסט־בינע „אַזאַזעל”.

ווען איך האָב גענומען רעדן מיט יאָסל עדלשטיין, דעם מענעדזשער פון סעקאָנד עוועניו טעאַטער, וועגן קליינקונסט־טעאַטער, האָט ער מיך אָנגעקוקט און געזאָגט: „וואָס, איר זענט אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון די משוגעים? וואָס טויג מיר קליינקונסט, שמעין־קונסט? מיט קליינקונסט וועט איר קאָנען באַצאָלן די אויסגאַבן פון אַזאַ גרויסן טעאַטער?”

בין איך איינגעגאַנגען מיט אָלאַ ליליט אויף אַ קאָמפּראָ־מיס: איך וועל ניט שפּילן קיין קליינקונסט און זי וועט ניט שפּילן קיין אַלטמאָדישע אָפּערעטע. מיר וועלן אויפפירן אַן אָפּערעטע פון בעסערן סאָרט; זיין פאָרזיכטיק מיט וואָרט, טאָן און אויפפירונג.

ווען אָלאַ ליליט האָט ביי אַ געלעגנהייט מיר דערציילט, אַז ביז זי האָט זיך געטראָפן מיט ווילי גאָדיק, האָט זי קיין אידיש ניט געקענט רעדן, ווייל זי האָט זיך דערצויגן אין אַן אַסימילאַ־טאָריש הויז, ניט אַזוי פון איר פאָטערס צד, ווי פון דער מו־טערס, האָב איך זיך פאַרבונדן מיט מנחם באָריישאַ און בנימין רעסלער, וועלכע זיינען גוט באַקאַנט מיטן וואַרשעווער לעבן, און האָב באַשטעלט ביי זיי אַ פּיעסע, וואָס זאָל האָבן דעם אינ־האַלט פון וואַרשעווער אידישן אַסימילאַטאָרישן לעבן. מיר האָבן די פּיעסע אַ נאָמען געגעבן „דאָס מיידל פון וואַרשע”. אָלאַ ליליט, וועלכע איז אַ באַגאַבטע קינסטלערין, איז אויך אַ פאַראַנטוואָרטלעכע פּערזאָן; זי האָט זיך זייער געשראָקן פאַר

איר ערשטן אויפטריט אַלס אָפּערעטן-שוישפּילערין. איך האָב איר פאַרזיכערט, אַז זי האָט ניט וואָס מורא צו האָבן.

איך בין אַוועק פון דער געוויינלעכער רוטין, אַז דער „שלאַגער", דער הויפּט-נומער, קומט ערשט שפּעטער, כמעט נאָענט צום שלום פון דער פאָרשטעלונג. דאָס פּובליקום ווייסט שוין און וואַרט אויף דער אַריע, ליד אָדער קופּלעט פונם „סטאַר".


אָלאַ ליליט

אַזוי ווי אָלאַ ליליט איז געווען אַ נייע שוישפּילערין אין ניו-יאָרק און איז נאָך ניט באַקאַנט געווען אַלס אָפּערעטן-שוישפּילערין, האָב איך פאַר איר צוגעגרייט דעם „שלאַגער", איר סוקסעס-נומער „וואַרשע", גלייך ווי זי דערשיינט אויף דער בינע און רעדט אַרויס די ערשטע פּאָר ווערטער, אי דאָס ניט אין אידיש, נאָר אין פראַנצויזיש. ווי האָט געזאָגט מיין פעטער שמואל, ווען איך האָב אים גענומען צום ערשטן מאָל זען יעקב פּ. אדלערן: „וואָס פאַר אַ קונצן באַווייזט ער? ער רעדט דאָך אידיש, און וועלכער איד קען עס דען ניט אידיש?!". עס איז שוין אַ כלל, אַז דאָס פּובליקום האָט ליב דאָס, וואָס עס פאַרשטייט ניט.

דער נומער „וואַרשע" האָט אָלאַ ליליטן געגעבן אַ געלעגנהייט צו כאַראַקטעריזירן דאָס לעבן פון דער קאָלירפולער שטאָט וואַרשע, און אָלאַ ליליט האָט נאָכן פאָרטראָגן דעם נומער „וואַרשע" געוואונען דעם צוטרוי און רעספּעקט פון דעם גאַנצן פּובליקום. יאָ, רעספּעקט... אָלאַ ליליט איז די קינסטלערין,

צו װעלכער אַ פּובליקום באַציט זיך מיט װירדע און מיט גרױס רעספּעקט. מיט אָלאַ ליליט װעט זיך אַ פּובליקום ניט אַזױ אַרומכאַפּן װי מיט מאַלי פּיקאָן. מיט מאַלי פּיקאָן װערט דאָס פּובליקום „פּאַן־בראַט", זײ דערפרײען זיך מיט איר, און מאַלי מיטן פּובליקום װערן אײנס, װי אײן פּערזאָן. אָבער צװישן אָלאַ ליליט און דעם פּובליקום איז פאַראַן אַ מחיצה. „איר זענט איר און איך בין איך"... און בײם פּאָרטראָגן אַ נומער זיצט דאָס פּובליקום געשפּאַנט, אױפמערקזאַם, מיט װירדע און רעס־פּעקט.

איך בין געװען צופרידן און האָב זיך װידער אַרײַנגעװאָרפן אין דעם רעש און טומל פון טעאַטער, טעאַטער־פּאָליטיק, סוק־סעס, דורכפאַל, גרױסע אײננאַמעס, קלײנע אײננאַמעס, אַ גוטע פּיעסע, אַ שלעכטע פּיעסע, גוטע קריטיק, שלעכטע קריטיק — איך האָב פאַרגעסן און ניט געפילט, אַז איך בין 50 יאָר אַלט. איך האָב אָנגעהױבן אױפסנײ.

## מיין נייער שותּף מנשה סקולניק

דאָס איז געווען מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, אין אַ געווייסן מאָנטיק בייטאָג, ביי אַ פּראָבע, וואָס די אידישע אַק־טיאָרן־יוניאָן האָט געגעבן פאַר נייע מיטגלידער.

עס האָבן אין יענעם מאָנטיק געמאַכט פּראָבע פינף אַק־טיאָרן. צווישן זיי איז געווען איינער, ביי וועמען שפּילן טע־אַטער איז געווען אַ נעבן־זאַך. ער איז געווען ביים טעאַטער אַלץ, — סצענאַריום־פירער (אַרויסגעשיקט די אַקטיאָרן אויף דער סצענע אין צייט), סטיידזש־מענעדזשער, פּאַבליסיטי־מענע־דזשער, האָט אָפּטמאָל געפּאָלגט אַ נייטיקן גאַנג, צייטנווייז גע־שפּילט אומוויכטיקע ראָלעס און אויך געשריבן ראָלעס.

אַזוי ווי ער איז דעמאָלט געווען אַנגאַזשירט אין פילאַדעל־פיער אידישן טעאַטער און האָט נאָך דעם זעלבן טאָג געמוזט פאָרן קיין פילאַדעלפיע, האָט מען אים דערלויבט, אַז ער זאָל זיין דער ערשטער פון די פינף נייע קאַנדידאַטן.

עס איז זייער ניט אַנגענעם צו מאַכן פּראָבע פאַר אַקטיאָרן און בפרט נאָך וויסנדיק, אַז ס׳וועט אפשר אַנגרייפן און שטערן אין פּרנסה דעם עלטערן אַקטיאָר. ווען דער טשערמאַן האָט אַנאָנסירט, אַז דער ערשטער וועט מאַכן פּראָבע דער אַקטיאָר פון פילאַדעלפיע און האָט אויסגערופן זיין נאָמען, האָבן פיל איבערגעפרעגט: „ווער? ווי הייסט ער?" אַזוי ווי איך האָב אויך פאַרהערט דעם אומבאַקאַנטן נאָמען, האָט מען מיר גע־ענטפערט: „עפּעס אַ ראָלע־שרייבער, אַ סצענאַריום־האַלטער, אַ שטיקל עקטערל". געוויינלעך מאַכט דער קאַנדידאַט פּראָבע פון דריי פאַרשידענע פּיעסעס, אין דריי פאַרשידענע ראָלעס.

ווען דער אומבאַקאַנטער אַקטיאָר האָט זיך באַוויזן אין דער ראָלע פון „עקיבא" אין „אוריאל אַקאָסטאַ", האָט זיין גרים, זיין מאַסקע פון דעם אַלטן פּאַטריאַרך געמאַכט אַ גרויסן רושם

און עס איז געוואָרן אַ טויטע שטילקייט. עס האָט זיך קיינער ניט פאַרגונען שווער צו אָטעמען. און ווען דער אומבאַקאַנטער ראַלעס-שרייבער האָט פאַרענדיקט, איז געפאַלן, ווי מען דריקט זיך אויס אויף טעאַטער-לשון, אַ דונער-אַפּלאָדז. איינער האָט גלייך געמאַכט אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל אים שענקען די צוויי אַנדערע צוויי פּראָבעס, האָבן אָבער אַלע פּראָטעסטירט, ווייל זיי האָבן איינפאַך ניט געהאַט גענוג פון זיין גוטן שפּילן.

די צווייטע פּראָבע איז געווען „מאָטיע שטרייכל" פון יעקב גאָרדינס „די יתומה". דאָ האָט שוין דער לאָקאַל געהילכט פון האַרציקן געלעכטער, וואָס דער אומבאַקאַנטער אַקטיאָר האָט אַרויסגערופן ביי די אַקטיאָרן. די אַפּלאָדיסמענטן זיינען געווען פיל גרעסער ווי פריער, און עס איז ווידער געפאַלן אַ פאָר־שלאָג, אַז מען זאָל אים שענקען די דריטע פּראָבע, ווייל ער איז דאָך שוין מיט אונז — וואָס דאַרף מען אים נאָך מוטשען? האָבן זיך ווידער דערהערט הילכיקע פּראָטעסטן: „ניין!", ווייל דער עולם האָט זיך איינפאַך געוואָלט אַמוזירן. די דריטע פּראָבע איז געווען „אליי" פון שלום אַשס „גאָט פון נקמה". נאָך דער דריטער פּראָבע האָט דער לאָקאַל פון די אידישע אַקטיאָרן גע־קלונגען מיט דעם נאָמען מ נ ש ה ס ק ו ל נ י ק, וועלכער איז געשטעמפּלט געוואָרן פון דער גאַנצער פּראָפעסיע אַלס אַ ל י ־ ט ע ר אַ ר י ש ע ר ש ו י ש פּ י ל ע ר, וואָס באַלאַנגט אין קונסט־טעאַטער. ער איז טאַקע גלייך אַנגאַזשירט געוואָרן פאַר דעם נאָענטסטן סעזאָן אין שניצערס קונסט-טעאַטער, וואו עס האָבן געשפּילט בן-עמי, שוואַרץ, רודאָלף שילדקרויט און אַנדערע.

מיטן ליטעראַרישן אַקטיאָר מנשה סקולניק האָט פּאַסירט דאָס זעלבע, וואָס מיט „פּראָפעסאָר בערנאַרדי", וועלכער איז געוואָרן דער גרעסטער וואָדעוויל-אַקטיאָר אין גאַנץ אייראָפּע. זיין דערפאָלג האָט ער געמאַכט מיט שפּילן פּיאַנאָ אויף אַן עקסצענטרישן אופן, איינפאַך מיט אַלערליי משוגעת'ן און קונצן. עס פלעגט ביי אים צעפאַלן ווערן די פּיאַנאָ אויף פּיצ־לעך, און וואָס מער עס האָט געפעלט פון דער פּיאַנאָ, אַלץ בע־

סער האָט ער געשפּילט. ווען ער איז געבליבן ביים לעצטן ברעטל פון דער פּיאַנאָ, האָט ער אָנגעהויבן שלעפּן פון קעשענע און פון די אויערן פּיאַנאָ־ביינדלעך און האָט אויף זיי אויסגע־שפּילט די קלאַסישסטע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס, אָבער אויף זיין אייגנאַרטיקן קאָמישן שטייגער.

פּראָפעסאָר בערנאַרדי איז טאַקע געווען אַן אמת׳ער מוזיק־פּראָפעסאָר. ער האָט שטודירט אַלס קאָנצערט־פּיאַניסט און איז געווען באַרימט אַלס אַזעלכער. איין מאָל האָט ער געשפּילט אין אַ גרויסער וואַריעטע (וואָדעוויל־הויז) און קיין זייער גרויסן סוקסעס ניט געמאַכט, ווייל ווער קומט עס אין וואָדעוויל הערן קלאַסישע מוזיק? האָט אָבער פּאַסירט מיט אים, ווען ער האָט געשפּילט אין וואָדעוויל, אַזאַ פאַל: אַרויפגייענדיק אויף דער בינע, האָט ער זיך פאַרטשעפּעט און איז געפאַלן. דאָס פּובלי־קום איז אַרויס מיט אַ געלעכטער. פאַלנדיק, האָט ער אויסגע־שמירט די הויזן און זיין שניפּס און קראַגן זיינען אַרונטערגע־פאַלן. דאָס געלעכטער פון פּובליקום האָט געשטיגן, ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט שפּילן פּיאַנאָ. זיין פאַרצווייפלטער אויסזען, מיט זיינע קליידער ניט אין אָרדענונג, און דאָס אַלץ בשעת ער האָט געשפּילט קלאַסישע מוזיק, האָבן אַרויסגערופן נאָך פיל מער געלעכטער און שפּאַס ביים פּובליקום. ער האָט געשפּילט מיט אַ סך קראַפט פון אויפרעגונג, אַז עס האָט גענו־מען פאַלן אַלץ, וואָס עס איז געשטאַנען אויף דער פּיאַנאָ.

דאָס פּובליקום האָט ניט אויפגעהערט צו שטורמען פון געלעכטער. ווען ער האָט פאַרענדיקט זיין שפּילן, איז געפאַלן דער גרעסטער אַפּלאָדז פון דער גאַנצער פאָרשטעלונג פאַר דעם קלאַסישן פּיאַניסט. דער מענעדזשער איז גלייך צוגעקומען צו אים און האָט אים געהעכערט זיין געהאַלט דריי מאָל אַזוי פיל, אַבי ער זאָל איבער׳חזר׳ן דאָס זעלבע ביי דער ווייטערדיקער פאָרשטעלונג.

פון יענעם טאָג אָן איז בערנאַרד געוואָרן באַרימט איבער

גאַנץ אייראָפּע מיט זײַן עקסצענטריש שפּילן פּיאַנאָ און מיט זײַן אַמוזירן דעם עולם.

ווען מען פלעגט פרעגן פּראָפעסאָר בערנאַרדי, צי וועט ער אַמאָל געבן אַ קלאַסישן קאָנצערט, פלעגט ער ענטפערן: „ווען איך וועל אויפהערן מאַכן אַ סך געלט און ניט האָבן מער קיין דערפאָלג".

ענלעכס האָט פּאַסירט מיט אונזער מנשה סקולניק אַלס כאַראַקטער־שוישפּילער אין דער דראַמע און מעלאָדראַמע. אַפילו אין זײַן באַטייליקן זיך אין קלאַסישע פאָרשטעלונגען, ווי „אוריאל אַקאָסטאַ", הירשביינס „שמידם טעכטער", נאָמ־בערגס „משפחה", האָט ער אין די אַלע זייטיקע ראָלעס אַרויס־געשיינט און דאָס פּובליקום האָט רעאַגירט אויף יעדן וואָרט און אויף יעדער באַוועגונג, וואָס ער האָט געמאַכט.

האָבן אָבער די אַלע זייטיקע ראָלעס אים ניט צופרידנגע־שטעלט, און ער האָט זיך מתקנא געווען אָן די געשטעמפּלטע „סטאַרס".

זײַן ערשטער בייפאַל אַלס אַ זעלבשטענדיקער „סטאַר" איז געווען אין „געצל ווערט אַ חתן", וואו ער האָט געצויגן די אויפ־מערקזאַמקייט פון גאַנצן ניו־יאָרקער טעאַטער־פּובליקום, כאָטש די פּיעסע האָט מען געשפּילט אין ברוקלינער האָפּקינסאָן־טעאַ־טער.

איך האָב מנשה סקולניקן ביז דעמאָלט ניט געזען שפּילן זינט דער פּראָבע, וואָס ער האָט געמאַכט אין דער אַקטיאָרן־יוניאָן, אַ זאַך, וואָס איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי אַזוי אַן אַקטיאָר זאָל קאָנען אַזוי באַגייסטערן אַנדערע אַקטיאָרן. מען האָט מיר פיל מאָל געזאָגט, אַז ער וואָלט געהאַט דעם גרעסטן דערפאָלג אין מיינער אַן אָפּערעטע.

כאָטש מנשה סקולניק איז שוין דעמאָלט געווען אַ גרויסע צוציאונגס־קראַפט פאַרן אידישן טעאַטער־פּובליקום, דאָך איז ער נאָך ניט געווען אָנערקענט אַלס פולשטענדיקער „סטאַר",

ווייל ער האָט נאָך אויף דער עוועניו ניט געהאַט געשפּילט אַלס „סטאַר". ער האָט געשפּילט מיט די געדמאַנס אַלס פּיטשור־אַקטיאָר, דאָס הייסט, אַלס אַ וויכטיקער מיטגליד אין דער קאָמ־פּאַניע, אָבער דער שם־המפורש אַלס פולשטענדיקער „סטאַר" האָט אים נאָך געפעלט.

ניט נאָר האָט זיך דער אַלגעמיינער אידישער טעאַטער־עולם אַרומגעכאַפּט מיט אונזער ערשטער אויפפירונג אין פאָלקס־טעאַטער, מיט דער מוזיקאַלישער קאָמעדיע „פישל דער גערעטענער", וואו דער גערעטענער איז גלייך אַרויסגעפאַלן און עס איז געוואָרן פשוט „פישל", נאָר די קריטיק, סײַ די אידישע און סײַ די ענגלישע, האָט עס אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. עס האָט זיך דערפילט אַ פרישקייט סײַ פון דער פאָרשטעלונג, סײַ פון דעם נייעם „סטאַר" מנשה סקולניקס ראַפינירטן שפּילן, סײַ פון לואי פריימאַנס לייכט־עלעגאַנטן טעקסט, און אויך פון דער שוואונג־מוזיק, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון מיין דאַמען־אָרקעסטר. אַלץ צוזאַמען האָט באַוויזן, אַז דורך אונזער פאַראייניקונג האָט די קאָמעדיע, ספּעציעל די מוזיקאַלישע קאָ־מעדיע, געקראָגן אַ נייעם תיקון.

און אַזוי איז מנשה סקולניק געשטיגן פון טאָג צו טאָג. ער איז געוואָרן דער גרעסטער ליבלינג ביים אידישן טעאַטער־עולם. מיר זיינען דערנאָך אַריבער אין אַ גרעסער טעאַטער, אין „סעקאָנד עוועניו טעאַטער", און ווען איך שרייב די שורות, זיינען מיר ווייטער פאַרבונדן אין „סעקאָנד עוועניו טעאַטער".

# די אינסטיטוציע מאָריס שוואַרץ

פינף און צוואַנציק יאָר אידיש קונסט־טעאַטער, פינף און צוואַנציק יאָר קאַמף, פינף און צוואַנציק יאָר אַ סך לייד און זייער ווייניק פרייד. פינף און צוואַנציק יאָר אַליין געשטאַנען ביים רודער פון אידישן קונסט־טעאַטער.

אין דער פּאָליטישער וועלט איז עס אַן אָפטע דערשיינונג, אַז איין פּערזאָן זאָל מיט זיך פאָרשטעלן אַן אינסטיטוציע, אַ פּאַרטיי, אָדער אַ באַוועגונג. דאָס זעלבע איז אויך אין דער קינסטלערישער וועלט, וואו עס זיינען פאַראַן וועגווייזער „סטי־ליסטן", אַזוי ווי רעמבראַנדט, בעטהאָווען, וואַגנער. ווי אין דער פּאָליטישער וועלט, אַזוי האָבן די קינסטלער זייערע נאָכ־פאָלגער, וועלכע זיינען אַוועק פיל ווייטער און טיפער ווי זייערע וועגווייזער.

אין אונזער אידיש טעאַטער־וועלט האָבן מיר אויך געהאַט גרינדער און נאָכפאָלגער, ווי פורים־שפּיל, מכירת יוסף־שפּילער, בראָדער זינגער, ביז גאָלדפאַדן, יעקב גאָרדין, י. ל. פּרץ, פּרץ הירשביין, פּינסקי, אַנסקי, שלום אַש, י. י. זינגער. דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן אין דער שוישפּילעריי: א. גראָדנער, כמעט דער ערשטער אידישער קעלער־זינגער, ביז אַ יעקב פּ. אַדלער, זיגמונד מאָגולעסקאָ, דוד קעסלער, רודאָלף שילדקרויט, מאָריס שוואַרץ.

און ניט נאָר האָט דאָס אידישע טעאַטער געהאַט גרינדער, נאָר אויך „סטיליסטן" און זייערע נאָכפאָלגער, וועלכע האָבן אַריבערגעשטיגן זייערע רביים.

באָריס טאָמאַשעווסקי האָט אויפגעפירט מוזיקאַלישע קאָ־מעדיעס און אָפּערעטעס אויף זיין אייגנאַרטיקן שטייגער, האָבן זיך אָבער נאָך ביי זיין לעבן געגרינדעט אַנדערע אָפּערעטן־טעאַטערס, וועלכע האָבן דורכגעפירט מאָדערנערע, שענערע

אָפּערעטעס און מוזיקאַלישע קאָמעדיעס, ווי דער גרינדער אַליין האָט אויפגעפירט.

יעקב פּ. אַדלער האָט געהאַט זיין אַדלערשן סטיל אויפפי־רונגען פון אַ מין פּיעסעס, מעלאָדראַמעס פון בעסערן סאָרט. אָבער דוד קעסלער, און שפּעטער רודאָלף שילדקרויט, האָבן אויפגעפירט פּיעסעס מער רעאַליסטיש, מער געטריי צום לעבן, און אויך מאָדערנער ווי יעקב פּ. אַדלער.

גאַנץ אַנדערש איז עס מיטן „אידישן קונסט־טעאַטער". פאַר די לעצטע 25 יאָר זינט עס האָט זיך געגרינדעט דאָס אי־דישע קונסט־טעאַטער האָט מאָריס שוואַרץ אויסגעפעלט פון ניו־יאָרק בלויז איייניקע סעזאָנען. עס האָט זיך אים געוואָלט, אַז די אידן פון אייראָפּע, ארץ־ישראל, זיד־אַמעריקע זאָלן אויך געניסן דעם נחת־רוח פון אידישן קונסט־טעאַטער. אין די סע־זאָנען, וואָס מאָרים שוואַרץ האָט פאַרלאָזן אַמעריקע, איז גע־בליבן דאָס אַמעריקאַנער אידישע טעאַטער אָן אַ קונסט־טעאַ־טער. מען האָט איייניקע מאָל געמאַכט אַ פאַרזוך צו גרינדן אַ אידיש קונסט־טעאַטער אָן מאָרים שוואַרצן, אָבער יעדער פאַרזוך איז געווען אַ ניט־געלונגענער. איז די פראַגע, מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס? מיר האָבן ערנסטע אידישע אַקטיאָרן, פּראָמינענטע שריפטשטעלער, טעאַטראַלן, כלל־טוער, איייניקע גאַנץ פיינע רעזשיסאָרן. טאָ ווי קומט עס, אַז די עטלעכע פאַר־זוכן צו גרינדן אַ אידיש קונסט־טעאַטער אָן מאָרים שוואַרצן זיינען געווען אַ דורכפאַל סיי מאָראַליש און סיי פינאַנציעל?

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין די 25 יאָר עקזיסטענץ פון אידישן קונסט־טעאַטער, אַז מאָרים שוואַרץ איז ניט נאָר דער גרינדער און דירעקטאָר פון אידישן קונסט־טעאַטער, נאָר ער איז די „אינסטיטוציע מאָרים שוואַרץ".

אָט ווי אַזוי דאָס דערקלערט זיך: מאָרים שוואַרצס נייע וועגן און זיין נייער סטיל זיינען ניט קיין קאָפּיע; ער האָט קיי־נעם ניט קאָפּירט. ער האָט אויפגעפירט און געשפּילט שלום

עליכם, גאָלדפאַדן, אַפילו שעקספּיר לויט זיין סטיל און אויף זיינע נייע וועגן. אין מאָרים שוואַרצס אַ נייער אויפפירונג, ווי פרעמד און ווי ניי זי זאָל ניט זיין, האָבן מיר אַלע מאָל געפילט, אַז עס איז אונזערס, אַז די אַלע נייע עקספּערימענטן קומען פון איינעם, וועלכער האָט פון אונז אַרויסגעשפּראָצט.

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געזען די „הבימה", האָב איך אין איר שפּילן, — כאָטש אין דער אַלטער, באַנייטער ביבלישער שפּראַך העברעאיש, — געפילט פרעמדע טענער. די ווירקונג פון איר ניט־אידישן רעזשיסער וואַכטאַנגאָוו האָט זיך געפילט אין יעדן טאָן און אין יעדער באַוועגונג. די הויפּט־העלדן פון אַנסקים „דיבוק", חנן און לאה, האָבן גערעדט ווי שעקספּירס ראָמעאָ און יוליאַ, די טענער פון דער רוסישער בינע זיינען געוועזן דורכגעדרונגען אין דער העברעאישער שפּראַך, און ס'האָט דעריבער ערטערווייז געקלונגען ווי רוסיש.

אַפילו אין שפּילן פון דער „ווילנער טרופּע" האָט זיך געפילט דאָס אָפטע געברויכן פון „אָט וואָס", וואָס איז אַ בוכשטעבלעכע איבערזעצונג פון רוסישן „וואָט טשטאָ".

מאָרים שוואַרץ, ווי ניי ער זאָל ניט זיין, ווי ווייט ער זאָל ניט אַוועקגיין מיט זיינע עקספּערימענטן, איז ער, אַזוי ווי יענער, וועלכער האָט זיך אָפּגעריסן פון זיין משפחה, זיך אָנגעזאַפּט מיט פרעמדע שפּראַכן און מאַנירן, אָבער ווען ער קומט צוריק צווישן די זייניקע, איז ער אַ טייל, אַ גליד פון זיין משפחה.

עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַן אייגנאַרטיקער מאָרים שוואַרץ־טאָן. עס איז אמת, אַז דער טאָן פּאַסט זיך אַמבעסטן אַריין צו די שלום־עליכם, פּרץ הירשביין, ה. לייוויק, י. י. זינגער־טיפּן. און מאָרים שוואַרצס גרעסטער פאַרדינסט איז טאַקע דאָס אַרויסברענגען די האַרציקע שלום־עליכם־טענער און טיפּן, וועלכע זיינען אונז אַזוי נאָענט און ליב. טענער, וועלכע קריכן אַריין אין אונזערע ביינער און זיינען ניט אַזוי פרעמד ווי

דער וואַכטאַנגאָוו־טאָן פון דער „הבימה" און דער „אַט וואָס" פון אונזער ליטווישער „ווילנער טרופע".

מאָרים שוואַרצס מוטערשפּראַך איז אידישע נגינה: ער זינגט. נגינה איז אַ טייל פון זיין איך. איבערהויפּט האָט ער ליב צו זינגען, ווען ער איז מיט זיך אַליין. זעלטן ווען ער זינגט אַ באַשטימטן ניגון, נאָר ער פאַנטאַזירט חזנ'ישע נגינה, פאָלקס־ניגונים, אַמאָל פאַלט ער אַפילו אַריין אין אָפּערע, אַזוי רעטשיטאַטיוומעסיק, און ער וועט אייך באַגעגענען מיט אַ „העלאָ" אָדער מיט „וואָס מאַכט איר?" מיט אַ ניגון. ווער רעדט נאָך, אַז איר ענטפערט אויך מיט אַ ניגון, וועט מען שוין האַלטן אין איין זינגען ביז — ביז איר ווערט מיד, ווייל מאָרים שוואַרץ ווייסט ניט, וואָס עס הייסט מיד ווערן: ער איז ניט גלאַט אַזוי אַן ענערגישער מענטש, ער איז אַ וואולקאַן פון ענער־גיע, ער האַלט ניט פון רוען און אויך ניט פון קיבעצן. ער איז כמעט דער איינציקער אידישער אַקטיאָר, וועלכער איז ניט קיין קאַפּע־מענטש, אויסער אַמאָל ביינאַכט נאָכן שפּילן; אָבער גלאַט אין אַ קאַפּע־הויז וועט מען אים זייער זעלטן טרעפן, ווייל קיבעצן איז צו לאַנגזאַם פאַר זיין ברויזנדיקן און אומדערמיד־לעכן טעמפּעראַמענט.

כאָטש מאָרים שוואַרץ און איך האָבן אַלע יאָרן געאַרבעט ביים טעאַטער אויף פאַרשידענע געביטן און ריכטונגען — ער ביי דראַמע און איך ביי אָפּערעטע, דאָך בין איך אַלע מאָל גע־ווען אַ גרויסער אַנהענגער און אָפּטער באַזוכער פון אידישן קונסט־טעאַטער. די אויפפירונג פון „שבתי צבי" אין אידישן קונסט־טעאַטער האָב איך געזען אַ 5-6 מאָל. איך האָב געהאַט אַ צוועק דערביי. מיר האָט זיך זייער געוואָלט שרייבן אַן אָפּערע אויף דער טעמע פון „שבתי צבי". וואָס מער איך האָב געזען די פאָרשטעלונג, אַלץ גרעסער איז געוואָרן מיין פאַר־לאַנג צו שרייבן אַן אָפּערע אויף דער טעמע. איך האָב צוגע־צויגן דעם גרויסן אַמעריקאַנער מוזיק־קריטיקער אייזיק גאָלד־

בערג, וועלכער האָט געשריבן פיל ביכער איבער מוזיק און מוזיקער. מיר האָבן שוין אָנגעפאַנגען טיכטיק אַרבעטן אויף דעם — האָט אָבער זיין פריצייטיקער טויט צעשטערט מיין פּלאַן צו שאַפן אַן אָפּערע אויף דער טעמע „שבתי צבי". ביי מיר געפינט זיך נאָך אַ מוזיקאַלישע פאַנטאַזיע, וועלכע איך רוף „דאָרפישע ליבע", געבויט אויף דער מעלאָדיע „מיידל, מיידל, איך האָב דיך אַזוי ליב". די דאָזיקע מעלאָדיע האָב איך גע־הערט מאָרים שוואַרצן האַרציק און פאָלקסטימלעך זינגען אין „שמידס טעכטער". דער פיינער צוזאַמענשפּיל פון יענער פאַר־שטעלונג מיט דער מעלאָדיע פון „מיידל, מיידל, איך האָב דיך אַזוי ליב", וואָס איז דורכגעגאַנגען ווי אַ לייט־מאָטיוו, האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ איינדרוק, אַז איך האָב ניט געקאָנט איינ־רוען, ביז איך האָב אויף דער מעלאָדיע אָנגעשריבן אַ מוזיקאַ־לישע פאַנטאַזיע.

איך האָב געזען ביי מאָרים שוואַרץ די אויפפירונג פון ראָלאַנדס „די וועלף". איך האַלט, אַז די דאָזיקע פאָרשטע־לונג איז קינסטלעריש געווען די שענסטע פון דעם רייכן רעפּער־טואַר פון אידישן קונסט־טעאַטער. סאַי די טעמע און סאַי די פּערזאָנען זיינען פרעמד און ניט אידיש, דאָך האָט דאָס שפּילן פון אַקטיאָרן, וואָס ערשט נעכטן האָבן זיי געשפּילט אידן מיט בערד, אָנגענעם איבערראַשט. עס האָט זיך ניט געוואָלט גלייבן, אַז אויף דער זעלבער בינע האָט מען אַמאָל פאָרגע־שטעלט אידישע טיפּן.

מאָרים שוואַרץ וועט זעלטן רעדן וועגן זיינער אַ ראָלע אָדער אַ טיפּ, וועלכן ער האָט געשאַפן אין דעם רייכן רעפּער־טואַר פון אידישן קונסט־טעאַטער, נאָר וועט רעדן מיט באַ־גייסטערונג פון זיינע אויפפירונגען, ווייל ער זעט ניט נאָר בלויז זיין ראָלע, נאָר די גאַנצע פּיעסע. איך וויל ניט זאָגן, אַז מאָרים שוואַרץ פאַרזעט אָדער פאַרנאַכלעסיקט זיין „איך". פאַר־קערט, ער זעט זיין איך אין יעדער ראָלע, ער זעט זיך אין אַ

שיינער דעקאָראַציע, אין אַ שיינעם טאַנץ און אין אַ פיינעם ניגון. עס שוועבט אַרום די פּאַכמענישע, ענערגישע קינסט־לערישע השגחה פון מאָרים שוואַרץ איבער דער גאַנצער פּיע־סע, וועלכע מאַכט אים פּאַרן הויפּט פון אידישן קונסט־טעאַטער, פון וועלכן מאָרים שוואַרץ איז אַ סינאָנים. אָט דאָס איז די „אינסטיטוציע מאָרים שוואַרץ", און איך בין געווען ממש גליק־לעך, וואָס עס איז מיר באַשערט געווען כאָטש איין סעזאָן, ביי י. י. זינגערס „די משפחה קאַרנאָווסקי", צו זיין פאַרבונדן מיט דער „אינסטיטוציע מאָרים שוואַרץ".

## קאָמפּאָזיטאָרן אין אידישן טעאַטער

די אַנטוויקלונג פון מוזיק איבערהויפּט איז געקומען פון די קירכעס. כאָראַל־מוזיק איז דער פונדאַמענט פון מוזיק, און די טעאָריע, די מוזיקאַלישע כללים, זיינען מערסטנס באַשאַפן געוואָרן אין די קירכעס. אַזוי איז אויך געווען די אַנטוויקלונג פון מוזיק אין אידישן טעאַטער, אָבער ניט פון די קירכעס, נאָך פון דער שול, פון חזנ׳ישע ניגונים און תפילות.

כמעט יעדעס שטיקל מוזיק פון דעם אַמאָליקן אידישן טעאַטער איז גענומען פון חזנ׳ישע קאָמפּאָזיציעס, און טאַקע יעדער אידישער אַקטיאָר האָט געמוזט זיין פריער אַ משורר ביי אַ חזן.

**אַברהם גאָלדפאַדן**, כאָטש אַליין ניט קיין פּראָפעסיאָנעלער מוזיקער, פלעגט אויסקלאַפּן אויף דער פּיאַנאָ אַ מעלאָדיע מיט איין פינגער, האָט אָבער זיין פּאָעטישע נשמה און זיין נאַטיר־לעכער ריטם אים אַ סך אַרויסגעהאָלפן אין זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען. ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט משוררים, חזנים, מוזיקער, נאָר אַממערסטן האָט ער געאַרבעט זיינע פּיעסעס מיט צוויי מוזיקער — **מיכאל פינקלשטיין** און **אַרנאָלד פּערלמוטער** (שפּעטער מיטבאַטייליקט אין דער פירמע פּערלמוטער און וואָהל). זיי זיינען ביידע געווען אין זייערע אינגלשע יאָרן משוררים ביי חזנים און שפּעטער פידלער אין אָרקעסטערס. דאָס האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט צו קענען שול־נגינה און וועלטלעכע מוזיק, און איבערהויפּט די דייטשע און פראַנצוי־זישע אָפּערעטעס.

מיכאל פינקלשטיין און אַרנאָלד פּערלמוטער האָבן אַריינגעבראַכט דעם מאַרש און וואַלץ פון די דייטשע און פראַנצויזישע אָפּערעטעס אין די היסטאָרישע פּיעסעס פון גאָלדפאַדן, הורוויץ און לאַטיינער. זיינען טאַקע יענע היסטאָ־

רישע אָפּערעטעס געווען צוזאַמענגעשטעלט פון חזנ׳ישע תפילות און נגינה, מיט מאַרשן און וואַלצן פון וועלטלעכע אָפּערעטעס, מיט עטלעכע נומערן אָריגינעלע מוזיק פון אַברהם גאָלדפאַדן, וועמענס ניגונים האָבן פאַרכאַפּט די גאַנצע אידישע און אַפילו ניט־אידישע וועלט.

* * *

שפּעטער, ווען דאָס אידישע טעאַטער האָט זיך באַזעצט אין אַמעריקע, זיינען זיגמונד מאָגולעסקאָ און מאַקס אַווראַמאָ־וויטש, צוויי אַקטיאָרן, געווען די מוזיק־פּאַרפאַסערס פון דעם דעמאָלטיקן אַמעריקאַנער אידישן טעאַטער.


לואיס פרידזעל

אין יענער צייט איז אויסגע־וואַקסן אַ קאָמפּאָזיטאָר לואיס פרידזעל. די ערשטע צייט האָט לואיס פרידזעל געשריבן צוזאַ־מען מיט זיגמונד מאָגולעסקאָ, און שפּעטער האָט ער שוין אַליין געשאַפן מוזיק צו אָפּערעטעס, קאָמעדיעס און דראַמעס.

לואיס פרידזעל קען מיט רעכט אָנגערופן ווערן דער ערשטער אידישער קאָמפּאָזיטאָר, וועל־כער האָט זעלבשטענדיק געשאַפן מוזיק פאַרן אידישן טעאַטער. אַלס קינד געזונגען ביים חזן, שפּעטער אַלס סאָלדאַט געשפּילט און דיריגירט אָרקעסטערס, און דאַן געוואָרן אַ אידישער אַק־טיאָר.

דאָס אַלץ האָט אים געגעבן אַ געלעגנהייט זיך צו באַקע־נען מיט אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט טעאַטער. און לואיס פרידזעל איז געוואָרן ניט נאָר אַ זעלבשטענדיקער קאָמפּאָזי־טאָר, נאָר אויך אַ גרויסער טעאַטראַל. ער פלעגט נעמען אַ פּיעסע, אַ קאָמעדיע אָדער אַ דראַמע און פלעגט מאַכן דערפון

סאַי לויטן טעקסט און סאַי לויט דער מוזיק אַ פולשטענדיקע אָפּערעטע.

לואיס פרידזעל איז געווען אַ נאַטור־מוזיקער, ווייל אויסער לייענען נאָטן, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט נאָך אַלס אינגל ביים חזן, האָט ער ניט געוואוסט די ערשטע טעאָרעטישע כללים פון מוזיק. ער האָט מוזיק כמעט ניט געלערנט, אָבער זיין פּראַקטיק, גוט געהער און טעאַטראַלער חוש האָבן אים געמאַכט, ווי דער אַמעריקאַנער וואָלט עס אָנגערופן, פאַר אַ „שאָו מען".

לואיס פרידזעל איז געווען אַן איבערגעגעבענער פאָטער צו זיינע קינדער, האָט ער גערן געשריבן אין יעדער פּיעסע אַ וויגליד. צווישן זיינע צאָלרייכע וויגלידער געפינט זיך דאָס באַקאַנטע שלאָפלידעלע „שלאָף, מיין בייבעלע, מאַך צו דיין אייגעלע — אַי־ליו־ליו־ליו", אאַז"וו, וואָס איז געוואָרן אַ פאָלקס־ליד.

זיין קופּלעט „חוה" איז דעמאָלט געוואָרן אַזוי פּאָפּולער, אַז ער האָט אַזש דערגרייכט צו פעאָדאָר שאַליאַפּינען, וועלכער האָט אים געזונגען אין רוסיש אויף זיינע קאָנצערטן.

אויב לואיס פרידזעל וואָלט גאָרניט געשריבן, נאָר בלויז דעם פאָרשפּיל צום קידוש פון „ישיבה־בחור", וואָלט ער פאַר־דינט זיין נאָמען, וואָס ער האָט דעמאָלט געהאַט. די אַכט טאַקטן, וועלכע עס שפּילן וויאָלאַ און קלאַרנעט, האָבן אַלע מאָל — און נאָך ביז היינט צו טאָג — מיך אַריינגעבראַכט אין אַ שטימונג פון טויט, אָבער אָן מורא, עפּעס אַן אייביקע רואי־קייט . . .

* * *

אַ זייער געלונגענע קאָמבינאַציע איז דעמאָלט געווען **אַר־נאָלד פּערלמוטער און הערמאַן וואָהל.**

אַרנאָלד פּערלמוטער, ווי שוין פריער געזאָגט, איז געווען אַ פידלער, האָט געקענט דעם אָרקעסטער און די וועלטלעכע מו־

זיק, און הערמאַן וואָהל איז געווען אַ חסיד׳ישער יונגערמאַן, געזונגען און דיריגירט ביי חזנים, זיך אָנגעהערט מיט חסיד׳ישע ניגונים.



אַרנאָלד פערלמוטער



הערמאַן וואָהל

פערלמוטער און וואָהל זיינען געוואָרן אַן אָנערקענטע מוזיקאַלישע פירמע. זייער מוזיק צו פּראָפעסאָר הורוויצס פּיעסעס, שפּעטער מיט באָריס טאָמאַשעווסקין, האָט פאַרכאַפּט די אידישע גאַס. זיי האָבן אַריינגעבראַכט די שיינע לירישע, אידישע, חסיד׳ישע כאָרוסלעך, און איבערהויפּט די רעליגיעזע און מוסר־השכל׳דיקע לידער, ווי „דאָס טלית׳ל", „אַ מענטש זאָל מען זיין". דאָס מערקווירדיקסטע איז געווען דאָס וואָס מען האָט פון זיי קיינמאָל ניט געקענט אַרויסקריגן: „הו איז הו", איך מיין צו זאָגן, ווער פון זיי האָט פאַרפאַסט דעם חסיד׳ישן ניגון און ווער דעם מאָדערנעם וואַלץ. מען פלעגט פּרובירן טרעפן, אַז די אידישע ניגונים זיינען הערמאַן וואָהלס, און די וועלטלעכע — אַרנאָלד פערלמוטערס. האָט זיך אַמאָל אַרויס־

געוויזן גראָד דאָס פאַרקערטע, אַז אַ זייער פּאָפּולערער אידישער ניגון איז געווען אַרנאָלד פּערלמוטערס, און אַ מאָדערנער וואַלץ איז געווען פון חסיד'ישן יונגנמאַן הערמאַן וואָהל.

און טאַקע דערפאַר איז די קאָמבינאַציע געווען אַ זייער געלונגענע פאַר יאָרן־לאַנג.

* * *



יאָזעף ברוידי

אין יענעם פעריאָד איז אויך געווען אַ כאָר־דיריגענט און קאָמפּאָזיטאָר **יאָזעף ברוידי**. ער איז יאָרן־לאַנג געווען פאַרבונדן מיט דוד קעסלערן. ער האָט געשריבן מוזיק צו אייניקע סוקסעספולע אָפּערעטעס, ווי „די שיינע מרים", „דאָס אידישע הארץ". אָבער זיין פּאָפּולערסטע און ווערטפולסטע קאָמפּאָזיציע פאַרן אידישן טעאַטער איז דער „מזמור לדוד" אין יעקב גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול", וואָס קעסלער פלעגט זינגען אַזוי הארציק און מנגנ'יש.

* * *

אין יענער צייט איז אַריינגעפלויגן אַ יונגער, דאַרער אינגל פון 22 יאָר (דער שרייבער פון דעם בוך). איך זאָג ניט „געקומען", נאָר „געפלויגן". עס האָט מיך געטראָגן אין דער לופטן, און טאַקע מיין טעמפּאָ האָט דעמאָלט פאַרכאַפּט דאָס דעמאָלטיקע לאַנגזאַמע אידישע טעאַטער. אָנשטאָט חזנ'ישער מוזיק, האָב איך געשריבן אין סטיל פון פאָלקלאָר, דאָס הייסט

אויף טעמעם פון אידישער פאָלקס-מוזיק. דאָס איבעריקע וועגן מיר איז שוין גענוג באַשריבן אין דעם בוך.

* * *

מען פלעגט אָפט באַמערקן אין די צייטונגען אַ אינגל אין אַ טלית׳ל מיט אַ יאַרמולקע אַלס „דער יונגסטער חזן פון דער וועלט”, — **שלום סעקונדאַ.** שפּעטער איז שוין שלום סעקונדאַ געוואָרן אַ דיריזשאָר ביי פאַרשידענע חזנ׳ישע כאָרן און אויך געשריבן מוזיק פאַר די אַרומיקע טעאַטערס, ווי ברוקלין, בראָנז-וויל, ביז ער איז געוואָרן אַ פאַראַנטוואָרטלעכער קאָמפּאָזיטאָר אין די אָנערקענטע גרויסע אידישע טעאַטערס, און האָט צו דער זעלבער צייט אויך שטודירט מוזיק אין קאָנסערוואַטאָריע.

און טאַקע אָפט הערן מיר אין אַ שלום סעקונדאַ-אָפּערעטע, ווי אַ לייכטע מעלאָדיע אָן פּרעטענ-זיעס גייט זיך גאַנץ פיין און גלאַטיק. מיט אַמאָל דערמאַנט זיך דער קאָמפּאָזיטאָר סעקונדאַ, אַזוי ווי זאָגנדיק צו זיך אַליין: „ס׳טייטש, שלום, דו האָסט דאָך געלערנט מוזיק. פאַרוואָס שווייגסטו? זאָל די וועלט וויסן!” און מיר הערן אין דער לייכטער מעלאָדיע אַ רייע פרעמדע מאָ-דערנע אַקאָרדן, אַזוי ווי דער קאָמפּאָזיטאָר וואָלט זאָגן: „אָט הערט און ווייסט, אַז איך האָב געלערנט מוזיק”.


שלום סעקונדאַ

צווישן שלום סעקונדאַס פיל סוקסעספולע אָפּערעטעס, וואָס זייערע ניגונים זיינען געוואָרן פּאָפּולער, האָט זיך זיין מעלאָדיע

„ביי מיר ביסטו שיין" (ווערטער פון דזשייקאָבס) צעטראָגן איבער גאַנץ אַמעריקע, און שפּעטער איבער דער גאַנצער וועלט. די פּאָפּולאַריטעט פון „ביי מיר ביסטו שיין" האָט דערגרייכט אַזש אין אַמעריקאַנער קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן. אין יענער צייט האָט אַ קאָנגרעסמאַן געלויבט אַ געוויסן שטאַטס־מאַן און האָט פאַרענדיקט זיין רעדע מיט די ווערטער: „אַי קען טעל יו (איך קען אייך זאָגן) ביי מיר ביסטו שיין".

שלום סעקונדאַ האָט צו זיין קרעדיט אויסער טעאַטער־לידער, מוזיק צו דיכטונגען פון רייזען, צייטלין און לייוויקס „אייביק", וועלכע איז געוואָרן אַ קלאַסיש קאָנצערט־ליד.

* * *


פּרץ סאַנדלער

**פּרץ סאַנדלער** איז געווען אַ הונדערט פּראָצענט אייראָפּעאישער מוזיקער. איך זאָג עס דערפאַר, ווייל ער האָט זיך ניט געקענט צופּאַסן צו דעם אַמעריקאַנער „האַרי־אַפּ", און איבערהויפּט צו דעם געדאַנק פון מ א כ ן  מ ו ז י ק  צ ו  אָ ר ד ע ר. עס וועט זיין ניט איבערטריבן צו זאָגן, אַז דאָס מאַכן מוזיק צו אָרדער האָט פאַרקירצט זיין לעבן.

פּרץ סאַנדלער איז געווען ווי אַ פאַס מיט גוטן וויין, אָבער עפּענען האָט זיך עס באַדאַרפט פון זיך אַליין, אויף אַ נאַטירלעכן אופן. דאָ אין אַמעריקע האָט מען געצאַפּט און געצאַפּט פון סאַנדלערס קוואַל. עס האָט טאַקע אַרויס־

געגעבן אַזאַ קערנדיקע מוזיק ווי „די רומענישע חתונה", „מענדל אין יאַפּאַן", „קאַווקאַזער ליבע", „אַ חתונה אין פּאַלעסטינע", „מאָדעלס פון ליבע", „וואָלאָדקע אין אַדעס" און „סיאָמקע ווערט אַ חתן", — עס האָט זיך געעפנט אַ קוואַל פון מעלאָדיע. סאַנדלער האָט געברויזט ווי אַ שטאַרקער וואַסערפאַל, ער האָט געלאַשטשעט מיט זיין רומענישער דוינע און האָרע.

דאָס איז אָבער געווען אַן אומנאַטירלעכע שאַפונג, אַ גע־צוואונגענע. פּרץ סאַנדלער פלעגט נאָך אַ פּרעמיערע פון זיינער אַן אָפּערעטע, אַרומגיין אַן אומעטיקער, אַ דערשלאָגענער. זיין בייפאַל האָט אים ניט געפרייט, ווייל באַלד־באַלד מוז מען שרייבן אַ נייע אָפּערעטע און ווידער קריצן מיט די געהירן. איך האָב געזען סאַנדלערן אַ פּאָר שעה פאַר זיין איינפאַלן אין אַ דעליריום, פון וועלכן ער איז שוין צו זיך מער ניט געקומען. ער האָט געהאַלטן אין איין זיך באַקלאָגן און טענה׳ן: „אוי, מיין קאָפּ! אוי, מיין קאָפּ!", און מיט אַ הייזעריקן טאָן האָט ער געזאָגט: „איך קען מער ניט פאַרקויפן מיין מאַרך לעבעדיקערהייט... אַ טיש, אַ בענקל מאַכט מען, אָבער מוזיק פאַרפאַסט מען. און דאָ, אין אַמעריטשקע, מאַכט מען מוזיק. מען ווערט אויס קאָמפּאָזיטאָר, נאָר אַ מאַרך־קוועטשער, אַ פאַבריק פון אָפּע־רעטעס. אוי, מיין קאָפּ! אוי, מיין קאָפּ!"

דער דאָקטאָר, וועלכער איז געשטאַנען ביי סאַנדלערס טויטן־בעט, האָט געזאָגט, אַז אַן אָדער האָט ביי אים געפּלאַצט אין קאָפּ. איך האָב געהערט דורך זיין כאָרכלען, דורך זיין יציאת־נשמה, דעם וויי־געשריי: „אוי, מיין קאָפּ! אוי, מיין קאָפּ!"

* * *


אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי

דורך כאַרבין איז געקומען מיט פּעטראָגראַדער רוסישער אָפּערע דער קאָמפּאָזיטאָר און דיריזשאָר אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי. אַזוי ווי זיין פעטער איז געווען דער באַקאַנטער אידישער אַקטיאָר היימאַן מייזעל, האָט ער אים צוגעצויגן צום אידישן טעאַטער. כאָטש ניט זייענדיק פיל פאַרבונדן מיטן אידישן טעאַטער, איז אים אידישע מוזיק ניט געווען פרעמד. אַלס אינגל האָט ער געזונגען אין גרויסע אָדעסער כאָרן און שטודירט אין אָדעסער מוזיק-שול. זייענדיק אין כאַרבין, האָט ער זיך אויך באַקאַנט מיטן אידישן טעאַטער, וואו צווישן אַנדערע האָט זיך געפונען אַהרן לעבעדיעוו. אַזוי ווי אַלע, האָט אויך אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי דורכגעמאַכט דעם געוויסן רוטין, וועלכע יעדער גרינער גייט דורך. פריער אין קלענערע טעאַטערס, ווי „לענאָקס טעאַטער", דערנאָך „ליבערטי טעאַטער" (בראָנזוויל), ביז ער איז געוואָרן דער זעלבשטענדיקער קאָמפּאָזיטאָר פון די גרויסע אידישע טעאַטערס.

אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי האָט אַריינגעבראַכט אין אידישן טעאַטער דעם פּאַר'חלום'טן ראָמאַנס אין רוסישן ציגיינער-סטיל. צווישן זיינע פיל פּאָפּולערע ניגונים איז „אַי לאַיק שי" און „מיין שטעטעלע בעלז". פאַרן אידישן קונסט-טעאַטער האָט ער געשריבן מוזיק, פון וועלכער זיין „שירו לד' שיר חדש" אין „שבתי צבי" וועט פאַרבלייבן צווישן די אידישע קלאַסישע נומערן. דאָס זעלבע אויך „לכבוד שבת" פון „וואַסערטרעגער".



אַברהם עלשטיין

דער איינציקער אידישער טעאַטער-קאָמפּאָזיטאָר, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויף אַמעריקאַנער באָדן, איז **אַברהם עלשטיין.**

געבוירן און דערצויגן אין אַן עכט-אידישער אַטמאָספערע ביי רעליגיעזע טאַטע-מאַמע, האָט ער זיין יוגנט פאַרבראַכט צווישן שולן און חזנים. די אַמעריקאַנער פּאַבליק סקול און זיין מוזיק-פּראָפעסאָר גאָלדמאַרק האָבן אים ניט געקענט אָוועקנעמען פון דעם אידישן טאָן און וואָרט. ער האָט געשאַפן אָפּערעטעס פאַר לודוויג זאַץ, מאָלי פּיקאָן און באָרים טאָמאַשעווסקי.

דער אידישער ניגון, דער אַמעריקאַנער ריטם און די מאָדערנע מוזיקאַלישע בילדונג פון פּראָפעסאָר גאָלדמאַרק פירן אַ קאַמף אין עלשטיינס יונגער נשמה, ווער וועמען עס וועט גובר זיין, אָבער וואָס עלשטיין זאָל ניט שרייבן, פילט מען דעם יונגן טאַלאַנטירטן אידיש-אַמעריקאַנער געשולטן מוזיקער אין יעדערער פון זיינע קאָמפּאָזיציעס.

* * *

אויף דעם קאָמפּאָזיטאָר און דיריזשאָר **איליאַ טרילינג** קען מען זאָגן, אַז ער האָט געשפּילט טעאַטער ביי זיין מאַמען אין בויך. זיין מאַמע מאַניאַ (מרים) טרילינג איז געווען אַ באַגאַבטע דראַמאַטיסטין און זיין פאָטער הערמאַן בערמאַן איז געווען אַ טאַלאַנטירטער אידישער כאַראַקטער-שוישפּילער. איליאַ טרילינג איז געווען דער ליבלינג פון זיינע עלטערן, איבערהויפּט פון זיין מוטער. ער האָט געקראָגן אַ גוטע דערציאונג און צווישן זיין בילדונג אויך שטודירט מוזיק.


איליאַ טרילינג

איליאַ טרילינג איז געווען ביי יעדן צווייג פון טעאַטער, ער האָט אַלץ מיטגעמאַכט. אַקטיאָר, סופליאָר, טענצער, טאַנץ-מייסטער, רעזשיסאָר, געהילפס-דיריזשאָר. אָבער זיין נשמה איז ניט געווען באַפרידיקט ביז ער איז ניט געוואָרן אַ פולשטענדיקער קאָמפּאָזיטאָר און דיריזשאָר ביים אידישן טעאַטער. ער האָט געשריבן מוזיק פאַר הערמאַן יאַבלאָקאָוו, שפּעטער פאַר אַנדערע. אין זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען שפּיגלט זיך אָפּ דאָס וואָס ער איז געבוירן געוואָרן אויף די טעאַטער-ברעטלעך. ער קען גוט די טעכניק פון טעאַטער בכלל און פון אידיש טעאַטער בפרט.

* * *


פיליפּ לאַסקאָווסקי

**פיליפּ לאַסקאָווסקי**, ווי די טעאַטער-פּראָפעסיע רופט אים לאַסי (פאַרקירצט), כאָטש אין לעבן אַן ערנסטער, האָט געהאַט בייפאַל אַלס אַקטיאָר אין כאַראַקטער-קאָמישע ראָלעס. אָבער זיין תיקון האָט ער געפונען אַלס קאָמפּאָזיטאָר.

צווישן זיינע מוזיק-לערער האָט ער אויך געהאַט זיין אייגענעם ברודער, אַ מוזיק-פּראָפעסאָר.

פיליפּ לאַסקאָווסקי האָט גע-

שריבן מוזיק פאַרן אידישן טעאַטער נאָך אין דער אַלטער היים. אין אַמעריקע האָט ער געשריבן פאַר קלענערע און גרעסערע טעאַטערס. צווישן זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען האָט ער גע־האַט צוויי גרויסע אָפּערעטעס מיט באָרים טאָמאַשעווסקין — „בר מצוה" און „חד גדיא".

ביי דער טעאַטער־פּראָפעסיע איז ער פּאָפּולער, ווייל ער אַראַנזשירט פאַר זיי זייערע נומערן פאַר ראַדיאָ און קאָנצערטן.

* * *



יאַשאַ קרייצבערג

יאַשאַ קרייצבערג איז גע־קומען צום אידישן טעאַטער ניט פון חזנות און ניט אַלס אַקטיאָר, נאָר פון אָרקעסטר. נאָכן שטודירן אין אַדעסער מוזיק־שול האָט ער פריי־ער געשפּילט קאָרנעט און פרענטש האָרן אין פאַרשי־דענע אייראָפּעאישע אָרקעס־טערס. זיין פּיאַנאָ - שפּילן האָט אים געהאָלפן זיך דער־נענטערן צו דער בינע דורך איינשטודירן און שפּעטער דיריגירן אין פאַרשידענע רו־סישע טעאַטערס.

ער איז פאַר די לעצטע יאָרן דער קאָמפּאָזיטאָר, די־ריזשאָר און צו דער זעלבער צייט פּיאַניסט ביי די דירעקטאָרן גאָלדבערג און דזשייקאָבס. יאַשאַ קרייצבערג שרייבט מוזיק צו פאַרשידענע פּיעסעס מיט דזשייקאָב דזשייקאָבס ליריקס.

**הענרי לעפקאָוויטש**, כאָטש ער האָט ניט געשריבן קיין מוזיק דירעקט פאַרן אידישן טעאַטער, איז ער אָבער דער, וואָס פאַרשפרייט איבער דער וועלט אידישע מוזיק בכלל און אידישע טעאַטער-מוזיק בפרט. מען קען מיט רעכט זאָגן, אַז ער איז די פאַסנדסטע פערזאָן פאַר אַזאַ מיסיע — ווייל הענרי לעפקאָוויטש איז ניט בלויז אַ געשעפטסמאַן, נאָר טאַקע אַליין אַ קאָמפּאָזי-טאָר און דיריגענט.



הענרי לעפקאָוויטש

געבוירן און שטודירט אין וואַרשע, איז ער צו זעכצן יאָר געקומען אין אַמעריקע, וואו ער האָט געלערנט מו-זיק ביי פאַרשידענע מוזיק-לערער; שפעטער לערנט ער ביי דעם גרויסן אידישן סימפאָנישן קאָמפּאָזיטאָר ערנסט בלאָך; ווערט דירי-גענט אין פועלי ציון-כאָר; גרינדעט דעם בעטהאָווען סימפאָנישן אָרקעסטר, וואו דזשאָרדזש גוירשווין איז אַ מיטגליד פון אָרקעסטר; גיט אַרויס אַ קאָלעקציע פון אי-דישער פאָלקס-מוזיק אונ-טערן נאָמען „אידישע גע-זאַנגען”; שרייבט מוזיק צו ראָזנפעלדס „יום-כיפור צו מנחה”, עדלשטאַטס „פרילינגס-ליד”, פרוגס „האָט רחמנות”, „פעלדס-קלאַנגען, „פאַלנדיקע בלעטער”; אויך שרייבט ער פאַר כאָר און אָרקעסטר.

דערנאָך ווערט לעפקאָוויטש אַ פאַבלישער פון אידישער מוזיק, עפנט אַ מוזיק-סטאָר אונטערן נאָמען „מעטראָ מוזיק”.

דאַ גיט ער אַרויס פאַרשידענע לידער, כאָרן, קאַנטאַטעס, אינ־סטרומענטאַלע מוזיק פון פאַרשידענע אידישע קאָמפּאָזיטאָרן, און מען קען מיט רעכט זאָגן, אַז ער איז דער איינציקער פּאַב־לישער און אַרויסגעבער פון אידישער מוזיק אין אַמעריקע.

עס איז אינטערעסאַנט ווי לעפקאָוויטש דער געשעפטסמאַן און לעפקאָוויטש דער קאָמפּאָזיטאָר פירן אָפט אַן אינערלעכן קאַמף — לעפקאָוויטש דער פּאָבלישער און אַרויסגעבער מוז אָפט דרוקן לידער, וועלכע זיינען אים ניט שטאַרק צום האַרצן. ער פילט, אַז זיי זיינען ניט קינסטלעריש געננג, ער דרוקט זיי אָבער, ווייל דאָס פאָלק פאַרלאַנגט זיי. פרעגט מען אים אויף אַ ליד, וועגן וועלכן ער האָט אַ בעסערע מיינונג, פאַרקויפט ער עס מיט אַ שמייכל און האָט הנאה, וואָס ער פאַרשפּרייט בעסע־רע מוזיק (כאָטש ניט ער איז דער קאָמפּאָזיטאָר). טאָמער אָבער איז עס אַ ליד, וועלכעס ער האַלט אונטער זיין ווירדע, כאָטש ער איז דער פּאָבלישער, פאַרקויפט ער עס אָן מוט און ס׳אַרט אים ניט, אַז מען קויפט עס ניט. ער מעג זיין ווי באַשעפטיקט, אַז מען דערמאָנט אים אָן דער צייט, ווען ער איז געווען דירי־זשאָר מיטן פּועלי ציון־כאָר און בעטהאָווענס סימפאָנישן אָר־קעסטער, ווערט ער פריילעך און אומעטיק, און דער אַרטיסט צעשפּילט זיך אין אים. איבערהויפּט ווערט זיין פּרוי יום־טוב׳דיק געשטימט אין אַזאַ מאָמענט, ווייל יענע צייט דערמאָנט איר אָן זייער ערשטער באַקאַנטשאַפט און האָניק־חדשים. פאַר איר איז ער שטענדיק לעפקאָוויטש דער קאָמפּאָזיטאָר און די־ריזשאָר, ניט לעפקאָוויטש דער פּאָבלישער און אייגנטימער פון אַ מוזיק־סטאָר.

* * *

די לאַגע פון דעם קאָמפּאָזיטאָר ביים אידישן טעאַטער אין אַלגעמיין איז אַ טרויעריקע מיט דעם, וואָס די וועלט קען קיינמאָל זיך ניט באַקענען מיט זיינע בעסערע מוזיקאַלישע שאַ־פונגען, ווייל דער גאַנצער סקאָר, וואו עס געפינען זיך די אַנ־

סאַמבלען, ערנסטע דועטן, ראָמאַנסן, בעסערע לידער, ווערט זעלטן, כמעט קיינמאָל ניט, געדרוקט. עס ווערן נאָר געדרוקט די עטלעכע לייכטע נומערן, די נומערן, וואָס דאָס פאָלק קען נאָכזינגען. צוליב דעם האָט זיך געשאַפן אַ ניט-ערנסטע באַציאונג צום קאָמפּאָזיטאָר פון אידישן טעאַטער. און דאָס טרויעריקסטע איז, וואָס אַזוי שנעל ווי די אָפּערעטע גייט אַרונטער פון דער בינע, איז די גאַנצע מוזיק אָפּגעשטאָרבן. ווען ניט ווען ווערט אַן אָפּערעטע איבערגע׳חזר׳ט פאַר אַ בענעפיס אין מיטן דער וואָך. אָבער מוזיק אין אַלגעמיין איז אַ גרויסער פאַקטאָר ביים טעאַטער בכלל און אין אידישן טעאַטער בפרט.

# דאָס לעבן גייט ווייטער

אין יאָר 1920 זיינען געקומען צו גאַסט פון רומעניע מיין ערשטע פרוים אַ שוואָגער מיט אַ שוועסטער, מאָריץ דראַהט מיט זיין פרוי פאַניאַ, און געבראַכט מיט זיך אַ פּלימעניצע, דאָס הייסט פאַניאַס און מרס. רומשינסקים אַ ברודערס אַ טאָכטער, פרידאַ לאַקסער, אַ מיידל פון אַ יאָר 19־20.

מאָריץ דראַהט האָט געהאַט אין בוקאַרעשט אַ פאַבריק פון פאַרבן (פּעינט). ער איז געווען אַ טיפּ פון אַן עכטן אייראָפּעאישן פאַבריקאַנט. זייענדיק פאַרמעגלעך, פלעגט ער אָפט מאַכן לוסט־רייזעס קיין איטאַליע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, שווייץ. ער פלעגט פאָרן מיט זיין פרוי פאַניאַ, און אַזוי ווי זיי האָבן קיין קינדער ניט געהאַט, פלעגן זיי איבעראַל מיטנעמען זייער פלימעניצע פרידאַ לאַקסער, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן ווי אַן אייגענע טאָכטער.

דאָס איז געווען דער סעזאָן פון „רבי׳נס ניגון״, און טאַקע די פּאָפּולאַריטעט פון „רבי׳נס ניגון״ האָט דערגרייכט אַזש קיין בוקאַרעשט. מאָריץ דראַהט, זייענדיק אַ רייכער איד, האָט זיך געקענט דערלויבן אַזאַ פאַרגעניגן ווי קומען זען שפּילן די אָפּערעטע.

יאָ, פאַרגעניגן איז דער ריכטיקער אויסדרוק. אַלע זיינען געווען אויפגעלייגט, ווייל וואָס קען זיין בעסער ווי סוקסעס, געלט, געזונט און יוגנט? זיינען מיר אַלע געגאַנגען אין טעאַטערס, אויף קאָנצערטן, אין נאַכט־קלובן. הכלל, די עטלעכע חדשים זיינען שנעל אַוועק און די פאַמיליע דראַהט האָט זיך געקליבן פאָרן צוריק. איך האָב גענומען איינ׳טענה׳ן מיט מאָריץ דראַהט צו בלייבן אין אַמעריקע, ווייל ער האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז אויף אַמעריקאַנער געלט איז ער ווערט אַ הונדערט טויזנט דאָלאַר. מיט אַזאַ סומע און באַזיצנדיק שפּראַך, בעסער

געזאָגט שפּראַכן, ווייל מאָריץ איז געווען אַ לינגוויסט, אַ שפּראַכן־קענער (ער האָט גערעדט גוט רומעניש, איטאַליעניש, פראַנצויזיש, שפּאַניש און פלעגט מיר שרייבן ענגלישע בריוו), האָב איך געהאַלטן, קען ער אויפטאָן וויכטיקס אין אַמעריקע.

איין מאָל, איינ'טענה'נדיק מיט אים, אַז ער זאָל בלייבן אין אַמעריקע, האָב איך געקריגן פון אים אַזאַ ענטפער:

— דאַמנולאַ (מיסטער) רומשינסקי! אָט גיי איך מיט אייך אין גאַס שוין אַ שעה צייט און קיינער שטעלט מיך ניט אָפּ, ווייל קיינער קען מיך ניט, בעת אין בוקאַרעשט, אַז איך גיי אין גאַס, איז פון פויער ביז צום גרעסטן סוחר און רעגירונגס־אָנגע־שטעלטן ווער איך באַגריסט און מען ציט דעם הוט פאַר מיר. דאָס פעלט מיר. איך פיל מיך דאָ פרעמד, איר האָט ביי מיר אַלע דאָ אַ פּנים אַזוי ווי צוזאַמענגעפאָרן אויף אַ יריד, און באַלד־באַלד דאַרף מען פאָרן צוריק פון יריד. ניין, ניט פאַר מיר, ניט פאַר מיר.

איך האָב מאָריץ דראַהטן מיט זיין פרוי ניט געקענט איינ־רעדן צו בלייבן אין אַמעריקע. אָבער גאַנץ אַנדערש איז עס געווען מיט זייער פלימעניצע פרידאַ לאַקסער. פרידאַ, אַ יונג, שיין מיידל, איז גלייך פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער אַמעריקאַנער אַטמאָספערע, און אַזוי ווי איר ברודער, בערנאַרד לאַקסער, אַ פּאָר יאָר עלטער פון איר, איז שוין געווען איינִיקע יאָר אין אַמעריקע, איז פרידאַ געבליבן און מאָריץ מיט זיין פרוי זיינען צוריקגעפאָרן קיין רומעניע.

פרידאַ, ווי מיר פלעגן זי רופן, פריידל, האָט זיך שנעל אַמע־ריקאַניזירט. אין בוקאַרעשט, אין שול, האָט זי געלערנט אַלס דיזאַינער, האָט זי דאָ גענומען אַרבעטן אין דעם פאַך אין גרוי־סע פירמעס און פאַרדינט זייער גוט. פרידאַ איז געוואָרן ביי אונז דאָס, וואָס זי איז געווען ביי איר אָנקל מאָריץ דראַהט. מיין פרוי סאַבינאַ לאַקסער איז געווען איר טאַנטע און איך איר אָנקל. באַלד האָט מען שוין געוואוסט, אַז וואו מר. און מרס.

רומשינסקי גייען, גייט מיט זיי מיט פריידל. מען האָט פרייד־
לען גענומען רעדן שידוכים, און קיין חתנים האָבן ניט געפעלט.
איר שיינע, אימפּאָזאַנטע פיגור מיט איר אייראָפּעאישן פיינעם
אויסזען, איר האַלטונג און געשמאַקפולע קליידונג — דאָס
אַלץ האָט איר געמאַכט אויסזען אַטראַקטיוו, און ווי שוין גע־
זאָגט, האָבן קיין חתנים ניט געפעלט. אָבער זי פלעגט גערן
גיין מיט אונז און אויסמיידן אַנדערע געזעלשאַפט.

איר ברודער בערנאַרד און פריידל האָבן מיט דער צייט
אַהערגעבראַכט פון בוקאַרעשט זייערע עלטערן, דריי ברידער־
לעך און אַ שוועסטער. ווען פריידל איז אַוועק וואוינען מיט
אירע עלטערן, ברידער און שוועסטער, איז אונזער הויז געבליבן
אַזוי ווי ליידיק, ווייל זי איז געוואָרן ביי אונז אַזוי ווי אַן איי־
גענע טאָכטער. מיר פלעגן אָבער אָפט גיין איינע צו די אַנ־
דערע, און ביידע פאַמיליעס זיינען געוואָרן כמעט ווי איין פאַ־
מיליע.

ווען סאַבינאַ לאַקסער (מרס. רומשינסקי) איז קראַנק גע־
וואָרן, האָט זי געבעטן פריידלען, אַז זי זאָל אַכטונג געבן אויף
אונזער ווירטשאַפט.

דער מלאך המות האָט געטאָן דאָס זייניקע — סאַבינאַ
לאַקסער איז פאַרשניטן געוואָרן... מען האָט מיר גענומען
רעדן שידוכים מיט אַקטריסעס און קינדער פון אַקטיאָרן. איך
בין דעמאָלט געווען אין די פערציקער, און כמעט אַלע שידוכים,
וועלכע מען האָט מיר פאָרגעשלאָגן, דירעקט און אומדירעקט,
זיינען געווען מיט יונגע מיידלעך, אַנדערע יונגער פון צוואַנ־
ציק יאָר. אין פּריוואַטן לעבן פאַסירט נאָך, אַז דער אונטערשיד
פון יאָרן זאָל ניט האָבן קיין גרויסע ווירקונג אין פאַמיליע־לעבן,
אָבער אין דער טעאַטער־וועלט איז עס אַלע מאָל געווען אַן
אומגליקס־חתונה און אָפטמאָל האָט זיך עס געענדיקט מיט אַ
טראַגעדיע. איך האָב אַלע מאָל זיך געשראָקן דערפאַר, ספּע־
ציעל קוקנדיק אין דער צוקונפט. מיט איינער פון די יונגע אַק־

טריסעס, װעלכע איז דעמאָלט געקומען צו דער בינע װי אַ שמעטערלינג, האָב איך מיך פֿאַראינטערעסירט. אירע גרױסע, שװאַרצע אױגן, איר פּעטיט פיגורל, מוזיקאַליש, פּעאיק צו דער בינע — דאָס אַלץ האָט מיר געמאַכט גלײבן, אַז דעם נסיון װעל איך שױן ניט קענען גובר זײַן און כ'װעל מיט איר חתונה האָבן.

עס האָט זיך געװענדט אָן מיר, װײַל זי און אירע עלטערן האָבן געזען דעמאָלט אין מיר אַ גלענצענדן שידוך פֿאַר איר. אָבער דער געדאַנק, אַז איך בין אין די פֿערציקער, און זי — 17־18 יאָר — אָט דער געדאַנק האָט מיך זײער געשראָקן.

מיט אַזעלכע געדאַנקען בין איך אַמאָל געקומען אַהײם און געטראָפֿן פֿרײדלען, טאַקע אױך יונג, יונגער פֿון מיר מיט אַ 14־15 יאָר, אָבער די רואיקײט אױף איר פּנים, די בעל־הבתיש־קײט, האָבן מיך געמאַכט פֿאַרגעסן אָן דעם אונטערשיד אין אונזערע יאָרן.

פֿרײדל האָט געפֿירט די װירטשאַפֿט אין מײַן הױז, און װען זי האָט זיך געקליבן גײן אַהײם צו אירע עלטערן, האָב איך אין אַן ערנסטן טאָן געזאָגט:

— פֿרײדל! איך װיל רעדן צו דיר אַ פּאָר ערנסטע װערטער...

זי האָט אַרונטערגעלאָזט אירע גרױסע אױגן און איך האָב געפֿילט, אַז זי װײסט, װאָס איך גײ איר זאָגן.

— פֿרײדל! — האָב איך געזאָגט — איך װאָלט װעלן, אַז דו זאָלסט אין דעם הױז ניט נאָר באַלעבאַטעװען צײַטװײַליק, נאָר ביז צום סוף פֿון מײַן און דײַן לעבן.

איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז פֿאַר אַ מײדל װי פֿרײדל צו װײניק געזאָגט, און איך האָב װײטער געזאָגט:

— פֿרײדל, איך האָב דיך זײער ליב!.

איר ענטפֿער איז געװען אַ הײסער קוש.

איך האָב קײן טעות ניט געמאַכט. פֿרײדל האָט זיך אַרײַנגעװאָרפֿן מיט איר גאַנצער יונגער נשמה צו מאַכן אָן אָנגענעמע,

פיינע, בעל־הבתישע היים. זי האָט מיט צוויי יאָר שפּעטער געבוירן אַ טעכטערל, בעטי.

טעאַטער־מענטשן זעען זעלטן פאַר זיך אַן אַנדער וועלט, אויסער טעאַטער. עס טרעפט אָפּטמאָל, אַז איך בין זייער גע־ערגערט און איך זע קיינעם ניט אַרום מיר, אַחוץ מיין טעאַטער־וועלטל. עס דאַכט זיך מיר דעמאָלט, אַז די גאַנצע וועלט דאַרף זיין פאַרנומען מיט מיין זאָרג. אין אַזאַ צייט פון אויפרעגונג, ווען איך עפן די טיר פון מיין היים און זע די רואיקייט, די בעל־הבתישקייט פון מיין פרוי פריידל, איז דאָס ווי אַ באַלזאַם צו מיין מוזיקאַלישער, טעאַטראַלישער, אויפגערעגטער נשמה.

* * *

מיר קלינגען קלאַנגען אַ לעבן־לאַנג,<br>
צייטנווייז פרייד, אַממערסטן פון יאָמער־געזאַנג.<br>
קלאַנגען פון פרייד אין חדר,<br>
קלאַנגען פון טאַטנס טיש ביים סדר,<br>
קלאַנגען פון קינדערלעך אין די וויגן,<br>
קלאַנגען פון אַ רבי'נס ניגון,<br>
קלאַנגען פון אַ קעניג און פרינצעסין,<br>
קלאַנגען, וועלכע לאָזן זיך ניט פאַרגעסן.<br>
מיר קלינגען קלאַנגען אַ לעבן־לאַנג,<br>
צייטנווייז פרייד, אַממערסטן פון יאָמער־געזאַנג.

# אינהאַלט

## בילדער